

ש"ס תחנה חדשה
מעשה אלפס
מקור דמעה
שבעה נרות
306. נייע תחנות מיט וויכטיגע ענינים
בדפוס והוצאת
חברת
ראזענקראנץ
ושריפטזעטצער
ווילנא

# מקור דמעה

# ש"ס תחנה חדשה

עם

## מעשה אלפס ורב פנינים

## מיט גרויסע ווערטער

צוויי הונדערט אכט און פערציג תחנות (כמנין רח"ם).

אוים צוגיסן די הארץ פאר דעם ערבארמיגען פאטער פון הימעל מיט ווארימע און איידעלע ווערטער אין אלע ציישין, אין ליידן און אין פריידין, ער זאל זיך ערבארעמען איבער אונז און שיקען הילף אין אלע אונזערע צוויי הונדערט אכט און פערציג גלידער.

די הייליגע תחנות פליסען פון געטליכען קוואל פון די אבות הקדושים און די אמהות, און די הייליגע נביאים און תנאים ואמוראים און גאונים וצדיקים און אויך פון נשים צדקניות זכותם יגן עלינו.

גם סגולה יקרה, לאשה עקרה.

די תחנות ובקשות זיינען בעצירט מיט חן (אכט און פופציג) הערות וביאורים (כרשום במפתח מעבר לדף) פון די זיבען ליכט:

א) מעשה אלפס. ב) בנין ציון. ג) שערי ציון. ד) פרי הגפן. ה) פנינים יקרים. ו) ראשון לציון. ז) תפארת ציון.

נלקט ונאסף ע"י הס"ר בן־ציון בהרב הגדול הצדיק ר' ירמיהו עקיבא זצ"ל אלפס (בעל מעשה אלפס ואוצר התורה), אשר זכה להתפלל לפני כותל המערבי בירושלים.

ווילנא

Drukarnia „Rozenkranc i Szryftzecer"

Wilno 1927.

Printed in Poland.

# מפתחות פון השלמה

אכט און פופציג וויכטיגע ענינים וואס ווערט גיבראכט אין מעשה אלפס, תפארת ציון, שערי ציון, ראשון לציון, פרי הגפן, פנינים יקרים, משלים יקרים.

# לוח המפתחות.



(השלמה)

# לוח המפתחות



## דריטע מהייל.



(השלמה)

## דער אינהאלט פון די הערות.

איר אדעלע פרויען, איר זייט די מוטערס פון אונזערע קינדער, אונ די מוטער'ס פון אונזער גאנצעס פאלק, די תורה ערצייליט, בעת אונזערע עלטערין זיינען גיוועזען אין מצרים, האט פרעה פארזאגט די אידעשע אקושעריןס, ווען א אידישע טאכטער וועט גיבוירין א זכר זאלט איר אים שטילערהייד דערשטיקען (זאגין ער איז גיבוירין גיוואורין אטויטער), זאגט די תורה אויף אייך עדות, אז איר האט זיך גישטעלט אין סכנה אונ ניט גיפאלגט דעם קעניג פון מצרים. אונ ניט גענוג וואס איר האט ניט דערשטיקט די גיזונטע קינדער, האט איר נאך מחיה גיוועזען די שוואכע, די ארימע, איר האט זיי געבראכט שפייז, אונ לאבונג וועלכע א קינדבעטארין פאדערט. אונ איר פלעגט נאך מתפלל זיין פאר די קראנקע קינדער, אז השי"ת זאל זיי היילין, בכדי מ'זאל אייך ניט חושד זיין, אז דורך אייך איז דער קינד גישטארבין, דאדורך האבין זיך אידין זייער פארמערט. אויך זאגט דער מדרש אז בזכות נשים צדקניות זיינען אידין אויסגעלייזט גיוואורין פון מצרים, — אז אונזערע עלטערין זיינען אריבער דעם ים האט מרים הנביאה גיזאגט שירה אונ מיט איר אויך אלע אידישע פרויען. נאכהער אז די ערב רב האבין גימאכט דעם עגל, האט מען גיברויכט צו דעם גאלד, האט איר פרויען גיזאגט ווי זאל מען דאס אזוי גיך פארגעסין אן גאט ב"ה? אונ איר האט צו דעם קיינע זאכע גיגעבין. אונ אום מ'זאל ניט זאגין ווייל ווייבער זיינען שטענדיג קארג, זאגט אויף אייך די תורה הקדושה עדות, אז בעת דער בורא האט גיהייסין בויען דעם משכן, האט איר די ערשטע אוועק גיגעבין אייערע טייערסטע צירונג, אונ איר האט אויך גיטאן פיל ארבייט אין שפינערייא מיט אייערע אייגענע הענד צום משכן, אונ צום כיור (וואס כהנים ריינינגען פון אים די הענד פאר די עבודה) האט איר אוועק גיגעבין אייערע קופערנע שפיגלען, אונ וואס איז נאך טייערער ביי א אשה ווי א שפיגעל? איז דאך אריכטיגער באווייז אז קיין זאך איז אייך ניט צו שווער צו טאן פון גאטעס כבוד וועגין. אויך פיל נאך שיינע גישיכטין, פון אייך וועלכע אונזער נאציאן איז נאך ביז היינטע אייך פרויען דאנקבאר, ווי די גישיכטע פון דבורה הנביאה, "חנה" די מוטער פון שמואל הנביא, "אסתר המלכה" דער נס פון פורים, "יהודית" דער נס פון חנוכה. אונ נאך פיל שיינע ערציילונגען אין תנ"ך גמרא ומדרשים, אונ אויך יעצט איז פאראן צווישען אייך פיל נשים צדקניות וואס באזיצען אסך מדות טובות פון די אמהות:

בעת דער בורא עולם האט גיוואלט ערשיינען אויפ'ן הר סיני, געבין אונז די ליבע היילגע תורה, האט ער אייך פרויען אב גיגעבין כבוד אונ גיהייסין משה רבנו'ן ריידין מיט אייך צום ערשטין (כה תאמר לבית יעקב (אלו הנשים), נאכהער ותגד לבני ישראל), אונ נאך פון בריאת עולם אן, האט שוין די השגחה גימאכט פון אייך א גרויסען פאראד. בעת השי"ת האט באשאפין די מוטער חוה, דריקט זיך אויס די תורה מיט דעם לשון „ויבן ה' אלהים את הצלע" דער עוויגער האט גיבויט אונ „פערשטאנדיג גימאכט" די פרוי, כלומר ער האט אין די פרוי גיגעבין „בינה" (פערשטאנד צו פארשטיין פון איין זאך די צווייטע) מער וויפיל אין מאנספערזאן. (דרום ווערט א מיידעל פאלשטענדיג „בר מצוה" צו 12 יאהר אונ א אינגיל צו 13 יאהר), אונ אז די תורה האט אייך גיגעבין כבוד, אפשיטא שוין, אז מיר דארפן אייך שעצין, ריידין מיט אייך שכל'דיגע גידאנקען.

## התקן עצמך בפרוזדור.

דער תנא ר' יעקב זאגט (אין פרקי אבות) אז דיזע וועלט איז ווי א פרוזדור (א פאהרצימער) געגין יענע וועלט, דו מענש מאך זיך פארטיג אין פארצימער אז דו זאלסט קענען אריין גיין (פארפוצט) אין גרויסין עוויגען זאל (גיניסען דארטין הימלישען פערגניגען). דיזער היילגער מאמר ווערט ערקלערט זייער פראקטיש, שלמה המע"ה שרייבט „ויום המות", ווען דו ווילסט פארשטיין אין וואס עס באשטייט דער גליק פון מענשין דעם טאג פון זיין טויט „מיום הולדו" קענסטו עס בעטראכטין פון זיין געבוירין טאג. יעדער בר שכל פארשטייט אז די 9 חדשים וואס דער קינד איז ביי די מוטער אין בויך, איז דאס ניט זיין תכלית פון לעבין, דאס איז נור א קליינער פארצימער צו גרייטין זיך אין אים, אריין צו קומען נאכהער אין וועלט־זאל*), אזוי איז די וועלט (עולם הזה) קעגין יענע וועלט (עולם הבא) אויך נור ווי א פארצימער, דער מענש ווערט דא ענטוויקעלט מיט זיין גאנצין גייסטליכען כח וואס מ'האט אריין גיגעבין

*) געווים האט איר טייערע פרויען גילעזין דעם קלוגין אנטווארט פון רחל יודיטפריינד (אין מעשה אלפים ד-טע טייל קאפיטל „דער ליגנער בחור") אויף די ליבטזיניגע פראגע „ווער איז ניקומען דער צוריק פון יענער וועלט"? גידיינקט איר דאך עס פערגלייכט זיך ריכטיג דער גרויסער פארצימער ענטקעגין קליינעם פארצימער ווי דער מדרש זאגט ברוך אתה בבואך וברוך אתה בצאתך), אזוי ווי דער גליק

אין זיין נשמה, ווי אונזערע חכמים שרייבען, אז פאר זיין ארויס גיין אויף דער וועלט לערנט מען מיט איהם (מיט'ן קינד) דיא גאנצע תורה, (וואס ער דארף דא ארויס ברייננען מכח אל הפועל), אז ער לייענט הייליגע ספרים וואס לערנען איהם גאטעס וועג און איז מקיים יעדער מצוה וואס קומט איהם צו דער האנד (אונ די מצות וואס קומען ניט צו דער האנד, נעמט דער בורא אן זיין גוטע מחשבה, וואס ער וויל זיי מקיים זיין, והראיה ער לערינט דאך צו וויסען ווי זיי מקיים צו זיין ווען זיי וועלין איהם קומען צום האנד), דאן דורך די 248 מצות אונ די 365 עבירות (לא תעשה) וואס ער ענטלויפט פון זיי, בעת דער יצר הרע רעט איהם אן צו טאן, ווערט ענטוויקילט די 248 גייסטליכע גלידער אונ די 365 גייסטליכע אדערין פון זיין נשמה, אונ אז עס קומט זיין בעשטימטע צייט, גייט ער ארויס פון פרוזדור אין טרקלין (פון פאדער צימער אין זאל) כלומר פון דיעזע פינסטערע וועלט אין יענע ליכטיגע וועלט במיתת נשיקה (גרינג ווי א האר פון מילך).—

ווען אבער דער מענש ווערט חלילה ניט ענטוויקעלט דא אין פרוזדור, היינו ווען מיט זיין שלעכטע בחירה מאכט ער זיך טויב, ער הערט ניט וואס די תורה אונ עלטערין אונ גוטע לייט לערנען איהם צו גוטין אונ איז מבזה אמצוה, ווערט ער אבעל מום אויף דעם גייסטליכען אבר פון די נשמה, וואס איז גלייך צו די מצוה, אונ אפשיטא חלילה ווען ער איז מחלל שבת וואס דאס איז די הארץ פון יודענטהום, ווערט ער א סוהאטניק אויף די נשמה, דער בזיון אונ די שמערצין אין גרויסין טרקלין (דיא עוויגע וועלט) איז זיך גאר ניט פארצושטעלין. אדער ווען ער וואקסט אן אויף די ערד-מוטער, די ערד ווערט גירופין די מוטער פון אלע לעבעדיגע (ערום יצאתי מבטן אמי וערום אשוב שמה) ווייל דער קערפער פון אלע בעשעפענעס איז די ערד,



פון קינד בעשטייט אין דעם, ער זאל אוים וואקסין אין קליינעם פארצימער מיט 248 גלידער אונ 365 אדערין, עס זאלין ענטוויקעלט ווערין אין איהם אלע חושים, זעהען, הערין, א. ד. ג. אונ חלילה ניט אנוואקסין אן דער מוטער, דאן אז עס קומט דער לעצטער טאג, גליצט ער זיך מיט גליק ארויס פון דער מוטער לייב ווי א האר פון מילך (במשל בניתא מחלבא) אונ וועט

דא אין וועלט-זאל לעבין גליקליך. א גיזונטער א פרישער אויף אלע אברים וגידים (ער רופט זיך דער אמתר עשיר, ער האט עינים, שנים, ידים, רגלים), אבער ווען עס זאל אין איהם ניט ענטוויקעלט ווערין חלילה אין חוש, למשל די אויגין, די אויערין וועט ער ארויס גיין אין וועלט-זאל אקריפלער חלילה, אבלינדער, אשטומער אונ וועט פארברייננען אומגליקליך זיין לעבין.

ווען

די זייגט אונ שפייזט אלע בעשעפענעס, היינו ווען דער מענש לאזט זיך צוויין אין תאוות הגוף ווי א בהמה, הייסט דאס ער קלעפט זיך אן צו די ערד-מוטער (דבקה לארץ בטננו).

לאמיר גוט בעטראכטין, ווען די קינד זאל חלילה צו וואקסין צו די מוטער, ווי אונגליקליך דאס איז. אין די צייט פון געבוירן, וועט מען ברענגען א אקושער-דאקטאר מיט אינסטרומענטין אונ מ'וועט אים שלעפין גלידער-ווייס, אזוי איז ווען דער נארישער מענש מיינט, אז ער וועט דא לעבין אטאג, ער וועט ארייגלאזין זיין גידאנקען אין די פוסטע תאוות פון דער וועלט (אין בעלער, אין טעאטער, אין פרעסין אונ זויפין) אין ארומלויפין איבער די בולוואר אונ רעכענען אז דאס איז דער תכלית (ציעל) פון לעבין, ווי די נארין זאגין „בעת מ'לעבט דארפין וויסין אז מ'לעבט״.—

ניין מיינע טייערע! עס וועט קומען די צייט ארויס צו גיין פון דעם פארצימער (פון דעם פינסטערין טונעל), אויב דו ביסט אנגיוואקסין אן די ערד-מוטער „על כרחך אתה מת״ וועט מען חלילה ארויס ציהען שטיקער-ווייס, (אסכרה דמיא כחיזרא בנבבא דעמרא דלאחורא נשרא (ברכות ח). ווער עס בעטראכט דאס גוט זעהט ער ווי ריכטיג אין דער דרש פון מדרש אויפ'ן פסוק „ברוך אתה בבואך״ גיבענשט זאלסטו זיין ביין קומען אויף דער וועלט „וברוך אתה בצאתך״ אונ גיבענשט זאלסטו זיין ביין ארויס גיין פון דער וועלט, ווייל דער קליינער פארצימער (די מוטערס בויך) איז פינקטליך ווי דער גרויסער פארצימער (עולם הזה), אקליין אונטערשיעד איז נור וואס ביי די מוטערס פארצימער ליגט די ענטוויקלונג ניט אונטער דעם קינד'ס בחירה *), אבער דיא אויפפאסונג אין דעם צימער פון עולם הזה האט דער בורא ב"ה אוועק גיגעבין אונטער דעם מענשינס בחירה, אויב ער וויל גיין אין גוטין וועג, טאן מצות ומעשים טובים אדער ניט חלילה.

---

מעשה אלפס

*) ווען עס וואלט ליגין אונטער זיין בחירה, וואלט אים שוין גיוועזן אך אונ וועה, ווייל נאך זיין קליינעם פערשטאנד וואלט ער זיך אונגליקליך געמאכט, קיין קעסט אונ קיין דירה געלט קאסט אים ניט, ער האט פריי דירה אונ קעסט ביי די מוטער אין בויך, היינט וואס פעלט אים? וואלט ער נור גוליען אונ קולענען זיך אונ ניט ענטוויקעלט ווערין, אונ אם ענדע וואלט אים נאר גיפעלין אן וואקסין אן דער מוטער בכדי ער זאל דארטין שטענדיג פאר בלייבין נאך זיין קליינעם פערשטאנד), דרום האט השי"ת

אלזא פארשטייען מיר שוין גוט, ווי ווייט דער מענש דארף צו לייגען קאפ אונ הארץ צו זיינע מעשים, ער זאל זיך ניט אן קלעפין חלילה אן די ערד-מוטער, אין געגענטהייל, ער זאל נאך ענטוויקעלט ווערין אין די גייסטליכע כחות אונ חושים, וויל אין דעם וועגדעט זיך זיין גאנצער גליק ביי זיין ארוים גיין פון דער וועלט איבער ציהען זיך אין ליכטיגען זאל פון די עוויגע וועלט:

## אגוז בספל מים.

פילייכט וועט דער מענש פרעגין, ווי איז דאס מעגליך מיין גידאנקען זאל ניט אנוואקסין אן די וועלט, דער בורא האט דאך מיר אריין גיגעבין אין א קערפער וואס דארף עסין, אקלייד, אוואהנונג, דארף דאך מיין קאפ טראכטין ווי דאס צו בעקומען? איז דער אנטווארט צוריק, גיב אבליק אויף דיין גיבורט, מ'דארף ניט מער ווי דו ליגסט דארטין אויפגיפרעסט אין אפינסטערין אייגען טונעל אונ דארפסט דארטין ציהען חיות אוים צו וואקסין, פון אקליינעם טראפין ווערין אפארטיגער מענש, אונ ווען דו ווערסט דארטין אנוואקסין אן די מוטער ביסטו אונגליקליך. אלזא האט דיר דער בורא ב"ה בעווארגט, דו ליגסט ווי אגוס אין אגלאז וואסער אונ צו די מוטערס קערפער ביסטו באהעפט נור מיט'ן אפיל=שנור, וואס דורך אים ציסטו חיות אונ ווייטער ביסטו פריי. איז אזוי ווי די וואסער פארהיט דיר דו זאלסט דארטין ניט אנוואקסין, אזוי האט דער בורא אין דעם גרויסן פאר צימער אויך אונז פארהיט ניט אנצווואקסין אן די גרויסע ערד=מוטער דורך די תורה וואס ער האט אונז גיגעבין, וואס זי איז גיגליכען צו וואסער (הוי כל צמא לכו למים) די אידישע פאלק איז גיגליכין צו אנוס=גארטין (אל גנת אגוז ירדתי), אז דער מענש ליגט מיט'ן גידאנקען אין תורה ומעשים טובים ווערט ער פארהיט ניט אנצווואקסען אן די ערד=מוטער (אין די תאוות העולם הזה):

## בכל דרכיך דעהו.

יעצט פארשטייען מיר וויא פראקטיש די היילינע ווערטער פון

---

מעשה אלפס

השי"ת אים ניט ניגעבין די בחירה, נור איז, נור השי"ת אליין פאסט אים אויף
בר אליין האדעוועט אים דארטין מיט זיין פון אנפאנג שוואנגער ביז די לעצטע מינוט
גרוים השגחה, קיינער איז אמשטאנד צו וואס ער דארף ארוים גיין אין די
צו קוקען דארטין דערלאנגען אים וואס עם ליכטיגע וועלט.

דוד המע"ה איז, אז אין אלע דיינע וועגין זאלסטו גידיינקען דעם בורא ברוך הוא, כלומר דער בורא וואס האט באשאפין די וועלט פערלאנגט, אז מזאל איר באנוצין אונ באשיינען מיט אלע קונסט-ווערק, מיט אלע פאבריקאציעס אונ מסחרים, ווי דער נביא ישעיה זאגט „לא לתוהו בראה, לשבת יצרה" כלומר, ניט צו זיין וויסט האט ער איר בעשאפין, נור זי זאל זיין באנוצט, דרום פערלאנגט ער ניט, דער מענש זאל זיך אפשיידין פון דער וועלט, ער פערלאנגט נור אז אלעס וואס דו טוסט אין דער וועלט זאלסטו האבין אים אין גידאנקען, דו האנדעלסט, דו טוסט א מלאכה, זאלסטו טראכטין אזוי פערלאנגט דער בורא עולם, זיין וועלט זאל זיין באנוצט מיט מלאכה, מיט מסחור. מזאל ארבייטין ערליך, מזאל האנדלען ערליך, פארדינען אכשרין רובל אויף לעבענס-מיטל, צו בערוהיגען דער קערפער זאל זיין זאט, מזאל נאכהער קענען זיין אפאר שעה אפ גיגעבין אין גאנצין צו השי"ת, צו דאווענען מיט אווארימע הארץ, לערנען צו וויסין ווי אין איד צו זיין, אפרוי זאל לייענען די דינים וואס גיהער צו איר. זי זאל וויסין ווי צו באגיין זיך די צייט וואס זי דארף זיין בעזונדער, ווי צו פירין כשרות אין שטוב, אין קיך, מכבד זיין שבת ויו"ט, טאן גוטעס לייטין, צדקות אונ גמילות חסדים, ערציהען קינדער אין גוטין וועג, זיי זאלין זיין פרומע אידין אונ איידעלע מענשין:

## הקדוש ברוך הוא מתאוה לתפלתן של צדיקים.

און אזוי ווי דוד המע"ה האט גוט פערשטאנען, אז דאס איז ניט אזא לייכטע אויפגאבע, האבין צו טאן מיט אלע גלידער אין דער וועלט, אונ דער גידאנקען זאל זיין פארבונדין מיט השי"ת, מיטן מויל איז עם אפילו לייכט צו ריידין, אבער פון ריידין ביז טאן איז זייער ווייט, דרום האט ער שטענדיג מתפלל גיוועין צו השי"ת, ער זאל אים העלפין. אונ אזוי ווי אפאטער האט זייער ליב ווען דער קינד בעט זיך שטענדיג, ווה ליבער פאטער רעטע מיר פון די שלעכטע חברים, וואס ווילין מיר פערשלעפין אין אלע בלאטעס, צו אלע אונווירדיגע זאכין, אונ גיב אכטונג אונ העלף מיר איך זאל ניט אוים ברייגען מיין צייט אין נארישקייט נור אין תורה אונ חכמה, אונ פאר היטין זיך די גיזונד, וועט דאך אים דער פאטער געווים העלפין וויפיל זיין מעגליכקייט איז, אזוי ליבט השי"ת ווען דער מענש גיבט אוים פאר

אים

אים זיין הארץ ער זאל אים ראטעוועז פון דעם שלעכטין חבר, דאס איז דער יצר הרע, וואס גייט מיט שטענדיג מיטין מענשין אונ וואלט אים וועלין אריין פירין אין אלע שמוציגע מעשים, צו פארלירין זיין גיזונד מיט זיין געלד, אונ מאכין אים נאכהער צו שאנד אונ צו שפאט, זאל ער אים פון דעם מציל זיין, אונ העלפין גיין אין גוטע אונ אנגינעהמע וועג פון דער תורה, אז עס זאל זיין „כל עצמותי תאמרנה יי מי כמוך", מיט מיינע אלע גלידער וואס איך ארבעט אין דער וועלט זאל זיין מיט איין איידעלע כונה צו געבין כבוד דיין ליבען נאמען. צו דיזען ציעל האבין מיר גיזאמעלט תחנות ובקשות פון די היילגע נביאים אונ תנאים אונ גאונים אונ נשים צדקניות, וואס פאסט צו יעדער צייט, סיי אין ליידין, סיי אין פריידין, זאל מען וויסין ווי אזוי צו גיסין די הארץ פאר דעם ערבארעמיגען פאטער פון הימל, ביז עס האט זיך צוזאמען גישטעלט דער צאל 248 וויפיל די גלידער פון מענשין (רמ"ח אברים) אונ אויך וויפיל דער צאל פון „רחם" איז. דער בורא זאל זיך ערבארעמען איבער אונז אונ מקבל זיין אונזערע תחנות ובקשות, אונ שיקין הילף אין אלע אונזערע צוויי הונדערט אכט אונ פערציג גלידער, אמן:

## טוב מעט בכונה.

יעדער פרוי ווען זי זאגט א תחנה, דארף זי זאגין מיט גרויס כונה, היינו מיט אווארימע הארץ אונ די קאפ זאל זיין דערביי, ווייל דאס איז טייערע רייד גיקליבין פון די היילגע נביאים אונ גרויסע צדיקים אונ נשים צדקניות וואס זייערע היילגע רייד שפאלטין הימלען אונ גייען גלייך צום כסא הכבוד, די פרוי וואס האט צייט אונ קען זאגין אלע טאג פיל תחנות, איז גוט אונ וואהל צו איר, ווייל די תחנות ער־לייכטין די געפיהלען אונ מאכין ווארים אונ פריינדליך די הארץ צו השי"ת, דעם טאג אבער וואס מען האט קיין צייט, איז בעסער זאגין איין תחנה אדער צוויי, נור מיט הארץ, איידער זאגין אפולע תחנות מיטין מויל אליין אונ די הארץ איז ניטא דערביי, אזוי זאגין אויך אונזערע חכמים (טוב מעט בכונה) עס איז בעסער אביסיל אונ גוט (מהרבות שלא בכונה) איידער זאגין אפולע ווי א פלוט, היינו די ווערטער פון מויל פאלט, אונ די הארץ איז קאלט. אונ די פרוי וואס וועט זאגין די תחנות מיט אווארימע הארץ וועט זי געווים אויס בעטין אלע גוטעס, אמן.

דער הייליגער גאון ר׳ יעקב (בעל הסידים) שרייבט, אז א מענש זאל זיך שטארקין ווי א לייב אויף צו שטיין פריה לעבודת הבורא (דינען דעם באשעפער) ווי א סאלדאט חאפט זיך אויף בזריזות (גיך אויף אוצעניש), איידער דער יצר הרע וועט זיך שטארקין אויף אים מיט זיינע פאלשע טענות, ווינטער זאגט ער, ווי אזוי קאנסטו אויף שטיין פריה, דער פראסט איז גרוים, אונ זומער (זאגט ער אים) עס איז דאך גאנץ פריה, דו האסט זיך ניט גיזעטיגט מיט׳ן שלאף, אונ אזוי פירט ער אים אריין אין די שלעכטע מדה פון עצלות (פוילקייט). 1) אלזא דארף דער מענש זיך שטארקין ווי א לייב, מיט גבורה מנצח זיין דעם שונא (דעם יצה״ר) אונ גלייך ווי מ׳עפינט אויף די אויגין זאל מען זאגין די תחנה (מודה אני):

## תחנה מודה אני (אויך ברכה פיר קליינע קינדער).

מודה אני לפניך, איך דאנק אונ לויב דיין הייליגען נאמען (מלך חי וקים) עוויג לעבעדיגער קעניג, (שהחזרת בי נשמתי בחמלה) וואס דו האסט מיר צוריק גיגעבין מיין נשמה מיט דיין בארימהערציגקייט. (רבה אמונתך) אך, ווי גרויס איז דיין ווארהייט. (ביז אהער קען מען זאגין פאר נעגיל וואסער, אבער צו „ראשית חכמה" דארף מען אב גיסין נעגיל וואסער). (ראשית חכמה) די הויבט חכמה איז (יראת יי׳) קליגין זיך מיט אלע התחכמות (אין אלע צייטין אונ ביי אלע צושטאנדין) ווי צו בלייבין א גאטס פארכטיגער מענש. (שכל טוב לכל עושיהם), דער וואס וויל דאס ערינסט, גיט אים השי״ת שכל ווי צו פירין זיך. (תהלתו עומדת לעד)

---

תפארת ציון

*) דער הייליגער תלמוד שרייבט, ווי מ׳האפט זיך אויף זאל מען זיך ניט שטעלין גלייך, ווייל עס איז אומגיזונד, מ׳דארף ליגין בערך א מינוט, אלזא איז אין דיזע מינוט גוט צו זאגען (מודה אני לפניך) אונ דאס קען מען זאגען פאר נעגיל וואסער, ווייל אין דעם ווערט ניט דער מאנט קיין שם, אונ דער זאגין (מודה אני) איז

אנרויסע

מעשה אלפס

1) עצלות (פוילקייט) איז זייער א שלעכטע מדה, זי מאכט אומגליקליך דעם מענשין, שלמה המלך שילדערט (על שדה איש עצל עברתי) איך בין פארביי גיגאנגען ביי א פעלד ביי א וויינגארטין פון א מענשין א פוילער, האב איך גיזעהען, אז עס איז אן גיוואקסין דערנער, אונ דער פארקאן (וואס איז ארומגיצאמט) איז צוריסין, כלומר, דעם פוילערס ארבעט אונ זיינע גישעפטין איז אן הענד אונ אן פים, האב איך מיר דאס גוט באטראכט אונ גינומען א מוסר, אז מ׳דארף ווייניגער שלאפין, ווייניגער דרעמלען, ווייניגער קייקלען זיך אין בעט. סאנכע פוילער איז פאראנגען וואס פוילין זיך צו גיין שלאפין, א גאנצין אווינט וועט ער זיך אוים קייקלען די גאנצע שטוב. פאלין דא א ווילע אונ דא א ווילע, אונ נאך האלבע נאכט שטייט ער ערשט אויף שלאפין. אנדערע באלעמוצין אב ביז 1 א זייגער

מען

זיין לויב אונ רִיהמוּנג בְּלַייבְּט אויף אֵימֶער, כְּלוֹמַר, וָוען דֶער גָאטְס-פָּארְכְטִיגֶער מֶענְשׁ טוּט וָואס אויף אִין אִידִישְׁקַייט בְּלַייבְּט דָאס גִירִיכְט אויף עֶווִיג. (בָּרוּךְ שֵׁם כְּבוֹד מַלְכוּתוֹ לְעוֹלָם וָעֶד) גֶעלוֹיבְּט אִיז דִי עֶהְרֶע פוּן זַיין קֶענִיגְרַייךְ אויף עֶווִיג.

## תְּחִנָּה אויף רֵיינֶע מַחֲשָׁבוֹת.

דֶער זוֹהַר הַקָּדוֹשׁ (פ׳ נח) שְׁרַייבְּט, אַז אַלֶע פְּרִיה מָארְגִין זָאל אַמֶענְשׁ מִתְפַּלֵּל זַיין, (יְהִי רָצוֹן) עֶס זָאל זַיין דַיין גוּטֶער וִוילִין מִיר בְּאַהִילְפִיג צוּ זַיין, (שֶׁיְּהֵא לִבִּי נָכוֹן) אַז מַיין הַארְץ זָאל זַיין רֶעכְט פַארְטִיג פַאר דִיר, נִיט אָב גִיקֶערְט פוּן גוּטִין וֶועג, (וּמָסוּר בְּיָדִי) אוּנ אִיבֶּער גִיגֶעבִּין אִין מַיין רְשׁוּת צוּ טְרַאכְטִין גוּטֶע מַחֲשָׁבוֹת, (שֶׁלֹּא אֶשְׁכָּחֶךָ) אִיךְ זָאל אָן דִיר נִיט פַארְגֶעסִין, אוּנ אַז מַיין גִידַאנְקֶען וֶועט זַיין צוּ גִיבּוּנְדִין צוּ דִיר וֶועט דַיין פְרַיינְדְשַׁאפְט זִיךְ קֶערִין צוּ מִיר, וִוי שְׁלֹמֹה הַמֶּלֶךְ זָאגְט „אֲנִי לְדוֹדִי” וֶוען אִיךְ בִּין אִיבֶּער גִיגֶעבִּין צוּ מַיין פְרַיינְד (השי״ת) „וְדוֹדִי לִי”, אִיז מַיין פְרַיינְד הקב״ה אִיבֶּער גִיגֶעבִּין צוּ מִיר, הָאף אִיךְ, אַז דוּ וֶועסְט גֶעוִויס בְּאַגְלִיקְען מִיר מִיט מַיין מַאן אוּנ מַיינֶע קִינְדֶער מִיט גֶעזוּנְד אוּנ עוֹשֶׁר וְכָבוֹד אִין גוּטֶע אִידִישְׁקַייט, אָמֵן.

## תְּחִנָּה עַל נְטִילַת יָדַיִם.

גְרוֹיסֶער בַּארִימְהֶערְצִיגֶער קֶענִיג! דוּ הָאסְט אָפּ פוּן דַיין הֵיילִיגְקַייט אַיינְגִיטֵיילְט דַיין הֵיילִיגֶע פָאלְק אוּנ הָאסְט גִיהֵייסִין דִי כֹּהֲנִים אֵיידֶער זֵיי גֵייעֶן טָאן דִי עֲבוֹדָה (מקריב זיין קרבנות אין בית המקדש)

---

מעשה אלפם

אוּנ נָאכְהֶער שְׁלָאפִין זֵיי בִּיז הַאלְבִּין טָאג. נָאכְהֶער אֵיידֶער זֵיי טוּעֶן זִיךְ אָן, אֵיידֶער וָואס וֶוען זֶעהֶען זֵיי נִיט וואוּ דֶער טָאג קוּמְט אַהִין. אַלְזָא זָאגְט שְׁלֹמֹה (עַד מָתַי עָצֵל תִּשְׁכָּב?) בִּיז וִוי לַאנְג דוּ פוֹילֶער וֶועסְטוּ לִיגִין אִין בֶּעט? אוּנ נָאךְ אַכַּוָּנָה אִיז, בִּיז וִוי לַאנְג דוּ פוֹילֶער וֶועסְטוּ בַּאלֶעמוּצִין בִּיז שְׁפֶּעט? (תִּשְׁכָּב) לִייג זִיךְ שׁוֹין וַוייל (מָתַי תָּקוּם מִשְּׁנָתֶךָ?) וֶוען דוּ וֶועסְט אִיבֶּערְבְּרֵיינְגֶען דִי צַייט אוּנ זִיךְ לֵייגִין שְׁפֶּעט, טוּ וֶוען וֶועסְטוּ אוֹיף שְׁטֵיין? דִי חַכְמֵי הַמִּדּוֹת שְׁרַייבִּין, אַז עַצְלוּת דַארְף מֶען בַּאנוּצִין נוּר וֶוען דֶער יֵצֶר הָרַע אָדֶער שְׁלֶעכְטֶע חֲבֵרִים רֵידִין אָן בֵּייזֶעס צוּ טָאן, דַארְף מֶען דָאן וֶוערִין פוֹיל, רִירִין זִיךְ ווי אַבְּלֵייעֶנֶע פֵייגִיל, בִּיז וַואקְּסֶען דִי בֵּייזֶע שָׁעָה (דִי תַּאֲוָה) נִיט אַרִיבֶּער, אָבֶּער הֵיינְט אִין עֲבֵירָה דַארְף מֶען זִיךְ נִיוֶואהְנֶען צוּ זְרִיזוּת.

תפארת ציון

אַגְרוֹיסֶע סְגוּלָה צוּ זְרִיזוּת, אַז מֶען זָאל זִיךְ נִיט קַייקְלֶען אוֹפִין נִילֶעגֶער, וַוייל דָאס דֶערְמָאנְט דִי חַסְדֵי הַבּוֹרֵא וָואס עֶר הָאט מִיר אָבּ נִיגֶעבִּין מַיין נְשָׁמָה. מַאנְכֶע מֶענְשִׁין לֹא עָלֵינוּ לֵייגֶען זִיךְ אוּנ שְׁטֵייעֶן נִיט אוֹיף. דְרוּם דַארְף דֶער מֶענְשׁ בַּיי זִיךְ נִיפִינֶען דִי שׁוּלְדִיגְקַייט אוֹיף צוּ שְׁטֵיין בִּזְרִיזוּת לַעֲבוֹדַת הַבּוֹרֵא.

דער

ד

די זאלין הייליגען די הענד פון כיור (האנדפאס). דאס גלייכין איז יעדער מענש אכהן אין דיין קליינעם בית המקדש (דאס איז די הארץ פון מענשין) וואס דארטין רוהען די הייליגע געפיהלען, ווי די הייליגע תורה שרייבט „ושכנתי בתוכם" (איך וועל רוהען אין די הארץ פון אידין), האבין אונזערע חכמים מתקן גיוועזן, אז אלע פריה-מארגין זאל מען הייליגען די הענד פאר דעם דאווענען, וואס דאס איז יעצט אונזערע קרבנות (ווי דער נביא זאגט: ונשלמה פרים שפתינו) אונ זאגין די ברכה „ברוך אתה" גילויבט ביזט דו גאט, קעניג פון דער וועלט, וואס דו האסט אונז גיהייליגט מיט דייניע מצות (גיבאט) אונ האסט אונז גיבאטין „על נטילת ידים"1) וואשין אונ ריינינען די הענד א).

## תחנה אשר יצר.

אלויב אונ אדאנק צו דיר גרויסער גאט, קעניג פון דער וועלט, וואס דו האסט באשאפין דעם מענשין מיט גרויס חכמה, דער

שערי ציון

א) דר „טור" שרייבט, אלע פריה-מארגין ווערט דער מענש אבריה חדשה (ווי ניי געבוירין) ווי דער נביא זאגט „חדשים לבקרים" דאס בעדייטט אונז אלע פריה-מארגין מיט נייע קרעפטין אונ אנאיעם מוחה, דארפין מיר דאנקען דעם בורא ב"ה, וואס ער האט אונז בעשאפין צו זיין עדרע (דינען אונ לויבין זיין נאמען), דרום דארפין מיר זיך הייליגען, אויף דעם איז מרמז דער ווארט „נטילה" (אויפהייבונג) דורך דעם אב גיסין נעגעל-וואסער ווי דער דין פון אכלי, דריי מאל אויף יעדער האנד איינע איבער איינע. ניצען די הענד ארוים פון די טומאה וואס האט גירוהט אויף זיי אין שלאף אונ ווערין ערהויבין צו די מדרגה פון קדושה, אז מ'זאל קענען דער מאנען דעם שם שמים.

מעשה אלפס

1) די אויסדריקע „נטילת" ידים (ערהויבין די הענד) אונ ניט „רחיצת" ידים (וואשין די הענד) באמערקט אויף די רייד פון נביא ישעיה, (גם כי תרבו תפלה אינני שומע, ידיכם דמים מלאו) ווען אייערע הענד זיינען פארשמוצט אין גזלה (אין פרעמדע געלט אונ בלוט) הער איך ניט צו אייערע תפלות אונ תחנות, אלזא (רחצו הזכו), וואשט אב אייערע הענד אונ ריינינט זיי פון אלע פערדארבענע מהאטין, פון פאלשע וואג אונ מאס. פון שוחד נעמען. פון האנדלען מיט גנבות אונ פון נאך אזעלכע פיינע מסחרים אונ שווינדלעריי וואס מאכין די אידישע פאלק צו שאנד אונ צו שפאט פאר אנדערע אומות, וואשט אב די הענד ריין פון אלע שמוצין. אונ הויבט זיי אויף הייליג (שאו ידיכם קודש, מלשון וינטלם וינשאם), איר זאלט גהנה זיין מיגיע כפיכם, פון רייניע כשר'ע פארדינסט, נאטירע נאבע אונ אייער מיהע.

עם

נעגעל וואסער דארף מען אום גיסן ווא קיין מענשין טרעטין נים, אונ מ'באר פון דעם קיין הנאה האבין אפילו ערעט צו וואשין,

מענש איז דאכט זיך אקליינע מאשינע, און שוין טויזענדער יאהרין, אז אין די גרויסע וועלט שטודירין טויזענדער דאקטוירים און קענען נאך ניט דערגיין קיין גרונד אין מענשין 1). פארשטייט מען ווי קונציג געארבייט דער מענש איז. דו האסט אין אים באשאפין פיל לעכער, היינו די מויל, די נאז, די אויערין און פיל רערין, ווי די הארץ, די גידערים. עס איז ענדעקט און באוואוסט פאר דיין עהרע, דאס ווען עס זאל צופיל אפין זיין איינע פון זיי, אדער עס זאל צופיל פערמאכט זיין איינע פון זיי, איז אונמעגליך דער מענש זאל זיך קענען האלטין, ווען חלילה די אורין ווערט פערהאלטין ווערט מען גישוואלין לא עלינו, אדער ווען די לופט ווערט פארהאלטין קען מען חלילה באקומען זאקרוצעניע קישקע, ניט פאר קיין מענשין גידאכט. ברוך גילויבט ביסטו גאט, דו היילסט אלע בעשעפענעס, די קראנקייטין וואס קיין דאקטאר קען זיי ניט היילין היילסט דו, און דו טוסט גרויסע וואונדער א).

# תחנה מאפלה לאורה.

דער הייליגער תלמוד ירושלמי (פרק תפלת השחר) זאגט, אז אלע פריה מארגין זאל אמענש זאגין, איך דאנק און לויב דיר גרויסער גאט און גאט פון מיינע עלטערין. (שהוצאתני) וואס דו האסט מיר ארויס געפירט, (מאפלה) פון פינסטערנעס, (לאורה) צו ליכטיגקייט, אזוי האף איך און בעט דיר ליבער גאט, דו זאלסט מיר ארויס ציהען פון די פינסטערע גידאנקען און פינסטערע מעשים וואס נארישע מענשין בריינגען אויס זייערע טעג און יאהרן אין דעם, און מיך אריין

מעשה אלפס

1) עס איז כמעט ניטא איין פראפעססאר אין דער וועלט וואס זאל וויסען ספעציעל דעם גאנצין מענשין, יעדער ווייס נור אטהייל פון אים, דער איז איין אויגין דאקטאר, דער איין אויער און האלז, דער וויים ספעציעל הויט קראנקייט, דער נערווין, דער אקושער, דער אקינדער דאקטאר, דאכט זיך אקליינע מאשינקע האט
איז דער מענש, און וויפיל טויזינד יאהר אז מ'קען אים ניט אויס לערנען. עס איז אויך ניבליבין וויפיל מחלות וואס מען ווייס נאר ניט ווי זיי אויס קורירען. קען מען שוין באמערקין וויפיל חכמה עס ליגט אין דעם בעשאף פון מענשין (זעה מעשה אלפס חלק ד' זייטע 65, אוואונדערליכע זאך וועגין פון מענשין.

שערי ציון

א) דער בורא האט צו זאמען גישלאסין אגוף פון ערד און אנשמה פון הימל און האט פארארדנעט, אז דורך ברויט למשל, האלט זיך די שותפות, און ווען דער מענש עסט ניט טיילט זיך די שותפות, דאכט זיך וואס פאר אשייכות

בריינגען אין ערהאבענע ליכטיגע גידאנקען, אז איך מיט מיין מאן און מיינע קינדערלאך זאלין פאר בריינגען אונזערע טעג און יאהרין אין גוטע מעשים, אמן

## תחנה אלהי נשמה.

ליבער און טרייער גאט, די נשמה וואס דו האסט אין מיר אריין גיהויכט איז זי ריינע, זי איז אפונק פון דיין הערליכען פייער, זי זאל ליכטיג מאכען דעם קערפער און אים אוים אײדלען און לערנען גוטעס צו טאן, און ווען איך טוה איין אונפאסיגע זאך וויל די נשמה ארויס פליהען פון מיר, ווי א קיינערליכע טאכטער וויצט מיט א דארף בויער, איז ווי זי דער ועהט פון אים איין אונפאסענדע זאך וויל זי ענטלויפין. נור דיין ווילין האלט זי איין אין מיר, ביז די בעשטימטע צייט וואס דאן וועסטו זי צוריק נעמען פון מיר צו זיך אין דיין קעניגליכען פאלאץ לעבין דיין כסא הכבוד, און איך גלויב און האף אז דו וועסט זי אין מיר צוריק אריין הויכין צו תחית המתים. (כל זמן שהנשמה בקרבי) זא לאנג די טייערע מתנה (די נשמה) איז ביי מיר, דאנק איך און לויב דיר מיין גאט און גאט פון מיינע עלטערין אברהם יצחק ויעקב, באשעפער פון אלע וועלט, הער פון אלע נשמות. גילויבט ביסט דו גאט וואס דו גיבסט צוריק די נשמות אין די טויטע קערפער, ווייל דער שלאף איז א זעכציג חלק פון טויט און דער בורא מאכט לעבעדיג.

## תחנה די צווייי וואג-שאל *) (מ'קען דאס מתפלל זיין אלע טאג).

בארמהערציגער און גנעדיגער גאט, העלף מיר אז מיינע אויגין זאלין זיין אין מיין רשות, זיי זאלין שטענדיג קוקין אראב. כלומר, אויף דעם ארימערין און שוואכערין פאר מיר,



האט די ברוים צו די נשמה? (וואס זי איז אפונק פון געטליכען פייער), נור אזוי האט דער בורא פארארדנעט, — ווידער אזאונדער, אפענבער וואס איז אנגעבלאזן מיט ווינט, ווען מען מאכט איין לעבעלע גייט ארויס דער ווינט, און דער מענש איז פיל לעבער, און דער ווינט גייט ניט ארויס פון אים. איז דער מענש ניט וואונדער איבער וואונדער??



*) די חכמי הסופר זאגין, די נארישע וועלט איז, ווי א וואג-שאל, די הויכט אויף דעם גרינגען ודעם קל שבקלים און ערנידערט דעם וויכטיגען.

אום איך: זאל שטענדיג צופרידין זיין מיט מיין שיקזאל (גורל), חז״ אונזערע חכמים זאגין (איזהו עשיר השמח בחלקו) ווער איז גליקליך אונ רייך, דער וואס איז שטענדיג צופרידין מיט זיין טייל, אונ אז מיינע אויגין וועלין קוקין אראב, וועט מיין הארץ קוקין ארויף, באטראכטין דיין גרויסקייט אונ ערהאבענהייט, ווי דער קלוגער שפריכווארט זאגט „די הארץ מיט די אויגין, זיינען ווי צוויי וואג-שאלין גיוואוגין״, ווען איינע גייט אראב, גייט די צווייטע ארויף, ווען די אויגין קוקין אראב, קוקט די הארץ ארויף, ווען אבער די אויגין הייבין אן קוקין ארויף, מקנא זיין וואס יענער איז גליקליכער אונ רייכער פאר מיר, פאלט די הארץ אראב. עס פליהט ארוים פון מענשען אלע איידעלע געפיהלען אונ ער ווערט פול מיט קנאה אונ פארדרום, ביז די קנאה טריקענט אוים די מארך פון די ביינער אונ מ׳גייט אוועק אן אצייט פון דער וועלט, דרום זאלסטו ליבער גאט זיך ערבארעמען אויף מיר אונ מיר העלפין צו היטין זיי, וועל איך דיר שטענדיג דינען מיט שמחה ובלב טוב, אמן.

## תחנה, אויפ׳ן גוטין וארט קנאה. (צו בעטין גאנץ אפט)

טרייער פאטער פון הימל, העלף מיר, מיין פירונג זאל זיין ווי די חכמים ערקלערין על פי רמז, (בשמים ממעל) אין הימל נאכין זאל די הארץ קוקען ארויף, מקנא זיין דעם וואס איז גילערינט אין אידישקייט מער פאר מיר, דעם וואס איז פרימער פאר מיר, דעם וואס איז מער בעל צדקה, מער בעל גמילות חסד פאר מיר, דעם וואס האט אבעסערין כאראקטער פאר מיר, הכלל נור אגוטע מדה וואס איך וועל זעהן ביי איינעם, זאל איך דאס מקנא זיין, אונ זיך בעמיהען צו ערגרייכין צו דעם, ווייל אזא וארט קנאה איז זייער אטייערע זאך, ווי דער חכם זאגט (קנאת סופרים תרבה חכמה) אז מ׳איז מקנא דעם פרומען גילערינטין מענשין, וועט מען זיך איין צו שאפין יראת שמים אונ חכמה 1) — (ועל הארץ מתחת) אבער אין די וועלטליכע זאכין ווי רייכקייט אונ גליק, דארפען די אויגין קוקען

מעשה אלפם ופרי הגפן

1) שלמה המלך זאגט (יתר מרעהו צדיק) וואס ער האט דאס ניט, איז ער אים
דער צדיק איז ווי אזוי קענען מקנא אונ שטרייכט זיך אן איין צו
דעם צווייטין צדיק, ער קוקט אוים, שאפין ביי זיך אויך די גוטע מדה וואס
פליכט האט יעדער צדיק אגוטע מדה פעלט אים.

אראב (איף דעם שוואכערין און נעדריקסטערין פאר מיר). וועט פון דעם ארויסקומען צווייערליי נוצען, איינס, איך וועל זיין שטענדיג צופרידין מיט מיין טייל, ווייל איך וועהע דאך מענשין וואס זיי איז ערגער פון מיר, בין איך דאך געגין זיי אגליקליכער, אונ דאס צווייטע, אז איך וועל שטענדיג באטראכטין די ארימע אונגליקליכע, וועל איך פיליכט וועהן וואס מעגליך צו העלפין זיי פון זייער נויט.

## תחנה ברכות השחר. (צו זאגין גאנץ אפט)

בארמהערציגער פאטער, איך וויל זיך שטעלין מתפלל זיין, אוים גיסין פאר דיר מיין הארץ, אונ מיין גיבעט זאל גלייך ארויף גיין פאר דיין כסא הכבוד, נור אזוי ווי אונזערע חכמים שרייבען, אז איינע פון די זאכען וואס האלטין אב די תפלות פון ארויף גיין אין הימל, איז לשון הרע. דאס הייסט. אז מ'איז גיוואהנט צו באליידיגין דעם צווייטין (ווען אפילו די זאך וואס איך זאג אויף אים איז אמת), 1) אונ אויך רכילות, אב טראגין פון איינעם צו אנדערין וואס גיזעהן אונ וואס גיהערט. אונ אזוי ווי מיר פרויען האבין ליב פיל צו ריידין. אונ „ברוב דברים לא יחדל פשע" ווען מען רעט פיל איז אגרויסע צרה, מקומט צו די ביטערע עבירה לשון הרע, אונ אויך צו רכילות, וואס זיי פארהאלטין אונזערע תפלות[א]. אלזא האב איך מיר גינומען אין אכט, בעסער אוים ברייגען דעם נאטור פון אסך ריידען, אין לייענען הייליגע קלוגע ספרים. אונ לויבין דיין הייליגען נאמען. אין דעם קלוגען הייליגען ספר „חובת הלבבות" גיפינט זיך אגעשיכטע ווי אגוט הערציגער מענש האט גיפונען אקליין קינד אופ'ן וועג. אונ האט זיך אויף אים ערבארימט, גינומען אים צו

---

שערי ציון

א) נאך אטעם שרייבין חכמים, פאר וואס ווערט ניט אן גינומען די תפלות פון די מויל וואס רעט אפט לשון הרע, רכילות, למשל, איינער האט נושא חן גיוועזן בי אמלך, ער האט אים צו גינומען אין קיניגליכען הויף אונ גיגעבין אים אלייכטע עבודה, היינו ער זאל האבין די עדרע

מעשה אלפס

1) אזוי ווי אפאטער וויל ניט ליידען ווען מען באליידיגט זיין קינד, ווען אפילו עס איז אמת, דער קינד האט טאקע די פעלערין וואס מ'זאגט אויף אים, דער פאטער זאגט ווען דו האסט גיזעהן אין מיין קינד אפעלער, רייד אים אוים מיט גוטין אונטער פיר אויגין, וועט דאס פיליכט ברייגען נוצין ער זאל זיך פערבעסערין, אבער אז דו באליידיגסט אים אונטער די אויגען וועט דאך קיינע עצין ברייגען, נור וואס דו ווייזט ארוים אז דו ביזט אשונא פון מיין קינד. עס איז

דיר

הויז און אים גיהאדעוועט מיט אלעם גוטין ביז ער האט אים גימאכט פאר אמענשין און חתונה גימאכט, נאכהער האט דער גוטער מענש גיהערט אויף איינעם מיטין נאמען ראובן וואס האט פארלארין אסך געלט אין אשלעכטין גישעפט און איז געבליבען שולדיג פיל ארימע מענשין, וואס ער האט זיך פון זיי קיין ארט גיפונען, זיי האבין אים פערקלאגט דעם לעבין אז ער האט זיך גיוואונשין דעם טויט, האט דער גוטער מענש אוים גיצאלט זיינע חובות און האט אים נאך גיגעבין אביסל געלט ווייטער צו האנדלען. פלעגט דער ראובן שטענדיג דאנקען און לויבין דעם גוטין מענשין, מער וויפיל דער קינד האט אים אב גידאנקט, הגם דער קינד האט אים אב גיקאסט צעהן מאל אזוי פיל וויפיל ראובן, ווייל ראובן האט מקבל גיוועזן די טובה בעת ער איז שוין גיוועזן אבר דעת, האט ער גישפירט די גוטעם אז ער האט אים גיראטעוועט פון טויט שמערצין צום גליק. אבער דער קינד ווייל ער איז איין גיטונקט אין די טובות פון גוטין מענשין פון יוגינד אן, באקענט ער דאס ניט, הגם ער איז שוין יעצט אבר דעת. דאס גלייכין איז יעדער מענש איין גיטונקט אין די טובות הבורא און ער ערקענט דאס ניט, ווייל דאס איז ביי אים טאג טעגליך פון יוגענד אן, דרום האבין אונזערע חכמים מתקן גיוועזן אויף יעדער זאך אבעזונדער שבח והודאה, דער מענש זאל זיך נעמען אין גידאנקען, די טובות הבורא וועט ער וויסען ווי נכנע צו זיין פאר אים און אים לויבען. היינו בעת מזאגט „אלהי נשמה" דארף מען זיך באדיינקען. פיל מענשין האבין זיך גילייגט און ניט אויף גישטאנען (לא עלינו), און איך ב"ה שטיי אויף פריש און גיזונד, וויפיל בין איך דאס שולדיג דאנקבאר צו זיין. און זאגין די ברכה „המחזיר נשמות" מיט גרוים כונה. דרום הארציגער פאטער העלף מיר צו זאגען אלע ברכות מיט כונה און אריין נעמען אין גידאנקען דיינע טובות וואס דו טוסט מיט מיר טאג טעגליך, אז איך זאל דיר שטענדיג לויבין און

---

מעשה אלפס

דיר גרוים אין די אויגין, אזוי וויל דער פאטער פון הימל ניט ליידען, אז מען בעליידיגט דעם צווייטין, ווייל מיר זיינען אלע קינדער ביי אונזער פאטער פון הימל, ווי די תורה שרייבט (בנים אתם לה' אלהיכם) איר זייט פארעבינט ווי

שערי ציון

עהרע דער לאנגען דעם קעניג ווייין אין א גאלדענעם בעכער מיט בריליאנטין גיזעצט. און ער האט אים אויך ערלויבט צו

קינדער ביי גאט ברוך הוא.

דער

דאנקען, אונ אזוי ווי א קינד וואס פאר שטייט צו דאנקען זיין פאטער פיר די גוטעס וואס ער טוט אים, איז ביי אים ווייטער ליב אים צו טאן ווייטער גוטעס. אזוי זאלסטו מיר הימעלשער פאטער טאן גוטעס אונ מיר העלפין אין אלע מיינע נויטין. איך זאל דיר שטענדיג לויבין אונ דאנקען. אמן.

## תחנה הנותן לשכוי בינה.

העער פון דער וועלט, דו האסט איין געארדנעט דיין וועלט מיט אלעם וואס פאדערט זיך, אונ אלעם האסטו בעשאפין וועגין די נוטצען פון דעם מענשין. אונ אום דער מענש זאל אויף שטיין פריה האסטו גיגעבין פארשטאנד דעם האן, (להבחין) ער זאל דעם מענשין מאכין וויסען ווען טאג ווערט, אום ער זאל אויף שטיין לויבין גאט, נאכהער גיין צו זיין ארבייט. איך קען זיך ניט אב וואונדערין די חכמה נפלאה פון דעם, דער האן וואס איז גאר פארשפארט אין קאטוך וואס קיין שטראל ליכטיגקייט שיינט דארטען ניט אריין, זאל פערשטיין ווען טאג ווערט. אונ נאך מער, ווען מ׳ברייננגט אהאן פון אמעריקע וואס דארטין ווערט ערסט נאכט, דאך פערשטייט ער, אז ער איז יעצט ניט אין אמעריקע (נור אין יעוראפא), וואס דא ווערט יעצט טאג. אזוי בעט איך דיר אויך רבונו של עולם זאלסט אריין געבין אין מיין הארצין פערשטאנד, איך זאל אויך פארשטיין אונטער צו שיידין פון די בייזע מעשים וואס זיינען גיגליכין צו די פינסטערע נאכט (דרך רשעים כאפלה), ביז די גוטע מעשים וואס זיינען גיגליכען צו טאג (ואורח צדיקים כאור נוגה), איך זאל שטענדיג גיין אין די

שערי ציון

צו טרינקען פון דעם בעכער, נור ער זאל אים זעהען ריין צו האלטין, ער זאל ניט פארגעסין אז אין אים דארף ער דער לאנגען עטליכע מאל אטאג דעם קיזער וויין, היינט אז דער נארישער מענש האלט אין דעם בעכער קארישינע, אונ בעת עם קומט די צייט דערלאנגען צום קיזערליכען טיש וויין, גיסט ער אוים

מעשה אלפם

1) דער נאטור פון האן לערינט אונז פיל וויכטיגע זאכין, ווי אונזערע חכמים זאגין, אז ביי טאג איז דער האן מכוון ריכטיג די סעקונדע וואס דער בורא איז אין צארין אויף דער וועלט, אונ ביי נאכט איז ער מכוון ריכטיג די צייט ווען הקב"ה גייט אריין אין גן־עדן זיך משתעשע זיין (פרייען זיך) מיט די צדיקים, אונ דאן איז אגרויסער עת־רצון. די כונה פון דעם איז, חוויל ביי טאג איז דער האן אגרויסער הולטיי. ער שפילט ווייטער פיל מיט די

די

היינער, ווייזט ער אז קאר הילטייסקייט, איז דער בורא צארעדיג אויף דער וועלט און

ליכטיגע וועג, אונ בזכות זה זאלסטו מיר ערלייכטין מיינע וועגין מיט געזונד אונ פרנסה, אונ נחת פון מיינע קינדערלאך. אמן.

## תחנה שלא עשני נכרית.

געלויבט ביזט דו מיין גאט, אונ גאט פון מיינע עלטערין, וואס דו האסט מיר ניט בעשאפין קיין נכרית (אגויה), דו האסט געגעבין מיין טייל אין די הייליגע פאלק ישראל, וואס זיי שטאמען פון אזעלכע גרויס-ארטיגע מענער. אברהם יצחק ויעקב וואס די גאנצע וועלט עד היום שעצט אונ עהרט זיי, אונ דיין השגחה איז צו געקלעבט צו זיי פון עוויג אן, די פאריגע צייטין האסטו מיט זיי געטאן אפענע נסים, וואס די גאנצע וועלט האט געזעהן, דו האסט זיי מיט גרויס וואונדער אויס געצויגין פון שקלאפין הויז (מצרים), דו האסט זיי אויס געשפייזט 40 יאהר אין אוויסטין ארט (מדבר), מיט מן פון הימל, אונ וואסער פון אשטיין, דו האסט ערשיינט מיט דיין הערליכען כבוד אויף דעם הר סיני אונ האסט זיי געלערינט דיין הייליגע תורה, וואס די פירט זיי אין די וועג פון לעבין. אונ עד היום טוסט דו מיט זיי פארבארגענע נסים, דו פירסט זיי אין אמדבר פון ווילדע מענשין (אנטיסעמיטען אונ חוליגאנעס) וואס ווילין זיי איין שלינגען, נור דו באשיצט זיי אונטער דיינע גנאדע-פליגלען אונ אונטער די פליגלען פון מלכי חסד, וואס מען דערלאזט ניט די חוליגאנעס זיי זאלין אידין אום ברייננען, אויף דאס אלעס דאנק איך דיר אונ בעט דיין רחמנות, דו זאלסט מיר העלפין צו זיין אכשרה אידישע טאכטער, ליב צו האבין מיין פאלק אונ יעדער איינציגין מענשין אונ איין פלאנצין אין מיינע קינדער ליבע צו מיין פאלק אונ צו אלע מענשין מעתה ועד עולם. אמן.

---

מעשה אלפס

נוייל דר בורא איז הייליג, פר האט ער די אייגענשאפט פון היילינקייט, אבער ביי נאכט איז דער דאן אפרוש (אב געשייד פון דיינע ווייבער) אונ שטייט אויף האלבע נאכט, דאס ווייזט, אז דער וואס האלט זיך בצניעות אונ שטייט אויף פריה לויבין דעם בורא ברוך הוא, צו דעם לאזט זיך דער בורא געפינען. ווי שלמה המע״ה זאגט אין דעם פסוק פון דער תורה ומשחרי ימצאונני די וואס פארשטין מיר אלע פריה קארגען די געפינען מיר.

שערי ציון

די קארעשינע פון בעכער אונ גיסט אן וויין. היתכן אז דער קעניג זאל טרינקען זיינע וויין? דאס גלייכין דער בורא האט געמאכט דעם מענשין העכער פון אלע באשעפענעס מיט דעם וואס ער האט אים געגעבין אטייל צום ריידין, ער זאל מיט

איר

ליבער הארציגער פאטער, וויא איך האב געהערט די וויכטיגקייט פון אונזער תורה, אז אלע גרויסע חכמים פון אומות העולם שעצין איר, זיי רופין איר „דער וועלט ברילאנט". א) דר גאלדענער מעדייל מיט דימענטין גיזעצט, וואס דער וועלט קעניג האט מיט זיין אייגען האנד באשאנקען די קינדער פון זיין גיליבטין אברהם (אברהם אוהבי), טוט מיר נייער באנק, וואס איך בין ניט קיין מאנס-פערזאהן. וואס וואלט איר גילערינט מיט גרויס פלייס, צו פאר שטיין די טיפע חכמה אונ די איידילקייט וואס אין איר ליגט. נור ווי איך גלויב אז דו ווייסט בעסער וואס פאר'ן מענשין גוט איז, אונ אז דו האסט מיר בעשאפין אפרויענצימער געווים איז גוט אזוי, אלזא דאנק איך דיר. וואס דו האסט מיר באשאפין ווי דיין ווילין איז, אונ בעט דיין רחמנות איך זאל זוכה זיין מיינע קינדער צו ערציהען אין דיין תורה, אונ מיר גיב אויך פערשטאנד צו פארשטיין וואס איך לייען אין דיינע הייליגע ספרים, איך זאל עטוואס געניסין די זיסקייט פון דיין ליבע תורה, אמן.

## תחנה פוקח עורים.

גילויבט ביזט דו קעניג פון דער וועלט. וואס דו עפינסט די אויגין די בלינדע, איך בין גילעגין אויף מיין בעט ווי אבלינדע. אונ האב זיך אויף גיכאפט האסטו מיר גיגעבין די שיין אין מיינע אויגין, איך בעוואונדער די גרויסע חכמה פון דעם, אז אשטיקעלע פלייש מיט אביסעלע וואסער זאל האבין אזא קראפט צו לייכטין מיט אזא הערליכע שיין, אונ דו האסט איר אזוי וואונדערליך איינגיפאסט אונ באשיצט מיט די ברעמען, זיי זאלין איר איין היטין פאר שלעכטס



איר לויבין השי"ת אלע טאג אונ ער האט אים ערלויבט אז מיט די זעלבע מזל מעג ער פאר זיך אויך ריידין וואס ניהער צו גישעפט אונ צו זיינע נייטיגע הצטרכות, דארף דאך דער פארשטאנ-דיגער מענש האלטין ריין אונ ציכטיג די מויל



א) דער באוואוסטער דייטשער שריפט-שטעלער „היינע" שרייבט אין איינעם פון זיינע ביכער מיט דעם אויס-דריק: „די תורה" דאס איז איין אלטער ספר, איין אלטער אונ איין איינפאכער ווי די נאטור זעלבסט, אונ ווי די נאטור, איז ער אמת, פשוט ווי די זון וואס וואריםט אונז פשוט, ווי די ברויט וואס מיר עסין, דער דאזיגער ספר (די תורה) קוקט אויף אונז מיט ליבע אונ פרייטשאפט ווי איין אלטע גוטע מוטער. אונ קרריגט מיט די טערטין

די

וויינטין. טרייער פאטער פון הימל, ווען איך דער מאן מיר וואס אלע טאג טוט זיך ביי די אויגין דאקטורים, פיל אונגליקליכע קראנקע אויגין זיצין נעבאך אונ ווארטין אין פרעדנע, זיי זאלין האבין די זכיה צו צו שלאגין זיך צום דאקטער, ער זאל ביי זיי צו נעמען דעם האלבין רובל אונ אריין גיסין די טראפינס וואס פון גרוים שמערצין דער וועהען זיי נעבעך ווי מען זאגט אלע 7 הימלען, אונ אז זיי שטייען אויף אין דער פריה, דארפין זיי נעבאך ווארטין אויף תיימקען, יעקעלין, ער זאל זיי פירין. אונ איך ברוך השם דארף קיינעמס לאסקע ניט, איך גיי ארום מיט גיזונטע ליכטיגע אויגין, ווי ווייט איך דארף דאנקען אונ לויבין דיין ליבין הייליגען נאמען. אונ איך בעט דיין רחמנות דו זאלסט ערלייכטען מיינע אויגין אונ די אויגין פון מיין מאן אונ מיינע קינדערלאך צו גיין אין די ליכטיגע וועג פון דיין הייליגע תורה אונזער גאנצין לעבין, אמן.

## תחנה מלביש ערומים.

גילויבט ביזט דו אונזער גאט, קעניג פון דער וועלט, וואס באקליידעסט די נאקעטע, איך שוואכע פרוי בין ניט אימשטאנד צו בעוואונדערין דיין גרויסע חכמה, אז פון אקערנדיל ליין־זאמען זאל אויס וואקסין אשטעקיל פלאקס וואס פון אים זאל מען נאכהער מאכין לייווינד צו באקליידין דעם מענשין, אונ אויף דעם שעפס גיבסט דו האר וואס פון דעם זאל מען מאכין אלע וואלענע צייג, אונ אויף די הויפט שיינע קליידער סאמעט. זיידינס האסטו באשאפין אווערימל וואס שפינט פון זיין הארצין זיידין שטאף. אה ווי גרויס איז דיינע

מעשה אלפים

„די יודין" וועלכע האבין פערשטאנען די ווירדע פון דימאנטין אונ ברילאינטין – האבין גיוואוסט וואס זיי האבין צו טאן – בשעת זיי האבין ארוים גיראטעוועט פון חורבן בית שני נור דעם דאזיגען אלטין ספר. (אין מעשה אלפים 4-טע טייל זייטע 55 איז באשריבין די גישיכטע וועגין דעם).

שערי ציון

מויל, וואס טוט אבער דער נאר, ער פאר שמוצט די מויל מיט מיאוסע רייד, מיט לשון הרע מיט רכילות וואס דאס האט נאך איין ערגערין גרוך ווי קארעשינע, אונ נאכהער גייט ער מיט די זעלבע מויל דאוונען אונ לויבין השי"ת, נו ווי קען צו גינומען ווערין אזא תפלה? אלזא דארף מען בעטין רחמים דער בורא זאל העלפין זיך אב גוואוינען פון לשון הרע, אונ בכלל פון נארישע רייד, אונ די בעסטע עצה צו דעם איז, אז די פרייע צייט וואס מהאט זאל מען בעסער לייענען הייליגע קלוגע ספרים.

האונדער ! אז מ'זאל דאס אלעס באקלערין דארף מען זיך קניען און בוקין מיט גרויס אונטערטעניגקייט פאר דיין גרויסקייט . און וואס מער איך ציר זיך אויס אין שענערע קליידער (סאכעס , זיידינס) דארף איך אלעס נידעריגער זיין ביי זיך און געבין כבוד אלע מענשין . 1) און איך בעט דיין רחמנות, דו זאלסט מיר געבין אגוט הארץ . נאך טאן דיינע מעשים. אזוי ווי דו באקליידעסט נאקעטע (דו האסט גימאכט פאר אדם און חוה קליידער אונ האסט זיי אליין אנגיטאן), אזוי זאל איך אויך זוכה זיין צו מיטלייד האבין מיט די ארימע נאקעטע. און זאל זיך באמיהען ווי וייט מעגליך אנקליידען זייער נאקעט , דאדורך וועט מיין נשמה אנגיקליידעט ווערין מיט אמעיל צדקה ובגדי ישע, אמן.

# תחנה לשמוע בקול דברו.

גרויסער וועלט קעניג, איך גיב דיר אלויב און אדאנק פאר דעם חוש (געפיהל) פון הערין, וואס דו האסט גיגעבין אין מיינע אויערין , פיל מענשין נעבעך אונגליקליכע וואס פעלט זיי דער חוש , זיי זיינען אזוי ווי אב גירים ען פון דער וועלט , און מיר האסטו מיט דיין חסד באשאנקען דעם חוש, איך קען מיר ניט אב וואונדערין די חכמה נפלאה וואס אין דעם ליגט, אז אויף די קליינע הייטעלע (באראבאניע פערעפאנקא) קלאפט אב דער קלאנג און גייט אריין אין מוח. און ווען די הייטעלע ווערט גילעכערט ווערט מען טויב און קיין פראפעסאר און קינסטלער קען ניט צו מאכין אזא ברעקיל הייטעלע. הכלל דיינע וואונדער איז ניט אויס צו שרייבין, און איך בעט דיין רחמנות דו זאלסט מיר אויסהיטין פון די אונגליקליכע מענשין וואס צו אלע נארישקייט איז זייער אויער אפין , און ווי עס קומט צו ארעכטע זאך צו אדבר מוסר ווערין זיי טויב , רייד צו זיי און רייד צום וואנד.

---

מ ע ש ה  א ל פ ס

1) מ'דער ציילט אויף אקלוגע אנאטס-פארכטיגע פרוי , וואס האט זיך אויס גיפוצט לכבוד יום טוב אין סאמעט און זיידינס , אום צו פארשלאגין די נארישע נאוה גידאנקען וואס האפט זיך אמאל אריין בעת מען איז שיין אויס גיפוצט , האט זי גיזאגט רבונו של עולם איך דאנק דיר פאר די קליידע־ וואס דו האסט מיר גיגעבין מיט דיין חסד , און ווי אזוי קען איך מיר גרויס האלטין מיט דעם , אז איך דער מאן ביר אז איך בין נאך נידעריגער פון דעם ווערימל, דער זייד ווערימל מאכט די זייד און שטאלצירט ניט , און איך נארישער מענש לבד וואס איך קען ניט מאכין קיין זייד , צו טראג איך נאך און צו רייס די זייד , און אם ענדע האלט איך זיך נאך בנאוה. ווי קלוג אונזערע חכמים זאגין , אז נאוה איז דער שילט פון איין נארין.

אונזערע

אה ווי אונגליקליך זיי זיינען געבאך! און איך בעט דיר טרייער פאטער פון הימל דו זאלסט געבין אין זייער הארצין פארשטאנד, זיי זאלין וויסין ווי צו האלטין די טייערע מתנה פון הערין. אז זיי און איך אויך אין כלל זאלין ניט צו הערין מיט אונזער אויער קיין רכילות, קיין לשון הרע, קיין מיאוסע רייד, נור הערין דברי חכמה און דברי מוסר פון די הייליגע תורה, ווי שלמה המלך זאגט, (שמעו הערט צו הייליגע רייד, (ותחי נפשכם) וועט באלעבט ווערין אייערע געפיהלין 1). און בזכות וואס מיר וועלין צו הערין די רייד פון דיין תורה זאלין מיר זוכה זיין צו הערין גוטע בשורות ישועות ונחמות א) אויף כל ישראל, מיר זאלין אוים גילייזט ווערין פון אלע טרויערקייט און גיין מיט שטאלץ אין אונזער הייליגע לאנד במהרה בימינו אמן.

---

מעשה אלפם

1) אונזערע חכמים זאגין, ווען איינער פאלט אראב פון אהויכין ארט און צו ברעכט אלע גלידער, דארף מען אים לייגין פארשידענע פלאסטערם, אויף יעדער וואונד אבעזונדערין פלאסטער, ווייל דער פלאסטער וואס ליגט אויפין האנד קען ניט היילין די וואונד פון פוס, אבער ווען אמענש פאלט אראב פון זיין הויכין צוא־ שטאנד אין אידישקייט און ווערט אבעל מום [ועדם] אויף אלע גלידער, דארף מען נור לייגין איין פלאסטער צום אויער, ער זאל נור הערין דברי תורה ומוסר, מיט דעם ווערין פארהיילט די וואונדין פון אלע גלידער, דאס זאגט שלמה המלך (שמעו) הערט נור צו די רייד פון דער תורה (ותחי נפשכם) וועט געזונד ווערין אלע אייערע גייסטליכע גלידער.

שערי ציון

א) אזוי ווי דער אויער איז דער טויער וואס דורך אים גייט אריין גליק און הילף אויפין מענשין, (שמעו ותחי נפשכם), אזוי איז ער אגרויסע ריזיקע אונגליקליך צו מאכין דעם מענשין, ווייל די אויג אז עס איז עפעס פערשטעלט

## א וואונדערליכע געשיכטע מיט איין אויער.

איינגער מאן (30 יאהר אלט), א ארבייטער, אקראסאוויץ, ער נעמט גרויסע ניהאלט, איז גיקומען פרעגין ביי ארב (אין אמעריקע), אויב על פי דין התורה מעג ער זיך מאכין אפעלער (טויב מאכין). דאקטוירים האבין אים גיזאגט, אז דאס וועט אים ניט שאדין צו גיזונד, ער וועט קענען ארבייטין, נור ער וועט ניט הערין, — צו וועלכין ציל ווילט איר עס טאן? (פרעגט אים דער רב), אגיזונטער אשיינער מענש זאל זיך וועלין מאכין פאר אבעל מום? — איך בין אזאקראיבציק אין אמיבעטערסקאיע, (ענטפערט דער יונגער מאן) און קען ניט הערין די מיאוסע רייד פון די ארבייטער, איך האב זיי וויפיל מאל פיר גיהאלטין מיט גוטע רייד, צו וואס זאל אמענש פארטמוצין דעם הייליגין פריזענט (די מויל), ריידין נארישקייט נבול פה, אפיקורסות? מ'קען דען ניט זיצין ביי דער ארבייט שטיל און רוהיג? און ווידער ווי אזוי פועלט מען ביי זיך מאכין קריינקונג דעם צווייטין וואס קען עס ניט הערין? דאס איז דאך ארוים פון גדר דרך ארץ, על פי דרך ארץ פון דער תורה טאר מען ניט אפילו טאן אין

מלך מלכי המלכים, קעניג איבער אלע קעניגין, די גאנצע וועלט איז פול מיט דיין כבוד, דער מענשליכער שכל איז גאר ניט אימשטאנד צו פארשטיין דיין גרויסקייט מיט דיינע מעשים, דיין גרויס חכמה וואס מ'זעט אין יעדער זאך. פון קלענסטין גרעזעלע ביז דעם גרעסטין בוים, פון קלענסטין ווערימל ביז דעם גרעסטין לייב, פון קערינדיל זאמד ביז די זון, די לבנה. וואס יעדער פון זיי איז טויזינדער מאל גרעסער פאר דעם גאנצין ערד קויגעל. פון זיך אליין קען איך זעהן דיינע גרויסקייט, פון מוח פון מענשין וואס ער איז צו זאמען גישטעלט פון קליינינקייטין, קאליך, זאלץ און פאספאר, דער קליינער מוח'ל האט אין זיך אזא קראפט צו טראכטין און פערשטיין אזוי פיל, ער קען אין זיך אריין נעמען גאנצע אלמערם מיט ספרים. ווי די גרויסע גאונים וואס זיינען קלאר אויסווייניג גאנץ תנ"ך, גאנץ ש"ס בבלי, ש"ס ירושלמי, אלפסין, רמב"ם, טורים, מדרשים און נאך פיל ספרים. ווא גייט דאס אלס אריין אין מוח, וואס איז נור גרויס ווי אפויסט! דאס איז וואונדער איבער וואונדער. אלזא דאנק איך און לויב דיין הייליגען נאמען פאר די מתנה טובה, דעם פארשטאנד וואס דו האסט מיר גיגעבין אין מוח, און בעט דיין רחמנות דו זאלסט חלילה ניט אב נעמען פון מיר די מתנה טובה, דעם פארשטאנד. אה! ווי אונגליקליך איז חלילה דער מענש וואס ער ווערט גירירט אויפ'ן

שערי ציון

זעט מען ניט, אבער הערין קען מען דורך איין אייזערנע וואנד אויך. דרום דארף א מענש זייער היטין דעם אויער. דער בורא האט באשאפין מיטלען מיט וואס צו רעטין אים, ווי די חכמים זאגין ווארום

מעשה אלפס

יענעסם געגענווארט, פילייכט קען עס יענער ניט פארטראגין, אפשיטא ריידין אזעלכע רייד וואס שטעכט יענעם ווי שפיזין אין הארצין. דאס האט אבער אלס ניט גיהאלפין, ווייל בעונותינו הרבים זיינען זיי טויב פון צו הערין איין אידעלין וואר"ט. אלזא איז ביי מיר גיבליבין זיך צו מאכין טויב, אום איך זאל ניט הערין זייערע טרייפע רייד. — וויל איך וויסען איב די תורה ערלויבט דאס?

## אנטווארט פון רב.

דאס איז ניט ערלויבט איבער 2 זאכין. דאס ערשטע ווייל דער מענש איז אויף זיך קיין בעל דעה, דער קערפער און די נשמה גיהערט צום בורא, אלזא טאר ער זיך קיין מום מאכין. דאס צווייטע אונזערע חכמים זאגין אויפ'ן פסוק ושמרתם את המצות) אזוי ווי אין דער ספר תורה איז ניטא קיין נקודות, לאזט זיך אויך לייענען ושמרתם את המצות, צו ווייזין אז אלע מצות זיינען גיגליכין אין היגזיבט צו די מצוה פון מצה, אזוי ווי מצה איז כשר נור פון די 5 זארטין

מעל

מוחַ, ער לו פּט נעביך ארום איבער די גאסין ווי א בהמה, און זיין גליק באשטייט אין דעם וואס מ'נעמט אים אריין אין דול הויז. אה! ווי פינסטער איז זיין וועלט און די וועלט פון זיין פאמיליע. אלזא גנעדיגער הער, בזכות וואס איך דאנק דיר פאר די מתנה פון מוחַ, זאלסטו מיר געבין חכמה און פארשטאנד, איך זאל זיין די עקרת הבית, פירין מיין שטוב און ערציהען מיינע קינדערלאך צו גאטס-פארכטיגקייט און צו מענשינפריינדליכקייט. אז מיין שטוב זאל זיין ווי די חכמים זאגין (אין פרקי אבות) „יהי ביתך פתוח לרוחה", מיין הויז זאל זיין אפין ווי אברהם אבינו'ס הויז, אז יעדער גידריקטער, יעדער טרויעריגעם הארץ זאל גיפינען אין מיין הויז א טרייסט, עס זאל אים פריי ווערין זיין הארץ און זיין מוטה. ובזכות זה זאל איך זוכה זיין צו זעהען נחת אויף מיינע קינדערלאך במהרה, אמן.

## תחנה המבין מצעדי גבר. (זאגין דאס אלע פריה מארגין)

גילויבט ביזט דו גאט, קעניג פון דער וועלט, (אשר הכין מצעדי גבר) וואס דו האסט פעראָרדנעט די טריט פון מענשין, ער זאל קענען גיין וואוהין ער וויל, איך זעה אין דעם דיין חכמה. דו האסט באשאפין אין מענשין גלידער און זאוועסעם, די גלידער

**מעשה אלפים**

מעל וואס קענען קומען צו חמץ, און אז מ'היט דאס אב. עס זאל ניט זייערין, איז מען מקיים די מצוה פון (בערב תאכלו מצות), אבער די זארטען מעל וואס ווערין ניט זויער, היינו ארביסענע מעל, קען מען אויף דעם ניט מאכין די ברכה על אכילת מצה. דאס גלייכין ווען קענט איר מקיים זיין אלע מצות לא תעשה וואס גיהערט צום אויער, אז ער וועט קענען זייערין (ווי די חז"ל רופען דעם יצה"ר שאור שבעיסה) און איר וועט זיך איין היטין ניט צו הערין נארישקייט, היינו פארשפארין נוט די אויערין מיט וואטע, ניט צו הערן, דאס הייסט א מצוה. אבער אז איר וועט זיך מאכין אסום. הייסט עס אייער אויער קען נאר ניט זייערין, וועט אייער אויער מיט דעם ניט הערין קיין לשון הרע א.ד.ג. האבין אקליינע ווירדע. פון דעם קען מען זיך נעמען א מוסר ווי ווייט די עבירה איז גרויס פון הערין נארישקייט, אז איין אידעלער מענש האט גיפוילעלט ביי זיך צו מאכין זיך פאר א בעל מום, אום ניט צו הערין שענדליכע רייד.

**שערי ציון**

ווארום איז דער גאנצער אויער הארט און די אונטערשטע שטיקעלע איז וייך? דאס איז ווען מ'הערט נארישקייט זאל מען אריין בייגין די ווייכע אין אויער, וועט מען ניט הערין. דאס גלייכין האט דער בורא גימאכט די שפיצין פינגער שמאל, בכדי מען זאל קענען אריין ליגין זיי אין אויער ניט הערין קיין נארישע רייד ופשיטא לשון הרע און רכילות.

וָאלִין זִיךְ קֶענֶען בֵּייגִין הִין אוּנ הֶער, אוּנ נָאךְ אַוואוּנְדֶער, אַמַאשִׁין מַייסְטֶער וָואס עֶר אִיז נִיט בֶּעקַאנְט אִין זַיין מַאשִׁינֶע, וִוי אַזוֹי קֶען עֶר צוּ טְרֶעטִין צוּ אִיר, פִירִין אִיר, אוּנ דֶער מֶענְשׁ הָגַם עֶר ווייס גָאר נִיט וָואס עֶס טוּט זִיךְ אִין זַיין וואוּנְדֶערְלִיכֶע (קערפערליכע) = מַאשִׁינֶע, דָאךְ פִירְט עֶר אִיר, עֶר גֵייט אוּנ בַּאוֶועגְט יֶעדֶער גְלִיד, וִוי עֶר וִויל.— לִיבֶּער גָאט בִּזְכוּת דֶעם וָואס אִיךְ לוֹיבּ דִיר פַאר דִי מַתָּנָה טוֹבָה פוּן גַאנְג, זָאלְסְטוּ הִיטִין מַיינֶע פִיס, אִיךְ זָאל חָלִילָה נִיט אוֹיסְגְלִיטְשִׁין זִיךְ אוּנ נִיט שֶׁעדִיגֶען מַיין קֶערְפֶּער. אָהּ! וִוי בִּיטֶער אִיז דֶעם אוּמְגְלִיקְלִיכֶען וָואס הָאט קַיין פִיס נִיט אוּנ דַארְף נֶעבֶּעךְ גֵיין אוֹיף קוּלֶעס א). אוּנ אוֹיךְ הִיט מַיינֶע טְרִיט אִיךְ זָאל נִיט אַרָאבּ גֵיין פוּן גוּטִין וֶועג אִין אַשְׁלֶעכְטֶע חָלִילָה, אִיךְ זָאל נִיט שֶׁעדִיגִין מַיין נְשָׁמָה מִיט אַשְׁלֶעכְטִין טְרִיט, וִוי דָוִד הַמֶּלֶךְ ע"ה הָאט מִתְפַּלֵּל גִיוֶוען (פְּעָמַי הָכֵן בְּאִמְרָתֶךָ) מַיינֶע טְרִיט זָאלְסְטוּ גְלַייךְ 1) שְׁטֶעלִין אִין דַיינֶע מִצְוֹת, אַז עֶס זָאל נִיט גִיוֶועלְטִיגֶען אוֹיף מִיר דֶער יֵצֶר הָרָע, נוּר דַיין תּוֹרָה זָאל שְׁטֶענְדִיג זַיין אַלִיכְט צוּ אוּנְזֶער טְרִיט, וִוי דָוִד הַמֶּלֶךְ זָאגְט (נֵר לְרַגְלִי דְבָרֶיךָ) דַיינֶע רֵייד פוּן דֶער תּוֹרָה אִיז אַלִיכְט צוּ מַיין טְרִיט, וּבִזְכוּת דֶעם וָואס אִיךְ וֶועל הִיטִין וָואס עֶס שְׁטֵייט אִין דֶער תּוֹרָה, זָאלְסְטוּ בַּאגְלִיקֶען מִיר מִיט מַיין מַאן אוּנְזֶער וֶועג מִיט גִיזוּנְד אוּנ פַּרְנָסָה, מִיר זָאלִין שְׁטֶענְדִיג זַיין מִיט אַרוּהִיגֶעקָאפּ צוּ גֵיין אִין גוּטִין וֶועג, טָאן מִצְוֹת וּמַעֲשִׂים טוֹבִים, אָמֵן.

## תְּחִנָּה הַמַּעֲבִיר שֵׁנָה. (זאגין אלע פריה מארגין)

אִיךְ דַאנְק דִיר גְרוֹיסֶער גָאט, קֶענִיג פוּן דֶער וֶועלְט, וָואס דוּ הָאסְט פַארְטְרִיבִּין דֶעם שְׁלָאף פוּן מַיינֶע אוֹיגִין אוּנ דֶעם דְרֶעמְלֶען פוּן מַיינֶע בְּרֶעמֶען, בִּכְדֵי אִיךְ זָאל זַיין פְרִישׁ אוּנ מוּנְטֶער, טָאן מַיין אַרְבֵּייט נִיט וִוי אַפַארְשְׁלָאפֶענֶע. — פָאטֶער פוּן הִימְל, אַזוֹי וִוי דוּ



א) אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים זָאגִין (מָבָא תְּרֵי מְהִלַּת) צְוֵויי אִיז בֶּעסֶער פַאר דְרַייא, כְּלוֹמַר, אַז בֵּיידֶע פִיס זַיינֶען גִיזוּנד



1) פִיל מִצְוֹת אִיז פַארַאן, וָואס מֶען טוּט זֵיי מִיט דִי פִיס. הַיְינוּ אַז מ'גֵייט אִין אַדְבַר מִצְוָה וִוי אִין שׁוּל אַרַיין (אוּנ דָאס גְלַייבִין), אִיז אַמִצְוָה צוּ גֵיין גִיךְ, נִיט אָבּ שְׁטֶעלִין זִיךְ הֶערִין גֵיים. — גֵיין מְבַקֵּר חוֹלֶה זַיין. — גֵיין מְנַחֵם אֲבֵלִים זַיין. — אַז מ'הָאט חָלִילָה אַצַּער אִין שְׁטוּבּ, דַארְף מֶען גֵיין צוּ אַתַּלְמִיד חָכָם אַצַדִּיק, בֶּעטִין עֶר זָאל מִתְפַּלֵּל זַיין. — מ'טָאר נִיט גֵיין גִיךְ וֶוען מ'גֵייט פוּן שׁוּל. — מ'טָאר נִיט גֵיין מִיט הָאפֶערְדִיגְקֵייט, אוֹיפְגֶעהוֹיבֶען שְׁפַּאלְץ דִי קָאפּ

האסט בעשאפן דעם מענשן מיט בעשטימטע נאטירליכע געזעצן און צו דעם האסטו אים געגעבן אמתנה טובה (אטייערן פריזענט) דעם כח ההרגל (געוואהנהייט). צו שאפן זיך אצווייטע נאטור (ווי דער חכם זאגט: "דאס געוואנהייט איז די צווייטע נאטור"). בעט איך דיר הארציגער פאטער, זאלסט מיר העלפן בענוצן די מתנה טובה פון "הרגל" צו גוטע זאכן, הייסט געוויינען זיך גיין אין די וועג פון דיין תורה און טאן גוטע מעשים, און זאלסט מיר אוים היטן פון אשלעכטע געוואהנהייט, איך זאל חלילה ניט זיין ווי דער נארישער ראסטאנט, וואס איז געוועזן געשמיט מיט צוויי שווערע קייטן (וואס זיי רייסן אים אב די הארץ), האט אים אגוטער פריינד געשאנקען ארובל (ער זאל זיך וואס קויפן), איז אנשטאט וואס ער האט געדארפט קויפן אשטאלאווין פייל, ביסלאך ווייס פיילן די קייטן, זיי זאלן ווערן דינער, האט ער בעסער געקויפט נאך איינגע קייטן און האט זיך געשמידט אלע גלידער, ביז ער קען זיך פון ארט ניט רירן. אזוי זיינען מיר נארישע מענשן, דער בורא האט אונז געשמידט מיט 2 קייטן, הייסט עסן און שלאפן, וואס איידער מיר בעקומען לעבינס-מיטל און אדירה, ווערן מיר פאר מאטערט (און עס נעמט ביי אונז צו די בעסטע צייט), איז אנשטאט וואס דער קלוגער מענש דארף זעהען אב צו פיילן די קייטן, הייסט געוואהנען זיך לעבן שפארזאם, ניט זיין קיין פרעסער קיין זויפער און ניט קיין פעפער (ניט שלאפן שפעט), איז לבד וואס מיר טוען דאס ניט, קויפן מיר נאך צו נייע קייטען, הייסט, איינער געוואהנט זיך איין אין טרינקען (שכור'ן), וואס דאס ברייגט צו אלע אונגליקען, איינער געוואהנט זיך איין חלילה אין קארטין שפילען גאנצע אווינדין, וואס דאס פארשווענדעט די טייערע צייט, און ניט איין מענש איז דורך דעם אוועק פון דער וועלט אן אצייט. איינער געוואהנט זיך איין רויכערן צו פיל און

---

תרחם ציון

קאפ. — מ'טאר ניט גיין שבת ניך, סיידן דבר מצוה. — מ'טאר ניט גיין שבת חוץ לתחום, ווען מ'האט קיין עירובי תחומין געלייגט. — ווען מען באגעגנט איינעם ער גייט צום טייך ביי'ער צוטראגן, איז אמצוה

תפארת ציון

ניזוהר, איז בעסער ווי מ'דארף חלילה האבן אדריטע (אשטעקן אדער אקלע אן צו שפארן זיך). עס

אים פארנאנדער שלאגן מיט ליבליכע רייד, און אים פעסט האלטן ניט אב לאזן ביז עאגען די בייזע שעה וועט אריבער, חלילה מי יודע, אפשר פון צרות גייט ער זיך טרינקען חלילה.

בלייבט אן אהארץ. איינער גיוואהנט זיך איין אין פרעסין און זויפין, אטרייפע האלז ברייגגט צו גנבה וגזלה, עס גיבט מענשן וואס גייען אין פיש מארק גאנוועגען פיש, דאס מערסטע קומט דאס פון אטרייפע האלז, אנדערע גיוואהנען זיך איין צו פלאפלען און ליגין זאגין, אז כמעט די פארע פון זייער מויל איז ליגין, און דערפאר פארלירט מען דאס צוטרוי צו זיי, אז ווען אפילו זיי זאגין „אמת" גלויבט מען זיי אויך ניט. אנדערע גיוואהנען זיך איין אין „רכילות" 1), מאכין פלאטקעס, אב טראגין פון איינעם צו דעם אנדערין און דורך דעם מאכין זיי אשנאה צווישין גוטע פריינד און מאן און ווייב א). — הכלל עס איז דא פיל שלעכטע גיפערליכע זאכין, וואס ווען דער מענש גיוואהנט זיך איין אין דעם, פארלירט ער פשוט דעם נאמען „מענש" און ווערט אצווייפיסיגער טיגער. אלוא בעט איך דיר, טרייער פאטער פון הימ'ל, דו זאלסט אויף מיר רחמנות האבין און העלפין מיר צו באנוצין די מתנה טובה פון „הרגל" גיוואהנען זיך צו גוטע מעשים, וואס ווען מ'געוויינט זיך איין אין זיי האט מען נאכהער גרויס פערגניגען, מ'לעבט ווי איין אדעלער מענש און מ'געפינט חן ביי גאט און לייט, אמן.

## תחנה שכן טוב. (מתפל'ל צו זיין גאנץ אפט)

עס זאל זיין דיין גוטער ווילען מיין גאט און גאט פון מיינע עלטערין, דו זאלסט מיר אוים היטין פון אשלעכטין מענשין און פון אשלעכטין

שערי ציון

א) עס איז אמצוה „לא העשה" אין די תורה ניט צו טרייבין רכילות, דען דער עונש פון דעם איז זייער גרויס, מען ווערט פיר דעם חטא בעשטראפט אויף די וועלט און אויף יענע וועלט. דער ירושלמי זאגט אז די עבירה „לשון הרע רכילות" איז דער עונש נאך פיל גרעסער ווי „עבודה זרה", „גלוי עריות, ושפיכות דמים", דען ביי די אלע 3 שטייט דער מאנט דער ווארט „גדולה", (חטאה גדולה, הרעה הגדולה, גדול עוני נשא), און ביי לשון הרע רכילות, שטייט: „יכרת ה' כל שפתי חלקות לשון מדברת

מעשה אלפס

1) דוד המלך עליו השלום זאגט אין תהלים אויף דעם בעל לשון הרע ורכילות מיט דעם לשון: „מה יתן לך ומה יוסיף לך לשון רמיה" הייסט עס: וואס פאר א נוטין האט דר וואס בערעט דעם צווייטען. דער דובנער זאגט דערויף אשיינעם משל: 2 פערדארבענע מענשין האבין זיך ניקרינס אין נאם, ביידע זיינען גיוועזין נידער-טרעכטיגע לייט. צו זייער קרינ האבין זיך פערזאמעלט פילע מענשין, וועלכע האבין גיהערט זייערע שעהנע אויסדריקע. דער רופט דעם גנב, און דער רופט דעם שלאג, זאגט דער גנב צום שלאג, דו

חבר, און פון אשלעכטין שכן, ווי אונזערע חכמים זאגין („הרחק משכן רע”) ערווייטער זיך פון אשלעכטין שכן, בעת אידין זיינען געוועזן 40 יאהר אין דער מדבר, איז אוים געקומען זייער לאגער, דער שבט ראובן נאהענט לעבין קרח׳ן, זיינען פיל פון שבט ראובן פארלארין געווארין מיט קרח׳ן, ווייל זיי האבין זיך אב געלערינט פון קרח׳ם שלעכטע מעשים (אוי לרשע ואוי לשכנו) וועה צום רשע און וועה צו זיין שכן, אבער דער שבט יהודה יששכר וזבולן זיינען געוועזן שכנים צו משה רבינו, זיינען די גרעסטע טייל פון זיי תלמידי חכמים און פרומע לייט (טוב לצדיק טוב לשכנו) גוט איז צום צדיק און גוט איז צו זיין שכן, אה, ווי נאריש מיר מענשין זיינען, אז מ׳דינגט אדירה און מ׳גיט האנד געלט, נאכהער אז מ׳ווערט געוואהר אז אין דער שכונה וואהנט אקאנקורענט, לאזט מען פאלין די האנד געלד, און אז אין דער שכונה (אפילו אמיר קענין אמיר) וואהנט איין אפיקורוס, א מחלל שבת בפרהסיא, וואס טרעט אויף אלע אידישע היילינקייט, זעט מען גאנץ וויינינג (צו אונזער גרויסין בעדויערין) אז מ׳זאל לאזין פאלין האנד געלד, וואס דער רייגער פארשטאנד ווייזט פארקערט, פרנסה איז ביים בורא אין האנד, אבער יראת שמים איז איבער געגעבין אין מענשינס האנד, ער דארף זיך פאר היטען פון אלעם וואס קען אים שאדין צו אידישקייט, ובפרט פון אנשטעקענדע קראנקהייט ווי אפיקורסות,

---

מעשה אלפים

גידערטרעכטיגער יונג, וואס טוינסטו אויף דער וועלט, יא איך האבבע טאקע געגאנבעט, גערויבט, אבער איך האבבע דער פון הנאה, איך לעב נוט, דאס וועלבע סיין ווייב, מיינע קינדערלאך, און די מענשין וועלכע איך האב זיי בעגאנבעט, בערויבט, זיינען דאך גיט גיטויט געווארין. אבער דו מערדער, דו שלאנג, דו טויטעסט פילע מענשין, דו בערויבסט פון זיי זייער פרנסה מיט דיין גיפטיגען צונג, האס פאר א הנאה האסטו? דו ביסט דאך גלייך ווי דער שלאנג, ער עסט די ערד און האט קיין שום הנאה, און אויך דיין זינד איזט פיל גרעסער פון מיינע. זאגט דער שלאנג בעל

שערי ציון

גדולות, מיר געפינען דאס דר בעל לשון הרע איז געגליכען צו אשלאנג, דער שלאנג גיט נור אביס אין טריט, אבער דער שלעכטער גיפט זיינער לויפט ארום אין אלע אברים, אזוי אויך דאס ווארט לשון הרע, רכילות, פערגיפטעט, פערי אונגליקליכט דעם בעסטען מענשען. דער ילקוט שרייבט, אז אויף יענער וועלט ווען דער מענש קומט ליום הדין, רעכענט מען צו דעם בעל לשון הרע ורכילות אלע עבירות פון די מענשען וועלכע ער האט אויף זיי גירעט, און

די מצות פון בעל לשון הרע ורכילות רעכענט מען צו צו דעם בארעמסטע מענשען

וואס שטייט לעבין יענעם שאדט (ובדרך חסאים לא עמד). — ליבער גאט וואלסט מיר העלפין ערוויטערין זיך פון זיי, אונ העלף מיר אויך דאס איך אליין זאל זיין אגוטער שכן, טובות טאן מיינע שכנים. ליידען אלעם וואס יענער דארף, אונ ניט מדקדק זיין אויף קלייניגקייטין, למשל ווען יענער לייט ביי מיר האלק אונ גיט אב אמאל אדינגערין שייטיל ווי מיינע איז גיוועזן, זאל איך זיך ניט שטעלין אויף דעם, אונ איך האף, אז בזכות וואס איך וועל זיין אשכן טוב צו אלעמען אונ זיך ערוויטערין פון אשכן רע, וועסטו מיר מיט מיין הויז גיזונד אוים היטין (מפגע רע) פון אלע שלעכטע באגעגענעס, אונ וועסט באגליקען מיינע אלע וועגין, אמן.

## תחנה, קבלת עול מלכות שמים א) (זאגין גאנץ אפט).

מלך מלכי המלכים, קעניג איבער אלע קעניגען (קונה שמים וארץ) בעשעפער פון הימל אונ ערד, מיט אלע זייערע הערשאפט, דער מענשליכער שכל איז ניט אימשטאנד צו פערשטיין די גרויסקייט פון דיינע ווערק, די גאנצע וועלט איז פול מיט דיין עהרע, אלע מלאכים, אלע שרפים ואופנים, אלע הימלען, די זון, די לבנה מיט אלע שטערן, וואס יעדער פון זייא איז טויזענדער מאל גרעסער פון אונזער וועלט, דער גרויסער ים אוקינוס מיט אלע ברואים וואס אין אים איז, דער ים הקרח (אייז מעער) מיט אלעם וואס אין אים, אלע

---

שערי ציון

מענשען. אויך שרייבין די ספרים הקדושים אז דעם בעל לשון הרע ורכילות תפלה ווערט ניט אנגענומען, אונ עס קומט נאך אויף אים פערשיידענע מכות ונגעים, איך ברייננט דאס צו עניות ר"ל. אלזא מוז יעדע פרוי געוויינען צו היטען איר צונג, ניט צו ריידין לשון הרע ורכילות, דאן איז זי זיכער דאס אידרע תפלות ווערט אנגינומען אונ זי וועט גיהאלפען ווערען עוויג אין אלע ענינים.

א) די מצוה פון קבלת עול מלכות שמים איז אמצות עשה, איינע פון די תרי"ג אמצות, צו האלטין אין געדאנקען אונ גלויבען באמונה שלמה אז דער בורא

מעשה אלפס

(בעל לה"ר), יא איך האב גיקוילעט פילע מענשין מיט מיין צונג, אבער מיר קען מען דער פאר גאר ניט טאן, דער פאר וועט מען ניט אין געפיינגענים, אונ נאך האלט מען מיר פיר אשעהנעם מאן. אבער דו גנב, רויבער, דו האסט דאך זיך אויסגיוועלגערט אין אלע טורמעס, אונ אלע קענען דאך דיר וואס פאר אשעהנער מאן דו ביסט. דאס זאגט דוד המלך ע"ה וואס פיר אנוצען האט דער בעל לה"ר? דער גנב קען דאך טאן תשובה, ער קען אב געבען זיין גנבה גזלה, אבער דעם בעל לשון הרע העלפט קיין תשובה. ווארום ער מאכט אומגליקליך אזעלכע מענשין וואס ער קען זיי גאר ניט.

פון

טייכין מיט זייערע טויזענדער זארטין פיש. אלע גרויסע הויכע בערג, אלע מדבריות און וועלדער מיט די טויזענדער ערליי חיות. אויך די מיליאנען פערשיעדינע גרעזאלאך מיט אלע פערשידינע בוימער, לויבין אלע דיין ליבין נאמען און ווייזין אויף דיין גרויס חכמה פאר די גאנצע וועלט 1). פון אביסיל ערד האסטו בעשאפין דעם מענשין, וואס יעדער גליד פון אים איז וואונדער קינסטליך גיארבייט, און דאסט אין אים אריין גיהויכט אלעבעדיגע נשמה פון דיין כסא הכבוד און האסט אים באשאנקען מיט אטייערין פריזענט (דאס איז דער כח הדבור), און האסט אים גימאכט פאר אהערשער איבער די גאנצע וועלט (תמשילהו במעשי ידיך כל שתה תחת רגליו), און זיין רעכטין תכלית זאל ער גיפינען, מיט דעם וואס ער וועט אין אלע זיינע מעשים דער קענען דיין כבוד, אז דיין גאטליכקייט איז איבעראל, אזוי ווי אונזער היילינער קעניג זאגט אין תהלים (שויתי ה׳ לנגדי תמיד) איך האב דעם בורא שטענדיג פארגישטעלט פאר מיר. כלומר, אין אלע דיינע

מעשה אלפס — שערי ציון

1) פון די וואונדערשיינע וועלט, מיט אירע מיליאנען פערשיעדענע ברואים, און פון דעם ארדנונג ווי אלעם פירט זיך, זעט מען שיינבאר דעם כבוד פון בעשעפער,

בורא יחיד ברוך הוא איז איינער, און ער האט אלעם אליין בעשאפען, און נור

וואס פאר איין ערהאבענער ווירט ער איז אלעם אויפצופאסין, בעטראכט די גשוואקסין, וואס די ערד גיט ארוים, ווי יעדער מין וואקסט נאך איר ארדנונג, די גיוואוקס וואס דארף מער די זון, האט זי ווייניגער בלעטער איר צו פארשטעלין, און וועלכע עס דארף מער שאטין האט זי מער בלעטער, בלומען דארפין די זון, קערין זיי זיך צו דער זון, תבואות (ווייץ, גערשטין, קארין) ליני: דאס מערסטע אין אפלעווע, בעת דער טוי קומט אן עפענען זיי די מיילער, אז דער טוי גייט אב מאכין זיי צוריק צו.— עס איז ווידער צו בעוואונדערין, אלעם וואס אויף דער וועלט איז בעשאפין, איז גיפארט זכר ונקבה, דאס קלענסטע גרעזעלע, מוז האבין זיין פאר, דער ווינד איז דער שדכן, ער ברייניט זיי צו זאמען, אפט ווערט דער ווינד אלאנד-שדכן און פארט זיי צונויף פון הונדערטער מייל, עס איז ווידער דא זארטין צמחים וואס ליידין ניט דעם ווינד-שדכן וואס קומט מיט שטורעם, האט דער בורא זיי בעזארגט מיט ארוהיגען שדכן, דאס איז אזעלכע זומער פליגען, וואס זוכענדיג אין די בלומען די זיסע זאק, געמען זיי אויף די פליגלען די זאמען (די פול) פון איין גיוואוקס. און ברייגגען זיי ארין אין אצווייטע, און נאך פיל וואונדער, וואס די פעדער איז ניט אימשטאנד אוים צו שרייבין. טייערע פרויען באטראכט, ווער זאגט די בלום זי זאל זיך קערין צו די זון? ווער הייסט די פלעווע עפענען און פערמאכין די מויל ענטקעגין טוי? ווער שיקט דעם לאנד-שדכן (דעם ווינד)? ווער שיקט דעם רוהיגען שדכן (די פליג), אז ניט דער בעפעל פון בורא יחיד, וואס ער האט באשאפין די נאטור מיט אלע אירע רייכע ארדנונגען? אלזא דארפין מיר זיין אונטערטעניג קעגין זיין גרויסקייט און אים דאנקען און לויבען פאר זיינע חסדים.

דער

מעשים וועהע איך דיין גאטליכקייט פאר מיר, אונ איך שטעל מיר פאר אין גידאנקען גלייך ווי דער בורא כביכול שטייט לעבין מיר אונ זעט אלע מיינע מעשים, דאס איז דער ערכטער אונ דער גרעסטער כלל אין אידישקייט. דאס דער מענש דארף שטענדיג האבין אין זינען דעם בורא עולם, דען ווען א מענש גייט ארום מיט דעם היילינען גידאנקען, איז ער באמת אין אלעם וואס ער טוט. דאס זיין גאנצער פיהרונג אויף דער וועלט (הן וואס גיהער צו גאט ברוך הוא אונ הן וואס גיהער צו מענשין) זאל זיין נאך דעם ווילען פון דיא תורה הקדושה. מען זאל זיך ניט פירין אויף דער וועלט ווי א בהמה אן דעת, נור יעדער זאך זאל זיין אוים גירעכינט מיט אגוטין פערשטאנד.

בפרט מיר שוואכע פרויען דארפין וועהען צו פעסטיגען אונ מוטהיגען זיך צוא האבין אין זינען דעם בורא עולם, ווייל אויף אונז ווייבער ליגט דער הייליגער חוב פון די שטוב־ווירטשאפט מיט די כשרות, וואס אונזערע מאנען פערטרויען זיך אויף אונז, אונ איבער הויפט די קינדער ערציהונג וואס אין דעם ליגט גרויס חכמה, פירין זיי דיין אונ ציכטיג, סיי זייער קערפעריל אונ סיי זייער גייסט. היינו באטראכטין דעם חרקטער פון יעדער קינד, אונ אויס ווארצלען פון אים די שלעכטע זיטן, וואס זיין נאטירליכע נייגונג איז צו דעם (למשל כעס, אמרייפע האלז אונ דאס גלייכן) אונ איינפלאנצען אויף זייער ארט גוטע מדות וואס איז שאהן פאר גאט אונ לייט 1). הכלל די ארינטליכע טוגענדע פרוי ווערט גירופין ווי עס שטייט (אשת חיל עטרת בעלה) אקלוגע אוויכטיגע פרוי איז אקרוין פאר איר מאן, דארפין מיר זיין אויף יעדער טריט בארעכינט. יעדער זאך דארף גיטאן ווערין מיט חכמה. נור אזוי ווי שלמה המלך זאגט (ראשית חכמה יראת ה') די הויפט חכמה איז גאטס פארכטיגקייט. בין איך אויף זיך מקבל מיט אריינע הארץ אונ מיט איין אמתין ווילען דעם עול מלכות שמים, אונ איך זאג דעם הייליגען פסוק „שויתי יהוה לנגדי תמיד" אונ בעט רחמים, דר עוויגער זאל שטארקין מיין כח, ער זאל מיר געבין חכמה מיט פארשטאנד

---

שערי ציון — מעשה אלפס

נור ער אליין איז דער הער איבער 1) דער קלוגער שפריכווארט זאגט: אלעם, אונ ווען מען זאגט דעם פסוק אננעמען זיך צו זיין א מוטער, נעמען זיך אלע פרויען אן. אבער וויסן ווי צו זיין א מוטער, ווייסן גאנץ ווייניג.

איך זאל קענען פירן מיין הויז מיט צניעותקייט און ריינטליכקייט (נים חלילה ווי די, וואס איז נים אריין צו גיין צו ווי אין שטוב פון אונציכטיגקייט). און אזוי ווי מיין קוך וועט זיין ציכטיג אויסוויינג, אזוי זאל זי זיין ציכטיג און ריין אינעווייניג כלומר, אין די ריינטליכקייט וויא די תורה האט געבאטין, עס זאל חלילה ניט פאר מישט זיין קיין איסור טריפות. אויף יעדער זאך וואס איך וועל ניט וויסין, זאל איך גיין פרעגין דעם מורה הוראה (אדער דעם רב). און אז איך וועל גינייט זיין צו האלטין ניט קיין אידישע קעכין, זאל איך שטענדיג אכטונג געבין אין קוך אויף די כשרות. און איבער הויפט זאלסטו ליבער פאטער פון הימל מיר געבין חכמה אין ערציהען מיינע קינדער, זיי זאלין זיין פרום צו גאט, היינו גיוואהנען זיי פון יוגנד אן ניט נעמען אין מויל קיין זאך אן א ברכה און ערקלערין זייא אז א ברכה איז אדאנק דעם באשעפער פאר די שפייז וואס ער האט בעשאפין 1), און אויך זאלין זיי זיין גוט צו יעדער מענשין, זיי זאלין גיפינען חן ביי גאט און לייט, דען ערציהען קינדער אין גוטין וועג איז דער רעכטער תכלית פון יעדער אשה, און דורך דעם זכות זאל איך זוכה זיין צו ביידע וועלטין, גיזונד און פרנסה און נחת פון קינדער אויף דער וועלט, און אויך ניט פארשעמט ווערין חלילה בעולם הבא. נור זוכה זיין צו די גרויסע ליבטיגקייט מיט די אבות ואמהות אין גן עדן. וואס איך מיט מיין מאן וועלין זוכה זיין נאך אונזער הונדערט און צוואנציג יאהר, וואס מיר וועלין דא אוים לעבין אין עושר וכבוד, אמן.

## א נייע ירושלים תחנה (פון אגרויסע צדיק'ת אוים ירושלים).

בשם יהוה אלהי ישראל יושב הכרובים, דו גאט פון ישראל, בעת דו האסט גירעט מיט משה רבנו אין אוהל מועד, איז דיין שטימע גיגאנגען פון הימל דורך די צוויי כרובים (וואס זיינען גישטאנען אין קודש הקדשים אויפ'ן כפורת), מיט דעם האסטו גיוויזין, אז דו ערבארמסט זיך אויף אידין ווי א פאטער אויף קינדער (ווייל די כרובים זיינען גיווען אין גישטאלט פון קליינע קינדער), בעט איך דיר דו זאלסט זיך אויף מיר אויך ער־בארמען ווי א פאטער אויף א קינד. און בעהיט מיר פון אלעם בייזן,



1) אום צו וויסין די זאך גרונטיג. איז „שמע ישראל יי אלהינו יי אחד", מוז צהוב קרוש (אהייליגער פליכט) מען דאס אלעם אין גידאנקען האבען.

און פאר נעם מיין געבעט וואס איך בין מתפלל פאר דיר אלע טאג מיט מיין גאנצין הארצין. און דער לייניגער די יאהרען מיר מיט מיין מאן און מיינע קינדער, מיר זאלין זיין דיינע טרייע דינער. מלך רחמן ערבארימיגער קעניג, ערבארם זיך איבער מיר און גיי מיט מיר ניט במדת הדין נור במדת הרחמים, און הער צו אונזער געבעט שטענדיג ווען מיר זיינען מתפלל פאר דיר. ערפריי אונז מיט וואס מיר דארפן, העלף אונז ווי דו האסט גיהאלפין אונזערע עלטערין פון זייער נויט אין מצרים, און זיי מיר מזכה מיט גוטע פרומע קינדער, זיי זאלין זיין צדיקים און גרויסע תלמידי חכמים, אזוי ווי דו האסט דער הערט די תפלה פון אונזער מוטער חנה און האסט איר גיגעבין אזון (דאס איז שמואל הנביא) וואס ער האט ליכטיג גימאכט אידישע אויגין מיט זיין תורה און נבואה. ערבארעמיגער פאטער ערבארים זיך איבער אונז און שיק אונז צו אונזער פרנסה מיט אלעם וואס מיר דארפין מיט נחת, ניט מיט צער חלילה, פון דיין ברייטע האנד, ניט חלילה פון אמענשינס האנד, איך זאל אוים לעבין מיינע הונדערט יאהר מיט מיין מאן און קינדער, זיצין אויף מיין טיש, ניט חלילה ביי אפרעמדן טיש, דען דו ביסט מיין שפייזער און דער שפייזער פון די גאנצע וועלט, און ביז היינט האסטו מיר גישפייזט מיט דיין רחמנות, האף איך און בעט דיר דו זאלסט מיר ווייטער ניט פערלאזין, איך זאל חלילה ניט פארשעמט ווערין, און זאל קענען טאן פיל צדקות און גמילות חסדים, און זאלסט אונזערע תפלות אלע צייט דערהערין, דען דו ביסט דער גאט וואס הערט צו אלע תפלות וואס מען איז מתפלל צו דיר מיטין גאנצין הארצין, וויא דוד המלך זאגט (קרוב יהוה לכל קוראיו) גאט איז נאהענט צו אלע די וואס רופין איהם (לכל אשר יקראוהו באמת) צוא די אלע וואס רופין צו איהם מיט ווארהייט (מיט'ן גאנצין הארצין) אמן וכן יהי רצון.

## תחנה פון תשובה (ניטיג צו זאגין אלע טאג).

ליבער הארציגער פאטער, אזוי ווי אונזערע חכמים ערציילן, אז ביז יעקב אבינו איז קיינער ניט שלאף גיוועזן, נור ווי עם האט זיך גיענדיגט די יאהרין, איז גיווארין שוואך אין הארצין און מ'איז

---

מעשה אלפס

אז יעדע פרוי זאל לעזין דעם ערשטען ערציילט זייער שיינע און קלוגע גישיכטעס פייל מעשה אלפס, דארטין ווערט וועגין דעם.

גליך געשטארבען, האט יעקב אבינו מתפלל געוועזן, אז איידער דער מענש שטארבט זאל ער שלאף ווערין און ליגין עטליכע טעג צו בעט. בכדי ער זאל קענען בענטשין זיינע קינדער און זיי אצוואה לאזין, אויך זאל ער האבין צייט תשובה צו טאן. האט דער בורא צו געהערט זיין תפלה, און פון אים האט זיך אנגיפאנגען, ער איז שלאף געווארן פארן טויט און האט געבענטשט זיינע קינדר (ווי אין דער תורה פ׳ ויחי שטייט געשריבען). — גרויסער וועלט באשעפער! דו ווייסט דאך די שוואכע דעה פון מענשין, אז ווען אלע וועלין שלאף ווערין פארין שטארבן, וועלין פיל מענשין אב לייגין צו טאן תשובה נור פארין טויט, און דעם גאנצין לעבין וועט מען אב לעבין אין מעשים רעים. דרום האסטו געמאכט. אז אפט מאל זאל דער מענש שטארבין פלוצלונג אזוי ווי פריער איז געוועזן, בכדי יעדער מענש זאל זיך פירכטין, טאמער וועט דאס אים טרעפין ח״ו, וועט ער וועהען תשובה טאן בעת ער איז נאך געזונד 1), און אזוי האט דער גרויסער תנא ר׳ אליעזר געזאגט (שוב יום אחד לפני מיתתך) טו תשובה א) א טאג פאר דיין שטארבין. האבין זיינע תלמידים געפרעגט, רבי, ווייס דען א מענש ווען דר טאג פון זיין שטארבען איז? ענטפערט ר׳ אליעזר, מיינע ליבע קינדר, איך מיין דאס טאקע, ער זאל אלע טאג רעכענען פיליכט שטארבט ער מארגין וועט ער גלייך תשובה טאן, חרטה האבין אויף זיינע שלעכטע מעשים, און נעמען אויף זיך צו גיין אין גאטעס וועג. און אזוי ווי די ספרי־יראים שרייבין אז דער זינדיגער מענש וואס איז שוואך אין אמונה, איז פארין טויט קומט צו אים דער שטן און פארטומילט אים, ער זאל חלילה אבלייקענען די יסודות (פינדאמענטין) פון אמונה, בכדי ער זאל שטארבין איין אפיקורוס און זאל פארשפילין זיין טייל אין עולם הבא. דרום בין איך מוסר מודעה מיט מיין גאנצין שכל,

מעשה אלפס

1) דער הייליגער ספר פרקי דרבי אליעזר און דער הייליגער ספר ראשית חכמה ברייגגט א מעשה: עס איז געוועזן א גרויסער מאן א רבי, וועלכער איז געוועזן פריהער א גזלן, ער איז געזעסין אויפ׳ן וועג מיט נאך 2 גזלנים, און ווער עס איז פאר ביי די געגאנגען האבען זיי אים בערויבט און געשלאגען. האט ער זיך בעדאכט וואס איז זיין תכלית, ער וועט דאך אייביג ניט לעבין, ער וועט דאך דארפען געבען

שערי ציון

א) תשובה הייסט, דאס דער מענש זאל בעטין ביי דעם בורא יתיר סליחה ומחילה אויף די פאריגע זינדע, און נעמען אויף זיך ערינסט דאס

אז איך גלויב אין די 13 אני מאמין'ס וואס זיי גייען אריין אונטער דריי שרשים (ווארצלען). ווייל דער „עץ החיים" (דער לעבינס-בוים) פון אמונה, וואס זיינע פרוכט פערשאפין דעם מענשין עוויגעם לעבן, איז גיגרינדעט אויף דריי הויפט-ווארצלען וואס פון זיי שפרייטין זיך פונאנדער 13 צווייגין (דאס איז די 13 אני מאמין'ס). דער ערשטער ווארציל איז „מציאות השם" איך גלויב אז עס איז דא אגאט. די גרויסע וועלט וואס מיר זעהען וואס זי איז גיבויט מיט פיל חכמה, די אלע טיילין וועלט (אזיע, אפריקע, יעווראפע, אמעריקא, אוסטראליע). די גרויסע מערקווירדיגע ימים, די מיליאנען זארטין בריאים. די הימל מיט אלע שטערין וואס יעדער איינציגער פון זיי איז טויזענדער מאל גרעסער ווי די גאנצע וועלט (נור ווייל זיי זיינען זייער הויך זעהען זיי אויס קליין), האט דאס אלעס גיבויט דער גרויסער אינזיגער דאס איז דער בורא עולם יתברך שמו. און ער איז די נשמה (די לעבהאפט) פון אלע זאכן, און אלע מינוט איז ער אין זיי משפיע איין קראפט זיי זאלן ניט אויפהערן, נור שטיין עוויג אויף זייער בעשטאנד, ווי ער האט זיי גישטעלט (אזוי ווי מ'ציהם אהן אויינער ער זאל זיך ניט שטעלין). און ביי אים אין האנד איז די מאכט זיי צו ענדערין ווי זיין רצון איז. אזוי ווי מיר האבין גיזעהן אין מצרים, ער האט גיענדערט די גאנצע סדרי בראשית (די נאטור) צו ראטעווען און געבין כבוד די קינדער פון אברהם אבינו. פון דעם שורש גייען ארויס די ערשטע 5 צווייגין (די 5 אני מאמין'ס וואס אין סדור שטייט). אויך בין איך מאמין אין דעם צווייטין שורש „תורה מן השמים" אז די תורה הקדושה איז אונז גיגעבין גיווארין פון השי"ת דורך משה רבינו ע"ה, און אזוי ווי השי"ת איז איין נצחיי (עוויגער) אזוי וועט די תורה זיין עוויג, זי וועט קיין מאל ניט גיענדערט ווערין אויף דאס מינדעסטע (פון דעם שורש גייען ארויס די מיטעלסטע 4 אני מאמין'ס). דער דריטער שורש איז „שכר ועונש" איך גלויב אז דער עוויגער בעצאלט גוטעס פאר גוטע

שערי ציון

ער זאל ווידער די זעלבע זינד ניט טאן, ווען איהם צו דער האנד קומט דאס זעלבע זינד, און ער האלט זיך דער פון אפ און ער טוט ניט, דאס הייסט

איין

מעשה אלפס

דין וחשבון אויף יעדער זאך, ער האט אוועק גילאזין די 2 גוטע חברים זיינע, און האט תשובה גיטאן מי'ן גאנצין הארצין, ער האט זיך אן גישטריינגט מיט אלע מעגליכקייט אב צו געבין די גזלות וועמען ער האט גערניקאנט, און שטענדיג גיבעטען מתפלל גיוועזן להשי"ת דאס ער זאל אים מוחל זיין אויף זיינע שלעכטע מעשים די

פאריגע

מעשים און פאר גוטע גידאנקען. און ער שטראפירט פאר שלעכטע מעשים און פאר שלעכטע גידאנקען. דער שכר אדער דער עונש איז אמאל פער מזומן, היינו מען ווערט בעלאהנט אדער שטראפירט גלייך אויפין ארט, און אמאל האנדעלט זיך דאס אויף קרעדיט (ווי די חכמה עליונה רעכינט אויס וואס גלייכער איז פארין מענש׳ן), היינו אז דער מענש טוט גוטעס שרייבט דער בורא אונטער אוועקסיל (אני ה׳ נאמן לשלם שכר). און ווען דער מענש טוט שלעכטעס שרייבט דער מענש אונטער אוועקסיל. אויב מען טוט ניט תשובה פארין גיין שלאפין שרייבט די נשמה אונטער (אלע ביי נאכט) אין הימל-בוך וואס זי האט זיך פאר-שולדיגט. אין דעם שורש איז נכלל די לעצטע אני מאמין׳ם אז דער בורא ב״ה וועט אונז שיקין משיח צדקנו. ווען אויך ער פאר זאמט זיך, פאל איך ניט פון מוטה און האף אלע טאג דאס ער וועט נאך קומען (ובא לציון גואל). און איך גלויב ריכטיג אין ״תחית המתים״ ווען אויך דער קערפער איז פערברענט גיווארין, וועט דער בורא אים צו זאמען שטעלין צוריק ווי גיוועזן און אריין געבין אין אים די אויסגילייטערטע נשמה. די אלע עקרים גלויב איך מיטין גאנצין הארצין. אויב חלילה איך וועל ניט זיין ביי מיין גאנצין שכל און דער שטן וועט וועלין מיר אראב פירין פון רעכטין וועג, בין איך דאס היינט אלעם מבטל כחרס הנשבר (ווי אצובראכענער שערב׳ל), נור ווי איך גלויב היינט מיט מיין קלארין שכל, זאל דאס אקיום האבין ביז מיין לעצטע מינוט, אמן.

## תחנה אב הרחמים (אוים גיסין די הארץ פאר השי״ת).

ערבארימיגער פאטער. ווען איך דער מאן זיך דיין גרויסקייט און דיין חכמה, פאלט אויף מיר אשרעק. ווי מען דער ציילט, אז אבערימטער מייסטער האט גיבראכט אויף אוועלט וויסטאווקע אוואונדערליכע זאך, אשטול מיט אקליין פים ביינקעלע,

מעשה אלפס

פארינע, ער האט גידאוועט ערענבט, ער האט גינעבין פיל צדקה, גילערינט פיל תורה ביז ער איז געווארין אגרויסער מאן ארבי. אין דעם זעלבין טאג וואס דער רבי איז נפטר גיווארען, זיינען די צוויי גזלנים אויך גישטארבען, האט מען אים דעם רבי, גינעבין זיין חלק אין גן עדן, און די 2 גזלנים האט מען געפיהרט אין גיהנם. האבין די 2 גזלנים גיפרעגט, פאר וואס קומט

שערי ציון

איין אמהע תשובה, אויף אזוי א תשובה זאגין אונזערע הייליגע חכמים: גדולה תשובה שמגעת עד כסא הכבוד, און

די

די קינסטלעריי, וויפיל אין די ארבייט איז געלעגן איז ניט צו בעשרייבען, ביי טאג פלעגט דער שטול ארויס געבען פון זיך אגרויסען פלאם עלעקטרי, וואס האט אנגעווארימט דעם גאנצען געגענד, און ביי נאכט פלעגען ארויס שיינען פון אים דימענטען ווי שטערן אין הימעל, וואס האבען בעלויכטען די גאנצע וויסטאוועקע. דער ביינקעלע האט פון זיך ארויס געגעבען אלערליי שמאקהאפטע בלומען. ווען מ'פלעגט איינגע אב רייסען פלעגט ער ארויס געבען אנדערע. אלע קינסטלער פון דער וועלט (וואס זיינען געווען אויף דער וויסטאוועקע) האבען זיך ניט געקענט אב קוקען זאט אויף די קינסטליכע ארבייט, וואס דא ליגט, — מיר אלע (רופט זיך אוים אטעכנישער פראפעסער צו די פובליקע) דארפען זיך קניען און בוקען מיט גרויס עהרענפורכט צו דעם גרויסען מייסטער, וויפיל קונסט ער האט אריין געלייגט אין דעם קליין ביינקעלע, און אפשיטא אויף די פיל חכמה וואס ער האט אריין געלייגט אין די ארבייט פון שטול. — דאס גלייכען ליבר גאט, ווען מיר קענען דיר ניט זעהען און ערקענען דיין עצם גרויסקייט, אבער פון די וואונדערליכע וועלט קענען מיר דיר עטוואס ערקענען, ווי דער נביא ישעיה זאגט (שאו מרום עיניכם) הויבט אויף אייערע אויגען צום הימעל (וראו מי ברא אלה) און באטראכט אויף די קינסטליכע ארבייט פון די זון און אלע שטערן ווער האט דאס אלעם בעשאפען! רופט אוים דער גרויסער פראפעסאר משה רבנו (אין תהלים מזמור צט, רוממו ה' אלהינו) ערהייבט גאט דעם באשעפער און פיהרער (והשתחוו להדום רגליו) אפילו אזעלכע וואס האבען ניט אזא הויכע קאפ צו באטראכטען דעם שטול, דאס איז די הימעל, ווי דער נביא זאגט (השמים כסאי) די הימעל איז גאטעס שטול, ווען איר זאלט נור גוט בעטראכטען די חכמה נפלאה (די וואונדערליכע ארביים) וואס ליגט אין פוס-ביינקעלע דאס איז די ערד (והארץ הדום רגלי), דארפט איר אויך זיך בוקען מיט עהרע פורכט פון ערשטוינונג פון די וואונדער איבער וואונדער וואס דא איז געפאסט, וויפיל חכמה עס איז צו זעהען אין יעדער גרעזעלע. פון יעדער קערינדיל וואס מ'פאר זייט און ער

שערי ציון

די אלע זינדע וואס ער האט ביז אהער גיטאן ווערט אים גירעכנט צו מצות. ווען

מעשה אלפס

דאס איז אזוי פיעל נוטצעס, און מיר דארפען פערפינסטערט ווערען אין פינסטערין גיהנם, ער האט דאך גלייך מיט אונז געגאזעלט, געראובט יעדערען, און מיט אונז אנגלייבען טייל גינומען? האט השי"ת זיי געענטפערט, ער האט תשובה גיטאן ווען ער האט נאך גילעבט

חערט צופוילט אין ד'ערד גייט ארויס אגרויסער בוים מיט צווייגין, וואס עס וואקסט אויף אים יאהר יערליך טייערע פרוכט צו ערקוויקען דעם מענשין, אונ אין יעדער עפעלע ליגט ווידער יאדרעצקעס וואס פון יעדער יאדרע קען ווידער ארויס וואקסין אבוים מיט פרוכט, אונ אזוי ווייטער אונ ווייטער אן אגרעניץ. הייגט וויפיל חכמה עס ליגט אין די מיליאנען ברואים וואס אויף דער יבשה. אונ די פיל ארטיקלען מאטעריאלין וואס מען גראבט פון ד'ערד, אונ אין די מיליאנען ברואים וואס אין ים. הייגט וועררעט וויפיל חכמה עס ליגט אין שטול אליין דאס איז די הימל מיט די זון אונ אלע פלאנעטין, דארף מען ניט ערשטוינט ווערין אונ זיך בוקין מיט עהרענפורכט צום גרויסין הייליגען וועלט קינסטלער? הייגט בין איך שוואכע פרוי אזוי נאריש גיוועזן אונ האב גיזינדיגט קעגין דיר. דרום פארכטיגער גאט, בעט איך דיר מיט אצובראכענע הארץ אונ מיט טרערין אויף מיינע אויגין, אז דו זאלסט ריינינגען מיין הארץ צו דינען דיר ערינסט, אונ אלע בייזע מעשים וואס איך האב גיטאן פון יוגינד ביז אהער, זאלסטו לאזין פאלין. אונ איך זאל זיין גלייך ווי איך בין הייגט גיבוירין ווי אקינד וואס איז ריין פון זינד, דען דו ווייסט דאך וואויל וואס איך האב גיזינדיגט קעגן דיר, איז ניט גיוועזן חלילה צו ערצערנען דיין הייליגין נאמען, נור מיינע נארישקייט האט דאס מיט גיבראכט, אונ יעצט אז איך האב זיך עטוואס באדיינקט דיין גרויסקייט, איז מיין הארץ שרעקליך צו בראכין, אונ האב אמת חרטה אויף די נארישקייט וואס איך האב גיטאן, אונ בעט דיין רחמנות זאלסט מיר העלפן, ניט אום קערין זיך קיין מאל טאן אזעלכע נארישקייט, אזעלכע שפלה מעשים וואס זיי פאסען נור פאר אמענשין אן פארשטאנד. אונ איך האב אבטחון אויף דיין גרויסין חסד ורחמים. אז דו עפינסט די טויערין פון תשובה מקבל זיין די וואס ווילין אום קערין זיך צו דיר מיטין גאנצין הארצין, אונ פאר נעם מיין גיבעט אונ מיינע טרערין וואס איך

מעשה אלפס

גילעבט אונ נאך אין דער מעגליכקייט וואס ער האט גיקענט טאן די פערברעכען אונ פערדארבענהייט, דערפאר האב איך אים מוחל גיוועזן. אבער איהר האט קיין תשובה נים גיטאן. האבין די גיזאגט, זאל מען זיי יעצט לאזען טאן תשובה וועלין זיי אויך

שערי ציון

ווען אבער דער מענש רעט נור מיט'ן מויל אליין אונ אין הארצין מיינט ער עס נים

פון

פאר נים פאר דיר, און זאלסט מיר געבין פרנסה מיט רוהיגקייט אז איך זאל דיר קענן דינען מיט אפרייליכע הארץ. און איך זאל קענען מגדל זיין מיינע קינדער צו תורה און יראת שמים און מדות טובות. איך זאל פון זיי נחת האבין אויף דער וועלט און אויך אויף יענע וועלט צווישן די צדיקים וצדקניות וואס האבין פערגניגען מזיו השכינה, און זאלסט מיר דער נאך לעבעדיג מאכין צו תחית המתים ווען עס וועט זיין דיין גוטער ווילן במהרה בימינו, אמן.

## תחנה צו פאר היטין די געזונד.

אנא ה' אלהים, איך בעט דיך רבונו של עולם וואס דו ביזט ארחום בדין, אשר בידך אפקיד רוחי, אין דיין האנד טוא איך בע־האלטין מיין נשמה, אין דער צייט אז איך שלאף, און אז איך טו זיך אויפוואכין, איך בעט פון דיר חסד ורחמים. דוא זאלסט מיך בענטשין אלע טעג. דאס מיין פירונג זאל געפינען חן אין דיינע אויגין און עס זאל חלילה קיין קראנקייט (רחמנא לצלן) ניט אריין קומען אין מיין הויז, הגם דו רבונו של עולם ביזט אונזער שומר ומציל (אונזער היטער) דאך האסטו גישריבען אין דער תורה הקדושה (תורה שבע"פ) דאס דער מענטש זאל זיך ניט סומך זיין אויף נסים, טאמער האט ער עטוואס פערזינדיגט. און ווען דער מענטש היט זיך. היט אים דער רבונו של עולם אויך, דו זאלסט אויך מיר שענקען דעת, איך זאל וויסען ווי צוהיטען מיין געזונד. מיין מאנס געזונד מיט דעם געזונד פון מיינע קינדערלאך, דאס מיר זאלין האבין כח צו עבודת הקודש צודינען דיר בלב תמים, ווי דער היילגער רמב"ם שרייבט, דאס אין אגעזונטין קערפער, קאן דער שכל זיין פעסטער, און קען זיין ווייט פון אטעות מעהר ווי א שוואכער קערפער. בפרט נאך אין היינטיגע צייטין וואס די פרנסה איז זייער שווער, דארף מען שטארק אין זינען האבין זיך די כוחות צו שטארקין, און דער עיקר איז צו זיין א "שמח בחלקו". איך זאל חלילה ניט מקנא זיין אצווייטע אשה, אויף איר גוט עסין,

שערי ציון

נים, אין דאס געגליבען ווי איינער איז זיך טובל און האלט אטומין שרץ אין האנד.



מעשה אלפס

טאן תשובה. זאגט השי"ת, תשובה העלפט נור ווען מען לעבט, אבער ניט נאכן שטארבען. דער פאר מוז דער מענש זעהען צו טאן תשובה אין די צייט פונעם לעבען, דאס חייסט אלע טאג. דאן וועט ער זוכה זיין צו אלע גוטעם איביג.

און אויף אירע טייערע מלבושים, און אויף אירע צירונג, איך זאל נאר מקנא זיין איר גוטע אידישע אויפפירונג, און מיט דעם וואס דו וועסט מיך מזכה זיין, זאל איך זיך פרייען. דאס איך זאל זיין שטענדיג פריילך, און אין מיין שטוב זאל קיין קנאה ושנאה 1) ניט זיין, איך זאל חלילה ניט וויסען פון קיין שלעכטס, עס זאל קיין קללה ניט אריין קומען אין מיין הויז, און וייל על פי רוב ווייבער זיינען מיט שוואכע דעות, בעט איך דיך רבש"ע, דו זאלסט שטארקן מיין שכל, אז איך זאל קאנען אזעלכע פערדארבענע גידאנקען פון מיר פארטרייבין, אום עס זאל קענען רוהען די ברכה פון שפע פרנסה והצלחה אין מיין שטוב, דאס איך זאל קאנען געבין צדקה מיט א פריילכע הארץ, און איך זאל זיך קאנען שטעלין תפלה טאן מיט ריינע גידאנקען, און דו זאלסט ממלא זיין כל משאלות לבנו לטובה, אמן סלה:

## תחנה אויף ריינע מחשבות (בשעת תפלה).

פארכטיגער גאט! מיט גרויס שרעק שטעל איך מיר פאר דיר מתפלל זיין, וייל דו ווייסט אלע גידאנקען פון מענשען, קיינער פון די גרעסטע מלאכים ווייסין ניט וואס דער מענש טראכט נור דו אליין ווייסט, פון דיר איז קיינע פארבארגענים ניטא. בעט איך דיר, העלף מיר איך זאל שטענדיג טראכטין נור גוטע מחשבות וועגין דיין פארכטיגקייט, און וועגין גוטעס טאן ווי דיין הייליגער רצון איז, ווי דוד המלך זאגט (סעפים שנאתי) שלעכטע גידאנקען האב איך פיינד (ותורתך אהבתי), נור די גידאנקען פון דיין תורה האב איך ליב, ובפרט בשעת תפלה זאל מיר ניט פארקומען קיין אנדערע גידאנקען, נור די הייליגע ווערטער וואס איך בין מתפלל. ברוך שומע תפלה.

# תפלת מה טובו.

מה טובו אהליך יעקב משכנותיך ישראל א): ואני ברוב חסדך אבא ביתך, בזכות אברהם שנקרא איש

---

מעשה אלפס

1) דער תנא אין פרקי אבות ברייננט דאס הקנאה, נייד, והתאוה, וואללוסט, והכבוד, עהרע-זוכט, נעמט צו די יאהרען פון

שערי ציון

א) מה טובו אוהליך יעקב משכנותיך ישראל, די תפלה איזט אונז

מענשען פאר די צייט. מיר וועלען דאס ערקלערען מיט א משל: א גוטסבעזיטצער האט אנגעגעבען זיין איטמעניע און א אנדערע, מיט דעם בעדינג אז דער ארענדאטאר זאל

ושן

הַחֶסֶד. אֶשְׁתַּחֲוֶה אֶל הֵיכַל קָדְשְׁךָ, בִּזְכוּת יִצְחָק שֶׁנֶּעֱקַד עַל גַּבֵּי הַמִּזְבֵּחַ, בְּמָקוֹם קָדוֹשׁ. בְּיִרְאָתֶךָ, בִּזְכוּת יַעֲקֹב שֶׁאָמַר מַה נּוֹרָא הַמָּקוֹם הַזֶּה:

רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם בִּזְכוּת שְׁלֹשֶׁת אָבוֹת אֵלּוּ אָבוֹא לְבֵית הַכְּנֶסֶת לְהִתְפַּלֵּל לְפָנֶיךָ, וּבִזְכוּתָם תַּעֲלֶה תְפִלָּתִי תְּפִלַּת הָאֶבְיוֹן לְרַחֲמִים וּלְרָצוֹן לִפְנֵי כִּסֵּא כְבוֹדֶךָ, וְתַעֲלֶה וְתִתְנַשֵּׂא לְכֶתֶר עַל רֹאשְׁךָ אָמֵן סֶלָה: אֵשׁ תָּמִיד תּוּקַד עַל הַמִּזְבֵּחַ לֹא תִכְבֶּה: סֵעֲפִים שָׂנֵאתִי וְתוֹרָתְךָ אָהָבְתִּי: יְהוָה אָהַבְתִּי מְעוֹן בֵּיתֶךָ וּמְקוֹם מִשְׁכַּן כְּבוֹדֶךָ: וַאֲנִי אֶשְׁתַּחֲוֶה וְאֶכְרָעָה אֶבְרְכָה לִפְנֵי יְיָ עוֹשִׂי: וַאֲנִי תְפִלָּתִי לְךָ יְיָ עֵת רָצוֹן, אֱלֹהִים בְּרָב חַסְדֶּךָ עֲנֵנִי בֶּאֱמֶת יִשְׁעֶךָ:

## תְּחִנָּה מַה טּוֹבוּ.

מַה טּוֹבוּ. ווי גוט און טייער זיינען דיינע געצעלטין יַעֲקֹב. דאס איז די ווייבערשע שולין וואו אידישע טעכטער קלייבין זיך אויף צו לויבין גאט, און (ווי גוט און האכגישעצט איז) דיינע רוהע ערטער יִשְׂרָאֵל, דאס איז די הייליגע שולין און בָּתֵּי מִדְרָשִׁים וואס מאנס לייט קומען דארטין לערנען און דאווענען. (וַאֲנִי) מיט דיינע פיל חֲסָדִים (וואס מען ערלויבט אונז אין גלות בויען שולין און בתי מדרשים) קום איך אין דיין הויז צו בעטין פאר דיר בִּזְכוּת אונזער פאטער אַבְרָהָם וואס ער ווערט גירופין „אִישׁ חֶסֶד", ווייל ער האט גיטאן זייער פיל גוטעס מיט אלע מענשין (אֶשְׁתַּחֲוֶה) איך טו מיר בוקען צו דיין הייליגען הֵיכָל בִּזְכוּת אונזער פאטער יִצְחָק, וואס ער האט זיך גילאזט בינדין צו דער עֲקֵדָה אויף דעם מִזְבֵּחַ אין דעם הייליגין ארט „מוֹרִיָּה" (וואס נאכהער איז דער בית המקדש דארטין גיבויט גיווארין)—(בְּיִרְאָתֶךָ) מיט עהרע פורכט, בִּזְכוּת אונזער פאטער יַעֲקֹב. וואס ער האט אן גירופין דעם הייליגען ארט (פון בֵּית הַמִּקְדָּשׁ) מיט דעם נאמען „נוֹרָא" וואס פאר איין פארכטיגער ארט דא

---

שערי ציון

גישטעלט גיווארען צו זאגן פאר אלע תְּפִלּוֹת, אום צו בעהיינין ווי הייליג איז אונזערע שוהלען און בָּתֵּי מִדְרָשִׁים, דאס בלעם הערשע דער גרעסטער פיינדע פון די

מעשה אלפס

זעהן מאכין די רעמאנטין וואס עס וועט זיך פאדערין אין דער איטעניע, דאס וועט זיך אבערעכענען פון די דירה געלט וואס ער דארף צאהלען, דער נטבעזיטצער אליין איז אוועק גיפארין אין אויסלאנד, עס איז אוועק איינינע יאהר, איז דער נטבעזיטצער גיקומען און גיפאדערט אויסצאהלען וואס ער האט אויסגינעבין אויפין רעמאנט, און די איבעריגע

איז! רבש"ע בזכות די דריי הייליגע אבות קום איך מתפלל זיין פאר דיר מיין תפלה, אונ דורך זייער זכות זאל אנגינומען זיין מיין תפלה צו גוטין גיפעליגקייט פאר דיר, אזו ווי דו האסט אנגינומען די קרבנות בעת מיר האבין גיהאט אבית המקדש, אונ איך בעט ביי דיר, גאט, אין אצייט פון גוטין ווילין ענטפער מיר, דורך דיין גרויסע גענאדע, מיט אריכטיגע הילף.

## אנייע תחנה נאך מה טובו.

רבונו של עולם, אין דיין הייליגע תורה נאך דעם פסוק „מה טובו" שטייט גישריבען „כנחלים נטיו" דאס הייסט אז די שולין אונ בתי מדרשים וואו אידישע קינדער לערנען אונ דאווענען זיינען גיגליכען צו פליסענדע טייכין וואס רייניגען דעם מענשין, ווען מען איז טמא אונ מען איז זיך טובל אין טייך ווערט מען טהור, דאס גלייכין די שול, דער בית המדרש, ווען דער מענש איז טמא דורך זיינע זינד אונ גיסט אויס זיין הארץ אין דאווענען, ער לערינט תורה וואס זי מאכט ליכטיג די אויגין צו זעהען די וויכטיגקייט פון אמצוה אונ די שפלות פון איין עברה, ווי ער האט זיך שפל גימאכט מיט זיין שלעכטין פיהרונג אונ האט חרטה אונ בעשליסט זיך פעסט צו פארבעסערין זיינע מעשים ווערט ער טהור פון אלע זינד. אז מיר נעמען טיפער באטראכטין דיינע הייליגע רייד, זעהען מיר וואס פאר אקלוגער מוסר דא ליגט, אזוי ווי דער מענש וואס שטייט אין טייך מיטין גאנצין קערפער נור די קאפ, דער מוח איז אויסער דעם טייך, קען ער דאך ניט ווערן טהור פון זיין טומאה, דאס גלייכן דער וואס איז אין שול, אין בית המדרש נור זיין קאפ, זיין מוח איז אין דרויסן,

מעשה אלפס

איבעריגע זאל ער איהם דערצאלין, דער ארענדאטאר האט איהם בעוויזען זייער פיל אויסגאבען, דעם שיער האט ער גידעקט מיט בלעך. ער האט פערפלאנצט אגרויסין גארטין, א ברונעם, אונ דאס גלייכען. דאס אלעם האט ער גיזעהן ביי א שכן, האט ער איהם נאך ניט גיטאהן. האט איהם דער גוטסבעזיטצער גיענטפערט, איך קען דיין רעכענונג ניט אננעהמען, ווייל דו האסט דאך דאס גימאכט נור פון קנאה ווענן, אבער



שערי ציון

די אידין, האט גערוהמט די אידין נור מיט די הייליגקייט פון זייערע שוהלען אונ האט גיזאגט: מה טובו אוהליך יעקב משכנותיך ישראל, ווי די חז"ל האבין אונז ערקלערט אז דאס האט ער גימיינט אויף אונזערע שוהלען אונ בתי מדרשים. נאכהער זאגען מיר דעם פסוק ואני ברב חסדך כו', הייסט עס אז צו

כלומר, ער פארגעסט אז ער איז אין שול, ער רעכינט ער איז גאר אופ'ן מארק אונ ערלויבט זיך צו ריידין פוסטע רייד, ובפרט ביי חזרת הש"ץ אדער אין קריאת התורה, ובפרט נאך לשון הרע אונ מחלוקת, קען די הייליגקייט פון שול אויף אים גאר ניט ווירקין צו ריינינגען אים, דרום איז זי גיגליכען צו אטייך. דער טייך איז מטהר דעם טמא, נור אז דער קערפער מיטין מוח איז אונטער גיטונקט אין גאנצין אין וואסער. אזו מוז דער מענש זיין אין שול מיטין קאפ אונ מוח, ער דארף באטראכטין וואו ער גיפינט זיך יעצט, ווי יעקב אבינו האט גיזאגט (מה נורא המקום הזה!) אה ווי פארכטיג איז דער הייליגער ארט (אין זה כי אם בית אלהים) דאס איז די געטליכע הויז, מקדש מעט (דער קליין בית המקדש), דאן ווירקט אויף אים זיין דאווענען, זיינע תחנות, ווייך מאכן זיין הארץ אונ אנגיסין איר מיט אהבה אונ יראה, אז אפילו קומענדיג אין שטוב, אין גישעפט זאל מען גידיינקען אז מען איז אברהם אבינו'ס איינעקעל, האנדלין ערליך אונ טאן טובות מענשין. אונ אזוי ווי איך ווייס, אז מיר שוואכע פרויען ווערין ווייער פיל נכשל אין די גרויסע זינד פון ריידין אין שול, ובפרט בעת חזרת הש"ץ אונ קריאת התורה וואס די עבירה פון דעם איז זייער גרויס, בעט איך דיר דו זאלסט מיר העלפין אריין נעמען דיינע הייליגע רייד אין גידאנקען, אוים היטין זיך פון די שרעקליכע עבירה, איך זאל נאך זיין אמוסר פאר די איבעריגע ווייבער, זיי זאלין זיך פון מיר לערנען ווי צו זיצין מיט דרך ארץ אונ הכנעה אין שול, וועל איך נאך זיין אמזכה רבים, ובזכות זה זאלסטו צו הערין מיינע תפלות אונ תחנות אונ זאלסט מיר געבין אגרינגע גימיטה אונ נחת פון קינדער. אמן.

שערי ציון

אנגרעסערין פון זיך אונ ווען נאך צו אמלך איז ניט מעגליך צו צו קומען אן זיין ערלויבניסע, אונ גאט דער מלך מלכי המלכים. מיט זיין גרוים גנאדע האט מיך ערלויבט אריין צו גיין אין זיין הייליגע הויז ווען נור איך וויל, דאהער בייגע איך אונ קניע מיך פיר זיין גרויסע ערדע מיט ערדע פורכט. אונ ניט צלעם פורכט אליין, נאר אים גראבסע

ליבע

מעשה אלפס

איך דארף דאס ניט, יעצט וועסטו מיר איינצאהלין אין גאנצין פיל עס קומט אוים די ארענדע געלט איז נוט, אונ ווען ניט קלייב זיך ארוים. דער נמשל איז, דער מענש איז אויף דער וועלט נור א שכן, אונ דער בעל הבית איז נור השי"ת, אונ דער מענש דארף צאהלין ארענדע, נור מיט תורה ומצות ומעשים טובים, ער ווייזט אין גאנצין חשבון פון מעשים וואס ער האט גיטאהן, אבער דעם חשבון נעמען ניט אן די בית דין של מעלה, נייל דאס האט

ע

רִבּוֹן הָעוֹלָמִים, הֶער פוּן אַלֶע וֶועלְטִין, נִיט אוֹיף דֶעם רֶעכֶענוּנְג פוּן אוּנְזֶערֶע מַעֲשִׂים טוֹבִים. לֶייגִין מִיר פָאר אוּנְזֶערֶע תְּחִנּוֹת וּבַקָּשׁוֹת פַאר דִיר, נוּר מִיר פֶערְטְרוֹיעֶן זִיךְ אוֹיף דַיינֶע גְרוֹיסֶע בַּארִימְהֶערְצִיגְקַייט, ווַייל אוֹיף אוּנְזֶערֶע מַעֲשִׂים הָאבִּין מִיר ווֶיינִיג וָואס צוּ בּוֹיעֶן, (מֶה אָנוּ) וָואס זַיינֶען מִיר? מִיר זַיינֶען פוּן אַשְׁטִיק עֶרֶד. אוּנ וָואס פַאר אַוויירֶע הָאט אוּנְזֶער קוּרְצֶער לֶעבִּין קֶעגִין דִי גְרוֹיסֶע עֶוִויגֶע וֶועלְט? אוּנ וָואס פַאר אַוֶוערֶע הָאבִּין אוּנְזֶערֶע חֲסָדִים? ווַייל דָאס מֶערְסְטֶע מֵיינֶען מִיר גָאר פוּן אֵייגֶען נוּצִין וֶועגִין, מִיר טוּעֶן מִיט יֶענֶעם חֶסֶד, בִּכְדֵי יֶענֶער זָאל מִיט אוּנְז טָאן חֶסֶד וֶוען מִיר וֶועלִין בַּארְפִין, דָאס גְלַייכִין וֶוען מִיר דַאוְונֶען מֵיינֶען מִיר אוֹיךְ אוּנְזֶער טוֹבָה, מִיר זָאלִין גִיהָאלְפִין וֶוערִין, אוֹיךְ וֶוען מִיר זַיינֶען עוֹסֵק אִין תּוֹרָה, פֶערְגַנְבֶ'תְ זִיךְ בַּייא אוּנְז. אָפְט מָאל פְּנִיּוֹת מְ'זָאל אוּנְז גֶעבִּין כָּבוֹד. (מַה כֹּחֵנוּ) דִי קְרֶעפְטִין וָואס מְ'דַארְף אָנְוֶוענְדִין צוּ טָאן מִצְוֹת אִיז אוֹיךְ זֵייעֶר שְׁוַואךְ, אוּנ דִי גְבוּרָה וָואס מְ'דַארְף זִיךְ שְׁטַארְקִין קֶעגִין דֶעם יֵצֶר הָרָע (נים עובר צו זיין איין עבירה) אִיז אוֹיךְ גַאנְץ ווֶיינִיג, דְרוּם פַאלִין מִיר פִיל מָאל אַרַיין אִין זַיין הַאנְד. — אוּנ אוֹיךְ דִי 3 מַעֲלוֹת וָואס דֶער מֶענְשׁ שְׁטָאלְצִירְט מִיט דֶעם, דָאס אִיז „גְבוּרָה אוּנ עֲשִׁירוּת אוּנ חָכְמָה", קֶען מֶען זִיךְ מִיט דֶעם אוֹיךְ ווֶיינִיג אִיבֶּער נֶעמֶן, ווַייל דֶעם גְרֶעסְטִין גִבּוֹר צוּ בְּרֶעכְטְמוּ אִין אֵיין אוֹיגִין בְּלִיק, ווִי מִיר וֶועהֶען, אַז מֶענְשִׁין וָואס זַיינֶען שְׁטַארְק ווִי שְׁטַאבֶּעם אַייזִין ווֶערִין פְּלוּצְלוּנְג קְרַאנְק אוּנ שְׁטַארְבִּין אִין אֵיינִיגֶע טֶעג, הַיינְט קֶען זִיךְ שׁוֹין אַמֶענְשׁ אִיבֶּער נֶעמֶען מִיט זַיין גְבוּרָה? אוּנ דָאס וֶעלְכֶע וָואס פַאר אַוויירֶע הָאט דִי רַייכְקַייט, אַז אִין אֵיין מִיעוּט קֶען עֶר אַרַיין פַאלִין אִין אַגְרוֹיסִין אוּנְגְלִיק וָואס עֶס זָאל וֶוערִין פוּן אִים אַתַּל. אוּנ דָאס

מעשה אלפס

עֶר נִיט אָהן פוּן קִנְאָה, יֶענֶע זַאךְ פוּן תַּאֲוָה, אָדֶער פוּן כָּבוֹד וֶועגִין, אָבֶּער אַלִין נִיט לְשֵׁם שָׁמַיִם, הַייסְט מֶען אִים גְלַייךְ פוּן דֶער דִירָה הֶערוּים, אוּנ שְׁטַארְבְּט פַאר דֶער צַייט, דָאס הַייסְט הַקִּנְאָה וְהַתַּאֲוָה וְהַכָּבוֹד מוֹצִיאִין אֶת הָאָדָם מִן הָעוֹלָם, עֶר גֶעהט פוּן דֶער וֶועלְט אַוֶועק פַאר דֶער צַייט. דֶער פַאר מוּז דֶער מֶענְשׁ זֶעהן דָאס יֶעדֶער זַאךְ וָואס עֶר טוּט, דַארְף זַיין אַלִין לְשֵׁם שָׁמַיִם, עֶס זָאלִין צוּ פְרִידִין זַיין גָאט אוּנ לַייט.



שערי ציון

לִיבֶּע פוּנֶעם הַארְצֶען בַּיינֶע אִיךְ מִיךְ, אוֹיךְ זָאגֶען מִיר ואני תפלתי וכו' הַייסְט עֶס, מַיין גִיבֶּעט אִיז דֶער בַּיי, דָאס גָאט זָאל עֶרְפִילֶלֶען מַיין פֶערְלַאנְג נָאר וָואס מִיךְ וֶועט גוּטֶעס בְּרֵיינְגֶען אִין אַ אֶמֶת, ווִיא מִיר! גִיפִינֶען בַּאיי יוֹסֵף'ן, דָאס זַיינֶע שְׁלֶעכְטֶעס הָאט אִים צוּם גְרֶעסְטִין גְלִיק גֶעבְּרַאכְט, דֶעריבֶּער

גלייכין קען זיך אמענש ניט איבערנעמען מיט זיין חכמה, ווייל וואס פאר אווירדע האבין אלע חכמים קעגין דיין חכמה? אויך קענסטו שיקין חלילה אויף אמענשין אקראנקהייט וואס די גרעסטע פראפעסארין אונ חכמים זאלין ניט זיין אים-שטאנד אים אוים צו היילין, אלזא האבין מיר אויף אונזער חכמה ווייניג וואס צו פארלאזין זיך, אונ אונזער פאר-טרויען זיך איז נור אויף דיין רחמנות, ווייל מיר זיינען דיין פאלק, וואס מיר זיינען פאר בונדין מיט דיר דורך די תורה וואס דו האסט אונז גיגעבין. מיר זיינען די קינדער פון דיין גיליבטען אברהם וואס דו האסט אים צו גישווארין אויף דעם בארג מוריה. מיר זיינען די קינדער פון זיין איינציגין זון יצחק, וועלכער האט זיך גילאזט בינדין אויף דעם מזבח. אפפערין זיך וועגין דיין היילגען נאמען. מיר זיינען די גימיינדע פון דיין היילגען יעקב וואס וועגין די ליבע וואס דו האסט אים גיליבט אונ דיין פרייד וואס דו האסט זיך מיט אים גיפרייט האסטו אים גירופין מיטן נאמען „ישראל” אונ „ישורון”. (לפיכך) דרום נעמען מיר זיך מוטה אונ מיר רעכענען דאס פאר אחוב צו דאנקען דיר אונ צו רידהמען, צו לויבין אונ צו היילגען אונ געבין איין לויב-גיבעט אונ אדאנק צו דיין נאמען.

---

שערי ציון

ענדינגען מיר אונ מיר זאגען, ואני תפלתי לך ה' עת רצון אלהים ברב חסדך ענני באמת ישעך. אונ ווייל מיר האבען דא ארוים גיזעהן ווי היילג איזט אונזערע שוהלען אונ בתי מדרשים, דאהער מוז דער מענש זיך דארט אויך היילג האלטען, ניט ארײן געהן שמוציג, זיך אפ היטען דארט פון דברים בטלים, ומכל שכן לשון הרע, מחלוקה, ווארום די זאבין האלט אפ, דאס די תפלות זאל ניט אנגינומן ווערען אין הימעל, ר"ל.

מעשה אלפס

ו) אין ספר אליהו הנביא וואס ער רופט זיך אן „תנא דבי אליהו” (פכ"א) שטייט דארטין אז אום מ'זאל ווערט זיין מתפלל זיין די תחנה אז מיר בויען אויף דעם זכות וואס מיר זיינען די קינדר פון די היילגע אבות (אברהם יצחק ויעקב), דארף מען זעהן איין צו שאפין זיך זייערע מדות, היינו ווי אברהם איז גיוועען איין „ירא אלהים” דארף מען זעהן צו זיין שטענדיג גאטס-פארכטיג, סיי אפין אונ סיי בעהאלטין, אונ זיין איין „מודה אויף אמת”, היינו ווען מען טוט אמאל א נארישקייט זאל מען זיך ניט עקשינען אונ וועלין זיך פארענטפערין מיט שקרים, ווייל מען פלאנטערט זיך ארײן אין מער פעלערין, נור מ'זאל בעסער מודה זיין אז מ'האט גיטאן אפעלער, (גיוואהנליך ווערט מען זעהן פארזיכטיג זיין אז ווייטער זאל דאס ניט גישעהן), אונ ניט אזוי מיט׳ן מויל מודה זיין אויף דעם אמת (ווייל מען איז גיניית) נור אויך מיט׳ן הארצין, דאן ווען ס'איז נאהענט צו אמת איז מען נאהענט צו אלע מדות טובות, אונ ס'איז זיכער אז די תפלות וועט אנגינומען ווערין.

וואהל איז אונז, ווי גוט איז אונזער חלק (סה״יל), אונ ווי ליבליך איז אונזער „גורל“, אונ ווי שיין איז אונזער ערב טהייל ו), וואהל איז אונז, דאס אלע פריה־מארגין אונ אווענד זאגין מיר צוויי מאל טעגליך (שמע ישראל)א) הער (אונ נעם אריין אין גידאנקען) ישראל (ה׳ אלהינו) דער עוויגער אונזער גאט (ה׳ אחד) איז דער איינציגער גאט. (ברוך) געלויבט איז דער נאמן פון גאט, די הערליכקייט פון זיין הערשאפט איז גילויבט אויף עוויג.

## תחנה שערי דמעות (מתפלל צו זיין מיט טרערין).

רבונו של עולם, איך קום יעצט אוים גיסין פאר דיר מיין הארץ, וואס זי טראגט אין זיך גרויסע וואונדין, נור איך ווייס ניט אויף וואס פריער צו בעטין אויב אויף מיינע קערפּליכע זאכין, אדער אויף די זאכין פון מיין נשמה, ווייל איך בין צו וואונדיגט אונ צו שטויסן אין ביידע זאכין. אין מיין גוף בין איך צו שטויסין עס פעלט מיר פרנסה, יעדער גילדין איידער איך פאר דין קומט מיר אן מיט גרויסע שווערעניס, ווייל די קאנקורענציע איז זייער גרויס, אויף יעדער שטיקעלע גישעפט. איז באפאלין הונדערטער קרעמער, עס איז במעט מער קרעמער ווי קונים. אונ וואלט איך נאך האבין די שטיקעלע קערעוואניע וואלט איך זיך נאך ווי עס איז געמאטערט. אבער דאס פעלט מיר אויך. איך דארף זיך מאטערין מיט גמילות חסדים, אונ אז איך דארף אב געבין דעם גמילות חסד מוז איך לויפען לייען אנדערס וואו, ארוים נעמען די שויב אונ אריין שטעלין אין די צווייטע, אונ אמאל קריג איך ניט, פלאמט מיר די אויגין אונ עס גריזעט מיר מיין געוויסען, אז איך קען ניט האלטין מיין ווארט. דאס איז מיר די גרעסטע יסורים. אונ ווען איך גיב יענעם ניט אב צו דער צייט קען איך מיינע אויגין ניט ווייזין אצווייטין מאל. ליבער גאט דו ווייסט דאך מיין ערליכע דעה, אז איך וויל ערליך זיין, ניט פארנעמען חלילה אפרעמדע קאפיקע, ווייל איך ווייס גאנץ גוט ווי ווייט די עבירה

---



ו) די 3 אויסדריקע „חלק. גורל, אונ ערב־טהייל“ בעווייזט אויף דעם וואס דער הייליגער תנא ר׳ שמעון בן יוחאי זאגט (ברכות ה) דריי מתנות טובות (טהייערע פראזענטין) האט השי״ת גיגעבין צו זיין ליבע פאלק ישראל, דאס איז תורה אונ



א) דער קורצער פסוק (שמע ישראל) רופט זיך „קבלת עול מלכות שמים“ מ׳דארף מקבל זיין אויף זיך צו זיין א טרייער אונטערטאן צום הימלישען קעניג. איך איז אן אים גיפאסט די אמונה פון

פון דעם איז גרויס, ווי דו שרייבסט אין דיין תורה, אז דער גזר דין פון „דור המבול" איז געחתמת געווארין נור צו ליב גזלה, וואס זיי האבען געחאפט איינער ביים אנדערין און ניט אב געגעבין. און ווידער איך שפיר דאס אויף זיך אליין, אז איינער נעמט ביי מיר און גיט ניט אב ווי ווייט מיין הארץ ווייטאגט מיר, מיין יעדער רובל אז מ'וואלט אים געשניטין וואלט געראנען בלוט, ווייל ער איז מיר אן געקומען מיט שווייס און בלוט. דארף איך דאך די זעלבע גלויבען א צווייטען. דרום זאגין אונזערע חכמים אז מ'נעמט ביי איינעם אגעלדין און מ'גיט ניט אב, איז גלייך ווי מ'פאר גיסט זיין בלוט. און דאס איז א טהייל פון רציחה, היינט אז מיר טרעפט פיל מאל אז איך קען ניט אב געבין ווען עס קומט, ווי ביטער און פינסטער איז מיר. איך קען גאר פאר קיינעם ניט דער ציילין די וואונדין פון מיין הארצן, ווייל איך וויל ניט פרעמדע זאלין וויסען אזוי ווייט ווי איך בין געדריקט, פילייכט זיינען זיי מיר שונאים, וועלין זיי דער פרייט ווערין און מ'דארף קיין גרעסערע שמערץ, ווען שונאים ווערין דער פרייט, איז מער ווי פאר דיר ליבער פאטער, קען איך ניט אויס גיסין מיין ביטער הארץ, אז דו זאלסט מיר העלפין מיט דיין ברייטע האנד, איך זאל חלילה ניט אן קומען צו א בשר ודם, וואס זייער מתנה איז קליין און די חרפה איז גרויס. אויך זאלסטו מיר פארהיטין פון אונרא׳ערליכע מענשין, וואס ווילין בארגין ביי מיר און ניט אוועק געבין, וואס דאדורך ווערט מיר נאך איינגער און איינגער, און איך קען צו ליב דעם ניט היטין מיין ווארט און מיין ערליכקייט, און עס קען חלילה ארויס קומען פון דעם א גרויסער חלול השם. מ'וועט זאגין אז איך האב חלילה פאר נומען לייטינס, זאל די שעה ניט זיין, ווי דו רבש״ע ווייסט מיין ריינע הארץ, אז איך ווינש זיך ליבערסט אגריינגין טויט איידער חלילה איבער פירין לייטישע געלט.

שערי ציון

ביאת מלך המשיח און די גאולה העתידה, (יי) וואס יעצט איז ער נור (אלהינו) מיר אידין גלויבין אין אים מיט זיין תורה, וועט קומען א צייט וואס ער וועט זיין (יי אחד) אלע מענשין פון דער וועלט

מעשה אלפס

ארץ ישראל און עולם הבא און דרום האט ער זיי נילייטערט פריער דורך יסורים. אזוי ווי טייערע בריליאנטין וואס מען וויל זיי פאסין אין גאלד, ברויכט מען די גאלד פריער גוט לייטערין, אום עס זאל זיין שיין צו פאסין אין דעם די טייערע בריליאנטין,

אונזער „חלק" נייס אויף עולם הבא (כל ישראל יש להם חלק לעולם הבא) און

גורל

הַאַרְצִיגֶער פָּאטֶער, אִיךְ הָאבּ יֶעצְט אוֹיס גִיזַויינְט פַאר דִיר מַיין בִּיטֶער הַארְץ אוֹיף מַיינֶע קֶערְפֶּערְלִיכֶע וואוּנְדִין. אִיךְ הָאבּ אָבֶּער נָאךְ גְרֶעסֶערֶע וואוּנְדִין וָואס מַיין נְשָׁמָה אִיז צוּ וַוייטִיגְט, וַוייל דוּרְךְ דֶעם וָואס מַיין קָאפּ אִיז פַאר דְרֵייט אוֹיף מַיין בִּיטֶערֶע פַּרְנָסָה, פַאר וָועה אִיךְ צוּא לִיבּ דֶעם דִי גַאנְצֶע אִידִישְׁקַייט, אִיךְ פַאל אַרַיין אַטְווִיטֶע אַפַארְמַאטֶערְטֶע אִין שְׁטוּבּ אוּנ עֶם עֶפֶּעם,פַאל אִיךְ אַנִידֶער פִּיל מָאל נִיט גִיבֶּענְשְׁט אוּנ נִיט גְלֵייעֶנְט קַיין קְרִיאַת שְׁמַע, אִיךְ זָאג כְּלוֹמֶרְשְׁ'ט עֶטְלִיכֶע וֶוערְטֶער פַארְשְׁלָאפֶענֶער הַייד. אוּנ לְבַד וָואס אִיךְ בֶּענְשׁ נִיט פִּיל מָאל. לֶערְנֶען זִיךְ נָאךְ מַיינֶע קִינְדֶער פוּן מִיר, אַז עֶם אִיז רֶעכְט נִיט צוּ בֶּענְשִׁין אוּנ נִיט לֵייעֶנֶען קַיין קְרִיאַת שְׁמַע, פִּינְסְטֶער אִיז מִיר, וָואס פַאר אַהֲדָרָבָה אִיךְ קֶען גֶעבִּין מַיינֶע קִינְדֶער מִיט אַזַא פִּיהרוּנְג. הַיינְט אַז אִיךְ דֶער מָאן זִיךְ וֶועגֶען פְרַייטִיג פַאר נַאכְט, צִיטֶערְדִין אִין מִיר מַיינֶע אַלֶע גְלִידֶער. דָאס אִיז עֶפֶּעס מַעֲשֶׂה שָׂטָן, אַז פְרַייטִיג פַאר נַאכְט וָוען מְ'דַארְף גִיין לִיכְט בֶּענְשִׁין, הֵייבְּט זִיךְ אָן צוּ וַוייזִין קוּנִים נָאךְ קוּנִים, אִיז אַבִּיסֶל דֶער יֵצֶר הָרַע פוּן לֵייזוּנְג, אוּנ אַבִּיסֶל וָואס מְ'דַארְף טַאקֶע, וֶוערְט מֶען פַאר טוּמִילְט אַז מְ'פַאר גֶעסְט זִיךְ גָאר וואוּ מְ'אִיז אִין דֶער וֶועלְט אוּנ מְ'וֶוערְט בְּלִינְד, אַז מְ'זֶעט גָאר נִיט אַז עֶס אִיז שׁוֹין דִי שְׁקִיעָה אוּנ מְ'וֶוערְט טוֹיבּ, אַז מְ'הֶערְט נִיט וִוי דִי עֶרְלִיכֶע אִידִין גֵייעֶן דֶער מָאנֶען, בְּרִידֶער שְׁוֶועסְטֶער! עֶס אִיז שׁוֹין דִי שְׁקִיעָה אוּנ אַמָאל נָאךְ דִי שְׁקִיעָה, מְ'דַארְף גִיין אַהֵיים! אוּנ אֵיידֶער אִיךְ קוּם אַהֵיים אִיז שׁוֹין שַׁבָּת, אוּנ פַאר זַאס לִיכְט בֶּענְשִׁין, וָואס דָאס אִיז אֵיינֶע פוּן דִי טַייעֶרֶע מִצְוֹת וָואס אִיז אָבּ גִיגֶעבִּין פַאר דִי פְרוֹיעֶן. אוּנ מַאנְכֶע מָאל פוּן גְרוֹיס פַארְטוּמְלוּנְג חַאפּ אִיךְ אוּנ פַארְלֶעשׁ דִי לִיכְט, וָואס מַיין מַאן הָאט אָנְגִיצוּנְדִין (ווייל ער האט גיזעהן, אז איך האב זיך פארשפעטיגט אין גאס) אוּנ צִינְד אָן אִיבֶּער אַנַיים צוּ בֶּענְשִׁין לִיכְט. אָה וֶועה אִיז מִיר! לְבַד וָואס אִיךְ הָאבּ מִיט דֶעם נִיט מְקַיֵּים גִיוֶוען דִי מִצְוָה פוּן לִיכְט בֶּענְשִׁין, וַוייל דָאס אִיז נִיט אִין דֶער צַייט (דאס איז ווי שופר בלאזין אום חנוכה), טוּ אִיךְ נָאךְ 2 עֲבֵירוֹת, אִיךְ

---

מעשה אלפס

„גּוֹרָל" גֵייט אוֹיף אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל וָואס זִי אִיז צוּ טֵיילְט גִיוָוארֶען צוּ דִי שְׁבָטִים עַל פִּי גּוֹרָל. אוּנ „יְרוּשָׁה" גֵייט אוֹיף דִי תּוֹרָה וָואס זִי אִיז „מוֹרָשָׁה קְהִלַּת יַעֲקֹב".

שערי ציון

וֶועלִין עֶרְקֶענֶען זַיין כָּבוֹד אוּנ דֶעם כָּבוֹד פוּן זַיין תּוֹרָה, אוּנ אַלֶע וֶועלִין זִיךְ אִיבֶּער גֶעבִּין צוּ דִינֶען אִים מִיט אַיינֶע הַארְץ.

פארלעש אונ צינד אן אום שבת. אונ מאנכע מאל טו איך נאך אדריטע עבירה, איך קריג זיך אונ שילט מיין מאן פאר וואס ער האט אנגיצונדין מיינע ליכט, וואס אין דער אמת איז ער דאך גירעכט, היינט וואס פאר אטעם קען שוין האבין אזא שבת, וואס איך האב אים אריין גינומען מיט קריג אונ קללות, לבד וואס איך האב אים מחלל גיוועזן מיטין פאר לעשין אונ אנצינדין די ליכט, אז איך דער מאן מיר דאס אלעם, בלוטיגט אין מיר מיין הארץ פון שמערצן, אז אזא טייערע מתנה ווי דער הייליגער שבת, וואס דער וואס היט אים ווי מען דארף ווערט אים פארגרינגערט זיין פרנסה, קום איך נארישע פרוי אונ בין אים מחלל, אונ דאדורך ברייננ איך אויף זיך גרויסע וואונדין, אויף דער וועלט וואס מיין פרנסה ווערט גישלאגין, אונ מאטער זיך אזוי פיל, אונ דעם רעכטין שטראף וועל איך נאך דארפען ליידען אויף די אמתע וועלט.

ליבער הארציגער פאטער, איך גים אוים מיין ביטערע הארץ פאר דיר, אונ בעט דיר מיט טרערין אז דו זאלסט רחמנות האבין אויף מיר ארימע פרוי, וואס איך בין ארים אין וויסענשאפט פון דער תורה, ארים אין מדות טובות, אונ גיב מיר פארשטאנד צו פערשטיין די טייערקייט פון הייליגען שבת, וואס זי איז גיגליכען צו אמלכה, אזוי ווען אמלכה קומט אן דארפין אלע טרייע אונטער טאנער אירע, צו שליסען די גישעפטין אונ אוים פוצין זיך, ארוים גיין איר אקעגין מקבל פנים זיין, אן נעמען איר מיט גרוים כבוד, אונ ווען זי איז צופרידען פון אירע אונטער טאנער גיט זי ארוים איין באפעל מזאל אלעמען געבין מתנות „כיד המלך" אונ פערגרינגערין פיל אב צאלונגען. אזוי אויך ווען די מלכה שבת דארף אן קומען, דאס איז צו די שקיעה (ווז אונטערגאנג) א). דארפין אלע אירע טרייע אונטער טאנער. די קינדער פון די הייליגע אבות אונ די אמהות, צו מאכין זייערע גישעפטין. אונ אראפ גיין פון גאם, גיין וואס גיכער צו הויז, זיך ארום וואשין אונ אן טאן בגדי שבת אונ לפחות 5 מינוט פאר די שקיעה בענשין ליכט, מקבל זיין דעם הייליגען שבת מיט

---

שערי ציון

א) ווי אונזערע חכמים שרייבין (שבת קיח) זאגין צו זיינע תלמידים „לאמיר ארוים, ר' חנינא פלעגט זיך פרייטיג פאר גיין ענטקעגין די מלכה שבת, וואס איר די שקיעה אנמאן שינע קליידער אונ צונ קומט יעדעס אן כיט די שקיעה".

פריי ד ראדורך וועט דער זכות פון שבת שיינקען אגרויסע ברכה אין אלעם וואס מיר טוען, אונפארגרינגערין וואס דער מענש האט אויף זיך איין אב צאלונג (פון בזעת אפיך תאכל לחם) די שטיקעל ברויט זאל אן קומן מיט שוויים, איז בזכות וואס מ'איז מכבד שבת (און מ'היט אים, נים מחלל צו זיין) וועט פארגרינגערט די חיונה, אזוי זאלסטו מיר פערגרינגערין מיין חיונה איך זאל קענען בלייבין ביי מיין ערליכען געוויסען, אונ נאך טאן גמילות חסדים מיט לייטין, אונ איך זאל האבין נחת פון מיינע קינדערליך, אמן.

## תחנה וועגין פרנסה (צו זאגין אין שמע קולנו).

ערבארמיגער פאטער! דיין הייליגע מילדע האנד, איז דאך אפין צו שפייזין אלע דיינע בעשעפענעס פון גרעסטען ביזן קלענסטין, אלע האפין נור צו דיין הילף, ווי דוד המלך עליו השלום זאגט (עיני כל אליך ישברון) די אויגין פון אלע בעשעפענעס האפין נור צו דיר (ואתה נותן להם את אכלם בעתו) וואס דו גיבסט זייער שפייז יעדערין אין זיין צייט. בעט איך דיר ליבער גאט, דו זאלסט מיר און מיין הויז גיזינד אויך מחיה זיין מיט דיין השפעה. גיב אונז אריינע אכשרה פרנסה אן קנאה, אן שנאה, אן חלול שבת חלילה, אן השגת גבול, מיר זאלין ניט דארפן אנקומן חלילה צו אמענשינס) גאב, און ניט פרנעמן אפרעמדן גראשין, מיר זאלין דיר קענען דינען מיט אריינע הארץ, טאן גמילות חסדים מיט פיל מענשין, און מגדל זיין אונזערע קינדערלאך צו תורה און יראת שמים, עס זאל דורך אונז גיריהמ'ט און פערהייליגט ווערין דיין גרויסער נאמען [א], אמן.

## תחנה וועגין גוטע קינדער (ענדע שמונה עשרה נאך יהיו לרצון).

ערבארמיגער פאטער און קעניג, פאר דיר איז דאך אפין אונזער הארץ, דו ווייסט דאך ווי מיר ווילין דיר טריי דינען,

שערי ציון

א) ווי אונזערע חכמים ערקלערן דעם פסוק (ואהבת את יי אלהיך) שיהא שם שמים מתאהב על ידך, דו זאלסט מיט דיין גוטין אויפפירונג מאכין בעליבט גאטעס נאמען, אז דו וועסט לערנען תורה אונ האנדלען ערענטליך אונ בעגיין זיך פריינדליך מיט יעדער מענשין, וועלין אלע זאגין: געבענשט זיינען זיינע עלטערין וואס האבין אים געלערנט תורה, זעט ווי שיין ער פירט זיך

נור אָבער דער מענש איז דאך ניט קיין עוויגער, עס וועט קומען די צייט וואס אונזער ליכט וועט אויסגיין (דער. לעבען וועט זיך ענדיגען), דרום האסטו גיהייסען מ'זאל חתונה האבין אונ האבין קינדער אונ האדעווען זיי צו תורה און יראת שמים, זיי זאלין זיין טרייע דינער פאר דיר, אונ אז מ'לאזט גוטע קינדער הייסט מען ניט גשטארבן, נוייל אין די תורה אונ די גוטע מעשים פון די קינדער האבין די עלטערין אגרויסין טייל אין דעם. אָבער ביי יעצטיגע צייט, וואס עס בלאזט שלעכטע ווינטען פון אלע קאנטין אונ פארפעסטין די קינדער מיט שלעכטע גידאנקען, מיט שלעכטע מיינונגען, אראפ צו פירין זיי פון אידישע וועג, צו פארקריכין אין פינסטערע בלאטיגע דרכים, איז זייער שווער צו ערציהען קינדער צו תורה אונ יראת שמים. דרום פאר גים איך מיין גיבעט פאר דיין הייליגען שטול, דו זאלסט זיי אבהיטען פון שלעכטע חברים 1) אונ זאלסט זיי מזמין זיין גוטע חברים, וואס האבען חשק צום לערנען תורה אונ טאן גוטע מעשים. בכדי מיינע קינדער זאלין זיך לערנען פון זיי נור גוטעס, און עפין זייער הארץ צו פארשטיין גרונטיג דיין הייליגע תורה און שטארק זייערע קרעפטין צו דיין תורה, אונ היט זיי אב פון אביזע אויג, און פון אלע שלאפקייטען, און שיינק זיי אריכות ימים ושנים, אונ העלף מיר איך זאל קענען צאלין פאר זיי גוטע שכר למוד, אונ איך מיט מיין מאן זאלין זוכה זיין צו הערין זייערע שיינע דרשות צו בר־מצוה. אונ נאכהער פירין זיי צו דער חופה מיט שיינע כשרה פארטייען, און זוכה זיין צו זעהען פון זיי גוטע דורות אויף לאנגע יאהר, אמן.

## תחנה צו פתיחת ארון הקודש.

בריך שמיה דמרא עלמא, גילויבט איז דער הייליגער נאמען פון דעם הער פון דער וועלט, עס זאל זיין דיין פריינדליכער ווילען

---

שערי ציון

זיך אויף מיט אלעמען, ווי ארינטליך זיין האנדיל איז, ווי ריכטיג זיין ווארט איז". אויף אים זאגט דער נביא (ישראל אשר בך אתפאר) דורך דעם אויפפירונג פון אזא אידין ווערט גאט אונ זיין תורה בעליבט אונ בערימט ביי אלעמען.

מעשה אלפם

1) ווי דוד המלך עליו השלום האט גיבעטין (אתה ה' תשמרם) נור דו גאט זאלסט זיי היטען (תצרנו מן הדור זו לעולם) זאלסט זיי אב היטען פון די שלעכטע ווינטין וואס בלאזין אין דעם דור, (סביב רשעים יתהלכון) וואס די רשעים שוועבין ארום די קינדער, פאנגען זיי אין נעץ, (כרום זלות בני אדם) ואס איז דער נעץ? וואס ביי די קורצזיכטיגע מענשין שטייט הויך די

נידעריגע

ביי דיין פאלק ישראל אויף עוויג, מיר געפינען אין זוהר הקדוש, דער גרויסער תנא ר' שמעון בן יוחאי זאגט, דאס אין דער צייט אז מ'עפנט דעם ארון הקודש ארויסצונעמען די ספר תורה צו לייענען בציבור, עפנט זיך אין הימל די טויערן פון רחמים און ליבשאפט א), און אזוי ווי יעצט איז אפן די שערי רחמים. קום איך ארימע פרוי (פלונית בת פלונית) פאר דיר הייליגער גאט מיט אהייסע געבעט, דו זאלסט אננעמען אונזערע תפלות מיט בארמהערציגקייט, און זאלסט דערלייכטערן די יאהרין מיר און מיין מאן און מיינע קינדער אין גוטע אידישקייט. דו זאלסט דורך די אפענע טויערן ארויפשיקען מיר און כל ישראל שפע ברכה, פרנסה און הצלחה, מיר זאלין חלילה ניט אן קומען צו די גאב פון אמענשין, דען דו ביסט דאך דער שפייזער פון די גאנצע וועלט. און דורך דעם זכות וואס איך וועל געבין כבוד דיין הייליגע תורה, איך וועל ניט ריידין בעת מען לייענט און ניט מבלבל זיין די מאנספלייט, דאס זיי זאלין קענען צו הערין וואס מען לייענט אין דער תורה, בזכות זה זאלסטו ליבער פאטער מיר מזכה זיין מיט גוטע קינדער, וואס זאלין האבין גרויס חשק צו לערנען דיין הייליגע תורה, און זאלסט דער לייכטין זייער שכל זיי זאלין פארשטיין די טיפקייט פון איר חכמה, דען נור די טייערע מתנה (דאס איז די תורה הקדושה) איז אונזער טרייסט וואס ערקוויקט אונזער ביטערע הארץ אין גלות, און זי איז ביי אונז אגוטע זיכערהייט אז דו וועסט אונז ערלייזען פון אלע צרות במהרה בימינו, אמן.

## תחנה צו הגבהת ספר תורה (ווען מ'הייבט אויף די ס"ת).

טרייער פאטער פון הימל, איך זעה יעצט ווי דיין ליבע פאלק ישראל הייבין אויף דיין הייליגע תורה און זאגין הויך (וזאת התורה

---

מעשה אלפס

גידעריגע נארישע זאכען, אזוי ווי אקליין קינד גיט אב די טייערסטע מטבע פאר אצוקערקע, דאס גלייכין איז דער פוסטער כבוד פון די געלע קנעפ אדער די קוקארדע, ארויסער נעץ וואס פאנגט די נארישע פייגעלע אין קלעטקע אריין;

שערי ציון

א) פון דעם קען מען פארשטיין ווי טייער איז די הייליגע צייט ווען מ'נעמט ארויס די ספר תורה צו לייענען ביז מ'שטעלט זיא אריין צוריק אין ארון הקודש, ניט שמועסין חלילה דאן קיין דברים בטלים, יעדע קלוגע גאטס־פארכטיגע פרוי אויב זי הערט ווי מען לייענט און זי קען צו הארכען אין אחומש

אשר שם משה לפני בני ישראל) דאס הייסט דאס איז די ליבע תורה וואס איז גיגעבין די ישראל פון גאטעס מויל דורך משה רבנו. באדיינק איך מיר ווי ריכטיג דאס איז, אז די הייליגע תורה איז מן השמים (אהימל׳שע), ווייל ווי וואונדערבאר עס איז, אז אמויער וואס שטייט שוין העבער דריי טויזינד יאהר און פיל דארמאטין און באמבעס האט מען שוין אויף איהם גישאסין און ער איז גיבליבין שפאגיל ניי ווי דער טאג וואס ער איז ארוים פון מייסטערס האנד, עס איז פון איהם ניט גירירט גיווארין אהאר. אונזער ליבע תורה איז אונזער מויער (אני חומה זו תורה) זי באשיצט אונז פון אלע קוילין וואס מען שיסט צו פארלענדין אונז פון דער וועלט. ווי דוד המלך ע״ה זאגט (אמרו לכו ונכחידם מגוי ולא יזכר שם ישראל עוד) די שונאי ישראל זאגין איינע צו די אנדערע, לאמיר זיך אלע אויפקלייבען אונ פארטיליגען זיי, עס זאל גאר דער נאמען „איד״ ניט דערמאנט ווערין אויף דער וועלט, אונ וויפיל באמבעס מ׳האט גישאסין אויף דער תורה מ׳האט איר גיברענט אום צו פארלירין איר. בכדי אז אידין וועלין ניט האבין קיין תורה וועט מען זיי נאכהער קענען פאר טיליגין, אונ נאך אלעם דעם האבין מיר אונזער תורה אין גאנצין, עס פעלט אין איר קיין ווארט, ווי אין דעם טאג, וואס משה רבנו האט איר גישריבין פון גאטעס מויל, און אונז איבער גיגעבן. אויף דעם דאנק איך אונ לויב דיין ליבען נאמען, אונ בעט דיין רחמנות איך זאל שטענדיג ליב האבין דיין תורה אונ די וואס לערנען איר. אונ אויך מיינע קינדער, איבער הויפט מיינע טאכטער זאלין איר ליבין, זיי זאלין וועלין נעמען התנים וואס לערנען און ליבין דיין הייליגע תורה, אונ בזכות התורה זאלין מיר בקרוב אוים גילייזט ווערין אונ גיין מיט שטאלץ אין אונזער הייליגע לאנד, אמן.

## תחנה ליום ראשון (צו זאגין זונטיג נאכין דאווגען)

יהי רצון מלפניך, עס זאל זיין אגוטער ווילען פון דיר, הער פון דער וועלט וואס היינדיגען טאג (ראשון בשבת) האסטו באשאפען

---

שערי ציון

אין מה טוב, אז ניט זאל זי שטילערהייד אהייליגע זאך, נור שטיל בכדי ניט לייענען די סדרה אין טייטש חומש אדער מבלבל זיין די מאנסלייט, זיי זאליקענען אין אוצר התורה אדער לייענען וואס נור צו הערין ווי מען לייענט אין ספר תורה.

די הימל אונ ערד . אונ אלעס האסטו בעשאפֿין פֿון וועגין די תורה אונ פֿון וועגין דיין פֿאלק ישראל . דאס הייסט, דר תכלית פֿון דער וועלט איז, עס זאלין זיך געפֿינען איידעלע מענשין, וואס זאלין זיך פֿירין אין די אנגינעהמע וועג וואס דו האסט זיי גילערינט אין דיין תורה, אונ דו האסט גיזאגט „יהי אור" עס זאל ווערין פֿון פֿינסטער ליכטיג. אזוי זאלסטו דער לייכטין מיינע אויגין אונ די אויגין פֿון מיין מאן אונ קינדער אונ די אויגין פֿון כלל ישראל מיר זאלין זיך פֿירין אין די ליכטיגע וועג פֿון דיין תורה. אונ זאלסט אונז צו שיקין אונזער פרנסה בכבוד, די קאפּ זאל אונז זיין רוהיג צו לויבין דיין היילינען נאמען מיט עהרע-פֿורכט אונ מיט שמחה, אמן.

## תחנה ליום שני (צו זאגין מאנטיג נאכין דאווענע) .

יהי רצון מלפניך, עס זאל זיין דיין גוטער ווילען, הער פֿון דר וועלט, וואס היינטיגען טאג (שני בשבת) האסטו גימאכט אצווישען שייד דאס די וואסער וואס גיפֿינען זיך איבערין רקיע זאל זיין אב גיטיילט פֿון די וואסער וואס גיפֿינען זיך אויף דער ערד ביז דעם „רקיע" (ביז דעם ארט וואו די וואלקענס הייבען זיך אויף), אונ די אונטערסטע וואסער האבען זיך געקריגט מיט דיא אויבערסטע וואסער, פֿאר וואס זיינען זיי הויך אונ מיר נידעריג 1), דרום שטייט ניט ביים צווייטין טאג „כי טוב" ווייל פֿון קריג קומט קיין גוטעס ניט, אונ דאן איז בעשאפֿין גיווארין דער גיהנם וואס ער ברענט דורך פֿייער פֿון כעס. אלזא בעט איך דיר, זאלסט מיר מציל זיין פֿון כעס אונ פֿון קריג (מחלוקת) אונ פֿון אונגליקען אונ פֿארפֿלייצונג. אונ דער זכות התורה וואס מ'לייענט היינט וואס זי איז גיגליכען צו וואסער, זאל מגין זיין אויף די אלע וואס פֿארין אויף'ן ים, זיי זאלין נצול ווערין פֿון די רוישענדע וואסער פֿון ים, זייער שיף זאל חלילה ניט ארויף גיין אויף אשטיין, אדר איין שיף זאל זיך ניט אנשלאגין אן די צווייטע, זיי זאלין חלילה ניט אונטער גיין, אונ זאלסט זיי ברייגען לשלום צו זייער ארט וואו הין זיי פֿארין, דען דו ביסט איין ערבארמיגער פֿאטער וואס דו הערסט יעדענס תפֿלה. ברוך שומע תפֿלה.

---

1) אין „אוצר התורה" (בראשית דף ט) גידאנקען אויף די קריג פֿון די אונטערסטע האבין מיר געשריבין זייער אשיינעם וואסער אונ דעם צופֿרידין שטעלין וואס דער

## תחנה ליום שלישי (צו זאגן דינסטיג נאכן דאווענען).

יהי רצון מלפניך, עס זאל זיין דיין גוטער ווילין, הער פון דער וועלט וואס היינטיגען טאג (שלישי בשבת) האסטו צו גירכט אוואהנונג פארין מענשין, דו האסט גיהייסין אז אלע וואסערין זאלין זיך אויף זאמלען אין ים אונ עס זאל ווערין גיזעהען טרוקענע פלעצר, אויך האסטו גיגרייט אבופעט פאר דיינע בעשעפענעש, דו האסט בעפוילין די ערד זאל ארויס געבין אלע זארטין תבואות מיט אלע גרינסין אונ אלע פרוכט בוימער אונ יעדער קערענדיל זאל מען קענען ווידער פערפלאנצן, עס זאל ארויס גיין פון דאס ניי אבוים מיט צווייגין מיט פירות אונ אזוי ווייטער אונ ווייטער אן אענדע (ווער קען באטראכטין דיינע גרויסע וואונדער?), אזוי זאלסטו בענטשין מיר אונ כל ישראל מיט אלעם גוטעם, אונ מיין הויז זאל זיין אפין פיר אלע נויט בעדערפטיגע, ווי די הויז פון אברהם אבינו אונ די מוטער שרה, אונ אזוי ווי דו האסט גידאפילט אין דעם טאג צוויי מאל „כי טוב" אזוי זאלסטו אונז געבין די צוויי גוטע זאכין „גיזונד אונ פרנסה" פון דיין ברייטע היילינע האנד, מיר זאלין קענען מיט ארוהיגע קאפ דערצילן שטענדיג דיינע וואונדער, ווי דוד המע"ה זאגט שיחו בכל נפלאותיו, אמן.

## תחנה ליום רביעי (צו זאגן מיטוואך נאכן דאווענען).

יהי רצון מלפניך, עס זאל זיין דיין גוטער ווילין, הער פון דער וועלט, וואס היינטיגען טאג (רביעי בשבת) האסטו בעשאפין די גרויסע ליכט, די זון, די לבנה, די שטערין צו בעלייכטין פארין מענשן, אונ וויל די לבנה האט מקטרג גיוועזן (באליידיגט די זון) איז דער פאר איר ליכטיגקייט קלענער גיווארין, אונ דורך דעם איז חלילה גישיקט גיווארין שלאפקייט אויף קליינע קינדר, וויל דורך די עבירה פון לשון הרע וואס זי ווייזט ווי פינסטער דר מענש איז, ווערין צו גינומען חלילה קליינע קינדער וואס זיי זיינען די ליכט פון די אויגין (די אויגין אין קאפ). בעט איך דיר ערבארמיגער פאטער זאלסט אונז ערלייכטין די אויגין צו פארשטיין ווי אונווירדיג לשון הרע איז אונ מיר זאלין וויסין צו שעצין איינער דעם צווייטן, אונ טאמער וועט אונז איינער חלילה פוגע בכבוד זיין, זאלין מיר שטיל שווייגין, ווי די

---

מעשה אלפס ופרי הגפן

בורא האט זיי פסים גיוויזן, אז דערפאר וועט מען נעמען פון זיי זאלץ צו די קרבנות אין בית המקדש.

זון האט שטיל געשוויגען ווען די לבנה האט איר בעליידיגט (אין גיזאגט ווי קענען זיין צוויי מלכים אונטער איין קרוין), בזכות זה זאל אונזער מזל שיינען ווי די ליכטיגע זון, ווי דבורה האט גיזאגט אין איר שירה (ואוהביו כצאת השמש בגבורתו), אונ מיר מיט אונזערע קינדער זאלין נצול ווערין פון אלע מיני חלאים אונ עין הרע ר"ל, אונ די זון זאל זיין אהיילונג צו אלע אונזערע ווייטאגין אונ צו אונזערע שוואכקייט, ווי דו האסט אונז פערשפראכין דורך דיין היילינגן נביא מלאכי (וזרחה לכם יראי שמי, עס וועט אויף שיינען צו אייך גאטס פארכטיגע לייט (שמש צדקה ומרפא בכנפיה) די ליכטיגע זון וואס זי וועט אייך בריינגען גירעכטיגקייט אונ אהיילונג מיט אירע פליגלען, אמן.

## תחנה ליום חמישי (צו זאגין דאנערסטיג נאכין דאוונען).

יהי רצון מלפניך, עס זאל זיין אגוטער ווילין פאר דיר, טרייער פאטער פון הימל, וואס היינטיגען טאג (חמישי בשבת) האסטו בעשאפין פון וואסער מיליאנען זארטין לעבעדיגע ברואים. אלער האנד פויגלען, סיי די וואס פליהען נידעריג אונ סיי די וואס פליהען גאנץ הויך, עס זאל זיין אגוטע שפייז פיר דעם מענשין. סיי פון זייערע פלייש אונ סיי פון זייערע אייער, אויך אלע זארטין פיש פון ים אונ דעם גרויסין פיש (לויתן), אונ יעדער בעשעפענעם האט זיך אבעזונדערין טעם, דער זעלבער פיש פון זעלביגען ים ווען מ'פאנגט אים אין דער שטאט, האט ער אזא טעם אונ ווען מ'פאנגט אים אין אצווייטע שטאט, האט ער איין אנדער טעם. אונ אויך יעדער פויגיל האט איין אנדער נאטור, בכדי צו זיין אשפייז פיר דעם גייסט פון מענשין, ער זאל זיך לערנען פון יעדערין אמדה אדער אמוסר, ווי איוב זאגט (מלפנו מבהמות ארץ ומעוף השמים יחכמנו), ער לערינט אונז חכמה פון די נאטור פון יעדער בהמה, פון יעדער פויגיל (ווי אין פרק שירה איז ערקלערט דעם מוסר וואס יעדער בעל חי זאגט). דו האסט בעשאפין אזעלכע פיש, וואס ווען מען נעמט זיי ארויס פון וואסער שטארבן זיי גלייך, אויך האסטו באשאפין זארטין פיש וואס קענען לעבין אגוויסע צייט אן וואסער, ווען זיי האבין נור אין זיך אפייכטקייט פון וואסער, אבער ווען די זון גיט אויף זיי אבאק שטארבין זיי. דאס איז צו לערנען דעם מענשין, אז דער וואס האט זיין לעבינס מיטל צו גיגרייט אונ דארף ניט זארגין אויף חיונה, דארף שטענדיג זיין געדאנקען שווימען אין

מצות און תורה (וואס איז גיגליכען צו וואסער), און ווי ער שיידעט זיך אב פון דער תורה, אזוי איז ער ווי געשטארבין, אבער די בעלי מלאכות און די בעלי מסחר וואס דארפין זוכין זייער לעבינם מיטל, די קענען נימו ליגין שטענדיג אין וואסער פון דער תורה, נור זיי דארפין האבין אין זיך אפייכטקייט פון וואסער. ליב האבין די תורה און צייטין וויים מאכין זיך אקביעות צו תורה, אבער ווען די זון (די תשוקה צו הצלחת הזמן) גיט אויף זיי אבאק און זיי ווארפין די תורה הינטער זיך, דאן ווערין זיי גירעכינט חלילה ווי אב געשטארבין פון זייער חיות, ווייל די תורה איז דער חיות פון אידין, ווי מיר זאגין אין מעריב (כי הם חיינו ואורך ימינו). — אלזא ליבער הארציגער פאטער, זאלסט אוים וואשין אונזער הארץ מיט אונזערע אויגין מיט די קלארע וואסער פון דער תורה, מיר זאלין דער זעהען די אמתע וועג, און ליב האבין דיין הייליגע תורה, און עס זאל אויף אונז מקוים ווערין די ברכה פון יעקב אבינו (וידגו לרוב בקרב הארץ) מיר זאלין זיך מערין און גרויסען ווי די פיש פון וואסר, וואס שאדעט זיי קיין עין הרע, אלע אנטיסימיטען און שונאי ישראל, זאלין פאר שעמט ווערין קוקענדיג אויף אונזער הצלחה, עס זאל זיין אגרויסער כבוד פיר דיר, בעשעפער פון דער וועלט, און קעניג פון ישראל, אמן.

## תחנה ליום הששי (צו זאגין פרייטיג נאכין דאווגען).

יהי רצון מלפניך, עס זאל זיין אגוטער ווילען פון דיר, וואס היינטיגען (ששי בשבת) האסטו בעשאפין (פון די ערד) אלע וואונדערליכע חיות ובהמות און אלע ווערימלאך, און אם ענדע האסטו בעשאפין דעם מענשין מיט חכמה, דו האסט צו גיגרייט אלע זיינע שפייז און אלע הצטרכות נאכהער האסטו אים בעשאפן, צו וויזין אז ער איז דער רעכטער גאסט פון דער שמחה, ווי דר שטייגער איז אז עס איז אלעס פארטיג דאן לאדעט מען איין דעם גאסט, אויך האסטו אים מיט דעם גילערינט אמוסר ווי דוד המע"ה זאגט (אחור וקדם צרתני) דער שפעטסטער און דער ערסטער האסטו מיר בעשאפן, ווען דער מענש האלט זיך בגאוה און גייט אראב פון די גוטע וועג פון דער תורה, זאגט מען אים וואס איז מיט דיר אזוי דער יחוס, דער קלענסטער ווערימל איז בעשאפין גיווארין פריער פאר דיר, און יעדער איז אויף אים אהערשער, ווי מיטום הרשע בעת ער האט זיך גיגרויסט קעגין

השי"ת

הַשי"ת אִיז גִיקוּמֶען אַפְּלִיג אוּנ אִיז אִים אַרַיין גִיפְלוֹיגִין אִין דִי נֶעזְלִיכֶר אוּנ גִילֶעבֶּערְט דֶעם מוֹחַ1). אָבֶּער אַז עֶר אִיז זוֹכֶה, עֶר גֵייט אִין דֶרֶךְ הַיָשָׁר פוּן דֶער תּוֹרָה, אִיז עֶר דֶער עֶרְשְׁטֶער (דער הערשער איבער אלע ברואים). מֹשֶׁה רַבֵּנוּ אוּנ יְהוֹשֻׁעַ הָאבִּין בֶּעפוֹילִין דִי זוּן זָאל זִיךְ אָב שְׁטֶעלִין הָאט זִי זִיךְ אָב גִישְׁטֶעלְט אַגַאנְצֶען מֵעֵת לְעֵת. מֹשֶׁה רַבֵּנוּ הָאט בֶּעפוֹילִין אוֹיפִין יָם עֶר זָאל זִיךְ שְׁפַּאלְטִין הָאט עֶר זִיךְ גִישְׁפָּאלְטִין אוּנ דָאס גְלַייכִין, אוֹיךְ הָאבְּטוּ הַיינְטִיגֶען טָאג בֶּעשַׁאפִין דַיין פְרוֹי (חַוָה) דִי זָאל פַארְמֶערִיגֶען דַיין נָאמֶען דוּרְךְ דִי קִינְדֶער וָואס זִי וֶועט אִים גֶעבוֹירִין אוּנ דוּא הָאבְּסְט זֵיי גִיבֶּענְשְׁט מִיט דִיא בְּרָכָה (פְּרוּ וּרְבוּ וּמִלְאוּ אֶת הָאָרֶץ), אַזוֹי זָאלְסְטוּ עֶרְבַּארְמִיגֶער פָאטֶער מִיר אוֹיךְ בֶּענְשִׁין אַז אוּנְזֶער בָּנִין (פון מיר מיט מיין מאן) זָאל זַיין בִּיז הוּנְדֶערְט אוּנ צְוַואנְצִיג יָאהר, מִיט פִיל נַחַת דָאס מִיר זָאלִין הָאבִּין קִינְדֶער אוּנ אֵיינִיקְלַאךְ, וָואס זָאלִין עוֹסֵק זַיין אִין תּוֹרָה וּמִצְוֹת. וָואס צוּ דֶעם צִיעל הָאבִּין מִיר מְקַבֵּל גִיוֶועזֶען דִי הֵיילִיגֶע תּוֹרָה, וָואס אוֹיף דֶעם ווייזט דֶער ה' הַיְדִיעָה פוּן יוֹם הַשִּׁשִּׁי, אַז דֶער גַאנְצֶער קִיוּם פוּן דֶער וֶועלְט אִיז נוּר בִּזְכוּת הַתּוֹרָה וָואס זִיא אִיז גִיגֶעבִּין גִיוָוארִין דֶעם זֶעקְסְטִין טָאג אִין סִיוָן (חג השבועות). אוֹיךְ הָאבְּטוּ גִיבֶּענְשְׁט דֶעם טָאג, דוּ הָאבְּסְט צוּ גִישִׁיקְט אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערִין אִין דֶר מִדְבָּר פְרַייטִיג דָאפִּילְטֶע שְׁפֵּייז, אוֹיף הַיינְט אוּנ אוֹיף שַׁבָּת, צוּ לֶערְנֶען זֵיי, אַז דִי רוּהֶע פוּן שַׁבָּת מִינֶערְט נִיט קֵיין מֶענְשִׁין זַיין פַּרְנָסָה, עֶר גִיפִינְט זַיין מֶעסְטִיל מַן פוּן שַׁבָּת אִין אֵיינֶעם פוּן דִי וָואכֶענְדִיגֶע טָאג, בִּכְדֵי עֶר זָאל שַׁבָּת הַאלְטִין מִיט פֶערְגֶעניִגֶען אָן זָארְג. אַזוֹי זָאלְסְטוּ לִיבֶּער פָאטֶער אוּנז אוֹיךְ דָאפְּלֶען דִי פַּרְנָסָה מִיר זָאלִין קֶענֶען צוּ גְרֵייטִין סְעוּדוֹת שַׁבָּת בְּהַרְחָבָה, אוּנ הֶעלְף מִיר מִיט מַיין מַאן מִיר זָאלִין זִיךְ מְזָרֵז זַיין אַרָאבּ גֵיין פוּן גַאס פְּרִיה, פַאר דִי שְׁקִיעָה אוּנ מַאכִין פַארְטִיג אַלֶע צָרְכֵי שַׁבָּת פְּרִיה, עֶס זָאל זִיךְ חָלִילָה נִיט מַאכִין קֵיין שָׂטָן מְקַטְרֵג, מֶען זָאל חָלִילָה נִיט קוּמֶען צוּ חִלוּל שַׁבָּת, אוּנ הֶעלְף מִיר אִיךְ זָאל בֶּענְשִׁין לִיכְט אִין דֶער צֵייט, מְקַבֵּל זַיין דֶעם הֵיילִיגֶען שַׁבָּת בְּשִׂמְחָה מִיט אַפְרֵיילִיכֶע הַארְץ, אוּנ בִּזְכוּת כְּבוֹד הַשַּׁבָּת זָאלִין מִיר גִישְׁפֵּייזְט וֶוערִין בְּכָבוֹד, אוּנ קֶענֶען

---

מעשה אלפס

1) אָדֶער דֶער זִינְדִיגֶער מֶענְשׁ אַטְהֶעמְט עָלֵינוּ אַגְרוֹיסֶע קְרַאנְקְהַייט, ווִי דִי חַכְמֵי
אַרַיין אִין זִיךְ אַמִיקְרָאבּ אָדֶער הָרְפוּאָה שְׁרַייבִּין אוּנ אוֹיךְ דִי חַכְמֵי הַתַּלְמוּד
מַבְּאַצִיל, וָואס פַאר וֶועבְּט אִין אִים לֹא (ברכות ו) אַז דֶער נָאנְטֶער לוּפְט אִיז פוּל
נִימֹל (השלמה) מ"ם

טאן גמילות חסדים מיט לייטן, און מיינע קינדערלאך זאלן זיין געזונד און איך זאל זיי אויס האדעווען צו תורה און יראת שמים, און מיר זאלן אויס גילייזט ווערן און גיין מיט שמאלץ אין אונזער הייליגע לאנד במהרה בימינו, אמן.

## תחנה ונזכה ונחיה (צו זאגין גאנץ אפט נאך ובא לציון).

רבונו של עולם גוטער פאטער, איך וויים גאנץ גוט אז דו האסט בעשאפין דעם מענשין צו זייער אגרויסין ציעל, לעבין איין צווייגען לעבין אין גרויס פערגניגען, אבער צו דעם דארף ער זיך צו גרייטין אויס צירין זיך מיט די שיינע הערליכע צירונג פון די תורה ומצות. וואס מען איז מקיים אויף דער וועלט אין דעם קורצין לעבן, נור פון גרויסין טומיל. וואס מ'איז פארטראגין צו שפייזן די פאמיליע, פארגעסין פיל מענשין אן זייער גאנצין תכלית און ברייגגען אויס זייער לעבין נור אין הארעווען וועגין פרנסה, אלא בעט איך דיך ליבער הארציגער פאטער, זאלסט מיר געבין פערשטאנד דאס איך זאל היטען דיינע מצות אין די צייט פון מיין לעבין און דורך די תורה ומצות וואס מיר וועלין היטין, זאלין מיר זוכה זיין דער לעבין משיח צייט", וואס דאס איז די העכסטע גליקליכע צייט וואס איז בעשטימט פון דיר ליבער פאטער, צופירין דאס אידישע פאלק צום תכלית השלמות (צום ווירקליכען גליק), אז יעדער איינציגער זאל זוכה זיין צום העכסטע פערגניגן נאך זיינע מעשים נאך, דאן וועט די אידישע פאלק קומען צו איר גרויסין ציעל און מיט איר די גאנצע בריאה. אלע וועלין ערקענען דעם אמת מיטן יושר, עס וועט אויס גיין מלחמות, בלוט פערגיסונג, די צווייפיסיגע חיות (די חוליגאנגס) וועלין פערשטיין זייער אירטהום, און אלע וועלין לעבין צווישען זיך ליבליך, די הערצער וועלין ווערין פול מיט חכמה אין בעגייסטערונג, און דורך קליינע מיהע וועט מען קומען (דכר וואס וועט ווערט זיין) צו רוח הקודש און

---

מעשה אלפס

מיט שעדליכע ברואים, וואס די אויג קען ניט באמערקן פון קליינקייט און נאר בהשגחת ה' ווערט דער מענש פאר היט, ווי דוד המלך עליו השלום זאגט „יפול מצדך אלף ורבבה מימינך אליך לא יגש". און די נאר דער מענש הויבט אן צו האלטן זיך בגאוה און פאר געסין אן דעם בורא עולם, איז ער אין גיפאר גישעדיגט צו ווערן, סיידן ער האט זכות וואס איז מגין אויף אים, דער ווייל פארצערט ער דעם זכות אויף דער וועלט, און עס בלייבט אים נאר ניט אויף די אמתע וועלט.

נבואה, מ'וועט דינען דעם בורא ב"ה מיט גרויס פרייד און הרחבה, און אזוי וועט מען שטייגען העכער און העכער, ביז מ'וועט קומען צום גרעניץ, וואס פון אים וועט מען איבער גיין אין די קינפטיגע וועלט (דאס איז נאך תחית המתים און נאך דעם יום הדין הגדול), וואס דער בורא ב"ה וועט דאן משפטין די וועלט, וועלכע מענשין וואס האבין גיטאן פיל בייזע מעשים און גישטארבין אן תשובה וועלין בלייבין צו אייביגע שאנדע, און די וואס האבין גיטאן גוטע מעשים און אויף די ביסיל שלעכטע מעשים האבין זיי תשובה גיטאן, וועלין איבער גיין צום עוויגען פערגניגען. יעדער נאך זיין מדרגה ווי ער האט זיך אויף גיפירט אויף דער וועלט. די וועלט וועט דאן איבער גיארבעט ווערין אין אזא פארמא וואס פאסט צו די עוויגקייט, דארטין וועלין זיצין די צדיקים מיט גרויס פארכט און יעדער וועט גניסען די אונבעגרעניצטע פערגניגען וואס קיין פעדער איז אימשטאנד אויס צו שרייבן. יעדער נאך זיינע מעשים און נאך די הויכקייט פון זיין נשמה, און וועלין אלע שטייגן העכער און העכער. דרום בעט איך דיר גוטער פאטר, דו זאלסט מיר מיט מיין מאן און מיינע קינדער העלפין, ליב צו האבין דיין תורה און היטין אירע מצות יעדערע אין איר צייט, אום מיר זאלין אויך זוכה זיין צו דעם עוויגען גרויסין גליק במהרה, אמן.

## תחנה לשבח לאדון הכל (זאגין נאך אלם, איבער הויכם ראש השנה)

עלינו לשבח. אויף אונז אידין ליגט אפליכט (אחוב) צוא לויבין את גאט גרויס עהרע צום וועלט באשעפער, פאר דעם וואס ער האט אונזער טייל ניט פערגלייכט צו די פעלקער פון יענע לענדער (וואס גלויבין אז די מזלות גיבין זיי השפעה און פרנסה), און אונזער גורל (לאז, שיקזאל) האט ער ניט גיגעבין ווי יענע ערד-בעוויצער (וואס ליגין אין דומהייט) זיי *) בוקין זיך צו הבל וריק און בעטין ביי געטער וואס קענען זיך אליין ניט העלפין 1), אבער מיר (חיליגע פאלק ישראל) קניען און בוקין זיך

פנינים יקרים

1) די חכמים שרייבען, אז דעם שבח „עלינו לשבח" האט יהושע דער העכסטער תלמיד פון משה רבנו מתקן געווען, נאכהער ווי אידען זיינען אריבער דעם טייך „ירדן", און האבען איין גענומען דעם ערשטען קרעפאסט „יריחו", ווי האבען דאן געזעהן דעם אונטערשיעד פון אידען ביז די כנענים, ווי יודען זיינען די חיל פון דעם וועלט קעניג. זינט גאט האט זיי ארויס גענומען פון מצרים, פירט ער זיי ביי טאג

מים

*) די פעלקער פון יענע לענדער (וואו אונזערע אבות האבין גיוואהנט).

און דאנקען דעם קעניג איבער אלע קעניגע דער הייליגער גאט
געלויבט איז ער, ער איז דער קינסטלער וואס האט אליין אויס
געשפרייט דעם הימל און געגרינדעט די ערד, און הגם זיין הערליכער
קעניג שטול און זיין מאכטיגקייט איז אין די העכסטע הימלען, דאך
איז ער אליין אונזער פיהרער, אן מיטהעלפער, ווי אין דער תורה איז
געשריבען (וידעת היום) דערקען דם יעצט (מיטן ריינעם פארשטאנד) און נעם
דאס אריין אין הארצין, דאס דער באשעפער פון דער וועלט איז נור
השי"ת, ער אליין איז דער פיהרער. אויבען אין הימל און אונטען אויף
ד'ערד איז ער איינער, און מער קיינער.

## תחנה להעביר גלולים מן הארץ (צו זאגין גלייך נאך די פאריגע):

הארציגער פאטער, מיר האפין צו דיר וועהען אומגיזאמט דיין
הערליכע מאכט, דו זאלסט אב שאפין די געצינדינסט
פון דער וועלט און די פוסטע אידיאלען (וואס פיל יונגע מענשין אפפערין
זיך פאר זיי) זאלין פערניכטעט ווערין פאר די ליכטיגקייט פון אמת,
וואס וועט אויס שיינען אויף דער וועלט. אלע בני בשר וואס זיינען
אריין געטאן נור אין קערפערליכע תענוגים זאלין בעלויכטין ווערין מיט
אמונה ודעת, אז אויסער וואס זיי אליין זאלין זיך קענען בעהערשין
(גובר זיין דעם יצר הרע) זאלין זיי נאך, נאכטאן די מעשים פון אברהם
אבינו, בעקאנט מאכין דיין נאמען (און די ליכט פון דיין הייליגע תורה) אין
דער וועלט, עס זאלין זיך קערין און ווענדין צו דיר אלע רשעים,
וואס פערדארבין די וועלט, עס זאלין שוין ערקענען און וויסען אלע
וועלט בעוואוהנער, דאס פאר דיר דארף זיך בייגין יעדעם קניה,
(תשבע כל לשון) און צו דיר דארף זיין צו געשוואורין יעדעם צונג, (ווייל
יעצט אז די קעפ זיינען פאר שכורות און פערצאדעט פון שלעכטען צייט־
לופט (רוח הזמן), בוקט זיך יעדער צו איין אנדער זאך, דער בוקט זיך

---

פנינים יקרים

מיט איין „עמוד ענן" פאראויס (ווייזין די
וועג), און ביי נאכט מיט אזייל פון עלעקטרי
(צו בעלייכטן), און בעת זיי האבין גידארפט
אריבער געהן דעם ירדן, האבין זיי ניט
געברויכט קיין „פאנטאנע באטאליאן" צו
מאכין אבריק. נור די כהנים וואס האבין
געטראגין דעם ארון הקודש, ווי זיי זיינען
צו גיקומען צום ברעג ירדן און האבין נור
איין גיטונקט די פיס אין וואסער, האט
שוין דער ירדן גימאכט פיס און אבגיטראטין
די וועג (הירדן יסוב לאחור), די וואסער
פון ארויב שטראם איז אראב גילאפין און
די וואסער פון ארויף האט זיך אב געשטעלט,
ניט גילאפין אראב נור גיווארין ווי אהויבער

וואנד

צו געלט (צו די גאלדענע קאלב), דער בוקט זיך צו אליבע (צו די גלאנציגע עלבעלע פון די פליישיגע קאלב), זיינען די הערצער פול מיט תאות און דער צונג (וואס ער איז די פעדער פון הארץ, ער גיט ארויס וואס די הארץ טראכט), רעט אלעס וואס די הארץ גילוסט, אז די מוחות וועלין אבער ניכטער ווערין דורך דעם ריינעם גאטליכען לופט (רוח אלהים), וועט מען אוועק ווארפין די נארישקייט און זיך בוקין נור צו גאטליכע וויסענשאפט, און די הארץ וועט זיין צו גיצויגין מיט גרויס ליבשאפט צו גאט, וועט דער צונג זיין צו גישווארין צו גאט, כלומר, ער וועט גאר ניט קענען ריידין קיין פוסטע זאך, נור חכמת התורה ומעשים טובים). לפניך, פאר דיר גאט וועלין זיי זיך קניען און נעמען אויף זיך מיט צופרידענהייט דיין הערשאפט, און צו דיין הערליכען נאמען וועלין זיי עהרע געבין, דען די קעניגרייך איז דאך דיינע, און צו עוויגע צייטין וועסטו בכבוד רעגירען, ווי משה און ישראל האבין גיזאגט אין זייער שירה (ביים ים) „גאט וועט רעגירען אימער און עוויג". ליבער און טרייער פאטער, זאלסט מיר העלפין אז איך מיט מיינע קינדער זאלין דער לעבין צו די גליקליכע צייט, במהרה, אמן

## תחנה להלץ נפשי מצרה (ווען עס איז טרויעריג אויפין הארצין).

הארציגער פאטער! דו האסט מיר ביז יעצט גיהאלפין פון אלע מיינע ליידין, בעט איך דיר גוטער גאט, זאלסט מיר היינט אויך העלפין פון מיינע צרות וואס איך קען זיי פאר קיינעם ניט אנדעקין נור פאר דיר אליין. וואס דו ווייסט אלע פארבארגענעס פון הארצין. טרייער פאטער! שיק מיר דיינע גוטע מלאכים זיי זאלין מיר ארויס פירין פון מיינע טרויעריקייט, און מיר ארויף פירין אויף די רעכטע גליקליכע וועג, דאס מיר זאלין גישפייזט ווערין פון דיין הייליגע און ברייטע האנד, מיר זאלין ניט דארפין אנקומען צו

---

פנינים יקרים

וואנט, און איז אזוי נישטאנען ביז די גאנצע יודישע ארמיע (העבער אמיליאן מענשין) זיינען אריבער מיט ווייבער און קינדער אין דער טריקענעס, ווי דוד המלך זאגט: (מה לך) „הירדן תסוב לאחור"? וואס איז מיט דיר ירדן, וואס דו האסט זיך געצויגען אהינטער? פאר דעם הערען באשעפער פון דער וועלט (וואר זיין אנטווארט). נאכהער ווי די גאנצע יודישע ארמיע איז אריבער, זיינען די כהנים מיטען ארון הקודש צוריק ארויס פון ירדן. האט זיך דער וואסער אראב גילאזין און אנגעהויבען צו שטראמען ווי פריער, די כהנים מיטן ארון זיינען געבליבען אויף דער זייט און

אבינשינס גאב. און מיר זאלין ניט פארשעמט ווערין און שונאים זאלין ניט דערפרייט ווערין. איינציגער פאטער! בעהיט מיר מיט מיינע קינדער און כל ישראל פון אלע מיני צרות און פון עין הרע און יצר הרע, און שיינק אונז אריכות ימים אין גוטע אידישקייט, אמן.

## תחנה עשר זכירות (צו זאגין גאנץ אפט).

טרייער פאטער! דו האסט געשריבען אין דיין ליבע תורה מ'זאל שטענדיג געדיינקען די איניגע זאכין (דער גרויסער גאון ר' חיים יוסף דוד אזולאי" רעכינט אויס 10 זאכין), בעט איך דיר זאלסט מיר געבין פערשטאנד צו פארשטיין דעם גידאנקען פון דעם, און זאלסט מיר העלפין דאס מקיים צו זיין, ווייל דיינע מצות זיינען גוטע עצות צו פירין דעם מענשין אין גוטין וועג, ווי דוד המלך זאגט (גם עדותיך שעשועי) דיין תורה איז מיין פרייליכקייט, (אנשי עצתי) און דיינע מצות זיינען מיינע בעלי עצות (קייזערליכער סאוועט).

## א) זכירת יציאת מצרים.

מ'זאל שטענדיג געדיינקען דעם טאג, וואס השי"ת האט ארויס גינומען אידין פון מצרים, דיזע ערייגנונג ווארצילט איין אין הארצין, אז די וועלט האט אויערט וואס האט איר בעשאפין, און ער רעגירט איבער איר, היינו דער גרויסער שטויב וואס איז גיווארין איבער גאנץ מצרים פון ארויפין אש (פיח הכבשן, מכת שחין), ווייזט, אז ער איז אבורא יש מאין, ער בעשאפט די גרעסטע זאכין פון גאר ניט, — אז דורך זיין בעפעל זיינען צו שטארבין די פיש (מכת דם), ער האט אנגעשיקט אויף זיי דעם צפרדע-סקין קארפוס היל (מכת צפרדע), נאכהער פאלקין היל פון אלע זארטין חיות (מכת ערוב), נאכהער אגראמאדנעם היישעריג (מכת ארבה). דאס אלעס לערינט אונז, אז פון קלענסטין רמש (ווי כנים), ביז די גרעסטע חיות

---

פנינים יקרים

די יודין אויף יענעם זייט ירדן, האט זיך דער ארון מיט די לוחות אויף געהויבען אין דער הויך און אריבער געטראגען די כהנים (וואס האבין זיך געהאלטען אן אים) אין דער לופטין איבער'ן וואסער, ווי איין אדלער טראגט אריבער זיינע קינדער (צו טייטין אונז, אז דער וואס איז נושא בעול התורה, טראגט די אים אריבער אלע שטראמען). נאכן אריבער דעם ירדן האט מען נידארפט נעמען דעם נרעבטען קרעפאכט, יריחו'ס קרעפאכט וואר זייער אשטארקער (די גרעב פון מויער איז גיוועזן ווי די הויך), און אין קרעפאכט זיינען גיוועזן גרויסע גבורים, די זיינען ביי זיך פעסט

גיווס

ווערין אלע פערציטערט פאר זיין ווארט. — פון דעם גוס רעגין מיטן שטארקין האגיל פון די פייער מיטן שטורעם (מכת ברד). פון שטארקין מזרח ווינט, וואס האט גיבראכט אויף זיינע פליגלען דעם היישעריג און דער שטורעמדיגער מערב-ווינט וואס האט אים צוריק גיטראגין אין ים-סוף, לערנען מיר אז אונטער זיין האנד איז אלע אוצרות פון לופט. — פון דעם וואס דורך זיין ווארט זיינען גיקומען אויף זיי אלע נגעים, און דורך זיין ווארט זיינען אלע די מינות אב גיטראטין, זעהען מיר אז אין זיין האנד איז דער לעבין און דער טויט, און ער איז איינער און מער קיינער.

## ב) זכירת השבת.

דעם הייליגען טאג שבת (זאל מען שטענדיג גדיינקען), ער ווייזט, אז דער בורא האט בעשאפן די וועלט אין זעקס טעג, און דעם זיבעטין טאג האט ער אויף גיהערט צו ארבייטין און האט גירוהט, און פון דענסטמאל אן רוהט די וועלט ביז היינט. עס ווערט ניט בעשאפען קיין נייע בעשעפענעס (אין כל חדש תחת השמש). אפילו די קלענסטע פליגעלע. — אויך איז קיין קינסטלער ניט אימשטאנד צו בעשאפין אפילו אקליינע פליגעלע פון א פליג. דרום דארף מען אים גידיינקען צו הייליגען, ווען עס מאכט זיך אגוטע שפייז (וואס וועט נים מקולה ווערין ביז שבת) און עס קען זיין אז מ׳וועט דיא זאך מער ניט קריגען, דארף מען דאס צו גרייטין אפילו פון זונטיג אויף שבת, ווייזין די חביבות פון שבת, אויך ווען מ׳נעמט אן איין ארבייט, למשל, אפריעזדנער שררה גיט נייען וואס, און ער פארט אוועק שבת פריה, דארף מען אוים רעכענען אויב מען איז דאס אימשטאנד צו מאכין פארטיג ביז די שקיעה, אויב ניט זאל מען צו זעצין נאך איין ארבייטער, און אויב עס איז ניט מעגליך פארטיג ווערין ביז די שקיעה און מ׳וועט דארפין ארבייטען אין שבת, זאל מען דאס בעסער ניט אן נעמען, ווייל פון זונטיג אן דארף מען שוין גידיינקען די הייליגקייט פון שבת.

---

פנינים יקרים

גיזעען, אז קיינער וועט אזא קרעפאכט ניט נעמען, האבין זיי זיך פארשלאגין אין אים. און פון אויבען זיינען זיי געשטאנען גרייט אויף מלחמה.

אידין האבין אויך צו גינרייט זייערע גיוועהר צום שטרייט, מיינט איר אפשר אייננעלשע הארמאטין, אדער באמבעס? גיין, נאר אייזער זארט גיוועהר, מ׳האט זיך גינוסען

## ג) זְכִירַת מַעֲמַד הַר סִינַי.

דֶעם הֵיילִיגֶען טָאג, וָואס אִידִין זַיינֶען גִישְׁטַאנֶען בַּיים בַּארְג סִינַי מְקַבֵּל זַיין דִי תּוֹרָה. דָאס לֶערִינְט אוּנְז אַז דִי תּוֹרָה גֶעבִּין הָאט דֶער בּוֹרֵא עוֹלָם נִיט אֲנְגֶעטְרוֹיט אֲפִילוּ דֶעם בֶּעסְטִין מֶענְשִׁין וִוי מֹשֶׁה רַבֵּנוּ, מַאכִין אִים פַאר אַשָׁלִיחַ גֶעבִּין דוּרְךְ אִים דִי תּוֹרָה (אזוי ווי ער איז גיוועזן דער שליח פון השי"ת ביי יציאת מצרים), נוּר דֶער בּוֹרֵא אַלֵיין בִּכְבוֹדוֹ וּבְעַצְמוֹ הָאט עֶרְשַׁיינְט אוֹיפִין הַר סִינַי, פַאר אַגְרוֹיסֶע פּוּבְּלִיקֶע פוּן מִילְיָאנֶען מֶענְשִׁין אוּנ הָאט מִיט זֵיי פֶּערְזֶענְלִיךְ (פָּנִים אֶל פָּנִים) גִירֶעדט דִי עֲשֶׂרֶת הַדְּבָרִים (וואס אין זיי איז פעדרוויקילם גאנץ תרי"ג מצות), דְרוּם אַז עֶס וֶועט קוּמֶען אֵיינֶער אוּנ זָאגִין, אַז עֶר אִיז אַצְוֵוייטֶער מֹשֶׁה רַבֵּנוּ אוּנ גָאט הָאט אִים גִימַאכְט פַאר אַשָׁלִיחַ גֶעבִּין אַנַאיֶע תּוֹרָה, וֶועלִין מִיר אִים עֶנְטְפֶערְן, דִי עֶרְסְטֶע תּוֹרָה הָאט דֶען גָאט גִיגֶעבְּן דוּרְךְ אַשָׁלִיחַ? נוּר בִּכְבוֹדוֹ וּבְעַצְמוֹ, הַיינְט וֶוען עֶר וִויל אִיר בַּייטִין זָאל עֶר אַזוֹי גוּט זַיין אַלֵיין עֶרְשַׁיינֶען פַאר דִי גַאנְצֶע פָאלְק וִוי דֶעמְסְטְמָאל, דַארוּרְךְ בְּלַייבִּין מִיר שְׁטֶענְדִיג בַּיי דֶעם (אני מאמין שזאת התורה לא תהא מוחלפת), אַז עֶס וֶועט נִיט זַיין קַיין אַנְדֶער תּוֹרָה פוּן דֶעם בּוֹרֵא ב"ה (נאך דייטליכער איז ערקלערט גיווארין אין מעשה אלפס פירטע טייל זייטע 80).

## ד) זְכִירַת הַקְצָפַת אֲבוֹתֵינוּ בַּמִדְבָּר.

אִיךְ דֶער מָאן מִיט אַבִּיטֶערֶע הַארְץ אַלֶעם וָואס אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערִין הָאבִּין עֶרְצַארִינְט דֶעם בּוֹרֵא ב"ה אִין דֶער מִדְבָּר, אוּנ אִיבֶּער הוֹיפְּט דִי גִישִׁיכְטֶע פוּן עֵגֶל, אוּנ גֶעווִים דַארְף מֶען גִידֵיינְקֶען וָואס מְ'הָאט אַלֵיין עֶרְצַארִינְט דֶעם לִיבִּין גָאט פוּן יוּגִינְט אָן, אוּנ מְ'דַארְף חֲרָטָה הָאבִּין אוֹיף דֶעם, אוּנ פָארְזִיכְטִיג זַיין אוֹיף וַוייטֶער בֶּעסֶער צוּ זַיין.

## ה) מִצְוַת זְכִירַת מַעֲשֵׂה עֲמָלֵק.

אוּנ אִיךְ בִּין מְקַיֵּים דִי מִצְוָה, דֶער מָאנֶען וָואס עֲמָלֵק הָאט גִיטָאן אִידִין בְּעֵת זֵיי זַיינֶען אַרוֹיס פוּן מִצְרַיִם, וָואס דִי גַאנְצֶע וֶועלְט אִיז פַארְצִיטֶערְט גִיוָוארִין פַאר דִי גְרוֹיסֶע ווּאוּנְדֶער וָואס דֶער בּוֹרֵא

פנינים יקרים

גינוּמֶען מַכִין זַיין צוּם קָרְבַּן פֶּסַח וָואס טָאר נִיט מַאכֶען דֶעם קָרְבַּן פֶּסַח אֵידֶער עֶר
מְ'דַארְף אִין 4 טֶעג אַרוּם מַקְרִיב זַיין (דֶעם אִיז אִים מַל. הָאבִּין זִיךְ אַלֶע גִינוּמֶען צוּ
יַרְדֵן אִיז מֶען אַרִיבֶּער דֶעם צֶענְטִין נִיסָן) דֶער מִצְוָה (בְּרִיתוֹ שֶׁל אַבְרָהָם אָבִינוּ).
אוּנ וַוייל עֲרֵלִים טָארִין נִיט עֶסִין דֶעם קָרְבַּן נָאכְהֶער הָט מֶען גְמַאכְט דֶעם קָרְבַּן פֶּסַח מִיט
פֶּסַח, אוֹיךְ דֶער וָואס הָאט מַל צוּ זַיין אַקִינְד גְרוֹיס פַארַאד, אוּנ אַזוֹי וִוי דֶעם [illegible]

[illegible]

האט גיטאן פון אידינס וועגין אין מצרים, אונ אלע האבין גיהאט פאר זיי יראת הכבוד (עהרעפורכט), איז גיקומען עמלק אונ אן גיפאלין אונ גימאכט אמלחמה צו ווייזין די וועלט, אז ער גלויבט ניט אין קיין זאך, הגם ער האט גיחאפט זיין פסק, אבער דער ווייל האט ער אריין גיווארפין שלעכטע זאמען (זרע עמלק) אין די לייכטזיניגע מענטשין, אב שוואכין אין זיי די אמונה, דארפין מיר דאס גידיינקען אוים צו מעקין פון הארצין די זרע עמלק, די שלעכטע זאמען וואס עמלק האט פארזייט אין די שוואכע בעלי אמונה, אונ אז דער בורא וועט אונז העלפין, מיר וועלין זיין אין אונזער לאנד אונ מיר וועלין האבין דעם מלך המשיח, וועלין מיר פאר פירין מיט אים אמלחמה אוים צו מעקין זיין נאמען פון דער וועלט.

## ו) זכירת עונש מרים.

ליבער פאטער, איך וויל מקיים זיין, וואס דו האסט גישריבען אין דיין תורה, מיר זאלין גידיינקען וואס האט פאסירט מיט די צדקת מרים, בעת אידין זיינען גיגאנגען פון מצרים האט זי אמאל גירעט פאר אהרנ'ן אויף איר ברודער (משה רבנו), וואס ער האט זיך פון מתן תורה אן אב גישייד פון זיין פרוי צפורה, האט זי אים (משה רבנו) גיוואלט פאר גלייכין צו אלע נביאים, וואס זיי זיינען ניט אב גישיידעט פון זייערע פרויען, הגם זי איז דאך גיוועזען עלטער פון אים, אונ האט אים ליב גיהאט. זי האט דאך איין נישטעלט איר לעבין פאר אים (בעת מיהאט אים גיווארפין אין טייך) אונ משה רבנו האט דאך ניט מקפיד גיוועזען אויף דעם וואס זי האט אים באליידיגט, פון דעסט וועגין איז איר ניט גישוינט גיווארין, אונ זי איז גישלאגין גיווארן מיט צרעת. היינט ווי זאל איך ניט פערציטערט ווערין, ווען איך דער מאן זיך פיל מאל האב איך גירעט לשון הרע אויף מיין גלייכין אונ אויף וויכטיגערע מענשין פון מיר אונ אויף גאר גרויסע לייט, ווי ווייט דער עונש איז. אלוא ליבער פאטער העלף מיר איך זאל פון היינט אן

פנינים יקרים

פון מצרים (וואס קיין עבד האט ניט גיקאנט ארויס גיין פון דארטן) האבין אידין גיבראכין מיט די גיווער פון דם מילה ודם פסח אונ זייגען ארויס פון אים, דאס נייכען האט מען דא לעבין יריחו גיפראוועט דם מילה ודם פסח אונ ימים די גייסטליכע גיווער האט מען זיך גענומען צום קרעפאסט, מהאט אים אלע טאג ארום גערינגעלט. די כהנים מיט דעם ארון הקודש פאראויס, נאכהער די גאנצע יודישע ארמיע, גענויס האבען

אב היטין מיין צונג פון אלע רייד וואס מען טאר ניט און וואס עס פאסט ניט. מיין צונג זאל זיין אריינגע כלי צו לויבין דיין נאמען, אמן.

## ז) זכירת יהוה אלהים.

איך וויל מקיים זיין, וואס דו ליבער גאט שרייבסט אין דיין הייליגע תורה, דער מענש זאל ניט זאגין, אז מיין קראפט און מיין שכל האט מיר גיגעבין מיין רייכטהום. ניין מיין קינד, עס איז דא קליגערע און מער בריות פאר דיר און האבין קיין ברויט ניט (לא עלינו), דיין הצלחה איז נור ווייל השי"ת האט דיר גיגעבין קראפט און מאכט אין די הענט און שכל אין מוח, און מיט זיין ווילין האט ער גיקערעוועט די רעדעלע עס זאל זיך דיר גוט אריין גיסען. אלזא דארף מען דאנקען און לויבין השי"ת און מ'דארף טאן צדקות און גמילות חסדים צו אלע מענשין, ווייזין אז מ'איז אגוטער גבאי אויף די געלט, וואס השי"ת האט ביי מיר איין גילייגט, און ווען ער וועט צופרידין זיין פון מיינע גבאות וועט ער האלטין ביי מיר דיא הצלחה אויף ווייטער און ווייטער. אמן.

## ח) זכירת המן עומר לגלגולת (צו בעטין פרנסה).

רבון העולמים ואדוני האדונים, מלך המלכים דער קעניג איבער אלע קעניגען, דו פארלאנגסט אין דיין ליבע תורה, אמענש זאל אפט דער מאנען, דו האסט גיפירט אונזערע עלטערין אין דער מדבר 40 יאהר, וואס פאר די מענשליכע אויג איז גאר ניט מעגליך גיוועזן זיי זאלין דארטען קענען לעבין איין וואך, וואו נעמט מען ברויט און וואסער פאר מיליאנען מענטשין אין אוויסטין מדבר? און מיט דיין חסד האסטו גיוויזין, אז אן ברויט קענסטו אויך שפייזין, דו האסט זיי גיגעבין אלע טאג אפרישינקע שפייז פון הימל (דעם מן) וואס איז צו גאנגען אין אלע גלידער און האבין גישפירט אין אים אלע טעמים (וואס איינער האט נור גיוואלט), צו לערנען אונז מיט דעם, אז ווי נור דער

---

פנינים יקרים

האבין די גבורים פון יריחו וואס זייגען נישטאנגען אויף'ן קרעפאסט זיי געקוקט אין די אויגען, און אנדערע האבין פילייכט נאך געמאכט לצנות פון זיי. אויף'ן זיבעטין טאג עד די זיבעטע הקפה האט די גאנצע יודישע ארמיע מיט איין מאל, געשאלין „אתרועה גדולה", דאס ווייזט אויף די פעסטע אמונה אין די רייד פון דער תורה. אז איר הבטחה געבין דאס איז קומען עפעס אונז די לאנד, איז ביי זיי זיכער. גלייך

מענש האט גיטאן דאס זייניגע וועגן פרנסה, איז הגם עס איז גאר קיין אויסקוק ניטא „מאין יבא עזרי"? פון וואנען זאל קומען די הילף? זאל ער ניט אנווערין דעם האפענונג פון השי"ת אונ חאפין חלילה אגראשין וואס מ'טאר ניט, היינו גנבה, גזלה, קויפן גנבות חלילה, האנדלען אום שבת, ניין, חלילה וחלילה, ער דארף וויסין „היד ה' תקצר? איז דען גאטעס האנד קורץ? „עזרי מעם ה' עושה שמים וארץ" מיין הילף וועט קומען פון השי"ת. וואס מיט זיין ווארט האט ער באשאפין הימל אונ ערד מיט מיליאנען ברואים אונ שפייזט אלעמען, בודאי וועט ער מיר אויך צו שיקען מיין שפייז. ווי ער האט גישריבען אין דער תורה (וברכך בכל אשר תעשה) ער וועט שיקען די ברכה אין אלעם וואס דוא וועסט טאן, אונ ווי באלד איך האב דאך גיטאן, איך האב אשטיקעלע עסק אין ערליכען פאך, איז שוין דא איין ארט וואו די ברכה זאל חל זיין, וועט ער בודאי שיקען ברכה והצלחה, איך זאל גישפייזט ווערין בכבוד, ניט אן רירין חלילה אפרעמדין גראשין, נור פאר קערט טאן נאך צדקות אונ גמילות חסדים מיט אלעמען ווי וייט מעגליך, אמן.

## ט) זכירת ירושלים.

רבון העולמים, אונזערע עלטערין האבין צו גישווארין צו אונזער הייליגע לאנד, בעת דער בית המקדש איז חרוב גיווארין אונ די זיינען גיגאנגען אין גלות אונ האבין זיך גישיידעט מיט איר (אם אשכחך) אויב איך וועל דיר פאר געסין ליבע ירושלים, זאל איך פאר-געסין אן מיין רעכטע האנד, דאס הייסט זי זאל חלילה אב גינומען ווערין, אז איך זאל גאר ניט שפירין אז איך האב אהאנד. אלזא ליבער פאטער העלף מיר צו גידיינקען אונזער ליבע מוטער ירושלים אויף אלע מיינע שמחות, ביז וואנען מיר וועלין זוכה זיין צו זעהען איר

---

פנינים יקרים

ווי דער קרעפאכטץ איז שוין ביי זיי אין האנד, אונ זיי שאלין שוין אתרועת נצחון, איז גליך דר מויער איין גיזונקען גיווארן אין ד'ערד, אונ עס איז געווארין פאר זיי פריי די וועג צו גיין. די משנה שרייבט (אין ברכות פ"ט) אז ווער עס קומט אויף דעם ארט דארף געבין אשבח והודאה צום בורא ברוך הוא. יהושע האט וויסט געמאכט די שטאט יריחו אונ האט גיגעבן איין באפעל, אז מ'זאל איר קיין מאל ניט אויף בויען, ווייל זי איז גיוועזען דער רעכטער געסט פון אלע געצין דינער, אונ דארטין האט ער מתקן גיוועזען דעם גרויסין שבח „עלינו", אז מיר דארפין דאנקען דעם גרויסען הער פון

אין פרייד בעת אירע קינדער וועלין זיך אום קערין אין איר שוים, בִּמְהֵרָה בְּיָמֵינוּ, אָמֵן.

## י) זְכִירַת מַעֲשֵׂה בִּלְעָם וּבָלָק.

טרייער פאטער, דו האסט אונז גיזאגט דורך דיין הייליגען נביא מִיכָה, מיר זאלין דער מאנען די געשיכטע וואס בָּלָק (דער קעניג פון מואב) האט אויף גיקלערט אפלאן וועגין אידין, רופין בִּלְעָם'ן זיי שילטין, אונ בלעם האט גיקאנט צו טרעפין די רגע וואס השי"ת איז צארינדיג (אלע טאג), אונ וואלט חלילה אין די שלעכטע מינוט זאגין „כַּלֵּם" (פאר לענד זיי), האט השי"ת גיטאן חסד אונ די גאנצע צייט האט ער ניט גיצארינט, האט בלעם גימוזט ענטפערין בלק'ן (מַה אֶזְעֹם) ווי קען איך צארענען אויף אידין אונ שילטין זיי (לֹא זָעַם ה') אז גאט צארינד ניט, דען עס איז פאר אים דורך אוים איין עת רצון, איז ער גיבליבין אנאר אונ אבעל עולה, אונ אנשטאט שילטין האט ער זיי גימוזט בענטשין אונ איז אוועק מיט בזיונות פון בלק'ן. דארפין מיר גידיינקען ווי וייט די חסדים פון השי"ת איז גרוים מיט אונז, אונ אזוי בכל דור ודור וואס שטייען אויף אנטיסימיטין בלעמ'ס תלמידים צו שילטין אידין, זאלסטו גוטער גאט אומקערין זייערע קללות אויף ברכות, אונ אזוי זאלסטו אונז מציל זיין פון אלע שונאים, סיי וואס ווילין אונז שלאגין מיט די הענד אונ סיי מיטן מויל, אונ זאלסט ברייגען אויף אונז ישועות ונחמות במהרה, אמן.

## תְּחִנָּה וּשְׁמוֹר נַפְשְׁךָ מְאֹד (פאר היטין אליין די איינענע נשמה).

ערבארמיגער פאטער! איך ארימע פרוי, ארים אין מעשים טובים אונ רייך אין זינד, צובראכינער שארבין, פארוועלקטע בלום, מיט אצובראכענע הארץ אונ מיט ווארימע טרערין קום איך בעטין פאר דיר גרויסער הייליגער גאט, דו וואלסט

---

פנינים יקרים

דער וועלט וואס מיר זיינען געפאלין אין זיין גורל, אונ דער פאר איז דער שבח אזוי טייער געבליבען ביי אידען. אז די אנשי כנסת הגדולה האבין אים אריין גישטעלט ראש השנה אין שמונה עשרה אין „מלכיות" וואס דער בורא פערלאנגט, מיר זאלין ראש השנה זאגין פאר אים „מלכיות" בכדי מיר זאלין אים מאכין קעניגען אויף אונז, אונ דאדורך וועט ער אונז דער מאנען צו אגוט יאהר, דארום איז די תחנה פון „עלינו" זייער אטייערע, מ'דארף איר זאגין מיט גרוים כונה.

מיר געבין אַ לב טהור (אריינע הארץ) מיט אגוטין ווילן (אפעססין מוטה), איך זאָל זיך פעסט בעשליסען, אוים צו מיידין די טריט פון די רשעים וואָס ווייכין אוים דיין תורה אונ גייען אין פינסטערע וועגין וואו זייערע תאוות שלעפין זיי (דרך רשעים באפלה), אונ דער טרינקען מיט דעם זייער נשמה, ווי דוד המע"ה זאָגט (אשרי האיש) גליקליך איז דער מענש (אשר לא הלך בעצת רשעים) וואָס ווייכט אוים די עצות פון רשעים (וואס זיי ראטהען צו גיין אין זייער וועג), (ובדרך חטאים לא עמד) אונ אין די וועג פון די זינדיגע מענשין איז ער ניט גישטאַנען, (ובמושב לצים לא ישב) אונ אין די קאמפאניעס פון לצים, קארטען שפילער, אָדער אזוי אויפקלייבין זיך באלעמוצען אונ מאכין לצנות איז ער ניט גיזעסין, (כי אם בתורת ה' חפצו) נור איך זאָל חשק האָבין צו גיין אין די ריכטיגע וועג פון דיין תורה. אונ העלף מיר, אז ווען איך האָב נור צייט (ווען איך האב אב גיטאן אלע נייטיגע ארביים פון נאם אונ פון שטוב) ובפרט שבת ויו"ט זאָל איך זיך ניט אוועקזעצין שמועסין פוסטע רייד, נור לייענען הייליגע קלוגע ספרים וואָס ווארימען אויף די הארץ מיט הייליגע גפיהלען, ליב האָבען דיין הייליגען נאָמען אונ ליב האָבען די וואָס ווייסין דיין תורה אונ טוען גוטעס, אונ זיי לערנען צו וויסין אלע דינים וואָס א אידישע טאָכטער מוז וויסען, סיי אין אדין אונ סיי אין דרך ארץ א), ובזכות זה זאָל מקוים ווערין אויף מיר וואָס דוד המלך זאָגט ווייטער (והיה כעץ שתול) איך זאָל זיין ווי אבוים וואָס איז גיפלאנצט

שערי ציון

א) דער ספר סוכר השכל שרייבט פון פיל הייליגע ספרים, אפרוי וואָס וויל זיין גיטריי דעם מאן אונ וויל פארדינען דעם נאָמען „העכסט ערענטליכע פרוי" דארף זי נעמען אויף זיך די זאכין: א) זי זאָל גיין ארום זיך ריין ציכטיג, ניט פארשמירט. עס מעג זיין איינפאכע, אלטע געמיינע קליידער נור ריין אונ נאנץ (פאר גייט), אונ אזוי אויך אכטונג געבין, די קינדער זאלין זיין ריין אונ נאנץ. — ב) אין שטוב זאָל זיין אוים גיקערט, אויף גיראמט. די בלים צושטעלט אויף זייערע ערטער. — פוילקייט אין אהויז, איז איין אונגליק אין הויז, דאָס ווערט צו שטאכין, דאָס צו טראכין, דאָס צו ביסין, דאָס צו ריסין, זיסט, מאכט מען זיך אן סאקע קראנקייטין דעריבער מוז זי אכטונג געבין עס זאָל זיין די ווירטשאפט אין ארדנונג. — ג) זי זאָל זיך היטען פון איבעריגע רייד פון פלוידערין, ווארום נארישע רייד, גיבען ניט צו קיין חן, שלמה המלך זאָגט, אז ווייניג ריידין מאכט אנארין אויך פאר אחכם. — ד) ביי אנויט, ווען דעם מאן איז איינג, זאָל זי אים צופיל ניט דערמאנען וועגין וואָס עס פעלט. — ה) אז איר פעלט עפעס אין געזונד, זאָל זי עס ניט פערנרעסערין, אונ ניט דיעסין זיך אן היילען מיט דאקטורים, אָדער ווי היינט איז אריין אין מאדע, נור עפעס פארען אין אויסלאנד אין א באד. ווייל חוץ וואָס מבריינגט אוים געלט אוים

בײ אקוואל וואסער, וואס ער גיט זײן פרוכט אין דער צײט און די צווייגען וואס מ'נעמט פון אים (אײן צו פלאנצין אין א צווייטין ארט) איז גיראטין מיט גרויס הצלחה, אזוי זאל איך זוכה זײן צו האבין גוטע דורות וואס גאט און לײט זאלן זיך מיט זײ פרייען, אמן:

# תחנה שלשה שערים.

די תחנה איז גיגרינדעט אויף דיא 3 מצות, וואס זײנען איבער גיגעבין צו די פרויען, דער נאמען פון זײ איז חנ"ה דאס הייסט: חלה, נדה, הדלקה, און אזוי ווי אונזער מוטער חנה האט גיבעטין בײ השי"ת, אז בזכות די 3 מצות, וואס זי האט אב געהיט פינקטליך, ווי די תורה האט גיבאטין א), זאל השי"ת איר מזכה זײן מיט אזוהן. און השי"ת האט צו גיהערט איר תפלה, און האט איר גיגעבין א ווינכטיגען זוהן שמואל הנביא, וואס ער איז גיוועזן ווינכטיג ווי משה ואהרן צו זאמען, ווי דוד המלך זאגט (משה ואהרן בכהניו ושמואל בקוראי שמו), אזוי אויך די פרוי וואס וועט אב היטען די דרײ מצות ווי גיהעריג איז, זאל השי"ת איר מזכה זײן גוטע קינדער און אגרינגע געמיטה, אמן.

---

ראשון לציון

א) ווי די חכמים זאגען (ברכות לא). ר' אלעזר זאגט די 3 מאל אמהך (בעני אמתך, ולא תשכח את אמתך, ונתת לאמתך) וואס חנה האט געזאגט אין איר תפלה בעדײט: רבונו של עולם, דו האסט גענעבען די פרויען 3 מצות, חלה, נדה, הדלקה, וואס

שערי ציון

אמתע, נור מדארף זיך אום רוהען און אב היטען. — ו) אויב דער מאן איז עפעס אונגערעכט מיט אווארט, זאל זי עם פאר בײ לאזען, אמאנס בעם געדויערט אקליין ווײלע, ער וועט באלד אליין פאר שטיין זײן אונגערעכט און וועט זי איבער בעטין. — ז) זי זאל פאר אים אין די אויגען ניט לויבען קײן אנדער מאנספערזאן, דער איז קלוגער, דער איז נאנץ שײן. — ח) אז ער איז אין אײן אונגליק חלילה, זאל זי אים ניט בעשולדיגען און ניט ארויף וואַרפען אויף אים אומזיסטע חטאים. — ט) ניט ארום לויפען אין פרעמדע הײזער און ברײנגען אהיים נײע ידיעות, פון קליידער, פון מעביל, פון צירונג.

י) בעסער דאוונען אין דער היים אלײן פאר גאט, איידער גײן אין שול בעטראכטען יענעמס פעריל, יענעמס צירונג און קומען צו קנאה צו לשון הרע חלילה. — יא) צדקה זאל זי ניט טײלען פיל אן מאנס ידיעה, און זאל זיך אויף די ארעמע לײט ניט בײזערין. — יב) אז דער מאן וויל עפעס ניט אויס זאגין, זאל זי אים ניט ארײן קריכען אין לעבער ארײן, ער זאל איר דווקא אויס זאגין, (זי זאל זיך דער מאנען דעם גרווא בטען משל פון האן). — יג) אז עם קומט אײנער פון זײנע פרײנד, זאל זי אים אויף נעמען מיט כבוד, מיט אפריינדליכע מינע.

איך נעם צו הילף דעם לעבעדיגען גאט ברוך הוא, וואס ער לעבט אימער אונד עוויג, אונ שרייב די וויכטיגע תחנה „שלשה שערים" מיט גרויס פריינדשאפט צו אונזערע טייערע שוועסטער די אייניקלאך פון אברהם יצחק ויעקב, שרה רבקה רחל ולאה, אונ מיט גרויס עהרין פורכט (יראת הרוממות) פאר השם יתברך שמו. אונ מיט גרויס גיבעט, אז ער זאל שוין רחמנות האבין אויף מיר אונ אויפ'ן כלל ישראל, מיר זאלין ניט דארפין זא לאנג נע ונד זיין (ארום וואלגערין זיך אין גלות), ער זאל אונז שוין ענטפערין ווי ער האט גיענטפערט אונזער פאטער יעקב, וואס צוליב די שנאה פון זיין ברודער עשו איז ער נעבעך גיוועזן פאר וואגילט פון זיין היילגע לאנד אונ פון זיינע עלטערין 22 יאהר, אונ בזכות אונזער קעניג דוד וואס צייט שמואל הנביא האט אים גיזאלבט פאר א מלך ביז וואנען ער איז ארויף אויפ'ן קעניג שטול, (אמשך פון 18 יאהר) איז ער גיוועזן נע ונד אין אלע מדבריות, געיאגט פון שאול המלך אין טויט שרעק, ווי די וועלט זאגט. „אז מ'איז געיאגט פון א קעניג איז די וועלט אייגג". זאל זיין זכות מגין זיין אויף אונז. אז נאך די 18 הונדערט יאהר וואס מיר זיינען נע ונד אין גלות אין טויט שרעק, זאל דער בורא אונז שוין אום קערין אין אונזער לאנד מיט אונזער מלוכה במהרה. אמן:

---

**שערי ציון**

יד) זי זאל זיך ניט וועלען פירען, העכער איידער זייער פערמעגין איז, בפרט היינטיגע צייטען, אז דער לוקסוס האט זיך איבערגעבריי טעט, דער פיהרונג איז אן אחשבון, קען מען חלילה אריין אין אגרויסען אונגליק ווי די וועלט זאגט: „אז מ'לעבט אן אחשבון, שטארבט מען אן אצדיט". טו) קינדער זאל זי ערציהען אין פרומקייט אונ איידילקייט, ווען איינער ניט זיי עפעס, זאלען זיי זאגען אדאנק, אונ ערקלערען אז א ברכה וואס מען מאכט אויף שפייז איז דאס אדאנק דעם עווינגען אויף די שפייז וואס ער האט בעשאפען, דרום זאל זי לערנען די קינדער אברכה, אונ אב היטען אז זיי זאלען ניט עסען אן המוציא, אן א ברכה. טז) איהרע רייד זאל זיין שטיל רוהיג, אן כעס, אן רוגז, אן קולות, בפרט אויף די דינסטען שרייען, פאסט נעווים ניט, זי מעג אוים רעכענען, אז קיינער ווייס ניט וואס היינטערין פלייציגע שטייט, אז איר קינד וואלט חלילה דינגען, וואלט די נעוים וועלען מ'זאל איר בעהאנדלען גוט, אזויא איז יענע אויך אבינד פון עלטערען אונ מ'דארף איר אויך בעהאנדלען גוט.

**ראשון לציון**

וואס ווען זיי זיינען חלילה עובר אויף זיי, שטייען זיי אין סכנה בעת געבוירען דעם קינד, האב איך דאך דאס אב געהיט ווי א טרייע „אמה" (דינסט), דארפסטו בזכות זה אויף מיר רחמנות האבען אונ מיר געבען אקינד.

---

איידער מיר וועלין שרייבין די תְּחִנָּה פון חַלָּה, רעכענען מיר פאר נייטיג צו ערקלערין, וואס איז דאס חַלָּה פאר אזא גרויסע מִצְוָה וואס אלע היילינגע ספרים מאכין אזא פאראד פון דעם? אויך דער מדרש שרייבט אז דער ב׳ פון בְּרֵאשִׁית איז גלייך ווי עס וואלט שטיין (בשביל ראשית) צוליב די זאכען וואס הייסין „ראשית" האט דער בורא בעשאפין די וועלט, היינו די תורה הייסט „ראשית דרכו", אידין הייסן „ראשית תבואתו" און די מִצְוָה פון חַלָּה הייסט „ראשית" (ראשית עריסותיכם חַלָּה תרימו) איז חַלָּה איינע פון די 3 זאכין וואס צוליב זיי האט דער בורא בעשאפען די וועלט, וואס איז דאס פאר אזא גרויסע זאך? מאכען א ברכה אויף א שטיקעל טייג און אריין ווארפין אין אויבין פארברענן, זאל דאס זיין אזא גרויסע מִצְוָה? און מיט די ערקלערונג וועלין מיר שוין פאר שטיין די וויכטיגקייט פון „נדה" און „הדלקת הנר" אויך.

מיר האבין דא, דער מאנט אז דער נביא ירמיהו רופט אידין (ראשית תבואתו) די ערסטע און בעסטע סארט פון אלע פרוכט פון גאטעס וועלט (די פרימע, די קרוין סחורה), אונזערע עלטערין האבין ערקענט דעם בורא. בעת די וועלט איז נאך האלב ווילד גיוועזען, אברהם אבינו איז גיוועזען דער ערסטער וועלכער האט גימאכט ערקענען אלעמען, אז עס איז דא א בעשעפער, ווי דער מדרש שרייבט אז די געשיכטע פון אברהם איז ווי א רייזענדער האט גיבלאנזעט אין א פינסטערע נאכט, ער האט די וועג ניט גיטראפין, פלוצלונג האט ער דער זעהען א שיין פון פייער איז ער נאך דעם שיין נאך גיגאנגען ביז ער איז גיקומען צו א הויז, ווי ער האט נור די טיר גיעפינט איז איהם שוין ליכטיג גיווארין אין די אויגען. ער זעהט פאר זיך א פראכטיגע הויז, — דער סופיט איז געפאקאסטירט דונקיל בלאה, אין סופיט איז אריין גיצויגען פיל גאזע פלאמען, אין מיטען צווייא גרויסע פלאמען עלעקטרעשע, אויף די פענסטער גארדינען, פון דרויסין לאדינס, אין הויז זייער א גישמאַ־ער לופט, די דילין איז באצויגען מיט טייערע דיוואנס, אין די ווינקלען שטייען גרויסע וואזאנעס, צום הויז איז דא א גארטין, א וואלד־אטיך, אלע זארטין עופות, בהמות, אין הויז איז דא פערשיעדענע פריפאסין וועלכע נייטיג איז. פון אלע זאכין איז קאנטיג דאס דא וואוינט א רייכער ווירט, מיט קאפ און גרוים חכמה איז אלעס גיארדענט, קיין ווירט זעהט ער אבער ניט, ער זעהט נור קינדער שפילען זיך אין פאפקעס און ליאלקעס, רופין די פאפקע מאמא און די ליאלקע פאפא. ער פרעגט ביי זיי וואו איז דער ווירט? ווייסען זיי ניט וואס צו ענטפערין, ער טראכט וואו איז ער דא אין דער וועלט? איז דאס מעגליך אזא גרוים ארטיגע הויז, זאל זיך פירין אהן א ווירט, אפשר ווארפט ניט אוועק קיין קינדער, — ווי ער גייט ארום אזוי פארטיפט אין געדאנק, האט פאר איהם ערשיינט א הערליכער גראף און זאגט צו אים: איך בין דר ווירטה און דאס אלעס וואס דו זעהסט האב איך אליין מיט מיינע הענד געריכטעט. אליין גיבויט אליין גיפלאנצט אליין

באלויבטין, אונ דאס זיינען מיינע קינדער וואס איך וויל זיי גליקליך מאכין אויף עוויג, ווען זיי זאלין נור פארשטיין ווי צו פירין זיך, ער איז שרעקליך ערשטוינט געווארין פון די חכמה פון דעם גראף אוים צו שמרזיען אליין אזא פאלאץ מיט אלע בעקוועמליכקייט. אונ ווי ער האט ערקענט אויף איהם אז ער איז פול מיט חסד אונ רחמים, איז ער זייער צו גיקלעפט געווארין צו איהם, אונ האט אן גיהויבין צו ערקלערין די קינדער זיי זאלין אוועק ווארפין די פאפקעס מיט די ליאלקעס אונ צו לייגין דעם מוח צו באטראכטין די חכמה נפלאה פון זייער פאטער, אונ פלייסען זיך, זיין גיהארכזאם, פאלגען אלעס וואס ער לערענט זיי צוא זייער גליק. אונ ווען אז אין אלע זייערע טהאטין זאל זיך אב שפיגלען, אז זיי שטאמען ארוים פון אפאטער אזא חכם אונ אזא אדעל.

דער ביישפיל דאס איז אונזער פאטער אברהם, ער האט גיבלאנדזעט. וויל זיין פאטער תרח איז גיוועזן אנגעצין דינער, אונ דיא גאנצע דינסט האט דאן געשפילט די ראלע. אברהם האט אנגפאנגען די וועג נים געטראפען, ער האט גיקלערט אויף די זון, די לבנה, אפשר איז דאס גאט, נור זיין געזוכטער פארשטאנד האט דאס איהם ניט געלאזט גלויבין, ער האט זייער פיל גיהארעוועט, גיטראכט, גערייכט ווי צו דער גיין דעם אמת, וועד עם האט באשאפין די גרויסע וועלט, אונ אויך די קליינע וועלטיל, דאס איז דער מענש וואס ער האט אין זיך די כחות פון די גאנצע נאטור, אונ צו וואס פיר אצעל דער מענש איז באשאפין גיווארין? איז דען מעגליך אז זיין תכלית איז נור ווי אבהמה צו עסין אונ טרינקען אונ לעבין אטאג, אז זיינע טעג זאלען זיין ווי די בלעטלאך פון קאלאנדאר, וואס זיי עקסעסטירן נור בעת דר טאג איז דא, נאכהער ווי דר טאג פארגייט, פליקט מען זיי אב אונ מען טרעט זיי אונטער די פים, אזוי זאלין אוועק גיין דעם מענטשינס טעג? אויב אזוי, איז ער דאך אונגליכער פאר די בהמה, די בהמה באקומט דאך אידר שפייז אן מיהע, אידרע קינדער גיפוירט זי אונ האדעוועט אן מיהע, אן שמערצין, אידר שרעקט נים אב די אונגליקען וואס קענען מארגין זיין, אונ דער מענש איז אין אלעס דער הפוך — דיזע גידאנקען האט אים נים גילאזין קיין רוהע, ער האט נים גיגעסין נים גיטרונקען, נור גיזוכט דעם אמת, נאט האט צוגיזעהען זיין ריינע הארץ מיט זיין מיהע, אז ער וויל וויסען דעם אמת, האט ער אין איהם אריין גישיינט אשטראל פון אמת ואמונה. איז ער צו גינאנגען נעהנטער צו דער זאך, ער האט דערזעהען די וועלט מיט אידרע גרויסע ארדענונגען, אלעס אב גישטימט פינקטליך צו דער צייט אין וואג אונ אין מאס, ער האט דערזעהען די צוויי עלעקטרישע פלאמען וואס בעלייכטין דיא וועלט. דאס איז די זוהן מיט די לבנה. דער הימל מיט די שטערין ווי גאנצע פלאמען, דר שאטען צו פארשטעלין די היץ ווי גארדינען, די פינסטערע נאכט ווי לאדינם, דר ניעקאקטער לופט איבעראל, די ערד איז באדעקט מיט פעל, שיידענע שפראצונג

און געוואוקס, אין דיא ערד געפינט זיך פערשיעדענע מעטאלען, יעדער מין בעשעפענעס מיט זיין נאטירליכען פארשטאנד ער זאל קענען עקזעסטירין. דיא ימים מיט די ברואים וואס אין זיי, דער וואלקען מיט זיין רעגין אלעס גיוואגין און גימאסטין ריכטיג.

אברהם איז געוועזן דער גרויסער פהילאזאף האט ער אנגיפאנגען קלערין איז דאס מעגליך אזוי אגרויסע וועלט, יעדער זאך קינסטליך געארבעט און אלעס ניי ווי היינט גימאכט, זאל ניט זיין איינער וואס האט דאס אלעס געאָרדענט, און פירט די גאנצע ווירטשאפט, עס איז אונמעגליך צו גלויבין. ער זעהט אבער די מענשען פון דער וועלט פארשטעהן גאר ניט, זיי פארנעמען זיך גאר מיט פאפקעס און ליאלקעס (בית די געצין דינסט). ער האט זיך אזוי פיל פארטיפט אין גידאנקען ביז גאט האט זיך צו איהם באוויזען בנבואה, און זאגט איהם: איך בין דער ווירטה פון דער וועלט, איך בין דער באשעפער און דער פיהרער, און אלע מענטשען זיינען מיינע קינדער וואס איך האב זייא באשאפין צוא אגרויסען ציעל.

אט יעצט האט אברהם ערקענט זיין בעשעפער און האט באמערקט וואס פארגעניגן הייסט, אז די אלע פארגעניגען פון דער וועלט הייבט זיך גאר ניט אן קעגין די איין מינוט פארגעניגען וואס דער מענש ווערט אויס גיטאהן פון קערפער און איז זיך מתדבק צו גאט, ווי ער האט יעצט געשפירט ביי זיך אין די צייט וואס ער איז גיוועזן אויס גיטאהן פון גשמיות און גירעט מיט גאט. האט ער פון דענסטמאהל אן, זיך אנגיהויבען אלעס וואס מעגליך איז אב שיידען פון די גראבהייט פון חומר, וואס ער איז נור ווי אבהמה און זעהען אלעס פארגלייכען זיך צו די מהאטין פון השי"ת, וואס ער איז די קוועלע פון חסד, האט ער אויך אנגיפאנגען צו טאהן חסד מיט אלעמען ביז וואנען ער איז גיווארין דער חסד אליין (חסד לאברהם) און ניט נור איינפאכע חסד, ווי באהילפיג צו זיין יעדערין קערפערליך, נור איבערהויפט גייסטליך מאכין אלעמען ערקענען דעם נאמען פון דעם באשעפער און דעם פירער, דאס אלע זאלען וויסען אז עס איז דא אגאט וואס האט באשאפין דעם הערליכען פאלאץ (די וועלט) און ער איז דער פיהרער פון דער וועלט. די אלע לעקציאנען וואס ער האט באלערינט די וועלט האט אים גיקאסט גוט און בלוט, האב און גאב. ווייל נמרוד'ן מיט זיין כוויטע האט דאס זייער ניט גישמעקט, האבין זיי איהם שטארק רודף גיוועזן, און נאכהער גיווארפין אין קאלך אויבין, און ער האט זיך פעסט גיהאלטען ביי זיין געדאנק, און איז ניט מיד געווארען אום צואנדערין אין דער וועלט פאר שפרייטין זיין הויכען אידיאל, ביז גאט האט איהם גיהאלפין אז ער האט באלויכטין אגרויסען טייל וועלט און אלע זיינע פיינדע זיינען אונטער אים גיפאלין.

דאס זאגט יוסף הנביא אין נאמעס נאמען (זכרתי לך חסד נעוריך) איך דערמאן

דיר ישראל דיין יוגענד געוועזע, בעת דער יודענטהום האט זיך אנגעהויבען אקארשט צו ענטוויקלען וואס דיין פאטער אברהם האט מיט מיר (גאט) חסד געטהאן מיר באקאנט צו מאכען אין דער וועלט. (אהבת כלולותיך) אויך געדיינק איך די ליבע פון דיין האכצייט דאס איז די צייט וואס זרע אברהם האבען געשלאסען פרטיא מיט השי"ת אוועק ווארפען אלע גלולי מצרים און דינען נור דעם גאט פון אברהם און מקבל געווען די תורה על הר סיני. (לכתך אחרי במדבר) אויך געדיינק איך דיין טרייהייט מיט דיין איבער געבונג צו מיר, אוועק ווארפין אזא פרוכט-בארע לאנד ווי מצרים (כגן ה' כארץ מצרים), און גיין נאך מיר אין דער וויסטע (בארץ לא זרועה, אויף איינעם ערד באדען, וועלכער נאך ניטאלס קיין זאכען געשפראנגען האט), (קודש ישראל לה') פיר דאס אלעם וועסטו ביי מיר זיין א היילינגטהום ווי דיין פאטער אברהם. וועלכער האט דער ערסטער פארשטאנען וואס דער אמת'ר פארגעניגען איזט, און איז צופרידען געווען צו זיין מיין הויז לעהרער צו לערנען אלע מענשען די אמתע וועג, אזוי וועט איהר (די גאנצע פאלק ישראל) ביי מיר זיין הויז לעהרער, צו באלערנען אלע פעלקער די אמתע וועג פון לעבין, צו פארענדיגען די פובליצירונג דאס נאטהייט (פשלת התכרזה) וואס אייער פאטער אברהם האט אנגעהויבען.

אויף די היסטאריע באציהט זיך די דריי מצות פון די פרויען, ווייל זי איז די עקרת הבית, פון די יודישע הויז, ווי דער תלמוד זאגט (שבת ל"ב, ראשית קראתי אתכם על עסקי ראשית הזהרתי אתכם), ווייל איר זייט ביי מיר די קרוין פון מיין וועלט, וואס איהר דארפט מיט אייערע טהאטין באלייכטין, פארשיינען און באלערנען אלע מענטשען פון דער וועלט. — נור ווי אזוי איז דאס אבער מעגליך, אז אלע יעדען זאלען שטיין אין אזו אהויבע מדרגה זיין לעהרער פאר דער וועלט, צו מאכען די גאנצע וועלט פאר גאטעס גארטען? (כרם ה' צבאות). די באשעפטיגונג וועגען לעבנס-מיטל פארנעמט דאך די גרעסטע טהייל צייט, און די ביסעלע צייט וואס פארבלייבט, וואו איז דער יצה"ר אין דער וועלט? וואס הייסט זיך פארגלייכען, צו מאנבע פעלקער פארברייגען אין טעאטערין און קארטען שפיל, און מיט אזא פיהרונג קען מען דען זיין אליכטיגקייט פאר דער וועלט? דרום האט השי"ת אב געשייד פון אונז דעם שבט לוי, ער זאל ניט נעמען קיין חלק אין ארץ ישראל, און זיין חלק האבין די איבעריגע עלף שבטים גינומען צו בעארבייטען און איהם געבין אלעם פארטיגע, אום איהם צו בעפרייען פון אלע קערפערליכע טרדות. ער זאל זיין פריי נור צו תורה ומעשים טובים, דאפיר וועט ער מיט זיין תורה וואס ער איז אב גילייגט אויף דעם זיין גאנצין לעבין, בעלערנען די גאנצע פאלק, אז די פאלק אין איהרע רוהיגע צייטין זאל זי איהם נאך טאהן, קערין זיך צו גאטעס דינסט, ניט נאך צו טאן די הבלי האומות, און האט אונז אן גיזאגט, אז אלע ערשטע זאלען מיר געבין דעם כהן. איך מאך פארטיג די תבואה אריין צו שיטען אין זאק, אין מאגאזין דארף איך די ערשטע (תרומה ומעשר) געבין דעם כהן ולוי, ווען דאס די פרוי פון כהן, פון לוי צו מאלין און אים באקען ברויט, און פאר

די

די יונגע כּהנים ולוים וואס לערנען אין ישיבות (חער ווען זיי פארטיג מאכין די ברויט)? אויף דעם האט די תורה גיהייסען די מצוה פון חלה, היינו ווען מ'קנעט אטייג פון 6 פונט זאל מען אב שיידין אפערטיל פונט (1 ½ טייל) אום באקן אחלה'לע פאר'ן ישיבה מאן, אבעקער וואס באקט 10 פוד דארף אב שיידען 8 2/5 פונט (1,48 טייל). אום באקען אונ אריין שיקען אלעבעל ברויט פאר די ישיבה לייט 1), צו דעם תכלית, אז זיי זאלין זיין רוהיג פון אלע טרדות הזמן נור צו תורה ומעשים טובים. דאדורך וועט די גאנצע פאלק קענען זיין „ממלכת כהנים וגוי קדוש", אז אלע אומות זאלען קענען גיין פאר זייער שיין, צוא ערקענען דעם באשעפער,

מעשה אלפס

1) לבד די איבעריגע מתנות וואס די תורה האט פארארדענט צו געבין די כּהנים אונ לוים, 5 טאלער פון פדיון הבן. אטייל וואל אז מען שערט די שעפסין (ראשית הגז), אז מ'קיילעט א בהמה דארף מען אים געבין א חלק פלייש, בכדי די כּהנים ולוים זאלין האבין זייער לעבענס-מיטל בכבוד, זיי זאלין זיין רוהיג צו לערנען בהתמדה נאטעם תורה אונ זאלען נאכהער קענען לערנען מיט'ן כלל ישראל שבת ויו"ט. נור ווייל דער עיקר איז דאך ברויט אין א שטוב, דרום רעכינט דער מדרש תרומה אונ חלה. —די מצוה פון חלה געמען האט אין זיך נאך א טייערין גידאנקען, אזוי ווי תרומה ומעשרות וואס לערנען דעם מענשין אז אלע זיינע קנינים איז אמתנת אלהים (אנאטעם נאבע), דער בורא איז דערווירט פון דער וועלט, ער גיט דעם מענשין לעבען אונ פרנסה, אונ אן דעם רצון הבורא העלפט ניט קיין שתדלנות, אזוי וויא מען האט אונז געוויזען אין דער מדבר ביין מן, אז דער וואס האט גילייגט השתדלות אונ גענקליבען אסך מן האט קומענדיג צו הויז ניט געפונען מעהר ווי איין עומר לגולגולת, אונ ביי עבודת האדמה זעהט יעדערער שיינבאר, אז דיין גאנצע מיהע פון אקערין אונ זייען קען נאר ניט געבן, ווען עס זאל ניט זיין דערביי נאטעם נאבע, רעגן אונ נוטע לופט, אונ אום היטונג פון אלע פגעים, ווי היישעריגען אונ ווערים אונ ד. ג., דרום ווי עס ווערט פארטיג די תבואה (אויסען פעלד אדער די דרוקנ אויסען בוים) דארף ער די ערכטע בכורים פירען מיט שמחה אין בית המקדש, ווי דער ארים (וואס ארבעט אנארטין פון א נראף צו נעמען אטייל פון די פרות) טראגט די ערסטע פרוכט צום נראף. נאכהער ווי ער נעמט אראב, דארף ער געבין אחלק צו גאט תרומה ומעשרות, דאס זאל אים אין פליהען טיף דעם גידאנקען אז אלעם וואס ער נעמט אראב פון די פעלדער איז נאטעם נאבע, אום זיין הארץ זאל זיין ווייך אונ אדעל צו באנוצען מיט דעם נאך נאטעם וואונש, צו טהאן גוטעם זיך אונ אלע מענשין. —דער פאבריקאנט ווייס דאך אבער זיינע מאטריאל! השי"ת ווייס דאך די הארץ פון מענשין, אז בעת ער איז נאך ניט זיכער מיט דער זאך (עס זאל זיין געווים זיינע) דיינקט ער טאקע צו טאהן מיט דעם גוטעם, אבער נאכהער אז ער האט שוין אריין געקראגין, שטעלט זי אים פאר אז דאס איז זיינע נור זיינע, אונ דער עווינער איז שוין נאר קיין מחותן ניט מיט דעם, אונ ער האט שוין בילכערע זאכען אויף וואס צו פארברייגען זיין געלט, נאך צו געבין זיין תאוה אונ זיין לוקסום מיט די נאוה, אונ דיין הארץ ווערט שוין הארט ווי שטיין, דאס גלייבען די תבואה וואס איז שוין אום געהיט געווארען פון אלע אומשטענדע (ווי היישעריגען אונ ד. נ.) אונ ער האט איר שוין אריין גענומען אין אוצר (מאגאזין), מיינט ער אז עס איז שוין נאר זיינע. אויף דעם קומט די תורה מיט די מצוה פון חלה געמען אן צו מערקן דעם מענשען, אז אפילו בעת די תבואה איז שוין ביי דיר

רֶעם פִּידְרֶער פוּן דֶער וֶועלְט. נוּר וַוייל הַיינְט זַיינֶען מִיר מִיט דִי כֹּהֲנִים טְמֵאִים, וָואס זֵיי טָארֶען דִי חַלָּה נִיט עֶסִין, נֶעמְט מֶען נוּר אַכְּזַיִת אוּנ מְ׳פַארְבְּרֶענְט, בִּכְדֵי דֶער גִידַאנְקֶען פוּן חַלָּה נֶעמֶען זָאל בַּיי אוּנְז נִיט פַארְגֶעסֶען וֶוערִין, אוּנ מִיר זָאלִין אִיהם עֶרְפִילֶען דוּרְךְ אַנְדֶערֶע מִיטְלֶען וִוי שְׁטִיצֶען תּוֹרָה אוּנ מַחֲזִיק זַיין יְשִׁיבוֹת — א).

יֶעצְט פַאר שְׁטֵיי אִיךְ, וָואס אַנְגֶעווִיסֶע צִדְקָנִיּוֹת פְּלֶעגְט זִיךְ נוֹהֵג זַיין, אַז גְלַייךְ וִוי זֵי פְּלֶעגְט אַריין וַוארְפֶען דִי חַלָּה אִין אוֹיבֶען, פְּלֶעגְט זֵי זָאגִין: מְ׳דַארְף מַאכֶען אַהַלָּה׳לֶע פַאר דֶעם יְשִׁיבָה-מַאן. הָאבּ אִיךְ נִיט פַארְשְׁטַאנֶען וָואס גִיהֶער זִיךְ דָאס אֵיינֶע צוּ דִי צְוֵוייטֶע? יֶעצְט פַארְשְׁטֵיי אִיךְ, אַז עֶס הָאט אַגְרוֹיסֶע שַׁייכוֹת, וַוייל אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערִין הָאבֶּען גִיוואוּסְט דֶעם אִידִיאַל וָואס לִיגְט אִין חַלָּה נֶעמֶען, אוּנ וִוי בַּאלְד יֶעצְט אִיז דִי חַלָּה אוּנ דִי כֹּהֲנִים טָמֵא (אוּנ עֶס גֵייט לִשְׂרֵפָה) קוּמְט דָאךְ דִי מִצְוָה נִיט צוּ אִיר תַּכְלִית, דְרוּם הָאט זֵי גְלַייךְ גִימַאכְט צוּם עֶרְשְׁטֶען אַיין הַלָּה׳לֶע פַאר דֶעם יְשִׁיבָה מַאן. וִוי דִי צָרְפַתִית מִיט אֵלִיָּהוּ הַנָּבִיא (מ"א יז), פְּרִיעֶר הָאט זֵי גֶעמַאכְט פַאר אִיהם אַקוּכִין, נַאכְהֶער פַאר זִיךְ מִיט דִי קִינְדֶער.

יֶעצְט טַייעֶרֶע שְׁוֶועסְטֶער בֶּטְרַאכְט וִוי דִי מִצְוָה פוּן חַלָּה נֶעמֶען מַאכְט דִי יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער טְרֵיי צוּ אִיהר רֶעלִיגְיָאן, דָס קְלִינְגְט אִיהר אִין אוֹיעֶר: „אַךְ מֶענְשׁ" דוּ מֶענְשׁ! וִוי טַייעֶר עֶס דַארְף בַּיי דִיר זַיין דַיין לֶעהְרֶער, וָואס לֶערִינְט דִיר גָאטֶעס וֶועג, אַז וֶוען דוּ בַּאקְסְט בְּרוֹיט זָאלְסְטוּ גְלַייךְ בַּיין קְנֶעטֶען דֶעם עֶרְסְטֶען בִּיסֶען מַאכֶען פַאר דַיין לֶעהְרֶער, נַאכְהֶער פַאר זִיךְ, אָה וִוי דֶער הֵיילִיגֶער גֶעדַאנְק הָאט אוֹיף דִיא יוּדִישֶׁע פְרוֹי גִיווִירְקְט צוּ עֶרְצִיהֶען אִיהרֶע קִינְדֶער נָאךְ דֶעם גֶעשְׁמַאק פוּן דִי לִיבֶּע תּוֹרָה, אוּנ אָנְצִינְדֶען זֵייעֶר לִיכְט מִיט דֶעם פַייעֶר פוּן דֶער תּוֹרָה וָואס אוֹיף דֶעם בַּאפֶערְקְט דִי מִצְוָה פוּן לִיכְט בֶּענְטְשֶׁן, וִוי אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים זָאגֶען (ברכות יז)

מעשה אלפם

אִין שְׁטוּבּ, דוּ הָאסְט שׁוֹין צוּ מָאלֶען אוּנ נֶעקְוָאטֶען אוּנ דוּ דֶיינְקְסְט אַז דוּא בִּיזְט שׁוֹין גָאר זִיכֶער מִיט אִיהר, זָאלְסְטוּ דַאן אָבְּשֵׁיידֶען אַשְׁטִיקֶעלֶע צוּ לִיבּ נָאטֶעם בַּאפֶעל, בִּכְדֵי דוּא זָאלְסְט דֵיינֶקֶען, אַז אֲפִילוּ אִין דַיין הוֹיז וָואס דוּא בִּיזְט אַ בַּעַל הַבַּיִת אִין אִיהר אוּנ רַאסְפְּרַאדְזֵייעֶסְט זִיךְ דָארְטֶען מִיט דַיין אֵיינְגֶענֶעם ווִילֶען, בִּיזְט דוּ נָאךְ אַלֶעם בַּיי נָאט אִין הַאנְד, אַלֶע וַוייְלֶע קֶען עֶר צוּ נֶעמֶען בַּיי דִיר דַיינֶע אַלֶע קִנְיָנִים, (עֶס קֶען חָלִילָה פוּן זֵיי וֶוערִין וִוי פוּן דֶעם כַּזַיִת חַלָּה וָואס דוּ הָאסְט אַרַיין גֶעוָוארְפֶען אִין פַייעֶר, וֶועלְכֶער וֶוערְט אִין אַקְלֵיין וַוייְלֶע אַשׁ אוּנ רוֹיךְ), אוֹיבּ דוּ וֶועסְט נִיט ווִיסֶען וִוי צוּ בַּאגֵיין זִיךְ מִיט דֶעם, אוּנ דִי צַייט וָואס דוּ הָאסְט דָאס, אִיז דָאס נוּר גָאטֶעס נַאבֶע, צוּ בַּאנוּצֶען צוּ בֶּעשְׁטִימְטֶען צִיעל. טָאהן זִיךְ נוּטְעס אוּנ לַייטֶען, (ד"ר הִירְשׁ בְּס׳ חוֹרֵב, דְבַשׁ וְחָלָב תַּחַת לְשׁוֹנֵךְ).

שערי ציון

א) דִי מִצְוָה פוּן שְׁטִיצִין דִי וָואס הָארֶעוֶוען אוֹיף תּוֹרָה מִיט אַיין אֱמֶת (וָואס צוּ דֶעם צִיעל קוּמְט דִי מִצְוָה פוּן חַלָּה) אִיז אַזוֹי הָאכְגִישֶׁעצְט, אַז הֲגַם בַּיי קֵיין מִצְוָה טָאר מֶען נִיט פְּרוּבִין דֶעם בּוֹרֵא בָּרוּךְ הוּא, אָבֶער בַּיי דִי מִצְוָה פוּן הַחֲזָקַת תּוֹרָה הָאט הַשֵּׁי"ת גֶעזָאגְט דַייטְלִיךְ דוּרְךְ דֶעם נָבִיא מַלְאָכִי "וּבְחָנוּנִי נָא בְּזֹאת" פְּרוּבִירְט מִיר מִיט דֶעם. אִיר שְׁטִיצְט תּוֹרָה, אוּנ דִי וָואס הָארֶעוֶוען אוֹיף אִיר צוּ קֶענֶען אִיר לֶערְנֶען דָאס פָּאלְק, זָאלִין הָאבֶּען זֵייעֶר לֶעבֶּענְס מִיטֶל בְּכָבוֹד, וֶועט אִיר זֶעהן אַז אִיךְ וֶועל אֵיךְ עֶפֶענֶען דִי פֶענְסְטֶער פוּן הִימְל אוּנ רֶעגֶענֶען מִיט פַּרְנָסָה בִּיז גֶענוּג.

נשים במאי זכיין" וואס איז דער עיקר זכות פון די פרויען? מיט דעם וואס זייא ברייגגען אראפ די ליכטיקייט פון דער תורה צו זייערע מאנען און קינדער, דער גאטליכער פהילאזאף דער בחינת עולם שרייבט, אז דר מענש מיט די תורה איז אגעטליכע ליכט אויף דער וועלט, דער קערפער איז אגעפלאכטענער קנויט און די נשמה איז די בוימעל, און די תורה איז דער געטליכער פונק, אז דער פונק קומט צו זאמען און באהעפט זיך מיטין לאמפ, ווערט פול דיא אידישע הויז מיט ליכטיקייט, אז זי זאל עוויג עקסעסטירען אויף די וועלט, און נאכהער אויף די עוויגע וועלט, און אונטער וועמעס האנד ליגט דאס? נור אונטער דיא פרויא וואס זי איז די ווירטין פון שטוב און די געהילף פון מאן, איהם מזרז צו זיין, בעת ער קומט פון זיין ארבעט און זי דערלאנגט איהם שפייז, און ער רוהט זיך אביסיל אוים, דאן דארף זי איהם אויך געבין גייסטליכע שפייז פיר זיין זעלע, און זאגען פריינדליך: זעהע מיין ליבער מאן נעם אווילע אספר אין האנד, לערין אליין, הארך וואס די קינדער האבען גילערינט אין חדר צו ווייסען זיי? עס זאל אונזער מיהע ניט גיין לאבוד. און וויא ווייט אגוטע פרוי קען ווירקען מיט גוטע רייד אויף איהר מאן, איז גאר ניט אוים צו שרייבען, ווי דר חכם זאגט (אשת חיל עטרת בעלה) אקלוגע נאטס-פארכטיגע פרוי איז די קרוין פון איהר מאן, (חכמות נשים בנתה ביתה) די קלוגע פרוי בויט איהר הויז, זי צינדעט אן די געטליכע ליכט. די ליכט פון שבת וואס דאס באדייט אויף די עוויגקייט (ליום שכולו שבת) צינדעט זי אן ביי איהר אין הויז, אז עס זאל לייכטען אימער אונד עוויג. ווער עס איז קלאהר אונזער היסטאריע ווייס וויפיל פרויען האבען אריין גיבראכט געטליכע ליכטיגקייט אין בית ישראל, די קלוגע און שיינע רחל דעם אידישען מיליאנערים (כלבא שבוע'ס) טאכטער האט גימאכט אויפשיינען אגרויסען שטערען דעם תנא ר' עקיבא מיט פיר און צוואנציג טויזענד קליינע שטערען אויף יודישען הימעל, ביי אונזער מוטער שרה'ם האט גיברענט די ליכט (פון שבת) פון שבת צו שבת, כלומר, די ליכטיגקייט פון דער תורה, וואס זיי האבען מזרז גיווען זייערע מאנען עוסק צו זיין אין דעם טאג פון שבת (בעת דער מענש איז אוים גירוהט) האט גימאכט מוטה און פליים צו שיינען א גאנצע וואך (וואס מען איז מאגבע טאל פערטומען). ניט אום זיסט האט דער בארימטער חכם גיגליכען די תורה צו א אשת חיל, ווייל א אשת חיל איז איינע פון די טייערסטע אנטיקען אין דעם וועלט אוצר. דאס איז די כונה פון אונזערע חכמים (נשמה שנתתי בכם קרויה נר) די נשמה וואס דער בורא האט גיגעבין אין מענשין הייסט "נר", ווי דר פסוק זאגט (נר ה' נשמת אדם) די נשמה פון מענשין איז גאטעס ליכט. אליכט דארף האבען א קנויט, ד. ה. די נשמה דארף האבען אקערפער. און מען דארף איהר ליכטיג מאכן מיט פייער, אליכט אן פייער איז פינסטער, די פרוי דארף אן צינדען די ליכט פון שבת, אז עס זאל שיינען, דאס באמערקט איהר אז איהר פליכט איז אריין צו ברייגגען

דעם

דעם אור התורה אין איהר מאנס אונ קינדער'ס ליכט, ווייל ווען איהר מאן אונ קינדער זיינען אן תורה איז זייער ליכט אן פייער.

מיר זאגין נאך קבלת שבת (במה מדליקין ובמה אין מדליקין), אז די ליכט וואס דארפין ברענען שבת דארפין זיין געמאכט פון אזעלכע בוימיל אונ קנויטען וואס דער פייער זאל זיך האלטען אן זיי אונ ברענען העל אונ ליכטיג, ווען אבער די בוימעל איז ניט קיין ריינע אונ דער קנויט איז ניט פיהיג אז דער פייער זאל זיך אן איהם אן האלטען, דאס קען מען ניט באנוצען אויף שבת, ווייל אם ענדע וועט מען בלייבען זיצען אין דער פינסטער, אונ ווי (דער בחינת שלם שרייבט) אז דער קערפער מיט די וועלע פון מענשין דאס איז דער קנויט מיט די בוימעל וואס דער פאבריק פון זיי איז די מוטער (זיי ווערין ענטוויקעלט אין מוטער לייב), אויב די פאבריק ארבעט ריכטיג ווי דער מייסטער האט איינגעארדענט דאן קומט ארויס דער קנויט מיט די בוימעל ריין אונ פיין, אז דער פייער זאל זיך לייכט אן נעמען אונ ברענען העל אונ קלאר. דאס איז ווען די פרוי היט אב איהר ריינטליכקייט נאך דעם ארדענונג פון דער תורה, וואס זי שרייבט (ויקרא ט"ו) והזרתם את בני ישראל מטומאתם, איהר זאלט אב ציהען די יודישע קינדער פון די אונריינטליכקייט. דאס איז איין אויפמערקזאמקייט, אז די יודישע טאכטער איז נאהענט צו איהר מאנאטליכען פלוס, זאל זי שוין זיין באזונדער, נאכהער ווער רעט די גאנצע צייט פון פלוס דאס איז דאך געפערליך פיר דעם קערפער אויך. אם ענדע ווי דער פלוס הערט אויף, דארף זי מאכין איהר אב צוג, אונ אן ציהען ווייסע וועש אונ ציילין 7 ריינע טעג, היינו אלע טאג זיך בודק זיין (אונטערזוכין) פריה אונ פארנאכט מיט אווייסע זאך אווייסע, אונ נאך דעם זיבעטין ריינעם טאג אין אווענד דארף זי גיין טבילה אין אכשרה מקוה, דאן ווערט זי טהור לבעלה, אויב זי היט אב אלעס ווי די תורה לערינט איהר, פארמעהרט זיך אום ביי איהר דאס קינד אגוף טהור מיט אנשמה קדושה, וואס נאכהער קען זיך אן נעמען דער פייער פון די תורה אן זיין ליכט, אונ ווען חלילה זי היט ניט אב איהרע ריינטליכקייט וויא דער דת התורה, פעראונריינינט זי זיך אונ דעם מאן, אונ די קינדער וואס זי האט זיינען פון דעם זארט קנויטען אונ בוימעל וועלכע דער פייער נעמט ניט אן ביי זיי, ד. ה. זייער קערפער אונ וועלע זיינען אונריין, וואס דער אור התורה קען זיך אן זיי ניט אן האלטען אונ זיי בלייבען אין דער פינסטער.

## תחנה פאר חלה נעמען.

**הארציגער פאטער אונ גרויסער קעניג, איך קום יעצט מיט גרויס שמחה מקיים זיין די ליבע מצוה, וואס דו האסט אונז גיבאטין אין דיין הייליגע תורה, (ראשית ערסותיכם חלה תרימו)**

אָב שיידין חַלָה פון אונזערע טֵייג. פַארצַייטין בְּעֵת מִיר זַייעֶן גִיוֶועסִין אויף אונזֶער לַאנְד, הָאט מֶען אָב גֶעשֵׁייד אַ הִיבְּשֶׁע שְׁטִיק טֵייג, און פון דֶעם אויסגִיבַּאקֶען אַ חַלָה פַאר דִי יונגֶע כֹּהֲנִים, וָואס לֶערְנֶען אִין דִי יְשִׁיבוֹת, און הַיינְט אַז מִיר זַיינֶען טָמֵא און דִי כֹּהֲנִים טָארִין דָאס נִיט עֶסִין, שֵׁיידֶעט מֶען אָב אַקְלֵיין שְׁטִיקֶעלֶע גְרוֹיס וִוי אַ זַיִת (און פארברענען), עֶס זָאל נִיט פַארְגֶעסִין וֶוערִין דִי מִצְוָה פון חַלָה. (וואס זי לצרינט אונז) צוּ שְׁטִיצֶען יְשִׁיבוֹת, עֶס זָאלִין אויס וַואקְסִין גְרוֹיסֶע תַּלְמִידֵי חֲכָמִים און גְאוֹנִים אִין תּוֹרָה און אִין מַעֲשִׂים טוֹבִים, וּבִזְכוּת זֶה זָאלְסְטוּ עֶרְבַּארְעֶמִיגֶער פָאטֶער שִׁיקֶען דַיין בְּרָכָה וואו מִיר וֶועלִין זִיךְ קֶערִין און וֶוענְדִין, אִין אונזֶערֶע הַאנְד אַרְבֵּייט און אִין אונזֶערֶע גִישֶׁעפְטִין, און אונזֶערֶע קִינְדֶערְלַאךְ זָאלִין נִיט פַאר וָואגִילְט וֶוערִין פון אונז, מִיר זָאלִין זֵיי קֶענֶען אַלֵיין אויס שְׁפַּייזֶען. און דִי מִצְוָה פון חַלָה זָאל גִירֶעכִינְט זַיין פַאר דִיר, וִוי אִיךְ הָאבּ אִיר מְקַיֵים גִיוֶועזֶען מִיט אַלֶע כַּוָונוֹת און מִיט אַלֶע תרי"ג מִצְוֹת וָואס זַיינֶען אָבְּהֵיינְגִיג אָן אִיהר, אָמֵן.

אַז מ'פַארְקְנֶעט אַטֵייג 3 פונט פון די 5 זַארְטִין מֶעל (ווייץ, גערשטין, קארין, האבער, כוסמין) אִיז מֶען מְחוּיָב אָב צוּ שֵׁיידִין חַלָה מִיט דִי בְּרָכָה.

# בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם אֲשֶׁר קִדְּשָׁנוּ בְּמִצְוֹתָיו וְצִוָּנוּ לְהַפְרִישׁ חַלָּה:

## יְהִי רָצוֹן מִלְּפָנֶיךָ יְיָ אֱלֹהֵינוּ וֵאלֹהֵי אֲבוֹתֵינוּ שֶׁיִּבָּנֶה בֵּית הַמִּקְדָּשׁ בִּמְהֵרָה בְיָמֵינוּ וְתֵן חֶלְקֵנוּ בְּתוֹרָתֶךָ, וְשָׁם נַעֲבָדְךָ בְּיִרְאָה כִּימֵי עוֹלָם וּכְשָׁנִים קַדְמוֹנִיּוֹת:

---

## תְּחִנָּה נָאכִין אָבְּשֵׁיידִין חַלָה.

לְכָבוֹד גָאט בָּרוּךְ הוּא (וָואס הָאט אונז גִיגֶעבִּין דִי הֵיילִיגֶע מִצְוָה) און לְכָבוֹד דֶעם הֵיילִיגֶען שַׁבָּת, טְרַייעֶר פָאטֶער! עֶס זָאל

---

שערי ציון

איינִיגע דינים פון חַלָה נעמען.

א) פון ארבעטענע מעל, גריקענע (רעצקע) מעל, קארטאפל מעל און דאס גליכן, דארף מען ניט נעמען חלה.

ב) די ברויט, די חלה וועלכע האט גיבאקט ניט קיין איד, אז א איד קויפט עס, איז פטור פון חלה, און די פרויען וואס רעכענען צו טאן א מצוה אין די ערשטער

מאל

זיין דיין גוטער ווילען מיר מזכה צו זיין, מקיים זיין די מצוה פון חלה אין אונזער לאנד, בעת דער בית המקדש וועט זיין געבויט, דאן וועל איך געבין תרומה ומעשר פון אונזערע תבואה און פרוכט, און אב שיידין חלה ווי דער דין איז, און געבין דעם כהן ער זאל דאס עסין בטהרה ובקדושה, אום ער זאל כח האבין צו לערנען דיין הייליגע תורה, און העלף מיר יעצט אויך צו שטיצין ישיבות און תלמידי חכמים ווי ווייט מעגליך, ובזכות זה זאלסטו אונז געבין פרנסה בכבוד און מזכה זיין מיט קינדער גרויסע תלמידי חכמים און צדיקים וואס גאט און לייט זאלען זיך מיט זיי פרייען, אמן.

און גלייך דארף מען עס אריין ווארפין אין אויבן פארברענען, און ווען די חלה (ווארפענדיג אין אויבן) איז אריין געפאלין אין א הייסע ניקעבטש, דארף מען פרעגין א שאלה. דער פארברענען די חלה איז איין אנמערקונג, אז די שפייז וואס מיר נעמען אין מויל דארף זיין טהור און כשר נאך דעם דין התורה. כלומר, א אידישע טאכטער דארף פירין א אידישע קיך, מיר מיינען ניט מיט דעם זי זאל ניט קויפין קיין טריפה פלייש חלילה, ווייל דעם איז קיין רייד ניט, מיר מיינען נור די פלייש וואס איז געקויפט אין כשרה יאטקע, דארף אויך אב געהיט ווערען, עס זאל חלילה אין קיך ניט טריף ווערען ביים כשרין און זאלצין, אכטונג געבין עס זאל זיין אויס גיטרויבערט פון חלב ודם, אב היטען פון פליישיגע ניפעס ביז מילכיגע, אויך ווען די קעכין איז א קריסטין דארף די ווירטהין אכטונג געבין אפט אין קיך אויף כשרות, אויך עס זאל ניט געקאכט ווערען פרייטאג נאך ליכט בענשין, אויך עס זאל ניט זיין קיין בשולי נכרים. הכלל אונטער די השגחה פון די אידישע פרוי איז אנגעטרויט די גרויסע וויכטיגע מצוה פון מאכל כשר. וואס דאס שטייט העכער פון אנדערע מצות, ווייל די שפייז וואס מיר עסט ווערט פערוואנדילט אויף די פלייש און בלוט פון מענשין און ווען חלילה עס איז ניט כשר ווערט דער מענש טריף חלילה און איז זיך מטמטם את הלב. אלזא די אשה וואס איז פארזיכטיג אין דעם איז איר שכר זייער גרוים.

שערי ציון

וואו מ'קען אליין ניט באקין און קיין אידישער בעקער איז אויך ניטא, קויפען זיי ביים טערק חלה אויף שבת, שיידין אב חלה מיט א ברכה איז דאס א ברכה לבטלה.

ט) ווען מ'האט ביים פאר קנעטין פאר געסין צו נעמען חלה, קען מען נעמען נאכן באקען, נור ס'דארף אריין לייגין גאר די חלה אין א כלי אדער אריבער רעקין מיט א טישטאך און אב ברעכין א שטיקעל פון איין חלה און פארברענען.

ה) עס איז קיין אונטערשייד אויב די מעל איז מיט צוקער, אייער, מילך, האניג ווי באלד עס איז גידיכט פאר קנאטין איז חייב בחלה, ווען עס איז אבער ניט צום באקען

ווי בעריהמט זיינען אידישע טעכטער, אז זייער גארטין איז פארשלאסען פון אונציכטיגע זאכען (זנות). און אפילו פון זייערע מאנען שיידין זיי זיך אב אטאג אדער אנאכט (סמוך לוסתן) נאהענט צו זייער מאנאטליכען פלוס, היינו ווען זי איז געוואהנט צו בעקומען איהר פרויען גאסט אלע 30 טעג ביי טאג, דארף זי די נאכט פריער זיין בעזונדער פון איהר מאן, דער הייליגער משורר (שלמה המלך ע"ה) שרייבט אז דער אידישער גארטען דארף ניט האבין קיין צאם פון ברעטער נור (סוגה בשושנים) זי איז געצאמט מיט רויזען און בלומען, כלומר, אז זי וועט נור אטראפען רויטקייט (בלוט) ווי אקערענדיל פון ארויז, איז שוין איהר גארטען געצאמט, אז איהר מאן זאל שוין ניט צוטרעטין צו איהר, ביז וואנען דער פלוס פארהאלט זיך, און זי מאכט דעם אב צוג, און ציהט אן ווייסע וועש און ציילט נאכהער 7 ריינע טעג וואס יעדער טאג פון די 7 מאכט זי בדיקה (איין אונטערזוכונג) אלע פריה און אווענד (מיט אווייכע זאך אווייסע) און נאך דעם 7 טען ריינעם טאג אין אווענד גייט זיא טבילה אין אכשרה מקוה, דאן עפינט זיך דעם צוים פון איהר גארטען פאר איהר ליבען מאן, דער זכות פון אונזער מוטער חנה זאל מגין זיין אויף אירע טאכטער, זיי זאלען זייערע מצות רעכט האלטען, בפרט די מצוה פון נדה זאלען זיי ניט פאר גרינג האלטען, ווייל ווען די פרוי גייט צו קינד ווערט קאנטראלירט דער בוך פון אירע מעשים, און ווען חלילה זי האט דאס ניט אב געהיט ווי געהעריג, שטייט זי אין אגרויסע סכנה, סיידין אז זי האט אגרויסען זכות גייט זי דורך דעם עקזאמען, אמאל פאר בייט מען דעם טויט שטראף אויף יסורים און זי בלייבט קראנק פון דעם קימפעט, און ווען גאר אגרויסער זכות שיינקט מען אין גאנצען, אבער זי האט זיך מיט דעם חסד ווייניג צו פרייען, ווייל זי פארצערט (עסט אויף) דעם גרויסען זכות אויף דער וועלט

---

שערי ציון

באקען נור צו קאכען (ווי צום ביי שפיל אויף ראש השנה'דיגע פארפיל) נעמט מען חלה אן אברכה, ווען די פארפיל ווערט געמאכט אויף קלארע אייער אן אטראפען וואסער, דארף מען גאר קיין חלה ניט נעמען.

ח) די משרתת טאר ניט נעמען קיין חלה אן רשות פון די ווירטין, ווען די טייג אבער קען מקולקל ווערין (איידער די ווירטין וועט קומען), דאן מעג די משרתת אליין נעמען חלה מיט אברכה.

ט) ווען מ'פאר געסט פרייטיג צו נעמען חלה דארף מען שבת איבער לאזין פון יעדער חלה אקליינעם אקרייצי: און שבת צו נאכט צו זאמען לייגען אלע אקרייציגע און נעמען פון איינעם אחלה און פאר ברענען.

שבת

און בלייבט דארטין לעוה"ב בייגאר ניט, און ווייל אין דעם איז דא פיל דינים און ערקלערונגען, איז אוישר אז יעדער פרוי זאל אפט לייענען דעם פרק „קליין טייכעלע" וואס איז גישריבען עקסטרע צו דער זאך, אין מעשה אלפים (דריטע טייל זייטע 39 ביז ענדע) דארטען געפינט מען אלעם וואס נייטיג איז, עס איז זייער אנגינעהם צום לעזין.

## מצות הדלקת נרות.

א) עס איז אמצוה אן צינדען לפחות 2 ליכט אויף שבת אייגע ווייזט קעגין „שמור" את יום השבת לקדשו (וואס שטייט אין די צווייטע לוחות), כלומר, צו בעלייכטען דעם שכל, וויסען וואס מ'טאר ניט טאן שבת, אב צו היטען זיך פון דעם, און אייגע קעגן „זכור" את יום השבת לקדשו (פון די ערסטע לוחות), כלומר, צו בעלייכטען דעם שכל וועגען וואס דער היילינער שבת בעדייט, מ'זאל וויסען וואס מקיים זיין אין אים. צוויי מאל „נר" בעטרעפט 500 קעגען די אברים פון איש ואשה. בזכות דעם אב היטען ריכטיג ליכט בענטשען, וועט דער בורא געבען געזונד אין אלע גלידער א).

ב) פרייטיג פאר נאכט לפחות 10 מינוט פאר די שקיעה (זון אונטערגאנג), מוז מען בענטשען ליכט, דער עיקר מצוה איז דער מאן זאל די לאמפען און די לייכטער מיט די ליכט צו רעכט מאכען, און די פרוי זאל ליכט בענטשן. דעם ערשטען שבת וואס זי איז א קינדבעטארין זאל זי צורופען דעם מאן און זאגען אים, זיי מיין שליח אנצינדען די ליכט מיט א ברכה, דאן וועט זיא זיין א שותף אין דער מצוה.

ג עס איז א מצוה זיך ארום צו וואשען און אן טאן שיינע קליידער

שערי ציון

אייניגע דינים פון ערב שבת.

א) שבת איז די הארץ פון יודינטהום, ווען די הארץ איז געזונד הייסט מען נאך אמענש, ווען די הארץ איז חלילה גיפעלערט איז מען שוין קיין מענש ניט.

ב) עס איז אמצוה פרייטיג אויף שטיין פריער ווי אלע טאג, צו צו גרייטען לכבוד שבת, די רייכסטע פרוי וואס האט פיל דינערשאפט זאל אליין טאן וואס מעגליך לכבוד שבת, ובפרט ווען עס איז שפעט', דא איז אתוב נמור צו העלפען וואס מעגליך. כדי עס זאל ניט קומען צו חלול שבת חלילה. מיר געפינען אין היילינען תלמוד אז די רייכסטע תנאים וואס אנדערע פון זיי זיינען גיוועזען קרובים למלכות, האבען אליין פיל גיהאלפען טאן לכבוד שבת.

ג) אין פאבריקען דארף מען זהיר זיין פרייטיג איין צאלען ארבייטער וואס פריער. און וועלכע ווירטהין עס פירט איין צאלען אין ווינטערדיגע טעג דאנערשטיג ביי נאכט זאל זי גיבענשט ווערין מיט גרוים הצלחה.

ד) די לאמפען איז אוישר אן ניסען פרייטיג

פַאר לִיכְט בֶּענְטְשִׁין, אָבֶּער וֶוען עֶס אִיז שׁוֹין שְׁפֶּעט, זָאל מֶען פְּרִיעֶר לִיכְט בֶּענְטְשֶׁען אוּנ נַאכְהֶער זִיךְ אָבּ וַואשֶׁען אוּנ שֵׁיין אָנְטָאן, אוּנ וֶוען דֶער מַאן זֶעט, אַז עֶס אִיז שׁוֹין אַ מִינוּט צוּ דִי שְׁקִיעָה אוּנ דִי וַוייבּ אִיז נָאךְ נִיטָא פוּן גַאס, זָאל עֶר אַלֵיין לִיכְט בֶּענְטְשֶׁן, אוּנ אַז זִי קוּמְט נָאךְ דֶער צַייט וָואס מְ'טָאר שׁוֹין נִיט צִינְדֶען קֵיין לִיכְט, טָאר זִי קֵיין בְּרָכָה אוֹיךְ נִיט מַאכִין אוֹיף דִי לִיכְט, אוּנ וֶוען זִי בַּייזֶערְט זִיךְ אוֹיף אִים, וָואס עֶר הָאט גֶעבֶּענְטְשְׁט אִירֶע לִיכְט, דַארְף עֶר אִיר גֶעבִּין צוּ פַארְשְׁטֵיין מִיט גוּטֶע וֶוערְטֶער, וְוִי בַּאלְד דוּ רֶעכֶענְסְט, מַיין טַייעֶרֶע, מִיט דַיין לִיכְט בֶּענְטְשֶׁען צוּ טָאן אַ מִצְוָה, הַיינְט וֶוען דוּ בֶּענְטְשְׁט נָאךְ דֶר צַייט, אִיז לֹא דַי וָואס דוּ הָאסְט קֵיין מִצְוָה, פַארְדִינְסְטוּ נָאךְ אַגְרוֹיסֶע עֲבֵירָה פוּן חִלּוּל שַׁבָּת, אוּנ מִיט דִי גוּטֶע רֵייד וֶועט זִיךְ אַפַארְשְׁטַאנְדִיגֶע פְרוֹי גְוִוים בֶּערוּהִיגֶען, אוּנ וֶועט זִיךְ הִיטֶן אַצְווייטֶען מָאל נִיט צוּ פַארְשְׁפֶּעטִיגֶען. אוּנ וֶוען דֶער מַאן הָאט אוֹיךְ נִיט אָנְגֶעצוּנְדֶען דִי לִיכְט אוּנ עֶס אִיז שׁוֹין נָאךְ דִי שְׁקִיעָה, זָאל מֶען רוּפֶען אַיין עָרֵל אָנְצִינְדֶען, וֶוען עֶס אִיז נִיטָא קֵיין עָרֵל אִיז גְלַייכֶער צוּ עֶסִין אִין דֶער פִינְסְטֶר, אַיידֶער מְחַלֵּל שַׁבָּת צוּ זַיין חָלִילָה. פְּרִיעֶר צִינְדְט מֶען אָן דִי לִיכְט אוּנ נַאכְהֶער שְׁפְּרֵייט מֶען אוֹיס דִי הֶענְד קֶעגֶען פָּנִים (בכדי נים הנאה צו האבען פון דעם שיין, ביז נאך די ברכה)

אוּנ מֶען זָאגְט דִי בְּרָכָה:

# בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם אֲשֶׁר קִדְּשָׁנוּ בְּמִצְוֹתָיו וְצִוָּנוּ לְהַדְלִיק נֵר שֶׁל שַׁבָּת:

---

שערי ציון

פְּרִיה, זֶעט מֶען דָאן וואוּ עֶס פֶעלְט אַקְנוּיט, וואוּ אַנְלָאז, אוּנ אַנְדֶערֶע מַאשִׁינְקֶעס וָואס מְ'דַארְף אוֹיס רֵיינִיגֶען עֶס זָאל בְּרֶענֶען הֶעל, אוּנ וֶוען מְ'לָאזְט דָאס אוֹיף פַארְנַאכְט קוּמְט מֶען גַאנְץ אָפְּט צוּ חִלּוּל שַׁבָּת חָלִילָה, אוֹיךְ דַארְף מֶען זָהִיר זַיין רִיכְטִיג אָנְשְׁטֶעלִין דֶעם זֵייגֶער פְּרֵייטִיג אוּנ הָאבֶּען בַּיי זִיךְ אַשְׁקִיעָה אִין שְׁטוּב.

ה) פְּרֵייטִיג פַאר נַאכְט מוּז מֶען אַכְטוּנג גֶעבִּין עֶס זָאל אִין דִי קְלֵיידֶער נִיט שְׁטֶעקִין קֵיין נָאדִיל פָאדִים, אָדֶער אִין דִי קֶעשֶׁענֶעס זָאל נִיט לִיגֶען קֵיין גֶעלְט אָדֶער אַ דָבָר מוּקְצֶה וָואס מְ'טָאר שַׁבָּת נִיט הַאלְטֶען.

ו) עֶס אִיז רֶעכְט פְרֵייטִיג בַּיי טָאג וֶוייניג צוּ עֶסִין (נָאר עֶטְוָואס אַמִינֵי מְזוֹנוֹת) עֶס זָאל נִיט אִיבֶּער הַאלֶעשִׁין דִי הַארְץ, אוּנ דִי פְרוֹיעֶן וָואס קָאכֶען פְרַייטִיג מִיטָאג וְוִי אַלֶע טָאג, אִיז דָאס זֵייעֶר נִיט רֶעכְט, אֲפִילוּ זוּמֶער טָאר מֶען שׁוֹין פוּן 3 אַזֵייגֶער נִיט עֶסִין קֵיין סְעוּדָה קְבוּעָה.

ז) אַלֶע קְלֵיינִיגְקֵייטֶען וְוִי וַויין, שְׁנַאפְּס, עֶסִיג, לִיכְט, נַאז זָאל מֶען אָנְגְרֵייטֶען פְּרִיה נִיט לָאזֶען אוֹיף דִי לֶעצְטֶע מִינוּט, אוֹיךְ חֵרִיין אָן רַייבֶען מוּז מֶען פַאר דִי שְׁקִיעָה, וֶוען מְ'רַייבְּט אָן נָאךְ דִי שְׁקִיעָה, טָאר מֶען דָאס דֶעם שַׁבָּת נִיט עֶסִין.

נאך דער ברכה לאזט מען אראב די הענד און מען קוקט אין די ליכט.

**יהי רצון מלפניך יהוה אלהינו ואלהי אבותינו שיבנה בית המקדש במהרה בימינו ותן חלקנו בתורתך ושם נעבדך ביראה כימי עולם וכשנים קדמוניות.**

**לכבוד** גאט ב"ה וואס האט אונז געבאטען די היילגע מצוה און לכבוד דעם היילגען שבת, עס זאל זיין ליכטיג אין אלע ווינקעליך פון בית ישראל און איבער הויפט אין אלע ווינקעליך פון אונזער שכל, מיר זאלען זעהען די אמתע וועג מיט אלע גוטע מעשים, אמן.

## אנייע שיינע תחנה (צו זאגין נאך ליכט בענשין מיט גרוים כונה).

**רבונו של עולם**, הער פון דער וועלט, איך לויב און דאנק דיין ליבען נאמען, וואס איך האב זוכה געוועזן צו טאן די גרויסע מצוה וואס דו האסט אונז נשים מזכה געוועזן 1), ווי די חכמי התלמוד שרייבען (אין מסכת שבת) אז נשים זיינען מחויב צו בענטשען ליכט פרייטיג פאר נאכט, און דיין חסד זאל זיין מיט מיר, אז מיינע אויגען זאלען מיר לייכטען צו טאן די מצוה ביז הונדערט יאהר, און זאלסט מיר פארהיטען עס זאל קיין מאל ניט טרעפען, איך זאל פארשפעטיגען אן צינדען די ליכט נאך די שקיעה, עס זאל ניט זיין חלילה פון די מצוה די גרעסטע עבירה דאס הייסט חלול שבת. וואס דאס איז הארב ווי די גאנצע תורה צוזאמען, ווייל שבת איז די הארץ פון אידישקייט. און פאר דעם זכות האף איך און בעט פון דיין היילגען נאמען הקדוש ברוך הוא, אז מיינע קינדער וואס דו האסט מיר גיגעבין מיט דיין חסד און וועסט מיר געבין מיט דיין חסד, אז די זאלען ניט זיין קיין מחללי שבת חלילה. מיין פנים זאל ניט פארשווארצט ווערין דורך זיי אויף יענער וועלט, און די ליכט פון דער תורה זאל זיי ערלייכטען די אויגען אז זיי זאלען חלילה ניט נכשל ווערין אין עבירות, ווי דוד המע"ה זאגט (נר לרגלי דבריך) דיין

---

מעשה אלפס

1) פיר וואס איז די מצוה פון ליכט בענשין שייך צו די ווייבר מער ווי צו די מאנם לייט? איך וואס מיר לייענען וועגין דעם אין במה מדליקין) על שלש עבירות נשים מתות בשעת לידתן על שאינן זהירות כו' אז פאר די עבירה פון ניט זהיר זיין אין נדה חלה הדלקה שטארבט מען חלילה פון אקינדבעט, איז מיר אפראגע וואס מיר זעהען

תּוֹרָה אִיז אַ לִיכְט צוּ מַיין טְרִיט אִיךְ זָאל נִיט פַאר קְרִיכִין אִין אַיין עֲבֵירָה חָלִילָה, (וְאוֹר לִנְתִיבָתִי) אוּנ זִי פַארְשַׁיינְט מַיין גַאנְצֶע וֶועג פוּן לֶעבִּין. וּבִזְכוּת זֶה (וָואס אִיךְ הָאבּ אָנְגֶענוּמֶען דֶעם לִיבֶּען שַׁבָּת קוֹדֶשׁ אִין דֶער צַייט מִיט גְרוֹיס כָּבוֹד אוּנ בַּאשַׁיינְט אִים מִיט שֵׁיינֶע לִיכְט) בֶּעט אִיךְ דִיר לִיבֶּער גָאט, אַז אִיךְ זָאל זוֹכֶה זַיין צוּ הָאבֶּען קִינְדֶער תַּלְמִידֵי חֲכָמִים זֵיי זָאלֶען זַיין (עֵינֵי הָעֵדָה) דִי לִיכְטִיגֶע אוֹיגֶען פוּן דֶעם פָאלְק יִשְׂרָאֵל, אִיךְ זָאל הָאבִּן נַחַת אוּנ כָּבוֹד אִין בֵּיידֶע וֶועלְטֶען, אָמֵן.

## אַ צְוֵוייטֶע תְּחִנָּה נָאךְ לִיכְט בֶּענְטְשֶׁען.

אַתָּה אוֹרִי וְיִשְׁעִי, גְרוֹיסֶער גָאט וָואס דוּ בִּיסְט אוּנְזֶער לִיכְט אוּנ אוּנְזֶער הִילְף (יְהִי רָצוֹן מִלְּפָנֶיךָ) עֶס זָאל זַיין אַ גוּטֶער ווִילֶען פַאר דִיר, בִּזְכוּת וָואס אִיךְ הָאבּ מְכַבֵּד גֶעוֶועזֶען דֶעם הֵיילִיגֶען שַׁבָּת מִיט מַיין לִיכְט בֶּענְטְשֶׁען אִין דֶער צַייט אוּנ הָאבּ גֶענוּמֶען חַלָּה ווִי גְּיהֶערִיג אִיז, אוּנ בִּזְכוּת וָואס אִיךְ הִיט אָב דִי רֵיינְקַייט פוּן בַּעלַאוּנְג אָן אוּנְז פְרוֹיעֶן, זָאלְסְטוּ מְתַקֵּן זַיין דֶעם קִלְקוּל וָואס דִי מוּטֶער חַוָּה הָאט גֶעמַאכְט, וָואס דוּרְךְ אִיר אִיז טָמֵא גֶעוָוארֶען דִי חַלָּה פוּן דֶער וֶועלְט (דֶער בּוֹרֵא הָאט פַארְמִישְׁט דִי עֶרְד מִיט וַואסֶער ווִי אַ טֵייג אוּנ הָאט אָב גִישֵׁייד פוּן אִיר חַלָּה, וָואס פוּן דֶעם אִיז בֶּעשַׁאפֶען גֶעוָוארֶען אָדָם הָרִאשׁוֹן, אוּנ הָאט אִים אַרַיין גֶעלָאזֶען אִין גַּן עֵדֶן עֶר זָאל דִינֶען השי"ת מִיט קְדוּשָׁה וְטָהֳרָה, אוּנ דוּרְךְ אִיר אִיז עֶר פַאר טְרִיבֶּען גִיוָוארִין פוּן גַּן עֵדֶן אוּנ זִי הָאט פַארְלָאשֶׁען זַיין לִיכְט אוּנ פַאר נָאמֶען זַיין בְּלוּט, דֶען עֶס אִיז נִגְזַר גִיוָוארְן אוֹיף אִים דֶער טוֹיט, אוּנ דוּרְךְ דֶעם זַיינֶען מִיר גֶעשָׁאלְטֶען גֶעוָוארֶען צוּ לֵיידֶען גְרוֹיס צַעַר פוּן טְרָאגֶען, פוּן הָאבֶּען אוּנ פוּן קִינְדֶער עֶרְצִיהֶען). אַלְזָא בֶּעט אִיךְ דַיין רַחֲמָנוּת, אַז דֶער זְכוּת פוּן דִי דְרַיי מִצְוֹת זָאל זַיין אַתִּקּוּן אוֹיף דֶעם חֵטְא, ווִי דִי הֵיילִיגֶע גְמָרָא שְׁרַייבְּט (אין מסכת שבת) אַז אַ חָכָם פוּן שְׁטָאט גָלִיל הָאט גִילֶערִינְט רַב חִסְדָּא'ן, אַז השי"ת זָאגְט, אִיךְ הָאבּ אַייךְ אִידֶען גִירוּפֶען „רֵאשִׁית תְּבוּאָתִי", דְרוּם הָאבּ אִיךְ אַייךְ גִיגֶעבֶּען דִי מִצְוָה

---

מעשה אלפס

וְעהֶען פִּיל וָואס וַוייסֶען נָאר נִיט פוּן אִידִישְׁקַייט. אוּנ פִּיל וָואס וַוייסֶען אֲפִילוּ, נוּר דִי הִיטֶען דָאס נִיט אָב ווִי נֵייהֶערִג, אוּנ לֶעבִּין דָאךְ זָא פִּיל ? ווִיל אִיךְ וַוייסֶען דִי אוּרְזַאךְ פוּן דֶעם אוּם צוּ פֶערְשְׁטַארְקֶען בַּיי זִיךְ דִי אֱמוּנָה אוּנ דִי הֵיילִיגֶע רֵייד פוּן אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים.

דֶער שְׁטֵייגֶער אִיז, וָוען מְ'דַארְף אַיין לַאדִין אוֹיבְּטִינְגֶען נַאכְט, וּבִפְרַט אַמַלְכָּה, אִיז דֶער עֶרְשְׁטֶער כְּבוֹד לִיבְּטִינג סאבין

פון חלה, וואס זי הייסט „ראשית עריסותיכם" – איך האב אין מענשען גיגעבען אַרביעית דם (וואס דער גאנצער לעבען באשטייט אין דעם). דרום האב איך אייך גיגעבין די מצוה איר זאלט זיך ערוויטערין פון „דם נדה" (דאס וועט פארהיטען אייער רביעית דם זאל נים מכולה ווערין). – די נשמה אייערע רופט זיך „נר" (נר ה' נשמת אדם) דרום האב איך אייך גיגעבין די מצוה פון „נר שבת" וואס זי מאכט אריין שיינען אין אייערע נשמות די אמונה אין חדוש העולם וואס שבת בעווייזט, אויב איר וועט דאס אב היטען ווי מ'דארף, וועט אלע זאכען זיין אין ארדנונג, אייער נאמען וועט זיין גרוים אין דער וועלט, ווייל אזא הייליגען פאמילין לעבין ווי דער איד לעבט, פארמאגט קיין אומה ולשון נים, ווען נים הלילה, וועל איך מינערין אייער רביעית דם אונ עם וועט פארלאשען ווערין אייער ליכט (די נשמה), אונ עם וועט בטל ווערען אייער גרויסער נאמען, אין די דריי מצות גיגעבען געווארען צו אונז פרויען, מיר זאלען עם אב היטען ריכטיג, צו פאריכטען דעם פגם, בכדי די וועלט זאל צוריק קומען צו איר תכלית, זי זאל זיין פאר'ן מענשין ווי אגן עדן, ער זאל צוריק לעבין עוויג, אונ דער לעבין צו די גליקליכע צייט „ליום שכלו שבת". אונ אזוי ווי איך האב ביז היינט אב געהיט די דריי מצות, אזוי זאלסטו געבין ליכט אין מיינע אויגען אונ מיר מזכה זיין אב צו היטען זיי ביז מיינע הונדערט יאהר, איך אונ מיינע טאכטער אונ מיינע שניר. אונ בזכות די דריי מצות זאלסטו מיר בענטשען מיט דריי ברכות געזונד אונ פרנסה אונ נחת פון קינדער, אמן.

## תחנה ברכת קדש (מתפלל זיין פרייטיג צו נאכט מיט גרוים כונה).

אנא קבל ברצון השתדלותי בבוקר להכין צרכי שבת קדש.

טייערער פאטער, נעם אן מיט צופרידענהייט מיין אויף שטיין פריה ערב שבת פון דיין כבוד וועגין, צו גרייטען צרכי שבת, אזוי ווי דו האסט געשריבען אין דיין תורה (והיה ביום הששי והכינו את אשר יביאו) דיא מן וואס זיי וועלין אנקלייבען פרייטיג פריה, זאלען זיי גלייך צו גרייטען אויף שבת.

---



מאכען די הייזער. שבת המלכה איז בא קעניג צו 2 אנדיינקונגען, דער ערשטער אונז זייער אהאכארטיגע נאכט, זי איז אנדיינקונג איז אז די וועלט איז נים געווארין דער גרויסער פראזענץ פון דעם וועלט. פון זיך (פון די בליגדע נאטור), נור דער

לְהַרְאוֹת בָּזֶה כַּמָּה גָּדוֹל בְּעֵינַי כְּבוֹד שַׁבָּת הַמַּלְכָּה ׃

צוּ ווייזֶען מִיט דֶעם, ווי דֶער כָּבוֹד פוּן שַׁבָּת הַמַּלְכָּה, אִיז בַּיי מִיר הוֹיכְאַרְטִיג גִישֶׁעצְט, זִי אִיז דֶער טַייעֶרֶער פְּרֶיזֶענְט (מתנה טובה) פוּן דַיין הֵיילִיגֶען אוֹצָר א) וָואס דוּ הָאסְט אוּנְז בֶּעשָׁאנְקִין דוּרְךְ מֹשֶׁה רַבֵּנוּ.

כַּאֲשֶׁר כָּתַבְתָּ בְּתוֹרָתֶךָ לָדַעַת כִּי אֲנִי ה׳ מְקַדִּישְׁכֶם ׃

ווי דוּ לִיבֶּער גָאט הָאסְט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דַיין תּוֹרָה (כי אות היא) אַז דֶער שַׁבָּת אִיז דֶער הֵיילִיגֶער צֵייכִין צְווִישֶׁען מִיר אוּנ צְווִישֶׁען אֵייךְ, אִיר זָאלְט ווִיסֶען אַז אִיךְ גָאט הֵיילִיג אַייךְ, הַיינוּ אַז אִיר וֶועט הִיטֶען שַׁבָּת ווִי גִיהֶערִיג אִיז, וֶועט אִיר ווִיסֶען, כְּלוֹמַר, אִיר וֶועט שְׁפִּירֶען אִין זִיךְ מִיט אַייעֶרֶע חוּשִׁים רוּחְנִיִים אַ גְרוֹיסֶע הֵיילִיגְקַייט.

וְעָזְרֵנוּ לְעַנְּגוֹ גַּם בְּתוֹרָה וּמַעֲשִׂים טוֹבִים ׃

אוּנ הֶעלְף אוּנְז, אַז לְבַד וָואס מִיר טוּעֶן זִיךְ פֶּערְגֶענִיגֶען שַׁבָּת מִיט גוּטֶע שְׁפַּייז, פִישׁ אוּנ פְלֵיישׁ אוּנ פֵּרוֹת, זָאלִין מִיר אוֹיךְ מַאכִין פֶּערְגְנִיגֶען אוּנְזֶער נְשָׁמָה, מִיט דֶעם וָואס מִיר וֶועלִין דַאוְונֶען מִיט אַ וַוארִימֶע הַארְץ אוּנ לֵייעֶנֶען הֵיילִיגֶע סְפָרִים וָואס דָאס אִיז דֶער גַאנְצֶער תַּכְלִית פוּן שַׁבָּת, אַז עֶס זָאלֶען צוּ זַאמֶען קוּמֶען אַלֶע דְרַיי הֵיילִיגְקַייט, „שַׁבָּת" אִיז הֵיילִיג, „אִידֶען" זַיינֶען הֵיילִיג אוּנ דִי „תּוֹרָה" אִיז הֵיילִיג, אַז „אִידֶען" לֶערְנֶען „שַׁבָּת" דִי „תּוֹרָה", וֶוערִין צוּ זַאמֶען גֶעפְלָאכְטֶען אַלֶע דְרַיי הֵיילִיגְקַייט, זֵיי זָאלִין הָאבִּין אַקִיוּם אוֹיף עֶווִיג.

וְקַבֵּל בְּרָצוֹן הַדְלָקָתִי וּבִרְכָתִי עַל נֵרוֹת שַׁבַּת קָדְשֶׁךָ ׃

הַארְצִיגֶער פָאטֶער, נֶעם אָן מִיט בַּאווִילִיגוּנְג אוּנ צוּפְרִידֶענְהַייט מַיין אָנְצִינְדֶען דִי לִיכְט מִיט מַיין בְּרָכָה לְכָבוֹד דֶעם לִיבֶּען שַׁבָּת קוֹדֶשׁ.

---

משלים יקרים

א) דֶער מִדְרָשׁ זָאגְט אַ מָשָׁל צוּ אַ מַלְכָּה וָואס דֶער מֶלֶךְ הָאט אִיר אִיבֶּער גִיגֶעבִּין דִי שְׁלִיסְלֶען פוּן זַיינֶע אוֹצְרוֹת, הָאט זִי שׁוֹין אַנְגֶעווִיסֶען צֵייכֶען אַז דֶער מֶלֶךְ הָאט אִיר גֶעמַאכְט פַאר אַווִירְטִין אוֹיף אַלֶע זַיינֶע אוֹצְרוֹת, זִי דַארְף נור

היטען

מעשה אלפס

גְרוֹיסֶער אִינְזִינֶער (דֶער בּוֹרֵא עוֹלָם) הָאט אִיר בֶּעשַׁאפִין אִין זֶעקְס טֶעג אוּנ דֶעם זִיבֶּעטֶען טָאג הָאט עֶר גִירוּהט, בֶּעדֵייט דֶער לִיכְט בֶּענְשִׁין שַׁבָּת, עֶס זָאל אַרַיין שֵׁייגֶען אִין דִי אִידִישֶׁע שְׁטוּב דִי אֶמוּנָה פוּן חִדּוּשׁ הָעוֹלָם. אוּנ ווַייל דִי פְרוֹי הָאט אִין זִיךְ אוֹיךְ דִי זֶעלְבֶּע סְגוּלָה פוּן שַׁבָּת, דִי ווייזְט אוֹיךְ אוֹיף חִדּוּשׁ הָעוֹלָם, ווִי הַשֵּׁי"ת הָאט גִיזָאגְט (אֶעֱשֶׂה לוֹ עֵזֶר כְּנֶגְדּוֹ) אִיךְ וֶועל אִים מַאכִין אַ דָאפֶּעלְטֶע הִילְף. (עֵזֶר) דִי זָאל אִים צוּ גְרֵייטֶען שְׁפַּייז פַאר זַיין קֶערְפֶּער (כְּנֶגְדּוֹ) אוּנ מִיט דֶעם וָואס אִיךְ וֶועל אִיר

בעשאפען

להאיר את בתי נפשנו באמונתך הטהורה כי אתה בורא העולם ומנהיגו.

צו ערלייכטען אונזערע געפיהלען מיט דעם שיין פון דיא ריינע אמונה, אז דו ביסט דער גרויסער איינציגער וואס האט גיסטרויעט דעם הערליכען וועלט-פאלאץ, וואס צום אנדיינקונג האסטו גיגעבין דעם היילגען, שבת, אז אין זעקס טעג האסטו בעשאפען די הימעל און ערד און אלעס וואס אין זיי געפינט זיך. און שבת האסטו גירוהט.

כאשר הראית לנו בהוציאך אותנו ממצרים בזרועך הנטויה.

און אזוי ווי דו ביסט דער בעשעפער פון הימעל און ערד אזוי ביסטו אליין זייער פיהרער, ווי דו האסט גיוויזען בעת דו האסט אונז ארוים גענומען פון מצרים, אז די גאנצע נאטור איז אין דיין האנד, איר צו ענדערן ווי דו ווילסט, דרום איז דער שבת אויך איין אנדיינקונג „זכר ליציאת מצרים".

ועזרנו לשמור אותו בקדשה מבואו ועד צאתו.

ליבער הארציגער גאט. אזוי ווי דו האסט מיר גיהאלפען אריין נעמען דער שבת מיט כבוד און היילגקייט. אזו זאלסטו מיר העלפין אים צוהיטען אגאנצען מעת לעת, מיר זאלען פארברייגען נור אין תורה ומעשים טובים, דאוונען מיט אוואדימע הארץ, לערנען אליין און פארהערין די קינדער וואס זיי האבען גילערינט אגאנצע וואך.

ולא יבא חלילה חלול שבת על ידינו.

און היט אונז אוים, עס זאל חלילה ניט קומען דורך אונז קיין חלול שבת, סיי אמלאכה, אדער ריידן וועגן גישעפט וואס דאס הייסט אויך אחלול שבת. שבת דארף מען זיך פארשטעלין אז אלע ארבייט איז גיענדיגט, און עס איז ניטא וועגין וואס צו ריידען, אויך זאלען מיר ניט ברויכען קיין כעס אין אים. נור עס זאל זיין שלום ושלוה ביי אונז.

---

מעשה אלפס

בעשאפען אין זיין געגענווארט וועט זי אויך זיין אהילף צו שפייזען זיין נייסט, זעהענדיג איר וואס זי איז בעשאפען גיווארין עצם מעצמיו, וועט ביי אים פעסט ווערען די אמונה אין חדוש העולם. דרום איז די מצוה גיגעבען צו איר, אנצינדען שבת צוויי ליכט צו ווייזען אז זי מיטען שבת זייגען צוויי וויכטיגע ליכט, ליכטיג מאכען אונזערע אויגען אין די אמונה פון חידוש העולם וואס

משלים יקרים

היטען ניט פארלירען די שלימות'ען. דאס גלייכען, אז השי"ת האט גיגעבין אירין דעם טאג שבת, איז אבעווייז אז ער האט זיי געמאכט הערשען איבער אלע זאכין וואס איז בעשאפין געווארין אין

וְתִשְׁמוֹר אֶת כָּל בָּתֵּי יִשְׂרָאֵל מִשְׂרֵפוֹת.

און דער זְכוּת וואס מִיר האָבֶּען אָן גִיצוּנְדֶען דִי לִיכְט פוּן שַׁבָּת אִין דר צייט און מִיט כָּבוֹד, זָאל מָגִין זַיין, עֶס זָאל נִיט זַיין קֵיין אוּנְגְלִיקֶן פוּן שְׂרֵפוֹת אִין אִידִישֶׁע הַייזֶער חָלִילָה.

וּשְׁלַח אוֹרְךָ וַאֲמִתְּךָ הֵמָּה יַנְחוּנוּ.

און אַזוֹי ווִי מִיר האָבֶּען בֶּעלוֹיכְטֶען דֶעם שַׁבָּת מִיט לִיכְט, און מִיר הִיטֶען אִים מִיט אֱמֶת, זָאלְסְטוּ אוֹיךְ שִׁיקֶען דַיין „לִיכְט" און דַיין „אֱמֶת", דָאס אִיז אֵלִיָהוּ הַנָּבִיא און מֶלֶךְ הַמָּשִׁיחַ, וִוי זָאלֶען אוּנְז אַרוֹיס פִירֶען פוּן דִי פִינְסְטֶערְקֵייט פוּן גָלוּת און פִירֶען צוּ דִי גְרוֹיסֶע לִיכְט פוּן בֵּית הַמִּקְדָּשׁ.

וּמַזָּלֵנוּ יָאִיר כְּצֵאת הַשֶּׁמֶשׁ בִּגְבוּרָתוֹ.

און אוּנְזֶער מַזָּל זָאל אוֹיף שַׁיינֶען וִוי דִי זוּן אִין הֶעלֶען טָאג, אַז אַלֶע וָואס ווִילֶען אוֹיף אִידֶען זֶעהֶען נְקָמָה, זָאלֶען פַאר שֶׁעמְט ווֶערֶן, און דֶער מַלְאָךְ רַע זָאל בְּעַל כָּרְחוֹ אוֹיךְ עֶנְטְפֶערִין, אַז מִיר זַיינֶען דַיין לִיבֶּע פָאלְק, וָואס דוּ הָאסְט אוֹיסֶער וָואהלְט פוּן אַלֶע פֶעלְקֶער, פִירִין אוּנְז מִיט שְׁטָאלְץ און פְרֵייד אִין דִי הֵיילִיגֶע לִיכְטִיגֶע לַאנְד בִּמְהֵרָה, אָמֵן.

תְּחִנָּה (אין ירושלים ביין) כּוֹתֶל מַעֲרָבִי (נאך ליכט בענטשן און שבת פריה)!

דִיא אִשָּׁה וָואס אִירֶע גֶעדַאנְקֶען אִיז רֵיין און הֵיילִיג, אַז בְּעֵת דַאוֶונֶען שְׁטֶעלְט זִי זִיךְ פָאר וִוי זִי שְׁטֵייט אִין יְרוּשָׁלַיִם עִיר הַקֹּדֶשׁ אַנְטְקֶעגֶען קוֹדֶשׁ הַקֳּדָשִׁים (ווִי אִין הֵיילִיגֶען תַּלְמוּד שְׁטֵייט), אַזַא זָארְט פְרוֹי קֶען זָאגֶען דִי תְּחִנָּה אִין חוּץ לָאָרֶץ אוֹיךְ. נוּר אֵיינִיגֶע ווֶערְטֶער אִיז דָא וָואס זִיא דַארְף נִיט זָאגִין, נוּר טְרַאכְטִין אִין הַארְצֶען וֶועלְכֶע ווֶערְטֶער? פַארְשְׁטֵייט יֶעדֶער גִילֶערֶענְטֶע פְרוֹי אַלֵיין.

גְרוֹיסֶער גָאט! שְׁטֵייעֶנְדִיג דָא בַּיי דֶעם מַעֲרָב וַואנְט פוּן בֵּית הַמִּקְדָּשׁ. פַאלְט אוֹיף מִיר אַגְרוֹיסֶער פַּחַד און אַצִיטֶערְנֶעס, אַז אִיךְ בַּאטְרַייכְט זִיךְ אוֹיף וָואס פַאר אַפָארְכְטִיגֶען און הֵיילִיגֶען אָרְט אִיךְ שְׁטֵיי יֶעצְט, אִיךְ ווֵייס נִיט אוֹיבּ אִיךְ בִּין גָאר ווֶערְט. אַז מַיין פוּס זָאל דָא אַרוֹיף טְרֶעטִין, דָא אִיז דֶער הֵיילִיגֶער אָרְט וָואס אוּנְזֶער פָאטֶער

משלים יקרים — מעשה אלפס

דִי זֶעקְס טֶעג, ווַייל שַׁבָּת אִיז „תַּכְלִית" אוֹיף דֶעם פוּנְדַאמֶענְט (בְּרֵאשִׁית בָּרָא אֱלֹהִים אֶת הַשָּׁמַיִם וְאֵת הָאָרֶץ) ווֶערְט גִיבּוֹיט דִי מַעֲשֵׂה שָׁמַיִם וָאָרֶץ" עֶר אִיז דֶער אוֹצָר פוּן גַאנְצֶע אִידִישֶׁע רֶעלִיגְיָאן.

דֶער צְווַייטֶער אַנְדֵיינְקוּנְג פוּן שַׁבָּת אִיז „זֵכֶר לִיצִיאַת מִצְרַיִם" אִיז דִי פְרַיי־ אוֹיךְ

אַבְרָהָם הָאט גִיבּוֹיט זַיין מִזְבֵּחַ רִיכְטִיג אַנְטְקֶעגֶן דֶעם מִזְבֵּחַ פוּן הִימֶל, אוּנ הָאט דָא אַרוֹיף גִילֵייגְט דֶעם טַייעֶרִין קָרְבָּן, זַיין לִיבֶּען אֵיינְצִיגֶען זָאהן יִצְחָק, אוּנ בְּעֵת עֶר הָאט גִינוּמֶען דֶעם חַלֶף לֵייגֶען אִים אוֹיף זַיין הַאלְז, אִיז בַּיי יִצְחָק'ן דִי נְשָׁמָה אַרוֹים אוּנ אַרוֹיף גִיפְלוֹיגֶן אִין הִימֶל, אוּנ דֶער גְרוֹיסֶער הִימֶלְשֶׁער כֹּהֵן גָדוֹל (דאס איז מיכאל המלאך) הָאט אִיר מַקְרִיב גִיוֶוען אוֹיפֶען מִזְבֵּחַ פוּן הִימֶל *), אוּנ בְּעֵת דֶער מַלְאָךְ הָאט גִירוּפֶען פוּן הִימֶעל, אַבְרָהָם אַבְרָהָם! הַאלְט אָב! טוּא אִים גָאר נִיט, אִיךְ וֵויים שׁוֹין, אַז דוּ בִּיסְט גָאטְס פָארְכְטִיג אוּנ דוּ הָאסְט נִיט פַארְמִיטֶען דַיין לִיבֶּען אֵיינְצִיגֶען קִינְד פוּן מִיר, כְּלוֹמַר, דַיין קָרְבָּן אִיז שׁוֹין אִין אָרְדְנוּנְג, דֶעם עִיקָר (דאס איז די נשמה) הָאט מֶען שׁוֹין מַקְרִיב גִיוֶוען פַאר הַשי"ת, פֶעלְט נוּר דֶער קֶערְפֶּער, דָאס קֶען מֶען פַאר בַּייטִין אוֹיף דֶעם קֶערְפֶּער פוּן אַבַּעַל חַי, וַוייל אַלֶעם קֶערְפֶּער אִיז דֶער מֶענְשׁ מִיט דִי בַּעֲלֵי חַיִים גְלַייךְ, אַלְזָא הָאט עֶר אִים צוּ גְשִׁיקְט דֶעם בַּארַאן, אוּנ אַבְרָהָם הָאט אִים מַקְרִיב גִיוֶוען אַנְשְׁטָאט דֶעם קֶערְפֶּער פוּן יִצְחָק, אוּנ הַשי"ת הָאט אַרָאבּ גִישִׁיקְט אַטַל שֶׁל תְּחִיָה אוּנ הָאט לֶעבֶּעדִיג גִימַאכְט יִצְחָק'ן. אוּנ אַרָאבּ שְׁטַייגֶענְדִיג פוּן מִזְבֵּחַ, הָאט יִצְחָק אוֹיף זִיךְ אַלֵיין גִיזֶעהן „תְּחִיַת הַמֵתִים" אוּנ זִיךְ מִתְבּוֹנֵן גִיוֶוען אַז אַזוֹי וֶועט דֶער בּוֹרֵא בָּרוּךְ הוּא. לֶעָתִיד מְחַיֶה זַיין אַלֶע טוֹיטֶע (וָואס זַיינֶען גִיוֶוען דָבוּק צוּ אִים בַּיי זֵייעֶר לֶעבֶּען), הָאט עֶר זִיךְ גִישְׁטֶעלְט אוּנ גִיזָאגְט דִי בְּרָכָה „בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ מְחַיֶה הַמֵתִים". אָה, וָואס פַאר אַפָארְכְטִיגֶער אָרְט דָא אִיז! אַז אַזַא וואוּנְדֶערְלִיכֶע הֵיילִיגֶע הִיסְטָארְיֶע הָאט דָא פַּאסִירְט. —

דָא אִיז אוֹיךְ דֶער אָרְט וָואס אוּנְזֶער פָאטֶער יַעֲקֹב, גֵייעֶנְדִיג פוּן גְרוֹיסֶען בֵּית הַמִדְרָשׁ פוּן שֵׁם וְעֵבֶר וָואס עֶר הָאט דָארְטִין גִילֶערְנְט פֶערְצֶעהן יָאר טָאג אוּנ נַאכְט. נַאכְהֶער אַז עֶר אִיז גִיגַאנְגֶען קַיין חָרָן צוּ

מעשה אלפס

אויךְ אַשַׁייכוּת צוּ דֶעם, וַוייל בִּזְכוּת נָשִׁים צִדְקָנִיוֹת זַייגֶען אִידֶען אוֹים גִילֵייזְט גִיוָוארֶען פוּן מִצְרַיִם.

משלים יקרים

פוּן אַלֶעם וָואס אִיז בֶּעשַׁאפִין בְּשֵׁשֶׁת יְמֵי הַמַעֲשֶׂה, דֶער אִיד דַארְף נוּר הִיטֶען דֶעם שַׁבָּת מִיט הֵיילִינְקַייט, סַיי וָואס אִיז נוֹגֵעַ צוּם גוּף, אָן גְרֵייטֶען דִי שֶׁענְסְטֶע אוּנ דִי בֶּעסְטֶע שְׁפַּייז נָאךְ זַיין פֶערְמֶעגִין,

אונ

*) וִוי דִי תּוֹרָה אִיז מְרַמֵז (וַיָשֶׂם אוֹתוֹ עַל הַמִזְבֵּחַ) אַבְרָהָם הָאט אַרוֹיף גִילֵייגְט דֶעם הַיילִיגְט יִצְחָק, דָאס אִיז זַיין נְשָׁמָה (מִמַעַל לָעֵצִים) אוֹיף דֶעם הִימֶלְשִׁין מִזְבֵּחַ וָואס עֶר אִיז אִיבֶּער דִי הָאלְץ, וַוייל דֶער מִזְבֵּחַ וָואס אַבְרָהָם הָאט גֶעבּוֹיט, אִיז גֶעוֶוען אוּנְטֶער דִי הָאלְץ.

לבן, האט השי"ת פאר האלטען דעם טייערין אורח דא אויף דעם הייליגען פלאץ, ער האט אראב גילאזען דעם לאמפ (די זון) פאר דער צייט, בכדי דער טייערער גאסט זאל דא בלייבען אויף נאכט לעגער, אונ האט אים דא גיוויזען אין חלום אז אלייטער שטייט אויף ד'ערד אונ דער שפיץ גרייכט צום הימל. דאס איז אבילד אויף די וויכטיגקייט אונ די הויכקייט פון זרע אברהם, דאכט זיך אקליין מענשעלע ליגט דא אויף ד'ערד, אונ אשטיין צו קאפען, אבער זיין הויפט גרייכט צום הימל אונ די גאטליכע מלאכים (וואס ווערען בעשאפען פון זיין תורה ומצות) גייען ארויף אין הימל, מקבל זיין השפעה פאר זיין נשמה (חכמה, בינה, ודעת), אונ פאר זיין קערפער (פרנסה) אונ נידערין אראב צו ריק, אים דאס איבער געבען. אונ דער עוויגער בכבודו ובעצמו שטייט ביי אים צו קאפען, היטען אים אין אלע גיפערליכע וועגין וואס ער וועט גיין, ביז וואנען ער וועט קומען צוריק אין די הייליגע לאנד, אונ עס וועט אויף אים מקוים ווערען אלע הבטחות וואס ער האט פארשפראכען צו אברהם ויצחק. ווי דער הייליגער יעקב האט זיך אויף גיוואכט פון שלאף, איז ער פארציטערט גיווארען אונ גיזאגט מיט שרעק, אה! ווי אזוי שלאף איך דאס אין אזא פארכטיגען ארט, דאס הייסט אז מ'איז זוכה צו שטיין אויף אזא הייליגען פלאץ, דארף מען זיין וואך מיט הייליגע גידאנקען, ניט פארשלאפענער הייד. היינט אז דער הייליגער יעקב וואס ער איז גיוועזן אזוי רייך אין תורה ומעשים טובים האט זיך גישראקען, וואס זאל שוין זאגען אזא ארימע פרוי ווי איך (וואס איז ארים אין מעשים טובים אונ רייך אין פעלערין), פון גרוים פחד האב איך גאר קיין ווערטער אין מיין מויל, נור איך פאר טרוי זיך אויף דעם וואס אונזרע חכמים זאגען, אז וואו מ'וועט דיין גרויסקייט דארטען וועט מען דיין ענוה. מיט דעם גידאנקען פאס איך זיך מוטה איבער צו זאגען די קורצע תפלה וואס דער הייליגער פאטער אברהם האט דא מתפלל גיוועזן נאך די עקדה, וויא אין דיין הייליגע תורה שטייט (ויקרא

---

משלים יקרים

אונ סיי וואס איז נוגע צום נפש, היינו דאווענען ווארים אונ לערנען, אונ עסין לכבוד

מעשה אלפס

אונ ווען די אשה איז חלילה ניט זהיר אין דעם, הייסט עס, זי איז שוואך אין די אמונה אז דער בורא איז דער מחדש העולם, עס האפט זיך ביי איר נארישע גידאנקען, פיליכט איז נאר די בלינדע נאטור די פיהרערין? ווערט זי בעהאנדעלט מדה כנגד מדה, בעת זי דארף האבען

דעם

אברהם שם המקום ההוא ה' יראה, אברהם האט גיבעטען, אז השי"ת זאל אויסערוואהלען דיזען ארט צו מאכען דא שטענדיג רוהען דיין שכינה, דאס אידען זאלען זיך דא אויפקלייבען מקריב זיין קרבנות, איינציגען דיין נאמען מיט גרוים ליבשאפט, ווי מיין זאהן יצחק האט יעצט גיטאן, און דו האסט מקבל גיוועזן זיין ווארימע תפלה, און האסט געוויזען אונזער פאטער יעקב, אז דיין שכינה רוהט דא שטענדיג. נאכהער האסטו מגלה גיוועזן אונזער קעניג דוד, אז דא איז דער היילינער ארט וואו דיין שכינה רוהט, האט ער דא גיבויט א מזבח, און זיין זאהן שלמה האט דא גיבויט דעם בית המקדש, וואס ער האט פאר־איינינט אלע אידישע הערצער מיט גרוים אהבה צו השי"ת, און פון דענסטמאל אן רוהט דיין שכינה דא אפילו אין די צייט פון חורבן, ווי אונזערע חכמים זאגען (מעולם לא זזה שכינה מכותל מערבי) די שכינה האט קיין מאל ניט אב גיטראטען פון כותל מערבי, ווי שלמה המלך זאגט (הנה זה עומד אחר כתלנו) מיין גיליבטער פריינד (די שכינה) רוהט כביכול הינטער די וואנט, און בעת חורבן וואס טיטוס מיט זיינע חילות האבען צו בראכען אלע ווענט פון בית המקדש, האסטו מיט דיין השגחה גילאזין די איינציגע וואנט, אז קיין הארמאט און קיין באמבע האט איר ניט גיקענט רירען פון ארט, צו ווייזין דיינע קינדער, אז אפילו בעת זיי האבען דיר ערצארינט. האסטו ניט אב גיטראטן פון זיי, און דיין השגחה איז פון דאנען משגיח אויף זיי אין אלע ערטער וואו זיי זיינען צו זייט און צו שפרייט, אזוי בין איך ארימע פרוי (אברהם אבינו'ס איניקיל) אויך מתפלל אז פון דעם היילינען ארט, זאל זיין דיין השגחה אויף דיין היילינע פאלק ישראל, דו זאלסט איין פלאנצען חסד און רחמים אין די הערצער פון די מלכים ושרים פון אלע ערטער וואו אידין גיפינען זיך, זיי זאלין זיי פאר היטען פון בלעמ'ס תלמידים וואס שלאגען זיי מיט זייערע שלעכטע צינגער, און פון די חוליגאנעם וואס קומען אויף זיי מיט די הידים ידי עשו, ווי יעקב אבינו האט גיבעטין אויף דעם היילינן ארט, אז דו זאלסט אים

מעשה אלפס

דעם קינד גיט השי"ת ניט דעם שליסעל צו עפענען דעם טויער, דאס פארשטייען אלע, אז די שליסעל פון קינדבעטארין איז ניט איבערגעגעבן צו קיין שליח פון די

משלים יקרים

לכבוד שבת, דורך דעם זכות ווערט די גאנצע נאטור נכנע צו אים, און עס ווערט געשיקט א ברכה בכל משלח ידיו.

נאטור, קיין דאקטאר וויים ניט ביז די לעצטע מינוט וואס דארטין טוט זיך, אזוי

אדער

מיט זיינע קינדער באהיטען פון עשו, פון לבן און בני לבן, ובפרט די גוט הערציגע אידין וואס שטיצין די תלמידי חכמים און די איבעריגע מענשין וואס זיצען אין דיין היילינע שטאט ירושלים, און אין די איבעריגע שטעט פון ארץ ישראל זאלסטו זיי געבען גרויס הצלחה בכל משלח ידם. און איך ארימע פרוי (פלונית בת פלונית) זאל אויך גיענטפערט ווערין בתוך כלל ישראל מיט די דריי טייערע ברכות, גיזונד און פרנסה און נחת פון קינדר, און מיר זאלען הערען בשורות טובות פון כלל ישראל, און אויך פון מיין פאמיליע וואס זיצען אין חוץ לארץ.

און אזוי ווי אונזערע חכמים שרייבען (אין מסכת שבת) אז צו ליב די גרויסע עבירה פון חלול שבת האסטו חרוב גימאכט דעם היילינין ארט א) און אונז פארטריבען אין גלות, וואס אונזער בלוט גיסט זיך אין פיל ערטער ווי וואסער, און דיין היילינער נאמען ווערט אזוי פיל מחולל, אה וועה איז צו מיינע זינד, קום איך דיר צו בעטין. אז בזכות וואס איך און די היילינע טעכטער פון דיין ליבע פאלק ישראל האבען אנגינומען דעם ליבען שבת מיט גרויס כבוד און גיבענשט ליכט אין דער צייט, און נאכהער בין איך גיקומען דיר לויבען און דאנקען אין דעם היילינען ארט, וואו דיין שכינה רוהט, בזכות זה זאלסטו שוין אויף אונז רחמנות האבען, און פירען אונז מיט שטאלץ צוריק אין אונזער לאנד, און אונזערע אויגען זאלען זוכה זיין צו זעהן דעם דריטען בית המקדש וואס דו וועסט אראב שיקען פון הימל, וואס ער וועט שוין קיין מאל ניט חרוב ווערין, און מיר וועלין דיר אין אים דינען מיט עהרין פורכט און מיט גרויס שמחה במהרה בימינו, אמן.

## אתחנה ביין כותל מערבי (שטענדיג גילטיג).

הייליגער גאט, איך דאנק און לויב דיין ליבען נאמען, וואס דו האסט מיר מזכה גיוועזן צו קומען אין דיין היילינע לאנד, און שטעלין מיין טריט אויף דעם בארימטען היילינען פלאץ, וואס דו

---

שערי ציון — מעשה אלפס

א) ווי די תורה איז מרמז (את שבתותי תשמרו) אז איך וועט היטען מיינע שבתים ניט מחלל זיין (ומקדשי תיראו) אדער א נקבה, און ווען ער וועט ארויס גיין? הכלל: קיינער איז ניט אימשטאנד צו פעגען דעם טויער, נור השי"ת אליין, היינט אז דו צווייפעלסט אויב עס איז גאר דא אבורא יחיד, סו זאל דיר די בלינדע נאטור ענטפערין, פארשטייט מען שוין אין וואס פאר אלאגע זי בלייבט.

הָאסְט אוֹיסְעֶרְוֶואהלְט, אַז דַיין שְׁכִינָה זָאל דָא שְׁטֶענְדִיג רוּהֶען, אַזוֹי וִוי דִי נְשָׁמָה רוּהט אִין מוֹחַ פוּן מֶענְשִׁין וָואס עֶר אִיז (עוֹלָם קָטָן) אַקְלֵיינֶע וֶועלְטִיל, אַזוֹי אִיז דֶער הֵיילִיגֶער אָרְט דֶער מוֹחַ פוּן דִי גְרוֹיסֶע וֶועלְט, וַוייל אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל רוּפְט זִיךְ (רֹאשׁ עַפְרוֹת תֵּבֵל) דִי קָאפּ פוּן דֶער וֶועלְט, אוּנ דָא אִיז דֶער הֶעכְסְטֶער פְּלַאץ פוּן גַאנְץ אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל (ווי דער מוח איז דער העכסטער ארט פון קאפ), אוּנ דוּ גָאט וָואס דוּ בִּיסְט (דֶער חַי הָעוֹלָמִים) דִי נְשָׁמָה פוּן דֶער וֶועלְט, רוּהְסְט דָא שְׁטֶענְדִיג אוּנ פוּן דַאנֶען וֶוערְט פַארְשְׁפְּרֵייט דַיין הַשְׁגָחָה אוֹיף דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט, אַזוֹי וִוי דִי נְשָׁמָה וָואס רוּהט אִין מוֹחַ גִיט אִיר חִיוּת אִין גַאנְצֶען קֶערְפֶּער, אוּנ אָדָם הָרִאשׁוֹן וָואס דַיין קָאפּ אִיז גִינוּמֶען גִיוָוארֶען פוּן עֲפַר אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל אִיז דַיין מוֹחַ גִינוּמֶען גִיוָוארֶען פוּן מְקוֹם הַמִקְדָּשׁ, בִּכְדֵי דַיין מוֹחַ זָאל זַיין הֵיילִיג, דָארְטֶען זָאל קֶענֶען רוּהֶען דִי הֵיילִיגֶע נְשָׁמָה (וָואס זִי אִיז אַחֵלֶק אֱלוֹהַ מִמַעַל), דְרוּם בְּעֵת עֶר אִיז פַארְטְרִיבֶּען גִיוָוארִין פוּן גַן עֵדֶן, הָאט עֶר דָא אוֹיף דֶעם אָרְט מַקְרִיב גִיוֶועזֶען אַקָרְבָּן דֶעם שׁוֹר הַפָּר וָואס אִיז בֶּעשַׁאפֶען גִיוָוארֶן בְּשֵׁשֶׁת יְמֵי בְרֵאשִׁית, דָא אוֹיף דֶעם הֵיילִיגֶען אָרְט הָאט עֶר בַּאקֶענְט זַיין זִינְד אוּנ הָאט תְּשׁוּבָה גִיטָאן, אוּנ נֹחַ בְּעֵת עֶר אִיז אַרוֹיס פוּן תֵּבָה אוּנ הָאט גִיזֶעהְן, אַז דִי וֶועלְט אִיז וִויסְט הָט עֶר זִיךְ פַר נַאנְדֶער גִיוֵויינְט אוּנ זָאגְט, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם וֶועגֶען דִי זִינְד פוּן דִי נַארִישֶׁע מֶענְשִׁין הָאסְטוּ חָרוּב גִימַאכְט דַיין וֶועלְט? הָאט עֶר אוֹיף דֶעם פְּלַאץ גִיבּוֹיט אַמִזְבֵּחַ אוּנ מַקְרִיב גִיוֶועזֶען קָרְבָּנוֹת, מִתְפַּלֵל צוּ זַיין אַז דוּ זָאלְסְט שׁוֹין מֶער נִיט חָרוּב מַאכֶען דַיין וֶועלְט. שְׁרַייבְּסְטוּ אִין דַיין תּוֹרָה (וַיָּרַח ה' אֶת רֵיחַ הַנִּיחֹחַ), אַז דִיר הָאט גִישְׁמֶעקְט דֶער לִיבְּלִיכֶער גִירוּךְ פוּן דִי קָרְבָּנוֹת, כְּלוֹמַר, נֹחַ'ס תְּפִלָּה בַּיי דִי קָרְבָּנוֹת וַואר דִיר גִיפֶעלִין, וַוייל דוּ הָאסְט גִיזֶעהֶען זַיין רֵיינֶע הַארְץ, וִוי עֶר הָאט זִיךְ פַארְגִישְׁטֶעלְט בְּעֵת מַקְרִיב זַיין דֶעם קָרְבָּן, אַז עֶר אִיז גְרֵייט אָפְּצוּבְּרֶענֶען דִי כֹּחוֹת הַגוּף מִיט דִי תַּאֲווֹת אוֹיף דֶעם פַייעֶר פוּן דַיין לִיבֶּע (אהבת ה') מְקַיֵים זַיין (וְאָהַבְתָּ אֵת יְהוָֹה אֱלֹהֶיךָ) דוּא זָאלְסְט לִיבּ

---

שערי ציון

תִּירָאוּ) וֶועט אִיר דַאפִיר הָאבֶּען אַייעֶר בֵּית הַמִקְדָּשׁ אִיר וֶועט הָאבֶּען עֶהְרֶע פוֹרְכְט פַאר אִים. וַוייל וֶוען אִיר הִיט שַׁבָּת, זַייט אִיר מוֹדֶה אִין חִידוּשׁ הָעוֹלָם,

מעשה אלפס

את וֶוענִין וָואס מִיר זֶעהֶען, אַז פִיל פוּן דִי וָואס בֶּענְטְשִׁין גָאר קֵיין לִיכְט נִיט אוּנ הָאבִּין נָאךְ אַטְרֵייפֶע קִיךְ אוֹיךְ, גֶעבּוֹירֶען נַאךְ גְרִינְג. — וֶוענִין דֶעם זָאגִין אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים אַגוּט וָוארְט, (נָפַל תּוֹרָא חֲדַד סַכִּינָא)

נִוען עֶס וֶוערְט קְרַאנְק אַ כְּשֵׁרָה בַּעַל חַי לוֹיפְט מֶען נִישְׁווִינְד צוּם שׁוֹחֵט, וַוייל

רווך

האָבּען גאָט בָּרוּךְ הוּא (בְּכָל נַפְשְׁךָ) מִיט דַיין גַאנְצֶע וֶועלֶע, אוּנ דָאס איז גִיוֶוען אַזוֹי עֶרִינְסְט, מִיט עֶנֶערְגִיֶע אַז עֶס אִיז אַיינְגִישְׁטֶעמְפִּילְט גֶעוָוארֶען אִין זַיינֶע בְּלוּט, דִי הֵיילִיגֶע כּחוֹת וֶועלִין אִיבֶּער גֵיין אִין אֵיינִיגֶע פוּן זַיינֶע קִינְדֶער. וִוי אַבְרָהָם אָבִינוּ אוּנ חֲנַנְיָא מִישָׁאֵל וַעֲזַרְיָה אוּנ פִיל צַדִּיקִים וַחֲסִידִים וָואס הָאבֶּען זִיךְ גִילָאזְט וַוארְפֶען אִין פַייעֶר צוּ לִיבּ אַהֲבַת השי"ת, הָאסְטוּ דַאן צוּ גִיזָאגְט אַז דוּ וֶועסְט שׁוֹין מֶער נִיט חָרוּב מַאכֶען דִי וֶועלְט וֶועגִין דִי שְׁלֶעכְטֶע מַעֲשִׂים פוּן מֶענְשִׁין.
לִיבֶּער הַארְצִיגֶער פָּאטֶער, אַז אִיךְ זֶעה דָא דֶעם אָרְט וואו דַיין הֵיילִיגֶער פַּאלַאץ איז גִישְׁטַאנֶען, נֶעמְט מִיר אָן אַגְרוֹיס גִיוֵויין. אָה, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם! אִיבֶּער דִי זִינְד פוּן דִי נַארִישֶׁע מֶענְשִׁין הָאסְטוּ חָרוּב גִימַאכְט אַזא הֶערְלִיכֶען וֶועלְט פַּאלַאץ, וָואס דִי גַאנְצֶע וֶועלְט הָאט גִישֶׁעפְּט הַשְׁפָּעָה אוּנ לִיכְטִיגְקַייט פוּן אִים, פַר דִי נְבִיאִים אִיז דָא גִיוֶוען דֶער קְוַואל פוּן נְבוּאָה, פַאר בַּעֲלֵי רוּחַ הַקּוֹדֶשׁ אִיז דָא גִיוֶוען דֶער מָקוֹר פוּן רוּחַ הַקּוֹדֶשׁ, פַאר חֲכָמִים אַמָקוֹר פוּן חָכְמָה, אוּנ זִינְט עֶר איז חָרוּב גִיוָוארְן, הָאבֶּען מִיר עֶס אַלֶעס פַארְלָארֶען. אָה גוּטֶער גָאט! אַזוֹי וִוי דוּ הָאסְט אָנְגֶענוּמֶען נח'ס תְּפִלָּה אַזוֹי זָאלְסְטוּ אָן נֶעמֶען מַיין תְּפִלָּה. וָואס אִיךְ בֶּעט דִיר מִיט וַוארִימֶע טְרֶערִין אִין דֶעם נָאמֶען פוּן כְּלַל יִשְׂרָאֵל. אַז דֶער בֵּית הַמִקְדָשׁ זָאל שׁוֹין גִיבּוֹיט וֶוערִין דוּרְךְ דַיין הֵיילִיגֶע הַאנְד, וֶועט עֶר שׁוֹין מֶער נִיט חָרוּב וֶוערִין, אוּנ זָאלְסְט שׁוֹין דָאס הֵיילִיגֶן אָרְט דֶער פְרֵייעֶן, אַז מִיר זָאלֶען דִיר קֶענֶען דִינֶען מִיטִין גַאנְצִין הַארְצִין מִיט פִיל שִׂמְחָה אוּנ מִיט פִיל גוּטֶעס אִין דֶעם הֵיילִיגֶען בֵּית הַמִקְדָשׁ, אוּנ אַלֶע פֶעלְקֶער זָאלֶען דֶער קֶענֶען, אַז דוּ בִּיסְט אֵיינֶער אוּנ מֶער קֵיינֶער, אוּנ אַלֶע זָאלֶען קוּמֶען בּוּקֶען זִיךְ פַאר דִיר אִין דֶעם הֵיילִיגֶען אָרְט, וִוי דָוִד הַמֶלֶךְ זָאגְט (יָבֹא כָל בָּשָׂר לְהִשְׁתַּחֲוֹת לְפָנֶיךָ ה') אוּנ מִיר זָאלֶען זוֹכֶה זַיין צוּ קוּמֶען אַהֶער עוֹלֶה לְרֶגֶל זַיין בִּמְהֵרָה בְיָמֵינוּ, אָמֵן.

## אַנְדֶערֶע תְּחִנָּה בַּיי'ן כּוֹתֶל מַעֲרָבִי (נאך ליכט בענשין).

לִיבֶּער גָאט, אִיךְ קוּם יֶעצְט נָאךְ מַיין בֶּענְשִׁין לִיכְט מִתְפַּלֵל זַיין אוֹיף דֶעם הֵיילִיגֶען אָרְט, צוּם אָנֶדֵיינְקוּנְג אַז לֶעָתִיד וֶוען

שערי ציון — מעשה אלפס

אַז דֶער בּוֹרֵא הָאט אִין זֶעקְס טֶעג דוּרְךְ דֶעם רֶעכִינְט מֶען אָב בַּאטֶעוֶוען דֶעם שָׁאדִין, אָבֶער וֶוען אַ בְּהֵמָה טְמֵאָה אִיז בעשאפען סַכָּנָה רוּפְט מֶען נִיט קֵיין שׁוֹחֵט, ווייל דָא וֶועט מֶען נָאר נִיט מַצִיל זַיין, דָאס גְלַייכֶען

משיח וועט קומען, וועלין אלע מענשין (וועלכע וועלין ווערט זיין) קומען דא אלע שבת בוקען זיך פאר דיר און לויבען דיין היילינען נאמען, ווי דו האסט גיזאגט דורך דיין היילינען נביא ישעיה (והיה מדי חדש בחדשו ומדי שבת בשבתו יבא כל בשר להשתחות לפני אמר ה'), דאס הייסט מ'וועט אין דער היים בענשין ליכט, נאכהער וועט מען זיך זעצין אויף אלופט-באלאן, אויף אעראפלאן, און אין איינינע מינוטען וועט מען זיין דא, מקבל שבת זיין און דאווינען מעריב און קומען צוריק צופליען צו הויז מאכען קדוש, ווי עס שטייט (מי אלה כעב תעופינה וכיונים אל ארבותיהם), די פעלקער וועלין זאגען, ווער זיינען דאס די גליקליכע וואס קומען צו פליהען ווי אויף אוואלקען? איז פון גרויס תשוקה (לוסט) וואס איך בייגק צוא דיא גליקליכע צייט, וואס מיר וועלין קענען שטענדיג זיין נאהענט צו דיר. אפילו די וואס וועלין וואהנען אין ענדע ארץ ישראל (גאנץ ווייט פון ירושלים), וועלין אויך קענען קומען מקבל שבת זיין דא, דרום בין איך דא גיקומען יעצט מקבל שבת זיין, און בעטין דיין ליבען נאמען, דו זאלסט מיר העלפען, אז די ליכט פון שבת זאל ביי מיר שיינען אגאנצע וואך, ווי ביי אונזער מוטער שרה, דאס הייסט אז די ליכטיגקייט פון דער תורה וואס אויף דעם ווייזט די ליכט פון שבת, זאל שיינען ביי מיר אין שטוב שטענדיג, בכדי איך מיט מיין מאן און קינדער זאלען אויך זוכה זיין צו די גליקליכע צייט, במהרה בימינו. אמן.

# אתחנה פאר קבלת שבת.

גרויסער מעכטיגער קעניג! איך דאנק דיר, וואס דו האסט מיר מזכה גיוועזען מיט די היילינע מצוה מקבל פנים זיין שבת המלכה מיט ליכטיגקייט, עס זאל אריין שיינען אין מיין שטוב די ליכט פון אמונה אין חדוש העולם, וואס שבת בעווייזט אז אין זעקס טעג האט דער בורא בעשאפען די גרויסע וועלט, די הימל און די ערד

מעשה אלפס

רעט די משנה נור וועגין די כשרה פרויען וואס פירען זיך אידישליך, נור זיי זיינען גיט זהיר אין די דריי מצות צו טאן ווי גיהעריג איז, אבער וועגין די טמאים ר"ל, וואס לאבען נאר פון אידישקייט, ארום זיי רעט מען דא גיט, מיט זיי וועט זיין אין אנדער חשבון.

שערי ציון

בעשאפען די וועלט מיט אלע אירע הערשאפט, און דער אנהייב בריאת העולם איז דאך געוועזען פון בית המקדש

מיט אלעם וואס אין זיי, דעם מערקווירדיגען ים מיט אלע מורא'דיגע ברואים וואס אין אים, אונ דעם זיבעטען טאג האט ער גירוהט, (ויָנפש) אונ איז געוואָרען די נשמה פון די גרויסע וועלט, ער איז זיי מחיה יעדער רגע ווי די נשמה איז מחיה דעם גוף, אונ אזוי ווי מיר ווייבער זיינען אויך אליכט פון אמונה, ווייל דורך דעם וואס די פרוי (חוה) איז בעשאפען געוואָרען פאר אדם'ן אין די אויגען, האט ער גיזעהען אז די וועלט האט איין בעשעפער, הייסט דאס מיט אונזער בענשין ליכט ווערט די אידישע שטוב בעלויכטען מיט צוויי ליכט, ליכטיג מאכען אונזערע אויגען אין די אמונה, אז עס איז דא אגרויסער איינזיגער (אבירא יחיד) וואס האט גיבויט דעם גרויסען וואונדערליכען וועלט פאלאץ, אונ בזכות די אמונה זאלסטו בעלייכטען אונזערע אויגען אין די ליכטיגקייט פון דער תורה, אונ זאלסט אונז ארויס נעמען (מאפלה לאור גדול) פון פינסטערין גלות צו די ליכטיגקייט פון דער גאולה, וואס דאן וועלין מיר זאגען איינע צו די אנדערע (לכו נרננה לה'), קומט מיר וועלין לויב-זינגען צו גאט (נריעה לצור ישענו) מיט פרייד צו שאלען פאר דעם שטארקען שוטץ פון אונזער הילף, וואס מיר האפין זוכה זיין צו דעם במהרה בימינו, אמן.

## תחנה פון ערב ר"ח, צו יום כפור קטן.

תפלה לעני כי יעטוף, ליבער גאט. איך קום אוים גיסען מיין הארץ פאר דיר ווי איין עלענטער אָרימאן, וואס איז פארשמאכטעט אונ איין גידרייט אין דרייען פון גרוים פיין. א גאט! הער צו מיין גבעט, אונ מיין שרייען זאל קומען פיר דיין הויכען שטול, אין דעם טאג וואס איך רוף דיר ענטפער מיר גישווינד, דען עס פערשווינדען אין רויך מיינע טעג, אונ מיינע ביינער זיינען ווי צו טריקענטע שייט העלצער, מיין הארץ איז ווי פערוועלקטע גראז, מיין גיטראנק איז צו מישט מיט טרערין וועגין דיין צארען וואס דו האסט מיר אמאל אויף גיהויבין אונ גיטראגען אויף אדלער פליגלען, אונ היינט האסטו מיר ארונטער

---

**שערי ציון**

פון אבן שתיה (דערגרונד שטיין וואס איז גיווען אין קודש הקדשים) אונ פון אים האט זיך פונאנדער נעשפרייט אין אלע זייטען ביי

**מעשה אלפס**

אונ וועגין דעם, וואס צווישען די ערליכע וואס זיינען נית זהיר טרעפט דאך אויך פיל וואס געטוידטען געוואָרען? – דער סדר העולם איז, ווען איינער טוט אב אגרוסין

עטע

פארברענט וואס סוד פערמאסקעס אים פוס-שטראף. דערלאנגט מען סאנבע מאל אבינו

געווארפען אין אב גרונד, אמאל בעת מיר האבען געהאט א בית המקדש מיט א כהן גדול, זיינען מיר געווען ווי דער רייכער רייזענדער וואס פארט מיט'ן באן אין פערטע קלאס, אויך נעמט ער איין מאל א בילעט ביז וואנען ער דארף פארען, פאר דינט ער אין צווייען, עס קאסט אים ביליגער, אי ער זיצט רוהיג די גאנצע וועג. ער דארף ניט לויפען און שפארען זיך ביי קאסע יעדער מאל, די סטאנציעס איז פאר אים נור אפערגעגאנגען זיך דורך גיין אויפען פלאץ פארמע האפען פרישע לופט און עטוואס געניסען אויפען בופעט זיך ערקוויקען די הארץ, אזוי זיינען מיר אמאל געווען אין א הויכע מדרגה אין גרויסען פלאהר, מיר האבען געהאט א לאנד, א קיניגרייך, א סנהדרין, א בית המקדש, מיט א כהן גדול וואס ער פלעגט טאן די הייליגע עבודה יום כפור, פלעגט ער אויס בעטען פארען כלל ישראל לעבין און פרנסה אויף א גאנץ יאהר, הייסט דאס מיר פלעגען באקומען א בילעט אין הימל-קאססע צו פארין אויפען לעבינס באן דריי הונדערט פיר און פופציג טעג ביז ענדע יאהר מיט גרויס כבוד און עהרע, איז די סטאנציעס (די ראשי חדשים) געווען נור אלעס פערגאנגען מקריב זיין דאנקבאר קרבנות אויף די צופרידענהייט פון אונזער גליקליכען לעבען, און וואס דער בורא איז צופרידען פון אונזערע גוטע מעשים, אבער היינט האסטו אונז געווארפען פון אזוי הויכע מדרגה אין אבגרונד, מיר האבען ניט קיין בית המקדש, ניט קיין לאנד, ניט קיין סנהדרין, ניט קיין כהנים, זיינען מיר ווי דער ארימאן וואס פארט דריטע און אמאל פערטע קלאס אין איינגעשאפט און רויך, און דאס איז ער ניט אימשטאנד נעמען א בילעט אויף די גאנצע וועג, נור אויף איינע אדער צוויי סטאנציעס, נאכהער אויף יעדער סטאנציע זוכט ער בעקאנטע זיי זאלען אים אויס לייען אדער פשוט א נדבה מאכען אויף נאך א סטאנציע, און אזו קוועלט ער זיך ביז ער קומט וואו ער דארף, און מאנכע מאל פארזאמט ער דעם באן און וואלגערט זיך אויפען

מעשה אלפים

אביטע אין א העברין בית המשפט אדער מען בעט גנאדע, איז אויב ער האט אנוטען מליץ, פועל'ט ער אז מ'פאר בייט די טויט-שטראף אויף איינע יאהר קאטארגע, און אמאל פועל'ט מען מ'זאל אים ארויס לאזען פריי נעגין א גרויסען זאלאג, ביז ער וועט געפינען פאר זיך א זכות, דאס גלייבען די פריי וואס האט אנטשען מליץ, כלומר זכות

שערי ציון

ענדע וועלט, אבער אז מ'האט מחלל געווען שבת, הייסט דאך דאס אב גילייקענט חדוש העולם און קדושת

המקדש

פריה

סטאנציע ביז אצווייטען צוג. דאס גלייכען איז אונזער ארימקייט אין מעשים טובים אזוי גרויס, אז מיר זיינען ניט אימשטאנד אויס צו בעטין יום כפור אבילעט אויפען לעבענס באן קוים אויף צווייא סטאנציעס תשרי און חשון און די ווייטעריגע סטאנציעס (ראשי חדשים) דארפען מיר זוכען בעקאנטע (זכות אבות) זאלען אונז אויס לייען, אדער פשוט בעטין נדבות אויס וויינען אבילעט פון לעבען און פרנסה אויף נאך אסטאנציע (דרייסיג טעג) ביז דעם צווייטען ראש חדש, און אזוי פארין מיר פון איין ראש חדש ביזין צווייטען, און אמאל חלילה ווען מיר פארשלאפען איין ערב ראש חדש אן תפלה ותשובה, בלייבען מיר זיך וואלגערין חלילה די גאנצע צייט אן גיזונד און אן פרנסה ביזען צווייטען ראש חדש. אלזא ליבער גאט האב שוין רחמנות אויף אונז און בעניי דעם חודש אויף אונז מיט גיזונד און פרנסה, מיט הילף און טרייסטונג, דו זאלסט אונז ענטפערין אויף וואס דוד המלך האט גיבעטין (שלח אורך ואמתך המה ינחוני) שיק דיין ליכט און דייןווארהייט (דאס איז אליהו הנביא און דער מלך המשיח) זיי וועלין מיר פירען און בריינגען צו דיין הייליגען בארג ציון, און דו וועסט דארטען בויען דעם דריטען בית המקדש, און קער צוריק די סנהדרין אויף זייער ארט מיט די כהנים און דעם כהן גדול, וועלין מיר דארטען באזוכען דיין בית המקדש גאנץ אפט מיט פרייד און גיזאנג, אז דיין נאמען וועט גיהייליגט ווערין אין דער גאנצער וועלט, ווי דוד המלך זאגט (בהקבץ עמים יחדו) בעת אלע פעלקער און קעניגרייך וועלין זיך אויף קלייבען צו זאמען דינען גאט אין דיין הייליגען בית המקדש, (וייראו גוים את שם ה׳) דאן וועלן אלע פעלקער זיך פירכטען פיר דיין גרויסען נאמען, און דיין עהרע וועט ערשיינען אויף אונז במהרה בימינו, אמן.

---

שערי ציון

המקדש, מו וואס דארף מען דעם ביהמ״ק? האט דער בורא אים חרוב געמאכט. דער פסוק (את שבתותי תשמורו) איז איבער

מעשה אלפס

אבות (אפאטער, אזיידען, אעלטער זיידען אגרויסען למדן וצדיק, אדער זי האט אמאל אליין געטאן אגרויסע מצוה, פאר בייט מען די טויט שטראף אויף אקלענערין

גיהורת

שטראף, היינו זי בלייבט מיט אפעלער קראנק פון קינדבעט און ליידעט אביסעלע (?) פיל יאהר, און דער צווייטער ווייס דאס גאר ניט, ער מיינט זי איז ארויס פאלקאם געזונד, און אמאל פועל׳ט דער זכות אבות אז עס ווערט גענומען א זאלאג, היינו אגרויסען טייל פון אירע מעשים טובים און מ׳לאזט איר קיין געזונד, ביז זי וועט

תשובת

רבונו של עולם, הער פון דער וועלט, אז איך באטראכט אידישע לאגע, ווי דוד המע"ה זאגט (דמיתי לקאת מדבר) איך בין שוין גיגליכען צו די קאת (אזא מין פויגעל וואס אין דער מדבר) זי שרייט שטענדיג מיט איין קלאגעדיגע שטימע, אזוי שריי איך שטענדיג מיט אביטערע שטימע און זיך פארוויסטעט און איינזאם, ווייל מ'טרייבט מיר פון מיין רוהע (כל היום חרפוני אויבי) דעם גאנצין טאג לעסטערין מיר מיינע פיינדע (מהוללי בי נשבעו) די וואס שפאטען פון מיר, שווערין זיך מיט מיר. כלומר, ווען זיי שווערין זאגען זיי „באם זיי וועלין עובר שבועה זיין זאל זיי אוים גיין אזא סוף ווי דעם אידען — „כי אפר כלחם אכלתי" ווען איך עס מיין שטיקעל ברויט איז מיר ביטער אזוי ווי אייגער עסט אש (ושקוי בבכי מסכתי) און מיין גיטראנק איז פר מישט מיט טרערין, אבער אז איך באטראכט דעם ערב ראש חודש ווי פינסטער די לבנה איז, טאקע ווי סוף חודש די נאכט, זעה איך אז דו ביסט גירעכט און דיין משפט איז גירעכט. מיר אידען ציילען נאך די לבנה, איז ווייל מיר האבען נאך גיטאן די לבנה, האבען מיר בעקומען די שטראף פון די לבנה. די פינסטערע געפיהלען פון מענשין שטורמען (ווי די לבנה האט מקטרג גיווען אויף די זון) ווי קענען צוויי מלכים בענוצען איין קרוין? (אלזא האט זי פערלאנגט, מ'זאל די זון קלענער מאכען), אזוי שטורמען די פינסטערע און שפלה'ה געפיהלען פון מענשין, „ווי קען איך דאס צו זעהען אז יענער איז מיר אויך גיווארען אגאנצע סדרה"? „יענער פערגלייכט זיך אויך צו מיר"! אלזא דארף מען יענעם בעליידיגען און קלענער מאכען. מיר האבין ניט צו גילייגט דעם אויער מיטן שכל הערין דעם אנטווארט פון השי"ת, יע מיין קינד, כבוד איז אטייערע זאך, איך האב טאקע איין גינאטירט אין מענשין עהרע געפיהל, נור קריך ניט זוכין כבוד אין קרומע וועגין צווישען דערנער, זוך ניט כבוד ווי די בהמה דורכין בריקענען אויף יענם און בעליידיגן איהם (וויין אמתכבד בקלון חבירו) זוכען

מעשה אלפס

תשובה טאן, איז ווען זי טוט ניט קיין תשובה האט זי זיך (וויניג וואס צו פרייען מיט דעם וואס זי איז ארוים געזונד, נייל איר

שערי ציון

גיחזרת צוויי מאל אין דער תורה (אין קדושים און אין בהר) מרמז זיין אויף בידע

בתי

זאלאנ בלייבט פר פאלין, דאס הייסט זיא האט פארצערט פר איר לעבין אנגויסען טייל פון אירע מעשים טובים, און אויף שפעטער בלייבט איר נאנץ וויינינ, אדער מ'נעמט חלילה צו די קינד אין א יאהר, אדער צוויי יאהר ארום, הכלל השי"ת ווייס וואס ער האט

כבוד דורך יענעמס בזיון, קום איך וועל דיר פירען אין גראדין וועג, שאו דו וועסט אים טאקע גיפינען, ווי אונזערע חכמים זאגען „איזהו מכובד? המכבד את הבריות" גיב יענעם כבוד וועט מען דיר געבען כבוד, ווען דו שעצט יענעם וועט מען דיר שעצין, ווי יעקב אבינו איז גיוועזן אויס גיצייכינט מיט די מדה פון שלום. שטענדיג איבער גילאזען זיינע אונ דורך גיקומען מיט די שווערסטע מענשן. ווי עשו אונ לבן, אבער די לבנה וואס זי האט ניט גיוואלט שעצין די זון, וואס איז איר ענדע גיווארען? איר כבוד איז גימינערט גיווארין ביז צום גרונד, אזוי זיינען מיר דורך אונזער „שנאת חנם" איינע צו די אנדערע, אראב צום גרונד. אונזער בית המקדש איז חרוב גיווארען אונ מיר זיינען צו ווארפען אין אלע עקין וועלט, אונ האבען ביי אונזערע שכנים גיקראגן אפנים אשענדליכען, אונ מיר זיינען גווארין פינסטער ווי סוף חודש די נאכט. אלזא רבונו של עולם, זעה צו אונזער עלינד אונ העלף אונז מיר זאלען איבער אנייעם אויף שיינען, דו זאלסט אויס רייסען די קראפעווע פון שנאת חנם פון אונזער הארצען, אונ איין פלאנצען אנשטאט דעם „אהבה ואחוה ושלום ורעות" מיר זאלען ליב האבען איינע די אנדערע, אונ חס האבען אויף יעדערינס כבוד, ווען אפילו יענער קומט מיר אן גראב, זאל איך אים פערשווייגן, אונ ניט פארשעמען יענעם צוריק, וועט אויף אונז מקוים ווערין וואס די הייליגע דבורה הנביאה האט גיזאגט אין איר שירה (ואוהביו כצאת השמש בגבורתו), די וואס ליבען דעם בורא אונ ליבען אלע מענשין וועלין שיינען ווי די זון וואס זי האט גישוויגן בעת די לבנה האט איר באליידיגט, דאפיר איז זי גיבליבען ביי איר גרויסען שיין, אזוי זאלסטו אונז אויך בענשן מיט די ברכה פון שלום. ווי דוד המלך זאגט (ורוב שלום עד בלי ירח) עס זאל זיין אזוי פיל פרייד צווישן אונז, אז עס זאל בטל ווערען די פינסטערע לבנה געפיהלן, די אור הלבנה זאל זיין כאור החמה, אונזער כבוד זאל אויף שיינען, אלע זאלען זעהען אז מיר זיינען דיין גיליבטע הייליגע פאלק מיט דעם וואס דו וועסט אונז פירין (קוממיות לארצנו) מיט שטאלץ אין אונזער לאנד במהרה בימינו, אמן.

---

שערי ציון

בתי מקדשים, אז ווען אידין האבען געהיט שבת האבען די בתי מקדשים געהאט אקיום.

ובצאת

מעשה אלפס

צו טאן מיט יעדער איינציגען, אלזא איז די גלייכטע וועג תשובה, חרטה אויף די פריהערדיגע עבירות אונ זיין פארזיכטיג מקיים זיין ריכטיג די דריי מצות אויף לדבקא, וועט השי"ת שיקקען געזונד אונ נחת פון קינדער.

עֶרְבַּארְמִיגֶער פָאטֶער! בְּכָל יוֹם אֲבָרְכֶךָ, אַלֶע צֵייט וֶועל אִיךְ דִיר לוֹיבֶּען, וָואס דוּ הָאסְט מִיר גֶעגֶעבֶּען לֶעבֶּען אוּנ צוּם לֶעבֶּען (שפייז אונ קלידונג אונ וואהנונג) פוּן מַיין יוּגֶענְד בִּיז הַיינְט, אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים שְׁרַייבֶּען אַז דֶער הֵיילִיגֶער שַׁבָּת אִיז דֶער אוֹצָר פוּן פַּרְנָסָה אוּנ הַצְלָחָה, וֶוער עֶס הִיט שַׁבָּת מִיט כָּבוֹד אוּנ פֶּערְגְנִיגֶען עֶפִּינְט מֶען פַאר אִים דֶעם אוֹצָר מַשְׁפִּיעַ צוּ זַיין פַּרְנָסָה בְּכָבוֹד וּבְנַחַת, אוּנ נִיט אַזוֹי וָואס שַׁבָּת אִיז דֶער אוֹצָר פַּרְנָסָה פַאר'ן גוּף, אִיז עֶר אוֹיךְ דֶער אוֹצָר פוּן לֶעבֶּען אוּנ פַּרְנָסָה פַאר דִי נְשָׁמָה. דֶעם הֵיילִיגֶען טָאג שַׁבָּת הָאסְטוּ לִיבֶּער הַארְצִיגֶער פָאטֶער אוֹיס עֶרְוֶואהלְט צוּ עֶרְשַׁיינֶען אִין אִים אוֹיפְ'ן בַּארְג סִינַי פַאר דַיין לִיבֶּע פָאלְק יִשְׂרָאֵל, אוּנ הָאסְט מִיט זֵיי גִירֶעט דַיינֶע הֵיילִיגֶע רֵייד פָּנִים אֶל פָּנִים, וָואס פוּן יֶעדֶער דִבּוּר וָואס אִיז אַרוֹיס פוּן דַיין מוֹיל אִיז פוּל גֶעוָוארֶען דִי גַאנְצֶע וֶועלְט מִיט אַגִישְׁמַאקִין רֵיחַ פוּן טַייעֶרֶע בְּשָׂמִים, וָואס נַאכְהֶער אִיז דֶער רֵיחַ אַרַיין אִין גַן עֵדֶן[1], וִוי אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים שְׁרַייבֶּען (אין מסכת שבת). דוּ הָאסְט בּוֹחֵר גֶעוֶועזֶען דֶעם טָאג פוּן שַׁבָּת צוּ גֶעבֶּען אִין אִים דַיין תּוֹרָה צוּ לֶערְנֶען אוּנְז, אַז דֶער תַּכְלִית פוּן שַׁבָּת אִיז נִיט דֶער עִיקָר צוּ פַארְבְּרֵיינְגֶען אִין עֶסִין אוּנ שְׁלָאפִין אוּנ שְׁפַּאצִירֶען, נָאר צוּ לֶערְנֶען תּוֹרָה אוּנ לֵייעֶנֶען הֵיילִיגֶע סְפָרִים, מְ'זָאל וִויסֶען וִוי צוּ לֶעבֶּען אוֹיף דֶער וֶועלְט אוּם צוּ גֶעפִינֶען חֵן בַּיי גָאט אוּנ לַייטא), וִוי דוּ הָאסְט גֶעוִויזֶען דַיין עֶבֶד נֶאֱמָן (דיין הייליגן טרייען קנעכט משה רבינו"), וָואס דוּ הָאסְט אִים גֶעקְרוֹינְט אוֹיפְ'ן בַּארְג סִינַי מִיט אַהֶערְלִיכֶע קְרוֹין (כליל תפארת) דָאס אִיז דִי מַייסְטֶעטִישֶׁע שְׁטְרַאלֶען וָואס הָאט גֶעשַׁיינְט פוּן זַיין מוֹחַ, אַז מְ'הָאט נִיט גֶעקֶענְט אַיין קוּקֶען אִין זַיין

די פְרוֹי אוּנ אֲפִילוּ דִי קֶעכִין זָאל זַיין רוּהִיג אוּנ קֶענֶען זִיךְ אַנְזֶעטִיגֶען מִיט

מעשה אלפס

1) דֶער מִדְרָשׁ דֶער צֵיילְט, אַז דֶער רוֹמִישֶׁער פְּרִינְץ אַנְטוֹנִינוּס אִיז אַמָאל גֶעקוּמֶען אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, אִיז עֶר גִיוֶועזֶען גִילַאדִין שַׁבָּת בַּיין נָשִׂיא (רַבֵּינוּ הַקָּדוֹשׁ), הָאט עֶר גִיגֶעסֶען דִי תַּבְשִׁילִין וָואס מְ'הָאט צוּ גִיגְרֵייט פוּן נֶעכְטִין אוֹיף שַׁבָּת אוּנ עֶס הָאט אִים זֵייעֶר גִישְׁמֶעקְט, נָאכְהֶער אִיז עֶר גֶעוֶוען גֶעלַאדֶען אִין מִיטֶען וָואךְ, הָאט מֶען דֶער לַאנְגְט פְרִישֶׁע אקערסט

שערי ציון

א) וּבִפְרָט מוּטֶערְס וָואס דַארְפֶען זֵייגֶען זֵייעֶרֶע קִינְדֶער, כְּלוֹמַר עֶרְצִיהֶען זֵיי אִין אִידֶעשֶׁע וֶועג, וָואס דָאס וֶוענְדֶעט זִיךְ אִיבֶּער הוֹיפְּט אָן דִי מוּטֶער, זָועלְבְּסְט פֶערְשְׁטֶענְדְלִיךְ אַז מִיט אַ פּוּסְטֶע טְרוּקֶענֶע הַארְץ קֶען מֶען נִיט זֵייגֶען קַיין קִינְד, דְרוּם אִיז שַׁבָּת גִישְׁטֶעלְט אַז אֲפִילוּ שְׁטוּב אַרְבֵּייט (וִוי קָאכֶען בַּאקֶען) טָאר מֶען נִיט, בִּכְדֵי

פייערע

גְעזִיכְם, גְלַייךְ וְוִי מֶען קֶען נִיט אַיין קוּקְען אוֹיף דִי זוּן אִין תַּמוּז, צוּ וַוייזְען אַז דִי קָאפּ פוּן מֶענְשֶׁען וָואס לֶערְנְט תּוֹרָה לִשְׁמָהּ, אִיז אִימְשְׁטַאנְד לִיכְטִיג צוּ מַאכֶען זַיין קֶערְפֶּער, דָאס הַייסְט זַיינֶע אַלֶע מַעֲשִׂים אֲפִילוּ וָואס עֶר טוּט וֶועגִין זַיין קֶערְפֶּער זָאלִין אוֹיךְ זַיין לִיכְטִיג (לשם שמים).

אַלְזָא לִיבֶּער הַארְצִיגֶער פָאטֶער, פְרֵיי אִיךְ מִיר מִיט דַיין טַייעֶרֶע מַתָּנָה דֶעם הֵיילִיגֶען שַׁבָּת אוּנ אִיךְ זִינְג פַאר דִיר דִי לוֹיבּ לִיד (אוֹהֲבֵי יְיָ הַמְחַכִּים בְּבִנְיַן אֲרִיאֵל) אִיר לִיבּ הָאבֶּער גָאטֶעס, וָואס אִיר הָאפְּט צוּ דִי גְלִיקְלִיכֶע צַייט פוּן בִּנְיַן בֵּית הַמִּקְדָּשׁ (בְּיוֹם הַשַּׁבָּת שִׂישׂוּ וְשִׂמְחוּ כִּמְקַבְּלֵי מַתַּן נַחֲלִיאֵל) זָאלְט אִיר זִיךְ אִין דֶעם הֵיילִיגֶען טָאג שַׁבָּת פְרֵייעֶן וְוִי אַייעֶרֶע עֶלְטֶערִין, בְּעֵת זֵיי זַיינֶען גִישְׁטַאנֶען שַׁבָּת בַּיי דֶעם גְרוֹיסֶען פַארַאד מְקַבֵּל זַיין דִי תּוֹרָה אוּנ אִיךְ הֵייבּ אוֹיף מַיינֶע הֶענְד מִיט דַאנְק צוּ דִיר, לִיבֶּער גָאט, אוּנ זָאג מִיט שִׂמְחָה (בָּרוּךְ) גֶעלוֹיבְּט בִּיזְט דוּ וָואס דוּ הָאסְט גִיגֶעבֶּען אַ הֵיילִיגֶע תּוֹרָה צוּ דַיין הֵיילִיגֶע פָאלְק אִין דֶעם הֵיילִיגֶן טָאג שַׁבָּת, אוּנ אוֹיךְ בֶּעט אִיךְ דַיין רַחֲמָנוּת דוּ זָאלְסְט מִיר הֶעלְפִין מִיט מַיין מַאן אוּנ מַיינֶע קִינְדֶערְלַאךְ צוּ לֶערְנֶען דַיין תּוֹרָה אוּנ הִיטֶען דַיינֶע מִצְוֹת וּבִפְרַט דִי מִצְוָה פוּן שַׁבָּת, וָואס זִי אִיז דִי הַארְץ פוּן יוּדֶענְטֶהוּם, וּבִזְכוּת זֶה זָאלְסְטוּ פַאר אוּנְז עֶפֶענֶען אַלֶע שַׁעֲרֵי רַחֲמִים אוּנ עֶנְטְפֶערִין אוּנְז מִיט עֶרְבַּארִימְקַייט, אוּנ עֶרְנֶער אוּנְז פוּן דַיין מִילְדֶע הַאנְד, אוּנ זַיי אוּנְז מַצִּיל פוּן אַלֶע אוּמְשְׁטַאנְדֶען אוּנ פוּן אַלֶע שׂוֹנְאִים, זַיי זָאלֶען אוּנְז נִיט דֶער שְׁרֶעקֶען אוּנ נִיט פַארְשֶׁעמֶען אוּנ נִיט מַאכִין קַיין שָׁאדִין, אוּנ אִיבֶּער הוֹיפְּט רֶעטֶע אוּנְז פוּן דֶעם גְרוֹיסֶען שׂוֹנֵא דָאס אִיז דֶער יֵצֶר הָרָע, דָאס עֶר זָאל נִיט גִיוֶועלְטִיגֶען אוֹיף מִיר, אוּנ הֶעלְף מִיר הָאדֶעוֶוען מַיינֶע קִינְדֶער אִין גוּטִין וֶועג אוּנ זָאלְסְט זֵיי אוֹיס הִיטֶען פוּן קְרַאנְקַייט אוּנ אִיבֶּער הוֹיפְּט פוּן דִי גְרוֹיסֶע קְרַאנְקַייט דָאס

---

שערי ציון

טַייעֶרֶע נָאמְט-פַארְבְּטִיגֶע גֶעדַאנְקֶען פוּן מְנוֹרַת הַמָּאוֹר, פוּן חוֹבַת הַלְּבָבוֹת אוּנ נָאךְ פִיל הֵיילִיגֶע קְלוּגֶע סְפָרִים וְוִי מַעֲשֶׂה אַלְפַּיִם א. ד. ג., זִי זָאל נָאכְהֶער אַ גַאנְצֶע וָואךְ הָאבֶּן צוּא זֵיינֶען אוּנ מַשְׁפִּיעַ זַיין אוֹיף אִירֶע לִיבֶּע קִינְדֶער, מַאכֶען

מעשה אלפים

אֶקֶערְסְט גֶעקָאכְטֶע, זָאגְט דֶער פְּרִינְץ שַׁבָּת'דִיגֶע הָאט מִיר מֶער גִישְׁמֶעקְט וְוִי הַיינְטִיגֶע, עֶנְטְפֶערְט דֶער נָשִׂיא, אִין הַיינְטִיגֶע שְׁפַּייז פֶעלְט אַמִין בְּשָׂמִים, פְרֶעגְט דֶער פְּרִינְץ, פֶעלְט דֶען אִין קֵייזֶערְלִיכֶען אוֹצָר וָואס? כְּלוֹמַר, אוֹיבּ אִין דַיין קִיךְ

האט

דִי פַאר מֶענְשֶׁען אוּנ פַאר וַוארִימֶע אִידִין, גוּטֶע מַעֲשִׂים אוּנ מִדּוֹת טוֹבוֹת אִין דִי פַארְצַייטֶען. אִיז גָאט אוּנ לַייט וֶועלֶען זִיךְ מִיט זֵיי פְרֵייעֶן.

[illegible]

איז שלעכטע חברים אונ געזעלשאפט פון מושב לצים, וואס לאבען אב פון דער תורה אונ פון די גאנצע אידעשקייט, וואס דאס קוילעט אוועק די יונגע קינדער אן א מעסער, אזוי ווי דו האסט אוים געהיט אונזער פאטער יעקב פון די שלעכטע געזעלשאפט פון לבן'ס קומפאניע, ווי ער האט געזאגט (עם לבן גרתי ותרי"ג מצות שמרתי) דאס הייסט, הגם איך האב געוואהנט צוואנציג יאהר אין לבן'ס הויז, האב איך אבער זיך מיט מיינע קינדער ערווייטערט פון זייער געזעלשאפט א), אום מיר זאלען בלייבען טריי צו אידעשקייט, היטען תרי"ג מצות. אונ בזכות זה וואס ער האט זיך ערווייטערט פון שלעכטע קאמפאניעס האסטו אים געראטעוועט פון די גיפערליכע האנד פון עשו הרשע, ווי דוד המלך עליו השלום זאגט (אשרי האיש) גליקליך איז דער מענש (אשר לא הלך בעצת רשעים) וואס ער דערווייטערט זיך פון שלעכטע קאמפאניעס אונ פון מושב לצים, וועט ער זיין (כעץ שתול על פלגי מים) ווי א בוים וואס איז געפלאנצט ביי א קוואל וואסער וואס זיין פרוכט גיט ער אין דער צייט (וכל אשר יעשה יצליח) אונ אלע זיינע טהאטען וועט אוועק גיין מיט גרוים הצלחה, אזוי זאלסטו ליבער גאט באגליקען מיינע קינדער זיי זאלען האבען גרויס הצלחה אין תורה ומעשים טובים אונ בפרט שבת זאלען זיי היטען ווי די אויג אין קאפ, איך זאל פון זיי האבען נחת אונ גדולה אויף ביידע וועלטין, אמן.

## תחנה מקראי קודש, (ערקלערט דעם ענין פון בענשין ראש חודש).

ווען מ'בענשט ראש חודש, זאגט מען פריער די תחנה נאכהער זאגט מען אתחנה וואס גיהער צום חודש וועלכען מען בענשט.

רבונו של עולם הער פון דער וועלט דו האסט באשאפען מיט דיין חסד הימל אונ ערד אונ אלע בעשעפענישע אין זעכס טעג אונ דעם זיבעטין טאג האסטו דו גירוהט פון דיין ארבעט, אונ האסט אים גיבענשט אונ גיהייליגט אונ איבער גיגעבין אלס מתנה צו דיינע ליבע קינדער ישראל, צום אנדיינקונג, אז דו ביסט דער בורא עולם

---

מעשה אלפס

האט געפעלט דער געווירץ, האסטו אים געדארפט געמען ביי מיין קוך-מייסטער (מיט'ן פריען פארט מיט זיין קוך) ענטפערט דער נשיא, דעם געווירץ רופט מען „שבת",

שערי ציון

א) ווייל ער האט זיך געפירט ווי די מוטער רבקה, ווי די תורה ריהמט איר (בת בתואל הארמי מפדן

ע האט אים דען דיין קאכמייסטער? זעהע מיר פון דעם. אז דער גרויסער צדיק וואס תויט

וּמַנְהִיגוֹ, דֶער בַּאשֶׁעפֶּער אוּנ דֶער פִירֶערֶ. אוֹיךְ הָאסְטוּ גִישְׁרִיבֶּן אִין דַיין תּוֹרָה (וַיְכַל אֱלֹהִים בַּיּוֹם הַשְּׁבִיעִי מְלַאכְתּוֹ אֲשֶׁר עָשָׂה), דֶעם זִיבֶּעטֶען טָאג הָאסְטוּ פַּארֶענְדִיגְט דֶעם בָּאשַׁאן פוּן דַיין אַרְבֶּעט, אִיז דָאס אַרְטֶן, אַז שַׁבָּת הָאסְטוּ אוֹיךְ וָואס גִיטָאן, צוּ לֶערְנֶען אוּנְז אַז אִין דִי זֶעקְס טֶעג אִיז נוּר בַּאשַׁאפֶען גִיוָוארֶען דִי הַנְהָגַת הַטֶּבַע וָואס זִי וֶוענְדֶעט זִיךְ נִיט אָן קֵיינֶעם נוּר אָן דַיין רָצוֹן, אָבֶער שַׁבָּת הָאסְטוּ בֶּעשַׁאפֶן אַיין אִיבֶּער נַאטִירְלִיכֶע הַנְהָגָה וָואס זָאל קֶענֶען צוּ שְׁטֶערֶען דִי גַאנְצֶע הַנְהָגַת הַטֶּבַע אוּנ פִירֶען אִיבֶּער נַאטִירְלִיךְ, דָאס אִיז אַיין הַנְהָגָה וָואס אִיז הֶעכֶער פוּן דִי הִימְלֶען, נוּר אוּנְטֶער דַיין כִּסֵּא הַכָּבוֹד. אוּנ דָאס אִיז אִיבֶּער גִיגֶעבִּין צוּ דִי מַעֲשִׂים פוּן דַיין הֵיילִיגֶע פָאלְק יִשְׂרָאֵל, ווִי דוּ שְׁרַייבְּסְט אִין דֶער תּוֹרָה (אִם בְּחוּקוֹתַי תֵּלֵכוּ) אוֹיבּ אִיר וֶועט זִיךְ בֶּעמִיהֶען לֶערְנֶען מַיין תּוֹרָה מִיט פְּלַיים אוּנ אִיר הָארְכִין אוּנ פִירִין זִיךְ אִין גוּטִין וֶועג, ווִי אִי לֶערִינְט אַייךְ. וֶועל אִיךְ עֶפֶענֶען פַאר אַייךְ מַיין גוּטִין אוֹצָר (דֶעם הִימֶל) אוּנ גֶעבִּין רֶעגִין אִין דֶער צַייט אוּנ וֶועל בַּאגְלִיקֶען אַלֶעם וָואס אִיר וֶועט טָאן, אוּנ אִיר וֶועט שְׁטֵיין אִין דֶער וֶועלְט מִיט אַגְרוֹיסֶען נָאמֶען, אַז אַלֶע פֶעלְקֶער וֶועלִין אוֹיף אַייךְ קוּקֶען מִיט עֶהְרֶע פוֹרְכְט, אוּנ וֶוען חָלִילָה אִיר וֶועט וַוארְפֶען מַיין תּוֹרָה הִינְטֶער זִיךְ, אוּנ וֶועט נָאךְ גֵיין נָאךְ וָואס דִי אוֹיגֶען גִיפֶעלְט אוּנ וָואס דִי בֵּייזֶע הַארְץ גִילוּסְט, וֶועל אִיךְ פַארְהַאלְטִין דִי הִימֶל, זִי וֶועט נִיט גֶעבִּין קֵיין רֶעגִין אוּנ דִי עֶרְד וֶועט נִיט גֶעבִּין אִיר קְרַאפְט אוּנ אָן שִׁיקֶען אוֹיף אַייךְ אַלֶע אוּנְגְלִיקֶען בִּיז אִיר וֶועט פַארְטְרִיבֶּען וֶוערִין פוּן דִי טַייעֶרֶע לַאנְד, אוּנ וֶועט זִיךְ וַואלְגֶערִין אִין פְרֶעמְדֶע לֶענְדֶער צְווִישֶׁען פְרֶעמְדֶע פֶעלְקֶער. אוּנ וֶועט דָארְטֶען נִיט הָאבֶּען קֵיין רוּה. דִי אִיבֶּערְנַאטִירְלִיכֶע הַנְהָגָה הָאסְטוּ אָן גִיהוֹיבֶּען צוּ פִירֶען זִינְד דוּ הָאסְט אוּנְז גִינוּמֶען פַאר אַפָאלְק דָאס אִיז בַּיי יְצִיאַת מִצְרַיִם, אוּנ פוּן דַאן אָן אוּנ וַוייטֶער הָאסְטוּ גִיטָאן מִיט אוּנְז ווַאוּנְדֶער אִיבֶּער ווַאוּנְדֶער,

---

שערי ציון

אֲרַם אֲחוֹת לָבָן הָאֲרַמִּי), הֲגַם זִי אִיז גֶעוֶוען אַ טָאכְטֶער פוּן אַ רָשָׁע אוּנ אַ שְׁוֶועסְטֶער פוּן אַ רָשָׁע אוּנ דִי שְׁטָאט לַייט רְשָׁעִים, דָאךְ הָאט זִי זִיךְ נִיט אָב גֶעלֶערְנְט פוּן זֵיירֶע מַעֲשִׂים, ווַייל זִי הָאט אוּנ גִיטְרַייבְט זֵייעֶרֶע נִיוְועלְשַׁאפְטִין.

מעשה אלפס

הִיט דִי תּוֹרָה אוּנ הִיט שַׁבָּת ווִי מִ׳דַארְף, גִיט מֶען אִים שַׁבָּת פַאר זוֹכֶען פוּן דִי בְּשָׂמִים, וָואס הָאט פַארְשְׁמֶעקְט דִי וֶועלְט דֶעם שַׁבָּת פוּן מַתַּן תּוֹרָה, אוּנ אִין זְמִירוֹת זָאגֶען מִיר אוֹיךְ (מֵעֵין עוֹלָם הַבָּא יוֹם שַׁבָּת מְנוּחָה), אַז שַׁבָּת אִיז אַ זֶעכְצִיגְסְט חֵלֶק פוּן עוֹלָם הַבָּא פוּן גַן עֵדֶן.

דש

דו האסט ערשיינט פאר די גאנצע פאלק (מיליאנען מענשין) אויף דעם בארג סיני, אונ האסט גירעט מיט זיי פנים אל פנים אונ זיי גיגעבען דיין תורה, דו האסט זיי גיפירט פערציג יאר אין אוויסטין מדבר אונ זיי גישפייזט מיט מן פון הימל, מיט וואסער פון אשטיין וואס האט זיך מיט זיי מיט גיקייקילט וואו הין זיי זיינען גיגאנגען, אונ באדעקט זיי מיט אבאליגאן פון ענני כבוד, אונ איבער גיגעבין אין זייער האנד די גרעסטע מלכים (סיחון מלך האמורי אונ עוג מלך הבשן), וואונדער איבער וואונדער וואס האט ניט פאסירט זינט די וועלט שטייט, אונ צום אנדיינקונג פון די גרויסע וואונדער וואס דו האסט גיטאן צו דיין פאלק האסטו גישטעלט גייסטליכע פאמעטניקס, ווי דוד המע"ה זאגט (זכר עשה לנפלאותיו חנון ורחום ה') דער גנעדיגער גאט האט גימאכט אנדיינקונגען צו זיינע וואונדער 1), (פסח) איז אפאמעט אויף די וואונדערליכע היסטאריע פון יציאת מצרים, (שבועות) איז אפאמעט אויף די וואונדער פון מתן תורה, (סכות) איז אפאמעט אויף די פערציג יאהריגע רייזע אין דער מדבר, וואס מיר האבין קיין נאטירליכע שוץ גיהאט נור אונטער זיין סוכה פון די ענני כבוד. טרייער פאטער. פון דיין גרויס ליבשאפט צו אונז, האסטו גיוואלט ווייזן פאר אלעמען אז די איבערנאטירליכע הנהגה איז איבער גיגעבען צו אונז אין האנד, אז דורך אונזערע גוטע מעשים זיינען מיר מעורר שפע ברכה אויף דר וועלט. האסטו פארארדינט אז בענטשין ראש חודש, דאס הייסט בעשטימען וועלכין טאג זאל זיין ראש חודש ווענדעט זיך אן די סנהדרין אין ירושלים א), אונ אויך האסט דו ליבער פאטער פארארדינט אז אונזערע חדשים זאלען זיך ניט רעכענען ווי ביי אלע אומות פון אן הויב יאהר, ביי אונז איז ניט אזוי, הגם דער נאטירליכער יאהר הויבט זיך אן פון תשרי, אבער

---

מעשה אלפס

1) דער גנעדיגער אונ ערבארמיגער נאט וואס ער וויל דעם גליק פון זיינע בריאים זיי זאלען זיך פירען אין גוטען וועג, נור וויל ניט אלע מאל לוינט צו נוויזען נסים ונפלאות, ווייל עס וועט פאלען דער קורס פון די מעשים טובים, ווי עס איז גוט ערקלערט אין פרק דער יחוס פון פורים (מעשה אלפס חלק ח') דרום האט ער גישטעלט גייסטליכע פאמעטניקעס (דאס זיינען די רגלים) זיי זאלען אונז דערמאנען אונ פארשטעלין פאר די אויגען די נפלאות וואס אונזערע עלטערין האבען געזעהען אונ האבען דאס איבער גגעבען אב לבן. וועט אין געקריצט ווערען אין אונזער

שערי ציון

א) שבת בראשית, וואס דאן האט אנגעהויבען צו פירען זיך די נאטירליכע הנהגה וואס איז בעשאפען

אין צאל פון חדשים רעכינט זיך תשרי דער זיבעטער חודש און דער ערסטער חודש איז ניסן, ווייל אין אים איז גיוועזן יציאת מצרים און
עס האט זיך אנגיהויבין נסים פון די איבערנאטירליכע הנהגה.
ליבער גאט, אז איך דער מאן זיך דעם פאראד וואס איז גיוועזן ביי
ראש חודש בענטשין (קדוש החודש), בעת אידען זיינען גיזעסין אויף זייער לאנד, אגרויסער פלאץ איז גיוועזן אין ירושלים מיטין נאמען „בית יעזק" דארטען פלעגין זיך פאר זאמלען אלע עדות (וואס האבען פאריגען אווינד גיזעהן דעם מולד הלבנה) און לאחר חקירה ודרישה (אויב זיי האבען זיך נים טועה גיווען) האט מען גימאכט פאר זיי אגרויסען באל פאר זייער טרחה צו גיין אזא מהלך ביז ירושלים, נאכהער האבין זיך די סנהדרין אויף גיקליבען און נאכין פונאנדער ריידין צווישען זיך די ריכטיגקייט פון דער זאך מיט גרוים כבוד און ענוה וואס די גרויסע צדיקים האבען גישעצט איינע די אנדערע, ווי די תורה מערקט אן ביי די מצוה פון קדוש החודש וואס השי"ת האט גיהייסען משה רבנו לערנען אידען (דברו אל כל עדת ישראל לאמר) איר ביידע „משה ואהרן" זאלען ריידן, צוא אידען, פרעגט רש"י (וכי אהרן היה מדבר? האט דען אהרן גירעט צו אידען? עס שטייט דאך (אתה תדבר) דו משה זאלסט ריידן, ענטפערט רש"י באמת האט נור משה גירעט צו אידן, נור דער שטייגער איז ביי זיי גיוועזן, משה האט גיזאגט צו אהרן (למדני) לערין מיר, און אהרן האט גיזאגט צו משה לערין מיר, האט אים גיזעהען ווי דער דבור איז ארוים פון ביידן, צו לערנען אונז, אז אלע מענשין זאלען זיך פירין מיט ליבשאפט און ענוה, ווי די צוויי ליבע ברידער האבין זיך גיפירט, און אויף דעם זאגט דוד המלך (הנה מה טוב ומה נעים שבת אחים גם יחד) אזא פיהרונג איז גוט און שיין פאר גאט און לייט, און נאכין ענדיגען זייער פלפול האבין זיך אלע גישטעלט אויף דער עלצטער פון זיי האט גיזאגט „מקודש החודש" דער טאג איז גיהייליגט פאר ראש חודש און די איבעריגע סנהדרין מיט די גאנצע פובליק (וואס זיינען דארטען גישטאנען) האבין גיענטפערט

שערי ציון

געווארען בששת ימי בראשית, וועגדעט זיך אן בורא ברוך הוא, ער האט פאראָרדינט עס זאל זיך שטענדיג אזוי

מעשה אלפס

מארך די אמונה בה' אחד, און דאס וועט אונז פירען אויף די וועג פון לעבען און פון גליק.

פירען (ויעמידם לעד לעולם חק נתן ולא יעבור). דריבער איז דער טאג שבת

מיט אזעלכע שטימע „מקודש, מקודש" (געהייליגט, געהייליגט) בכדי אז אלע זאלען וויסען. אז די נסים ונפלאות ווענדעט זיך אן אונזערע מעשים, נאכהער ווידי סנהדרין האבין דא געהייליגט דעם טאג ראש חודש האט מען שוין אין הימל געהייליגט די „רגלים", למשל דעם פופצעטען טאג איז פסח, אונ ווען די סנהדרין האבין דא געהייליגט ר"ח תשרי, האט מען שוין אין הימל געהייליגט דעם צעהנטען טאג פאר יום כפור (פאר איום סליחה ומחילה), אונ די סנהדרין (פון ירושלים) האבין פאנאנדער געשיקט ידיעות אין אלע אידישע שטעטווען מ'האט באשטימט ראש חודש, בכדי מ'זאל וויסען ווען צו מאכין די רגלים. אז איך דער מאן זיך דאס אלעם. וואס פאר אכבוד עס איז דאן געווען פאר דער תורה אונ פאר אידין אונ איבער הויפט דער כבוד אונ די ערדע פאר אונז נשים, וואס ראש חודש איז גיגעבין גיווארין פאר אונז יום טוב ניט צו טאן קיין ווייטיגע מלאכה (חוץ שטוב ארבייס תי יו"ם), צו תייזען אז מיר שטייען העכער אין אפרט פון די מאנס לייט, מיר האבען ניט גיגעבין אונזערע צירונג צו מאכען דעם עגל, אונ צו בויען דעם משכן האבען מיר אב גיגעבין, חאפט מיר אגרוים גיווין, ווי מיר זיינען יעצט אראב גיפאלין פון אזא הויכע מדרגה אין אזא טיפן אבגרונד, אהוועה איז צו אונזערע בייזע מעשים וואס זיי האבין דאס מיט גיבראכט. דרום בעט איך דיר ליבער הארציגער פאטער, דו זאלסט אן נעמען אונזער בענשין ראש חודש, וואס מיר היילינען דעם חודש אין די לענדער פון אונזער גלות, גלייך ווי די סנהדרין זואלטען אים גיהייליגט אין ירושלים עיר הקודש, אונ זאלסט אים בענייען אויף אונז צו לעבען אונ גיזונד מיט פרנסה פון דיין מילדע דערבארימיגע האנד, מיר זאלען ניט דארפען אנקומען צו אמענשינס האנד, אונ העלף מיר מיט מיין מאן מגדל זיין אונזערע קינדערלאך, זעהן פון זיי פיל נחת, אונ העלף אונז מיר זאלען האבען ברוות זייערע שכר למוד אונ קליידונג, אונ אויף אלע זייערע הצטרכות, מיר זאלען זיי קענען מגדל זיין צו דיין היליגע תורה אונ מעשים טובים, אונ אונזערע טעכטער זאלען מיר

שערי ציון

געהייליגט פון בורא, מיר קאנען אים געווארען דעם ערשטען שבת, אונ ניט אב רוקען אויף איין אנדער טאג געבליבען ליגען אין הימ'ל-ארחיוע, מאכען שבת זונטאג, אבער די איבער- אנגעהויבען צו דייסטעווען האט זי ערשט נאטירליכע תקנה וואס זי איז בעשאפין דעם צעהנטען טאג ניסן. „שבת הגדול"

אָב היטען פון שלעכטע חברים און חברתה און זיי מגדל זיין צו גוטע
מדות און אהבת התורה, מיר זאָלען זיי קענען געבין חתנים אידישע
מענשין וואָס ליבען די תורה, און בענש דעם חודש עס זאָל חלילה
ניט שולט זיין אין אונזערע הייזער קיין שלאַפקייט און קיין שריפות און
קיין אומשטאַנד חלילה, און די טראָגעדיגע פרויען זאָלסטו
דערבאַרימען מיט דיין גרויס רחמנות זיי זאָלען אַריבער גיין, ניט
מפיל זיין חלילה, און ווען עס וועט קומען זייער צייט צו געווינען זאָלסטו
שיקען דיינע גוטע מלאכים היטען זיי פון אַלעם בייזין, זאָלסט עפענען
זייער טויער פון געווינען, אַז דער קינד זאָל אַרויס גיין גרינג אין אַגוטע
אַמזלדיגע שעה, און עס זאָל חלילה ניט טרעפין קיין שום מכשול ניט
די מוטער ניט דעם קינד, און די וואָס זייגען קינדער זאָלסטו משפיע
זיין, עס זאָל זיי ניט פעלין קיין מילך, און זאָלסט שיקען אליהו הנביא
אונז מבשר זיין אַז דער מלך המשיח גייט, פירען אונז מיט שטאָלץ
אין אונזער היילגע לאַנד במהרה בימינו, אָמן.

### א תפלה אויף פרנסה מען זאל קענען היטען תורה ומצות.

זכור דערמאַן אונז ליבער גאָט דעם זכות פון אונזער פאָטער יעקב,
אַז פון וועגין די ברכות האָט ער גימוזט ענטלויפען פון עשו,
ער זאָל אים ניט טויטין, און ער האָט געליטען צוויי און צוואַנציג יאָר
און האָט גילערינט די תורה בקדושה, דרום זאָלסטו אונז מציל זיין
פון פיין און גלות, אַז מיר זאָלען ניט דאַרפען חלילה זיין נע ונד אין
פרעמדע לענדער, און אַזוי ווי דו האָסט געשיקט גוטע מלאכים, דאָס
זיי האָבען אים גיבראַכט די שאָף פון לבן וואָס עס האָט גיהערט על
פי דין און יושר צו אים, נור לבן האָט אים ניט גיוואָלט געבין, אַזוי
זאָלסטו אונז ליבער גאָט שיקען גוטע מלאכים צו ברייגגען אונז שפע
אין אונזער פרנסה, און גאָר די ברכות וואָס אונזער פאָטער יעקב איז
גיבענשט גיוואָרען פון זיין פאָטער יצחק, זאָלן אַלע אין אונז גישעהן,
מיר זאָלין קענען עוסק זיין אין אידישקייט מיט אַהיילגען געפיל אָמן.

---

שערי ציון

(ווייל דאַן איז געווען שבת) און אין פולין מצרים), דרום רופט זיך דער ערשטער
פראַכט איז זי אַרויס דעם ערשטען טאָג טאָג פסח אויך מיטן נאָמען "שבת"
פסח, וואָס דאַן זיינען העכער ווי אַ (וספרתם לכם ממחרת השבת), דער
מיליאָן אידין אַרויס ביד רמה (לעיני כל' וואָרט שבת, ווענדעם זיך אַן אונז, ווען

# אַ נַייעֶ תְּחִנָּה פוּן ראֹשׁ חוֹדֶשׁ בֶּענְטְשִׁין.

רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, וִוי אַזוֹי זָאל אִין מִיר נִיט צוּבְּרָאכִין וֶוערִין מַיין הַארְץ, וֶוען אִיךְ דֶער מָאן זִיךְ אַז דֶער בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אִיז גִישְׁטַאנֶען, הָאט דֶער כֹּהֵן גָּדוֹל יוֹם כִּפּוּר גִיטָאן דִי עֲבוֹדָה אִין קָדְשֵׁי קָדָשִׁים, אָבֶּער אִיצוּנְד בַּעֲוֹנוֹתֵינוּ הָרַבִּים, הָאבִּין מִיר נִיט קֵיין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ, אוּנ נִיט קֵיין כֹּהֵן גָּדוֹל, אוּנ נִיט קֵיין קָרְבָּן, עֶס זָאל אוֹיף אוּנְז מְכַפֵּר זַיין, הָאבִּין מִיר קֵיין אַנְדֶער מִיטֶעל נִיט, נוּר אוּנְזֶער תְּפִלָּה פַאר דִיר גָאט, פַארְנֶעם זִי לִיבֶּער בַּאשֶׁעפֶּער, אוּנ גִיב אוּנְז פַּרְנָסָה טוֹבָה, אַז אִיךְ זָאל קֶענֶען מְפַרְנֵס זַיין לוֹמְדֵי תּוֹרָה אוּנ צְדָקָה גֶעבִּין צוּ עֲנִיִּים וְאֶבְיוֹנִים הֲגוּנִים, אוּנְזֶערֶע עֲשִׁירוּת זָאל נִיט זַיין צוּ גַאֲוָה טְרַייבִּין כְּדֵי מִיר זָאלִין נִיט הֶערְשִׁין אִיבֶּער דִי עֲנִיִּים, (פותח את ידך) גָאט בָּרוּךְ הוּא דוּ עֶפִינְסְט דַיין פוּלֶע הַאנְד, אוּנ שְׁפַּייזְט דִי גַאנְצֶע וֶועלְט, (אב הרחמן יהיו לרצון אמרי פי) מַיין גִיבֶּעט זָאל זַיין בַּאוִוילִיגְט פַאר דִיר פוּן מַיין צוּבְּרָאכִין הַארְץ, עֶס זָאל זַיין פַאר דִיר גְלַייךְ וִוי אִיךְ וָואלְט גִיבְּרַאכְט אַיין קָרְבָּן, אוּנ וֶוען חַס וְשָׁלוֹם אִיךְ הָאבּ שְׁלֶעכְטֶעס גִיטָאן, זֶעה מַיין צוּבְּרָאכֶן הַארְץ דוּרְךְ וֵויינֶען אוּנ שְׁרַייעֶן, אַ מֵלִיץ טוֹב זָאל מַמְלִיץ זַיין פַאר אוּנְז, אוּנ וֶוען חַס וְשָׁלוֹם אִיךְ בִּין נִיט וֶוערְט, אַז אִיךְ זָאל מִתְפַּלֵּל זַיין, פַארְוִויכֶער אִיךְ מִיר אוֹיף דִיר, דוּ טוּסְט דָאךְ (חסד לאלפים) דַיין גִינָאד אִיז צוּ פִיל טוֹיזֶענְדֶער דוֹרוֹת, פַארְנֶעם דִי תְּפִלָּה פוּן (פלונית בת פלונית) זָאלִין מַיינֶע טְרֶערִין נִיט פַארְגָאסִין וֶוערִין אוּמְזִיסְט, דֶער מִדַּת הַדִּין זָאל וֶוערִין גִיאֵיינְצִיגְט מִיט מִדַּת הָרַחֲמִים, אוּנ עֶס זָאל דָאס יָאר קוּמֶען דֶער גּוֹאֵל צֶדֶק, אוּנ גָאט זָאל גֶעבִּין מִיר זָאלִין דֶערְלֶעבִּין, אַז אִין אוּנְזֶערֶע טֶעג זָאל דֶער בֵּית הַמִּקְדָּשׁ גִיבּוֹיט וֶוערִין, אוּנ דֶער כֹּהֵן גָּדוֹל זָאל טָאן דִי עֲבוֹדָה אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ, אוּנ אִיךְ (פלונית בת פלונית) מִיט אַלֶע נָשִׁים צִדְקָנִיּוֹת, זָאלִין מִיר דֶער לֶעבִּין דָארְטִין מִתְפַּלֵּל צוּ זַיין, דִיא זְכִיּוֹת פוּן דִי אִמָּהוֹת שָׂרָה רִבְקָה רָחֵל וְלֵאָה זָאלֶען זַיין מְלִיצֵי יוֹשֶׁר פַאר כָּל יִשְׂרָאֵל בִּמְהֵרָה בְיָמֵינוּ, אָמֵן סֶלָה.

## נָאךְ אַנַייעֶ תְּחִנָּה פוּן ראֹשׁ חוֹדֶשׁ בֶּענְטְשִׁין.

הַשְׁקִיפָה קוּק אַרָאבּ פוּן דֶעם הִימֶעל אוּנ זֶעה וִוי דַיין הֵיילִיגֶע פָאלְק יִשְׂרָאֵל שְׁטֵייעֶן אוּנ טוּעֶן תְּפִלָּה מִיט צוּ בְּרָאכֶענֶע הֶערְצֶער

---

שעדי ציון

די סַנְהֶדְרִין בֶּעשְׁטִימֶען ראֹשׁ חוֹדֶשׁ נִיסָן, ראֹשׁ חוֹדֶשׁ, אָדֶער זֵיי גִיבֶּען צוּ אַ חוֹדֶשׁ דָאן אִיז דֶער פוּפְצֶענְטֶער טָאג פֶּסַח, אָדֶר שֵׁנִי וֶוערְט דֶער פֶּסַח אָבּ גֶערוּקְט אָבֶּער וֶוען דִי סַנְהֶדְרִין טָאבֶּען מָארְגֶע ווייטֶער אוּנ אַזוֹי אַלֶע יָמִים טוֹבִים.

אוּנ זַיינֶען מְעוֹרֵר מִיט זֵייעֶרֶע תְּפִלּוֹת דִּי אָבוֹת הַקְּדוֹשִׁים זֵיי זָאלֶען אוֹיךְ בֶּעטִין רַחֲמִים פַאר דִּיר.

עוּרוּ דֶער וֶועקְט זִיךְ אָבוֹת, פוּן דִּי קְבָרִים אוּנ גֵייט צוּם כִּסֵּא הַכָּבוֹד, בֶּעטִין רַחֲמִים אוֹיף דִּי בִּיסֶעלֶע שָׁאף וָואס אִיז גֶעבְּלִיבֶּען פוּן שְׁלַאכְט, קוּם שְׁטֵיי אוֹיף אַבְרָהָם בֶּעט בַּיי אוּנְזֶער הִימְלִישֶׁען פָאטֶער וָואס לֶעבְּט אֵייבִּיג, עֶר זָאל גֶעדֵיינְקֶען דֶעם בְּרִית בֵּין הַבְּתָרִים, וָואס עֶר הָאט דִיר מַבְטִיחַ גֶעוֶוען אַז דַיינֶע קִינְדֶער וֶועלֶען זַיין אַזוֹי וִוי שְׁטֶערִין אִין הִימֶעל, אוּנ וֶוען זֵיי הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט, בֶּעט בַּיי הַשֵּׁי"ת, זָאג מִיט גֶעוֵויין אַזוֹי, לִיבֶּער גָאט גֶעדֵיינְק וָואס אִיךְ הָאבּ זִיךְ מוֹסֵר נֶפֶשׁ גֶעוֶועזֶען אוּנ הָאבּ זִיךְ גֶעלָאזְט וַוארְפֶען אִין קַאלְךְ אוֹיבִין, וֶועגִין דַיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען, אוּנ הָאבּ מְקַדֵּשׁ הַשֵּׁם גִיוֶועזֶען, זָאל דָאס מֵגִין זַיין פַאר מַיינֶע קִינְדֶער. קוּם שְׁטֵיי אוֹיף יִצְחָק אָבִינוּ, וָואס דוּ בִּיסְט גִיבּוּנְדֶען גִיוָוארֶען אוֹיף דֶעם מִזְבֵּחַ אוּנ בֶּעט אוֹיף אוּנְז רַחֲמִים פַאר גָאט וָואס זִיצְט אוֹיף דֶעם כִּסֵּא רַחֲמִים, עֶר זָאל רַחֲמָנוּת הָאבֶּען צוּ לִיבּ דִּי שְׁרֶעק וָואס דוּ הָאסְט גֶעהַאט אוֹיף דֶעם מִזְבֵּחַ, זָאל דָאס זַיין אַ פַאר גֶעבּוּנְג אוֹיף דַיינֶע קִינְדֶער וָואס זַיינֶען שׁוּלְדִיג מִיתָה ח"ו. — קוּם שְׁטֵיי אוֹיף אוּנְזֶער פָאטֶער יַעֲקֹב, אוּנ בֶּעט פַאר דֶעם הֵיילִיגֶען גָאט, דָאס עֶר דֶער הֶערְט דָאס גֶעבֶּעט פוּן אַלֶע מֶענְשִׁין, אוּנ בֶּעט אוֹיף דַיינֶע שָׁאף, וָואס דוּ הָאסְט זִיךְ מוֹסֵר נֶפֶשׁ גֶעוֶועזֶען פוּן זֵייעֶרְט וֶועגִין, אוֹיבּ זֵיי הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט אוּנ זֵיי זַיינֶען חַיָּב גָלוּת, אַזוֹי גֶעדֵיינְק לִיבֶּער גָאט, אַז אִיךְ בִּין גֶעגַאנְגֶען פוּן מַיין פָאטֶערְס הוֹיז אוּנ הָאבּ זִיךְ פַאר דוּנְגֶען בַּיי לָבָן, אוּנ הָאבּ אִים גֶעדִינְט עֶרְלִיכְט אַז עֶס הָאט מִיר גִיבְּרֶענְט בַּיי טָאג דִּי הִיץ אוּנ בַּיי נַאכְט דִּי קֶעלְט. — קוּם שְׁטֵיי אוֹיף מֹשֶׁה רַבֵּנוּ אוּנ בֶּעט פַאר גָאט אוֹיף דִּי קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּנ אִיךְ בֶּעט דִּיר וַוארְהַאפְטִיגֶער נָבִיא וָואס דוּ בִּיסְט גֶעוֶועזֶען אַ פָאטֶער צוּ דִּי קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּנ אוֹיךְ אִין דֶר מִדְבָּר אַז זֵיי הָאבֶּן גֶעזִינְדִיגְט, הָאסְטוּ אַיין גֶעשְׁטִילְט דֶעם גְרִים צָארֶען פוּן גָאט, זֵיי זָאלֶען נִיט פַארְלֶענְדֶעט וֶוערִין, דְרוּם שְׁטֵיי אוֹיף אוּנ בֶּעט פַאר גָאט, עֶר זָאל נִיט פַאר דַארְבֶּען דַיין פָאלְק, וָואס דוּ בִּיסְט גֶעוֶועזֶען זֵייעֶר שָׁלִיחַ אוֹיס צוּ צִיהֶען זֵיי פוּן מִצְרַיִם אוּנ פִירֶען זֵיי אִין זֵייעֶר לַאנְד אַרַיין, וָואס גָאט הָאט צוּ זֵיי גֶעשְׁוָוארֶען, זָאג פִיר הַשֵּׁי"ת אַזוֹי, גִידַיינְק לִיבֶּער גָאט דָאס אִיךְ בִּין פַאר זֵיי גֶעלָאפִין אִין דֶער מִדְבָּר, כְּדֵי עֶס זָאל זֵיי קֵיינֶער נִיט קֶענֶען בֵּייז טָאן, דוּ גָאט פוּן

הֵיכַל

הימעל, געדיינק אן דיין ווייב גארטען דאס דו האסט געפלאנצט מיט דיין הייליגע האנד. - שטעל אויף מלך המשיח אונ זעה די עדה פון גאט, דער וועק דיין משפט פאר דיין הייליגען פאטער פון הימעל, אונ זאג פאר אים רבונו של עולם, ביז ווי לאנג וועסטו זיי פאר לאזין, איך בעט דיר אז מיינע יסורים וואס איך לייד, זאל זיין א פאר געבונג אויף די זינד פון די ישראל, איך בעט דיר גאט וועק אויף דיין חסד צו דיין הייליגע פאלק ישראל, דו ביזט דאך דער קעניג איבער דער גאנצער וועלט, וואס דאס לעבין אונ דער טויט איז נאר אין דיינער מאכט, דו ביסט ממית ומחיה, קיין אנדער גאט איז ניט פארהאנדין אויף דער וועלט אונ אויף יענער וועלט, דו ליבער גאט, דו דער נידערסט דעם מענשין אז ער גייט ניט אין דעם רעכטין וועג, אונ דו דער הייבסט דעם מענשין אז ער טוט תשובה אונ נעמט אויף זיך צו גיין אין גוטען וועג, דו שטראפסט אונ דו היילסט, מיין בטחון איז נור אויף דיר, וואס דו פירסט דיך געגין דעם מענשין מיט די שלש עשרה מדות פון רחמים, אמן:

# תחנה בזכות אמהות.

זכור געדיינק אונז דעם זכות פון שרה רבקה רחל ולאה, איבער דעם זכות פון זייערע גוטע מעשים, זאלסטו פאר נעמען מיין גיבעט אונ זאלסט בענייען דעם חודש וואס מיר טוען יעצט בענשין צו גוטעס אונ צו ברכה, אונ דו זאלסט אונז געבין א לעבין פון פריד. לעבין פון ברכה, לעבין פון פרנסה אונ שטארקייט אין אונזערע ביינער, מיר זאלען פחד האבען צו טאן איין עבירה, מיר זאלען ניט ווערין פארשעמט פאר קיינעם, מיר זאלען האבען נחת אונ כבוד, מיר זאלען אין זיך האבען ליבשאפט צו דער תורה, אונ מורא פאר השי"ת, אונ זאלסט דער פילען די פערלאנגען פון אונזער הארצען צו גוטען, צוליב דעם זכות פון דער תפלה פון רבים, אמן סלה:

ווען מ'בענשט ר"ח מרחשון זאגט מען די תחנה.

רבון כל העולמים, הער פון אלע וועלטין, וואס דו הארכסט צו די גיבעט פון אלע מענשין, מיר קומען יעצט בענשין אונ היילגען דעם חודש "מרחשון" דאס אין דעם חודש האט שלמה המלך פארענדיגט

דעם

דעם ערשטען בית המקדש (ווי עס שטייט געשריבען אין מלכים א' ו). — טרייער
פאטער, אז איך דער מאן זיך מיט וואס פאר א ליבשאפט זיינען דיינע
קינדערלאך אין דעם חודש צו געבונדען געווארען צו דיין תורה, ווייל
זייערע אויגען האבען געזעהען, אז דורך זייער עולה לרגל זיין, זיינען זיי
געבענשט געווארען מיט דיין השגחה פרטית, יעדער פאמיליע קומענדיג
צו הויז (פון ירושלים) האבען זיי געפונען זייער גאנצען פערמעגען אין
ארדנונג ווי זיי האבען געלאזען, שטאדעס שאף וואס האבען זיך
געפיטערט אין די וועלדער און קיין וואלף האט זיי ניט אנגערירט, עופות
זיינען ארום געגאנגען ארום שטוב, ארום די גערטנער און קיין רייסענדע
פויגעל האט זיי ניט צו ריסין, מאגאזינען תבואות, שראנקען מיט זילבער
און גאלד און קיינער האט ניט אן גערירט, הגם עס זיינען געווען שלעכטע
שכנים ארום ארץ ישראל, וואס האבען געשארפט די ציינער אויף
אידישע רייכקייט און אויף די לאנד, און בעת אידין זיינען אוועק קיין
ירושלים עולה לרגל זיין, האבען דאך די שלעכטע שכנים געהאט אגוטע
געלעגענהייט זיך אריין צו כאפען און צו נעמען אלעס. און אויך איין
נעמען פיל שטעט (פון ארץ ישראל) און באזעצין זיך אין זיי. פון אידין איז
דאך קיינער ניט געבליבען אין די הייזער, טו ווער האט זיי געהיט? דיין
השגחה האט זיי געהיט. ווי דו האסט מבטיח געווען (ולא יחמוד איש את
ארצך בעלותך לראות) קיינער וועט ניט געלוסטען דיין לאנד און דיינע
רייכקייט. ווען דו וועסט גיין געזעהען ווערין פאר דעם בורא עולם אין
בית המקדש, היינט אז אלע אידין פון קליין ביז גרויס האבין געזעהען
אין דעם חודש מיט זייערע אויגען אז די תורה איז מן השמים (ווייל אסענש
קען דאך ניט שרייבען אזא זאך וואס געגין די נאטור) ווי ווייט איז דאס באליבט געווארין
דיין תורה און דיין הייליגער נאמען, פון גרויס תשוקה וואס מיר וואלטין
דאס אויך וועלין זעהען, בעט איך דיין רחמנות דו זאלסט אונז שיקען
דעם גואל צדק, ער זאל אונז פירען מיט שטאלץ אין אונזער לאנד, און
בויע אונז דעם דריטן בית המקדש מיט דיינע אייגענע הענד. בכדי ער
זאל עוויג האבען א קיום. און דארטען וועלען מיר דיר דינען בקדושה,
מיט גרויס ליבשאפט ווי מיר האבען. — אין דעם חודש מרחשון האט
פאסירט נאך וויכטיגע זאכין, דעם עלפטין טאג אין אים האט אונזער
מוטער רחל געבוירין איר זוהן בנימין, און ווייל זי איז שווער צו קינד
גיגאנגען, איז זי פון דער וועלט אוועק גיגאנגען, בעטין מיר שטיי אויף

גיטריַיע מוטער רחל פון דיין קבר, און עפין אויף די טויערין פון רחמים,
און דערוועק די דערבארימקייט פון דעם אלמעכטיגען גאט, דאס ער
זאל שוין ממלא זיין וואס ער האט דיר צוגעזאגט, דען אז מ'האט די
יודין אין גלות געפירט, ניט ווייט פון דעם קבר פון אונזער מוטער
רחל, האבין די יודין זיך אויס געבעטין ביי דעם שונא, מ'זאל זיי לאזין
גיין אויף איר קבר, און ווי די יודין זיינען געקומען אויף דעם קבר,
און האבין אנגעהויבען צו שרייען און צו וויינען מיט א ביטער געשריי,
מוטער מוטער! ווי קאנסטו דאס צו זעהן, אז מ'זאל אונז פירען אין
גלות אריין, און מ'זאל אונז אנטאן אזוי פיל יסורים. אזוי איז אונזער
מוטער רחל ארויסגעגאנגען צו השי"ת מיט א ביטער געשריי און זאגט.
רבונו של עולם, דיין רחמנות איז דאך פיל גרעסער ווי די רחמנות
פון א בשר ודם, איך האב רחמנות געהאט אויף מיין שוועסטער
לאה, ווען מיין פאטער האט פארביטען, און האט זי געגעבין צו
מיין מאן יעקב אויף מיין ארט, און האב איר אויס געזאגט די סימנים
וואס מיין מאן האט מיר איבער געגעבען, כדי מיין מאן זאל מיינען,
אז איך בין דאס, ווען אויך די זאך איז מיר זייער שווער געוועזען, נאר
פון וועגין די רחמנות אויף מיין שוועסטער האב איך דאס געטאן, און
דו גאט ביזט דאך א רחום וחנון, בעדארפסטו אוודאי רחמנות האבען
אויף מיינע קינדער, דאן האט א שטימע פון הימל געענטפערט, דו האסט
רעכט, איך וועל דיינע קינדער ארויסציהען פון אלע צרות, און איך
וועל זיי ארויסנעמען פון זייער פיין, און העלפין זיי עוויג. אלזא,
דערוועק זיך יעצט אויך מוטער רחל, און שטיי אויף פון דיין קבר, און
שטעל זיך פאר דעם כסא הכבוד, און בעט פאר דיינע קינדער, וואס
זיי זיינען געגליכען צו שעפעלאך וואס בלאנדזשען אין דער מדבר
צווישען חיות, דאס השי"ת זאל אויף זיי רחמנות האבען און בענטשין
דעם חודש מרחשון לברכה והצלחה, אמן.

עורה נא, ערוועק זיך בנימין דער זאהן פון יעקב אבינו, שטעל זיך
ביי דער רעכטער האנד פון דיין מוטער רחל און העלף איר
בעטין פון דעם בעל הרחמים, אז דער חודש מרחשון, וואס דו ביסט
געבוירין געווארין אין אים (יא בו), זאל דיין זכות אונז ביישטיין, ווען עס
קומט פאר א קטרוג אויף אידען איבער די זינד פון "מכירת יוסף",
וואס די ברידער האבין פארקויפט זייער ברודער פאר א קנעכט,
ווייל

ווייל דער שטן טאנצט נאך עד היום צווישען אונז, מאכען א שנאה פון איין ברודער צום אנדערין און עובר צו זיין אויף די שבועה וואס השי"ת האט אונז באשווארין (דורך משה רבינו ע"ה) מיר זאלין ליב האבין איינער דעם צווייטין, און פאר דעם ניט היטין דאס, ליידין מיר זייער פיל, און אין דעם חודש מרחשון (ו בו) איז צדקיהו (דער לעצטער אידישער קעניג) גישטראפט גיווארן, ווייל ער האט עובר שבועה גיוועזן, און נבוכדנאצר (דער קעניג פון בבל) האט גישאכטין זיינע קינדער פאר אים אין די אויגין, און נאכהער האט ער אים בלינד גימאכט. און אין שפעטערדיגע צייטין (שנת ה' תס, יז חשון בעיר גראל) זיינען אוים גיהרגת גיווארען צוועלף טויזינד אידען אויף קדוש השם, און אין זעקס און צוואנציגטען מרחשון (שנת ה' נב) האט מען ארוים גיטריבען אידין פון איינגלאנד, און דעם זעלבין טאג (שנת ה' קנד) האט מען ארוים גיטריבען אידין פון פראנקרייך, און דאס איז אלס פאר די עבירה פון שנאת חנם וואס זיא הערשט נאך צווישען אונז, זאל השי"ת דער מאנען דעם זכות פון בנימין הצדיק, וואס ער איז ניט גיוועזן אין די עצה פון מכירת יוסף, און האט גינומען אנגרויסען אנטייל אין יעקב אבינו'ס צער, און האט זיינע קינדער נעמען גיגעבין נאך די צרות פון זיין ברודער יוסף, זאל זיין זכות מגין זיין, אז מיר זאלין שוין אוועקווארפן קנאה און שנאה, באדורך וועלין מיר פון אונזערע צרות נצול ווערין, און דער חודש מרחשון זאל גיבענשט ווערין אויף אונז און אויף כלל ישראל צום לעבין און גיזונד ופרנסה מיט אלעם גוטין, אמן.

נאכהער זאגט מען דעם יהי רצון און מי שעשה נסים ווייא וויטער שטייט (נאך אלע חדשים'דיגע תחנות).

ווען מ'בענשט ר"ח כסלו זאגט מען דאס.

אל מלך יחיד שליט בעולמו, איינציגער קעניג דער וואס גיוועלטיגט אויף די גאנצע וועלט, מיר קומען יעצט בענשין און היילינען דעם חודש כסלו, דאס אין דעם חודש האט אונזער מוטער לאה איר ערשטין זון ראובן געבוירין (דעם פערצענטין טאג אין חודש), רבונו של עולם, דו טוסט דער הויבין אלע נידעריגע, און טוסט באגליקען די אונגליקליכע, דער מאן אונז דעם זכות פון אונזער מוטער לאה, וואס זי האט פיל טרערין פאר גאסין, זי זאל אין דעם גורל פון עשו ניט פאלין, דען לייט פלעגין זאגין, יצחק האט צוויי זין, דער עלטערער

איז עשו, און דער אינגערער איז יעקב, און לבן האט צוויי טעכטער די עלטערע לאה און די אינגערע רחל, געווים וועט לאה פאלין אין דעם גורל פון עשו הרשע, און רחל וועט פאלין אין דעם גורל פון יעקב, דרום פלעגט אונזער מוטער לאה וויינען און קלאגין, און דו גאט האסט איר מזל דערהויבין, און זי איז צו יעקב גינומען גיווארין, און האט אין דעם חודש כסלו איר ערשטין זון ראובן געבוירין. — טרייע מוטער לאה, שטעל זיך פאר דעם כסא הכבוד בעטין פאר דיינע קינדער, און אויך פאר מיר דיין טאכטער (פלונית בת פלוניה) דאס איך און מיין מאן זאלען זוכה זיין מגדל צו זיין אונזערע קינדערלאך, און אונזערע טעכטער זאלין חלילה ניט אריין פאלין אין דעם גורל פון מאנען רשעים, און עס זאל דער הויבין ווערין דער מזל פון אונזער פרנסה, דאס מיר זאלין זיי קענען געבין גוטע און פרומע מאנען, דאס זיי זאלין גוטע און פרומע קינדער האבין, אמן.

אתה האל עושה פלאות, דו גאט וואס דו טוסט וואונדער אלע צייט, מיר קומען פאר דיר יעצט בענטשין און היילגען דעם חודש כסלו, דאס דו האסט אין דעם חודש גיטאן גרויסע וואונדער, אין די טעג פון מתתיהו כהן גדול חשמונאי מיט זיינע קינדער, ווען אנטיוכוס הרשע איז אויפגישטאנען אויף דיין פאלק ישראל, צומאכין פארגעסין זיי דיין היילגע תורה, און אראב פירין זיי פון אידישע וועג, ער האט ארויס גיגעבין גרויסע גזרות אויף אידען, זיי זאלין ניט מל זיין זייערע קינדער, און ניט היטין קיין שבת, און פירין אטרייפע קיך, און האבען אריין גישטעלט זייערע געצין בילדער אין בית המקדש און מטמא גיוועזן אלע היילגע כלים מיט אלע בוימלען פון היכל, איז אידען דאן גיוועזן פינסטער און ביטער, און דו מיט דיין גרויס רחמנות ביזט דו זיי גיקומען צו הילף און האסט איבער גיגעבין די גרויסע מחנה העלדין פון אנטיוכוס אין די הענד פון די שוואכע אידין, וואס זיינען גיוועזן אויס גימאטערט פון ניט פארזוכין אלאנגע צייט אלעפיל פליישיגע וואסער (ווייל זיי האבין קיין טריפות נים גיוואלט עסין), נאכהער פיר און צוואנציג טעג אין כסלו זיינען אידען אריין אין בית המקדש און ארויס גיווארפין די געצין בילדער מיט די טומאות און האבין אלס מטהר גיוועזן און אנגיפאנגען טאן די עבודה בקדושה. ווי זיי זיינען גיקומען פארנאכט אנצינדין די מנורה האבין זיי ניט גיפונען קיין שמן טהור (ריינע כשר'ה

בּוֹימל) נוּר אֵיין קְרִיגֶעלֶע וָואס אִיז גִיוֶועזֶען פַארְזִיגְל'ט מִיט דִי חֲתִימָה פוּן כֹּהֵן גָדוֹל, עֶס אִיז אָבֶּער גִיוֶועזֶען אָן צוּ גִיסִין דִי מְנוֹרָה נוּר אוֹיף אֵיין נַאכְט, הָאסְטוּ גִיטָאן אַנֶם אַז דֶער קְלֵיינֶע קְרִיגֶעלֶע אִיז גִיוָוארִין חַי אַקְוַואל אוּנ הָאט גִיגֶעבִּין פוּן זִיךְ בּוֹימִיל אוֹיף גַאנְצֶע אַכְט טֶעג בִּיז מֶען הָאט גִיבְּרַאכְט פוּן גַאנְץ וַוייט שֶׁמֶן טָהוֹר, דֶער נֵס אִיז גִיוֶועזֶען צוּ וַוייזִין דִי חֲבִיבוּת, וִוי וַוייט השי"ת הָאט לִיבּ אִידֶען בְּעֵת זֵיי אָפְּפֶערִין זִיךְ צוּ הִיטִין דִי תּוֹרָה, אַזוֹי אוֹיךְ לִיבֶּער גָאט זָאלְסְטוּ עֶרְוֶועקִין דַיין רַחֲמָנוּת צוּ טָאן מִיט אוּנְז נִסִּים וְנִפְלָאוֹת, מִיר זָאלִין קֶענֶען הִיטִין דַיין תּוֹרָה מִיט אַפְּרֵייליכֶע הַארְץ, אוּנ זָאלְסְט דֶער לַייכְטִין אוּנְזֶער מַזָל אִין דֶעם חוֹדֶשׁ מִיט גִיזוּנְד אוּנ פַּרְנָסָה, אוּנ מִיר זָאלִין זוֹכֶה זַיין צוּ צִינְדֶען לִיכְט אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ בִּמְהֵרָה בְּיָמֵינוּ, אָמֵן.

· נָאכְהֶער זָאגְט מֶען דֶעם יְהִי רָצוֹן אוּנ מִי שֶׁעָשָׂה נִסִּים וִויא וַוייטֶער שְׁטֵייט (נאך אלע חדשים'דיגע תחנות).

## אַתְּחִנָּה לַחֲנֻכָּה (נאכין אנצינדען חנוכה ליכט).

דֶער בַּארְמִיגֶער פָאטֶער, דֶער מָאן אוּנְז דֶעם זְכוּת פוּן דֶעם צַדִּיק מַתִּתְיָהוּ כֹּהֵן גָדוֹל, וָואס עֶר הָאט זִיךְ דֶער עֶרְסְטֶער מוֹסֵר נֶפֶשׁ גִיוֶועזֶען אוּנ גִיהַרְגְ'ט דֶעם שַׂר פוּן אַנְטִיוֹכוּס וָואס הָאט דַאן גִיגֵייט אִידִין עֶסִין טְרֵיפוֹת אוּנ דֶעם זְכוּת פוּן דִי צַדֶּקֶת „יְהוּדִית" דָאס דוּ הָאסְט אִיר גִימַאכְט פַאר אַגוּטִין שָׁלִיחַ רַאטֶעוֶוען דַיינֶע קִינְדֶער, זִי הָאט דֶעם שַׂר פוּן אַנְטִיוֹכוּס חַיִל דִי קָאפּ אַרוּנְטֶער גִינוּמֶען. דְרוּם זָאלִין זֵיי זַיין גוּטֶע מְלִיצִים אַז דֶער בּוֹרֵא זָאל אוּנְז גֶעבִּין פַארְשְׁטַאנְד אַרַיין נֶעמֶען אִין גִידַאנְקֶען אַז דִי קְלֵיינֶע לִימִינַאצְיֶע (נרות חנוכה), זָאל אַרַיין שַׁיינֶען אִין אוּנְזֶער הַארְצִין שְׁטָאלְץ אוּנ גְרוֹיס מוּטְה, וַוייל דֶער פַיעֶרִיל פוּן יֶעדֶער חֲנֻכָּה לִיכְטֶעלֶע אִיז וִוי אַשְׁטֶערִין אִין הִימֶל, הֲגַם עֶר וֶעט אוֹיס קְלֵיין אָבֶּער בֶּאֱמֶת אִיז יֶעדֶער שְׁטֶערִין אַגְרוֹיסֶע וֶועלְט.

דִי גֶעשִׁיכְטֶע פוּן קְרִיגֶעלֶע בּוֹמִיל הָאט גִיוִויזֶען, אַז דֶער בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אִיז דִי צִיפֶּער בְּלַאט פוּן אִידִישֶׁען זֵייגֶער וָואס וַוייזְט שְׁטֶענְדִיג וִוי דִי פָאלְק הַאלְט, אַז מְ'הָאט גִיפוּנֶען אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אַלֶע בּוֹמִיל טָמֵא, אִיז אַבֶּעוַוייז אַז אַנְטִיוֹכוּס מִיט זַיין חַיִל וָואס זַיינֶען דַאן אָנְגִישְׁטַאנֶען אוֹיף אִידֶען אַרָאבּ פִירֶען זֵיי פוּן גְרַאדֶע וֶועג, הָאבֶּען שׁוֹין גִיהַאלְטֶען גַאנְץ וַוייט אִין דֶער אַרְבֵּייט, זֵיי הָאבֶּען שׁוֹין מְטַמֵּא גִיוֶועזֶען אַלֶע הֵיילִיגְקַייט פוּן אִידִין, דֶער גְרֶעסְטֶער טֵייל אִידִין זַיינֶען שׁוֹין טָמֵא

געווארין מיט טרייפע קיכין אונ מיט שלעכטע גידאנקען אין אמונה. אונ נור דער קליינער קריגעלע בוימל, די ביסעלע אידין וואס האבין זיך גיהאלטין פעסט ביי די היילגע תורה אונטערין שוץ פון מתתיהו כהן גדול זיינען געבליבען. אבער דאס איז נור גיוועין צו בעלייכטין אידישע מנורה אויף איין טאג, מארגין וואלט ווידער זיין פינסטער, די ביסעלע עלטערע אידען וואלטען אויס שטארבען אונ עס וואלט בלייבין דער גאנצער יוגינד פארפירט אין א פינסטערע שלעכטע וועג, האסטו גיטאן וואונדער איבער וואונדער, אז די ביסעלע שוואכינקע, אבער פייערדיגע אידין וואס האבין זיך מוסר נפש גיוועין פאר דעם כבוד הבורא אונ פר דעם כבוד פון אונזער תורה האבין גיזיגט אזוי פיל מיליאנען שטארקע חוליגאנעס, אונ האבען גיבראכט אזא גרויסע תשועה פאר אידען, סיי אין גוף, אידין זיינען ארויס פון די אייזערנע האנד פון אנטיוכוס אונ זיינען גיבליבען זעלבסט-שטענדיג ערך צוויי הונדערט יאהר אונטער אייגענע מלכים, אונ סיי אין דער נשמה, זיי האבין גישיינט אגרויסע צייט ביז וואנען עס איז גיווארען פון דאס ניי שמן טהור, דאס הייסט אויף גימונטערט די פארלאשענע פינסטערע הערצער, אונ אריין גיבלאזין אין זיי היילגע פונקען ביז עס איז מקוים גיווארען (ולכל בני ישראל היה אור במושבותם). אלזא זאלסטו אונז העלפין צינדען אונזער היילגע לימינאציע מיט גרויס שטאלץ אונ מוטה אויף אונזער גרויסין נצחון וואס אונזער קערפער איז געווארין ציכטיג, אונ אונזער נשמה איז גיווארין ליכטיג, אונ זאלסט אונז אויך העלפין האלטין די היילגע טעג הייליג ניט מטמא זיין זיי מיט לצנות אונ קארטין שפילין1), נור לויבין דיין היילגען נאמען מיט פרייד אונ מיט היילגע גידאנקען, אמן.

די היילגע מצוה פון „בענשין חנוכה ליכט" זיינען ווייבער אויך מחויב, דרום ווען דער מאן איז אין וועג, דארף די אשה אליין בענשין חנוכה ליכט:

---

מעשה אלפס

1) די גרויסע אונגליקען וואס שכרות אונ קארטין האבין געבראכט אויף דער וועלט, איז די פעדער ניט אימשטאנד אויס צו שרייבין, פיל עשירים זיינען דורך דעם גיווארין אביונים אונ געשטארבען אין פרעמדע תבריכין, פיל האבען זיך דורך דעם אליין אמיתה אן געטאן, הכלל די מענשהייט האט דורך דעם פארלארין איר שטאט קלייד, אונ זיך אן גענצוינגען ש"ק במתניו (ש"ק מאכט, שכרות קארטין), צוא אונזער גרויסען בעדויערונג האט דער יצר הרע אריין גישלעפט אין די קארטין פיל ארינטליכע אידישע מענשן, אונ די התחלה האט ער גימאכט פון חנוכה. חנוכה וואנט

חען מבענשט ראש חודש טבת זאגט מען דאס:

**אלהים** ברב רחמיך הושיענו מצרותינו, ליבער גאט מיט דיין גרויס ערבארימקייט העלף אונז פון אונזערע צרות, ווען מיר קומען פאר דיר יעצט דעם חודש „טבת" היילינען אונ בענטשן, דאס אין דעם חודש איז אברהם אבינו גישטארבען, דרום רבש"ע גידיינק אונז דיין זכות, דאס ער האט זיך גילאזט אין קאלך אויבען ווארפען פון וועגין דיין ליבען נאמן, ווען נמרוד הרשע איז אויף גישטאנען אויף אים, אזוי האסטו געשיקט דיין הילף עס זאל קילין דאס פייער פון דעם קאלך אויבען, אונ אברהם זאל ניצול ווערין (ניט קיין מלאך איז געשיקט געווארען צו העלפין אים נור השי"ת אליין, ווי אין מדרש שטייט), אזוי רבונו של עולם זאלסטו באהיטען אונז אלע חדשים פון אגאנץ יאהר, פון שריפות ומגפות אונ היזיקות, דאס עס זאל ניט שולט זיין אין קיין שטוב מאחינו בני ישראל קיין פייער אונ קיין שום שרעק, נור עס זאל לייכטין אונזער מזל ווי דער מארגען שטערין אין הימעל, אונ ווי די זוהן אין מיטין טאג, דאס קיין שונא זאל איבער אונז ניט דער פרייט ווערין.

**אל** פודה מכל צרה, גאט וואס ער ערלייזט זיין פאלק ישראל פון אלע לייד, ווען מיר קומען פאר דיר יעצט דעם חודש טבת בענשן, דאס אין דעם חודש זיינען אונז פיל אונגליקען גישעהן, איינס איז דאס דעם ניינטין טאג זיינען גישטארבען עזרא הסופר אונ נחמיה בן חכליה, וואס זיי האבען דעם אנדערין בית המקדש געבויט, אונ האבין די אידען פון דעם גלות בבל ארויס גינומען, יעצט דער מאן אונז

מעשה אלפס

דער יצר הרע) איז א מצוה צו שפילין אין קארטין, אלזא ווילין מיר ערקלערען פיר אונזערע קלוגע שוועסטער, די שייכות פון חנוכה צו קארטין, בכדי זיי זאלין זיך איבער צייגין דעם טעות פון דעם. בעת אנטיוכוס האט גוזר געוועזן אז מ'זאל ניט לערנען, אונ ווען מ'וועט געפינען א קאמפאניע זיצין אונ לערנען וועט מען זיי אום ברייננען. איז אידין דאן געווארען פינסטער אונ ביטער, ווייל אין איד אן תורה איז ריכטיג ווי א פיש אן וואסער, וואס האבין די ערליכע אידין געטאן? האט מען זיך צוזאמען געקליבען לערנען תורה שבעל פה (משניות אונ תלמוד) וואס דאס האט מען פארצייטען ניט געטארט שרייבין, נור לערנען אוים וויינינ, זיינען גיזעסען קאמפאניעס אונ מ'האט געלערינט, אונ אום צו פארהיטען פון איין אנפאל, פיל לייכט וועט מען בעפאלען אונ געפינען לערנענדיג, האט מען גענומען א סאליע קארטין אונ מ'האט דאס צו טיילט יעדערין מטליכע, אונ מ'האט דאס געהאלטין אונטערין טישטאך, אונ אז מען איז בעפאלען אונ מ'האט געפונען א קאמפאניע, האט מען

רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם זַייעֶר זְכוּת אוּנ דֶער בַּארִים זִיךְ אִיבֶּער אוּנְז, שִׁיק אוּנְז דֶעם גוֹאֵל צֶדֶק בִּמְהֵרָה בְיָמֵינוּ אָמֵן. דֶער צְוַוייטֶער אוּנְגְלִיק הָאט אוּנְז אִין דֶעם חוֹדֶשׁ גִישֶׁעהְן, דָאס דֶעם צֶענְטֶען טָאג אִין חוֹדֶשׁ הָאט נְבוּכַדְנֶצַּר מֶלֶךְ בָּבֶל בַּאלַאגֶערְט מִיט זַיינֶע חַיָלוֹת אוֹיף אוּנְזֶער קְרוֹין שְׁטָאט יְרוּשָׁלַיִם, וַויי אִיז אוּנְז, וַויי אִיז צוּ אוּנְזֶערֶע יָארִין, דָאס עֶס אִיז צוּ גִינוּמֶען גִיוָוארֶען דִי קְרוֹין פוּן אוּנְזֶער קָאפּ, אִיז דְרוּם טוּעֶן מִיר אַלֶע יָאהר אִין דֶעם טָאג אַיין תַּעֲנִית פַאסְטִין, בִּכְדֵי הַשי״ת זָאל זִיךְ אוֹיף אוּנְז דֶער בַּארִימֶען אוּנ אוּמְקֶערִין אוּנְז צוּ אוּנְזֶער לַאנְד. וִוידֶער אַגְרוֹיסֶער אוּנְגְלִיק, דָאס דֶעם פֶערְצֶענְטֶן טָאג אִין חוֹדֶשׁ הָאט מֶען אִין שְׁפַּנְיָא אָן גִיטָאן גְרוֹיסֶע יְסוּרִים אוּנ נַאכְהֶער פַארְבְּרֶענְט נַיין הוּנְדֶערְט פוּפְצִיג אִידֶען, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם (הֲלָעַד יֶעְשַׁן אַפְּךָ)? צוּ בִּיז אֵייבִּיג וֶועט דֶען דַיין גְרִים צָארִין אוֹיף אוּנְז בְּרֶענֶען? עֶרְוֶועק שׁוֹין דַיין דֶער בַּארִימְקַייט וּפְדֵה אֱלֹהִים אֶת יִשְׂרָאֵל מִכָּל צָרוֹתָיו, עֶר לֵייז גָאט דַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל פוּן אַלֶע זַייעֶרֶע צָרוֹת, אוּנ אוֹיךְ מַיין מַאן אוּנ מַיינֶע קִינְדֶער צְווִישֶׁען זַיי, אוּנ אַזוֹי וִוי דוּ הָאסְט אַרוֹיף גִיגָאסִין גְרוֹיס חֵן אוֹיף אֶסְתֵּר הַמַּלְכָּה בְּעֵת זִי אִיז גִינוּמֶן גֶעוָוארֶן אִין דֶעם חוֹדֶשׁ צוּם קֶענִיג אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ, אַזוֹי זָאלְסְטוּ אוֹיף אוּנְז גֶעבִּין דַיין חֵן וָחֶסֶד, אוּנ אוּנְזֶער מַזָל זָאל אוֹיף גֶערִיכְט וֶוערִין, צוּ אַלֶעם גוּטֶען, אָמֵן וְאָמֵן, כֵּן יְהִי רָצוֹן.

נָאכְהֶער זָאגְט מֶען דֶעם יְהִי רָצוֹן אוּנ מִי שֶׁעָשָׂה נִסִּים וִוי וַוייטֶער שְׁטֵייט (נאך אלע חדשים׳דיגע תחנות).

---

מעשה אלפס

גֶעמֵיינְט אַז מֶען שְׁפִּילְט אִין קָארְטֶען, אוּנ דָאס הָאבִּין דָאךְ דִי שׂוֹנְאִים גֶעוָואלְט, אַז אִידִין זָאלִין אַוֶועק וַוארְפִין זַייעֶר תּוֹרָה אוּנ וֶוערִין קָארְטֶעווֹנִיקֶעס, הָאט מֶען זִיךְ מִיט דֶעם אָב גֶערַאטֶעוֶועט. וִוי דִי שׂוֹנְאִים זַיינֶען אַוֶועק הָאט מֶען דִי קָארְטִין צוּרִיק אַרוּנְטֶער גֶעלֵייגְט אוּנְטֶערִין טִישְׁטָאךְ אוּנ וַוייטֶער גֶענוּמֶען רֵיידֶען אִין לֶערְנֶען, אִיז דָאךְ חֲנוּכָּה דִי קָארְטֶען אַ פַּאסֶעט וִוי וַוייט דִי תּוֹרָה אִיז גֶעוֶוען טַייעֶר בַּיי אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן, אַז זַיי הָאבֶּען גֶעזוּכְט אַלֶע מִינֵי הִתְחַכְּמוּת נוּר וִוי צוּ פֶערְבְּלַייבֶּען בַּיי דִי תּוֹרָה, אַס עֶנְדֶע קוּמֶען דִי אוּנְוִויסֶענְדֶע מֶענְשִׁין אוּנ לֶעשִׁין אוּיס מִיט דִי קָארְטִין דִי נַאנְצֶע לִיבֶּע צוּ דֶער תּוֹרָה, וָואס אִיז אוּנְז גֶעבְּלִיבֶּען פוּן אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערִין בִּירוּשָׁה, אוּנ דִי הַתְמָדָה וָואס אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערִין הָאבִּין גֶעהַאט צוּ דִי תּוֹרָה לֶערְנֶען אִיר נַאנְצֶע נֶעכְט, בְּרֵיינְגֶען זַיי אוּיס דִי נַאנְצֶע נֶעכְט אִין קָארְטִין שְׁפִּיל, אוּנ אַ וָוארְט תּוֹרָה וִויל מֶען אִין מוֹיל נִיט נֶעמֶען, דֶער יֵצֶר הָרָע הָאט מִיט זַיי גֶעמַאכְט רִיכְטִיג וִוי דֶער פּוּקֶס מִיט׳ן קָאקֶעם נוֹם, 2 חַיוֹת הָאבֶּען אַמָאל גֶעפוּנֶען אִין וַואלְד אַגְרוֹיסֶען קָאקֶעם נוֹם, דֶער זָאגְט כּוּלָה שֶׁלִי אוּנ דֶער זָאגְט כּוּלָה שֶׁלִי, הָאט דֶער זֶעהֶען דֶער פּוּקְס וִוי זַיי רַייסְן זִיךְ, זָאגְט עֶר אִיךְ וֶועל מַאכִין אַ פְּשָׁרָה, הָאט

חען מען בענשט ראש חודש שבט זאגט מען די תחנה.

יהי רצון מלפניך יי אלהינו ואלהי אבותינו, עס זאל זיין דער ווילען פאר דיר אונזער גאט אויך דער גאט פון אונזערע עלטערין, דו זאלסט אויף אונז בענטשין דעם חודש שבט, אונ עס זאל פאר דיר דער מאנט ווערין דער זכות פון משה רבנו עליו השלום, דאס איידער ער איז גישטארבען (ז' אדר) האט ער אין דעם חודש אן גיהויבען איבער חזרין מיט די אידין די תורה, וואס ער האט זיי גילערינט, אונ האט זיי גיזאגט טיפע אונ ווארימע מוסר דאס זיי זאלען אין רעכטין וועג גיין, רבונו של עולם, וויי איז צו אונז. דאס מיר האבין יעצט ניט קיין נביא, דאס ער זאל אונז זאגען מוסר אויף אונזערע בייזע מעשים אונ זאל אונז דעם גוטען וועג ווייזען, אונ ווען מיר טוען זיך אליין בעדאכטען אונזערע חטאים ועונות ופשעים וואס מיר האבין גיזינדיגט אונ פאר קרימט די רעכטע וועג, טוט אונז אן חאפין א ציטערניש אונ אפארכט. מיר ווייסין ניט וויא אונזער פנים צו פאר שטעלין מחמת גרוים שאנדע, וואו זאלין מיר זיך פאר בארגין, וואו זאלען מיר פון דיין גרים צארין אנטלויפען, זאלען מיר גאנץ הויך מיט אלופט באלאן פליהען, ביסטו אויך דארטען, זאלען מיר אין דער טיפעניש פון דער ערד גיין, ביסטו אויך דארטען, זאלען מיר אין טיפעניש פון ים שווימען, וועט מיך דארטען אויך דיין האנד טרעפין, אונ ווען איך וועל מיר טראכטין, דאס פינצטערניש וועט מיך צוא דעקין דאס דוא וועסט מיך ניט זעהן, שטייט אין היילגע שריפטען (גם חושך לא יחשיך ממך) קיין פינסטערנים איז פאר דיר גאט ניט פינסטער, אונ די נאכט איז פאר דיר ליכטיג. דרום רבונו של עולם, האב איך ניט וואו צו לויפען נור צו דיר אליין, דו זאלסט

---

מעשה אלפס

ער צו שפאלטין דעם נום אונ געגעבען אהאלבען שאלעבטש דעם אונ אהאלבען דעם, אונ די יאדרע האט ער צו גענומען פסק געלט, אזוי איז די יאדרע פון קארטען חנוכה, וואס דאס דייזט ווי ווייט אונזערע עלטערין האבען געליבט די תורה דאס האט דער יצר הרע צו גענומען, אונ פאר זיי האט ער געלאזען דעם שאלאבין, שפילען גאנצע נעכט זיין קארטין אונ נאך

הא

מיט א הוספה מחול על הקודש וויפיל וואכין נאך חנוכה אונ וויפיל וואכין פאר חנוכה, אלזא דארף יעדע קלוגע פרוי זעהען אוים צו ראטען דעם קארטען שלאנג פון איר שטוב, אונ אריין ציהען אין איר שטוב אנשטאט דעם די ליכטיגקייט פון דער תורה, לענין די גרויסע ווינטער אזוועגדין היילגע ספרים, ווי מנורת המאור, מעשה אלפס, אונ דאס גלייבען׃

אין

אוּם שְׁטֶערְקֶען דַיין הַיילִיגֶען אָרוּם צוּ נֶעמֶען מַיין תְּשׁוּבָה, כִּי אַתָּה רַב חֶסֶד וּמַרְבֶּה לִסְלוֹחַ, דֶען דוּ בִּיסְט פוּל מִיט חֶסֶד אוּנ רַחֲמִים הָאבּ אוֹיף אוּנְז רַחֲמָנוּת, אָמֵן סֶלָה.

רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם. וֶוען מִיר קוּמֶען פַאר דִיר יֶעצְט בֶּענְטְשִׁין אוּנ הַיילִיגֶען דֶעם חוֹדֶשׁ „שְׁבָט״ וָואס אִין דֶעם פוּפְצֶענְטֶן טָאג פוּן דֶעם חוֹדֶשׁ אִיז רֹאשׁ הַשָּׁנָה צוּ דִי בּוֹימֶר א), גֶידֵיינְק אוּנְז דֶעם זְכוּת דָאס מִיר טוּעֶן דֶעם טָאג דִיר לוֹיבֶּען אוֹיף דִי פֵּרוֹת פוּן דִי בּוֹימֶער, בִּזְכוּת זֶה בֶּענְטְשׁ לִיבֶּער גָאט דִי פְּרוּכְט פוּן דִי בּוֹימֶר, דָאס זֵיי זָאלֶען אוּיס צִיהֶען זֵייעֶר בְּלִיאוּנְג, אוּנ זָאלֶען מַאכֶען וַואקְסֶען הַיינְטִיגֶס יָאר זֵייעֶרֶע פֵּרוֹת צוּ עֶרְקְווִיקֶען דֶעם מֶענְשִׁין, אוּנ אוֹיךְ בַּאהִיט דַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל דָאס דִי קֶעלְט פוּן דֶעם חוֹדֶשׁ זָאל זֵיי נִיט שַׁאדֶן, אַלֶע דִי וָוס פָארִין אִין וֶועג זָאל זֵייא נִיט בַּאגֶעגֶענֶען דֶער טוֹיט פוּן דִיא קֶעלְט, אוּנ זָאלְסְט זֵיי פִירֶען אוֹיף דֶעם גְלַייכֶען וֶועג. דָאס זֵיי זָאלֶען נִיט פַאר אִירְט וֶוערִין דוּרְךְ דֶעם שְׁנֵיי אִין אַ שְׁלֶעכְטֶע וֶועג, אוּנ אוֹיךְ דִי יוּדִישֶׁע קְלֵיינֶע קִינְדֶער וָואס אִין שְׁטָאט זֶענֶען, זָאל זֵיי נִיט שַׁאדֶען דִי קֶעלְט, עֶס זָאל זֵיי חָלִילָה צוּ אַיין שְׁלַאפְקַייט נִיט בְּרֵיינְגֶען, וּבִזְכוּת וָואס מִיר וֶועלִין מַאכֶען פִיל בְּרָכוֹת אוֹיף דִי פֵּרוֹת צוּ לוֹיבִּין דַיין הַיילִיגֶען נָאמֶען, זָאלְסְטוּ שִׁיקֶען דַיין בְּרָכָה מִיר זָאלֶען הָאבֶען שָׁלוֹם אוּנ פַּרְנָסָה טוֹבָה אוּנ דִי גְאוּלָה אוֹיף כָּל יִשְׂרָאֵל אָמֵן כֵּן יְהִי רָצוֹן.

נָאכְהֶער זָאגְט מֶען דֶעם יְהִי רָצוֹן אוּנ מִי שֶׁעָשָׂה נִסִּים ווִי וַוייטֶער שְׁטֵייט (נאך אלע חדשים׳דיגע תחנות).

וֶוען אַיין עִבּוּר יָאר זָאגְט מֶען דִי תְּחִנָּה וֶוען מ׳בֶּענְטְשְׁט ר״ח **אֲדָר רִאשׁוֹן.**

מֶלֶךְ בְּמִשְׁפָּט יַעֲמִיד אָרֶץ אֲשֶׁר לֹא יִשָּׂא פָּנִים וְלֹא יִקַּח שׁוֹחַד, קֶענִיג דֶער דָא הָאט מִיט רִיכְט גִישְׁטֶעלְט דִי וֶועלְט, עֶר אִיז נִיט נוֹשֵׂא פָּנִים קֵיינֶעם, אוּנ נֶעמְט נִיט קֵיין שׁוֹחַד, אוּנ אִיז מְדַקְדֵּק מִיט זַיינֶע צַדִּיקִים אוֹיף אַ הָאר, מִיר קוּמֶען יֶעצְט דֶעם חוֹדֶשׁ אֲדָר בֶּענְטְשִׁין אוּנ הַיילִיגֶען, דָאס אִין דֶעם חוֹדֶשׁ אִיז מֹשֶׁה רַבֵּינוּ ע״ה גִישְׁטָארְבֶּען

---

שערי ציון

א) אִין דִי װאַרֶעמֶע לֶענְדֶער (װי ארץ ישראל שוֹין אָן צוּ בְּלִיהֶען פוּן יֶעצְט, אוּנ װייל אות ז: ג) אִיז בִּיז חֲמִשָּׁה עָשָׂר דִי מַעַשְׂרוֹת וָואס מְדַארְף אָבּ שֵׁיידֶען בִּשְׁבָט שׁוֹין גֶעוַואקְסֶען דִי גְרֶעסְטֶע טֵייל פוּן דִי פֵּרוֹת אִיז נִיט אַלֶע יָאהר גְלַייךְ, רֶעגְין פוּן דֶעם יָאהר, אִיז שׁוֹין אַרוֹיף דֶער דִי עֶרְשְׁטֶע צְווֵיי יָאהר פוּן שְׁמִיטָּה נִיט שְׁבָט (וואס) אִין דִי בּוֹימֶער אוּנ זֵיי הוֹיבֶען מֶען מַעֲשֵׂר רִאשׁוֹן (רש״י) אוּנ מַעֲשֵׂר

ער

פאר דעם וואס ער האט דעם שטיין גישלאגען ער זאל וואסער געבין, ער האט בעדארפט נור ריידין צום שטיין, אזו ווי דו האסט אים גיבאטען, בכדי אידין זאלען פון דעם נעמען אלערנונג, מה דאך אויף אשטיין האט גיווירקט רייד, ער זאל טאן דעם רצון הבורא, אפשיטא אויף אמענשין דארף גיוויס ווירקען דברי מוסר ותוכחה, ווען אפילו זיין הארץ איז הארט ווי אשטיין, ניט מ'זאל אים דארפען שלאגען מיט אשטעקן, דאס הייסט ברייננען אויף אים יסורים, נאכהער וועט ער ערשט טאן תשובה. דרום טוט אונז אגרויס פארכט אונ ציטערניש אננעמען, ווען מיר טוען זיך דאס בעטראכטען אין אונזער הארץ, וואס פאר עונות אונ חטאים אונ פשעים מיר האבען גיטאן, מה דאך דו האסט משה רבנו ע"ה ניט נושא פנים גיוועזן, איז דאך שוין גיוויס געגען אונז, וואס מיר זיינען פול מיט זינד. אוי לנו כי נואלנו, וויי איז אונז, דען מיר זיינען פאר נארישט גיווארין.

משה ימליץ טוב בעדנו בר"ח **אדר.**

קום שטיי אויף משה רבנו אונ עפין אויף די טויערין פון הימיל ארייננצולאזין אונזערע תפלות ובקשות וואס מיר טוען יעצט בעטין, אונ זעה דיינע שאף (די ישראל) וואס דו האסט זיי גיפאשעט אין דער מדבר, אונ האסט פון זיי פיל צער געליטען, זיי שטייען יעצט מיט אביטער הארץ אונ אצובראכען געמיט, אונ פאדערין פון דיר דאס דו זאלסט פון זייערט וועגין בעטין דעם מלך מלכי המלכים הקב"ה, דאס ער זאל אונז בענטשין דעם חודש אדר צו אלעם גוטין, אונ זאל אונז עפינען די טויערין פון רחמים אונ די טויערין פון חן, אונ די טויערין פון לעבין אונ פון גיזונד אונ פון פרנסה אונ הצלחה, אזוי ווי אין פסוק שטייט (יפתח ה' לך את אוצרו הטוב), גאט וועט דיר עפינען זיין גוטין אוצר, דאס אלעם זאל גאט טאן וועגין דיין זכות, דאס דו ביזט א שליח גיוועזן ארויס פירען אונז פון מצרים אונ גינעהענט אונז צוא דעם בארג סיני. אונ גיגעבן אונז די היילינע תורה לערנען אונז די היילינע מצות, אונ האסט גיהאט

---

שערי ציון

שני, פידען קיין ירושלים. עסין דאס פערטען אונ דעם פינפטען יאהר איז בקדושת מעשר שני. אונ דעם דריטען מעשר ראשון אונ מעשר שני אונ דעם יאהר איז מעשר ראשון אונ מעשר עני וועקסטען מעשר ראשון אונ מעשר עני, (פאר ארעמע לייט), אונ אזוי ווייטער דעם דעם זיבעטין יאהר איז שמיטה ארבייט

פון אונז פיל מיה און טרחה, ווען די יודין האבין גיזינדיגט האסטו פאר זיי גאט גיבעטין, אזוי שטיי אויף יעצט און בעט פאר כל ישראל, דאס דער חודש אדר, וואס מיר טוען יעצט בענטשין, זאל גיבענטשט ווערין פון גאט ב"ה, און אזוי ווי צוליב דיין זכות האט השי"ת גימאכט רעגינען דעם מן פון הימל, אזוי זאל ער יעצט אויף אונז רעגענען שפע ברכה און הצלחה אין אלע אונזערע ווערק. און מיר זאלען חלילה צו קיין פרעמדין טיש ניט דארפין אנקומען, און עס זאל פול ווערין אונזערע אוצרות מיט זאטקייט, און אויך אונזערע הענד זאלען פול ווערין מיט גאטס ברכה, אמן.

נאכהער זאגט מען דעם יהי רצון און מי שעשה נסים ווי ווייטער שטייט (נאך אלע חדשים'דיגע תחנות).

ווען מ'בענשט ראש חודש אדר זאל מען די תחנה זאגען.

אויך ווען מ'בענשט אדר שני זאגט מען אויך דאס.

אל רחום וחנון עזרה בצרות נמצא מאד, גאט דער בארמיגער און לייטזעליגער, דער דא אין לייד ווערסטו צו איין הילף געפונען, מיר קומען יעצט בענטשען און הייליגען דעם חודש אדר. דו האסט אין אים גיטאן וואונדער צו דיין הייליגע פאלק דורך מרדכי היהודי און אסתר המלכה, ווען המן הרשע איז אויף גישטאנען צו פאר טיליגען, הארגענען און מאכין פאר לירען דיין פאלק ישראל זרע אברהם פון גרויס ביז קליין, און דו מיט דיין גרויס דער בארימקייט, האסטו זיי גיטאן נור איבער שרעקין אבער ניט שטראפען, דען דו האסט גיחתמת די גזירה מיט א חתימה פון ליים, און ווען די אידען האבען פאר דיר תשובה גיטאן, האסטו זיי גישטעלט מושיעים ומצילים פון דער צרה, מרדכי היהודי ואסתר המלכה, דאס זיי האבען די גזירה מבטל גיוועזן. און המן הרשע מיט זיינע קינדער זיינען אויף דער תליה גיהאנגען גיווארין, אזוי אויך רבונו של עולם, הער צו אונזער גיבעט פון זייער זכות וועגין, און בענש אויף אונז דעם חודש צו גוטען, און גיב אין דעם הארץ פון דעם מלך יר"ה מיט זיינע

שערי ציון

מען נאר נים די פעלדער, און די פרות דרום דארף זיין א בעשטימטער טאג וואס עס וואקסט איז הפקר צו צלעמען, ראש השנה פאר די בוימער, אז די דארף מען קיין מעשרות נים געבען, פרות וואס האבען געבלידט פאר חמשה

שָׂרִים דָאס זֵיי זָאלֶען מִיט אוּנְז חֶסֶד טָאן דוּרְךְ דַיין דֶער בַּארִימְהַקַייט אַלֶע צַייט אוּנ הָמָנְ'ס תַּלְמִידִים זָאלֶען הָאבִּין הָמָנְ'ס מַפָּלָה, אָמֵן.

נָאכְהֶער זָאגְט מֶען דֶעם יְהִי רָצוֹן אוּנ מִי שֶׁעָשָׂה נִסִּים ווִי ווייטֶער שְׁטֵייט (נאך אלע חדשים'דיגע תחנות.

אִין דִי טֶעג פוּן פּוּרִים זָאגְט מֶען דָאס.

הַבֵּט מִשָּׁמַיִם וּרְאֵה, לִיבֶּער גָאט בְּלִיק פוּן הִימֶל אוּנ זֶעה דֶעם זְכוּת פוּן דַיינֶע לִיבֶּע אִידֶען, פִיל צְדָקָה גֵייט פוּן זֵייעֶר הַאנְד אַרוֹיס אִין דֶעם טָאג פוּן פּוּרִים, אִיטְלִיכֶער נָאךְ זַיין פַאר מֶעג נָאךְ אוּנ זַיינֶען מְקַיֵּים דִי מִצְוָה פוּן מַתָּנוֹת לָאֶבְיוֹנִים, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, עֶס זָאל מְקוּיָם ווֶערִין אוֹיף אוּנְז דֶר פָּסוּק צִיּוֹן בְּמִשְׁפָּט תִּפָּדֶה וְשָׁבֶיהָ בִּצְדָקָה (צִיּוֹן ווֶעט אוֹיסְגִילֵייזְט ווֶערִין פוּן אִירֶע גִיפֵיינְקֶענִים דוּרְךְ דֶעם זְכוּת פוּן צְדָקָה) אוּנ דִי מִצְוָה פוּן צְדָקָה זָאל זַיין אַסְלִיחָה אוֹיף אוּנְזֶערֶע זִינְד, אַזוֹי ווִי דָנִיֵּאל הָאט גִיזָאגְט צוּ נְבוּכַדְנֶאצַר וַחֲטָיךְ בִּצְדָקָה פְּרוֹק (דַיין זִינְד זָאלְסְטוּ מִיט דֶער מִצְוָה פוּן צְדָקָה אוֹיס לֵייזִין), פַארְגִיב אוּנְז רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם אוּנְזֶערֶע זִינְד, צוּלִיב דֶעם זְכוּת פוּן דֶער מִצְוָה פוּן צְדָקָה אוּנ מִיר זָאלֶען אוֹיס גֶעלֵייזְט ווֶערִין פוּן גָלוּת בִּמְהֵרָה בְיָמֵינוּ, אָמֵן.

ווֶען מְ'בֶּענְטְשְׁט ראש חודש נִיסָן זָאגְט מֶען דִי תְּחִנָּה.

אֵל רַחוּם עוֹשֶׂה גְדוֹלוֹת עַד אֵין חֵקֶר נִסִּים וְנִפְלָאוֹת עַד אֵין מִסְפָּר, דֶער בַּארֶעמְהֶרְצִיגֶער פָאטֶער, דֶער דָא טוּט גְרוֹיסְקַייט גָאר נִיט צוּ דֶער קְלֶערִין, נִסִּים אוּנ וואוּנְדֶער אָן אַיין צָאל, מִיר קוּמֶען יֶעצְט בֶּענְטְשִׁין אוּנ הֵיילִיגֶען דֶעם חוֹדֶשׁ נִיסָן, דָאס אִין דֶעם חוֹדֶשׁ הָאסְטוּ אוּנְז לִיבֶּער גָאט פִיל נִסִּים גִיטָאן אוּנ גְרוֹיסֶע וואוּנְדֶער, בֶּענְשׁ אוֹיף אוּנְז דֶעם חוֹדֶשׁ נִיסָן, מִיר זָאלִין זוֹכֶה זַיין עֶרְלֵייזְט צוּ ווֶערִין פוּן אַלֶע דְרִיקוּנְג אַזוֹי ווִי דוּ הָאסְט עֶרְלֵייזְט דַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל פוּן מִצְרַיִם, אוּנ הָאסְט זֵיי דֶעם יַם גִישְׁפָּאלְטִין, אוּנ דִי אִידֶען הָאבִּין פַאר דִיר שִׁירָה גִזָאגְט, אַזוֹי אוֹיךְ רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם זָאלְסְטוּ אוּנְז אוֹיךְ לֵייזִין, מִיר זָאלֶען זָאגֶען שִׁירָה פַאר דִיר אוֹיף דִי נִסִּים וְנִפְלָאוֹת וָואס דוּ ווֶעסְט מִיט אוּנְז טָאן, אוּנ מִיר זָאלֶען זָאגֶען צוּ דִיר אַנֵייעֶם שִׁיר הַלְלוּיָהּ.

---



עָשָׂר בְּשַׁבָּת רָעבֶּענְעֶן זִיךְ צוּם פַארִיגֶען אָדָר, אוּנ דִי וָואס בְּלֵיהֶען נָאךְ חֲמִשָּׁה עָשָׂר בְּשַׁבָּת רָעבֶּענְעֶן זִיךְ צוּם קִינְפְטִיגֶען אָדָר.

פְּקַח עֵינֶיךָ וּרְאֵה. עֶפִין דַיינֶע אוֹיגֶען לִיבֶּער גָאט, אוּנ זֶעה דִי מִיהֶע פוּן דַיין טַייעֶר פָאלְק, וְויפִיל מִיהֶע זֵיי הָאבִּין צוּ דֶער הַאלְטֶען דַיינֶע מִצְוֹת וָואס דוּ הָאסְט זֵיי גִיבָּאטִין צוּ טָאן אִין דֶעם חוֹדֶש נִיסָן, אוֹיס בָּאמֶען דֶעם חָמֵץ פוּן זֵייעֶר שְׁטוּבּ, אוּנ עֶסִין מַצּוֹת אַלֶע זִיבֶּען טֶעג פוּן פֶּסַח, וְוי גְרוֹיס אוּנ שְׁוֶוער עֶס קוּמְט זֵיי אָן, מַחְמַת דִי אֵיינֶגֶענִישׁ פוּן זֵייעֶר פַּרְנָסָה, אָבֶער זֵיי הַאלְטִין דַיין בַּאפֶעל אוּנ הִיטֶען דַיינֶע מִצְוֹת, דְרוּם לִיבֶּער גָאט שִׁיק אַ שֶׁפַע וּבְרָכָה צוּ אַלֶע יוּדִין, אוּנ זָאלְסְט אוּנְז הִיטִין מִיט דַיין הֵיילִיגְקַייט, אַז מִיר זָאלִין חָלִילָה נִיט נִכְשָׁל וֶוערִין אִין אִיסוּר חָמֵץ אוּם פֶּסַח, אוּנ עֶס זָאל אוּנְז דֶער הֵיילִיגֶער יו״ט פֶּסַח גְרִינְג אָנְקוּמֶען, אוּנ מִיר זָאלִין חָלִילָה נִיט דַארְפֶען אָנְקוּמֶען צוּ מַתְּנַת בָּשָׂר וָדָם. אוּנ הֶעלְף אוּנְז מִיר זָאלֶען קֶענֶען אוּנ וֶועלִין שְׁטִיצֶען דִי גִיפַאלֶענֶע בַּעֲלֵי בָּתִּים זֵיי זָאלֶען אוֹיךְ הָאבֶּען מִיט וָואס דֶעם הֵיילִיגֶען יוֹם טוֹב צוּ מַאכְן, זֵיי זָאלִין אוֹיךְ נִיט פַארְשֶׁעמְט וֶוערִין, אָמֵן.

רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, וֶוען מִיר טוּעֶן יֶעצְט בֶּענְטְשִׁין דֶעם חוֹדֶשׁ נִיסָן וָואס אִין אִים הַאלְטֶען מִיר דֶעם יו״ט, וָואס עֶר וֶוערְט אָנְגִירוּפִין „פֶּסַח" דָאס גָאט הָאט אִיבֶּער גִיהִיפְּט דִי הַייזֶער פוּן יִשְׂרָאֵל, וֶוען עֶר אִיז אִיבֶּער גִיגַאנְגֶען אִין לַאנְד מִצְרַיִם צוּא טוֹיטִין זֵייעֶרֶע בְּכוֹרִים, אוּנ יוּדִין הָאבֶּען בַּיי דִי מְזוּזוֹת פוּן דִי טִירֶען מִיט דֶעם בְּלוּט פוּן דֶעם קָרְבָּן פֶּסַח גִישְׁמִירְט, הָאט דֶער מַשְׁחִית קַיין שְׁלִיטָה נִיט גִיהַאט אַרַיין צוּ גֵיין אִין שְׁטוּבּ פוּן אַ יוּדִין, אַזוֹי זָאלְסְטוּ אָנְשַׁרַייעֶן אִין אַלֶע מַשְׁחִיתִים, דָאס זֵיי זָאלֶען נִיט קוּמֶען צוּ דִי טִירֶען פוּן אוּנְזֶערֶע הַייזֶער בַּיין צוּטָאן אוּנְז יוּדִין אוּנ אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער אוּנְד קִינְדֶס קִינְדֶער, אוּנ אוּנְזֶער גַאנְצֶע הוֹיז גֶעזִינְד, זָאלְסְטוּ מַצִּיל זַיין פוּן אַלֶעם בֵּייזֶען, אוּנ זָאלְסְט אוּנְז דֶערְלֵייזֶען הַיינְטִיגֶען חוֹדֶשׁ, אַזוֹי וְוי דוּ הָאסְט אוּנְז צוּ גִיזָאגְט הֵן גָּאַלְתִּי אֶתְכֶם וגו׳, אִיךְ וֶועל אַייךְ דֶערְלֵייזִין דֶעם לֶעצְטִין מָאל, אַזוֹי וְוי דֶעם עֶרְשְׁטִין מָאל. בִּמְהֵרָה בְיָמֵינוּ אָמֵן.

נאכְהֶער זָאגְט מֶען דֶעם יְהִי רָצוֹן אוּנ מִי שֶׁעָשָׂה נִסִּים ה׳ וַויטֶער שְׁטֵייט (נאך אלע חדשים׳דיגע תחנות).

וֶוען מְ׳בֶּענְטְשְׁט ר״ח אִיָּר זָאל מֶען זָאגֶען דִי תְּחִנָּה.

אַב הָרַחֲמִים הַבּוֹחֵר בְּעַמּוֹ יִשְׂרָאֵל, דֶערְבַּארֶעמִיגֶער פָאטֶער, וָואס הָאט אוֹיסֶערְוֶויילְט זַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל, וֶוען מִיר קוּמֶען יֶעצְט

צו בענטשין את הייליגען דעם חודש איר, דאס אין דעם חודש, האבען מיר אנגיהויבען צו זיין איין געליבטע פאלק פאר דיר, את דו האסט אונז דעם ליבען הייליגען שבת גיגעבין, אזוי זאלסטו גידיינקען דעם זכות פון אונזער הייליגען שבת, אונ דורך דעם זכות וואס דו האסט אונז ווייבער גיגעבין די מצוה פון ליכט בענטשין וכדומה, זאל דערהייכט ווערין אונזער מזל, אונ זאלסט אונז מציל זיין פון אלע שלאפקייטין וואס קענען פארקומען אין דעם חודש דורך דער טבע וואס דו האסט איין גישטעלט, אז די וועטערין זאלין זיך בייטין, דער ווינטער גייט אוועק אונ דער זומער קומט אן, אונ שיק אונז א רפואה, ווי אין דער תורה שטייט אני ה׳ רופאך, איך גאט וועל דיך היילין, אמן.

רבונו של עולם, מיר קומען יעצט בענטשין דעם חודש איר, דאס אין דער צייט ווען דו האסט די יודין פון מצרים ארויס גענומען האסטו זיי אין דעם חודש איר אנגיהויבען רעגענען דעם מן פון הימל בזכות משה רבנו ע״ה, אונ א ברונען מיט וואסער וואס איז בעשאפין גיווארען אין ששת ימי בראשית, פרייטאג בין השמשות, איז ער נאך גיגאנגען די יודין אין דער מדבר (ער האט זיך גיקייקילט ווי אשטיין) פון דעם חודש איר אן, בזכות מרים הנביאה עליה השלום, יעצט גידיינק אונז ליבער גאט איר זכות, וואס זי האט פאר דיר שירה גיזאגט מיט די ווייבער, ווען די יודין זיינען ארויס דעם ים גיגאנגען. אזוי ווי אין פסוק שטייט, ותקח מרים הנביאה אחות אהרן את התוף בידה ותצאן כל הנשים אחריה בתפים ובמחולות, ותען להם מרים שירו לה׳ כי גאה גאה סוס ורוכבו רמה בים. מרים הנביאה די שוועסטער פון אהרן האט גינומען דעם פויק אין איר האנד, אונ עס זיינען ארויס גיגאנגען אלע ווייבער נאך איר מיט פויקין אונ כלי זמר. אונ מרים האט צו זיי גיזאגט זינגט צו דעם ליבען גאט, דען ער האט גיטאן גרויסע נסים, די פערד פון מצרים מיט זייערע רייטער האט ער גיווארפען אין דעם טיפען ים, אונ אזוי זאלען מיר זוכה זיין צוזאגען שירה מיט אלע צדיקים ונשים צדקניות, ווען משיח וועט קומען, אונ ערלייז אונז פון אלע צרות במהרה בימינו, אמן.

התעוררי נא, דערוועק זיך מרים הנביאה, שטיי אויף פון דיין רוהע אונ שטעל זיך פאר דעם מלך מלכי המלכים הקדוש

ב"ה, אונ בעט פון אים, אז ער זאל אויף אונז רחמנות האבען אין דעם חודש איר, מיר זאלען האבען גענוג אונזער שפייז, אזוי ווי השי"ת האט גישפייזט די יודין מיט דעם מן בזכות דיין ברודער משה, אונ דעם ברונעם וואסער פון דיין זכות וועגין, אז מיר זאלען חלילה ניט פאר ארימט ווערין, אונ דער עיקר איז, אז מיר זאלען גירייניגט ווערין פון אלע אונזערע זינד, אזוי ווי די יודין זיינען גירייניגט גיווארין אין דעם חודש, ווען זיי זיינען אין דער מדבר גיגאנגען מקבל זיין די תורה. הושיעה ה' את עמך וברך את נחלתך, העלף גאט דיין פאלק, אונ בענטש דיין נחלה, אונ דער הייב זייער מזל, אונ דערבארים זיך אויף זיי כרחם אב על בנים, אזוי ווי א פאטער טוט זיך ערבארימען אויף זיינע קינדער, אונ בענטש אונז דעם חודש איר צום לעבין, אונ גיזונד, אונ מזל, אונ ברכה, אמן.

נאכהער זאגט מען דעם יהי רצון אונ מי שעשה נסים ווי ווייטער שטייט (נאך אלע חדשים'דיגע תחנות).

ווען מ'בענטשט ר"ח סיון זאגט מען דאס.

אתה נגלית בענן כבודך על הר סיני, רבש"ע דו האסט ערשיינט צו דיין פאלק ישראל אויף דעם בארג סיני, אונ האסט זיי די הייליגע תורה גיגעבין דעם זעכסטין טאג אין חודש סיון, וואס מיר קומען יעצט בענטשין אונ הייליגן, דרום ליבער גאט גידיינק אונז דעם זכות וואס מיר האבין דיין ליבע הייליגע תורה מקבל גיוועזן, אונ מיר זיינען דיר גיווארען א געליבטע פאלק, אבער ווען דו ביזט צו ישמעאל'ן מיט עשו'ן גיגאנגען, האבען זיי דיין תורה ניט גיוואלט נעמען, דרום דערמאן אונז דעם זכות אונ בענטש אונז, אונ ער-לייכט אונזערע קינדער די אויגין צו דער תורה, אום זיי זאלין האלטין דיינע מצות, אונ ערבארים זיך איבער אונז, דען מיר זיינען יעצט גיגליכען צו איין אשה וואס איר מאן איז אין א ווייטע וועג אוועק גערייזט, אונ האט איר איבער גילאזט אין ארימקייט אונ אין פיין, די טוט האפין אלע טאג אז איר מאן וועט קומן, אונ איר מזל וועט דער הויבען ווערין, אזו אויך מיר דיין פאלק ישראל, הגם דו האסט זיך דערווייטערט פון אונז און מיר זיינען יעצט גיגליכען ווי איין אלמנה חיה, אבער מיר האפען צו דיר ליבער גאט, אז דו וועסט זיך אום

קערין

קֶערִין צוּ אוּנְז, אוּן דוּ װֶעסְט װִידֶער רֵיידִין מִיט אוּנְז פֶּה אֶל פֶּה, אַזוֹי
וִוי דוּ הָאסְט מִיט אוּנְז גִירֶעט אוֹיף דֶעם בַּארְג סִינַי, אוּן דוּ װֶעסְט בּוֹיעֶן
דַיין קְרוֹינְשְׁטָאט יְרוּשָׁלַיִם גִיךְ אוּן בַּאלְד, אוּן דִי שֵׁיינְקַייט פוּן דַיין
נַאצְיָאן, דֶעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ, וָאלְסְטוּ אוּנְז בּוֹיעֶן דָאס מִיר זָאלִין
דִיר װִידֶער דִינֶען וִויא אַמָאל, וּכְשָׁנִים קַדְמוֹנִיּוֹת וִויא אִין דִי פְּרִיעֶרְדִיגֶע
יָאהרִין, אָמֵן סֶלָה.

תּוֹרָה, תּוֹרָה! גֵיי אַרוֹיף אִין הִימֶל אוּן זַיי אַ מֵלִיץ טוֹב פַאר דַיינֶע
קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּן דֶערְמָאן פַאר דֶעם רִבּוֹן הָעוֹלָמִים וִויפֶעל
בְּלוּט עֶס אִיז פוּן זֵיי פַארְגָאסֶען גִיוָוארִין פוּן דַיינְטְוֶועגִין אִין חוֹדֶשׁ סִיוָן
אוּן וִויפִיל צַדִיקִים זַיינֶען אוֹיף קִידוּשׁ הַשֵּׁם אוּמְגֶעקוּמֶען, אוּן וִויפֶעל
בְּלוּט פוּן קְלֵיינֶע קִינְדֶער, וָואס מֶען הָאט זֵיי אוֹיף דֶער מוּטֶערְס
בְּרוּסְט גִיטוֹיט, וָואס עֶס אִיז נִיט מֶעגְלִיךְ פָאר צוּ שְׁטֶעלִין דִי
װִייטָאגִין וָואס מִיר הָאבֶּען אִין יֶענֶע צֵייטִין גִיהַאט, אוּן דָאס אִיז
אַלֶס גִיוֶועזִין, וַוייל זֵיי הָאבֶּען נִיט גִיוָואלְט מְחַלֵּל זַיין דֶעם הֵיילִיגֶען
בְּרִית פוּן דֶער תּוֹרָה, אוּן פַארְשְׁטֶערִין אִירֶע גִיזֶעצִין, דְרוּם גִיהֶערְסְטוּ
צוּ דֶער מָאנֶען דֶעם זְכוּת פַאר דֶעם כִּסֵּא הַכָּבוֹד, דָאס עֶס זָאל גִיגְלִיכִין
זַיין דִי בְּלוּט, וִוי דִי בְּלוּט פוּן דִי קָרְבָּנוֹת וָואס מֶען פְלֶעגְט שְׁפְּרִיצֶען
אוֹיף דֶעם מִזְבֵּחַ, עֲשֵׂה לְמַעַן תִּינוֹקוֹת שֶׁל בֵּית רַבָּן, טוּ פוּן וֶועגִין דִי
קְלֵיינֶע קִינְדֶער, וָואס זֵייא לֶערְנֶען אִין חֵדֶר דַיין הֵיילִיגֶע תּוֹרָה, אוּן
בֶּענְטְשׁ אוֹיף אוּנְז דֶעם חוֹדֶשׁ סִיוָן, אַז מִיר זָאלֶען זוֹכֶה זַיין גוּטֶע
קִינְדֶער צוּ הָאבִּין, אוּן מִיר זָאלֶען זֵיי קֶענֶען מְגַדֵּל זַיין צוּ דַיין לִיבֶּע
תּוֹרָה אוּן צוּ מַעֲשִׂים טוֹבִים. וְנֹאמַר אָמֵן.

נָאכְהֶער זָאגְט מֶען דֶעם יְהִי רָצוֹן אוּן מִי שֶׁעָשָׂה נִסִּים ווִי
וַוייטֶער שְׁטֵייט (נאך אלע חדשים׳דיגע תחנות).

וֶוען מְ׳בֶּענְטְשְׁט ר״ח תַּמּוּז זָאל מֶען דִי תְּחִנָּה זָאגֶען.

רִבּוֹן הָעוֹלָמִים וַאֲדוֹנֵי הָאֲדוֹנִים! הֶער פוּן אַלֶע וֶועלְטִין, אוּן הֶער
אִיבֶּער אַלֶע הֶערִין, מִיר קוּמֶען פַאר דִיר יֶעצְט בֶּענְטְשִׁין אוּן
הֵיילִיגֶען דֶעם חוֹדֶשׁ תַּמּוּז דָאס אִין דֶעם אַנְדֶערִין טָאג רֹאשׁ חוֹדֶשׁ
הָאט אוּנְזֶער מוּטֶער רָחֵל אִיר טַייעֶרִין זוּהן יוֹסֵף הַצַּדִּיק גִיבָּאהֶרִין, עֶס
זָאל זַיין דֶער וִוילֶען פַאר דִיר גָאט אוּנְזֶער גָאט, דָאס עֶס זָאל דֶער-
װֶעקְט װֶוערִין אוֹיף אוּנְז דֶער זְכוּת פוּן אוּנְזֶער מוּטֶער רָחֵל, אַזוֹי וִוי דוּ
הָאסְט גִיהֶערְט אִיר גִיבֶּעט, וֶוען זִי הָאט גְרוֹיס צַעַר גֶעלִיטֶען, דָאס זִי

האט

האט קיין קינדער גיהאט אונ האסט איר א טייערין זון יוסף גיגעבען, אזוי זאלסטו צוהערין דאס גיבעט פון די אלע וואס האבען קיין קינדער ניט, דאס זיי זאלין דערמאנט ווערין צו האבן גוטע קינדר אזוי ווי יוסף הצדיק, אבר אונזערע קינדער זאלען חלילה ניט צו גינומען ווערין פון אונז, אונ מיר זאלען פון זיי גרוים גדולה זעהן, אזו ווי אונזער פאטער יעקב האט אם ענדע גיזעהן גרוים גדולה פון זיין זוהן יוסף הצדיק, אונ עס זאל ניט פאר שטערט ווערין זייער גדולה ביז אייביג.

הייליגער גאט אזוי ווי יוסף הצדיק איזביי גישטאנען ביי דעם גרויסין נסיון וואס זיין ווירטהין (פוטיפר׳ס פרוי) האט אים אן גירעט, הגם ער איז גיוועזען איונגער מענש (אין די רעכטע היצינקיים) אונ אין אזא הייסין קלימאט ווי מצרים אונ דער ווייטערט פון זיין פאמיליע (ער האט זיך פאר קיינעם נים גיהאט צו שעמען) אונ דאך האט ער גיזיגט דעם יצה״ר פון זנות אונ איז גיבליבין ריין אונ ציכטיג, ווייל ער האט גיהאט בושה פאר דיר צו טאן אזא שענדליכע זאך, אזוי ליבער גאט זאלסטו העלפען אונזערע זין אונ טעכטער ובפרט די וואס זיינען פערייזט פון זייער היים, זיי זאלין האבין בושה פאר דיר וואס דו זעסט אומעדום, אונ זיך ניט פארפלעקין אין די שמוציגע עבירה פון זנות, אונ זאלען בלייבין ביז זייער ענדע לעבין ריין אונ ציכטיג, ובזכות יוסף הצדיק וואס ער איז גיבענשט גיווארען פון זיין פאטער יעקב מיט פיל ברכות אונ נאכהער האט משה רבנו גיבענשט זיין לאנד (זיין טייל וואס ער וועט געבין אין ארץ ישראל) מיט גרוים גירעטענעס, אזוי זאלסטו אונז אויך בענטשין אין דעם חודש, אז די תבואה פון די פעלדער זאל חלילה ניט פאר ברענט ווערן פון היץ, אונ קיין היישעריג זאל חלילה זיי ניט אב עסין, רבונו של עולם (מלא אסמינו שבע) דער פיל אונזערע אוצרות מיט זעט פון דיין גיבענשטע האנד, עס זאל חלילה ניט זיין קיין הונגער אונ קיין יקרות, עס זאל אין אונז מקוים ווערין דיין ברכה (ונתתי גשמיכם בעתם) איך וועל געבין רעגין אין דער צייט (ונתנה הארץ יבולה) די ערד וועט געבין אירע פרוכט (ועץ השדה יתן פריו) אונ אלע בוימער אפילו די אילני סרק (די וואלד בוימער) וועלין געבין פרוכט, בכדי מיר זאלען זיין רוהיג דיר צו דינען מיט ליבשאפט, אמן.

נאכהער זאגט מען דעם יהי רצון אונ מי שעשה נסים

וויא וויטער שטייט (נאך אלע חדשים׳דיגע תחנות).

וועז מ'בענטשט ר"ח **מנחם אב** זאגט מען דאס.

**הבט נא** עמך כלנו, פאטער פון הימל זעה דאס מיר דיין פאלק ישראל שטייען אונ בעטין דיך, דאס דו זאלסט אונז טרייסטין אזוי ווי א פאטער, אונ פאר גיב אונזערע זינד דאס איבער זיי זיינען מיר פון אונזער לאנד פערטריבען געווארען, אונ פון אונזער ערד דער ווייטערט, אונ דיין היילגער וואוינונג (בית המקדש) איז אין דעם חודש מנחם אב פאר ברענט געווארין. אוי לנו ואוי לנפשנו, ווי איז אונז אונ ווי איז צו אונזערע נפשות, דען עס איז צו גינומען געווארען די ליכט פון אונזערע אויגען, דאס איז דער בית המקדש, וואס ער פלעגט פאר געבין אויף אונזערע זינד, אויך ווען ער איז גישטאנען, איז אין דעם חודש גיוועזן אזוי א יום טוב דאס עס איז זיין גלייכען ניט גיוועזן, אבער יעצט איז ער צו אונז נאר פול מיט טרויער אונ גיוויין, דען מיר טוען זיך באדיינקען די גדולה וואס עס איז פון אונז אוועק גינומען געווארען, ליבער גאט! הער צו דעם יאמער פון ציון, אונ פאר נעם דאס געשריי פון ירושלים, וואס זי טוט מיט א ביטער הארץ קלאגען, אונ אזוי ווי דו האסט זי מיט פייער פאר ברענט, אזוי זאלסטו זי בויען מיט פייער, אזו ווי אין פסוק שטייט ואני אהיה לה נאום יי חומת אש סביב, איך וועל זיין צו ירושלים (דאס זיינען די רייד פון גאט) א מויער פון פייער ארום אונ ארום, גילויבט ביסטו גאט דער טרייסטער פון ציון, אונ דער בויער פון ירושלים, אמן.

נאכהער זאגט מען דעם יהי רצון אונ מי שעשה נסים ווייא ווייטער שטייט (נאך אלע חדשים'דיגע תחנות).

ווען מ'בענטשט ראש חודש **אלול** זאגט מען די תחנה.

**אריה** שאג מי לא יירא? ווען א לייב שרייט ווער זאל זיך ניט פארכטען? דאס ווארט ארי"ה באטייט (די אל"ף מאכט) "אלול" (די רי"ש מאכט) "ראש השנה" (די יו"ד מאכט) "יום כפור" (די ה"א מאכט) "הושענא רבה", דאס הייסט ווען עס קומען די דאזיגע היילגע אונ פארכטיגע טעג ווער זאל זיך ניט פארכטין? רבונו של עולם, יעצט קומען מיר בענטשין אונ היילגען דעם חודש אלול מיט גרויס פארכט אונ ציטערניש, דען עס קומט אן די צייט וואס דו וועסט זיך זעצין אויף דיין שטול צו משפטין די וועלט, דרום טוט אונז יעצט א ציטערניש אן האפין, אונ

אונזער הארץ צו גיט אין אונז אזוי ווי וואסער, אונ איך פעדער מיך דיין דינערין (פלונית בת פלונית) דאס איך בין ערד אונ אש אונ בין געקומען צו דער וועקין גרויס דער בארימקייט, דאס דו זאלסט מיך אונ אלע יודין גנעדיגען אין דעם חודש אלול וואס איך טו פאר דיר יעצט בענטשין, דאס דו זאלסט מיר עפענען די טויערין פון תשובה, טויערין פון תפלה, דאס עס זאל פאר געבין ווערין גאר מיינע זינד, אונ זאלסט מיך שרייבין אין דעם בוך פון לעבין דעם ראש השנה וואס וועט זיין, בענשין אונ באגליקען אלע מיינע וועגין אונ גאר די ווערק פון מיינע הענד, אונ גיב מיר אגוטע אריינע הארץ איך זאל פארשטיין, ווי ווייט נאריש איך בין געווען, מיט דעם וואס איך האב אב געטראטין פון דיין תורה, וואס זי פירט צו די וועג פון לעבין, אז איך זאל איין אמת'ה חרטה האבין אויף מיינע בייזע מעשים, אונ זאל ביי זיך מאכין אפעסטין בעשלוס אז איך זאל שוין מער ניט זינדיגען, אונ זאל דיך ניט דער צערענען, אונ עפין מיר די טויערין פון פרנסה אונ זאלסט מיר געבין חן אונ חסד אין דיינע אויגען אונ אין די אויגען פון אלע וואס זעהן מיך, דען דו ביסט נאהענט צו די אלע וואס רופען דיך. אונ ווערסט גיפונען צו די וואס פארשטין דיך, אונ ענטפער מיר אז דער חודש אלול וואס איך טו יעצט בענטשען, זאל געבענטשט ווערען פון דיין פולער ברכה, אמן:

על רחמיך הרבים אבטח, אויף דיין פיל דער בארימקייט טו איך מיך פאר זיכערין, (ועל חסדיך אשען) אונ אויף דיין גענאדע ליבר גאט טו איך מיך אן לעהנען, אונ איך קום צו בענטשין דעם חודש אלול, דען איך ווייס ווען דו וועסט חלילה אויף מיינע בייזע מעשים קוקין, (אזו באטייט דער ווארט אלול "אוי לי ואוי לנפשי") וויי איז צו מיר אונ וויי איז צו מיין לייב. אבער ווען איך וועל מיר צום הארצען נעמען אונ וועל חרטה האבין באמת אויף מיינע זינד, אזוי וועסטו ליבער גאט זיך קערין צו דער בארעמען זיך אויף מיר, אונ דער נאמען פון דעם חודש אלול וועט ווייזען "אני לדודי ודודי לי" איך קער מיך צו מיין פריינד (דאס איז השי"ת) אונ מיין פריינד וועט זיך קערין צו מיר צו פאר געמען מיין גיבעט אונ מוחל זיין מיינע עבירות, דרום ליבער גאט (השקיפה ממעון קדשך מן השמים) קוק פון דיין הייליגי וואהנונג פון דעם הימעל אראב

אוּנ זָעה מַיין בִּיטֶער הַארְץ דָאס אִיךְ בִּין גֶקוּמֶן יֶעצְט פַר דִיר בֶּעטֶען, בֵּייטִיג מִיךְ מַיינֶע זִינְד, אַרַיין הַארְץ בַּאשַׁאף מִיר גָאט אוּנ אַיין רֵיינְס מוּטָה בַּאנַיי אִין מִיר, דָאס אִיךְ זָאל אָב קֶערְין פוּן דֶעם בֵּייזִין וֶועג, אוּנ זָאל שׁוֹין מֶער קֵיין עֲבֵרוֹת נִיט טָאן, אוּנ זָאל הַאלְטִין טַייעֶר דַיין הֵיילִיגֶע תּוֹרָה אוּנ מִצְוֹת כָּל יְמֵי חַיַּי, אָמֵן וְאָמֵן:

מִמִּשְׁפָּטֶיךָ יָרֵאתִי עַל כֵּן אֲקַדֶּמְךָ בְּתַחֲנוּנִים, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם אִיךְ טוּ מִיךְ זֵייעֶר פָארְכְטִין פוּן דַיין מִשְׁפָּט אִין דֶעם יוֹם הַדִּין וָואס עֶס קוּמְט אָן, דְרוּם טוּ אִיךְ מִיךְ פֶעדֶערִין מִיט מַיין גִיבֶּעט, אַלְמֶעכְטִיגֶער גָאט דֶער בַּארֶעמְדִיךְ אוֹיף מִיר, גִיס נִיט אוֹיס דַיין צָארְין אוֹיף מִיר, אוּנ קֶער דַיין הַארְץ אוּנ דַיינֶע אוֹיעֶרִין צוּ פַאר נֶעמֶען מַיין תְּשׁוּבָה וּתְפִלָּה, אוּנ בֶּענְטְשׁ דֶעם חוֹדֶשׁ אֱלוּל דָאס עֶס זָאל דֶער וֶועקְט וֶוערִין אוּנְזֶער הַארְץ צוּ גוּטֶעס טָאן, עֶס זָאל וַוייזֶען דֶער נָאמֶען אֱלוּל "אַשְׁרֵי לָךְ וְאַשְׁרֵי לְנִשְׁמָתָךְ" ווֹאל אִיז צוּ דִיר אוּנ ווֹאל אִיז צוּ דַיין נְשָׁמָה, אוּנ מִיר זָאלִין זוֹכֶה זַיין גֶעשְׁרִיבֶּען אוּנ גֶחַתְמֶת וֶוערִין צוּ אַיין נַיי גִיבֶּענְשְׁט יָאהר צוּם לֶעבֶּען אוּנ גֶעזוּנְד אוּנ פַּרְנָסָה בְּכָבוֹד. בָּרוּךְ שׁוֹמֵעַ עַמּוֹ תְּפִלַּת עַמּוֹ יִשְׂרָאֵל בְּרַחֲמִים, גֶעלוֹיבְּט בִּיסְטוּ גָאט דָאס דוּ הֶערְסְט דִי גִיבֶּעט פוּן דַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל מִיט דֶער בַּארִימְהַקֵייט, הֶער צוּ אוֹיךְ דִי גִיבֶּעט פוּן (פלונית בת פלונית) אוּנ דִי גִיבֶּעט פוּן מַיין מַאן אוּנ מַיינֶע קִינְדֶער צוּ דֶער בַּארֶעמֶען זִיךְ אוֹיף אוּנְז אוּנ אוֹיף כָּל יִשְׂרָאֵל, אָמֵן וְאָמֵן, כֵּן יְהִי רָצוֹן:

פַאר יֶעדֶער רֹאשׁ חוֹדֶשׁ בֶּענְטְשִׁין זָאגְט מֶען דֶעם יְהִי רָצוֹן:

יְהִי רָצוֹן מִלְּפָנֶיךָ יְיָ אֱלֹהֵינוּ וֵאלֹהֵי אֲבוֹתֵינוּ שֶׁתְּחַדֵּשׁ עָלֵינוּ אֶת הַחוֹדֶשׁ הַזֶּה לְטוֹבָה וְלִבְרָכָה. וְתִתֶּן לָנוּ חַיִּים אֲרוּכִים. חַיִּים שֶׁל שָׁלוֹם. חַיִּים שֶׁל טוֹבָה. חַיִּים שֶׁל בְּרָכָה. חַיִּים שֶׁל פַּרְנָסָה. חַיִּים שֶׁל חִלּוּץ עֲצָמוֹת. חַיִּים שֶׁיֵּשׁ בָּהֶם יִרְאַת שָׁמַיִם וְיִרְאַת חֵטְא. חַיִּים שֶׁאֵין בָּהֶם בּוּשָׁה וּכְלִמָּה. חַיִּים שֶׁל עוֹשֶׁר וְכָבוֹד. חַיִּים שֶׁתְּהֵא בָנוּ אַהֲבַת תּוֹרָה וְיִרְאַת שָׁמַיִם. חַיִּים שֶׁיִּמָּלְאוּ מִשְׁאֲלוֹת לִבֵּנוּ לְטוֹבָה בִּזְכוּת תְּפִלַּת רַבִּים. אָמֵן סֶלָה:

יהי

מי שעשה נסים, דער גאָט וואָס האָט געטאָן וואונדער צו אונזערע עלטערין און האָט זיי אויס געלייזט פון קנעכטשאַפט צו פריידהייט, א) דער זאָל אונז אויך באַלד, און זאָל צוזאַמען פירען אונזערע פערשטויסענע פון אַלע ענדין וועלט, אום דאָס גאַנצע פאָלק ישראל זאָל פעראייניגט ווערין, אָמן.

ראש חודש (פלוני) יהיה ביום (פלוני) הבא עלינו ועל כל ישראל לטובה:

ראש חודש (. . . . .) וועט זיין (. . . . . . . . .) וואָס קומט אויף אונז און כל ישראל צו גוטין.

יחדשהו הקדוש ברוך הוא. עלינו ועל כל עמו בית ישראל. לחיים ולשלום. לששון ולשמחה. לישועה ולנחמה. ונאמר אמן:

דער הייליגער גאָט (גילויבט איז ער) זאָל בענייען דעם קומענדיגען מאָנהייט פאַר אונז און פאַר כל ישראל, צום לעבין און צו פרידען, צו פרייד און צו פרייהייליכקייט, צו הילף און צו טרייסט. און מיר זאָגען דאַרויף, אָמן.

תחנה שערי זמרה (וועלכע זאגט אנעים זמירות).

ליבער הער גאָט! עפין מיר די טויערין פון לויב און געזאַנג, און פאַר נעם מיין לויב געזאַנג ווי דאָס לויב געזאַנג פון אברהם יצחק ויעקב משה אהרן דוד ושלמה, און עפין מיר די טויערין פון הימעל, און די טויערין פון גן עדן, און העלף מיר עס זאָל אויף אונז ניט געוועלטיגען דער יצר הרע, און דער הייליגער שבת (אדער יום טוב) זאָל אַ מליץ יושר זיין פאַר מיר און פאַר מיין מאַן און קינדער און פאַר כל ישראל, צו אַלעם גוטין אמן, (וברחמיך הגדולים נא חזק ושמור נפשי)

שערי ציון

א) אַלע פעלקער ציילען די חדשים פון זייער אנהייב יאהר, אָבער מיר אידען ציילען די חדשים ניט פון תשרי (וואָס ער איז ראש השנה) נור פון ניסן, צו ווייזען אַז מיר שטייען ניט אונטער די נאַטור, ווייל מיט דער נאַטור דאַרפען מיר זיך גאָר ניט געפינען אויף דער וועלט, אברהם אבינו און אונזערע מוטערס שרה רבקה רחל זיינען געווען עקרות, נור דער בורא האָט אויף געהויבען אברהם אבינו איבער די נאַטור (העכער פון די מזלות) און האָט אים געגעבען קינדער, אַלזאָ שטייען מיר זרע אברהם העכער פון די מזלות נור אונטער די השגחה פון השי"ת, דרום האָט מיט די נאַטור האָט קיין עסק

יְהִי רָצוֹן מִלְפָנֶיךָ עס זאל זיין דיין גוטער ווילען אונזער גאט, וואס דו
בּיזט אויך דער גאט פון אונזערע עלטערין, (שֶׁתְּחַדֵּשׁ) דאס דו
זאלסט בענייען אויף אונז דיזען קומענדיגען חודש (לְטוֹבָה וְלִבְרָכָה) צו
גוטין און צו גליק, און גיב אונז אריכות ימים און אקרעפטיגען לעבען,
אלעבין פון פרידען, אגוטין און גליקלעכען לעבין, אלעבין פון
פרנסה מיט נחת און צער, אלעבין מיט אקרעפטיגונג אין די ביינער
און אין די גלידער (חַיִּים שֶׁיֵּשׁ בָּהֶם יִרְאַת שָׁמַיִם) אלעבין וואס מיר
און אונזערע קינדער זאלען גלויבען מיט אריינע הארץ אין גאט ברוך
הוא און גיין אין גוטען וועג. מיר זאלין ניט פארשעמט ווערין אויף
דיזע וועלט און ניט בעולם הבא פאר פמליא של מעלה. (חַיִּים שֶׁל
עוֹשֶׁר וְכָבוֹד) אלעבין מיט פערגניגען דורך רייכטהום און עהרע,
מיר זאלין קענען מגדל זיין אונזערע קינדער פאר ערליכע אידען מיט
גוטע מעשים, ווי דוד המע"ה האט גיבעטין רבש"ע איך זאל שטארבין
ווי אמלך ניט וויא איין אביון, (חַיִּים) אלעבין דאס עס זאל זיך
ערוועקין אין אונז אליבע צו די הייליגע תורה און האבין אין זיך יראת
שמים ווי די קינדער פון יעקב אבינו ע"ה, ווארום אז יעקב אבינו
האט גיזאלט שטארבין, האט ער גיוואלט ענטדעקין זיינע קינדער
די צייט פון די גאולה, האט זיך דער רוח הקודש פון אים אב גיטאן
האט ער זיך זייער דערשראקען און גיזאגט צו זיי, אפשר איז דא
איינער פון אייך וואס גלויבט ניט אין גאט ברוך הוא חלילה ? האבין
זיי אלע צו זאמען גיענטפערט (שְׁמַע יִשְׂרָאֵל) הער צו אונזער פאטער
ישראל (ה' אֱלֹהֵינוּ ה' אֶחָד) דער גאט וואס איז דיין גאט, דער איז
אונזער גאט אויך, גאט ברוך הוא איז איינער, דאן האט ער באקומען
מוטה און האט זיי גיבענטשט, אזוי זאלסטו ליבער גאט אונז אויך
בענשין און געבין אגליקליכען חודש, אז עס זאל ערפילט ווערין
אלע בקשות וואס מיר האבין גיבעטין צו גוטין, בזכות די תפלה פון
כלל ישראל, אמן סלה :

מִי שֶׁעָשָׂה נִסִּים לַאֲבוֹתֵינוּ. וְגָאַל אוֹתָם מֵעַבְדוּת
לְחֵרוּת. הוּא יִגְאַל אוֹתָנוּ בְּקָרוֹב. וִיקַבֵּץ
נִדָּחֵינוּ מֵאַרְבַּע כַּנְפוֹת הָאָרֶץ. חֲבֵרִים כָּל
יִשְׂרָאֵל. וְנֹאמַר אָמֵן :

מיט דיין גרויס דער בארעמונג שטארק און באשירעם מיין לייב פון גיהנם וחבוט הקבר וחבלי משיח, און גיב מיר אלעם גוטס, און ואלסט מיר מזכה זיין צו ערציהען מיינע קינדער לתורה ולחפה ולמעשים טובים. אמן:

## שיר תחנה אנעים זמירות הכבוד

אנעים זמירות, אליבליכע לויב-גיזאנג וועל איך זינגען און וועל ווייווען מיט לויב לידער, דען צו הקדוש ברוך הוא טוט מיין נשמה בייגקען.

נפשי, מיין זעלע גלוסט צו זיין אונטער דעם שוטץ פון דיין הייליגע שכינה, אום צו וויסען אלע געהיימע סודות פון דיין תורה.

מדי דברי, ווען איך טו ריידין וועגין דיין הערליכען כבוד ברומט (בייגקס) מיין הארץ צו דיין פריינדשאפט.

על כן, דרום וועל איך שפרעכין וועגין דיר גיעהרטע רייד, און דיין נאמען וועל איך עהרין מיט אפרייליך גיזאנג.

* * *

אספרה ערציילען דיין הערליכקייט בין איך ניט אימשטאנד, ווייל איך האב דיר ניט גיזעהן, פאר צו שטעלין דיר בדרך דמיון, חיים איך אויך ניט ווייל איך האב דיר ניט גוט ערקענט, דאך ערלויב איך מיר צוא ריידין וועגין דיין עהרע.

ביד ווייל דורך דיינע נביאים (פראפעטין) דורך דיינע טרייע דינער, וואס האבען זוכה גיוועזן צו רוח הקודש האסטו פארגישטעלט דעם הערליכען פראכט פון דיין שיינהייט.

גדולתך דיין גרויסקייט און דיין מאכט האבען זיי אנגירופען נאך די וויכטיגקייט פון דיינע מעשים, ווען דו פירסט זיך במדת

---

שערי ציון

ניט געקאנט ארויס גיין פון דעם איינזערנעם שלאם פון מצרים, אבער מיט אונז האט השי"ת געטאן נסים ונפלאות איבער די נאטור, און האט אונז ארויס געפירט אין חודש ניסן מיט גרויס שטאלץ פון קנעכטשאפט צו פרייהייט, און ווייל ראש חודש בענשין בכלל ווייזט דאך, אז מיר ווערין געפירט מיט די איבער נאטירליכע השגחה (ווי עס איז ערקלערט אין די ערשטע תחנה פון ראש חודש בענשין) דרום דוכען מיר אן ראש חודש בענשין מיט די תפלה (מי שעשה נסים לאבותינו).

אזי

הרחמים רופען זיי דיר מיט דעם נאמען „גדול", און ווען בכבדת הדין רופען זיי דיר מיטין טיטול „גבור".

דמוך זיי (די נביאים) האבען דיר פארגישטעלט, אבער דאך ניט ווי דו ביזט (ווייל דער מענש ביי זיין לעבין קען דיר נים בעגרייפען), זיי האבין דיר נור גיגליכען נאך דיינע מעשים.

המשילוך זיי האבען דיר פארגליכען אין פילע ערשיינונגען, אבער באמת ביזטו איינער אין די אלע פארשטעלונגען.

ויחזו זיי (די נביאים) האבין דיר גיזעהן אין גישטאלט פון אגרייז גראען מאן (ביין בארג סיני) און ווי איונגער העלד (ביין שפאלטען דעם ים פאר די ישראל).

וקנה אלטקייט האבין זיי גיזעהן בעת דו זיצט אויף דעם כסא המשפט (ריכט שטול) און יוגענד אין דעם טאג פון שלאכט, ווי איין קריגס העלד (איש מלחמה) איז דיינע הענד איהם מעכטיג (רעכענען זיך מיט די שונאי ישראל ווי מיט די מצרים ביין ים און דאס גלייכין).

חבש פערבונדין מיט איין זיעג (נצחון) הוט אויף זיין קאפ, עס האט איהם גיהאלפען זיין רעכטע האנד און זיין הייליגער ארם (דאס הייסט מיט אונזער תורה ומעשים טובים גיבין מיר איהם כוחה אב צו רעכענען זיך מיט אונזערע באליידיגער).

טללי מיט שטראלענדע טוי איז זיין קאפ פול, און זיינע האר־לאקען (איז פול) מיט די טראפען רעגין פון די נאכט א).

יתפאר ער רידהמט זיך מיט מיר, ווייל איך גיפעהל איהם, און ער וועט זיין צו מיר ישראל איין הערליכער און פארכטיגער קרוין.

כתם אקרוין פון ריינע גין גאלד איז דאס גישטאלט פון זיין קאפ, און עס איז גיצייכינט אויפ'ן שטערין (פון כהן גדול) די הערליכקייט פון זיין הייליגען נאמען (דער כהן גדול האט גיטראגין אויפ'ן שטערין אגאלדענעם צירונג (ציץ) ניקריצט אויף איהם די ווערטער קודש לה').

מעשה אלפס

א) אזוי ווי די זון שיין איז קלאר און ליכטיג, אבער ווען זי שיינט אריין אין א שטוב וואס די פענסטער איז פאר קאלכט זעט זי אוים דונקיל, אזוי איז די הימלישע השפעה, בעת זי גייט ארוים פון השי"ת איז זי ליכטיג, פול מיט רחמים, נור אז זי קומט צו דעם מענש'ן וואס זיין נפש איז פארשמירט מיט קאלך און שמוץ פון זינד זעט זי ביי איהם אוים פינסטער, דאס איז דער גידאנקען (ראשו) דער אנפאנג פון די השפעה, בעת זי גייט ארוים פון השי"ת איז זי ווי די שטראלענדע טוי פון פריה מארגין, (קווצותיו), אבער ווען זי קומט אראפ אויף די ברעגעס פון די האר (אויף דעם שלם השכל) ווערט זי ווי די טראפינס רעגין פון די פינסטערע נאכט,

לְהֵן צוּ חֵן, עֶהרֶע אוּנ הֶערְלִיכֶען פְּרַאכְט, הָאט אִים זַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל (בֶּעקְרוֹינְט מִיט דֶעם קְרוֹין פוּן זַייעֶר תְּפִלּוֹת וְתִשְׁבָּחוֹת).

מַחְלְפוֹת די צַייכֶען הָאר פוּן זַיין קָאפּ, זַיינֶען ווִי בַּיי אַיוּנְגֶען מַאן, זַיינֶע לָאקִין זַיינֶען גִיקְרוֹיזְט אוּנ שְׁוואַרְץ.

נְוֵה הַצֶּדֶק, די וְואהנוּנְג פוּן גִירֶעכְטִיגְקַייט, דִי הֶערְלִיכְקַייט פוּן זַיין פְּרַאכְט (דאס איז ירושלים עה"ק), זָאל זַיין דֶער ווִילֶען פוּן השי"ת, אַז עֶר זָאל זִי אוֹיפְבֶּרֵיינְגֶען צוּם אָנֶדֵיינְקוּנְג בַּיי דִי הוֹיפְּט. פוּן זַיין פְרֵיידֶע.

סְגוּלָּתוֹ זַיין גֶעלִיבְּטֶע פָאלְק (ישראל) זָאלִין זַיין ווִי אַצִירוּנְג אִין זַיין הַאנְד, ווִי אַקֶעניגְלִיכֶע קְרוֹין אִין אִיר הֶערְלִיכֶען פְּרַאכְט.

עֲמוּסִים זֵי זַיינֶען אוֹיף אִים אוֹיפְגֶעלָאדֶען אוּנ עֶר הָאט זֵיי גִיטְרָאגִין (פון מצרים), זַיין קְרוֹין (די תודה) הָאט עֶר זֵיי גֶעצִירְט, ווַייל זֵיי זַיינֶען טַייעֶר אִין זַיינֶע אוֹיגֶען הָאט עֶר זֵיי גֶעעֶהרְט (ארום געריננעלם מיט ענני כבוד אונ גישפייזט מיט מן פון הימל).

פְּאֵרוֹ זַיין הֶערְלִיכְקַייט אִיז אוֹיף מִיר אוּנ מַיין פֶערְהֶערְלִיכוּנְג אִיז אוֹיף אִים א), אוּנ עֶר אִיז נָאהֶענְט צוּ מִיר וֶוען אִיךְ רוּף צוּ אִים.

צַח מַיין פְרַיינְד (הקב"ה) אִיז הֶעל אוּנ רוֹיט, כִּלְוֹמַר, אֲפִילוּ וֶוען עֶר מִשְׁפָּט דִי ווֶעלְט אִיז עֶר מְצָרֵף דֶעם מִדַּת הָרַחֲמִים צוּם מִדַּת הַדִּין, אָבֶּער וֶוען עֶר ווֶעט טְרֶעטִין זַיין קֶעלְטֶער אִין אֱדוֹם, דָאס הֵייסְט עֶר ווֶעט זִיךְ רֶעכֶענֶען מִיט דִי שׂוֹנְאֵי יִשְׂרָאֵל, ווֶעט זַיין קְלֵייד זַיין נוּר רוֹיט (דורך אוים מדת הדין).

קָשַׁר דֶעם תְּפִלִּין בַּאנְד הָאט עֶר גֶעווִיזֶען צוּ דֶעם פְרוּמֶען (משה רבינו) בְּעֵת עֶר הָאט גֶעבֶּעטִין גָאט זָאל אִים ווַייזִין זַיין כָּבוֹד, הָאט משֶׁה אִין דֶעם פַארְשְׁטַאנֶען אַז (רוצה ה' כו').

רוֹצֶה אַז אִים (דעם בורא ב"ה) וָואהלְגֶעפֶעלֶען זַיין פָאלְק, דִי פְרוּמֶע צוּ בֶּעשׁוּינֶען, עֶר וַוארְט מְקַבֵּל צוּ זַיין דִי לוֹיב גֶיזַאנְג פוּן יִשְׂרָאֵל מִיט זֵיי צוּ רִיהמֶען זִיךְ (ווי אין די תפילין פון השי"ת שטיים ומי כעמך ישראל).

---

מעשה אלפס

א) תְּפִלִּין רוּפִין זִיךְ "פְּאֵר" דָאס הֵייסְט אִיךְ טְרָאג זַיינֶע תְּפִלִּין, ווָאס אִין זֵיי אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען זַיין רִיהמוּנְג, אַז עֶר אִיז דֶער גְרוֹיסֶער אֵיינְצִיגֶער, ווָאס הָאט אַלֵיין גֶעשְׁטְרוֹיעֶט דֶעם הֶערְלִיכֶען ווֶעלְט בַּאלֵאין מִיט אַלֶע הֶערְשַׁאפְט ווָאס אִין אִים נֶעפִינֶען זִיךְ אוּנ עֶר אִיז דִי נְשָׁמָה פוּן דֶער ווֶעלְט, ווָאס עֶר אִיז אִין זֵיי מַשְׁפִּיעַ חִיּוּת אַלֶע רֶגַע, אוּנ עֶר כִּבְיָכוֹל טְרָאגְט מַיינֶע תְּפִלִּין ווָאס אִין זֵיי אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען מַיין רִיהמוּנְג, אַז אִיךְ בִּין אֵיין אֵיינְצִיגֶע פָאלְק אוֹיף דֶער ווֶעלְט ווָאס לָאזְט זִיךְ בְּרֶענֶען אוּנ בְּרָאטִין ווֶענִין דִי הֵיילִיגוּנְג פוּן דֶער תּוֹרָה אוּנ דֶעם כָּבוֹד פוּן זַיין נָאמֶען.

אין

ראש אין אָנְפַאנְג פון דיין וָוארְט (דיין תורה) עֶרְשַׁיינְט דער „אֱמֶת״ אַרוֹיס צום עֶרְשְׁטִין, צוּ וַוייזִין אַז אִין יֶעדֶער צַייט בִּיזְט דוּ נָאהֶענְט צוּ דִי פָאלְק וָואס זוּכְט דִיר מִיט אֱמֶת ב).

שִׁית נֶעהם אוֹיף צוּ דִיר דִי הוֹיכֶע שְׁטִימֶע פוּן מַיינֶע לוֹיב לִידֶער אוּנ מַיין גֶעזַאנְג זָאל נָאהֶענְט קוּמֶען צוּ דִיר.

תְּהִלָּתִי מַיין לוֹיב זָאל זַיין אַקְרוֹין צוּ דַיין קָאפּ, אוּנ מַיין גֶיבֶּעט זָאל דַיין גְלַייךְ וִוי דִי קְטוֹרֶת (רויכווערק) וָואס דִי כֹּהֲנִים הָאבֶּען מַקְטִיר גִיוֶוען אִין דַיין הַיילִיגֶע הוֹיז (בית המקדש).

תִּיקַר עָם זָאל בַּיי דִיר טְהַייעֶר זַיין דִי לוֹיב גֶעזַאנְג פוּן מִיר אָרִימֶע פְּרוֹי, וִויא דִי לוֹיב־גֶעזַאנְג וָואס דִי לְוִיִּם הָאבִּין גִיזוּנְגֶען בַּיי דִי קָרְבָּנוֹת אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ.

בִּרְכָתִי מַיין לוֹיב זָאל אוֹיף גֶעהְן צוּ הקב״ה וָואס עֶר שְׁפַּייזְט דִי גַאנְצֶע וֶועלְט, אוּנ הֶעלְפְט דִי גֶעוִוינֶערִין בֶּעטְ זִי אִיז אוֹיפ׳ן בְּרָאךְ שְׁטוּל, עֶר מַאכְט זִי וַוייעֶן הָאבִּין אוּנ עֶר מַאכְט זִי גֶעוִוינֶען.

וּבְבִרְכָתִי אוּנ צוּ מַיין לוֹיב גִיזַאנְג נַייגֶע דַיין קָאפּ, צוּם צֵייכֶען אַז זִי אִיז דִיר וָואהל גִיפֶעלִין, אוּנ נֶעם אִיר אָן לְרָצוֹן וִוי דֶעם גוּטִין רֵיחַ פוּן דִי בְּשָׂמִים פוּן בֵּית הַמִּקְדָּשׁ.

יֶעֱרַב מַיינֶע רֵייד זָאל זַיין זִים פַאר דִיר, דֶען מַיין זֶעלֶע בֵּיינְקְט צוּ דִיר.

לְךָ בַּיי דִיר גָאט אִיז דִי גְרוֹיסְקַייט, דִי שְׁטַארְקַייט, דִי הֶערְלִיכְקַייט דִי עֶוִויגְקַייט אוּנ דֶער פְּרַאכְט, דֶען צוּ דִיר גִיהֶער אַלֶעס וָואס אִין הִימֶל אוּנ אוֹיף דֶער עֶרְד, בַּיי דִיר גָאט אִיז דִי הֶערְשַׁאפְט, דוּ בִּיזְט עֶרְהַאבֶּען, אִיבֶּער אַלֶעס בִּיזְט דוּ דָאס הוֹיפְּט, וֶוער אִיז אִים שְׁטַאנְד אוֹים דֶערְצֵיילֶען דַיינֶע גְבוּרוֹת, אוּנ וֶוער אִיז אִימְשְׁטַאנְד צוּ עֶרְקְלֶערֶען גָאר דַיין לוֹיב.

## תְּחִנָּה בְּנוֹת צִיּוֹן (נאך מוסף דעם שבת פון ר״ח בענטשין).

אַתְּחִנָּה (אַנִיבֶּעט) וָואס „שַׁבָּת הַמַּלְכָּה״ בֶּעט פוּן אִידִישֶׁע טֶעכְטֶער.

צְאֶינָה וּרְאֶינָה בְּנוֹת צִיּוֹן, אִיר טֶעכְטֶער פוּן צִיּוֹן, (צאינה) גֵייט אַוֶועלֶע אַרוֹיס פוּן וֶועלְט טוּמֶל, פוּן דִי אַבֶּעזַאנֶע שְׁקָאלֶע (נאך צו

---

מעשה אלפס

ב) אִין דִי דְרַיי עֶרְשְׁטֶע ווערְטֶער פוּן דֶער תּוֹרָה „בְּרֵאשִׁית בָּרָא אֱלֹהִים״ אִיז דִי לֶעצְטֶע אוֹתִיּוֹת אֱמֶת. אוּנ אִין דִי דְרַיי לֶעצְטֶע וֶוערְטֶער פוּן דֶער פַּרְשָׁה „בָּרָא אֱלֹהִים לַעֲשׂוֹת״ אִיז אוֹיךְ דִי לֶעצְטֶע אוֹתִיּוֹת אֱמֶת, זֶעה מַיין נַייעֶם צְאֶינָה וּרְאֶינָה „אוֹצַר הַתּוֹרָה״ אָנְפַאנְג בְּרֵאשִׁית.

פאן דעם לוקסוס און די מאדע וואס יענער טוט אן אשום איבערלייג)—. (וראינה) און בעטראכט אוויילע דעם אמת'ן וויכטיגען תכלית, (בנות ציון) טעכטער פון די מוטערס וואס זייערע מעשים טובים זיינען גיצייכינט אויף די וועלט היסטאריע מיט גאלדענע בוכשטאבען, — פון אייביג אן האט איר פרויען געוויזען אייער שטארקע ליבשאפט און ערע פורכט פאר גאט ב"ה, ניט אריבער טרעטין זיינע רייד, בעת דער שטן האט גימאכט אטומיל אז משה רבנו וועט מער ניט קומען צוריק און האט אידען אן גירעט "די ערסטע עברה" מאכען דעם עגל, זייט איר פרויען ניט איבער גירעט גיווארען און האט בשום אופן ניט גיגעבין אייערע גאלדענע צירונג צום עגל, דער פאר האט איר זוכה גיוועזן, אז "די ערסטע מצוה" וואס דער בורא האט גיגעבין דעם כלל ישראל, דאס איז קדוש החודש היילינען און בענטשין ראש חודש*), האט מען אייך נשים גישעצט און גיגעבין דעם ראש חודש פאר א יום טוב, אויך האט איר שטענדיג גיהאט גרוים ליבשאפט צו די מצות פון גאט ב"ה נאך מער ווי די מאנס לייט, אין דער צייט ווען דער בורא ב"ה האט געהייסען דורך משה רבנו אז אידען זאלען בויען אמשכן, די שכינה זאל דארטען רוהען, און געבין געטליכע ליכטיגקייט אין אידישע הערצער, האט איר די ערסטע אויסגיטאן אייערע צירונג מיט גרוים זריזות און ליבשאפט געבין דאס אנדבה צום משכן, און דער פאר האט איר זוכה גיוועזן אז מ'האט אייך גיגעבין די וויכטיגע מצוה פון אן צינדען מיינע ליכט (די ליכט פון שבת) צו געבין ליכטיגקייט אין אייערע נשמות און אין אייערע מאנען און קינדערס נשמות, היינט ווי אזוי קומט דאס אז אגרויסע טייל פון אייך זיינען יעצט נאכלעסיג גיווארען און אראב געפאלען פון אייער הויכע מדרגה צו זיין נידעריגער פון אייערע האכגישעצטע מוטערס, אז עס איז רעכט ביי פיל פרויען אז אייערע קינדער זאלען פאר לעשין די ליכט פון זייערע נשמות און פון אייערע, פאר אייך אין די אויגען מיט דעם וואס זיי טוען אזא פרעכהייט גענין יודינטהום און זיינען מחלל שבת בפרהסיא, זיי פוצין די קאמאשין אום שבת, זיי טראגין מיט זיך געלט און קויפין אום שבת און אנדערע חלילה

דריבערין

*) ווי רש"י הקדוש (אנהייב בראשית) ברייננט דעם מדרש "לא היה צריך להתחיל התורה אלא מהחודש הזה לכם. שהיא מצוה ראשונה שנצטוו בה (כלל) ישראל".

די קערין פאפיראסין אונ איר ווייסט אונ שווייגט, ווען איר זייט גילערינט דארפט איר פארשטיין, אז דעם גאנצין צעטיל פון ותתן לנו, וואס איר האט גיבעטין ביין רבש"ע (אין יהי רצון פון ר"ח בענטשין) קענט איר נור באקומען ווען איר מיט אייערע קינדער וועלין שבת ערליך האלטען 1) — אויך דארפט איר וויסען, אז מיט דעם וואס זיי צוררייסען דעם בונד פון השי"ת מיט כנסת ישראל (שבת איז „ברית עולם" איין עוויגער בונד פון השי"ת מיט אידען) ווערין זיי אב גערייסען פון „צרור החיים" (עוויגען לעבענס-בונד) אונ זיי זיינען שוין ניט אייערע קינדער, אז זיי זאלען ראטעווען אייערע נשמות נאך אייער אריכות ימים, ווי אידישע גוטע אונ פרומע קינדער ראטעווען די עלטערין פון זייער פינסטערין אונ טרויעריגען צושטאנד אין גיהנם אונ ברייגען זיי אריין אין די ליכטיגע פערגעניגענדע זאלען אונ פאלאצען פון גן עדן, אונ ווי אזוי קענט איר זיי רופען „קינדער" אונ זיי ליב האבען, אז זיי זיינען ווי נכרים (פרעמדע) וואס געהערען שוין ניט צו אייך א). אלזא מיינע טייערע טעכטער, נעמט דאס גוט אין אכט אונ זאגט מיט טרערין צו השי"ת, טייער פאטער פון הימל, עס איז גלוי וידוע פאר דיר, אז מיט מיין בעסטין ווילען וואלט איך וועלין טאן דיין רצון נור דער רעש פון דער וועלט פארטומעלט מיר, אלזא בעט איך דיין רחמנות דו זאלסט שטארקען מיינע געפיהלען איך זאל ניט פאר טויבט ווערין פון גרויסען וועלט טומל, אונ העלף מיר צו היטען דיינע מצות אונ איבערהויפט אויפצופאסין מיינע קינדער (זין אונ טעכטער) פון יוגינד אן, זיי זאלען היטען דיין תורה

---

מעשה אלפס

1) די קלוגע ווערטער פון די מלכה „שבת" וועלין מיר פארשטיין דורך א משל, ביי א גרויסען שר אנדיב לב (אגוטהערציגער) וועלכער האט פיל ארעמע פאמיליען אויס געהאלטען מיט אלעם גוטען, האט איינער (איינער) גיבעטען א ניפעלי גקייט, ער זאל אים געבין אזויכטיגע זאך במתנה. — יא יא (ענטפערט דער שר), איך וועל דיר געבען מיטען בעסטען פערגניגען, נור פריער וויל איך מאכין א חקירה ודרישה, אויב דו האלטסט בכבוד די טייערע מתנה וועלכע איך האב דיר ליינגער געגעבען, אויב דו שעצט מיינע מתנות איז מיר זייער אנגענעהם צו געבין דיר ווייטער, אונ אויב ניט, זאג דו אליין אויב דו ביסט ווערט מ'זאל דיר געבין א מתנה? — דאס גליכען האבען מיר דא געבעטען ביי השי"ת (וואס ער איז דער מקור הנדבים והנדיבות) א גאנצין צעטיל מיט מתנות (שתתן לנו חיים ארוכים

שערי ציון

א) אונ אנדערע פרויען, לא די וואס זיי שטערין ניט זייערע קינדער פון חלול שבת, פארוואשין זיי נאך דעם פלעק, כלומר, זיי פארענטפערין זיי, אז

און מכבד זיין דיין היילגען שבת, אים ניט מחלל זיין חלילה, עס זאל ניט פארשניטען ווערין זייערע יאהרען דורך די עברה פון כרת ר"ל, און גיב זיי אריינע הארץ צו שפירען דעם גישמאק און דעם גליק פון דיין תורה ומצות, דאן וועט השי"ת גווים צו הערען אייער גיבעט, און וועט אייך משפיע זיין גוטע גידאנקען און שכל ווי צו לערנען זיי די אידישע וועג מיט גוטע און פריינדליכע רייד, אום איר זאלט האבען פון זיי גרוים נחת אויף דער וועלט און גדולה וכבוד אויף די אמת'ה וועלט, אמן.

# אתחנה פאר הבדלה.

באשעפער פון דער וועלט. מיט דיין גרויסין חסד האסטו אונז גיגעבען דעם טייערין פריוועגט דעם שבת קודש, מיר דינען ניט אימשטאנד דיר צו דאנקען דער פאר, וייל דאס איז זייער אגרויסע מתנה און דרום איז אונז שווער צו שיידען זיך מיט דעם היילגען שבת, בעטין מיר דיר ערבארמיגער פאטער, אז בזכות וואס מיר האבין מכבד גיוועזען דעם שבת, זאל די קדושה פון שבת משפיע זיין אויף אונז מחשבות קדושות, אז מיר זאלען זיך האלטען היילג און ריין פון זינד, און בזכות השבת זאלסטו אונז געבען

---

שערי ציון

א יונגער מענש קען ניט גיין אין ניט קיין ריינעם קאמאש, אויף דעם זאגען די חז"ל. פיל פרויען שטארבין לא עלינו יונגע, פאר די זינד וואס זיי פארוואשין (צואת בניהם בשבת) זייערע קינדערשע פעלערין וואס זיי טוען אום שבת, אויב איר זייט מיט איין אמת א טרייע מוטער (טריי צו זיין גוף און אויך טריי צו זיין נשמה) זעט צו קויפען אים נאך אפאר קאמאשין און זייט אים מזהיר ער זאל פרייטאג פאר נאכט אב פוצין ביידע פאר ווען ער האבען אויף שבת ביי טאג איין אב גיפוצטין קאמאש אן חלול שבת.

מעשה אלפס

חיים של שלום, כו' כו') ענטפערט דער בורא ברוך הוא, מיינע ליבע קינדער, מיר איז זייער אנגינעהם צו געבין אייך פיל מתנות נאך מער פיל איר בעט, נור מ'דארף זעהען אויב איר האלט בכבוד די טייערע מתנה פון שבת (מתנה טובה יש לי בבית גנזי ושבת שמה) וועלכע איך האב אייך פון לאנג אן געגעבען. פון דעם איז צו לערנען, אז דער וואס האלט שבת בכבוד ער נעמט אים אן אין דער צייט, און היט אז דיינע קינדער זאלען אים ניט מחלל זיין, (השומר שבת הבן עם הבת) און פארברייננט אין אים אין היילינקייט, דר איז זוכה צו אלע מתנות והצלחות, ווי מיר זאגין אין לכה דודי (לקראת שבת לכו ונלכה כי היא מקור הברכה), הכלל דער היטען שבת ברייננט צו אלע מתנות וברכות, ווי די חכמי התלמוד שרייבען, עשירים שבשאר ארצות במה הן זוכין (לעשירות?) בשביל שמכבדין את השבת.

יתי

גיזונד און פַּרְנָסָה בְּכָבוֹד און נַחַת אויף אונזערע קִינְדֶער1) און מִיר זָאלֶען זוֹכֶה זַיין אָנְצוּנֶעמֶען מִיט הֵיילִיגְקֵייט דֶעם קוּמֶענְדִיגֶען שַׁבָּת און נָאכְהֶער לְיוֹם שֶׁכּוּלוֹ שַׁבָּת, און מִיר גֵייעֶן אַרוֹיס פוּן הֵיילִיגֶען שַׁבָּת מִיט דִי וֶוערְטֶער „בָּרוּךְ הַמַּבְדִּיל בֵּין קוֹדֶשׁ לְחוֹל" (גילויבט איז השי"ת וואס ער שיידעט אב פון הייליג ביז אונהייליג).

## אַתְחִנָּה נָאךְ הַבְדָּלָה (שבת צו נאכט).

רִבּוֹן כָּל הָעוֹלָמִים, הֶער פוּן אַלֶע וֶועלְטִין, הִימְלִישֶׁער פָּאטֶער וָואס דוּ בְּלִיקְסְט מִיט לִיבֶּע און גְנָאד אויף אַלֶע דַיינֶע בְּרוּאִים, וֶועלְכֶע דוּ הָאסְט אויף דַיין וֶועלְט בֶּעשַׁאפֶען, פַאְרְנֶעם דֶעם דַיינֶעם גִיבֶּעט פוּן דַיין דִינֶערִין וֶועלְכֶע קוּמְט פַאר דִיר אויף אַפּוּלֶע וָואךְ אויסְצוּגִיסִין אִיר פּוֹלֶע הַארְץ, דֶער לִיבֶּער שַׁבָּת קוֹדֶשׁ אִיז שׁוֹין אַוֶועק, מִיט אִים צוּזַאמֶען אִיז אוֹיךְ אַוֶועק אוּנְזֶער רוּהֶע, און אַ נַייֶע וָואךְ קוּמְט אוּנְז אַנְטְקֶעגִין, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, וֶוער נָאךְ וִוי דוּ ווייסְט, וָואס אַ נַייֶע וָואךְ הָאט פַאר אַ יוֹדִין צוּזָאגֶען, וֶוער נָאךְ וִוי דוּ הִימְלִישֶׁער פָּאטֶער ווייסְט דֶעם שְׁוֶוערִין לֶעבֶּן פוּן דַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל, זֵייעֶר בִּיטֶערִין גֶעמִיט, וִוי שְׁוֶוער און בִּיטֶער יֶעדֶער יוּד פַארְדִינְט זַיין בִּיסֶען בְּרוֹיט, מִיט וֶועלְכֶע זָארְג און עַגְמַת נֶפֶשׁ. מִיט וֶועלְכֶע שְׁרֶעק און מַאטֶערְנֶעם עֶר בְּרֵיינְגְט צוּזַאמֶען זַיין פִינְסְטֶערֶע הִיוּנָה, וֶוער נָאךְ פוּן אַלֶע פֶעלְקֶער אִין דֶער וֶועלְט, שְׁפִּירְט אַזוֹי דֶעם שְׁרֶעקְלִיכֶען רוֹשֶׁם פוּן אַ נַייֶע וָואךְ וִוי דַיינֶע אָרִימֶע קִינְדֶער, אַיין נַייֶע וָואךְ קוּמְט אוּנְז אַנְטְקֶעגִין, אַיין נַייֶע וָואךְ בְּרֵיינְגְט אוּנְז נַייֶע זָארְג, נַייֶע שְׁרֶעק, נַייֶע קוּמֶער, דָאס אֵיינְצִיגֶע וָואס אוּנְז אִיז גֶעבְּלִיבֶּען, אִיז נָאר דִי הָאפֶענוּנְג צוּ דִיר אַלֵיין, נוּר דִי אֵיינְצִיגֶע הָאפֶענוּנְג און גְלוֹיבֶּען אִין דִיר עֶרְבַּארִימְדִיגֶער פָּאטֶער הָאט אוּנְז גִיגֶעבִּין קְרֶעפְטִין בִּיז הַיינְט, אוּנְזֶערֶע צָרוֹת מִיט גִידוּלְד צוּ עֶרְטְרָאגֶען, לָכֵן יְהִי רָצוֹן מִלְּפָנֶיךָ, זָאל זַיין דֶערְוִוילֶען פַאר דִיר גְרוֹיסֶער אַלְמֶעכְטִיגֶער גָאט, אַז דִי נַייֶע וָואךְ וֶועלְכֶע קוּמְט אוּנְז אַנְטְקֶעגִין, זָאל זִיא זַיין מִיט מַזָל, מִיט פְרֵייד, און מִיט גְלִיק, מִיר זָאלֶען חָלִילָה נִיט טָאן אַזַאךְ וָואס קֶעגִין

מעשה אלפס

1) אִידִין זַיינֶען גֶעגְלִיכֶען צוּ אַיין גֶפֶן וִוי (אֶשְׁתְּךָ כְּגֶפֶן פּוֹרִיָּה), זָאל טַאקֶע הַשי"ת
דָוִד הַמֶּלֶךְ זָאגְט (גֶפֶן מִמִּצְרַיִם אַייךְ בֶּענְשִׁין מִיט דִי אוֹתִיּוֹת „גֶפֶן" נִיזוֹנָה,
תָּמִיד) און דִי אִידִישֶׁע פְרוֹי אִיז אוֹיךְ פַּרְנָסָה און נַחַת פוּן קִינְדֶער און פוּן
גֶעגְלִיכֶען צוּ אַ גֶפֶן וִוי דֶער מְשׁוֹרֵר זָאגְט כְּלַל יִשְׂרָאֵל.

דיין ווילען, מיר זאלען קיינעם ניט מקנא זיין אונ קיינער אונז ניט, אונ עפין אונז די טויערין פון ליבטיגקייט, טויערן פון אריכות ימים, טויערין פון פארשטאנד, מיר זאלען מיט דיינעם פערשטאנד מקיים זיין דיינע מצות, טויערין פון טרייסט, מיר זאלען גיטרייסט ווערין פון אלע טרויערקייט, טויערין פון פרנסה מיר זאלען גישפייזט ווערין פון דיין היילינע האנד, טויערן פון בשורות טובות ישועות ונחמות אויף כלל ישראל, אונ פון אונזערע קינדערלאך וואס זיינען גאנץ ווייט פון אונז, אונ אויך ביי מיר צו הויז זאל זיין אפרייליכע וואך, אמן.

## תחנה לתענית צבור.

גרויסער בשעפער! וועלכער דו קוקסט פון דיין הויכען שטול אין יעדע מענשליכע הארץ, אונ ווייסט די געהיימניסע פון יעדער זעלע, יעדע פערבארגענע מחשבה איז פון דיר ניט פערהוילען, דו ווייסט דאך מיין שווערען ביטערין געמיט, מיין בלוטיגע צו בראכענע הארץ מיט וועלכע איך קום יעצט אין דיזין פאסט טאג פאר דיר פאר, אונזער היילינער בית המקדש איז איבער אונזערע זינד חרב גיווארין, מיר האבען ניט מעהר קיין כהן, קיין קרבנות, קיין עבודה מכפר צו זיין אונזערע זינד, אונזערע קרבנות וועלכע מיר ברייננען פאר דיר, זיינען אונזערע צובראכענע הערצער אונ שווערע געמיטה, אונזערע נסכים איז נור אונזערע הייסע טרערין וועלכע מיר פערגיסען פאר דיר. נור דאמיט קענען מיר פארקומען פאר דיר אלמעכטיגער גאט צו בעטען פון דיר מחילה וסליחה אויף אונזערע זינדע. מיר ווייסען זייער גוט, דאס דו גאט רחום וחנון פערלאנגסט ניט די פייניגונג פון א מענטשין, ווי דער היילינער נביא ישעיה זאגט (הכזה יהיה צום אבחרהו יום ענות אדם נפשו), כלומר, הייסט דען דאס ביי מיר איין פאסט טאג וואס א מענטש זאל זיך נור פייניגען? וואס דען פערלאנגסט דו, מ'זאל טאן גוטעס אונ גענאד, זאט מאכען דעם הונגעריגען, אן קליידען דעם נאקעטין, מיט פילען דעם ליידענדין, נור דאס איז דיין היילינער וואונש, אונ ווי דוד המלך



אונזערע נביאים וועלכע זענען געוועזן אין די פריהערדיגע דורות האבין מתקן געוועזן דאס עס איז א מצוה צו פאסטין די טעג, וואס אונזערע עלטערן האבין אין זיי געליטען צרות דורך זייערע זינד, דורך דעם האבען זיי מתקן געוועזן ארבע תעניתים. צום גדליה, עשרה בטבת, שבעה עשר בתמוז, תשעה באב, אזוי

האט גיזאָגט (זִבְחֵי אֱלֹהִים רוּחַ נִשְׁבָּרָה) גאָטעס אָפּפער איז אַ צו בּראָכענער גייסט, אונ דער פאַסטין איז נור אום אונטערטעניג צו מאַכען דעם שטאָלצען גוף, דאַמיט מיר זאָלען קענען קומען פאַר דיר מיט אַריינע צו בּראָכענע האַרץ דיך צו בעטין מְחִילָה וּסְלִיחָה וְכַפָּרָה אויף אַלע אונזערע זינד.

ערבּאַרמיגער גאָט! הער צו דאָס געבעט פון דיין דינערין וועלכע איז גיקומען אין דיין הייליגע הויז אום גיסין איר פולעס הערץ צו זאַמען מיט דיינע בעטריבטע קינדער וועלכע שטייען פאַר דיר יעצט, באַרמהערציגער פאָטער, לערין אונז די וועגין פון דיינע גוטע מִדּוֹת, פון דיינע אונענדליכע רַחֲמָנוּת, וועה איז עלענד אונ פערלאָזען מיר שטייען אויף דער וועלט, צו וועמען זאָלין מיר שרייען אום הילפע, צו וועמען זאָלען מיר אונז קערין אונ ווענדין ווען ניט צו דיר הימלישער פאָטער, ווער נאָך ווי דו גרויסער גאָט ווייסט די געהיימע צָרוֹת, די פערבּאָרגענע וואונדין וועלכע מיר טראָגין טיף אין אונזערע צוריסענע הערצער, טרייסט ערבּאַרמיגער גאָט דיינע אֲבֵלֵי צִיּוֹן וִירוּשָׁלַיִם, דיינע פערפינסטערטע בעטריבטע קינדער, וועה באַרמהערציגער פאָטער דיינע אונגליקליכע פערביטערטע שעפסעלאך זיינען געבּאָך צו זייט אונ צו שפּרייט אין אַלע עקין וועלט, מיר האָבען אַלעס פערלאָרען, נור ניט דעם בִּטָחוֹן אין דיר, נור די האָפענונג אויף דיר שטאַרקער גאָט איז אונז געבליבען אין אַלע אונזערע לייד אונ צָרוֹת. עס איז שוין צייט אַז דו זאָלסט צו זאַמען קלייבען דיינע פערשטויסענע פון עק וועלט, ווי דו האָסט פערשפּראָכען אין דיין הייליגע תּוֹרָה (אִם יִהְיֶה נִדַּחֲךָ בִּקְצֵה הַשָּׁמַיִם מִשָּׁם יְקַבֶּצְךָ), כְּלוֹמַר, אויב דיינע פערשטויסענע וועלין זיין וואו די הימלין ענדיגין זיך, וועל איך זיי אויך צו זאַמען קלייבען, בריינג אונז אין די טויערין פון ירושלים (וְשָׁם נַעֲבָדְךָ בְּיִרְאָה כִּימֵי עוֹלָם) אונ דאָרטין וועלין מיר דיך דינען מיט פאָרכט ווי פאַר צייטין, דען דו ביסט אונזער פאָטער, דו ביסט אונזער ערלייזער, נור דו אַליין ווייסט אונז העלפין בִּמְהֵרָה בְיָמֵינוּ. אָמֵן.

---

מעשה אלפס

אַחַר תַּעֲנִית וועלכעס די יודין האָבין אויף ערוועקין די יודישע הערצער צו תְּשׁוּבָה זיך מְקַבֵּל גיוועזן בִּימֵי מָרְדְּכַי וְאֶסְתֵּר, ווי זאָלין חֲרָטָה האָבין אויף זייערע חַטָּאִים. דער ענין פון דעם תַּעֲנִית איז כְּדֵי צו ווי אונזערע חֲכָמִים שרייבין (אַגְרָא דְתַעֲנִיתָא צִדְקְתָא

## דער בעדייטונג פון די 4 יאהרצייטין (תעניתים).

אגרויסער תלמודיסט איז אריין צום גדליה אין א פאבריק, וואס דארטין האבין גיארבעט איינגע מענטשין תמימים, זיי וויסין אז זייערע עלטערין האבין גיפאסט צום גדליה אונ זיי זעהען אז אלע גוטע אונ פרומע יודין פאסטין, האבין זיי אויך געפאסט, אויך האבין דארטין גיארבעט פיל יונגע מענשין, וועלכע האבין מהדר גיוועזן צוא עסין היינט פריער ווי אלע טאג. עס איז דאך עפעס עשרת ימי תשובה בארפין ווייזין אז מען איז ניט קיין טרזש, אונ מען שרעקט זיך ניט פאר קיין זאך, די עלטערע מענטשין האט דאס פאר דראסין, רופט זיך איינער אב, דו ביסט אן עין הרע אגיזונטער בחור, וואס וואלט דיר חלילה גישאט אז דו זאלסט פאסטין ביז נאך צוועלפין אונ דאוינען מנחה נאכהער עסין, ווי איז מען דאס אזוי אוים געטאן פון נאט אונ פון לייטין, ביגסט אקערסט געקומען צו דער ארבייט האסטו זיך שוין גיהאפט צום עסין! — אויך אגישעפט — רופט זיך אב אצווייטער חכם — מיין פאטערס יאהרצייט פאסט איך ניט, דארף איך פאסטין צו גדליה בן אחיקם'ס יאהרצייט? — אנאנצע וועלט זאל פאסטין אז איין מענטש איז גישטארבין? (זאגט אצווייטער חכם) איך וועל ניט לייקענען אז גדליה בן אחיקם איז געוועזן אגרויסער מענטש, אבער דאך ניט גרעסער ווי משה רבנו, אונ ז' אדר צו משה רבנו'ס יאהרצייט פאסט מען אויך ניט.

וואו נעמט מען דא אגילערינטין מענטשין? וועלכער זאל זיי קענען ענטפערין, וואלט ער אונז גאר מחיה גיוועזן — רופט זיך אב איין אלטער פשוטער יוד, איך וועל אייך ערקלערען די זאך (ענטפערט דער תלמודיסט), נור פריער וועל איך אייך עפעס פרעגין, דאכט זיך אַיאהר צייט האט מען איין מאל א יאהר, אונ מיר מאכין נאך אונזער חורבן 4 יאהרצייטין: עשרה בטבת, שבעה עשר בתמוז, תשעה באב, אונ צום גדליה, איז אויב איר ווילט פערשטיין די זאך האלט זיך איין אגעשיכטע. אין א שטאט איז געוועזן אגרויסער מיליאנער, אגרויס גילערנטער מאן, ער האט גיפירט גרויסע גישעפטין וועלכע ארום זיי האבין גילעבט הונדערטער פאמיליען. ויהי היום איז דער גביר לא עלינו געפאלין צו בעט טויט קראנק, איז גיווארין אגרויסער יאמער ביי הייב אונ קינדער אונ אלע ארומיגע, ווייל

---

### מעשה אלפם

צדקתא), דער צעל פון פאסטין איז אוים זיי אין זינען האבין אז דאס-וואס זייערע צו בעסערין 'די מעשים אונ ערוועקין אין עלטערין זענען גישטראפט גיווארין איז הארצין רחמנות, גלויבין דעם הונגעריגען איבער זייערע פיל זינד, אונ ווי באלד מיר אונ דעם טיטבעדערפטיגען, אויך זאלין וועלין ניט תשובה טאן וועלין מיר חס ושלום

אן אים קען קיינער ניט פירין די געשעפטין וואס פון זיי לעבין הונדערטער פאמיליען, נור כל זמן ער איז געוועזן ביין גידאנקען האט דער אופראוולאיוסקע גיפרענט יעדער זאך און ער האט גיענטפערט, אזוי האט זיך געצויגען פיל וואכין, אם ענדע האט זיך די קראנקייט גישטארקט און אין דעם לעצטין קאנסולאם האבין איהם די פראפעסארין ענטזאגט פון לעבין, דא איז גיווארין פון דאס ניי אגרויסער יאמער, עס איז ווייטער אוועק אזוי. איינינע טעג מען האט גיהאפט כל זמן אגליד שלאנט, איז נאך ניט פארלארין, אזוי ווי דאקטוירים קענען ניט צו זאגין לעבין, אזוי איז ניט געדרונגען אז זיי זאגין אב דעם לעבין, און מען האט זיך גיטרייסט מיט האפענונג. אין איינינע טעג ארום האט דער פאטער פון הונדערטער פאמיליען צו געמאכט די אויגין, מיר קאנען זיך פארשטעלין וואס פאר אשרעקליכען יאמער עס איז גיווארין אין גאנץ שטאט, אלע האבין זיך פשוט גישלאגען קאפ אן וואנד פון גרוים צער, די גישעפטין האבין זיך גישטעלט, אסך פאמיליען זיינען צו פארין אין דער וועלט זובין ברויט.

ויהי היום איז גיקומען א פריינד פון די יתומים, זייער א קלוגער און א ארענטליכער מאן, האבין די פיהרער פון שטאט אים געמאכט פיר איין אפוטרפוס איבער די יתומים און איבער די גישעפטין, דער מאן וואר זייער צראיעלער און אקאפ מענש, ער האט זיך אריין געליינט גוט אין גישעפט און די גישעפטין האבין אן געהויבען צו גיין, הגם עס איז ניט ווי דער פאטער, אבער דאך עטוואס. עס איז אזוי אוועק איינינע מאנאטין. און אלע זיינען גיווארין צו גיבונדין צו אים, ווייל ער וואהר זייער א פריינדליכער מענש, מען האט גיהאפט אז ער וועט זיין א ממלא מקומו דעם פאטער, און אין פערלויף פון איינינע יאהר וועלין זיך אונטער האדעווען די קינדער און צריין אין געשעפט, קען מיט דער צייט דער גישעפט אוועק אין א גרויסין פארמאט, אז עס וועלין צוריק קענען לעבין ביי אים הונדערטער פאמיליען און די גרויסע וואונד וועט פארהיילט ווערין. פלוצלונג איז געקומען א פינסטערער וואלקין און האט פארלאשין אלעמעס שיין, עס זיינען בעפאלין א באנדע מערדער און ערמארדעט דעם עפיקון פון די יתומים און צו ראבירט די קאסע, דא איז געווארין אהל פון אלעם. די יתומים און די הונדערטער פאמיליען זיינען געבליבען אן ברויט, און זיינען געעבעך צו שפרייט געווארין אין דער גרויסער וועלט, אין אפריקא,



ושלום אויך געשטראפט ווערען, אבער נוטין, איבער דעם דארף יעדער מענטש אז זיי וועלין דאס בערעבענען וועלען זעהן ניט אב צו קומן נור מיט דעם תענית, זייערע הערצער פארקערט ווערען צום נאר אויך אין דעם טאג פון דעם תענית,

אין ארגענטינא. פיל זיינען צו שטארבין אין מדבריות, פיל זיינען צו שטארבין פון הונגער, פיל זיינען געפאנגען געווארין פון די רויבער באנדעס צום פערקויף פיר עווינע שקלאפין, אז עס איז פון די יתומים און אלמנות געבליבען קוים א צעהנטע טהייל און אויך אין דלות און שפלות, היינט קענען מיר זיך פארשטעלין וואס פאר א טרויער יעדער קינד מאכט צום יאהר צייט, אז ער דערמאנט זיך ווי גליקליך ער איז געוועזען בעת דער פאטער האט געלעבט, און ווי אונגליקליך און שפל ער איז יעצט. זיי האבין זיך ניט באגוגנט מיט דעם גלאווען יאהר צייט אליין, כלומר מיט דעם טאג וואס דער פאטער איז נסתלק געווארין, נאר אויך דעם טאג וואס זייער אונגליק האט זיך אנגעהויבען, היינו דעם טאג וואס דער פאטער האט זיך געלייגט צו בעט. און אויך אין דעם טאג וואס די פראפעסארין האבין איהם ענטזאגט פון לעבין, און ווער רעט אין דעם טאג וואס מען האט ערמארדעט זייער עפיקון, וואס דאן איז פארלאשין געווארין זייער לעצטער שיין.

היינט פאר שטייט איר שוין ליבע קינדער וואס אונזערע 4 יאהר צייטין בעדייטין? דער ערשטער איז עשרה בטבת (בו סמך מלך בבל על ירושלים) דער מלך בבל האט באלעגערט אונזער רעזידענץ שטאט ירושלים, ד. ה. אונזער גליק האט זיך געלייגט צו בעט, וואס מיר זיינען אמאל אזוי גליקליך געוועזען, געהאט א לאנד מיט א קייזערטהום און געשפילט א ראליע אויף דער וועלט, מיט א זא נאמען און מיט א זא פאצאט, אז די גאנצע וועלט האט באוואונדערט די חכמה פון אונזערע מלכים, און די גליקליכקייט פון אונזער לאנד, און די ערהאבענהייט פון אונזער בית המקדש, אלע האבין געזעהן אז דער מלך מלכי המלכים רוהט ביי אונז, און עס פלעגין קומען די גרעסטע מענשין פון אלע נאראדין מתפלל זיין אין אונזער בית המקדש, און מען האט אויף אונז געקוקט מיט גרויס ערען-פורכט, וויל מען האט געזעהן אז גאטעס הערליכקייט שיינט אויף אונז, האבען אונזערע בייזע מעשים מיט געבראכט, אז אונזער ערדע אונד גליק האט זיך געלייגט גיפעהרליך צו בעט, ד. ה. אז דער מלך בבל האט זיך ערלויבט און באלאגערט אונזער קרעפאסט ירושלים, וואס קיין קעניגרייך האט זיך ניט געלויבט אז מ'וועט קענען איין-נעמען אזא קרעפאסט (לא האמינו כל מלכי ארץ כי יבא צר ואויב בשערי ירושלים), נאכהער דער צווייטער יאהר צייט (שבעה עשר בתמוז), דעם טאג וואס נבוכדנצר האט גינומען

מעשה אלפס

זיך אליין אב געבין דין וחשבון פון אלע זיינע מעשים, חוקר ודורש צו זיין אויב ער האט עפעס געטאן א עבירה, ער זאל אויף איר תשובה טאהן וועט איהם השם יתברך געווים אלין מוחל זיין, און ער וועט זוכה זיין פרייען זיך בנחמות ציון, אמן:

מיט

דעם קרעפּאכּט, ד. ה. שוין אב געזאגט דעם לעבין אונזער ערדע אינ גליק, נאכהער־דעם גלאוונער יאהר צייט (תשעה באב) וואס ער האט פארברענט דעם בית המקדש אונ טויזענדער מענשין צו הארגעט אונ אסך גרויסע מענער פון אידין גענומען אין פלען, ד. ה. אידעשע ערדע אונ גליק האט שוין צוגעמאכט מיט די אויגען, מען קען פארשטיין ווי פינכטער עס איז דאן אידין גיוועין.

אין דיזע־פינסטערע נאכט האט נאך גישיינט איין שטערין, ווייל נבוכדנצר האט ניט געוואלט חרוב מאכין די לאנד, ער האט נור געוואלט אז ידען זאלין זיין אונטערטאן אונטער איהם, דרום האט ער נור די גרויסע לייט גענומען אין פלען, אבער דעם איינפאכען נארד האט ער איבער געלאזט אונ אויפגינומען איבער זיי פון זייערע איינענע ברידער, אפירשט אוויכטיגען מאן גדליה בן אחיקם, ד. ה. ווי איין עפיקון, איבער די יתומים, אונ מיט דער צייט וואלטין ידין גיקומען צו זיך, פיל פלעניקעס וואלטין זיך אום קערין, די אלע פארברענטע פלעצער וואלטין זיך אב בויען, אונ אין אפערלויף פון יאהרען ווען דער טיראן (נבוכדנצר) איז גישטארבין וואלט גיוועין אמאנעפעסט אז אלע פלעניקעס זאלין זיך צוריק ציהען אין זייער לאנד, אונ מיט דער צייט וואלט מען דעם בית המקדש אויך אב בויען, וואלטין אידין צוריק גיקומען צו זייער גדולה אונ ערע, אבער יעצט אז די רשעים האבין גיהרגעט דעם צדיק גדליה בן אחיקם, איז געווארין אתל פון די גאנצע פאלק, פיל זיינען צולאפין אין מצרים אונ געהרגעט גיווארין אין וועג, אונ פיל אין אפריקא אונ אין קיטאי אונ וואו די וועלט האט איין עק, אסך זיינען צושטארבין אין וועג פון חיות רעות אונ הונגער, אונ די לאנד איז גיווארין פארוויסטעט, אז העכער 50 יאהר איז קיין לעבעדיגעס וועזען ניט דורך גיגאנגען אין איהר, איז דר וואס האט נור מארך אין מוח אונ נאציאנאליטעט־גיפיל דארף דעם טאג ניט אזוי נור פאסטין, ער דארף זיצין אויף דער ערד אונ וויינען אויף דעם חורבן פון דאס פאלק, וואס פון איהר איז געווארין, אז עס איז פארצוינין גיווארין אויף איהר לויטערין הימעל אזא דיקער וואלקען (איכה יעיב באפו ה' את בת ציון) אונ עס איז גיפאלין פון הימל צו דער ערד שטיקער! שטיקער! מיינט איהר פיליכט שטיקער האגיל וואס האט צו זעצט מוחות? דאס וואלט נאך אפשר ניט זיין אזא אונגליק, נור עס איז גיפאלין שטיקער פון אידישער גלאנץ (השליך משמים ארץ „תפארת ישראל”), אונ די פאלק איז גיווארין הויך ווי די ערד אונ שפל. אז יעדער ציגיינער אונ טויגעניכטס ערלויבט זיך צו זאגין „זיד פארהאטי”, פון יעדער עלילה (בלבול) וואס איז ניט גישטוינין

וואו (השלמה) און

אונ ניט ניפלויגן, איז רעכט אין מאנכע ערטער עס זאל זיך ניסן אידישע בלוט טייכען חיים, איז דער טאג פון הריגת גדליה בן אחיקם כמעט גרעסער ווי דער חורבן בית המקדש (קשה סלוקן של צדיקים לפני הקב״ה יותר מחורבן בית המקדש), איז שוין גאר אדמיון ידער יאהר צייט. פון גדליה בן אחיקם צו דעם יאהר צייט פון משה רבנו? משה רבנו האט אוים גילעבט זיינע יאהרען אונ גילאזין די פאלק אויף א שטאנד, אונ דא האט מען ערמארדעט איהם. ט די גאנצע פאלק צו זאמען, היינט ווי אזוי ערלויבט מען זיך צו לאבין פון דעם וואס פאסט 1) אונ טרויערט דעם טאג? ערקוויקט זאלט איר ווערין מיט אלעם גוטין ליבער פריינד, ווי איהר האט ערקוויקט אונזער הארץ – האבען זיך די עלטערע מענשין אוים גירופין – מיר זיינען פראסטע מענשין, מיר קענען ניט האבען קיין וויכוחים מיט די היינטיגע וואס מאכין זיך פיר חכמים.

# תחנה לתענית אסתר.

אתה האל עושה פלאות, דו ביסט דער גאט וואס טוט וואונדער מיט אונז בכל רגע ורגע, נור דורך דעם וואס מיר זיינען ניט גוט אונ פרום שפירען מיר ניט די נסים נסתרים (די פארבארגענע נסים) וואס דו טוסט מיט אונז, דאס דער נס ווערט פארדעקט אונ פאר הוילען מיט אדרך הטבע גלייך ווי עס איז מיט די נאמור גיבראכט, דען בימי מרדכי ואסתר זיינען דאך די נסים גיוועזען גאר גרויס, פון דעסט וועגען ווייל די אידען זיינען דענסטמאל ניט ווערט גיוועזען, זיינען די נסים גיגאנגען פערבארגען, דאס ושתי זאל זיך פארזינדיגען ביי דעם מלך אחשורוש אונ אסתר המלכה זאל ביי אים נושא חן זיין, דאס דורך איהר האבען דיא שונאים געהאט אמפלה, אזוי וויא די

מעשה אלפס

1) חען איינער דארף עסין אין א תענית צבור (במצות הרופא), דארף ער עסין בצנעה, קיינער זאל ניט זעהעז, עס זאל ניט אוים נייזין פארין אוינ אז ער איז זיך פורש מן הצבור, דאס הייסט אז ער איז איין אב גערעכענע גליד פון פאלק׳ס קערפער אונ שפירט ניט אין איר לייד אונ פרייד, אויך דארף ער ניט עסין ווי אלע טאג, נור צו פערטרייבען דעם הונגער, אונ ניט גאנץ פריה ווי אלע טאג, ניט ווי מען זעהט לידער גיזונטע מענשין עסין עפיל אין מיטן נאס אין אתענית צבור, פונקט ווי זיי זיינען גאר קיין מחותנים ניט מיט אידין, אה! ווי אונפארשעמט דאס איז! וואס פיר איין שילט זיי שטעלין ארוים אז דאז וואונט אנראבער יונג, וואס האט קיין מענשין געפיהל ניט. אז איר האט ניט בכח צו ערטראגען דעם צער פון פאסטין א האלבען טאג, היינט ווי שפירט איר ניט די הארץ פון אייערע אונגליקליכע ברידער וואס זיינען נעבעך גילעגין אין די נאסין גישוואלין פון הונגער?

אין

גמרא הקדושה זאגט ארמז פון די תורה אויף דעם נס פון אסתר, די תורה זאגט ווען די אידען וועלען חלילה זיין זינדיג פון דעסט וועגען (ואנכי הסתר אסתיר) וועל איך זיי בעווייזען נסים בהסתר, דען דער אייבערשטער האט גיגעבן זיין הבטחה, דאס די שונאים זאלען חלילה ניט קענען פארלענדין די אידען; מיר פאסטען היינט אזוי ווי אונזערע עלטערין האבען גיפאסט בימי המן הרשע 1), דאס דר בורא ב"ה זאל זיך שוין מרחם זיין איבער אונז, מיר זאלען זוכה זיין צו זעהען די נסים בפרהסיא ווי אין דער צייט פון יציאת מצרים, אמן.

## תחנה לשבעה עשר בתמוז.

רבונו של עולם, (אמרר בבכי) איך טוא זיך ביטערין מיט געוויין אויף די הייליגע שטאט ירושלים, וואס אין היינטיגען טאג איז איר מויער גישפאלטען גיווארען, דער שונא האט איר חרוב גימאכט, 6) די הייליגע תורה איז אויך אין דעם טאג פארברענט גיווארין. הייליגער באשעפר! האב חס אויף דיין הייליגען נאמען, וואס ווערט מחולל ביי די געטצען דינער, נעם אנקמה אן די שונאים, דאס אלע זאלען זעהן דיין הילף מיט דאס גרויסקייט פון די ישראל צו ליב דיין גרויסען נאמען, אמן סלה.

## תחנה לתשעה באב.

דיא תחנה זאגט מען אום תשעה באב ביא
נאכט, אונ אויך אין דער פריא מיט גרוים גיוויין:

אל מלא רחמים, גאט וואס דו ביסט פול מיט דער בארימקייט, אונ ביסט דער ריכטער פון דער וועלט, אלע דיינע געריכט זענין מיט ווארהייט, היינטיגען טאג האבען אונזערע עלטערין אין דער מדבר (וואס דו האסט זיי אוים געצויגען פון מצרים), דער ווידער גיזינדיגט קעגן דיר אונ האבען ניט גיוואלט אן נעמען דאס גוטס וואס דו האסט גיטאן אונ האסט צו געזאגט צו אונזערע הייליגע עלטערין, אברהם יצחק ויעקב, אונ האבן גישענדעט די הייליגע לאנד, וואס

## מעשה אלפס

1) אין די טעג פון מרדכי ואסתר אין די צייט פון גם פורים איז געווארען דער באפעהל פון קעניג אחשורוש דאס די יודין זאלן זיך איינזאמלן אין זייערע שטעט דעם דרייצעהנטן טאג אין אדר. זיך נוקם צו זיין אן זייערע פיינד וועלכע זענען געוועזן זעהר פיל דאס זיי האבן געדארפט דר צו האבען גרויס רחמים פון השם יתברך שר זאל

דיין שכינה האט גירוהט אין איר, אונ האבען אלע צייט גירעט אויף דיינע ווארהאפטיגע קנעכט משה אונ אהרן, אונ היינטיגע נאכט האבין זיי גיוויינט אונ האבען פאר גאסען פיל טרערין אומזיסט. פאר דעם גיוויין וואס זיי האבען אומזיסט גיוויינט, זיי האבען מתרעם גיוועזן אויף דיר הייליגער גאט, האסטו באצאלט צו זייערע קינדער דאס אין דעם טאג זיינען פאר וויסט אונ פאר שטערט גיווארען דער ערשטער אונ דער אנדערער בית המקדש, וואס דורך דעם איז אוועק גינומען גיווארען פון אונז אונזער שיינקייט אונ די קרוין פון אונזער קאפ. מיר קענען שוין ניט ברייגען קיין קרבנות אויף דיין הייליגען מזבח, מיר קענען ניט אויף גיין דריי מאל אין יאר צו זעהן די שיין פון דיין הייליגע שכינה, צו דער פרייען אונזער זעלע מיט די הייליגקייט וואס די שכינה האט גירוהט צווישען די כרובים. וויי איז צו אונז אונ וויי צו אונזער נפש, דען אין היינטיגען טאג איז פארברענט גיווארען אונזער הייליגער בית המקדש דורך איין פייער פון הימעל, אויך די גרויסע שטאט ביתר וואס אין איהר איז גיוועזן דאפעלט ווי יוצאי מצרים איז חרוב גווארן אין דעם טאג, אויך שפניא האט חרוב געמאכט די יהודים (בשנת רנ״ב), איז אלץ גוועזן אום תשעה באב. איבער די גרויסע עברות פון די אידען וואס זיי האבען ווידער גיוועזין אקעגן דיר. אונ זיינען גיגאנגען אין בייזען וועג צו דערצערנען דיך אלמעכטיגער גאט, דרום האסטו צושטערט זייער קעניגרייך, אונ אלע זייער גלוסטיגקייט האסטו צו בראכען, אונ האסט זיי גיגעבין אין דיא האנד פון זייערע שונאים, אונ זייערע ווייבער אונ זייערע קינדער וואס זיינען זייער אדעל ערצויגען גיווארין זיינען גיפאנגען גיווארין, אונ האבען גימוזט ארבייטין זייער שווערע ארבייט אונ טראגען גרויסע מיל שטיינער אויף זייערע העלזער, אונ העלצער אן גיבונדין אויף זייערע פים, צו מאכען זיי שוואך, אונ האבען געליטען גרוים הונגער אונ דארשט, אונ אויף אזעלכע גרויסע ביטערע צושטערונג האבין אלע פעלקער גיקלאפט מיט די הענד

---

מעשה אלפס

זאל זיי העלפען אין די מלחמה מיט זייערע פיינד, אונ מיר געפינען דאס ווען די ישראל האבען גיפירט מלחמה האבען זיי ערט תענית גשעווען דאס השם יתברך זאל זיי העלפען, אויך משה רבנו עליו השלום אין דעם טאג ווען ער האט מלחמה געהאלטען מיט עמלק האט ער גיפאסט פערשפרעכען פון דעם דאס די יודען

אוּנ הָאבֶּען זִיךְ פַאר וואוּנְדֶערְט, אוּנ הָאבֶּען גִיזָאגְט דָאס אִיז דִי שְׁטָאט יְרוּשָׁלַיִם? וָואס זִי אִיז גִיוֶועֶן דִי קְרוֹין פוּן אַלֶע שְׁטֶעט אוּנ פוּן אַלֶע לֶענְדֶער, וָואס זִי הָאט גִיוֶועלְטִיגְט אִיבֶּער אַלֶע לֶענְדֶער, אוּנ יֶעצְט אִיז זִי פַאר ווִיסְט דוּרְךְ אִירֶע פַיינְד גָאר אָן דֶער בַּארִימְקַייט, אוּנ זֵיי פְרֵייעֶן זִיךְ אוֹיף אִיר בְּרָאךְ אוּנ לֶעסְטֶערִין זִי מִיט שֶׁענְדְלִיכֶע רֵייד, לִיבֶּער גָאט! קֶער אוּנְז שׁוֹין צוּרִיק אִין יְרוּשָׁלַיִם, אָמֵן סֶלָה.

אֵלֶה מֻזְבָּחוֹת זָכוֹר, פִיל אִידִישֶׁע בְּלוּט זַיינֶען פֶערְגָאסֶען גִיוָוארֶען דוּרְךְ אוּנְזֶערֶע בְּלוּט שׂוֹנְאִים, דִי דָאזִיגֶע מֻזְבָּחוֹת פוּן דִי הֲרוּגֵי יִשְׂרָאֵל, דֶער מָאן דֶער בַּארֶעמִיגֶער גָאט, אוּנ הֶעלְף אוּנְז, זַאמֶעל אוּנְז אַיין פוּן אַלֶע פִיר עֶנְדִין וֶועלְט, אוּנ בּוֹיעֶ אוֹיף ווִידֶער מִיט פַייעֶר דַיין שְׁטָאט יְרוּשָׁלַיִם, טְרֵייסְט אוּנְז פוּן אוּנְזֶער טְרוֹיעֶרִקַייט, שִׁיק אוּנְז מָשִׁיחַ צִדְקֵנוּ עֶר זָאל אוּנְז אוֹיף בְּרֶענְגֶען קַיין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, מִיר זָאלֶען הַיינְט אִין דֶעם טָאג פְרֵיילִיךְ זַיין, צוּ לוֹיבֶּען דַיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען, אוּנ צוּ דֶער צֵיילֶען דַיינֶע ווּאוּנְדֶער, אַזוֹי ווִי דוּ הָאסְט עֶרְלֵייזְט דַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל פוּן מִצְרַיִם, אוּנ עֶס זָאל שׁוֹין מְקוּיָם וֶוערִין וָואס דֶער נָבִיא הָאט גִיזָאגְט, אַז דֶער חוֹדֶשׁ אָב וֶועט פַאר קֶערְט וֶוערִין צוּ פִיל פְרֵייד, אוּנ נִיט צוּ גִיוֵויין אוּנ קְלָאגֶען, דָאס זָאל גִישֶׁעהֶן בַּאלְד אִין אוּנְזֶערֶע טֶעג, אָמֵן וְאָמֵן.

## תְּחִנָה נֶחָמַת צִיוֹן (אויף שבת נחמו).

אָנָא אִיךְ בֶּעט דִיר אֱלֹהֵי הַנֶּחָמוֹת, גָאט וָואס דוּ טְרֵייסְט יֶעדֶער אָבֵל, זָאלְסְטוּ טְרֵייסְטֶען מִיר מִיט מַיין גַאנְץ הוֹיז גֶעזִינְד, מִיט כָּל יִשְׂרָאֵל דָאס עֶס זָאל וֶוערִין פוּן אוּנְז אָב גִיטָאן אַלֶע צָרוֹת, מִיט אַלֶע גְּזֵירוֹת רָעוֹת, זָאלְסְט צוּ אוּנְז שִׁיקֶען דִי דָאפֶּעלְטֶע נֶחָמָה דָאס מִיר זָאלֶען דָאפֶּעלְט גִיטְרֵייסְט וֶוערִין, אַזוֹי ווִי דֶער נָבִיא יְשַׁעְיָה זָאגְט נַחֲמוּ נַחֲמוּ יֹאמַר אֱלֹהֵיכֶם, אוּנ פַאר אַלֶע צָרוֹת מִיט אַלֶע יְסוּרִים

---

מעשה אלפס

הָאבֶּען גֶעווִיס גֶעפַאסְט דֶעם דְרַייצֶענְטֶען טָאג אִין אֲדָר, אִיבֶּער דֶעם הָאבֶּען אַלֶע יוּדֶען אוֹיף זִיךְ מְקַבֵּל גֶעוֶוען דֶעם דְרַייצֶענְטֶען טָאג אִין אֲדָר פַאר אַתַּעֲנִית צִבּוּר, נָאר עֶר אִיז נִיט אַזוֹי הַארְב ווִי דִי פִיר גֶעבָּאטֶענֶע תַּעֲנִיתִים, דֶער עִיקָר דַארְף מֶען אִין דֶעם תַּעֲנִית אִין זִינְגֶען הָאבִּין דָאס דֶער אִיבֶּערְשְׁטֶער וֶועט אוּנ הֶערְט צוּ דִי יוּדִינְס גֶעבֶּעט, דָאס אוֹיבּ מִיר וֶועלֶען תְּשׁוּבָה טָאהן מִיט דֶעם גַאנְצֶען הַארְץ אַזוֹי וֶועט אוּנְז דֶער אִיבֶּערְשְׁטֶער בֶּעוַוייזִין נַאיֶע נִסִּים דָאס מִיר וֶועלֶען גֶעהָאלְפִין וֶוערֶען פוּן אַלֶע צָרוֹת, אוּנ הֶערִין יְשׁוּעוֹת ואו וְנֶחָמוֹת אָמֵן.

מיט אַלע פֿערשיידענע עַגמת נֶפש רַחֲמָנָא לִיצלַן זָאלסטו אונז בֶּעגִיטִיגֶען מִיט פִיל טובות יְשועות וְנֶחָמות דָאס מִיר זָאלֶען פַארגֶעסין אַן אונזֶערֶע עֶרשְטֶע צָרות, אונ מִיר זָאלֶען שוין אויפגֶעריכט וֶוערין מִיט דִי גְאולָה שְׁלֵמָה דורךְ מָשִׁיחַ בֶּן דָוִד, בִּמְהֵרָה בְיָמֵינוּ, אָמֵן׃

## תְּחִנָה מָצָא טוֹב (מתפלל צו זיין חמשה עשר באב).

רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם דַיין הֵיילִיגֶער דָוִד (מלך ישראל) הָאט גִיזָאגְט "עַל זֹאת יִתְפַּלֵּל כָּל חָסִיד אֵלֶיךָ לְעֵת מְצֹא" יֶעדֶער פְרומֶער מֶענְש זָאל בֶּעטִין, אַז דֶער בּוֹרֵא זָאל אִים (אדער זיינע קינדער) צו שִׁיקֶען דֶעם בַּאשֶׁערְטִין זִיווּג (מצא אשה מצא טוב) אונ אַזוֹ וִוי "חֲמִשָּׁה עָשָׂר בְּאָב" אִיז פַארְצַייטֶען גִיוֶוען בַּיי אִידֶען זֵייעֶר אַפְרֵייליכֶער טָאג, אִין אִים הָאט מֶען גִישְׁלָאגֶען פַארְטַייעֶן, צוּם אַנְדֵיינְקוּנְג אַז אִין דֶעם טָאג אִיז פְרַיי גִיוָוארֶען דִי וֶועג, אִידֶען זָאלֶען קֶענֶען עוֹלֶה לְרֶגֶל זַיין, וָואס צֶענְדְלִיגֶע יָאהְרִין, פוּן יָרָבְעָם בֶּן נְבָט אָן, הָאבֶען דִי מַלְכֵי יִשְׂרָאֵל גִישְׁטֶעלְט שְׁטְרַאזִין אוֹיפִין וֶועג, נִיט צוּ לָאזִין עוֹלֶה לְרֶגֶל זַיין, אוּנ הוֹשֵׁעַ (דער זון פון קעניג אלה) הָאט אִין דֶעם טָאג אַרָאבּ גִינוּמֶען דִי שְׁטְרַאזִין אוּנ אִידֶען הָאבֶען מִיט גְרוֹיס בֶּיינְקוּנְג אוּנ לִיבְּשַׁאפְט אָן גִיהֵייבֶען גֵיין צוּרִיק קַיין יְרוּשָׁלַיִם אוּנ דָארְטֶען הָאבִּין זֵיי גִיזֶעהְן וִוי דִי גָאלְדֶענֶע כְּרוּבִים (אין גישטאלט פון קליינע קינדער) וָואס אִין קָדְשֵׁי קָדָשִׁים אוֹיפִין אָרוֹן הַקּוֹדֶשׁ הָאבֶען זִיךְ אַרוּם גִינוּמֶען אֵיינֶע דִי אַנְדֶערֶע וִוי צְוֵויי גֶעלִיבְּטֶע (צוּ ווייזען ווי וויט די ליבשאפט פון השי"ת איז צו זיין פאלק ישראל), אִיז צוּם אַנְדֵיינְקוּנְג הָאט מֶען בֶּעשְׁטִימְט דֶעם טָאג צוּ שְׁלִיסֶען פַארְטַייעֶן. בֶּעט אִיךְ דִיר לִיבֶּער פָאטֶער, אַז דוּ זָאלְסְט מִיר אוֹיךְ הֶעלְפִין אוּנ צוּ שִׁיקֶען פַאר מַיינֶע קִינְדֶער זֵייעֶרֶע בַּאשֶׁערְטֶע, אוּנ אִיךְ מִיט מַיין מַאן זָאלֶען זוֹכֶה זַיין פִירֶען זֵיי צוּ דֶער חֻפָּה אִין אַמָזָל'דִיגֶע שָׁעָה מִיט אֲרִיכוּת יָמִים (אזוי ווי אין דעם טאג איז אראב גינומען געווארען דער פויס שטראף פון אונזערע עלטערין אין דער מדבר). אוּנ מִיר זָאלֶען זוֹכֶה זַיין צוּ זֶעהֶן פוּן זֵיי גְרוֹיס נַחַת מִיט גוּטֶע דוֹרוֹת, אָמֵן׃

# ווכטיגע תחנות ובקשות אויף חודש אלול, סליחות טעג, ראש השנה, עשרת ימי תשובה, יום כפור, אונ שלש רגלים.

## תחנה אמהות לר"ח אלול (זאגען אין חודש אלול גאנץ אפט).

גרויסער קעניג! דער ליבער גאסט ר"ח אלול האט אונז געבראכט גוטע נאכריכט, ווי עס ווייזט דער ווארט "אלו"ל" (אני לדודי ודודי לי) אז ווען איך וועל זיך קערין מיט תשובה ותפלה צו מיין פריינד (הקב"ה) וועסטו מיין פריינד זיך קערין צו מיר, באגליקען מיינע וועגין אויפין נאיעם יאהר. — דער גוטער גאסט דער מאנט אונז אויך, די ליבע וואס דו טרייער פאטער ליבסט אונז, מיט דעם וואס דו האסט אונז געגעבין די מצוה פון תשובה, מציל זיין אונז פון די וועג פון טויט אונ ארויף פירען אונז אויף די וועג פון לעבן, דאס הייסט מיר זאלען חרטה האבען אונ זיך מתודה זיין אויף די נארישע מעשים וואס מיר האבען זיך פארנארישט דעם גאנצין יאהר אונ געזינדיגט קעגין דיר, וואס אונזער קליין קעפעלע האט אויסגערעכינט, ווי יענער קליינער קינד אז די נוויטע רייזע וואס די מענשין האבען געמאכט פון קיטיי נאך ניזנע (אויפען יאהר מארק) איז נור צו טרינקען טיי מיט זעמל *), כלומר אז דער הכלית

---

*) אקויפמאן האט אמאל מיט גענומען זיין זאהן אויפין יאהרמארק, קומענדיג אין ניזנע אויפ'ן וואגזאל, זעט דער קינד אז עס זיצען מאנם פערזאהנען מיט לאנגע צעפ אראב געלאזען אויף די פלייצעס אונ טרינקען טיי מיט זעמיל, פרעגט ער דעם פאטער, ווער זיינען דאס? דאס זיינען קיטייצעס (ענטפערט דער פאטער) דארטען איז אזא מאדע אז מאנם לייט גייען מיט צעפ — ווי ווייט איז קיטיי פון דאנען? (פרעגט דער קינד). לערך 2 מאל אזוי פיל ווי פון דאנען נאך אמעריקע (ענטפערט דער פאטער) — אזוי, אזוי? זאגט דער קינד פארוואונדערט, איז דא אזעלכע געשמאקע טיי אז מען פארט אז פון קיטיי אהער טרינקען, טו היים מיר אויך געבען אגלאז טיי. — ניין מיין קינד, טיי איז אין קיטיי דא בעסערע (דארטען איז די רעכטע פלאנטאציעס פון טיי) נור דאס זיינען גרויסע קויפלייטע, דער עיקר זיינען זיי געקומען היער צום יאהרמארק מאכען גרויסע געשעפטען, אונ דער טיי טרינקען איז אטפל. — דאס גלייבען דיינקען מיר ווי דער קינד, אז אונזער נשמה האט געמאכט אזא נוויטע רייזע פון דעם עולם העליון אויף דיזע וועלט נור צו טרינקען טיי מיט זעמיל (ווי מ'רופט דאס "לעבען אטאג") אונזער קליינע קעפעלע פארשטייט גאר ניט אז דא איז אגרויסער יאהר מארק (היום לעשותם) צו איין האנדלען טייערע סחורה (מצות ומעשים טובים) וואס מ'קען דאס אויפ'ן עולם העליון ניט בעקומען, ווי דער תנא זאגט (אין פרקי אבות) יפה שעה אחת בתשובה ומעשים טובים בעולם הזה מכל חיי העולם הבא.

תכלית פון מענשינס לעבין איז נור צו עסין אונ טרינקען אונ זוכען פערגניגען, וואס דער גיזונטער פארשטאנד ווייזט, אז די אלע תענוגי הזמן זיינען הבל הבלים, דאס איז נור גילעבט ווי א בהמה וואס איר קאפ ליגט שטענדיג אין צעבער בראהע, אונ אזא לעבין ענדיגט זיך ווי דער וואנט-קאלענדאר, וואס די בלעטעלעך זיינע דינען נור דעם טאג, אבער ווי דער טאג גייט אוועק רייסט מען זיי אב אונ זיי וואלגערין זיך אונטער די פיס, אונ ענדע יאהר איז ניטא אזכר פון גאנצען קאלענדאר, אזוי איז אויך אזא וארט לעבין, נור גילעבט א אטאג אבער ווי דער טאג גייט אוועק ווערט ער פארשוואונדען ווי ארויך עס בלייבט פון אים גאר ניט אונ אזוי פון גאנצען לעבען. דרום האסטו בעשטימט דעם לעצטין חודש פון יאהר, אויף חשבון הנפש, דער מענש זאל זיך ארום זעהן אונ מאכען דעם יאהר-באלאנס, זעהן אויב עס האט זיך אים וואס אב גישטעלט מצות ומעשים טובים מיט צו נעמען אויף די עוויגע וועלט, אדער ער האט גילעבט ווי א בעל חי אונ האט נאך איין גיצערט די ביסל מצות ומעשים טובים וואס ער האט פון פאריגע צייט

דער חודש אלול איז נאך גיהייליגט פון משה רבנו׳ס צייט, וואס ער איז דאן אום ר״ח (אלול) ארויף גיגאנגען אויפ׳ן הר סיני מקבל זיין די צווייטע לוחות אונ מ׳האט גיבלאזען שופר אין דער מחנה (אין אידישען לאגער) אום מ׳זאל מער זיך ניט טועה זיין ווי פריער וואס צו ליב דעם טעות איז ארויס גיקומען דער עגל, אויך האט מען מרמז גיווען מיטין בלאזען שופר אז אידען זאלען זיך נעמען צו תשובה, ווייל שופר ווייזט אז מ׳רופט יענעם צום דין, איז ווען מען דער מאנט זיך, אז מ׳דארף זיך שטעלין צום גרויסען משפט פון דעם מלך מלכי המלכים האפט ציטערין די הארץ, ווייל ווער קען גירעכט בלייבען פאר דעם ריינעם משפט, ווי דוד המע״ה זאגט (ואל תבא במשפט את עבדך), רבש״ע דו זאלסט ניט קומען אויף מיר מיט דין (כי לא יצדק לפניך כל חי) ווייל קיינער קען ניט גירעכט בלייבען פאר דיין משפט, דרום שרייבט אליהו הנביא (אין זיין ספר תנא דבי אליהו) אז אידען האבען דאן גיפאסט אין חודש (אלול) פיל תעניתים בכדי אונטערטעניג מאכען די הארץ צו תשובה אונ דעם לעצטין טאג פון די פערציג טעג (דאס איז דער צענטער טאג אין תשרי)

דעם

האט מען גוזר תענית געווען אויף אלעמען פון פארנאכט אן אונ אין דעם טאג איז דער בורא ב"ה איבער געבעטין געווארען צו אידין אונ האט געזאגט צו משה רבנו (סלחתי כדברך) איך האב פארגעבין די זינד ווי דו האסט פארלאנגט, אונ האט אים איבער גיגעבין די צווייטע לוחות, דרום איז דר צענטער טאג אין תשרי גיהייליגט געווארען אויף עוויג פאר איום סליחה וכפרה (דאס איז יום כפור).

ויען שגלוי וידוע לפניך. אונ וייל עס איז ענדעקט פאר דיר ליבער גאט, אז ווען אפילו דער מענש טוט שוין תשובה אונ וויל שוין הייטער ניט זינדיגען, נור כל זמן ער איז צו געוואהנט צו זיין שלעכטין פיהרונג טוט ער מאהען די זעלבע עבירה וואס ער האט זיך געכטין נישלאגין אין הארצען אויף איר 1) דרום האסטו הימלישער פאטער געזאגט צו משה רבנו (פסל לך שני לוחות אבנים) דו זאלסט אליין אוים ארבייטין די לוחות וועל איך דאן אריין געבין אין זיי אנשמה דאס איז איך וועל שרייבען אויף זיי די עשרת הדברים, דאס איז איין אנמערקונג (פסל לך) דו מענש בילדע זיך זעלבסט אוים 2), ריייניג אוים דיין הארץ פון אלע שלעכטע זיטן, פון אלע שלעכטע געוואהנהייטין ווי למשל גאוה, כעס, קנאה, שנאה, עצלות (פוילקייט), ליידיג גיין, רכילות טרייבן, ריידין לשון הרע, נבול פה (מיאוסע רייד), שקר, פארלאנגען אפרעמדין גראשין אונ דאס גלייכין, אונ איין געוואהנען זיך צו אלע גוטע מדות, קוקען מיט אגוטע אויג אויף יעדער מענשין, אוואזען יענעמס כבוד אזוי ווי דעם אייגענעם כבוד, חס האבען אויף יענעמס גראשען אזוי ווי אויף דעם אייגענעם, טאן צדקות ומעשים טובים מיט שמחה אונ זריזות, אב היטען דעם דאוונן, אונ אברכה מאכען אויף יעדער זאך מיט כונה, די אויערין זאלען הערין וואס די מויל

מעשה אלפס

1) ווי די קללה וואס דער נחש (די תאוה) איז געשאלטען געווארען (הוא ישופך ראש) ער וועט דיר קלאפין אין קאפ, כלומר, דער מענש מיט'ן שכל פון קאפ שלאגט דעם שלאנג, דאס הייסט ער איז זיך מתודה אונ האט חרטה אויף די עבירה (ואתה תשופנו עקב) אבער דער שלאנג (די תאוה) שלעפט דעם מענשין פאר די פים גיין צוריק בעפרידיגען די תאוה.

2) דער ערשטער מענש אדם הראשון איז געווען געטליכע ארבייט, סיי זיין קערפער אונ סיי זיין נשמה, דרום די ערשטע לוחות וואס זיי זיינען געקומען מכפר זיין אויף דעם חטא פון עץ הדעת אז דער מענש זאל קומען צוריק צו די ערשטע מדרגה ווי אדם הראשון איז געווען פאר דעם חטא שטייט ביי זיי (והלוחות מעשה אלהים המה והמכתב מכתב אלהים

רעט, אב היטען שבת פון די שקיעה ביז אויף מארגען נאך צאת הכוכבים, דאן וועט דער „אשמנו" מיט'ן שלאגען זיך אין הארצען הייסען ארעכטע תשובה.

**און** ווייל איבער בייטען איין געוואנהייט דארף געווערין דרייסיג טעג, דרום האסטו הארציגער פאטער אונז געגעבין דעם חודש אלול מיר זאלען תשובה טאן און נעמען אין אכט אב געוואהנען זיך פון אלע שלעכטע מדות און תאוות וואס פון זיי קומט ארוים אלע עבירות, און צו געוואהנען זיך צו אלע גוטעס און מקיים זיין מצות מיט זריזות און שמחה, דאן וועלין מיר קענען קומען שטעלין זיך צום יום הדין. דרום בעט איך דיר ליבער הארציגער פאטער דו זאלסט אויף מיר רחמנות האבען און מיר זיין צו הילף אב געוואהנען זיך פון אלע עבירות וואס איך האב ביז אהער געטאן ובפרט די זאכין וואס פון גרוים געוואנהייט איז דם געווארען ווי איין היתר, אז מען שפירט שוין גאר ניט וואס פאר איין הארבע עבירה דאס איז, ווי למשל זידלען יענעם פאר די קלענסטע זאך, אדער ניט אב געבין וואס עס קומט יענעם, וואס דאס איז פון די הארבסטע עבירות אז אפילו תשובה און יום כפור און יסורים זיינען אויף דעם ניט מכפר, ביז וואנען מען מוז יענעם איבער בעטין און דורך קומען מיט אים, און בעונותינו הרבים (דורך דעם גרויסען געוואהנהייט) איז דאס געווארען אזוי רעכט אז עס קלעמט גאר די הארץ ניט און עס פלאגט גאר דער געוויסען (סאוועסט) ניט, יענעם גיסט זיך בלוט פון די אויגען און איך שטיי גאנץ גלייכגילטיג און מאנכע מאל האפט זיך אשמייכעל טאן דער ביי[1]. אויף דעם בעט איך דיין גרוים רחמנות דו זאלסט מיר

מעשה אלפס

הוא׳ אז די לוחות זיינען געווען געטליכע ארבייט, סיי דער אוים האקען די שטיינער און סיי די שריפט, אבער ווי אידין האבין געמאכט דעם עגל זיינען זיי אראפ געפאלין פון זייער מדרגה, זיי האבען פארלארען די הערליכע צירונג וואס מ'האט זיי אן געצירט ביים הר סיני, און זיינען געבליבען ווי אדם הראשון נאכ'ן חטא פון עץ הדעת וואס ער האט געקראגען גילוסט צו די תאוה און האט מבולה געמאכט זיין קערפער ער האט אים פארפלעקט מיט די זוהמא פון נחש התאוה, דרום מוז שוין דער מענש אליין הארעווען אים ארבייטין און אוים בילדען זיין קערפער אוים ריינינען אים פון די זוהמא פון נחש פון די שלעכטע זיטען און תאוות, בכדי עס זאל ראוי זיין צו-שרייבין אויף אים די היילינע געטליכע שריפט, כלומר די געטליכע נשמה זאל קענען אין אים רוהען צו טאן גוטע מעשים.

1) די אורזאך פון דעם ניט שפירען האט ערקלערט דער גרויסער צדיק והחכם רבנו „ישראל סאלאנטער" זצ"ל, ע"יל

דער

העלפין זיך אב גיוואהנען פון דעם, אז איך זאל שפירען דעם פערברעך פון דעם אונ דעם פארברעך פון אלע עברות, ווייל ווען איך דער מאן זיך מיינע בייזע מעשים פאלט אגרויסע שרעק אונ ציטערנעס אויף מיר, מה דאך די אבות הקדושים אונ די גרויסע צדיקים זיינען גישטראפט גיווארען פאר קליינע זאכען וואס זיי זיינען דורך געפאלען, אברהם אבינו וואס ער האט גיפרעגט „במה אדע” איז נגזר גיווארען אויף זיינע קינדער צו זיין אין גלות מצרים. יעקב אבינו בעת די מוטער רחל האט גיזאגט (הבה לי בנים) סטארע זיך מיט תפלה אז איך זאל האבין קינדער, האט ער איר גיענטפערט מיט כעס (התחת אלהים אנכי?) האט דער בורא אים גיזאגט, אזוי ענטפערט מען דאס צו אטרויעריגע הארץ? איך שווער ביי דיין לעבין אז דיינע קינדער (די שבטים) וועלין מוזען שטיין מיט רעשפעקט פאר איר זון (יוסף), אונ ווייל ער האט באהאלטען זיין טאכטער דינה אין אקאסטין בכדי זיין ברודער עשו זאל איר ניט זעהן אונ וועלין נעמען פאר אפרוי. הגם זיין כונה איז גיוועזן צו גוטן, האט דער בורא אים גיענטפערט, דו האסט איר ניט גיוואלט חתונה מאכען פאר אגעמהלתין האט איר שכם בן חמור גיכאפט אונ מאנס גיוועזן, ווייל ווען עשו וואלט איר נעמען פאר אפרוי קען זיין זי וואלט אים מחזיר למוטב גיוועזן. זעט מען פון דעם ווי וייט דער מדת הדין רעכינט זיך מיט יעדערין אונ שוינט ניט דעם גרעסטין מענשן, משה רבנו מיט אהרן זיינען איבער אקליינעם פאר-זעהונג גישטראפט גיווארען צו שטארבען אין דער מדבר אונ האבין ניט זוכה גיוועזן ארייין צו גיין אין ארץ ישראל, היינט אפשיטא איך ארימע פרוי וואס איך בין ארים אין מעשים טובים אונ פול מיט זינד, אונ הגם פון מיר זיינען פיל מעשים מגונים פאר געסין גיווארן, אבער פאר דיינע ליכטיגע אויגען קומען אלע פאר, אונ צום יום הדין ווען דער מענש קומט אויף די אמתה וועלט, ווייזט מען אים אלעס אונ ער זעט אזוי ווי אויף די טומאנע קארטינעס ווי ער לויפט צו די עבירה אונ וואס ער טוט בחדרי חדרים, אפילו איין אומפאסיגען ווארט וואס ווערט גירעט אין שלאף צימער, ווייזט מען אויך דעם מענשין ביין יום הדין. ווי אגראמאפאן רעט איבער זיינע

משעה אלפם

דער נפש האט אויך רמ"ח אברים רוחניים זיינען קענין די רמ"ח אברים פון נפש ׳ מי דער גוף אונ די רמ"ח מצות עשה אונ אזוי ווי אין גוף כל זמן דער אבר איז

וֶוערְטֶער מִיט זַיין שְׁטִימֶע וָואס עֶר קֶען דָאס נִיט אָפּ לֵייקֶענֶען. אַלְזָא דֶער מָאנֶענְדִיג זִיךְ דָאס אַלֶעס, פַאלְט אַגְרוֹיסֶע שְׁרֶעק אוֹיף מִיר, אוּן מַיינֶע גְלִידֶער צִיטֶערְן אִין מִיר, אָה וֶועה צוּ מַיינֶע בֵּייזֶע מַעֲשִׂים, וֶוען מְ'וֶועט מִיר מַיינֶע אַלֶע בֵּייזֶע מַעֲשִׂים בֶּעוַוייזֶען, וֶועל אִיךְ דָאךְ נִיט הָאבִּין וואו צוּ בֶּעהַאלְטֶען זִיךְ פוּן גְרוֹיס שַׁאנְד, אוּן וֶוען אִיךְ דֶער מָאן זִיךְ נָאךְ וֶוער עֶס וֶועט שְׁטֵיין דֶער בַּיי, עֶס אִיז דָאךְ נִיט אַזוֹי וִוי אוֹיף דֶער וֶועלְט פַאר אֵיינִיגֶע מֶענְשִׁין, דָארְטִין וֶועט דָאךְ זַיין אַזַא הוֹיכְאַרְטִיגֶע פּוּבְּלִיקוּם, הקב"ה מִיט דֶעם גַאנְצֶען הִימֶעלְשֶׁען פַּארְלַאמֶענְט, דִי אָבוֹת הַקְדוֹשִׁים, אַלֶע תַּנָאִים, אַלֶע גְאוֹנִים אוּן צַדִיקִים, אַלֶע רֵיינֶע נְשָׁמוֹת, אוּן אִיךְ וֶועל דָאס שְׁטֵיין פַאר זֵיי פַארְפְלֶעקְט פוּן קָאפּ בִּיז דִי פִיס מִיט דֶעם שְׁמוּץ פוּן מַיינֶע זִינְד. אָה, וִוינְד אוּן וֶועה אִיז צוּ מִיר! אַז אִיךְ שְׁטֶעל זִיךְ מִיר דָאס פָאר, פְלִיסֶען מַיינֶע אוֹיגֶען טַייכֶען טְרֶערִין אוּן אִיךְ טוּא וֵויינֶען אוּן שְׁרַייֶען מִיט אַ צוּבְּרָאכֶענֶע הַארְץ פַאר דַיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען, אַז דוּ זָאלְסְט מַיין גִיבֶּעט אָן נֶעמֶען מִיט גְרוֹיס חֶסֶד, וִוי דוּ הָאסְט אָן גֶענוּמֶען דִיא גִיבֶּעט פוּן אוּנְזֶער מוּטֶער חַנָה, אוּן זָאלְסְט אוֹיף מִיר רַחֲמָנוּת הָאבִּין אוּן אָבּ-וַואשִׁין מִיט מַיינֶע טְרֶערִין דִי פְלֶעקִין פוּן מַיינֶע זִינְד, וַוייל דוּ בַּאגֶערְסְט דָאךְ נִיט דֶעם טוֹיט פוּן רָשָׁע, נוּר עֶר זָאל זִיךְ וִוידֶער קֶערִין פוּן זַיינֶע בֵּייזֶע מַעֲשִׂים אוּן זָאל לֶעבִּין, דוּ פַאר שֶׁעמְסְט נִיט דִי גִישְׁרֵיי פוּן אָרִימַאן (וואס איז ארום אין מעשים טובים), אוּן פַאר בָּארְגְסְט נִיט דַיין פָּנִים פוּן אִים. דְרוּם דֶער לַייכְט אוֹיךְ דַיין הֵיילִיגֶען פָּנִים צוּ מִיר אוּן הֶעלְף מִיר אָבּ גִיוָואהְנֶען זִיךְ פוּן דִי בֵּייזֶע מַעֲשִׂים אוּן אִיךְ זָאל עֶנְטְלוֹיפֶען פוּן זֵיי וִוי אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים שְׁרַייבֶּען (אין פרקי אבות) „וּבוֹרֵחַ מִן הָעֲבֵרָה" עֶנְטְלוֹיף פוּן אַיין עֲבֵרָה וִוי מֶען עֶנְטְלוֹיפְט פוּן אַבְּרֶענֶענְדִיגֶען שְׁלַאנְג, וַוייל דִי עֲבֵרוֹת זַיינֶען גִיפֶערְלִיךְ צוּ דֶער נְשָׁמָה מֶער וִוי בְּרֶענֶענְדִיגֶע שְׁלַאנְגֶען, אוּן הֶעלְף מִיר אַיין גִיוָואהְנֶען זִיךְ אוּן מַיינֶע קִינְדֶער צוּ גוּטֶע מִדוֹת אוּן גוּטֶע מַעֲשִׂים, צוּ גָאט אוּן צוּ לַייטֶען, בִּכְדֵי מַיין נְשָׁמָה זָאל נִיט פַאר שֶׁעמְט וֶוערִין צוּם יוֹם הַדִין פַאר דַיין כִּסֵא הַכָּבוֹד, אוּן אִיךְ זָאל וֶוערְט זַיין אַז אִיךְ מִיט מַיין מַאן אוּן קִינְדֶערְלַאךְ זָאלִין דֶעם הֵיילִיגֶען יוֹם

---

מעשה אלפס

גִיזוֹגְד שְׁפִּירְט עֶר, אַז עֶס טוּט אִים וֵויי, עֶר שׁוֹין נִיט, אַזוֹי אוֹיךְ אִיז דִי נְשָׁמָה אַז [illegible]עֶן אָבֶּער עֶר עֶנְטְ פַּאבַּאלִיגִירְט שְׁפִּירְט מֶען הִיט דִי מִצְוָה אִיז דֶער אֵבֶר פוּן דִי

הדין (ראש השנה) וואס גייט אונז ענטקעגין גישריבען את נחתמ"ט ווערין אין בוך פון לעבין, מיט געזונד אונ פרנסה בכבוד בתוך כלל ישראל, אמן

## תחנה קול שופר (ווען מען הויבט אן שופר בלאזין בר"ח אלול).

רבונו של עולם! הער פון דער וועלט, הײנט הויבען מיר אן צו בלאזין שופר, בכדי מיר זאלען זיך דערמאנען אן דעם יום הדין, וועלכער ער קומט אן צו אונז לטובה, אונ מיר זאלין זיך ארום זעהן וועגין אונזערע מעשים פון אגאנץ יאר, מיר זאלין תשובה טאן אויף אונזערע עבירות, וויא דער פסוק זאגט (שובו אלי ואשובה אליכם), קערט זיך צו מיר מיט אייערע גוטע מעשים, אונ טוט תשובה אויף אייערע זינד, וועל איך זיך אויך צו אייך קערן, אונ איך וועל אייך מציל זיין פון אייערע צרות, דרום בעטין מיר דיר דערבארעמיגער פאטער, אז דו זאלסט זיך אויף אונז דערבארעמען, אונ געבען אונז איין גוטין גידאנקען, אז מיר זאלין טאן א תשובה שלמה, אונ דוא זאלסט אונז שטארקין אונזערע הערצער צו טאן דיין ווילען, אז מיר זאלען קענען הייליגען דיין נאמען, וואס ער איז זייער הייליג, אונ מיט די שטימע פון שופר, זאלסטו צוטומלען דעם שטן, אז ער זאל נים קענען מקטרג זיין, אונ מיר זאלין קענען קומען צום יום הדין ריין פון אלע זינד, אונ ריין פון אלע פערברעכונגען, וועלכע מיר האבין פערבראכין געגין דיר הייליגער גאט, (והאר עינינו בעבודתך) דערלייכט אונזערע אויגין מיר זאלין וויסין ווי דיר צו דינען מיט דעם גאנצין הארצין, אונ אזוי ווי די תקיעה איז א גלייכער קול, אזוי זאלסטו אויסגלייכען אונזערע הערצער פון אלע קרומע מחשבות, אז מיר זאלין גיין אין גלייכין וועג פון דער תורה, אונ אזוי ווי דער קול פון שברים תרועה איז איין צובראכענער קול, אזוי זאלסטו אונז העלפין צוברעכין אונ אונטערטעניג מאכין אונזערע הערצער צו דיר, אונ בזכות זה זאלסטו צו ברעכין אלע בייזע גזרות פון אונז, אונ מיר זאלין זוכה זיין צו הערין דעם שופר פון משיח צדקנו במהרה בימינו. אמן.

---

מעשה אלפס

נשמה געזונד, למשל, יעדער איד איז וואס מען האט פיל מאל איבער געווען אונ זהיר ניט צו עסין טרפות, דרום איז דאס ניט געטאן קיין תשובה, איז פאראליזירט ביי אים זייער הארב, אבער די עבירות געווארען דער אבר פון דער נשמה. דרום

פון ערשטין טאג סליחות ביז ראש השנה, זאגט מען די תחנה, ווען מען קומט אין שול.

רבון העולמים, הער פון אלע וועלטין, (קדמו עיני אשמורות, לשפוך לבי כמים) מיינע אויגען האבען גיפֿעדערט נאך צו זיין פֿארטאג, פֿארגיסען מיין הארץ אזוי ווי וואסער, גאט מיין גאט, וואס בין איך? און וואס איז מיין לעבין? און וואס איז מיין כח? און וואס איז מיין גירעכטיגקייט? און וואס זיינען מיינע גוטע מעשים? דאס איך זאל מיט זיי קומען פֿאר דיר, ווייל איך בין ליידיג און לעדיג פון גוטעס, און פול פון אלע מיינע זייטין מיט גרויסע זינד. און גרויסע אומרעכט, (אוי לי ואוי לנפשי), וויי איז צו מיר, און וויי איז צו מיין נשמה, דען איך האב פיל געזינדיגט, ווי קאן איך קומען בעטין סליחה ומחילה פון דיר, (אך על רחמיך אשען, כי אל מלא רחמים אתה), נור אויף דיין גרויס רחמנות פֿארטרוי איך מיר, אז דו ערבארימסט זיך אויף די וואס באקענען זייערע זינד און האבען אויף זייא חרטה.

פֿאר נעם ערבארעמיגער פֿאטער! מיינע רייד, איך בין ניט מעלים מיינע עברות, ווי קאן א בשר ודם לייקענען עפעס פון דיר, אז דו גאט ווייסט דאך אלע מיינע געהיימניסען. ווי אזוי זאל איך פֿערבארגין מיינע זינד, אז דו זוכסט אויף אלע מיינע חדרים פון מיין הארץ, און מיינע נירען, און ווי אזוי זאל איך לייקענען דיין גוטעס, ווען דו ווייסט אפילו דעם מענשינס גידאנקען וואס ער טראכט נאר, איך האב זייער פיל געזינדיגט, וויי איז צו מיר, איך שעם זיך אויף הויבען מיין קאפ געגין דיר, גאט פון הימעל, נאר איך בעט אדון רב סליחות, דו זאלסט פֿערגעבען מיינע זינד, וועל איך דיר דינען בכל לב ונפש, כָּל יְמֵי חַיָּי.

## סְלַח לִי אָבִי שֶׁבַּשָּׁמַיִם.

פֿאר גיב מיר מיין פֿאטער אין הימעל, וואס איך האב געזינדיגט אין פיל עברות. סיי בשוגג (אומגערין), און סיי במזיד (מוטווילינ), אלע גרויסע און הארבע עברות וואס איך האב געטאן, און פיל מאל האב

---

מעשה אלפס

אבער פון די נשמה אזנער וועט קרינגען זעהען אב צו ראטשעווען זיך, און לערנען א לעבהאפט. אין ספר אבן שלמה (די באשריבונג פון ווילנער גאון) איז דאס פון דיא עברה (מוסר פון דיא עברה) יוסף פון דעם אויף טייטערין דעם ברקלערט באריכות (פון דייטש 54 ביז 59) עפירען מיר נאר ניט, אלזא מוז מען די דינים און ... מעס מיס דעם ...

איך דיר דערצארינט, וואס עס איז אונמעגליך אויסצורעכענען, אונ דו גאט האסט מיר אין אללע צייטין גוטעס גיטאן, אונ איך האב דיר ניט גישעצט נאך דיין גרויסען כבוד נאך, דרום טו איך מיך בעטראכטען, אז איך וועל זיך מתודה זיין אויף אללע מיינע זינד פאר דיר רבונו של עולם, אונ איך וועל מיינע טרערין פארגיסען, אונ אבוואשין מיט זיי גאר מיינע זינד, וואס האבין פארפלעקט מיין נשמה.

## סלח לי אבי שבשמים.

פאר גיב מיר מיין פאטער אין הימעל, דען ווען מיינע זינד זענען פיל וואס שאדין זיי צו דיר? נאר צו מיר איז וויי אונ צו מיין לייב איז וויינד, אונ ווען מיינע זינד האבען צו מיר גריבער געגראבען אונ האבען אויף מיר געבראכט טרויערקייט אונ זיפצען איז דאך צו דיר גאט פיל דער בארימקייט אונ פאר געבונג, גאט מיין גאט גידיינק דאס געמיט פון מיין לעבין דאס איך בין ווי איין פערוועלקטע גראז, ווי א בלאט פון דעם בוים וואס פאלט צו דער ערד, מיין אנהייב איז פון ערד, אונ מיין ענדע איז צו ווערים. מיינע טעג זענען ווי א שאטין וואס גייט פארביי, אונ ווען מיין נשמה וועט פון מיר אוים גיין וועט מען מיך אין דער ערד ווארפען, מיין לייב וועט ווייטיגען אונ מיין הארץ וועט אין מיר וויי טאן, איך בין דאך גאר ערד אונ אש, יעצט בין איך דא, אונ שפעטער וועל איך פאר רוקין מיין גיצעלט אין קבר, אונ ווען איך זאל אפילו טויזינד יאהר לעבען וועל איך זיין גליך אז איך בין גאר ניט גיוועזען. גאט מיין גאט, מעק אפ ווי א וואלקין מיינע זינד, פאר לעש די קולין פון מיינע זינד מיט די טרערין וואס טוען רינען פון מיינע אויגען.

עליך נפשי. אקונן בלב מר, אויף דיר מיין נשמה טו איך קלאגען מיט א ביטער הארץ, ווי אזוי איך האב דיך אויס געריסען פון דעם קוואל פון לעבען אונ הייליגקייט אונ האב דיך געפלאנצט אין דעם ארט פון טויט אונ אום ריינקייט? (איך לא חסתי עליך בת היקרה) ווי אזוי האב איך ניט רחמנות געהאט אויף דיר מיין נשמה וואס דו ווערסט גערופען טייערע טאכטער, וויי צו מיר וואס איך האב געטאן, ווי אזוי האב איך מורד געווען אין גאט, וואס ער איז א קעניג איבער אללע קעניגען, ווי אזוי האב איך זיך פוגם געווען מיין נשמה אונ האב פאר ביטען איין עוויגע וועלט אויף איין הבל דיגע וועלט. וואס וועל איך טאן

אז עס וועט קומען דער טאג וואס איך וועל בעשטימט ווערען צום שטארבען אונ נידערין אין גרוב, וויי צו מיר, מיין הארץ טוט מיר קלעמען וואס איך האב מורד געווען אין גאט דער דא איזריין אונ זיינע מלאכים זיינען ריין אונ איך בין איין שענדליכט אונ איין זינדיגע, וויי געשריען אויף מיר.

## סְלַח לִי אָבִי שֶׁבַּשָּׁמָיִם.

פאר גיב מיר מיין פאטער אין הימעל. דען איך שטיי אונ בין זיך מתודה איינגעבויגען מיין קאפ, אונ צובראכין מיין הארץ, אונ מיט שלאפע הענד, אונ אלע מיינע גלידער זיינען צושראקען. איך בעט פון דיר סליחה ומחילה וכפרה אויף אלעס וואס איך האב געגין דיין ווילען געטאן, אונ עס טוט מיר זייער באנק, אונ פארגיב מיך אויף די פיל יאהרין וואס זיינען איבער געפארין פון דער צייט אן וואס איך בין צו מיין שכל געקומען ביז דעם היינטיגען טאג וואס איך האב גאר מיינע יאהרין פארטאן אין נארישקייט, צופרידענשטעלין דעם יצר הרע, אונ פאר לענדין מיין פלייש, צו מאכין נידעריג אונ אומריין מיין טייערין שכל וואס דו האסט מיר געגעבען:

## סְלַח לִי אָבִי שֶׁבַּשָּׁמָיִם.

פאר גיב מיר מיין פאטער אין הימיל, טו מיט מיר גרויס גינאד אונ שטארק מיך איינצובייגין מיין יצר הרע, איך זאל שוין מער ניט זינדיגין, אונ זאלסט אויס שטרעקין דיין רעכטע האנד אנצונעמען מיין תשובה פאר דיר, העלף מיר מקיים צו זיין אלע זאכין וואס איך נעם אויף מיר היינטיגען טאג צו טאן, איך זאל מיך שטארקין אין דיינע מצות, אזוי ווי אונזערע חכמים האבין געזאגט (הבא לטהר מסייעין אותו) דאס הייסט ווער עס קומט זיך ריינִיגען העלפט מען אים. אריין הארץ בעשאף אין מיר אונ אפעסטין מוטה באניי אין מיר איך זאל זיין געהיט צוהאלטין דיין גיבאט, אונ זאל ניט גישטרויכילט ווערין אין קיין שום עברה, אונ דו זאלסט איינפלאנצין אין מיינע גידאנקען דיין פארכט, דאס עס זאל מיך ניט שרעקין קיין בייזע מחשבות אונ פרעמדע גידאנקען, בפרט אין דער צייט ווען איך וועל מיך שטעלין תפלה טאן פאר דיר. נאר אלע מיינע גידאנקען זאלין זיין גרייט צודינען דיך מיט ליבשאפט אונ

פריינדשאפט

פרייליבקייט. אלע מיינע מעשים זאלין נאר זיין פון דיינט וועגין, און איך זאל זיין גוט צו גאט און צו לייטין, איך זאל קיינעם ניט מקנא זיין, און איך זאל אבגעהיט ווערין פון כעס, און חניפה, און רכילות, און לשון הרע, איך זאל נאר גאנץ זיין מיט גאט און מיט מענטשין:

## סלח לי אבי שבשמים.

פאר גיב מיר מיין פאטער אין הימעל, און נעם מיך ניט צו פון דער וועלט ביז איך וועל פאר ריכטין וועלכעס איך האב פאר דארבין, און מיינע זינד זאלין ניט גידיינקט און גידאכט ווערן, ווען איך וועל דיר מיין נשמה צוריק אב געבין, און מיינע קינדער און קינדס קינדער זאלין אלע לערנען דיין הייליגע תורה, און עס זאל זיין דיין פארכט אויף זייער פנים זיי זאלין ניט זינדיגען צו דיר, און ווען מיינע קרעפטין וועט זיך ענדיגען זאלסטו מיך ליבער גאט ניט פאר לאזין, און אין דער צייט פון מיין עלטער זאלסטו מיך ניט אוועק ווארפין פון פאר דיר, און ווען מיך צו וואשין און ריינגען פון מיינע זינד, און אין גירעכטע וועגין זאלסטו מיך פירען, און דאס טרייסטונג פון ציון און ירושלים זאלסטו מיר ווייזען, און עס זאל זיין איין דער בארמיגע צייט צו באוויליגען מיך און מיינע תפלות צווישען אלע יודישע תפלות. יהיו לרצון אמרי פי והגיון לבי לפניך יי צורי וגואלי, אמן:

## תחנה לדוד אורי (צו זאגען אגאנץ חודש אלול און עשרת ימי תשובה).

לדוד, א תפלה פון דוד המלך (ה' אורי וישעי) ווען גאט איז מיין ליכט (צו ערלייכטען מיין משפט ראש השנה) און מיין הילף (יום כפור),

מעשה אלפס

## שיינע משלים וועגין דעם ענין פון תשובה.

דוד המלך עליו השלום זאגט „אשרי איש ירא את יי'", וואהל איז דעם מענשין וואס ער טוט תשובה ווען ער איז נאך א מענש, ווען ער איז נאך ביי די קרעפטין, און דער נביא ירמיה זאגט אויך „טוב לגבר כי ישא עול בנעוריו" גליקליך איז דער מענש וואס נעמט אויף זיך דעם עול פון תורת ומצות אין דער יונגער, דא ערשט איז די געוואהנהייט אצווייטע נאטור און עס איז אים קיין זאך ניט שווער. גראדע אומגיקערט ער טוט עס מיט גרויס פערגניגען, נור ווייל ניט אלע ווייסן גרונטליג וואס הייסט „תשובה" וועלען מיר דאס גוט ערקלערען. — דער ווא־ט תשובה הייסט איבקערין זיך, למשל איינער פארט אין וועג, קל וחמר ער האלט די לייצעם

פאר וועמען האב איך מיר צו פירכטען? (ה' מעוז חיי) ווען גאט איז מיין לעבענס קראפט, פאר וועמען זאל איך מיר שרעקין? (בקרוב) ווען עס גינעהענען צו מיר פאלשע מענשין, וואס שטעלין זיך פאר פאר גוטע פריינד אונ באמת זיינען זיי גאר מיינע בעליידיגער אונ מיינען צו עסין מיין פלייש איז גאט מיר צו הילף אז זיי ווערין גישטרויכילט אונ פאלין. (אם תחנה עלי מחנה) דרום ווען עס וועט רוהען געגן מיר איין לאגער שרעקט מיר ניט די הארץ, ווען עס וועט אויף שטיין קעגין מיר אמלחמה (בזאת) בין איך פארזיכערט מיט דעם זכות פון דער תורה (וזאת התורה, וואס דורך דעם איז גאט מיין הילף) אז איך וועל זיעגען. (אחת) איין זאך האב איך גיבעטין פון גאט אונ דאס איז מיין גאנצער ווארנש (שבתי) דאס איך זאל זיצען אין גאטעס הויז (אין בית המדרש) מיין גאנצען לעבין (איך זאל נים דארפען גיין אין מלחמות) צו זעהען אונ שפירען די זיסקייט פון דער תורה אונ צו באזוכין אים אין זיין פאלאץ (בית המקדש) אונ מתפלל צו זיין (כי יצפנני) אז ער זאל מיר בעהאלטין אין זיין שוץ אין דעם טאג פון אונגליק, ער זאל מיר בעוואהרענען אין איין פערבארגענעב ארט, אויף איין פעלזין זאל ער מיר ערהייבן, (ועתה) אונ יעצט אז איך וועל שטענדיג זיצען אין גאטס הויז (על התורה ועל העבודה) וועט ערהויבען ווערין מיין קאפ אויף מיינע פיינד וואס ארום מיר, אונ איך וועל שעכטין אין זיין גיצעלט פריידענ-אפפער אונ וועל אויך זינגען אונ שפילען צו גאט דאפיר. (שמע) הער גאט מיין שטימע ווען איך רוף דיר אונ מיט גינעדיגקייט ענטפער מיר. (לך) פון דיינעט וועגין (איך זאל דיר דינען ערינסט) האט מיין הערץ מיר גיראטה איין עצה, אז דאס פאלק זאלען קומען בעטין ביי מיר עפעס אבקשה אונ אז איך האב באטראכט מיט וואס פאר

---

מעשה אלפס

אין האנד גייט דער פערדיל אויף די גראדע וועג, ווען אבער ער שלעפערט איין אונ לאזט אב די לייצעס, אונ דער פערדיל שפירט אז ער איז פריי, טו וואס לוינט אים צו גיין אויפ'ן טרוקענעם זאמד? בעסער גייט ער אן אנייט אויפ'ן גראז, אז וואס דארטען איז אזומפ אונ ער וועט זיך דער טרינקען מיט'ן ווירטה צוזאמען? אויף דעם איז ער דאך נור אפערד, וואס זעט [illegible] ניט ווי די גראז פון אויבען, ער קייט די גראז אונ גייט וואס ווייטער טיפער אין זומפ, ביז די בריצקע ווערט פול מיט וואסער, אז דער ווירטה ניט זיך אהאפ פון שלאף אונ ניט אביטערין זיפץ, אהה! וואו בין איך דא? אה צו וואס מיין דרעמלען האט מיר גיבראכט! אז מיין פערדיל האט מיר פארשלעפט אין א זומפ! דאן איז ווייניג דער זיפץ אליין, נור די ערסטע זאך איז „תשובה", זעהען ארוים צו קריכען פון זומפ אויף די גראדע וועג, אבער כל

ארעשפעקט ס' איז גישטאנען פאר מיר, האב איך מיר גינומען אמוסר ווי דארף איך שוין שטיין פאר דיר מלך מלכי המלכים און דאן האב איך זיך גישטעלט מתפלל זיין פאר דיר מיט גרויס מורא וכבוד. (אל תסתר) פאר בארגע ניט דיין געזיכט פון מיר, פארשטויס ניט מיט צארין דיין קנעכט, דו ביסט דאך שטענדיג גיוועזן מיין הילף, דרום בעט איך דיר אז היינט אויך זאלסטו מיר ניט פאר לאזין. (כי אבי ואמי) אזוי ווי אין די צייט וואס איך בין גיוועזן גיאגט פון שאול המלך האבין דאן מיינע בעסטע פריינד (ווי פאטער און מוטער) ניט גיקאנט מיר העלפין, נור דו גאט האסט מיר אריין גענומען צו זיך אונטער דיין שוץ, אזוי זאלסטו מיר היינט אויך העלפין. (הורני) לערין מיר גאט דיין וועג און פיר מיר אויף דעם רעכטין וועג, וועגין די וואס קוקין אויס די אויגין, פיליכט וועלין זיי זעהען אויף מיר עפעס א פעלער, וועלין זיי פאנאנדער קלינגען די וועלט און זאגן, אז דוד טוט אזוי מעגין מיר דאך שוין אלעס טאן, (אל תתנני) גיב מיר ניט איבער אין דעם ווילען פון מיינע פיינד, דען עס זיינען אויף גישטאנען געגען מיר פאלשע עדות (פאר שאול המלך) צו רעדין געגין מיר אונרעכט (אז איך בין אמורד במלכות) און ווען איך וואלט ניט האבין פעסט גיגלויבט, אז איך וועל נאך אמאל זעהען גאטעס גנאדע אויף די לאנד וואו דאס לעבין הערשט, וואלט איך שוין לאנג ניט אויס גיהאלטין מיט מיינע קרעפטין, נור די איינציגע האפענונג האט מיר גיגעבין מוטה און קראפט, דרום איז מיין לעבענס-געשיכטע אלעהרע פאר יעדער איינציגען אידען, אז איך קען זאגין צו יעדערין (קוה) האף צו גאט און זיי אין די האפענונג אזוי פעסט

מעשה אלפס

זמן ער ווענדעט ניט אן קרעפטין און בלייבט שטיין אין זומפ וואס איז די פעולה פון זיפצען? — דאס גלייבען איז מיט'ן בעל תשובה, דער מענ"ש איז אויך אריינטער אויף אפערדיל, דער חומר איז דער פערדיל און דער גלייכער שכל (וואס איז באלייכטין מיט די ליכטיגקייט פון דער תורה) איז דער רייטער, כל זמן דער שכל איז וואך און האלט דעם פערדיל פאר די לייצעם, ער לאזט אים ניט אריין קריכען אין תאוות, קומען זיי ביידע צום תכלית צו וועלכען דער מענש איז בעשאפען געווארען, ווען אבער דער שכל שלעפערט (ער קערט זיך אב פון דער תורה) און לאזט דעם חומר גיין וואו ער וויל, פארקריכט דער חומר אין זומפ פון תאוות, איז ווען דער מענש בעדיינקט זיך אז ער איז פארקראכין איז די ערשטע זאך „תשובה" ארויסקריכען פון זומפ אויף די גראדע וועג פון דער תורה, אבער כל זמן ער ליגט אין תאוה-זומפ וואס העלפט דער זיפצען!

(ויאמץ לבך) ביז די האפענונג וועט מוטהיג מאכין דיין הארץ דאס דו זאלסט ווידער צו אים האפען. דאס הייסט דיא האפענונג צוא א מענשין ווייל ד׳ איז ניט קיין זיכערע איז איר ענדע נור הארץ ווייטיג, אבער די האפענונג צום בורא, ווייל זיא איז אזיכערע אז ער קען אונ וועט ממלא זיין דיין וואונש, איז די האפענונג ניט מוטה אונ דער מוטה גיט קרעפטען צו האפען ווייטער.

## תחנה פון תשובה תפלה וצדקה (צו זאגין אין סליחות טעג).

גרויסער גאט! הער פון דער גאנצער וועלט, דו ביסט דאך גיוועזן איין קיניג נאך איידער דו האסט באשאפען די וועלט, אונ דו האסט אלץ דינג באשאפען אזוי ווי דו האסט געוואלט אונ ווער קען זיך צו דיר גלייכען אדער אנטקעגען דיר זיך שטעלען, ווער קאן דער ציילען דיין גרויסקייט אונ דיין הערליכקייט, דאס שטארקייט אונ דאס הערשאפט איז אין דיין האנד. דו ביסט איין איינציגער גאט דו קענסט מיך דער לייזען אונ דער פרייען ווען איך רוף צו דיר. אין דיין האנט באהאלט איך מיין נשמה אז איך טוא שלאפען, אונ אז איך האב זיך אויף קערסטו ווידער מיין נשמה אין גוף, הימלישער פאטער דער בארעם דיך איבער אונז אונ העלף אונז, דען אז אונזער ביהמ״ק איז געשטאנען איז ביי אונז ווייניג זינד געווען, דען דער תמיד של שחר האט פאר געבין אויף די עבירות פון ביי נאכט, אונ דער תמיד של בין הערבים האט פאר געבין אויף די עבירות פון ביי טאג, איצט מיט וואס זאלען מיר צו דיר קומען? דרום זאל פאר דיר קומען אונזערע צו בראכענע הערצער אונ שמערצונג אונ עס זאל פאר דיר



## נאך אשיינעם משל וועגין תשובה פון של״ה הקדוש.

אשיף איז געפארין אויפ'ן ים. איז געווארין אגרויסער שטורם ווינד אונ האט גיווארפין די שיף, דער שטורם האט גיהאלטען אגאנצען טאג ביז ער האט די שיף פארווארפין אויף איין אינזיל וואס ניט בעוואהנט פון מענשין, אונ ווייל די פאסאזירער דינען געוועזען אן געמאטערט פון וועג דינען זיי ארויס אויפין אינזיל אב רוהען, דער אינזיל איז געווען בעוואקסען מיט טייערע פרוכט-בוימער, מיט גוטע קוואלין וואסער, די קלוגע רייזענדער האבען געזאגט, ווייל מיר ווייסין ניט, פילייכט וועט דער שטורם באלד שטיל ווערין, וועט דער שיף קאפיטאן וועלען פארין ווייטער, אדער פילייכט וועט קומען אשטארקער ווינד אונ אוועק טרייבין די שיף פון דעם אינזיל, וועלין מיר בלייבין אן אשיף. דריבער האבען זיי ניט גיוואלט

פאר

## אז געוואוינט ווערין אונזערע תפלות אנשטאט די קרבנות צו פאר געבין אונזערע זינד.

רבונו של עולם. הער פון דער גאנצער וועלט, איך קום בעטין פאר דיר מיט א צובראכען הארץ און מיט א צובראכען געמיט, איך ווייס מיר קיין שום עצה ניט צו געבען, וואס איך זאל טאן צוא דעם יום הדין הגדול והנורא וואס דא קומט צו דעם נייעם יאהר, אונזערע חכמים האבען מתקן געוועזן אז עטליכע טעג פאר ראש השנה זאל מען אויף שטיין גאנץ פריא און מ'זאל זאגן סליחות מיט גרויס תפלה ובקשה, כדי עס זאל אז געוואוינען ווערען פאר השי"ת, אבער גרויס האבען זיי נאר געמיינט אזעלכע מענטשען וואס זיינען ריין פון זינד, די זאלען בעטען פאר השי"ת ער זאל זיי געבען זייער באדערפעניעס, אבער ניט אזוי איין מענטש ווי איך בין, דען איך חיים וואל אז איך בין פול מיט זינד, און ווי אזוי קען איך בעטין ביי השי"ת אז ער זאל מיר געבען פיל גוטס, דען דאס באדערפעניעס פון איין מענטשען איז פיל, און איך בין דאס גאר ניט ווערט, פון דעסט וועגען האב איך מיך בארט דער וועקט מיט גרויס מורא און ציטערניש צו בעטין פאר דיר, איך ווייס ניט וואס איך זאל טאן מיט וואס זאל איך דיר איבער בעטין בורא יחיד, און מיט וואס זאל איך דיר באוויליגען אז דו זאלסט מיר פאר געבען מיינע זינד וואס איך האב געטאן. אויב מיט תשובה און ווידוי קען איך גיכעליג ווערין צו דיר, טוא איך בוודאי תשובה און בין זיך מתודה פאר דיר מיין גאט און גאט פון מיינע עלטערען, איך האב געזינדיגט און געשולדיגט און ווידער געשפעניגט פאר דיר, און דו ליבער גאט דו ביסט דאך איין דער בארמיגער און פאר מראגבט די זינד פון אלעמען זייא מיר אויך מוחל, און אויב מיט תפלה און תחנה ביסטו מוחל, מאך



פאר ברייננען פיל אויפ'ן אינזיל, און זיינען צוריק אריין אין שיף, די צווייטע פארטע האבין געשפאצירט אביסל אויפ'ן אינזיל און גענאמין אביסיל פון די גוטע פרוכט, אבער באלד צוריק אריין אין שיף און זיך גיזעצט אויף זייערע פלעצער, און האבען קיין שאדען גיהאט פון זייער פארברייננע אויפ'ן אינזיל, די דריטע פארטע האבען פארבראכט אויפ'ן אינזיל אגאנצין טאג ביז וואנען זיי האבען דער הערט דעם סוויסטאק וואס וויזט, אז די שיף גייט באלד אב, זיינען זיי געלאפין צום שיף און האבען שוין געפונען די שיף איז איינגע מיט מענשין, נור ברוחק האבען זיי אויך געפונען אפלאץ, די פערטע פארטע האבען ניט געקוקט אויף דעם ציהען פון

איך פֿאַלין לִיבֶּער גָאט מַיין גֶעבֶּעט פַֿאר דִיר, אוּן אוֹיבּ מִיט גֶעוויין אוּן גֶעשְׁרֵייא בִּיסְטוּ מוֹחֵל, אַזוֹי טוּא אִיךְ וויינֶען אוּן זִיפְצֶען, ווייל אִיז מַיין לַייבּ אוֹיף מַיינֶע זִינְד, דֶען דוּ בִּיסְט אַזוֹי אַיין גָאט וָואס מֶען בַּאדַארְף צוּ דִיר נִיט פִֿיל שְׁרַייעֶן, דוּ פַֿאר נֶעמְסְט דִי צוּ בְּרָאכֶענֶע הֶערְצֶער, נִיט ווִי דִי פַֿאלְשֶׁע נְבִיאִים וָואס אֵלִיָהוּ הַנָּבִיא הָאט גִיזָאגְט צוּ זֵיי, שְׁרַייעֶט שְׁטַארְק צוּ אַייעֶר אָבּ גָאט טָאמֶער וֶועט עֶר דֶער הֶערִין, אָבֶּער אוּנְזֶער גָאט פַֿאר נֶעמְט תֵּיכֶף אוּנְזֶער גֶעבֶּעט, אוּן אוֹיבּ מִיט אַיין צוּ בְּרָאכֶען הַארְץ פַֿאר גִיבְּסְטוּ דִיא זִינְד, אַזוֹי צוּא בְּרֶעךְ אִיךְ מַיין הַארְץ פַֿאר דִיר, אוּן דוּ ווייסְט דָאךְ וואל וֶועלְכֶע הֶערְצֶער זַיינֶען צוּא בְּרָאכֶען.

רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, אִיךְ טוּא דִיךְ בֶּעטִין, אַז דוּ זָאלְסְט זִיךְ אִיבֶּער מִיר דֶער בַּארְמֶען אוּן זָאלְסְט זַיין אַלֵיין מַיין מֵלִיץ בַּיי דֶעם מִשְׁפָּט, דֶען אִיךְ וָואלְט גֶערֶען הָאבִּען בֵּיידֶע וֶועלְטִן, אָבֶּער מִיט מַיינֶע מַעֲשִׂים הָאבּ אִיךְ עֶס גֶעווים נִיט פַֿאר דִינְט, נָאר מֵחֲמַת אֵיינְס אָן, דֶעם אַנְדֶערִין קֶען נִיט זַיין, דֶען מַחֲמַת דַאֲגוֹת פַּרְנָסָה קֶען מֶען נִיט רֶעכְט גָאט דִינֶען, דְרוּם ווִיל אִיךְ בֵּיידֶע וֶועלְטִין, אָבֶּער אִיךְ וֵוייס נִיט וֶועלְכֶע זָאל אִיךְ פְֿרִיעֶר אָן הוֹיבֶּען צוּא בֶּעטִין אַז עֶס זָאל פַֿאר דִיר אָן גֶענוּמֶען וֶוערִין, דְרוּם טוּא אִיךְ דִיר בֶּעטִין אַז דֶער זְכוּת פֿוּן דִי אָבוֹת, זָאל מִיר בַּיי שְׁטֵיין פַֿאר דֶעם יוֹם הַדִּין, אַז דוּא זָאלְסְט עֶפֶענֶען דִי טוֹיעֶרֶען פֿוּן הִימֶעל, אַזוֹי ווִיא דוּ הָאסְט גֶעעֶפִֿינְט בְּעֵת דִי יִשְׂרָאֵל זַיינֶען גֶעשְׁטַאנֶען לֶעבִּין בַּארְג סִינַי, אוּן הָאבִּען מְקַבֵּל גִיוֶוען דִי תּוֹרָה, הָאסְטוּ גֶעעֶפִֿינְט אַלֶע הִימְלֶען מְ'זָאל וֶוהֶען אַז דוּ בִּיסְט אַיין יָחִיד אִין אַלֶע עוֹלָמוֹת, אַזוֹי בֶּעט אִיךְ דִיר אַז דוּ זָאלְסְט זַייא עֶפֶענֶען צוּ מַיין תְּפִלָּה.

רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, אַזוֹי ווִי דוּ הָאסְט אָן גֶענוּמֶען דִי טְרֶערִין פֿוּן דִי הֵיילִיגֶע מַלְאָכִים בִּשְׁעַת אַבְרָהָם אָבִינוּ הָאט זַיין לִיבֶּען

---

מעשה אלפס

סְווִיסְטָאק, זַיי הָאבֶּען גֶעזָאגְט עֶס אִיז נָאךְ דָא גֶענוּג צַייט בִּיז מְ'וֶועט אוֹיף שְׁטֶעלֶען דֶעם מַאסְט-בּוֹים אוּן אוֹיף צִיהֶען דִי פְֿלַאגֶען, מִיר הָאבִּין נָאךְ צַייט, אוּן הָאבִּין זִיךְ אַזוֹי פַֿארְבְּרַאכְט אוֹיפְ'ן אִינְזִיל, פְּלוּצְלוּנְג הָאבֶּען זַיי דֶער זֶעהֶען פֿוּן וַוייטִין אַז דִי שִׁיף גֵייט שׁוֹין, זַיינֶען זַיי גֶעלָאפִֿין מִיט אַלֶע קְרֶעפְֿטִין צוּם פָּארְט אוּן זַיינֶען אַרַיין גֶעשְׁפְּרוּנְגֶען אִין וַואסֶער אוּן מִיט גְרוֹיס סַכָּנוֹת זַיינֶען זֵיי צוּ גֶעשְׁווָאוּמֶען צוּם שִׁיף אוּן הָאבֶּען קוֹים גֶעפוּנֶען אַיין אָרְט אִין גְרוֹיס אֵיינְגֶשְׁאפְּט, דִי פִֿינְסְטֶע פַּארְטֶע אָבֶּער פֿוּן גְרוֹיס פֶּערְגְנִיטֶען וָואס זֵיי הָאבִּין גִיהַאט אוֹיפְ'ן אִינְזִיל הָאבִּין זֵיי גָאר

פַֿארְגֶעסְן

וזהן יצחק'ן געוואלט בריינגען אויף דער עקידה, זיינען די טרערין געפאלען אויף דעם מעססער אונ האבין אים טעמפע געמאכט ער זאל ניט קענען שעכטין יצחק'ן, אזוי זאלסטו מיט אונזערע טרערין טעמפע מאכין דעם שווערד פון אלע משחיתים אונ דיא שונאי ישראל, אז זיי זאלין אונז ניט קענען שלעכטעס טאן צום נייעם יאר. אונ אזוי ווי בשעת אסתר איז געגאנגען צו דעם מלך אחשורוש, בעטין פאר דיין פאלק ישראל, האסטו מיט איר געשיקט איין מלאך אונ אסתר האט באקומען חן אין זיינע אויגען, אזוי זאלסטו ליבער גאט ביי אונזער משפט שיקען אזעלכע מלאכים זיי זאלען מאכען טריפען אויף אונז חן וחסד אין דיינע היילעגע אויגען. אונ איך בין פאר זיכערט אין דיין גרוים גענאד אז דו וועסט מיר בוודאי העלפין, דען עס איז ניטא קיין שום צדיק אויף דער וועלט אז ער זאל זיין ריין פון זינד, אונ איך ארום מענטש איך קען מיך ניט מאכען פאר קיין רשעת אונ זאגען אז עס איז שוין ח"ו צו מיר קיין הילף ניטא, דרום בעט איך דיר ליבער גאט דו זאלסט זיך דער בארמען איבער מיר צו דעם נייעם יאר, דען דו ביסט אונזער דער בארמיגער גאט אונ מיר זיינען דיין ליב פאלק, אזוי ווי עס שטייט געשריבען, ווער איז אזוי ווי דיין ליב פאלק ישראל, אונ דו ביסט אונזער איינציגער גאט, דרום זאלסטו אליין משפטען דיין פאלק, דען דו ביסט אונזער גאט אונ אונזער טרייסטער, אונ דו זאלסט אונז שיקען דעם גואל צדק היינטיגען יאהר, אמן סלה.

שמע, הער צו ליבער גאט מיין תפלה פון מיין צו בראכענע הארץ גלייך ווי איך וואלט געבראכט איין קרבן עולה, אזו ווי אין פסוק שטייט, איין צוא בראכען הארץ אונ איין צו שטויסען געמיט טוסטו ניט פאר שעמען, אונ דו נעמסט אן לרצון ווי אין קרבן עולה

---

מעשה אלפס

פארגעסין אז זיי זיינען פאסאזירער, אז ניט איינינ קענען זיי בלייבין אויפ'ן אינזיל וייל דא איז ניט זיכער היים, דער וויל איז די שיף אוועק, אונ דער זומער איז מיט דער צייט אויך אוועק, די פרוכט זיינען אראפ געפאלען פון די בוימער, דער ווינטער מיט זיינע גרויסע פינסטערע נעבט איז אן געקומען, די גרויסע פרעסט האבין אן געהויבען צו טרעטצען, עס האט אנגעהויבען פעלין עסין, אונ קיין ווארימע קליידונג האבען זיי ניט געהאט, איינגע פון זיי זיינען צו שטארבין פון הונגער אונ פון קעלט, איינגע האבען די חיות צוריסען, זיי האבען זיך געריסען די האר וואס זיי זיינען פערבליבען אויפ'ן אינזיל, אבער די חרטה איז געווען צו שפעט.—

און דו זאלסט זיך איבער אונז מרחם זיין און זאלסט מיך ח"ו ניט פאר דארבען, הגם מיינע זינד זיינען גרויס, דען אלע מענטשען לעבען נאר מיט דיין גענאד וואס מיט דיין דער בארימהקייט טוסטו חסד חנם. אלמעכטיגער גאט לאז מיך מיט אלע מיינע פריינד לעבען. און דאס לעבען זאל זיין אן זינד און אן שאנד, אזוי ווי עס שטייט אין פסוק, גאט איז איין דער בארמיגער איבער אלע זיינע באשעפענעס און מיר זיינען דאך דיינע קינדער, דרום ליבער גאט דער בארעם דיך איבער אונז פון דיין ליבען נאמען וועגין, מיר זאלען ניט נידעריג זיין ביי אלע לייטען, אמן.

אנא ה' אלהי ישראל, איך בעט דיך אלמעכטיגער גאט, אז דו זאלסט זיך איבער מיר מרחם זיין. (אל מלא רחמים) דו ביסט דאך פול מיט רחמים דער בארעם דיך איבער מיר ליבער גאט, אז מיינע קינדער און קינדס קינדער זאלען ניט שטארבען פאר מיין לעבין, שטראף מיך ניט ליבער גאט דו ביסט דאך איין בארעם הארציגער גאט און דו האסט אן געשריבען אין די היילינע תורה ווען איינער געפינט איין נעסט מיט פויגעל זאל ער די מוטער אוועק שיקען און די קינדער נעמען, חאטשע אז דיא פויגעל ווערען דער וואקסען קענען זיי ניט זייער פאטער און מוטער, און פאטער און מוטער קענען זיי ניט, פון דעסט וועגען האסטו פארט גוזר געוועזן מען זאל ניט נעמען די קינדער פאר די מוטער אין די אויגען, מכל שכן מיר האבען גרויס מיה אײדער מיר ערציהען אונזערע קינדער דורך דיין גענאד, גיהערסטו בוודאי אונז העלפין מיר זאלען זייא דער ציהען דיר צוא דינען, און עס זאל אין אונז מקוים ווערען דער פסוק עטרת זקנים בני בנים ותפארת בנים אבותם דאס איז טייטש איין קרוין איז צו די עלטערין זייערע קינדער, און דאס שוינהייט פאר די קינדער

מעשה אלפס

דאס גלייבען פאסירט מיט דעם מענשין, די וועלט איז א ים, די תורה איז די שיף, און די תאוות מיט'ן לוקסוס זיינען דער איגזיל, דער מענש וואס וויל ניט אראב גיין פון די נוטע וועג פון דער תורה און וויל זיך ניט לאזען איבער רײדען פון די הנאה פון לוקסוס מיט די תאוות, ער וויל נאר דינען השי"ת ביז נאכען ער וועט קומען צוריק צו זיין היים, די נשמה וועט קומען צוריק צו השי"ת אין דעם צרור החיים, ער איז פון די קלוגע פאסאזירער, די אמת'ע צדיקים, די צווייטע פארטע זיינען ארוים אביסיל אויף דער וועלט און האבען אנגעהויבען פון איר הנאה צו האבען, זיי האבען שוין געזינדיגט, זיי האבען אבער באלד חרטה געהאט און געטאן תשובה אין

אין דער כָּבוד פון זייערע עלטערין, אונ ווען איך האָב דאָס בײַ דײַן לִיבען נאָמען ניט פאַר דינט, בעט איך פון דיר אַיין מַתְּנַת חִנָּם.

**אב** הָרַחֲמָן, פאָטער דער באַרמיגער, גיב מיר מיט מײַן מאַן אונ מיט מײַנע לִיבע קינדער פַּרְנָסָה פון דײַן האַנד אונ ניט פון קיין מענטשען, דען די גאָב פון אַ מענטשען איז גאָר נישט, קען דען אַ מענטש געבין וואָס דער אַנדערער באַדאַרף? אונ ווען ער גיט שוין עפּעס, גיט ער אים ניט אין דער צייט, אָבער דו לִיבער גאָט דוא ווייסט איטליכען מענטשינס באַדערפעניש אין איטליכע רגע וואָס ער באַדאַרף. דרום רבש"ע זאָלסטו אונז שפּייזען פון דײַן הייליגער האַנד, אָמֵן.

**רחום** וְצַדִּיק, דער באַרעמיגער אונ גירעכטיגער גאָט, לאָז מיר אַזוי גלייך זיין פאַר דיר אַזוי ווי אַיין קליין ווערמיל וואָס ווערט געשפּייזט דורך דײַן האַנד, אַזוי ווי עס שטייט דו עפינסט דײַן האַנד אונ מאַכסט זאַט אַלע באַשעפעניש אויף דער וועלט דורך דײַן גוטס, פאַר לאָז מיך ניט דוא פאָטער פון דער גאַנצער וועלט, איך זאָל דיר קענען דינען ביז מײַן צייט וועט קומען צו שטאַרבען, דען דער נאָך וועל איך דיך שוין ניט קענען דינען, דרום אַלמעכטיגער גאָט זאָלסט מיך ניט פאַר לאָזין די גאַנצע צייט פון מײַן לעבען, אונ מײַנע גלידער זאָלען ניט שלאַף ווערין כְּדֵי איך זאָל דיר קענען דינען אַזוי ווי עס גיהער צוא זיין, אונ אַז איך וועל באַדאַרפען שטאַרבען זאָל איך שטאַרבען פון דײַן ריינע האַנד, אונ מײַן מִיתָה זאָל זיין אַיין כַּפָּרָה אויף מײַנע זינד, עס זאָל זיין באַוויליגט די זאַג פון מײַן מויל אונ די געדאַנקען פון מײַן האַרצען פאַר דיר גאָט מײַן באַשעפער אונ דער ערלייזער ביז אייביג, אָמֵן.

**יְהִי** רָצוֹן מִלְּפָנֶיךָ, עס זאָל זיין דער ווילען פאַר דיר מײַן גאָט אונ גאָט פון מײַנע עלטערן, אַז די יעצטיגע צייט וואָס איך שטיי פאַר דיר צו בעטען אויף מיר אונ אויף מײַן מאַן אונ קינדער אונ אויף כָּל יִשְׂרָאֵל זאָל זיין אַיין דער באַרעמיגע אונ אַיין באַוויליגטע צייט,

מעשה אלפס

דער יוגענד, דאָס איז אַגוטע תְּשׁוּבָה. נאָכהער האָבען זיי חֲרָטָה געהאַט אונ די דריטע טייל פּאַסאַזירער זייגען די וואָס תְּשׁוּבָה געטאָן, אֲפִילוּ זייער תְּשׁוּבָה איז שוין ניט אַזוי חָשׁוּב, דאָך האָבען זיי אויך האָבען הֲנָאָה געהאַט פון דער וועלט אונ האָבען געזינדיגט ביז צו דער עלטער, גירעטעט זייער נְשָׁמָה. די פערטע טייל

פּאַסאַזירער

אז דו זאלסט אונז באהיטען פון אלע קריינק און אלע מיני שפלות און פאר שעמונג, אז מיר זאלען ניט פאר שעמט ווערין וועגען אונזערע זינד און מיר זאלען ניט פאר שעמט ווערין מיט גרויס עניות חלילה.

ליבער גאט, איך בעט דיך אז דו זאלסט מיין תפלה ניט פאר שעמען און זאלסט דער פרייען מיין הארץ, דען מיינע וואונדען זיינען גרויס אז איך קען זיי גאר ניט אויס רידען, זאל איך זיי זאגען פאר איין מענטשען, וואס קען ער מיר העלפען? ווען ער וועט שוין אפילו אויף מיר רחמנות האבען, און בפרט טאמער איז ער מיר גאר איין שונא וועט ער זיך נאך פרייען אויף מיין צער, ווייל איז צוא מיר פאר וועמען זאל איך קלאגען מער ווי פאר דיר ליבער גאט, איך בעט דיך זעה וועלכע יסורים איך טראג אויף מיין הארץ, און עס זאל מיר ביי שטיין דער זכות פון די אמהות אז איך זאל שוין מער קיין צער ניט האבען פון מיינע קינדער און פון אלע מיינע גוטע פריינד, און מיר זאלען געשפייזט ווערין פון דיין האנד בכבוד, דאס מיר זאלען צו קיינעם ניט דארפען אנקומען. ליבער גאט לאז אונז גיניסען דעם זכות פון אונזער מוטער חנה, אז זיא איז געגאנגען אין משכן אריין תפלה צו טאן און דער נביא עלי הכהן איז דארטען גיוועזען, האט זי נאר גירידט מיט די ליפען און איר שטימע האט מען ניט גיהערט, אזוי האט עלי צו איר גיזאגט, גייא ארויס וואס האסטו צו טאן אין בית המקדש, האט זי אים געענטפערט, ניין מיין הער, איך בין איין אשה וואס איך האב איין שווער גימיט. אזוי האט ער פאר איר דיך גיבעטען, האסטו איר גיהאלפען, אזוי זאלסטו מיר ליבער גאט אויך ענטפערין. ליבער גאט שטראף מיך ניט ווען איך האב שוין אפילו געזינדיגט, בעט איך דיך ליבער און דער בארימיגער גאט, גיי מיט מיר מיט מדת הרחמים און ניט מיט מדת הדין, אזוי ווי יעקב אבינו עליו השלום האט דיך גיבעטין ווען זיינע קינדער וועלין ח"ו שולדיג זיין זאלסטו זיי גידענקין וועלכע צרות ער האט פאר זיי גיליטען איידער ער האט זייא ערצויגען, אזוי בעט איך דיך אויך

מעשה אלפס

פאסאזירער זייגען די וואס טוען ניט קיין תשובה אפילו אויף דער עלטער, נור אז זיי ווערין גיפערליך קראנק און וויסין ביי זיך אז זיי וועלען שוין פון די קראנקע בעט ניט אראב גיין, די וועלט איז שוין ניט פאר אים, און באלד אין א קורצע צייט ווערט שוין די שיף (די נשמה) וואס די געלוסט צו דער תורה אוועק גיין פון אים.

שטארקס

אז איך זאל ח״ו קיין צער ניט האבן פון מיינע קינדער , אונ אין ווים
וואל אז איך בעט דיך צו פיל , איך בין בוודאי ניט ווערט אפיל צו
שטיין פאר דיר , נאר וויל דו באגערסט אז דער מענטש זאל ד׳ ד׳
בעטין אונ דו דער בארעמסט זיך איבער אים , דרום בעט איך דיך
גאט אז דו זאלסט מיך ניט אוועק ווארפען אויף מיין עלטער ווען
מיין כח גייט אוים . ליבער גאט לאז מיך ניט פאלען אין דער האנד
פון אמענטשן , דען עס איז קיין גרעסערער צער ניטא וויא איין מענטש
בעדארף אנקומען צום אנדערין , דרום בעט איך דיך אז דו זאלסט
מיך היטען דער פון , אונ זאלסט מיר געבען חן וחסד אין דיינע
אויגען אונ אין די אויגען פון לייטען , מיר מיט מיין מאן מיט מיינע
קינדער צו לעבען אין עושר , אונ אונזערע קינדער אונ קינדערס קינדער
זאלען עוסק זיין בתורה טאג אונ נאכט , אונ מיר זאלען אויסלעבין
אונזער צייט מיט כבוד , אונ ווען עס וועט קומען מיין לעצטע צייט זאל
קיין שטן אונ מקטרג קיין מאכט ניט האבען איבער מיין נשמה , אונ דו
זאלסט מיר שיקן מלאכי רחמים , אונ מיין חלק זאל זיין מיט די
נשים צדקניות אויף דער וועלט אונ אויף יענער וועלט . ליבער גאט
פאר שעם מיך ניט ווען איך טו פאר דיר בעטין , וואס איך קען פאר
קיין מענשין ניט אוים ריידין זאג איך פאר דיר מיין שווער געמיט ,
דו נעמסט אן אלע גיבעט , איך בעט דיר ליבער גאט דער וויטער
דיך ניט פון מיר , ווען עס וועט אויף מיר ח״ו זיין איין צרה אונ איך
וועל דיך רופען זאלסטו מיר ענטפערן , אונ איבער הויפט ענטפער
מיר אונ העלף מיר איך זאל שוין וייטער ניט זינדיגען , אונ שטארק
מיין הארץ צו גיין אין דיינע וועגין , צו געבען צדקה אונ צו טאן
מעשים טובים , אז מיין לעבען זאל הייסען איין רעכט לעבען . דו
גאט ווייסט דאך וואל מיין מחשבה , דו העלפסט דעם מענטשען אין
דעם וועג ווי ער נעמט זיך פאר . ליבער פאטער זיי דיך מרחם איבער
מיר כרחם אב על בנים , אז איך וועל ח״ו זינדיגען זאלסטו מיר דער
מאנען תשובה צו טאן , אונ זאלסט מיר העלפן אונ זאלסט היילן אלע

מעשה אלפס

שטארקט ער זיך מיט אלע כחות צו דער
האפין די נשמה אונ זי אויף האלטען ביז
ער וועט טאן תשובה , דער ווארט תשובה
זיין נאר אשוואכע נר ברוחק נעמט

מען איר אן . די פינפטע טייל מענשן
זיינען וואס האבען געמיינט זיי וועלען עוויג
לעבען אונ אייביג יונג זיין אונ הנאה
האבען פון דער וועלט . אונ אפילו די

זיינען

מיינע פעלערין, דען דו ביסט ארופא חנם און ארופא לשבורי לב. איך בעט דיך אבינו שבשמים דו זאלסט דער הויבען מיין מזל מיר מיט מיין מאן און זאלסט מיר געבין גוטע קינדער און איך זאל פון זיי קיין צער ניט האבין, דען דאס איז דער גאנצער לעבין פון מענטשין בעולם הזה און בעולם הבא, און זאלסט אונז געבין לחם לאכול ובגד ללבוש בכבוד און ניט ח"ו מיט בזיון, און זאלסט אונז לאזין אויס לעבין אונזערע יארין אין גרויס פריידן, מיר זאלין זוכה זיין צו זעהען אונזער משיח צדקנו במהרה בימינו, אמן, כן יהי רצון.

# תחנה ערב ראש השנה פאר מנחה.

רבונו של עולם, הער פון דער גאנצער וועלט, איך קום יעצט מתפלל זיין פאר דיר די לעצטע תפלה (מנחה) פון יאהר. איך ווייס גאנץ גוט אז מיין דאווענען דעם גאנצין יאהר איז געווען אן כונה, די אויערין האבין ניט געהערט וואס די מויל האט גירעט, די מויל האט גימורמילט די היילגע ווערטער פון דאווענען און דער מוח איז געווען פארטראכט אין הבלי הזמן, איך האב זיך אויפגעפירט ווי דער נארישער ישובניק וואס דער קעניג פארביי פארענדיג איז ער אריין צו אים אין הויז, האט ער גיהייסין זיין יונג אויף נעמען דעם קעניג און ריידין מיט אים און ער אליין איז אוועק טרייבן די בהמה, דאס גלייכין האב איך געטאן, איך האב געהייסען מיין דינער (די מויל) זאל ריידען מיט דעם רבונו של עולם (ברוך אתה ה', גילויבט ביזט דו גאט) און דער עיקר „איך" דאס איז דער מוח (דער גידאנקען) איז אוועק אויפ'ן מארק, אדער איך ווייס וואו, טראכטען נארישקייט, און מיינע תפלות זיינען געווען ווי טויטע קערפערס, ווי די חכמים זאגען „אז תפלה אן כונה, איז ווי א גוף אן א נשמה". — און אז איך נעם זיך דער מאנען אז היינט איז דער לעצטער טאג פון יאהר, און מארגען וועל איך מוזין שטיין צום משפט פאר דיר, און עס וועלען צו זאמען קומען אלע מקטרגים וואס זיינען בעשאפין געווארין פון מיינע זינד און די גוטע מלאכים (מליצי יושר) וואס זיינען בעשאפין געווארין פון

---

מעשה אלפס

זיינען גילעגין צו בעט האבען זיי זיך ניט געשטארקט און זיי האבען פארלארען דעם גענלויבט אז זיי וועלען שטארבען. עס איז פארשטאנד מיט'ן לשון און געשטארבען נאר אפחד געווען צו דער מאגען זיי צו אן ווידוי. דער נוף איז געגאנגען אין דער [illegible] ווידוי, [illegible] די קראנקייט האט זיך ערד צו די ווערים און שלאנגען. און ד'

מיינע מצות ווי די הייליגע תנאים זאגין (אין פרקי אבות) העושה מצוה אחת קונה לו פרקליט אחד, והעובר עברה אחת קונה לו קטגור אחד (ווען מ'טוט אמצוה שאפט מען זיך איין אמלאך מליץ, און ווען מ'טוט איין עבירה שאפט מען זיך איין אמקטרג), שרעקט מיר זייער מיין הארץ, אז די מקטרגים זאלין חלילה ניט מנצח זיין די מליצי יושר, דאס ערשטע, ווייל די מקטרגים זייגען זייער פיל ווי דער צאל פון די עבירות וואס איך האב געטאן, ובפרט די עבירות וואס מיט'ן צונג, לשון הרע, רכילות, קללות, שקר, לצנות, דאס איז גאר אן אצאל. און די מליצי יושר זייגען ווייניג, און דאס צווייטע די מקטרגים זייגען שטארקע און מוטהיגע, ווייל די עבירות האב איך געטאן מיט חשק און מוטה, און די מליצי יושר זייגען שוואכע און פארשלאפענע, אזוי ווי איך האב געטאן די מצות אן חשק און אן מוטה, דרום פאלט אויף מיר אגרויסע שרעק איך זאל חלילה ניט פארשפילין מיין משפט און פארלירען ביידע וועלטין, ניט קיין עולם הזה, האבען חלילה גרויסע צרות פון די שווערע און ביטערע פרנסה, צרות פון קראנקהייטן חלילה, צרות פון שונאים, און צרות פון קינדער חלילה, און ניט קיין עולם הבא, ווייל ווען מגייט ארום אן תורה, אן תפלה, און אן מעשים טובים, ווי אזוי קען מען זוכה זיין צו עולם הבא? און האפען אז מיינע קינדער וועלען מיר דורך טראגען דעם יום הדין און אויך מיר מזכה זיין צו עולם הבא, איז ביי היינטיגע צייטין ווייניג דא וואס צו האפען, הלוואי זאלען היינטיגע קינדער ניט אריין שלעפין די עלטערין טיף אין גיהנם, דרום איז ווי צו מיר און ווי צו מיינע בייזע מעשים, איך בין געגליכען היינט צו איינעם וואס האט בעדארפט פארין אין אווייטע וועג וואס איז ניט זיכער פון רויבער באנדעס און חיות רעות, האט ער דעם טאג פון זיין אב פארין פארבעטין צו זיך זיין פאמיליע מיט אלע גוטע פריינד, און האט זיך מיט זיי געזעגינט און האט יאמערליך געוויינט, פאטער (פרעגין די קינדער) וואס וויינסטו היינט מער ווי אלע מאל? קינדערלאך (ענטפערט ער) איך דארף פארען אווייטע און

מעשה אלפס

נשמה איז געגאנגען אפארפלעקטע אין גיהנם
דריבער זאגט דוד המלך עליו השלום
(אשרי איש ירא ה') וואול איז דעם וואס
טוט תשובה בעת ער איז נאך „אמענטש"
ווען ער איז נאך יונג און געזונד, דערנאכט
איז די תשובה זייער טייער ביי השי"ת,
ובפרט אין די 40 הייליגע טעג פון ראש
חודש אלול ביז יום כפור, דאן איז די
בעסטע צייט צו מאכען דעם יאהר בעלאנגט
און פאריכטען די פעלערן וואס מ'האט
געזינדיגט

אַסַכָּנָה'דִיגֶע וֶועג, פִּיל מֶענְשִׁין זַיינֶען דָא גֶעפָּארֶען אוּנ נִיט צוּרִיק גֶעקוּמֶען, דְרוּם שְׁרֶעקְט מִיר דִי הַארְץ, פִילַייכְט וֶועל אִיךְ חָלִילָה נִיט זוֹכֶה זַיין נָאךְ אַמָאל צוּ זֶעהֶען אַייךְ. דָאס זֶעלְבֶּע אִיז בַּיי מִיר הַיינְט, ווייל אַמֶענְשׁ הָאט צְווֵיי הוֹיפְּט צַייטֶען צוּ זָאגֶען וִידוּי, אֵיין צַייט פַאר'ן גְרוֹיסֶען יוֹם הַדִין אוּנ דֶעם צְווַייטֶען מָאל פַאר'ן שְׁטַארְבֶּען, אַמָאהלִיגֶע יָאהרֶען אַז דִי וֶועלְט אִיז רוּהִיג גֶעוֶועזֶען, יֶעדֶער אִיז גֶעוֶועזֶען רוּהִיג מִיט פַּרְנָסָה, מְ'הָאט נִיט בֶּעדַארְפְט פַארְוָואגִילְט וֶוערֶען אוֹיף יָמִים פָארִין אִין עֶק וֶועלְט, הָאט מֶען זִיךְ נִיט בֶּעדַארְפְט אַזוֹי אָנְשְׁטְרֶיינְגֶען אִין וִידוּי פַארִין יוֹם הַדִין, ווייל מְ'הָאט זִיךְ גֶעקָאנְט סוֹמֵךְ זַיין אוֹיף דֶעם וִידוּי פוּן פַארִין שְׁטַארְבֶּען, לֵיידֶער אָבֶּער הַיינְט וָואס אִידֶען זַיינֶען צוּ שְׁפְּרֵייט אִין אַלֶע עֶקִין וֶועלְט, מְ'פָארְט אוֹיף גְרוֹיסֶע יַמִים וָואס פִיל אוּנְגְלִיקֶען הָאט גֶעטְרָאפֶען, וויפִיל שִׁיפֶען מִיט מֶענְשִׁין זַיינֶען דָאס דֶער טְרוּנְקֶען גֶעוָוארְן, אוּנ פִיל צָרוֹת אוּנ הַארְץ ווייטָאג, זַיינֶען דִי מֶענְשִׁין גֶעוָוארִין ווִי פְלִיגִין וָואס שְׁטַארְבִין פְּלוּצְלוּנְג אוּנ גֵייעֶן אַוֶועק פוּן דֶער וֶועלְט אָן וִידוּי, חַי נֵייטִיג אִיז יֶעצְט דֶער וִידוּי פַארִין יוֹם הַדִין, ווייל וֶוער ווייס טָאמֶער אִיז דָאס חָלִילָה דֶער לֶעצְטֶער וִידוּי, אַלְזָא לִיבֶּער הַארְצִיגֶער פָאטֶער, הֶעלְף מִיר מִתְפַּלֵל זַיין דֶעם לֶעצְטִין מִנְחָה פוּן יָאהר מִיט גְרוֹיס כַּוָנָה אוּנ זָאגֶען „סְלַח לָנוּ אָבִינוּ כִּי חָטָאנוּ" מִיט גְרוֹיס גֶעוֵויין אוּנ מִיט אֵיין אֱמֶתֶה חֲרָטָה אוֹיף דִי אַלֶע בֵּייזֶע מַעֲשִׂים וָואס אִיךְ הָאבּ דֶעם יָאהר גֶעטָאן, אַז אַלֶע מְקַטְרְגִים וָואס זַיינֶען בֶּעשַׁאפֶען גֶעוָוארֶען פוּן מַיינֶע עֲבֵרוֹת זָאלֶען כָּלָה וֶוערֶען, אוּנ גִיבּ מִיר אַרֵיינְגֶעם גֶעדַאנְקֶען אִיךְ זָאל מַאכֶען אַפֶּעסְטִין בֶּעשְׁלוּס נִיט אוּם קֶערֶען זִיךְ חָלִילָה טָאן נָאךְ אַמָאל דִי עֲבֵרוֹת, אוּנ דִי יֶעצְטִיגֶע תְּפִלַּת מִנְחָה זָאל אִיךְ דַאוְונֶען מִיט גְרוֹיס הִתְלַהֲבוּת (וואריםקיים) אוּנ לֶעבְּהַאפְט אַז זִי זָאל קֶענֶען מְהַיֶה זַיין אַלֶע אִירֶע חֲבֵרוֹתוֹת, דָאס הֵייסְט דִי תְּפִלוֹת פוּן אַגַאנְץ יָאהר וָואס אִיךְ הָאבּ גִידַאוְוינְט אָן כַּוָנָה, וָואס זֵיי זַיינֶען ווִי טוֹיטֶע צִיפֶער (נולין), זָאל הַיינְטִיגֶער מִנְחָה זַיין דֶער לֶעבֶּעדִיגֶער צִיפֶער (דער איינס) וָואס עֶר וֶועט זִיךְ צוּ

---

מעשה אלפס

געזינדיגט צו גאט אַליין און אויך די פעלערין וואס מ'האט געזינדיגט צו מענשין און צו הקב"ה וואס ער האט פארזאגט ס'זאל זיך אויפפיהרען ארענטליך מיט מענשין, דריבער שרייבען די הייליגע ספרים, אז אין די הייליגע טעג איז אחוב צו לייענען אלע טאג אביסעלע מוסר ספרים כדי צוערוועקן די הארץ צו תשובה, וועט מען זוכה זיין געשריבען צו ווערען צו אגוט יאהר, אמן

דער

שטעלען צו די גולין און ווערין אצאל פון פיל הונדערטער לעבעדיגע תפלות, וואס וועלען ארויף גיין צו דיין כסא הכבוד ווערען א כתר לראשך, און זאלסט מיר העלפען טאן א תשובה שלמה מיט גרויס הכנעה, איך זאל אריין גיין צום יום הדין. און דו זאלסט מיר אנשרייבען צו אהדר פון לעבען און געזונד און פרנסה בכבוד, און נחת פון מיינע קינדער, איך זאל זיי זוכה זיין צו ערציהען צו לערנען דיין היילעגע תורה און טאן מעשים טובים, עס זאל זיין שיין פאר גאט און לייטען, אמן.

# סדר ליכט בענשין פון ראש השנה.

ווען די אידעשע פרוי וואלט וויסען ווי ווייט די מצוה פון ליכט בענשין איז גרויס. וואלט זי געוויס געבענשט מיט אריינע כונה און מיט גרויס שמחה, ווי דער היילעגער תנא ר' שמעון בן יוחאי שרייבט אין זוהר הקדוש (פ' בראשית) (ואתתא בעי בחדוה דלבא ורעותא לאדלקא בוציגא דשבת), דאס הייסט אפרוי דארף בענשין ליכט שבת ויום טוב מיט פרייד פון הארצען און מיט גרויס כונה, די מצוה איז אגרויסער כבוד פאר איר. אז איר האט דער וועלט קעניג אויסערוואהלט מקבל פנים זיין די האכגעשעצטע מלכה (שבת המלכה), און דאס איז אגרויסער זכות פאר איר זוכה צו זיין צו גוטע קינדער וואס זייערע אויגען זאלען לייכטין אין דער תורה, און זיי זאלען ברענגען גרויס פרייד אויף דער וועלט און אריכות ימים פאר איר מיט איר מאן און קינדערלאך, ובפרט די ליכט בענשין פון ראש השנה וואס מיט דעם נעמט זי אויף דעם נייעם יאהר, דארף זי געוויס בענשין מיט אריינע הארץ און מיט גרויס פרייד, וועט

מעשה אלפס ופרי הגפן

## התעוררות לימים הנוראים.

דער ערשטער טאג פון חודש תשרי איז בקבלה ביי אונזערע חכמים אז ער איז ביי אונז בני ישראל ראש השנה, אין יחזקאל מ' שטייט בפורש: בראש השנה בעשור לחדש, ד. ה. אז ביז נאך יום כפור, רעכינט זיך אלעס פיר ראש השנה, דען די חכמים האבען בקבלה אז דער דין ומשפט וועלכער פאנגט זיך אן דעם ערשטען טאג ראש השנה, ענדיגט זיך ערשט אום יום כפור, דען „בראש השנה יכתבון וביום צום כפור יחתמון". — דער אברבאנאל שרייבט, אין נאמען פון דיא אלטע אסטראנאמיקער אז אין מזל „מאזנים" (חודש תשרי), אין דיין אנפאנג געהט איוף דעם נאראזאנט, איין צורה פון צוזאמענגעשטעלטע שטערין, אין דער

זי מיט דעם זוכה זיין בריינגען אגוט יאהר אויף זיך אונ אויף איר מאן אונ קינדער.

אַז ר"ה גיפאלט אום דער וואכין זאגט מען די ברכות נאכהער צינט מען די ליכט אונ ווען עס גיפאלט אום שבת זאגט מען די ברכות נאך ליכט צינדין.

בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם, אֲשֶׁר קִדְּשָׁנוּ בְּמִצְוֹתָיו וְצִוָּנוּ לְהַדְלִיק נֵר שֶׁל יוֹם טוֹב (אויב יו"ט גיפאלט אום שבת זאגט מען שֶׁל שַׁבָּת וְשֶׁל יוֹם טוֹב*).

ווייל די צווייטע נאכט ראש השנה איז אספק אויב מ'זאל מאכען "שהחיינו" אדער ניט, דרום איז רעכט אז די אשה זאל אן טאן צו ליכט בענשין אנייעם בגד אדער אוועק לייגען אויפ'ן טיש אנייע פרי אונ זאל אכוונה האבען מיט דעם שהחיינו אויך אויף דעם בגד אדער די פרי.

בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם, שֶׁהֶחֱיָנוּ וְקִיְּמָנוּ וְהִגִּיעָנוּ לַזְּמַן הַזֶּה.

אונ גלייך נאך ליכט בענשין זאל זי זאגען די קליינע תחנה מיט גרוים שמחה

איך דאנק דיר גוטער גאט פאר די זכיה, וואס דו האסט מיר מזכה גיוועזן מיט די היילינע מצוה פון ליכט בענשין אין דעם יום הדין, אונ איך בעט דיין רחמנות אז דו זאלסט מיר מזכה זיין היטען די מצוה דעם גאנצין יאהר, אונ אזוי ווי איך האב ליכטיג גימאכט מיין שטוב מיט מיין אנצינדען די ליכט, אזוי זאלסטו דערלייכטען די אויגען פון מיינע קינדער מיט די ליכט פון דער תורה, אונ זאלסט ליכטיג מאכען אונזער משפט מיר זאלען געשריבען ווערען לחיים טובים ארוכים ושלום, אמן סלה.

---

*) ווייל ניט אלע פארשטייען דעם טייץ פון די ברכה שטעלין מיר דא דעם טייץ פון דעם, בכדי מ'זאל דאס זאגען מיט גרוים כונה.

ברוך געלויבט ביזט דו גאט, קעניג פון דער וועלט, וואס דו האסט אונז געהייליגט מיט דיינע מצות, אונ האסט אונז (פרויען) גיבאטין ליכטיג מאכען אונזערע הייזער מיט די ליכט פון יום טוב (אויב עס גיפא"ט אום שבת זאגט מען) מיט די ליכט פון שבת אונ יום טוב.

ברוך געלויבט ביזט דו גאט, קעניג פון דער וועלט, וואס דו האסט אונז געשאנקען לעבען, אונ אונז געהאלטען אויף דיין וועלט, אז מיר האבען זוכה גיוועז צו די היילינע צייט פון דעם היילינען יום טוב.

## בּוֹרֵא עוֹלָם, אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל !

אָה וֶועלְט שֶׁאפֶּער, דֶער מֶעכְטִיגֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל .

## נוֹתֵן נְשָׁמָה כֹּחַ וָאֱיָל .

דֶער וָואס גִיט לֶעבֶּען דֶער וֶועלְט בִּכְלָל אוּנ זַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל
קְרֶעפְטִין צוּא עֶקְזִיסְטִירֶען שׁוֹין טוֹיזֶענְדֶער יָאהר

## בַּיּוֹם הַזֶּה עוֹלָמְךָ בָּרָאתָ .

אִין דִיזֶען טָאג , עֶרְשְׁטִין תִּשְׁרֵי הָאסְטוּ דַיין וֶועלְט בֶּעשַׁאפֶּען .
דַאמָאלְס אִיז דֶער עֶרְשְׁטֶער ראש הַשָּׁנָה גִיוֶועזֶן .

## אַךְ הוֹשֶׁךְ וַאֲפֵלָה הָיָה .

אָבֶּער קֵיינֶע לִיכְטִיגְקַייט אִיז אוֹיף אִיר גִיוֶועזֶן .

## וַתֹּאמַר , יְהִי אוֹר ! וַיְהִי .

הָאסְטוּ אַזָאג גֶעטָאן — לִיכְטִיג זָאל וֶוערִין ! אִיז גֶעוָוארֶען .

## תָּלִיתָ אֶת הַמָּאוֹר הַגָּדוֹל וְהַקָּטָן .

דוּ הָאסְט אוֹיף גֶעהַאנְגֶען אִין דַיין גְרוֹיסֶע וֶועלְט גֶעבַּיידֶע דֶעם גְרוֹיסִין
פֶעַנְאר , דִי זוּהן , אוּנ דִי לְבָנָה .

## וְאִתָּם צֶאֱצָאֵיהֶם הַכּוֹכָבִים סְבִיבָם .

אוּנ מִיט זֵיי אוֹיךְ דִי שְׁטֶערִין , דִי פְּלַאנֶעטֶעס , וֶועלְכֶע גֵייהֶען אַרוּם
דִיזֶע פָּאר לִיכְט , זָא וִוי קִינְדֶער אַרוּם זֵייעֶרֶע עֶלְטֶערִין .

---

מ ע ש ה א ל פ ס ו פ ר י ה ג פ ן

סְפָּארֶעם פוּן אַיין בֵּייזֶען מַאן , אִין זַיין רֶעכְטֶע הַאנְד הָאלְט עֶר אַיין וָואנְשָׁאל , אִין זַיין לִינְקֶע — פַאר שְׁרִיבֶּענֶע אָפֶענֶע בִּיכֶער (סְפָרִים פְּתוּחִים) ; דִיזֶע בֶּעוַוייזֶען-שְׁרַייבְּט דֶער אַבַּרְבַּנְאֵל — אַז „פֶּלֶס וּמֹאזְנֵי מִשְׁפָּט לַיְיָ" , אִין יֶענֶע טֶעג , אִין זֵיי וֶועגְט עֶר דֶעם מֶענְשִׁינְס מַעֲשִׂים , גֶעבֶּען יֶעדֶען נָאךְ זַיין פֶעֶרדִינֶסְט לְרַע אוּנ לְטוֹב , דִי בִּיכֶער דֶערְמַאגֶען דִי מֶענְשִׁין אַז „שְׁלֹשָׁה סְפָרִים נִפְתָּחִים" בְּראש הַשָּׁנָה כו' — דִיזֶער טָאג ראש הַשָּׁנָה , הַייסְט מִיט זַיין נָאמֶען אִין דֶער תּוֹרָה : „יוֹם תְּרוּעָה" , „זִכְרוֹן תְּרוּעָה" ; דֶען אִין אָנְפַאנְגְס יָאהר אִיז גְלַייךְ וִוי אַ אָנְפַאנְג פוּן דֶעם בּוֹרֵא ב"ה מְלוּכָה , בִּפְרַט וִוי אַלֶע קַדְמוֹנִים זַיינֶען מַסְכִּים מִיט דֶער דֵעָה פוּן ר' אֱלִיעֶזֶר , וֶועלְכֶער הַאלְט אַז בְּראש הַשָּׁנָה נִבְרָא הָעוֹלָם , זָא וִוי דֶער חָכָם אֶבֶּן עֶזְרָא , ר' סַעֲדְיָה גָאוֹן , שְׁרַייבֶּען , אוֹיף דִיזֶעם בֶּעוַוייזְט אוּנְז אוֹיךְ דֶער שׁוֹפָר , וֶועלְכֶער דֶערְמָאנְט אוּנְז אוֹיךְ

## בָּרָאתָ לְאָדָם הָרִאשׁוֹן וְעֶזְרָתוֹ חַוָּה.

דו האסט דאן בעשאפען דעם ערשטין אדם אויף דער וועלט. פערפערטיגט אויך פיר איהם איינע הילפע אין זיין לעבין, איין שתף געמען מיט אים א אנטהייל אין זיין וועלט–חוה'ן זיין פרוי.

## מָעוֹן וּמַאֲכָל וּלְבוּשׁ לָהֶם עָרַכְתָּ.

איין פארטיגען וואהנונג אין גן–עדן, א געגרייטען טיש מיט אלעם גוטען, אי אנצוגען, קליידער האסטו זיי גיגעבין.

## אַךְ יִצְרָם הָרַע הֱסִיתָם.

דער שלאנג, דער יצר הרע, וועלכער זיצט איינערליך ביין מענשין, האט זיי צו לוקסום, צו באזעם אן גירעט, זיי האבען פונ'ם עץ הדעת געגעסין, זיי האבען זייערע יאהרען פערקירצט.

## בְּנָם קַיִן הָרַג אֶת אָחִיו הֶבֶל.

וייער פערדארבענע בלוט, האבען זיי צו קינדער איבערגיגעבען, דער קין איז דער ערשטער מערדער אויף דער וועלט גיוועזען, זיין אייגען ברודער די בלוט פערגאסען.

## כֹּה חָלְפוּ הַדּוֹרוֹת.

אט אזוי, זיינען, פון אדם הראשון אן, פיל דורות דורך געגאנגען, דיזע ערשטע פארפאלג, וועלכע האבען גיקענט טויזענדער יאהרען לעבען, האבען דער לעבט נור ניין הונדערט מיט דרייסיג יאהר, אונ ווייטער, ווייטער זיינען די מענשליכע יאהרען געמינערט



קראנאציע, זא וויא עס שטעהט ביי דער קראנאציע פון שלמה המלך, (ויתקעו בשופר ויאמרו יחי המלך שלמה), מיט דיזען שופר בלאזען שרייט דאס גאנצע פאלק ישראל, יי מלכנו הוא יושיענו, המלך יעננו ביום קראנו, זא ווי די גמרא זאגט דעריין, אמרו לפני מלכיות כדי שתמליכוני עליכם, אונ אין תפלת מוסף זאגען מיר, זה היום תחלת מעשיך זכרון ליום ראשון. — דער כלל איז, אלע יאהר אין דיזען טאג איז נייע מאנעפעסטין, דעם עולם הגדול בכלל אונ יעדען מענשין (דעם עולם קטן) בפרט; אבער דער גאטען מאנעפעסט הייסט ניט נור לטובה, נור אויך דער הפך; ווער פון אונז קאן זיך רעכענען פון דער גליקליכער קאטעגאריע וועלכע וועט נעווים איין ארדער באקומען? ווען אונזערע בעוואוסטע חכמים האבען זיך נור פיר בינונים געהאלטען (אמר רבה כגון אני בינוני) היינט וואס זיינען מיר?...

מיר

געווארען, די מענשליכע ליכט האט זיך אויסגעלאשען. ביז מענשין
האבען אויף דעם וועלט באשעפער תרעומות גיקראגען, מען האט
אנגעפאנגען צו דער זוהן און לבנה דינען.

שמש וירח קדרו, וכוכבים אספו נגהם.

די נאטור זעלבסט איז אויך געווארען פאר דארבען

ותשחת הארץ לפני האלהים.

די וועלט איז פאר דארבען, דר לוקסוס איז גרויס, די מענשליכע
תאוה אן א ברעג, דער מענשליכער פערשטאנד פערשוואכט,
די נשמה, די נר אלהים נשמת אדם – פער לאשען געווארין

ורק אחד היה בדור ההוא נח הצדיק.

דער נח הצדיק האט אויך געהאט א זוהן חם, מיט א גראבען
כאראקטער, א ניט שעטצער די עלטערין, פער דארבען
אין אלעם.

המבול שטף את כל.

האט דער שוועגער זיי אלעמען פארפלייצט מיטען מבול, נאכהער
איז א נייע וועלט געווארען, ניי אבער ניט טריי, א שוואכערע
א דונקלערע. —

צעהן דורות זיינען ווידער דורך געלאפען, ביז אברהם את שרה.
דיזע פאר פאלק, וועלכע האבען ערקענט דעם וועלט שאפער
מיט א ליכטיגען פערשטאנד, זיי האבען ערקלערט די מענשין דעם
ריינעם אמת, די ריכטיגע אמונה אין דעם איינציגען גאט, זיי האבין
אויס געשריען ה' אחד! —

---

מעשה אלפס

מיר זיינען געגליכען צו א גובערנסקי
טורמע, וועלכע איז שוין אלט און
פערפוילט געווארען, די אדמיניסטראציע
האט אויף א נייעם ארט א נייע פעסטונג
געשטעלט. די צייט פון חנכת הבית איז
געקומען, בעאמטע האבען זיך אין דער
נייער געבוידע פערזאמעלט, טישען נייגען
געגרייט, די בעסטע שפייזען נייעם
פערפערטיג, דער שלום האט זיך גע

ופרי הגפן

פערוויילט, איין ארקעסטער מוזיק גיט
קאנצערט; נאכהער הייבען זיך די
בעאמטע אויף, זיי ווינטשעווען מיט גליק
איינער צום צווייטען, מען געהט מיט
מוזיק גענען די ארעסטאנטען, זיי איבער
פיהרען פון דער אלטער טורמע צו דער
נייער. די קייטען קלינגען, ביי די געפאנגענע
טריקענען זיך ניט די טרערין, א נייע –
טורמע; דאס גלייכען זיינען מיר עם בני
ישראל

## בַּעֲשָׂרָה נִסְיוֹנוֹת עָמַד אַבְרָהָם אָבִינוּ.

דֶער מַאן אוּנְז גָאט אִין דִיזֶע עֲשֶׂרֶת יְמֵי תְּשׁוּבָה, דֶעם זְכוּת פוּן אוּנְזֶער אַלְטֶער פָאטֶער אַבְרָהָם, וָואס עֶר אִיז בַּיי גֶישְׁטַאנֶען בַּיי דִי צֶעהֶען נִסְיוֹנוֹת וָואס דוּ הָאסְט אִים גִיפְּרוּבְט, אוּנ דֶעם זְכוּת פוּן אוּנְזֶער אַלְטֶער מוּטֶער שָׂרָה.

## נֵר שָׂרָה אִמֵּנוּ הָיָה דוֹלֵק מֵעֶרֶב שַׁבָּת לְעֶרֶב שַׁבָּת.

עֶרְלַייכְט גָאט מַיין לִיכְט. זָאל בְּרֶענֶען הֶעל, קְלָאהר, אִין מַיין גַאנְצֶען לֶעבִּין, אִיךְ בִּין דָאךְ שָׂרָה׳ם אַ טָאכְטֶער.

## נָא אֱלֹהֵי אֲבוֹתֵינוּ!

הָאבּ רַחֲמָנוּת אוֹיף מִיר (פנ״ס), גִיבּ מִיר זִין אוּנ שְׁנִיר זָא וִוי יִצְחָק אוּנ רִבְקָה, עֶרְלַייכְט זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען, אַז זֵיי זָאלֶען הָארְכְוַואמִיג זַיין, מִיר אוּנ מַיין מַאן, זָא וִוי יִצְחָק צוּ אַבְרָהָם וְשָׂרָה.

## זְכוֹר נָא לִי עֲקֵדַת יִצְחָק.

אָה גוּטֶער גָאט, דֶער מָאנְט הַיינְט צוּם יוֹם הַדִין, דִי דָאלֶק, דֶעם מִזְבֵּחַ, דִי פַייעֶר, דִי עֲקֵדָה וֶועלְכֶע אִיז אִין דִיזֶען טָאג גֶעשֶׁעהֶן. קוּק זֶע אָהן, אוּנְזֶער צַייט דִיא פִינְסְטֶערֶע, דִי קִינְדֶער וֶועלְכֶע נֵייעֶן וִוי גֶעבּוּנְדֶענֶע... זֵיי זַיינֶען דָאךְ אִידֶען, זֵיי הָאבֶּען דָאךְ נָאךְ זֵייעֶרֶע אָבוֹת אִין גַאנְצֶען נִיט פֶערְגֶעסֶען.

## כִּי גַם אֲנַחְנוּ מִבְּנֵי אַבְרָהָם וְשָׂרָה.

מִיר הָאלְטִין דָאךְ זִיךְ אָן דַיין אֱמוּנָה, מִיר גְלוֹיבֶּען דָאךְ אַז ה׳ אֶחָד, מִיר ווִילֶען דָאךְ דִיךְ דִינֶען, נוּר דֶער פִינְסְטֶערֶער יֵצֶר הָרַע,

---

מעשה אלפס ופרי הגפן

יִשְׂרָאֵל וֶועלְכֶער אִיז כְּבוּשָׁה בַּגּוֹלָה, אַיָאהר אַוועק אַיָאהר גֶעקוּמֶען, דִי שְׁכִינָה אִיז אִין גָלוּת, דִי תּוֹרָה, דָאס פָאלְק, פֶערְבּוּנְדֶען הֶענְד אוּנ פִּיס, דִי קָאפּ שְׁווִינְדִילְט, אִין דִי אוֹיגֶען פִינְסְטֶער, דֶער מוֹטָה גֶעוָוארְפֶען, פוּן אַלֶעם בֶּערוֹיבְּט (לֶעשָׁאן פְרַאווו) נוּט יוֹם טוֹב! „הֶערְט זִיךְ קוֹלוֹת״ אִין יִשְׂרָאֵל צוּם צְווַייטֶען - רֹאשׁ הַשָּׁנָה, „לְשָׁנָה טוֹבָה תִּכָּתֵבוּ וְתֵחָתֵמוּ״ „שֶׁהֶחֱיָינוּ וְקִיְּמָנוּ וְהִגִּיעָנוּ לַזְּמַן הַזֶּה״ אַנַייעֶר יָאהר, אַנַייעֶר גָלוּת, מִיט אַנַייעֶ טוּרְמֶע, מִיט נַייעֶ אֶבְיוֹנִים, מִיט נַייעֶ עֶמִיגְרַאנְטֶען מֵעֵבֶר לַיָּם... תִּקְעוּ בַחוֹדֶשׁ שׁוֹפָר! שְׁפִּילְט מוּזִיק! אָבֶּער - בַּכֶּסֶא לְיוֹם חַגֵּנוּ, דִיזֶער יוֹם טוֹב אִיז פֶערְדֶעקְט, נִיט קְלָאהר, פַאר וֶועמֶען פוּן אוּנְז וֶועט עֶר זַיין אַ טוֹב, אוּנ פַאר וֶועמֶען אַ רַע, בֶּעהִיטֶע גָאט! נָאךְ עֶרְגֶער פוּן דֶער אַלְטֶער טוּרְמֶע... כִּי חֹק לְיִשְׂרָאֵל הוּא מִשְׁפָּט לֵאלֹהֵי יַעֲקֹב, דִיזֶער טָאג מִיט זַיין פַארְנֶעמְצוּנְג, דִי עֲשֶׂרֶת יְמֵי תְּשׁוּבָה, בִּיז

און דער פינפטער גלות דער לאזט ניט די יונגע קינדער גיין אין גאטעס וועג, און היטען ווי געהעריג דעם „נר מצוה ואור תורה״.

# אור ישראל וקדושו!

דער לייכט די אויגען מיין מאן אין זיין טעגליכען לעבען, פער-גרינגער אים זיין פרנסה, מיט ווייניג מיה. אויפין נייעם יאר.

# מלך מוחל וסולח!

פיר גיב מיר מיינע זינד, אויף וועלכע איך בין ניט יוצא געגען דיר, הן אין קיד אין אפהיטען זיך אין כשרות, אין בשר בחלב, פליישיגס מיט ב... ביגס. הן אין טהרה, וואס געהער אן צווישען מיר און מאן און די קינדער, הן אין קארג זיין צו געבען הילפע ארימע פיל מיין טעגליך ... הן אין קנאה מקנא זיין דיא קליידער און צירונג פון דער צווייטע.

# והאר עיני עמך בארצות פזוריהם.

אה גוטער גאט, דער לייכט דיין פאלקס אויגען דא און דארט, אז זייא זאלען זיך אלע פיר איינינגען צוא דינען דיך מיט אביינגע הארץ.

# ובזכות הדלקת הנרות.

זא ווי איך דער לייכט מיין הויז, מיט דיזע ליכט, זא זאלסטו, גאט דער לייכטען דעם בית ישראל, און מיין הויז זאל אויך זיין אין בכלל, צו משפטען אונז צוא געזונד, און פרנסה, צו אגאולה וישועה, אין דיזען יאהר.

---

מעשה אלפס ופרי הגפן

נאך יום כפור, איז אויף דעם פאלק ישראל יעדער יאהר, אנייער משפט, מען משפט אונז ביי דעם מלך מלכי המלכים, דעם פרט, אויך דעם כלל, „וכולם נסקרין בסקירה אחת״, דען דער כלל ישראל באשטייט דאך פון די פרטים, וועון די פרטים זיינען זוכה במשפט, דאן קאן פון דעם נידערגעשלאגענעם פאן יעקב, וועלכער ווערט ביז דעם פריט צערטראטין-אין גראבארטיגעם פאלק ישראל ווערין, וועלכער האט דיזען טיטול ישראל כשר פערדינט, ער זאל איין זיגער בלייבען. די מלחמה די אלטע מנצח זיין, לא יעקב יאמר עוד שמך, כי אם ישראל וגו׳, און עם זאל מקוים ווערין — כל העמים תקעו כף הריעו לאלהים בקול רנה וגו׳, יבחר לנו את נחלתנו את גאון יעקב אשר אהב סלה, אמן.

## והאר פניך על מקדשך השמם.

ניב א פריילעך בליק אויף דעם ארט וואו אונזער בית המקדש איז געשטאנען, וואו דיין פאלק האט זיך פעראייניגט, אונ מיר זאלען זוכה זיין להדליק נרות אין דער הייליגער מנורה, במהרה בימינו, אמן.

## תחנה לדוד מזמור

דעם מזמור זאגט מען ביידע טעג ראש השנה אונ אויך יום כפור נאך מעריב:

לדוד מזמור, איין לויב-גיזאנג פון דוד המע"ה צו השי"ת, (לה' הארץ ומלואה) צו גאט געהער די ערד אונ אלעם וואס אויף איר געפינט זיך א) די בעוואהנטע פלעצער אונ אלע אירע בעזיצער פון אויף איר, דען ביי ימים הט ער זי געגרינדעט אונ ביי שטראמענדע טייכין הט ער זי פעסט געשטעלט (מיט דעם וואס ער האט איר פאר ארדינט מיט אלעם, זי זאל זיין ראוי לישוב האדם, ווען מען אז ער איז איר באשעפער). (מי יעלה) ווער איז ראוי אויף צוא שטייגען אויף גאטעס בארג (דעם בית המקדש) אונ ווער האט רעכט צו שטיין אויף זיין הייליגען פלאץ. (נקי כפים) ביי וועמען עס איז ריין די הענד (ער האט נים פארנומען אפרעמדין גראשין) אונ א קלארע אריינע הארץ (נים געטראכט קיין שלעכטע מחשבות) אונ ווער עס האט ניט אוים געשפראכען אומזיסט, איך שווער ביי מיין לעבן אונ אפשיטא אז ער האט קיין מאל גישווארין פאלש (כלומר זיין מויל איז א כשרה אריינע). (ישא ברכה) אזא מענש וואס זיינע הענד, זיין הארץ אונ זיין מויל זיינען ריינע, דער וועט ער-האלטין פון גאט ב"ה א ברכה (אויפען נייעם יאהר) אונ איין רעכטין לוין פון גאט זיין העלפער. (זה דור דורשיו) די וואס פירען זיך אזוי אויף, די הייסין דר דור וום פארשטין נאך גאט, די וואס זוכין דיר גאט (די זאלסט מאכין רוהען דיין שכינה צווישען זיי) די זיינען די וואהרע קינדער פון יעקב אבינו ביז עווינ. (שאו שערים) איר טויערין פון בית המקדש הויבט אויף אייערע קאפ (והנשאו) אונ ווערט דער הויבין איר טירין וואס אייער קדושה וועט

---

מעשה אלפס

א) דאס הייסט די גרויסע וועלט איז דער געטליכער בופעט, וואס ער האט צו געגרייט פאר די וועלט-רייזענדער אויף זייער לעבענס-באן, וועלכעס-פערשטענדליך איז. אז מ'געניסט פון באן-בופעט דארף מען גוט בעצאהלען, אבער מיט וואס קענען מיר צאלין דעם בורא ב"ה? אויב מיט געלט? איז דאך די געלט אויך זיינע (לי הכסף והזהב אמר ה' צבאו"ת) זו וואו נעמען מיר אזא נארט "מטבע" וואס דער בורא

בלייבן ביז עוויג, הגם דער בית המקדש איז חרוב און פאר ברענט געווארן, אבער די טויערין זיינען ניט פאר ברענט נור פאר זונקען געווארין אין דערערד, ווי ירמיהו הנביא האט געזאגט (טבעו בארץ שעריה) און לעתיד וועלין זיי ענטדעקט ווערין, און מיר וועלין זיי אן טאן אויפ'ן בית המקדש וואס דער בורא אליין וועט בויען, בכדי עס זאל הייסן אז מיר האבין אויך א טייל אין דער מצוה (ועשו לי מקדש) פון בויען דעם בית המקדש. (ויבא מלך הכבוד) און עס זאל אריין קומען אין אייך דער קעניג פון ערדע, כלומר, מ'זאל אריין טראגין דעם ארון הקודש מיט די לוחות אין קדשי קדשים, (מי זה) ווער איז דאס דער מלך הכבוד? (פרעגין די טויערין) ענטפערט שלמה המלך, ניט אויף מיר מיין איך דאס, נור גאט דער שטארקער שטרייט, העלד, צו שטרייטין קעגין די שונאי ישראל, נעמען ראכע פון זיי (שאו שערים) הייבט אויף איר טויערין אייער הויפט, (ושאו פתחי עולם) און ווערט ערהויבין איר טירין וואס אייער קדושה וועט בלייבין אויף עוויג (מיט דעם איז ער מרמז אויף דעם צווייטען בית המקדש וואס זיין הייליגקייט איז געבליבן אויף עוויג, אז אפילו היינט (בחורבנו) טאר אויף דעם פלאץ נים ארויף טרעטין א טמא לנפש און ווען ער טרעט ארויף איז ער חייב כרת על פי דין התורה). (מי הוא זה מלך הכבוד?) ווער איז דאס דער קעניג פון ערדע? (פרעגין די טויערין), — ענטפערט שלמה המלך — דער גאט פון אלע הערשאפט ער איז דער קעניג פון ערדע, עוויג 1).

מעשה אלפס

בורא זאל דאס אן נעמען אין געצאלט? זאגין די חז"ל, דאס איז די „מטבע" שטבעו חכמים בברכות, די ברכה וואס מען מאכט אויף די שפייז, דאס איז די „מטבע" וואס מען צאלט דעם בורא ב"ה מיט דעם, אזוי ווי דער קינד וואס איז מכיר טובה (דאנקבאר) דעם פאטער פאר די נוטעס וואס ער טוט איהם, נעמט דער פאטער אן די דאנקבארקייט פאר איין געצאלט פאר די נוטעס, און עס איז איהם ליב צו געבין דעם קינד נאך נוטעס, אזוי איז אויך ווען מיר זיינען דאנקבאר דעם בורא ב"ה פאר אלעס וואס ער גיט אונז למשל מיר זאגין (ברוך אתה יי) געלויבט ביזט דו גאט קעניג פון דער וועלט וואס דו האסט בעשאפען די און די שפייז, און אזוי (ברוך יוצר המאורות) געלויבט ביזט דו גאט פאר די ליכטער (די זון און די לבנה) וואס דו האסט בעשאפען אונז ליכטיג צו מאכען, און אזוי מלביש ערומים) געלויבט ביזטו גאט דער קעניג פון דער וועלט פאר די קליידונג וואס דו האסט אונז געגעבען, און אזוי (ברוך חונן הדעת) פאר די פארשטאנד וואס דו האסט אונז געגעבען, נעמט דער בורא דאס אן פאר אניצאלט, און עס איז איהם ליב צו געבין אונז אויפ'ן נייעם יאהר לעבען און צום לעבען מיט גרוים נחת.

1) כלומר ניט ווי די פהילאזאפין זאגען אז עס איז קיין כבוד פאר גאט אכטונג צו

## זְכוֹר לָנוּ בְּרִית אַבְרָהָם אָבִינוּ.

גִידֵיינְק אוּנְז לִיבֶּער גָאט דֶעם זְכוּת פוּן אוּנְזֶר פָאטֶער אַבְרָהָם, וָואס פוּן דְרַייא יָאהר אָן הָאט עֶר דֶער קֶענְט זַיין בַּאשֶׁעפֶער אוּנ הָאט זִיךְ מוֹסֵר נֶפֶשׁ גִיוֶוען בֶּעקַאנְט צוּ מַאכִין דַיין נָאמֶען אִין דֶער וֶועלְט, אוּנ אִיז מִיט צֶעהְן נִסְיוֹנוֹת גִפְּרוּבְט גְוָוארְן, גִידֵיינְק אוּנְז לִיבֶּער גָאט, זַיין זְכוּת דֶען מִיר טוּעֶן צִיטֶערִין אוּנ פָארְכְטֶען פוּן דֶעם יוֹם הַדִּין, וֶוען מִיר טוּעֶן זִיךְ בַּאדֵיינְקֶען דָאס הַיינְטִיגִין טָאג טוּסְטוּ זִיךְ זֶעצִין אוֹיף דַיין שְׁטוּל אוּנ טוּסְט מִשְׁפֶּטִין דַיין בַּאשֶׁעפֶענִישׁ, אוּנ עֶס וֶוערְט גִילֵייעֶנְט פַאר דִיר דֶער בּוּךְ פוּן אַלֶע מַעֲשִׂים פוּן דִי מֶענְשִׁין פוּן דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט. קַיין זַאךְ אִיז פַאר דִיר נִיט פַאר הוֹילִין אוּנ קַיין פַאר גֶעסוּנג אִיז פַאר דִיר נִיט דָא. דֶער מָאן דִיךְ לִיבֶּער גָאט אָן אוּנְזֶער פָאטֶער אַבְרָהָם, אוּנ דֶער בַּארִים דִיךְ אוֹיף זַיינֶע קִינְדֶער אִין דִי צֶעהְן טֶעג פוּן רֹאשׁ הַשָּׁנָה בִּיז יוֹם כִּפּוּר צוּלִיב זַיין זְכוּת וָוס עֶר אִיז מִיט צֶעהְן נִסְיוֹנוֹת גִיפְּרוּבְט גְוָוארְן אוּנ דוּ הָאסְט גִיפוּנֶען זַיין הַארְץ טְרַייא צוּ דִיר.

## זְכוֹר לָנוּ זְכוּת שָׂרָה אִמֵּנוּ.

גִידֵיינְק אוּנְז לִיבֶּער גָאט דֶעם זְכוּת פוּן אוּנְזֶער מוּטֶער שָׂרָה, וָואס זִי אִיז אִין דֶעם טָאג רֹאשׁ הַשָּׁנָה דֶערְמָאנְט גִיוָוארִין אוּנ שְׁרַייב אוּנְז אָן בְּסֵפֶר הַחַיִּים, אוּנ מִיר זָאלִין הָאבִּין קִינְדֶער תַּלְמִידֵי חֲכָמִים. רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, דוּ הָאסְט אִיר צוּא נַיינְצִיג יָאר אַיין אֵיינְצִיגִין זוּהְן גִיגֶעבִּין, אוּנ הָאסְט אִיר צוּא גִיזָאגְט דָאס אִירֶע קִינְדֶער וֶועלִין זַיין פִיל אוּנ וִויכְטִיג ווִי שְׁטֶערִין אִין הִימֶעל, יֶעצְט לִיבֶּער גָאט זָאל אִיר זְכוּת בַּיישְׁטֵיין דָאס אִירֶע קִינְדֶר, וָואס זֵיי זַיינֶען דַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל, זָאלִין חָלִילָה נִיט פַאר לֶענְט וֶוערִין, אוּנ שְׁרַייב אָן אַ גוּט יָאהר מִיר אוּנ מַיין מַאן אוּנ מַיינֶע קִינְדֶער אוּנ קִינְדֶס קִינְדֶער אוּנ כָּל יִשְׂרָאֵל, אָמֵן.

## זְכוֹר לָנוּ עֲקֵדַת יִצְחָק אָבִינוּ.

גִידֵיינְק אוּנְז לִיבֶּער גָאט דֶעם זְכוּת פוּן אוּנְזֶער פָאטֶער יִצְחָק וָואס עֶר הָאט זִיךְ גִילָאזְט מַקְרִיב זַיין פוּן דַיין נָאמֶען וֶועגִין אוֹיף

---

מעשה אלפס

גֶעבִּין אוֹיף דִי נִידֶערִיגֶע וֶועלְט. אִיז בְּכֵן דֶער מֶענְשׁ שְׁפִּילְט בַּיי הַשֵּׁי"ת אַגְרוֹיסֶע קֶען דֶער מֶענְשׁ טָאן וָואס עֶר וִויל. ווִי רָאלֶיע, וּבִפְרַט זֶרַע אַבְרָהָם יִצְחָק וְיַעֲקֹב בַּאלְד עֶס אִיז נִיטָא קַיין מַשְׁגִּיחַ. נִיט אַזוֹי, וָואס רוּפֶען זִיךְ זַיינֶע קִינְדֶער, אִיז זַיין

עהרע

דעם הר המוריה. רבש"ע עס זאל זיין גלייך ווי זיין אש ליגט אויף דעם מזבח און זיין בלוט איז פאר גאסין, און דאס קול פון שופר וואס מיר בלאזין היינט ווי דו האסט אונז פאר זאגט אין דיין הייליגע תורה, זאל פאר טומלען אלע מקטרגים וואס קומען מקטרג זיין אויף דיין פאלק ישראל, און זאלסט צו רייסין דעם גזר דין, און מיט דעם קול פון שופר זאלין ארויף גיין פאר דיר אלע אונזערע תפלות און בקשות, דאס דו זאלסט אונז אן שרייבין צו איין גוט געבענשט יאר.

## זכור לנו זכות רבקה אמנו.

גידיינק אונז ליבער גאט דעם זכות פון אונזער מוטער רבקה, וואס זי האט זיך גיהאדעוועט ביי עלטערין רשעים (לבן ובתואל) און צווישען שלעכטע מענשן, און האט זיך ניט אב גילערינט פון זייערע מעשים, און אזוי ווי זי האט זיך בעמיהט דאס אונזער פאטער יעקב זאל מקבל זיין די ברכות פון אונזער פאטער יצחק אזוי זאל זי שטיין היינט ביים יום הדין פאר דיין כסא הכבוד ממליץ טוב זיין אויף אונז איהרע קינדער דאס מיר זאלין אן געשריבען ווערין צו א גוט יאהר, און אונזער הארץ זאל בלייבין טריי צוא דיר, מיר זאלין זיך ניט אב לערנען קיין לייכט זיניגקייט פון שלעכטע גיזעלשאפטין, און אלע ברכות פון אונזער פאטער יצחק זאל אויף אונז מקוים ווערין במהרה, אמן.

## זכור לנו זכות יעקב אבינו.

גידיינק אונז ליבער גאט דעם זכות פון אונזער פאטער יעקב, אזוי ווי דוא האסט אים גיהאלפין פון עשו און פון לבן, אזוי זאלסטו אונז העלפין פון כל המקטרגים זיי זאלין אויף אונז ניט קענען מקטרג זיין צו דעם יום הדין. אונזער היינטיגער משפט זאל ארויס גיין מיט גרויס דער בארימקייט, און אזוי ווי ער איז גיבענשט געווארען פון זיין פאטער יצחק דאס ער זאל מיט'ן קול (יעקב) גיהאלפען ווערן, אזוי זאל אונז זיין זכות ביי שטיין דאס דו זאלסט

---

מעשה אלפס

טהרע און פערלאנג צו רוהען צווישען זיי, ווי ער האט געשריבען אין דער תורה (ועשו לי מקדש) מאכט מיר אהייליגען ארט (אבית המקדש) זעל איך רוהען צווישען אייך, און וויל זיין התגלות אויף דער וועלט איז אויף צוויי אופנים צו צאלין אגוטין לוין די וואס טוען גוטעס און זיך שטראפען רשעים מיט די פערברעכער,

דרום

אָן נֶעמֶען אוּנְזֶערֶע תְּפִלּוֹת אוּנ דֶעם קוֹל פוּן דֶעם שׁוֹפָר, אוּנ אִיךְ מִיט מַיין מַאן אוּנ קִינְדֶער אוּנ דֶער כְּלַל יִשְׂרָאֵל זָאלִין גֶעשְׁרִיבֶּען אוּנ גִיחַתְמֶת וֶוערִין צוּ אַלֶעם גוּטִין, אָמֵן.

## זְכוֹר לָנוּ זְכוּת אִמֵּנוּ רָחֵל.

גִידֵיינְק אוּנְז לִיבֶּער גָאט דֶעם זְכוּת פוּן אוּנְזֶער מוּטֶער רָחֵל. וָואס זִי הָאט אוֹיסְגִידֶעכִינְט דִי לַאגֶע פוּן אִיר שְׁוֶועסְטֶער לֵאָה. זִי זָאל נִיט אַרוֹיס גֵיין מִיט בִּזָיוֹן, וֶוען יַעֲקֹב אָבִינוּ וֶועט מִיט אִיר רֵיידִין אוּנ זִי וֶועט נִיט ווִיסֶען וָואס צוּ עֶנְטְפֶערִין, אוּנ צוּא לִיבּ דֶעם וָואס דִי שְׁוֶועסְטֶער זָאל נִיט אוּנְגְלִיקְלִיךְ וֶוערִין, אִיז זִי בַּיי גִישְׁטַאנֶען אַ גְרוֹיסֶען נִסָּיוֹן צוּ וֶוערִין אָבּ גֶערִיסֶען פוּן אִיר גְלִיק פוּן אִיר גֶעלִיבְּטֶע פַּארְטָיֶע וָואס זִיא הָאט אוֹיף דֶעם גִיוַוארְט זִיבֶּען יָאהר, אוּנ הָאט אִיבֶּער גִיגֶעבִּין דִי שְׁוֶועסְטֶער דִי סִימָנִים וָואס יַעֲקֹב אָבִינוּ הָאט מִיט אִיר אָבּ גִירֶעט, דְרוּם וֶוען נְבוּזַרְאֲדָן הָאט דִי יוּדִין אִין גָלוּת גֶעפִירְט פַאר בַּיי אִיר קֶבֶר, אוּנ זִי הָאט גִיוַויינְט אוּנ גִיקְלָאגְט אוּנ מִתְפַּלֵּל גִיוֶועזְן פַאר דִיר אוֹיף אִירֶע קִינְדֶער, הָאסְטוּ אִיר דֶער מָאנְט דֶעם זְכוּת אוּנ אִיר צוּא גִיזָאגְט, דָאס דוּא וֶועסְט אוּנְז אוּם קֶערִין צוּ אוּנְזֶער לַאנְד, לִיבֶּער גָאט גִידֵיינְק אוּנְז הַיינְט אוֹיךְ בַּיין יוֹם הַדִּין אִיר זְכוּת צוּא גֶעבִּין אוּנְז אַ גוּט יָאהר, אוּנ זָאלְסְט אוּם גִיזַאמְט מְקַיֵּים זַיין וָואס דוּ הָאסְט אִיר מַבְטִיחַ גִיוֶועזְן, אוּנ בִּזְכוּת וָואס מִיר הֶערִין הַיינְט שׁוֹפָר בְּלָאזִין ווִי דוּ הָאסְט אוּנְז גִיהֵייסִין אִין דַיין הֵיילִיגֶע תּוֹרָה, זָאלִין מִיר זוֹכֶה זַיין צוּ הֶערִין שׁוֹפָר שֶׁל מָשִׁיחַ גִיךְ אוּנ בַּאלד, אָמֵן, כֵּן יְהִי רָצוֹן.

## זְכוֹר לָנוּ זְכוּת לֵאָה אִמֵּנוּ.

גִידֵיינְק אוּנְז לִיבֶּער גָאט דֶעם זְכוּת פוּן אוּנְזֶער מוּטֶער לֵאָה אוּנ קֶער דִיךְ צוּ אוּנְזֶער גִיוַויין, אַזוֹי ווִי דוּ הָאסְט אָן גִינוּמֶען אִיר גִיוַויין דָאס זִי זָאל אִין דֶעם גוֹרָל פוּן עֵשָׂו נִיט פַאלִין, דֶען דוּ בִּיסְט אַרַחְמָן וָואס הֶערְט דָאס קוֹל פוּן גִיוַויין. קוּק פוּן הִימֶעל אַרָאפּ אוּנ זֶעה ווִי דַיין פָאלְק טוּעֶן אַלֶע ווֵיינֶען מִיט בִּיטֶערֶע טְרֶערִין

מעשה אלפס

דְרוּם זָאנְט עֶר אֵיין מָאל (יְיָ גִבּוֹר מִלְחָמָה׳ הַכָּבוֹד) ווִי דֶער זוֹהַר הַקָּדוֹשׁ זָאגְט אַז צוּ שְׁטְרַייטֶען מִיט דִי פֶערְבְּרֶעכֶער, אוּנ דֶער טִיטוּל צְבָאוֹת אִיז בְּעֵת עֶר ווֶוערְט נִתְגַּלֶּה דֶעם צְווֵייטֶען מָאל (יְיָ צְבָאוֹת הוּא מֶלֶךְ צוּ בֶּעלוֹינֶען נָאךְ דֶעם זַיינֶע גֶעלִיבְּטֶע דִינֶער.

דער

און טוּעֶן צִיטֶעְרִין פוּן דֶעם פָאְרכְט פוּן דַיין מִשְׁפָּט, מִיר זָאלִין חָלִילָה נִיט פַאלִין אִין דֶעם גוֹרָל פוּן דֶעם שָׂטָן און דִי מְקַטְרְגִים וָואס קוּמֶען מְקַטְרֵג זַיין אוֹיף אוּנְז. רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם קֶער דִיךְ בֶּעסֶער צוּ דֶעם קוֹל פוּן אַלֶע גוּטֶע מַלְאָכִים וָואס שְׁטֵייעֶן פַאר דַיין שְׁטוּל און בֶּעטִין גוּטְס אוֹיף דַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל, און קֶער דִיךְ נִיט צוּא דֶעם קוֹל פוּן דֶעם שָׂטָן וָואס קוּמְט צוּ זָאגִין אוֹיף זֵיי בֵּייזֶעס. שְׁרֵיי אָן אוֹיף אִים עֶר זָאל זַיין מוֹיל נִיט עֶפֶענֶען און עֶר זָאל פַאר טוּמִילְט וֶוערִן פוּן צוּ רֵיידִין שְׁלֶעכְטֶעס. און דָאס קוֹל פוּן דֶעם שׁוֹפָר מִיט אוּנְזֶערֶע תְּפִלּוֹת זָאלִין אוֹיף גֵיין פַאר דִיר, אָן צוּ שְׁרַייבֶּען אוּנְז אִין דֶעם סֵפֶר הַצַּדִּיקִים לְחַיִּים טוֹבִים, אָמֵן.

## זְכוֹר לָנוּ זְכוּת שִׁבְטֵי יַעֲקֹב

גִידֵיינְק אוּנְז לִיבֶּער גָאט דֶעם זְכוּת פוּן דִי שְׁבָטִים, דִי קִינְדֶער פוּן יַעֲקֹב וָואס הָאבִּין אַלֶע צוּזַאמֶען דַיין נָאמֶען גֶעאֵיינְצִיגְט, דֶען אֵיידֶער יַעֲקֹב אִיז גִישְׁטָארְבִּין הָאט עֶר זַיינֶע קִינְדֶער צוּ זַאמֶען גִירוּפִין און הָאט גִיזָאגְט צוּ זֵיי, לִיבֶּע קִינְדֶער טָאמֶער אִיז חָלִילָה צְוִוישֶׁען אֵייךְ דָא אַ פְּסוּל, אַזוֹי וִוי מַיין עֶלְטֶער פָאטֶער אַבְרָהָם הָאט גִיהַאט אַזוּהְן יִשְׁמָעֵאל, אָדֶער מַיין פָאטֶער יִצְחָק וָואס הָאט גִיהַאט אַ זוּהְן עֵשָׂו. אַזוֹי הָאבִּין דִיא שְׁבָטִים אַלֶע צוּזַאמֶען גִיזָאגְט (שְׁמַע יִשְׂרָאֵל) הֶער צוּ יִשְׂרָאֵל (אוּנְזֶער פָאטֶער) (יְיָ אֱלֹהֵינוּ יְיָ אֶחָד) גָאט אוּנְזֶער גָאט אִיז אַיין אֵיינְצִיגֶער גָאט און מִיר דִינֶען אַלֶע צוּ דֶעם גָאט וָואס אַבְרָהָם און יִצְחָק און דוּ אוּנְזֶער פָאטֶער הָאבִּין גִידִינְט. דְרוּם גִידֵיינְק אוּנְז לִיבֶּער פָאטֶער זֵייעֶר זְכוּת, דֶען מִיר טוּעֶן אַלֶע אֵיינְצִיגִין דַיין נָאמֶען אַלֶע טָאג, און מִיר טוּעֶן דִיךְ הַיינְט אוּם רֹאשׁ הַשָּׁנָה פַאר אַיין קֵינִיג אִיבֶּער אוּנְז קְרוֹינֶען.

## זְכוֹר לָנוּ זְכוּת יוֹסֵף הַצַּדִּיק.

גִידֵיינְק אוּנְז לִיבֶּער גָאט דֶעם זְכוּת פוּן יוֹסֵף הַצַּדִּיק, וָואס עֶר הָאט זִיךְ מוֹסֵר נֶפֶשׁ גִיוֶועֶן צוּ הַאלְטִין זִיךְ רֵיין און צִיכְטִיג פוּן אוֹיסְגִילַאסֶענְהַייט, דָאס אִין דֶעם טָאג הָאבְּטוּ אִים פְרֵיי גִימַאכְט פוּן זַיין תְּפִיסָה, און הָאסְט אִים דֶער הוֹיבִּין צוּ זַיין אַ מוֹשֵׁל אוֹיף דֶער לַאנְד מִצְרַיִם, און עֶר הָאט בֶּעלוֹינְט גוּטֶעס צוּ דִי אַלֶע וָואס הָאבֶּען גִידֵיינְקְט אוֹיף אִים שְׁלֶעכְטֶעס, אַזוֹי רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם צוּלִיב

זכות זאָלסטו דער הויבען אונזער מזל, מיר זאָלען חלילה קיין בלבול ניט האָבען דאָס מיר זאָלען אין תפיסה זיצען. אונ זאָלסט אָב היטען אונזערע קינדער פון אויסגילאַסענהייט, בפרט די וואָס זיינען פאַר וואַרפין אין דער פרעמד, אונ זאָלסט אונז געבין אַגוטע האַרץ צו בעהאַנדלען פריינדליך אַלע מענשין אפילו די וואָס האָבען אונז גיטאָן שלעכטעס, אונ זאָלסט אונז געבין אַגרינגע געמיטה, מיר זאָלען דיר קענען דינען מיט איין אמת'ה האַרץ, אָמן.

## זכור לנו זכות משה רבנו.

גידיינק אונז ליבער גאָט דעם זכות פון משה רבנו, דאָס ער איז אין די טעג אויף דעם הר סיני גיוועזן, אונ האָט פון אונזערט וועגין די לוחות גינומען, אונ זעה ליבער גאָט דאָס מיר זיינען מקיים אַזוי ווי דוא האָסט אונז גיבאָטין, מיר זאָלען היינטיגין טאָג שופר בלאָזען, דרום זיי אויך מקיים אַזוי ווי דו האָסט גיזאָגט צו משה רבנו (סלחתי כדבריך) איך האָב פאַר געבין (די זינד פון ישראל) אַזוי ווי דיין פערלאַנג.

## זכור לנו זכות אהרן הכהן.

גידיינק אונז ליבער גאָט דעם זכות פון אהרן הכהן, דאָס זיין מדה איז גיוועזן צו מאַכען שלום צווישען מאַן אונ ווייב אונ צווישען מענשין וואָס האָבען זיך גיקריגט באַנאַנד. אַזוי אויך רבונו של עולם זאָלסטו אים געבן רשות דאָס ער זאָל זיין אַמליץ טוב אויף דיין פאָלק ישראל אָפ צו טאָן דיין גרים צאָרען פון אונז, אונ זאָלסט אונז אָן שרייבען צו אַיאָר פון פרייד אונ שלום אונ שטילקייט, צו נחת אונ ניט קיין צער חלילה.

## זכור לנו זכות דוד מלכנו.

גדיינק אונז ליבער גאָט דעם זכות פון דוד אונזער קעניג, וואָס ער האָט זיך מוסר נפש גיוועזן פאַר דיין כבוד אונ פאַרען כבוד פון כלל ישראל, אונ האָט זיך איינער אַליין גישטעלט שטרייטען קעגין דעם גלית הפלשתי אונ דו האָסט אים גיגעבען דעם גרויסען נצחון, אונ אויך פון אַלע פיינד האָסטו אים גיהאָלפען, אַזוי העלף אונז אויך רבונו של עולם צוליב זכות פון אַלע בייזע מלאכים, אונ

מקטרגים און משחיתים וואס האבען פיינדשאפט אויף דיין פאלק ישראל, און אויך קיין שונא זאל פון אונז ניט דער פרייט ווערין.

## זכור לנו זכות צדיקים וצדקניות.

גידיינק אונז ליבער גאט דעם זכות פון אלע צדיקים און נשים צדקניות וואס זיינען גיוועזען פון דר צייט פון אדם הראשון ביז היינטיגען טאג, זייער זכות זאל אויף אונז מגין זיין דאס מיר און אונזערע קינדער זאלען זיין דיינע טרייע דינער מיט אפריילעכע הארץ, און זאלסט אויף אונז רחמנות האבען דאס דער גואל צדק זאל שוין קומען, און עס זאל זיין תחית המתים, און מיר זאלען שוין הערין שופר של משיח, במהרה בימינו, אמן.

## תחנה ממעמקים (פון טיפען הארצען).

בייא חסידים זאגט מען דאס עשרת ימי תשובה נאך ישתבח.

שיר המעלות, איין לויב געזאנג ביי דעם אויפגאנג (עולה לרגל זיין) אויף ביי דעם אויסוואנדערונג פון בבל קיין ירושלים (בויען דעם צווייטען בית המקדש), (ממעמקים) א) פון טיפען הערצין רוף איך דיר גאט. (ה' שמעה בקולי) גאט הער צו מיין שטימע, זאל דיינע אויערען פאר נעהמען מיין גיבעט מיר מוחל צו זיין מיינע זינד, און אנשרייבען מיר אגוט יאהר. (אם עונות) ווען דו גאט זאלסט דעם מענשינס זינד אין גידאנקען האלטען, ווער קען פאר דיר בעשטייהן? (כי עמך) ביי דיר איזט די פערגעבונג (נור דו קענסט פארגעבין די זינד פון מענשין) ווען מ'טוט תשובה מ'האט חרטה אויף די פאריגע זינד און מ'נעמט אויף זיך מער ניט צו זינדיגען. (למען) פון וועגין מ'זאל זיך פאר דיר פירכטען ניט מער צו זינדיגען, ווייל ווען עס וואלט ניט העלפען קיין תשובה



א) דערווארט "ממעמקים" לשון רבים ווייזט אויף צווייערליי טיפענעס, איינס איז טיפענעס פון קערפער וואס מיר זינען אראפ פון אזא הויכע מדרגה, מיר האבען געהאט אלאנד, אקייזערטהום און אבית המקדש, יעצט זיינען מיר אין טיפען אבגרונד צו זיין איינגיבעטענע שכנים, וואס צאלין בלוטיגע דירה געלט, און מ'וואקפט זיי אלע חיילע פון דער דירה, און דאס צווייטע איז די טיפענעס פון נפש. מיר זיינען אמאל געוועזען גוט און פרום מיט הויכע געפיהלען, נאהענט צו השי"ת, און יעצט דורך אונזערע זינד זיינען מיר דער ווייטערט פון אים און ליגען אין אב גרונד אין גאנץ נידעריגע געפיהלען, איז פון די ביידע טיפענעס (פון תוסר און רוח) רוף איך צו דיר גאט, דו זאלסט מיר פארגעבען די זינד און אויף ברייגנען אין אהויכע מדרגה פון נוקש אידישקייט און גליק.

האלט דער זינדיגער טראכטען ביי זיך, איך בין שוין זא ווא פאר פאלען וועל איך שוין טאן וואס די הארץ גילוסט, אבער יעצט אז תשובה העלפט, היט זיך דער מענש מער ניט צו זינדיגען, (קויתי ה׳) איך האף צו גאט, מיין זעלע האפט *) צו אים, (ולדברו) אונ צו זיין ווארט וואס ער האט מיר פארשפראכען דורך די נביאים (בעתה אחישנה) טו איך האפען, (נפשי לה׳) מיין זעלע האפט צו גאט, מיט אפעסטע האפענונג נאך מער ווי דער שומר (וועכטער) וואס שטייט אין אפינסטערע נאכט אונ האפט צום פריה מארגען א), וועסטו פרעגין ווי קען עס גימאלט זיין נאך זיכערער ווי די האפענונג אז עס וועט טאג ווערין? ענטפערט דער משורר (שומרים לבוקר) יא דעם וועכטערס האפענונג איז זיכער, אז למשל זעכס אזייגער וועט טאג ווערין, אבער קען ער דען האפען אז דריי אזייגער זאל ווערען טאג? אבער (יחל ישראל) איך ישראל לבד וואס מיין האפענונג אויף "בעתה" איז זיכער, אז עס וועט קומען די בעשטימטע צייט וועט פאר מיר ליכטיג ווערן, קען איך נאך האפען פאר די בעשטימטע צייט זאל מיר אויך ליכטיג ווערן, (כי עם ה׳ החסד) ווייל ביי גאט איז די גנאדע (והרבה עמו פדות) אונ פיל וועגין זיינען ביי אים צו ערלייזונג, הייננו "אחישנה" ווען אגוטע שעה וועט אויף מיר קומען אונ איך וועל טאן אתשובה שלמה (יפדה את ישראל מכל עונותיו) וועט גאט מיר אויס לייזען פון אלע זינד אונ וועט ברייגען אויף אונז

אשנת גאולה וישועה במהרה, אמן.

# תפלת החיים מארץ הקדושה.

אים ראש השנה יום כפור, ווען מ׳נעמט אוים די א ס״ת פון ארון הקודש זאגט מען דאס:

וי וי. דו ביזט א דערבארימיגער גאט, דו דערבארימסט דיך איבערן מענטשין אידער ער זינדיגט, כלומר, ווען ער היט זיך פון זינד

---

*) דרום זאגט ער צוויי מאל קויתי ה׳, קותה נפשי, ווייל מיר האבין צוויי הבטחות פון השי״ת אוים צו לייזין אונז פון גלות, איינע "בעתה" ווען עס וועט קומען די בעשטימטע צייט, סיי מיר וועלין ווערט זיין אדער חלילה ניט וועט ער אונז גוויס אוים לייזין, אונ א צווייטע צייט איז "אחישנה" ווען מיר וועלין ווערט זיין איז אלע טאג די צייט (היום אם בקולי תשמעו) דרום האבין מיר אצווייאיגע האפענונג.

מעשה אלפס

א) דער משורר שטעלט פאר די לאנגע פון אויף קאראהאל אין אזינסטער נאכט אין אידין אין גלות ווי א קאלדאם שטייט אשלעכטען וועטער וואס שנייט אונ דרייט

היטסטו אים אויך ער זאל ניט אריין פאלען אין דעם נעטץ פון יצר הרע. אונ אויך דערבארימסטו זיך איבער אים נאכהער ווי ער האט גיזינדיגט, אונ ביזט אים מוחל דורך תשובה.

**אל רחום וחנון**, דו ביזט א בארימהערציגער אונ אגנעדיגער גאט, הגם דער מענטש האט קיין זכות ניט נור ער טוט דיר אנרופען מיטין גאנצען הארצען, אזוי דערבארימסט דו זיך איבער אים, אונ ביזט אים מוחל זיינע עברות.

**ארך אפים**, דוא ביזט לאנגמוטהיג (דו ווערסט ניט גיך אין כעס) אונ דוא דער לייגערסט דיין גרימצארען אפילו צו דעם רשע, דו איילסט ניט צו באצאלען דעם מענטשין נאך זיינע מעשים רעים נאך, נייערט דו טוסט אים ווארטין פילייכט וועט ער תשובה טאן.

**ורב חסד**, אונ דו בעווייזט פיל גינאד צו די מענטשן די וואס האבין אפילו גאר קיין זכות ניט.

**ואמת** אונ דו ביזט א ווארהאפטיגער גאט, דו שטראפסט דעם מענטשין אויף דער וועלט, אום ער זאל האבען א גוטען לוין לעולם הבא, אויף די מצות וואס ער האט גיטאן ביי זיינעם לעבן.

**נוצר חסד לאלפים**, דו היטסט (דו גידיינקסט) די גוטעם וואס אצדיק טוט אויף דער וועלט, אז דיין זכות זאל ביישטיין זיינע קינדער אונ קינדס קינדער ביז צוויי טויזנד דורות*).

**נושא עון ופשע וחטאה**, דו טראגסט (אונ האלטסט אויף) די מקטרגים ומלאכי משחית (וואס ווערין בעשאפען פון די זינד) אונ ווארטסט ביז דר מענש וועט תשובה טאן וועלין זיי כלה ווערן, אונ ווען דער בורא וואלט זיי ניט גיטראגען וואלטען זיי בעפאלען ווי רייסענדע חיות אופען מענשין אונ אים צורייסען אויף שטיקער.

**ונקה**, אונ דו רייניגסט דעם ריכטיגען בעל תשובה פון זיינע זינד, אונ ווען די תשובה איז נאך מאהבה, ווייל ער ליבט דעם בורא עולם אונ האט גרויס צער אונ וויינט מיט ביטערע טרערין וואס ער

*) מיר בענוצען זיך טויזענדער יאהרען מיט דעם זכות פון די אבות הקדושים, אין ווען דער בורא וואלט זיא באצאלין זייער שכר פאר זייער לעבין, וואס וואלט בלייבין פאר אונז?

מעשה אלפס

אונ די ביינער ברעכט אים פון קעלט אונ טרייסט אים, אז ניט עוויג וועט פינסטער
די הארץ פאלט אים ארויס פון שרעק פאר זיין, 8 אזייגער וועט ליכטיג ווערען וועט
עבים אונ נקלים, נור אין פונק האפנונג ער נעין אוים רוקען די ביינער אונטער
צוטרעטען

איז אים געווען דער ווידער אזוי ווערין די מקטרגים גופא מליצי יושר.
רבונו של עולם, ערפיל מיין באגער צו גוטען, אונ זאלסט מיר מיט
מיין מאן אונ קינדער מוחל זיין אונזערע זינד וואס מיר האבין
געטאן, אפערצייהונג פון גינאד אונ רחמים אונ ריינינ אונז פון אונזערע
זינד פון אונזערע שולדען אונ פון אונזערע פערברעכונגען ופשעים,
(וואס מיר האבען געטאן מוטווילינגען קענין דיין היילינגען נאמען) אונ דו זאלסט מיך מיט
מיין מאן אונ קינדער דער מאנען ביין יום הדין צו לאנג לעבין, צו
גיזונד, אונ צו שלום, אונ זאלסט אונז געבין פרנסה טובה, דען יעצט
טוסטו דעם מענטשין זיין פרנסה בעשטימען אויף אגאנצען יאר,
דרום בעט איך דיר בארימהערציגער פאטער, דאס דו זאלסט
מיט אונז טאן לפנים משורת הדין, אונ זאלסט אנשרייבען צו איין
גרינגע אונ אויסע פרנסה, מיר זאלען האבען לחם לאכול ובגד ללבוש
בכבוד, אונ ניט מיט בזיון, מיט היתר ניט מיט איסור, ניט מיט חלול
שבת חלילה, אונ ניט שאדין טאן חלילה אצווייטין מענשין, דען דו
ביזט דער הער פון דער גאנצער וועלט, דו שפייזט מיט חסד אלע
באשעפעניש פון קליין ביז גרוים, ווי עס שטייט גישריבען עיני כל
אליך ישברו, די אויגען פון אלע באשעפעניש האפען צו דיר, אונ דו
גיבסט איטליכען זיין שפייז אונ באדערפעניש אין דער צייט, אונ
דו זאלסט אונז געבין פארשטאנד מיר זאלין פארשטיין אז דער
בעסטער פיהרונג איז נור אין די וועג פון דיין היילינע תורה, אונ שיק
אונז א רפואה שלמה צו אונזערע ווייטאגין, אונ גיב ברכה והצלחה
אין אלע אונזערע עסקים וואס מיר טוען, אונ דו זאלסט גוזר זיין אויף
אונז נור גוטע גזרות צוא דעם נייעם יאר, אונ זאלסט מבטל זיין פון
אונז אלע בייזע גזרות, אונ נייג די הארץ פון דעם קעניג אונ אלע
זיינע שרים אויף אונז צו גוטן, עס זאל זיין בעווילינגט פאר דיר
די רייד פון מיין מויל, אונ גידאנקען פון מיין הארצען, דען דו ביזט
מיין באשעפער אונ מיין דער לייזר, אמן וכן יהי רצון.

---

מעשה אלפס

אנווארעמען צודעק. דאס זעלבע איז די
לאגע פון ישראל אין די פינסטערע נאכט
פון גלות אונ פון פחד פאר פאגראמען, אז
נור דער פונק פון האפענונג איז זייער
נחמה, אז ניט עוויג וועט זיין שלעכט,
עס וועט אויפשיינען פאר אונז די
ליכטיגקייט פון די גאולה. אונ ווי זיינע
גידאנקען שוועבין אין זיינע האפענונג
פון די גאולה, דריקט ער זיך אוים מיט
פרייד, אז מיין האפענונג יצו די ליכטיגקייט
פון די גאולה) איז נאך זיכערער פון דעם
שומר'ס האפענונג צום טאג.

רבש"ע. א) בזכות וואס מען לייענט אחרי מות זאל שוין היינטיגע יאר מקוים ווערן, אזוי ווי עס שטייט בלע המות לנצח.
ב) אונ בזכות וואס מען לייענט אחרי מות שני בני, צוויי צדיקים נדב ואביהוא אהרן'ס קינדער, זאלען ניט אפגעריסען ווערין אונזערע קינדער פון אונז ח"ו. ג) אונ בזכות וואס מיר דערמאנען דעם נאמען פון אהרן הכהן. זאל פון אונז דערפאר אפגיטאן ווערין דער חרון אף דאס מיר זאלען ניט דארפען אנקומען צו פרנסת בשר ודם נור פון דיין הייליגע האנד זיך צוא ערנערין. אמן כן יהי רצו'
אונ דער נאך זאגט מען ואני תפלתי אונ בריך שמיה

## תחנה פון שופר בלאזען (צו זאגען מיט גרוים כונה).

אב הרחמן, דער בארמיגער פאטער, דיינע ליבע קינדער גרייטען זיך צו מקיים זיין די ליבע מצוה וואס דו האסט אונז גיבאטען אין דיין הייליגע תורה צו הערין "תקיעת שופר" אום ראש השנה, כדי דורך דעם זאלען מיר גיווינען דעם משפט, דער שטן זאל צו מישט ווערין אונ ניט קענען מקטרג זיין אויף אונז, ווייל דער שופר וועקט אויף די הערצער צו תשובה. דאס ערסטע ערמאנערט ער אונז, אז אין דעם טאג ר"ה האסטו דיין וועלט באשאפען אונ ביסט גיווארען איר קעניג, אונ דער שטייגער איז אין קראנאציע-טאג טרומייטערט מען ערמאנערין די פובליק אז היינט האט מען גיקרוינט דעם קעניג, אויף מונטערין זייערע געפיהלען או נעמען אויף זיך מיט צופרידענהייט זיין קעניגרייך, זיך איבער געבין צו זיין טרייע אונטערטאנער, ווי עס שטייט געשריבען (בחצוצרות וקול שופר הריעו לפני המלך ה') מיט טרומייטען אונ אשטימע פון שופר שאלט פאר דעם קעניג גאט. אונ דער טרומייטערין אין קראנאציע-טאג איז שוין מודיע אמאניפעסט אז די אלע אנטלאפענע סאלדאטען ווען זיי וועלין ערקענען זייער אירטהום אונ וועלין היינט מיטין איינענעם ווילען צוריק קומען לעבודת המלך, וועט זיי זיין גישאנקען דער גרויסער שטראף (פון איבער געבין זיי אין דיסציפלינארנעם באטאליאן), דאס גלייכען די זינדיגע מענשין וואס זיינען אנטלאפען אגאנץ יאהר פון גאטעס ליכטיגע וועג צו גיין אין די פינסטערע וועג פון זייערע תאוות, זאלען היינט זיך צוריק קערין צו דעם הערליכען קעניג. געמע אויף זיך פון היינט אן אונ ווייטער צו זיין

פריי

בייזע דינער, וועט מען זיי ניט איבער געבין צו די גזרות רעות חלילה. דאס צווייטע דר מאנט אונז דער שופר, אז דער מלך מלכי המלכים וואס היינטיגין טאג האט ער בעשאפען די וועלט און איר איבער גיגעבין צום מענשין אין האנד (אים גימאכט פאר איין דירעקטאר אויף די וועלט באנק), איז אום דער מענש זאל וויסען ווי אויף צופירען זיך, (כדי ער זאל זיך און די וועלט מאכען גליקליך), האט ער ערשיינט אויפען בארג סיני מיט אקול שופר און גיגעבין דעם מענשין אתורת חיים, אז וועט ער וועט זיך פירען ווי די תורה לערינט אים, וועט ער פארברייגען ארוהיגען אצופרידענעם לעבין אויף דער וועלט, און וועט זוכה זיין צו גרוים פערגניגען אויף די עוויגע וועלט. היינט אז מיר האבען אב גיטראטען פון די ליכטיגע וועג פון דער תורה און אוועק גיבלאנדזעט אין די פינסטערע וועגין פון אונזער בייזע הארץ, נאך צו גיין דעם לוקסוס און די תאוות, דער מאנט אונז דער שופר מיט זיין מוראדיגע און מורא'דיגע שטימע, אז די וועלט איז ניט קיין הפקר צו טאן וואס די בייזע הארץ גילוסט, און דער זעלבער יצר הרע וואס פריער האט ער אונז אנגירעט צו טאן די בייזע מעשים איצונד האט ער גימאכט אגרויסע מלחמה אויף אונז, ער איז אגרויסער מקטרג מיט אגאנצע מחנה בייזע מלאכים וואס מיר האבען באשאפען דורך אונזערע זינד, און דער קול שופר רופט אוים (עורו ישנים משנתכם) וואכט זיך אויף שלאפעדיגע פון אייער הארטען ליטארגעשין שלאף! און דער מאנט זיך אן אייער בעשעפער, איר פארבלאנדזעטע וואס האט פארגעסין דעם אמתין תכלית, דורך אייערע פוסטע תכליתים, איר האט פארבראכט דעם גאנצין יאר אין הבל הבלים וואס זיי קענען אייך ניט רעטטען פון גרויסען פארכטיגען יום הדין, האט חרטה אויף אייערע בייזע מעשים און שלעכטע גידאנקען, דער מאנט זיך אז איר האט קיין קאנטראקט ניט אויף דער וועלט, אלע טאג קען מען אייך היסען נעמען דעם פעקיל און גיין, נעמען דעם צוא קאפין זעקעלע זאמד און גיין חלילה אין טיפען גרוב. דער מאנט זיך אז צו ליב אייערע זינד איז חרוב גיווארין אייער בית המקדש און די שונאים האבען גיטרומייטערט מיט שופרות אמלחמה אויף אייך, און אזוי מאכט איר חרוב אייערע נשמות און אייערע עוויגע פאלאצען (פון די אמתה וועלט) דורך אייערע זינד, אלזא נעמט דאס גוט אין אכט און פארבעסערט

אייערע מעשים, געמט זיך אפיר צו גיין אין די ליכטיגע וועג פון דער תורה, אפפערין זיך פאר דעם רצון הבורא ב"ה אונ פאן דעם רצון פון אייערע גוטע אונ פרומע עלטערין אזוי ווי אייער פאטער יצחק האט זיך גילאזט בינדען אויפן מזבח צו ערפילען דעם רצון הבורא אונ דעם רצון פון זיין היליגען פאטער אברהם, דרום הארציגער פאטער עפין מיין הארץ, איך זאל געמען גוט אין אכט די אלע היליגע גידאנקען, אונ ערלייכט מיין שכל איך זאל פאר שטיין נאך פיל היליגע כונות וואס די ליבע מצוה פון הערין שופר בלאזען, האלט איין אין זיך, אונ אזוי וויא דער שופר איז איין גיבויגען, אזוי זאל איך פארציטערט ווערין פאר די גרויסע אימה פון פארכטיגען יום הדין, אונ איך זאל איין בייגין מיין הארץ פאר דיר, אונ מיט אמתה דייגע טרערין זאל איך אויסגיסען מיין הארץ פאר דיר בעטין סליחה ומחילה אויף אלע מיינע בייזע מעשים וואס איך האב גיטאן אגאנץ יאהר, אונ ווען אפילו צו ליב מיינע גרויסע זינד זייגען צו געשלאסען פון מיר אלע טויערין, אבער די טויערין פון אמתה טרערין זייגען דאך ניט פארשלאסען.

גרויסער קעניג, זיי זיך מרחם אויף מיין זינדיגען גוף אונ איבער הויפט אויף מיין נשמה, אונ זיי מיר מוחל אויף מיינע בייזע מעשים אונ גיב מיר אזיינע הארץ איך זאל זיך פעסט באשליסען מער ניט אום קערין זיך צו די זינד, אונ דורך דעם וואס איך וועל הערין דעם קול שופר מיט אזיינע כונה טאן אנחת רוח צו דיין ליבען נאמען, זאל צוריסען ווערין די וואנט פון די מקטרגים וואס זייגען מפסיק פאר אונזערע תפלות, אונ אונזערע װארימע תפלות זאלען ארויף גיין גלייך צו דיר, אונ זאלסט. פול ווערין מיט רחמים אויף אונז, אונ אויפשטיין פון כסא דין אונ זיך זעצין אויף דעם שטול פון רחמים, אונ אונז גירעכט מאכען אין דעם משפט, אונ מציל זיין אונז פון אלע גזרות רעות, פון אלע קראנקהייטען אונ פון אלע אונגליקען ר"ל, אונ זאלסט אנשרייבען אזאהר פון לעבין פון גיזונד פון פרנסה בכבוד אונ נחת פון קינדער, מיר זאלען זיי קענען ערציהען צו תורה אונ יראת שמים, אונ בזכות די היליגע מצוה פון הערין שופר בלאזען זאלען מיר זוכה זיין צו הערין ווי דו אליין וועסט בלאזין מיטן וויכטיגע שופר צו בעפרייען אונז פון פינסטערן גלות אונ פירען

אונז מיט שטאלץ אין אונזער הייליגע לאנד, אונ נאכהער זאלען מיר זוכה זיין צו זעהען די גרויסע שמחה פון תחית המתים, וואס דאן וועט אויך געבלאזען ווערין מיט אוויבטיגען שופר, במהרה, אמן.

# סֵדֶר תְּקִיעוֹת.

פאר תקיעת שופר זאגט מען דעם למנצח איינינגע מאל.

לַמְנַצֵּחַ לִבְנֵי קֹרַח מִזְמוֹר: כָּל הָעַמִּים תִּקְעוּ כָף הָרִיעוּ
לֵאלֹהִים בְּקוֹל רִנָּה: כִּי יְיָ עֶלְיוֹן נוֹרָא מֶלֶךְ
גָּדוֹל עַל כָּל הָאָרֶץ: יַדְבֵּר עַמִּים תַּחְתֵּינוּ וּלְאֻמִּים תַּחַת
רַגְלֵינוּ: יִבְחַר לָנוּ אֶת נַחֲלָתֵנוּ אֶת גְּאוֹן יַעֲקֹב אֲשֶׁר אָהֵב
סֶלָה: עָלָה אֱלֹהִים בִּתְרוּעָה יְיָ בְּקוֹל שׁוֹפָר: זַמְּרוּ
אֱלֹהִים זַמֵּרוּ זַמְּרוּ לְמַלְכֵּנוּ זַמֵּרוּ: כִּי מֶלֶךְ כָּל הָאָרֶץ
אֱלֹהִים זַמְּרוּ מַשְׂכִּיל: מָלַךְ אֱלֹהִים עַל גּוֹיִם אֱלֹהִים יָשַׁב
עַל כִּסֵּא קָדְשׁוֹ: נְדִיבֵי עַמִּים נֶאֱסָפוּ עַם אֱלֹהֵי אַבְרָהָם
כִּי לֵאלֹהִים מָגִנֵּי אֶרֶץ מְאֹד נַעֲלָה:

לַמְנַצֵּחַ לִבְנֵי קֹרַח מִזְמוֹר. אלויב געזאנג צו די לוים פון קרח (כָּל הָעַמִּים) אלע פעלקער מאכט האנד-שלאג (נים די האנד איינע די אנדערע) צום צייכען פון שליסען פרידען (אויס מיידען מלחמות) וויל דאן וועלין זיי דינען אלע איין גאט (וועט בטל ווערין שנאת הדת) אונ גאט וועט זיין דער קעניג אויף די גאנצע וועלט, (הָרִיעוּ) טוט שאלין דורך שופרות אונ טרומייטען מיט אשטימע פון געזאנג (פאר גרויס שמחה) וואס איר געבט אן די קעניגרייך פון וועלט קעניג אויף אייך (כִּי ה' עֶלְיוֹן) זיי וועלין דאן ערקענען אז גאט איז דער העכסטער אונ ער איז פארכטיג, וייל ער קוקט אויף אלע מעשים פון מענשין אונ ער איז דער גרויסער קעניג איבער די גאנצע וועלט, (יַדְבֵּר) די פעלקער (פון גוג ומגוג) וואס וועלין קומען מלחמה האלטען אויף ירושלים וועט ער זיי אונטערטעניג מאכן אונטער אונזער מאכט (וּלְאֻמִּים) אונ נאציאנען (וועט ער פירין) אונטער אונזער גאנג, כלומר, דאס זיי וועלין שרעקען די הייליגקייט פון דער תורה אונ גיין אין אירע אנגינעדיגע וועגין (יִבְחַר) ער וועט ווידער

אויסער ווילען אונזער פאריגע ערבשאפט (דאס איז ציון וירושלים) דעם זי איז יעצט וויסט, וועט ער איר פון דאס ניי אויס בויען, דעם גרויס ווירדיגען שטאלץ פון יעקב א) וואס ער ליבט זייער (דאס איז דער בית המקדש). (עלה אלהים בתרועה) גאטעס עהרע איז הויך געשטויגען דורך דעם שאלונג, גאט ווערט גילויבט מיט די שטימע פון שופר, כלומר, גאט ב"ה וועט אן נעמען די מלוכה וואס די גאנצע וועלט וועט אים ערקענען, אונ וועט פירען איין וואונדערליכע הנהגה מיט נסים ונפלאות, וואונדער איבער וואונדער. (זמרו) זינגט צו גאט זינגט, זינגט צו אונזער קעניג זינגט אויף די נסים ונפלאות וואס ער וועט מיט אייך טאן. (כי מלך) דען דער קעניג פון דער גאנצער וועלט איז גאט, זינגט אקלוגע ליד פון אייער ערקענען זיין גרויסקייט. (מלך אלהים) גאט רעגירט איבער פעלקער, גאט האט זיך געזעצט אויף זיין הייליגען שטול צו פירען איין הויכארטיגע הנהגה. (נדיבי עמים) די אדעל לייט פון פיל פעלקער, האבען זיך פערזאמעלט קיין ירושלים זיך מגייר אונ מקבל זיין אויף זיך צו זיין טרייע אונטערטאנער צום וועלט קעניג, זיי ווערין פערעכינט ווי די פאלק פון דעם גאט פון אברהם, וואס ער (אברהם) איז גיווען דער ערשטער וואס האט ערקענט דעם גאט פון הימל. (כי לאלהים) צו גאט וועלין זיך פערזאמלען אלע בעשיצער פון דער וועלט, כלומר, אלע קעניגע וואס זיי באשיצין מיט זייער מאכט, אונ אלע צדיקים וחסידים וואס זיי באשיצען מיט זייער זכות, (מאד נעלה) וועט דאן גאט אונ די קינדער פון אברהם ווערין זייער ערהויבען, אלע וועלין לויבען גאט אונ שעצין די ישראל וואס זיי זיינען גאטס פאלק פון אייביג אן.

ווען דער בעל תוקע הויבט אן צו זאגען די ברכות, דארף מען אויף הערען צו זאגין די תחנות אונ איין הארכין די ברכות אונ די תקיעות.

**בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם אֲשֶׁר קִדְּשָׁנוּ בְּמִצְוֹתָיו וְצִוָּנוּ לִשְׁמוֹעַ קוֹל שׁוֹפָר:**

---

מעשה אלפס

א) הייל דער אנפאנג ידיעת, אז די נשורותען צו יעקב אבינו ביי די מראה פון שכינת רוהט אין דעם ארט פון סולם, וואס ער שטייט אויף דער ערד אונ בית המקדש, דאס דער בורא ברוך הוא זיין שפיץ גרייכט צום הימעל. אונ דער

ערד

בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם שֶׁהֶחֱיָנוּ וְקִיְּמָנוּ וְהִגִּיעָנוּ לַזְּמַן הַזֶּה:

תקיעה שברים תרועה תקיעה
תקיעה שברים תרועה תקיעה
תקיעה שברים תרועה תקיעה

יְהִי רָצוֹן, עֶס זָאל זַיין בַּאוִוילִיגְט פַאר דִיר מַיין גָאט אוּנ גָאט פוּן מַיינֶע עֶלְטֶערְן דָאס בְּלָאזֶען תְּקִיעָה שְׁבָרִים תְּרוּעָה תְּקִיעָה וָואס מִיר הָאבֶּען יֶעצְט גִיבְּלָאזֶען, עֶס זָאל פוּן דֶעם וֶוערְן אַקְרוֹין דוּרְךְ דֶעם מַלְאָךְ וָואס אִיז אִיבֶּער דֶעם גִיוֶועצְט, אוּנ זָאלְסְט טָאן מִיט אוּנְז גוּטֶעס אִין דֶעם יוֹם הַדִּין, גִילוֹיבְּט בִּיסְטוּ בַּעַל הָרַחֲמִים.

תקיעה שברים תקיעה
תקיעה שברים תקיעה
תקיעה שברים תקיעה

יְהִי רָצוֹן, עֶס זָאל זַיין בַּאוִוילִיגְט פַאר דִיר מַיין גָאט אוּנ גָאט פוּן מַיינֶע עֶלְטֶערְן דָאס בְּלָאזֶען תְּקִיעָה שְׁבָרִים תְּקִיעָה וָואס מִיר הָאבֶּען יֶעצְט גִיבְּלָאזֶען, זָאלְסְטוּ דָאס אָן נֶעמֶען לְרָצוֹן אוּנ זָאלְסְט רַחֲמָנוּת הָאבִּין אִיבֶּער אוּנְז אוּנ גֶעבִּין אוּנְז אַגוּט יָאהר, גִילוֹיבְּט בִּיסְטוּ בַּעַל הָרַחֲמִים.

תקיעה תרועה תקיעה
תקיעה תרועה תקיעה
תקיעה תרועה תקיעה גדולה

וּבְכֵן יְהִי רָצוֹן, עֶס זָאל זַיין בַּאוִוילִיגְט פַאר דִיר אוּנְזֶער גָאט אוּנ גָאט פוּן אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן, דָאס דִי מַלְאָכִים דִי גֵייעֶן אוֹיף פוּן דֶעם שׁוֹפָר בְּלָאזֶען פוּן תְּקִיעָה שְׁבָרִים תְּרוּעָה תְּקִיעָה, אוּנ פוּן תְּקִיעָה שְׁבָרִים תְּקִיעָה, אוּנ פוּן תְּקִיעָה תְּרוּעָה תְּקִיעָה זָאלִין קוּמֶען פַאר דַיין

---

מעשה אלפס

בּוֹרֵא ב"ח שְׁטֵייט בַּיי אִים, דָאס הָאט מְרַמֵּז גֶעוֶוען אוֹיף דֶעם עֶרְשְׁטֶען בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אוּנ אוֹיךְ אוֹיף דֶעם לֶעצְטִין, וָואס דֶער בּוֹרֵא ב"ה וֶועט דָארְטִין שְׁטֶענְדִיג רוּהֶען.

כסא הכבוד און זאלין גוטס פאר אונז פיר שפרעכין צוא פאר געבין גאר אונזערע זינד, אמן.

דער נאך זאגט דער חזן מיט אהויכע שטימע.

אַשְׁרֵי הָעָם יוֹדְעֵי תְרוּעָה, יְיָ בְּאוֹר פָּנֶיךָ יְהַלֵּכוּן: בְּשִׁמְךָ יְגִילוּן כָּל הַיּוֹם, וּבְצִדְקָתְךָ יָרוּמוּ: כִּי תִפְאֶרֶת עֻזָּמוֹ אָתָּה, וּבִרְצוֹנְךָ תָּרוּם קַרְנֵנוּ: אַשְׁרֵי יוֹשְׁבֵי בֵיתֶךָ, עוֹד יְהַלְלוּךָ סֶּלָה: אשרי וכו׳

# תחנה פאר ברכת כהנים

די תחנה זאגט מען ווען די כהנים גייען הובען אז דר חזן הייבט אן צו זאגין רצה.

## אֱלֹהֵינוּ וֵאלֹהֵי אֲבוֹתֵינוּ.

אונזער גאט, דער גאט פון אונזערע עלטערין אברהם יצחק ויעקב, הנה בני אהרן כהניך, די קינדער פון אהרן דיינע כהנים וועלין יעצט אויפהייבען די הענד צו בענטשין דיין פאלק ישראל, מיטין גאנצען הארצען, און וועלין זאגען די ברכה וואס דו האסט זיי גיבאטין, דאס מיט דער ברכה, זאלען זיי בענטשין דיין פאלק ישראל ווען זיי שטעלין זיך דוכענען, רבש״ע פארגעם די גיבעט פון די כהנים, וואס בענטשין דיין פאלק ישראל, און עס זאלען גיבענטשט ווערין אלע יודען צוזאמען, און אויך איך מיט מיין מאן און קינדער צווישען זיי, צו אגוט לעבין, און גוטע פרנסה פון דיין פולע גיבענשטע האנד, אז מיר זאלען ניט דארפען אנקומען צו א בשר ודם, און מיר זאלען זוכה זיין צו האבען קינדער און קינדס קינדער, גוטע אונד גאטס פארכטיגע, און זאלסט אונז היטען פון אלעם בייזן, קיין שונא זאל אונז ניט קענען טאן קיין שלעכטעס, דו זאלסט דער לייכטען דיין געטליכען פנים צו אונז. אז מיר זאלען קענען האלטין דיין היילינע תורה. און מיר זאלען ניט ווידער שפעניגען געגין דיר, און זאלסט אונז בענטשין מיט אלעם גוטעם. מיט א גוט לעבין, פון גיזונד, פון פרנסה, און זאלסט אונז נושא פנים זיין, ווען דו קומסט אונז צו משפטן, דערמאן דעם זכות פון אהרן הכהן (וואס ער איז גיוועזין, איין אוהב שלום ורודף שלום) מיט זיינע קינדער,

און דו זאלסט אונז געבין שלום און שלוה, און רוהיגקייט, עס זאל חלילה ניט קומען קיין שרעק אין אונזערע וואוינונגען, און מיר זאלען קענען דיר דינען ליבער גאט מיט איין וואוהרין געפיל, מיטין גאנצין הארצען בקדושה ובטהרה, ווי עס פאסט פאר איין אל יחיד ומיוחד ווי דו.

## תחנה נאך וכתוב לחיים טובים.

אום ר"ה ויו"כ צו מוסף, אז דער חזן האלט וכתוב לחיים, זאגט מען די תחנה.

אבינו אונזער פאטער און אונזער קעניג, דערמאן אונז דיין דער בארימהקייט, און דערוויטער דיין צארען, און פארלענד פון אונז, מארד, און שווערד, און הונגער, און גיפיינקענעס, און מגפה און אלע בייזע באגעגעניש, און אלע קראנקהייטין, און אלע שטרויכלונגען, און אלע בייזע גזרות, און שנאת חנם (אומזיסטע פיינדשאפט) פון אונז, און פון די אלע וואס דינען דיר, הייליגער פאטער.

## ברכת כהנים.

## יברכך יי וישמרך:

ווען דער חזן זאגט דאס ווארט "וישמרך", זאגט מען דאס.

רבונו של עולם, איך בין דיינע און מיינע חלומות זיינען דיינע. עס זאל זיין דער ווילין פאר דיר גאט, אז אלע מיינע חלומות זאלען בעדייטען אויף אונז וכל ישראל צו גוטען, סיי עס האט זיך מיך געחלומט אויף זיך זעלבסט, סיי אויף אנדערע, סיי אנדערע האבין זיך געחלומט אויף מיר, אויב זיי בעדייטען צו גוט זאלען זיי מקוים ווערין אזוי וויא די חלומות פון יוסף הצדיק, און אויב זיי ברויכין איין אויס בעסערונג זאלסטו זיי היילין אזוי ווי די וואסער פון מרה דורך משה רבנו, און אזוי ווי דו האסט געהיילט צו מרים פון אירע אויסצעכטיגקייט, און ווי דו האסט געהיילט די וואסער פון יריחו דורך אלישע, און נעמן פון זיינע קרעטץ, און חזקיהו מלך יהודה פון זיין קריינק, און אזוי ווי דו האסט פארקערט די קללה פון בלעם הרשע צו איין ברכה, אזוי זאלסטו פארקערין אלע אונזערע חלומות און פון כל ישראל צו גוטין, און זאלסט אונז היטען און באוויליגען, אמן.

## יָאֵר יְיָ פָּנָיו אֵלֶיךָ וִיחֻנֶּךָּ׃

ווען דער חזן זאגט דאס ווארט „ויחנך״, אזוי זאגט מען נאך אמאל דעם „רבונו של עולם״ וואס מיהאט פריער גיזאגט.

## יִשָּׂא יְיָ פָּנָיו אֵלֶיךָ, וְיָשֵׂם לְךָ שָׁלוֹם׃

ווען דער חזן זאגט דאס ווארט „שלום״, זאגט מען דאס.

יהי רצון מלפניך יי אלהי ואלהי אבותי, עס זאל זיין דער ווילן פאר דיר מיין גאט, אונ גאט פון מיינע עלטערין, אז דו זאלסט טאן (אים ווירקען איבער אונז דעם ברכת כהנים) וועגען די הייליגקייט פון דיינע חסדים, אונ וועגין דאס גרויסקייט וואס איז פארשפרייט איבער דער וועלט, אום ווילען די ריינהייט פון דיין גרויסין מעכטיגען אונ פארכטיגען נאמען, וואס ווערט אויף געבויט דורך די צוויי אונ צוואנציג אותיות, וואס זיי גייען ארויס פון די פסוקים פון ברכת כהנים, וואס די ברכה איז געזאגט געווארין פון די מויל פון אהרן מיט זיינע קינדער געגין דיין הייליגע פאלק, אז דו זאלסט זיין נאהענט צו מיר ווען איך טו רופין צו דיר, אונ זאלסט פארנעמען מיין גיבעט אונ מיין געשריי אין אלע צייטען, אזוי ווי דו האסט גיהערט די גישריי פון יעקב אבינו, אונ דו זאלסט מיר געבען מיט מיין גאנץ הויזגעזינד אונזער שפייז אונ פרנסה מיט ברייטקייט, ניט בצמצום, מיט היתר, ניט מיט איסור, מיט נחת, אונ ניט מיט צער, פון דיין ברייטע האנד, אזוי ווי דו האסט געגעבען ברויט צו עסין, אונ קליידער אנצוקליידען צו יעקב אבינו, אונ זאלסט אונז מאכין בעליבט מיט חן אונ חסד, אונ רחמים אין דיינע אויגין אונ אין לייטינס אויגין, אונ זאלסט טאן מיט מיר וואונדער אונ נסים אונ צייכין צו גוטין, אונ זאלסט מיר באגליקען אין אלע מיינע וועגין, אונ גיב אין מיין הארץ פארשטאנד צו פארשטיין אונ צו קליגין זיך. מקיים צו זיין די רייד פון דער תורה מיט אירע סודות, אונ דו זאלסט מיך מציל זיין פון פעלערין, איך זאל מיך חס ושלום ניט טועה זיין אין דער תורה, אונ ריינייג מיינע גידאנקען אונ מיין הארץ דיר צו דינען, אונ דו זאלסט דער לייגערין מיינע יאהרין מיט מיין מאן אונ קינדער מיט אלעם גוטין, מיט לעבין, מיט פיל שטארקייט אונ פריד, אמן סלה.

די תחנה זאגט מען נאך ברכת כהנים, ווען דער חזן ענדיגט דעם ווארט. שלום.

אדיר במרום שוכן בגבורה, שטארקער גאט וואס רוהט אין הימל, אתה שלום ושמך שלום, דו אונ דיין נאמען איז לויטער שלום, יהי רצון שתשים עלינו ועל כל עמך בית ישראל חיים וברכה למשמרת שלום, עס זאל זיין דיין ווילען, דו זאלסט אונז אונ כל ישראל געבין אריכות ימים, געזונד אונ פרנסה, אונ עס זאל ביי אונז זיין לויטער שלום, אמן.

## מנהגים טובים לראש השנה.

נאך דעם דאוונען זאל מען גיין אהיים פריילעך. אונ בטוח אין די חסדים פון השי"ת, אז ער וועט משפטין מיט חסד, אונ מען טאר ניט גיין פון שול איילענדיג אפילו אגאנץ יאר, אונ מכל שכן אין דעם יום הדין, כדי עס זאל ניט אויסזעהן דאס גאטס תפלות איז אים צולאסט. פאר דער סעודה דארף מען מאכין קידוש אויף וויין, אונ מ'דארף עסין די סעודה מיט פריילכקייט, מ'דארף זיך אבער ניט אן עסין ביז גאנץ זאט, ניט פיל משקה טרינקען, אונ ניט פאר שמועסין זיך אין פוסטע רייד, כדי עס זאל ניט אפגעטאן ווערען גאטס-פארכטיגקייט פון געדאנק, מ'דארף געדיינקען, דאס די צייט איז זייער טייער עוסק צו זיין אין תשובה אונ תפלה.

## סדר תשליך.

דעם ערשטין טאג ראש השנה נאך מנחה גייט מען צו א טייך אונ מען זאגט דאס. אונ ווען עס גיפאלט אום שבת גייט מען דעם אנדערין טאג.

מי אל כמוך נושא עון ועובר על פשע לשארית נחלתו, לא החזיק לעד אפו כי חפץ חסד הוא: ישוב ירחמנו יכבוש עונותינו, ותשליך במצולות ים כל חטאתם:

תתן

עברי טייטש

מי אל כמוך, ווער איז אזוי מעכטיג אונ גנעדיג ווי דו, וואס פערציהעט די זינד אונ נעמט ארונטער דאס פאר ברעכען צוא די פרומע וואס מאכין פון זייער איינענעם פערזאן קיין גרויסין וועזין (ויי האלטין זיך קליין), ער האלט ניט עוויג זיין צארין, דען ער וויל גנאדע טאהן. (ישוב) ער וועט אונז ווידער דערבארמען, ער וועט איין פרעסין

קלענער

תִּתֵּן אֱמֶת לְיַעֲקֹב חֶסֶד לְאַבְרָהָם, אֲשֶׁר נִשְׁבַּעְתָּ לַאֲבוֹתֵינוּ מִימֵי קֶדֶם: מִן הַמֵּצַר קָרָאתִי יָהּ, עָנָנִי בַמֶּרְחָב יָהּ: יְיָ לִי לֹא אִירָא, מַה יַּעֲשֶׂה לִי אָדָם: יְיָ לִי בְּעֹזְרָי, וַאֲנִי אֶרְאֶה בְשֹׂנְאָי: טוֹב לַחֲסוֹת בַּייָ, מִבְּטֹחַ בָּאָדָם:
טוֹב לַחֲסוֹת בַּייָ, מִבְּטֹחַ בִּנְדִיבִים:

רַנְּנוּ צַדִּיקִים בַּייָ, לַיְשָׁרִים נָאוָה תְהִלָּה: הוֹדוּ לַייָ בְּכִנּוֹר, בְּנֵבֶל עָשׂוֹר זַמְּרוּ לוֹ: שִׁירוּ לוֹ שִׁיר חָדָשׁ, הֵיטִיבוּ נַגֵּן בִּתְרוּעָה: כִּי יָשָׁר דְּבַר יְיָ, וְכָל מַעֲשֵׂהוּ בֶּאֱמוּנָה: אֹהֵב צְדָקָה וּמִשְׁפָּט, חֶסֶד יְיָ מָלְאָה הָאָרֶץ:

עברי טייטש

(קלענער מאכין) אונזערע פערברעכען, אונ ווארפין אין די טיפענעס פון ים אלע זינד. (תתן) דו זאלסט אונז געבין די ווארהייט, וועגין דעם זכות פון יעקב, גנאדע זאלסטו אונז ווייזען, וועגין דעם זכות פון אברהם, ווי דוא האסט געשווארען צוא אונזערע עלטערין נאך פארצייטין (ביי עקידת יצחק). (מן המצר) אין נאוטה ווען איך האב גערופען צו גאט, האט ער מיר גיענטפערט אונ אוועק געשטעלט אין בעקוועמליכקייט. (יי לי) ווען גאט איז מיר צו הילף, שרעק איך מיר ניט, וואס קען מיר ווער טאן? (יי לי) ווען גאט איז מיר צו הילף, וועל איך שוין זעהען דעם אונטערגאנג פון מיינע פיינד. (טוב לחסות) עס איז בעסער זיך צוא שיטצען ביי גאט (ווען אויך ער האט מיך ניט פערשפראכין) איידער צו האפין אויף די הבטחה פון מענשין. (טוב לחסות) עס איז בעסער זיך צו שיטצען אויף גאט, ווי זיך צו
פערטרויען אויף פירסטין.

רננו איר צדיקים זינגט אונ פרייט זיך מיט גאט, צו די וואס פירען זיך אין רעכטפארטיגע וועג, פאסט צו לויבען גאט. (הודו) לויבט גאט אויף דער פידעל, אויף א הארפע פון צעהן קלאנגען, זינגט צו אים דאנקבארקייט. (שירו לו) זינגט פאר אים לויב־לידער, שפילט הערליך מיט פריינדליכער גיזעלשאפט. (כי ישר) דען גאטעס ווארט (דאס איז די וועלט וואס איז בעשאפין דורך זיין ווארט) איז גלייך אונ רעכטפארטיג, אונ די ווערק וואס איז בעשאפען דורך זיין ווארט איז פעסט גישטעלט, עס זאל קיין מאל ניט צושטערט ווערן. (אהב) גאט

בדבר יי שמים נעשו, וברוח פיו כל צבאם: כונס כנד מי הים, נותן באוצרות תהומות: ייראו מיי כל הארץ, ממנו יגורו כל יושבי תבל: כי הוא אמר ויהי, הוא צוה ויעמד: יי הפיר עצת גוים, הניא מחשבות עמים: עצת יי לעולם תעמד, מחשבות לבו לדור ודור: אשרי הגוי

אשר

עברי טייטש

ליבט צדקה צו בעלוינען גוטעם צו די וואס טוען גוטע מעשים, אונ טאן משפט, רעכענען זיך מיט די פערברעכער, נור ווארום שטראפט ער זיי ניט אזוי גיך? ווייל גאטעס גנאדע איז פול די וועלט, האלט ער אב דעם שטראף פילייכט וועלין זיי תשובה טאן. (בדבר) דורך גאטעס ווארט זיינען די הימלען מיט אלע זייערע הערשאפט באשאפין געווארין. (כונס) ער זאמילט אויף ווי אמויער די וואסער פון ים, (ווי ביי קריעת ים סוף). ער שפארט איין אין פערזאמלונגס-ערטער די וואסער פון די אבגרונטין. (ייראו) עס פירכטעט פאר גאט די גאנצע ערד, פאר אים ציטערין אלע בעזיצער פון דער וועלט. (כי) דען ער האט נור גיזאגט (בששת ימי בראשית) אונ עס איז געווארען, ער האט בעפאהלען (די וואסער פון ים זאלין ניט אריבער טרעטין דעם זאמד צו פארפלייצען די וועלט) איז אזוי געבליבען שטיין, דרום פירכטעט זיך אלע בעזיצער דער וועלט איבער צו טרעטין זיינע גיבאטע, ווייל ווען איר וועט בער טרעטין, האט ער פארארדינט אז די וואסער פון ים זאל אויך איבער טרעטין זיין ווארט, אונ אריבער דעם זאמד צו פארפלייצין פיל שטעט. (יי הפיר) אונ דורך דעם וואס זיין השגחה איז אויף דער וועלט, צושטערט ער דעם ראטה פון די פעלקער אונ פארניכטעט זייערע גידאנקען וואס זיי ווילין שטערין דעם תכלית וואס דער עוויגער האט בעשטימט. (עצת יי) גאטעס ראטה אבער בלייבט אויף עוויג, זיינע גידאנקען ווערט גיטאן אין יעדער דור נאך דיא מעשים פון דעם דור א). (אשרי) דרום וואהל איז דאס פאלק וואס האט אויס

מעשה אלפם

א) למשל זיין ראטה איז, אז די וועלט (סופי תיבות אמת), אלע ווילען דער זאל קומען צום אמת, ווי עם זעהען די ליכטיגקייט פון דער תורה, אונ איז אנגעוויזען אין די ווערטער פון סוף אז די ישראל זיינען, עם דנבחר", דאס מיינט מעשה בראשית, ברא אלהים לעשות' ביין רבוע של עולם עוויג אן א שום

ענד

אֲשֶׁר יְיָ אֱלֹהָיו, הָעָם בָּחַר לְנַחֲלָה לוֹ: מִשָּׁמַיִם הִבִּיט יְיָ, רָאָה אֶת כָּל בְּנֵי הָאָדָם: מִמְּכוֹן שִׁבְתּוֹ הִשְׁגִּיחַ, אֶל כָּל יֹשְׁבֵי הָאָרֶץ: הַיּוֹצֵר יַחַד לִבָּם, הַמֵּבִין אֶל כָּל מַעֲשֵׂיהֶם: אֵין הַמֶּלֶךְ נוֹשָׁע בְּרָב חָיִל, גִּבּוֹר לֹא יִנָּצֵל בְּרָב כֹּחַ: שֶׁקֶר הַסּוּס לִתְשׁוּעָה, וּבְרֹב חֵילוֹ לֹא יְמַלֵּט:

הנה

עברי טייטש

ערוואולט צו דינען גאט, אונ נאך מער זיינן גליקליך די ישראל, לבד וואס זייערע עלטערין האבען אוים ערוואהלט צוא דינען גאט, האט גאט זיי אויך אוים ערוואהלט פיר זיין ערב, זיין צו אים (עם סגולה) „א געליבטער אוצר״. (משמים) פון הימעל בליקט גאט, ער זעהט אויף אלע מענשין־קינדער (דאס איז די נאטור-נאנג וואס ער האט פארארדינט). (ממכון שבתו) פון זיין אנגיבריישין וואהנונג (דאס איז די איבערנאטירליכע הנהגה) גיט ער אכטונג מיט גרוים השגחה אויף אלע בעוואהנער פון די ערד. (היוצר) דער וואס האט בעשאפען אלע זייערע הערצער, דער פארשטייט אויך אלע זייערע מעשים, אונ אזוי ווי ער האט בעשאפין אלע הערצער אין איין ווייליע, (ער האט גיגעבין בכח אין אדם הראשון'ס הארץ עס זאל פון אים געבוירין ווערין אגאנצע וועלט), אזוי בליקט ער דורך אלע זייערע מעשים אין איין אויגען בליק (וכולם נסקרין בסקירה אחת). (אין המלך) אונ פון די איבער נאטירליכע השגחה צייט זיך די וואונדערליכע השגחה וואס פארהיט די גאטס פארכטיגע פון אלעם בייזין, קיין מלחמה פון פייער אונ וואסער זאל זיי ניט זיגען, ווי מיר זעהען אפט מאל אין דער וועלט, אז אקעניג ווערט ניט געהאלפען דורך זיין גרויסע ארמיע, (גבור) אויך אהעלד ווערט ניט גירעטעט דורך גרויסע קראפט (וויא דיא היסטאריע פון גלית הפלשתי). (שקר הסוס) אונ אמאל איז גראד וואס דער פערד איז פאלש זיין ווירט (ער פירט אים נעגין זיין ווילען) דאס איז גראדע זיין הילף (ווי די געשיכטע פון אברבנאל, זעהט סדור קרבן מנחה מעשה אלפס) וואס מיט זיין גרוים מאכט

---

מעשה אלפס

שנוי, אונ ווען אויך עס דויערט, דארפין מיר האפין אונ זיך פאסין מוטה ניט שוואך צו ווערען אין האפענונג, אונ די גידאנקען פון זיין הארצען דאס רופט זיך די טיטלען

צו דעם, איז דער בורא סבין אין יעדער דור, דורך פערשיידענע פארמעם, (נאך די מעשים פון דעם דור). אמאל דורך אפינסטערין וואלקין וואס פארשפרייט זיך אוים'ן

הִנֵּה עֵין יְיָ אֶל יְרֵאָיו, לַמְיַחֲלִים לְחַסְדּוֹ: לְהַצִּיל מִמָּוֶת נַפְשָׁם, וּלְחַיּוֹתָם בָּרָעָב: נַפְשֵׁנוּ חִכְּתָה לַייָ, עֶזְרֵנוּ וּמָגִנֵּנוּ הוּא: כִּי בוֹ יִשְׂמַח לִבֵּנוּ, כִּי בְשֵׁם קָדְשׁוֹ בָטָחְנוּ: יְהִי חַסְדְּךָ יְיָ עָלֵינוּ, כַּאֲשֶׁר יִחַלְנוּ לָךְ:

נָאךְ דֶעם זָאגְט מֶען דָאס:

לֹא יָרֵעוּ וְלֹא יַשְׁחִיתוּ בְּכָל הַר קָדְשִׁי, כִּי מָלְאָה הָאָרֶץ דֵּעָה אֶת יְיָ, כַּמַּיִם לַיָּם מְכַסִּים:

שִׁיר לַמַּעֲלוֹת אֶשָּׂא עֵינַי אֶל הֶהָרִים, מֵאַיִן יָבֹא עֶזְרִי: עֶזְרִי מֵעִם יְיָ, עוֹשֵׂה שָׁמַיִם וָאָרֶץ: וְאֹרַח צַדִּיקִים כְּאוֹר נֹגַהּ, הוֹלֵךְ וָאוֹר עַד נְכוֹן הַיּוֹם: וַאֲנִי תְפִלָּתִי לְךָ יְיָ עֵת רָצוֹן אֱלֹהִים בְּרָב חַסְדֶּךָ, עֲנֵנִי בֶּאֱמֶת יִשְׁעֶךָ: הִנֵּה

לא

עברי טייטש

וָואלְט עֶר נִיט קֶענֶען רֶעטֶען זַיין דַייטֶער. (הִנֵּה) דָאס אִיז אַלְם וַוייל גָאטֶעס אוֹיג (בליקס) אוֹיף דִי וָואס פִירְכְטֶען פַאר אִים, צוּ דִי וָואס הָאפֶען אוֹיף זַיין גְנַאדֶע. (לְהַצִּיל) צוּא רֶעטִין זֵיי פוּן טוֹיט אוּנ צוּ עֶרְהַאלְטִין זֵייעֶר לֶעבִין אִין הוּנְגֶער צַייט. (נַפְשֵׁנוּ) דְרוּם וַוארְט אוּנ הָאפְט אוּנְזֶער זֶעלֶע נוּר צוּ גָאט, דֶען נוּר עֶר אִיז אוּנְזֶער הִילְף אוּנ אוּנְזֶער בֶּעשִׁיצֶער. (כִּי בוֹ) נוּר מִיט אִים פְרֵייט זִיךְ אוּנְזֶער הַארְץ וֶוען מִיר פֶערְזִיכֶערִין זִיךְ אָן דַיינֶעם הֵיילִיגֶען נָאמֶען. (יְהִי) עֶס זָאל זַיין דַיין גְנַאדֶע, גָאט, אִיבֶּער אוּנְז וִוי מִיר עֶרְוַוארְטִין פוּן דִיר.

לֹא יָרֵעוּ, זֵיי (די חיות רעות אונ שלעכטע מענשין) וֶועלִין נִיט שַׁאדִין טָאן אוּנ וֶועלֶען נִיט פֶערְדַארְבֶען אוֹיף מַיין גַאנְצִין הֵיילִיגֶען בַּארְג (ארץ ישראל), דֶען עֶס וֶועט (סוף כל סוף) פוּל וֶוערִין דִי עֶרד מִיט אַנֶערְקֶענֶען גָאט, זָא וִוי דָאס וַואסֶער בַּאדֶעקְט דֶעם יַם.

מעשה אלפס

אוֹיפ'ן אִידֶעשֶׁען הִימֶעל (פַאנְרָאסֶען, אָדֶער אַנְדֶערֶע צָרוֹת ר"ל) אוּנ אַמָאל דוּרְךְ אוֹיף שַׁיינֶען דִי זוּן אוֹיפ'ן אִידֶעשִׁין הִימֶעל, אִיז בִּכְלָל אַלֶעם וָואס פַּאסִירְט אִין יֶעדֶער דוֹר (פְרֵייהַייט אָדֶער דְרִיקוּנג), אִיז דִינְגֶעלִיךְ אִין דִי גְרוֹיסֶע וֶועלְט קֵייט, וָואס דֶער לֶעצְטֶער רִינְגֶעלֶע פוּן אִיר אִיז. דֶער תַּכְלִית וָואס אִיז בַּאשְׁטִימְט בֵּיי גָאט בָּרוּךְ הוּא פוּן אָנְהוֹיבּ בְּרִיאָה, וִוי מִיר זָאגִין (יִתְגַּדַּל וְיִתְקַדַּשׁ) אַז סוֹף כָּל סוֹף וֶועט גֶעגְרוֹיסְט אוּנ פֶערְהֵיילִיגְט וֶוערֶען זַיין גְרוֹיסֶער נָאמֶען, אִין דֶער וֶועלְט וָואס עֶר הָאט אִיר בֶּעשַׁאפֶען אוּנ גֶעפִירְט לוֹיט זַיין ווִילֶען.

דער

לֹא יָנוּם וְלֹא יִישָׁן שׁוֹמֵר יִשְׂרָאֵל: הוֹד וְהָדָר לְפָנָיו, עֹז וְחֶדְוָה בִּמְקוֹמוֹ: כִּי עִמְּךָ הַסְּלִיחָה, לְמַעַן תִּוָּרֵא: חַנּוּן וְרַחוּם יְיָ, אֶרֶךְ אַפַּיִם וּגְדָל חָסֶד: בְּאוֹר פְּנֵי מֶלֶךְ חַיִּים. וּרְצוֹנוֹ כְּעָב מַלְקוֹשׁ: כִּי אֵל גָּדוֹל יְיָ, וּמֶלֶךְ גָּדוֹל עַל כָּל אֱלֹהִים: אַשְׁרֵי הָעָם יוֹדְעֵי תְרוּעָה, יְיָ בְּאוֹר פָּנֶיךָ יְהַלֵּכוּן: כַּשֶּׁמֶן הַטּוֹב עַל הָרֹאשׁ יֹרֵד עַל הַזָּקָן, זְקַן אַהֲרֹן שֶׁיֹּרֵד עַל פִּי מִדּוֹתָיו[א]:

## אַ נײַע תְּחִנָּה צוּ תַּשְׁלִיךְ.

רִבּוֹן הָעוֹלָמִים, הער פון אַלע וועלטין, דו האסט אונז געשריבען אין דיין הייליגע תּוֹרָה צו הייליגען היינטיגען טאג (ראש השנה), דען אין היינטיגען טאג זיצטו אויף דיין שטול צו משפּטין די גאנצע וועלט, יונגע אונ אַלטע, אָרים אונ רייך, משפּטין זיי צו גוטס אָדער שלעכטס חלילה, צו גליק אָדער אונגליק, צום לעבין אָדער פאר קערט חלילה, יעדערין נאך זיינע מעשׂים, אונ מיר ווייסין אַז מיר זיינען פול מיט זינד, מיר האבען ניט מקיים געוועזן וואס דו האסט פארזאָגט אין דיין הייליגע תּוֹרָה, אונ מיר האבין ווידערגישפּעניגט געגין דיר, דרום זיינען מיר זייער ערשראָקין פאר דעם יום הדין, פילייכט וועסטו אונז משפּטין נאך אונזערע מעשׂים, דרום קומען מיר היינטיגען טאג צום וואסער, פליסען טרערין ווי וואסער, אַז דו זאלסט זיך מיט אונז באגיין מיט ערבארימקייט, מיט חסד וואס איז געגליכען צו וואסער, אונ זאלסט היינט צום יום הדין ערוועקין די שלש עשׂרה מדות פון רחמים צו ריינעגען אונז פון אונזערע זינד, וואס זיינען פול ווי אין מעער וואסער, אונ זאלסט אָפּ וואשין אַלע אונזערע פלעקין ווי וואסער. דו הייליגער גאט זעהסט וואס ביי יעדער מענש איז אין הארץ, דו באמערקסט יעדער קערפּער קלאר ווי וואסער, עס איז פון דיר קיין זאך ניט פאר הוילען, קיינער קען זיך פון דיר ניט באהאלטין, אויסער דיר קען קיין באשעפעניש ניט לעבען, ווי

מעשה אלפס

א) דער מנהג קדמונים פון תשליך (זיין תנ"ך געפינען מיר, אַז ביין וואסער איז צום וואסער) ראש השנה, בעדייט דער מענש עלול בעגייסטערט צו ווערין, אויף הויכע געדאנקען, אין פיל ערטער אין "הגר" בכת זי איז ענטלאָפען פון שׂרהן

אונזער

אפ״ט אן וואסער, ווען חלילה דו זאלסט זיך באגיין מיט דער וועלט אקליינע ווילע מיט מדת הדין, ווען דו וואלסט באצאלין אמענשין נאך זיינע מעשים פינקטליך ווי ער האט פאר דינט, וואלט. די וועלט קיין קיום ניט האבן, נאר דו צאמסט ארום דעם מדת הדין מיט דיין מדת הרחמים, ווי די ברעגין פון ים צאמען ארום דאס וואסער, דרום קומען מיר היינט צום וואסער, ניט מיט אונזערע גוטע מעשים, ניט מיט אונזערע רעכט-פארטיקייט, נאר מיר האפין אויף דיין גינאד, אונ דיין מדת הרחמים, וואס זיינען אזוי פיל ווי אין ים דאס וואסער, מיר זיינען זיך מתודה אויף אונזערע בייזע מעשים וואס מיר האבען גיטאן ביז אהער, אונ אונזער הארץ איז זייער צו בראכען וואס מיר האבען דיר פיל ערצערינט, מיר האבען ניט געהיט דיין היילינע תורה, מיר האבען ניט מקיים גיוועזן דיינע היילינע מצות, מיר בעטין פון דיר הער פון דער גאנצער וועלט, וואס אין דיין האנד איז די זעלע אונ דער לעבין פון אלע מענשין, מיר בעטין פון דיר דו זאלסט אפ מעקין אלע אונזערע זינד, אונ אלע אונזערע שטרי חובות, דען מיר האבען ניט מיט וואס איין צו צאלין דאס וואס מיר זיינען שולדיג, מיר זאלין חלילה ניט באדארפין צאלין מיט אונזער לעבין, אונ מיט דעם לעבין פון אונזערע קליינע קינדער, אונ פון יעצט אן אונ ווייטער זאלסטו אונז העלפין ליבער גאט מיר זאלען קענען דיך דינען מיט'ן גאנצען הארצען, דו זאלסט אונז באשאפען אגוט הארץ, מיר זאלען היטען אלע דיינע גיבאט, עס זאל ביי אונז ניט זיין קיין קנאה, שנאה, מיר זאלען איינער מיט דעם אנדערען טאן גוטעס, אונ טראכטין גוטע גידאנקען איינער אויף דעם אנדערן, מיר זאלין ווערט זיין פון היינט אן, אז דו זאלסט מיט אונז גוטס טאן, אונ זאלסט היילען אלע צובראכענע הערצער, דו זאלסט אונז געבין איאר פון לעבען, איאר פון געזונד, איאר פון פרנסה, איאר פון נחת, דו זאלסט ניט צו נעמען אפאטער פון זיינע קינדער, עס זאלין ניט בלייבין חלילה אלמנות אונ יתומים ווי א שיף אן ארודער, אונ

מעשה אלפס

אונזער מוטער, שרייבט די תורה (ויםמצאה יאין גלות בבל) דער ציילט אז ער האט מלאך יי על עין המים) אז ביין קוואל גיזעהען מראות אלהים ביין וואסער (על וואסער האט זי זוכה גיוועין צו נבואה נהר כבר), משה רבנו אין מדין דערציילט ביידין מיט פיל מלאכים, יחזקאל הנביא די תורה, אז ער איז גיוועסין ביין ברונען

וואסער

ווי א שטאדע שאף אן א פאסטוך, דו זאלסט ניט צו נעמען עלטערין פון קליינע קינדער, אונ קינדער פון עלטערין, עס זאל ביי אונז קיין אונגליק ניט גישעהן אין אונזערע הייזער, אונזער בלוט זאל זיין אין גאנצין, מיר ווינען אונ שרייען היינט, אז אגאנץ יאר זאלין מיר שוין מער ניט דארפין שרייען אונ וויינען חלילה, אונ דו זאלסט ערפרייען אלע ביטערע הערצער, דו זאלסט יעדערין ערפילען וואס איס פעלט. אלע קראנקע זאלסטו זיי שיקען א רפואה שלמה, זיי זאלען געזונד אונ שטארק ווערין. אלע וואס זיינען במקום סכנה זאלסטו זיי שטיצען מיט דיין רעכטע האנד, אונ זאלסט זיי מציל זיין פון זייער גיפאר, אלע עקרות זאלסטו ענטפערין מיט קינדער, אונ אלע חשוכי בנים זאלין ערפרייט ווערען מיט זרע של קימא, זיי זאלען מער ניט זיין קיין צו דארטע בוימער. נור ווי בוימער וואס גיבען פרוכט, אלע שוואנגערע פרויען זאלען געווינען אין דער צייט, אן צער, אן חבלי לידה, אן יסורים, אן סכנה, זיי זאלען האבין לעבעדיגע קינדער, אונ זאלין פון זיי קיין צער גדול בנים ניט האבין, זיי זאלען זיי אויף האדעוועז צו תורה ומעשים טובים, זיי זאלען ניט זאר שעמען זייערע עלטערין, זיי זאלען זיין גוט אונ פרום צו גאט אונ צו מענשין. רבונו של עולם, גיב אונז איאר וואס מיר זאלין ניט פאר שעמט ווערען, זאלסט אונז היטען פון ארימקייט, מיר זאלען ניט באדארפין אן קומען איינער צום אנדערין, דען די גאב פון אמענשין איז קליין אונ די שאנד איז זייער גרויס, נאר דו זאלסט אונז ערנערין פון דיין היליגע האנד, דו זאלסט אונז צו שיקען אכשרה אונ גרינגע פרנסה, אן צער, אן שוועריקייטין, אן חלול שבת, אן פארשאפין שאדין דעם צווייטען. רבונו של עולם, דו זאלסט אונז ניט צו נעמען פון דער וועלט פאר דער צייט, ביז וואנען מיר ועלין אויסלעבען אונזערע יארין. אונ אויס האדעווען אונזערע קינדער, אונ מיר זאלען פון זיי נחת האבען, זיי זאלען גיין אין די רעכטע וועג צו דינען דיר באמת ובתמים, אמן.

---

מעשה אלפס

מאסער, אין אנפאנג מעשה בראשית אויפמערקזאם אויף פיל גוטע געדאנקען, מערקט אן די תורה (ורוח אלהים מרחפת על דאס ערסטע מערקט ער אן אויף די טייערע פני המים) אז דער געטליכער גייסט שוועבט מדה פון ענוה, אזוי ווי וואסער פירעט בין וואסער, וויל דער וואסער מאכט אום די הויכע פלעצער, אונ ציט זיך אלם

הַבֵּט מִשָּׁמַיִם וּרְאֵה, זֶעה הֵיילִיגֶער גָאט פוּן הִימֶעל אוֹיף אוּנְז אִין דֶער נִידֶער, אַזוֹי וִוי דִי וַואסֶער גֵייט פוּן הוֹיךְ אִין דֶערְנִידֶער. זֶעה וִוי מִיר שְׁטֵייעֶן דָא פַאר דִיר לִיבֶּער גָאט מִיט שְׁרֶעק אוּנ מִיט גְרוֹיס צִיטֶערְנֶעס. דֶערְבַּארִים זִיךְ אוֹיף אוּנְז. אוּנ עֶס זָאל אַוֶועק גֵיין אוּנְזֶערֶע פַארִיגֶע זִינְד. אַזוֹי וִוי וַואסֶר גֵייט אַוֶועק, זָאלְסְט אַרֵיינְוַוארְפִין אוּנְזֶערֶע חֲטָאִים אִין אַיין אָרְט וָואס זֵיי זָאלִין שׁוֹין מֶער נִיט קוּמֶען, אַזוֹי וִוי דִי וַואסֶער גֵייעֶן, אוּנ פַאלִין אַרֵיין אִין טִיפֶען יַם. מִיר הָאבִּין פִיל גֶעזִינְדִיגְט. אָבֶּער יֶעצְט אִיז אוּנְזֶער הַארְץ קְלָאר וִוי דָאס וַואסֶער טוּ מִיט אוּנְז גִינָאד פוּן וֶועגִין דַיין הֵיילִיגֶע תּוֹרָה וָואס זִי אִיז גֶעגְלִיכֶען צוּ וַואסֶער. דֶען דִי תּוֹרָה קֶען מֶען נִיט מְקַיֵּים זַיין אִין קֶבֶר. זִי אִיז נִיט גִיגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען פַאר טוֹידְטֶע. דְרוּם לָאז אוּנְז לֶעבִּין, מִיר זָאלֶען זִי מְקַיֵּים זַיין אוּנ גוּטֶעס טָאן אוֹיף דֶער וֶועלְט וִוי מִיר קְלֶערִין. מִיר זָאלִין פַארִיכְטֶען וָואס מִיר הָאבֶּען בִּיז יֶעצְט קַאלִיע גֶעמַאכְט, הוֹשִׁיעָה יְיָ, הֶעלְף אוּנְז גָאט צוּ דִינֶען דִיךְ מִיט דֶעם גַאנְצִין הַארְצִין. מִיר זָאלֶען פַארְבְּרֵיינְגֶען אוּנְזֶערֶע יָארִין אִין פְרוּמְקֵייט אוּנ אִין עֶרְלִיכְקֵייט. אוּנְזֶער עֶלְטֶער זָאל מְכַפֵּר זַיין אוֹיף אוּנְזֶער יוּגֶענְד, אוּנ זָאלְסְט אוּנְז נִיט בְּרֵיינְגֶען לִידֵי נִסָּיוֹן. מִיר זָאלֶען נִיט קוּמֶען לִידֵי בִזָּיוֹן. אוּנ מִיר זָאלִין חָלִילָה צוּא דֶער עֶלְטֶער נִיט בַּאַדַארְפִין אָנְקוּמֶען צוּא קִינְדֶער אוּנ צוּ קְרוֹבִים, אוּנ צוּ דִי גָאבּ פוּן אַ מֶענְטְשִׁין, מִיר זָאלִין אוֹיסְלֶעבִּין אוּנְזֶערֶע יָארִין מִיט אוּנְזֶערֶע מַאנֶען, מִיר זָאלִין חָלִילָה נִיט אָפְּגֶעריסִין וֶוערִין אֵיינֶער פוּן דֶעם אַנְדֶערִין, דוּ זָאלְסְט אוּנְז נִיט אַוֶועק וַוארְפִין צוּ דֶער צַייט פוּן אוּנְזֶער עֶלְטֶער, דוּא זָאלְסְט אוּנְז נִיט פַאר לָאזִין וֶוען מִיר וֶועלִין שׁוֹין זַיין שְׁלָאף, מִיר זָאלִין זַיין מִיט דֶעם גַאנְצִין זִינֶען בִּיז דִי לֶעצְטֶע מִינוּט, מִיר זָאלִין קֵיין צַעַר נִיט הָאבִּין פוּן אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער אִין גַאנְצִין לֶעבִּין, מִיר זָאלִין קֵיין צַעַר נִיט זֶעהן אִין אוּנְזֶער גַאנְצֶע פַאמִילְיֶע, אוּנ אִין אוּנְזֶערֶע אַלֶע גוּטֶע פְרֵיינְד, אוּנ אִין כְּלַל יִשְׂרָאֵל אוֹיף דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט, חַדֵּשׁ עָלֵינוּ, בַּאנַיי אוֹיף אוּנְז לִיבֶּער גָאט, דֶעם נַייעֶם יָאר, אַז עֶס זָאל זַיין אַ יָאר פוּן בְּרָכָה,

---

מעשה אלפס

וואו נִידֶערִיגֶער אִיז, אַזוֹי אִיז דֶער בּוֹרֵא נִכְנָע צוּ דֶער תּוֹרָה, פָאלְגִין אַלֶעס וָואס ב"ה (שׁוֹכֵן אֶת דַּכָּא וּשְׁפַל רוּחַ) מַשְׁרֶה זִי לֶערִינְט אִים צוּ זַיין עֶווִינֶען גְלִיק, זַיין שְׁכִינָה נוּר בַּיי דֶעם וָואס צוּ בְּרֶעכְט אוּנ דָאדוּרְךְ אִיז עֶר מְקַבֵּל אוֹיף זִיךְ עוֹל זַיין הַאַרְץ דוּרְךְ דֶעם קוֹל שׁוֹפָר אוּנ וֶוערְט מַלְכוּת שָׁמַיִם. זַיין אַ טְרַייעֶר דִינֶער צוּם

וועלט

עֶס זָאל חָלִילָה קֵיין הוּנְגֶער נִיט זַיין אוֹיף דֶער וָועלְט, עֶס זָאל זַיין אַ יָאר פוּן פַּרְנָסָה, אוּן פוּן גוּטֶע גֶישֶׁעפְטִין, אַ יָאר פוּן שָׁלוֹם אוּן פוּן מְנוּחָה, אוּן עֶס זָאל חָלִילָה קֵיין מַגֵּפָה נִיט זַיין אוֹיף דֶער וָועלְט, אוּן קֵיין שׁוּם שְׁלֶעכְטֶע אִיבֶּערְגַאנְג, אוּן קֵיין שׁוּם צָרָה, אוּן מִיר זָאלִין אַלֶע זַיין גֶעהִיט פוּן שָׁאדִין, פוּן פַייֶער אוּן וַואסֶער, אוּן פוּן אַלֶע בֵּייזֶע בַּאגֶעגֶענִישׁ, אָמֵן.

שְׁמַע קוֹלֵנוּ, הֶער צוּא אוּנְזֶער שְׁטִים גָאט אוּנְזֶער גָאט, פַאר נֶעם אוּנְזֶער גֶישְׁרֵיי, הָאבּ אוֹיף אוּנְז רַחֲמָנוּת אוּן נֶעם צוּא אוּנְזֶער גִיבֶּעט וָואס מִיר בֶּעטִין דָא בַּיי דִיר בַּייא דֶעם וַואסֶער, וָואס מִיר זַיינֶען גִיקוּמֶען בֶּעגַייעֶן דַיין קֶעניגְרַייךְ, וִוי עֶס אִיז גִיוֶועזִין פַאר צַייטִין דֶער שְׁטֵייגֶער אַז מֶען פְלֶעגְט זַאלְבֶּען אַיין קֶעניג בַּיי דֶעם וַואסֶער, נֶעם צוּ אוּנְזֶער תְּפִלָּה מִיט רַחֲמִים מִיט בַּאוִוילִיגוּנְג אוּן דֶער מָאן אוּנְז הַיינְט דֶעם זְכוּת פוּן אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערִין וָואס דוּ הָאסְט זֵיי גִיעֶנְטְפֶערְט בַּיי דֶעם וַואסֶער (בעת פרעה האט זיי נאך געיאגט ביין ים סוף), דֶער מָאן אוּנְז דֶעם זְכוּת פוּן נֹחַ הַצַּדִּיק וָואס דוּ הָאסְט אִים גִיהָאלְפִין אִין וַואסֶער (ער איז גידעסעם געווארען פון מבול), דֶער מָאן אוּנְז דֶעם זְכוּת פוּן אַבְרָהָם אָבִינוּ, וָואס מֶען הָאט אִים אַרַיין גִיוָוארְפִין אִין קַאלְךְ אוֹיבִין, אוּן דוּ הָאסְט פַאר לָאשִׁין דֶעם פַייֶער וִויא מִיט וַואסֶר, דֶער מָאן אוּנְז דֶעם זְכוּת פוּן דִי עֲקֵדָה וָואס דֶער שָׂטָן הָאט גִימַאכְט אוֹיפִין וֶועג אַ טַייךְ וַואסֶער, אוּן אַבְרָהָם אָבִינוּ מִיט יִצְחָקִ'ן זַיינֶען גִיגַאנְגֶען בִּיז הַאלְז אִין וַואסֶער (אונ ער האט מתפלל גיוועזן הושיענו אלהים כי באו מים עד נפש), דֶער מָאן אוּנְז דֶעם זְכוּת פוּן יַעֲקֹב וָואס דוּ הָאסְט אִיהם גִיעֶנְטְפֶערְט בַּיי דֶעם בְּרוּנֶעם וַואסֶר, אוּן עֶר הָאט זִיךְ גִירַאנְגִילְט מִיט דֶעם מַלְאָךְ בַּיי דֶעם וַואסֶער (נחל יבוק), דֶער מָאן אוּנְז דֶעם זְכוּת פוּן מֹשֶׁה וְאַהֲרֹן אוּן כְּלַל יִשְׂרָאֵל וָואס דוּ הָאסְט זֵיי גִיטָאן גְרוֹיסֶע וואוּנְדֶער אוּן גִיגֶעבִּין אִין דֶער מִדְבָּר וַואסֶער, דֶער מָאן אוּנְז דֶעם זְכוּת פוּן יְהוֹשֻׁעַ וָואס דוּ הָאסְט אִים גִישְׁפַּאלְטִין דֶעם יַרְדֵן אוּן אִיז אַרִיבֶּער דֶעם וַואסֶער, דֶער מָאן אוּנְז דֶעם זְכוּת פוּן אֵלִיָּהוּ הַנָּבִיא אוּן אֱלִישָׁע הַנָּבִיא וָואס זַייא הָאבִּין

מעשה אלפס

וָועלְט-קֶענִיג אוּן בַּיי דֶעם טַייךְ וֶוערְט סוֹי מְ'הָאט גֶיזַאלְבְּט שְׁלֹמֹה הַמֶּלֶךְ ע"ה דָאךְ פַאר פֶעסְטִיגְט דֶער קַבָּלַת עוֹל מַלְכוּת בַּיין קְוָואל גִיחוֹן). אוּן וֶוען מֶען וֶועט נָאךְ שֶׁסִים, וַוייל דֶער מִנְהָג בַּיי אִידִין אִיז בַּיין טַייךְ פַאנְגֶענְדִיג פִישׁ, מֶערְקְט דָאס גִיוֶוען צוּ זַאלְבִּין אַמֶּלֶךְ יִשְׂרָאֵל בַּיין טַייךְ אַז אַוֶועק צוּ וַוארְפִין דִי גַאוָה פִיס דֶעם

גיטאן וואונדער ביי דעם וואסער, דער מאן אונז דעם זכות פון אלע חסידים אונ נעם צו אונזער תשובה אונ זאלסט אונז אן חתמענען א גוט יאר, אונז אונ אונזערע מאנען אונ אונזערע קינדער, אונ אונזער גאנצע פאמיליע אונ אלע אונזערע גוטע פריינד בתוך כלל ישראל, אונ ווען עס איז חלילה נגזר געווארען אויף אונז א גזר דין אונ דער מדת הדין ברענט ווי אפייער, זאלין דיינע רחמנות פאר לעשין אים ווי וואסער, אונ דו זאלסט אויף זוכין אלע אונזערע זכיות, דער זכות פון אונזערע אייגענע מצות, דער זכות פון אונזערע ... קליינע קינדער וואס זיינען פון זינד ריין ווי וואסער, דעם זכות פון וואס מיר גיבין זיי לערנען דיין היילינע תורה וואס זי איז גיגליכען צו וואסער, זאלסט אויף אונז דער וועקין דעם זכות פון אונזערע עלטערין, דיא אוים גילייטערטע נשמות, דעם זכות פון אלע צדיקים אונ צדקניות וואס אין גן עדן, אונ זאלסט אונז אן שרייבין מיך מיט מיין מאן אונ מיינע קינדער אין דעם בוך פון לעבין, אמן.

אנא ה', איך בעט דיך גאט, דער גרויסער אונ שטארקער אלמעכטיגער, נעם צוא מיין תשובה וואס איך האב יעצט חרטה אויף מיינע זינד מיט דעם גאנצין הארצין, דוא ווייסט דאך אונזער קערפער, עס איז ניטא א מענטש אויף דער וועלט וואס זאל טאן נאר גוטס אונ זאל ניט זינדיגין, אונ דעריבער האסטו אונז גיגעבין די היילינע ימים נוראים מיר זאלין ניט פאר פאלין ווערין אין אונזערע זינד, מיר זאלין תשובה טאן, ווי עס שטייט געשריבען דורך דיינע היילינע נביאים „כי לא תחפוץ במות המת", דו ווילסט ניט אז דער מענטש זאל שטארבין, נור ער זאל תשובה טאן אונ חרטה האבין אויף דיינע זינד, אונ זאל בלייבין לעבין, דרום זאלסטו צונעמען מיין גיבעט אונ מיין תשובה צווישין די תפלות פון כלל ישראל, פון אלע צדיקים וצדקניות, אונ זאלסט מיך לאזין לעבין, אונ דוא זאלסט עפענען דיינע טויערין פון רחמים צו כל ישראל אונ צוא מיר

מעשה אלפס

שטאלין (כי לא ידע האדם את עתו כדגים הנאחזים כו'), ווייל דער מענש ווייס ניט וואס אנווילע שפעטער קען מיט אים פאסירען, . ווי די פיש וואס שווימען רוהיג אין טייך אונ פלוצלונג ווערין זיי געפאנגען אין נעץ (ומצודה פרוסה על כל החיים). אויך מערקט דאס אן, אז אלע וועלטליכע פערגעניגען וואס זיי זיינען ניט נאך דעם אידעלען גישמאק פון דער תורה הקדושה אונ דער פינקטעלער קערפער איז זיך מיט דעם מהיה איז דאס פאר די אידעלע נעפיהלען פון די נשמה זפוני

פות

אויך, דער הויך מיין מזל און דעם מזל פון מיין מאן און מיינע קינדער, דער לייכט וויערע אויגין אין דיין הייליגע תורה, און דער הויב דעם מזל פון כלל ישראל, גיב זיי חן אין די אויגען פון דעם מלך און זיינע שרים, און זאלסט אונז בויען דיין הייליגען בית המקדש, און מיר זאלען דאס זוכה זיין צו זעהען מיט אונזערע אויגען במהרה בימינו, אמן.

## תחנה פון עשרת ימי תשובה.

אלה אזכרה ואשפכה עלי נפשי, ווען איך טו זיך דיזעס ערמאנען, אזו כאגים איך מיך מיט טרערין, אז איך האב מיין תכלית גישטעלט אויף דער וועלט, נאר וועגין פרנסה, און איך האב גאר ניט אויס גירעכינט, אז איך וועל פאר דעם משפט פון דעם יום הדין גיבראכט ווערין, און איך וועל מוזין אויף אלע מיינע מעשים דין און חשבון אפגעבין אויף יענער וועלט, איך האב גאר ניט גיטראכט, אז דעם מענשינס לעבין אויף דער וועלט איז גאר ניט גיאכט, דען ווען ער לעבט שוין אפילו טויזינד יאר, איז גלייך אין דיינע אויגען ווי דער געכטיגער טאג, אזוי ווי עס שטייט אין פסוק (כי אלף שנים בעיניך כיום אתמול), (אדם) ווי זאל דער מענטש ניט זארגין, אז אלע טאג דארף ער זיך ריכטען צום טויט, (עד שובו לעפרו לא ישקוט) ביז זיין איבקערין זיך צו דער ערד, קען ער ניט רוען, טאג און נאכט טראכט ער ווי ער זאל זיין שפייז בעקומען, און איבער דער ביטערער פרנסה, קען ער דיך ליבער גאט ניט דינען, דרום בעט איך דיר הייליגער גאט, דו זאלסט אונז צו דעם נייען יאר אנשרייבין צו איין גרינגע פרנסה, עס זאל זיין פון דיין מילדע און געטרייע האנד, און ניט פון א מענשינס האנד, (אוי לי) וויי איז צו מיר אויף מיינע יארין, וואס איך האב פארבראכט אין ליידין, ווי עס שטייט אין ספרי מוסר, (טוב שלא נברא משנברא ליום צרה ועברה) עס וואלט בעסער גיוועהן, אז מען זאל

מעשת אלפס

כית, אזוי ווי די פרישע לופט וואס מיר אין תורה, הכלל וואסער האט אין זיך לייבען איר אטהעמען זיך מחיה זיין, א גרויסע סגולה צו בעווייסטערין דעם איז דאס פאר די פיש אפיינינונג צום מענשין, און דאס פאדערט זיך נייער טויט. און אזוי ווי די פיש קען ניט לעבין ראש השנה, ווי די חז"ל זאגען (אברו אין וואסער, אזוי קען די נשמה ניט לעבין לפני סלכיות כדי שתמליכוני עליכם).

נאר ניט בעשאפען ווערין אידער בעשאפען ווערען צו איין טאג פון
לייד, דען דעם מענשינס טעג זיינען ווייניג אונ שלעכט, אונ גייען גיך
אוועק זא ווי איין בליץ, אונ צום סוף מוז ער ערשט חשבון געבין פאר
גאט ב"ה, אויף אלע זיינע מעשים וואס ער האט איטליכען טאג גיטאן.
אונ אויף אלעס קען ער ניט ל קענען, דען זיינע מעשים זיינען
איפגעשריבען מיט זיין אייגענע האנד, אונ אלע רגע איז ער ניט
זיכער, טאמער הייסט מען אים אויף יענער וועלט גיין גיכער, אונ ער
האט ניט אנגיבריוט קיין שפייז (דאס איז מצות ומעשים טובים) צו אזא גרויסע
אונ אלאנגע וועג, אונ פון זיין עשירות נעמט ער גאר ניט מיט
זיך, ער בלייבט נאקעט פון אלעס, ווי עס שטייט (ערום יצא מבטן
אמו וערום ישוב שמה) נאקעט איז ער ארויס פון זיין מוטערס בויך,
אונ נאקעט טוט ער זיך אומקערין אין דער ערד אריין, פלוצלונג
ווערט ער באצוואונגען אין א בייזין גען א) דאס איז דער פינשטערער
טאג, פון יום המיתה, דאס איז דאך אזא טאג וואס השי"ת נעמט אפ
חשבון אויף אלעס, וואס ער האט געטאן אויף דער וועלט, דאס איז
אזא טאג, וואס ער מוז אוועקגיין פון זיין ליכטיגע הויז אין פינשטערע
גרוב, דאס איז אזא טאג וואס די אויגען ווערען בלינד, די אייגענע
קינדער אונ די פריינד ווערין ביי אים ניט דערקענט. דער מענש זאל
דאס אין דעם געדאנקען נעמען, וועט ער זיין צייט פון זיין לעבען ניט
פארברענגען מיט'ן יצר הרע. אויך זאל ער גידיינקען, אז ער איז ארויס
געקומען פון א טפה סרוחה, אונ אלע טאג זאל ער פארשטעלין פאר
זיך די גרוב פון זיין קבר, אין וועלכע מ'וועט אים ברייננען, אין אזא
ארט וועלכע עס איז רמה ותולעה. אויך זאל ער גידיינקען אז ער וועט
מוזין אפגעבין דין וחשבון אויף אלע זיינע זינד פון זיין גיבארין טאג אן
ביז דעם טאג וואס ער ווערט פון דער וועלט פארלארין, אלע טעג אונ
נעכט פון זיין לעבין, אפילו ווען ער לעבט שוין אפ הונדערט יאר.

---

מעשה אלפס

א) ווי קהלת זאגט (כי לא ידע האדם את איז דאס נאר אויף אים אשטריק, (כדגים
עתו) א מענש וויים ניט זיין צייט הנאחזים במצודה רעה, ווי די פיש וואס
אפילו וואס אים שטעלט זיך פאר פאר שווימט אין טייך אונ זעט פון ווייטען
א גליקליכע צייט, עס דוכט זיך אים אז א ווערימעל, האפט ער אים אריין אין
ער האפט דא דעם גליק, אונ אם ענדע מויל מיט פרייד. אונ דא געפינט ער זיין

פרויער

ניינע זיי אויך הבל הבלים, זיי גייען אוועק אין צרות אונ אין ליידין, ער האט ניט קיין מנוחה, ביז ער שלאפט שוין אין קבר, אבער וואייל איז דעם מענשין, וואס ער פארברייגגט זיין צייט אין תורה אונ אין מצות ומעשים טובים, דען דאס טוט אים באגלייטין אויף די אמת'ה וועלט, דרום בעט איך דיך ליבער גאט (אל תעלני מהעולם הזה קודם זמני) דו זאלסט מיך ניט אוועק נעמען פון דער וועלט פאר מיין צייט, כדי אז איך זאל קענען תשובה טאן אויף מיינע עבירות, אונ איך זאל גוטס טאן אויף דער וועלט, אום איך זאל ניט פארשעמט ווערין אויף יענער וועלט, בעוויז מיר דיין חסד, ווען איך לעב נאך, (היספר בקבר חסדך ואמונתך באבדון) וועט דען דערציילט ווערען אין קבר דיין חסד מיט דיין ווארהייט? (מה אנו מה חיינו) וואס איז אונזער לעבין, אונ וואס איז גיאכט אונזער עשירות, וואס מיר זאלען זיך דערמיט איבער נעמען, ווי עס שטייט (אדם ביקר בל ילין) ווען אפילו דער מענש איז אין גרויס עשירות, איז ער ניט זיכער מיט דעם איבער צו נעכטיגען, איינער טוט איינזאמלען פיל געלט, אונ ווייסט ניט נאכהער ווער עס וועט דאס ירשנן? (יצבור ולא ידע מי אוספם) הייגט וואס איז מיין האפענונג ניט מער. נאר (מכל פשעי הצילני) פון אלע מיינע זינד זאלסטו מיר מציל זיין, צו דיר ליבער גאט טו איך האפען, דען דו ביזט (שומע אל אביונים) דו פאר נעמסט די גישריי פון די אביונים, (שור נא בעניי ואל תשור אל עוני) באטראכט מיין ארימקייט, אונ קוק ניט אין מיינע זינד, אונ שרייב אונז אן צום לעבען, גאט דו שפייזט דיא גאנצע וועלט מיט דיין גרויס דערבארימקייט, גיב אונז אזא פרנסה אז אונזערע מאגען אונ אונזערע קינדער זאלען ניט בעדארפען מבטל זיין דיין תורה לערנען, אז מיר זאלען דיך רבונו של עולם דינען מיט איין פרייליך הארץ, אונ זאלסט אונז געבען איטליכען באזונדער זיין פרנסה פון דיין מילדע האנד, אז קיינער זאל ניט באדארפין אנקומען צו א צווייטין, אמן סלה.

---

מעשה אלפס

פרוטר אונ לייד. ווייל אין דעם ווערימעל אז ער פאר דינט פיל געלט אונ נייט מיט איז אנגיבונדען א קרוציגיל פון ווענדע, פרייד אונ דא לויערען אויף אים גזלנים וואס פאר צעפעט זיך אים אונ ער ווערט צו נעמען ביי אים די געלט מיטן לעבין ניפאנגין, אזוי איז דער מענש עס טרעפט [illegible] זאמען.

אום צו פאר שטיין דעם ענין פון כפרות ערב יו"כ, וועלין מיר פריער עטוואס ערקלערין דעם ענין פון דיא צוויא ציקאלאך וואס איז פאר געקומן אין די עבודה וואס דער כהן גדול האט געטאן יום כפור, ער האט געמאכט אויף זיי א גורל, אויף וועלכע ציקעלע עס איז ארויס דער צעטעלע (לה' חטאת) האט ער געקוילעט אונ אריין געטראגען איר בלוט אין קדש הקדשים אונ געשפריינגט ענטגעגין כפורת וואס אויפ'ן ארון הברית, נאכהער אין היכל אויפ'ן פרוכת נאכהער אויפען גאלדענעם מזבח. אונ אויף דיא ציקעלע וואס איז געפאלין דער גורל לעזאזל האט דער כהן גדול אנגעשפארט זיינע ביידע הענד אויף איר קאפ אונ האט זיך מתודה געוועזן אלע זינד אונ די פערברעכונג פון אידין, אונ האט די ציקעלע מיט די זינד אוועק געשיקט דורך א שליח אין וויסטען מדבר. אונ דער שליח איז ארויף מיט דיא ציקעלע אויף א שפיציגען בארג, אונ האט איר א שטו'ס געטאן אויף הינטער אונ זי האט זיך צו שאטין גלידער ווייס. אונטער די פיל געדאנקען וואס איז מרומז אין דעם (נאטירליך אז די תורה האט דאס געהייסן, מסתמא האט דאס פיל וויכטיגע בעדייטונגען) קען מען זאגין אויך דעם טעם. מיר זעהען אין דער וועלט ניט זייער פיהיגע קינדער, גוטע קעפ אונ ווארימע בלוט, איז ווען מ'זאל אויף זיי גוט אכטונג געבין אונ פירין זיי אין גראדע וועג, קען פון זיי א"זים קומען די וויכטיגסטע מענשין צו נאט אונ צו לייטין, ווען אבער מ'גיט ניט אכטונג אויף זייא אונ מ'לאזט זייא שפרינגען ווי די ציגען, פאר קריכען זיי הלילה אין אלע אונגליקען. זיי ווערין זוללים וסובאים אונ נאכהער ווערין זיי גנבים אונ גזלנים (אום נאך צו געבין זייערע טרייפע העלזער), נאכהער ווערין זיי אנארכיסטען, אונ דער סוף פון זיי איז, אז די עלטערין ווייס'ן ניט אין וועלכע וויסטע ערטער זייערע ביינער ווערין צו שאטין, אונ זייער טויט איז א כפרה פארין כלל ישראל, ווייל דער כלל ישראל ליידעט זיך גינוג אן פון זיי (הם הם המבאישים את ריח ישראל בעיני המלך והשרים כידוע).

די חכמי המדרש האבין דאס איין געפאסט אין די רייד פון אונזער מוטער רבקה, בעת זי האט משתדל געוועזן אז יעקב אבינו זאל נעמען דיא ברכות פון פאטער יצחק, האט זי אים געזאגט (לך נא אל הצאן) גיי צוא די שאף (באטראכט די אומה הישראלית וואס זי איז געגליכען צוא צאן) אונ נעם מיר פון דארטין צוויי גוטע ציקאלאך, זאגט דער מדרש (טובים לך וטובים לבניך) זיי וועלין זיין גוט פאר דיר (דו וועסט דורך זייא נעמען די ברכות) אונ זיי וועלין זיין גוט פיר דיינע קינדער (דורך זיי וועט פאר געבין ווערין זייערע זינד יום כפור). איין ציקעלי וועט פאלן אויף איר דער

נורל

גורל לה׳, כלומר, צווישן דיינע קינדער וועלן זיין פיל צדיקים וחסידים וואס מיט זייערע גוטע פייהיגקייט און ווארימען בלוט *) וועלן זיי גיין גלייך אין קודש הקדשים, דאס הייסט מיט ווארימקייט און מסירת נפש וועלן זיי זיך אפפערין פאר אלע הייליגקייט, פאר דעם כבוד התורה און כבוד שמים און פאר דעם כבוד פון די אומה הישראלית, וועלן זיי מגין זיין אויפ׳ן כלל ישראל אין נוטין צייט, כלומר, זייער תורה און מעשים טובים וואס זיי האבין גיטאן מיט ווארימקייט און מסירת נפש וועט פאר קומען פאר השי״ת אין קודש הקדשים מכפר צו זיין אויפ׳ן כלל ישראל, אוים ווירקען א שנת חיים, א שנת פרנסה וגזרות טובות, אויך וועלן זיך געפינען ביי אידין רשעים וואס וועלן בענוצין זייערע ווארימע בלוט און לעבעדיגקייט אין דינקען צייט, ווי עשו איש שעיר (שעיר המשתלח) וואס ענטלויפט פון בית המקדש (פון די בתי כנסיות ובתי מדרשות), ער וויל ניט זיין ווי יעקב אבינו (איש תם יושב אוהלים) נור „איש שדה״ לויפען אין ווילדע פלעצער, און ער איז אויך אמבפר, אבער אין זייער אטרויעריגען ארט, דורך זייערע בייזע מעשים ווערט נגזר גזרות רעות אז אידין זאלין חלילה פאלין אונטער די ידי עשו (איש שעיר), און דאדורך ווערט אהל פון אונז, און איבער הויפט פון אונזערע קינדער, זייערע בייגער ווערט חלילה צוא שאטין אין אלע ווילדע ערטער, און דער גרויסער צער איז דיא כפרה **).

צו דעם אנדיינקונג פון די צוויי שעירים (וואס זיי מאכין אויפמערקזאם

אויף זייער אויכטיגען רעיון) האבין דיא ראשונים נאכין הרבן הבית מתקן גיוועזן כפרות, אוים ניקליבין איין בעל חי וואס ער האלט איין אין זיך דעם גאנצין גידאנקען פון די צוויי שעירים, דער בעל חי וואס אהאלבין מעת לעת איז ער דער סימבאל פון א צדיק (לה׳) און דעם צווייטין האלבין מעת לעת איז ער פונקט פארקערט, און איז דאן דער סימבאל פון גרעסטין רשע (לעזאזל), דאס איז דער האן, ביי טאג איז ער א גרויסער הולטיי (אין לך זנאי בעופות יותר מן התרנגול) און ער ווייזט אן די רגע וואס השי״ת כעס׳ט אויף דער וועלט, ווייל דיא אוים־גילאסינהייט און הולטייסטווע איז די מוטער פון אלע זינד, דאס ברייננט צוא אלע

אונגליקען

*) די בלוט פון אציקעלע איז גלייך צו מענשין בלוט, דרום האבין די שבטים אין גיטונקט יוסף׳ס העמדעל אין די בלוט פון א ציקעלע.

**) גיוואהנליך אין אלע צייטין זיינען דא רשעי הדור, (שעיר עזאזל) נור ווען אידין זיינען גיוועזן פרום איז גיוועזן די גרעסטע טייל צדיקים וואס האבין גיאפפערט זייער לעבין און זייער בלוט פאר דעם כבוד התורה וכבוד האומה (שעירי חטאת), איז דער גורל לה׳ פארגיקומען אין רעכטע האנד, צו ווייזען אז די פאלק איז רבו צדיקים. ולהיפך חלילה עלת העזאזל בימין, ודו״ל.

אונגליקען, בלעם הרשע האט קיין אנדער עצה גיפונען אום גליקליך מאכין אידין נור מיט הולטייסטווע (לזנות אל בנות מואב), דרום רופט זיך בלעם „נאום הגבר״ (גבר איז דער טייטש אהאן), דער הולטיי לבד וואס ער איז רע לשמים, האט ער אויך ענין רעה לבריות, דער האן האט פי נט זיין ברודער אשנאת מות (מלחמת התרנגולים) (תלמידיו של בלעם הרשע ענין רעה היפך מתלמידיו של אברהם אבינו „ענין טובה״) אונגביא נאכט איז ער פונקט דער היפך, דאן ענטזאגט ער זיך פון אלע הולטייסטווע, אונ קרינט ליב אלעמען, ניט אזוי במחשבה זאנאר אפילו במעשה. ער ווערט נאר איין עסקן צבורי (טאן פארין כלל), ער שטייט אויף פונקט האלבע נאכט (צו חצות) אונ זאגט שירה „שאו שערים ראשיכם ויבא מלך הכבוד״ (ווי עס שטייט אין פרק שירה), ער רופט אוים אונ איז מודיע אז יעצט איז איין „עת רצון וואס הש״ית אין גן „עדן איז זיך משתעשע מיט די צדיקים, דרום איז יעצט זייער מסוגל אז תלמידי חכמים זאלין אויף שטיין לערנען. ווי דוד המלך פלעגט טאן (חצות לילה אקום כו׳), איינפאבע אידין זאלין אויף שטיין זאגין תפלות ותחנונים (קומי רוני בלילה לראש אשמורת), בויערין זאלין אויף שטיין צו זייער ארבייט, ער דער מאנט ווי שלמה המלך׳ס ווערטער (עד מתי עצל תשכב!), בכלל דער האן וואס האט אין זיך בידע איינגעשאפטין קוקט אריין „אין בני אדם״, אויב דער וואס האלט אים איז א מענש וואס זיינע הויפט מעשים זיינען גיוועזן ווי א מענש דארף זיך פירין, אונ מיט זיין נאמען „אדם״ איז ער (אדמה לעליון), נור וויל אין צדיק בארץ אשר יעשה טוב ולא יחטא, איז ער דורך גיפאלין אין קליינע פעלערין, דאן איז ער זיין כפרה העגדיל „זה תמורתי״ (דער לשון „תמורה״ איז אבעל הי אויף אבעל הי), אבער ווען דער „אדם״ איז גאר פון די (יושבי חושך וצלמות) ער איז גיגאנגען אגאנץ יאהר אין אפינסטערע וועג, זיין „אדם״ בעדייטעט נור אויף לשון אדמה (ער איז אשטיק ערד), דא איז נור (זה חליפתי) „חליפין״ איז אויף א העברע זאך, וויל דער האן איז פיל וויכטיגער פאר אים, ווי מיר זאגין אין תפלת זכה (ואפילו כבהמה לא הייתי), דאס איז א גרויסער מוסר פארין מענשין ער זאל בעת מעשה (פון כפרות שלאגין) צו ברעכין זיין הארץ אונ חרטה האבין אויף זיין שלעכטין פירונג וואס ביז הער, אונ בעטין רחמים ביי השי״ת אז ביי „זה חליפתי״ אונ ביי „זה תמורתי״ זאל אלעם זיין „זה כפרתי״ (זה התרנגול ילך לשחיטה) אט די הולטייסטווע, די שלעכטע דרכים זאלין גיקוילעט (בעזייטיגט) ווערין פון היינט אן, אונ איך זאל גיין לחיים טובים וארוכים אין א גוטע וועג, וואס זאל ברייגגען אויף מיר אונ אויף אלע אידין שלום וברכה, אמן.

מען נעמט די כפרה אין דער רעכטע האנד און מען זאגט „נֶפֶשׁ תַּחַת נָפֶשׁ" נאכהער זאגט מען דאס דריי מאל:

בְּנֵי אָדָם יֹשְׁבֵי חֹשֶׁךְ וְצַלְמָוֶת, אֲסִירֵי עֳנִי וּבַרְזֶל: יוֹצִיאֵם מֵחֹשֶׁךְ וְצַלְמָוֶת, וּמוֹסְרוֹתֵיהֶם יְנַתֵּק: אֱוִלִים מִדֶּרֶךְ פִּשְׁעָם, וּמֵעֲוֹנֹתֵיהֶם יִתְעַנּוּ: כָּל אֹכֶל תְּתַעֵב נַפְשָׁם, וַיַּגִּיעוּ עַד שַׁעֲרֵי מָוֶת: וַיִּזְעֲקוּ אֶל יְיָ בַּצַּר לָהֶם, מִמְּצֻקוֹתֵיהֶם יוֹשִׁיעֵם: יִשְׁלַח דְּבָרוֹ וְיִרְפָּאֵם, וִימַלֵּט מִשְּׁחִיתוֹתָם: יוֹדוּ לַיְיָ חַסְדּוֹ וְנִפְלְאוֹתָיו לִבְנֵי אָדָם: אִם יֵשׁ עָלָיו מַלְאָךְ מֵלִיץ אֶחָד מִנִּי אָלֶף, לְהַגִּיד לְאָדָם יָשְׁרוֹ: וַיְחֻנֶּנּוּ וַיֹּאמֶר, פְּדָעֵהוּ מֵרֶדֶת שַׁחַת, מָצָאתִי כֹפֶר:

---

עברי טייטש

בני אדם, די מענשין וועלכע זיצען אין דער פינסטערניס אין דונקעלין געפינקניס, געבונדין אין אייזערנע קייטין און געפייניגט, (ווען זיי ווערין אונטערטעניג און בעטין רחמים) וועט גאט זיי העראוס פיהרען פון די פינסטערניס און טויט שאטין, און זייערע בענדער (קייטין) וועט ער צו רייסן, (אוילים) די דומע מענשין וואס צו ליב זייער אונארטיגען פיהרונג און צוא ליב זייער פערברעכין ווערין זיי פון איינער קראנקהייט גיפלאגט, (כל אוכל) יעדע שפייזע פערעקעלט זייער זעלע, און זיי גרייכען שוין ביז די טויערין פון טויט. (ויזעקו) ווען זיי שרייען און בעטין צו גאט אין זייער נאטה, רעטעט ער זיי פון זייער אנגסט, (ישלח) ער בעפעהלט און היילט זיי און רעטעט זיי פון נידערין אין גרוב. (יודו) זאן דאנקען זיי גאט פיר זיין גנאדע און זיינע וואונדער וואס ער טוט מיט'ן מענשן, (אם יש) ווען עס איז דא אויף אים איין מלאך וואס רעט גוטעס פאר אים, איינער קעגין טויזענדערט זיין און נייניג שלעכטע מלאכים, (אפירשפרעכער, אפארשטייער) וואס דער מלאך איז אנגיברייט צו זאגין אויף אים זיין רעכטפארטיגקייט, זיינע גוטע מעשים וואס ער האט גיטאן. (ויחננו) טוט גאט גענעדיגען דעם מענשין און זאגט צו דעם מלאך מליץ, לייז אויס דעם מענשין פון צוא נידערין אין גרוב, איך (גאט) האב גיפונען איין אויס לייזונג פאר אים.

ווען איין נקבה שלאגט כפרות פאר זיך אליין זאל זיא דאס זאגען דרייא מאל:

## זאת חליפתי. זאת תמורתי. זאת כפרתי. זאת התרנגלת תלך לשחיטה. ואני אכנס ואלך לחיים טובים ארוכים ולשלום:

ווען מ'שלאגט כפרות פאר זיך מיט נאך איינעם זאלין זיי דאס זאגין דריי מאל:

## זאת חליפתנו. זאת תמורתנו. זאת כפרתנו. זאת התרנגלת תלך לשחיטה. ואנחנו נכנס ונלך לחיים טובים ארוכים ולשלום:

איין אשה מעוברת זאל נעמען אהון מיט אהאן, אויב זי טראגט א מיידיל איז די הון פאר ביידין, אונ אויב איין זכר איז דער האן פאר דעם זכר.

## אלו חליפותינו. אלו תמורותינו. אלו כפרותינו. אלו התרנגולים ילכו לשחיטה. ואנחנו נכנס ונלך לחיים טובים ארוכים ולשלום: (דריי מאל)

עברי טייטש

(זאת חליפתי) דאס איז מיין אויס בייטונג, דאס איז מיין אבוועקסלונג, דאס איז מיין פארגעבונג, דיזע הון וועט צו דער שחיטה גיין *), אונ איך וועל גיין צוא אריכות ימים אין גוטעס אונ אין פרידען. דריי מאל

(זאת חליפתנו) דאס איז אונזער אויס בייטונג, דאס איז אונזער אבוועקסלונג, דאס איז אונזער פער-געבונג. דיזע הון וועט צו דער שחיטה גיין*), אונ מיר וועלין גיין צו אריכות ימים אין גוטעס אונ אין פרידען. דריי מאל

(אלו חליפותינו) דיזעם זיינען אונזער אויסבייטונג, דיזעם זיינען אונזער אבוועקסלונג. דיזעם זיינען אונזער פערגעבונג. דיזע עופות וועלין צו דער שחיטה גיין*) אונ מיר וועלין גיין צו אריכות ימים אין גוטעס אונ אין פרידען. דריי מאל

אין

*) (ווען מ'שלאגט כפרות מיט געלט זאגט מען) דיזע געלט וועט אויף צדקה גיין.

רבש"ע, אָב הָרַחֲמִים, עֶרְבַּארְמִיגֶער פָאטֶער, דוּ עֶרְבַּארִימְסְט זִיךְ אֲפִילוּ אוֹיף דֶעם זִינְדִיגֶען מֶענְשִׁין, אוּנ דוּ ווִילְסְט נִיט עֶר זָאל שְׁטַארְבִּין, נוּר עֶר זָאל תְּשׁוּבָה טָאן (אוועק ווארפין זיינע בייזע מעשים) אוּנ זָאל לֶעבִּין, עֶרְבַּארֶעם זִיךְ אוֹיף מִיר מִיט מַיין מַאן אוּנ קִינְדֶער, אוּנ אַזוֹי ווִי אִיךְ הָאבּ גֶעשִׁיקְט קוֹילִין דִי כַּפָּרוֹת, אַזוֹי זָאלְסְטוּ מִיר הֶעלְפִין, עֶס זָאל גִיקוֹילֶעט (אָבּ גִיטָאן) ווֶערִין פוּן מִיר דֶער שְׁלֶעכְטֶער חַארַאקְטֶער פוּן הָאן וָואס עֶר אִיז זֵייעֶר אוֹיסְגִילַאסִין, אוּנ קֶען נִיט אָן זֶעהִין זַיין אֵייגֶענֶעם בְּרוּדֶער, זָאלִין דִי מִדּוֹת רָעוֹת (ווָאס זֵיי זַיינֶען דִי מוּטֶער פוּן אַלֶע זִינְד) אוֹיס גִירָאטֶעט ווֶערִין פוּן מַיין הַארְצִין, אוּנ אִיךְ זָאל זִיךְ אָנְהֵייבִּין פִירֶען פוּן הַיינְט אָן אִין דִי ווֶעג פוּן צְנִיעוּת אוּנ גוּטְהֶערְצִיגְקַייט צוּ אַלֶע מֶענְשִׁין, ווִי אוּנְזֶער מוּטֶער שָׂרָה אִיז גֶעווֶען אַגְרוֹיסֶע צְנוּעָה אוּנ אַגוּט־הֶערְצִיגֶע, ווָאס מִיט אִירֶע גוּטְהֶערְצִיגְקַייט הָאט זִי מְקָרֵב גִיווֶען פִיל נְפָשׁוֹת צוּ דִי רֵיינֶע אֱמוּנָה פוּן בּוֹרֵא יָחִיד, אוּנ אַלֶעם הַתְחָלָה (אַרַיין טְרֶעט) אִין דִי גוּטֶע ווֶעג פוּן גוּט הֶערְצִיגְקַייט (ווָאס דָאס אִיז דִי מוּטֶער פוּן אַלֶע מִדּוֹת טוֹבוֹת) מַאךְ אִיךְ בַּיי זִיךְ אַפֶּעסְטִין בֶּעשְׁלוּס מוֹחֵל צוּ זַיין אַלֶע מֶענְשִׁין ווָאס הָאבִּין גֶעזִינְדִיגְט קֶעגִין מִיר, אוּנ אַזוֹי ווִי אִיךְ בִּין זֵיי מוֹחֵל אַזוֹי זָאלְסְטוּ אַרַיין גֶעבִּין אַרְצוֹן אִין הַארְץ פוּן דִי מֶענְשִׁין ווָאס אִיךְ הָאבּ גֶעזִינְדִיגְט קֶעגִין זֵיי, אַז זֵיי זָאלִין מִיר אוֹיךְ מוֹחֵל זַיין *), אוּנ אַזוֹי ווִי מִיר זַיינֶען זִיךְ מוֹחֵל אֵיינֶע דִי אַנְדֶערֶע, אַזוֹי זָאלְסְטוּ לִיבֶּער הַארְצִיגֶער גָאט אוּנְז אוֹיךְ מוֹחֵל זַיין ווָאס מִיר הָאבִּין קֶעגִין דִיר

---

מעשה אלפס

אִין דִי גְרוֹיסֶע שְׁטֶעט ווָאס עֶרֶב יו"כ צוּ כַּפָּרוֹת ווֶערְט אַגְרוֹיסֶע אֵיינְגֶעשְׁטֶעפְּט אוּנ דִי שׁוֹחֲטִים זַיינֶען ווַאכְעדִיג אַגַאנְצֶע נַאכְט, אִיז דֶער ווָאס מַיידֶעט אוֹיס שְׁלָאגִין כַּפָּרוֹת מִיט אַיין עוֹף נוּר מִיט גֶעלְט אִיז מַה טוֹב, אוּנ ווֶען עֶר דַארְף שֶׁעכְטִין אַיין עוֹף לְכָבוֹד דִי סְעוּדָה, אִיז גְלַייכֶער אַלֵיין מִיט גֵיין אִין בֵּית הַשְּׁחִיטָה, נִיט פַארְלָאזִין זִיךְ אוֹיף דִי מְשָׁרֶתֶת, כַּמָּה יְרֵאִים וּשְׁלֵמִים זַיינֶען זִיךְ אַזוֹי נוֹהֵג. ווַייל אִין אַגְרוֹיסֶע אֵיינְגֶעשְׁטֶעפְּט קֶען חָלִילָה טְרֶעפִין פִיל סְפֵקוֹת. וּמִצְוָה גוֹרֶרֶת מִצְוָה, אַז עֶר ווֶעט אַלֵיין זַיין אִין בֵּית הַשְּׁחִיטָה ווֶעט עֶר קְרִיגֶען אַכְּבוֹד דִי בְּרָכָה פוּן כִּסּוּי הַדָּם. — דֶער מִנְהָג אִיז אַרוֹיס צוּ ווַארְפִין דִי גִידֶערִים פוּן דִי כַּפָּרוֹת ווָאס דָאס מֶערְסְטֶע פִּיקֶען דִי עוֹפוֹת פוּן פְרֶעמְדֶע, הֵייסְט דָאס זֵיי ווֶערִין גִישְׁפַּייזְט פוּן גְזֵלָה אוּנ דִי גִידֶערִים זַיינֶען דָאךְ דִי עֶרְשְׁטֶע אֵבָרִים ווָאס זַיינֶען מְקַבֵּל דִי גְזֵלָה, דְרוּם ווַארְפְט מֶען דִי אַרוֹיס, כְּדֵי גֶעמֶען זִיךְ אִין גִידַאנְקֶען עֶרְווַייטֶערִין זִיךְ פוּן גְזֵלָה, אוּנ ווֶען עֶר הָאט ווֶעמֶען אַיין עַוְלָה גִיטָאן

אין

---

*) דִי תְּפִלָּה אִיז אַפְּעוּלָּה נוּר ווֶען דִי מֶענְשִׁין ווָאס מ'הָאט גֶעזִינְדִיגְט קֶעגֶען זֵיי און מ'ווייס ניט פאר יום כפור וואו זיי געפינען זיך, אָבער די האָט מ'ווייס וואו זיי געפינען זיך זאָל מען גיין זיי איבערבעטין.

געזינדיגט, אונ זאלסט אונז העלפין אב צו היטען דעם היילינגען יום כפור ווי דיין רצון איז, סיי מיט'ן פאסטין אונ סיי דאוונען מיט אריינעם גידאנקען. אונ בזכות זה זאלסטו אונז אן חתמנען אגוט יאהר, א שנת חיים, א שנת פרנסה אונ נחת אויף אונזערע קינדער אונ אויף כלל ישראל, אמן.

## תחנה פון ליכט מאכין ערב יו"כ.

זיינט ווי עס איז ארוים גיקומען די שטערין ליכט אונ מען קויפט פארטינע, זאל מען זאגין די תחנה ברייננענדיג די ליכט צו הויז.

ליבער גנעדיגער פאטער, איך האב פון דיין כבוד וועגין גיקויפט *) צוויי ליכט, איינע צום אנצינדען אין שלאף צימער, זי זאל אונז דער מאנען אז די הייליגע נאכט יום כפור דארף מען זיין באזונדער, אונ ווי די ליכט רופט זיך „געזונד ליכט", זאלסטו מיר מיט מיין מאן אונ קינדער אן חתמנען א יאהר פון גיזונד, אונ די צווייטע ליכט איז ליכטיג צו מאכין דיין הייליגע שול (דעם מקדש מעט) אונ בעלייכטען די הייליגע נשמות פון מיינע אונ מיין מאנס עלטערין אונ פאר די עלינטע נשמות וואס ליגין אין פעלדער אונ וועלדער, אונ פאר אלע קדושים וואס זיינען אום געקומען על קדוש השם, אונ פאר די עלינטע נשמות וואס האבין קיין קינדער ניט געלאזין, אונ פאר די ריינע נשמות פון די קליינע קינדערלאך, די אלע נשמות זאלין זיך דער וועקין אונ מיט העלפין אונז בעטין רחמים עס זאל פארגעבין ווערין אונזערע זינד אונ מיר זאלין



אין געלט זאבין, זאל מען גיין גלייך איבער בעטין אונ צורעכט קומען מיט יענעם, ביז וואנען ער וועט מוחל זיין, ווייל אויף די עבירות וואס פון איין מענשן צום צווייטין איז יום כפור ניט מכפר, ביז וואנען מ'קומט צורעכט מיט יענעם. די מדה פון אידין איז, איינער זאל רחמנות האבין א יפ'ן צווייטין, דרום אז מ'בעט אים איבער דארף ער מוחל זיין בלבב שלם, אונ דער וואס איז ניט מוחל ווען מ'בעט אים איבער, מיט וואסערע אויגען קען ער קומען בעטין בייא השי"ת אז ער זאל אים מוחל זיין? — מען איז זיך נוהג צו קויפין צוויי ליכט עיו"כ, איינע אין שלאף צימער דאס רופט מען „גיזונד ליכט" (די גיזונד ליכט דארף זיין אין שטוב) אונ די צווייטע אין שול, הייסט „נשמה ליכט" פאר די נשמה פון פאטער אונ מוטער אונ שווער אונ שוויגער, אינ ווייל עס טרעפט פיל מאל אז פון אזעלכע פאר לעשט זיך א ליכט, אונ אנדערע רעכענען דאס חלילה פאר ניט אגוטין סימן אונ האבין גרוים צער, אלזא איז גלייכער אב·

*) ווען מען מאכט אליין װעקסענע ליכט, זאגט מען: איך האב פון דיין כבוד וועגין געמאכט.

גיהתמת ווערין צו אגוט יאהר, אוים גילייזט ווערין פון גלות און זוכה זיין צו זעהען די גרויסע שמחה פון תחית המתים במהרה, אמן.

## תחנה פון בענשין די קינדער (ערב יו״כ פאר נאכט).

עס איז אהיילינער מנהג בענשין די קינדער איידער מ׳גייט אין שול, ווייל דאן קומט אן די גרויסע הייליגקייט פון יום כפור און אלע טויערין פון רחמים ווערין גיעפינט.

ישימך אלהים כאפרים וכמנשה, גאט ב״ה זאל דיר העלפין דו זאלסט זיין אזוי חשוב ווי אפרים ומנשה (אגרויסער ליים אין תורה ווי „אפרים״ און אין וועלטליכע זאכין ווי „מנשה״) (ווען מ׳בענטשט אנקבה זאגט מען) ישימך אלהים כשרה רבקה רחל ולאה). ויהי רצון, עס זאל זיין אגוטער ווילען פון אונזער פאטער פון הימל, ער זאל איין פליסען אין דיין הארצין איין ליבשאפט און איין עהרען פורכט צו איהם, עס זאל זיין גאטעס פורכט אויף דיין גענזיכט שטענדיג, אום דו זאלסט ניט זינדיגען, און דיין חשק זאל זיין שטענדיג צו תורה ומצות, דיינע אויגען זאלין לייכטין אין דער תורה, דיין מויל זאל ריידין דברי חכמה, דיין הארץ זאל טראכטין יראת שמים, דיינע הענד זאלען געבען צדקה, דיינע פיס זאלין לויפין צו טאן דעם רצון הבורא ב״ה, און טאן טובות אלע נויט בעדערפטיגע, און ער זאל דיר בענשין מיט זיהן און טעכטער צדיקים וצדקניות וואס זאלין עוסק זיין אין תורה ומצות זייער גאנצין לעבין, דיין קוואל זאל זיין אגיבענשטער, און ער זאל דיר צו שיקען אכשרה פרנסה, מיט כבוד און מיט נחת, אגרינגע פרנסה, דו זאלסט האבין רוהיגקייט צו דינען דיין בעשעפער, און זאלסט געשריבען און גיחתמת ווערין צו

מעשה אלפס

אב צו געבין די ליכט דעם שמש, מ׳זאל אליין ניט וויסן וועלכע מיין ליכט איז, — ערב יו״כ איז אמצוה צו עסין, נור מ׳זאל עסין גרינגע זאכין וואס איז גרינג צו פאר דייען, אין דער פריאיגע סעודה איז אמצוה צו עסין פיש, און מען זאל אין זיגעז האבין, איך עס בכדי איך זאל קענען פאסטין מארגין מקיים זיין דעם רצון הבורא ית״ש, וועט דאס זיין פארעכינט וויא מען וואלט פאסטין ביידע טעג, ערב יו״כ און יו״כ, ערב יו״כ נאך האלבין טאג איז אמצוה זיך טובל זיין אין אמקוה אדער אין אטייך אפילו ווען מ׳איז גאר ריין. — ערב יו״כ איז אמצוה צו דאווענען מנחה מיט גיוויין און זאגין אשמנו און על חטא מיט אצובראכענע הארץ און חרטה האבין אויף די פאריגע שלעכטע מעשים און אויף דעם שלעכטין נאטור פון פיל ריידין, און מקבל זיין אויף זיך צו פירען זיך בדרך הישר און ניט ריידין דברים בטלים, בכדי מקיים צו זיין וואס די תורה זאגט אונז „לפני ה׳ תטהרו״ בעפאר דער הייליגער טאג קומט אן, זאלין מיר זיך ריינינגען פון די זינד.

אגליקליכען יאהר אונ ארויהיגען לעבין צווישין אלע צדיקים פון כלל ישראל, אמן.

נאכהער זאל מען גיין אין שול מיט גרויס הכנעה אונ זאגן פאלגענדע תחנה פאר דער הייליגער שול פון יום כפור.

## תחנה עיו"כ פאר ליכט בענטשן

מיין הארץ ציטערט אין מיר אונ מיינע הענד טרייסלען זיך אז איך נעם אן צינדען די ליכט לכבוד דעם הייליגען אונ שרעקליכען טאג יום כפור, מיר שיינט אז פון אלע זייטן הער איך קולות (דע לפני מי את עומדת) פארגעס ניט פאר וועמען דו שטייסט יעצט, פארגעס ניט אז דו שטייסט פאר דעם גרויסן וועלט ריכטער, וואס ווענט זיך יעצט אויף זיין ריכט שטול דיך צו משפטין פאר דיינע שלעכטע מעשים וואס דוא האסט גיטאן אגאנץ יאר.

אמנם חטאתי, אמת בארימהארציגער גאט, איך האב אין דעם יאר זייער פיל געזינדיגט, איך בין ניט יוצא גיוועזן ענטקעגין דיר אונ ענטקעגין אסך מענשין, אונ איך ווייס אז איך בין ניט ווערט דו זאלסט מיר מיינע גרויסע עבירות מוחל זיין, אבער אויף דעם היסטו דאך (אל רחום וחנון) ווייל דו האסט רחמנות אויף די זינדיגע מענשין אונ דוא בעגנעדיגסט זיי ווען זיי קומען פאר דיר מיט צובראכענע הערצער אונ מיט גיוויין אונ בעטין פון דיר פערצייהונג.

מי אני, ווער בין איך זינדיגע פרוי, איך זאל זיך פאר דיר אוים טענהן אונ פארענטפערין זיך אויף די זינד וואס איך האב גיטאן? ווער בין איך שוואכע פרוי, איך זאל מיר שטעלין פאר דיר גרויסער גאט, וואס די גאנצע וועלט איז אין דיינע אויגין ווי א טראפין פון ים,



דער הייליגער תנא רבי עקיבא זאגט (אין דער משנה סוף יומא) „אשריכם ישראל" וואהל איז אייך אידישע קינדער (לפני מי אתם מטהרין?) פאר וועמען רייניגט איר זיך פון אייערע זינד ערב יום כפור? (ומי מטהר אתכם?) אונ ווער העלפט אייך רייניגען זיך? (אביכם שבשמים) אייער פאטער פון הימעל, ווי השי"ת זאגט דורך דעם נביא יחזקאל (וזרקתי עליכם מים טהורים וטהרתם) איך וועל שפריינגען אויף אייך ריינע וואסער (כלומר, ריינע גידאנקען פון דער תורה וואס זי איז געגליכען צו וואסער) וועט איהר גערייניגט ווערען (מכל טומאותיכם ומכל גלוליכם אטהר אתכם) פון אלע אייערע אומריינע מעשים אונ אלע שמוציגע גידאנקען וועל איך אייך ריין מאכין, אונ אויך דער נביא ירמיה זאגט (מקוה ישראל ה') השי"ת איז די אידישע מקוה, אזוי ווי א מקוה איז מטהר די טמאים, אזוי איז

הקב"ת

אונ מיט איין ווינק קאנסטו פון איר מאכין תהו ובהו, אבער הער פון אלע וועלטין, אט דער פאר גופא וואס איך בין אזוי קליין אונ שוואך באדארפסטו אויף מיר רחמנות האבין, דו אליין ווייסט דאך אז דער שוואכער מענש טוט ווייער אפט גאר ניט ווילענדיג אזעלכע זאכין וואס דיר איז ניט לרצון, אונ פאר די זינד וואס איך האב געטאן האב איך אויך פיל געליטען, פאר דיר זיינען באוואוסט די פילע צרות אונ קריינקונג וואס איך האב דעם פערגאנגענעם יאהר גיהאט, דו האסט גיהערט מיינע זיפצען וואס זיינען ארויס פון טיפען הארצען, אונ האסט אויך גיזעהן די טרערין וואס איך האב פיל מאל אין דעם יאר פארגאסין דורך די פארשידענע צרות וואס איך האב געהאט, די צרות אונ די יסורים מיט וועלכע דו האסט מיך אין דעם יאר געשטראפט, זאל שוין זיין איין אפקומעניש פאר די זינד וואס איך האב גיטאן, אונ דער נייער יאר וואס הייבט זיך ערשט אן פר מיר, זאל זיין (א שנת ברכה) אגיבענשט יאר אן עגמת נפש, אן זיפצען אונ אן טרערין, דו זאלסט אויך מיט דיינע פליגעל בעשיטצען מיין מאן מיט מיינע אונשולדיגע קינדערלאך, דו גוטער גאט זאלסט אונז חלילה ניט צו שיידין אונ זאלסט אונז בענשין מיט נחת אונ מיט גליק, מיט גיזונד אונ מיט פרנסה, פאר דעם שיין פון די ליכט וואס איך צינד אן יעצט לכבוד דיין הייליגען נאמען אונ לכבוד דעם הייליגען יום כפור, זאלסטו זעהן נור דאס ביסיל גוטעס וואס מיר האבין אין דעם יאר גיטאן, אונ אונזערע זינד זאלין ווי שאטינס אוועק פליהען פאר די ליכטיקייט פון די גיבענשטע ליכט. אמן.

---

מעשה אלפס

חקב"ה מטהר די ישראל, די לעצטע רייד פון דעם תנא ר' עקיבא איז זייער שווער, (מקוה) איז גאר דער טייטש האפענונג אונ ער טייטש גאר אמקוה וואס מ'איז זיך טובל? – ווען מען באטראכט אבער גוט, זעט מען אז דער הייליגער ר' עקיבא האט דא אונז מגלה גיווען איין טיפען געדאנקען, וואס מיר האבען דאס זייער נייטיג צו די מחילה וסליחה פון דעם הייליגען טאג, ווייל אנאנט יאהר האבין מיר אוויכוח מיט'ן רבש"ע, מיר זאגין (השיבנו ה' אליך ונשובה) הייב דו אן פריער, קער אונז צו זיך וועלין מיר זיך נאכהער קערין צו דיר, אונ השי"ת זאגט פאר קערט (שובו אלי ואשובה אליכם) קערט זיך פריער צו מיר וועל איך זיך נאכהער קערין צו אייך, ערקלערט אונז דער הייליגער ר' עקיבא אז יום כפור לאזט דער בורא ב"ה איבער דאס זייניגע אונ גיט אונז נאך, ווי מיר זעהען אז ערב יום כפור פאר נאכט צו ליכט בענשין עפענען זיך די טויערין פון הייליגקייט אונ עס ווערט ארויף גענאמען א רוח טהרה וקדושה אויף אידעשע קינדער אז עס תאפט זיך שטארק ביינקען אונ

וויינען

פאַר שקיעת החמה (זון אונטער גאַנג), צינדט מען ליכט אונ דער נאָך זאָגט מען די ברכות.

# בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם, אֲשֶׁר קִדְּשָׁנוּ בְּמִצְוֹתָיו, וְצִוָּנוּ לְהַדְלִיק נֵר שֶׁל יוֹם הַכִּפּוּרִים:

# בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם, שֶׁהֶחֱיָנוּ וְקִיְּמָנוּ וְהִגִּיעָנוּ לַזְּמַן הַזֶּה:

ווען יום כפור געפאַלט אום שבת זאָגט מען די ברכות.

# בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם, אֲשֶׁר קִדְּשָׁנוּ בְּמִצְוֹתָיו, וְצִוָּנוּ לְהַדְלִיק נֵר שֶׁל שַׁבָּת וְשֶׁל יוֹם הַכִּפּוּרִים:

# בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם, שֶׁהֶחֱיָנוּ וְקִיְּמָנוּ וְהִגִּיעָנוּ לַזְּמַן הַזֶּה:

די פרוי וואס האָט געבענשט ליכט, זאָל שוין אין שול ניט זאָגן די ברכה שהחיינו מיטן עולם, ווייל זי האָט דאָך שוין געזאָגט שהחיינו צו ליכט בענשן.

## תחנה ערב יו״כ נאָך ליכט בענטשין.

גרויסער קעניג! איך לויב אונ דאַנק דיין ליבען נאָמען, וואָס דו האָסט מיר מזכה געווען מיט די מצוה פון ליכט בענשין,

מעשה אלפם

ווייגען פון טיפען האַרצין ווי אַקינד ביינקט צו אַליבען פאַטער וואָס ער האָט אים אַנאַנץ יאָר ניט געזעהן אונ פּלוצלונג האָט ער אים דער זעהען, פאַלט ער ארויף אויף אים מיט איין אָפענע האַרץ אונ מיט טרערין, דאס זאָגט דער תנא (אשריכם ישראל) גליקליך זייט איר אידעשע קינדער אונ וואוהל איז אייך, מיט וועמען באַגעגנט איר זיך יעצט ערב יום כפור פאַר נאַכט? פיס איער צערטליבען פאַטער פון הימעל וואָס אַנאַנץ יאָהר האָט איר זיך ערוויטערט פון אים, אַלזאָ זאָלט איר וויסען ווי אזוי צו ניצען די טייערע היילינע מינוטין, שטעלט ער דאס פאַר אין אַציור, אַזוי ווי איינער איז געוועזן אַצייט טמא ער האָט ניט געהאַט קיין מקוה, פּלוצלונג האָט זיך אים מזדמן געווען אַ מקוה, איז ער פון גרויס איבעראַשונג אַריין געגאַנגען אין איר אונ אָב געשטאַנען איינינע שעה אונ זיך פיל געוואַשין, אָבער ער האָט פאַר געסן

אונטער

את באשיינען דעם היילינען יום כפור, אונ בזכות די מצוה (פון ליכט בענשין) זאלין מיינע גידאנקען יעצט אריין גיין אין די ליכטיגקייט אונ היילינקייט פון דעם גרויסין אונ פארכטיגען יום כפור, ווי דו עפינסט יעצט אלע טויערין פון היילינקייט אונ ערוועקסט די הערצער פון דיין ליבע פאלק ישראל צו תשובה, מיינע זינד זאלען זיך חלילה נים לייגען ביין טיר (ביין אריינגאנג) פון דעם היילינען טאג אום נים צו לאזין מיינע גידאנקען דיינקען וועגין די היילינקייט פון דעם טאג, מיינע גידאנקען זאלין חלילה נים בלייבין פינסטער, עס זאל חלילה דורך דעם נים פאר פינסטערט ווערין די ליכט פון מיין לעבין, דו זאלסט מיר חלילה נים חתמנען צום טויט, אדער חלילה אין פינסטערין בוך פון אלמנות, אונ אזוי ווי איך האב יעצט ליכטיג געמאכט מיין הויז לכבוד דעם היילינען טאג, אזוי זאל מיין נשמה וואס זי איז פינסטער געווארין איבער מיינע זינד, דער לייכט ווערין דורך די מצוות פון דעם היילינען טאג, דאס הייסט דער פאסטין אונ די תפלות ובקשות וואס איך וועל דאוונן מיט הארץ (מיט גרויס כונה), אונ דורך די גוטע מעשים וואס דו וועסט מיך מזכה זיין צו טאן א גאנץ יאר, אמן

## נאך אתחנה ערב יו"כ נאך ליכט בענטשין.

הנרות הללו, דיזע ליכט האב איך אנגעצונדען לכבוד יום כפור וואס דו האסט איס געהייליגט, אום צו בעלייכטען די שרעקליכע נאכט אין וועלכע דיינע קינדער די ארעמע יודעלאך קלייבין זיך צוזאמען אין די שולען אונ אין די בתי מדרשים אוים

## מעשה אלפס

אונטער טונקען דיא קאפ, זעלבסט פערשטענדליך איז, אז ער בלייבט דער זעלבער טמא, דאס גלייכין איז די היילינקייט פון ערב יום כפור פאר נאכט, אז מ'לייגט חלילה נים צו די קאפ אונ דעם מוח, ארוים שלאגין זיך פון אלע וועלטליכע געדאנקען אונ זיך אונטער טונקען דאס הייסט אריין לייגין דעם מוח אין די היילינקייט פון דעם טאג ווי די תורה שרייבט (ועניתם את נפשותיכם) איר זאלט פייניגען, כלומר אינטער טענית מאכען אייערע ביידע נפשים, דעם נפש הבהמי דורך נים עסין אונ טרינקען אונ דעם נפש הרוחני נים לאזין אים טראכטין קיין נארישע גידאנקען, נור דורך אוים טראכטין וועגין די היילינקייט פון טאג, אונ וועגין דיין גאנצע סדר עבודה מיט די היילינע תפלות אונ די ווידוים. דאן וועט איר ריין ווערין פון אלע זינד, אבער ווען חלילה (לפתח חטאת רובץ) אז דער יצה"ר מיט די זינד פון א גאנץ יאהר לייגין זיך ביין טיר, ביין אריינגאנג פון יום כפור אונ לאזין חלילה נים אריין טרעטין אין די היילינקייט פון יום כפור. זיי פאר דרייען דעם מוח

צוגיסען פאר דיר ליבער פאטער זייערע ביטערע הערצער, צווישין די טויזענדער צובראכענע הערצער מישט זיך מיין צובראכין הארץ אויך ארייין, צווישין די טייכין טרערין וואס דיינע קינדער פארגיסין די נאכט פאר דיר, וועלין זיך מיינע טרערין אויך ארייינמישען. אונ די אלע ימים טרערין וועלין פארלעשין דיין צארין וואס ברענט אויף אונז, דיין אונגליקליך פאלק ישראל, דו וועסט אונז בעוויזן, דאס אזוי ווי מיר האבין דיך ניט פארגעסין, האסט דו אונז אויך ניט פארגעסין, אז מיר זיינן נאך איצט אויך דיינע געליבטע קינדר, וויא דו האסט גיזאגט דורך ירמיה הנביא (הבן יקיר לי אפרים), אפרים (דער כלל ישראל וואס ער רופט זיך אויף דעם נאמען פון אפרים) איז מיין טייערער זון, מיין צערטליך קינד, אז איך רייד וועגין אים רייכט מיר דאס הארץ אויף אים, דארום וועל איך אויף אים רחמנות האבין (אזוי רעט גאט).

הנרות הללו, די דאזיגע ליכט וואס איך האב יעצט גיצונדין, זאלין פאר מיר זיין איין אנהייב פון אליכטיג גליקליך יאר. אזוי ווי איך האב אנגעצונדען די ליכט לכבוד דיין הייליגען נאמען, אזוי זאלסטו הייסין מיין מזל זאל אנהייבין צו לייכטין, אונ אזוי ווי דאס פינצטערניס וואס אנטלויפט פאר דער שיין פון ליכט, אזוי זאלין פאר מיין ליכטיגן מזל אנטלויפן אלע מיינע צרות. (ותן בלבי) גיב ארייין אין מיין הארצין דעם חשק צו טאן גוטעס אונ אלץ וואס דיר גיפעלט, שטארק דאס הארץ פון מיינע קינדערלאך, זיי זאלין זיך האלטין פעסט אן דיר, דער גאט פון זייערע עלטערין אברהם יצחק יעקב, זיי זאלין חלילה פון גלייכין רעכטין וועג ניט אראפ, זיי זאלין דיר זיין גיטרייע קינדער, אונ נוטצליכע מענשין אין דער וועלט, דו זאלסט שטארקין אונזער בונד, איך זאל חלילה ניט אפ־

---

מעשה אלפס

מיט נארישע גידאנקען, רופט זיך דאס מען שטייט אין א מקוה טהורה פון יום כפור. אונ די קאפ איז אין דרויסין, טו ווי אזוי זאל מען גירייניגט ווערין? אונ ווען מ'באטראכט גוט דעם גאנצין קאפיטל אין ירמיה וועט מען ווי ריכטיג ר' עקיבא'ס דרש איז, ווייל אין גאנצין קאפיטל דריקט דער נביא אלס אויס דעם ווארט „האפענונג"

מיט'ן פעל בטוח (ארור הגבר אשר יבטח באדם, ברוך הגבר אשר יבטח ביי', והיה יי' מבטחו) אונ צום ענדע דריקט ער אויס מיט'ן פעל „קוה" („מקוה" ישראל יי' אונ ניט „מבטח" ישראל יי') בבדי צו באמערקין אונז דעם גידאנקען. ווען איז השי"ת אידישער האפענונג? אז ער חעט אונז קערין צו זיך ארויף ניסין אויף אונז ערות

געריסען ווערין פון זיי, אונ זיי פון מיר, אונ איבער איאר אין דער צייט זאלן מיר אלע זיין אין דיין היילינגע לאנד אונ מיר זאלין דיר לויבין אין דעם בית המקדש וואס דו וועסט אראפ שיקען פון הימעל במהרה, אמן:

אנא ה', איך בעט דיר, ערבארמינגער פאטער, ווען דיין ליבע פאלק ישראל ווי אזוי זיי ציטערין אונ פארכטין זיך אקעגין דעם היילינגען יום כפור וואס קומט אן, זיי האבין איבער גיבעטין איינע די אנדערע אונ אב גיטאן פון זיך קנאה אונ שנאה, אונ האבין אנגיקליידעט ריינע ווייסע קליידער ווי מלאכים, אונ צו ברעכין זייער הארץ, אונ פאר גיסען טרערין מיט אביטער הארץ, דו זאלסט פאר געבין זייערע זינד אונ זאלסט זיי אן חתמנען אגוט יאהר. ליבער פאטער, דער מאן אונז די גוטע מעשים פון אונזערע היילינגע אבות אברהם יצחק ויעקב, אונ פון אונזערע אמהות שרה רבקה רחל ולאה, אונ צו רייס דעם שלעכטין גזר דין, אונ שטארק אונזערע קרעפטין מיר זאלין קענען פאסטין אונ טאן אלע זאכין וואס מיר גיהערין צו טאן היינטיגען טאג, אונ פאר היט אונז אז דער תענית זאל קיינעם ניט שאדן, אונ אלע שוואנגערע פרויען פון דיין פאלק ישראל זאלסטו אויס היטען עס זאל זיי ניט פארשמעקין קיין עסינווארג אגאנצין מעת לעת, עס זאל ניט שאדין ניט זיי ניט דעם קינד, אונ זאלסט אננעמען לרצון די מצוה פון מיינע ליכט בענטשין לכבוד דעם היילינגען טאג, אונ זאלסט אונז חתמנען צו אגוט יאהר, אונ ערלייכט אונזערע אויגען מיר זאלין דר זעהן די ליכטיגקייט פון דיין תורה אונ די וויכטיגקייט פון דיינע מצות, אונ זאלסט מאכין לייכטין דיין שיין אויף ציון וירושלים במהרה בימינו. אמן.

---

מעשה אלפס

טהרה וקדושה? ווען אז (מקוה ישראל יי) אז מיר וועלין אריין גיין אין זיין היילינקייט ווי אין אמקוה, מיט'ן קערפער אונ מוח, דאן וועט ער זיין אונזער „מקור מים חיים" ווי דער נביא ענדיגט דעם פסוק מקור מים חיים יי. ענדיגט דער נביא (רפאני יי וארפא הושיעני ואושעה כי תהלתי אתה), קלומר, ער לערינט אונז ווי צו בעטין רחמים, היל אונז גאט פון די פינסטערנעס פון חומר דאס מיר זאלין אים אונטערטעניג מאכין דורך דעם תענית. אונ העלף אונז צוגרייטען אונזערע מחשבות אריין צו גיין אין דיא היילינגע מקוה אין דעם קוואל פון לעבין, וועלין מיר דאן אוים בעטין אין אמתה מחילה וסליחה וכפרה אונ א שנת חיים ופרנסה ושלום, אמן.

רבש"ע, דוּ בִּיסְט (אָב הָרַחֲמָן וְהַסְּלִיחוֹת) דֶער פָאטֶער פוּן רַחֲמָנוּת אוּנ פַאר גֶעבּוּנְג אוּנ הֵייסְט ״אֵל רַחוּם וְחַנּוּן אֶרֶךְ אַפַּיִם״, אִיךְ קוּם פַאר דִיר מִיט אַ אֵיין גֶעבֵּייגֶענֶע קָאפּ, מִיט אַ צוּבְּרָאכֶין הַארְץ, מִיט גְרוֹיס פָארְכְט אוּנ מִיט גְרוֹיס צִיטֶערְנִשׁ, אוּנ בֶּעט מְחִילָה וּסְלִיחָה וְכַפָּרָה אוֹיף מַיינֶע זִינְד וָואס אִיךְ הָאבּ גִיטָאן אַגַאנְץ יָאהר, סַיי אִיךְ הָאבּ גִיטָאן גֶערְין אָדֶער אוּם גֶערְין, אִיךְ ווייס אַז מֶען קוּמְט דִיךְ בֶּעטִין מוּזִין דִי גוּטֶע מַעֲשִׂים מְלִיצִים זַיין, דֶען דִיא צְדָקוֹת פוּן דֶעם מֶענְשׁ טוּט מַמְלִיץ זַיין אוֹיף אִים, אוּנ אִיךְ הָאבּ קַיין גוּטֶע מַעֲשִׂים אוּנ אוֹיךְ קַיין צְדָקוֹת גִיטָאן, אוּנ קַיין גְמִילוּת חֶסֶד אוּנ רֶעכְט פְרוּמְקַייט אִיז אִין מִיר גָאר נִיטָא, עֶס אִיז מִיר ווייא דֶערִיבֶּער, מִיט וָואס פַאר אַ פָּנִים שְׁטֶעל אִיךְ מִיר פַאר דַיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען, נָאר מַיין גַאנְצֶע הָאפֶענוּנְג אִיז אוֹיף דִיר, אַז אִין דֶער צַייט וֶוערִין גִיעֶפִינְט דִי טוֹיעֶרִין פוּן רַחֲמִים, אוּנ הָאסְט אוּנְז גִיגֶעבִּין דֶעם טָאג פוּן יוֹם כִּפּוּר צוּ פַאר גֶעבִּין אוּנְזֶערֶע זִינְד, אוּנ הָאסְט אוּנְז גִיבָּאטִין דֶעם טָאג פִּינְף עִנּוּיִים, אֵיינֶם אִיז, מִיר טָארִין נִיט עֶסִין אוּנ טְרִינְקֶען, דָאס אַנְדֶערֶע מִיר טָארִין זִיךְ נִיט וַואשִׁין, דָאס דְרִיטֶע מִיר טָארִין זִיךְ נִיט שְׁמִירֶען מִיט אֵייל, דָאס פֶערְטֶע מִיר טָארִין נִיט גֵיין אִין שִׁיךְ (סיי אין שטוב און סיי אין שול)*), דָאס פִינְפְטֶע מִיר מוּזִין זִיךְ פוּן אוּנְזֶערֶע מַאנֶען אָפּ שֵׁיידִין, דִי פִינְף זַאכִין זָאלִין אֵיין כַּפָּרָה זַיין אוֹיף אוּנְזֶערֶע עֲוֹנוֹת, דָאס פַּיינִיגֶען פוּן עֶסִין אוּנ טְרִינְקֶען זָאל זַיין אַ כַּפָּרָה וָואס מִיר הָאבֶּען דוּרְכִין יָאהר גִיגֶעסִין אוּנ גֶעטְרוּנְקֶען אָן דֶרֶךְ אֶרֶץ פוּן דֶער תּוֹרָה, הַיינוּ פִיל מָאל אָן גִיוַואשִׁן, פִיל מָאל אָן אַ בְּרָכָה רִאשׁוֹנָה וְאַחֲרוֹנָה, פִיל מָאל נִיט אָבּ גֶעהִיט רִיכְטִיג כַּשְׁרוּת ווִי גִיהֶערִיג אִיז, בֶּעט אִיךְ דִיר אַז דוּרְךְ דֶעם וָואס אוּנְזֶער קֶערְפֶּער וֶוערְט דֶער הִיצְט פוּן דֶעם פַאסְטֶען, דוּרְךְ דֶעם פַייעֶר זָאל גֶעלַייטֶערְט וֶוערֶען אוּנְזֶערֶע נְשָׁמוֹת, אוּנ דֶער פַּיינִיגֶען פוּן נִיט וַואשִׁין, זָאל מְכַפֵּר זַיין וָואס מִיר הָאבֶּען אַגַאנְץ יָאהר פַר

---

מעשה אלפס

## מוּסַר פַאר כָּל נִדְרֵי.

דֶער פַּייטָן זָאגְט אִין דִי פִּיוּט פוּן רֹאשׁ הַשָּׁנָה וְיוֹם כִּפּוּר ״אָדָם יְסוֹדוֹ מֵעָפָר וְסוֹפוֹ לֶעָפָר, בְּנַפְשׁוֹ יָבִיא לַחְמוֹ״ דֶער אָנְפַאנְג פוּן מֶענְשִׁין אִיז עֶרְד אוּנ זַיין עֶנְדֶע גֵייט עֶר צוּ עֶרְד, מִיט זַיין נֶפֶשׁ בְּרֵיינְגְט עֶר אַרֵיין זַיין בְּרוֹיט, דָאס וֶוערְט עֶרְקְלֶערְט דוּרְךְ אַ מָשָׁל, אַרַייבֶער בַּעַל עֲגָלָה אוֹיף דֶער עָלְטֶער הָאט זִיךְ מְיַשֵּׁב גִיוֶועזֶען, אַז

עס

---

*) אַ שְׁלַאבֶּע פְרוֹי אָדֶער אַ קִינְדְבֶּעטָארִין דַאס נָאכְגֶען חוֹדֶשׁ מֶעג זִי גֵיין אִין שִׁיךְ.

פלעקט אונזערע נשמות, אונ דאס פייניגען אלס מיר מוזין אן שיך גיין, זאל עס מכפר זיין וואס מיר זיינען געלאפין מיט אונזערע פיס צו בייזין, אונ מיר האבין גיטאן אונפאסיגע מעשים וואס מיר זיינען ווערט גיוועזין חרם חס ושלום, אונ ווער אין חרם איז מוז ער גיין אן שיך. אונ וואס מיר מוזען זיך אפ שיידען פון אונזערע מאנען, זאל מכפר זיין וואס מיר האבען פארבראכין אין די ענינים פון צניעות וואס גיהער צווישען מאן אונ ווייב, אונ איבער דעם האבין מיר פארפלעקט אונזערע קינדער אונ געבראכט צו פארלייגערין דעם גלות, דרום ליבער גאט דער וועקדיין דער בארימהקייט אונ נעם אן אונזער תשובה אונ העלף אונז צו אגוט יאהר, צום לעבין אונ צו גיזונד אונ צו איין גרינגע פרנסה, אונ זאלסט אונז געבין איין לב טהור, מיר זאלען דיך דינען מתוך הרחבת הלב, אונ זאלסט אונז פאר גרינגערין דעם יאך פון אונזערע צרות, ווארום מיר האבען שוין קיין כח ניט אויס צו שטיין, מיר האבען ניט פאר קיינעם אונזער ביטער הארץ אויס צו ריידין, אונ מיר נעמען דאס אלץ אן באהבה, פיליכט וועסטו דיך שוין דער בארימען איבער דיין ארימע פאלק אונ וועסט זעהן אונזערע פיין, אונ גינעהן די גאולה אז מיר זאלין דאס יאר אויס גילייזט ווערין, אונ דער בית המקדש זאל געבויט ווערען אין אונזערע טעג, אמן סלה.

# תחנה נאך תפלת יעלה.

די תחנה זאגט מען יום כפור ביי נאכט נאך כל נדרי ווען דער חזן זאגט אפ יעלה,

## יעלה לפניך אבי שבשמים.

עס זאל אויף גיין פאר דיר מיין פאטער וואס אין הימעל, מיין וויינען אונ קלאגין פון מיין ביטער הארץ אויף אלע מיינע חטאים ועונות ופשעים וואס זייער נאמען הייבט זיך אן מיט איין אל"ף (אשמנו) וואס עס באטרעפט אייגם, אונ זאלסט אונז גידיינקען דעם זכות וואס מיר טוען איינציגען דיין נאמען (ה' אחד).

מעשה אלפס

עס איז שוין צייט אנהייבין צו זארגין אויף אזא לאנגע רייזע וואס קיין קרעצמעס זענין די לאנגע אונ גרויסע וועג וואס אויפען וועג איז ניטא וואו צו קויפן שפייז, מ'דארף פארין צו די עווינע וועלט, מ'דארף אלעם צוא גרייטין ביין ארויס מ'דארף עפעס צו גרייטין שפייז אונ הוצאות פארין פון הויז. האט ער גישיקט

רופט

**יַעֲלֶה** עֶס זָאל אוֹיף גֵיין פַאר דִיר מַיין פָאטֶער אִין הִימֶל, מַיינֶע שְׁמֶערְצֶען וָואס אִיךְ הָאבּ פוּן מַיינֶע זִינְד וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעטָאן אַגַאנְץ יָאר, וָואס זֵייעֶר נָאמֶען הֵייבְּט זִיךְ אָן מִיט אַיין בּ״ית; אוּנ זָאלְסְט אוּנְז גִידֵיינְקֶען דֶעם זְכוּת וָואס מִיר הָאבֶּען מְקַבֵּל גִיוֶועז דַיין תּוֹרָה וָואס זִי הֵייבְּט זִיךְ אָן מִיט אַיין בֵּית פוּן בְּרֵאשִׁית.

**יַעֲלֶה** עֶס זָאל אוֹיף גֵיין פַאר דִיר מַיין פָאטֶער אִין הִימֶעל, מַיינֶע הֵייסֶע טְרֶערֶען וָואס אִיךְ טוּ יֶעצְט פַאר גִיסֶען דְרוֹיף וָואס אִיךְ הָאבּ ווִידֶער גִישְׁפֶּענִיגְט אַקֶעגִין דִיר מִיט דִי חֲטָאִים וַעֲוֹנוֹת וּפְשָׁעִים, וָואס זֵייעֶר נָאמֶען הֵייבְּט זִיךְ אָן מִיט אַיין גִימֶל, וָואס בַּאטְרֶעפְט דְרַיי, אוּנ זָאלְסְט אוּנְז גִידֵיינְקֶען דֶעם זְכוּת פוּן דִי דְרַיי אָבוֹת הַקְדוֹשִׁים אַבְרָהָם יִצְחָק וְיַעֲקֹב.

**יַעֲלֶה** עֶס זָאל אוֹיף גֵיין פַאר דִיר מַיין פָאטֶער אִין הִימֶעל, מַיינֶע גְרוֹיסֶע זִיפְצֶען אוּנ קְלָאגֶען וָואס אִיךְ טוּ יֶעצְט קְלָאגֶען מִיט אַיין בִּיטֶער הַארְץ אוֹיף אַלֶע מַיינֶע חֲטָאִים וַעֲוֹנוֹת וּפְשָׁעִים, וָואס אִיךְ הָאבּ גִיטָאן בִּיז אַהֶער, וָואס זֵייעֶר נָאמֶען הֵייבְּט זִיךְ אָן מִיט אַיין דל״ת, וָואס עֶס בַּאטְרֶעפְט פִיר, אוּנ זָאלְסְט אוּנְז גִידֵיינְקֶען דֶעם זְכוּת פוּן דִי פִיר אִמָהוֹת הַקְדוֹשׁוֹת, שָׂרָה רִבְקָה רָחֵל וְלֵאָה.

**יַעֲלֶה** עֶס זָאל אוֹיף גֵיין פַאר דִיר מַיין פָאטֶער אִין הִימֶעל מַיינֶע תְּפִלּוֹת וּבַקָשׁוֹת וָואס אִיךְ בֶּעט פַאר דִיר אוֹיף מַיינֶע חֲטָאִים וַעֲוֹנוֹת וּפְשָׁעִים, וָואס אִיךְ הָאבּ גִיטָאן אַגַאנְץ יָאר, וָואס זֵייעֶר נָאמֶען הֵייבְּט זִיךְ אָן מִיט אַיין ה״א, אוּנ זָאלְסְט אוּנְז גִידֵיינְקֶען דֶעם זְכוּת וָואס מִיר טוּעֶן לֶערְנֶען דִי פִינְף הֵיילִיגֶע חוּמָשִׁים פוּן דַיין תּוֹרָה הַקְדוֹשָׁה.

**יַעֲלֶה** עֶס זָאל אוֹיף גֵיין פַאר דִיר מַיין פָאטֶער וָואס אִין הִימֶעל, וָואס אִיךְ קוּם יֶעצְט פַר דִיר זִיךְ מִתְוַדֶה זַיין דְרוֹיף וָואס אִיךְ הָאבּ פַאר אוּם רֵיינִיגְט מַיין נְשָׁמָה מִיט דִי חֲטָאִים וַעֲוֹנוֹת וּפְשָׁעִים, וָואס זֵייעֶר נָאמֶען הֵייבְּט זִיךְ אָן מִיט אַוָא״ו, אוּנ זָאלְסְט גִידֵיינְקֶען צוּ דַיין לִיבֶּע פָאלְק יִשְׂרָאֵל דֶעם זְכוּת וָואס זֵיי טוּעֶן לֶערְנֶען דִי זֶעקְס סְדָרִים מִשְׁנַיוֹת, וָואס דָאס וֶוערְט אָן גֶערוּפֶען תּוֹרָה שֶׁבְּעַל פֶּה.

---

מעשה אלפס

רוּפִין אַיין גְשְׁוִוסְטֶען לַמְדָן (אַפְרוּשׁ פוּן בֵּית תּוֹרָה, הֵן אִין כְּחוֹרָה, מֶען שְׁרַייבְּט זִיךְ הַמִדְרָשׁ) אוּנ שְׁלִיסְט מִיט אִים, עֶס זָאל זַיין אָב, אוּנ דֶער צוּ לָאזְט דֶער בַּעַל עֲגָלָה דִי זֵיי בֵּידֶע אַרְבְּטִיגֶע שׁוּתָפוּת, הֵן אִין מַאכְן אַפַיינֶעם מַאלְצַייט, נָאכְהֶער ווִי דֶער

אלטער

יעלה עס זאל אויף גיין פאר דיר מיין פאטער וואס אין הימעל, מיין הארץ וויטאג אויף אלע מיינע חטאים ועונות ופשעים וואס איך האב מיט זיי פאר אום ווירדיגט מיין נשמה, וואס זייער נאמען הייבט זיך אן מיט איין זיי"ן, אונ זאלסט אונז ליבער גאט גידיינקען דעם זכות פון דעם ליבען שבת קודש, וואס ער איז דער זיבעטער טאג פון דער וואך.

יעלה עס זאל אויף גיין פאר דיר מיין פאטער וואס אין הימעל, מיין אונטער טעניגקייט וואס איך בין יעצט געקומען פאר דיר, וואס איך טו מיך באדיינקען וואס איך האב גיטאן אויף מיין לעבין פיל חטאים ועונות ופשעים, וואס זייער נאמען הייבט זיך אן מיט א חי"ת, וואס דאס איז דאס אכטע אות פון אלף בית, אונ זאלסט אונז געדיינקען דעם זכות וויים מיר טוען מל זיין אונזערע זין דעם אכטין טאג.

יעלה עס זאל אויף גיין פאר דיר מיין פאטער וואס אין הימעל, מיין קול פון גיוויין וואס איך בין יעצט געקומען צו שרייען אונ וויינען אויף מיינע חטאים ועונות ופשעים, וואס זייער נאמען הייבט זיך אן מיט איין טי"ת, וואס דאס איז דאס נייגטע אות פון דעם אלף בית, אונ זאלסט אונז געדיינקען דעם זכות פון דיא צדקה וואס מיר האבין צו טיילט היינט אין דעם נייגטין טאג פון דעם חודש.

יעלה עס זאל אויף גיין פאר דיר מיין פאטער וואס אין הימעל, דאס פאר ביטערניש פון מיין הארץ וואס עס איז פאר ביטערט אונ פאר זארגט אויף אלע מיינע חטאים ועונות ופשעים, וואס איך האב גיטאן פון מיין גיבארין אן ביז אהער, וואס זייער נאמען הייבט זיך אן מיט איין יו"ד, וואס דס איז דאס צעהנטע אות פון דעם אלף בית, אונ זאלסט אונז געדיינקען דעם זכות וואס מיר היליגען דעם טאג יום כפור, וואס ער איז דער צעהנטער טאג אין דעם חודש.

יעלה עס זאל אויף גיין פאר דיר מיין פאטער אין הימיל וואס איך טו פאר גיסען פיל תפלות ובקשות צו בעטין סליחה מחילה וכפרה.

---

מעשה אלפס

אלטער איז גוט פריילך געווארן הייבט פאטאזירער וואוהין מען דארף, אונ וואס ער שפאנען די טרויקע פערד אונ זאגט צום ווען איר טאן? יפרעגט דער פרוש פאר־למדן דערלאנגענדיג אים דעם בייטש גיכער וואונדערט, איך וועל אזוי גיין אין בית ועגט זיך אויפ׳ן קעלנע אונ פארט מיט די המדרש. יענטפערט דער בעל עגלה, דען

פיר

אויף אלע מיינע חטאים ועונות ופשעים, וואס זייער נאמען הייבט זיך אן מיט אב"ף, וואס דאס באטרעפט צוואנציג, אונ זאלסט אונז גידיינקען דעם זכות פון דעם קדשי הקדשים וואס איז גיוועזן ברייט צוואנציג איילן.

יעלה עס זאל אויף גיין פאר דיר מיין פאטער וואס אין הימעל, מיינע הייסע טרערין וואס טוען רינען פון מיינע אויגען אויף די חטאים ועונות ופשעים וואס איך האב גיטאן אגאנץ יאר וואס זייער נאמען הייבט זיך אן מיט אלמ"ד, אונ זאלסט אונז גידיינקען דעם זכות וואס מיר זיינען היינטיגען חודש מסים די היילגע תורה וואס לאזט זיך אויס מיט דעם אות למ"ד פון ווארט "ישראל".

יעלה עס זאל אויף גיין פאר דיר מיין פאטער וואס אין הימעל, וואס איך האב יעצט חרטה אויף אלע מיינע חטאים ועונות ופשעים, וואס איך האב מיט זיי ווידער גישפעניגט אקעגין דיין ליבען נאמען, וואס זיי הייבען זיך אן מיט איין מ"ם וואס באטרעפט פערציג, אונ זאלסט אונז גידיינקען דעם זכות פון משה רבנו וואס ער איז פערציג טעג אין הימעל געוועזן צו מקבל זיין דיין היילגע תורה.

יעלה עס זאל אויף גיין פאר דיר מיין פאטער וואס אין הימעל, מיין גרויסע קלאג אונ יאמער וואס איך טוא יעצט קלאגין אויף מיינע חטאים ועונות ופשעים וואס זייער נאמן הייבט זיך אן מיט איין נו"ן, וואס עס באטרעפט פופציג, אונ זאלסט אונז גידיינקן דעם זכות וום מיר האבין די תורה מקבל געוועזן צו פופציג טעג פון אונזער ארויס גיין פון מצרים.

יעלה עס זאל אויף גיין פאר דיר מיין פאטער וואס אין הימעל, מיין גרויס בושה אונ חרפה וואס איך שעם מיך דרויף וואס איך האב ווידער גישפעניגט אקעגין דיר מיט חטאים ועונות ופשעים, וואס זייער נאמען הייבט זיך אן מיט איין סמ"ך, וואס עס באטרעפט זעכציג, אונ זאלסט אונז גידיינקען דעם זכות פון די מצות ומעשים טובים וואס דיין ליב פאלק ישראל טוען אין די זעכציג טעג פון די צוויי חדשים אלול אונ תשרי.

מעשה אלפס

מיר זיינען דאך שותפים אין אלעם, דעם בייזע מעשים אונ ווער רעט שוין וועגין נמשל איז אויבטיגער מוסר וואס ניהער צו ניט רייניגע נידאנקען וואס יעדער ווייס בייי תשובה ותפלה אין דעם היילגן יום כפור, זיך, היינו תאוה, קנאה, שנאה, אונ די וועט מיר זאלין נים באטראכטין אונזערע פינסטערע מעשים וואס מען טוט מיטן

יעלה עס זאל אויף גיין פאר דיר מיין פאטער וואס אין הימעל, מיין געשריי וואס איך טו שרייען, ווי אויף מיינע חטאים ועונות ופשעים וואס איך האב געטאן אין דער צייט פון מיין לעבין, וואס זייער נאמען הייבט זיך אן מיט דעם אות ע"ן, וואס עס באטרעפט זיבעציג, אונ דו זאלסט אונז געדיינקען דעם זכות פון דוד המלך וואס האט געלעבט זיבעציג יאהר.

יעלה עס זאל אויף גיין פאר דיר מיין פאטער וואס אין הימעל, וואס איך בין געקומען אין דיין היליגער שול בעטין פון דיר דו זאלסט מיר מוחל זיין אלע מיינע חטאים ועונות ופשעים, וואס זייער נאמען הייבט זיך אן מיט איין פ"א, וואס עס באטרעפט אכציג, אונ זאלסט אונז גדיינקען דעם זכות פון משה רבינו וואס ער איז אלט געווען אכציג יאהר אין דער צייט וואס דו האסט דורך אים געטאן גרויסע וואונדער אין מצרים (ומשה בן שמונים שנה בעמדו לפני פרעה).

יעלה עס זאל אויף גיין פאר דיר מיין פאטער וואס אין הימעל, מיין גרויסע קלאג אונ זיפצען וואס איך טו קלאגין אויף אלע מיינע חטאים ועונות ופשעים, וואס זייער נאמען הייבט זיך אן מיט א צדי"ק, וואס עס באטרעפט נייצניג, אונ דו זאלסט אונז דער מאנען דעם זכות פון אונזער מוטער שרה, וואס דו האסט איר גיענטפערט מיט א קינד צו נייצניג יאהר.

יעלה עס זאל אויף גיין פאר דיר מיין פאטער וואס אין הימעל, מיינע ביטערע געשרייע וואס איך טו שרייען פון מיין טיפען הארץ אויף אלע מיינע חטאים ועונות ופשעים, וואס זייער נאמען הייבט זיך אן מיט איין קו"ף, וואס עס באטרעפט הונדערט, אונ זאלסט אונז געדיינקען דעם זכות פון אברהם אבינו וואס ער האט געגלויבט אין דיר אונ דו האסט אים געגעבין צו הונדערט יאר א זוהן יצחק.

יעלה עס זאל אויף גיין פאר דיר מיין פאטער וואס אין הימעל, וואס איך האב יעצט חרטה אויף אלע מיינע חטאים ועונות ופשעים,

---

מעשה אלפס

צונג, היינו לשון הרע, רכילות, קללות דורך זיי זיינען מיר רעכטע מורדים קעגין אונ שבועות אונ דברים בטלים (פוסטע הוסי"ת, דאס ווערט אין די זעלבע מינוט נארישע רייד) סיי עבירות וואס ניהער האם מיר זינדיגען דאבאלכם ניט הר איין קעגין לייטין, איבודי הארבע עבירות וואס חיות אונ כח. אונ אין אדילע ארום גייען

פיר

וואס זייער נאמען הייבט זיך אן מיט איין רי"ש, אונ זאלסט אונז געדיינקען דעם זכות פון דעם הייליגען יום כפור וואס זיין נאמען לאזט זיך אויס מיט איין רי"ש.

יעלה עס זאל אויף גיין פאר דיר מיין פאטער וואס אין הימעל, וואס איך קום יעצט זיך מתודה זיין פאר דיר אויף אלע מיינע חטאים עונות ופשעים, וואס זייער נאמען הייבט זיך אן מיט איין שי"ן, אונ זאלסט אונז גידיינקען דעם זכות וואס מיר טוען אלע טאג זאגען דעם פסוק שמע ישראל, וואס ער הייבט זיך אויך אן מיט איין שי"ן.

יעלה עס זאל אויף גיין פאר דיר מיין פאטער וואס אין הימעל מיינע הארץ שמערצין אונ לייד וואס איך האב פון אלע מיינע חטאים ועונות ופשעים וואס זייער נאמען הייבט זיך אן מיט איין תי"ו, אונ זאלסט אונז מזכה זיין מיר זאלען "תשובה" טאן אויף אלע אונזערע זינד, אונ מיר זאלין מקיים זיין נאר דיין הייליגע "תורה" (מיט דעם תי"ו הייבט זיך אן תשובה אונ תורה). אונ אליהו הנביא (וואס ער הייסט "תשבי") זאל קומען במהרה בימינו, אמן.

## תחנה פאר הזכרת נשמות.

רבונו של עולם, הער פון דער וועלט, וואס דו האסט באשאפען דעם מענשין אגוף מיט א נשמה, דער גוף איז שטויב פון דער ערד אונ די נשמה איז גינומען גיווארן פון אונטער דיין הייליגען כסא הכבוד, אונ ווען דער מענש שטארבט שיידין זיי זיך פארנאנדער, יעדערער גייט אוועק צו זיין ארט, דעם גוף לייגט מען אריין אין קבר אונ ער ווערט אום גיקערט צו ערד, אונ די הייליגע נשמה פליהט אוועק צוריק צו איר הייליגען רוהונג, צו איר הייליגען וואוהנונג פון וואנען זי איז גענומען געווארען. (אשרי האיש) וואל אונ גוט איז צו יענעם וועלכער האט גוטס געטאן אין די צייט פון זיין לעבען, ער האט ערפילט וואס דו האסט גיבאטען אין דיין הייליגע תורה, ער איז גיוועזן פרום צו גאט אונ צו לייטען, יענע נשמה קומט

מעשה אלפס

מיר (סחסת גרוים גיוואונהייט) דאוגען אונ מיר בעטין מיט די וועלבע אומריינגע סויל אויף אגיט יאהר אונ פרנסה והצלחה, נעטעך מיר זייען די וועלבע זינדיגער ווי פאר דעם, איז דען מעגליך דאס אמענש וואס ער האט ווידער גישפעניגט קענין איין שר וועלבער האט שטענדיג מיט אים גרויסע חרדים געטאן אונ תיכף אידער ער

האט

גלייך נאך דעם טויט צו איר ערשטען ארט, עס איז איר די וועג ניט פארשטעלט און זי ווערט ניט אבגיהאלטען, דען דו שיקסט דיינע הייליגע מלאכים זיי זאלין יענע נשמה צו נעמען און ברייגגען גלייך צו דיר. און דו פרייסט דיך מיט איר, ווי אפאטער וואס האט באקומען צו זעהן זיין טייער קינד וואס האט אים אלאנגע צייט ניט גיזעהן, וואל און גוט איז יענע נשמה, צו איר תענוג און צו איר פארגעניגען איז גאר קיין גלייכען ניטא, אבער ווי עס איז באוואוסט, אז עס איז גאר אוממעגליך אז אמענש זאל טאן נאר גוטס און קיין מאל ניט זינדיגען, און די זינד מאכען נאך דעם טויט איין אייזערנע וואנט פאר די נשמה, זיי פארשטעלין איר די וועג און זי קען ניט ארויף גיין און קומען צו איר רוהע, און אנדערע מענשין ווערין חלילה צוגענומען פון דער וועלט אין די יונגע יארן, אדער פלוצלונג און גערעכט און זיי האבין נאך ניט פאריכט וואס זיי האבען באדארפט פאריכטען, דורך דעם קענען זייערע נשמות ניט גרייכען צוריק צו קומען צו זייער ערשטען הייליגען ארט, און האבען קיין מנוחה ניט, אבער דו ביסט דאך אגאט פון חסד און פון רחמים, דו ערוועקסט דיינע רחמנות פיר מאל אין יאר, יום כפור, שמיני עצרת, פסח, שבועות, צו דיינקען און צו דער מאנען די נשמות און מעלה זיין זיי, עס זאל חלילה פון זיי קיינער ניט פארשטויסין ווערין און פארפאלין ווערין אין תהום, אין דיזע פיר צייטין איז דיינע ערבארימקייט גרוים צו ברייגגען יענע נשמות צו זייער הייליגע רוהע, צו דער הייבין זיי און זעצין זייא צווישין דיא הייליגע נשמות פון אלע צדיקים קדושים וטהורים.

על כן, דרום קומען מיר יעצט אין איינע פון יענע פיר צייטען פאר דיר גאט ב"ה. מיט צו בראכענע הערצער. מיט הייסע טרערן, מיר וויינען און בעטין פון דיר אדון הנשמות, הער פון אלע נשמות דו זאלסט צו נעמען אונזער דאזיגע תפלה:

---

מעשה אלפס

האט נאך אים איבער גיבעטין און אוים גיבעטערט זיינע מעשים וועט ער שוין קומען צו אים ווידער בעטין. ער זאל אים נאך מער טובות טאן, דאס פארשטייט יעדער איינציגער אז עס איז נאריש אוים-פארשטעמט, דרום פארשטייט זיך דאס דער עיקר תפלה וואס עס איז גירעכינט ביי אונז אנשטאט קרבנות) איז נור נישטעלט באופן עס זאל פאר דעם זיין ערעכטע תשובה, ווי שלמה המלך האט

יהי רצון מלפניך, עס זאל זיין דער ווילין פון דיר גאט ב"ה דו זאלסט עפענען די טויערין פון רחמים, אונ זאלסט ערוועקין היינטיגען טאג דיינע ערבארימקייט אויף די הייליגע נשמות, דו זאלסט זיי דעם טאג דערמאנען אונ דיינקען צו דער הויבען אונ צו דער הויבען זיי, צו געבין זיי מנוחה צווישען די הייליגע נשמות פון צדיקים אונ צדקניות, בזכות די תפלות וואס מיר ווענען מתפלל, בזכות די הייליגע תורה וואס מען האט גילייענט ובזכות די צדקה וואס מיר זיינען מנדב. ווה אונ פארנעם די טרערין וואס ווערין היינטיגען טאג פאר גאסין אין אלע שולין אונ בתי מדרשים, אונ פאר נעם מיינע טרערין אויך, הגם איך בין ניט ווערט, נאר בזכות תפלת רבים זאלסטו מיין גיוויין אויך הערין, דו זאלסט געבין רוהונג צו אלע הייליגע נשמות אונ צו די הייליגע נשמה פון מיין ···· וואס האט געהייסען מיטען נאמען ···· מיינע בייזע מעשים זאלסטו איצט ניט דער מאנען, איך זאל ניט גורם זיין חלילה מיט מיינע שלעכטע מעשים צו ערוועקין דעם מדת הדין אויף די נשמות פון מיינע עלטערין, וואס האבין מיר גיבראכט אויף דער וועלט, מיינע זינד זאלין ניט זיין אמחיצה פאר זייערע נשמות הקדושות. דאס זיי זאלין גיט קענן קומען חלילה צו זייערע הייליגע מדרגות. נור אונזערע גוטע מעשים זאלסטו אויף זיי דער וועקין, דעם זכות פון אונזערע מצות אונ דעם זכות פון אונזער צדקה וואס מיר זאגין צו בלי נדר צו געבין, אונ בפרט דער זכות פון אונזערע קליינע קינדער. זאל דער וועקט ווערען אויף די הייליגע נשמות פון אונזערע עלטערין, וואס האבין אונז גיבראכט אויף דער וועלט, אז זייערע נשמות זאלין דער הויכט אונ דער הויבין ווערין, אונ בפרט זאלסטו גאט ברוך הוא דער הויבין אונ אויף ברייגען אויף אהוכע מדרגה די נשמה פון מיין ···· אונ דו זאלסט צו נעמען מיין גיבעט ברחמים, אמן.

ואתנה נשמות הקדושות, אונ איר הייליגע נשמות וואס מיר בעטין אונ מיר זיינען מתפלל פון אייערט וועגין צו דער מאגען

---

מעשה אלפס

געזאגט, בעת ער האט געבויט דעם בית המקדש אונ האט געבעטין אז ווער עס וועט קומען דארטין מתפלל זיין זאל השי"ת איהם ענטפערין, האט ער דאן אין זיין תפלה אויסגעדריקט מיט דעם לשון ושבו אליך והודו את שמך והתפללו והתחננו וגו' ואתה תשמע, דאס הייסט ווען זיי וועלין פריער חרטה האבין פון זייערע זינד אונ

מאבין

אייך, בעטין מיר אייך איר זאלט אן אונז אויך ניט פאר געסן, ווי מיר פאר געסין ניט אן אייך, איר זאלט ניט פר געסן אן אייערע קינדער וואס איר האט געלאזין אויף דער וועלט, וואס איר האט זיי אויף גיהאדעוועט מיט מאטערניש, מיט צער אונ מיט טרערן, וואס איר האט זיי געמאסטין אונ געוואגען, אונ איר האט פון זיי ניט אראפ גענומען אייערע אויגען, זאלט איר היינט אויך פון אונז ניט אראפ נעמען אייערע אויגין, איר זאלט אייך דער מאנען אויף אונז אונ אויף אונזערע מאנען אונ אויף אונזערע קינדער, איר זאלט אייך ערוועקין פון אייער רוהע אונ היליגע רוהע, אונ איר זאלט זיין פאר אונז גוטע מליצים פאר השם יתברך, איר זאלט בעטין פאר אונז דעם אלמעכטיגען גאט, ער זאל זיך מיט אונז ניט באגיין חלילה מיט דין, אונ אויף צו זוכין פון אונז זיינע חובות, נור ער זאל זיך מיט אונז באגיין מיט חסד אונ רחמים, ער זאל אונז מוחל זיין אונזערע זינד, אונ אונזערע תפלות זאלין אן גינומען ווערין, ער זאל אונז העלפין אין אונזערע נויטין (יום כפור זאל מען זאגין ער זאל אונז חתמנן צום לעבען) ער זאל אונז דער לייגערין די יארן. אונז אונ אונזערע מאנען אונ קינדער אונ אונזערע ברידער אונ שוועסטער אונ אונזערע קרובים אונ אלע גוטע פריינד, מיר זאלען ניט אפ געריסען ווערען פון דער וועלט אן אצייט, אונזערע קינדער זאלען זיך חלילה ניט האדעווען ביי אפרעמדע מוטער, אונ מיר זאלען אויך קיין אלמנות ניט בלייבן, אונ אונזערע קינדער זאלען ניט בלייבין קיין יתומים, אונזער זוהן זאל ניט פינצטער ווערין אין מיטין טאג, מיר זאלין ניט וויסין פון קיין טרויער אונ פון קיין בראך, אונזערע קינדער זאלען ביי אונז אין גאנצין זיין, עס זאל פון אונזער שטוב קיינער ניט פעלין, אונ צו אלע אלמנות אונ יתומים זאל גאט ב"ה זיין אפאטער אונ אבאשיצער, ער זאל היילען אלע צובראכענע הערצער, ער זאל אונז צו שיקען פרנסה בכבוד אונ עושר, מיר זאלען ניט באדארפין אן רירען אפרעמדין, אונ מיר זאלען ניט קומען צו שאנד, וואס דאס איז גלייך

מעשה אלפס

מאכין אפיטע הספקה נאך אמאל ניט אום זיך ניט אזוי נוהג, דרום טרעפט אפט אז קערין זיך צוא דיא שלעכטע וועג אונ מיר שרייען אונ שרייען אונ דאך ווערין נאכהער וועלין זיי מתפלל זיין, דאן סיר ניט ניענטפערט, גלייך ווי אקרבן אן זאלכטו זיי ענטפערין, אונ עייל סיר זיינען תשובה איז קיין תפלה ניט גיוועזן. פייא

ווי דער טויט, אונ מיר זאלין זוכה זיין מגדל צו זיין אונזערע קינדער צו דער היילינע תורה, זיי זאלן זיין פרום צו גאט אונ גוט צו מענשין, איר היילינע נשמות פאר דעם זכות וואס מיר גיבין צדקה פון אייערט וועגן, בעט פאר אונז השם יתברך, ער זאל אונז שטארקין אונזערע הערצער צו גיין אין זיין רעכטע וועג, מיר זאלען ניט פערטרונקען ווערין אין די תאוות פון דער וועלט, מיר זאלען ניט פערפיהרט ווערען פון יצר הרע, בזכות אונזערע אבות הקדושים אברהם יצחק ויעקב אונ בזכות אונזערע אמהות שרה רבקה רחל ולאה, אונ בזכות די נשמות פון אלע צדיקים אונ צדקניות, אונ מיר זאלין זוכה זיין צו זעהן, בנין בית המקדש אונ תחיית המתים במהרה בימינו, אמן.

# סדר הזכרת נשמות.

מען איז זיך נוהג צו דער מאנען די נשמות פון די עלטערין אין שלש רגלים אונ אום יום כפור אונ מען זאגט צו צו געבין צדקה וועגין. ווי׳.

נאך איין פאטער זאגט מען דאס:

**יזכור אלהים נשמת אבא מורי (פב״פ) שהלך לעולמו בעבור שאתן בלי נדר צדקה בעדו, ובשכר זה תהא נפשו צרורה בצרור החיים, עם נשמת אברהם יצחק ויעקב, שרה רבקה רחל ולאה, ועם שאר צדיקים וצדקניות שבגן עדן, ונאמר אמן:**

יזכור דו זאלסט געדיינקען גאט, די נשמה פון מיינעם פאטער ער הייסט מיט זיינעם נאמען (פב״פ) דער דא איז גינאנגען אויף די אמת׳ה וועלט, זאלסטו נידיינקען אים אום ווילין דאס איך וועל געבין בלי נדר צדקה פון זיינעט וועגין, אונ פאר דעם שכר זאל זיין נשמה רוען אין גן עדן מיט די נשמות פון אברהם יצחק ויעקב, שרה רבקה רחל ולאה אונ אנדערע צדיקים אונ צדקניות וואס זיינען אין גן עדן אונ מיר ווערין זאגין אמן.

---

מעשה אלפס

אונז בעוונותינו הרבים איז נאר דער הויפט אין די ענינים פון היילינע מחשבות פאר- אין עבודת השם דער גוף, (דער חומר) ברויכען דאס צו תורה ותפלה באטראכטין אונ די נשמה וואס איר עסק דארף זיין יעדער ווארט פון דאוונען ווי הויך ער איז

בכבוד

נאך איין מוטער זאגט מען דאס:

יִזְכּוֹר אֱלֹהִים נִשְׁמַת אִמִּי מוֹרָתִי (פב"פ) שֶׁהָלְכָה לְעוֹלָמָהּ, בַּעֲבוּר שֶׁאֶתֵּן בְּלִי נֶדֶר צְדָקָה בַּעֲדָהּ, וּבִשְׂכַר זֶה תְּהֵא נַפְשָׁהּ צְרוּרָה בִּצְרוֹר הַחַיִּים, עִם נִשְׁמַת אַבְרָהָם יִצְחָק וְיַעֲקֹב, שָׂרָה רִבְקָה רָחֵל וְלֵאָה, וְעִם שְׁאָר צַדִּיקִים וְצִדְקָנִיּוֹת שֶׁבְּגַן עֵדֶן, וְנֹאמַר אָמֵן:

יִזְכּוֹר דו זאלסט געדיינקען גאט, די נשמה פון מיין מוטער, די הייסט מיט איר נאמען (פב"פ) דאס זי איז אוועק אויף די אמת'ה וועלט, זאלסטו היינט איר גידיינקען אום ווילען דאס איך וועל געבין בלי נדר צדקה פון אירעטוועגין, אונ פאר דעם שכר זאל איר נשמה רוען אין גן עדן מיט די נשמות פון אברהם יצחק ויעקב, שרה רבקה רחל ולאה, אונ אנדערע צדיקים אונ צדקניות די זיינען אין גן עדן, אונ מיר וועלין זאגין אמן:

אויף אנדערע קרובים זאגט מען דאס:

יִזְכּוֹר אֱלֹהִים נִשְׁמַת אָבִי וְאִמִּי, זְקֵנַי וּזְקֵנוֹתַי, דּוֹדַי וְדוֹדוֹתַי, אַחַי וְאַחְיוֹתַי, בֵּין מִצַּד אָבִי, בֵּין מִצַּד אִמִּי שֶׁהָלְכוּ לְעוֹלָמָם, בַּעֲבוּר שֶׁאֶתֵּן בְּלִי נֶדֶר צְדָקָה בַּעֲדָם, וּבִשְׂכַר זֶה תִּהְיֶינָה נַפְשׁוֹתָם צְרוּרוֹת בִּצְרוֹר הַחַיִּים, עִם נִשְׁמַת אַבְרָהָם יִצְחָק וְיַעֲקֹב, שָׂרָה רִבְקָה רָחֵל וְלֵאָה, וְעִם שְׁאָר צַדִּיקִים וְצִדְקָנִיּוֹת שֶׁבְּגַן עֵדֶן, וְנֹאמַר אָמֵן:

יִזְכּוֹר דו זאלסט געדיינקען גאט, די נשמה פון מיין עלטער פאטער אונ מוטער, ברידער אונ שוועסטער, פעטערס אונ מומעס

---

מעשה אלפס.

* בכדי וויך צו מאכין אונזער הארץ אונ פייכט צו מאכין איר מיט היילינע גידאנקען, פאר ברויכין מיר נאר די גידאנקען אויף הבלים אין די פראסטע וועלטליכע שווינדלעריי אונ תאוות, דער היפך ווי עס דארף זיין כאמת, אונ ווי עס איז גיוועזן פאר צייטין, דאס דער גוף האט ניאקערט די ערד, ניזייט, געשניטען תבואה, אדער אנדערע האנד ארבייט, ווי אונזערע חכמים זיינען געוועזן פיל פון זיי בעלי מלאכות, מיט דיא הענד האבין זייא גיטאן דיא מלאכה אונ דער מוח איז גיוועזן זיין גיטאן אין היילינע רעיונות פון חכמת התורה אונ תפלה בכונה. דאס באקלאגט זיך דער

וָואס זַייְנֶען גִיגַאנְגֶען אוֹיף דִי אֱמֶת'ה וֶועלְט, אוּם ווִילִין דָאס אִיךְ וֶועל גֶעבִּין בְּלִי נֶדֶר צְדָקָה פוּן זַייעֶרְט וֶועגִין, פַאר דֶעם שְׂכַר זָאלִין זַייעֶרֶע נְשָׁמוֹת רוּהֶען אִין גַן עֵדֶן מִיט דִי נְשָׁמוֹת פוּן אַבְרָהָם יִצְחָק וְיַעֲקֹב, שָׂרָה רִבְקָה רָחֵל וְלֵאָה, אוּנ דִי אַנְדֶערֶע צַדִיקִים דִי זַייְנֶען אִין גַן עֵדֶן, אוּנ מִיר וֶועלִין זָאגִין אָמֵן:

# יִזְכּוֹר אֱלֹהִים נִשְׁמַת (פב"פ) וְנִשְׁמַת כָּל קְרוֹבַי וּקְרוֹבוֹתַי,

הֵן מִצַד אָבִי וְהֵן מִצַד אִמִּי, הֵן שֶׁהוּמְתוּ הֵן שֶׁנֶהֶרְגוּ הֵן שֶׁנִשְׁחֲטוּ וְשֶׁנִשְׂרְפוּ וְשֶׁנִטְבְּעוּ וְשֶׁנֶחְנְקוּ עַל קִדּוּשׁ הַשֵׁם, בַּעֲבוּר שֶׁאֶתֵּן בְּלִי נֶדֶר צְדָקָה בְּעַד הַזְכָּרַת נִשְׁמוֹתֵיהֶם, וּבִשְׂכַר זֶה תִּהְיֶינָה נַפְשׁוֹתֵיהֶם צְרוּרוֹת בִּצְרוֹר הַחַיִּים, עִם נִשְׁמַת אַבְרָהָם יִצְחָק וְיַעֲקֹב, שָׂרָה רִבְקָה רָחֵל וְלֵאָה, וְעִם שְׁאָר צַדִיקִים וְצִדְקָנִיּוֹת שֶׁבְּגַן עֵדֶן, וְנֹאמַר אָמֵן:

יִזְכּוֹר דוּ זָאלְסְט גֶעדֵיינְקֶען גָאט, דִי נְשָׁמָה פוּן דֶעם וֶועלְבִּיגֶען (פב"פ) אוּנ דִי נְשָׁמוֹת פוּן אַלֶע מַיינֶע פְרַיינְד, פוּן מַיינֶע פְרַיינְדִם פְרַיינְד, סַיי פוּן מַיין פָאטֶערְס צַד, סַיי פוּן מַיין מוּטֶערְס צַד, דִי וָואס זַייְנֶען גִישְׁטָארְבִּין אוֹיף זַייעֶר בֶּעט, אוּנ אוֹיךְ דִי וָואס נִיט אוֹיף זַייעֶר בֶּעט, זָאלְסְטוּ הַיינְט גֶעדֵיינְקֶען אוּם ווִילִין וָואס אִיךְ וֶועל גֶעבִּין בְּלִי נֶדֶר צְדָקָה וֶועגִן זַייעֶרֶע נְשָׁמוֹת, פַאר דֶעם שְׂכַר זָאלִין זַייעֶרֶע נְשָׁמוֹת רוּהֶען אִין גַן עֵדֶן מִיט דִי נְשָׁמוֹת פוּן אַבְרָהָם יִצְחָק וְיַעֲקֹב, שָׂרָה רִבְקָה רָחֵל וְלֵאָה אוּנ אַנְדֶערֶע צַדִיקִים דִי אִין גַן עֵדֶן זַייְנֶען, אָמֵן:

לזכר **אֵל מָלֵא רַחֲמִים, שׁוֹכֵן בַּמְּרוֹמִים, הַמְצֵא מְנוּחָה נְכוֹנָה עַל כַּנְפֵי הַשְּׁכִינָה, בְּמַעֲלוֹת קְדוֹשִׁים וּטְהוֹרִים כְּזוֹהַר הָרָקִיעַ מַזְהִירִים, אֶת נִשְׁמַת (אָבִי מוֹרִי)**

---

מעשה אלפס

פייטן (אָדָם יְסוֹדוֹ מֵעָפָר וְסוֹפוֹ לֶעָפָר) דָאס הייסט דער גוף וואס ער ווערט אָן גערופין „אָדָם" (לְשׁוֹן אֲדָמָה) ווייל זיין גאנצער יְסוֹד פון אָנהויב ביז סוף איז נור דורך אוים ערד, אונ דרום דארף ער אויך ארבייטין אונ בעזארגין דא אין דעם ערדישען אונ פראסטין לעבין, אבער עס לאזט זיך נאר אויס אין היפך, היינו ער לערינט אונ דאוונט כלומרשט אונ בנפשו יביא לחמו) זיינע ברויט שאפט ער זיך נאר איין מיט זיין נפש, כלומר, מיט מחשבת אונ שכל פון די נשמה. דאס הייסט דער

בעל

(פב"פ) שהלך לעולמו. בעבור שאתן בלי נדר צדקה בעד הזכרת נשמתו, בגן עדן תהא מנוחתו, לכן בעל הרחמים יסתירהו בסתר כנפיו לעולמים, ויצרור בצרור החיים את נשמתו, יי הוא נחלתו, וינוח על משכבו בשלום, ונאמר אמן:

אל מלא רחמים, גאט ברוך הוא וואס ער איז פול מיט דער בארימקייט, ער רועט אין הימעל, מאך גרייכען איין רעכטע רואונג אויף דעם באשיצונג פון דער שכינה, מיט הייליגע און ריינע מעלות ווי דאס לויטערקייט פון הימעל זאל לייכטין די נשמה פון (מיין פאטער)(פב"פ) וואס ער איז געגאנגען אין זיין עוויגקייט, פון וועגין וואס איך בין מנדב צדקה צו ליב מען האט דער מאנט זיין נשמה, זיין רואונג זאל זיין אין גן עדן, דרום וועגין דער צדקה זאל גאט ברוך הוא וואס ער איז איין דער בארעמיגער זאל ער אים בעשיצען אויף עוויג אונטער זיין פליגעל, און זאל איין בינדין אין בונד פון עוויגען לעבין זיין נשמה, גאט ברוך הוא איז זיין ארב, און זיין גוף זאל רוען אין קבר מיט שלום, און דרויף וועלין מיר אלע זאגין אמן:

לנקבה אל מלא רחמים שוכן במרומים, המצא מנוחה נכונה על כנפי השכינה, במעלות קדושים וטהורים כזהר הרקיע מזהירים, את נשמת (אמי מורתי) (פב"פ) שהלכה לעולמה, בעבור שאתן בלי נדר צדקה בעד הזכרת נשמתה, בגן עדן תהא מנוחתה, לכן בעל הרחמים יסתירה בסתר כנפיו לעולמים, ויצרור בצרור

---

מעשה אלפס

פעל עגלה ווערט איין פרוש און דער פרוש אבעל עגלה, היינט וואס פאר אפנים קען דאס האבין?

ובפרט דעם הייליגען טאג יום כפור דאס מיר זיינען גלייך ווי ים רייזענדער וואס זיי זיינען אריין אין די רעכטע טיפענעס פון ים און דער ים שטורעמט און קאכט, דאס יעדער מינוט איז דער לעבין אין סכנה, ראש השנה איז נור געווען די כתיבה אבער יום כפור איז די חתימה וואס די וועלט ציטערט פאר דעם הייליגען יום הדין, לאמיר ריין מאכין אונזערע מחשבות פון די וועלטליכע זאכין און אריין טאן זיך אין די הייליגע גידאנקען פון די תפלות ותחנונים, און לאמיר אלע באנאנד דאווענען מיט גרוים כונה און זייגען אוו

הַחַיִּים אֶת נִשְׁמָתָהּ, יְיָ הוּא נַחֲלָתָהּ, וְתָנוּחַ עַל מִשְׁכָּבָהּ בְּשָׁלוֹם, וְנֹאמַר אָמֵן:

אֵל מָלֵא רַחֲמִים, גָאט ב״ה וָואס עֶר אִיז פוּל מִיט דֶער בַּארִימְהַארְצִיגְקַייט, עֶר רוּעֶט אִין הִימֶעל, מַאךְ גְרֵייכִין אַיין רֶעכְטֶע רוּאוּנְג אוֹיף דֶעם בַּאשִׁיצוּנְג פוּן דֶער שְׁכִינָה, מִיט הֵיילִיגֶע אוּנ רֵיינֶע מַעֲלוֹת אַזוֹי וִוי דָאס לוֹיטֶערְקַייט פוּן הִימֶעל זָאל לַייכְטֶען דִי נְשָׁמָה פוּן (מַיין מוּטֶער) (פב״פ) וָואס זִי אִיז אִין אִיר עֶווִיגְקַייט גִינַאנְגֶען, פוּן וֶועגִין וָואס אִיךְ בִּין מְנַדֵּב צְדָקָה צוּ לִיבּ מֶען הָאט דֶער מָאנְט אִיר נְשָׁמָה, אִיר רוּאוּנְג זָאל זַיין אִין גַּן עֵדֶן, דְרוּם וֶועגִין דֶער צְדָקָה זָאל גָאט בָּרוּךְ הוּא וָואס עֶר אִיז אַיין דֶער בַּארֶעמִיגֶער זָאל עֶר אִיר בֶּעשִׁיצֶען אוֹיף עֶווִיג אוּנְטֶער זַיין פְלִיגֶעל, אוּנ זָאל זַיין אַיין גֶעבּוּנְדֶען אִין בּוּנְד פוּן עֶווִיג לֶעבִּין אִיר נְשָׁמָה, גָאט ב״ה אִיז אִיר אַרְבֵּ, אוּנ אִיר גוּף זָאל רוּעֶן אִין קֶבֶר מִיט שָׁלוֹם, אוּנ דְרוֹיף וֶועלֶען מִיר אַלֶע זָאגִין אָמֵן.

די תְּחִנָּה זָאל מֶען זָאגִין נָאךְ הַזְכָּרַת נְשָׁמוֹת.

יְהִי רָצוֹן מִלְּפָנֶיךָ, עֶס זָאל זַיין דֶער ווִילֶען פַאר דִיר מַיין גָאט אוּנ גָאט פוּן מַיינֶע עֶלְטֶערִין, דָאס דוּ זָאלְסְט לַייכְטִין הַיינְט מִיט דַיין גְרוֹיסִין חֶסֶד אוֹיף דִי הֵיילִיגֶע נְשָׁמוֹת דִי דָא רֵיידִין מִיט לִיבּ אוּנ בֶּעטִין אוֹיף דַיין הֵיילִיג פָאלְק יִשְׂרָאֵל, אוּנ צְווִישֶׁען זֵיי זָאלְסְטוּ דֶער לַייכְטֶען אוֹיךְ דִי נְשָׁמָה פוּן מַיין פָאטֶער אוּנ מוּטֶער, אוּנ אוֹיךְ דִי נְשָׁמוֹת פוּן אַלֶע מַיינֶע פְרֵיינְד, הֵן מִצַּד אָבִי הֵן מִצַּד אִמִּי, אוּנ אַלֶע דִי נְשָׁמוֹת וָואס שְׁטֵייעֶן אִין ד׳ דְרֵייא שׁוּרוֹת פוּן גַּן עֵדֶן אוּנ טוּעֶן לוֹיבִּין גָאט אוּנְזֶער קֶענִיג אוּנ בֶּעטִין לֶעבִּין אוּנ פְרֵייד אוֹיף אוּנְז דַיינֶע לִיבֶּע קִינְדֶער, אוֹיךְ בֶּעט אִיךְ פוּן טִיפֶען הַארְצֶען דַיין דֶער בַּארִימְהַארְצִיגְקַייט אַז דוּ זָאלְסְט מְבַטֵּל זַיין פוּן דַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל אַלֶע מִשִׁיתוֹתִים אוּנ אַלֶע פוּרְעָנִיּוֹת אוּנ זָאלְסְט דֶער לַייְנֶערִין אוּנְזֶערֶע יָאהְרִין מִיט שִׂמְחָה אוּנ חַיִּים וְשָׁלוֹם וּפַרְנָסָה

מעשה אלפס

בֶּעטִין מִיט גְרוֹיס רַחֲמִים דֶעם הֵיילִיגֶען בַּאשֶׁעפֶער עֶר זָאל אוּנְז רֵיינִיגֶען דִי הַארְץ אוּם צוּ דִינֶען אִים מִיט אַיין אֱמֶת, אוּנ עֶר זָאל זִיךְ שׁוֹין עֶרְבַּארְמֶען אִיבֶּער זַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל מִיר זָאלֶען חָלִילָה נִיט דֶער טְרוּנְקֶען וֶוערִין אִין דֶעם יַם הַצָּרוֹת, עֶר זָאל אוּנְז מַתְּנֶען אַגוּט יָאהר, אַיָאהר פוּן לֶעבִּין, פוּן גִיזוּנְד אוּנ פַּרְנָסָה בְּכָבוֹד, מִיר זָאלֶען קֶענֶען עֶרְצִיהֶען אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער בְּדֶרֶךְ הַיּשָׁר, אִידִין צוּ גָאט אוּנ מֶענְשִׁין פַאר דֶער וֶועלְט אוּנ דֶער עִיקָר עֶס זָאל שׁוֹין זַיין אַנְאוֹלֶה שְׁלֵמָה בִּמְהֵרָה, אָמֵן

טובה (שיהיה אצלי תורה וגדולה במקום אחד) דאס עס זאל זיין ביי מיר תורה אונ גדולה צוזאמען, בכדי מיר זאלין דיר דינען מיט גרויס נחת, אונ עס זאל זיין דיין חסד אויף אלע הייליגע נשמות אונ אויף דער נשמה פון מיין פאטער אונ מוטער זיי זאלין אויף גיין אונ גרייכין פאר דיין הייליגען דער בארעמיגען שטול אונ דארטין זאל זיין זייער רואונג, לפני ולפנים אויף דעם הייליגען ארט וואס קיין אויג קאן נים משיג זיין נאר דו אליין, אונ זאלסט דער לייכטין זייערע נשמות מיט לויטערקייט, אונ די נשמות וואס האבין נאך קיין פת ניט צו קומען צו זייער רואונג אונ צווישען די נשמות איז אויך די נשמה פון מיינע קרובים, בעט איך דיר ליבער גאט דער דא לייכט אויף דער ערד אונ פאר די לייט וואס וואוינען אויף דער ערד, דער בארעמיגער גאט דער לייכט דיין שכינה אויף זיי אונ דו זאלסט צו דעקין זייערע עבירות, אונ זאלסט זאגין צום מלאך וואס איז ממונה איבער זיי צו פאר גרינגערין פון זיי דעם משפט, אונ זיי זאלין געפינען איטליכער זייער רעכטע רואונג בשלום, אונ זיי זאלין גיין ממדרגה למדרגה אונטער די פליגעל פון די כרובים, אמן.

# תפלה ליום כפור פאר מנחה.

יום כפור פאר מנחה זאגט מען פרשת עקדה אונ דער נאך זאגט מען דאס.

ושחט אותו על ירך המזבח צפונה לפני יהוה, וזרקו בני אהרן הכהנים את דמו על המזבח סביב.

יהי רצון מלפניך יי אלהינו ואלהי אבותינו שתתמלא רחמים עלינו ותזכור לנו עקדתו של יצחק בן אברהם אבינו עליו השלום. אשר בימים ההם בזמן הזה בעשור לחדש תשרי היתה עקדתו בהעלות

---

עברי טייטש

יהי רצון, עס זאל זיין דר ווילען פר דיר אונזר גאט אונ דער גאט פון אונזערע עלטערין, אז דו זאלסט פול ווערין מיט דער בארימקייט אויף אונז אונ זאלסט אונז גידיינקען די עקדה פון אונזער פאטער יצחק דער זוהן פון אברהם אבינו עליו השלום, וואס אין דעם צעהנטין טאג פון חודש תשרי איז גיוועזין זיין עקדה אין דער צייט פון

המנחה, ובכן ברוב רחמיך תזכור לנו כאלו אפרו צבור
ומונח על גבי המזבח, ותביט באפרו לרחם עלינו,
ובזכותו ובזכות אברהם אבינו עליו השלום שנתנסה
בעשרה נסיונות ובתפלתו, וגם בזכות יעקב אבינו עליו
השלום נתת לנו עשרת ימי תשובה לכפר על חטאתינו.
תתמלא רחמים עלינו לבטל מעלינו כל גזרות קשות
ורעות, וכמו שכבש אברהם אבינו את רחמיו לעשות
רצונך בלבב שלם, כן יכבשו רחמיך את כעסך מעלינו
ויגולו רחמיך על מדותיך, ותתנהג עמנו יי אלהינו
במדת החסד ובמדת הרחמים ותכנס אתנו לפני ולפנים
משורת הדין, ותביט בדם הברית של אברהם אבינו
עליו השלום ביום הכפורים, ותכפר כל עונותינו בכל

---

עברי טייטש

מנחה, דרום זאלסטו אונז גידיינקען מיט דיין פיל דער בארימקייט
גליך ווי זיין אש איז גיהויפינט אונ ליגט אויף דעם מזבח אונ זאלסט
באטראכטין זיין אש צו דער בארעמען זיך אויף אונז, (ובזכותו) אין
זיין זכות אונ אין דעם זכות פון אברהם אבינו עליו השלום וואס ער
איז גיפרובט געווארין מיט צעהן נסיונות אונ איז ביי גישטאנען, אונ
אויך אין דעם זכות פון אונזער פאטער יעקב עליו השלום האסטו
אונז גיגעבין צעהן טעג אויף תשובה צו פאר געבין אונזערע זינד, אונ
זאלסט פול ווערען אויף אונז מיט דער בארימקייט צו פאר שטערין
אלע שלעכטע אונ בייזע גזרות פון אונז, אונ אזוי ווי אונזער פאטער
אברהם האט אונטערדריקט זיין רחמנות צו טאן דיין ווילין מיט'ן
גאנצן הארצין, אזוי זאלין דיינע רחמנות אונטערדריקען דיין צארין
אונ זאלסט זיך פירין מיט אונז מיט די מדה פון חסד אונ די מדה פון
רחמים אונ זאלסט זיך באגיין מיט אונז לפנים משורת הדין, אונ
זאלסט קוקין אויף די בלוט וואס אונזער פאטער אברהם האט זיך מל
גיוועזן אום יום כפור, אונ זאלסט פאר געבין אויף אלע אונזערע זינד,
אזוי ווי דיינע גירעכטיקייט, אונ דורך דיין גרויס רחמנות זאל זיך

אונז

צדקותיך, ובטובך הגדול ישוב חרון אפך מעמך ומעירך ומארצך ומנחלתך:

עברי טייטש

אוועק קערין דיין גרים צארין פון דיין פאלק אונ פון דיין שטאט אונ פון דיין היילגע לאנד, אמן.

## תחנה פון אוים נעמען צו מנחה יום כפור.

רבונו של עולם, דו ביסט דער פאטער פון רחמנות אונ פון פאר געבען די זינד, פאר נעם די שטימע פון מיין געבעט אונ ענטפער מיר אין מיין טאן קלאפין אין די טויערין פון רחמנות, אז דו זאלסט מיר פאר געבין אלע מיינע זינד וואס איך האב געזינדיגט פאר דיר פון מיין יוגענט אן ביז היינטיגען טאג, אונ זאלסט ממלא זיין אלע שמות הקדושים וואס איך האב אין זיי פוגם גיוועזן, אונ זאלסט מיר געבין אזוייכע הארץ איך זאל זיך אום קערין צו דיר בתשובה שלמה, אונ זאלסט מיך פירין אין רעכט פארטיגען וועג דיר צו דינען, (אחת שאלתי מאת יי אותה אבקש) איין זאך טוא איך פערלאנגען פון דיר ליבער גאט, אז איך זאל זיצען אין דיין הויז (אין היילגען בית המקדש) צייט מיין לעבין, איך זאל שפירין די ליבליבקייט פון גאט ב״ה אונ איך זאל שטיין פאר אים אין זיין היכל, לערין מיך גאט דיין אמת׳ה וועג אונ העלף מיר צו גיין אין איר, איינציג מיין הארץ אז איך זאל מיך פארכטין פאר דיין היילגען נאמען, (לב טהור ברא לי אלהים) ליבער גאט! באשאף מיר א ריין הארץ אונ א פעסטין מוטה זאלסטו באנייען אין מיר. (אל תשליכני מלפניך ורוח קדשך אל תקח ממני) ליבער גאט! דו זאלסט מיך ניט אוועק ווארפין פון פאר דיר, אונ דיינע היילגע געפיהלען זאלסטו פון מיר ניט אוועק נעמען, ליבער גאט! דער בארעם דיך איבער מיר אונ זאלסט ניט פאר שעמען מיין פייניגונג וואס איך האב פאר דיר היינט גיפאסט, וואס מיין גאנצער קערפער איז אבגישוואכט פון תענית צו ליב דיין היילגען נאמען. הער צו ליבער גאט מיין תפלה אונ מיין גישריי, זאלסט פאר נעמען מיינע טרערין. מיין תפלה זאל ביי דיר אזוי חשוב זיין ווי קטורת, דאס אויף הייבונג פון מיינע הענד

(אין תפלה) זאלין ניט גיין פארלארין, זאל ביי דיר אזוי זיין ווי איין קרבן מנחה. וויי איז צו מיר דער הייליגער טאג פאר גייט באלד, עס נעמט מיר אן א מורא אונ א ציטערנעש אז איך דער מאן מיך מיינע זינד אונ איך וויים ניט אויב איך וועל ארויס גיין גירעכט פון דעם משפט אונ פאר דיין גירעכטין בית דין, זכאי אדער חיב חס ושלום, יעצט ליבער גאט איז מיין האפענונג נאר אויף דיר אונ אויף דיין גרויס דער בארימהקייט, אז דיין רחמנות זאל איין האלטין דיין כעס, אז דו זאלסט זיך מיט מיר נוהג זיין במדת החסד ובמדת הרחמים, אונ זאלסט מיט מיר טאן לפנים משורת הדין, אונ מיט דיין גרויס גנאדע זאלסטו זיך אום קערין פון דיין גרים צארין פון דיין פאלק ישראל אונ פון דיין הייליגער שטאט ירושלים, אונ זיי מבטל פון כל ישראל אלע שלעכטעס, אונ זאלסט נייגין דאס הארץ פון אונזער קיזער אונ פון זיינע יועצים אויף אונז צו גוטין, אונ זאלסט אונז אן שרייבין אין ספר החיים מיט די צדיקים וואס זיי טוען דיין ווילין אונ איינציגען דיין הייליגען נאמען, אונ אין ספר ברכה ושלום ופרנסה טובה ישועות ונחמות, אונ זאלסט אונז געבין כח אונ קראפט אז מיר זאלען באשטיין אקעגין דעם יצר הרע, ער זאל אונז ניט מאכין שטרויכלען מיט איין דבר עבירה, אונ פון וועגין דיין הייליגן נאמען זאלסטו ליבער גאט אונז פירען אין גוטען וועג אונ זאלסט אונז אונטער לעהגען מיט דיין רעכטער האנד, אז מיר זאלען קענען באשטיין בתשובה שלמה פאר דיר, צייט אונזער לעבין וועט זיין, אונ דו זאלסט אונז ניט אוועק נעמען פון דער וועלט פאר דער צייט, ביז מיר וועלין אויס לעבין אונזערע זיבעציג יאר כדי אז מיר זאלען קענען פאר ריכטען וואס מיר האבין קילע געמאכט, אונ גידיינק אונז ליבער גאט דאס ליבשאפט פון אונזערע ערשטע עלטערין אונ דעם ברית מיט דעם חסד אונ די שבועה וואס דו האסט געשווארען צו אונזער פאטער אברהם אונ די עקדה וואס אברהם אבינו האט גיבונדין זיין זוהן יצחק אויף דעם מזבח אין דעם טאג אין יענע צייט, כדי צו טאן דיין ווילען מיט זיין גאנצין הארצין, דו זאלסט בינדין אלע מקטרגים ומשטינים של מעלה וואס זיי ווילין מקטרג זיין פאר דיר אויף דיין ליב פאלק ישראל, אונ זיי זאלין זיין ווי פלעווע פאר דעם ווינט, אונ מאך שטום אלע שונאי ישראל וואס ריידין אויף אונז

שלעכטם און רייצין אויף דעם פראסטין נאראד צו מאכין אויף אונז פאגראמען, גים אוים אויף זיי דיין צארין, לאז אויף זיי פאלין דיין פחד און פארכט, מיט דיין גרויסע מאכט זאלסטו זיי מאכין שטומען ווי איין שטיין, (עד יעבור עמך יי עד יעבור עם זו קנית) ביז וואנען דו וועסט פירען דיין ליב פאלק ישראל צו דיין היילגע לאנד און מיר זאלין זוכה זיין צו זעהן אין גיכע צייטין אין דער נחמה פון ציון וירושלים, אמן כן יהי רצון. (ואני תפלתי כו' בריך שמיה כו').

# איין נייע תחנה צו זאגין פאר נעילה.

ערבארמיגער גאט, דער זיסער טאג יום כפור גייט באלד אוועק, די זון פאר גייט שוין, איהרע ליכטיגע שטראהלען פארבארגין זיך און דו האלסט שוין ביין פאר תחמענען יעדעריגם גורל, יעדעריגם מזל ווס דו האסט פיר אים אן געשריבען, דער שרעקליכער חותם ליגט יעצט אין דיין אייגענע האנד, רבונו של עולם איידער דו וועסט דיין היילגען זיגעל לייגין אויף אונזער משפט, באטראכט דיינע ארעמע קינדער, דיינע פערוואגעלטע שעפסעלאך. וועלכע שטייען פאר דיר נאך פון נעכטין מיט א פערקלעמטע צובראכענע הארץ, פערשמאכט, פערמאטערט, און זייערע אויגען איז אויסגישטעלט נור צו דיר אליין, בעטראכט ערבארעמיגער גאט די לאגע פון דיין ארעמע פאלק, וועלכע פינסטערט אין חושכדיגען גלות שוין באלד צוויי טויזענט יאר, בעטראכט וואס אונזערע עלטערין האבען געליטען ביז היינט, ווי זיי האבין מקריב גיוועזן יעדער לעצטען טראפין בלוט פאר דיין היילגען נאמען, בעטראכט הימלישער פאטער דעם ביטערין לעבין פון דיינע ארעמע קינדער, וועלכע שטייען יעצט פאר דיר און ערווארטין פון דיר אמחילה וסליחה אין דעם היילגען יום הכפורים, ווער נאך ווי דו אליין גרויסער גאט ווייסט אונזערע צובראכענע הערצער, אונזערע בלוטיגע וואונדין וועלכע מיר טראגין טיף אין אונזערע פערקלעמטע הערצער, נור דו אליין ווייסט דאס, אז ניט דיך צו ערצערנען חלילה האבין מיר גענין דיר פערבראכין, נאר אונזער שווערער פינסטערער לעבין האט אונז דאצו גיבראכט, דער מאן זיך ערבארמיגער גאט וואס דיין טרייער קנעכט דוד המלך האט גיזאגט „מי כעמך ישראל גוי אחד בארץ", ווער איז נאך ווי דיין פאלק ישראל אייגער אויף דיין

נאנצער וועלט, וועלכער האט אזוי פיל געליטען איבער די היילינקייט פון דיין גרויסען נאמען, עס איז שוין צייט דו זאלסט דער מאנען דיין הבטחה וואס דו האסט גינעבין אונזערע עלטערן, ווי לאנג נאך וועלין מיר זיין צו שאנד אונ צו שפאט אין אלע עקין דער וועלט, ערבארמיגער גאט וואס דו ביסט די קוועלע פון רחמנות, היינט איז דער טאג וואס דו בעשטימסט יעדערינס גורל אויף דעם גאנצין יאר וואס זאל גישעהן, באלד פערשליסטו שוין אלע טירען, אונזער דעקרעט איז שוין אונטער געשריבען, מיט שרעק אונ ציטערניש שטייען מיר יעצט פאר דיר, פארנעם היילינער פאטער אונזער גיבעט, נעם צו זאמען אונזערע הייסע טרערין וועלכע מיר האבין פאר דיר פארגאסען, גיס זיי אריין אין דעם לאגיל וואו דו האלסט די טרערין פון אונזערע עלטערין אונ וואש אב מיט זיי די אלע פלעקין פון אונזערע נשמות, ערבארעם דיך אויף אונז אונ אויף אלע אונזערע ארעמע עלענדע אומגליקליכע ברידער, וועלכע זיינען צו זייט אונ צו שפרייט אין אלע עקין דער וועלט, לאז שוין זיין דער יאר וואס איז אוועק אסוף פון אונזערע צרות, היל די וואונדין פון אונזערע בלוטינע הערצער, טרייסט דיינע בעטריבטע פערביטערטע קינדער, שרייב זיי אן צו אגוטין לעבין אויפין נייעם יאר, דען צו דיר אליין האפין מיר, שיק אונז דעם גואל צדק אונ פיר אונז מיט שטאלץ אין דיין היילינע לאנד במהרה בימינו, אמן:

## תחנה למוצאי יום כפור.

רבון העולמים, הער פון אלע וועלטן, (מלך מלכי המלכים) קעניג איבער אלע קעניגען, מיר האבין גיפאלגט דיין היילינע תורה, מיר האבין גיפאסט אטאג מיט אנאכט, מיר האבען נאך מוסיף גיוועזן מחול על הקדש, מיר האבען אויף זיך מקבל גיוועזן דעם עול מלכות שמים מיט דיין יחוד שמך הגדול, דאנקען מיר דיר פאר דיין ליבען חסד דאס דו האסט גישטארקט אונזער כח אוים צו האלטין די חמשה ענוים, בכדי דו זאלסט אונז מאכען ריין פון אונזערע עונות. יעצט רבונו של עולם אונזער מחשבה איז ערינסט מיר זאלען שוין בלייבין ריין, מיר זענען מקבל אויף זיך מיר זאלען שוין מער ניט זינדיגען, אונ דו וועלט באשעפער זאלסט מצרף זיין מחשבה טובה למעשה, מיר זאלין זיין גיבענשט מיט אגוט יאהר, עס זאל זיין ביי אונז ליכטיג אין יעדין

יעדען ווינקעלע, אונזער גליק זאל פאר אונז שיינען און מיר זאלען שוין זוכה זיין צו זעהן ווי דו וועסט מקיים זיין אונזער האפענונג, לשנה הבאה בירושלים, אמן.

## דער ענין פון שלש רגלים (און די אושפיזין פון סוכות).

דער שטייגער פון דער וועלט איז, אז יעדע פאלק מאכט אפאמעטניק צו די וויכטיגע זאכען פון זיין היסטאריע, און ווער האט נאך אזא רייכע וואונדערליכע היסטאריע ווי מיר אידען, ווי משה רבנו ע"ה זאגט (כי שאל נא לימים ראשונים) פרעג די וועלט היסטאריע פון זינט אן השי"ת האט בעשאפען אדם הראשון, און פון איין עק וועלט ביז די צווייטע, איב עס האט ווען געטראפען אזעלכע הויכווירדיגע זאכען, אדער פילייכט עטוואס עהנליך צו דעם, (השמע עם) אז א פאלק פון מיליאנען מענשען זאלען אלע הערען די שטימע פון גאט בעת ער האט ערשיינט מיט זיין כבוד פאר די פובליקע און האט מיט זיי גירעט פנים אל פנים (פערזענליך) ווי מיר אידען האבען גיהערט? אדער וואו האט דאס פאסירט, אז איינער פון די געטער, וואס די פעלקער דינען צו זיי זאל פארפירען מלחמות מיט גרויסע וואונדער אום אויסצוקלייבין זיינע דינער, ווי דער גאט פון אברהם יצחק ויעקב, האט ערשיינט אין מצרים מיט אזעלכע גרויסע וואונדער און מלחמות געגען די מצרים, ביז וואנען ער האט ארויס גענומען זרע אברהם פאר א פאלק. אדער וועלכער גאט פון אלע פעלקער האט געפירט זיין פאלק פערציג יאהר אין א וויסטען מדבר וואס א מענש קען דארטען ניט דורך גיין און ער האט זיי אוים געהאלטען מיט שפייז און קליידונג און וואהנונג אזוי ווי אין א באזעצטע לאנד. געוועהנליך ווען מ'וואלט פרעגען ביי אונז מענשען וואלטען מיר זאגען אז עס פאסט צו מאכען אויף דעם וויכטיגען פאמעט, היינו מאכען א מראמארנעם פיגור משה רבנו און אוועק שטעלען אויף א שיינעם בולוואר (בעת מיר ווינען געווען אין אונזער לאנד) צום אנדיינקונג, אז דאס איז דער הויכוויכטיגער מענש וואס דורך אים איז גיטאן גיווארען די אלע וואונדער, און ער האט אראב געבראכט די עלעקטרי (דעם אור התורה), וואס אהן איר האט דיא וועלט גיבלאנדזעט טויזענדער יאהרען אין פינסטערע וועגין.

אונזער תורה האט אבער בעזייטיגט די מאטריאלע פאמעטניקעס, חייל לבד וואס זיי ברייגען ווייניג נוצען, זיי שטייען נור אין איין ארט, און ווען כ'ווערט צו זיי געוואהנט באטראכט מען זיי גאנץ קאלט, קענען זיי נאך פיל שאדען ברענגען, דער פראסטער נאראד קען זיי נאך פאר געטער מאכען, דרום האט זי דאס פארבאטען (ופסל ומצבה לא תקימו לכם), קיינע בילדער

זאלט

זאלט איר ניט טאבין אונ אזעק שטעלין, אי מכח אפאמעט ? זאגט דוד המע"ה (זכר עשה לנפלאותיו, חנון ורחום יי) דער ערבארעמינער גאט וואס וויל פירין דעם מענשין צום עוויגען גליק, ער זאל מאמין זיין אין כוהא עולם אונ פירין זיך נאך די פראגראגע וואס ער האט אים גיאָרדינט אין דער תורה, אונ ווייזין נסים גאנץ אפט לוינט ניט, ווייל עם וועט פאלין דער קורם פון אידישע קוראנט (פון תורה ומעשים טובים), ווייל ווען ער וועט שטענדיג מיט די אויגען אז עם איז דא אבעשעפער, מוז ער דאך זיין גוט אונ פרום, פארלירט זיך די בחירה, אלזא האט די השגחה אוים גירעכינט, אז עם לוינט ניט צו ווייזין נסים אלע ווייל, נור ער האט גימאכט גייסטליכע פאמעטניקעם צו די אמאליגע נסים וואס ער האט געוויזען בעת ער האט אונז אויסגעוואהלט פאר אפאלק, איז דורך די גייסטליכע פאמעטניקעם וואס זיי קומען פאר מיט די באוועגונג פון קערפער ווערט איין גישטעלט אין אונזערע בלוט אונ אין אונזער הארץ אהבה צו השי"ת אונ פורכט פאר אים, היינו אויף די וואונדערליכע היסטאריע פון "יציאת מצרים" האט ער אונז פארארדינט איין פאמעטניק דעם "חג המצות" מיטן "קרבן פסח", די באשעפטיגונג פון דעם מיט פיל וואכין פריער ביז מ'גענט אים אריין אין שטוב אונ נאך דעם מיטן פראווען דעם סדר, ערציילין די קינדער די גרויסע וואונדער ווי השי"ת האט זיך אב גירעכינט מיט פרעה אונ די מצריים פאר וואס זיי האבין אונז אזוי פיל געפייניגט, מאכט דאס אגרויסע ווירקונג איין צו פלאנצין אין אידישע הארץ דעם (שמע ישראל יי אלהינו יי אחד). ווי מיר האבין עם גוט ערקלערט אין מעשה אלפס ופרי הגפן (סדר בא, פרק „דער גרויסארטיגער רייכטהום").

אונ אויף די וואונדערליכע זאך, וואס השי"ת אליין האט ערשיינט פאר די גאנצע פאלק אויפין הר סיני אונ האט גירעט מיט אונז די זיסע דברות פנים אל פנים, וואס דיזער גישמאק לינט נאך עד היום אויף די ליפען פון אונזער נשמה (ווייל אלע נשמות וואס דארפין געבארין ווערין זיינען דאן גישטאנען ביים גרויסען פאראד) אונ זי בייגקט זייער נאך דעם, ווי זי בעט זיך (ישקני מנשיקות פיהו) ווי איז מען דאס זוכה נאך אמאל צו הערין די זיסע ווערטער פון זיין מויל (כי טובים דודיך מיין) ווייל דיזע פריינדשאפט איז ליבער אונ אנגענעהמער פון אלע פערגניגען וואס קען געבין אין דער וועלט, אויף דעם האט השי"ת אונז גיגעבין אפאמעט דעם הייליגען יום טוב "שבועות", אונ ווען דער איד איז זיך נאך מבין צו דעם שבועות'דיגע נאכט שפירט ער אין דער תפלה בעת הערין "אקדמות" אונ קריאת מתן תורה, עטוואס פון יענעם פערגניגען (כאשר בארנו במאמר „אור חדש על ציון תכר עשה לנפלאותיו" לתיקון ליל שבועות).

און אויף די גרויסע וואונדער פון דעם אוים האלטין אונז פערציג יאהר אין דער מדבר, וואס דאס ווייזט, אז ישראל וועט זיך האדעווען מיט מזל, האט דער בורא גימאכט אפאמעט דעם „חג הסוכות; זמן שמחתנו", ווייל די גרעסטע שמחה ביי עלטערן איז, אז די קינד האדעוועט זיך, בקיצור הייסט עס, „חג המצות" ווייזט אויף ישראל'ס גיבורטס טאג (זמן חרותנו), מיר זיינען בעפרייט געווארין פון קנעכטין הויז, ארוים געצויגען דעם קינד פון עגיפטישע בויך, פון אפינסטערין איינגען טונעל וואס ישראליק איז דארטין גילעגין אצייט יאהרין ווי דער קינד אין מוטער לייב (גוי מקרב גוי). — „שבועות" ווייזט, אז ישראליק האט מיט מזל אנגיהויבען צו גיין אין חדר און לערינט שוין (זמן מתן תורתנו), אבער די שמחה איז נאך ניט פאר פול, ווייל מ'קען ניט וויסען אויב דער שוואכער קינד, וואס איז אזוי פיל פערמוצעט געווארין אין די עגיפטישע בויך און גייט אין חדר לערנען, וואס די תורה איז מתשת כחו של אדם, אויב ער וועט מאריך ימים זיין? ובפרט ווי ער האט אויף זיך גרוים קנאה פון די צולאזענע קינדער וואס ווילען ניט לערנען (אנטיסעמיטען), זיי וואלטין אים פארברענען מיט זייערע וואלפישע אויגען, אויף דעם האט מען אונז גיגעבין דעם „חג הסוכות", דער אמת'ער „זמן שמחתנו", ווייל דאס ערמאנערט אונז די פערציג יאהריגע רייזע אין דער מדבר וואס מיט דער נאטור קען אמענש דארטין זיך ניט האלטין, האט דער בורא אונז אוים גיהאלטין מיט אלעם גוטן, ווי דער נביא זאגט (המדבר הייתי לישראל?) האבין זיך דען אידין געפילט אז זיי זיינען אין אוויסטען מדבר? דאס ניט אונז אגוטע לעהרע אז דער קיום פון ישראל סבא איז מער איבער נאטירליך ווי נאטירליך, און חען אויך ישראל ארבייט ווייניג, ווייל ער איז אריין גיטאן אין לערנען און די צוויי פיסיגע ברענעדיגע שלאנגען און ענדעשין האלטין אפין זייערע מיילער אויף אים און בלאזין אויף אים פייער מיט גיפט, אויף להכעים זיינע שונאים וועט ער זיך האדעווען מיט גליק*), ביז די גאנצע וועלט וועט ערקענען (און אויך די



*) דאס איז דער ענין פון די „אושפיזין" אין סוכה, אין דעם היליגען יום טוב (זמן שמחתנו) באזוכין אונז די טייערע געסט, וואס זייער לעבענס-געשיכטע איז דער סימוואל פון דעם גידאנקען, „אברהם אבינו" איז געווען געיאגט פון די צוויי פיסיגע שלאנגען, וואס האבין אויף אים געשאטין פייער, און צו זייערע גרויסע שמערצין האט ער זיך געהאדעוועט מיט מזל און גליק, אז צום ענדע האבין אים אלע גערופען „נשיא אלהים". — „יצחק אבינו" האבין אויף אים די פלשתים גישאטין פייער, צו גענומען די בארות, און נאכהער האט זייער קיניג אליין אים ארוים געשיקט (לך מעמנו), צום סוף צו זייערע פוקענים האט דער קעניג מיט זיין מיניסטער געמוזט גיין צו אים שליסען מיט אים שלום. — „יעקב אבינו" איז געווען שטארק געיאגט פון עשו את

קליינע קעפּאלאך פון זיינע אייגענע קינדער), אז ער איז אגאטליכע זאך,
ער איז בעשאפען געווארען צו בעלייכטין די וועלט אונ בעלערנען אלעמען
דעם הויכען אידיאל פון הכרת הבורא, דרום בעת זיין כאן גייט גראד
אויפ'ן רעלצע (די וועג וואס די תורה האט פאר אים גיארדינט) מאכט ער
גרויסע פארשריטע אונ שטייט מיט גרוים כבוד, ווען אבער ער גייט צראב
פון רעלצע, דא ליגט ער טיף אין דרערד, אונ האט קיינע האפענונג אז
זיין לאגע זאל זיך בעסערן, נור דער איין מיטעל אנווענדין קרעפטין ארויף
צוריק אויפ'ן רעלצע (אויף דעם דרך התורה), דאס איז בכלל דער ענין
פון די היילינע רגלים, אונ בפרטות דארף מען לייענען היילינע ספרים,
מנורת המאור אונ מעשה אלפס, דרום די מצוה פון ליכט בענשין, וואס
דאס איז דער צריינגאנג אין די היילינע ימים טובים דארף יעדע אידעשע
פרוי טאן מיט שמחה אונ גרוים יראת שמים, וועט זי זוכה זיין אז עס
זאלין ערלויכטין ווערין די אויגן פון אירע קינדער אז זייער לעבענס-באן
זאל חלילה גיט צראב גיין פון רעלצע (פון דרך התורה) זי זאל פון זיי נחת
האבין אויף ביידע וועלטין.

בריך

לבן, אם ענדע איז עשו אים ניפאלין אויפ'ן האלז קושין, —„משה רבנו" איז געווען
א נרדף פון פרעה, ער האט אים געוואלט ארונטער נעמען די קאפ מיט'ן שווערד,
אם ענדע איז ער מיט זיין סוויטע געפאלען אים צו די פיס אונ בעפרייט אלע אידין,
„אהרן" איז דאך געווים אנוטער נאכט סוכות, די ענני כבוד אין דער מדבר האבין
מיר דאך געהאט נור צו ליב זיין זכות. — „יוסף" האט נעבעך גיהאט גיברענטע ליידין
אין מצרים, מ'האט אויף אים געמאכט אקרימענאל-בלבול אונ פארשפארט אים אין
אבטראג אויף צוועלף יאהר, אם ענדע זיינען זיי אבצינ יאהר גילעגין אונטער זיין
האנד. —דוד המלך ע"ה איז געווען דער גרויסער נרדף, געוואלגערט זיך יאהרין
לאנג אין מדברות, נאכהער געיאגט פון איין אייגענעם קינד. אבער דער סוף איז ער
אלעמען איבער געקומען אונ איז געבליבען „דוד מלך ישראל חי וקים". ער האט
געוויזען די גאנצע וועלט, (ווי רועי) אז גאט איז מיין פיהרער, (לא אחסר) פון דעם
וואס איך פעל ניט, איך עקסעסטיר. לערינט אונז דער לעבענס-געשיכטע פון די
זיבען געסט, אז מיר קענען איך זאגין צו די אלע אומות. (ווי רועי) זעט אז גאט איז
דר הירט (אונ פיהרער)פון די שה פזורה ישראל, (לא אחסר) מיט דעם וואס איך עקסעסטיר
טויזענדער יאהר אין אזעלכע שלעכטע גרויזאמע וועטערין, אזעלכע גרויסע הוואלעס
וואס האבין איבער ניקערט די גרעסטע פערעהאדין האבין מיין קליינע שיפעלע ניט
גיקענט איבער קערין, אזעלכע גרויסע שטורמען וואס האבין אוים געריסען די
שטארקסטע בוימער, האבין מיין דינעם בוימעלע ניט געקענט רירען פון ארט, אזעלכע
ערד ציטערנעס וואס האבין צוריסען די גרעסטע פאלאצין האבין מיין קליינע סוכה'לע
נור אב גערוקט פון ארט, אבער זי איז גאנץ געבליבען, מיט דעם איז אבעוויז
אז איך בין בעשאפען צוא זיין „לאור עולם" מאכען אלעמען ערקענען
„אחדות הבורא".

ברוך אתה יי אלהינו מלך העולם, אשר קדשנו במצותיו, וצונו להדליק נר של יום טוב: (ווען יום טוב גיפאלם שבת זאגט מען של שבת ושל יום טוב):

די ברכה פון שהחינו דארף מען זאגין מיט גרוים שמחה וואס מ'האט דערלעבט דעם הייליגען יום טוב זמן שמחתנו.

ברוך אתה יי אלהינו מלך העולם, שהחינו וקימנו והגיענו לזמן הזה*):

אים שבת חול המועד זאגט מען נור להדליק נר של שבת (אבער נים קיין שהחיינו), די ברכה „לישב בסוכה" זאגט מען נים צו ליכט בענטשן נור אז מ'גייט עסין אין סוכה.

## תחנה לסוכות נאך ליכט בענטשין.

אויב אין סוכה איז קאלט אדער צו ליב איין אנאנדער אורזאך קען מען דאס זאגין אין שטוב.

רבונו של עולם, הער פון דער וועלט, איך דאנק אונ לויב דיין ליבען נאמען וואס דו האסט אונז נשים מזכה געוועזן מיט די מצוה פון ליכט בענשין צו בעלייכטען די הייליגע סוכה, וואס זי איז איין אנדיינקונג צו די גרויסע וואונדער וואס דו האסט געטאן מיט אונזערע עלטערין די פערציג יאהר וואס זיי זיינען גיגאנגען אין דער מדבר, וואס דארטין איז ניטא קיין הייזער צו בעשיצען זיך פון די זון ברענענס, פון שלעכטע וועטערין אונ פון די גוס רעגינס, האסטו זיי באשיצט מיט אגרויסין באלאגין פון ענני כבוד**) אונ האסט זיי

אוים

*) די ווייבער וואס קיינער פון זייערע בני בית עסט נים אין סוכה (אויבער וואס פאר איין אורזאך עס איז) זאלין זיי נים בענטשין קיין ליכט אין סוכה נור אין שטוב וואו זיי עסין, ווייל די מצוה פון ליכט צינדין איז נור עס זאל ליכטיג זיין וואו מען עסט — אבעל הבית'טע אוועקטין ווען זי בענשט ליכט אין סוכה אונ לאזט דארטין די לייכטער דארף זי גוט אכטונג געבין מ'זאל די לייכטער גיט גנבנען, ווייל די גנבים לויערין ביי די סוכות צו ליכט בענשין, אונ לבד וואס עס איז אשאדין אונ אמאל נאך אגרויסער (ווען עס איז זילבער) ווערט פון דעם אפארשטערטער יום טוב חלילה, אלזא דארף מען גוט אכטונג געבין.

**) אגרויסע סוכה פון וואלקינס, וואס דאס האט זיי גיגעבין גרוים עהרע ביי אלע אומות, ווי אין שיר השירים שטייט געשריבען, אז די אומות האבין גיפרעגט איינע ביי די אנדערע (מי זאת עולה מן המדבר?), ווער איז עס דיזע גליקליכע

פאלה

אום געהאלטען מיט אלע הצטרכות וואס אמענש פאדערט, דו האסט זיי געשפייזט מיט מן פון הימעל, מיט וואסער פון א קוואל וואס האט זיך מיט גיקייקילט מיט זיי וואוהין זיי האבין גירייזט, הכלל דו האסט זיי געהיט ווי די שווארצאפעל פון אויג "יצרנהו כאישון עינו"א). גוטער גאט, איך בעט דיין רחמנות, אזוי ווי דו האסט אונזערע עלטערין באשיצט מיט די ענני כבוד פון רעגין און פון די שטארקע היץ פון די זון און פון די גרויסע שלאנגען און די ברענענדיגע עגעדעשין פון דער מדבר, אזוי זאלסטו אונז אויך באשירמען דעם סוכות פון רעגין, עס זאל אונז ניט שטערין מקיים צו זיין די הייליגע מצוה פון סוכה, און בזכות מצות סוכה זאלסטו אונז באשיצען פון [illegible] שלאפקייטין וואס קומט פון די גרויסע היצין און פון די שלעכטע וועטערין, אויך זאלסטו אונז בעשיצען פון די צוויי־פיסיגע שלאנגען (די שונאי ישראל) וואס מיט זייערע ביזע צינגער [illegible] זיי פאר ברענגען דיין צו זייטע און צו שפרייטע פאלק. און דעם טלטול וואס מיר ברעכין זיך פון אונזערע הייזער צו גיין אין סוכה, זאלסטו פאר־

מעשה אלפס

א) מפרשים שרייבין, בעת מכת בכורות, אז פר' ה' האט ניגעבין רשות, אידין זאלין ארויס גיין פריי פון זיין לאנד, און אזוי ווי אידין זיינען געווען צו שפרייט אין די גאנצע מדינה, אין גושן, אין רעמסס און אין נאך פיל ערטער (בערך פערציג טעג נאנג) שטייט אין מכילתא (פי' בא), אז די שטימע פון משה רבנו איז גינאנגען אין לופט אזוי ווי דורך אטעלעפאן און האט זיך גיהערט אין גאנץ מצרים צו אלע אידין*), און האט זיי אין דעם נאמען פון השי"ת באשטימט איין ארט וואו אלע זאלין זיך צוזאמען קלייבין, דעם ארט האט מען נאכהער אנאמען גיגעבין "סוכות, ווייל אזוי ווי בדרך נס זיינען זיי צו זאמען געקומען אין איינינע שעה פון גאנץ לאנד מצרים אין רעמסס, און פון דארטין (ערך דריי טעג נאנג) קיין סוכות אזוי ווי אויף אדלער פליגלען און אין סוכות זיינען שוין גיוועזען אלע אידען (כשש מאות אלף רגלי), האט שוין השי"ת מיט אנאכט פריער צו געגרייט פאר זיי סוכות, עס האט אום גיוואקסען איבער נאכט (ליל טו ניסן) בדרך נס הויכע בלעטער אזוי ווי דער קיקיון דיונה (שבין לילה היה) מיט שמאקהאפטע בלומען צו מאבין זיי אשאטין

איבערין

פאלק, וואס די איז אזוי ערהויבען געווארין, (מתרפקת על דודה) זי גייט גיארעמט מיט איר געליבטען, כלומר די געטליכע השגחה טרעט פון זיי ניט אב אין מינוט, ער פירט פאר זיי איין וואלקין־זייל ביי טאג, ווייזין זיי די וועג, און ביי נאכט אזייל פון פייער צו בעלייכטען זיי.

*) אום עס זאל דיר קיין וואונדער זיין, לערין אב מקל וחומר פון די סכת שהין, מה דאך אהויפן פית כבשן איז ניט די נאטור עס זאל צו טראגין וועדין נייט, איז דאן פארנאנדער געטראגען געווארען אין גאנץ מצרים. אפשיטא אשטימע וואס דער טעלעפאן טראגט דאס אוועק גאנץ ווייט. (מכילתא שם).

רעכענען פאר גלות עס זאל פארגרינגערט ווערין דורך דעם די גזרה
פון גלות וואס עס איז נגזר געווארען אויף אונז, אונ זאלסט שוין צוזאמען
קלייבין אונזערע פארשטויסענע ברידער פון אלע עקין וועלט, אונ
פירין אונז אין דיין היילגע לאנד אונ בויען דארטין דוד המלך׳ס איין
געווארפענע סוכה (סוכת דוד הנופלה) דאס איז דער בית המקדש, וואס
דאן וועט זיין דער אמת׳ר זמן שמחתנו במהרה בימינו, אמן.

## דער ענין פון די ארבעה מינים (אתרוג בענשין).

ווי עס איז פריער ערקלערט אז דער חג הסוכות ווייזט פאר דער וועלט,
אז מיר וועלין עווינ עקזעסטירען (אקיום האבין) נעגין דעם ווילין פון אלע
אונזערע פיינד, ווי די פראקטיקע ווייזט, אז די גרעסטע אומות ווי אשור,
בבל, עמון, מואב, אונ די רעמער וואס אין זייער צייט האט די גאנצע
וועלט פאר זיי געציטערט זיינען זיי היינט אראפ פון פלאץ, אז עס איז קיין
זכר פון זיי ניטא, אונ מיר שוואכע שעפעלע צווישען אזוי פיל וועלף אונ
טיגערין וואס שטייען מיט אפענע מיילער אונז איין צו שלינגען — האבען
אקיום, דורך וועלכין זכות איז דאס? ווייל מיר זיצין שטענדיג אין א סוכה
וואס זעט זיך ארויס דער הימל, דאס הייסט אונזער האפענונג איז ניט אויף
די מענשליכע קרעפטין, נור אויף אונזער פאטער וואס אין הימל, אונ מיר
גיבען זיך איבער מיט אלע אונזערע גלידער צו זיין ווילען, ווי דוד המע״ה
זאגט (אין דעם נאמען פון כלל ישראל) .כל עצמותי תאמרנה יי מי כמוך
מיט מיינע אלע גלידער ווייז איך, אז נור דו נאך ביזט איינער אונ מער
קיינער, אויף דעם גידאנקען נעמען מיר סוכות די ארבעה מינים, וואס זיי
בעצייכענען די הויפט גלידער פון מענשין.

דער אתרוג איז די הארץ (זיין פיגור איז ווי אהערצעלע), דער לולב איז ווי די
שדרה (דער גאנצער שטאלץ) פון מענשין, די הדסים זיינען ווי די אויגען,
(אליך נשאתי את עיני) אונזערע אויגען איז אויף געהויבען צו אונזער פאטער
פון הימל, אונ די בלעטלאך פון די ערבה איז גלייך צו די מויל, בעווייזין

מעשה אלפס

איבעריג קאפ פון די היטץ אין דארטין
אונטער די סוכות פון די בלעטער, האבין
זיי גערוהט אונ געבאקען זייערע מצה פון
דיא אונגידייערטע טייג, וואס זיי האבין
ארויס געטראגין פון מצרים. אונ ביי זייער
ערשטע רייזע פון סוכות האט אנגיהויבען
צו זיין פאראויס די אידישע ארמיע, דער
עמוד ענן ביי טאג, ווייזין זיי די וועג אונ
דער עמוד האש ביי נאכט צו באלייכטען
זיי אונ די ענני כבוד פון אלע פיר זייטען
אונ איבערן קאפ, אזוי ווי א סוכה, איז צום
אנדיינקונג פון דעם נס וואס השי״ת האט
זיי געוויזען, אז אויב זיי וועלין אים דיין
טרייע דינער, וועלין זיי האבין א שיר־

ע׳נעדרן

מיר מיט דעם שאקלען די ארבעה מינים (לארבע רוחות העולם), אז מיר באוועגן זיך מיט אלע אונזערע גלידער לעבודת השם, דורך דעם ווערט אב געהאלטן אלע רוחות רעות, אלע שטורם ווינטן וואס שטורמען אויף אונז פון אלע זייטן וועלט, אונ מיר הייבן זיי ארויף אונ אראפ, צו ווייזן אז אלע טללים רעים וואס גייען ארויף פון דר'ערד אין דער הויך אונ נאכהער פון דער הויך צוריק אויף דר'ערד, וועט אונז ניט שאדין אונ מיר וועלין עוויג עקזעסטירען.

אבער ווייל ניט אלע מענשין האבין אזא אדעלען געפיהל צו זאגין אונ מקיים זיין (כל עצמותי תאמרנה יי מי כמוך) האט אונז השי"ת געגעבין איין עצה, אזוי ווי בעת יציאת מצרים האבין אידין זוכה געווען צו אזא הויכע ארטיגע מתנה ווי קבלת התורה, נור דורך דעם זכות פון שלום וואס אלע האבין זיך פעראייניגט ווי איין מענש (ויחן שם ישראל, כולם כאיש אחד) האבין די הויכע אידין משפיע געווען אויף די קלענערע, אזוי זאלין מיר טאן אין אלע צייטין, זאלין זיך פאראייניגען אלע קלאסין מענשין, די בעלי בתים וואס האבין אין זיך מעשים טובים אן תורה וואס זיינען געגליכן צו אלולב (ער האט פרות אן אריח), אונ די וואס האבין תורה אן מעשים טובים דאס איז הדסים (ריח טוב אן פירות) אונ די גאר פשוטע, אן תורה אונ אן מעשים טובים (ערבות), זאלין זיי מאכין הייליגע חברות לערנען מקרא, משנה, עין יעקב, מנורת המאור, חברה תהלים, חברה ש"ס, אונ אויף נעמען איין תלמיד חכם וואס האט אין זיך תורה ומעשים טובים, וואס ער איז גליך צו דעם אתרוג (פירות אונ אריח טוב), ער זאל זיך מקרב זיין צו די אגודה אידין (ואגודתו על ארץ יסדה) לערנען אלע טאג אשיעור, מקרב זיין זיי צו תורה אונ צו יראת שמים, דאן וועלין זיי אלע זיין ראוי לברכה אונ מיט זייער זכות וועלין זיי מוריד זיין השפעה טל לברכה, אונ אב האלטין טללים רעים אונ רוחות רעות (גזרות רעות) דאדורך וועלען זיי עוויג עקזעסטירען.

ווייזט די אגודה פון די ארבעה מינים ווי שלמה המע"ה זאגט (הולך את חכמים יחכם) אז דער וואס בינדעט זיך אין אחברה פון חכמים אונ ערליכע אידין איז דער זכות הרבים ווירקט אויף אים אויך, צו פערהייליגען זיינע

מעשה אלפס

גניענדין לעבין אפילו אין די פלעצער וואו מיט דער נאטור קען גאר אמענש ניט דורך גיין (לזכרון הנס הזה) האט די תורה אונז געהייסען מאכען סוכות בזמן האסיף (ווען מ'נעמט אריין פון די פעלדער) אונ ניט אין חודש ניסן, ווייל יעצט איז דא אין די פעלדער אונ גערטנער די שמאקהאפטע בלומען, אונ ווידער נאך פסח וואלט ניט קאנטיג זיין אז דאס איז צום אנדיינקונג פון נס, ווייל פיל מענשין מאכין דאן דאצעס אונביידלאך פון פערגניגען וועגן, אבער אנהייב ווינטער וואס אלע גייען שוין ארוים פון די דאצעס איז קאנטיג אז דאס איז צום אנדיינקונג פון נס.

אנדער

נעפיהלען אונ פעסט מאכין זיין אמונה ער זאל זיין אין דער מדרגה פון כל עצמותי תאמרנה ה' מי כמוך.

## דינים פון אתרוג בענשין.

ווען מ'בענשט אתרוג דארף מען האלטין דעם לולב אין רעכטע האנד, די הדסים זאלין אוים קומען רעכטס אונ די ערבות לינקס, אונ דעם אתרוג האלט מען אין די לינקע האנד, אונ וייל די ברכה פון א מצוה דארף זיין בעפאר מ'טוט די מצוה, אונ ביי די ארבעה מינים ווי מ'נעמט זיי אביין אין האנד איז דאך שוין דער קיום המצוה (ולקחתם לכם), דרום זייגען זיך אנדערע נוהג אז בשעת ברכה האלטין זיי דעם אתרוג פארקערט היינו מיטן עוקץ (דער שטעקעלע וואס ווערט אב געשניטען פון בוים) ארויף, אונ נאך דער ברכה קערין זיי איבער דעם עוקץ אראפ אונ מ'טוט אשאקיל (אונ מהדרים ווינק מנענע לארבע רוחות מעלה ומטה), אונ וייל ניט אלע פארשטייען וואס ווערט גערופען פטום אונ וואס עוקץ אונ טוען גראד פארקערט, איז גלייכער צו טאן ווי דר ווילנער גאון ז"ל הייסט, מ'זאל גאר ניט איבער קערין נור נעמען גלייך ווי עס דארף זיינ (דעם פטום ארויף) נור מ'זאל טראכטין ניט יוצא זיין די מצוה ביז נאך די ברכה.

## אקורצע תחנה פאר אתרוג בענשין.

הנני מוכן ומזומן, איך בין צו געגרייט מקיים זיין די ליבע מצוה פון אתרוג בענשין, וואס דער ליבער גאט האט אונז גיבאטין אין זיין תורה צו טאן צנחת רוח מיין באשעפער, אויך איך בין מכוין מיט דעם צו ווירקען אויף מיינע אלע גלידער, איבער הויפט אויף די הארץ וואס די איז געגליכען צום אתרוג אונ די שדרה (לולב) אונ די אויגין (הדסים) אונ די מויל (ערבה) זיי זאלין אלע זיין איבער גיגעבין לעבודת הבורא, ווי דוד המלך זאגט כל עצמותי תאמרנה ה' מי כמוך א).

---

מעשה אלפס

א) אנדערע זייגען דא מוסיף, אונ אזוי ווי דער אתרוג איז „טעם עצו ופריו שוה" אזוי זאל איך זוכה זיין, אז דער טעם די געשמאקע גידאנקען פון די מצוה וואס איך טו (אמצוה איז געגליכען צו א פרי, אמרו צדיק כי טוב כי פרי מעלליהם יאכלו) זאל מיר אריין גיין אין הארצין וואס די איז געגליכען צו אבוים (כי האדם עץ השדה) איך קיינמ צו מאכין קיט יראת ואהבה, עס זאל ערפילט ווערען דער רצון הבורא וואס ער האט באפאהלען די ערד, די זאל ארוים געבין (עץ פרי, שטעם עצו ופריו שוה) בוימער וואס דער געשמאק פון די פרוכט זאל זיין אין בוים נופא, דאס הייסט דער געשמאק (די אדעלע גידאנקען פון די מצות וואס מען טוט זאל אריין גיין אין הארצין. (זעה מעשה אלפס חלק ח' דרשע 575.)

ברוך אתה יי אלהינו מלך העולם, אשר קדשנו במצותיו וצונו על נטילת לולב:

דעם ערשטין טאג זאגט מען שהחינו און די איבעריגע טאג זאגט מען על נטילת לולב אליין.

ברוך אתה יי אלהינו מלך העולם, שהחינו וקימנו והגיענו לזמן הזה.

## תחנה נאך אתרוג בענשין.

ליבער גאט, איך גיב אדאנק און אלויב צו דיין ליבען נאמען, וואס דו האסט מיר מזכה געוועזן מיט די ליבע מצוה פון אתרוג בענשין, וואס דאס איז מרמז אויף דיין ליבשאפט וואס דו האסט צו דיין ליבע פאלק, דער אתרוג (פרי עץ הדר) איז מרמז אויף דיר גאט ווי עס שטייט געשריבען (עוז והדר לפניו) און די הדסים זיינען מרמז אויף די צדיקים (והוא עומד בין ההדסים), און בזכות די מצוה זאלסטו אונז דער מאנען דעם זכות פון די אבות הקדושים וואס די ארבעה מינים זיינען מרמז אויף זיי אויך, און בזכות וואס איך האב גינומען פון דיין כבוד וועגין דעם אתרוג (וואס ער איז גענליכען צו אהערצעלע) זאלסטו מיר העלפין צו ריינגען מיין הארץ פון אלע תאוות און חמדות, און בזכות דעם לולב וואס ער איז געגליכען צו די שדרה (ריקין) פון מענשין זאלסטו מיר פאר געבין וואס איך האב זיך געהאלטין שטאלציג (בגאוה), און פון היינט אן זאל מיין שטאלץ זיין נור צו אידעשקייט, איך זאל שטאלצירען מיט די תורה וואס דו האסט אונז מיט דיין רעכטע האנד גיגעבין, וואס קיין אומה ולשון האט דאס ניט, איך זאל שטאלצירען מיט אונזערע אבות הקדושים, מיט אונזערע גאטליכע נביאים, מיט אונזערע תנאים ואמוראים, גאונים צדיקים וואס קיין אומה ולשון פארמאגט דאס ניט, און בזכות וואס איך האב גענומען די הדסים וואס זיי זיינען געגליכען צו די אויג זאלסטו מיר העלפין היטין די אויגין ניט קוקין וואו מ'דארף ניט, ובזכות וואס איך האב גענומען די ערבות וואס זייערע בלעטלאך זיינען גלייך צו די מויל פון מענשין, זאלסטו מיר פאר געבין די זינד וואס איך האב געטאן מיט די רייד פון מיין מויל, און זאלסט מיר העלפין פון היינט אן היטין איר פון לשון הרע און רכילות, איך זאל באנוצין די מויל נור צו הייליגע זאכין

דאס

צוּ תּוֹרָה וּתְפִלָּה אוּנ מַאכִין שָׁלוֹם צְווִישֶׁען מֶענְשִׁין . אוּנ זָאלְסְט אוּנְז מְזַכֶּה זַיין דֶעם צְווייטִין סוּכּוֹת צוּ נֶעמֶען דִי אַרְבָּעָה מִינִים אוּנ זִיךְ מִיט זֵיי פְרֵייעֶן אִין דַיין הֵיילִיגֶן בֵּית הַמִּקְדָּשׁ בִּמְהֵרָה בְיָמֵינוּ, אָמֵן .

## תְּחִנָּה פוּן אוּיס נֶעמֶען לְשָׁלשׁ רְגָלִים .

פְרִיעֶר-זָאגְט מֶען דִי שְׁלשׁ עֶשְׂרֵה מִדּוֹת אוּנ נָאכְהֶער דֶעם רבש"ע .

יי, יי, אֵל רַחוּם וְחַנּוּן אֶרֶךְ אַפַּיִם וְרַב חֶסֶד וֶאֱמֶת. נֹצֵר חֶסֶד לָאֲלָפִים, נֹשֵׂא עָוֹן וָפֶשַׁע וְחַטָּאָה, וְנַקֵּה.

רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, הֶער פוּן דֶער וֶועלְט, עֶרְפִיל דָאס פֶערְלַאנְגֶען פוּן מַיין הַארְץ צוּ גוּטֶען, אוּנ בֶּעפְרִידִיג מַיין ווִילֶען, אוּנ בֶּעגְלִיק מִיךְ (פב"פ) אוּנ מַיין מַאן אוּנ קִינְדֶער אוּנ אַלֶע מַיינֶע הויז לַייטֶע, דָאס מִיר זָאלִין טָאן דַיין ווִילֶען מִיט'ן גַאנְצִין הַארְצִין, אוּנ רֶעטֶטֶע מִיךְ פוּן יֵצֶר הָרָע, אוּנ גִיב אוּנְזֶער טֵייל אִין דַיין לִיבֶּע הֵיילִיגֶע תּוֹרָה, מִיר זָאלִין אִיר מִיט אִיהְרֶע לֶערְנֶער לִיב הָאבִּין, מִיר זָאלִין ווֶערְט זַיין אַז דַיין שְׁכִינָה זָאל רוּהֶען אוֹיף אוּנְז, אוּנ מַאךְ שַׁיינֶען אִיבֶּער אוּנְז אַ גֵייסְט פוּן חָכְמָה אוּנ פֶערְשְׁטַאנְד, עֶס זָאל מְקוּיָּם ווֶערִין אוֹיף אוּנְז וָואס דוּ הָאסְט גִישְׁרִיבִּין דוּרְךְ דַיין הֵיילִיגִין נָבִיא יְשַׁעְיָה (ונחה עליו רוח ה') עֶס וֶועט רוּהֶען אוֹיף אִים אַגֶעטְלִיכֶער גֵייסְט, אַ גֵייסְט פוּן קְלוּגְהַייט אוּנ פַאר שְׁטַאנְד, אַ גֵייסְט פוּן הֶעלְדֶענְמוּטְה (גּוֹבֵר זַיין דֶעם יֵצֶר הָרָע), אַ גֵייסְט פוּן ווִיסֶענְשַׁאפְט אוּנ גָאטֶעס פוּרְכְט, אוּנ אַזוֹי זָאל זַיין דֶער ווִילֶען פוּן דִיר, אוּנְזֶער גָאט, אוּנ גָאט פוּן אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערִין, דוּ זָאלְסְט אוּנְז מְזַכֶּה זַיין צוּא טָאן מַעֲשִׂים טוֹבִים אִין דַיינֶע אוֹיגֶען אוּנ גֵיין אִין רֶעכְטְפֶארְטִיגֶע ווֶעג, (וקדשנו) אוּנ הֵיילִיג אוּנְז מִיט דַיינֶע מִצְוֹת כְּדֵי מִיר זָאלִין קֶענֶען גֶענִיסֶען אַגוּטֶען אוּנ אַגְלִיקְלִיכֶען לֶעבִּין אוֹיף דֶר וֶועלְט, אוּנ אוֹיךְ אַיין עֶווִיגֶען לֶעבִּין אוֹיף דִי קִינְפְטִיגֶע וֶועלְט, אוּנ הִיט מִיךְ פוּן בֵּייזֶע מַעֲשִׂים אוּנ פוּן אוּנְגְלִיקְלִיכֶע צַייטִין ווֶעלְכֶע מִיט שְׁטוּרִים קוּמֶען זֵיי אוֹיף דֶער וֶועלְט, ווַייל דֶר וָואס פַאר זִיכֶערְט זִיךְ אוֹיף דִיר גָאט טוּט דַיין חֶסֶד אִים הֶערוּמְרִינְגְלֶען, צוּ בֶּעשִׁיצֶן אִים אוּנְטֶער דַיינֶע פְלִיגְלֶען . אָמֵן (נאכהער זאגט מען ואני תפלתי אונ בריך שמיה) .

## תְּחִנָּה מוֹעֲדֵי ה' מִקְרָאֵי קוֹדֶשׁ (אלע יום טוב נאכין עסין) .

גְרוֹיסֶער קֶענִיג, דוּ הָאסְט גִירוּפִין דִי הֵיילִיגֶע יָמִים טוֹבִים מִיט'ן

נָאמֶען „מִקְרָאֵי קוֹדֶשׁ“ דָאס הֵייסְט מִיר זָאלִין זִיךְ פֶּער־זַאמְלֶען אִין זִייא אִין גָאטֶעס הויז, הֵיילִיגִין זֵיי עֶפֶּענְטְלִיךְ מִיט הַלֵּל, זָאגִין תְּהִלּוֹת וְתִשְׁבָּחוֹת צוּ דַיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען, אוּנ אָן טָאן שֵׁיינֶע מַלְבּוּשִׁים אוּנ עֶסִין גוּטֶע שְׁפַּייז, אוּנ נָאכִין עֶסִין אַ בִּיסֶעלֶע רוּהֶען אוּנ נָאכְהֶער זִיךְ ווִידֶער פַאר זַאמְלֶען אִין דִי שׁוּלִין אוּנ בָּתֵּי מִדְרָשִׁים, הֶערִין הֵיילִיגֶע רֵייד פוּן דֶער תּוֹרָה פוּן חֲכָמִים וְדַרְשָׁנִים, ווַייל דִי טֶעג זַיינֶען הֵיילִיגֶע, זֵיי רוּפִין זִיךְ (מוֹעֲדֵי ה׳) גָאטֶעס בַּאשְׁטִימְטֶע צַייטִין צוּ הֵיילִיגֶע פֶּערְזַאמְלוּנְגֶען. דְרוּם בֶּעט אִיךְ דִיר לִיבֶּער גָאט אַזוֹי ווִי דֶער שְׁטֵייגֶער אִיז לְכָבוֹד יוֹם טוֹב גֵייט מֶען בַּאזוּכִין קְרוֹבִים אוּנ גוּטֶע פְרֵיינְד, זָאל אוּנְזֶער צוּ בְּרֵיינְגֶען דָארְפִין נִיט זַיין ווֶעגִין פּוּסְטֶע זַאכִין, נוּר צוּ רֵיידִין אוּנ עֶרְצֵיילִין אֵיינֶע דִי אַנְדֶערֶע דִי הֵיילִיגְקַייט פוּן דֶעם טָאג, דֶער פַּאמֶעט פוּן דֶעם יוֹם טוֹב אוֹיף ווָאס עֶר בֶּעדַייט, אוּנ שְׁטַארְקִין אוּנ מוּטְהּ גֶעבִּין אֵיינֶער דֶעם צְווייטִין צוּ לִיבֶּען דִי הֵיילִיגֶע תּוֹרָה אוּנ פְלַאנְצִין אִיר אִין דִי הֶערְצֶער פוּן אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער, זֵיי זָאלִין ווֶעלִין לֶערְנֶען אוּנ מְקַיֵּים זַיין אַלֶעס ווָאס דוּ לֶערְינְסְט אוּנְז צוּ גוּטִין, גְלִיקְלִיךְ מַאכִין אוּנְז אוֹיף דִיזֶע ווֶעלְט אוּנ אוֹיף דִי עֶוויגֶע ווֶעלְט. אוּנ דֶעם קוּנְפְטִיגֶען יוֹם טוֹב זָאלִין מִיר זוֹכֶה זַיין עוֹלֶה לְרֶגֶל זַיין אִין דַיין הֵיילִיגֶען בֵּית הַמִּקְדָּשׁ ווָאס דוּ ווֶעסְט אִים בּוֹיעֶן בִּמְהֵרָה בְיָמֵינוּ, אָמֵן.

## תְּחִנָּה לְהוֹשַׁעְנָא רַבָּה פַאר הַלֵּל.

**אָנָּא** יְיָ, הָאֵל הַגָּדוֹל הַגִּבּוֹר וְהַנּוֹרָא, אִיךְ בֶּעט דִיךְ גָאט דֶער גְרוֹיסֶער אוּנ שְׁטַארְקֶער אוּנ פָארְכְטִיגֶער, אִיךְ קוּם פַאר דִיר מִיט גְרוֹיס פַּחַד אוּנ צִיטֶערְנֶעשׁ, אוּנ אִיךְ טוּא צוּ דִיר תְּפִלָּה מִיט גְרוֹיס כַּוָּנָה, הַיינְט אִין דֶעם טָאג דֶער דָא אִיז דֶער לֶעצְטֶער טָאג פוּן דֶעם גְמַר חֲתִימָה, הַיינְט אִין דֶעם טָאג טוּעֶן גִיחַתְמֶת ווֶערִין דִיא קְווִיטְלַאךְ פוּן יֶעדֶער מֶענְטְשׁ ווָאס עֶס ווֶעט זִיךְ מִיט אִים פַּאסִירֶען אַגַאנְץ יָאר, עֶר זָאל לֶעבֶּען אָדֶער שְׁטַארְבִּין, עֶר זָאל זַיינֶע יָארִין אוֹיס לֶעבִּין אָדֶער עֶר זָאל ח״ו נִיט אוֹיס לֶעבִּין, עֶר זָאל שְׁטַארְבִּין אִין וואַסֶער אָדֶער אִין פַייעֶר, דוּרְךְ אַיין שְׁווֶערְד אָדֶער דוּרְךְ אַיין חַיָּה, פוּן הוּנְגֶער אָדֶער פוּן דָארְשְׁט, אִין שְׁטוּרְמִים אָדֶער אִין מָארְד, עֶר זָאל דֶער ווָארְגֶען ווֶערֶען אָדֶער עֶר זָאל פַאר שְׁטֵיינְט ווֶערֶען עֶר זָאל רוּעֶן אָדֶער עֶר זָאל זַיין נַע וָנָד, עֶר זָאל הָאבִּין

שָׁלוֹם

שלום און געזונד און שטארק, אדער ער זאל געשטראפט ווערען מיט יסורים, ער זאל פאר ארעמט ווערין, אדער ער זאל רייך ווערען, ער זאל אראפ פון זיין גדולה, אדער ער זאל דער הויבען ווערין, און היינטיגען טאג הושענא רבה ווערט גיגעבין דאס קוויטעל מיט דעם גזר דין צום מענטשין סייא אויף גוטס און סייא חלילה אויף שלעכטס, דרום בין איך געקומען צו בעטין פאר דיר רבונו של עולם, דו זאלסט מיר געבין דעם גוטען קוויטעל, מיר און מיין מאן און מיינע קינדער, לעבין און געזונד און פרנסה בכבוד, אויך גאר דיין פאלק ישראל זאלסטו געבין קוויטלעך פון א גוט לעבין און פרנסה מיט שפע און הצלחה און אלעם גוטען, אמן.

## תחנה להושענא רבה פאר הושענות.

רבונו של עולם, דו גאט פון גינאד און ערבארמונג, וועלכער דיין האנד איז אויס גישטרעקט מקבל צו זיין אלעמין וועלכע קערין זיך צו דיר מיטען גאנצין הארצין, הער צו גרויסער גאט דעם גיבעט פון דיין דינערין וועלכע קומט יעצט פאר דיר אין דיין היילגע הויז מיט א צוריסענע הארץ צוא בעטין בייא דיר מחילה וסליחה אין דעם היילגען טאג הושענא רבה, מיט איין איינגיבויגינע קאפ ווי א שווערע זינדערין, מיט הייסע טרערין אין די אויגין שטיי איך יעצט פאר דיר אוים צו בעטין ביי דיר גאט פון ערבארמונג אגוטין צעטיל פאר מיר. פאר מיין מאן. פאר מיינע קינדערלאך און פאר כל ישראל. רבונו של עולם, פאטער פון אלע צובראכענע הערצער, הער צו מיין גיבעט, פאר נעם מיינע זיפצין, נעם צו-זאמען מיינע הייסע טרערין וועלכע איך פאר גים פאר דיר אין דיין היילגע הויז. מיין גיבעט זאל ארויף גיין צוא דיר צוא דיין כסא הכבוד און זי זאל דארטין געפינען איין ארט צווישין אלע תפלות ובקשות פון דיין פאלק ישראל וועלכע עס קומען פאר דיר היינט פאר אין דיזען היילגען טאג, און דער זכות פון די הושענות וואס מיר זיינען מקים דעם מנהג פון אונזערע היילגע נביאים, זאל מיר היינט ביי שטיין פאר דיין היילגען שטול, אז דו זאלסט דער מאנען דיין דינערין צו גוטין אויפן נייעם יאר, דו זאלסט זיך ער-בארמען אויף מיר, און אויף מיין מאן און אים צו שיקען א גרינגע פרנסה, דו זאלסט היטען מיינע קינדער צו זאמען מיט אלע קינדער

פון דיין פאלק ישראל פון אלעם בייז און פון קראנקהייטען , דו
זאלסט זיי געבין אריינע הארץ אז זיי זאלין גיין אין דיינע וועגין ,
לערנען דיין הייליגע תורה און היטען דיינע מצות . רבונו של עולם,
דו שטארקער אלמעכטיגער גאט וועלכער דו ערנידערסט דיין כבוד
צו קוקען פון דיינע הויכע הימלען אויף יעדין מענטשין וועלכער איז
ערד ביין לעבין און פשיטא שוין נאכין טויט . שטראף אונז ניט מיט
דיין כעס חלילה, גים ניט אויס אויף אונז דיין צארין, דען מיר האבין
שוין גענוג געליטען אויף דער וועלט , ווייז אונז דיין הימלישען חסד .
קלייב צו זאמען דיינע פאר וואגילטע פאר שטויסענע שעפסעלאך
פון אלע ווינקלען וועלט , קער אונז אום אין אונזער הייליגע לאנד,
בוי אויף דיין הייליגע שטאט ירושלים, בוי אויף צוריק דיין בית
המקדש וואו דיין שכינה האט שטענדיג גירוהט, און דארטין וועלין
מיר מיט פרייליכע הערצער בריינגען קרבנות און דיך דינען בקדושה
ובטהרה , אמן, כן יהי רצון .

## סדר הקפות פון הושענא רבה .

צו דער ערשטער הקפה זאגט מען דאס .

רחמנא, דער בארימהערציגער גאט , געדיינק אונז דעם זכות פון אברהם
דיין געליבטער וואס דו האסט אים געפרובט מיט צעהן
פרובונג און ער איז ביי געשטאנען און האט אין דיר גיגלויבט און איז
ניט גפאלן פון זיין מוטה, זיין זכות און דעם בונד וואס דוא האסט מיט
אים כורת ברית גיוועזן זאל אונז ביי שטיין היינט אין הושענא רבה צו
דעם גמר חתימה, אז דו זאלסט קויניגען איבער אונז, דיין הייליגע
פאלק ישראל .

## כי אמרתי עולם חסד יבנה .

צו דער אנדערער הקפה זאגט מען דאס .

רחמנא, דער בארימהערציגער גאט , גידיינק אונז דעם זכות פון יצחק
וואס ער האט אוים גישטרעקט זיין האלז און האט זיך
גיוואלט לאזין מקריב זיין פאר איין קרבן עולה פון דיין הייליגען נאמען
וועגין , זיין זכות זאלסטו אונז גידיינקען ליבער גאט היינט אין הושענא
רבה צו דעם גמר חתימה, אז דו זאלסט קעניגען איבער אונז דיין
ליבע פאלק ישראל .

## לְךָ זְרוֹעַ עִם גְּבוּרָה, תָּעוֹז יָדְךָ תָּרוּם יְמִינֶךָ.

צו דער דריטע״ר הקפה זאגט מען דאס.

רחמנא, דער בארימהערציגער פאטער, גידיינק אונז דעם זכות פון אונזער פאטער יעקב זייענדיג צוואנציג יאר ביי אזא שווערע פראצע טאג אונ נאכט אונ אין אזא שלעכטע גיזעלשאפט (ווי לבן מיט זיינע זין) אונ דאך האט ער ניט איבער גיטראטין איינע פון דיינע גיבאט (ווי ער האט גיזאגט עם לבן גרתי והרי״ג מצות שמרתי). זיין זכות זאל אונז ביי שטיין היינט אין הושענא רבה צו דעם גמר חתימה, אז דו זאלסט קיניגען איבער אונז דיין ליב הייליג פאלק ישראל.

## תִּתֵּן אֱמֶת לְיַעֲקֹב, חֶסֶד לְאַבְרָהָם.

צו דער פערטער הקפה זאגט מען דאס.

רחמנא דער בארימהערציגער פאטער, גידיינק אונז דעם זכות פון משה רבנו דיין טרייער קנעכט וואס דו האסט מיט אים גירעט פנים בפנים אונ דורך אים האסטו אונז גיגעבין דיין ליכטיגע תורה זי זאל אונז לייכטין די וועג. זיין זכות זאל אונז ביי שטיין היינט אין הושענא רבה צוא דעם גמר חתימה. אז דו זאלסט גיך קעניגען איבער אונז דיין ליב הייליג פאלק ישראל.

## נְעִימוֹת בִּימִינְךָ נֶצַח.

צו דער פינפטער הקפה זאגט מען דאס.

רחמנא, דער בארימהערציגער גאט, גידיינק אונז דעם זכות פון אהרן הכהן דער הייליגער מאן, וואס ער איז גיוועז דער פריינדליכער מענש אונ גימאכט שלום צווישען מענשין אונ האט זיי צוא גיצויגין ליב האבין די תורה, ער האט גיטאן די עבודה אין בית המקדש מכפר זיין אויפ'ן כלל ישראל. זיין זכות זאל אונז ביי שטיין היינט אין הושענא רבה צו דעם גמר חתימה, אז דו זאלסט גיך קעניגען איבער אונז דיין ליב הייליג פאלק ישראל.

## יְיָ אֲדוֹנֵינוּ מָה אַדִּיר שִׁמְךָ בְּכָל הָאָרֶץ, אֲשֶׁר תְּנָה הוֹדְךָ עַל הַשָּׁמָיִם.

צו דער זעקסטער הקפה זאגט מען דאס.

רחמנא, דער בארימהערציגער גאט גידיינק אונז דעם זכות פון יוסף הצדיק

וואס אין אזא אוים גילאסענע לאנד וויא מצרים איז ער געבליבן ריין אונ הייליג. אונ זייענדיג אין אזא גדולה איז ער גיט האפערדיג געווארין אונ איז געבליבען טריי צו דיין ליבען נאמען. זיין זכות זאל אונז ביי שטיין היינט צו דעם גמר חתימה אז דוא זאלסט קיניגען גיך אונ באלד אויף אונז דיין ליב הייליג פאלק ישראל.

# צדיק יי בכל דרכיו וחסיד בכל מעשיו.

צו דער זיבעטער הקפה זאגט מען דאס.

רחמנא, דער בארימהערציגער גאט, גידיינק אונז דאס זיסע געזאנג פון דוד המלך ע"ה, מיט זיין זיסע קלינגענדיגע שטימע אין לערנען האט ער דער וועקט דעם מארגען שטערין צו לויבען דיך מיט זיינע שירות ותשבחות, זיין זכות זאל אונז ביי שטיין היינט אין הושענא רבה צו דעם גמר חתימה, אז גיך אונ באלד זאל קומען דער מבשר צדק אונ משיח בן דוד פירין אונז מיט גרוים שמחה אונ פריד קיין ארץ ישראל אונזער הייליג לאנד. אמן.

לך יי הגדולה והגבורה והתפארת והנצח וההוד כי כל בשמים ובארץ, לך יי הממלכה והמתנשא לכל לראש: והיה יי למלך על כל הארץ, ביום ההוא יהיה יי אחד ושמו אחד: ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד:

# תחנה נאך ליכט צינדין שמיני עצרת אונ שמחת תורה.

שמיני עצרת אונ שמחת תורה דארף מען ביי ליכט צינדען מאכען שהחינו:

איך דאנק דיר ליבער גאט, וואס דו האסט אונז נשים מזכה גיוועזן מיט די ליבע מצוה פון ליכט בענשין, אונ איך בעט דיר אונזער קעניג אונ קעניג פון די גאנצע וועלט, דו זאלסט אן נעמען לרצון מיין ברכה אויף די ליכט וואס איך האב אן גיצונדין בעלייכטין דעם הייליגען שמיני עצרת, וואס דער נאמען „עצרת" (אויף האלטונג) בעווייזט אויף די ליבשאפט וואס דו גאט ליבסט דיין פאלק ישראל, ווי קינדער וואס האבין בעזוכט זייער פאטער, אז עס איז גיקומען די צייט פון צבשייד נעמען, זאגט דער פאטער צוא זייא, קינדערלאך עס איז מיר זייער שווער צייער שיידין זיך פון מיר. בעט איך איך פאר ברייננט

ביי מיר נאך א טאג. אזוי זאגט דער פאטער פון הימעל צוא זיינע קינדער וואס זיינען אים גיקומען באזוכין אין בית המקדש אום סוכות, ליבע קינדער, עס איז מיר זייער שווער אייער שיידען זיך פון מיר (פון מיין בית המקדש) אויף אגאנץ ווינטער ביז פסח וואס דאן וועט איר ווידער קומען עולה לרגל זיין, פארלאנג איך האלט זיך אויף ביי מיר נאך א טאג. אונ אזוי וויא איך האב ליכטיג גימאכט דעם היילינען יום טוב, אזוי זאלסטו ליבער גאט דער לייכטין די אויגען פון מיין מאן אונ קינדער ליב צוא האבין דיין היילינע תורה אונ פאר שטיין אירע טיפע גידאנקען, אונ בזכות וואס מיר נשים גייען היינטיגען יום טוב אין די שולין קוסען דיין ליבע תורה אונ פרייען זיך מיט איר, זאלסטו אונז מזכה זיין מיר זאלין זיך שטענדיג פרייען מיט איר אונ מקיים זיין מיט ליבשאפט אלע אירע זיסע גיבאט, מיר זאלין האבין אצופרידענעם לעבין אויף דיזע וועלט אונ אויף דיא עוויגע וועלט, אמן.

## תחנה פאר מוסף צו תפלת גשם.

איך בינד זיך אויף מיט כל ישראל צו זאמען, וואס שטייען יעצט פאר דיר גאט. אונ בעטין דו זאלסט געבין רעגין אין ארץ ישראל, כדי די פעלדער זאלין וואקסען, די תבואה זאל זיין געראטין, די פירות זאלין זיין זיס, די בלומען זאלין ארויס געבין אגעשמאקען ריח, די גראז זאל זיין גרין, שאף אונ רינדער זאלין זיך מיט דעם זעטיגען, דער רעגען זאל זיין אין דער צייט, אן א שטורעם ווינד, אן האגעל, ניט צו פיל, ניט צוא ווייניג, אז דיא דארטיגע אידען וועלען זאט זיין מיט ברויט, וועלין זיי קאנען זיצען אונ לערנען אונ תפלה טאן פאר אונז, אז די השפעה פון ארץ ישראל זאל זיך ציען אין חוץ לארץ, וועלין מיר ניט דארפען אנקומען איינער צום אנדערין בעטין חלילה ברויט, דו זאלסט אונז דער לייזען פון פרעמדע הענד, אונ פון פרעמדע לענדער, זאלסט אונז ברייגען אין אונזער לאנד (ארץ ישראל), דארטין וועלין מיר תפלה טאן פאר דיר עוויגער אויף אונזערע פרוכט, דאמאלסט וועלין מיר זאט זיין פון דיין היילינע האנד, ווי דער פסוק זאגט, פותח את ידך ומשביע לכל חי רצון, עפענסט אויף דיין האנד, אונ מאכסט זאט אלע לעבעדינע מיט דיין גוטע

ווילען, גילויבט ביסטו דו גאט וואס דוא ביסט אזו ומפרנס (מקרני ראמים עד ביצי כנים) פון דער גרעסטע טיהרע ביז די קלענסטע, הער צו אונזער תפלה, אונ זיי ממלא דעם רצון פון דיין ליבע פאלק, אמן.

## א שיינע היסטאריע וועגין דעם טאנצין שמחת תורה פאר די ספרי תורות.

עס איז נייטיג צו פאר שטיין. ווארום ענדיגט זיך דער סדר פון ימים נוראים מיט „שמיני עצרת אונ שמחת תורה"*), וואס דאן ווערט איבער גיגעבין די צעטלאך פון גמר חתימה. צו די שלוחי דהשגחה מקיים זיין דעם פסק פון ב"ד של מעלה**), פאר לייפיג האט זיך באדארפט ענדיגען מיט סליחות ותחנונים. ווען מיר דאס ערקלערין מיט א ספור.

א מלך אדיר האט גיהאט א שר זייער אגיטריינען, וואס האט זיך מוסר נפש גיוועזן אין פיל מלחמות וועגין די עהרע פון קעניג, ער האט גילייגט פיל כחות אין די צייט פון רעוואלוציע איינצושטילען דעם מאטעז, אויף צו ווייזען זיי ווי דער מלך זוכט נור דעם גליק פון דער מדינה אונ עס האט אים גילונגען אום צו קערען די הארץ פון די פאלק צו זייער קעניג. דער קעניג האט אים פיל ארדערין גיגעבין אונ האט
אים

*) שמיני עצרת אינ שמחת תורה איז איין זאך, דאס איז איין טאג על פי התורה וויא אין ארץ ישראל איז. אז נאך הקפות זאגט מען (תפלת גשם אין מוסף) נור בגולה מאכין מיר מספיקא דיומא צוויא טעג, הייסין מיר איין טאג „שמיני עצרת" (אויף תפלת גשם) אונ דעם צווייטען „שמחת תורה". אבער באמת איז דאס איין טאג, שמחת תורה זאגין מיר אויך אין שמונה עשרה ותתן לנו כו' באהבה את יום שמיני עצרת החג הזה.

**) אזו וויא מלכותא דארעא איז זיך נוהג, פריער שיקט מען דעם בעל חוב אפאוויעסטקע אונ מען איז מגביל דעם זמן פון צאהלונג, נאכהער גייט אריין אין נאטאריוס. נאכהער איז פראטעסט. נאכהער דערלאנגט מען אין סוד אונ מען גיבט ארויס א איספאלניטעלנעם ליסט. אם ענדע גיט מען דעם ליכט צום סודעוונעם פריסטאוו אונ ער גייט מאנען אדער אב שרייבען. דאס גלייכען איז אלול די „פאוויעסטקע", אז מ'זאל אנהייבען צאלין די „שולד-וועקסלען" וואס דער מענטש האט אונטער גישריבין אגאנץ יאהר (הפנקס פתוח והיד כותבת, וביד כל אדם יחתום). דיא ארינטליכע לייט (צדיקים גמורים) צאלין צוא דער צייט ביז ראש השנה. די בינונים צאלין יום כפור ביין נאטאריוס. דיא שוואכערע צאלין הושענא רבה אויפן איספאלניטעלנעם ליסט, ווען ניט גייט אריין, שמיני עצרת דער ליסט צום סודעבנעם פריסטאוו (צו די שלוחי ההשגחה) צו מאנען. (ונפרעין מן האדם מדעתו ושלא מדעתו), היינט אז שמיני עצרת ווערט איבער גיגעבין די פתקין לשלוחי הגבוה, האט מען דאך גידארפט זאגין סליחות מיט וידוים, מ'זאל צו רייסין דעם ליסט (קרע רוע גזר דיננו), אם ערגע שנורט זיך מיט נקודין ותעלות לשמחת התורה!

אים גרויס גימאכט על כל השרים אשר אתו. דער מלך איז גיוועזן א גרויסער מכיר טובה, האט ער אוים גירעכינט אז די אלע כבוד וואס ער האט אים גיגעבין, איז ווייניג קעגין זיין מסירת נפש פאר אים, האט ער אים פערשפראכין אז זיין איינקיל, וועט ער אריין נעמען אין קייזערליכע פאמיליע, היינו ער וועט אים געבין זיין טאכטער פיר א פרוי, עס איז אוועק אַרעכטע צייט, דער שר איז נפטר גיווארין, מען האט אים בעערדינט מיט גרויס כבוד און גישטעלט אסאך פאמעטניקעס נאך אים. די וועלט איז קיילעדיג, זי דרייט זיך, דער ארוף און דער אראפ, האט זיך מזדמן גיוועזן, אז דעם שר'ס איינקיל איז גיפאנגען גיווארין אין א פרעמדע מדינה און איז פאר קויפט געווארין פיר א שקלאוו און אויך זיינע קינדער וואס ער האט דארטען גיבוירען זיינען געבליבען שקלאווען.

ויהי היום, האט דער קעניג דער מאנט זיין יא ווארט, וואס ער האט גיגעבין דעם פער-שטארבענעם שר, ער זאל זיין איינקעל אריין פירין אין קייזערליכע פאמיליע, האט ער געשיקט אבריף צום גראף וואס האלט דעם שר'ס איינקיל פיר א שקלאוו און בעט אים, ער זאל אים בעפרייען, ווייל ער שטאמט פון א גרויסין שר, און דוא האסט אים קיין רעכט ניט צו בעהאנדלען אלעם שקלאוו, און ווען דו וועסט ניט וועלין מיט גוטין אים בעפרייען וועל איך מיט דיר פירין א מלחמה. דער גראף האט זיך שטארק גילאזט בעטין, האט דער קייזער פאר פירט מיט אים א גרויסע מלחמה און האט גימאכט פון אים תוהו ובוהו אז מיט בזיונות האט ער גימוזט בעפרייען דעם שר'ס איינקל און אב שיקען אים צום קעניג. דער קייזער האט ערפילט זיין ווארט און האט פאר גילייגט זיין טאכטער, אז ער פערלאנגט זי זאל הייראטהען פיר דעם שר'ס איינקיל, זיא איז גיוועזן זייער טביי דעם פאטער האט זיא איינגעשטימט הייראטהען מיטען שקלאוו, מיט דעם גידאנקען אז ווען ער וועט זיין אידרער, וועט זי אים אויס בילדען און אדיל מאכען ער זאל פאסען צו זין דעם קייזערס איין אידים. עס איז גיוועזן מיט מזל א גרויס ארטיגע האכצייט אז די וועלט האט גיקלונגען.

די יונגע פרוי האט אנגיהויבין לערנען איר מאן (דעם שקלאוו) אלע היפענשאפט ווי עס פאסט פאר א קייזערליכען מענשען און אלע ענינים דרך ארץ, ער זאל זיך קענען האלטען. דיא ערסטע צייט האט ער גילערינט פלייסיג. און גיהארכט איר יעדער ווארט וואס זי האט אים גילערינט, מיט דער צייט אבער ווייל ער איז דאך גיבוירין און אין

גיצוינגען אין אהפקר לעבין ווי א שקלאוו, די מויל זאל זיין פריי צו ריידין אלע נארישקייט, און דא לערינט זי אים, וועגין און רעכענען יעדער ווארט איידער ער: רעט אים ארויס, און אזוי זיין גיין און שטיין זאל זיין מיט קאפ און מוח, האט ער זיך פאר בייזערט אויף איר און איז אנטלאפין. ער איז ארום גילאפען איינינע מאנאטען, מיט אמאל ער לויפט פאר ביי באן־לינע, זעט ער ווי די גאנצע וועג איז סמירנא, אויף יעדער סטאנציע גיט מען ידיעות פון קייזערס אנקומען, בקצור דער קייזער איז אנקומען, א־יום פון וואגאן און זיך גיזעצט אין קארעט האט ער אים דער זעהען און ארויף גינומען צו זיך, ער רעט אזוי פריינדליך מיטין קייזער און גיט אים פיל כבוד. אין מיטין זאגט דער קייזער צוא אים, הער מיין קינד, וואס איז די פעולה וואס דו האסט מיר ליב און גיבט מיר כבוד, אז דו ביסט ברוגז מיט מיין טאכטער. (דיז טאכטער האט שוין גימעלדעט דעם פאטער וואס ביא איר האט פאסירט), זייא בעסער מיט מיר ברוגז, נור וועה גוט מיט מיין טאכטער. איך גיי צריין אין דיין לאגע, דיר איז אביסיל שווער גיהארכזאם זיין איר לערנונג, וויל דו ביסט גיוואהנט צו א הפקר לעבין ווי א שקלאוו, אבער זיי וויסען אז די גאנצע שווערקייט איז נור די ערסטע צייט, אבער נאכהער אז דו וועסט זיך צוא גיוואנען, לבד וואס דיר וועט זייער גרינג זיין, וועסטו נאך גרויס פערגעניגן האבין פון דיין פיהרונג, דו וועסט זיך שפירען האכגישעצט ווי א קייזערליכער מענש.

דאס וועלכע איז מיט אונז, דער בורא ב"ה האט אמאל גיהאט א טייערין פריינד זיין געליבטען אברהם וואס האט זיך מוסר נפש גיוועזן וועגין זיין כבוד, ער איז ארום גיפארין די וועלט און האט ערקלערט „כי כל אלהי העמים אלילים", אז די אלע געטער פון די פעלקער איז פוסטע פאנטאזיעס, און די אלע עבודות זייערע, וואס זיי זיינען מקריב מענשין און זייערע קינדער צו די געטער איז גזאלדינע רציחות און גרויסע תועבות, מ'דארף דינען־נור דעם בורא יחיד „עושה שמים וארץ". ער איז גיגאנגען אין פייער און אין קאלך אויבען וועגין דעם כבוד פון השם יתברך, ער איז גיפלוינין אין דער מלחמה מיט די פיר מלכים וועגין כבוד הבורא (וויא עס איז ערקלערט אין „אוצר התורה"), הכלל וויפיל דער בורא האט אים באלוינט דא אויף דער וועלט (וה' ברך את אברהם בכל) איז אלעס כלא געגין זיין גרויסע ארבייט, האט דער בורא אים פאר שפראכען „להיות לך לאלהים ולזרעך אחריך" דאס הייסט איך וועל איינעם פון דיינע קינדער געבין מיין טאכטער (דיא תורה) וואס זיא איז דיא קייזערליכע טאכטער.

די וועלט איז קילעבדיג, אין פערלויף פון דער צייט איז נתגלגל גיווארין

# א שיינע היסטאריע וועגן טאנצן שמחת תורה קמ״ד

אז דעם גרויסען שר'ס (אברהם אבינו'ס) איין אייניקיל איז געוועזען איין שקלאוו ביי איין געוויסען גראף (עבדים היינו לפרעה במצרים), עס איז געקומען די צייט האט הקב״ה געשיקט זיינע שלוחים משה ואהרן, אז דער גראף זאל בעפרייען אברהם אבינו'ס אייניקיל. דער וועלט קעגין דארף מיט אים א שידוך טאן, דער גראף האט זיך אפילו גילאזט בעטין, נור דורך א גרויסע מלחמה מיט 10 גראמאדנע באמבעס (עשר מכות), האט זיך דער גראף גימוזט אונטער געבין און בעפרייען דעם שר'ס אייניקיל, און דאן האט מען געשפילט א גרויס-ארטיגע האכצייט ביים הר סיני, און מיט מזל האבען מיר גיהייראטעט די בארימטע אשת חיל (ברתא דקוב״ה), די ערסטע צייט האבען מיר איר זייער געליבט און איר גיוועזען גיהארכזאם ווי זי האט אונז גילערינט, אום מיר זאלען זיין ממלכת כהנים וגוי קדוש, אבער מיט דער צייט האבין מיר אנגיהייבין צו בייענקען נאך די אמאליגע זאכען (זכרנו את הדגה אשר נאכל במצרים חנם, חנם בלא מצות) בכן איז „נתנה ראש ונשובה מצרימה" און אזוי איז בכל דור ודור גייט ארויין אמאל ארוח שטות אין מענשין און וויל זיך צוריק קערין מצרימה, צו נאוה (רהב) און תאוה (ערות הארץ). און אזוי לויפט מען ארום דעם גאנצען יאהר משוגע, ווילד.

עס קומט ר״ח אלול מ'הייבט אן געבין סיגנאלען (תקיעת שופר) וואס ווייזט אז דער מלך קומט אן (בחצוצרות וקול שופר הריעו לפני המלך ה׳, לפני ה׳ כי בא לשפוט הארץ) הייבט זיך אן דעם אידין אביסעלע בייענקען נאך אהבת השי״ת, דער (חלק הנשמה שהיא חלק אלוה ממעל) איז משתוקק צום כל (צוא השי״ת וואס ער איז כל יכל), הכלל מ'שטייט אויף פאר טאג זאגען סליחות, און ווער רעט ר״ה, יו״כ, די פרויען לייפען מיט די קרבן-מנחות, מיט די תחנות אין שול, עס קערט די וועלט, עס האלט שוין באלד ביין ענדע ימים הנוראים, זאגט דער בורא ב״ה, קינדערלאך, וואס טו'ג מיר אייער אלע התהרבות און די אהבה וואס איר ווייזט צו מיר, ווען איר זייט ברוגז מיט מיין טאכטער (די תורה), די מוטער דאכט זיך, זיא רעט נאר מיט דעם בורא ב״ה, און עס קומט געבין אקינד אין הדר, וויל זיא נאר ניט וויסין, זיא גיט אים בעסער אוועק אין גימנאזיע, וואס טו'ג איר דיא תורה? „קיין רב וועט ער ניט זיין", זאגט זיא, זאגט השי״ת קינדערלאך! „הלואי אותי עזבו" איר מעגט זיין מיט מיר ברוגז (ותורתי שמרו) נור זייט גוט פריינד מיט מיין טאכטער (נאכהער וועט איר מיר ממילא ליב האבן), איך גלויב אייך אז די ערסטע צייט איז זיך שווער אב צוא גיוואהנען פון דיא תאוות חומריות, אזוי ווי דעם קינד איז שווער צוא ענטוואהנען פון דיא מוטערס ברוסט,

אבער

אבער איז דען אתכלית אז דער קינד זאל שטענדיג זיגין? ווען א מהותן וועט קומען זעהן דעם חתן וועט ער אים געפינען ליגענדיג אין די מוטערס שויס און זויגען די ברוסט, א שיינער פנים וועט דאס האבין? ! אלזא מוז מען זיך אנטאן אכח און מיט געוואלד זיך אב רייסין פון ברוסט. אנהייבין צו עסין גיזונטע שפייז וואס פאסט פיר גרויסע מענשען בעלי דעת, און אז איר וועט נור פארזוכען "טעמו וראו כי טוב ה'" וועט איר זעהען דיא זיסקייט פון דער תורה אז איר וועט נאכהער שפייען אויף דיא הבלי הזמן (וויא דער קינד שפייט נאכהער אויף די ברוסט ווען מ'ווייזט אים), דרום ענדיגען זיך די ימים הנוראים וימי התשובה מיט שמחת תורה. מיר וועלען נוט פריינד מיט דעם קייזערס טאכטער, און מיר גייען מיט איר אטענצעלע "שישו ושמחו בשמחת תורה, ותנו כבוד לתורה", צו ווייזין אז דער עיקר איז ליב האבין די תורה. און שעצין איר כבוד. זעהן אז אונזערע קינדער זאלין איר פלייסיג לערנען און נוט פארשטיין, וועט זיא אונז אויס בילדין צו זיין ממלכת כהנים וגוי קדוש. דאן וועלין אלע האבין פאר אונז ערהרינ-פורכט (יראת הכבוד) און עס וועט ערהויבין ווערין דער "קרן ישראל" און מיר וועלין זוכה זיין צו גיין מיט שטאלץ אין אונזער היילינע לאנד במהרה, אמן.

## די תחנה זאגט מען שמחת תורה, ווען מען קומט אין שוהל די היילינע תורה קושען.

יהי רצון מלפניך ה' אלהינו ואלהי אבותינו, עס זאל זיין דער ווילען פאר דיר אונזער גאט, און דער גאט פון אונזערע עלטערין, אז די שעה וואס מיר עפענען דעם ארון הקודש, קושען דיין ליבע און היילינע תורה, זאל זיין איין שעה פון דערבארימקייט, און פון גינאד, און פון באוויליגקייט, עס זאל גיזעהן ווערין פאר דיר דער זכות וואס מיר פרייען זיך מיט די ליבע היילינע תורה, און דו זאלסט אונז עפענען די טויערין פון לעבין, די טויערין פון גיזונד, די טויערין פון פרנסה, די טויערין פון אגוטין מזל, און די טויערין פון גליק, און דו זאלסט אונז באגליקען אין אלע אונזערע וועגין, וואו מיר וועלין זיך קערין, אום מיר זאלען קענען לערנען דיין ליבע און היילינע תורה און מקיים זיין אירע מצות מיט אלע זייערע פרטים און דקדוקים, אזוי ווי דיין ווילען איז, און מיר זאלען זוכה זיין מגדל זיין אונזערע קינדער צו דיין היילינע עבודה, און צוליב דעם זכות וואס מיר פרייען זיך אין דעם ליבען היילינען יו"ט מיט דיין

תּוֹרָה, זָאלְסְטוּ אוּנְז עֶרְפְרֵייעֶן אוּנְזֶער הַארְץ מִיט אַלֶעם גוּטֶין, אוּנ עֶס זָאל נִיט גִישֶׁעהְן צוּ אוּנְז אִין אַלֶע אוּנְזֶערֶע לֶעבִּינְס טֶעג קַיין טְרוֹיעֶרְקַייט, אוּנ קַיין קְלָאג אוּנ קַיין זִיפְצֶען, אוּנ זָאלְסְט אוּנְז מַצִיל זַיין פוּן אַלֶע צָרוֹת אוּנ פִירֶען אוּנְז מִיט פְרֵייד אִין דַיין הֵיילִיגֶע לַאנְד בִּמְהֵרָה בְיָמֵינוּ, אָמֵן.

# עוֹד תְּחִנָּה לש"ת.

תּוֹרָה תּוֹרָה! וֶועה אָן דַיינֶע לִיבֶּע קִינְדֶער, דָאס זֵיי קוּמֶען צוּ דִיר צוּא קוּשֶׁען דִיךְ מֵחֲמַת גְרוֹיס לִיבְּשַׁאפְט, וָואס זֵייעֶר הַארְצֶען אִיז נָאר צוּא דִיר, אוּנ זֵייא טוּעֶן זִיךְ אָן מִיט שֵׁיינֶע אוּנ טֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער פוּן דַיין כָּבוֹד וֶועגִין, דְרוּם זָאלְסְטוּ אוֹיף אוּנְז אַגוּטִין זְכוּת זָאגִין פַאר הַשי"ת, דָאס עֶר זָאל אוּנְז גֶעבִּין אַ גוּט יָאר מִיט פִיל בְּרָכוֹת מִיט עוֹשֶׁר וְכָבוֹד, אוּנ מִיר זָאלִין זוֹכֶה זַיין צוּ גֵיין קוּשֶׁען די הֵיילִיגֶע תּוֹרָה אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ, בִּמְהֵרָה בְיָמֵינוּ, אָמֵן.

בְּשַׁעַת מֶען קִישְׁט די תּוֹרָה זָאגְט מֶען דֶעם פָּסוּק דְרַיי מָאל.

## יִשָּׁקֵנִי מִנְּשִׁיקוֹת פִּיהוּ, כִּי טוֹבִים דוֹדֶיךָ מִיָּיִן.

דִיא תְּחִנָּה זָאגְט מֶען ש"ת אֵיידֶער מֶ'גֵייט אַרוֹיס פוּן שוּהל.

רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, הֶער פוּן דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט זָאלְסְט אָן נֶעמֶען אַלֶע אוּנְזֶערֶע תְּפִלּוֹת וּבַקָּשׁוֹת וָואס מִיר הָאבֶּען דִיךְ גִיטָאן בֶּעטִין אִין דֶער הֵיילִיגֶער שׁוּל, אוּנ מִיר זָאלִין חַס וְשָׁלוֹם נִיט פַאר שֶׁעמְט וֶוערִין, דֶען מִיר טוּעֶן שׁוֹין יֶעצְט אַוֶועק גֵיין פוּן דַיין הֵיילִיגֶער שׁוּל אוּנ מִיר טוּעֶן זִיךְ פְרֵייעֶן דֶער מִיט וָואס מִיר זַיינֶען גִיוֶועזְן אִין שׁוּל אוּנ מִיר הָאבִּין גִיטָאן קוּשִׁין דַיין לִיבֶּע הֵיילִיגֶע תּוֹרָה וָואס זִיא וֶוערְט אָן גִירוּפְֿעֶן תּוֹרַת מֹשֶׁה, אוּנ צוּלִיבּ דֶעם זְכוּת פוּן מֹשֶׁה רַבֵּנוּ עָלָיו הַשָּׁלוֹם זָאלְסְטוּ אוּנְז שְׁטַארְקִין אוּנְזֶערֶע הֶערְצֶער, אַז מִיר זָאלֶען חַס וְשָׁלוֹם קַיין מָאל נִיט אָפּ גֵייגִין פוּן דֶעם וֶועג וָואס דִיא הֵיילִיגֶע תּוֹרָה הָאט אוּנְז גֶעבָּאטֶען, נָאר מִיר זָאלֶען קֶענֶען מְקַיֵּים זַיין אַלֶע מִצְוֹת וָואס אִין דֶער הֵיילִיגֶער תּוֹרָה שְׁטֵייט. אוּנ בִּזְכוּת אַלֶע צַדִּיקִים וָואס אָפְּפֶערִין זִיךְ פַאר די הֵיילִיגְקַייט פוּן דֶער תּוֹרָה זָאלִין מִיר זוֹכֶה זַיין צוּ הָאבֶּען גוּטֶע קִינְדֶער דָאס זֵיי זָאלִין זִיךְ מִיהֶען אִין דֶער תּוֹרָה טָאג אוּנ נַאכְט אוּנ מִיר זָאלֶען זוֹכֶה זַיין אִיבֶּער אַיָאר אִין דֶער הֵיילִיגֶער שׁוּל וִוידֶער צוּ גֵיין, אָמֵן סֶלָה.

אונ דער נאך גייט מען בשלום אהיים, אונ עס איז א מצוה בשעת די ווייבער גייען פון שול, זאלען זיי האלטען די אויגען אראפ צו דער ערד, כדי קיין מאנספערזאנען זאלען אויף זיי ניט קוקען אונ אויך זיי זאלען אויף קיין מאנספערזאנען ניט קוקען. ובזכות זה וועט אונז השם יתברך היטען פון עבירות אלע אונזערע טעג, אמן:

# הלכות חנכה והלכות פורים

## הלכות חנכה

(א) ווייבער זענען אויך מחויב חנוכה ליכט צו בענטשען, דער פאר ווען דער מאן איז ניט אין דער היים איז זיא מחויב צו צינדען חנוכה ליכט כדין וכדת: (ב) ערב שבת חנוכה צינדט מען צום ערשטין חנוכה ליכט דער נאך צינדט מען ליכט פון שבת, אונ מען דארף אריין גיסען אזוי פיל בוימאייל עס זאל ברענען ביז א האלבע שעה אין דער נאכט, כדי עס זאל ניט זיין א ברכה לבטלה, אונ מוצאי שבת מאכט מען צום ערשטין הבדלה דער נאך בענטשט מען חנוכה ליכט: (ג) בעת די חנוכה ליכט ברענען מעג מען טאן א מלאכה, נאר די ווייבער זענען זיך נוהג ניט צו טאן א מלאכה כל זמן די חנוכה ליכט ברענען. ווייל דער נס איז געשעהען דורך א אשה, די טאכטער פון יוחנן כהן גדול „יהודית" וועלכע האט זיך איר לעבען אנגעשטעלט פארען יודישען פאלק אונ האט געגעבין עסען דעם צורר היהודים אליפורנוס קעז, כדי עס זאל אים דארשטען אונ האט אים אנגעטרונקען מיט מילך, ביז דאס ער איז אנטשלאפען געווארען, נאך דעם האט זיא אים אפגעשניטען דעם קאפ אונ האט אים געבראכט קיין ירושלים אונ די יודען האבען זיין חיל טויט געשלאגען, דעריבער איז א מנהג צו עסען אום חנכה מילכיגע זאכען א זכר צו דעם נס.

## הלכות פורים

(א) ווייבער זיינען מחויב צוא הערין לייענען די מגילה סיי ביי טאג סיי ביי נאכט, אויך א מיידיל איז מחויב צוהערען לייענען די מגילה, דריבער איז גלייך זיי זאלין גיין אין שול הערין די מגילה לייענען, סיידען זיי האבין ווער עס זאל לייענען ביי זיי אין שטוב פון א כשרה מגילה אונ א גוטער בעל קורא: (ב) ווייבער זיינען מחויב צוא שיקען משלוח מנות ומתנות לאביונים: (ג) משלוח מנות זאל שיקען איין אשה צו איר חברתה גישט צו קיין מאנס-פערזאהן: (ד) מתנות לאביונים דאס איז צדקה מעג געבין אפילו א אשה

צוא אמאנספערזאהן: (ח) דיא מצוה „משלוח מנות" דארף זיין ביא טאג. ביי נאכט וואס גיהער שוין צו שושן פורים איז מען ניט יוצא דרום זאל מען זהיר זיין צוא שיקן בייטאג לפחות צו איינעם וועט מען שוין די איבעריגע קענען שיקען ביי נאכט אונ מ'דארף שיקן 2 זאכין וואס איז ראוי צו עסין דהיינו טארט מיט עפעלסין אדער וויין.

## תחנה פון ליכט בענטשין לשבת הגדול.

רבונו של עולם, הער פון דער העלט, איך גיב אשבח והודאה צו דיין הייליגען נאמען, וואס דו האסט אונז נשים מזכה געוועזן מיט די ליבע מצוה פון ליכט בענשין צו בעלייכטען דעם הייליגען „שבת הגדול" וואס אין אים איז גיטאן גיווארען דער גרויסער נס. וייל דאן האט די גאנצע פאלק ישראל גיטאן אגרויסין שריט צו זייער גרויסין ציעל, וואהרום ביי יציאת מצרים איז דער שבת א) אוים גיקומען צעהן טעג אין ניסן, וואס יעדער אידישע פאמיליע האט גינומען אשעפסעלע אונ האט אים צו גיבונדין אין שטוב צו צו גרייטין אויף ערב פסח פיר אקרבן פסח, אונ אז די מצריים האבען דאס גיזעהן, אז אידען בינדין צו זייער אב גאט (די מצרים האבין גידינט צו אשעפס) צו גרייטין צום שעכטין, זיינען זיי אויף גיקאכט גיווארין פשוט אוים צו קוילען אלע אידין מיט איין מאל, איז דאס גיוועזן פון אידין אגרויסער מסירת נפש. אונ אז אידין האבען גימאכט אשריט אין איבערנאטירליכקייט (ווייל כיט די גאטור וויל זיך אמענש נים שטעלין אין סכנה) אונ דא האבען אידין זיך גישטעלט אין סכנה לכבוד

---

מעשה אלפס

א) שבת האט צוויי נעמען, „מנוחה" (רוהונג, ווייל אין אים האט דער בורא גירוהט פון די ארבייט וואס ער האט באשאפען די וועלט אין זעקס טעג), אונ דער צווייטער נאמען איז „שבת" (רוהונג אונ שטערונג כמו תשביתו שאור) ווייל אין אים איז בעשאפין גיווארין די הנהגה נסיית וואס זיא צוא שטערט די הנהגה טבעיית, וויא מיר זעהען אין דער וועלט צוויי הנהגות, דאס מערסטע פירט דער בורא ב"ה מיט די נאטירליכע הנהגה אונ אמאל פירט ער מיט דיא איבער-נאטירליכע הנהגה (מיט נסים ונפלאות), דיא נאטירליכע הנהגה הט דער בורא ב"ה בשאפן אין די זעקס טעג (ששת ימי הבריאה) זי איז ניט גיבונדען מיט די מעשים פון מענשין, ווייל דאן איז נאך אדם ניט גיוועזן באשאפין, דיא הנהגה הנסיי האט ער באשאפין שבת וואס אדם איז שוין גיוועזן, דריבער איז די הנהגה אויף גיקניפט מיט די מעשים פון מענשין, אויב אידען וועלען זיי, גוט אונ פרום וועט זיי זיין די הצלחה דורך מיר אונ דורך טוישער (אם שמוע תשמעו אל מצותי ונתתי מטר ארצכם בעתו) ווען ניט חלילה וועט מען פארטריבען ווערין אונ וואלגערין.

די גיבאט פון דעם בורא ב"ה, האט זיך ערוועקט אין הימל די איבערנאטירליכע הנהגה (הנהגה נסיי) וואס דער בורא האט איר באשאפען דעם ערשטין שבת בעת בריאת העולם, וואס ביז אהער האט די הנהגה נאך ניט גיארבייט, ווייל עס איז ניט גיוועזן קיין פאלק וואס זאל איר ערוועקען, אבער אז דעם שבת האבען אידין איר באוועגט מיט זייער שריט אין איבערנאטירליכקייט רופט זיך דאס אז זיי האבען אשטופ גיטאן דעם עקסטרין צוג, האט דער בורא אן גיהויבין צו גרייטין די וועג פון זייער גאולה, אונ האט דעם באגערשטיג (פופציהן טעג אין ניסן) צובראכין די אייזערנע קלעטקע אונ גירעטעט זיין טייבעלע, די כנסת ישראל (הפח נשבר ואנחנו נמלטנו) אונ האט איר גיפירט פון מצרים מיט גרוים פאראד מיט אזייל פון וואלקען ביי טאג צו ווייזין די וועג אונ מיט אזייל פון פייער ביי נאכט צו לייכטין דעם גאנצען געגענד. ליבער הארציגער גאט, אזוי ווי דו האסט דאן דער לויכטין אידישע אויגען מיט די גאולה, אזוי זאלסטו דער לייכטין די אויגין פון מיין מאן אונ מיינע קינדער אין דיין ליכטיגע תורה אונ זאלסט אונז ארוים ציהען פון פינסטערין גלות אין דער ליכטיגקייט במהרה בימינו, אמן.

## תחנה לפסח נאך ליכט בענטשין.

גרויסער קעניג! איך דאנק אונ לויב דיין ליבען נאמען, וואס דו האסט מיר מזכה גיוועזן מיט די ליבע מצוה בענשין ליכט

---

מעשה אלפס

וואלגערין זיך צווישען שלעכטע שכנים. וואס מ'וועט צאלין בלוטיגע דירה געלט און מ'וועט אלע ווילע טרייבין, איז ביז שבת הגדול האט שבת נור גיהייסין „יום מנוחה" צום אנדיינקונג וואס גאט האט גירוהט אין אים, אבער שבת הגדול דורך אידישען שריט אין איבער נאטירליכקייט איז נתעורר גיווארין אין הימעל דיא הנהגה נסיית האט ער דאן גיקראנין דעם נאמען „שבת" ווייל דער בורא ב"ה האט דאן צו שטערט די נאטירליכע פיהרונג, וואס פון מצרים האט קיין קנעכט ניט גיקאנט ענטלויפען און דער ערסטער פאראד (הנהגת נסיית) וואס האט זיך שבת הגדול אנגיהייבען צו ריהען פון שטאנציע. האט אנגיהייבין צו גיין שנעלער אונ שנעלער ביז די ערסטע נאכט פסח וואס דאן האבען אידין גיבראטין אונ גיגעסען דעם קרבן פסח, האט ער אנגיהייבין צו גיין אפאלגעם חאד, אונ די גאנצע פאלק זיינען ארוים פון מצרים אין העלען טאג אונ דיא עגיפטישע מיליטער מיט זייערע גיוועער האבין ניט גיקאנט שטערין, דרום רופט זיך דר ערסטער טאג פסח אין דער תורה מיט'ן נאמן „שבת" וספרתם לכם ממחרת השבת.

צו בעלייכטען דעם הייליגען יום טוב וואס אין איהם האסטו אונזער מוטער שרה'ן צו נייגציג יאהר געענטפערט מיט איר ליבען זון יצחק. אונ פון יצחק'ס קינדער האסטו אויסערוואהלט פאר דיר א פאלק, וואס צו ליב זיי האסטו געטאן גרוים וואונדער, די מצרים האסטו מיט צעהן פלאג גיפלאגט אונ היינטיגע נאכט ביסטו דורך גיפארען אין מצרים אונ דער שלאגען אלע זייערע בכורים, אונ דיין בכור ישראל האסטו ארוים גיפירט פון שקלאפען הויז מיט שטאלץ אונ גרוים כבוד. — ליבער גאט, אזוי ווי דו האסט אוים גיהיט דיין פאלק ישראל בעת דוא האסט דיזע נאכט גיפלאגט די בכורים פון מצרים עס זאל ניט טרעפין קיין שום אונגליק אין א אידישע הויז, אזוי זאלסטו אונז אויך היטען, עס זאל ניט טרעפין ביי אונז קיין שום פלאג, אויך זאל קיינעם אין מיין הויז גיזינד ניט פארשאטען די מצה, די מרור, די ארבע כוסות וואס מיר ווילען באנוצין צום סדר לכבוד דיין ליבען נאמען, אונ נעם אן לרצון אונזער מיהע מיט די גרויסע הוצאה וואס מיר האבען גיהאט איידער מיר האבין אוים גיראמט דעם חמץ אונ אריין גינומען די מצה מיט אלע פסח'דיגע זאכען, בזכות זה זאלסטו אונז העלפין אוים ראמען דעם יצר הרע וואס פערוואיערט אונזער הארץ, אונ מיר זאלען חלילה ניט נכשל ווערין אין איסור חמץ, אונ זאלסט ערלייכטין מיינע גידאנקען, איך זאל חלילה ניט קומען צו אנארישען פיהרונג ארוים צו גנב'נען ביי מיין מאן דעם אפיקומן ביי זיין סדר פון אגאנץ יאהר *)

אונ

*) יעדער קלוגער מענש פארשטייט, אז דער סדר של פסח איז ניט א סדר אויף די נאכט (פון פסח) אליין, נור עס לערינט דעם אידין צו לעבין מיט ארדנונג און סדר אויף אלע טעג און נעכט פון א גאנץ יאהר. קדש, ורחץ בעמערקט אונז, מיר זאלין הייליג אונ אב-גישייד זיין פון אלע נידעריגע און שפלע טהאטין, אונ אב-וואשין די הענד פון ניט קיין ערליכען גראשין (רחצו הזכו יען ידיכם דמים מלאו), ווי צב"ש אבקייפין גנבות. פאלשע עדות זאגין און נאך אזעלכע פיינע מסתרים, וואס ערנידערין אונזער כבוד צום אבגרונד, אז מיר האבין ניקראנין ביי אונזערע שכנים א פנים ווי ציינייגער, ה' ירחם.

כרפס, דער מאכין א ברכה (בורא פרי האדמה) אויף א שטיקעלע גרינס, בעמערקט אונז. אז דאס וואס די מוטער, די ערד, (כמ"ש ערום יצאתי מבטן אמי וערום אשוב שמה) איז א גרויסע ווירטהין (זיא פארשאפט אונז אלע זארטין שפייז, קליידונג, בוי מאטריאל, גאלד און אבנים טובות) איז נור דאן אז דער פאטער פון הימל איז איר משפיע, אונ ווען דער פאטער הערט אויף צו געבין די השפעה, ווערט די מוטער אוים-ווירטין. אלזא דארף מען לערנען דעם קינד דאנקען דעם פאטער, ד. ה. מאכין א ברכה אויף יעדער זאך וואס ער געניסט, און ניט עסין

יוך פיל

אוּנ גִיבּ אוּנְז מוּנְטֶערְקַייט מִיר זָאלִין נִיט אַיינְשְׁלָאפֶען צוּם סֵדֶר בִּכְדֵי מִיר זָאלֶען דֶער צֵיילִין אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער דַיינֶע ווּאוּנְדֶערְלִיכֶע נִסִּים וָואס דוּ הָאסְט גִיטָאן מִיט אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערִין בְּעֵת יְצִיאַת מִצְרַיִם אוּם עֶס זָאל אַיינְגִיפְלַאנְצְט וֶוערִין אִין אוּנְזֶערֶע הֶערְצֶער אוּנ אִין אוּנְזֶערֶע קִינְדֶערְס הֶערְצֶעלֶעךְ דֶער רֵיינֶער גְלוֹיבִּין אִין דַיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען, מִיר זָאלֶען גֵיין אִין דִי וֶועג פוּן לֶעבִּין, גְלִיקְלִיךְ צוּ זַיין אִין בֵּיידֶע וֶועלְטִין, אָמֵן.

# אַצְוֵוייטֶע תְּחִנָּה לְפֶסַח נאָךְ לִיכְט בֶּענְטְשִׁין.

הַארְצִיגֶער גָאט, אַזוֹי ווִי אִיךְ הָאבּ עֶרְלוֹיכְטִין מַיין שְׁטוּבּ מִיט מַיין לִיכְט בֶּענְשִׁין לְכָבוֹד דֶעם הֵיילִיגֶען סֵדֶר, אַזוֹי זָאלְסְטוּ דֶער לַייכְטִין דִי פִינְסְטֶערְנֶעס פוּן אוּנְזֶער הֵיילִיגֶע לַאנְד אוּנ

בויען

---

טוֹיל אַלֵיין, נוּר מִיטִין גִידַאנְקֶען אוֹיךְ, עֶר זָאל עֶרְקֶענֶען אַז לַה' הָאָרֶץ וּמְלוֹאָהּ, דִי גְרוֹיסֶע וֶועלְט מִיט אַלֶעס וָואס אוֹיף אִיר, אִיז דֶער גָאטְלִיכֶער בּוּפֶעט, אוּן ווֶען מֶען גִינִיסְט פוּן אִיר דַארְף מֶען צָאלֶען דֶעם ווִירְטְה מִיט דִי מַטְבֵּעַ שֶׁטָּבְעוּ חֲכָמִים בִּבְרָכוֹת (ווִי עֶס אִיז גוּט עֶרְקְלֶערְט אִין מַעֲשֶׂה אַלְפַּס ח"א וח"ה) אוּן וֶוען עֶר ווֶעט ווִיסִין, אַז דִי וֶועלְט הָאט אַ ווִירְטְה, ווֶעט עֶר ווִיסִין אַז מֶען טָאר אַלֵיין נִיט נֶעמֶען, אַז גִיט „רוּקִי ווֶערְךְ" נוּר „שְׂאוּ יְדֵיכֶם קוֹדֶשׁ".

דֶער מֶענְשׁ אִיז אָבֶּער אַמָאדְנֶע בֶּעשֶׁעפֶענֶעס, עֶר הָאט אִין זִיךְ פִיעל כּוֹחוֹת, גוּטֶע אוּן שְׁלֶעכְטֶע, אוּן בְּעֵת אַ תַּאֲוָה קוּמְט אִים אוֹיף, פַארְגֶעסְט עֶר אָן אַלֶעס, עֶר ווֶערְט אַ ווִילְדֶע חַיָּה, אַ צְוֵוייפִיסִיגֶער טִיגֶער, אִיז אוּם צוּ מַאכִין דֶעם טִיגֶער פַאר אַ בֶּן תַּרְבּוּת, הָאט דֶער גְרוֹיסֶער ווֶעלְט פְּרָאפֶּעסֶער (אֲנִי ה' רוֹפְאֶךָ) גִינֶעבִּין צוּ דֶעם אַ מִיטֶל „יַחַץ" אִיבֶּער-טֵיילִין דִי מִיטֶעלְסְטֶע מַצָּה, ד. ה. דִי מִיטֶעלְסְטֶע (דִי בֶּעסְטֶע יָאהְרִין פוּן לֶעבִּין (נִיט וַוארְטִין אוֹיף דֶער עֶלְטֶער) דִי קְלֶענֶערֶע הֶעלְפְט אוֹיפִ'ן טִישׁ (פַאר'ן קֶערְפֶּער, אַרְבֵּייטִין, מַאכִין גִישֶׁעפְטִין), אוּנ דִי גְרֶעסֶערֶע הֶעלְפְט בֶּע-הַאלְטִין אוֹיף שְׁפֶּעטֶער פַאר דִי נְשָׁמָה, עוֹסֵק זַיין אִין תּוֹרָה וּמַעֲשִׂים טוֹבִים, אָבֶּער ווֶועהֶע אִיז צוּ דֶעם וָואס „ווַייבּ אוּן קִינְדֶער נַגְבֶ'נֶען בַּיי אִים אַרוֹיס דֶעם אֲפִיקוֹמָן"! דִי הֶעלְפְט וָואס עֶר ווִיל לָאזִין אוֹיף שְׁפֶּעטֶער, זֵיי לָאזִין אִיהם אִין זַיין סֵדֶר פוּן לֶעבִּין קַיין צֵייט נִיט אִיבֶּר, אוּנְוֵוילֶע לֶערְנֶען, קוֹנֶה שְׁלֵמוּת זַיין, זַייא שְׁרַייעֶן אִין אֵיין שְׁטִימֶע הַב הַב! גִיבּ אַבֶּרֵייטֶען לֶעבִּין, מַאדֶעס אוּנ מֶעאַטֶער, בֶּעלֶער אוּנ (מַאגִין) קַאטֶער, מֶען זָאל קֶענֶען פְלִיהֶען אִין דִי בֶּעדֶער, שְׁפַּאצִירִין אִין דִי סֶעדֶער, דַאדוּרְךְ צוּ שְׁטֶערִין זַייא אִיהם פוּן אַלֶע אֶדֶעלֶע גֶעפִיהְלֶען, עֶר פֶערְבְּלֵייבְּט נוּר בַּיין שְׁפֶּלֶען נֶעדַאנְקֶען „ווּאוּלְד וואוּ נֶעמְט מֶען גֶעלְט"! — זֵיי מַאכֶען אִיהם פַאר אַמִיט-גְלִיד אִין דִי גִיפֶערְלִיכֶע גִיזֶעלְשַׁאפְט פוּ"ן „אַנְשֵׁי דָמִים וּמִרְמָה" וֶועלְכֶע „לֹא יֶחֱצוּ יְמֵיהֶם", זֵיי ווִילִין נִיט אִיבֶּר-טֵיילִין זֵייעֶרֶע טֶעג חֶצְיוֹ לַה' וְחֶצְיוֹ לָכֶם, דֶרוּם דַארְף יֶעדֶע קְלוּגֶע פְרוֹי מִתְפַּלֵּל זַיין צוּ הַשֵּׁי"ת בְּעֵת לִיכְט בֶּענְטְשִׁין, עֶר זָאל אִיר עֶרְלֵייכְטִין דִי אוֹיגִין צוּ פִירִין אִיר מַאן אוּנ קִינְדֶער אִין גוּטִין וֶועג, וָואס דָאס ווֶענְדֶעט זִיךְ אִיבֶּערְהוֹיפְּט אָן אַפְרוֹי ווִי שְׁלֹמֹה הַמֶּלֶךְ ע"ה זָאגְט „אֵשֶׁת חַיִל עֲטֶרֶת בַּעְלָהּ"

בויען דיין בית המקדש אום מיר זאלען קענען מקריב זיין דעם דאנקבאר אפפער (קרבן פסח) ווי דו האסט אונז גיבאטין אין דיין היילינע תורה. אונ אזוי ווי אין דעם היילינען פסח האסטו ארויס גינומען יוסף'ן פון די פינסטערע תפיסה אונ האסט אים גימאכט פאר א משנה למלך אויף גאנץ מצרים אונ ער איז גיוועזן אכציג יאהר אין גרויס גדולה, אזוי זאלסטו מיט דיין גרויס רחמנות אונז ארויס נעמען פון גלות-תפיסה, אונ אום קערין אונז אונזער קעניגרייך (מלכות בית דוד). — אונ אזוי ווי דו האסט גיהיט אונזערע עלטערין די נאכט אין מצרים, אז אפילו אהונט האט זיך ניט ערלויבט אויף זיי צו בילין (ולכל בני ישראל לא יחרץ כלב לשונו) אזוי זאלסטו אונז היטען דיזען יום טוב אז די בילער זאלען ניט אנפאלען אויף אונז מיט זייערע שקרים פון בלוט בלבולים. אונ אזוי ווי אין דעם יום טוב האסטו ארויף גיגאסין דיין חן אויף אסתר המלכה, וואס זי האט איר לעבין איינגישטעלט צו גיין בעטין פאר אידען, אונ דו האסט איר גיהאלפען, אז וואס דער צורר היהודים האט גיוואלט טאן אידען איז אויס גיגאנגען צו זיין קאפ, אזוי זאלסטו אונז געבין חן אין די אויגין פון קעניג אונ פון זיינע שרים, אונ די צרות וואס המן'ס תלמידים ווילען אן טאן אידען, זאל אויס גיין צו זייערע קעפ, אונ ביי אידען זאל זיין אורה ושמחה, ליכטיג אונ פריילעך צו לויבין דיין ליבען נאמען, אמן.

---

שערי ציון

## איינגע דינים פון פסח

דיא אשה וויל זי איז די עקרת הבית ליגט אויף איר דר חוב פארזיכטיג צו זיין אין די כשרות פון פסח דאס די בני בית זאלען חלילה ניט נכשל ווערן אין א איסור חמץ. עס איז א מצוה זי זאל אליין גיין צוא מצה באקין אונ גוט אכטונג געבען עס זאל צו זיין בכשרות, אויך דארפען זיי זיך שטארק פרייען אין דעם יום טוב, ווען באמת איז דאס זייער יום טוב, אזו וויא די גמרא זאגט (בזכות נשים צדקניות נגאלו ישראל ממצרים) דאס דורך דעם זכות פון דיא ערליכע יודישע פרויען וואס זארען אין יענעם דור, זיינען די יודען אויסגילייזט גיווארין פון מצרים, דארפין זייא וויסן דער זכות זאל ווייטער אויף זייא מגין זיין, מיר ווילען דאס געבין צו פארשטיין מיט א משל: א אשה וועלכע וואר פון די נאטור ניט זייער שיין, נאר וויל זיא פלעגט זיך זייער שיין צירען האט זיא נושא חן גיוועזן ביי א גרויסען מאן ער זאל מיט איר חתונה האבין, דר גרויסר מאן האט איר זעהר ליב געהאט דאס ער פלעגט אלע יאהר אין דעם זעלבינען

רבונו של עולם, איך דאנק און לויב דיין ליבען נאמען, וואס דו האסט מיר מזכה געוועזן מיט די ליבע מצוה פון ליכט בענשין צו בעלייכטען דיין הייליגען שבת, און אזוי ווי איך האב ליכטיג געמאכט מיין שטוב לכבוד דיין הייליגען נאמען, אזוי זאלסטו דער לייכטין מיין נשמה מיט די ליכט פון דיין תורה, אז דער אור התורה זאל מיר מחיה זיין צו תחיית המתים וואס מיר האפען אז עס וועט זיין חול המועד פסח, ווי מיר לייענען מארגין אין דער הפטורה אז דער בורא האט געוויזין יחזקאל הנביא תחיית המתים, ער האט געזעהן אגרויסע פעלד מיט טרוקענע ביינער, האט ער אים געהייסען נביאות זאגען, איז געווארען אגרויסער רעש און די ביינער האבען זיך אנגעהייבען צו צורוקען איינע צו די אנדרע, און זיינען אויף געשטעלט געווארען גאנצע סקעלעטין, נאכהער איז געווארען אויף זיי אדערין מיט פלייש און הויט, נאכהער האט ער געזאגט נבואה, איז אריין געבלאזען געווארען אלעבהאפט אין זיי און עס זיינען אויף געשטאנען אגרויסער פובליק מענשין, האט דער בורא אים געזאגט אז די דאזיגע ביינער איז ארמז אויף דעם כלל ישראל, און אזוי ווי אונזערע חכמים זאגען אז לעבעדיג וועלין נור ווערין די וואס האבין אין זיך אשיין פון תורה, פון דעם וועט ווערין אטל של תחיה. בעט איך דיר גאט דו זאלסט מיר געבין אגוט הארץ איך זאל ליב האבען די תורה און האדעווען מיינע קינדער צו תורה און נעמען איידימס ערליכע אידין וואס לערנען דיין תורה, און העלף

---

שערי ציון

תחנה טאג מאכען אגרויסען יום טוב, פארבעטען פיל געסט און פארשטעלען זיין פרויא מיט אירע שיינע קליידער, מיט איר חן פון איר צירען זיך, איינמאל איז איר איינגעפאלען אמשונעת אין דעם טאג פון איר יום טוב אריין צו קומען צו די געסט ניט אויס-געפוצט און אפילו ניט ארום געוואשין דאס עס איז געווארין אגרויס געלעכטער, דער מאן איז זייער בייז געווארען ער זאגט צו איר, באמת ביסטו דאך ניט שיין נאר דיין צירען זיך האט אויף דיר געגעבען אחן דאס איך זאל דיך גליקליך מאכען, קומסטו יעצט אין דעם זעלבינגען יום טובדיגען טאג פון דיין גליק אפילו ניט ארום געוואשן, זאג דו זעלבסט וואס פאר אפנים האב איך געהאט ביי מיינע געסט? דער נמשל איז, על פי רוב ווייבער האבען אויף זיך ווינציג זכותים, ווען זייא האבען שוין אמאל זוכה געוועזען דאס דורך זייער זכות זאל ווערען אזוי איום טוב, דארפען זיי זעהן אים צו האלטען טייער ניט צוא בעשמוצען אים חלילה מיט שלעכטע מעשים.

מיר מיט מיין מאן אונ קינדער, אז אונזער אויער זאל זיין אפן צו הערין דברי תורה, בכדי מיר זאלען זוכה זיין שפעטער צו הערין די שטימע פון רוח הקודש וואס וועט רופען צו די טויטע (הקיצו וואכט זיך אויף איר טויטע צו לויבין השי״ת, איז דער וואס עפינט יעצט אויף זיין אויער צו הערין די רייד פון דער תורה, וועט ער חכה זיין אז זיין אויער וועט הערין דעם בת קול אונ וועט אויף שטיין תחית המתים, ווי משה רבנו האט אונז מרמז געוועזן (אין די שירה פון האזינו) (האזינו השמים ואדברה) ווען איר מענשין וועט צו לייגין אייער אויער הערין די רייד פון דער תורה, בעת איר זייט נאך בבחינת „שמים״ היינו איר האט נאך ביי זיך די נשמה וואס זי איז אהימעלס-וועזין, וועט איר זוכה זיין (ותשמע הארץ אמרי פי) אז ווען איר וועט נור זיין ערד (א גוף אליין) בעת די נשמה איז ניטא אין אים, וועט איר אויך הערין די וויכע געשמאקע רייד פון (הקיצו ורננו שוכני עפר) וואס מיר האפען אז דאס זאל געשעהן במהרה, אמן.

## תחנה פון די אנדערע טעג פסח (נאך ליכט בענטשין).

די אנדערע טעג פסח צו ליכט בענטשין זאגט מען ניט קיין שהחינו.

גרויסער פארכטיגער גאט, בזכות וואס איך האב אנגיצונדין ליכט בעלייכטין דעם היילגען יום טוב וואס אין דיזע נאכט האסטו גילויכטין מיט א זייל פייער פאר דיין הייליג פאלק ישראל, בעת פרעה האט זיי נאך גיאגט אונ האט זיי גיגרייכט ביין ים, איז זיי זייער ביטער גיוועזן, זיי זיינען גיווארען ארום גירינגילט פון אלע פיר זייטען, פארינט איז דער גרויסער ים, פון ביידע זייטין איז מדבר עגדעשין אונ שלאנגען אונ פון הינטין יאגט פרעה מיט א גרויסען חיל ווי זאמד אונ ערד, האבען דיינע קינדער גינומען שרייען צו דיר, האסטו גיהייסין משה רבנו ער זאל שפאלטען דעם



מען דארף זיין נזהר בעת מען שמיילעט אפ אנעקוילעטען עוף אום פסח ניט צו שמיילען מיט שטרוי וועלכע זיי זענען מיט די זאנגען פיליכט נעפינט זיך אין די זאנג אפיכטער קערנדיל קאן מען נאך חלילה נכשל ווערען באיסור חמץ. פאר דעם אפ שמיילען דאס עוף זאל מען ארויס נעמען דעם פופעק. אויך די מארבע פון דעם נשט, אונ בעת מען עפינט דעם פופעק איז גלייך אים צו עפענען אין דרויסען, דאס עס זאל זיך חלילה אין שטוב ניט מאכן קיין מכשול פון חמץ, אונ אז מ׳איז פארזיכטיג וועט השי״ת העלפן.

יַם, אוּנ דֶער זַייל פוּן פַייעֶר הָאט בֶּעלוֹיכְטֶעט דִי וֶועג, אוּנ דַיינֶע קִינְדֶער זַיינֶען גִיגַאנְגֶען אִין יַם אִין דֶער טְרִיקֶענֶעם. אוּנ פוּן בֵּיידֶע זַייטִין אִיז גִיוֶועזֶען וֶוענְט מִיט וַואסֶר, אוּנ פַּרְעֹה מִיט זַיין גַאנְצֶען חַיִל הָאסְטוּ דֶער טְרוּנְקֶען אִין יַם. לִיבֶּער גָאט דַיינֶע קִינְדֶערְלַאךְ שְׁטֵייעֶן יֶעצְט אוֹיךְ אִין אַגְרוֹיסֶע עֵת צָרָה, פוּן הִינְטֶען טְרַייבְּט מֶען דִי פוּן אַלֶע עֶרְטֶער, מְ׳הָאט זֵיי אֵיינְג גִימַאכְט, מְ׳הָאט צוּ גִינוּמֶען אַלֶע לֶעבִּינְס-מִיטְלֶען, פוּן פָארֶענְט לָאזְט מֶען זֵיי נִיט אַרַיין אִין אַנְדֶערֶע מְדִינוֹת, זֵיי הָאבֶּען קֵיינֶע מִיטְלֶען נִיט נוּר צוּ וַוארְפֶען זִיךְ אִין יַם ח״ו, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם! שְׁרַיי אָן אוֹיף דֶעם יַם פוּן צָרוֹת עֶר זָאל טְרוּקֶען וֶוערִין פַאר אוּנְז, אוּנ זָאל בֶּעסֶער דֶער טְרִינְקֶען אוּנְזֶערֶע נָאכְיָאגֶער אוּנ פַאר פָאלְגֶער אוּנ פַאר אוּנְז זָאל קוּמֶען אַיְשׁוּעָה, וֶועלִין מִיר זִינְגֶען צוּ דִיר אַגֶעטְלִיכֶע גִיזַאנְג וִוי מֹשֶׁה אוּנ דִי יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען דַאן גִיזוּנְגֶען דִי שִׁירָה פוּן „אָז יָשִׁיר” אוּנ הָאבֶּען גִיבֶּעטִין (תִּפּוֹל עֲלֵיהֶם אֵימָתָה וָפַחַד) אַז אוֹיף דִי אִידִישֶׁע פֶערְפָאלְגֶער זָאל פַאלֶען אַ שְׁרֶעק זֵיי זָאלֶען בְּלַייבֶּען שְׁטוּם וִוי אַשְׁטֵיין. בִּיז וַואנֶען מִיר וֶועלִין אַרִיבֶּער דֶעם יַם הַגָּלֻיּוֹת, אוּנ קוּמֶען אִין גִיכֶען צוּ אוּנְזֶער הֵיילִיגֶע לַאנְד אִין דַיין הֵיילִיגֶען בֵּית הַמִּקְדָּשׁ, אָמֵן.

## תְּחִנָּה לְשָׁבוּעוֹת (נאך ליכט בענטשין).

בַּיידֶע טֶעג שָׁבוּעוֹת זָאגְט מֶען שֶׁהֶחֱיָנוּ צוּ לִיכְט בֶּענְטְשִׁין.

הֶער פוּן דֶער וֶועלְט, אִיךְ דַאנְק אוּנ לוֹיבּ דַיין לִיבֶּען נָאמֶען, וָואס דוּ הָאסְט מִיר גִישָׁאנְקֶען לֶעבְּן, זוֹכֶה צוּ זַיין מְקַיֵּים זַיין דִי לִיבֶּע מִצְוָה פוּן בֶּענְטְשִׁין לִיכְט דֶעם הֵיילִיגֶען הֶערְלִיכֶען יוֹם טוֹב, וָואס אִין אִים הָאסְטוּ עֶרְשַׁיינְט מִיט דַיין גְרוֹיסֶען כָּבוֹד אוֹיפִין בַּארְג סִינַי,

---

**שערי ציון**

### מִנְהָגִים פוּן שָׁבוּעוֹת

(א) עֶס אִיז אַמִּנְהָג אוּים צוּ שְׁפְּרֵייטֶען דִי שְׁטוּב מִיט פֶערְשִׁידֶענֶע גְרֶעזְלִיךְ מִיט שְׁמֶעקֶעדִיגֶע בְּלוּמְלֶעךְ, צוּ דֶער מָאנֶען זִיךְ אָן מַתַּן תּוֹרָה וָואס אִיז גִיוֶועזֶען אוֹיף דֶעם בַּארְג סִינַי אִין דִי צַייט וָואס דֶער בַּארְג אִיז פוּל גִיוֶועזֶען מִיט פֶערְשִׁידֶענֶע גְרָאזֶען אוּן בְּלוּמֶען, אִיךְ אִיז אוּם יוֹם טוֹב פוּן שָׁבוּעוֹת דֶער מִשְׁפָּט פוּן אַלֶע

**מעשה אלפס**

1) דֶער אַנְדֶערְקוּנְג פוּן דֶעם הֵיילִיגֶען יוֹם טוֹב שָׁבוּעוֹת אִיז זֵייעֶר טֵייעֶר, שָׁבוּעוֹת דָאס אִיז זֶעקְס טָאג אִין חוֹדֶשׁ סִיוָן הָאבֶּען דִי יוּדֶען מְקַבֵּל גֶעוֶועזֶען דִי תּוֹרָה, מִיר גֶעפִינֶען דָאס נָאךְ בְּשֵׁשֶׁת יְמֵי בְרֵאשִׁית הָאט הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא אוּיסְגֶענוּמֶען אַתְּנַאי מִיט דִי וֶועלְט. דָאס אוֹיבּ דִי יוּדֶען וֶועלֶען חָלִילָה נִיט מְקַבֵּל זַיין דִי תּוֹרָה וֶועט דִי וועלט

צו לערנען דיין פאלק די ליכטיגע תורה ומצות, אזו דו האסט צו זיי גילאזט הערין דיין הערליכע שטימע אונ דיינע היליגע ווערטער דורך פלאמען פייער, מיט דונער'ן אונ בליצען האסטו זיך איבער זיי גיצייגט, אונ מיט א שופר-שטימע האסטו זיך איבער זיי ערשיינט ווי אין די היליגע תורה איז גישריבען.

גרויסער היליגער פאטער, איך בעט דיין רחמנות, אז דער זכות פון מיין ליכט בענשין זאל מיר ביישטיין, דו זאלסט שיקען דיינע היליגע מלאכים מיך אנקרוינען מיט אקרוין פון היליגע שיינקייט, אזוי ווי דו האסט גיקרוינט דיין ליבע פאלק ישראל צו מתן תורה, אונ זאלסט געבין מיין מאן אונ מיינע קינדער גרויס תשוקה, צו לערנען דיין תורה מיט פלייס ווען נור זיי האבען צייט, אונ דו זאלסט זיי דער לייכטין די אויגען צו דער זעהן אירע טיפקייט אונ שפירען אירע זיסקייט.

הארציגער פאטער, בענטש די פרוכט פון די בוימער וואס דו טוסט היינטיגען יום טוב משפטין, זיי זאלען האבען אין זיך גוטע זאפט צו ערקוויקען די הערצער. אויך זאלסטו בענשין אונזערע קינדער וואס זיי זיינען די פרוכט פון די עלטערין (דער מענש איז גיגליכען צו אבוים) אז זיי זאלען האבען אין זיך גוטע זאפט, כלומר גוטע גידאנקען אונ מדות טובות צו ערקוויקען די הארץ פון זייערע עלטערין. אונ מיר זאלען זוכה זיין צו הערין אצווייטען מאל דיינע רייד ווען דו וועסט ערשיינען צו אונז, אזוי ווי דו האסט ערשיינט

---

מעשה אלפס

וועלט צוריק ווערען תהו ובהו, די ווייבער הגם זיי לערנען ניט קיין תורה זאגט די גמרא דאס זיי קאנען זוכה זיין צו דעם טייערין שכר פון די תורה, מיט דעם וואס זיי זעהען צו פערזארגען דאס זייער מאן מיט די קינדער זאלען קאנען לערנען תורה, די תורה הקדושה איז זייער גרויס דאס אחוץ די איינפאכע רייד אירע איז דא אויף יעדען אות אויף יעדעם פינטעלע פון די תורה סודי סודות דאס די צדיקים וועלכע זיינען ראוי ווערט פאר זיי גיעפינט די היליגע סודות התורה, דאס עס שיינט פאר זיי אגרויס ליכטיגקייט. עס איז דא פיל ערטער אין די תורה וואס איז זייער קשה נאר דער חכם וועלכער ניט זיך מיט

שערי ציון

פרוכט-בוימער, איבער דעם שטעלען מיר די ביימלעך, דאס מיר זאלען בעטען אז עס זאל גיבענשט ווערען צו גוטען אלע פרוכט-בוימער: (ב) עס איז אמנהג צו שטעלין אין די פענסטער דאס מין גראז וואס הייסט „אייער" אזעלכע לאנגע ברייטע גראזען וואס וואקסען ביין ברעג פון די טייכליך, דאס איז ארמז אז אין דעם טאג האט מען משה רבנו ארוין

צו אונזערע עלטערין, אונ אזוי ווי אין דעם טאג האט מרים (די שוועסטער פון משה רבנו) געשטעלט זיך ביין בערג פון טייך נילוס, וועהן וואס עס וועט פאסירין מיט איר ברודעריל משה, וואס מ'האט אים גיווארפען אין טייך, אונ בזכות וואס ער וועט מקבל זיין די תורה דעם טאג פון דיין האנד איז ער נצול גיווארען פון טייך אונ איז ארויין גיקומען אין קיניגליכע פאלאצין, אזוי זאל די גוטע שוועסטער (די תורה) אונז אויך אפ היטען, מיר זאלען נצול ווערין פון דעם טייך צרות, וואס מיר טרינקען זיך יעצט, אונ מיר זאלען ארויין גיבראכט ווערין אין דיינע הייליגע פאלאצען ציון וירושלים במהרה. אמן.

## תחנה דעם צווייטען טאג שבועות (פאר תהלים זאגען).

גרויסער קעניג! אזוי ווי היינט איז יאהר צייט נאך אונזער הייליגען קעניג דוד, קום איך טאן אנחת רוח צו זיין ריינע נשמה אונ זאגען די שירות ותשבחות פון זיין הייליגען תהלים, בזכות זה זאל ער זיין אמליץ טוב פאר אונז, אז אונזערע קינדער זאלען פילין א זיסקייט אין דער תורה ווי ער האט גיפילט, ווי ער האט גיזאגט הנחמדים מזהב ומפז רב ומתוקים מדבש ונופת צופים. די תורה ומצות דיינען גילוסטיגער פון גין גאלד אונ זיסער פאר האניג. מה אהבתי תורתך כל היום היא שיחתי, אה! ווי ליב איך האב דיין תורה, אגאנצען טאג איז זי מיין גישפרעך. אונ אין אלע זייערע גיזעלשאפטין זאלען זיי נור ריידין וועגין די ליבשאפט פון דער תורה ווי ער האט גיזאגט ואדברה בעדותיך נגד מלכים ולא אבוש, אונ זאלסט אונז מזכה זיין צו זעהען מלכות בית דוד אין ציון וירושלים במהרה, אמן.

---

**שערי ציון**

ארויין געווארפען אין דעם טייך אונ ער איז נצול גיווארין בזכות וואס ער האט געדארפט מקבל צוא זיין דיא הייליגע תורה: (ג) שבועות איז מען זיך נוהג צו מאכין אויך א מילכידיגע סעודה, דער טעם איז וייל אויף דיא תורה איז געזאגט געווארען דער פסוק (דבש וחלב תחת לשונך):

**בעשה אלפס**

אין לערינט תורה לשמה לייכטען זיינע אויגען אין די תורה דאס עם ווערט אים אלעם פארענטפערט, דער מעשה אלפס חלק ד' זייטע 18) שרייבט אויף דעם אטייערין משל (עיין שם).



# הערצליכע תחנות אין פערשיעדענע צייטען אין ליידען, אונ אין פריידען.

## תחנה אויף גוטע אונ פרומע קינדער.

גרויסער שטארקער באשעפער! גיב מיר קרעפטין איך זאל דיר קענען דינען ערינסט, איך זאל זוכה זיין, אז די נשמה וואס דו האסט אין מיר געגעבין זאל קומען צו דיר אריינע, זי זאל קענען זיין אין די הייליגע געזעלשאפט פון די ריינע נשמות פון די אמהות שרה רבקה רחל ולאה, אונ מיט די נשמות פון די איבעריגע נביאים ונביאות, — יוצר האדם, דו האסט באשאפען דעם מענשין מיט פיל מדות, אויך מיט די מדה פון קנאה, נור ניט חלילה מקנא זיין די וואס האט שיינע קליידר, שיינע צירונג, ווייל פון דעם זארט קנאה פוילט די ביינער ביז זי שלעפט ארויס דעם מענשין פון דער וועלט, ווי אונזערע חכמים שרייבן „הקנאה והתאוה והכבוד מוציאין את האדם מן העולם". די קנאה וואס דו האסט געגעבין אין מענשין ובפרט אין אונז פרויען, איז נור מקנא צו זיין גוטע מדות אונ די וואס האט גוטע קינדער, ווי למשל די מוטער פון ווילנער גאון זכרונו לברכה, וואס אויף איר מצבה איז געקריצט איינינע קורצע אבער שארפע ווערטער „זאת האשה צלחה, אם הבנים שמחה" דיזע פרוי האט געהאט גרויס הצלחה, זי איז א מוטער פון קינדער וואס מ'מאכט אויף זיי א ברכה (ברוך שחלק מחכמתו ליראיו), זי האט זוכה געווען ערציהען פיר קינדר, וואס איינער איז געוועזען גרעסער פון דעם אנדערין 1) אזא מוטער דארף מען מקנא זיין. אויך די גליקליכע מוטער פון וואלאזין, וואס זי האט

---

מעשה אלפס

1) איינער וואר דער מורא'דיגער גאון רבינו אליהו מווילנא, וואס דער מאנענדיג זיין נאמען ווערט מען בעגייסטערט מיט יראת שמים (ווי איך האב עטוואס באשריבין אין קצור אבן שלמה) דער צווייטער, דער גאון וצדיק ר' אברהם (וואס האט גימאכט דעם „מעלות התורה") אין נאך צוויי זין גרויסע גאונים אונ צדיקים. אונ די מוטער פון וואלאזין האט אויך גיבוירין פיר זין איינער איז רבינו חיים וואלאזינער דער גרויסער צדיק אונ דער גרויסער חכם, דער צווייטער ר' זעלמעלע דער ווילנער (תלמיד הגר"א מווילנא) וואס צו פיר אונ צוואנציג יאהר איז ער קלאר גיוועזען א"ש ווייניג צו זאגין גאנץ תנ"ך, גאנץ ש"ס בבלי וירושלמי, רמב"ם, אלע פוסקים, אלע מדרשים

אויך גיהאט פיר זין מורא'דיגע גאונים און צדיקים איינער גרעסער פון דעם אנדערין. און נאך אזעלכע גליקליכע מוטערס וואס דורך זייערע מעשים טובים האבין זיי זוכה גיוועזן צו פלאנצען אין אידישען לוסט-גארטען טייערע פראכטיגע בוימער, וואס עד היום קוויקען מיר זיך מיט זייערע גוטע פרוכט, דערמאנענדיג דעם נאמען פון די צדיקים וחסידים גיט אשיין אין אונזער הארץ אהבת התורה. אלזא גיס איך אויס מיין הארץ פאר דיר ערבארמיגער פאטער, דו זאלסט אן נעמען מיין תפלה ווי די תפלה פון אברהם אבינו, וואס ער האט מתפלל גיוועזן פאר דיר דו זאלסט אים ענטפערין מיט אגוטין זון, ער זאל פארטרעטין זיין שטעלע, לערנען די וועלט די ריינע אמונה מיט דיינע גוטע מדות וואס דו ביסט ארחום וחנון ורב חסד. דו זאלסט אן נעמען מיין תפלה ווי די תפלה פון יצחק אבינו, וואס ער האט מתפלל גיוועזן אויף די מוטער רבקה אז דו זאלסט איר ענטפערין מיט אזון אצדיק, דו זאלסט מיר ענטפערין ווי דו האסט אנגינומען די תפלה פון אונזער מוטער חנה. וואס זי האט מתפלל גיוועזן אין משכן שלה דו זאלסט איר ענטפערין מיט אגוטין זון און דו האסט איר גיענטפערט מיט אזון דער הייליגער שמואל הנביא, דו זאלסט מיר ענטפערין ווי דו האסט גיענטפערט די מוטער פון דעם הייליגען תנא ר' יהושע בן חנניא, וואס איר גאנצע שוואנגער צייט איז זי גיגאנגען צו די גרויסע תלמידי חכמים בעטין זיי זאלין מתפלל זיין אז דער קינד וואס זי שוואנגערט זאל זיין אגרויסער תלמיד חכם, און האט אים נאכהער אב געהיט אז אין זיינע אויערלאך זאל ניט אריין גיין קיין אנדערע ווערטער נור דברי תורה, איז ער טאקע אויס גיוואקסען אגרויסער תנא און אגרויסער חכם, אז אין קייזערליכען הויף האט מען אים גירופען (חכימא דיהודאי) דער חכם פון אידישע פאלק, בעט איך דיר דו זאלסט מיר אויך באגליקען מיט קינדער גרויסע תלמידי חכמים און צדיקים, און זאלסט מיר געבין גוטע גידאנקען איך זאל ניט זובין

---

מעשה אלפס

מדרשים, פשוט אנאנצע ביבליאטיקע ספרים, ווי דער אלטער שטאט מגיד ר' יחזקאל פייוויל ז"ל האט אים באשריבין אין תולדות אדם. אין נאך צווי זיין גאונים אדירים, זכר כלם לברכה לחיי העולם הבא. זייער זכות זאל אויף אונז מגין זיין אז מיר זאלין אויך מגדל זיין אונזערע קינדער לתורה וליראת שמים.

פַאר מַיינֶע קִינְדֶער קֵיין פּוּסְטֶע תַּכְלִיתִים, נוּר הָאדֶעוֶועֶן זֵיי צוּ תּוֹרָה אוּנ יִרְאַת שָׁמַיִם אוּנ מֶענְשִׁין פְרֵיינְד, מִיר זָאלֶען מְקַיֵּים זַיין וָואס מִיר זָאגֶען אַלֶע טָאג אִין קְרִיאַת שְׁמַע (וְלִמַּדְתֶּם אוֹתָם אֶת בְּנֵיכֶם לְדַבֵּר בָּם) אִיר זָאלְסְט גוּט אַיין לֶערְנֶען מִיט אַייעֶרֶע קִינְדֶער דִי תּוֹרָה בִּיז זֵיי זָאלֶען זִיךְ פִירֶען שְׁטֶענְדִיג אִין אִיר לִיכְטִיגֶע וֶועג וואו זֵיי שְׁטֵייעֶן אוּנ גֵייעֶן, אוּנ זֵיי זָאלֶען חָלִילָה נִיט שְׁטַארְבֶּען פַאר אוּנזֶער לֶעבִּין, אוּנ זָאלְסְט זֵיי אוֹיס הִיטִין פוּן עַיִן הָרַע אוּנ פוּן אַלֶע שְׁלַאפְקֵייט אוּנ קִינְדֶער קְרַאנְקְהַייט, אַז מִיר זָאלֶען זֵיי אוֹיס הָאדֶעוֶועֶן אוֹיף לַאנְגֶע יָאהר. (עֲשֵׂה לְמַעַן שְׁמֶךָ) טוּ עֶס פוּן דַיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען וֶועגִין, מַיינֶע קִינְדֶער זָאלֶען הֵיילִיג מַאכֶען דַיין נָאמֶען אוֹיף דֶער וֶועלְט וִוי אַבְרָהָם אָבִינוּ. (עֲשֵׂה לְמַעַן תּוֹרָתֶךָ) טוּ עֶס פוּן דַיין לִיבֶּע תּוֹרָה וֶועגִין, מַיינֶע קִינְדֶער זָאלֶען אִיר לֶערְנֶען מִיט גְרוֹיס הַתְמָדָה אַז דֶער שַׁיין פוּן זֵייעֶר תּוֹרָה זָאל פֶערְשַׁייִנֶען דִי וֶועלְט, אַז אַלֶע וָואס בְּלַאנְזֶען זָאלֶען דֶער זֶעהֶען דֶעם אֱמֶת אוּנ אַרוֹיף גֵיין אוֹיף דִי גְרַאדֶע וֶועג, בִּיז מִיר וֶועלֶען זוֹכֶה זַיין צוּ דִי גְרוֹיסֶע לִיכְט פוּן מֶלֶךְ הַמָּשִׁיחַ בִּמְהֵרָה, אָמֵן.

# אַתְּחִנָּה וֶוען דֶער מַאן אִיז גִיפָארִין זוּכֶען פַּרְנָסָה.

הַארְצִיגֶער גָאט, אוּנזֶערֶע חֲכָמִים שְׁרַייבֶּען (האי מאן דביש ליה בהאי מתא ליזל למתא אחריתא) דֶער וָואס הָאט קֵיין פַּרְנָסָה נִיט אִין דִי שְׁטָאט זָאל עֶר גֵיין אִין אַיין אַנְדֶערְשְׁטָאט. 1) רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, צוּלִיב

---

מעשה

1) דִי הֵיילִיגֶע רֵייד פוּן אוּנזֶערֶע חֲכָמִים זַיינֶען פָארְלֵייפִיג שְׁוֶוער, קֶען דֶען דֶער בּוֹרֵא נִיט שְׁפֵּייזִין אוּנז אִין דִי זֶעלְבֶּע שְׁטָאט, אַז מְ'זָאל נִיט דַארְפִין פַארְוָואגִילְט וֶוערִין פוּן וַוייבּ אוּן קִינְדֶער? נוּר דָאס אִיז אֵיינֶע פוּן דִי סֶעקְרֶעטֶען פוּן דִי הַנְהָגָה. מִיר דַארְפִין גְלוֹיבִּין אַז אַלֶעם וָואס הַשֵּׁי"ת מַאכְט אִיז לְטוֹבָה, עֶס קֶען זַיין, אַז ר"ה אִיז נִגְזַר גִיוָוארִין אוֹיף דֶעם מֶענְשִׁין חָלִילָה ט.יט שְׁטְרָאף, זַיינֶע קִינְדֶער זָאלִין חָלִילָה בְּלֵייבִּין יְתוֹמִים, נוּר עֶס הָאט זִיךְ דֶערְוֶועקְט אִזְכּוּת, אַז מְ'זָאל אוֹיסְבַּייטִין דֶעם טוֹיט שְׁטְרָאף אוֹיף אֵיינִיגֶע יָאהר פַארְשִׁיקֶען, אִיז דֶער "נָע וָנָד" זַיין מְכַפֵּר דִי זִינְד, וִוי

אלפס

אוּנזֶערֶע חֲכָמִים זָאגִין "גָלוּת מְכַפֶּרֶת עָוֹן" אַלְזָא דַארְף מֶען ווִיסִין וִויא זִיךְ צוּ הַאלְטִין דָארְטִין, זַיין אָרִינְטְלִיךְ. אוֹיס נֵייכִין שְׁלֶעכְטֶע חֲבֵרִים, ווייל דֶער בּוֹרֵא הָאט דָאס גִישְׁטֶעלְט דֶעם מֶענְשִׁין בְּנִסָּיוֹן (אוֹיפִין עֶקְזַאמֶען), אוֹיבּ עֶר וֶועט זַיין אָרִינְטְלִיךְ אוּנ הִיטִין שַׁבָּת, אוּנ אִידִישְׁקַייט וִוי מֶעגְלִיךְ אִיז, וֶועט דֶער נָע וָנָד, זַיין אִין אוֹיסְבַּייטוּנג אוּנ עֶר וֶועט בְּלֵייבִּין אַפָּאטֶער צוּא זַיינֶע קִינְדֶער, וֶוען אָבֶּער חָלִילָה עֶר וֶועט נִיט אוֹיסְהַאלְטֶען דֶעם עֶקְזַאמֶען, ווייס הַשֵּׁי"ת... אַלְזָא דַארְף אַקְלוּגֶע פְרוֹי נָאגִין אָפְּט אָנְווינְקֶען דֶעם מַאן מִיט אִירֶע קְלוּגֶע בְּרִיף עֶר זָאל זֶעהֶען, צוּ בְּלֵייבִּין אַפָּאטֶער אַז

דעם וואס מיר האבין דא קיין פרנסה ניט, איז מיין מאן ארויס גיפארין זוכין פרנסה, בעט איך דיין רחמנות, דו זאלסט אים פירען אין רעכטען וועג, דער זכות פון זיינע קליינע קינדער וואס זיינען ריין פון עברות זאלין אים ביישטיין אז דו זאלסט באגליקען זיין וועג, ער זאל קומען אהין לשלום, אונ זאל קריגען ארבייט אדער גישעפט, ער זאל קענען מיר שיקען פאר מיינע קינדערלאך איך זאל זיי קענען אויף האדעווען צו תורה אונ יראת שמים. אונ אזו ווי ער האט דא אב גיהיט דעם הייליגען שבת, אזוי זאלסטו אים דארטין אויס היטין פון חלול שבת, אונ היט אים אויס פון שלעכטע חברים, ער זאל חלילה ניט פארפירט ווערין אין אשלעכטע וועג, ניט אין אויס גילאסענהייט, ניט חלילה אין קארטין שפילען אדער פארברייגען אין אנדערע נארישע גיזעלשאפטין, נור ווען ער ווערט פריי פון די ארבייט, זאל ער זיך באהעפטען צו גוטע חברים גיין אפווילע לערנען דיין הייליגע תורה, ווי אונזערע חכמים זאגין (אין פרקי אבות) איזהו דרך טובה שידבק בה האדם ? ר' יהושע אומר חבר טוב) אונ דער גלות וואס ער איז פארוואלפין גיווארין פון זיין ווייב אונ קינדער זאלין מכפר זיין אונזערע זינד, אונ ער זאל שוין קומען לשלום אהיים אונ מיר זאלין דא גישפייזט ווערין פון דיין פולע האנד בכבוד ובנחת, אמן.

## תחנה הרחק משכן רע.

די תחנה איז אגרויסע סגולה צו זאגען ווען מ'גייט זוכין אדירה.

באשעפער פון די גרויסע וועלט, דו האסט בעשאפען דיין וועלט אז מענשין זאלין איר בעוואהנען. איך גיי יעצט זוכען אדירה וואו צו באזעצין זיך מיט מיין מאן אונ קינדער, העלף מיר גוטער גאט, אונ שיק מיר צו אשיינע דירה אונ אכשרה, איך זאל חלילה קיינעם ניט אוים דינגען, איך זאל ניט אריין פאלען צווישען שלעכטע שכנים, ווי אונזערע חכמים זאגען (הרחק משכן רע) ערווייטער זיך פון אשלעכטין שכן א) ער זאל ניט פארדארבען מיין

שערי ציון — מעשה אלפם

(א) בעת אריין גיין אין אנייע דירה אז עם זיינע קינדער, אונ ווי מ'נעמט זיך אהיר איז שוין אלעס אין ארדנונג, דארף מען אזוי העלפט דער בורא, אונ ער וועט טאקע זוכה זיין קומען מיט גליק אהיים, זיין אמאן צוא זיין פרויא אונ אהייסער פאטער צוא זיינע קינדער.

אקלונג

תרקטער אונ מכל שכן אשכן וואס איז פארדארבין אין אמונה, ער זאל חלילה ניט פארפעסטין מיינע קינדער מיט אפקורסות אונ ניט פארפירען מיינע טעכטער אין אויסגילאסענהייט, אונ העלף מיר צו באהעפטין זיך צו גוטע אונ פרומע שכנים 1) אב לערנען זיך פון זיי גוטע מדות, ווי אונזערע חכמים זאגען (אין פרקי אבות) איזהו דרך טובה שידבק בה האדם ? ר' יוסי אומר „שכן טוב", אונ זיי אונז מזכה צוא ויצין אויף אונזער אייגענע לאנד אין אייגענע הייזער במהרה, אמן.

---

מעשה אלפס

1) אקלוגע און אפרומע פרוי, דארף זעהען, אז די תפלה וואס מיר בעטין אלע פריה מארגין (שתצילני היום כו' משכן רע) זאל ניט בלייבין אין סדור, נור מיט נעמען אין הארצין אונ בענוצין איר ווען עס קומט פאר אין לעבין, די פראקטיקע נוייזט ווען אבעל מלאכה אדער אנישעפט מענש דינגט א דירה אונ ניט אפילו האנדעלט אונ נאכהער דערוויסט ער זיך אז דער ביי זיצט ניגער אבלוט שונא, אקאנקורענט, לאזט ער פאלין די האנדעלט און אנטלייפט, ווי פון אשלאנג, און אז אין דער שכונה אפילו אטיר קעגין אטיר וואהנט זיין נשמה'ס אבלוט שונא, איין אפיקורס, וואס איז מחלל עפינטליך אלע אידישע היילינגקייט, זעט מען נאנץ וויינג (צום גרויסין בעדויערין) אז מ'זאל לאזין פאלין האנד געלט און ענטזאגין די דירה, נאך מער בעונותינו הרבים מ'נעמט לכתחלה אריין דעם שונא אין שטוב, היינו פיל נעמען גרעסערע דירות אום צו פערדינגן קווארטיראנטין וואס פאר אונזערע אויגן זיצען זיי אונ שרייבין אום שבת, און מ'קוקט דאס נאר גלייכגילטיג, לאמיר באטראכטין ווען דר קווארטיראנט וואלט פאר מיינע אויגן זידלען מיינע עלטערין, מאכין זיי צו קיים אונ צוא בלאטע, שרייען אויפ'ן קול אז זיי זיינען געוועזן שוטים, מטורפים, וואלטין מיר ניט ווערין צוקאכט אונ צוברענטין, אז פון גרויס פארדרוס וואלטין מיר זיי נעמען פארין קאלנער אונ ארויס ווארפין פון שטוב. און אז זייא זיינען מחלל שבת בפרהסיא אונ שרייען אוים מיט דעם אז אונזערע עלטערין אונזערע גאונים וצדיקים זיינען געוועזן משוגעים, וואס זייא האבין זיך מוסר נפש געוועזן פארין שבת, הערען מיר דאס צו, גלייך גילטיג, אוי לאותה בושה. אלזא זאל יעדע קלוגע פרוי אוים מיידין אזעלכע קווארטיראנטין, וואס זיינען מבזה אונזער גאטין אונ פארברענען אונזערע קינדערס נשמות, וועט זי דאפיר ניצול ווערין פון אלע ביזע באגעגענעם.

שערי ציון

מען באקוקען די מזוזות אויב זיי זיינען כשר אונ צו געשלאגען ווי דער דין איז, אונ ווען עס פעלט אמזוזה דארף מען קויפען אנייע אגוטע, ניט קנאפען זיך אויף בילעג, נור ביי איין ערליכען אידען אסופר. אמזוזה איז זייער אגרויסע זאך, זי איז דער נאטליכער שילט אז דא וואהנט איין איד אונ זיין שטוב איז היילג צו גאט. אונ בזכות זה וועלין די קינדער מאריך ימים זיין ווי מיר זאגין אלע טאג וכתבתם על מזוזות כו' למען ירבו ימיכם וימי בניכם. אונ אז ווען דער מאן איז ניט צו הויז קען זי אליין אן שלאגין אונ מאכין די ברכה (באיזה אמ"ה אקב"ו לקבוע מזוזה), אויך אויב עס איז אנגישלאגן אופען שוועל אפארקעווע דארף מען צראב רייסין, ווייל עס איז א שאנד

הֵיילִיגֶער גָאט, דוּ הָאסְט אוֹיסֶערְוָוְאהלְט דַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל פוּן אַלֶע אוּמוֹת, וַוייל מִיר שְׁטַאמֶען פוּן זֵייעֶר הוֹיכֶע עֶלְטֶערִין פוּן אַבְרָהָם אָבִינוּ וָואס דוּ הָאסְט אִים גִירוּפֶען (אַבְרָהָם אוֹהֲבִי) מַיין גֶעלִיבְּטֶער אַבְרָהָם, אוּנ הָאסְט אָנְגִיזָאגְט אוּנְזֶערֶע גְרוֹיסֶע לֶעהְרֶער משֶׁה רַבֵּנוּ אוּנ אַהֲרֹן הַכֹּהֵן (וְהִזַּרְתֶּם אֶת בְּנֵי יִשְׂרָאֵל מִטֻּמְאָתָם) אִיר זָאלְט לֶערְנֶען דִי אִידִישֶׁע קִינְדֶער זֵיי זָאלֶען זִיךְ אָבְּשֵׁיידֶען פוּן אוּנְרֵיינִיגְקַייט וַוייל אִיךְ רוּהֶע צְווִישֶׁען זֵיי, דַארְפֶען זֵיי אוֹיךְ זַיין הֵיילִיג, אוֹיךְ שְׁטֵייט אִין דַיין תּוֹרָה (קְדוֹשִׁים תִּהְיוּ) אִיר זָאלְט זַיין הֵיילִיג (כִּי קָדוֹשׁ אֲנִי ה') וַוייל אִיךְ גָאט בִּין הֵיילִיג וִהְיִיתֶם לִי קְדוֹשִׁים) וֶוען אִיר פִּירְט זִיךְ הֵיילִיג זַייט אִיר מַיינֶע, אַז נִיט גִיהֶערְט אִיר חָלִילָה צוּ נְבוּכַדְנֶצַּר מִיט זַיין קוֹמְפַּאנְיֶע חוּלִיגַאנֶעם. וּבִפְרַט מִיר נָשִׁים וָואס אִין אוּנְזֶער לַייבּ וֶוערְט אוֹיס גִיפָארְמֶעוֶועט דֶער קֶערְפֶּער פוּן דִי אִידִישֶׁע קִינְד, עֶס זָאל קֶענֶען אִין אִיהם רוּהֶען דִי הֵיילִיגֶע נְשָׁמָה וָואס דוּ גִיבְּסְט אַרַיין אִין אִים, דַארְפִין מִיר זֶעהֶען מִיט אַלֶע מֶעגְלִיכְקַייט צוּ הַאלְטִין זִיךְ הֵיילִיג, דְרוּם הָאסְטוּ אוּנְז גִיגֶעבִּין דִי מִצְוָה פוּן דִינֵי נִדָּה, אַז וֶוען מִיר רִיכְטֶען זִיךְ אוֹיף דֶעם מָאנַאטְלִיכֶען גַאסְט, זָאלִין מִיר שׁוֹין מִיט אַ הַאלְבִּין מֵעֵת לְעֵת פָארְהֶער, זִיךְ אָבּ שֵׁיידֶען פוּן אוּנְזֶערֶע מַאנֶען, אוּנ נַאכְהֶער וֶוען מִיר מַאכִין דֶעם אָבּ־צוּג אוּנ מִיר צֵיילִן שִׁבְעָה נְקִיִּים (7 ריינע טעג) זָאלִין מִיר גֶעהְן טְבִילָה אִין אַ מִקְוָה טְהוֹרָה, וָואס זִיא אִיז גִימַאכְט נָאךְ דִיא אָרְדְנוּנְג פוּן אוּנְזֶער הֵיילִיגֶע תּוֹרָה, אַלְזָא וִוי דוּ לִיבֶּער גָאט הָאסְט מִיר גִיהָאלְפִין אָבּ צוּ הִיטִין רִיכְטִיג דִי דִינִים פוּן נִדָּה אוּנ יֶעצְט אִיז גִיקוּמֶען דִי צַייט וָואס אִיךְ דַארְף הַיינְט אָוֶועקְגֵיין טְבִילָה1), בֶּעט אִיךְ דִיר דוּ זָאלְסְט מִיר

---

שערי ציון

אַשׁאנְד פַאר אַ אִידִין נָאךְ צוּ טָאן דִי אַבֶּערְגְלוֹיבֶּער פוּן דִי גֶעצֶען דִינֶער (דִי קִיטַייצֶעם) וָואס נָאךְ זֵייעֶרֶע גֶעצֶענְדִינְסְט רֶעבֶּענֶען זֵיי דָאס פַאר אַסְגוּלָה. וֶוער עֶס וִויל הָאבִּין פַארְגְנִיגֶען זָאל לֶעזִין דֶעם פֶּרֶק „דִי פֶערְדִישֶׁע פָּאדְקֶעוֶוע" (אִין מַעֲשֶׂה אַלְפָּס צְווֵייטֶע טֵייל זַייטֶע 62).

מעשה אלפס

1) פַאר דִי טְבִילָה דַארְף מֶען גוּט אַרוּם וַואשִׁין דֶעם גַאנְצִין קֶערְפֶּער אִיבֶּערְהוֹיפְּט דִי פַארְבָּארְגֶענֶע עֶרְטֶער אוּנ אוֹיס קַאמֶען דִי הָאר אוּנ אָבּ שְׁנַיידִין דִי נֶעגִיל וִוי גִיוָואהְנְלִיךְ, נִיט חָלִילָה בִּיז בְּלוּט, וִוי דִי נַארִישֶׁע נֶעגִיל שְׁנַיידֶערְקֶעס טוּעֶן, דָאס זַיינֶען נוּר דֶעם יֵצֶר הָרָע'ס שְׁלוּחִים, זִי זָאל צוּ בְּלוּטִינֶען דִי פְּרוּי אוּן מַאכִין אִיר אַוָואוּנְד. וֶועט זִי נַאכְהֶער שׁוֹין נִיט וֶועלִין גֵיין טְבִילָה. גְלַייכֶער אִיז אַרוּם שְׁנַיידִין מִיט אַשֶׁערֶעלֶע אַרַיינֶע. אוּנ אַשַׁארְפֶע וֶועט נִיט קוּמֶען צוּא פַארְרַייסִין אַנָאגִיל.

העלפין טאן די מצוה מיט א הייליגען גידאנקען, איך זאל טראכטין אז איך רייניג זיך ווי דו פאר לאנגסט אום ארויף צו ציהען אויף זיך א הייליגקייט. אונ איך בעט דיין רחמנות, אזוי ווי דו האסט גיטאן פיל נסים ביין וואסער, משה רבנו האסטו גירעטעט דורך דעם וואסער דו האסט צו גישיקט די פרינצעסין בת פרעה זי זאל אים ארויס נעמען פון טייך, דיין פאלק ישראל האסטו גירעטעט פון די מצרים דורך דעם וואסער, דו האסט גישפאלטין דעם ים אונ זיי דורך גיפירט. בזכות מרים הנביאה האט זיך מיט גיקייקילט מיט אידין אין דער מדבר אשטיין וואס האט גיפליסט וואסער. אזו זאלסטו מיר אויך העלפן ביי מיין יעצטיגען גיין אין וואסער, צו געווינען א זון ער זאל זיך ציהען נאך דיר ווי א וואסער, ער זאל ליב האבין דיין תורה וואס זי איז גיגליכען צו וואסער וואס זי באלעבט אלעמן. אונ בזכות די הייליגע טבילת מצוה, זאלסטו מיר העלפין אויס האדעווען מיינע קינדער אונ מאכין זיי פאר אידין אונ פאר מענשן, אז גאט אונ לייט זאלען
זיך מיט זיי פרייען, אמן.

## דינים ומנהגים פון א חתן וכלה אין דעם טאג פאר דער חופה.

א) חתן כלה דארפען פאסטען דעם טאג פון זייער חופה, ווייל דער טאג איז ביי זיי אזוי סליחה ומחילה ווי יום כפור, ווען זיי טוען תשובה אונ נעמען אויף זיך צוא גיין אין אידישע וועג איז מען זיי מוחל אלע פאריגע זינד, דרום איז מען זיך נוהג צו פאסטין ביז נאך דער חופה, אונ מען דארף זאגין עננו פאר כי אתה שומע, כדי השי"ת זאל זיי געבין א גוטין מזל אונ א גליקליכען לעבען.

---



פרייטאג פאר נאכט ווען עס קומען פיל נשים גיין טבילה און איידער דיא וועסערקע ווערט אלעמען ארום וואשען, אונ דיא נעגיל שניידערקע ווערט אלעמען אבשניידין די נעגיל קען קומען חלילה צו חלול שבת, דארף אקלוגע אנאטספארכטיגע פרוי ניט ווארטין אויף דעם פוסטען כבוד, נור איינע די אנדערע זאלן אבשניידין די נעגיל (דרום זאלין זיי מיט נעמען אשערעלע פון דער היים). אונ אקלוגע פרוי זאל ניט וועלין פארזעהען זיך מיט דעם, נור אבגעבין די גיצאלט די נעגיל שניידערקע, ווייל דאס איז דאך איר פרנסה. ווען זי ווערט אזוי טאן ווערט דאס זיין אביינגער בעוויז, אז זיא שנייט זיך אליין אב די נעגיל, נור צוא פארהיטין פון חלול שבת, ניט צו פארשפארין די איינגע קאפייקען. ווערט דאס גופא זיין פאר איר אגרויסע עהרע. אין מעשה אלפס (דריטע טהייל זייטע 69) האבען מיר געשריבין וועגין דעם ענין פון טבילת מצוה אפרק „דער קליין טייבעלע". וועלכע פרוי עס וויל האבין פארגעניגן אונ וויסען די אלע דינים האט גיהער צו איר. זאל זיא דארטין לעזין.

ב) װען די חופה איז ראש חודש, אסרו חג פון שבועות, חמשה עשר באב, חמשה עשר בשבט, אכט טעג חנוכה, שושן פורים, אגאנץ חודש ניסן, ל"ג בעומר, דארף מען ניט פאסטען.

ג) די טעג פון ר"ח סיון ביז שבועות, אונ די טעג פון יום כפור ביז סוכות אויך אסרו חג פון סוכות דארף מען פאסטען אונ זאגען ענינו.

ד) אין די טעג װעלכע מען דארף ניט פאסטין, זאל דער חתן אונ די כלה ניט פיל עסען אונ טרינקען פאר דער חופה.

ה) דער חתן אונ די כלה זאלין זיך אין דעם טאג פון זייער חופה פאר ברייטען מיט הייליגע געדאנקען 1), אונ בעטין אין דער תפלה

---

מעשה אלפס

1) אקלוגע אנאטס-פארכטיגע קינד, נעמט געווים אין גידאנקען דיא וויכטיגקייט פון „חופה טאג" ־דר וויכטיגסטער טאג אין לעבין, דא איז דער גרעניץ, דער אריבער גאנג פון קינדערשין לעבין, צו אלעבין פון אפאלקאמען מענשין, אלזא דארף זי זעהען צו פארברייננגען דעם טאג אין הייליגע נידאנקען און פארשליסען זיך לפחות אויף איניגע שטונדין איינזאם אין איר צימער, מאבין דעם גענעראל בעלאנס פון די מעשים פון יוגינד אונ אים ניסין איר ריינע הארץ פאר דעם העכסטין מחותן, דעם פאטער פון הימעל וואס אין זיין האנד איז דער לעבין אונ דער גליק, ער זאל איר מוחל זיין די פאריגע זינד אונ שטארקין איר הארץ אונ געבין איר מוטה צוא ערפילען די פליכטען פון א אידישע פרוי, אונ עס איז איושר צו פארברייננען אשטונד דורך צו לערנען די נייטיגע ענינים פון צניעות וואס איז נוהג צווישען איונגע פאר, וואס הײנטיגען אווינד מאכט זי דעם ערסטען שריט אין דעם. ווי עס איז באשריבען אין פרק „קליין טייבעלע" (מעשה אלפס דריטע טייל, זייטע 39 אונ צווייטע טייל זייטע 40). דער ערסטער אונטער פיהרער וואס האט גיבראכט די פארפוצטע שיינע כלה (חוה) צו איר חתן (אדם הראשון) איז ער דר העכסטער אונטער פיהרער פון אירע קינדער אויך. „איש ואשה" (מאן אונ וייב) איז דא דער שם „יה" צווישען (ביי אים דער יוד אונ ביי איר דער ה') צום צייכען אז גאט איז אומעדום. נאך מער ווען די יונגע פאר גייען אריין אין שלאף צימער און די אונטערפירער גייען זיך צו הויז. אבער דער הימלישער אונטערפיהרער לאזט ניט אליין די חתן כלה. כלומר, ער לערינט אונז אז דר איש ואיש (אן דעם שם „יה" בלייבט פון איש ואשה נור אש ואש, . פייער אונ פייער) דער נאטירליכער פייער ־די ליבע. וואס ביי די יונגע מענשין דארף מען זיך מיט דעם ניט באגיין ווי אלע בעלי חיים, טוען עס נור פון תאוה וועגין, מען דארף וויסין אז דער הייליגער גאט האט דאס גיגעבין נור צום ציעל אויף צו בויען אפאמיליע, אלזא דארף דאס זיין מיט גרוים איידילקייט און צניעות. און נאך דעם ערסטין צוזאמין קומען, ווען איר ערע האט ערשיינט, אז זי איז איין ארינטליכע כשרה קינד, דארף ער זיך גלייך שיידין פון איר אין איין אנדער בעט, און אין דריי טעג ארום דארף זי אנהייבין ציילין זיבען ריינע טעג און גיין טבילת מצוה, דער פייער פון די ליבע זאל אים ניט פארבלענדין די אויגין אז קיינער זעט ניט, זיי דארפין וויסען אז דער גרויסער אונטערפיהרער וואס וועט זיי פירין דעם גאנצין לעבין, איז דר ביי, און פאר אים דארף מען זיך זייער שעמען.

איך

פון שמונה עשרה מחילה אונ סליחה ביין רבונו של עולם אונ מען איז זיך נוהג צו זאגן דעם וידוי פון אשמנו אונ על חטא, נאך שלום רב פון שמונה עשרה. אזוי ווי מען איז זיך נוהג ערב יום כפור, אונ אז איר וועט אב היטין ריכטיג דעם תאנות (תענית) וועט דער הימלישער פאטער אייך געבין גרויסע מתנות.

## תחנה פאר א כלה (צו זאגן אויפין הייליגען ארט).

איר ריינע נשמות פון די גאונים אונ צדיקים אונ בעלי מעשים טובים וואס רוהען דא אויף דעם הייליגען ארט א), העלפט מיר בעטין רחמים ביי אונזער פאטער פון הימעל, דער באשעפער אונ דער שפייזער פון די גרויסע וועלט, אז בזכות אייער תורה אונ מעשים טובים זאל ער באגליקען מיין אונטער נעהמונג וואס איך זעץ זיך היינט מארגין מיט מיין ליבען בעגלייטער (דער החתן) אין די צייט-שיפעלע ביידין מיט אים דעם גרויסין שטירמישען ים פון לעבין, אז מיין שיפעלע זאל גיין רוהיג, איך זאל זיין א טרייע פרוי צוא מיין מאן, א ווירטין צו מיין שטוב, אונ מיט דער צייט אויך א מוטער צוא קינדער, דער באשעפער זאל געבען א גוטין ווינטעלע (א רוח טהרה וקדושה) אז אונזער שיפעלע זאל גיין רוהיג אין דיא גראדע גוטע וועג, לעבין וויא השי"ת פערלאנגט, מיין שטוב זאל זיין אפין צו צדקות אונ גמילות חסדים, צו תורה, צו יראת שמים אונ צו חכמה, גאט אונ לייט זאלין זיך מיט אונז פרייען, אונ ער זאל אוים היטין אונזער שיפעלע פון שטורים ווינטין (פון בייזע צייטען וואס קומען חלילה אויפין מענשען), ווי זאלן איר ניט פארטראגין אויף אוויסטען אינזעל חלילה, כלומר מיר זאלין ניט אוועק בלאנדזען אין אוויסטע וועג, אונזער שטוב

זאל

א) די וואס האט עלטערין אויפין הייליגען ארט זאל זי אויך זאגן: (אונ פון מיינע טייערע עלטערין וואס רוהען דא).

מעשה אלפס

איך דארף ער גידיינקין זיין הייליגען ווארט וואס ער האט איר פארשפראכין (אונטער דער חופה) צו לעבין מיט איר כדת "משה וישראל" (מיט צניעות אין פוטה, וואס מיר האבין בירושה), ניט חלילה כדת המלך אחשורוש" וואס צו ליב זיין ווילדע

ליבע, האט פארפירט אגרויסע סכה (ער האט ערמארדעט זיין פרוי), אונ ווען איר קינדערלאך וועט געבין כבוד דעם גרויסען מחותן אונ אונטערפירער, וועט ער אייך באשיינקין פרידענטין אונ פרייענטין אז איר וועט נחת האבין אייער גאנצין לעבין [illegible]

זאל חלילה ניט זיין קיין מאבריינגע פון לצים, פון קארטען שפילער, מיין ליבער חבר אונ בעגלייטער זאל חלילה ניט ווארפין קיין אויג אויף איין אנדער שיפעלע ב), נור ער זאל מיר זיין טריי אונ איך אים. אויך זאל דער זכות פון אייער תורה ומעשים טובים מיר ביי שטיין, אז דער בורא זאל מיר געבין א גייגע הארץ צו דאוונען דעם מנחה (פאר דער חופה) מיט גרוים כונה אונ מיט טרערין, איך זאל טאן א תשובה שלמה אויף מיינע פעלערין פון פארגאנגענהייט אונ זיך באשליסען אויף להבא צו גיין אין גוטין וועג, אונ דו ליבער גאט מיט דיין רחמנות זאלסטו מיר מוחל זיין אויף מיינע אלע זינד וואס ביז הער, אונ זאלסט מיר העלפין צו טאן מצות ומעשים טובים מיין אנצין לעבין, ווי איך שפיר יעצט אויף דעם היילינען ארט, אז די וואס האבין גילעבט ווי קלוגע, זיי האבין פאר זאמילט פיל מצות ומעשים טובים פאר זייער לעבן, איז וואהל צו זיי אונ וואהל צו זייערע קינדער, זייער נאמען איז גיבליבען צו א בענטשונג פר אלעמען. אונ צוו וויא מיר גייען יעצט ארוים אויף אנייע וועלט, אויף דעם פאטער פון הימעלם קעסט, זאל ער אונז צו שיקען אונזער פרנסה בכבוד, מיין ליבר חבר (דער מאן) זאל זיך חלילה ניט דארפין שיידין פון מיר, פארין זוכין פרנסה, אונ דו ערבארמיגער פאטער, היט מיר אוים פון עין הרע, אונזער האכצייט זאל זיין מיט פריד אונ מיט פרייד, אונזער מזל זאל ווערין דער הויבען, מיר זאלין לעבין צווישען זיך וויא אפאר טויבין, אמן.

מנחה דאוונען פיר חתן כלה אין דעם טאג פון דער חופה.

אשרי יושבי ביתך עוד יהללוך סלה: אשרי העם שככה לו אשרי העם שיי אלהיו: תהלה לדוד ארוממך אלוהי המלך ואברכה שמך לעולם ועד: בכל יום אברכך ואהללה שמך לעולם ועד: גדול יי ומהלל מאד ולגדלתו אין חקר: דור לדור ישבח מעשיך וגבורותיך יגידו: הדר כבוד הודך ודברי נפלאתיך אשיחה: ועזוז נוראותיך יאמרו וגדלתך אספרנה: זכר רב טובך יביעו וצדקתך ירננו: חנון ורחום יי ארך אפים וגדל חסד: טוב יי לכל ורחמיו על כל מעשיו: יודוך יי כל מעשיך וחסידיך יברכוכה: כבוד מלכותך יאמרו

ב) ער פונצט איר אוים (די אמת'ע פרוי) אין א אימלענדישע הוט. אבער אויפ' הארצן איז איר זייער ניט גוט, וייל פון זיין לעבעדיגע פרויגע נעמט ער פארקלט די בלוט.

יאמרו וגבורתך ידברו: להודיע לבני האדם גבורותיו וכבוד הדר מלכותו: מלכותך מלכות כל עולמים וממשלתך בכל דור ודור: סומך יי לכל הנופלים וזוקף לכל הכפופים: עיני כל אליך ישברו ואתה נותן להם את אכלם בעתו: פותח את ידך ומשביע לכל חי רצון: צדיק יי בכל דרכיו וחסיד בכל מעשיו: קרוב יי לכל קוראיו לכל אשר יקראהו באמת 1): רצון יראיו יעשה ואת שועתם ישמע ויושיעם: שומר יי את כל אהביו 2) ואת כל הרשעים ישמיד: תהלת יי ידבר פי ויברך כל בשר שם קדשו לעולם ועד: ואנחנו נברך יה מעתה ועד עולם הללויה:

כי שם יי אקרא הבו גודל לאלהינו: יי שפתי תפתח ופי יגיד תהלתך:

ברוך אתה יי אלהינו ואלהי אבותינו אלהי אברהם אלהי יצחק ואלהי יעקב האל הגדול הגבור והנורא אל עליון גומל חסדים טובים וקונה הכל וזוכר חסדי אבות ומביא גואל לבני בניהם למען שמו באהבה. מלך עוזר ומושיע ומגן: ברוך אתה יי מגן אברהם:

אתה גבור לעולם אדני מחיה מתים אתה רב להושיע:

אום ווינטער משיב הרוח ומוריד הגשם:

מכלכל חיים בחסד מחיה מתים ברחמים רבים סומך נופלים ורופא חולים ומתיר אסורים ומקים אמונתו לישני עפר. מי כמוך בעל גבורות ומי דומה לך מלך ממית ומחיה ומצמיח ישועה. ונאמן אתה להחיות מתים: ברוך אתה יי מחיה המתים:

אתה קדוש ושמך קדוש וקדושים בכל יום יהללוך סלה: ברוך אתה יי האל הקדוש:

אתה חונן לאדם דעת ומלמד לאנוש בינה. חננו מאתך דעה בינה והשכל 3): ברוך אתה יי חונן הדעת:

---

מעשה אלפס

1) גידיינקט קינדערלאך, אז דער בורא איז נאהענט צו דעם וואס רופט צו אים, אבער נור צו דעם וואס רופט אים מיט איין אמת'ה הארץ, אז די אויערין הערין וואס די מויל רעט.

2) נעמט זיך אפיר קינדערלאך צו זיין פון נאטעם ליבהאבער וועט ער אייך איבערהיטען פון אלע אומשטאנדין, הזר'ת גוט איין די היילינע ווערטער (שומר ה' את כל אהביו) עם היט אים דינע ליבהאבער, ווי ער האט אוים גיהיט אונזערע אבות הקדושים און די צדיקים פון יעדער דור, אבער די רשעים וועט אייך ער לאזט זיי טאנצין, אבער סוף כל סוף גליצין זיי זיך אוים אונ ברעכין רוק אונ לענד. ווי די גרויסע אידישע היסטאריע האט אונז גילערינט.

3) דא דארף מען טראכטין: גוטער גאט גיב אונז פארשטאנד צו קלוג לעבין

הֲשִׁיבֵנוּ אָבִינוּ לְתוֹרָתֶךָ וְקָרְבֵנוּ מַלְכֵּנוּ לַעֲבוֹדָתֶךָ וְהַחֲזִירֵנוּ בִּתְשׁוּבָה שְׁלֵמָה לְפָנֶיךָ: בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ הָרוֹצֶה בִּתְשׁוּבָה:

סְלַח לָנוּ אָבִינוּ כִּי חָטָאנוּ מְחַל לָנוּ מַלְכֵּנוּ כִּי פָשָׁעְנוּ. כִּי מוֹחֵל וְסוֹלֵחַ אָתָּה: בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ חַנּוּן הַמַּרְבֶּה לִסְלוֹחַ:

רְאֵה נָא בְעָנְיֵנוּ וְרִיבָה רִיבֵנוּ וּגְאָלֵנוּ מְהֵרָה לְמַעַן שְׁמֶךָ כִּי גוֹאֵל חָזָק אָתָּה: בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ גּוֹאֵל יִשְׂרָאֵל:

רְפָאֵנוּ יְיָ וְנֵרָפֵא הוֹשִׁיעֵנוּ וְנִוָּשֵׁעָה כִּי תְהִלָּתֵנוּ אָתָּה. וְהַעֲלֵה רְפוּאָה שְׁלֵמָה לְכָל מַכּוֹתֵינוּ. כִּי אֵל מֶלֶךְ רוֹפֵא נֶאֱמָן וְרַחֲמָן אָתָּה: בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ רוֹפֵא חוֹלֵי עַמּוֹ יִשְׂרָאֵל:

בָּרֵךְ עָלֵינוּ יְיָ אֱלֹהֵינוּ אֶת הַשָּׁנָה הַזֹּאת וְאֶת כָּל מִינֵי תְבוּאָתָהּ לְטוֹבָה וְתֵן (אום ווינטער טַל וּמָטָר לִ) בְּרָכָה עַל פְּנֵי הָאֲדָמָה וְשַׂבְּעֵנוּ מִטּוּבָהּ וּבָרֵךְ שְׁנָתֵנוּ כַּשָּׁנִים הַטּוֹבוֹת: בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ מְבָרֵךְ הַשָּׁנִים:

תְּקַע בְּשׁוֹפָר גָּדוֹל לְחֵרוּתֵנוּ וְשָׂא נֵס לְקַבֵּץ גָּלֻיּוֹתֵינוּ וְקַבְּצֵנוּ יַחַד מֵאַרְבַּע כַּנְפוֹת הָאָרֶץ: בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ מְקַבֵּץ נִדְחֵי עַמּוֹ יִשְׂרָאֵל:

הָשִׁיבָה שׁוֹפְטֵינוּ כְּבָרִאשׁוֹנָה וְיוֹעֲצֵינוּ כְּבַתְּחִלָּה וְהָסֵר מִמֶּנּוּ יָגוֹן וַאֲנָחָה וּמְלוֹךְ עָלֵינוּ אַתָּה יְיָ לְבַדְּךָ בְּחֶסֶד וּבְרַחֲמִים וְצַדְּקֵנוּ בַּמִּשְׁפָּט: בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ מֶלֶךְ אוֹהֵב צְדָקָה וּמִשְׁפָּט 4):

וְלַמַּלְשִׁינִים אַל תְּהִי תִקְוָה וְכָל הָרִשְׁעָה כְּרֶגַע תֹּאבֵד וְכָל אֹיְבֶיךָ מְהֵרָה יִכָּרֵתוּ וְהַזֵּדִים מְהֵרָה תְעַקֵּר וּתְשַׁבֵּר וּתְמַגֵּר וְתַכְנִיעַ בִּמְהֵרָה בְיָמֵינוּ: בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ שׁוֹבֵר אֹיְבִים וּמַכְנִיעַ זֵדִים:

עַל הַצַּדִּיקִים וְעַל הַחֲסִידִים וְעַל זִקְנֵי עַמְּךָ בֵּית יִשְׂרָאֵל וְעַל פְּלֵיטַת סוֹפְרֵיהֶם וְעַל גֵּרֵי הַצֶּדֶק וְעָלֵינוּ יֶהֱמוּ נָא רַחֲמֶיךָ יְיָ אֱלֹהֵינוּ וְתֵן שָׂכָר טוֹב לְכָל הַבּוֹטְחִים בְּשִׁמְךָ בֶּאֱמֶת, וְשִׂים חֶלְקֵנוּ עִמָּהֶם לְעוֹלָם וְלֹא נֵבוֹשׁ כִּי בְךָ בָּטָחְנוּ: בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ מִשְׁעָן וּמִבְטָח לַצַּדִּיקִים:

וְלִירוּשָׁלַיִם עִירְךָ בְּרַחֲמִים תָּשׁוּב וְתִשְׁכּוֹן בְּתוֹכָהּ כַּאֲשֶׁר דִּבַּרְתָּ וּבְנֵה אוֹתָהּ בְּקָרוֹב בְּיָמֵינוּ בִּנְיַן עוֹלָם וְכִסֵּא דָוִד עַבְדְּךָ מְהֵרָה לְתוֹכָהּ תָּכִין: בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ בּוֹנֵה יְרוּשָׁלָיִם:

---

מעשה אלפס

אַלֶעבִּין, עֶס זָאל זַיין שַׁיין פַאר גָאט אוּנ פַאר לַייטִין.

4) דָא דַארְף מֶען טְרַאכְטִין: גְנֶעדִיגֶער פָאטֶער! הֶעלְף אוּנְז בַּיי אוּנְזֶער אַרוּם טְרֶעסְטִין אִיךְ דֶער וֶועלְט, מִיר זָאלִין פַארְדִינֶען אוּנְזֶער הוֹצָאָה עֶרִינְטְלִיךְ מִיט מִשְׁפָּט אוּנ מִיר זָאלִין קֶענֶען אוּנ וֶועלִין גֶעבִּין פִיל צְדָקָה.

את צמח דוד עבדך מהרה תצמיח. וקרנו תרום בישועתך. כי לישועתך קוינו כל היום 5): ברוך אתה יי מצמיח קרן ישועה:

שמע קולנו יי אלהינו חוס ורחם עלינו וקבל ברחמים וברצון את תפלתנו. כי אל שומע תפלות ותחנונים אתה. ומלפניך מלכנו ריקם אל תשיבנו:

ווען זיי פאסטין זאגט מען דא עננו:

עננו יי עננו ביום צום תעניתנו כי בצרה גדולה אנחנו. אל תפן אל רשענו ואל תסתר פניך ממנו. ואל תתעלם מתחנתנו. היה נא קרוב לשועתנו. יהי נא חסדך לנחמנו. טרם נקרא אליך עננו. כדבר שנאמר והיה טרם יקראו ואני אענה. עוד הם מדברים ואני אשמע. כי אתה יי העונה בעת צרה. פודה ומציל בכל עת צרה וצוקה:

כי אתה שומע תפלת עמך ישראל ברחמים: ברוך אתה יי שומע תפלה:

רצה יי אלהינו בעמך ישראל ובתפלתם והשב את העבודה לדביר ביתך ואשי ישראל. ותפלתם באהבה תקבל ברצון. ותהי לרצון תמיד עבודת ישראל עמך:

אום ראש חודש זאגט מען דאס:

אלהינו ואלהי אבותינו. יעלה ויבא ויגיע ויראה וירצה וישמע ויפקד ויזכר זכרוננו ופקדוננו. וזכרון אבותינו. וזכרון משיח בן דוד עבדך וזכרון ירושלים עיר קדשך. וזכרון כל עמך בית ישראל לפניך לפליטה לטובה לחן ולחסד ולרחמים לחיים ולשלום ביום ראש החדש הזה: זכרנו יי אלהינו בו לטובה. ופקדנו בו לברכה. והושיענו בו לחיים. ובדבר ישועה ורחמים חוס וחננו. ורחם עלינו והושיענו כי אליך עינינו. כי אל מלך חנון ורחום אתה:

ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים: ברוך אתה יי המחזיר שכינתו לציון:

מודים אנחנו לך שאתה הוא יי אלהינו ואלהי אבותינו לעולם ועד צור חיינו מגן ישענו אתה הוא לדור ודור נודה לך ונספר תהלתך על חיינו המסורים בידך ועל נשמותינו הפקודות לך ועל

---

מעשה אלפס

5) דא דארף מען טראכטין: גאט וואס צו דיין הילף האפין מיר אלע טאג אונ איבערהויפט היינט צו מיין האכצייט דו זאלסט מיר העלפין צו גיין אין גוטין וועג. איך זאל פערשאפין כבוד מיינע עלטערין אונ מיין פאלק, אלע זאלין קענען זאגין אה, ווי שיין די יונגע פאר פירין זיך אויף, זייערע מעשים טובים און צדקות אונ פריינדשאפט צוא אלע מענטשין איז אפארגעניגען צו הערין.

נִסֶּיךָ שֶׁבְּכָל יוֹם עִמָּנוּ וְעַל נִפְלְאוֹתֶיךָ וְטוֹבוֹתֶיךָ שֶׁבְּכָל עֵת עֶרֶב וָבֹקֶר וְצָהֳרָיִם. הַטּוֹב כִּי לֹא כָלוּ רַחֲמֶיךָ וְהַמְרַחֵם כִּי לֹא תַמּוּ חֲסָדֶיךָ מֵעוֹלָם קִוִּינוּ לָךְ:

אום חֲנֻכָּה זָאגְט מֶען עַל הַנִּסִּים:

עַל הַנִּסִּים וְעַל הַפֻּרְקָן וְעַל הַגְּבוּרוֹת וְעַל הַתְּשׁוּעוֹת וְעַל הַמִּלְחָמוֹת שֶׁעָשִׂיתָ לַאֲבוֹתֵינוּ בַּיָּמִים הָהֵם בַּזְּמַן הַזֶּה:

בִּימֵי מַתִּתְיָהוּ בֶּן יוֹחָנָן כֹּהֵן גָּדוֹל חַשְׁמוֹנַאי וּבָנָיו כְּשֶׁעָמְדָה מַלְכוּת יָוָן עַל עַמְּךָ יִשְׂרָאֵל לְהַשְׁכִּיחָם תּוֹרָתֶךָ וּלְהַעֲבִירָם מֵחֻקֵּי רְצוֹנֶךָ. וְאַתָּה בְּרַחֲמֶיךָ הָרַבִּים עָמַדְתָּ לָהֶם בְּעֵת צָרָתָם רַבְתָּ אֶת רִיבָם דַּנְתָּ אֶת דִּינָם נָקַמְתָּ אֶת נִקְמָתָם מָסַרְתָּ גִבּוֹרִים בְּיַד חַלָּשִׁים וְרַבִּים בְּיַד מְעַטִּים וּטְמֵאִים בְּיַד טְהוֹרִים וּרְשָׁעִים בְּיַד צַדִּיקִים וְזֵדִים בְּיַד עוֹסְקֵי תוֹרָתֶךָ. וּלְךָ עָשִׂיתָ שֵׁם גָּדוֹל וְקָדוֹשׁ בְּעוֹלָמֶךָ וּלְעַמְּךָ יִשְׂרָאֵל עָשִׂיתָ תְּשׁוּעָה גְדוֹלָה וּפֻרְקָן כְּהַיּוֹם הַזֶּה. וְאַחַר כֵּן בָּאוּ בָנֶיךָ לִדְבִיר בֵּיתֶךָ וּפִנּוּ אֶת הֵיכָלֶךָ וְטִהֲרוּ אֶת מִקְדָּשֶׁךָ וְהִדְלִיקוּ נֵרוֹת בְּחַצְרוֹת קָדְשֶׁךָ וְקָבְעוּ שְׁמוֹנַת יְמֵי חֲנֻכָּה אֵלּוּ לְהוֹדוֹת וּלְהַלֵּל לְשִׁמְךָ הַגָּדוֹל:

וְעַל כֻּלָּם יִתְבָּרַךְ וְיִתְרוֹמַם שִׁמְךָ מַלְכֵּנוּ תָּמִיד לְעוֹלָם וָעֶד:

וְכֹל הַחַיִּים יוֹדוּךָ סֶּלָה וִיהַלְלוּ אֶת שִׁמְךָ בֶּאֱמֶת הָאֵל יְשׁוּעָתֵנוּ וְעֶזְרָתֵנוּ סֶלָה: בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ הַטּוֹב שִׁמְךָ וּלְךָ נָאֶה לְהוֹדוֹת:

שָׁלוֹם רָב עַל יִשְׂרָאֵל עַמְּךָ תָּשִׂים לְעוֹלָם כִּי אַתָּה הוּא מֶלֶךְ אָדוֹן לְכָל הַשָּׁלוֹם וְטוֹב בְּעֵינֶיךָ לְבָרֵךְ אֶת עַמְּךָ יִשְׂרָאֵל בְּכָל עֵת וּבְכָל שָׁעָה בִּשְׁלוֹמֶךָ: בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ הַמְבָרֵךְ אֶת עַמּוֹ יִשְׂרָאֵל בַּשָּׁלוֹם 6):

יִהְיוּ לְרָצוֹן אִמְרֵי פִי וְהֶגְיוֹן לִבִּי לְפָנֶיךָ יְיָ צוּרִי וְגוֹאֲלִי:

אֱלֹהֵינוּ וֵאלֹהֵי אֲבוֹתֵינוּ תָּבֹא לְפָנֶיךָ תְּפִלָּתֵנוּ. וְאַל תִּתְעַלַּם מִתְּחִנָּתֵנוּ. שֶׁאֵין אָנוּ עַזֵּי פָנִים וּקְשֵׁי עֹרֶף לוֹמַר לְפָנֶיךָ יְיָ אֱלֹהֵינוּ וֵאלֹהֵי אֲבוֹתֵינוּ צַדִּיקִים אֲנַחְנוּ וְלֹא חָטָאנוּ. אֲבָל אֲנַחְנוּ וַאֲבוֹתֵינוּ חָטָאנוּ:

אָשַׁמְנוּ מיר האבין פארשולדיגט. בָּגַדְנוּ מיר זיינען געווען פאלש (אונטריי). גָּזַלְנוּ מיר האבין בארויבט גאט אונ לייטין *) דִּבַּרְנוּ דֹפִי מיר האבין שלעכטעס גירעט

*) ווען מ'עסט אן אַבְּרָכָה רויבט מען פון גאט (מ'חאפט פון גאטליכען גוטעס) אונ מ'גיט אים ניט קיין דאנק אונ מען בארויבט אויך דיא מענשין, ווייל דורך אונדאנקבארקייט, ניט דעם בורא, ניט קיין ברכה אויף די תבואה אונ די פירות, ווערט אלעס טייערער. לעזט די וואונדערליכע מעשה פון גנבה'טין עפיל ימעשה אלפס ערשטע טהייל זייטע 83.

מעשה אלפס

6) דא דארף מען טראכטין: בענש מיר שטן אונ קיין שטערונג אין מיין שמחה,
אויך ליבער פאטער מיט פרייד, אונ אויך מיין גאנצער לעבין זאל אוועק אין
[illegible] זאל זיך חלילה ניט צריין מישן [illegible] רוהיגקייט און פרידען.

נירעט. הֶעֱוִינוּ . וְהִרְשַׁעְנוּ מיר האבין פאר קרימט אונ שלעכטעס גיטאן . זַדְנוּ מיר ויינען נידערטרעכטיג גיוועזן . חָמַסְנוּ מיר האבין גוואלד=טהאטין גיטאן, טָפַלְנוּ שֶׁקֶר מיר האבין צו זאמען געפלאנטערט ליגענס . יָעַצְנוּ רָע מיר האבין שלעכט גיראטהען, כִּזַּבְנוּ מיר האבין ליגען גירעדט. לַצְנוּ מיר האבין לצנות געטריבען. מָרַדְנוּ מיר האבין גיטאן בייזע מעשים. נִאַצְנוּ מיר האבין גאט ערצארינט . סָרַרְנוּ מיר האבין אבגיוויכט (פון גוטין וועג). עָוִינוּ מיר זיינען גיגאנגען אין קרומע וועגין . פָּשַׁעְנוּ מיר האבין פאר בראכין . צָרַרְנוּ מיר האבין באליידיגט. קִשִּׁינוּ עֹרֶף מיר זיינען גיוועזן עקשנים (נים גיפאלגט דיא וואס האבין אונז גוטעס גילערינט). רָשַׁעְנוּ מיר האבין שלעכטעס גיטאן . שִׁחַתְנוּ מיר האבין פערדארבין. תִּעַבְנוּ מיר האבין זיך בעפלעקט. תָּעִינוּ מיר זיינען פערפירט גיווארען . תִּעְתָּעְנוּ אונ אויך אנדערע פערפירט. סַרְנוּ מִמִּצְוֹתֶיךָ וּמִמִּשְׁפָּטֶיךָ הַטּוֹבִים מיר האבין גיוויכט פון דיינע מצות אונ גוטע גיזעצע . וְלֹא שָׁוָה לָנוּ אונ דער שלעכטער פיהרונג האט אונז קיינע נוצין גיבראכט . וְאַתָּה צַדִּיק עַל כָּל הַבָּא עָלֵינוּ דרום ביזט דו גירעכט אין אלע צרות וואס האט גיטראפין איבער אונז , כִּי אֱמֶת עָשִׂיתָ וַאֲנַחְנוּ הִרְשָׁעְנוּ דען דו האסט גימאכט א ריכטיגע וועג, אונ מיר זיינען פערקראכין אין אשלעכטע .

מַה נֹּאמַר לְפָנֶיךָ יוֹשֵׁב מָרוֹם , וּמַה נְּסַפֵּר לְפָנֶיךָ שׁוֹכֵן שְׁחָקִים, הֲלֹא כָּל הַנִּסְתָּרוֹת וְהַנִּגְלוֹת אַתָּה יוֹדֵעַ:

אַתָּה יוֹדֵעַ רָזֵי עוֹלָם. וְתַעֲלוּמוֹת סִתְרֵי כָּל חָי. אַתָּה חוֹפֵשׂ כָּל חַדְרֵי בָטֶן, וּבוֹחֵן כְּלָיוֹת וָלֵב. אֵין דָּבָר נֶעְלָם מִמֶּךָּ. וְאֵין נִסְתָּר מִנֶּגֶד עֵינֶיךָ: וּבְכֵן יְהִי רָצוֹן מִלְּפָנֶיךָ יְיָ אֱלֹהֵינוּ וֵאלֹהֵי אֲבוֹתֵינוּ, שֶׁתְּכַפֵּר לָנוּ עַל כָּל חַטֹּאתֵינוּ. וְתִסְלַח לָנוּ עַל כָּל עֲוֹנוֹתֵינוּ וְתִמְחָל לָנוּ עַל כָּל פְּשָׁעֵינוּ:

עַל חֵטְא שֶׁחָטָאנוּ לְפָנֶיךָ בְּאוֹנֶס וּבְרָצוֹן:
וְעַל חֵטְא שֶׁחָטָאנוּ לְפָנֶיךָ בְּאִמּוּץ הַלֵּב:
עַל חֵטְא שֶׁחָטָאנוּ לְפָנֶיךָ בִּבְלִי דָעַת:
וְעַל חֵטְא שֶׁחָטָאנוּ לְפָנֶיךָ בְּבִטּוּי שְׂפָתָיִם:
עַל חֵטְא שֶׁחָטָאנוּ לְפָנֶיךָ בְּגָלוּי וּבַסָּתֶר:
וְעַל חֵטְא שֶׁחָטָאנוּ לְפָנֶיךָ בְּגִלּוּי עֲרָיוֹת:
עַל חֵטְא שֶׁחָטָאנוּ לְפָנֶיךָ בְּדִבּוּר פֶּה:
וְעַל חֵטְא שֶׁחָטָאנוּ לְפָנֶיךָ בְּדַעַת וּבְמִרְמָה:
עַל חֵטְא שֶׁחָטָאנוּ לְפָנֶיךָ בְּהַרְהוֹר הַלֵּב:
וְעַל חֵטְא שֶׁחָטָאנוּ לְפָנֶיךָ בְּהוֹנָאַת רֵעַ:
עַל חֵטְא שֶׁחָטָאנוּ לְפָנֶיךָ בְּוִדּוּי פֶּה:

וְעַל חֵטְא שֶׁחָטָאנוּ לְפָנֶיךָ בְּוַעִידַת זְנוּת:
עַל חֵטְא שֶׁחָטָאנוּ לְפָנֶיךָ בְּזָדוֹן וּבִשְׁגָגָה:
וְעַל חֵטְא שֶׁחָטָאנוּ לְפָנֶיךָ בְּזִלְזוּל הוֹרִים וּמוֹרִים:
עַל חֵטְא שֶׁחָטָאנוּ לְפָנֶיךָ בְּחוֹזֶק יָד:
וְעַל חֵטְא שֶׁחָטָאנוּ לְפָנֶיךָ בְּחִלּוּל הַשֵּׁם:
עַל חֵטְא שֶׁחָטָאנוּ לְפָנֶיךָ בְּטִפְשׁוּת פֶּה:
וְעַל חֵטְא שֶׁחָטָאנוּ לְפָנֶיךָ בְּטֻמְאַת שְׂפָתָיִם:
עַל חֵטְא שֶׁחָטָאנוּ לְפָנֶיךָ בְּיֵצֶר הָרָע:
וְעַל חֵטְא שֶׁחָטָאנוּ לְפָנֶיךָ בְּיוֹדְעִים וּבְלֹא יוֹדְעִים:

וְעַל כֻּלָּם אֱלוֹהַּ סְלִיחוֹת, סְלַח לָנוּ, מְחַל לָנוּ, כַּפֶּר לָנוּ.

עַל חֵטְא שֶׁחָטָאנוּ לְפָנֶיךָ בְּכַפַּת שֹׁחַד: | עַל חֵטְא שֶׁחָטָאנוּ לְפָנֶיךָ בְּנֶשֶׁךְ וּבְמַרְבִּית:
וְעַל חֵטְא שֶׁחָטָאנוּ לְפָנֶיךָ בְּכַחַשׁ וּבְכָזָב: | וְעַל חֵטְא שֶׁחָטָאנוּ לְפָנֶיךָ בִּנְטִיַּת גָּרוֹן:
עַל חֵטְא שֶׁחָטָאנוּ לְפָנֶיךָ בְּלָשׁוֹן הָרָע: | עַל חֵטְא שֶׁחָטָאנוּ לְפָנֶיךָ בְּשִׂקּוּר עָיִן:
וְעַל חֵטְא שֶׁחָטָאנוּ לְפָנֶיךָ בְּלָצוֹן: | וְעַל חֵטְא שֶׁחָטָאנוּ לְפָנֶיךָ בְּשִׂיחַ שִׂפְתוֹתֵינוּ:
עַל חֵטְא שֶׁחָטָאנוּ לְפָנֶיךָ בְּמַשָּׂא וּבְמַתָּן: | עַל חֵטְא שֶׁחָטָאנוּ לְפָנֶיךָ בְּעֵינַיִם רָמוֹת:
וְעַל חֵטְא שֶׁחָטָאנוּ לְפָנֶיךָ בְּמַאֲכָל וּבְמִשְׁתֶּה: | וְעַל חֵטְא שֶׁחָטָאנוּ לְפָנֶיךָ בְּעַזּוּת מֵצַח:

וְעַל כֻּלָּם אֱלוֹהַּ סְלִיחוֹת, סְלַח לָנוּ, מְחַל לָנוּ, כַּפֶּר לָנוּ.

עַל חֵטְא שֶׁחָטָאנוּ לְפָנֶיךָ בִּפְרִיקַת עוֹל: | עַל חֵטְא שֶׁחָטָאנוּ לְפָנֶיךָ בְּרִיצַת רַגְלַיִם לְהָרַע:
וְעַל חֵטְא שֶׁחָטָאנוּ לְפָנֶיךָ בִּפְלִילוּת: | וְעַל חֵטְא שֶׁחָטָאנוּ לְפָנֶיךָ בִּרְכִילוּת:
עַל חֵטְא שֶׁחָטָאנוּ לְפָנֶיךָ בִּצְדִיַּת רֵעַ: | עַל חֵטְא שֶׁחָטָאנוּ לְפָנֶיךָ בִּשְׁבוּעַת שָׁוְא:
וְעַל חֵטְא שֶׁחָטָאנוּ לְפָנֶיךָ בְּצָרוּת עָיִן: | וְעַל חֵטְא שֶׁחָטָאנוּ לְפָנֶיךָ בְּשִׂנְאַת חִנָּם:
עַל חֵטְא שֶׁחָטָאנוּ לְפָנֶיךָ בְּקַלּוּת רֹאשׁ: | עַל חֵטְא שֶׁחָטָאנוּ לְפָנֶיךָ בִּתְשׂוּמֶת יָד:
וְעַל חֵטְא שֶׁחָטָאנוּ לְפָנֶיךָ בְּקַשְׁיוּת עֹרֶף: | וְעַל חֵטְא שֶׁחָטָאנוּ לְפָנֶיךָ בְּתִמְהוֹן לֵבָב:

וְעַל כֻּלָּם אֱלוֹהַּ סְלִיחוֹת. סְלַח לָנוּ. מְחַל לָנוּ. כַּפֶּר לָנוּ.

וְעַל חֲטָאִים שֶׁאָנוּ חַיָּבִים עֲלֵיהֶם עוֹלָה: | וְעַל חֲטָאִים שֶׁאָנוּ חַיָּבִים עֲלֵיהֶם מַלְקוּת אַרְבָּעִים:
וְעַל חֲטָאִים שֶׁאָנוּ חַיָּבִים עֲלֵיהֶם חַטָּאת: | וְעַל חֲטָאִים שֶׁאָנוּ חַיָּבִים עֲלֵיהֶם מִיתָה בִּידֵי שָׁמָיִם:
וְעַל חֲטָאִים שֶׁאָנוּ חַיָּבִים עֲלֵיהֶם קָרְבָּן עוֹלֶה וְיוֹרֵד: | וְעַל חֲטָאִים שֶׁאָנוּ חַיָּבִים עֲלֵיהֶם כָּרֵת וַעֲרִירִי:
וְעַל חֲטָאִים שֶׁאָנוּ חַיָּבִים עֲלֵיהֶם אָשָׁם וַדַּאי וְתָלוּי: | וְעַל חֲטָאִים שֶׁאָנוּ חַיָּבִים עֲלֵיהֶם אַרְבַּע מִיתוֹת בֵּית דִּין:
וְעַל חֲטָאִים שֶׁאָנוּ חַיָּבִים עֲלֵיהֶם מַכַּת מַרְדּוּת:

סְקִילָה, שְׂרֵפָה, הֶרֶג, וְחֶנֶק, עַל מִצְוַת עֲשֵׂה וְעַל מִצְוַת לֹא תַעֲשֶׂה בֵּין שֶׁיֵּשׁ בָּהּ קוּם עֲשֵׂה, וּבֵין שֶׁאֵין בָּהּ קוּם עֲשֵׂה, אֶת הַגְּלוּיִם לָנוּ וְאֶת שֶׁאֵינָם גְּלוּיִם לָנוּ. אֶת הַגְּלוּיִם לָנוּ, כְּבָר אֲמַרְנוּם לְפָנֶיךָ, וְהוֹדִינוּ לְךָ עֲלֵיהֶם, וְאֶת שֶׁאֵינָם גְּלוּיִם לָנוּ, לְפָנֶיךָ הֵם גְּלוּיִם וִידוּעִים, כַּדָּבָר שֶׁנֶּאֱמַר הַנִּסְתָּרֹת לַייָ אֱלֹהֵינוּ וְהַנִּגְלֹת לָנוּ וּלְבָנֵינוּ עַד עוֹלָם, לַעֲשׂוֹת אֶת כָּל דִּבְרֵי הַתּוֹרָה הַזֹּאת: כִּי אַתָּה סָלְחָן לְיִשְׂרָאֵל, וּמָחֳלָן לְשִׁבְטֵי יְשֻׁרוּן בְּכָל דּוֹר וָדוֹר. וּמִבַּלְעָדֶיךָ אֵין לָנוּ מֶלֶךְ מוֹחֵל וְסוֹלֵחַ אֶלָּא אָתָּה:

אֱלֹהַי עַד שֶׁלֹּא נוֹצַרְתִּי אֵינִי כְדַאי, וְעַכְשָׁו שֶׁנּוֹצַרְתִּי כְּאִלּוּ לֹא נוֹצַרְתִּי. עָפָר אֲנִי בְּחַיַּי, קַל וָחוֹמֶר בְּמִיתָתִי. הֲרֵי אֲנִי לְפָנֶיךָ

כִּכְלִי

בִּכְלִי מָלֵא בוּשָׁה וּכְלִמָּה. יְהִי רָצוֹן מִלְּפָנֶיךָ יְיָ אֱלֹהַי וֵאלֹהֵי אֲבוֹתַי שֶׁלֹּא אֶחֱטָא עוֹד, וּמַה שֶּׁחָטָאתִי לְפָנֶיךָ, מָרֵק בְּרַחֲמֶיךָ הָרַבִּים, אֲבָל לֹא עַל יְדֵי יִסּוּרִים וָחֳלָיִם רָעִים א):

אֱלֹהַי, נְצוֹר לְשׁוֹנִי מֵרָע, וּשְׂפָתַי מִדַּבֵּר מִרְמָה, וְלִמְקַלְלַי נַפְשִׁי תִדּוֹם, וְנַפְשִׁי כֶּעָפָר ב) לַכֹּל תִּהְיֶה, פְּתַח לִבִּי בְּתוֹרָתֶךָ ג)

מעשה אלפס

א) דער אינהאלט פון די תפלה איז, אז היט זיא זאלין ניט בלייבין ליגן בבזיון. דער מענש איז גיגליכן צו אליימענע כלי (זיין קערפער איז דאך בעשאפין פון ערד) אונ אז מען האט גהאלטן אין איר שמוציגע זאכין, דארף מען איר נוט שייערין, ווייל ליים ציט אן אין זיך, אלזא בעטין מיר דו זאלסט אונז ניט שייערין מיט שארפע זאכין, היינו מיט יסורים אונ קראנקייט חלילה, נור מיט דעם פראשיק פון בושה, כלומר דורך דעם, וואס מיר שעמען זיך פאר די זינד וואס מיר האבין ביז יעצט גיטאן, איז מיט דיין רחמנות זאלסטו אינז אויסשייערין מיט די בושה וכלמה, דאס הייסט ווען אמענש באקענט זיין אירטהום און שעמט זיך מיט דעם, איז אבעווייז אז ער וועט דאס נאך אמאל נים טאן, און דאס איז די רעכטע תשובה, חרטה איף די פערגאנגענהייט און נעמען זיך אפיר צו גיין אין גוטען וועג אויף להבא.

ב) מיין זעלע זאל זיין פייהיג צו אלע גוטע זאכין וויא דיא ערד, כלומר זיא זאל האבין דעם גוטען חאראקטער וואס די ערד האט, די ערד איז די טרייע מוטער פון אלע לעבעדיגע, זי טוט מיט אלעמען גנאדע, זיא גיט אלע זארטין שפייז, אלע זארטין קליידונג (פלאקס, באוויל), אלע זארטן מאטריאל צו בויען הייזער. גאלד, זילבער צו מאכין צירונג, אזוי זאל איך אויך זיין גוט הערציג אונ וואהלטהעטיג צוא אלעמען, אויך זאל איך ניט שטאלצירען מיט מיינע וואהלטהאט (האלטין זיך גרויס קענין יענעם וואס קומט אן צו מיין לאסקע) אזוי וויא די ערד שטאלצירט ניט, אין געגענטהייל זיא לאזט זיך טרעטין פון אלעמען, אבער דאפיר לעבט זיא איבער אלעמען, זיא דעקט צו אלעמען אונ פאר-

ג) אום דער יצר הרע זאל מיר ניט איין ריידין, יא ריכטיג זייער אטייערע זאך לערינסטו זיך פון די ערד צו זיין גוטהערציג אונ ניט שטאלצירען), אבער צו וואס דארף מען נאך דאווענען, שבת האלטען? מ'דארף נור גוט זיין צו מענשין וויא די ערד איז. באמערקט אונז די ערד נאך אטייערע זאך, אונ מיט דעם בעווייזט זי אונז די נארישקייט פון דעם גידאנקען, באטראכט מיין קינד (זאגט זיא צוא יעדערין) אז מיין גוטהערציגקייט אונ וואלטהאט (וואס איך טוא מיט אלע לעבעדיגע) איז נור ווען איך בין פריינדליך מיט'ן הימעל, ער איז אויף מיר משפיע רעגין, טוי, גוטע לופט דאן פוין איך זיך אוים מיט מיין גריגעם ראק אונ טוא פיל גוטעס, איך בין אגוטע מוטער אונ ווירטהין נור אז דער פאטער ברייננט מיר די מטבע (טוי אונ רעגין און גוטע ווינטין) אבער ווען איך ווער ברוגז מיט אים און מיין קעשענע איז פוסט און טרוקען, דא בין איך אוים ווירטהין, עס ווערין פאר ברענט אלע בלעטלאך אונ איך קריג אפנים פון חלשות. אזוי זאלסטו וויסין מיין קינד, ווען איז די הארץ ווייך אונ וואלטהעטיג צו אלעמען אז מען איז פריינדליך צו דעם וואס אין הימל, מ'איז אמאמין, אין גאט ב"ה, אין דער תורה און מען ליבט איר, מ'זעט אירע אנגענעהמע וועגין וואס זי איז פול חסד אונ רחמים. ווען מ'איז אוהב את המקום דאן איז מען אוהב את הבריות, אז פתח לבי בתורתך ווען די תורה מאכט ווייך די הארץ אונ עפינט איר, דאן איז ובמצותיך תרדוף נפשי, ווערט מען נארעם צוא טאן מצות ומעשים טובים, צדקות אונ גמילות חסדים.

וּבְמִצְוֹתֶיךָ תִּרְדּוֹף נַפְשִׁי, וְכָל הַחוֹשְׁבִים עָלַי רָעָה, מְהֵרָה הָפֵר עֲצָתָם, וְקַלְקֵל מַחֲשַׁבְתָּם. עֲשֵׂה לְמַעַן שְׁמֶךָ, עֲשֵׂה לְמַעַן יְמִינֶךָ, עֲשֵׂה לְמַעַן קְדֻשָּׁתֶךָ, עֲשֵׂה לְמַעַן תּוֹרָתֶךָ, לְמַעַן יֵחָלְצוּן יְדִידֶיךָ, הוֹשִׁיעָה יְמִינְךָ וַעֲנֵנִי: יִהְיוּ לְרָצוֹן אִמְרֵי פִי, וְהֶגְיוֹן לִבִּי לְפָנֶיךָ, יְיָ צוּרִי וְגוֹאֲלִי: עֹשֶׂה שָׁלוֹם בִּמְרוֹמָיו, הוּא יַעֲשֶׂה שָׁלוֹם עָלֵינוּ וְעַל כָּל יִשְׂרָאֵל וְאִמְרוּ אָמֵן:

יְהִי רָצוֹן מִלְּפָנֶיךָ יְיָ אֱלֹהֵינוּ וֵאלֹהֵי אֲבוֹתֵינוּ שֶׁיִּבָּנֶה בֵּית הַמִּקְדָּשׁ בִּמְהֵרָה בְיָמֵינוּ וְתֵן חֶלְקֵנוּ בְּתוֹרָתֶךָ: וְשָׁם נַעֲבָדְךָ בְּיִרְאָה כִּימֵי עוֹלָם וּכְשָׁנִים קַדְמוֹנִיּוֹת: וְעָרְבָה לַייָ מִנְחַת יְהוּדָה וִירוּשָׁלָיִם כִּימֵי עוֹלָם וּכְשָׁנִים קַדְמוֹנִיּוֹת:

עָלֵינוּ לְשַׁבֵּחַ לַאֲדוֹן הַכֹּל לָתֵת גְּדֻלָּה לְיוֹצֵר בְּרֵאשִׁית שֶׁלֹּא עָשָׂנוּ כְּגוֹיֵי הָאֲרָצוֹת *) וְלֹא שָׂמָנוּ כְּמִשְׁפְּחוֹת הָאֲדָמָה. שֶׁלֹּא שָׂם חֶלְקֵנוּ כָּהֶם וְגוֹרָלֵנוּ כְּכָל הֲמוֹנָם: וַאֲנַחְנוּ כּוֹרְעִים וּמִשְׁתַּחֲוִים וּמוֹדִים לִפְנֵי מֶלֶךְ מַלְכֵי הַמְּלָכִים הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא. שֶׁהוּא נוֹטֶה שָׁמַיִם וְיוֹסֵד אָרֶץ. וְכִסֵּא כְבוֹדוֹ בַּשָּׁמַיִם מִמַּעַל וּשְׁכִינַת עֻזּוֹ בְּגָבְהֵי מְרוֹמִים. הוּא אֱלֹהֵינוּ אֵין עוֹד. אֱמֶת מַלְכֵּנוּ אֶפֶס זוּלָתוֹ כַּכָּתוּב בְּתוֹרָתוֹ. וְיָדַעְתָּ הַיּוֹם וַהֲשֵׁבֹתָ אֶל לְבָבֶךָ כִּי יְיָ הוּא הָאֱלֹהִים בַּשָּׁמַיִם מִמַּעַל וְעַל הָאָרֶץ מִתָּחַת אֵין עוֹד:

עַל כֵּן נְקַוֶּה לְךָ יְיָ אֱלֹהֵינוּ לִרְאוֹת מְהֵרָה בְּתִפְאֶרֶת עֻזֶּךָ לְהַעֲבִיר גִּלּוּלִים מִן הָאָרֶץ וְהָאֱלִילִים כָּרוֹת יִכָּרֵתוּן. לְתַקֵּן עוֹלָם בְּמַלְכוּת שַׁדַּי וְכָל בְּנֵי בָשָׂר יִקְרְאוּ בִשְׁמֶךָ לְהַפְנוֹת אֵלֶיךָ כָּל רִשְׁעֵי אָרֶץ. יַכִּירוּ וְיֵדְעוּ כָּל יוֹשְׁבֵי תֵבֵל כִּי לְךָ תִּכְרַע כָּל בֶּרֶךְ תִּשָּׁבַע כָּל לָשׁוֹן. לְפָנֶיךָ יְיָ אֱלֹהֵינוּ יִכְרְעוּ וְיִפֹּלוּ וְלִכְבוֹד שִׁמְךָ יְקָר יִתֵּנוּ. וִיקַבְּלוּ כֻלָּם אֶת עוֹל מַלְכוּתֶךָ וְתִמְלוֹךְ עֲלֵיהֶם מְהֵרָה לְעוֹלָם וָעֶד. כִּי הַמַּלְכוּת שֶׁלְּךָ הִיא וּלְעוֹלְמֵי עַד תִּמְלוֹךְ בְּכָבוֹד. כַּכָּתוּב בְּתוֹרָתֶךָ יְיָ יִמְלוֹךְ לְעוֹלָם וָעֶד: וְנֶאֱמַר וְהָיָה יְיָ לְמֶלֶךְ עַל כָּל הָאָרֶץ בַּיּוֹם הַהוּא יִהְיֶה יְיָ אֶחָד וּשְׁמוֹ אֶחָד:

אַל תִּירָא מִפַּחַד פִּתְאֹם וּמִשֹּׁאַת רְשָׁעִים כִּי תָבֹא: עֻצוּ עֵצָה וְתֻפָר דַּבְּרוּ דָבָר וְלֹא יָקוּם כִּי עִמָּנוּ אֵל: וְעַד זִקְנָה אֲנִי הוּא וְעַד שֵׂיבָה אֲנִי אֶסְבֹּל אֲנִי עָשִׂיתִי וַאֲנִי אֶשָּׂא וַאֲנִי אֶסְבֹּל וַאֲמַלֵּט:

## אַ תְּחִנָּה פַאר אַ כַּלָּה בֶּעפָֿאר זִי פָֿארְט אִין חֻתּוּנָה וַאל.

גְרוֹיסֶער וֶועלְט קֶענִיג! אִיךְ דַאנְק דַיין לִיבֶּען נָאמֶען, וָואס דוּ הָאסְט מִיט דַיין חֶסֶד מִיר צוּ גִיפִֿירְט צוּ מַיין גְלִיקְלִיכֶען הָאכְצַייטְס טָאג. לִיבֶּער פָֿאטֶער דָרַיי וִויכְטִיגֶע זַאכִין שְׁטֵייעֶן מִיר פָֿאר צוּא

*) בעת מתן תורה.

נעמען

נעמען אויף זיך דורך מיין חופה, צו זיין א טרייע פרוי צוא מיין מאן, א ווירטין צו מיין הויז, אונ מיט דער צייט אויך אמוטער צוא קינדער, איך פיל מיר צו שוואך צו אזא הויכע אונטער נעמונג, נור דאס איז אבער דיין הייליגער ווילען. אז דיין וועלט זאל פראגרעסירן, דרום בעט איך דיין חסד, דו זאלסט מיר העלפין דאס ריכטיג צוא ערפילען, גיב אויף מיר דעם חן פון אסתר המלכה, אונ באגלייט מיין יעצטיגען שריט מיט דיין ברכה, אז אונזער פאר, זאל זיין אויף לאנגע יאהר, אמן.

## תחנות קודם החופה.

די עלטערין זאלין דאס מתפלל זיין אין דער היים, פארין גיין צו זייער קינדס חופה.

ליבער גאט, דו האסט גיזאגט (לא טוב היות האדם לבדו) עס איז ניט גוט דער מענש זאל זיין איינזאם, אונ האסט אים באשאפין אפרוי פיר אגעהילפע, אויך דורך דיינע נביאים האסטו גיזאגט (קחו לבניכם נשים ואת בנותיכם תנו לאנשים) מען זאל זעהען חתונה צו מאכין קינדער, אלזא האב איך גיטאן דיין ווילען און היינט גיי איך פירין מיין קינד צו דער חופה, בעט איך דיין חסד, דו זאלסט ערפרייען מיין שמחה, די יונגע פאר וועלכע פארבינדען זיך היינט מיט חופה וקדושין ווי דו האסט גבאטן אין דיין הייליגע תורה, זאל זיין אעוויגער בונד, זיי זאלין לעבין צו זאמען מיט שלום און פיל נחת אין גוטע אידישקייט, און זאלין זוכה זיין צו גוטע דורות. הארציגער פאטער! באגליק מיין שמחה, איך זאל קענען צופרידין שטעלין אלע מחותנים און אלע געסט קיינער זאל חלילה ניט באליידיגט ווערן, אונ איבערהויפט זאלסטו אונז העלפין, מיר זאלין חלילה דיר ניט באליידיגען, מיט אונזערע נארישע מעשים אדער נארישע רייד. מיר זאלין קענען ריכטיג זאגין (שהשמחה במעונו) אז אונזער שמחה איז אין דיין געגענווארט. הכלל עס זאל זיין א״ן אידישע שמחה ניט חלילה ווי ביי אומות העולם, ווי דער נביא זאגט אל תשמח ישראל אל גיל כעמים, און עס זאל חלילה ניט שאדין קיין שלעכטע אויג די יונגע קינדער אונ ניט מיר אונ מיין מאן, אונ די שמחה זאל זיין פארפול דו זאלסט אויך נחת האבין פון אונז, אונ מיר זאלין זוכה זיין צו זעהען די שמחה פון ציון וירושלים במהרה, אמן.

# אתחנה פון בענטשין קינדער פאר דער חופה.

די עלטערין לייגין ארויף די הענד אויפ'ן קינדס קאפ און זאגין

(צו אוותן) יְשִׂמְךָ אֱלֹהִים כְּאֶפְרַיִם וְכִמְנַשֶּׁה. | (צו אטאכטער) יְשִׂימֵךְ אֱלֹהִים כְּשָׂרָה רִבְקָה רָחֵל וְלֵאָה.

יְבָרֶכְךָ יְיָ וְיִשְׁמְרֶךָ גאט זאל דיר בענשין, און אויסהיטען פון שלעכטע מענשין. יָאֵר יְיָ פָּנָיו אֵלֶיךָ וִיחֻנֶּךָּ ער זאל ערלייכטין זיין אנגעזיכט צו דיר און זאל דיר געבין חן. יִשָּׂא יְיָ פָּנָיו אֵלֶיךָ וְיָשֵׂם לְךָ שָׁלוֹם ער זאל זיך ווענדין צו דיר פריינדליך, און דיר געבין לעבין מיט צופרידענהייט.

הארציגער פאטער! איך בעט דיין חסד, אזוי ווי דו ביסט געוועזן איין אונטערפיהרער ביי אדם הראשון מיט חוה'ן און האסט זיי געבענשט אונטער זייער חופה, אזוי זאלסטו זיין איין אונטערפיהרער ביי מיינע קינדער און זאלסט פאר זיי טראגען די ליכט פון הצלחה און ברכה. עס זאל אויף זיי מקויים ווערין אלע ברכות וואס משה רבנו האט געבענשט אידין, און מיינע אויגין זאלין דאס זוכה זיין צו זעהען, אמן.

## אברכה פון גוטע פריינד צו חתן כלה (קודם החופה).

ליבע קינדער, דער עוויגער זאל ערשיינען צווישען אייער פארטיי, אייער ליבע און טרייהייט זאל שטענדיג זיין ווי יעצטיגע מינוט. איר זאלט פרוכטבאר זיין, און אייערע פריכטע זאלין ערפרייען גאט און לייטען, אמן.

## א רעדע פון א קלוגע מוטער

### פאר איר קינד'ס חופה.

מיין טייערע קינד, איך דאנק דעם ליבען פאטער פון הימ'ל, וואס איך האב זוכה געוועזן צו־פירען דיר צום באן סטאנציע, אה, די צוואנציג וויארסט פון שטעטיל ביז די סטאנציע, וואס פאר אשווערע ריזיקאלישע וועג דאס איז געוועזן, וואס פאר אשלעכטע פאגאדע, ניט איין מאל האט דער סליטען זיך אוים געקערט מיט דיר אויף מיינע שוואכע ביינער און שיער זיי צוריבען, ניט איין מאל האט מיר דער שטורם ווינד אוים געשמיסען די אויגן, אדאנק און אלויב דעם עוויגען, אז איך האב אלעם אריבער געטראגין און דער לעבט די מינוט, דיר אריין זעצין אין וואגאן. זעה מיין קינד,

ווי פאר־זיכטיג דו האסט צו פארן ווייער אלאנגע וועג, ווי פריינדליך צו די פאסאזירען, ווען אמאל ווערט איינג דער פלאטץ. וועה מיט איידילקייט זיך צו מיטלען, ווי פאר־זיכטיג ניט צוא פאר לירען דעם בילעט, מ'זאל דיר חלילה ניט אראב ועצין אין מיטין וועג. — דאס גלייכען מיין ליבע קינד צוואנציג יאהר האב איך דיר גיפירט אין וועג, פון דיין ארוים גיין פון די קליינע פינסטערע שטעטעלע (פון מוטערס בויך), איך בין ווייער פיל אוים גישטאנען פון דיא שווערע פאגאדע, פאקין, מאזלען, צייגער, שלאפקייטין, סקארלאנטין, טיפעס, דיפטיריט, ניט פאר קיין מוטער גידאכט, נאכהער אז איך האב שוין זוכה גיוועז דיר צו געבין לערנען, בילדן, האט זיך ווידער אנגיהייבין אסדרה, אוים צו שטיין פון אלע אייערע קאפריזין, וואס שטעבין די עלטערין זיי שפיזין, ביז איך האב דער לעבט צוא פירין דיר צו די חופה־סטאנציע, דו זאלסט אנהייבין דיין לעבענס־רייזע, וועה מיין קינד, זאלסט זיך קענען האלטין, זיין אטריי פרוי צו דיין מאן, אווירטין צו דיין הויז, אפריינדליכער מענש צו די פאסאזירען, צו שכנים און קרובים, און איבער הויפט זיין אמוטער צו קינדער. די וויסין מיין קינד, אז אמוטער צו קינדער איז ווייער אהויכע שטעלע, אלע כלות נעמען זיך דאס אונטער, אבער ניט אלע קענען דאס באטרעטען, נור איין כלל וועל איך דיר זאגין, וואס דוד המלך זאגט אז, (אשתך כגפן פוריה בירכתי ביתך), דאן קענסטו האפין אז (בניך כשתלי זיתים סביב לשלחנך), דאס הייסט, אז דער בוים שטייט רוהיג אויף זיין ארט, דא וואקסין די עפאלאך גוט, ווען אבער דער בוים איז יאגט און גיטריבין פון אלע ווינטין, כלומר, ווען די מוטער לויפט ארום אין פרעמדע הייזער, אבשטאטין וויזיטין, מאסקאראדין, בעלער, דא באקומט זי אפעלער, אז נאכהער דארף זי לויפין אין די בעדער, פליהען אין די בעדער, פאלען דאן חלילה ארונטער די עפאלאך פאר דער צייט. אלזא וועה מיין קינד צו היטין דיין שטאט כל כבודה בת מלך פנימה, די עהרע פון אברהם אבינו'ס טאכטער איז. אויף פאסין איר שטוב מיט אירע קינדער. זעה מיין קינד היט דיין בילעט וואס די הימל'ס קאססע האט דיר גיגעבין אויף דיין הונדערט צוואנציג יאהריגע רייזע, זאלסט אים חלילה ניט פארלירען דורך דעם ניט אב היטען די דריי מצות וואס איז אנגיטרויט און

פרויען *) תאם דער סימן פון זיי איז אונזער מוטער חנה *). אה ווי טרויעריג עס איז, אז מ'בלייבט אין מיטן וועג אן אבילעט, מ'מוז חלילה איונגע אראב־שטייגען פון לעבענס באן, און די עפאלאך בלייבען חלילה יתומים אן בוים, דער בורא זאל היטין אלע אידישע טעכטער פון דעם. אבער אז דו מיין קינד וועסט זיין כגפן, וועט דער בורא דיר בענצין מיט די ברכות וואס גפ"ן מאכט: "גיזונד "פרנסה און "נחת. און איך ענדיג מיין רעדע מיט די ברכה, אז דיין רייזע זאל זיין מיט גרוים הצלחה, דיין מזל זאל ווערין דער הויבן, און איר זאלט לעבין ביידע ווי אפאר טויבין ג), אמן.

איף

*) אין די תפלה פון "חנה" שטייט דריי מאל דער ווארט: "אמתך" אם ראה תראה בעני "אמתך", וזכרתני ולא תשכח את "אמתך", ונתתה "לאמתך" זרע אנשים, זאגין די חכמי התלמוד אז איר כונה איז גיוועזן. איך בין דיר גיוועזן אטרייע דינערין אין די אלע דריי זאכין, וואס דו האסט אונז פרויען אנגיטרויט, כלומר, איך בין גיוועזן א טרייע אציכטיג'ע פרוי צו מיין מאן, איך האב אב גיהיט די דינים פון נדה (וואס דאס גיהער פון די פרוי צום מאן), איך בין גיוועזן אויווירטין צו מיין שטוב, איך האב אב גיהיט די דינים פון חלה, וואס דאס איז כולל די אלע כשרקייט אין קיך (זעה אין תחנה פון אבשיידין חלה זייטע מ"ה) איך קען זיין אמוטער צו קינדער איך האב אב גיהיט "הדלקת הנר" מיין שטוב זאל לייכטין מיט ליכטיגקייט פון דר תורה אלזא גיב מיר אקינד, האט דער בורא טאקע צו גיהערט איר תפלה און איר גיגעבין אזון שמואל הנביא וואס ער האט ליכטיג גימאכט די אויגין פון כלל ישראל. אויך ליגט דא ארמז, אז ווען מ'היט דאס ניט ווי מ'דארף, ווערט חלילה צו גינומען (פון אמתך דער "אלף" כלומר די השגחה פון איינציגען גאט און עם בלייבט "מתך" (אטויטער קערפער).

מעשה אלפס

א) דער מדרש שרייבט, הקב"ה זאגט צו אידין, מיין ליכט (די תורה) וואס די איז גיגעבין גיווארין שבת, איז אין דיין האנד, און דיין ליכט (די נשמה) איז אין מיין האנד, אויב דו וועסט היטין מיין ליכט בעלייכטין דיין שטוב מיט די ליכט פון שבת און פון דער תורה, וועל איך היטין דיין ליכט (די נשמה). איך וועל ניט חיסין דעם קאנדוקטאר (מלאך המות) צו נעמען דיין בילעט אין מיטין וועג, ביז דו וועסט ענדיגען דיין הונדערט יאהריגע לעבענס־רייזע, אבער ווען דו וועסט חלילה ניט היטין מיין ליכט פון שבת...

ב) פון די טויב לערנען מיר פיל וויכטיגע זאכען. 1) דעם ריינעם פאמיליע לעבין (עריות מיונה) ניט ווי אלע בעלי חיים, וואס זיינען קיין מקפידים, הייגט לעבין מיט די און טארגין מיט אצווייטע, אבער די טויב, ווי זי פארט זיך צו איר פארטיי, בלייבען זיי עווינ טריי איינע די אנדערע. 2) אוים צו ווייכין די נאב פון מענשען, ווי זי האט מרמז גיוועזן נח'ן, בעסער די ביטערע בלאט פון נאטעם האנד איידער זים ווי האניג פון אמענשענס האנד, דרום רופט השי"ת אונז אידין מיטין נאמען "יונתי" ווייל מיר זיינען אים טריי, פאר קיין פאל וועלין מיר אים ניט אב בייטין אויף קיין אנדערען, און בעסער דיא ביטערע בלאט פון זיין הייליגע האנד, כלומר שווערליך, אבער ערליך לעבין, איידער אראיזקאשנעם לעבען און פארגעסען חלילה אצנוייטינס

אויך פִיר אַפְרוֹי וָואס הָאט נָאךְ גָאר נִיט גֶעבוֹירִין, זָאגִין דָאס נָאךְ לִיכְט בֶּענְטְשִׁין.

וַתִּתְפַּלֵּל חַנָּה וַתֹּאמַר, עָלַץ לִבִּי בַּיהוָֹה, רָמָה קַרְנִי בַּיהוָֹה, רָחַב פִּי עַל־אוֹיְבַי, כִּי־שָׂמַחְתִּי בִּישׁוּעָתֶךָ: אֵין־קָדוֹשׁ כַּיהוָֹה כִּי־אֵין בִּלְתֶּךָ, וְאֵין צוּר כֵּאלֹהֵינוּ: אַל־תַּרְבּוּ תְדַבְּרוּ גְּבֹהָה גְבֹהָה, יֵצֵא עָתָק מִפִּיכֶם, כִּי אֵל דֵּעוֹת יְהוָֹה, וְלוֹ נִתְכְּנוּ עֲלִלוֹת: קֶשֶׁת גִּבֹּרִים חַתִּים, וְנִכְשָׁלִים אָזְרוּ חָיִל: שְׂבֵעִים בַּלֶּחֶם

---

שערי ציון

וַתִּתְפַּלֵּל, חַנָּה הָאט תְּפִלָּה גִיטָאן (וַתֹּאמַר) אוּנ הָאט פָארְהֶער דֶער צֵיילְט דִי שְׁבָחִים פוּן השי"ת, בִּכְדֵי זִי זָאל זִיךְ פָארְשְׁטֶעלִין פַאר וֶועמֶען זִי שְׁטֶעלְט זִיךְ מִתְפַּלֵּל זַיין, פַאר אַזַא גְרוֹיסֶען פָארְכְטִיגִין קֶענִיג. (עָלַץ) מִיט דַיין הִילְף הָאסְטוּ עֶרְפְרֵייט מַיין הַארְץ אוּנ גִיפֶעסְטִיגְט מַיין מוּטְה, פְרִיעֶר בִּין אִיךְ גִיוֶוען וִוי אַשְׁטוּמֶע שֶׁעפְּסֶעלֶע (פאר די וואס שערין איר) אוּנ יֶעצְט הָאבּ אִיךְ וֶוערְטֶער אִין מַיין מוֹיל צוּ עֶנְטְפֶערִין מַיינֶע פַיינְד וָואס הָאבֶּען מִיר גִיעֶרְגֶערְט, דְרוּם פְרֵיי אִיךְ מִיר וָואס אִיךְ בִּין גִיהָאלְפֶן, אוּנ אִיבֶּער הוֹיפְּט וָואס דַיין נָאמֶען וַואר גִיהָאלְפֶען עֶר זָאל נִיט מְחוּלָל זַיין וֶוען דִי עֶרְלִיכֶע אוּנ דִי פְרוּמֶע זַיינֶען גִיפַיינִיגְט. (אֵין) עֶס אִיז נִיטָא אַהֵיילִיגֶער אַזוֹי וִוי גָאט, אוּנ עֶס אִיז נִיטָא קַיין קִינְסְטְלֶער וִויא דוּ, אַמֵיילֶער קֶען נוּר אָבּ מָאלֶען אַגִישְׁטַאלְט פוּן אַמֶענְשִׁין, אָבֶּער קַיין גִידֶערִים אוּנ לֶעבְּהַאפְט קֶען עֶר נִיט אַרַיין גֶעבִּין, אוּנ גָאט מָאלְט אוֹיס אַצוּרָה אִין אַצוּרָה (אַקִינְד אִין מוּטֶערְס לַייבּ) אוּנ גִיט דָארְטֶען אַרַיין גִידֶערִים אוּנ אַנְשָׁמָה, אִיז דֶען דָא אַזַא קִינְסְטְלֶער וִוי גָאט? (אַל תַּרְבּוּ) אִיר שְׁטָאלְצֶע לַייט (ווי פנינה אונ איר גלייכין) זָאלְט נִיט רֵיידִין מֶער הוֹיכֶע אוּנ שְׁטָאלְצֶע רֵייד, עֶס זָאל מֶער נִיט אַרוֹיס גֵיין קַיין שְׁטַארְקֶע אוּנ אָבְּגִיקֶערְטֶע רֵייד פוּן אַייעֶר מוֹיל. דֶען גָאט וֵויס וָואס בַּיין מֶענְשִׁין אִין גִידַאנְקֶען אִיז (וָואס עֶר מֵיינְט מִיט דִי רֵייד) אוּנ פַר אִים וֶוערִין גִיצֵיילְט דִי אַלֶע מַעֲשִׂים פוּן מֶענְשִׁין, אַלְזָא וֶועט אִיר זִיךְ נִיט קֶענֶען אוֹיסְדְרֵייעֶן, אַז אִיר הָאט גָאר אַנְדֶערְס גִימֵיינְט. (קֶשֶׁת) אוּנ וַוייל עֶר וֵויס אַלֶע מַעֲשִׂים אוּנ גִידַאנְקֶען פוּן מֶענְשִׁין, דְרוּם צָאלְט עֶר יֶעדֶערִין מִדָּה כְּנֶגֶד מִדָּה, אַז פְלוּצְלוּנְג טֶערִין צוּ בְּרָאכֶען דִי גִיוֶועהר פוּן דִי גִבּוֹרִים אוּנ דִי שְׁוַואכֶע וֶוערִין

אנגיטרט

נִשְׁבָּרוּ, וְרְעֵבִים חָדֵלּוּ, עַד עֲקָרָה יָלְדָה שִׁבְעָה, וְרַבַּת בָּנִים אֻמְלָלָה: יְהוָֹה מֵמִית וּמְחַיֶּה, מוֹרִיד שְׁאוֹל וַיָּעַל: יְהוָֹה מוֹרִישׁ וּמַעֲשִׁיר, מַשְׁפִּיל אַף־מְרוֹמֵם: מֵקִים מֵעָפָר דָּל, מֵאַשְׁפֹּת יָרִים אֶבְיוֹן, לְהוֹשִׁיב עִם־נְדִיבִים, וְכִסֵּא

שערי ציון

אנגיגורט מיט שטארקייט. ווייל די גבורים האבען גיהאפט אויף זייער שטארקייט אונ דיא שוואכע האבען נור גיהאפט צוא אים. (שבעים) די וואס זיינען זאט גיוועזען מיט גוטעס ווערין הונגעריג, ביז זיי דארפען זיך פארדינגען פאר ברויט, אונ די וואס זיינען הונגעריג גיוועזען קריגען זייער ברויט ברוח אונ זיי דארפען ניט דינגען ביין צווייטען, אט אזוי ווי איר זעט ביי מיר, די עקרה ווערט גיענטפערט מיט זיבין קינדר, אונ די מוטער פון פיל קינדער ווערט פארשניטען פון אירע קינדר*). (ה') גאט מאכט טויט אונ לעבעדיג, כלומר, דאס איז ניט גיוועזען קיין איבער גאנג, נור גאט האט עס גימאכט, ער האט גימאכט טייטין פנינה'ס קינדער אונ מחיה גיוועזען די קינדער פון די עקרה, זי זאל ניט מפיל זיין אונ זיי זאלען זיך האדעווען. ער מאכט נידערין דעם הויכין צום אבגרונד אונ דער הויבט דעם גיפאלענעם. (ה') גאט מאכט ארים די רייכע אונ מאכט רייך די ארימע, ער מאכט נידעריג די שטאלצע אונ דער הייבט די ערנידערטע. (מקים) ער שטעלט אויף דעם ארומאן וואס ער איז שוין גילעגין נידעריג אזוי צו דער ערד. (מאשפות) דער אביון וואס זיין דירה איז שוין גיוועזען לעבין מיסט קאסטען, טוט ער אים אויף שטעלין אזוי הויך צו זעצין אים מיט די שענסטע לייט פון שטאט, אונ איין עהרע שטוהל גיט ער זיי, אז עס בלייבט פאר קינדער אונ קינדס קינדער. ווייל גאט

*) וויא דא האט פאסירט, חנה איז גיוועזען איין עקרה אונ פנינה האט גיהאט צעהן קינדער, האט פנינה שטאלצירט אונ פלעגט חנה'ן ערגערין מיט שטעכעדיגע רייד. האט דער בורא גיענטפערט חנה'ן, אונ ביי איר גיבוירין דעם ערשטין קינד האט פנינה באגראבין צוויי קינדער, אונ בעת חנה האט גיבארין דעם צווייטין קינד האט פנינה באגראבין נאך צוויי, ממילא בעת חנה האט גידארפט גיבוירין איר פינפטען קינד האט גיזאלט ביי פנינה דיא לעצטע צוויי קינדער שטארבין, איז פנינה גיפאלין חנה'ן צוא דיא פיס זיא זאל איהר מוחל זיין אונ מתפלל זיין אז אירע צוויי קינדער זאלען לעבין בלייבען, האט חנה מתפלל גיוועזען זיינען זיי גיבליבען לעבין, דיינען זיי גירופען געווארן אויף חנה'ס נאמען, הייסט עס אז חנה האט גיהאט זיבען קינדר אונ פנינה נאר זיבען,

כָּבוֹד יַנְחִלֵם, כִּי לַיהוָה מְצֻקֵי אֶרֶץ, וַיָּשֶׁת עֲלֵיהֶם תֵּבֵל׃
רַגְלֵי חֲסִידָיו יִשְׁמֹר, וּרְשָׁעִים בַּחֹשֶׁךְ יִדָּמּוּ, כִּי־לֹא בְכֹחַ
יִגְבַּר־אִישׁ׃ יְהוָה יֵחַתּוּ מְרִיבָיו, עָלָיו בַּשָּׁמַיִם יַרְעֵם,
יְהוָה יָדִין אַפְסֵי־אָרֶץ, וְיִתֶּן־עֹז לְמַלְכּוֹ, וְיָרֵם קֶרֶן מְשִׁיחוֹ׃

שערי ציון

גאט האט געלייגט דעם פונדאמענט אויף וואס די ערד שטייט אנ אויף דעם האט ער געגרינדעט דעם פלאץ וואס מענשין באזיצען אים, הײנט ווי באלד ער איז דער בעל הבית פון די דירות, וועצט ער דעם אריין אונ דעם ארוים. (רגלי) די טריט פון זיינע פרומע טוט ער היטען, אבער די רשעים ווערין אין פינסטערנעם פאר שניטען, וייל ניט אן די קראפט פון מענשין ווענדעט זיך זיין הצלחה, נור ביי גאט אין האנד ליגט עס, אלזא ווער עס איז געפעלינ ביי גאט דעם גיט ער עס. ביז אהער האט זי דער צײלט דעם שבח פון השי"ת יעצט ענדיגט זי איר תפלה. (ה') ווייל זי האט געזעהען ברוח הקודש אז די פלשתים וועלין מלחמה האלטען מיט שמואל'ן האט זי מתפלל געוועזען אז די וואס וועלין קריגען מיט אים זאלען צו בראכען ווערין. (עליו) צו ליב אים (מיין שמואל'ן) זאל גאט מאכין שטורמען אין הימל, אונ איר תפלה איז אנגענומן געווארען (וויא עס שטייט ווייטער) אז די פלשתים זיינען געקומען אויף מלחמה מיט די אידען האט שמואל תפלה געטאן אונ גאט האט געמאכט דונערין אויף די פלשתים, זיינען זיי פארטומלט געווארין אונ זיינען געמארדעט געווארען פאר אידין. (ה') גאט העלף, אז מיין זון זאל זיין א פיהרער אויף די גאנצע פאלק פון איין גרעניק ביזין צווייטין. (ויתן) אונ גאט זאל געבין מאכט צו דעם קעניג וואס מיין זון וועט קרוינען (דאס איז שאול המלך), (וירם) אונ ער זאל ערהויבען דאס הערשאפט פון זיין געזאלבטין, דאס איז דוד וואס שמואל האט אים נור געזאלבט, אבער געקרוינט איז ער געווארען ערסט נאך שמואל'ס טויט.

נאכהער זאל זי זאגין די תחנה.

רבונו של עולם, בזכות וואס איך האב געלייענט די הייליגע ווערטער פון אונזער מוטער חנה, וואס זי האט געלויבט דיין נאמען אונ האט מתפלל געוועזן אויף אירע קינדער, וואס פון אירע הייליגע

ווערטער שיינט ארויס דער מוסר, אז די וואס שטאלצירען מיט די גוטעם וואס דו ביזט אויף זיי משפיע, ווי פנינה האט שטאלצירט מיט אירע קינדר קעגען חנה'ן וואס זי האט גיהאט אשווערע גימיט און האט איר פארשאפט גרויסע שמערצין, האסטו אב גיקערט דיין השגחה פון פנינה'ן, בכדי זי זאל אויך פארזוכען דעם טעם וואס אשווערע גימיט צו קינדער איז א). הארציגר פאטר! אז איך נעם דאס ארויף אויפין גידאנקען שרעקט מיר מיין הארץ, פיליכט האב איך אויך שטאלצירט קעגין טרויעריגע הערצער, און האב זיי פארשאפט שמערצן, דרום האסטו מיר גשטראפט, און גיבסט מיר אויך פארזוכין דעם ביטערין טעם פון אשווערע גימיט צוא קינדר. אה, וועה, וויא ביטער און פינסטער איז דער שטראף וואס פנינה הט גיהאט! אלזא ליבער פאטער פאל איך כורעים ומשתחוים מיט מיין ביטערע הארץ צו דיין גרויסע רחמנות, אזוי ווי פנינה איז גיפאלין חנה'ן צו די פיס, און בעט דיר מיט טרערין, דו זאלסט מיר מוחל זיין אויף דיזן פארברעך און אויף אלע בייזע מעשים וואס איך האב ביז יעצט גיטאן און קער צוריק דיין ליכטיגע אנגעזיכט צו מיר, און בענש מיר וויא דוא האסט גיבענשט אונזער מוטער חנה'ן מיט אגרינגע גימיט, איך זאל האדעווען מיינע ליבע קינדערלאך אן צער און זאל זיי ערציהען דיר צו דינען, זיי זאלען לערנען דיין הייליגע תורה מיט גרויס שקידה

---

מעשה אלפס

א) דער מדרש זאגט, בעת אידין זיינען גיקומען צום הר סיני מקבל זיין די תורה, האט השי"ת גיזאגט ברייננט מיר ערבים וואס זאלין פאר אייך קאווירען, אז איר וועט היטין מיין תורה ומצות. האבין אידין גיענטפערט, די אבות וועלין קאווירין, זאגט דער בורא, עלטערין נעם איך ניט אן פאר ערבים, זאגין זיי אונזערע קינדער וועלין זיין ערבים, דא ענטפערט השי"ת, יא, יא, קליינע קינדער זיינען גוטע ערבים. דרום זאגט דער משורר (אם לא תדעי לך היפה בנשים) אויב דו שיינע אידעשע פרוי ווייסט ניט פאר וואס דוא האסט אשווערע גימיט פון קינדער? (ורעי את גדיותיך על משכנות הרועים, אלו גדיים המשכנין על הרועים), זאלסטו וויסען אז די פיצינקע קינדערלאך זיינען משכנות (ערבים) פאר די עלטערין, ווען די עלטערין היטין ניט ריכטיג די תורה ומצות, ובפרט מצות ציצית און מזוזה וואס דער ביי שטייט (למען ירבו ימיכם), אז בזכות זה וועלין אייערע קינדער האבין אריכות ימים. אלזא די מוטער וואס האט חלילה אשווערע גימיט צו קינדער זאל אכטונג געבען אז דער מאן און אירע קינדער זאלין טראגין כשרה ציצית, און אכטונג געבען עס זאל זיין אנגישלאגען אמתי'ה כשרה מזוזות אין שטוב, ניט די וואס מ'קויפט פר אביט קאפיקעס, נור אמת'ה גוטע. (לעזט וועגין דעם אין מעשה אלפס חלק שני פרק "די פערדישע פאדקעווע"), און ווי נויט מעגליך זיך אב היטין פון לשון הרע. ובזכות זה וועט השי"ת געבין אריכות ימים אייך מיט אייערע קינדער. אמן.

(פליים), זיי זאלין מיט זייער תורה ערלייכטין די אויגין פון כלל ישראל ווי חנה'ס זון (שמואל הנביא) וואס ער פלעגט גאנץ אפט ארום פארען אין אלע אידישע שטעט פון ארץ ישראל לערנען מיט זיי דיין הייליגע תורה און איין פלאנצען אין זיי אלע טייערע מדות און איבערהויפט די מדה פון שלום וואס דורך שלום וועלין מיר אוים געלייזט ווערין פון אונזער שווערע גימיט און גיין מיט שטאלץ אין אונזער הייליגע לאנד במהרה, אמן.

## אתחנה פאר יתומים (וואס קומען אן צו אשטיף מוטער).

דיא עלטערע יתומה (אדער יתום) זאל דאס בעטין אין געגענווארט פון די קלענערע יתומים, דעם ערשטין יאר לפחות אלע ערב ר"ח און ווייטער איינינע מאל אין יאהר.

הארציגער גאט! בעת אונזער ליבע מוטער האט געלעבט ביזט דו געווען אונזער פאטער, יעצט ביזט דו אויך אונזער מוטער. אה, הימלישער פאטער! אונזער טאטע האט גענומען אצווייטע פרוי, געוואהנליך מיר קענען צו איר ניט האבין, זי האט ניט געוואלט אז אונזער מוטער זאל חלילה גיין אויגע פון דער וועלט, און ווידער מיט וואס וועט אונזער מוטער זיין גרינגער אין קבר, אז דער פאטער וועט פינסטערין? נור עפעס דער מאגענדיג דעם שטראשענעם נאמען „שטיף מוטער" גייט אריבער אשרעק איבערין לייב, ווער ווייס וואס פאר איין כאראקטער זיא האט? זיא קען זיך חלילה דערקעווען איבער אונז און אויף וועקען אונזערע בלוטיגע וואונדען, וואס קענען ניט פארהיילט ווערן, ווייל אמוטער קען מען ניט אב קויפען, אה גאט! עס איז אונז זייער ביטער, מיר האבין פאר קיינעם ניט אוים צו גיסין אונזער ביטערע הארץ נור פאר דיר, וואס דיין טיטול איז „אבי יתומים", מיר האבין קיין מיטל ווי זיך צוא רעטטען פון אונזער טרויעריגע לאגע, נור מיט די קלוגע עצה פון דיין תורה, ווי מיר לערנען (אין משלי) שלמה המלך זאגט „כמים הפנים לפנים כן לב האדם לאדם", אזוי ווי אוואסער (אדער אשפיגל), וועלכע מינע מ'ווייזט צו אים אזא מינע זעט מען ענטגעגין, אזוי איז די הארץ פון אמענשין צו אמענשין, ווען מיר וועלין זיך מאכין אגוט הארץ צו איר, וועט דאס ווירקען אויף איר, זי זאל האבין אגוט הארץ צו אונז. אלוא בעטין מיר דיין חסד, דו זאלסט אונז העלפין מיר זאלין איר אויף נעמען בכבוד און איר שטענדיג שעצין, און באמת

ליידינדיג פאר וואס ניט? זיא ווערט דאך אונזער פאטערס פרוי אונ דיין איידעלע תורה האט געהייסן „כבד את אביך" זאגין אונזערע חכמים אז דער ווארט „את" איז מרמז, אזוי ווי מ'דארף מכבד זיין אונ שעצין דעם פאטער, אזוי דארף מען מכבד זיין אונ שעצין זיין פרוי (די שטיף מוטער), אונ ווען זי רעט אפילו אמאל אהארטין ווארט. אדער זי גיט אביזען בליק, דארף מען איר דן זיין לכף זכות, אז זי מיינט חלילה ניט קיין בייז, נור זי איז געווען אין פארדרוס, האט זיך איר אויס גירעט אשלעכט ווארט אדער אקללה ר"ל, ווי מיר זעהען, אז פון כעס זידילט מען אונ מ'שילט איינגענע קינדער אויך; אמאל גיט מען זיי נאך אקלאפ. קען מען דען זאגין אז דאס איז פון שנאה חלילה? וועלכע מוטער טראגט דאס א שנאה אויף איר קינד? אזוי האט זי אויף אונז אויך חלילה קיין שנאה, נור דער נאמור פון מענשין איז, בעת ער ווערט אין כעס, הערט ער ניט וואס ער רעט, אונ גיט זיך ניט אב קיין רעכענונג וואס ער טוט. הכלל אז מיר וועלין גידיינקען די רייד פון חכם (ועל כל פשעים תכסה אהבה) ווען מען האט יענעם ליב פערצייהעט מען אלע זיינע פעלערין אונ מ'רעכינט אים אויס אין גוטין זייט, אונ מיר וועלין זיך אזוי פירין, האפין מיר אז דו וועסט איר אויך געבען אגוטע הארץ, זי זאל קוקין אויף אונז מיט אגוטע אויג, דאדורך וועט זיין שלום ושלוה ביי אונז אין הויז, אונזער פאטער וועט האבין נחת. און אונזער מוטער וועט זיין רוהיג אין קבר, ביז מיר וועלין איר זוכה זיין צו זעהען צו תחית המתים, במהרה בימינו, אמן.

## אתחנה פאר אפרוי וואס קומט אן אויף שטיף קינדער.

ליבער הארציגער פאטער, אין דיין הייליגע תורה, וואס זי איז פול מיט אדילקייט אונ רחמנות האסטו גישריבען (כל אלמנה ויתום לא תענון) אז יתומים אדער אנדערע טרויעריגע הערצער זאל מען ניט אנטאן קיין צער, ווייל זייער הארץ איז צו בראכען, זיי האבין פאר זיך קיין פארשטייער ניט, אונ ווער עס וועט זיי פייניגען וועסטו זיין זייער פארשטייער אונ זיך שטרייננג רעכענען מיט יענעם, אז יענעמס קינדער זאלען חלילה בלייבין יתומים. ליבער פאטער, מיין לאגע ברייננט מיט, אז איך מוז יעצט אן קומען אויף שטיף קינדער

שְׁרֶעקְט מִיר זֵייעֶר מַיין הַארְץ אַרַיין צוּ טְרֶעטִין אִין אַזַא רִיזִיקֶע אִין אַזַא גִיפֶערְלִיכֶען צוּ שְׁטַאנְד, מְ'אִיז דָאךְ מֶער נִיט וִוי אַלֶעבֶּעדִיגֶער מֶענְשׁ, מְ'וֶוערְט אִין כַּעַס רֶעט מֶען זִיךְ אוֹיס אַשְׁלֶעכְט וָוארְט אָדֶער מְ'גִיט אַמָאל אַקְלַאפּ, אוּן דֶער מִיט קֶען אִיךְ מִיר חָלִילָה פַאר זִינְדִיגִין מַיינֶע יָאהְרֶען אוּן גוֹרֵם זַיין פִיל צַעַר מַיין מַאן. אוּן פִיל צַעַר זֵייעֶר יוּנְגֶע מוּטֶער אִין קֶבֶר. אַלְזָא לִיבֶּער גָאט אַזוֹי וִוי דַיין מִדָה אִיז צוּ הֶעלְפִין דִי וָואס וִוילֶען גֵיין אִין גוּטִין וֶועג, הֶעלְף מִיר אוֹיךְ, אִיךְ זָאל זֵיי בַּאהַאנְדְלֶען וִוי אַצֶערְטְלִיכֶע מוּטֶער מִיט רַחֲמִים אוּן מִיט גִידוּלְד, וֶוען אֲפִילוּ זֵיי זַיינֶען אַבִּיסֶל צוּ לָאזֶען זַיינֶען זֵיי אֶפְשַׁר נִיט שׁוּלְדִיג, וַוייל עֶס אִיז אַוֶועק אַהִיבְּשֶׁע צַייט וָואס זֵיי הָאבֶּען נִיט גִיהַאט וֶוער עֶס זָאל אוֹיף זֵיי קוּקֶען, דִי צַייט וָואס זֵייעֶר מוּטֶער עָלֶיהָ הַשָׁלוֹם אִיז קְרַאנְק גִיוֶוען, הָאט זִי דָאךְ נִיט גִיקָאנְט קוּקֶען אוֹיף זֵיי, וּפְשִׁיטָא פוּן דִי צַייט אָן וָואס זִי אִיז נִפְטַר גִיוָוארֶען. אַלְזָא הֶעלְף מִיר אוּן גִיב מִיר אַגוּט הַארְץ, אִיךְ זָאל זַיין צוּ זֵיי וִוי אַמוּטֶער עֶס זָאל זַיין שֵׁיין פַר גָאט אוּן פַר לַייטְן א), וִוי דִי תּוֹרָה בַּארִימְט דִי צְווֵייטֶע פְרוֹי וָואס אַבְרָהָם אָבִינוּ הָאט גִינוּמֶען, הַגַם אִיר נָאמֶען וַואר „הָגָר" רוּפְט אִיר דִי תּוֹרָה „קְטוּרָה" מְפַרְסֵם צוּ זַיין פַאר דֶער וֶועלְט, אַז אִירֶע מַעֲשִׂים הָאבֶּען זִיךְ גִילָאזְט הֶערִין וִוי דֶער גוּטֶער רֵיחַ פוּן קְטוֹרֶת, אוּן דָאס אִיז דָאךְ טַאקֶע אַוֶועלְטֶענֶע שְׁטִיף מוּטֶער אַז אַבְרָהָם הָאט אָב גִיגֶעבִּין זַיין גַאנְצֶע רַייכְטְהוּם צוּ יִצְחָק'ן, אוּן צוּ אִיהְרֶע קִינְדֶער הָאט עֶר נוּר גִיגֶעבִּין מַתָּנוֹת, אוּן הָאט זֵייא אַלֶעמֶען אַוֶועק גִישִׁיקְט אִין וַוייטִין מִזְרָח אוּן זִי אִיז גִיבְּלִיבֶּען עֶלִינְט וִוי אַשְׁטֵיין, לְבַד וָואס אַיין אַנְדֶערֶע אוֹיף אִיר אָרְט וָואלְט דָאס נִיט

מעשה אלפס

א) אוּן וִוי שֵׁיין דָאס אִיז פַאר מֶענְשִׁין, וֶוען אַשְׁטִיף מוּטֶער בֶּעהַאנְדִילְט פַיין דִי שְׁטִיף קִינְדֶער, אַלֶע הַאלְטִין אִיר פַאר אַיין אַדֶעלֶע פְרוֹי, אוּן אַלֶע בֶּענְשִׁין זִיךְ מִיט אִיר, מְ'זָאגְט אַז זִי הָאט אִין זִיךְ דִי גוּטֶע מִדוֹת פוּן דִי אִמָהוֹת פוּן רָחֵל אוּן לֵאָה, וָואס זֵיי הָאבִּין גִיהָאדֶעוֶועט אוּן פַיין בֶּעהַאנְדִילְט זֵייעֶרֶע שְׁטִיף קִינְדֶער, וָואס יַעֲקֹב אָבִינוּ הָאט גִיהַאט פוּן בִּלְהָה אוּן זִלְפָּה. אָבֶּער וֶוען חָלִילָה מְ'פַּיינִיגְט זֵיי, לְבַד וָואס דָאס אִיז אַגְרוֹיסֶע זִינְד פַאר גָאט, וִוי דִי תּוֹרָה שְׁרַייבְּט (אִם עַנֵה תְעַנֶה אוֹתוֹ כִּי אִם צָעֹק) אוֹיבּ דוּ וֶועסְט זֵיי פַּיינִיגֶען, אוּן אָן טָאן שְׁמֶערְצִין, וֶועלִין זֵיי שְׁרַייעֶן צוּ מִיר, וֶועל אִיךְ צוּהֶערִין זֵייעֶר גִישְׁרֵיי אוּן מַיין צָארִין וֶועט גְרִימֶען וֶועל אִיךְ מַאכִין אַייעֶרֶע קִינְדֶער פַאר יְתוֹמִים, זֵיי זָאלֶען אוֹיךְ אָן קוּמֶען צוּ שְׁטִיף מוּטֶער'ס וֶועט אִיר דַאן וִויסֶען אִין קֶבֶר דִיא שְׁמֶערְצִין, וָואס יֶענֶע מוּטֶער הָאט גִיהַאט אִין קֶבֶר בְּעֵת אִיר הָאט גִיפַּיינִיגְט אִיהְרֶע יְתוֹמִים. אָח וִוי גְרוֹיס דֶער שְׁטְרָאף פוּן דֶעם אִיז ! אוּן אוֹיסֶער

טעבס

לאזין, אדער לפחות זי וואלט אים אוועק וואַרפען אונ מיט פארען מיט איהרע קינדר, אונ הגר האט דאס ניט גיטאן, עס זאל ניט זיין אחרפה פאר אברהם אבינו אז די ווייב האט אים אוועק גיווארפען אויף דער עלטר, היינט אז אגיפטיאנקע ווי הגר האט גיהאט אין זיך אזוי פיל אדילקייט צו בעהאנדלען אזוי פיין איר מאן אונ איר מאנס קינדער, וואס זאלען מיר שוין ריידין זרע אברהם וואס מיר האבין גערירשת פון אים אלע פיינע מדות מיט די אמת'ה גוטע הארץ. אונ בזכות וואס איך האף צו בעהאנדלען מיינע שטיף קינדער ווי איין אמת'ה מוטר, זאלסטו מיר העלפין צו זעהן נחת אויף זיי אונ זאלסט מיר אויך ענטפערין מיט אייגענע קינדער אויף לאנגע יאר, אמן.

## אצווייטע תחנה פאר אשטיף מוטער.

הארציגער פאטר! דיין היילינע תורה דער ציילט בעת אונזער מוטער רחל האט מקנא גיוועזן איר שוועסטער לאה, וואס זי האט קינדער אונ זי (רחל) איז ווי אטויטע וואס האט קיין קינדער, האסטו איר אריין גיגעבין אין גידאנקען איין עצה, זי זאל געבין איר דינערין בלהה צו איר מאן יעקב, אום זי זאל האדעווען די קינדער וואס בלהה וועט האבין, איז פאר דעם זכות וואס זי האט גיהאדעוועט איר מאנס קינדער (וואס ער האט גיהאט פון אצווייטע פרוי) איז זי גיענטפערט גיווארין מיט אייגענע קינדר, מיט דעם האסטו אונז מענשין גילערינט, וויא גרויס איז דער זכות אז מ'האדעוועט שטיף קינדער אונ מ'בעהאנדילט זייא פריינדליך, דר זכות פון דעם אויף דיא אמתה וועלט שטייט פיל העכער ווי פון אייגענע קינדער, ווייל די מיהע וואס מ'האט פון אייגענע קינדער איז דאך נור אנאטירליכע זאך, וואס אלע בעלי חיים טוען דאס, די הין האדעוועט אויך איהרע הינדעלאך, אבער אפרעמדע

---

### מעשה אלפס

נאטעם שטראף איז דאס פאר מענשין אויך אנרויסער סקאנדאל, די שטיף מוטער בעת זי איז אין כעס און סוצעט די שטיף קינדער, הערט זיא גאר ניט וואס די שכנים זאגען, פינסטער איז געבאך די יונגע מאמען אין קבר, אז די מרשעת דזעקעוועט זיך איבער איהרע פיינאלאך, וואס זי האט זיי קוים אויבגיוויינט מיט טרערין. אלזא דארף מען

זיך גוט לערנען אונ נויאהגען צו ברעכין דעם ווילדען נאטור, אונ זעהען זיך איין צו שאפין א ווייכע א רחמנות'דינע הארץ, באהאנדלען זיי פריינדליך, דאן וועלען די קינדער איר אויך שעצין, אז זי וועט זיי קענען לערנען אין גוטין וועג, אונ בזכות זה וועט זי זוכה זיין צו אייגענע קינדער מיט פיל נחת.

הינדעלע האט זי קיין שכל צו האדעווען נור זי גיט איר צפיק אין קעפיל אונ טרייבט איר אוועק, איז דער האדעווען שטיף קינדער אהיילינגער טהאט, ווס דאס צייגט אויף דעם הויכען מענשליכען גיפיהל, אז ער שטייט העכער וויא אלע בעלי חיים, ער פארגלייכט זיך צוא מלאכי השרת א), דרום איז דער שכר פון דעם זייער גרויס, דאפיר האסטו אידר באלוינט מיט גרויסע מתנות, דו האסט איר גיגעבין צוויי קינדער גרויסע צדיקים, יוסף הצדיק וואס ער האט גישפייזט די שבטים אין מצרים, אונ בנימין הצדיק וואס אין זיין טהייל (ארץ ישראל) איז גיבויט גיווארין דער בית המקדש, זי האט פון זיי נחת גיהאט אויף דיזע וועלט אונ אויף די עוויגע וועלט גאר אן אברעג. אלזא ליבער הארציגער פאטר, רייניג מיין הארץ פון אלע שלעכטע זיטין ובפרט פון כעס אונ פון שנאה, אונ פלאנץ איין אין מיר גוטהערציגקייט אונ איידלקייט. אויב מיין גורל איז שוין אויס גיפאלין צו זיין אשטיף מוטער זאל איך לפחות זיין פון די גוטע שטיף מוטערס וואס די וועלט בענשט זיך מיט זיי, איך זאל זיי באהאנדלען ווי מיינע אייגענע קינדער, איך זאל זוכה זיין צו זעהען אויף זיי אונ אויף מיינע אייגענע קינדער פיל נחת, אמן.

---

מעשה אלפס

א) פון די גישיכטע פון אונזערע אמהות זעהען מיר ארויס אז דער האדעווען שטיף קינדער אונ גוט בעהאנדלען זיי איז זעהער אוויכטיגע זאך, אונ צו ליב דעם איז מען מקבל גרויס שכר אפילו פארן האדעווען דיא אייגענע קינדער, ווייל אויף דיא הארעוואניע פון אייגענע קינדער קען דער שטן טענהן פארן רבונו של עולם, אז עס קומט די מוטער קיין שכר, ווייל זי טוט דאס נור אלעם נאטירליכקייט ווי אלע עופות אונ בהמות וואס האדעווען זייערע קעלבלאך, אבער די וואס האדעוועט אונ באהאנדילט גוט שטיף קינדער אויך, ענטפערט דער רבונו של עולם צום שטן, דיזע מוטער טוט דאס ניט אלעם נאטור, נור אלעם שכל והראיה זי האדעוועט דאך שטיף קינדער אויך, אלזא קומט איר פיל שכר אפילו פארין האדעווען דיא אייגענע, זעט וואס פאר איין חכמה אונזער מוטער לאה איז גיוועזן, זי האט באמערקט אז רחל'ס האדעווען בלהה'ס קינדער שטייט העכער פאר איר האדעווען איהרע פיר שבטים, ווייל רחל טוט דאס מצד השכל, אונ זי טוט דאס נור מצד די נאטור, ווי אלע בעלי חיים, דרום האט לאה אויך גינומען איר דינערין זלפה אונ האט גיגעבין צו יעקב'ן פיר א פרוי, זי זאל העלפין האדעווען זלפה'ס קינדער אונ צום ערשטין קינד וואס זלפה האט גיהאט האט לאה גיזאגט ,,בא גד" עס איז גיקומען א גוטער מזל אונ האט אים אנאמען גיגעבין ,,גד", צו לערנען די וועלט, אז מיט דעם וואס מען איז פריינדליך צו שטיף קינדער, אזוי ווי צו אייגענע, קומט אגוטער מזל אויף די גאנצע שטוב.

גרויסער הייליגער גאט! דיין חכמה און דיינע וואונדער וואס מ'זעט ארויס פון דיין וועלט, וואס דו האסט בעשאפען, איז ניט צו בעשרייבין, און איבער הויפט דיין חכמה וואס ליגט אין דעם באשאף פון די קליינע וועלטעלע דאס איז דער מענש. ווי אונזער מוטער חנה האט גיזאגט אין איר תפלה (אין קדוש כה׳) עס איז ניטא אזא הייליגער ווי אונזער גאט און עס איז ניטא אזא קינסטליכר מיילער ווי ער, אבשר ודם קען אויס מאלען די שענסטע צורה. אבער קיין הארץ, קיין גידערים, קיין לעבהאפט קען ער ניט אריין געבן אין איר. אבער דו מאלסט אויס אצורה אין אצורה, אקינד אין מוטערס בויך: און גיבסט דארטען אריין אהארץ, גידערים און אלעבהאפט, און אזוי ווי מ'קען ניט אויס דער ציילען דיינע וואונדער, אזוי איז קיין גרונד צו דיינע חסדים וואס דו טוסט מיט אלע דיינע בעשעפענעס און איבער הויפט מיט מענשין, דו היטס אים און שיקסט אים זיין שפייז אין אזא ארט, וואס זיין בעסטער גוטער פריינד, דער גרעסטער פראפעסער קען דארטען ניט צו קומען, דאס איז ביי די מוטער אין לייב. אלוא בעט איך דיין רחמנות, דו זאלסט אויף פאסען דעם קינד וואס איך שוואנגער יעצט, דו זאלסט אים היטען און קרעפטיגען, עס זאלין ענטוויקעלט ווערין אלע זיינע גלידערלאך, אלע זיינע חושים, ער זאל גיבוירען ווערין אגיזונטער אפרישער מיט אלע חושים און גוטע פייהיגקייטין, און גיב מיר אויך קרעפטין אים אויס צו טראגין, עס זאל מיר חלילה ניט טרעפין קיין שרעק און קיין שום בייזע באגעגענעס, און העלף מיר מיט גוטע גידאנקען איך זאל טראכטין וועגין הייליגע זאכען א), און וועגין די גרויסקייט פון דיין

---

מעשה

א) די גוטע הייליגע גידאנקען בעת טראגין דעם קינד, האט פיל צו בעדייטין, ניט אום זיסט זיינען פאריגע צייטין גיוועזן פיל גרויסע גאונים און הייליגע מענשין, ווייל דער רעיון פון די מוטער איז גילעגין, אז איר קינד וועט זיין אתנא, אגדול, אצדיק. אפילו בעת זי פלעגט אים אן טאן, פלעגט זי זאגין מיט פרייד אט דאס איז אתנעלע, אגדול, האט דאס אויף איר פיל גיווירקט אז בעת טראגין האבען אירע גוטע גידאנקען

אלפס

זיך אויס גימאלט אויף דעם מח׳ל און הערצעלע פון קינד, און עס האט אים גיצויגין צו אידילקייט. אין פרקי אבות לערנען מיר אז ר׳ יוחנן בן זכאי האט גיזאגט א שבח אויף דעם גרויסן תנא, דעם חכם פון אידין (אזוי האט מען אים גרופן אין רוימישען קייזערליכען הויף) ר׳ יהושע בן חנניא „אשרי יולדתו״ (דעם דאנק קומט די מוטער זיינע), ווייל דיא גאנצע צייט פון איר שוואנגער מיט אים האט זיא גיבעטין ביי

פיל

תורה, בכדי עס זאל איין גיפליסט ווערין אין מיינע בלוטין אליבשאפט צו דיין תורה ומצות, און דאס זאל אויך איבער גיין צו דעם קינד'ס בלוטין, צו דעם קינד'ס מוח'ל, אז ער זאל זיין איין אוהב תורה, אוואריטער איד און אגוטער מענש ווי דיין תורה פערלאנגט, ווי די גרויסע הייליגע צדיקים וואס זיינען גיוועזן אויף דער וועלט, וואס האבין פארשאפט גרויס כבוד צו דיין נאמען און צו דיין ליבע פאלק ישראל. און גיב מיין טהייל צווישען די נשים צדקניות וואס האבען איינגיפלאנצט טייערע פרוכט בוימער אין אידישען ויין גארטען. און העלף מיר צו געבוירין אים אין אגוטע אמזלדיגע שעה, אן גרויסע שמערצן. וויל דער שליסעל פון געבוירען האסטו ניט איבער גיגעבין צו קיין מלאך נור ביי דיר אין האנד, וואס דו ביסט דער רב חסד פול מיט גנאדע און בארימהערציגקייט. און העלף מיר אב צו היטען די מצות וואס בעלאנגט צו אונז פרויען בכדי דער זכות זאל מיר בייסטיין און אלע אידישע שוואנגערע פרויען, זיי זאלין גרינג אויס טראגען און גרינג געבוירען מיט מזל און ברכה, אמן.

# תחנה אחר הלדה.

נאכין איבער קומען זאל זי וואשין די הענד און נעבין אשבח והודאה צו השי"ת.

איך דאנק און לויב דיין ליבען נאמען הארציגער גאט, וואס דוא האסט מיר מיט מיין קינד אריבער געפירט דעם געפערליכען



פיל גרויסע לייט, מ'זאל מתפלל זיין אויף דעם קינד ער זאל זיין א גרויסער תלמיד חכם. איז אירע גרויסע התפעלות פון תלמידי חכמים וצדיקים האבען גיווירקט אויפ'ן קינד, ווי עס ווערט דער ציילט אין ספר הברית, א שוואנגערע פרוי האט ניגראבין בולבעס, איז ארויס גילאפין א גרויסע זאבע פון זומפ האט זי זיך פאר וואונדערט אויף איהר, נאכהער האט אוינד אבלאז גיטאן און האט פארטרייסילט די מוטער די רעכטע אויג, האט זי מיט'ן האנד אויס גיריבען די אויג, נאכהער אז זי האט געבוירען דעם קינד איז גיוועזן ביי אים לעבן רעכטע אויג א צייכען פון אזאבע. וויל איר מחשבה האט גיווירקט אויפ'ן קינד, און אפשיטא אז די מוטערס מחשבה ווירקט אויפ'ן מוח'ל פון קינד, דרום זאל א קלוגע פרוי גייענדיג פון בית הטבילה און די גאנצע צייט פון שוואנגערין אוים מיידין נארישע גידאנקען, און נור טראכטין הייליגע גידאנקען וועגין די אבות הקדושים וועגין צדיקים און גרויסע תלמידי חכמים בכל דור, און עס איז א גלייכע זאך אז אין יעדער אידישע שטוב זאלין הייגען פאטרעטין פון גאונים וצדיקים, זי זאל זיך דער מאנען אן זיי און טראכטין וועגין דעם, וועט זי זוכה זיין צו קינדער גרויסע תלמידי חכמים וצדיקים אויף לאנגע יאהר מיט פיל נחת, אמן.

גרעניץ מיט חסד. אונ אזוי ווי דו האסט אונז אריבער גיפירט לשלום, אזוי זאלסטו מיט דיין חסד אריבער פירן אלע אידישע טעכטער לחיים ולשלום. אמן.

## א תחנה פאר א מוטער נאכן ברית.

גרויסער קעניג אונ וועלט פראפעסער, מיר האבען מקיים גיוועזן דיין היילגען רצון מל צוא זיין אונזער קינד צו אכט טאג ווי דו האסט גיבאטען צו אברהם אבינו, בעט איך דיר ליבער גאט נעם אן די מצוה, ווי איך וואלט מקריב גיוועזן א קרבן, אונ אזו ווי דו האסט גישיקט דעם מלאך רפאל צו אברהם אבינו, היילין אים פון זיינע שלאפקייט, בעת ער האט זיך גימל'ת, אזוי זאלסטו אים שיקען צו מיין קינד, אויס היילין די וואונד ער זאל זיך גיזונד ווערן. ובזכות די הייליגע מצוה זאלסטו מיר אויך שיקען א רפואה שלמה אין מיינע צובראכענע גלידער, אונ העלף מיר צו האדעווען אים אן צער אונ זיי משפיע מילך אין מיינע בריסט ער זאל האבען גענוג צו זייגין *), אונ איך זאל זוכה זיין אים מגדל צו זיין צו תורה ולחופה ומעשים טובים. אמן.

## תחנה ביין אויף שטיין פון קינד-בעט.

גנעדיגער פאטער, איך גיב א שבח והודאה צו דיין ליבען נאמען וואס דו האסט מיר אויף גיהויבין פון מיין שלאפע בעט איך זאל שוין קענען ארויס גיין אין גאס ווי אלע מענשן, גרויסער גאט איך בעטראכט דיינע וואונדער ווי דו האסט פארארדינט אז פון די בלוט וואס דער קינד איז גישפייזט גיווארען מיט דעם דיעניג אין מיין לייב, האסטו אין א קורצע צייט איבער גיארבעט אויף מילך אונ האסט צו רעכט גימאכט א קוואל (די ברוסט) עס זאל שטענדיג בלייבין פריש זיין שפייז, אונ האסטו פארארדינט די עפענונג פון קוואל מיט קליינע לעכאלאך, עס זאל ניט לויפין האסטיג אונ ניט פארפלייצין אים די העלזעלע. אויך האסטו פארארדינט אז דער טעם פון די מילך זאל זיך בייטין נאך דעם עלטער פון קינד. אהה,

ווי

---

*) ווען מ'רעכינט איהם אב צו געבין צו איין אם, זאל די מוסיף זיין: אונ שיק מיר צו פאר איהם א גוטע אם, איין ערליכע פרוי מיט פרישע געזונטע מילך, די זאל אים ליב האבין אונ אויף פאסין ווי איין אייגען קינד, און איך זאל זוכה זיין צו זעהן ווי זי וועט מיר איהם אב ברייגען געזונטין א פרישען, ער זאל קענען גיין אונ ריידין

ווי גרויס דיינע וואונדער איז, הארציגער פאטער, בעט איך מיר מיט דיין השפעה איך זאל שטענדיג האבין גינוג צו זייגין מיין קינד, ער זאל חלילה ניט הונגעריג בלייבין, אונ היט מיר אויס פון עגמת נפש אונ פון שרעק אונ פון כעס, מיינע מילך זאל חלילה ניט צו קאכט ווערין, עס זאל חלילה ניט שאטין מיין קינד, אונ גיב מיר רוהיגקייט איך זאל קענען אב היטען ריכטיג די צייט צו געבין זייגין מיין קינד, אונ בעת איך שלאף זאל איך דער הערין אז מיין קינד וויינט, אונ וויל זייגן, אונ היט מיר אויס, איך זאל חלילה שלאפעדיג ניט ארויף ליגין מיין האנד אויף דיין מיילעלע, איך זאל חלילה אים ניט דער דריקען, אונ העלף אויך אלע אידישע טעכטער אויס צו זייגין זייערע קינדער מיט אגרינגע האדעוואנגע, אויס צו האדעווען אונ געבין זיי אין חדר לערנען דיין היילינגע תורה, אמן.

# אנייע תחנה בעת מען גייט אין שול נאך קינד־בעט.

גרויסער קעניג, ווען מיר זייען ווערט גיוועען און גיזעסין אויף אונזער לאנד אונ דו האסט גירוהט צווישען אונז אין דיין היילינגען פאלאץ (דעם בית המקדש) האט אגעוויינערין גידארפט ברייגען אקרבן צוויי טויבין, איינע אקרבן חטאת (אזינד אפפער א), אונ די צווייטע, אקרבן עולה (אראנק אפפער), פאר דיא חסדים וואס דו האסט מיט איר גיטאן דיא גאנצע צייט פון טראגין אונ האבין, וואס זיא איז בצול גיוואורין פון דיא גרויסע סכנה. אבער יעצט אז מיר האבין פארזינדיגט אונזער בית המקדש, אונ איך קען קיין קרבן ניט ברייגען, זאגט דער נביא (ונשלמה פרים שפתינו) די שירים ותשבחות וואס מיר זאגין פאר דיר, גענומען אן מיט דיין חסד גלייך ווי מיר וואלטין גיבראכט אמתה קרבנות דרום בין איך גיקומען אין דיין היילינגע הויז „מקדש מעט" (קליין בית המקדש) לויבין אונ דאנקען דיין ליבען נאמען פאר דיין גרויסין חסד וואס דוא

---

*) דער זינד אפפער קומט, [האסט] ווייל פון גרויס צער ביים האבען, טרעפט מאנכע פרויען וואס שילטין דעם מאן אונ שווערין זיי זאלען מעהר ניט זיין מיט איהם, דרום דארף זי האבען אפארגעבונג אויף די פאלשע שבועה אונ די קללות, אונ ווייל די תורה האט חס ניהאט אויף דעם כבוד פון די אשה, זי זאל ניט פארשעמט ווערין, האט זי ניהייסין אז אלע פרויען, אפילו די וואס האט ניט נישווארין אונ ניט נישאלטין זאל אויך ברייגען אקרבן, אונ פאר די גידולדיגע פרויען וואס שווערין ניט אונ שילטין ניט ברייגט דער קרבן אויך אנוץ, זי זאל זיך נעמען אמוסר, מה דאך די וואס שילט אדער שווערט פון גרויס צער האט זי איין עבירה און דארף ברייגען אקרבן פארגעבין אי״ע זינד, הײנט דער וואס שווערט אדער ער שילט ניט ניצוואונגענערהייד, קאס פאר איין גרויסע עבירה דאס איז, אונ סדארף האבין גרויס תשובה אויף דעם

דָאסְט גִיטָאן מִיט מִיר, אוּנ אִיךְ זָאג, גִילוֹיבְּט בִּיסְטוּ הֵיילִיגֶער גָאט, קֶענִיג פוּן דֶער וֶועלְט, דוּ טוּסְט גוּטֶעס צוּם זִינְדִיגֶען מֶענְשׁ, דוּ הָאסְט מִיר אוֹיךְ פִיל גוּטֶעס גִיטָאן אוּנ גִירֶעטֶעט פוּן דִיא גְרוֹיסֶע סַכָּנָה, אוּנ הָאסְט מִיר גִיבֶּענְשְׁט מִיט פְּרוּכְט פוּן מַיין בּוֹיךְ, אַקִינְד אוֹיף לַאנְגֶע יָאהְר, (ואני ברוב חסדך אבוא ביתך) דֶען מִיט דַיין חֶסֶד הָאבּ אִיךְ דֶער לֶעבְּט צוּ קוּמֶען אִין דַיין הֵיילִיגֶע הוֹיז (אשתחוה אל היכל קדשך ביראתך) אוּנ וֶועל זִיךְ קְנִיעֶן אוּנ בֵּייגֶען אִין דַיין הֵיילִיגֶען פַּאלַאץ מִיט גְרוֹיס פוֹרְכְט. אוּנ אִיךְ בֶּעט דַיין רַחֲמָנוּת, דוּ זָאלְסְט וַויישֶׁער נִיט אָבּ טָאן דַיין חֶסֶד פוּן מִיר אוּנ זָאלְסְט אוּנְז (מיר מיט מיין מאן) מְזַכֶּה זַיין אוּיס הָאדֶעוֶוען דִי קִינְדֶער אָן צַעַר צוּ גוּטֶע אִידִישְׁקַייט אוּנ יִרְאַת שָׁמַיִם. וִיהִי רָצוֹן עֶס זָאל זַיין אַגוּטֶער ווִילִין פוּן דִיר, דוּ זָאלְסְט בּוֹיעֶן דֶעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אִין אוּנְזֶערֶע צֵייטִין וֶועלִין מִיר דָארְטִין בְּרֵיינְגִין פַאר דִיר דִי קָרְבָּנוֹת וָואס
דוּ הָאסְט אוּנְז גִיבָּאטִין אִין דַיין הֵיילִיגֶע תּוֹרָה, אָמֵן.

## תְּחִנָּה מִגְדַּל הַשֵּׁן (בעת עס שנײדט זיך אוים אציינדעלע ביי אקינד).

גְרוֹיסֶער גָאט, דַיינֶע וואוּנְדֶער אוּנ דַיין הַשְׁגָּחָה אוֹיף דַיינֶע בֶּעשֶׁעפֶּענִיס אִיז נִיט אוֹיס צוּ דֶער צֵיילִין, ווִי דֶער קִינְד
בּארְף אַרוֹיס גֵיין אוֹיף אֵייגֶענֶע קֶעסְט (ענטוואהנען פון מוטערס=ברוסט) גְרֵייטְסְט דוּ אִים צוּ צֵיינֶער צוּ מָאלִין זַיין שְׁפַּייז, אִיךְ דַאנְק אוּנ לוֹיבּ דַיין לִיבֶּען נָאמֶען פַאר דֶעם טַייעֶרֶען פְּרֶעזֶענְט, דִי בְּשֵׂרָה מְצִיאָה, דֶעם פֶּערֶעלֶע וָואס אִיךְ הָאבּ גִיפוּנֶען בַּיי מַיין קִינְד אִין מַיילֶעלֶע, אוּנ אִיךְ בֶּעט דַיין רַחֲמָנוּת דוּ זָאלְסְט נִיט אָבּ טָאן דַיין חֶסֶד אוֹיף ווַייטֶער אוּנ הֶעלְפִין עֶס זָאל זִיךְ גְרִינְג אוֹיס שְׁנֵיידִין דִי אִיבֶּערִיגֶע צֵיינְדֶערְלַאךְ בִּיז דֶעם לֶעצְטִין, עֶר זָאל קֶענֶען טָאן דַיין רָצוֹן, עֶסִין אוּנ קְלַייבִּין קְרֶעפְטִין צוּ גֵיין אִין חֵדֶר לֶערְנֶען דַיין הֵיילִיגֶע תּוֹרָה, אִיךְ בֶּעט דִיר גָאט שְׁטַארְק זַיין הַארְץ אוּנ הֶעלְף אוּנְז מִיר זָאלֶען אִים אָבּ הִיטֶען עֶר זָאל חָלִילָה מִיט דִי צֵיינֶער נִיט עֶסִין קַיין מַאֲכָלוֹת אֲסוּרוֹת, נוּר עֶר זָאל זַיין גוּט אוּנ פְרוּם, גָאט אוּנ לַייט זָאלֶען זִיךְ
מִיט אִים פְרֵייעֶן, אָמֵן.

## תְּחִנָּה וּמִדְבָּרֵךְ נָאוֶה (בעת דער קינד הייבט אן צו ריידין).

בַּארְעמְהֶערְצִיגֶער גָאט, דוּ הָאסְט בֶּעשַׁאפֶען אוֹיף דַיין וֶועלְט מִילְיָאנֶען וָוארְטֶען בַּעֲלֵי חַיִּים אוּנ קִינֶעס

הָאסְטוּ

האסטו ניט גיגעבן דעם פריוועט פון ריידין, נור דעם מענשין, בכדי ער זאל וויסען אז ער איז די טייערסטע באשעפעניס אויף דיין וועלט, ער זאל זיך קענען האלטען, בענוצין די מתנה נור אויף וויכטיגע זאכין, צו לויבין דיין היילינגען נאמן, לערנען דיין הייליגע תורה, מאכען שלום צווישען מענשן, טרייסטין טרויעריגע הערצער אונ מיט דיין חסד האסטו אים ערלויבט צו ריידין וואס ער האט נייטיג צו גישעפט אונ צו זיינע הצטרכות, אונ אום ער זאל ניט פאר געסין זיין וויכטיגען פאסט אונ האפין ריידין נארישקייט, האסטו ארום גיצאמט די מאשינע פון ריידין (דעם צונג) מיט צווייא מויערין, איינעם פון ביין (די ציינער) אונ איינעם פון פלייש (די ליפען). עס זאל אים דער מאנען אז דער צונג איז זייער א טייער כלי, דער צייכין אז דער מענש איז דער קייזער פון די בריאה, אונטער זיין האנד האט גאט פארטרויט די גאנצע נאטור, מיט זיינע גוטע אונ קלוגע רייד קען ער איר ערהויבין, אונ מיט אנארישען ווארט קען ער איר ערנידערן, ווי שלמה המלך זאגט (מות וחיים ביד הלשון) דער לעבין אונ דער טויט איז ביין צונג אין האנד. ליבער גאט אזוי ווי דו האסט מיר מזכה גיוועזן צום גרויסען פערגניגען, מיינע אויערין זאל הערין די טייערע שטימעלע, ווי מיין קינד זאגט „טאטע, מאמע", אזוי זאלסטו מיר מזכה זיין צו הערין ווי מיין קינד וועט שוין קענען גוט ריידין אונ וועט זאגין די הייליגע ווערטער „תורה צוה לנו משה" אונ מאכין א ברכה, געבין דיר א דאנק פאר די שפייז וואס דו האסט בעשאפען צו זעטיגען דעם מענשין, אונ זאלסט מיר אויך מזכה זיין אים צו פירען אין חדר אונ הערין ווי ער וועט לערנען די גיפעדילטע ווערטער פון דיין הייליגע תורה. אונ העלף אונז אב צו היטין זיין מיילעלע, ניט צו ריידין קיין מיאוסע ווערטער, ניט זידלען חלילה, ניט שילטען חלילה, ופשיטא ניט זאגין קיין ליגען חלילה, נור ריידין דברי תורה וחכמה, עס זאל זיין שיין פר גאט אונ לייט, אמן.

# תחנה ביין פירען דעם ערסטין מאל דאס קינד אין חדר

אויך ווען דאס קינד הייבט אן לערנען חומש אונ ווען ער הויבט אן גמרא ;

ליבער גאט, איך דאנק דיר פאר די טייערע מתנה, וואס דו האסט מיר גישאנקען דעם ליבען זוהן, אונ איך האב זוכה גיווען צו דעם גליקליכען טאג, פירין אים אין חדר לערנען דיין

הייליגע

הייליגע תורה, אָה, ווי גליקליך איך שעץ זיך היינט. דעם גאָלדענעם מעדאלל מיט בריליאַנטין גיזעצט, וואס דער גרויסער קעניג (מלך מלכי המלכים) האט אונז מיט זיין אייגען־האנד בעשאנקען (מימינו אש דת למו). אויפ'ן בארג סיני מיט גרוים פאראד גיגעבן, אונזער תורה וואס די איז די גרויסע ליכט, וועלכע האט בעלייכטעט און בעלייכט אויך יעצט אלע מענשין זייער וועג, האב איך זוכה גיווען היינט מיין קינד אין הייבין לערנען, וואס דאס איז דער הויפט זכות פון אונז פרויען, ווי אונזערע חכמים שרייבין (אין הייליגען תלמוד) „נשים במאי זכיין" מיט וועלכין זכות קענען נשים זיגען (מנצח זיין) דעם גרויסען בלוט־שונא, (דעם יצר הרע) וואס ער וויל איבער פירען דעם מענשין פון ביידע וועלטן, ווי באלד זיי זיינען פטור פון תורה לערנען? און קיין אנדער גיווער קעגין יצר הרע איז ניטא נור תורה, ווי אונזערע חכמים שרייבין, אז השי"ת זאגט (בראתי יצר הרע) איך האב באשאפען דעם יצר הרע, האב איך אבער באשאפין די תורה וואס זי איז (א סם חיים) אהייל־מיט'ל קעגין אים, טוא מיט וואס קענען מיר פרויען זיגען דעם יצר הרע? ענטפערט דער הייליגער תלמוד, מיט דעם וואס מיר פירען אונזערע קינדער אין חדר לערנען תורה, האבין מיר אויך דעם זכות פון תורה, דרום פרייט מיר זייער מיין הארץ היינטיגען טאג. און איך בין דיר זייער דאנקבאר דאפיר. — אנא, אב הרחמן, איך בעט דיר הארציגער פאטער, בזכות דיין הייליגע תורה זאלסטו שטארקין אלע זיינע רמ"ח אברים און שס"ה גידים, ער זאל האבען קרעפטין צו לערנען תורה, און זאלסט אים געבין חכמה און גוטע פייהיגקייט ער זאל פארשטיין און גידיינקען וואס דער רבי וועט מיט אים לערנען. און גיב אים אגוטע אפרומע הארץ ער זאל לויפען מיט חשק אין חדר, און אונז די משפיע שפע פרנסה מיר זאלען קענען פאר אים דינגען גוטע און פרומע מלמדים, די זאלין מיט אים לערנען תורה און יראת שמים, און גיב אונז רוהיגקייט מיר זאלען האבין גידולט צו פארהערין אים שטענדיג וואו ער האלט אין לערנען א).

---

מעשה אלפס

א) דער פאר הערין שטענדיג דעם קינד, ושננתם לבניך, ולמדתם אותם את בניכם. איז זייער אויבטיגע זאך, דאס אז אפאטער דארף אליין לערנען מיט זיין ערשטע איז דאס חיוב פון דער תורה קינד, נור וויל נים אלע האבן צייט און פיהיגקייט

הארצינגער גאט, אזוי ווי דו האסט באשיצט יוסף הצדיק בעת פרעה האט אים גיקרוינט פאר אמשנה למלך און ער איז ארוים גיפארען איבערין לאנד מצרים, זיינען דאן אלע גילאפין אויפין וואונדער אים זעהען, אדעלע טעכטער זיינען גיקראכין אויף די מויערין (בנות צעדה עלי שור) זעהען זיין שיינקייט און זיין הערליכקייט, האסטו אים באשיצט, עס זאל אים ניט שאדין קיין עין הרע, אזוי זאלסטו מיין קינד אויך באשיצין פון עין הרע, אז קיין בייזע אויג זאל אים ניט שאדן, און דער זכות פון זיין תורה לערנען און פון אלע חדר קינדער וואס זייערע מיילאלאך זיינען ריין פון זינד, זאל אונז ביי שטיין דו זאלסט אונז געבין גיזונד און פרנסה בכבוד, און איך מיט מיין מאן זאלען זוכה זיין צו זעהען וויא ער וועט אנהייבין חומש און נאכהער גמרא א), נאכהער צו זיין בר מצוה, הערין ווי ער וועט זאגין אטיפע דרשה וואס וועט ערפרייען גאט און לייטין, נאכהער וועלין מיר ווייטער בעטין, אמן.

מעשה אלפס

פייהינקייט צו דעם, דינגען מיר א שליח (דעם מלמד), אבער באמת איז מצוה בו יותר מבשלוחו, דרום איז מען יוצא דיא מצוה מיט'ן פארהערין. אויך איז עס א גרויסע ורויזות פארין קינד, אז ער ריכט זיך אז דער פאטער וועט איהם פארהערין, סטארעט ער זיך איין צו האָרבין וואס דער רבי זאגט אים, ער ווייס אז ער וועט וויסין וועט דער פאטער אים געבין אמתנה, אויב ניט וועט ער זיך בייזערין. אויך דער רבי סטארעט זיך דער קינד זאל היטין, ווי באלד ער ווייס, אז עס איז דא אויף אים אקאנטראל, און די מצוה ליגט אויף די מוטער זי זאל דער מאנען דעם פאטער אים צו פארהערין, און ווען דער פאטער איז ניט צו הויז, זאל זי בעטין א שכן אנוטען פריינד פאר הערין דעם קינד, וועט איר שכר זיין זייער גרוים, לבד וואס איר מיהע וועט זיין מיט נוצין, אויך זאל זי מזרז זיין דעם רבי. ער זאל איהם לערנען א ברכה מאכין אויף אלס, און אבהיטין פון ליגען זאגען, און דאס קען די מוטער קאנטראלירען אכטונג געבען אויב ער זאגט אמת און היט צו מאכין א ברכה. און דער וואס פאסט אויף דעם בייקעלע, וועט זוכה זיין בביאה צו האבען פון זייערע גוטע פירות:

שערי ציון

א) מיר געפינען פאר נייטיג אז צו מערקין איינינע פרויען, דאס ווי דער קינד לערינט אים חומש, זאגען זיי, מ'דארף אים מער ניט געבן לערנען, זא ווא וועט ער קיין רב ניט זיין, וועלען מיר זיי פאר טייצין דעם פסוק וואס זיי האקען גיזאגט מיט זייערע קינדער ברכה, וועלען זיי זעהען אז זיי זיינען אין טעות (תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב) די תורה וואס משה רבנו האט אונז געלערינט, איז ניט פר יענעם דור אליין, נור „מורשה" אין עוויגע זאך ווי איין ירושה, זאס גייט איבער פון עלטערין צוא קינדער און ניט „מורשה לרבנים" אז רבנים און לומדים אליין דארפין איר לערנען, נור „מורשה קהלת יעקב" פאר גאנצין גאראד יעקב'ס, אלע אידין דארפין לערנען און קענען דיא תורה, ווי וויט זייער יכולת איז, אזוי

אבינו אב הרחמן, דערבארמיגער פאטער אונ קיניג, מיר דאנקען דיר פאר די פרייד וואס דו האסט אונז היינט פערשאפט, וואס מיר האבין זוכה גיוועז אונזער זון׳ס בר מצוה אין אגוטע מזל׳דיגע שעה צו לאנג לעבין אונ צו געזונט ושלום וברכה, האט ער אנגיטאהן דעם היילגען צייכען אונ אנדיינקען (די תפלין) אויף זיין האנד אונ אויף זיין קאפ, וואס דאס ווייזט אז מ׳דארף זיין איין איד מיט האנד (טהאט) אונ קאפ (לערנונג), כלומר, מיט תורה ומעשים טובים א). היינט האט ער זוכה גיוועז, אין זיין נשמה זאל אריין קומען אהייליגע שיין פון הימעל. דאס איז דער יצר טוב, ער זאל אים פירן אין דעם גוטין וועג וואס דוא האסט גיבאטין אין דיין היילגע תורה, ער זאל לערנען תורה אונ טאהן מצות אונ מעשים טובים, יעצט בעטין מיר דיך רבונו של עולם, דו זאלסט העלפין אונזער קינד, זיין יצר טוב זאל זיך שטענדיג שטארקין אויף זיין יצר הרע, אונ ער זאל קענין זיין אגוטער פרומער איד ווי דיין היילגער ווילין פארלאנגט פון דעם מענטש, ער זאל זיין גוט צו הקב״ה

און

---

שערי ציון

א) די אסאלדאט דארף לערנען אונ קענען זיין אוצעניע, ווען ניט איז ער קיין סאלדאט, די תורה איז אונזער אוצעניע, צוא זיין פריינדליכע מענשין צו די גיזעלשאפט, אונ טריע אונטערטאנער צום וועלט קעניג, אונ דער וואס לערינט ניט קיין תורה, איז ווי אסאלדאט וואס אנטלויפט פון סלוזבע. אונ דער עיקר תורה איז משנה וגמרא, ווען ניט בלייבט ער חלילה אקארים. אקלוגע מוטער וועט פארשטיין ווי ריכטיג דאס איז. אויך זאל די מוטער זעהען דער קינד זאל אויסלערנען גאנץ חומש כסדר ווי אונזערע עלטערין האבין גילערינט וואס פון זיי זיינען ארוים די גרעסטע גאונים און צדיקים. ניט קיינע מעטאדעס וואס קלייבין נור שטיקלאך חומש. פון דעם ווערין זיי בלייבין אונוויסענדע. דאס איז נור וויא אקרופניק מיט ניסט, אונ דער קינד גייט ארוים הוסט. נור לערנען ווי אונזער גרויסער רבי משה רבינו האט גילערינט אין זיין סדר, די גאנצע תורה כסדר,

מעשה אלפס

א) די מוטער וואס וויל אז דער קינד זאל פלייסיג לייגין תפלין און שעצין זיי מיט כבוד, וויא עס פאסט צו אזא ערהאבענעם צירונג וואס דר גרויסער וועלט קעניג האט אונז בעצירט ווי די תורה רופט דאס „לטוטפות“ (צו אצירונג), זאל זי אין דעם טאג פון בר מצוה (אדער דעם שבת פריהער) דורך לעזין מיט איר זון די פארעדע מעשה אלפס וואס מיר האבין גישריבין אין בוך „הטפות לטוטפות“ (רעדעם וועגין תפלין), דארטין איז ערקלערט בעה״י פיל גידאנקען וואס תפלין בעדייט, אפילו וואס דיא צוויי שינען פון של ראש (מיט דריי קעפעלאך אונ פיר קעפעלאך) בעדייטען, הכלל אין די זרנאנישע פארערע געפינט איהר פון סויניל סילך, זיא ווארעמט אויף די הארץ צו לייגען שטענדיג תפלין מיט פערגניגען.

און צו מענטשין, מיר זאלן פון אים נחת האבין אויף די וועלט און מיר זאלין דורך אים זוכה זיין צו עולם הבא. רבונו של עולם, אזוי ווי דו האסט גיטאהן מיט אונז חסדים ביז היינט און האסט אונז גיהאלפין אונזער זוהן אויף צו האדעווען ביז היינטיגין טאג, צו זיין בר מצוה, אזו זאלסטו דיינע חסדים פון אונז ניט אפטאהן אויף ווייטער, מיר זאלין זוכה זיין מגדל זיין דעם זוהן און אונזערע אלע קינדער צו תורה און יראת שמים מיט עושר און כבוד, און אונזערע שמחות זאלין ניט פארשטערט ווערין אויף אייביג, און מיר זאלין זוכה זיין צוא פיהרען אונזער זוהן צוא זיין חופה ווען דיא גליקליכע צייט וועט זיין מיט זיין אמת'ן זיווג, אמן.

## תחנה אפשפרעכין איין עין הרע.

גרויסער וועלט בעשעפער, דו האסט בעשאפען די גרויסע וועלט און אויך די קליינע וועלטעלע (דאס איז דער מענש) דו האסט אים בעשאפין מיט צוויי הונדערט אכט און פערציג אברים, געגין די רמ"ח מצות עשה פון דיין תורה, און מיט דריי הונדערט פינף און זעכציג אדערין, געגין די שס"ה מצות לא תעשה פון דר תורה, איינע פון דיינע גלידער איז די אויגען, און דיין פארלאנג איז, אז דער מענש זאל קוקען מיט אגוטע אויג אויף אלעמען, פארגינען יעדערין וואס גאט האט אים גיגעבן, ווי אונזערע חכמים שרייבין (אין פרקי אבות) איזהו דרך טובה שידבק בה האדם "עין טובה". נור וייל דער מענש איז זינדיג און מאנכע מענשין האבין אבייזע אויג, ניט צו פארגינען דעם צווייטין, דרום ליגט אין זייער אויג גיפט און עס שאדעט אפילו ווען זיי מיינען ניט קיין שלעכטעס. דרום בעט איך דיר באהיט מיין קינד פון עין הרע, שיק דיינע מלאכים זיי זאלען מיט זייערע פליגלען באשיצען מיין קינדם גיזונט ווי משה רבנו זאגט (אין מזמור יושב בסתר) כי מלאכיו יצוה לך לשמרך בכל דרכיך, עס זאל אים חלילה ניט באגעגענען קיין בייזע אויג, און איך באשווער אלע בייזע אויגין וועלכע טוען שאדין מענשין, סיי פון יודין און סיי פון נישט יודין אז איר זאלט קיין שליטה האבין אויף (פלוני בן פלוני) אדער (פלונית בת פלונית)*)

עס

*) וואו עס שטייט (פלוני) דארף מען דערמאנען דעם נאמען פון מאנספערזאן מיט דעם נאמען פון זיין מוטער. און וואו עס שטייט (פלונית) דארף מען דערמאנען דעם נאמען פון די פרוי מיט איהר מוטערס נאמען, סיי ביי א גרויסע מענשין און סיי ביי א קינד.

עס זאל איהם (אדער איהר) ניט שאדען קיין בייזע אויג, אשווארצע, אבלאהע, אגעלע, אגרינע, אקייליכדיגע, אפלאטציגע, אברייטע אשמאלע, א אויס געשטארציטע, א איינגעפאלענע, סיי פון אזקן, סיי פון אזקנה, סיי פון אבחור, סיי פון אבתולה, סיי פון איין נשואה, סיי פון איין אלמנה, סיי פון אפרוי מיט איר שנור, סיי פון אקרוב אדער אקרובה, סיי פון אפרעמדין אדער אפרעמדע, סיי פון אבעקאנטען אדער אבעקאנטע, איך בין גוזר אויף אייך אלעמען מיט די אויגען פון דעם עוויגען וועלכע זעהען אלע מאל, זיי שלאפען ניט און דרעמלען ניט, זיי זיינען משגיח שטענדיג אויף די גאטס-פארכטיגע, ווי דוד המע"ה זאגט (הנה עין ה' אל יראיו) אז דער רבונו של עולם היט זיינע פרומע די וואס האפין צו אים, עס זאל זיי קיין שלעכטעס געשעהען, און איר בייזע אויגין עין הרע'ניקעס זאלט אב טרעטין פון פלוני (אדער פלונית) פון זיין חדר און פון זיין גאנצע הויז, און זאלט קיין קראפט האבין שולט צו זיין אויף אים (אדער איהר) ניט ביי טאג ניט ביי נאכט, ניט וואכעדיג ניט אין שלאף, און ער (אדער זי) זאל זיין געהיט פון אלע שלעכטע אויגן, אזוי וויא דער בורא ב"ה האט אויס געהיט אידין אין דער מדבר פון די בייזע אויג פון בלעם הרשע, (לישועתך קויתי ה') צו דיין הילפע גאט האף איך, אמן.

## אתחנה ווען מ'גיט צדקה (אין ר' מאיר בעל-הנס פושקע).

רבונו של עולם, איך גיב צדקה (נעלם אדער ליכט) פאר די ריינע נשמה פון דעם צדיק דעם גרויסען תנא ר' מאיר בעל הנס, אלהא דמאיר ענני א) דער גאט פון ר' מאיר ענטפער מיר (דיא לעצטע דריי ווערטער דארף מען זאגין דריי מאל) און אזוי ווי דוא האסט צוא געהערט זיין

---

מעשה אלפס

א) ר' מאיר בעל הנס, דאס איז דער גרויסער תנא ר' מאיר פון דער משנה, ער ווער איין איידים פון דעם תנא ר' חנינא בן תרדיון (איינער פון די עשרה הרוגי מלכות), מ'האט איהם פארברענט מיט די ספר תורה, וואס ער האט אין איהר געלערנט, און מ'האט צוראבירט זיין הויז, און זיין טאכטער האט מען אריין געגעבין אין אקאזאנע שענדליכע הויז. האט ר' מאיר צער געהאט אז זיין שוועגערין זיצט אין א מיאוסן פלאץ, האט ער מיט גענומען אסך געלט, און געגאנגען איר אויס קייפין סעקרעטנע ביי'ן סמאטריטעל און האט זיך געמאכט א צייכין, אויב זי האלט זיך ריין און ערליך, וועט זיך מיר טרעפין א נס, אז איך וועל איר קענען ארויס האפין, איז ער געקומען און האט זיך פארשטעלט פאר א רוימישען פריץ און האט איין געצאלט אין בית הטומאה און געפאדערט די און די וויל ער, האט די ארויס געשיקט א ענטפער, אז דיא קען ניט

תפלה און דוא האסט מיט אים גיטאן נסים און נפלאות אפענע און בעהאלטענע, דו האסט אים גירעטעט פון פיל סכנות, אזוי זאלסטו צו הערין מיין גיבעט מיט דיין גרויס רחמנות, און זאלסט מיר ארויס נעמען פון דעם צער וואס איך האב יעצט, און זאלסט טאן מיט מיר און מיט דיין גאנצע פאלק ישראל נסים ונפלאות צו ליב דעם זכות פון דעם היליגען תנא ר' מאיר בעל הנס, (דא קען מען אויס ריידין וואס מ'דארף, היינו ווען אקינד איז ר"ל קראנק זאל מען זאגין) און זאלסט שיקין ארפואה שלמה צו מיין קינד, בתוך שאר חולי ישראל (און דאס גלייכין וואס מ'דארף בעטין) און בזכות די צדקה זאלסטו ברייגען אהילף אויף דעם כלל ישראל ווי דיין מדה איז (זורע צדקות מצמיח ישועות) דו פר זייעסט די צדקות וואס אידין טוען און מאכסט שפראצין הילף וואס דוא וועסט ברייגען אויף אונז און אויף כלל ישראל במהרה, אמן.

הים לשער

## מעשה אלפס

ווייל זי האט די צייט, האט ער אב גיווארט, און ווייטער איר גיפאדערט, האט זי ווידער גיענטפערט דעם זעלבען תירוץ, האט ער אנגעשטעלט נאך מענשען זאלין איר פאדערן האט זי אלעמען אזוי גיענטפערט, האט ער פארשטאנען אז זי האלט זיך ערליך, איז ער גיגאנגען צום סמאטריטעל און האט אים גיזאגט גיב מיר איר ארויס, ענטפערט ער איך האב מורא פאר די גיריכט, זאגט ער אים, נא דיר א סומא געלט העלפט וועסטו נעמען פאר זיך און העלפט וועסטו האבען צו געבען שוחד, און אז די געלט וועט זיך ענדיגען מיט וואס וועל איך געבען שוחד? (פרעגט דער סמאטריטיל)—ענטפערט ר' מאיר וועסטו זאגין (אלהא דמאיר ענני) דער נאס פון ר' מאיר ענטפער מיר, וועסטו גירעטעט ווערין, פרעגט דער שומר ווער זאגט דאס, אז מיט די תפלה וועל איך ניצול ווערין? זאגט ר' מאיר איך וועל דיר ווייזן. דארטין איז גיווען בייזע הינט, וואס פלעגין קענען צו רייסין אמענשין, האט ר' מאיר גינומען אשטיינדיל און אווארף גיטאן אויף זיי, זיינען זיי אנגיפאלען אים צו רייסין, האט ער גיזאגט (אלהא דמאיר ענני) האבען זיי אב גיטראטין, אז דער שומר האט גיזעהן אז עס איז ריכטיג האט ער איר ארויס גיגעבען אידם, לסוף האט מען גימסרת דעם סמאטריטעל, אז ער האט פארקויפט די מיידל, האט מען אים פר'משפט הייגען, ווי מ'האט אידם ארויף גיצויגין אויפ'ן תליה האט ער גיזאגט (אלהא דמאיר ענני) האט זי זיך איבער גיריסין, פרעגט מען וואס איז דאס פאר אגעשיכטע? האט ער דער צוילט די גאנצע מעשה, האט מען ארויס גישטעלט ר' מאיר'ס בילד אויף אלע גאסען, ווער עס וועט אים טרעפין זאל אים ברייגען אין גיריכט, איין מאל האט מען אים דערזעהען האט מען אים גיוואלט אנגעמען, איז גיקומין אליהו הנביא און זיך פארשטעלט פאר איין אויסגילאסענע פרויא און האט אידם ארום-גינומען אין מיט'ן גאס ור' מאיר האט גיזעהן אז דאס איז אליהו הנביא, נור זיי האט זיך אב גידוכט אז דאס איז א פרוי האט מען אידם אוועק גילאזין, זיי האבען גערעכענט אז זיי האבען א טעות ווייל דער צדיק ר' מאיר האט קיין באקאנשאפט ניט מיט אויסגעלאסענע פרויען, איז ער אנטלאפין פון רום קיין בבל.

הימלישער פאטער, אין דיא צעהען געבאט וואס דוא האסט אונז געגעבין מיט גרויס פאראד על הר סיני, איז איינע פון זיי (כבד את אביך ואת אמך) גיב עהרע דיין פאטער אונ מוטער. אונ לבד וואס דער שכר פון דעם אויף די עוויגע וועלט איז זייער גרויס, האסטו נאך צו גיזאגט דער פאר אגוטין לוין אויף דער וועלט "אריכות ימים" א), כלומר, דער וואס האלט ערליך עלטערין איז מאריך ימים, אונ דו האסט די מצוה גישטעלט זייער הויך, דו האסט איר פארגליכין כביכול צו דיין כבוד, אז מען גיט כבוד עלטערין, איז גלייך וויא מען גיט דיר כבוד, אונ ווען מ'האט פאר זיי רעשפעקט (עהרענפורכט) איז גלייך וויא מ'האט פאר דיר רעשפעקט. אונזערע חכמים דריקען דאס אויס מיט דעם לשון, אין דער צייט אז אמענש גיט כבוד זיינע עלטערין, זאגט הקב"ה, איך פאר רעכין זיי, גלייך ווי איך וואלט וואהנען צווישען זיי אונ זיי וואלטין מיר געבין כבוד. אונ ווען חלילה אמענש פארשאפט פארדרוס זיינע עלטערין, זאגט השי"ת, גוט האב איך גיטאן, וואס איך וואהן ניט צווישען זיי, ווען איך וואלט וואהנען צווישען זיי, וואלטין זיי מיר אויך מצער גיוועזן. אויך זאגין אונזערע חכמים, אז די מצוה פון "כבוד אב ואם" איז נוהג אפילו נאך זייער טויט. ווען זיי זיינען שוין אויף די אמתה וועלט. דארף מען זיי אויך ערליך האלטין, מיט דעם וואס דיא קינדער גייען אין גוטין וועג, זיי טוען מצות אונ מעשים טובים, גיבען זיי מיט דעם כבוד, זייערע עלטערין, לייט זאגין, גיבענשט זאלין זיין די עלטערין, אליבטיגען גן עדן זאלין זיי האבין, וואס זיי האבן אויס גיהאדעוועט אזעלכע גוטע אונ פרומע קינדער, אונ אויף יענע וועלט האבין די עלטערין אויך פיל נחת, ווייל דורך די מצות ומעשים טובים וואס די קינדער טוען, ווערין די עלטערין אלם דער

הויבען

שערי ציון

א) דער שכר "אריכות ימים" איז מדה כנגד מדה, ווייל דער וואס איז מכבד זיינע עלטערן, פארשאפט ער זיי אויך אריכות ימים. עלטערין ווינשען זיך ניט קיין העכערין נחת רוח ווי דם, אז זייערע קינדער זאלין גיין בדרך הישר אונ זאלין זיי גיהארכזאם זיין, דרום איז זיין שכר אויך אריכות ימים, אבער ווען מ'איז דער ווידער עלטערין, פארקירצט מען זיי די יאהרין חלילה, איז דער עונש אויך מדה כנגד מדה, השי"ת זאל אונז היטין פון דעם.

הָאבֶּען מִיט אַמַדְרֵגָה הֶעכֶער אִין גַּן עֵדֶן א).

לִיבֶּער גָאט, אַז אִיךְ שְׁטֶעל מִיר פָאר וִויפִיל כּחוֹת אוּן גִיזוּנְד עֶלְטֶערִין לֵייגֶען אַוֶועק פַאר קִינְדֶער, וֶועה אִיךְ אַז אִיךְ הָאבּ נִיט יוֹצֵא גִיוֶוען גֶעגִין מַיינֶע עֶלְטֶערִן, אוּן נָאךְ מֶער דָאס אִיז דָאךְ אַזַא מִצְוָה וָואס דֶער שֵׂכֶל אִיז עֶם מְחַיֵּיב, וֶוען אֲפִילוּ דוּ וָואלְסְט דָאס נִיט פַר זָאגְט. דוּ הָאסְט דָאס נוּר פַארְזָאגְט, אוּם צוּ גֶעבִּין אַשְׂכַר טוֹב דֶער פַאר, וַוייל מֶען אִיז אַגַב מְקַיֵּים אַמִצְוָה אוֹיךְ, אָבֶער בֶּאֱמֶת לֶערִינְט דָאס דֶער רֵיינֶער שֵׂכֶל, וִוי עֵשָׂו וָואס אִין אַלֶע זַאכֶען אִיז עֶר גִיוֶוען פַארְבְּרָאכִין, אָבֶּער כִּבּוּד אָב הָאט עֶר גִיהִיט אוֹיפֶען הֶעכְסְטִין אַרְט, בְּעֵת עֶר הָאט גִידַארְפְט בַּאדִינֶען יִצְחָק'ן הָאט עֶר אָנְגִיטָאן שֵׁיינֶע הֶערְלִיכֶע קְלֵיידֶער, אוּן דִי קְלֵיידֶער הָאט עֶר נִיט אָנְגִיטְרוֹיט אֲפִילוּ זַיינֶע פְּרוֹיעֶן, נוּר זַיין מוּטֶער רִבְקָה'ן אַלֵיין. אוּן נָאךְ פִיל הִיסְטָארְיֶעס וָואס אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים דֶער צֵיילֶען פוּן אוּמוֹת הָעוֹלָם וִוי זֵיי הָאבִּין מְכַבֵּד גִיוֶוען זֵייעֶרֶע עֶלְטֶערְן 1), אוּן אוֹיךְ וָואס לְבַד



מעשה אלפס

1) דֶער נָבִיא יְחֶזְקֵאל זָאגְט אִין זַיין קְלוּגֶע מוּסָר (וּכְמִשְׁפַּט הַגּוֹיִם לֹא עֲשִׂיתֶם) אִיר טוּט אַלְס נָאךְ דִי אוּמוֹת הָעוֹלָם, גֶעגִין דִי תּוֹרָה וָואס זֵי הָט גִישְׁרִיבִּין (וּבְחֻקּוֹתֵיהֶם לֹא תֵלֵכוּ), וָואלְט אִיר לְפָּחוֹת נָאךְ טָאן זֵיי אִין אַלְס. אַס עֶנְדֶע טוּט אִיר נוּר זֵייעֶרֶע נַארִישֶׁע זַאכִין, אָבֶער דִי גוּטֶע נִיט, זֶעט וִויא אוּמוֹת הָעוֹלָם הַאלְטֶען דִיא יְרוּשָׁה פוּן זֵייעֶר פָאטֶער עֵשָׂו צוּא שֶׁעצִין עֶלְטֶערִין. וִויא דִי נִכְרָא דֶערְצֵיילְט, אַמָאל הָאבִּין דִיא חֲכָמִים גִידַארְפְט קוֹיפִין טֵייעֶרֶע פִינְקְעל שְׁטֵיינֶער צוּם אֵפוֹד (פוּן כֹּהֵן גָּדוֹל) זַיינֶען זֵיי גִיקוּמֶען צוּ אֵיינֶעם אַדִימֶענְט־הֶענְדְלֶער פוּן אוּמוֹת הָעוֹלָם זַיין נָאמֶען וַואר „דָמָה" (אִין שְׁטָאט אַשְׁקְלוֹן) אִים אִיז גִישְׁטַאנֶען צוּ פַר דִינֶען אָן דֶעם הֶעכֶר אַהַאלְבִּין מִילְיָאן רֶענְדְלֶךְ, הָאט זַיין פָאטֶער „נְתִינָה" גִישְׁלָאפֶען אוֹיף דֶעם קַאסְטִין פוּן דִיא דִימֶענְטִין, הָאט עֶר אִים נִיט גִיוָואלְט וֶועקִין אוּן הָאט פַארְלָארֶען דֶעם פַּדְיוֹן. נָאךְ אַמַעֲשֶׂה הָאט פַּאסִירְט מִיט דֶעם זֶעלְבִּין, עֶר אִיז גִיזֶעסִין אִין פַארְלָאמֶענְט פוּן רוּם, אִיז גִיקוּמֶען זַיין מוּטֶער (זִיא וַואר נִירִירְט) אוּן הָאט אִים אַרָאבּ גִירִיסִין זַיין קְלֵייד אוּן אָן גִישְׁפִּיגֶען אִים אִין פְּנִים אוּן עֶר הָאט אִיר נִיט פַאר שֶׁעמְט, דֶער וַוייל אִיז פוּן אִיר אַרָאפ גִיפַאלִין אַיד

שערי ציון

א) אוּן וֶוען מְ'רֶעכִינְט גוּט אוֹיס, דַארְף מֶען זֵיי מְכַבֵּד זַיין נָאכִין טוֹיט מֶער וִוי פַאר זֵייעֶר לֶעבִּין. וַוייל וֶוען זֵיי הָאבִּין גִילֶעבְּט הָאבִּין זֵיי אַמָאל גִיקָאנְט זֵייעֶר כָּבוֹד מוֹחֵל זַיין. אָבָער אַז זֵיי זַיינֶען גִישְׁטָארְבִּין, קֶענֶען זֵיי דָאךְ נִיט מוֹחֵל זַיין זֵייעֶר כָּבוֹד, וָוארוּם אַז דִי עֶלְטֶערִין זַיינֶען אוֹיף דִי אֱמֶת'ה וֶועלְט אוּן דִי קִינְדֶער זִינְדִיגֶען, פַּרְשֶׁעמֶען זֵיי זֵייעֶר פָאטֶער אוּן מוּטֶער, הקב"ה זָאגְט צוּ זֵיי, זֶעט אֵייעֶרֶע קִינְדֶער וָואס אִיר הָאט גִבְּרַאכְט אוֹיף דֶער וֶועלְט, וִוי זֵיי זִינְדִיגֶען צוּ מִיר אוּן פַארְשֶׁעמֶען מַיין נָאמֶען מִיט מַיין תּוֹרָה אוּן מִצְוֹת.

אִיךְ פֶערְשְׁטֵיי דָאס מִיטִין שֵׂכֶל, בִּין אִיךְ נָאךְ פַארְזָאגְט אוֹיף דֶעם אִין עֲשֶׂרֶת הַדִּבְּרוֹת, אוּנ אִיךְ הָאבּ דָאס נִיט גֶעהִיט וִוי מְ'דַארְף, דְרוּם קוּם אִיךְ אוֹיס וֵויינֶען מַיין הַארְץ פַאר דִיר פָּאטֶער פוּן הִימֶל, אוּנ בֶּעט דִיר, דוּ זָאלְסְט מִיר הֶעלְפִין צוּ גֵיין אִין גוּטִין וֶועג, אִיךְ זָאל דֶער מִיט פַארְשַׁאפִין כְּבוֹד מַיינֶע עֶלְטֶערִין, אוּנ אַפְּשִׁיטָא הַיינְט אִין דֶעם טָאג פוּן זֵייעֶר יָאהר צַייט, דָאס אִיז בַּיי זֵיי אַהֵיילִיגֶער טָאג, אִין דֶעם טָאג זַיינֶען זֵיי אַרוֹיס פוּן דִי פִינְסְטֶערֶע נַארִישֶׁע וֶועלְט צוּ דִי לִיכְטִיגֶע אֱמֶת'ה וֶועלְט, דָאס אִיז אַיין אַרְט אִימֶענִינוּס וָואס אִין דֶעם טָאג אִיז דֶער מֶענְשׁ אַרוֹיס פוּן פִינְסְטֶערִין אַיינְגֶען טוּנֶעל (כוּסער לייב) אִין דִי לִיכְטִיגֶע וֶועלְט, בֶּעט אִיךְ דִיר דוּ זָאלְסְט מִיר הֶעלְפִין בֶּעשַׁיינֶען זֵייעֶר שִׂמְחָה. לִיכְטִיג מַאכִין זֵייעֶרֶע זָאלֶען אִין גַּן עֵדֶן מִיט מַיין דַאוְונֶען מִיט אַנָוארִימֶע הַארְץ, אוּנ אִיךְ שְׁטֶעל אַלִיכְט (אדער איך גיב גאז אין בית המדרש) מְ'זָאל פַאר דִי לִיכְט דַאוְונֶען אוּנ לֶערְנֶען צוּ בֶּעלַייכְטִין זֵייעֶר נְשָׁמָה אִין גַּן עֵדֶן, אוּנ אִיךְ גִיבּ צְדָקָה עֶס זָאל וֶוערִין פוּן דֶעם אַהֵיילִיגֶע שְׁטַאט-קְלֵייד פַאר זֵייעֶר נְשָׁמָה, וִוי דֶער נָבִיא זָאגְט (מְעִיל צְדָקָה יְעָטָנִי) אַז דוּרְךְ צְדָקָה וָואס מְ'גִיט פַאר זֵייעֶרֶע נְשָׁמוֹת וֶוערִין זֵיי בַּאקְלֵיידֶעט מִיט אַשְׁטַאט-קְלֵייד אִין גַּן עֵדֶן, אוּנ הֶעלְף מִיר דָּם אַגַאנְצֶן טָאג זָאלֶן מַיינֶע גֶידַאנְקֶען זַיין רֵיין אוּנ הֵיילִיג צוּ טְרַאכְטִין נוּר וֶועגִין מַיינֶע לִיבֶּע עֶלְטֶערִין וִוי צוּ פַארְשַׁאפִין זֵיי כָּבוֹד אוּנ פֶערְגְנִיגֶען אִין גַּן עֵדֶן, אוּנ זֵייעֶר זְכוּת מִיט דֶעם זְכוּת פוּן אַלֶע רֵיינֶע נְשָׁמוֹת פוּן גַּן עֵדֶן זָאל מִיר בַּיישְׁטֵיין עֶס זָאל פַארְגְרִינְגֶערְט וֶוערִין מַיין פַּרְנָסָה, אִיךְ זָאל זִיךְ קֶענֶען וָואס מֶער אָבּ גֶעבִּין צוּ מִצְוֹת וּמַעֲשִׂים טוֹבִים, אִיךְ זָאל זֵיי קֶענֶען פַארְשַׁאפִין שְׁטֶענְדִיג כָּבוֹד, אוּנ

אִיךְ

---

מעשה אלפם

שׁוּךְ, הָאט עֶר זִיךְ אַיין גִיבּוֹינְן אוּנ אוֹיף גִיהוֹיבִּין אוּנ אִיר אָן גִיטָאן. אָבֶּער אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים הָגֵם נִיא הָאבִּין אוּים גִיםַייט אַלֶע מִנְהָגִים פוּן דִי אוּמוֹת הָעוֹלָם, נוּר אַנוּטֶע זַאךְ הָאבִּין זֵיי זִיךְ גִילֶערִינְט אֲפִילוּ פוּן זֵיי אוֹיךְ, ווִיא דִי גְמָרָא דֶער צֵיילְט אַז דֶער תַּנָא ר' טַרְפוֹן (עֶר אִיז גִיוֶועְן אַגְרוֹיסֶער אַדִיל), הָאט עֶר גִיהַאט אַיין אַלְטֶע מוּטֶער, אִיז וֶוען דִי מוּטֶער הָאט גִידַארְפְט אַרוֹיף גֵיין אוֹיפִין בֶּעט שְׁלָאפִין, הָאט עֶר זִיךְ אַיין גִיבּוֹיגִין די דְרֵעד (אַנְשְׁטאָט אַ פּוּם בֵּייגְקֶעלֶע) די

מוּטֶער זָאל אַרוֹיף גֵיין אוֹיף אִים, אוּנ פוּן אִים אוֹיפְ'ן בֶּעט. רַב יוֹסֵף וֶוען עֶר הָאט גִיהֶערְט דִיא טְרִיט פוּן זַיין מוּטֶער אַז זִיא גֵייט, הָאט עֶר גִיזָאגְט מְ'דַארְף זִיךְ שְׁטֶעלִין פַאר אִיר, וַוייל דִיא שְׁכִינָה קוּמְט מִיט אִיר, כְּלוֹמַר, וֶוען מְ'אִיז מְכַבֵּד דִיא מוּטֶער, אִיז גְלַייךְ וִוִיא מְ'אִיז מְכַבֵּד הַשִּׁי"ת, דְרוּם דַארְף זִיךְ יֶעדֶער מֶענְטְשׁ גִיוָואהְנֶען מְכַבֵּד זַיין זַיינֶע עֶלְטֶערִין, וֶועט עֶר מַאֲרִיךְ יָמִים זַיין, לְבַד זַיין גְרוֹיסֶער שְׂכַר בָּעוֹלָם שֶׁכֻּלּוֹ אָרוֹךְ.

איך זאל זוכה זיין צו זעהען די פנים אל פנים אויף די גרויסע שמחה פון תחית המתים, וואס מיר האפין עס זאל זיין במהרה בימינו, אמן.

## דער ענין פון „חברים כל ישראל.

ווייל „תפלה בצבור" איז א גרויסע זאך אונ דאס זעלבע יעדער תחנה, יעדער געבעט איז בעסער אז מ'זאגט עס צו זאמען ברבים, אונ אזוי ווי דער רייניגער שכל ווייזט אז ווען הייסט בצבור, אז איך האב ליב יענעם אידען אונ יענער האט מיר ליב, אונ מיר ביידע האבין ליב דעם דריטען אונ אזוי אלעמען הייסט דאס תפלה בצבור, אבער ווען איך האב חלילה יענעם פיינט אונ יענער האט מיר פיינט, הייסט דאס נאר ניט קיין צבור, נור יעדער איז פאר זיך, דעריבער שרייבט דר ר"י הקדוש ז"ל אז פארען דאווענען זאל יעדער איד מקבל זיין אויף זיך די מצוה פון (ואהבת לרעך כמוך) אונ זאל אריין נעמען אין גידאנקען ליב צו האבען יעדער אידען, חס האבען אויף זיין כבוד אונ אויף זיין געלט. דאן וועט יעדערינס תפלה נכלל ווערין צו זאמען מיט די תפלה ותחנה פון כלל ישראל אונ א תפלת רבים ווערט אלע מאל אנגינומען, דרום ווילען מיר דא שרייבין א פרק וועגין פריינדליכקייט פון איין מענשין צום צווייטין.

דער הייליגער תנא ר' עקיבא זאגט (אין אבות) חביב אדם שנברא בצלם, אז יעדער מענש איז טייער ביי הקב"ה, ווייל ער האט אים בעשאפען אין זיין פארעם אונ ווי גרוים איז די ליבשאפט פון השי"ת צום מענשין, אז ער האט אים דאס צו וויסען גיגעבין ווי דער בורא האט גיזאגט צו נח (כי בצלם אלהים עשה את האדם) דאס איז גירעט וועגין אלע מענשין אפילו ניט קיין איד, אונ אידען שטייען נאך העכער ביי דעם בורא, ווייל זיי רופין זיך קינדער ביי גאט, ווי משה רבנו זאגט אונז אין נאמעס נאמען (בנים אתם לה' אלהיכם), זעהען מיר פון דעם אז מ'דארף ליב האבען יעדער מענשין, אונ דער גראדער שכל איז דאס אויך מחייב, ווייל יעדער העלפט דאך צו די ארבעט וואס די וועלט פאדערט, דער אקערט, דער זייט, דער שניידט די תבואה, דאס מערסטע וועלטליכע בעארבעטונג זענען דורך די פעלקער, טויזענדער שיפען גייען אויף די ימים, ווער זענען די מאטראזען? נאר פון די פעלקער, די וועלט איז נאר בעשאפען געווארען אין מענש זאל ארבעטין פאר דעם אנדערין, אונ זאל אים העלפען צו יעדער צייט וואס ער דארף זיין הילף, מיר זעהען פון דער צייט וואס דער מענש ווערט געבארען ביז ער שטארבט, מוז ער האבען די הילף פון

מענשען באלד ווי ער ווערט געבוירען גייט ער ארוים נאקעט, ער קאן ניט רירען מיט די הענד עפעס צו נעמען, ער קאן ניט שטעלען די פיס, ער קאן זיך ניט רירען פון ארט, ער זעהט אונ הערט אונ ווייס ניט וואס, ער איז בעשמוצט, אונ מוז באלד האבען איינעם וואס זאל אפשניידען זיין נאפיל אונ זאל אים אפוואשען אונ איינוויקלען ער זאל ניט פארקיהלט ווערין, אונ מען דארף אים געבען זייגען אונ לערנען גיין, אונ לערנען עסען, לערנען ריידען, אז ער ווערט עלטער דארף מען אים לערנען תורה, חכמה, דרך ארץ, א מלאכה, א האנדעל*). צו זיין ערשטע שטיקעל ברויט וואס ער נעמט אריין אין מויל, ווי פיל מענשען האבען אויף דעם ברויט געארבעט, געהאקט אייזען, געמאכט א אקער. וויפעל כלים האט מען פריער געדארפט האבען מען זאל מיט זיי קענען מאכען פון א שטיק אייזען א אקער, וויפיל כלים דארף מען אין די פאבריק צו מאכין א נאדיל. אונ ווי אזוי האט מען די כלים געמאכט, צו די כלים האט מען דאך אויך געדארפט כלים, ווער אונ ווי אזוי האט מען יענע כלים געמאכט, פיל בוינען פאפיר וועט מען דארפען דאס אלץ צו בעשרייבען, אז ער ווערט קראנק ווער וועט אים באדינען ווער וועט אים היילען, אז ער ווערט אלט ווער וועט אים פירען, ווער וועט אים געבען עסין? אונ צום סוף אז ער שטארבט דארף ער ווידער אן קומען צו מענשין, מ'זאל אים מטהר זיין, אנטאהן תכריכים. באגראבען, בכלל אלע מענשין צוזאמען זענען ווי איין מענש, אזוי ווי דער מענש איז צוזאמען געשטעלט געווארען פון צוויי הונדערט אכט אונ פערציג גלידער אונ דריי הונדערט פינף אונ זעכציג אדערין, איין גליד מוז אנקומען צום אנדערין, ווי שלעכט ווערט דעם מענשין אז ער האט שמערצין אפילו פון קלענסטין פינגער, אדער עס בלייבט שטיין איין אדער, אונ דער מענש ווערט פאראליזירט, דריבער האט דער מענש ליב זיינע אלע גלידער אונ זיינע אלע אדערין אונ היט זיי אפילו פון קלענסטען שאדען, אונ ער שפייזט זיי אונ היילט זיי, אז זיי ווערן קראנק, אזוי דארף דער מענש ליב האבען אלע
מענשין

*) שטעל זיך פאר מען זאל אוועק זעצין א מענשין אויף איין אינזעל וואס איז בעוואקסין מיט די טייערסטע פרוכט-בוימער, מיט די טייערסטע וואסער, אונ ער זאל דארפין האבין די בעסטע שפייז נור, קיין מענטשין זאל ער ניט אן זעהן אין די אויגין, וויא טרויעריג אונ פינסטער זיין וועלט וואלט אים זיין, ער וואלט בעסער עסין ברויט מיט וואסער, נור זיין אין א גיזעלשאפט פון מענשין, היינט אז דיא מענשליכע גיזעלשאפט פאר זיכט דיר דיין לעבין, לבד וואס זיא פארפארטינט דיר אלע דיינע הצטרכות, סיי עסין, סיי קליידונג, סיי וואהנונג, וואס דו אייגער אליין ביסט דאס ניט אימשטאנדע זיך צו פערשאפין. וויא וויים דו דארפסט שעצין יעדער מענשין, אונ אזו האט אונזער פאטער אברהם געלערינט זיינע קינדער צו טאן צדקה ומשפט מיט אלע מענשין.

מענשין און די היטען פון קלענסטין שאדען, און שפייזען און היילען זיי פון קראנקהייט, און באהילפיג זיין אין זייער נויט, די תורה האט דאס אלין געזאגט מיט דריי ווערטער ואהבת לרעך כמוך" דו זאלסט ליב האבען דיין פריינד, יעדער מענש איז דיין פריינד, יעדער מענש האט א צייל מיט זיין ארבעט פון דיינעט וועגן, ער איז אגליד פון דיינע גלידער ער איז „כמוך" ווי דו, אזו ווי דו ביזט איין מענש צוזאמען געשטעלט פון פיל גלידער און אדערין, אזוי זענען אלע מענשין איין מענש און יעדער מענש איז אגליד א אדער, דריבער דארף יעדער מענש דערקענען די טובה וואס ער האט פון יעדער מענש אין כלל. און אז איינער האט אבעזונדער טובה פון אמענש, דארף ער אים געוויס אייביג דאנקען. איינע פון די זאכען וואס הקב"ה האט פיינט איז ווען אמענש דאנקט ניט פאר אטובה וואס מען טוט אים. ער הייסט מיטן שענדליכען נאמען „כפוי טובה" (איין אונדאנקבארער מענש).

דעם פשט פון (ואהבת לרעך כמוך אני ה') קענען מיר פארשטיין דורך: א מעשה וואס האט פאסירט, צוויי מענשין (משה און שמואל) האבען צווישען זיך געמאכט אפארבינדונג אויף א אייביגע פריינדשאפט כל זמן זיי וועלען לעבען, זיי האבען צווישען זיך געמאכט. זיי זאלען ניט האבען קיינע בעהאלטענע זאכען, וואס איינער ווייסט, וועט ווייסען מוז ער זאגען דעם אנדערין פיי פריידען פיי ליידין זאלען זיי זיך ביידע מיט טיילען, די צוויי מענשען האבען אצייט לאנג זייער גוט געלעבט, אמאהל האט געטראפען משה איז געפארען אין ענגלאנד וועגען זיינע געשעפטען, ער איז געשטאנען אין א נאכט הויז, אין דעם נאכט הויז האט מען געהרגת אפרינצעסין, דער מערדער איז אנטלאפען און מען האט געמאכט אבלבול אויף משה אז ער האט איר געהרגת, מען האט אים געזעצט אין טורמע און נאכהער געמשפט מ'זאל אים הענגען, אין די צייט איז געוועזען אגרויסער טרויער ביי משה אין שטוב, עס האט קיינער ניט געוואוסט וואו משה איז און וואס מיט אים איז געווארען, שמואל האט ניט גערוהט טאג און נאכט צו פרעגען ביי פרעמדע מענשין טאמער ווייסען זיי עפעס צו זאגען פון משה, ביז ער האט זיך דערוואוסט פון דעם נאנצען בלבול. שמואל האט ניט געזאגט פאר משה'ס חייב און ניט פאר זיין ווייב, נאר ער האט געזאגט פאר זיין חייב ער מוז גייטיג פארען אין וועג, ער האט מיט זיך גענומען אגרויסען קאפיטאל געלד טאמער וועט ער אים קענען אויסלייזען, און ער איז געקומען אין די שטאט וואו משה איז געווען, ער האט אנגעהויבען נאך פרעגען וועגן זיין משפט האט מען אים געזאגט, ער וועט אפילו געבען מיליאנען וועט ער מעהן ניט אויסלייזען פון טויט, אין איינע טעג ארום וועט מען אים

הענגען, שמואל האט צעריסען זיינע קליידער און יאמערליך געוויינט ווי אזוי וועט ער קענען זעהן מ'זאל זיין פריינד משה'ן הענגען, ער איז אלע טאג געגאנגען צו די טורמע, ער זאל אים קענען זעהן, מ'האט אים אבער ניט צו געלאזען, איין מאל האט ער געטראפען אנוטען היטער וועלכער האט גענומען ביי שמואל פיל געלט און האט אים ביי נאכט אריין געפירט צו משה. ווי די ביידע פריינד האבין זיך דערזעהן איז געווארען צווישען זיי אשטארקער געוויין, נאכדעם זאגט משה צו שמואל איך וועל ביי דיר בעטען אטובה, גיי אריין אין סאנד און זאג דו וועסט בלייבען אין טורמע פון מיינטוועגין מ'זאל מיך לאזען אהיים, איך זאל מיך געזעגענען מיט מיין ווייב און קינדער איידער איך וועל שטארבען און וועל באלד צוריק קומען, שמואל האט געענטפערט איך וועל דאס דיר געוויס טאן שמואל איז באלד געלאפען אין סאנד, און האט געבעטען מ'זאל לאזען משה'ן פארען אהיים זיך געזעגענען מיט זיין ווייב און קינדער, און איך וועל זיין אין טורמע פאר אמשכון ביז משה וועט צוריק קומען, דער עלצטער שופט האט געזאגט צו שמואל, זאלסט וויסען אויב משה וועט ניט צוריק קומען צו דעם טאג וואס מ'דארף אים הרגען וועט מען דיך הרגען, שמואל האט געזאגט ער בעשטייט אויף דעם, מ'האט משה'ן ארויס געלאזען פון טורמע און ער איז געפארען אהיים, ווי משה איז געקומען אהיים איז געווארען אגרויסע שמחה ביי ווייב און קינדער און גוטע פריינד, זיי האבען קיינער ניט פארשטאנען פאר וואס איז ער אזוי טרויעריג, ער האט זיך גאר ניט געקערט צו זייער שמחה, ער האט געשיקט רופען דעם נאטאריוס און האט געמאכט אצוואה, ווי זיין ווייב און קינדער האבען דאס געזעהן האבען זיי געחלשת, און ער האט זיי דערציילט ווי אזוי ער איז פריינעקומען אהיים, שמואל זיצט דארטען פאר אמשכון און אויב ער וועט ניט קומען צום בעשטימטען טאג וועט מען שמואל'ן הענגען, דאס ווייב און קינדער האבען געזאגט זיי וועלען אים ניט לאזען צוריק פארען, און וויל עס איז געוועזען ווינטער אין גרויסע פרעסט האבען זיי בעהאלטען זיינע ווינטער קליידער, און ער האט זיי צוגעזאגט ער וועט ניט צוריק פארען, נאר ביי נאכט איז ער אין דערשטיל ארויס פון שטוב און איז געלאפען מיט פאטשטאווע פערד וויא אפייל פון בויגען, וויל ער האט געוואוסט די צייט איז גאר נאך איין טאג, און אויב ער וועט קומען מיט איין מינוט שפעטער וועט מען שמואל'ן הייגען, דעם וועלכען טאג אין דער פריה איז משה געקומען אין שטאט ער האט געזעהן פיל מענשען לויפען און מען פירט שמואל'ן צום הענגען, האט ער אנגעהויבן שטארק שרייען הענגט אים ניט איך בין דא, איך בין דא, ביז מען האט זיין שטימע דער

ריעם

הערט, אונ מען האט געזאגט צום עלטשטען שופט דער וויינגער משה איז געקומען, משה איז צו געגאנגען צום שופט אונ האט געזאגט צו אים, לאז אפ דעם מענש, אונ נעם מיך צום הענגען, איך בין דאך דער רוצח פון די פרינצעסין, דער עלטסטער האט געהייסען מ'זאל אראפנעמען שמואל'ן, האט שמואל געזאגט ער וויל ניט אראפגיין, ער וויל בעסער געהאנגען ווערען אונ משה זאל בלייבען לעבין, משה האט געזאגט צו שמואל איך האב דאך דיך נאר געלאזען פאר משכון ביז איך וועל צוריק קומען, אונ איך בין דאך צוריק געקומען לאז מען מיך הענגען, משה האט ניט געלאזען מ'זאל הענגען שמואל'ן נאר אים זאל מען הענגען, שמואל האט ניט געלאזען הענגען משה'ן נאר אים זאל מען הענגען, דער שופט האט ניט געוואוסט וואס ער זאל טאהן, ער האט אזוי אזאך נאך ניט געזעהן, האט ער געהייסען מ'זאל פארלייפיג ביידען ניט הייגען, מ'זאל זיי פירען צוריק אין טורמע ביז מ'וועט פרעגען ביי דעם מלך וואס מ'זאל טאהן, מ'האט זיי אוועק געפיהרט אין טורמע, אונ מ'האט די זאך דער ציילט דעם מלך, דער מלך האט געהייסען מ'זאל די צוויי מענשען ברייגגען פאר אים, דר מלך האט זיי געפרעגט, פר וואס וויל יעדער פון אייך מ'זאל בעסער אים הרג'ען אונ ניט זיין חבר, האבען זיי אים דערציילט פון זייער פארבינדונג, אז זיי האבען געשוואוירען אויף זייער ליבשאפט, ווי אזוי קען איינער זעהן מ'זאל זיין חבר הרג'ען אונ ער זאל בלייבען לעבען, זיי ביידע מוזען זיין גלייך, לעבען אדער שטארבען אין איין מינוט, האט דער מלך געזאגט ביידע זאלען לעבען קען ניט זיין, ווארום איינער האט דאך געהרג'עט די פרינצעסין, ביידע הרג'ען קען מען ניט, שמואל האט דאך געוויס די פרינצעסין ניט געהרג'עט, ער איז דאך דא ניט געווען, ווי אזוי קען מען הארגענען א אומשולדיגען מענש; האט משה געזאגט צום מלך, דער מלך מעג מיר גלויבען, אזוי ווי שמואל האט די פרינצעסין ניט געהרג'עט אזוא האב איך זיא אויך ניט געהרג'עט, האט דער מלך געזאגט איך גלויב דיר אז דוא האסט די פרינצעסין ניט געהרג'עט אונ דו ביזט פון משפט פריי, נאר איין זאך וועל איך אייך פרעגען, טאמער ווילט איר געמען נאך אדריטען צו אייער ליבשאפט? האבען זיי געזאגט אז דער דריטער וועט זיין מיט אזוי א אמת ווי מיר ביידע זענען, וועלען מיר פאר אים אויך געבען אונזער לעבען, האט דער מלך געזאגט איך וועל זיין דער דריטער צוא אייך, איר וועט זיין שטענדיג אין מיין פאלאץ, איך וועל אייך היטען אונ איר וועט מיך היטען, עס איז אזוי געוואָרן, דער מלך האט זיי געמאכט פאר דיא גרעסטע שרים אונ זיי זענען געווען די עצה געבער אונ די היטער פון מלך.

דאס האט הקב"ה געזאגט צו די ידען (ואהבת לרעך כמוך) אויב יעדער ייד

װעט ליב האָבען זיין חבר װי ער האָט ליב זיך אַליין, אויב עס װעט זיין אַצעַר בײ זיין חבר. װעט ער האָבען אַזוי פיל צער גליך װי דער אומגליק װאָלט אים געטראָפען הלילה. אונ אַזוי װי ער װאָלט װעלען זיך רעטטען פון דעם אומגליק, אַזוי זאָל ער װעלען זיין חבר רעטטען פון זיין אומגליק, אונ אויב זיין חבר װעט האָבען אַשׂמחה װעט ער זיך פרייען גלייך װי דאָס װאָלט געװען זיין שׂמחה, אונ איינער װעט װעלען געבען זיין לעבען פאַר דעם חברים לעבען, זאָגט הקב"ה „אני ה'" צו אַזוי אַליבשאַפט װיל איך זיין אַדריטער, איך װעל היטען אייער לעבען, אונ עמו אנכי בצרה, װען חז יודען איז שלעכט האָט הקב"ה צער פון זייערע צרות, װי עס שטייט אין פסוק (ותקצר נפשו בעמל ישׂראל) אונ ער העלפט זיי, אונ יודען דאַרפען זיך מוסר נפש זיין פאַר די ליבשאַפט פון הקב"ה, װי עס שטייט אין פסוק ואהבת את ה' אלהיך בכל לבבך ובכל נפשך ובכל מאדך.

## תחנה פון פרייטיג פריה (פארין ארויס גיין אין גישעפט).

מען דאַרף אַקוש טאָן די מזוזה אונ נאָכהער זאָגין די תחנה.

רבונו של עולם, דו האָסט גישריבען אין דיין הייליגע תורה (זכור את יום השבת לקדשו) מ'זאָל גידיינקען דעם טאָג פון שבת צו הייליגען אים. זאָגין אונזערע חכמים אַז איבער הויפט דאַרף מען זיך שטאַרקען צו גידיינקען, בעת עס איז דאָ איין אורזאַך װאָס מאַכט אים פאַרגעסין, איז אַזוי װי פרייטיג פאַר נאַכט שיקט דער מעקלער (דער יצה"ר) פיל קונדין אונ עס הייבט זיך אָן צו לייזין גישמאַק, אונ פון טומיל קען מען פאַרגעסין אָן שבת, בעט איך דיר דו זאָלסט מיר העלפין בײ צו שטיין דעם נסיון, אַװעק װאַרפען אין מיטען לייזונג, אונ צו מאַכען דעם גישעפט אונ גיין אַהיים ליכט בענטשן, װי איך װיים, אַז דאָס איז די רעכטע אידישקייט, בײ צו שטיין ביין נסיון פון געלט, אונ אויף דעם האָסטו אונז גיגעבין די הייליגע מצוה פון מזוזה, װאָס דאַרטען שטייט געשריבען די הייליגע װערטער (ואהבת את ה' אלהיך) דו זאָלסט ליב האָבען דיין בעשעפער (בכל לבבך) מיט דיין גאַנצען האַרצין (ובכל נפשך) מיט דיין גאַנצע זעלע (ובכל מאדך) מיט דיין גאַנצען פערמעגן, אונ אונזערע חכמים האָבין גיהייסין אָנשרייבען פון דרויסען דעם שם "שדי" צו לערנען אייך, אַזוי װי בעת דו האָסט בעשאַפען דיין װעלט, האָט זי זיך גינומען שפרייטען אָן אַברעג, װי עס פאַסט פאַר אַזא מייסטער װי דו, װאָס דו

ביסט בלי גבול ותכלית, האסטו גזאגט, די ! האלט ! גענוג! מיט דעם האסטו גיגעבין אלעהרע דעם מענשין, וואס ער איז אויך אקליין וועלטעלע, בעת זיינע כחות נעמען זיך שפרייטען, למשל די ליבשאפט צו לייזין ארובל וויל זיך נעמען שפרייטען, ובפרט בעת עס קומען קונדען אונ מ'קען לייזין גישמאק, דא דארף דער קלוגער מענש זאגען צו לייזונג גייך, די ! האלט ! דער היילינער שבת קומט אן, אונ פון זיין כבוד וועגין דארף מען אלעס בעזייטיגען אונ גיין וואס גיכער צו הויז זיך ארום וואשען אונ ליכט בענטשין. בעט איך דיר ליבער פאטר, העלף מיר צו טאן אזוי, אז די ליבע צום לייזונג זאל מיר ניט פארשכורין, אז איך זאל חלילה מחלל שבת זיין א) נור איך זאל זיך מזרז זיין צו זיין שטארק ווי אלייב אונ גישווינד ווי אהירש צו טאן דיין רצון טרייער בעשעפער אונ בזכות דעם כבוד פון שבת זאלסטו שיקען אברכה והצלחה אין מיינע גישעפטין, איך זאל דיר קענען דינען מיט אפרייליכע הארץ, אמן.

## תחנה ווען מען פארט אופ'ן ים.

גרויסער וועלט באשעפער, דו האסט באשאפין אין זעקס טעג די הימעל אונ די ערד, אונ אלס וואס אין זיי געפינט זיך,

אין



א) אין מעשה אלפס (ענדע זעקסטע טהייל) האבין מיר גישריבין די גישיכטע וואס האט פאסירט בעת אידין זיינען גיוועזן אין דער מדבר, אז די רשעי ישראל (וויא דתן ואבירם) האבין גיוואלט פאר בלענדען אידישע אויגין אונ האבען שבת אין דער פריה אוים גישאטין אויפין פעלד די מן, וואס זיי האבען פרייטיג אן גיקליבן, בכדי צו נארין אידין, אז שבת גייט אויך מן, אונ זיינען אריין אין דער מחנה אונ האבען גיזאגט אז זיי האבען גיזעהן ווי היינט גייט אויך מן ס'זאל גיין קלייבין, שטייט אין דער תורה אז זיי זיינען ארוים גיגאנגען שבת קלייבען אונ האבען ניט גיפונען, וויל השי"ת האט ארוים גישיקט פייגלען וואס האבען אויף גיפיקט דעם מן, דאס איז צו לערנען אונז, אז די מן וואס מ'רעכינט צו קלייבין שבת כלומר דעם שבת'דיגען לייזונג וואס מ'לייזט פון נאך די שקיעה אן, וועלען דאס סוף כל סוף פייגלאך צו פיקען, כלומר דאקטורים וועלען דאס צו נעמען אונ פיקענדיג וועלען זיי אים רייסען שטיקער פלייש מיט זייער שנאביל. אלזא בעת דער יצר הרע פאר-שכור'ת דעם מענשען מיט'ן לייזונג פון נאך די שקיעה, זאל מען די הימטארע אריין נעמען אין זינן, וועט מען זיך אוים-ניכטערין פון די שכרות, אונ מיט זריזות פר מאכין דעם גישעפט און לייפין אהיים ליכט בענשין אין דער צייט, וועט השי"ת געבין הצלחה אין אייערע גישעפטין.

דאס

אונ אין דעם דריטען טאג האטטו גיזאגט, אז די וואסער וואס האט באדעקט דעם גאנציין ערד = קוגיל זאלין זיך אויפ זאמלין אין איין ארט, אונ אזוי איז גיווארען, זיי האבין זיך אויף גיזאמילט אונ גיווארען א גרויסער ים. אונ האסט אין אים בעשאפן, אלע זארטין ברואים, אלעם וואס איז דא אויף דער יבשה איז דא אין ים, אויסער די חולדה א) האסטו אין ים ניט באשאפן, צו לערנען אמוסר דעם מענשין וואס בעת ער איז רוהיג, ליגט ער אין הבלי הזמן, ער זאמילט אונ זאמילט ווי דיא חולדה אונ ווייס ניט פאר וועמען ער זאמילט (יצבור ולא ידע מי אוספם), ווייל ער איז פאר טומילט פון דעם וועלט = לארים, דאדורך הערט ער ניט דיין שטימע (די געטליכקייט פון זיין נשמה), אונ ער מיינט אז דער גאנצער תכלית זיינער איז נור עסען אונ טרינקען, אבער ווי ער קומט אויפין ים אונ שלאגט זיך ארויס דעם טומיל פון דער וועלט ב), דא הערט ער דיין שטימע, ווי דוד המלך זאגט (קול ה' על המים) גאטעס שטימע וואו דער הערט דער מענש? אויפין וואסער. (ורוח אלהים מרחפת) וואו שוועבט גאטס גייסט? וואו שפירט אים דער מענש? (על המים) איבער הויפט פארינדיג אויף דעם גרויסין ים, ווי עס שטייט גישריבן אין מזמור ה' מלך (מקולות מים רבים) פאר דעם רוישען פון די מעכטיגע וואסער (דאס איז דער טומיל פון דער וועלט) (אדירים משברי ים) זיינען מעכטיגער די וועלען פון דעם גרויסען ים, (אדיר במרום ה') דארטין (אויפ'ן ים) באמערקט דער מענש ווי שטארק אונ מעכטיג די געטליכקייט איז, ווי דוד המלך זאגט (יורדי הים באניות) די וואס רייזין אויפין ים אין שיפין (עושי מלאכה במים רבים) די מאטראזין אונ די סוחרים וואס ארבייטין פיל אין די גרויסע וואסערין (המה ראו מעשי ה') די זעהען גאטס ווערק אונ זיינע וואונדער וואס אין די טיפענעס פון ים, (ויאמר ויעמד רוח סערה) דורך גאטס ווארט

שטעלט

מעשה אלפס

א) דאס איז אזא מין באשעפענעס אן אויגין וואס זיא גראבט זיך אין דער ערד אונ זאמעלט אונ שלעפט צוזאמען וואס זי גיפינט דארטין אונ גראבט ווייטער אונ זאמעלט וואס זי גיפינט, אונ ווייס ניט פאר וועמען זי זאמעלט.

ב) אין סדור מעשה אלפס (אויפין פסוק כל הנשמה תהלל יה אונ אין מזמור שמעו זאת כל העמים האזינו כל יושבי חלד) האבען מיר גישריבען נאך א טייערין מוסר, אויף דעם וואס אין ים איז ניטא קיין חולדה.

שטעלט זיך אויף אשטורם ווינט אויפין ים (ותרומם גליו) אונ עס ווערין הויך זיינע אינדין (די וואלין פון ים) (יעלו שמים ירדו תהומות) דורך דעם שטורעם הייבין די וואלין אויף די שיף צום הימל אונ ווארפען איר נאכהער צום אב גרונד (נפשם ברעה תתמוגג) דאס זייער זייל צו גיסט זיך פון שרעק (יחוגו וינועו כשכור) זיי טומלען אונ שאקלען זיך אום ווי בעטרונקענע (וכל חכמתם תתבלע) אונ זייער גאנצע קענטשאפט (צו די שיף ארביטונג) ווערט פאר ניכטעט. (ויצעקו אל ה' בצר להם) אלס זיי האבען אבער גישריען צו גאט אין זייער נויט (וממצוקותיהם יוציאם) האט ער זיי פון זייער איינגשאפט אונ נויט ארויס גיצויגין, (יקם סערה לדממה) ער האט אומגימאכט דעם שטורעם צו איינער שטילקייט (ויחשו גליהם) אונ עס זיינען שטיל גיווארען זייערע וואלין. (וישמחו כי ישתוקו) אונ זיי פרייען זיך דאס זיי זיינען גיבליבען רוהיג, (וינחם אל מחוז חפצם) אונ ער האט זיי אב געפירט צו דעם ארט וואו זיי האבען באגערט. (יודו לה' חסדו) זיי דארפען דאנקען גאט פיר זיין גינאד אונ ערציילען זיינע וואונדער צו אלע מענשין.

ליבער הארציגער פאטער! ביי מיין יעצטיגען פארין אויפין ים באמערק איך אויך עטוואס דיינע גבורות אונ דיינע גרויסע חסדים מיטין מענשן, וואס דו האסט אים גיגעבין גרוים פארשטאנד, ער זאל קענען מאכען אוועג אין ים, ווי דר נביא זאגט (הנותן בים דרך) דו ביזט דער גאט וואס דו האסט דורך געפירט דורך דעם ים א וועג, דו האסט דורך געפירט דיין פאלק ישראל איבערין ים אזוי ווי אויף אגלייכע פאצטאווע וועג. (ובמים עזים נתיבה) אונ דו פירסט דורך אין דאס מעכטיגע רוישענדע וואסער א באן, כלומר, דו האסט גיגעבין גרוים פארשטאנד אין מענשין ער זאל דער גיין די כחות וואס דו האסט באשאפען אין די נאטור, וואס מיט דעם זאל מען קענען מאכען גרויסע פאראהאדין, זיי זאלען פארען ווי אבאן אויפען ים א) אונ אזוי ווי דיינע חסדים מיטין מענשין זיינען

מעשה אלפס

א) דאס איז די פארע וואס האט אגרויסען (צו צפון) דאדורך ווייס דער שיף קאפיטאן קראפט צו דרייען די רעדער אונ וואו צו גיין, דער קאמפאס איז פאר די שיף שניידין דעם וואסער אונ שטופען די שיף, ווייא דיא רעלצעס צום באן, וואס דיא אונ די מגולה פון מאגנעט נאדיל (אויפין קאמפאס) וואס ווארפט נור צו איין זייט פירען דעם באהן צוא זיין וועג וואו ער דארף גיין.

גרוים, בעט איך דיר, דו זאלסט באגליקען מיין רייזע אויפ'ן ים, דער ים זאל זיין רוהיג אונ די שיף זאל גיין וואו זי דארף, זי זאל חלילה זיך ניט אנקלאפין אן אשטיין אונ ניט ארויף גיין אויף אזאמד, ביי נאכט היט אויף די מאטראזען וואס שטייען אויפ'ן פיקעט זייא זאלין חלילה ניט איין שלאפען. עס זאלין זיך חלילה ניט אנשלאגען אשיף אן אשיף, אונ באהיט אונז פון אנדערע אונגליקען וואס טרעפין אויפ'ן ים, דען דוא ביסט דער הערשער איבער אים, ווייא דער נביא זאגט (רוגע הים ויהמו גליו) דו קענסט איינשטילען דעם ים אין רעכטין ברומען פון זיינע וועלען, ווי די נאכט (שביעי של פסח) וואס פרעה האט נאך גיאגט אידישע קינדער, אונ האט זיי גיגרייכט ביין ים, האסטו גימאכט וייען אשטורם ווינד אויפ'ן ים, אז דער ים האט גירוישט אונ אין מיטין האסטו אים בארוהיגט, אז ער האט זיך גישפאלטין אויף צוועלף וועגין אונ יעדער שבט פון אידין איז גיגאנגען אין אים אין אבעזונדער וועג, אונ אז זייערע באליידיגער האבין זיי נאך גיאגט, האסטו אוואונק גיטאן צום ים האט ער אפלייך גיטאן אויף זיי, אז זייער מחנה מיט זייערע פערד אונ רייט וועגין זיינען פארזונקען גיווארען צום אב גרונד, אין די זעלבע צייט וואס דיינע קינדער זיינען גיגאנגען אין דער טריקענעס אין מיטין ים. אונ ברייננ מיר אויף מיין ארט לשלום איך זאל קומען גיזונד אונ זאל ניט געפינען קיין שטערונג אין וועג, מ'זאל מיר אראב לאזין פון שיף אונ אריין לאזין אין פארט וואו איך פערלאנג, אונ זאל דארטין אלעמען (צו וועמען איך פאר) געפינען גיזונד אונ פרידליך, אונ אזו ווי דו שטילסט איין דעם ים אין מיטין זיין רוישין, אזוי זאלסטו איין שטילען אלע שונאי ישראל וואס קאכין אונ רוישין אויף אונז ווי די וואלען פון ים, אונ זאלסט ארויף גיסין דיין גייסט אויף אלע באשעפענעם, זיי זאלען דער קענען דיין איינציגקייט, אונ זאלען פול ווערין מיט געטליכע וויסענשאפט, עס זאל מקוים ווערין דיינע היילינגע רייד (דורך דעם נביא ישעיה) (ומלאה הארץ דעה את ה') עס וועט פול ווערין די לאנד מיט אנערקענען גאט (כמים לים מכסים) זא ווי דאס וואסער באדעקט דעם ים, במהרה בימינו, אמן.



גרויס, בעט איך דיר, דו זאלסט באגליקען מיין רייזע אויפ'ן ים, דער ים זאל זיין רוהיג אונ די שיף זאל גיין וואו זי דארף, זי זאל חלילה זיך ניט אנקלאפין אן אשטיין אונ ניט ארויף גיין אויף אזאמד, ביי נאכט היט אויף די מאטראזען וואס שטייען אויפ'ן פיקעט זייא זאלין חלילה ניט איין שלאפען. עס זאלין זיך חלילה ניט אנשלאגען אשיף אן אשיף, אונ באהיט אונז פון אנדערע אונגליקען וואס טרעפין אויפ'ן ים, דען דוא ביסט דער הערשער איבער אים, וויא דער נביא זאגט (רוגע הים ויהמו גליו) דו קענסט איינשטילען דעם ים אין רעכטין ברומען פון זיינע וועלען, ווי די נאכט (שביעי של פסח) וואס פרעה האט נאך געיאגט אידישע קינדער, אונ האט זיי גיגרייכט ביין ים, האסטו גימאכט וויען אשטורם ווינד אויפ'ן ים, אז דער ים האט גירוישט אונ אין מיטין האסטו אים בארוהיגט, אז ער האט זיך גישפאלטין אויף צוועלף וועגין אונ יעדער שבט פון אידין איז גיגאנגען אין אים אין אבעזונדער וועג, אונ אז זייערע באליידיגער האבין זיי נאך גיאגט, האסטו אוואונק גיטאן צום ים האט ער אפלייק גיטאן אויף זיי, אז זייער מחנה מיט זייערע פערד אונ רייט וועגין זיינען פארזונקען גיווארען צום אב גרונד, אין די זעלבע צייט וואס דיינע קינדער זיינען גיגאנגען אין דער טריקענעס אין מיטין ים. אונ ברייג מיר אויף מיין ארט לשלום איך זאל קומען גיזונד אונ זאל ניט געפינען קיין שטערונג אין וועג, מ'זאל מיר אראב לאזין פון שיף אונ אריין לאזין אין פארט וואו איך פערלאנג, אונ זאל דארטין אלעמען (צו וועמען איך פאר) געפינען גיזונד אונ פרידליך, אונ אזו ווי דו שטילסט איין דעם ים אין מיטין זיין רוישין, אזוי זאלסטו איין שטילען אלע שונאי ישראל וואס קאכין אונ רוישין אויף אונז ווי די וואלען פון ים, אונ זאלסט ארויף גיסין דיין גייסט אויף אלע באשעפענעס, זיי זאלען דער קענען דיין איינציגקייט, אונ זאלען פול ווערין מיט געטליכע וויסענשאפט, עס זאל מקוים ווערין דיינע הייליגע רייד (דורך דעם נביא ישעיה) (ומלאה הארץ דעה את ה') עס וועט פול ווערין די לאנד מיט אנערקענען גאט (כמים לים מכסים) זא ווי דאס וואסער באדעקט דעם ים, במהרה בימינו, אמן.



שטעלט זיך אויף אשטורם ווינט אויפין ים (ותרומם גליו) אונ עס ווערין הויך זייע אינדין (די וואלין פון ים) (יעלו שמים ירדו תהומות) דורך דעם שטורעם הייבין די וואלין אויף די שיף צום הימל אונ ווארפען איר נאכהער צום אב גרונד (נפשם ברעה תתמוגג) דאס זייער זייל צו גיסט זיך פון שרעק (יחוגו וינועו כשכור) זיי טומלען אונ שאקלען זיך אום ווי בעטרונקענע (וכל חכמתם תתבלע) אונ זייער גאנצע קענטשאפט (צו די שיף ארבייטונג) ווערט פאר ניכטעט. (ויצעקו אל ה' בצר להם) אלס זיי האבען אבער גישריען צו גאט אין זייער נויט (וממצוקותיהם יוציאם) האט ער זיי פון זייער איינגשאפט אונ נויט ארויס גיצויגין, (יקם סערה לדממה) ער האט אומגימאכט דעם שטורעם צו אייגער שטילקייט (ויחשו גליהם) אונ עס זיינען שטיל גיווארען זייערע וואלן. (וישמחו כי ישתוקו) אונ זיי פרייען זיך דאס זיי זיינען גיבליבען רוהיג, (וינחם אל מחוז חפצם) אונ ער האט זיי אב געפירט צו דעם ארט וואו זיי האבען באגערט. (יודו לה' חסדו) זיי דארפען דאנקען גאט פיר זיין גינאד אונ ערציילען זיינע וואונדער צו אלע מענשין.

ליבער הארציגער פאטער! ביי מיין יעצטיגען פארין אויפין ים באמערק איך אויך עטוואס דיינע גבורות אונ דיינע גרויסע חסדים מיטין מענשן, וואס דו האסט אים גיגעבין גרויס פארשטאנד, ער זאל קענען מאכען אוועג אין ים, ווי דר נביא זאגט (הנותן בים דרך) דו ביזט דער גאט וואס דו האסט דורך געפירט דורך דעם ים א וועג, דו האסט דורך געפירט דיין פאלק ישראל איבערין ים אזוי ווי אויף אגלייכע פאצטאווע וועג, (ובמים עזים נתיבה) אונ דו פירסט דורך אין דאס מעכטיגע רוישענדע וואסער א באן, כלומר, דו האסט גיגעבין גרויס פארשטאנד אין מענשין ער זאל דער גיין די כחות וואס דו האסט באשאפען אין די נאטור, וואס מיט דעם זאל מען קענען מאכען גרויסע פאראהאדין, זיי זאלען פארען ווי אבאן אויפען ים א) אונ אזוי ווי דיינע חסדים מיטין מענשין זיינען

מעשה אלפס

א) דאס איז די מארע וואס האט אגרויסען קראפט צו דרייען די רעדער אונ שניידען דעם וואסער אונ שטופען די שיף, אונ די כגולה פון מאגנעט נאדיל (אויפין קאמפאס) וואס וארפט נור צו אין זייט (צו צפון) דאדורך ווייס דער שיף קאפיטאן וואו צו גיין, דער קאמפאס איז פאר די שיף וויא דיא רעלצעס צום באן, וואס דיא פירען דעם באהן צוא זיין וועג וואו ער דארף גיין.

אוּן אִין דֶעם דְרִיטֶען טָאג הָאט ג-ט גִיזָאגְט, אַז דִי וַואסֶער וָואס הָאט בַּאדֶעקְט דֶעם גַאנְצֶען עֶרְד=קוּגִיל זָאלִין זִיךְ אוֹיףְ זַאמְלִין אִין אֵיין אָרְט, אוּן אַזוֹי אִיז גִיוָארֶען, זֵיי הָאבִּין זִיךְ אוֹיף גִיזַאמִילְט אוּן גֶעוָוארֶען אַ גְרוֹיסֶער יַם. אוּן הָאט ג-ט אִין אִים בֶּעשַׁאפִין, אַלֶע זָארְטִין בְּרוּאִים, אַלֶעם וָואס אִיז דָא אוֹיף דֶער יַבָּשָׁה אִיז דָא אִין יַם, אוֹיסֶער דִי חוּלְדָה א) הָאט ג-ט אִין יַם נִיט בַּאשַׁאפִין, צוּ לֶערְנֶען אַמוּסָר דֶעם מֶענְשִׁין וָואס בְּעֵת עֶר אִיז רוּהִיג, לִיגְט עֶר אִין הַבְלֵי הַזְּמַן, עֶר זַאמִילְט אוּן זַאמִילְט וִוי דִיא חוּלְדָה אוּן וֵוייס נִיט פַאר וֶועמֶען עֶר זַאמִילְט (יצבור ולא ידע מי אוספם), וַוייל עֶר אִיז פַאר טוּמִילְט פוּן דֶעם וֶועלְט=לַארְים, דַאדוּרְךְ דֶער הֶערְט עֶר נִיט דַיין שְׁטִימֶע (די געטליכקייט פון זיין נשמה), אוּן עֶר מֵיינְט אַז דֶער גַאנְצֶער תַּכְלִית זַיינֶער אִיז נוּר עֶסֶען אוּן טְרִינְקֶען, אָבֶּער וִוי עֶר קוּמְט אוֹיפִין יַם אוּן שְׁלָאגְט זִיךְ אַרוֹיס דֶעם טוּמִיל פוּן דֶער וֶועלְט ב), דָא דֶער הֶערְט עֶר דַיין שְׁטִימֶע, וִוי דָוִד הַמֶּלֶךְ זָאגְט (קוֹל ה' עַל הַמָּיִם) גָאטֶעס שְׁטִימֶע וואו דֶער הֶערְט דֶער מֶענְשׁ? אוֹיפִין וַואסֶער. (וְרוּחַ אֱלֹהִים מְרַחֶפֶת) וואו שְׁוֶועבְּט גָאטְס גַייסְט? וואו שְׁפִּירְט אִים דֶער מֶענְשׁ? (עַל הַמָּיִם) אִיבֶּער הוֹיכְט פָארִינְדִיג אוֹיף דֶעם גְרוֹיסִין יַם, וִוי עֶס שְׁטֵייט גִישְׁרִיבֶּן אִין מִזְמוֹר ה' מָלָךְ (מִקּוֹלוֹת מַיִם רַבִּים) פַאר דֶעם רוֹישֶׁען פוּן דִי מֶעכְטִיגֶע וַואסֶער (דאס איז דער טומיל פון דער וועלט) (אַדִּירִים מִשְׁבְּרֵי יָם) זַיינֶען מֶעכְטִיגֶער דִי וֶועלֶען פוּן דֶעם גְרוֹיסֶען יַם, (אַדִּיר בַּמָּרוֹם ה') דָארְטִין (אויפ'ן ים) בַּאמֶערְקְט דֶער מֶענְשׁ וִוי שְׁטַארְק אוּן מֶעכְטִיג דִי גָאטְלִיכְקַייט אִיז, וִוי דָוִד הַמֶּלֶךְ זָאגְט (יוֹרְדֵי הַיָּם בָּאֳנִיּוֹת) דִי וָואס רַייזִין אוֹיפִין יַם אִין שִׁיפִין (עוֹשֵׂי מְלָאכָה בְּמַיִם רַבִּים) דִי מַאטְרָאזִין אוּן דִי סוֹחֲרִים וָואס אַרְבֵּייטִין פִיל אִין דִי גְרוֹיסֶע וַואסֶערִין (הֵמָּה רָאוּ מַעֲשֵׂי ה') דִי זֶעהֶען גָאטְס וֶוערְק אוּן זַיינֶע וואוּנְדֶער וָואס אִין דִי טִיפֶענֶעס פוּן יַם, (וַיֹּאמֶר וַיַּעֲמֵד רוּחַ סְעָרָה) דוּרְךְ גָאטְס וָוארְט

שטעלט

---

מעשה אלפס

א) דָאס אִיז אַזַא מִין בַּאשֶׁעפֶענֶעס אַז אוֹיגִין וָואס זִיא גְרָאבְּט זִיךְ אִין דֶער עֶרְד אוּן זַאמֶעלְט אוּן שְׁלֶעפְּט צוּזַאמֶען וָואס זִי גִיפִינְט דָארְטִין אוּן גְרָאבְּט וַוייטֶער אוּן זַאמֶעלְט וָואס זִי גִיפִינְט, אוּן וֵוייס נִיט פַאר וֶועמֶען זִי זַאמֶעלְט.

ב) אִין סִדּוּר מַעֲשֵׂה אַלְפָס (אוֹיפִין פָּסוּק כָּל הַנְּשָׁמָה תְּהַלֵּל יָהּ אוּן אִין מִזְמוֹר שִׁמְעוּ זֹאת כָּל הָעַמִּים הַאֲזִינוּ כָּל יוֹשְׁבֵי חָלֶד) הָאבֶּען מִיר גִישְׁרִיבֶּען נָאךְ אַ טַייטְשִׁין מוּסָר, אוֹיף דֶעם וָואס אִין יַם אִיז נִיטָא קֵיין חוּלְדָה.

ביסט בלי גבול ותכלית, האסטו גזאגט, דו ! האלט ! געווג! מיט דעם האסטו גיגעבען אלעהרע דעם מענשין, וואס ער איז אויך אקליין וועלטעלע, בעט זיינע כחות נעמען זיך שפרייטען, למשל די ליבשאפט צו לייזין ארובל וויל זיך נעמען שפרייטען, ובפרט בעת עס קומען קונדען אונ מ'קען לייזין גישמאק, דא דארף דער קלוגער מענש זאגען צו לייזונג גייך, דו ! האלט ! דר היילגער שבת קומט אן, אונ פון זיין כבוד וועגין דארף מען אלעס בעניטיגען אונ גיין וואס גיכער צו הויז זיך ארום וואשען אונ ליכט בענצין. בעט איך דיר ליבער פאטר, העלף מיר צו טאן אזוי, אז די ליבע צום לייזונג זאל מיר ניט פארשכורין, אז איך זאל חלילה מחלל שבת זיין א) נור איך זאל זיך מזרז זיין צו זיין שטארק ווי אלייב אונ גישווינד ווי אהירש צו טאן דיין רצון טרייער בעשעפער אונ בזכות דעם כבוד פון שבת זאלסטו שיקען אברכה והצלחה אין מיינע גישעפטין, איך זאל דיר קענען דינען מיט אפרייליכע הארץ, אמן.

## תחנה ווען מען פארט אופ'ן ים.

גרויסער וועלט באשעפער, דו האסט באשאפין אין ועקס טעג די הימעל אונ די ערד, אונ אלס וואס אין זיי געפינט זיך,

אינ

---

מעשה אלפס

א) אין מעשה אלפס (ענדע זעקסטע טהייל) האבין מיר גישריבין די גישיכטע וואס האט פאסירט בעת אידין זיינען גיוועען אין דער מדבר, אז די רשעי ישראל (וויא דתן ואבירם) האבין גיוואלט פאר בלענדען אידישע אויגין אונ האבען שבת אין דער פריה אוים גישאטין אויפין פעלד די מן, וואס זיי האבען פרייטיג אנגיקליבן, בכדי צו נארין אידין, אז שבת גייט אויך מן, אונ זיינען ארין אין דער מחנה אונ האבען גיזאגט אז זיי האבען גיזעהן ווי היינט גייט אויך מן ס'זאל גיין קלייבין, שטייט אין דער תורה אז זיי זיינען ארוים גיגאנגען שבת קלייבען אונ האבען ניט גיפונען, ווייל השי"ת האט ארוים גישיקט פייגלען וואס האבען אויף גיפיקט דעם מן, דאס איז צו לערנען אונז, אז די מן וואס מ'רעכינט צו קלייבין שבת כלומר דעם שבת'דיגען לייזונג וואס מ'לייזט פון נאך די שקיעה אן, וועלען דאס סוף כל סוף פייגלאך צו פיקען, כלומר דאקטורים וועלען דאס צו נעמען אונ פיקענדיג וועלען זיי אוים רייסען שטיקער פלייש מיט זייער שנאביל. אלזא בעת דער יצר הרע פארשכור'ת דעם מענשען מיט'ן לייזונג פון נאך די שקיעה, זאל מען די היסטאריע ארייין נעמען אין זינן, וועט מען זיך אוים ניכטערין פון די שכרות, אונ מיט זריזות פר מאכין דעם גישעפט און לויפין אהיים ליכט בענשין אין דער צייט, וועט השי"ת געבין הצלחה אין אייערע גישעפטין.

דאס

וועט ליב האבען זיין חבר ווי ער האט ליב זיך אליין, אויב עס וועט זיין אצער ביי זיין חבר. וועט ער האבען אזוי פיל צער גלייך ווי דער אומגליק וואלט אים געטראפען חלילה. אונ אזוי ווי ער וואלט וועלען זיך רעטטען פון דעם אומגליק, אזוי זאל ער וועלען זיין חבר רעטטען פון זיין אומגליק, אונ אויב זיין חבר וועט האבען אשמחה וועט ער זיך פרייען גלייך ווי דאס וואלט געוועזען זיין שמחה, אונ איינער וועט וועלען געבען זיין לעבען פאר דעם חברים לעבען, זאגט הקב"ה „אני ה'" צו אזוי אליבשאפט וויל איך זיין אדריטער, איך וועל היטען אייער לעבען, אונ עמו אנכי בצרה, ווען די יודען איז שלעכט האט הקב"ה צער פון זייערע צרות, ווי עס שטייט אין פסוק (ותקצר נפשו בעמל ישראל) אונ ער העלפט זיי, אונ יודען דארפען זיך מוסר נפש זיין פאר די ליבשאפט פון הקב"ה, ווי עס שטייט אין פסוק ואהבת את ה' אלהיך בכל לבבך ובכל נפשך ובכל מאדך.

## תחנה פון פרייטיג פריה (פארין ארויס גיין אין גישעפט).

מען דארף אקוש טאן די מזוזה אונ נאכהער זאגין די תחנה.

רבונו של עולם, דו האסט גישריבען אין דיין היילגע תורה (זכור את יום השבת לקדשו) מ'זאל גידיינקען דעם טאג פון שבת צו היילגען אים. זאגין אונזערע חכמים אז איבער הויפט דארף מען זיך שטארקען צו גידיינקען, בעת עס איז דא איין אורזאך וואס מאכט אים פארגעסין, איז אזוי ווי פרייטיג פאר נאכט שיקט דער מעקלער (דער יצה"ר) פיל קונדין אונ עס הייבט זיך אן צו לייזין גישמאק, אונ פון טומיל קען מען פארגעסין אן שבת, בעט איך דיר דו זאלסט מיר העלפין ביי צו שטיין דעם נסיון, אוועק ווארפען אין מיטען לייזונג, אונ צו מאכען דעם גישעפט אונ גיין אהיים ליכט בענטשן, ווי איך ווייס, אז דאס איז די רעכטע אידישקייט, ביי צו שטיין ביין נסיון פון געלט, אונ אויף דעם האסטו אונז גיגעבין די היילגע מצוה פון מזוזה, וואס דארטען שטייט געשריבען די היילגע ווערטער (ואהבת את ה' אלהיך) דו זאלסט ליב האבען דיין בעשעפער (בכל לבבך) מיט דיין גאנצען הארצין (ובכל נפשך) מיט דיין גאנצע זעלע (ובכל מאדך) מיט דיין גאנצען פערמעגן, אונ אונזערע חכמים האבין גיהייסין אנשרייבען פון דרויסען דעם שם „ש ד י" צו לערנען אייך, אזוי ווי בעת דו האסט בעשאפען דיין וועלט, האט די זיך גינומען שפרייטען אן אברעג, ווי עס פאסט פאר אזא מייסטער ווי דו, וואס דו

הערט, און מען האט געזאגט צום עלטסטען שופט דער ווינדינגער משה איז געקומען, משה איז צו געגאנגען צום שופט און האט געזאגט צו אים, לאז אפ דעם מענש, און נעם מיך צום הענגען, איך בין דאך דער רוצח פון די פרינצעסין, דער עלטסטער האט געהייסען מ'זאל אראפנעמען שמואל'ן, האט שמואל געזאגט ער וויל ניט אראפגיין, ער וויל בעסער געהאנגען ווערען און משה זאל בלייבען לעבין, משה האט געזאגט צו שמואל איך האב דאך דיך נאר געלאזען פאר א משכון ביז איך וועל צוריק קומען, און איך בין דאך צוריק געקומען לאז מען מיך הענגען, משה האט ניט געלאזען מ'זאל הענגען שמואל'ן נאר אים זאל מען הענגען, שמואל האט ניט געלאזען הענגען משה'ן נאר אים זאל מען הענגען, דער שופט האט ניט געוואוסט וואס ער זאל טאהן, ער האט אזוי אזאך נאך ניט געזעהן, האט ער געהייסען מ'זאל פארלייפיג ביידען ניט הייגגען, מ'זאל זיי פירען צוריק אין טורמע ביז מ'וועט פרעגען ביי דעם מלך וואס מ'זאל טאהן, מ'האט זיי אוועק געפיהרט אין טורמע. און מ'האט די זאך דער ציילט דעם מלך, דער מלך האט געהייסען מ'זאל די צוויי מענשען ברייגגען פאר אים, דר מלך האט זיי געפרעגט, פר וואס וויל יעדער פון אייך מ'זאל בעסער אים הרגנן און ניט זיין חבר, האבען זיי אים דערציילט פון זייער פארבינדונג, אז זיי האבען געשווארען אויף זייער ליבשאפט, ווי אזוי קען איינער זעהן מ'זאל זיין חבר הרגנן און ער זאל בלייבען לעבען, זיי ביידע מוזען זיין גלייך, לעבען אדער שטארבען אין איין מינוט, האט דער מלך געזאגט ביידע זאלען לעבען קען ניט זיין, ווארום איינער האט דאך געהרגת די פרינצעסין, ביידע הרגנן קען מען ניט, שמואל האט דאך געוויס די פרינצעסין ניט געהרגת, ער איז דאך דא ניט געוועזען, ווי אזוי קען מען הארגענען א אומשולדיגען מענש; האט משה געזאגט צום מלך, דער מלך מעג מיר גלויבען, אזוי ווי שמואל האט די פרינצעסין ניט געהרגת. אזוא האב איך זיא אויך ניט געהרגת, האט דער מלך געזאגט איך גלויב דיר אז דוא האסט די פרינצעסין ניט געהרגת און דו ביזט פון משפט פריי, נאר איין זאך וועל איך אייך פרעגין, טאמער ווילט איר געמען נאך א דריטען צו אייער ליבשאפט? האבען זיי געזאגט אז דער דריטער וועט זיין מיט אזוי א אמת ווי מיר ביידע זענען, וועלען מיר פאר אים אויך געבען אונזער לעבען, האט דער מלך געזאגט איך וועל זיין דער דריטער צוא אייך, איר וועט זיין שטענדיג אין מיין פאלאץ, איך וועל אייך היטען און איר וועט מיך היטען, עס איז אזוי געווארען, דער מלך האט זיי געמאכט פאר די גרעסטע שרים און זיי זענען געוועזען די עצה געבער און די היטער פון מלך. דאס האט הקב"ה געזאגט צו די יודען (ואהבת לרעך כמוך) אויב יעדער ייד

העננען, שמואל האט צעריסען זיינע קליידער אונ יאמערליך געוויינט ווי אזוי וועט ער קענען זעהן מ'זאל זיין פריינד משה'ן הענגען, ער איז אלע טאג געגאנגען צו די טורמע, ער זאל אים קענען זעהן, מ'האט אים אבער ניט צו געלאזען, איין מאל האט ער געטראפען אגוטען היטער וועלכער האט גענומען ביי שמואל פיל געלט אונ האט אים ביי נאכט אריין געפירט צו משה. ווי די ביידע פריינד האבין זיך דערזעהן איז געווארען צווישען זיי אשטארקער געוויין, נאכדעם זאגט משה צו שמואל איך וועל ביי דיר בעטען אטובה, גיי אריין אין סאנד אונ זאג דו וועסט בלייבען אין טורמע פון מיינטוועגין מ'זאל מיך לאזען אהיים, איך זאל מיך געזעגענען מיט מיין ווייב אונ קינדער איידער איך וועל שטארבען אונ וועל באלד צוריק קומען, שמואל האט געענטפערט איך וועל דאס דיר געווים טאן שמואל איז באלד געלאפען אין סאנד, אונ האט געבעטען מ'זאל לאזען משה'ן פארען אהיים זיך געזעגענען מיט זיין ווייב אונ קינדר, אונ איך וועל זיין אין טורמע פאר אמשכון ביז משה וועט צוריק קומען, דער עלצטער שופט האט געזאגט צו שמואל, זאלסט וויסען אויב משה וועט ניט צוריק קומען צו דעם טאג וואס מ'דארף אים הרגענן וועט מען דיך הרגענען, שמואל האט געזאגט ער בעשטייט אויף דעם, מ'האט משה'ן ארויס געלאזען פון טורמע אונ ער איז געפארען אהיים, ווי משה איז געקומען אהיים איז געווארען אגרויסע שמחה ביי ווייב אונ קינדער אונ גוטע פריינד, זיי האבען קיינער ניט פארשטאנען פאר וואס איז ער אזוי טרויעריג, ער האט זיך גאר ניט געקערט צו זייער שמחה, ער האט געשיקט רופען דעם נאטאריוס אונ האט געמאכט אצוואה, ווי זיין ווייב אונ קינדער האבען דאס געזעהן האבען זיי געחלשת, אונ ער האט זיי דערציילט ווי אזוי ער איז פריי געקומען אהיים, שמואל זיצט דארטען פאר אמשכון אונ אויב ער וועט ניט קומען צום בעשטימטען טאג וועט מען שמואל'ן הענגען, דאס ווייב אונ קינדער האבען געזאגט זיי וועלען אים ניט לאזען צוריק פארען, אונ ווייל עס איז געוועזען ווינטער אין גרויסע פרעסט האבען זיי בעהאלטען זיינע ווינטער קליידער, אונ ער האט זיי צוגעזאגט ער וועט ניט צוריק פארען, נאר ביי נאכט איז ער אין דערשטיל ארויס פון שטוב אונ איז געלאפען מיט פאטשטאווע פערד וויא אפייל פון בויגען, ווייל ער האט געוואוסט די צייט איז גאר נאך איין טאג, אונ אויב ער וועט קומען מיט איין מינוט שפעטער וועט מען שמואל'ן הייננען, דעם זעלבינען טאג אין דער פריה איז משה געקומען אין שטאט ער האט געזעהן פיל מענשען לויפען אונ מען פירט שמואל'ן צום הענגען, האט ער אנגעהויבן שטארק שרייען העננט אים ניט איך בין דא, איך בין דא, ביז מען האט זיין שטימע דער

ריעם

מענשין אונ די היטען פון קלענקטין שאדען, אונ שפייזען אונ היילען
זיי פון קראנקהייט, אונ באהילפיג זיין אין זייער נויט, די תורה האט
דאס אלין געזאגט מיט דריי ווערטער "ואהבת לרעך כמוך" דו זאלסט ליב
האבען דיין פריינד, יעדער מענש איז דיין פריינד, יעדער מענש האט
א טייל מיט זיין ארבעט פון דיינעט וועגן, ער איז א גליד פון דיינע גלידער
ער איז "כמוך" ווי דו, אזוי ווי דו ביזט איין מענש צוזאמען געשטעלט פון
פיל גלידער אונ אדערין, אזוי זענען אלע מענשין איין מענש אונ יעדער
מענש איז א גליד א אדער, דריבער דארף יעדער מענש דערקענען די
טובה וואס ער האט פון יעדער מענש אין כלל. אונ אז איינער האט
א בעזונדער טובה פון א מענש, דארף ער אים געוויס אייביג דאנקען,
איינע פון די זאכען וואס הקב"ה האט פיינט איז ווען א מענש דאנקט ניט
פאר א טובה וואס מען טוט אים. ער הייסט מיטן שענדליכען נאמען
"כפוי טובה" (איין אונדאנקבארער מענש).

דעם פשט פון (ואהבת לרעך כמוך אני ה') קענען מיר פארשטיין דורך
א מעשה וואס האט פאסירט, צוויי מענשין (משה אונ שמואל) האבען
צווישען זיך געמאכט א פארבינדונג אויף א אייביגע פריינדשאפט כל זמן זיי
וועלען לעבען, זיי האבען צווישען זיך געמאכט. זיי זאלען ניט האבען קיינע
בעהאלטענע זאכען, וואס איינער וועט וויסען מוז ער זאגען דעם אנדערין
פאר פריידען פון לליידין זאלען זיי זיך ביידע מיט טיילען, די צוויי מענשען
האבען א צייט לאנג זייער גוט געלעבט, אמאהל האט געטראפען משה איז
געפארען אין ענגלאנד וועגען זיינע געשעפטען, ער איז געשטאנען אין א
נאכט הויז, אין דעם נאכט הויז האט מען געהרגת א פרינצעסין, דער מערדער
איז אנטלאפען אונ מען האט געמאכט א בלבול אויף משה אז ער האט איר
געהרגת, מען האט אים געזעצט אין טורמע אונ נאכהער גמשפט מ'זאל
אים הענגען, אין די צייט איז געוועזען א גרויסער טרויער ביי משה אין
שטוב, עס האט קיינער ניט געוואוסט וואו משה איז אונ וואס מיט אים איז
געווארען, שמואל האט ניט גערוהט טאג אונ נאכט צו פרעגען ביי פרעמדע
מענשין טאמער ווייסען זיי עפעס צו זאגען פון משה, ביז ער האט זיך
דערוואוסט פון דעם גאנצען בלבול. שמואל האט ניט געזאגט פאר משה'ס
הייב אונ ניט פאר זיין ווייב, נאר ער האט געזאגט פאר זיין הייב ער מוז
גייטיג פארען אין וועג, ער האט מיט זיך גענומען א גרויסען קאפיטאל
געלד טאמער וועט ער אים קענען אויסלייזען, אונ ער איז געקומען אין
די שטאט וואו משה איז געזעצן, ער האט אנגעהויבען נאך פרעגען וועגען
זיין משפט האט מען אים געזאגט, ער וועט אפילו געבען מיליאנען וועט
ער משה'ן ניט אויסלייזען פון טויט, אין איינע טאג ארום וועט מען אים

הענגען

מענשען באלד ווי ער ווערט געבארען נייט ער ארויס נאקעט, ער קאן ניט רירען מיט די הענד עפעס צו נעמען, ער קאן ניט שטעלין די פיס, ער קאן זיך ניט רירען פון ארט, ער זעהט אונ הערט אונ ווייס ניט וואס, ער איז בעשמוצט, אונ מוז באלד האבען איינעם וואס זאל אפשניידען זיין נאפיל אונ זאל אים אפוואשען אונ איינוויקלען ער זאל ניט פאר־קיהלט ווערין, אונ מען דארף אים געבען זייגען אונ לערנען גיין, אונ לערנען עסען, לערנען ריידען, אז ער ווערט עלטער דארף מען אים לערנען תורה, חכמה, דרך ארץ, אמלאכה, אהאנדעל*). צו זיין ערשטע שטיקעל ברויט וואס ער נעמט אריין אין מויל, ווי פיל מענשען האבען אויף דעם ברויט געארבעט, געהאקט אייזען, געמאכט א אקער. וויפעל כלים האט מען פריער געדארפט האבען מען זאל מיט זיי קענען מאכען פון א שטיק אייזען א אקער, וויפיל כלים דארף מען אין די פאבריק צו מאכין א נאדיל. אונ ווי אזוי האט מען די כלים געמאכט, צו די כלים האט מען דאך אויך געדארפט כלים, וועד אונ ווי אזוי האט מען יענע כלים געמאכט, פיל בוינען פאפיר וועט מען דארפען דאס אלץ צו בעשרייבען, אז ער ווערט קראנק ווער וועט אים באדינען ווער וועט אים היילען, אז ער ווערט אלט ווער וועט אים פירען, ווער וועט אים געבען עסין? אונ צום סוף אז ער שטארבט דארף ער ווידער אן קומען צו מענשען, מ'זאל אים מטהר זיין, אנטאהן תכריכים. באגראבען, בכלל אלע מענשען צוזאמען זענען ווי איין מענש, אזוי ווי דער מענש איז צוזאמען געשטעלט געווארען פון צוויי הונדערט אכט אונ פערציג גלידער אונ דריי הונדערט פינף אונ זעכציג אדערין, איין גליד מוז אנקומען צום אנדערין, ווי שלעכט ווערט דעם מענשין אז ער האט שמערצין אפילו פון קלענסטין פינגער, אדער עם בלייבט שטיין איין אדער, אונ דער מענש ווערט פאראליזירט, דריבער האט דער מענש ליב זיינע אלע גלידער אונ זיינע אלע אדערין אונ היט זיי אפילו פון קלענסטען שאדען, אונ ער שפייזט זיי אונ היילט זיי, אז זיי ווערן קראנק, אזוי דארף דער מענש ליב האבען אלע

מענשין

*) שטעל זיך פאר מען זאל אוועק זעצין א מענשין אויף איין אינזעל וואס איז בעוואקסין מיט די טייערסטע פרוכט-בוימער, מיט די טייערסטע וואסער, אונ ער זאל דארטין האבין די בעסטע שפייז נור, קיין מענטשין זאל ער ניט אן זעהן אין די אויגין, וויא טרויעריג אונ פינסטער זיין וועלט וואלט אים זיין, ער וואלט בעסער עסין ברויט מיט וואסער, נור זיין אין א געזעלשאפט פון מענשין, הייינט אז דיא מענשליכע געזעלשאפט פאר זיכט דיר דיין לעבין, לבד וואס דיא פארפארטיגט דיר אלע דיינע הצטרכות, סיי עסין, סיי קליידונג, סיי וואהנונג, וואס דו אליינער אליין ביסט דאס ניט אימשטאנדע זיך צו פערשאפין, וויא נייטיג דו דארפסט שעצין יעדער מענשין, אונ אזו האט אונזער פאטער אברהם געלערינט זיינע קינדער צו טאן צדקה ומשפט מיט אלע מענשין.

איך זאל זוכה זיין צו זעהען זיי פנים אל פנים אויף די גרויסע שמחה פון תחיית המתים, וואס מיר האפין עס זאל זיין במהרה בימינו, אמן.

# דער ענין פון „חברים כל ישראל.

ווייל „תפלה בצבור" איז אגרויסע זאך אונ דאס זעלבע יעדער תחנה, יעדער גיבעט איז בעסער אז מ'זאגט עס צו זאמען ברבים, אונ אזוי ווי דער ריינער שכל ווייזט אז ווען הייסט בצבור, אז איך האב ליב יענעם אידען אונ יענער האט מיר ליב, אונ מיר ביידע האבין ליב דעם דריטען אונ אזוי אלעמען הייסט דאס תפלה בצבור, אבער ווען איך האב חלילה יענעם פיינט אונ יענער האט מיר פיינט, הייסט דאס גאר ניט קיין צבור, נור יעדער איז פאר זיך, דעריבער שרייבט דר ר"י הקדוש ז"ל אז פארען דאווענען זאל יעדער איד מקבל זיין אויף זיך די מצוה פון (ואהבת לרעך כמוך) אונ זאל אריין נעמען אין גידאנקען ליב צו האבען יעדער אידען, חס האבען אויף זיין כבוד אונ אויף זיין געלט, דאן וועט יעדערינס תפלה נכלל ווערין צו זאמען מיט די תפלה ותחנה פון כלל ישראל אונ א תפלת רבים ווערט אלע מאל אנגינומען, דרום ווילען מיר דא שרייבין אפרק וועגין פריינדליכקייט פון איין מענשין צום צווייטין.

דער הייליגער תנא ר' עקיבא זאגט (אין אבות) חביב אדם שנברא בצלם, אז יעדער מענש איז טייער ביי הקב"ה, ווייל ער האט אים בעשאפען אין זיין פארעם אונ ווי גרוס איז די ליבשאפט פון השי"ת צום מענשין, אז ער האט אים דאס צו וויסען גינעבין ווי דער בורא האט גיזאגט צו נח (כי בצלם אלהים עשה את האדם) דאס איז גירעדט וועגין אלע מענשין אפילו ניט קיין איד, אונ אידען שטייען נאך העכער ביי דעם בורא, ווייל זיי רופין זיך קינדער ביי נאט, ווי משה רבנו זאגט אונז אין נאטעס נאמען (בנים אתם לה' אלהיכם), זעהען מיר פון דעם אז מ'דארף ליב האבען יעדער מענשין, אונ דער נראדער שכל איז דאס אויך מחייב, ווייל יעדער העלפט דאך צו די ארבעט וואס די וועלט פאדערט, דר אקערט, דר זייט, דער שניידט די תבואה, דאס מערסטע וועלטליכע בעארבעטונג זענען דורך די פעלקער, טויזענדער שיפען גייען אויף די ימים, ווער זענען די מאטראזען? נאר פון די פעלקער, די וועלט איז נאר בעשאפען געווארען אין מענש זאל ארבעטין פאר דעם אנדערין, אונ זאל אים העלפען צו יעדער צייט וואס ער דארף זיין הילף, מיר זעהען פון דער צייט וואס דער מענש ווערט געבארען ביז ער שטארבט, מוז ער האבען די הילף פון

איך פערשטייא דאס מיטין שכל, בין איך נאך פארזאגט אויף דעם אין עשרת הדברות, אונ איך האב דאס ניט געהיט ווי מ'דארף, דרום קום איך אוים וויינען מיין הארץ פאר דיר פאטער פון הימל, אונ בעט דיר, דו זאלסט מיר העלפין צו גיין אין גוטין וועג, איך זאל דער מיט פארשאפין כבוד מיינע עלטערין, אונ אפשיטא היינט אין דעם טאג פון זייער יאהר צייט, דאס איז ביי זיי אהייליגער טאג, אין דעם טאג זיינען זיי ארוים פון די פינסטערע נארישע וועלט צו די ליכטיגע אמת'ה וועלט, דאס איז איין ארט אימעניגוס וואס אין דעם טאג איז דער מענש ארוים פון פינסטערין איינגען טונעל (כוסער לייב) אין די ליכטיגע וועלט, בעט איך דיר דו זאלסט מיר העלפין בעשיינען זייער שמחה. ליכטיג מאכין זייערע זאלען אין גן עדן מיט מיין דאוונען מיט אנאריכע הארץ, אונ איך שטעל אליכט (אדער איך גיב נאז אין בית המדרש) מ'זאל פאר די ליכט דאוונען אונ לערנען צו בעלייכטין זייער נשמה אין גן עדן, אונ איך גיב צדקה עס זאל ווערין פון דעם אהייליגע שטאט-קלייד פאר זייער נשמה, ווי דער נביא זאגט (מעיל צדקה יעטני) אז דורך צדקה וואס מ'גיט פאר זייערע נשמות ווערין זיי באקליידעט מיט אשטאט-קלייד אין גן עדן, אונ העלף מיר דם אגאנצין טאג זאלן מיינע גידאנקען זיין ריין אונ הייליג צו טראכטין נור וועגין מיינע ליבע עלטערין ווי צו פארשאפין זיי כבוד אונ פערגניגען אין גן עדן, אונ זייער זכות מיט דעם זכות פון אלע ריינע נשמות פון גן עדן זאל מיר ביישטיין עס זאל פארגרינגערט ווערין מיין פרנסה, איך זאל זיך קענען וואס מער אב געבין צו מצות ומעשים טובים, איך זאל זיי קענען פארשאפין שטענדיג כבוד, אונ

איך

---

מעשה אלפם

זיך, האט ער זיך איין גיבוינין אונ אויף גיהויבין אונ איר אן גיטאן. אבער אונזערע חכמים הנם זייא האבין אוים גימיט אלע מנהגים פון די אומות העולם, נור אנוטע זאך האבין זיי זיך גילערינט אפילו פון זיי אויך, וויא די גמרא דר ציילט אז דר תנא ר' טרפון (ער איז גיוועזן אגרויסער אדיל), האט ער גיהאט איין אלטע מוטער, איז ווען די מוטער האט גידארפט ארויף גיין אויפין בעט שלאפין, האט ער זיך איין גיבויגין אז דער עד (אנשטאט אפום בייגקעלע די מוטער זאל ארויף גיין אויף אים, אונ פון אים אויפ'ן בעט. רב יוסף ווען ער האט גיהערט דיא טריט פון זיין מוטער אז זיא גייט, האט ער גיזאגט מ'דארף זיך שטעלין פאר איר, וייל דיא שכינה קומט מיט איר, כלומר, ווען מ'איז מכבד דיא מוטער, איז גלייך וויא מ'איז מכבד השי"ת, דרום דארף זיך יעדער מענטש גיוואהנען מכבד זיין זיינע עלטערין, וועט ער מאריך ימים זיין, לבד זיין גרויסער שכר בעולם שכולו ארוך.

האבען מיט אמדרגה העכער אין גן עדן א).
ליבער גאט, אז איך שטעל מיר פאר וויפיל כחות און געזונד עלטערין לייגען אוועק פאר קינדער, וועה איך אז איך האב ניט יוצא געוועזן געגין מיינע עלטערן, און נאך מער דאס איז דאך אזא מצוה וואס דער שכל איז עס מחייב, ווען אפילו דו וואלסט דאס ניט פר זאגט. דו האסט דאס נור פארזאגט, אום צו געבין אשכר טוב דער פאר, ווייל מען איז אגב מקיים אמצוה אויך, אבער באמת לערינט דאס דער ריינער שכל, ווי עשו וואס אין אלע זאכען איז ער געוועזן פארברארכין, אבער כבוד אב האט ער גיהיט אויפען העכסטין ארט, בעת ער האט גידארפט באדינען יצחק'ן האט ער אנגיטאן שיינע הערליכע קליידער, און די קליידער האט ער ניט אנגיטרויט אפילו זיינע פרויען, נור זיין מוטער רבקה'ן אליין. און נאך פיל היסטאריעס וואס אונזערע חכמים דער ציילען פון אומות העולם ווי זיי האבין מכבד געוועזן זייערע עלטערן 1), און אויך וואס לבד
איך

מעשה אלפס

1) דער נביא יחזקאל זאגט אין זיין קלוגע מוסר (ובמשפט הגוים לא עשיתם) איר טוט אלס נאך די אומות העולם, גענין די תורה וואס זי הט גישריבין (ובחקותיהם לא תלכו), וואלט איר לפחות נאך טאן זיי אין אלם. אם ענדע טוט איר נור זייערע נארישע זאכין, אבער די גוטע ניט, זעט וויא אומות העולם האלטען דיא ירושה פון זייער פאטער עשו צוא שעצין עלטערין. וויא די נכרא דערציילט, אמאל האבין דיא חכמים גידארפט קויפין טייערע פינקעל שטיינער צום אפוד (פון כהן גדול) זיינען זיי גיקומען צו איינעם אדימענט-הענדלער פון אומות העולם זיין נאמען וואר „דמה" (אין שטאט אשקלון) אים איז גישטאנען צו פר דינען אן דעם העכר אהאלבןמיליאןרענדלך, האט זיין פאטער „נתינה" גישלאפען אויף דעם קאסטין פון דיא דימענטין, האט ער אים ניט גיוואלט וועקין און האט פארלארען דעם פדיון. נאך אמעשה האט פאסירט מיט דעם זעלבין, ער איז גיזעסין אין פארלאמענט פון רום, איז גיקומען זיין מוטער (זיא וואר גירירט) און האט אים אראב גיריסין זיין קלייד און אן גישפיגען אים אין פנים און ער האט איר ניט פאר שעמט, דער ווייל איז פון איר אראפ גיפאלין איר

שערי ציון

א) און ווען מ'רעכינט גוט אוים, דארף מען זיי מכבד זיין נאכין טוט מער ווי פאר זייער לעבין. ווייל ווען זיי האבין גילעבט האבין זיי אמאל גיקאנט זייער כבוד מוחל זיין. אבער אז זיי זיינען גישטארבין, קענען זיי דאך ניט מוחל זיין זייער כבוד, וואדום אז די עלטערין זיינען אויף די אמתה וועלט און די קינדער זינדיגען, פרשעמען זיי זייער פאטער און מוטער, הקב"ה זאגט צו זיי, זעט אייערע קינדער וואס איר האט גבראכט אויף דער וועלט, ווי זיי זינדיגען צו מיר און פארשעמען מיין נאמען מיט מיין תורה און מצות.

הימלישער פאָטער, אין דיא צעהען געבאָט וואס דוא האסט אונז געגעבען מיט גרויס פאר׳אד על הר סיני, איז איינע פון זיי (כבד את אביך ואת אמך) גיב עהרע דיין פאָטער און מוטער. און לבד וואס דער שכר פון דעם אויף די עוויגע וועלט איז זייער גרויס, האסטו נאך צו געזאָגט דער פאר אגוטין לוין אויף דער וועלט „אריכות ימים" א), כלומר, דער וואס האלט ערליך עלטערין איז מאריך ימים, און דו האסט די מצוה געשטעלט זייער הויך, דו האסט איר פארגליכען כביכול צו דיין כבוד, אז מען גיט כבוד עלטערין, איז גלייך וויא מען גיט דיר כבוד, און ווען מ'האט פאר זיי רעשפעקט (עהרען־פורכט) איז גלייך וויא מ'האט פאר דיר רעשפעקט. אונזערע חכמים דריקען דאס אויס מיט דעם לשון, אין דער צייט אז אמענש גיט כבוד זיינע עלטערין, זאגט הקב"ה, איך פאר רעכין זיי, גלייך ווי איך וואלט וואהנען צווישען זיי און זיי וואלטין מיר געבין כבוד. און ווען חלילה אמענש פארשאפט פארדרוס זיינע עלטערין, זאגט השי"ת, גוט האב איך געטאן, וואס איך וואהן ניט צווישען זיי, ווען איך וואלט וואהנען צווישען זיי, וואלטין זיי מיר אויך מצער געווען. אויך זאגין אונזערע חכמים, אז די מצוה פון „כבוד אב ואם" איז נוהג אפילו נאך זייער טויט. ווען זיי זיינען שוין אויף די אמתה וועלט. דארף מען זייא אויך ערליך האלטין, מיט דעם וואס דיא קינדער גייען אין גוטין וועג, זיי טוען מצות און מעשים טובים, געבען זיי מיט דעם כבוד, זייערע עלטערין, לייט זאגין, געבענשט זאלין זיין די עלטערין, אליכטיגען גן עדן זאלין זיי האבין, וואס זיי האבן אויס געהאָדעוועט אזעלכע גוטע און פרומע קינדער, און אויף יענע וועלט האבין די עלטערין אויך פיל נחת, ווייל דורך די מצות ומעשים טובים וואס די קינדער טוען, ווערין די עלטערין אלס דער

חייבען

שערי ציון

א) דער שכר „אריכות ימים" איז מדה כנגד מדה, ווייל דער וואס איז מכבד זיינע עלטערן, פארשאפט ער זיי אויך אריכות ימים. עלטערן ווינשען זיך ניט קיין העכערן נחת רוח ווי דאס, אז זייערע קינדער זאלן גיין בדרך הישר און זאלן זיי געהאָרכזאם זיין, דרום איז זיין שכר אויך אריכות ימים, אבער ווען מ'איז דער ווידער עלטערן, פארקירצט מען זיי די יאָהרען חלילה, איז דער עונש אויך מדה כנגד מדה, השי"ת זאל אונז היטען פון דעם.

# תחנה ווען מ'גיט צדקה פר ר' מאיר בעל הנס

תפלה און דוא האסט מיט אים גיטאן נסים און נפלאות אפענע און בעהאלטענע, דו האסט אים גירעטעט פון פיל סכנות, אזוי זאלסטו צו הערין מיין גיבעט מיט דיין גרויס רחמנות, און זאלסט מיר ארויס נעמען פון דעם צער וואס איך האב יעצט, און זאלסט טאן מיט מיר און מיט דיין גאנצע פאלק ישראל נסים ונפלאות צו ליב דעם זכות פון דעם היליגען תנא ר' מאיר בעל הנס, (דא קען מען אויס ריידין וואס מ'דארף, היינו ווען אקינד איז ר"ל קראנק זאל מען זאגין) און זאלסט שיקין א רפואה שלמה צו מיין קינד, בתוך שאר חולי ישראל (און דאס גלייכין וואס מ'דארף בעטין) און בזכות די צדקה זאלסטו ברייגען א הילף אויף דעם כלל ישראל ווי דיין מדה איז (זורע צדקות מצמיח ישועות) דו פר ווייסט די צדקות וואס אידין טוען און מאכסט שפראצין הילף וואס דוא וועסט ברייגען אויף אונז און אויף כלל ישראל במהרה, אמן.

היםלשער

---

## מעשה אלפס

ווייל זי האט די צייט, האט ער אב גיווארט, און ווייטער איר גיפאדערט, האט זי ווידער גיענטפערט דעם זעלבען תירוץ, האט ער אנגעשטעלט נאך מענשען זאלין איר פאדערן האט זי אלעמען אזוי גיענטפערט, האט ער פארשטאנען אז זי האלט זיך ערליך, איז ער גיגאנגען צום סמאטריטעל און האט אים געזאגט גיב מיר איר ארויס, ענטפערט ער איך האב מורא פאר די גיריכט, זאגט ער אים, נא דיר א סומא געלט העלפט וועסטו נעמען פאר זיך און העלפט וועסטו האבען צו געבען שוחד, און אז די געלט וועט זיך ענדיגען מיט וואס וועל איך געבען ש"חד? (פרעגט דער סמאטריטיל) – ענטפערט ר' מאיר וועסטו זאגין (אלהא דמאיר ענני) דער נאט פון ר' מאיר ענטפער מיר, וועסטו גירעטעט ווערין, פרעגט דער שומר ווער זאגט דאס, אז מיט די תפלה וועל איך ניצול ווערין? זאגט ר' מאיר איך וועל דיר ווייזין. דארטין איז גיוועזן בייזע הינט, וואס פלעגין קענען צו רייסין א מענשין, האט ר' מאיר גינומען א שטיינדיל און אוואר(ף) גיטאן אויף זיי, זיינען זיי אנגיפאלען אים צו רייסין, האט ער גיזאגט (אלהא דמאיר ענני) האבען זיי אב גיטראטין, אז דער שומר האט גיזעהן אז עס איז ריכטיג האט ער איר ארויס גיגעבען איהם, לסוף האט מען גימסרת דעם סמאטריטעל, אז ער האט פארקויפט די מיידל, האט מען אים פר'משפט הייגנען, ווי מ'האט איהם ארויף גיצויגין א'יפ'ן תליה האט ער גיזאגט (אלהא דמאיר ענני) האט זי זיך איבער גיריסין, פרעגט מען וואס איז דאס פאר אגעשיכטע? האט ער דער ציילט די גאנצע מעשה, האט מען ארויס גישטעלט ר' מאיר'ס בילד אויף אלע גאסען, ווער עס וועט אים טרעפין זאל אים ברייגען אין געריכט, איין מאל האט מען אים דערזעהען האט מען אים גיוואלט אנגעמען, איז גיקומין אליהו הנביא און זיך פארשטעלט פאר איין אויסגילאסענע פרויא און האט איהם ארומ-גינומען אין מיט'ן גאס ור' מאיר האט גיזעהן אז דאס איז אליהו הנביא, נור זיי האט זיך אב גידוכט אז דאס איז א פרוי, האט מען איהם אוועק גילאזין, זיי האבען גערעכענט אז זיי האבען א טעות ווייל דער צדיק ר' מאיר האט קיין באקאנשאפט ניט מיט אויסגעלאסענע פרויען, איז ער אנטלאפין פון רום קיין בבל.

עס זאל איהם (אדער איהר) ניט שאדין קיין בייזע אויג, א שווארצע, א בלאהע, א גרינע, א גרינע, א קיילי כדיגע, א פלאטציגע, א ברייטע, א שמאלע, א אויס גישטארציטע, א איינגעפאלענע, סיי פון א זקן, סיי פון א זקנה, סיי פון א בחור, סיי פון א בתולה, סיי פון איין נשואה, סיי פון איין אלמנה, סיי פון א פרוי מיט איר שנור, סיי פון א קרוב אדער א קרובה, סיי פון א פרעמדין אדער א פרעמדע, סיי פון א בעקאנטען אדער א בעקאנטע, איך בין גוזר אויף אייך אלעמען מיט די אויגען פון דעם עוויגען וועלכע זעהען אלע מאל, זיי שלאפען ניט און דרעמלען ניט, זיי זיינען משגיח שטענדיג אויף די גאטס פארכטיגע, ווי דוד המע"ה זאגט (הנה עין ה' אל יראיו) אז דער רבונו של עולם היט זיינע פרומע די וואס האפין צו אים, עס זאל זיי קיין שלעכטעס גישעהען, און איר בייזע אויגין עין הרע'ניקעס זאלט אב טרעטין פון פלוני (אדער פלונית) פון זיין חדר און פון זיין גאנצע הויז, און זאלט קיין קראפט האבין שולט צו זיין אויף אים (אדער איהר) ניט ביי טאג ניט ביי נאכט, ניט וואכעדיג ניט אין שלאף, און ער (אדער זי) זאל זיין געהיט פון אלע שלעכטע אויגן, אזוי וויא דער בורא ב"ה האט אויס געהיט אידין אין דער מדבר פון די בייזע אויג פון בלעם הרשע, (לישועתך קויתי ה') צו דיין הילפע גאט האף איך, אמן.

## א תחנה ווען מ'גיט צדקה (אין ר' מאיר בעל=הנס פושקע).

רבונו של עולם, איך גיב צדקה (געלט אדער ליכם) פאר די ריינע נשמה פון דעם צדיק דעם גרויסען תנא ר' מאיר בעל הנס, אלהא דמאיר ענני א) דער גאט פון ר' מאיר ענטפער מיר (דיא לעצטע דריי ווערטער דארף מען זאגין דריי מאל) און אזוי ווי דוא האסט צוא גיהערט זיין

---



א) ר' מאיר בעל הנס, דאס איז דר גרויסר תנא ר' מאיר פון דער משנה, ער װאר איין איידים פון דעם תנא ר' חנינא בן תרדיון (איינער פון די עשרה הרוגי מלכות), מ'האט איהם פארברענט מיט די ספר תורה, וואס ער האט אין איהר געלערענט, און מ'האט צוראבירט זיין הויז, און זיין טאכטער האט מען אריין גיגעבין אין אקאזאנע שענדליכע הויז. האט ר' מאיר צער גיהאט אז זיין שוועגערין זיצט אין א מיאוסן פלאץ, האט ער מיט גינומען אסך געלט, און געגאנגען איר אויס קייפין סעקרעטנע ביין סמאטריטעל און האט זיך געמאכט א צייכין, אויב זי האלט זיך ריין און ערליך, וועט זיך מיר טרעפין א נס, אז איך וועל איר קענען ארויס האפין, איז ער גיקומען און האט זיך פארשטעלט פאר א רוימישען פריץ און האט איין גיצאלט אין בית הטומאה און גיפאדערט די און די וויל ער, האט זי ארויס גישיקט א ענטפער. אז זיא קען ניט

מייל

און צו מענטשין, מיר זאלן פון אים נחת האבין אויף די וועלט און מיר זאלין דורך אים זוכה זיין צו עולם הבא. רבונו של עולם, אזוי ווי דו האסט גיטאהן מיט אונז חסדים ביז היינט און האסט אונז גיהאלפין אונזער זוהן אויף צו האדעווען ביז היינטיגין טאג, צו זיין בר מצוה, אזו זאלסטו דיינע חסדים פון אונז ניט אפטאהן אויף ווייטער, מיר זאלין זוכה זיין מגדל זיין דעם זוהן און אונזערע אלע קינדער צו תורה און יראת שמים מיט עושר און כבוד, און אונזערע שמחות זאלין ניט פארשטערט ווערין אויף אייביג, און מיר זאלין זוכה זיין צוא פיהרען אונזער זוהן צוא זיין חופה ווען דיא גליקליכע צייט וועט זיין מיט זיין אמת'ן זיווג, אמן.

## תחנה אפשפרעכין איין עין הרע.

גרויסער וועלט בעשעפער, דו האסט בעשאפען די גרויסע וועלט און אויך די קליינע וועלטעלע (דאס איז דער מענש) דו האסט אים בעשאפין מיט צוויי הונדערט אכט און פערציג אברים, גענגין די רמ"ח מצות עשה פון דיין תורה, און מיט דריי הונדערט פינף און זעכציג אדערין, געגין די שס"ה מצות לא תעשה פון דר תורה, איינע פון זיינע גלידער איז די אויגען, און דיין פארלאנג איז, אז דער מענש זאל קוקען מיט אגוטע אויג אויף אלעמען, פארגינען יעדערין וואס גאט האט אים גיגעבן, ווי אונזערע חכמים שרייבין (אין פרקי אבות) "איזהו דרך טובה שידבק בה האדם. עין טובה". נור ווייל דער מענש איז זינדיג און מאנכע מענשין האבין אבייזע אויג, ניט צו פארגינען דעם צווייטין, דרום ליגט אין זייער אויג גיפט און עס שאדעט אפילו ווען זיי מיינען ניט קיין שלעכטעס. דרום בעט איך דיר באהיט מיין קינד פון עין הרע, שיק דיינע מלאכים זיי זאלען מיט זייערע פליגלען באשיצען מיין קינדם גיזיכט ווי משה רבנו זאגט (אין מזמור יושב בסתר) כי מלאכיו יצוה לך לשמרך בכל דרכיך, עס זאל אים חלילה ניט באגעגענען קיין בייזע אויג, און איך באשווער אלע בייזע אויגין וועלכע טוען שאדין מענשין, סיי פון יודין און סיי פון נישט יודין אז איר זאלט קיין שליטה האבין אויף (פלוני בן פלוני) אדער (פלונית בת פלונית)*)

עס

---

*) וואו עס שטייט (פלוני) דארף מען דערמאנען דעם נאמען פון מאנסביל מיט דעם נאמען פון זיין מוטער. און וואו עס שטייט (פלונית) דארף מען דערמאנען דעם נאמען פון די פרוי מיט איהר מוטערס נאמען, ווייל ביי א גרויסען מענשען און ביי א קינד.

אבינו אב הרחמן, דערבארמיגער פאטער און קיניג, מיר דאנקען דיר פאר די פרייד וואס דו האסט אונז היינט פערשאפט, וואס מיר האבין זוכה געווען אונזער זון'ס בר מצוה אין אגוטע מזל'דיגע שעה צו לאנג לעבין און צו געזונט ושלום וברכה, האט ער אנגיטאהן דעם היילגען צייכען און אנדיינקען (די תפלין) אויף זיין האנד און אויף זיין קאפ, וואס דאס ווייזט אז מ'דארף זיין איין איד מיט האנד (טהאט) און קאפ (לערנונג), כלומר, מיט תורה ומעשים טובים א). היינט האט ער זוכה געווען, אין זיין נשמה זאל אריין קומען אהייליגע שיין פון הימעל. דאס איז דער יצר טוב, ער זאל אים פירין אין דעם גוטין וועג וואס דוא האסט געבאטין אין דיין היילגע תורה, ער זאל לערנען תורה און טאהן מצות און מעשים טובים, יעצט בעטין מיר דיך רבונו של עולם, דו זאלסט העלפין אונזער קינד, זיין יצר טוב זאל זיך שטענדיג שטארקין אוף זיין יצר הרע, און ער זאל קענין זיין אגוטער פרומער יוד ווי דיין היילגער ווילין פארלאנגט פון דעם מענטש, ער זאל זיין גוט צו הקב"ה און

שערי ציון

וי אסאלדאט דארף לערנען און קענען זיין אוצעניע, ווען ניט איז ער קיין סאלדאט, די תורה איז אונזער אוצעניע, צוא זיין פריינדליכע מענשין צו די געזעלשאפט, און טריישע אונטערטאניגער צום וועלט קעניג, און דער וואס לערנט ניט קיין תורה, איז ווי אסאלדאט וואס אנטלויפט פון סלוזבע. און דער עיקר תורה איז משנה וגמרא, ווען ניט בלייבט ער חלילה אקאראים. אקלוגע מוטער וועט פארשטיין ווי ריכטיג דאס איז. אויך זאל די מוטער זעהען דער קינד זאל אויסלערנען גאנץ חומש כסדר ווי אונזערע עלטערין האבין געלערנט וואס פון זיי זיינען ארויס די גרעסטע גאונים און צדיקים. ניט קיינע מעטארעס וואס קלייבין נור שטיקלאך חומש. פון דעם וועלן זיי בלייבן אויסענדע. דאס איז נור וויא אקרעפניק מיט ניסט, און דער קינד גייט ארויס הויסט. נור לערנען ווי אונזער גרויסער רבי משה רבינו' דאס געלערנט אין זיין חדר, די גאנצע תורה כסדר,

מעשת אלפס

א) די מוטער וואס וויל אז דער קינד זאל פלייסיג לייגין תפלין און שעצין זיי מיט כבוד, וויא עס פאסט צו אזא ערהאבענעם צירונג וואס דר גרויסער וועלט קעניג האט אונז בעצירט ווי די תורה רופט דאס „לטוטפות" (צו אצירונג), זאל זי אין דעם טאג פון בר מצוה (אדער דעם שבת פריהער) דורך לעזין מיט איר זון די פארערדע מעשה אלפס וואס מיר האבין געשריבין אין בוך „הטפות לטוטפות" (רעדעם וועגין תפלין), דארטין איז ערקלערט בעה"י פיל גידאנקען וואס תפלין בעדייט, אפילו וואס דיא צוויי שינען פון של ראש (מיט דריי קעפעלאך און פיר קעפעלאך) בעדייטען, הכלל אין די זרגאנישע פארערדע געפינט איהר פון סוינל סילק, זיא ווארעמט אויף די הארץ צו לייגען שטענדיג תפלין מיט פערגניגען.

הארציגער גאט, אזוי ווי דו האסט באשיצט יוסף הצדיק בעת פרעה האט אים גיקרוינט פאר א משנה למלך און ער איז ארוים גיפארען איבערין לאנד מצרים, זיינען דאן אלע גילאפין אויפין וואונדער אים זעהען, אדעלע טעכטער זיינען גיקראכין אויף די מויערין (בנות צעדה עלי שור) זעהען זיין שיינקייט און זיין הערליכקייט, האסטו אים באשיצט, עס זאל אים ניט שאדין קיין עין הרע, אזוי זאלסטו מיין קינד אויך באשיצין פון עין הרע, אז קיין בייזע אויג זאל אים ניט שאדין, און דער זכות פון זיין תורה לערנען און פון אלע חדר קינדער וואס זייערע מיילאלאך זיינען ריין פון זינד, זאל אונז ביישטיין דו זאלסט אונז געבין געזונד און פרנסה בכבוד, און איך מיט מיין מאן זאלען זוכה זיין צו זעהען וויא ער וועט אנהייבין חומש און נאכהער גמרא א), נאכהער צו זיין בר מצוה, הערין ווי ער וועט זאגין א טיפע דרשה וואס וועט ערפרייען גאט און לייטין, נאכהער וועלין מיר ווייטער בעטין, אמן.

---

מעשה אלפס

פייהינקייט צו דעם, דינגען מיר א שליח (דעם מלמד), אבער באמת איז מצוה בו יותר מבשלוחו, דרום איז מען יוצא דיא מצוה מיט'ן פארהערין. אויך איז עס א גרויסע זריזות פארן קינד, אז ער ריכט זיך אז דער פאטער וועט איהם פארהערין, סטארעט ער זיך איין צו הארכין וואס דער רבי זאגט אים, ער ווייס אז ער וועט וויסין וועט דער פאטער אים געבין א מתנה, אויב ניט וועט ער זיך בייזערין. אויך דער רבי סטארעט זיך דער קינד זאל היטין, ווי באלד ער ווייס, אז עס איז דא אויף אים א קאנטראל, און די מצוה ליגט אויף די מוטער זי זאל דער מאנען דעם פאטער אים צו פארהערין, און ווען דער פאטער איז ניט צו הויז, זאל זי בעטין א שכן א נוטען פריינד פאר הערין דעם קינד, וועט איר שכר זיין זייער גרויס, לבד וואס איר מיהע וועט זיין מיט נוצין, אויך זאל זי מזרז זיין דעם רבי. ער זאל איהם לערנען א ברכה מאכין אויף אלס, און אבהיטין פון ליגען זאגען, און דאס קען די מוטער קאנטראלירען אכטונג געבען אויב ער זאגט אמת און היט צו מאכין א ברכה. און דער וואס פאסט איך דעם ביטעלע, וועט זוכה זיין בביאה צו האבען פון זייגע נשמע פרוכט:

שערי ציון

א) מיר געפינען פאר נייטיג אן צומערקין איינינע פרויען, דאס ווי דער קינד לערינט אים חומש, זאגען זיי, מ'דארף אים מער ניט געבן לערנען, זא ווא וועט ער קיין רב ניט זיין, וועלען מיר זיי פאר טייטשין דעם פסוק וואס זיי האבען גיזאגט מיט זייערע קינדער ברכה, װעלען זיי זעהען אז זיי זיינען אין טעות (תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב) די תורה וואס משה רבנו האט אונז געלערינט, איז ניט פר יענעם דור אליין, נור „מורשה" איין עוויגע זאך ווי איין ירושה, דאס גייט איבער פון עלטערין צוא קינדער און ניט „מורשה לרבנים" אז רבנים און לומדים אליין דארפין איר לערנען, נור „מורשה קהלת יעקב" פאר גאנצן גאראד יעקבים, אלע אידין דארפין לערנען און קענען דיא תורה, ווי וויט זייער יכולת איז, אזוי

חי

הייליגע תורה, אה, ווי גליקליך איך שעץ זיך היינט. דעם גאלדענעם מעדאלל מיט ברילאנטין גיזעצט, וואס דער גרויסער קעניג (מלך מלכי המלכים) האט אונז מיט זיין אייגען-האנד בעשאנקען (מימינו אש דת למו). אויפ'ן בארג סיני מיט גרוים פאראד גיגעבן, אונזער תורה וואס זי איז די גרויסע ליכט, וועלכע האט בעלייכטעט און בעלייכט אויך יעצט אלע מענשין זייער וועג, האב איך זוכה גיוועזן היינט מיין קינד אן הייבין לערנען, וואס דאס איז דער הויפט זכות פון אונז פרויען, ווי אונזערע חכמים שרייבין (אין הייליגען תלמוד) "נשים במאי זכיין" מיט וועלכין זכות קענען נשים זיגען (מנצח זיין) דעם גרויסען בלוט-שונא, (דעם יצר הרע) וואס ער וויל איבער פירען דעם מענשין פון ביידע וועלטין, ווי באלד זיי זיינען פטור פון תורה לערנען? און קיין אנדער גיוועהר קעגין יצר הרע איז ניטא נור תורה, ווי אונזערע חכמים שרייבין, אז השי"ת זאגט (בראתי יצר הרע) איך האב באשאפען דעם יצר הרע, האב איך אבער באשאפין די תורה וואס זי איז (א סם חיים) אהייל-מיט'ל קעגין אים, טוא מיט וואס קענען מיר פרויען זיגען דעם יצר הרע? ענטפערט דער הייליגער תלמוד, מיט דעם וואס מיר פירען אונזערע קינדער אין חדר לערנען תורה, האבין מיר אויך דעם זכות פון תורה, דרום פרייט מיר זייער מיין הארץ היינטיגען טאג. און איך בין דיר זייער דאנקבאר דאפיר.— אנא, אב הרחמן, איך בעט דיר הארציגער פאטער, בזכות דיין הייליגע תורה זאלסטו שטארקין אלע זיינע רמ"ח אברים און שס"ה גידים, ער זאל האבען קרעפטין צו לערנען תורה, און זאלסט אים געבין חכמה און גוטע פיהיגקייט ער זאל פארשטיין און גידיינקען וואס דער רבי וועט מיט אים לערנען. און גיב אים אגוטע אפרומע הארץ ער זאל לויפען מיט חשק אין חדר, און אונז זיי משפיע שפע פרנסה מיר זאלען קענען פאר אים דינגען גוטע און פרומע מלמדים, די זאלין מיט אים לערנען תורה און יראת שמים, און גיב אונז רוהיגקייט מיר זאלען האבין גידולט צו פארהערין אים שטענדיג וואו ער האלט אין לערנען א).

מעשה אלפס

א) דער פאר הערין שטענדיג דעם קינד, (ושננתם לבניך, ולמדתם אותם את בניכם). איז זייער וויכטיגע זאך, דאס אז אפאטער דארף אליין לערנען מיט זיין קינדער איז דאס מחויב פון דער תורה קינד, נור ווייל נים אלע האבין צייט און פיהיגקייט

האסטו ניט גיגעבין דעם פריזענט פון ריידין, נור דעם מענשין, בכדי ער זאל וויסען אז ער איז די טייערסטע באשעפעניס אויף דיין וועלט, ער זאל זיך קענען האלטען, בענוצין די מתנה נור אויף וויכטיגע זאכין, צו לויבין דיין הייליגען נאמען, לערנען דיין הייליגע תורה, מאכען שלום צווישען מענשין, טרייסטין טרויעריגע הערצער אונ מיט דיין חסד האסטו אים ערלויבט צו ריידין וואס ער האט נייטיג צו גישעפט אונ צו זיינע הצטרכות, אונ אום ער זאל ניט פאר געסין זיין וויכטיגען פאסט אונ חאפין ריידין נארישקייט, האסטו ארום גיצאמט די מאשינע פון ריידין (דעם צונג) מיט צווי מויערין, איינעם פון ביין (די ציינער) אונ איינעם פון פלייש (די ליפען). עס זאל אים דער מאנען אז דער צונג איז זייער אטייער כלי, דער צייכין אז דער מענש איז דער קייזער פון די בריאה, אונטער זיין האנד האט גאט פארטרויט די גאנצע נאטור, מיט זיינע גוטע אונ קלוגע רייד קען ער איר ערהויבין, אונ מיט אנארישען ווארט קען ער איר ערנידערין, ווי שלמה המלך זאגט (מות וחיים ביד הלשון) דער לעבין אונ דער טויט איז ביין צונג אין האנד. ליבער גאט אזוי ווי דו האסט מיר מזכה גיוועזן צום גרויסען פערגניגען, מיינע אויערין זאל הערין די טייערע שטימעלע, ווי מיין קינד זאגט „טאטע, מאמע", אזוי זאלסטו מיר מזכה זיין צו הערין ווי מיין קינד וועט שוין קענען גוט ריידין אונ וועט זאגין די הייליגע ווערטער „תורה צוה לנו משה" אונ מאכין אברכה, געבין דיר אדאנק פאר די שפייז וואס דו האסט בעשאפען צו זעטיגען דעם מענשין, אונ זאלסט מיר אויך מזכה זיין אים צו פירען אין חדר אונ הערין ווי ער וועט לערנען די גיפערילטע ווערטער פון דיין הייליגע תורה. אונ העלף אונז אב צו היטין זיין מיילעלע, ניט צו ריידין קיין מיאוסע ווערטער, ניט זידלען חלילה, ניט שילטען חלילה, ופשיטא ניט זאגין קיין ליגען חלילה, נור ריידין דברי תורה וחכמה, עס זאל זיין שיין פאר גאט אונ לייט, אמן.

## תחנה ביין פירען דעם ערסטין מאל דאס קינד אין חדר

אויך ווען דאס קינד הייבט אן לערנען חומש אונ ווען ער הויבט אן ויקרא:

ליבער גאט, איך דאנק דיר פאר די טייערע מתנה, וואס דו האסט מיר גישאנקען דעם ליבען זוהן, אונ איך האב זוכה גיוועזן צו דעם גליקליכען טאג, פירין אים אין חדר לערנען דיין

האסט גיטאן מיט מיר, אונ איך זאג, גילויבט ביסטו הייליגער גאט, קעניג פון דער וועלט, דו טוסט גוטעס צום זינדיגען מענש, דו האסט מיר אויך פיל גוטעס גיטאן אונ גירעטעט פון דיא גרויסע סכנה, אונ האסט מיר גיבענשט מיט פרוכט פון מיין בויך, אקינד אויף לאנגע יאהר, (ואני ברוב חסדך אבוא ביתך) דען מיט דיין חסד האב איך דער לעבט צו קומען אין דיין הייליגע הויז (אשתחוה אל היכל קדשך ביראתך) אונ וועל זיך קניען אונ נייגען אין דיין הייליגען פאלאץ מיט גרוים פורכט. אונ איך בעט דיין רחמנות, דו זאלסט ווייטער ניט אב טאן דיין חסד פון מיר אונ זאלסט אונז (מיר מיט מיין מאן) מזכה זיין אוים האדעווען די קינד אן צער צו גוטע אידישקייט אונ יראת שמים. ויהי רצון עס זאל זיין אגוטער ווילין פון דיר, דו זאלסט בויען דעם בית המקדש אין אונזערע צייטין וועלין מיר דארטין ברייגגין פאר דיר די קרבנות וואס דו האסט אונז גיבאטין אין דיין הייליגע תורה, אמן.

## תחנה מגדל השן (בעת עס שנידט זיך אוים אציינדעלע ביי אקינד).

גרויסער גאט, דיינע וואונדער אונ דיין השגחה אויף דיינע בעשעפענעם איז ניט אוים צו דער ציילין, ווי דער קינד בארף ארוים גיין אויף אייגענע קעסט (ענטוואהנען פון מוטערס-ברוסט) גרייטסט דו אים צו ציינער צו מאלין זיין שפייז, איך דאנק אונ לויב דיין ליבען נאמען פאר דעם טייערען פריזענט, די בשרה מציאה, דעם פערעלע וואס איך האב גיפונען ביי מיין קינד אין מיילעלע, אונ איך בעט דיין רחמנות דו זאלסט ניט אב טאן דיין חסד אויף ווייטער אונ העלפין עס זאל זיך גרינג אוים שניידין די איבעריגע ציינדערלאך ביז דעם לעצטין, ער זאל קענען טאן דיין רצון, עסין אונ קלייבין קרעפטין צו גיין אין חדר לערנען דיין הייליגע תורה, איך בעט דיר גאט שטארק זיין הארץ אונ העלף אונז מיר זאלען אים אב היטען ער זאל חלילה מיט די ציינער ניט עסין קיין מאכלות אסורות, נור ער זאל זיין גוט אונ פרום, גאט אונ לייט זאלען זיך מיט אים פרייען, אמן.

## תחנה ומדברך נאוה (בעת דער קינד הייבט אן צו ריידין).

בארעמהערציגער גאט, דו האסט בעשאפען אויף דיין וועלט מיליאנען וארטען בעלי חיים אונ קינעס

ווי גרויס דיינע וואונדער איז, הארציגער פאטער, בעט איך מיר מיט דיין השפעה איך זאל שטענדיג האבין גינוג צו זייגין מיין קינד, ער זאל חלילה ניט הונגעריג בלייבין, אונ היט מיר אויס פון עגמת נפש אונ פון שרעק אונ פון כעס, מיינע מילך זאל חלילה ניט צו קאכט ווערין, עס זאל חלילה ניט פאר שאטין מיין קינד, אונ גיב מיר רוהיגקייט איך זאל קענען אב היטען ריכטיג די צייט צו געבין זייגין מיין קינד, אונ בעת איך שלאף זאל איך דער הערין אז מיין קינד וויינט, אונ וויל זייגן, אונ היט מיר אויס, איך זאל חלילה שלאפעדיג ניט ארויף לייגין מיין האנד אויף דיין מיילעלע, איך זאל חלילה אים ניט דער דריקען, אונ העלף אויך אלע אידישע טעכטער אויס צו זייגין זייערע קינדער מיט אגרינגע האדעוואנע, אויס צו האדעווען אונ געבין זיי אין חדר לערנן דיין הייליגע תורה, אמן.

## אנייע תחנה בעת מען גייט אין שול נאך קינד-בעט.

גרויסער קעניג, ווען מיר זייען ווערט גיוועען און גיזעסין אויף אונזער לאנד אונ דו האסט גירוהט צווישען אונז אין דיין הייליגען פאלאץ (דעם בית המקדש) האט אגעוויינעריין גידארפט ברייגען אקרבן צוויי טויבין, איינע אקרבן חטאת (אזינד אפפער *), אונ די צווייטע, אקרבן עולה (אדאנק אפפער), פאר דיא חסדים וואס דו האסט מיט איר גיטאן דיא גאנצע צייט פון טראגין אונ האבין, וואס זיא איז ניצול גיווארין פון דיא גרויסע סכנה. אבער יעצט אז מיר האבין פארזינדיגט אונזער בית המקדש, אונ איך קען קיין קרבן ניט ברייגען, זאגט דער נביא (ונשלמה פרים שפתינו) די שירים ותשבחות וואס מיר זאגין פאר דיר, נעמסטו אן מיט דיין חסד גליך ווי מיר וואלטין גיבראכט אמתה קרבנות דרום בין איך גיקומען אין דיין הייליגע הויז „מקדש מעט" (קליין בית המקדש) לויבין אונ דאנקען דיין ליבע נאמען פאר דיין גרויסין חסד וואס דוא

האסם
*) דער זינד אפפער קומט, וויל פון גרויס צער ביין האבען, טרעפט מאנכע פרויען וואס שילטין דעם מאן אונ שווערין זיי זאלען מעהר ניט זיין מיט איהם, דרום דארף זי האבען אפארגעבונג אויף די פאלשע שבועה אונ די קללות, אונ וויל די תורה האט חס ניהאט אויף דעם כבוד פון די אשה, זי זאל ניט פארשעמט ווערין, האט זי ניהייסין אז אלע פרויען, אפילו די וואס האט ניט נישווארין אונ ניט נישאלטין זאל אויך ברייגען אקרבן, אונ פאר די גידולדיגע פרויען וואס שווערין ניט אונ שילטין ניט ברייגט דער קרבן אויך אנוץ, זי זאל זיך געמען אמוסר, מה דאך די וואס שילט א־ער שווערט פון גרויס צער האט זי אזין עבירה און דארף ברייגען אקרבן פארגעבין אי־ע זינד, הייסט דער וואס שווערט אדער ער שילט ניט ניצוואונגענערהייד, קאם פאר אין גרויסע עבירה דאס איז, אונ ס׳דארף האבין גרויס תשובה אויף דעם

גְרֶעניץ מִיט חֶסֶד. אוּנ אַזוֹי ווִי דוּ הָאסְט אוּנְז אַרִיבֶּער גִיפִירְט לְשָׁלוֹם, אַזוֹי זָאלְסְטוּ מִיט דַיין חֶסֶד אַרִיבֶּער פִירִין אַלֶע אִידִישֶׁע טֶעכְטֶער לְחַיִים וּלְשָׁלוֹם. אָמֵן.

## אַתְּחִנָה פַאר אַמוּטֶער נָאכִין בְּרִית.

גְרוֹיסֶער קֶענִיג אוּנ וֶועלְט פְרַאפֶּעסֶער, מִיר הָאבֶּען מְקַיֵים גִיוֶוען דַיין הֵיילִיגֶען רָצוֹן מַל צוּא זַיין אוּנְזֶער קִינְד צוּ אַכְט טָאג ווִי דוּ הָאסְט גִיבָּאטֶען צוּ אַבְרָהָם אָבִינוּ, בֶּעט אִיךְ דִיר לִיבֶּער גָאט נֶעם אָן דִי מִצְוָה ווִי אִיךְ וָואלְט מַקְרִיב גִיוֶוען אַקָרְבָּן, אוּנ אַזוֹ ווִי דוּ הָאסְט גִישִׁיקְט דֶעם מַלְאָךְ רְפָאֵל צוּ אַבְרָהָם אָבִינוּ, הֵיילִין אִים פוּן זַיינֶע שְׁלַאפְקַייט, בְּעֵת עֶר הָאט זִיךְ גִימַלְ׳ת, אַזוֹי זָאלְסְטוּ אִים שִׁיקֶען צוּ מַיין קִינְד, אוּים הֵיילִין דִי וואוּנְד עֶר זָאל זִיךְ גִיזוּנְד וֶוערְן, וּבִזְכוּת דִי הֵיילִיגֶע מִצְוָה זָאלְסְטוּ מִיר אוֹיךְ שִׁיקֶען אַרְפוּאָה שְׁלֵמָה אִין מַיינֶע צוּבְּרָאכֶענֶע גְלִידֶער, אוּנ הֶעלְף מִיר צוּ הָאדֶעוֶוען אִים אָן צַעַר אוּנ זַיי מַשְׁפִּיעַ מִילְךְ אִין מַיינֶע בְּרִיסְט עֶר זָאל הָאבֶּען גֶענוּג צוּ זַייגִין *), אוּנ אִיךְ זָאל זוֹכֶה זַיין אִים מְגַדֵל צוּ זַיין צוּ תּוֹרָה וּלְחוּפָּה וּמַעֲשִׂים טוֹבִים. אָמֵן.

## תְּחִנָה בַּיין אוֹיף שְׁטֵיין פוּן קִינְד־בֶּעט.

גְנֶעדִינֶער פָאטֶער, אִיךְ גִיב אַשְׁבָּח וְהוֹדָאָה צוּ דַיין לִיבֶּען נָאמֶען וָואס דוּ הָאסְט מִיר אוֹיף גִיהוֹיבִּין פוּן מַיין שְׁלַאפֶע בֶּעט אִיךְ זָאל שׁוֹין קֶענֶען אַרוּים גֵיין אִין גַאס ווִי אַלֶע מֶענְשִׁן, גְרוֹיסֶער גָאט אִיךְ בֶּעטְרַאכְט דַיינֶע וואוּנְדֶער ווִי דוּ הָאסְט פַארְאָרְדִינְט אַז פוּן דִי בְּלוּט וָואס דֶער קִינְד אִיז גִישְׁפַּייזְט גִיוָוארֶען מִיט דֶעם דִייעֶנְדִיג אִין מַיין לַייבּ, הָאסְטוּ אִין אַקוּרְצֶע צַייט אִיבֶּער גִיאַרְבֶּעט אוֹיף מִילְךְ אוּנ הָאסְט צוּ רֶעכְט גִימַאכְט אַקְוָואל (די ברוסט) עֶס זָאל שְׁטֶענְדִיג בְּלַייבִּין פְרִישׁ זַיין שְׁפַּייז, אוּנ הָאסְטוּ פַארְאָרְדִינְט דִי עֶפְּעֶנוּנְג פוּן קְוָואל מִיט קְלֵיינֶע לֶעכַאלַאךְ, עֶס זָאל נִיט לוֹיפִין הַאסְטִיג אוּנ נִיט פַארְפְלֵייצִין אִים דִי הֶעלְזֶעלֶע. אוֹיךְ הָאסְטוּ פַארְאָרְדִינְט אַז דֶער טַעַם פוּן דִי מִילְךְ זָאל זִיךְ בַּייטִין נָאךְ דֶעם עֶלְטֶער פוּן קִינְד. אָה,

ווי

---

*) וֶוען מִ׳רֶעכִינְט אִיהְם אָב צוּ גֶעבִּין צוּ אַיין אַם, זָאל דִי מוֹסִיף זַיין: אוּנ שִׁיק מִיר צוּ פַאר אִיהְם אַגוּטֶע אַם, אַיין עֶרְלִיכֶע פְרוֹי מִיט פְרִישֶׁע ווִיזוּנְטֶע מִילְךְ, דִי זָאל אִים לִיבּ הָאבִּין אוּנ אוֹיף פַּאסִין ווִי אַיין אַייגֶען קִינְד, אוּן אִיךְ זָאל זוֹכֶה זַיין צוּ זֶעהֶען ווִי זִי וֶועט מִיר אִיהְם אָב בְּרֵיינְגֶען אַגִיזוּנְטִין אַפְרִישֶׁען, עֶר זָאל קֶענֶען גֵיין אוּנ רֵיידִין.

תורה, בכדי עס זאל איין גיפליסט ווערין אין מיינע בלוטין אליבשאפט צו דיין תורה ומצות, און דאס זאל אויך איבער גיין צו דעם קינד'ס בלוטין, צו דעם קינד'ס מוח'ל, אז ער זאל זיין איין אוהב תורה, אווארימער איד און אגוטער מענש ווי דיין תורה פערלאנגט, ווי די גרויסע הייליגע צדיקים וואס זיינען גיוועזן אויף דער וועלט, וואס האבין פארשאפט גרויס כבוד צו דיין נאמען און צו דיין ליבע פאלק ישראל. און גיב מיין טהייל צווישען די נשים צדקניות וואס האבען איינגיפלאנצט טייערע פרוכט בוימער אין אידישען ווייך גארטען. און העלף מיר צו געבוירין אים אין אגוטע אמזלדיגע שעה, אן גרויסע שמערצן. ווייל דער שליסעל פון געבוירען האסטו ניט איבער גיגעבין צו קיין מלאך נור ביי דיר אין האנד, וואס דו ביסט דער רב חסד פול מיט גנאדע און בארימהערציגקייט. און העלף מיר אב צו היטען די מצות וואס בעלאנגט צו אונז פרויען בכדי דער זכות זאל מיר ביישטיין און אלע אידישע שוואנגערע פרויען, זיי זאלין גרינג אויס טראגען און גרינג געבוירען מיט מזל און ברכה. אמן.

## תחנה אחר הלדה.

נאכין איבער קומען זאל זי וואשין די הענד און נעבין אשבח והודאה צו חשי"ת.

איך דאנק און לויב דיין ליבען נאמען הארציגער גאט, וואס דוא האסט מיר מיט מיין קינד אריבער גיפירט דעם געפערליכען

מעשה אלפס

פיל גרויסע לייט, מ'זאל מתפלל זיין אויף דעם קינד ער זאל זיין א גרויסער תלמיד חכם. איז אירע גרויסע התפעלות פון תלמידי חכמים וצדיקים האבען גיווירקט אויפ'ן קינד, ווי עס ווערט דער ציילט אין ספר הברית, א שוואנגערע פרוי האט גיגראבין בולבעס, איז ארויס גילאפין א גרויסע זאבע פון זומפ האט זי זיך פאר וואונדערט אויף איהר, נאכהער האט אווינד א בלאז גיטאן און האט פארטרייסילט די מוטער די רעכטע אויג, האט זי מיט'ן האנד אויס גיריבען די אויג, נאכהער אז זי האט געבוירען דעם קינד איז גיוועזן ביי אים לעבן רעכטע אויג א צייכען פון אזאבע. ווייל איר מחשבה האט גיווירקט אויפ'ן קינד, און אפשיטא אז די מוטערס מחשבה ווירקט אויפ'ן מוח'ל פון קינד, דרום זאל א קלוגע פרוי גייענדיג פון בית הטבילה און די גאנצע צייט פון שוואנגערין אוים מיידין נארישע גידאנקען, און נור טראכטין הייליגע גידאנקען וועגין די אבות הקדושים וועגין צדיקים און גרויסע תלמידי חכמים בכל דור, און עס איז א גלייכע זאך אז אין יעדער אידישע שטוב זאלין הייגען פאטרעטין פון גאונים וצדיקים, זי זאל זיך דער מאנען אן זיי און טראכטין וועגין דעם, וועט זי זוכה זיין צו קינדער גרויסע תלמידי חכמים וצדיקים אויף לאנגע יאהר מיט פיל נחת, אמן.

גרויסער הייליגער גאט! דיין חכמה און דיינע וואונדר וואס מ׳זעט ארויס פון דיין וועלט, וואס דו האסט בעשאפען, איז ניט צו בעשרייבען, און איבער הויפט דיין חכמה וואס ליגט אין דעם באשאף פון די קליינע וועלטעלע דאס איז דער מענש, ווי אונזער מוטער חנה האט גיזאגט אין איר תפלה (אין קדוש כה׳) עס איז ניטא אזא הייליגער ווי אונזער גאט און עס איז ניטא אזא קינסטליכער מיילער ווי ער, אבשר ודם קען אויס מאלען די שענסטע צורה. אבער קיין הארץ, קיין גידערים, קיין לעבהאפט קען ער ניט אריין געבען אין איר, אבער דו מאלסט אויס אצורה אין אצורה, אקינד אין מוטערס בויך און גיבסט דארטען אריין אהארץ, גידערים און אלעבהאפט, און אזוי ווי מ׳קען ניט אויס דער ציילען דיינע וואונדער, אזוי איז קיין גרונד צו דיינע חסדים וואס דו טוסט מיט אלע דיינע בעשעפענעס און איבער הויפט מיטין מענשין, דו היטס אים און שיקסט אים זיין שפייז אין אזא ארט, וואס זיין בעסטער גוטער פריינד, דער גרעסטער פראפעסער קען דארטען ניט צו קומען, דאס איז ביי די מוטער אין לייב. אלזא בעט איך דיין רחמנות, דו זאלסט אויף פאסען דעם קינד וואס איך שוואנגער יעצט, דו זאלסט אים היטען און קרעפטיגען, עס זאלין ענטוויקעלט ווערין אלע זיינע גלידערלאך, אלע זיינע חושים, ער זאל גיבוירען ווערין אגיזונטער אפרישער מיט אלע חושים און גוטע פייהיגקייטין, און גיב מיר אויך קרעפטין אים אויס צו טראגין, עס זאל מיר חלילה ניט טרעפין קיין שרעק און קיין שום בייזע באגעגעניש, און העלף מיר מיט גוטע גידאנקען איך זאל טראכטין וועגין הייליגע זאכען[א], און וועגין די גרויסקייט פון דיין

מעשה אלפס

א) די גוטע הייליגע גידאנקען בעת טראגין דעם קינד, האט פיל צו בעדייטין, ניט אום זיסט זיינען פאריגע צייטין גיוועזן פיל גרויסע גאונים און הייליגע מענשין, ווייל דער רעיון פון די מוטער איז גילעגין, אז איר קינד וועט זיין אתנא, אגדול, אצדיק. אפילו בעת זי פלעגט אים אן טאן, פלעגט זי זאגין מיט פרייד אט דאס איז אתנעלע, אגדול, האט דאס אויף איר פיל גיווירקט אז בעת טראגין האבען אירע גוטע גידאנקען זיך אויס גימאלט אויף דעם מח׳ל און הערצעלע פון קינד, און עס האט אים גיצויגין צו איידילקייט. אין פרקי אבות לערנען מיר אז ר׳ יוחנן בן זכאי האט גיזאגט א שבח אויף דעם גרויסן תנא, דעם חכם פון אידין (אזוי האט מען אים גרופן אין רוימישען קייזערליכען הויף) ר׳ יהושע בן חנניא „אשרי יולדתו“ (דעם דאנק קומט די מוטער זיינע), ווייל דיא גאנצע צייט פון איר שוואנגער מיט אים האט זיא גיבעטין ביי

פיל

הינדעלע האט זי קיין שכל צו האדעווען נור זי גיט איר אפיק אין קעפיל אונ טרייבט איר אוועק, איז דער האדעווען שטיף קינדער אהיילינגער טהאט, ווס דאס צייגט אויף דעם הויכען מענשליכען גיפיהל, אז ער שטייט העכער וויא אלע בעלי חיים, ער פארגלייכט זיך צוא מלאכי השרת א), דרום איז דער שכר פון דעם זייער גרויס, דאפיר האסטו איהר באלוינט מיט גרויסע מתנות, דו האסט איר גיגעבין צוויי קינדער גרויסע צדיקים, יוסף הצדיק וואס ער האט גישפייזט די שבטים אין מצרים, אונ בנימין הצדיק וואס אין זיין טהייל (ארץ ישראל) איז גיבויט גיווארין דער בית המקדש, זי האט פון זיי נחת גיהאט אויף דיזע וועלט אונ אויף די עוויגע וועלט גאר אן אברעג. אלזא ליבער הארציגער פאטער, רייניג מיין הארץ פון אלע שלעכטע זיטין ובפרט פון כעס אונ פון שנאה, אונ פלאנץ איין אין מיר גוטהערציגקייט אונ אידלקייט. אויב מיין גורל איז שוין אוים גיפאלין צו זיין אשטיף מוטער זאל איך לפחות זיין פון די גוטע שטיף מוטערס וואס די וועלט בענשט זיך מיט זיי, איך זאל זיי באהאנדלען ווי מיינע אייגענע קינדער, איך זאל זוכה זיין צו זעהען אויף זיי אונ אויף מיינע אייגענע קינדער פיל נחת, אמן.

---

מ ע ש ה   א ל פ ס

א) פון די גישיכטע פון אונזערע אמהות זעהען מיר ארוים אז דער האדעווען שטיף קינדער אונ גוט בעהאנדלען זיי איז זעהער אוויכטיגע זאך, אונ צו ליב דעם איז מען מקבל גרויס שכר אפילו פארן האדעווען דיא אייגענע קינדער, ווייל אויף דיא האר-עוואניע פון אייגענע קינדער קען דער שטן טענען פארין רבונו של עולם, אז עס קומט די מוטער קיין שכר, ווייל זי טוט דאס נור אלעם נאטירליכקייט ווי אלע עופות אונ בהמות וואס האדעווען זייערע קעלבלאך, אבער די וואס האדעוועט אונ באהאנדילט גוט שטיף קינדער אויך, ענטפערט דער רבונו של עולם צום שטן, דיזע מוטער טוט דאס ניט אלעם נאטור, נור אלעם שכל והראיה זי האדעוועט דאך שטיף קינדער אויך, אלזא קומט איר פיל שכר אפילו פארין האדעווען דיא אייגענע, זעט וואס פאר איין חכמה אונזער מוטער לאה איז גיוועזען, זי האט באמערקט אז רחל'ס האדעווען בלהה'ס קינדער שטייט העכער פאר איר האדעווען איהרע פיר שבטים, ווייל רחל טוט דאס מצד השכל, אונ זי טוט דאס נור מצד די נאטור, ווי אלע בעלי חיים, דרום האט לאה אויך גינומען איר דינערין זלפה אונ האט גיגעבין צו יעקב'ן פיר א פרוי, זי זאל העלפין האדעווען זלפה'ס קינדער אונ צום ערשטין קינד וואס זלפה האט גיהאט האט לאה גיזאגט "בא גד" עס איז גיקומען א גוטער מזל אונ האט אים אנאמען גיגעבין "גד", צו לערנען די וועלט, אז מיט דעם וואס מען איז פריינדליך צו שטיף קינדער, אזוי ווי צו אייגענע, קומט א גוטער מזל אויף די גאנצע שטוב.

לאזין, אדער לפחות די וואלט איס אוועק ווארפען אונ מיט פארען מיט איהרע קינדר, אונ הגר האט דאס ניט גיטאן, עס זאל ניט זיין אחרפה פאר אברהם אבינו אז די ווייב האט אים אוועק גיווארפען אויף דער עלטער, היינט אז אגיפטיאנקע ווי הגר האט גיהאט אין זיך אזוי פיל אדילקייט צו בעהאנדלען אזוי פיין איר מאן אונ איר מאנס קינדער, וואס זאלען מיר שוין ריידין זרע אברהם וואס מיר האבין גערש'ת פון איס אלע פיינע מדות מיט די אמת'ה גוטע הארץ. אונ בזכות וואס איך האף צו בעהאנדלען מיינע שטיף קינדער ווי איין אמת'ה מוטר, זאלסטו מיר העלפין צו זעהן נחת אויף זיי אונ זאלסט מיר אויך ענטפערין מיט אייגענע קינדער אויף לאנגע יאר, אמן.

## אצווייטע תחנה פאר אשטיף מוטער.

הארציגער פאטר! דיין היילינע תורה דער ציילט בעת אונזער מוטער רחל האט מקנא גיוועזן איר שוועסטער לאה, וואס זי האט קינדער אונ זי (רחל) איז ווי אטויטע וואס האט קיין קינדער, האסטו איר אריין גיגעבין אין גידאנקען איין עצה. זי זאל געבין איר דינערין בלהה צו איר מאן יעקב, אום זי זאל האדעווען די קינדער וואס בלהה וועט האבין, אין פאר דעם זכות וואס זי האט גיהאדעוועט איר מאנס קינדער (וואס ער האט גיהאט פון אצווייטע פרוי) איז זי גיענטפערט גיווארין מיט אייגענע קינדר, מיט דעם האסטו אונז מענשין גילערינט, וויא גרויס איז דער זכות אז מ'האדעוועט שטיף קינדער אונ מ'בעהאנדילט זייא פריינדליך, דר זכות פון דעם אויף דיא אמתה וועלט שטייט פיל העכער ווי פון אייגענע קינדער, ווייל די מיהע וואס מ'האט פון אייגענע קינדער איז דאך נור אנאטירליכע זאך, וואס אלע בעלי חיים טוען דאס, די הון האדעוועט אויך איהרע הינדעלאך, אבער אפרעמדע

מעשה אלפס

נאטעם שטראף איז דאס פאר מענשין אויך אנרזיסער סקאנדאל, די שטיף מוטער בעת זי איז אין כעס אזן מוצעט די שטיף קינדער, הערט זיא גאר ניט וואס די שכנים זאגען, פינסטער איז געבאך די יונגע מאמען אין קבר, אז די מרשעת דזעקעוועט זיך איבער איהרע פייגאלאך, וואס זי האט זיי קוים אויפגיצויגנט מיט טרערין. אלזא דארף מען זיך גוט לערנען אונ נזהר זיין צו ברענגען דעם ווילדען נאטור, אונ זעהען זיך איין צו שאפין אוויבע א רחמנות'דיגע הארץ, בעהאנדלען זיי פריינדליך, דאן וועלען די קינדער איר אויך שעצין, אז זי וועט זיי קענען לערנען אין גוטין וועג, אונ בזכות זה וועט זי זוכה זיין צו אייגענע קינדער מיט פיל נחת.

שרעקט מיר זייער מיין הארץ אריין צו טרעטין אין אזא רויקע אין אזא גיפערליכען צו שטאנד, מ'איז דאך מער ניט ווי אלעבעדיגער מענש, מ'ווערט אין כעס רעט מען זיך אוים אשלעכטווארט אדער מ'גיט אמאל אקלאפ, אונ דער מיט קען איך מיר חלילה פאר זינדיגין מיינע יאהרען אונ גורם זיין פיל צער מיין מאן. אונ פיל צער זייער יונגע מוטער אין קבר. אלזא ליבער גאט אזוי ווי דיין מדה איז צו העלפין די וואס ווילען גיין אין גוטין וועג, העלף מיר אויך, איך זאל זיי באהאנדלען ווי אצערטליכע מוטער מיט רחמים אונ מיט גידולד, ווען אפילו זיי זיינען אביסעל צו לאזען זיינען זיי אפשר ניט שולדיג, וויל עס איז אוועק אהיבשע צייט וואס זיי האבען ניט גיהאט ווער עס זאל אויף זיי קוקען, די צייט וואס זייער מוטער עליה השלום איז קראנק גיוועזן, האט זי דאך ניט גיקאנט קוקען אויף זיי, ופשיטא פון די צייט אן וואס זי איז נפטר גיווארען. אלזא העלף מיר אונ גיב מיר אגוט הארץ, איך זאל זיין צו זיי ווי אמוטער עס זאל זיין שיין פאר גאט אונ פאר לייטין א), ווי די תורה בארימט די צווייטע פרוי וואס אברהם אבינו האט גינומען, הגם איר נאמען וואר "הגר" רופט איר די תורה "קטורה" מפרסם צו זיין פאר דער וועלט, אז אירע מעשים האבען זיך גילאזט הערין ווי דער גוטער ריח פון קטורת, אונ דאס איז דאך טאקע אוועלטענע שטיף מוטער אז אברהם האט אב גיגעבין זיין גאנצע רייכטהום צו יצחקן, אונ צו אירע קינדער האט ער נור גיגעבין מתנות, אונ האט זייא אלעמען אוועק גישיקט אין ווייטין מזרח אונ זי איז גיבליבען עלינט ווי אשטיין, לבד וואס אין אנדערע אויף איר ארט וואלט דאס ניט

---

מעשה אלפס

א) אונ ווי שיין דאס איז פאר מענשין, ווען אשטיף מוטער באהאנדילט פיין די שטיף קינדער, אלע האלטין איר פאר איין אדעלע פרוי, אונ אלע בענשין זיך מיט איר, מ'זאגט אז זי האט אין זיך די גוטע מדות פון די אמהות פון רחל אונ לאה, וואס זיי האבין ניהאדעוועט אונ פיין באהאנדילט זייערע שטיף קינדער, וואס יעקב אבינו האט ניהאט פון בלהה אונ זלפה. אבער ווען חלילה מ'פייניגט זיי, לבד וואס דאס איז אגרויסע זינד פאר גאט, ווי די תורה שרייבט (אם ענה תענה אותו כי אם צעק) אויב דו וועסט זיי פייניגען, אונ אן טאן שמערצין, וועלין זיי שרייען צו מיר, וועל איך צוהערין זייער גישריי אונ מיין צארין וועט גרימען וועל איך מאכין אייערע קינדער פאר יתומים, זיי זאלען אויך אן קומען צו שטיף מוטער'ס וועט איר דאן וויסען אין קבר דיא שמערצין, וואס יענע מוטער האט ניהאט אין קבר בעת איר האט גיפייניגט אירע יתומים. אח ווי גרוים דער שטראף פון דעם איז! אונ אויסער

ביידינדיג פאַר וואָס ניט? זיא ווערט דאָך אונזער פאָטער פרוי און זיין אייגענע תּורה האָט געהייסן „כּבּד את אביך" זאָגין אונזערע חכמים אַז דער וואָרט „את" איז מרבּה, אַזוי ווי מ'דאַרף מכבּד זיין און שעצען דעם פאָטער, אַזוי דאַרף מען מכבּד זיין און שעצען זיין פרוי (די שטיף מוטער), און ווען זי רעט אפילו אַמאָל אַהאַרטין וואָרט, אָדער זי גיט אַבּייזען בּליק, דאַרף מען איר דן זיין לכף זכות, אַז זי מיינט חלילה ניט קיין בּייז, נור זי איז געוועזן אין פאַרדרוס, האָט זיך איר אויס געריסען אַשלעכט וואָרט אָדער אַקללה ר"ל, ווי מיר זעהען, אַז פון כּעס ווערט מען און מ'שילט אייגענע קינדער אויך, אַמאָל גיט מען זיי נאָך אַקלאַפּ, קען מען דען זאָגין אַז דאָס איז פון שנאה חלילה? וועלכע מוטער טראָגט דאָס אַ שנאה אויף איר קינד? אַזוי האָט זי אויף אונז אויך חלילה קיין שנאה, נור דער נאַטור פון מענשין איז, בּעת ער ווערט אין כּעס, הערט ער ניט וואָס ער רעט, און גיט זיך ניט אָב קיין רעכענונג וואָס ער טוט. הכּלל אַז מיר וועלין געדיינקען די רייד פון חכם (ועל כל פשעים תכסה אהבה) ווען מען האָט יענעם ליב פערצייהעט מען אַלע זיינע פעלערין און מ'רעכינט אים אויס אין גוטין זייט, און מיר וועלין זיך אַזוי פירין, האָפין מיר אַז דו וועסט איר אויך געבּען אַגוטע האַרץ, זי זאָל קוקין אויף אונז מיט אַגוטע אויג, דאַדורך וועט זיין שלום ושלוה בּיי אונז אין הויז, אונזער פאָטער וועט האָבּין נחת. און אונזער מוטער וועט זיין רוהיג אין קבר, בּיז מיר וועלין איר זוכה זיין צו זעהען צו תחית המתים, בּמהרה בימינו, אמן.

## אַתּחנה פאַר אַפרוי וואָס קומט אָן אויף שטיף קינדער.

ליבער האַרציגער פאָטער, אין דיין הייליגע תּורה, וואָס זי איז פול מיט אַדילקייט און רחמנות האָסטו געשריבען (כּל אלמנה ויתום לא תענון) אַז יתומים אָדער אַנדערע טרויעריגע הערצער זאָל מען ניט אָנטאָן קיין צער, ווייל זייער האַרץ איז צו בּראָכען, זיי האָבּין פאַר זיך קיין פאַרשטייער ניט, און ווער עס וועט זיי פייניגען וועסטו זיין זייער פאַרשטייער און זיך שטרייננג רעכענען מיט יענעם, אַז יענעמס קינדער זאָלען חלילה בּלייבּין יתומים. ליבער פאָטער, מיין לאַגע בּרייננט מיט, אַז איך מוז יעצט אָן קומען אויף שטיף קינדער

(פליים), ווי זאלין מיט זייער תורה ערלייכטין די אויגין פון כלל ישראל ווי חנה'ס זון (שמואל הנביא) וואס ער פלעגט גאנץ אפט ארום פארען אין אלע אידישע שטעט פון ארץ ישראל לערנען מיט זיי דיין הייליגע תורה אונ איין פלאנצען אין זיי אלע טייערע מדות אונ איבערהויפט די מדה פון שלום וואס דורך שלום וועלין מיר אויס גילייזט ווערין פון אונזער שווערע גימיט אונ גיין מיט שטאלץ אין אונזער הייליגע לאנד במהרה, אמן.

## אתחנה פאר יתומים (וואס קומען אן צו אשטיף מוטער).

דיא עלטערע יתומה (אדער יתום) זאל דאס בעטין אין געגענווארט פון די קלענערע יתומים, דעם ערשטין יאר לפחות אלע ערב ר"ח אונ ווייטער איינינע מאל אין יאהר.

הארציגער גאט! בעת אונזער ליבע מוטער האט גילעבט ביזט דו גיוועזן אונזער פאטער, יעצט ביזט דו אויך אונזער מוטער. אה, הימלישער פאטער! אונזער טאטע האט גינומען אצווייטע פרוי, גיוואהנליך מיר קענען צו איר ניט האבין, זי האט ניט גיוואלט אז אונזער מוטער זאל חלילה גיין אוועק פון דער וועלט, אונ ווידער מיט וואס וועט אונזער מוטער זיין גרינגער אין קבר, אז דער פאטער וועט פינסטערין? נור עפעס דער מאנענדיג דעם שטראשענעם נאמען „שטיף מוטער" גייט אריבער אשרעק איבערין לייב, ווער ווייס וואס פאר איין כאראקטער זיא האט? זיא קען זיך חלילה דערקעווען איבער אונז אונ אויף וועקען אונזערע בלוטיגע וואונדען, וואס קענען ניט פארהיילט ווערין, ווייל אמוטער קען מען ניט אב קויפען, אה גאט! עס איז אונז זייער ביטער, מיר האבין פאר קיינעם ניט אויס צו גיסין אונזער ביטערע הארץ נור פאר דיר, וואס דיין טיטול איז „אבי יתומים", מיר האבין קיין מיטל ווי זיך צוא רעטטען פון אונזער טרויעריגע לאגע. נור מיט די קלוגע עצה פון דיין תורה, ווי מיר לערנען (אין משלי) שלמה המלך זאגט „כמים הפנים לפנים כן לב האדם לאדם". אזוי ווי אוואסער (אדער אשפיגל), וועלכע מינע מ'ווייזט צו אים אזא מינע זעט מען ענטקעגין, אזוי איז די הארץ פון אמענשין צו אמענשין, ווען מיר וועלין זיך מאכין אגוט הארץ צו איר, וועט דאס חירקען אויף איר, זי זאל האבין אגוט הארץ צו אונז. אלזא בעטין מיר דיין חסד, דו זאלסט אונז העלפין מיר זאלין איר אויף נעמען בכבוד אונ איר שטענדיג שעצין, אונ באמת

ריידינדיג

ווערטער שיינט ארויס דער מוסר, אז די וואס שטאלצירען מיט די גוטעם וואס דו ביזט אויף זיי משפיע, ווי פנינה האט שטאלצירט מיט אירע קינדר קעגען חנה'ן וואס זי האט גיהאט אשווערע גימיט און האט איר פארשאפט גרויסע שמערצין, האסטו אב גיקערט דיין השגחה פון פנינה'ן, בכדי זי זאל אויף פארזוכען דעם טעם וואס אשווערע גימיט צו קינדער איז א). הארציגער פאטער! אז איך נעם דאס ארויף אויפין גידאנקען שרעקט מיר מיין הארץ, פיליכט האב איך אויך שטאלצירט קעגין טרויעריגע הערצער, און האב זיי פארשאפט שמערצן, דרום האסטו מיר גשטראפט, און גיבסט מיר אויך פארזוכין דעם ביטערין טעם פון אשווערע גימיט צוא קינדר. אה, וועה, וויא ביטער און פינסטער איז דער שטראף וואס פנינה הט גיהאט! אלוא ליבער פאטער פאל איך כורעים ומשתחוים מיט מיין ביטערע הארץ צו דיין גרויסע רחמנות, אזוי ווי פנינה איז גיפאלין חנה'ן צו די פיס, און בעט דיר מיט טרערין, דו זאלסט מיר מוחל זיין אויף דיזין פארברעך און אויף אלע בייזע מעשים וואס איך האב ביז יעצט גיטאן און קער צוריק דיין ליכטיגע אנגעזיכט צו מיר, און בענש מיר וויא דוא האסט גיבענשט אונזער מוטער חנה'ן מיט אגרינגע גימיט, איך זאל האדעווען מיינע ליבע קינדערלאך אן צער און זאל זיי ערציהען דיר צו דינען, זיי זאלען לערנען דיין היילגע תורה מיט גרויס שקידה

---

מעשה אלפס

א) דער מדרש זאגט, בעת אידין זיינען גיקומען צום הר סיני מקבל זיין די תורה, האט השי"ת גיזאגט ברייגנט מיר ערבים וואס זאלין פאר אייך קאווירען, אז איר וועט היטין מיין תורה ומצות. האבין אידין גיענטפערט, די אבות וועלין קאווירין, זאגט דער בורא, עלטערין נעם איך ניט אן פאר ערבים, זאגין זיי אונזערע קינדער וועלין זיין ערבים, דא ענטפערט השי"ת, יא, יא, קלייגע קינדער זיינען גוטע ערבים. דרום זאגט דער משורר (אם לא תדעי לך היפה בנשים) אויב דו שיינע אידעשע פרוי ווייסט ניט פאר וואס דוא האסט אשווערע גימיט פון קינדער? (גדיותיך על משכנות הרועים, אלו גדיים הממושכנין על הרועים), זאלסטו וויסען אז די פיצינקע צינגלאך זיינען משכנות (ערבים) פאר די עלטערין, ווען די עלטערין היטין ניט ריכטיג די תורה ומצות, ובפרט מצות ציצית און מזוזה וואס דער ביי שטייט (למען ירבו ימיכם), אז בזכות זה וועלין אייערע קינדער האבין אריכות ימים. אלזא די מוטער וואס האט חלילה אשווערע גימיט צו קינדער זאל אכטונג געבען אז דער מאן און אירע קינדער זאלין טראגין כשרה ציצית, און אכטונג געבען עס זאל זיין אנגישלאגען אמת'ה כשרה מזוזות אין שטוב, ניט די וואס מ'קויפט פר אכט קאפיקעס, נור אמת'ה גוטע. (לעזט וועגין דעם אין מעשה אלפס חלק שני פרק „די פערדישע פאדקעווע"), און ווי נויט מעגליך זיך אב היטין פון לשון הרע. ובזכות זה וועט השי"ת געבין אריכות ימים אייך מיט אייערע קינדער, אמן.

כָּבוֹד יַנְחִלֵם, כִּי לַיהוָה מְצֻקֵי אֶרֶץ, וַיָּשֶׁת עֲלֵיהֶם תֵּבֵל: רַגְלֵי חֲסִידָיו יִשְׁמֹר, וּרְשָׁעִים בַּחֹשֶׁךְ יִדָּמּוּ, כִּי־לֹא בְכֹחַ יִגְבַּר־אִישׁ: יְהוָה יֵחַתּוּ מְרִיבָיו, עָלָיו בַּשָּׁמַיִם יַרְעֵם, יְהוָה יָדִין אַפְסֵי־אָרֶץ, וְיִתֶּן־עֹז לְמַלְכּוֹ, וְיָרֵם קֶרֶן מְשִׁיחוֹ:

---

שערי ציון

גָאט הָאט גִילֵייגְט דֶעם פוּנְדַאמֶענְט אוֹיף וָואס דִי עֶרְד שְׁטֵייט אוּנ אוֹיף דֶעם הָאט עֶר גִיגְרִינְדֶעט דֶעם פְּלַאץ וָואס מֶענְשִׁין בַּאזִיצֶען אִים, הַיינְט ווִי בַּאלְד עֶר אִיז דֶער בַּעַל הַבַּיִת פוּן דִי דִירוֹת, וֶועצְט עֶר דֶעם אַרַיין אוּנ דֶעם אַרוֹים. (רַגְלֵי) דִי טְרִיט פוּן זַיינֶע פְרוּמֶע טוּט עֶר הִיטֶען, אָבֶּער דִי רְשָׁעִים וֶוערִין אִין פִינְסְטֶערְנֶעם פַאר שְׁנִיטֶען, ווַייל נִיט אָן דִי קְרַאפְט פוּן מֶענְשִׁין ווֶענְדֶעט זִיךְ זַיין הַצְלָחָה, נוּר בַּיי גָאט אִין הַאנְד לִיגְט עֶס, אַלְזָא וֶוער עֶס אִיז גִיפֶעלִיג בַּיי גָאט דֶעם גִיט עֶר עֶס. בִּיז אַהֶער הָאט זִי דֶער צֵיילְט דֶעם שֶׁבַח פוּן הַשי"ת יֶעצְט עֶנְדִיגְט זִי אִיר תְּפִלָּה. (ה') ווַייל זִי הָאט גִיזֶעהֶען בְּרוּחַ הַקוֹדֶשׁ אַז דִי פְּלִשְׁתִּים וֶועלִין מִלְחָמָה הַאלְטֶען מִיט שְׁמוּאֵל'ן הָאט זִי מִתְפַּלֵל גִיוֶועןְ אַז דִי וָואס וֶועלִין קְרִיגֶען מִיט אִים זָאלֶען צוּ בְּרַאכֶען וֶוערִין. (עָלָיו) צוּ לִיבּ אִים (פון שמואל'ן) זָאל גָאט מַאכִין שְׁטוּרְמֶען אִין הִימֶל, אוּנ אִיר תְּפִלָּה אִיז אָנְגֶענוּמֶען גִיוָוארֶען (וויא עס שטיים ווייטער) אַז דִי פְּלִשְׁתִּים זַיינֶען גִיקוּמֶען אוֹיף מִלְחָמָה מִיט דִי אִידֶען הָאט שְׁמוּאֵל תְּפִלָּה גִיטָאן אוּנ גָאט הָאט גִימַאכְט דוּנֶערִין אוֹיף דִי פְּלִשְׁתִּים, זַיינֶען זֵיי פַּארְטוּמֶלְט גִיוָוארִין אוּנ זַיינֶען גִימַארְדֶעט גִיוָוארֶען פַאר אִידִין. (ה') גָאט הֶעלְף, אַז מַיין זוּן זָאל זַיין אַפִּידֶערְ אוֹיף דִי גַאנְצֶע פֶּאלְק פוּן אֵיין גְרֶענִיץ בִּיזִין צְווֵייטִין: (וְיִתֵּן) אוּנ גָאט זָאל גֶעבִּין מַאכְט צוּ דֶעם קֶענִיג וָואס מַיין זוּן וֶועט קְרוֹינֶען (דאס איז שאול המלך), (וְיָרֵם) אוּנ עֶר זָאל עֶרְהוֹיבֶּען דָאס הֶערְשַׁאפְט פוּן זַיין גִיזַאלְבְּטִין, דָאס אִיז דָוִד וָואס שְׁמוּאֵל הָאט אִים נוּר גִיזַאלְבְּט, אָבֶּר גִיקְרוֹינְט אִיז עֶר גִיוָוארֶען עֶרְשְׁט נָאךְ שְׁמוּאֵל'ס טוֹיט.

נאכְהֶער זָאל זִי זָאגִין דִי תְּחִנָה.

רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, בִּזְכוּת וָואס אִיךְ הָאבּ גִילֵייעֶנְט דִי הֵיילִיגֶע בְּרִיד פוּן אוּנְזֶער מוּטֶער חַנָה, וָואס זִי הָאט גִילוֹיבְּט דַיין נָאמֶען אוּנ הָאט מִתְפַּלֵל גִיוֶועןְ אוֹיף אִירֶע קִינְדֶער, וָואס פוּן אִירֶע הֵיילִיגֶע

נִשְׁבָּרוּ, וּרְעֵבִים חָדֵלּוּ, עַד עֲקָרָה יָלְדָה שִׁבְעָה, וְרַבַּת
בָּנִים אֻמְלָלָה: יְהֹוָה מֵמִית וּמְחַיֶּה, מוֹרִיד שְׁאוֹל וַיָּעַל:
יְהֹוָה מוֹרִישׁ וּמַעֲשִׁיר, מַשְׁפִּיל אַף־מְרוֹמֵם: מֵקִים מֵעָפָר
דָּל, מֵאַשְׁפֹּת יָרִים אֶבְיוֹן, לְהוֹשִׁיב עִם־נְדִיבִים, וְכִסֵּא

שערי ציון

אנגיגורט מיט שטארקייט. וויל די גבורים האבען גיהאפט אויף זייער שטארקייט און דיא שוואכע האבען נור גיהאפט צוא אים. (שבעים) די וואס זיינען זאט גיוועזן מיט גוטעס ווערין הונגעריג, ביז זיי דארפען זיך פארדינגען פאר ברויט, און די וואס זיינען הונגעריג גיוועזן קריגען זייער ברויט ברוח און זיי דארפען ניט דינען ביין צווייטען, אט אזוי ווי איר זעט ביי מיר, די עקרה ווערט גיענטפערט מיט זיבין קינדר, און די מוטער פון פיל קינדער ווערט פארשניטען פון אירע קינדר*). (ה') גאט מאכט טויט און לעבעדיג, כלומר, דאס איז ניט גיוועזן קיין איבער גאנג, נור גאט האט עס גימאכט, ער האט גימאכט טייטין פנינה'ס קינדער און מחיה גיוועזן די קינדער פון די עקרה, זי זאל ניט מפיל זיין און זיי זאלען זיך האדעווען. ער מאכט נידעריג דעם הויכין צום אבגרונד און דער הויבט דעם גיפאלענעם. (ה') גאט מאכט ארים די רייכע און מאכט רייך די ארימע, ער מאכט נידעריג די שטאלצע און דער הייבט די ערנידערטע. (מקים) ער שטעלט אויף דעם ארומאן וואס ער איז שוין גילעגין נידעריג אז צו ד'ערד. (מאשפות) דער אביון וואס זיין דירה איז שוין גיוועזן לעבין מיסט קאסטען, טוט ער אים אויף שטעלין אזוי הויך צו עצין אים מיט די שענסטע לייט פון שטאט, און איין עהרע שטול גיט ער זיי, אז עס בלייבט פאר קינדער און קינדר'ס קינדער. וויל

גאט

*) וויא דא האט פאסירט, חנה איז גיוועזן איין עקרה און פנינה האט גיהאט צעהן קינדער, האט פנינה שטאלצירט און פלעגט חנה'ן ערגערין מיט שטעכעדיגע רייד. האט דער בורא גיענטפערט חנה'ן, און ביי איר גיבוירין דעם ערשטין קינד האט פנינה באגראבין צוויי קינדער, און בעת חנה האט גיבארין דעם צווייטין קינד האט פנינה באגראבין נאך צוויי, ממילא בעת חנה האט גידארפט גיבוירין איר פינפטען קינד האט גיזאלט ביי פנינה דיא לעצטע צוויי קינדער שטארבין, איז פנינה גיפאלין חנה'ן צוא דיא פיס זיא זאל איהר מוחל זיין און מתפלל זיין אז אירע צוויי קינדער זאלען לעבין בלייבען, האט חנה מתפלל גיוועזן זאלען זיי גיבליבען לעבין, דיינען זיי גירופין גיווארין אויף חנה'ס נאמען, הייסט עס אז חנה האט גיהאט זיבן קינדר און פנינה נאר ניט,

אויךְ פִיר אַפְרוֹי וָואס הָאט נָאךְ גָאר נִיט גֶעבּוֹירִין, זָאגִין דָאס נָאךְ לִיכְט בֶּענְטְשִׁין.

וַתִּתְפַּלֵּל חַנָּה וַתֹּאמַר, עָלַץ לִבִּי בַּיהֹוָה, רָמָה קַרְנִי בַּיהֹוָה, רָחַב פִּי עַל־אוֹיְבַי, כִּי־שָׂמַחְתִּי בִּישׁוּעָתֶךָ: אֵין־קָדוֹשׁ כַּיהֹוָה כִּי־אֵין בִּלְתֶּךָ, וְאֵין צוּר כֵּאלֹהֵינוּ: אַל־תַּרְבּוּ תְדַבְּרוּ גְּבֹהָה גְבֹהָה, יֵצֵא עָתָק מִפִּיכֶם, כִּי אֵל דֵּעוֹת יְהֹוָה, וְלוֹ נִתְכְּנוּ עֲלִלוֹת: קֶשֶׁת גִּבֹּרִים חַתִּים, וְנִכְשָׁלִים אָזְרוּ חָיִל: שְׂבֵעִים בַּלֶּחֶם

---

שערי ציון

וַתִּתְפַּלֵּל, חַנָּה הָאט תְּפִלָּה גִיטָאן (וַתֹּאמַר) אוּנ הָאט פָארְהֶער דֶער צֵיילְט דִי שְׁבָחִים פוּן השי"ת, בִּכְדֵי זִי זָאל זִיךְ פָארְשְׁטֶעלִין פַאר וֶועמֶען זִי שְׁטֶעלְט זִיךְ מִתְפַּלֵּל זַיין, פַאר אַזַא גְרוֹיסֶען פָארְבְּטִיגִין קֶענִיג, (עָלַץ) מִיט דַיין הִילְף הָאסְטוּ עֶרְפְרֵייט מַיין הַארְץ אוּנ גִיפֶעסְטִיגְט מַיין מוּטְה, פְרִיעֶר בִּין אִיךְ גִיוֶועֶן וִוי אַשְׁטוּמֶע שֶׁעפְּסֶעלֶע (פאר די וואס שערין איר) אוּנ יֶעצְט הָאבּ אִיךְ וֶוערְטֶער אִין מַיין מוֹיל צוּ עֶנְטְפֶערִין מַיינֶע פַיינְד וָואס הָאבֶּען מִיר גִיעֶרְגֶערְט, דְרוּם פְרֵיי אִיךְ מִיר וָואס אִיךְ בִּין גִיהָאלְפֶן, אוּנ אִיבֶּער הוֹיפְּט וָואס דַיין נָאמֶען וַואר גִיהָאלְפֶען עֶר זָאל נִיט מְחוּלָּל זַיין וֶוען דִי עֶרְלִיכֶע אוּנ דִי פְרוּמֶע זַיינֶען גִיפַיינִיגְט. (אֵין) עֶס אִיז נִיטָא אַהֵיילִיגֶער אַזוֹי וִוי גָאט, אוּנ עֶס אִיז נִיטָא קַיין קִינְסְטְלֶער וִויא דוּ, אַמֵיילֶער קֶען נוּר אָבּ מָאלֶען אַגִישְׁטַאלְט פוּן אַמֶענְשִׁין, אָבֶּער קַיין גִידֶעְרִים אוּנ לֶעבְּהַאפְט קֶען עֶר נִיט אַרַיין גֶעבִּין, אוּנ גָאט מָאלְט אוֹיס אַצוּרָה אִין אַצוּרָה (אַקִינְד אִין מוּטֶערְס לַייבּ) אוּנ גִיט דָארְטֶען אַרַיין גִידֶערִים אוּנ אַנְשָׁמָה, אִיז דֶען דָא אַזַא קִינְסְטְלֶער וִוי גָאט? (אַל תַּרְבּוּ) אִיר שְׁטָאלְצֶע לַייט (ווי פנינה אוּנ איר גלייכין) זָאלְט נִיט רֵיידִין מֶער הוֹיכֶע אוּנ שְׁטָאלְצֶע רֵייד, עֶס זָאל מֶער נִיט אַרוֹיס גֵיין קַיין שְׁטַארְקֶע אוּנ אָבְּגִיקֶערְטֶע רֵייד פוּן אַייעֶר מוֹיל. דֶען גָאט וַויים וָואס בַּיין מֶענְשִׁין אִין גִידַאנְקֶען אִיז (וָואס עֶר מֵיינְט מִיט דִי רֵייד) אוּנ פַר אִים וֶוערִין גִיצֵיילְט דִי אַלֶע מַעֲשִׂים פוּן מֶענְשִׁין, אַלְזָא וֶועט אִיר זִיךְ נִיט קֶענֶען אוֹיסְדְרֵייעֶן, אַז אִיר הָאט גָאר אַנְדֶערְס גִימֵיינְט. (קֶשֶׁת) אוּנ וַוייל עֶר וַויים אַלֶע מַעֲשִׂים אוּנ גִידַאנְקֶען פוּן מֶענְשִׁין, דְרוּם צָאלְט עֶר יֶעדֶערִין מִדָּה כְּנֶגֶד מִדָּה, אַז פְלוּצְלוּנְג וֶוערִין צוּ בְּרָאכֶען דִי גִיוֶוער פוּן דִי גִבּוֹרִים אוּנ דִי שְׁוַואכֶע וֶוערִין

אנגיטאן

פְּרוּיעֶן א) וָואס דֶער סִימָן פוּן זֵיי אִיז אוּנְזֶער מוּטֶער חַנָּה *). אָה וִוי טְרוֹיעֶרִיג עֶס אִיז, אַז מְ'בְּלַייבְּט אִין מִיטְּן וֶועג אָן אַבִּילֶעט, מְ'מוּז חָלִילָה אַיוּנְגֶע אַרָאבּ־שְׁטַייגֶען פוּן לֶעבֶּענְס בַּאן, אוּנ דִי עֶפְּאלַאךְ בְּלַייבֶּען חָלִילָה יְתוֹמִים אָן בּוֹים, דֶער בּוֹרֵא זָאל הִיטְּן אַלֶע אִידִישֶׁע טֶעכְטֶער פוּן דֶעם. אָבֶּער אַז דוּ מַיין קִינְד וֶועסְט זַיין כְּגֶפֶן, וֶועט דֶער בּוֹרֵא דִיר בֶּענְצִין מִיט דִי בְּרָכוֹת וָואס גֶפֶ"ן מַאכְט: "גִיזוּנְד "פַּרְנָסָה אוּנ "נַחַת. אוּנ אִיךְ עֶנְדִיג מַיין רֶעדֶע מִיט דִי בְּרָכָה, אַז דַיין רַייזֶע זָאל זַיין מִיט גְרוֹיס הַצְלָחָה, דַיין מַזָל זָאל וֶוערְין דֶער הוֹיבְּן, אוּנ אִיר זָאלְט לֶעבְּין בֵּיידֶע וִוי אַפָּאר טוֹיבְּין ג), אָמֵן.

איף

*) אִין דִי תְּפִלָּה פוּן „חַנָּה“ שְׁטֵייט דְרַיי מָאל דֶער וָוארְט: „אֲמָתֶךָ“ אִם רָאֹה תִרְאֶה בָּעֳנִי „אֲמָתֶךָ“, וּזְכַרְתַּנִי וְלֹא תִשְׁכַּח אֶת „אֲמָתֶךָ“, וְנָתַתָּה „לַאֲמָתְךָ“ זֶרַע אֲנָשִׁים, זָאגִין דִי חַכְמֵי הַתַּלְמוּד אַז אִיר כַּוָּנָה אִיז גִיוֶועזְן. אִיךְ בִּין דִיר גִיוֶוען אַטְרַייעֶ דִינְגֶערִין אִין דִי אַלֶע דְרַיי זַאכִין, וָואס דוּ הָאסְט אוּנְז פְרוּיעֶן אָנְגִיטְרוֹיט, כְּלוֹמַר, אִיךְ בִּין גִיוֶוען אַ טְרַייעֶ אַצִיכְטִיגֶ'ע פְרוֹי צוּ מַיין מַאן, אִיךְ הָאבּ אָבּ גִיהִיט דִי דִינִים פוּן נִדָּה (וָואס דָאס גִיהֶער פוּן דִי פְרוֹי צוּם מַאן), אִיךְ בִּין גִיוֶוען אַיוִירְטִין צוּ מַיין שְׁטוּבּ, אִיךְ הָאבּ אָבּ גִיהִיט דִי דִינִים פוּן חַלָּה, וָואס דָאס אִיז כּוֹלֵל דִי אַלֶע כַּשְׁרַקַייט אִין קִיךְ (זֶעה אִין תְּחִנָּה פוּן אָבְּשֵׁיידְין חַלָּה זֵייטֶע מ"ה) אִיךְ קֶען זַיין אַמוּטֶער צוּ קִינְדֶער אִיךְ הָאבּ אָבּ גִיהִיט „הַדְלָקַת הַנֵּר“ מַיין שְׁטוּבּ זָאל לַייכְטִין מִיט לִיכְטִיגְקַייט פוּן דֶר תּוֹרָה אַלְזָא גִיבּ מִיר אַקִינְד, הָאט דֶער בּוֹרֵא טַאקֶע צוּ גִיהֶערְט אִיר תְּפִלָּה אוּנ אִיר גִיגֶעבִּין אַזוּן שְׁמוּאֵל הַנָּבִיא וָואס עֶר הָאט לִיכְטִיג גִימַאכְט דִי אוֹיגִין פוּן כְּלַל יִשְׂרָאֵל. אוֹיךְ לִינְט דָא אַרֶמֶז, אַז וֶוען מְ'הִיט דָאס נִיט וִוי מְ'דַארְף, וֶוערְט חָלִילָה צוּ גִינוּמֶען (פוּן אֲמָתֶךָ) דֶער „אַלֶף“ כְּלוֹמַר דִי הַשְׁגָּחָה פוּן אֵיינְצִיגֶען גָאט אוּן עֶס בְּלַייבְּט „מֵתֶךָ“ (אַטוֹיטֶער קֶערְפֶּער).

מעשה אלפס

א) דֶער מֶדְרַשׁ שְׁרַייבְּט, הקב"ה זָאגְט צוּ אִידִין, מַיין לִיכְט (דִי תּוֹרָה) וָואס דִי אִיז גִיגֶעבִּין גִיוָוארִין שַׁבָּת, אִיז אִין דַיין הַאנְד, אוּנ דַיין לִיכְט (דִי נְשָׁמָה) אִיז אִין מַיין הַאנְד, אוֹיבּ דוּ וֶועסְט הִיטְּן מַיין לִיכְט בֶּעלַייכְטִין דַיין שְׁטוּבּ מִיט דִי לִיכְט פוּן שַׁבָּת אוּנ פוּן דֶער תּוֹרָה, וֶועל אִיךְ הִיטְּן דַיין לִיכְט (דִי נְשָׁמָה). אִיךְ וֶועל נִיט חַיִּ־סִין דֶעם קָאנְדוּקְטָאר (מַלְאַךְ הַמָּוֶת) צוּ נֶעמֶען דַיין בִּילֶעט אִין מִיטְּן וֶועג, בִּיז דוּ וֶועסְט עֶנְדִיגֶען דַיין הוּנְדֶערְט יָאהְרִיגֶע לֶעבֶּענְס־רַייזֶע, אָבֶּער וֶוען דוּ וֶועסְט חָלִילָה נִיט הִיטִּין מַיין לִיכְט פוּן שַׁבָּת...

ב) פוּן דִי טוֹיבּ לֶערְנֶען מִיר פִיל וִויכְטִיגֶע זַאכְעז. 1) דֶעם רֵיינֶעם פַאמִילְיֶע לֶעבִּין (עֲרָיוֹת מִיוּנָה) נִיט וִוי אַלֶע בַּעֲלֵי חַיִּים, וָואס זַיינֶען קַיין מַקְפִּידִים, הַיינְט לֶעבִּין מִיט דִי אוּן מָארְגִין מִיט אַצְוֵוייטֶע, אָבֶּער דִי טוֹיבּ, וִוי זִי פָּארְט זִיךְ צוּ אִיר פַּארְטְיי, בְּלַייבֶּען זֵיי עֶוִויג טְרַיי אֵיינֶע דִי אַנְדֶערֶע. 2) אוּים צוּ וַוייכִין דִי נָאבּ פוּן מֶענְשֶׁען, וִוי זִי הָאט מְרַמֵּז גִיוֶוען נֹחַ'ן, בֶּעסֶער דִי בִּיטֶערֶע בְּלַאט פוּן נָאטֶעם הַאנְד אֵידֶער זִיס וִוי הָאנִיג פוּן אַמֶענְשֶׁעְנְס הַאנְד, דְרוּם רוּפְט הַשִּׁי"ת אוּנְז אִידְין מִיטְּן נָאמֶען „יוֹנָתִי“ וַוייל מִיר זַיינֶען אִים טְרַיי, פַאר קַיין פַאל וֶועלִין מִיר אִים נִיט אָבּ בַּייטְּן אוֹיף קַיין אַנְדֶערֶען, אוּנ בֶּעסֶער דִיא בִּיטֶערֶע בְּלַאט פוּן זַיין הֵיילִיגֶע הַאנְד, כְּלוֹמַר שְׁוֶוערְלִיךְ, אָבֶּער עֶרְלִיךְ לֶעבִּין, אֵיידֶער אַרָא"זְקָאשְׁנֶעם לֶעבֶּען אוּנ פַארְגֶעסֶען חָלִילָה אַצְנִיעוּת...

ווי פאר־זיכטיג דו האסט צו פארן זייער אלאנגע וועג, ווי פריינדליך צו די פאסאזירען, ווען אמאל ווערט איינגעדער פלאטץ. וועה מיט איידילקייט זיך צו מיטלען, ווי פאר־זיכטיג ניט צוא פאר לירען דעם בילעט, מ'זאל דיר חלילה ניט אראב ועצין אין מיטין וועג. — דאס גלייבען מיין ליבע קינד צוואנציג יאהר האב איך דיר גיפירט אין וועג, פון דיין ארויס גיין פון די קליינע פינטסטערע שטעטעלע (פון מוטערס בויך), איך בין זייער פיל אויס גישטאנען פון דיא שווערע פאגאדע, פאקין, מאזלען, ציינער, שלאפקייטין, סקארלאטין, טיפעס, דיפטיריט, ניט פאר קיין מוטער גידאכט, נאכהער אז איך האב שוין זוכה גיוועזן דיר צו געבין לערנען, בילדן, האט זיך ווידער אנגיהייבין אסדרה, אויס צו שטיין פון אלע אייערע קאפריזין, וואס שטעבין די עלטערין זוי שפיזין, ביז איך האב דער לעבט צוא פירין דיר צו די חופה־ סטאנציע, דו זאלסט אנהייבין דיין לעבענס־רייזע, וועה מיין קינד, זאלסט זיך קענען האלטין, זיין אטריי פרוי צו דיין מאן, אווירטין צו דיין הויז, אפריינדליכער מענש צו די פאסאזירען, צו שכנים און קרובים, און איבער הויפט זיין אמוטער צו קינדער. זיי וויסין מיין קינד, אז אמוטער צו קינדער איז זייער אהויכע שטעלע, אלע כלות נעמען זיך דאס אונטער, אבער ניט אלע קענען דאס באטרעטען, נור איין כלל וועל איך דיר זאגין, וואס דוד המלך זאגט אז, (אשתך כגפן פוריה בירכתי ביתך), דאן קענסטו האפין אז (בניך כשתלי זיתים סביב לשלחנך), דאס הייסט, אז דער בוים שטייט רוהיג אויף זיין ארט, דא וואקסין די עפאלאך גוט, ווען אבער דער בוים איז יאגט און גיטריבין פון אלע ווינטין, כלומר, ווען די מוטער לויפט ארום אין פרעמדע הייזער, אבשטאטין וויזיטין, מאסקאראדין, בעלער, דא באקומט זי אפעלער, אז נאכהער דארף זי לויפין אין די בעדער, פליהען אין די בעדער, פאלען דאן חלילה ארונטער די עפאלאך פאר דער צייט. אלזא וועה מיין קינד צו היטין דיין שטאט כל כבודה בת מלך פנימה, די עהרע פון אברהם אבינו'ס טאכטער איז. אויף פאסין איר שטוב מיט אירע קינדער. זעה מיין קינד היט דיין בילעט וואס די הימל'ס קאססע האט דיר גיגעבין אויף דיין הונדערט צוואנציג יאהריגע רייזע, זאלסט אים חלילה ניט פארלירען דורך דעם ניט אב היטען די דריי מצות וואס איז אנגיטרויט און

## אתחנה פון בענטשין קינדער פאר דער חופה.

די עלטערין לייגין ארויף די הענד אויפ'ן קינדם קאפ און זאגין

(צו אוזהן) ישמך אלהים כאפרים וכמנשה. | (צו אטאכטער) ישימך אלהים כשרה רבקה רחל ולאה.

יברכך יי וישמרך גאט זאל דיר בענשין, און אויסהיטען פון שלעכטע מענשין. יאר יי פניו אליך ויחנך ער זאל ערלייכטין זיין אנגעזיכט צו דיר און זאל דיר געבין חן. ישא יי פניו אליך וישם לך שלום ער זאל זיך ווענדין צו דיר פריינדליך, אונ דיר געבין לעבין מיט צופרידענהייט.

הארציגער פאטער! איך בעט דיין חסד, אזוי ווי דו ביסט געוועזן איין אונטערפיהרער ביי אדם הראשון מיט חוה'ן אונ האסט זיי געבענשט אונטער זייער חופה, אזוי זאלסטו זיין איין אונטערפיהרער ביי מיינע קינדער אונ זאלסט פאר זיי טראגען די ליכט פון הצלחה אונ ברכה. עס זאל אויף זיי מקויים ווערין אלע ברכות וואס משה רבנו האט געבענשט אידין, אונ מיינע אויגין זאלין דאס זוכה זיין צו זעהען, אמן.

## אברכה פון גוטע פריינד צו חתן כלה (קודם החופה).

ליבע קינדער, דער עוויגער זאל ערשיינען צווישען אייער פארטיי, אייער ליבע אונ טריי'הייט זאל שטענדיג זיין ווי יעצטיגע מינוט. איר זאלט פרוכטבאר זיין, אונ אייערע פריכטע זאלין ערפרייען גאט אונ לייטען, אמן.

## ארעדע פון א קלוגע מוטער

פאר איר קינד'ס חופה.

מיין טייערע קינד, איך דאנק דעם ליבען פאטער פון הימ'ל, וואס איך האב זוכה געוועזן צו־פירען דיר צום באן סטאנציע, אה, די צוואנציג ווארסט פון שטעטיל ביז די סטאנציע, וואס פאר אשווערע רייזיקאלישע וועג דאס איז געוועזן, וואס פאר אשלעכטע פאגאדע, ניט איין מאל האט דער סליטען זיך אוים געקערט מיט דיר אויף מיינע שוואכע ביינער אונ שיער זיי צוריבען, ניט איין מאל האט מיר דער שטורם ווינד אוים געשמיסען די אויגן, אדאנק אונ אלויב דעם עוויגען, אז איך האב אלעם אריבער געטראגין אונ דער לעבט די מינוט, דיר אריין זעצין אין וואגאן. זעה מיין קינד,

נעמען אויף זיך דורך מיין חופה, צו זיין א טרייע פרוי צוא מיין מאן, א ווירטין צו מיין הויז, אונ מיט דער צייט אויך אמוטער צוא קינדער, איך פיל מיר צו שוואך צו אזא הויכע אונטער נעמונג, נור דאס איז אבער דיין היילינער ווילען. אז דיין וועלט זאל פראגרעסירן, דרום בעט איך דיין חסד, דו זאלסט מיר העלפין דאס ריכטיג צוא ערפילען, גיב אויף מיר דעם חן פון אסתר המלכה, אונ באגלייט מיין יעצטיגען שריט מיט דיין ברכה, אז אונזער פאר, זאל זיין אויף לאנגע יאהר, אמן.

# תחנות קודם החופה.

די עלטערין זאלין דאס מתפלל זיין אין דער היים, פארין גיין צו זייער קינדס חופה.

ליבער גאט, דו האסט געזאגט (לא טוב היות האדם לבדו) עס איז ניט גוט דער מענש זאל זיין איינזאם, אונ האסט אים באשאפין אפרוי פיר אגעהילפע, אויך דורך דיינע נביאים האסטו געזאגט (קחו לבניכם נשים ואת בנותיכם תנו לאנשים) מען זאל זעהען חתונה צו מאכין קינדער, אלזא האב איך געטאן דיין ווילען און היינט גיי איך פירין מיין קינד צו דער חופה, בעט איך דיין חסד, דו זאלסט ערפרייען מיין שמחה, די יונגע פאר וועלכע פארבינדען זיך היינט מיט חופה וקדושין ווי דו האסט געבאטן אין דיין היילינע תורה, זאל זיין אעוויגער בונד, זיי זאלין לעבין צו זאמען מיט שלום און פיל נחת אין גוטע אידישקייט, און זאלין זוכה זיין צו גוטע דורות. הארציגער פאטער! באגליק מיין שמחה, איך זאל קענען צופרידין שטעלין אלע מחותנים און אלע געסט קיינער זאל חלילה ניט באליידיגט ווערן, אונ איבערהויפט זאלסטו אונז העלפין, מיר זאלין חלילה דיר ניט באליידיגען, מיט אונזערע נארישע מעשים אדער נארישע רייד. מיר זאלין קענען ריכטיג זאגין (שהשמחה במעונו) אז אונזער שמחה איז אין דיין געגענווארט. הכלל עס זאל זיין א״ן אידישע שמחה ניט חלילה ווי ביי אומות העולם, ווי דער נביא זאגט אל תשמח ישראל אל גיל כעמים, און עס זאל חלילה ניט שאדין קיין שלעכטע אויג די יונגע קינדער אונ ניט מיר אונ מיין מאן, אונ די שמחה זאל זיין פארפול דו זאלסט אויך נחת האבין פון אונז, אונ מיר זאלין זוכה זיין צו זעהען די שמחה פון ציון וירושלים במהרה, אמן.

מיר מיט מיין מאן אונ קינדער, אז אונזער אויער זאל זיין אפין צו הערין דברי תורה, בכדי מיר זאלען זוכה זיין שפעטער צו הערין די שטימע פון רוח הקודש וואס וועט רופען צו די טויטע (הקיצו) וואכט זיך אויף איר טויטע צו לויבין השי"ת, איז דער וואס עפינט יעצט אויף זיין אויער צו הערין די רייד פון דער תורה, וועט ער זוכה זיין אז זיין אויער וועט הערין דעם בת קול אונ וועט אויף שטיין תחיית המתים, ווי משה רבנו האט אונז מרמז גיוועזן (אין די שירה פון האזינו) (האזינו השמים ואדברה) ווען איר מענשין וועט צו לייגין אייער אויער הערין די רייד פון דער תורה, בעת איר זייט נאך בבחינת "שמים" היינו איר האט נאך ביי זיך די נשמה וואס זי איז אהימעלס-וועזין, וועט איר זוכה זיין (ותשמע הארץ אמרי פי) אז ווען איר וועט נור זיין ערד (א גוף אליין) בעת די נשמה איז ניטא אין אים, וועט איר אויך הערין די ווייכע גישמאקע רייד פון (הקיצו ורננו שוכני עפר) וואס מיר האפען אז דאס זאל גישעהן במהרה, אמן.

## תחנה פון די אנדערע טעג פסח (נאך ליכט בענטשין).

די אנדערע טעג פסח צו ליכט בענטשין זאגט מען ניט קיין שהחינו.

גרויסער פארכטיגער גאט, בזכות וואס איך האב אנגיצונדין ליכט בעלייכטין דעם היילגען יום טוב וואס אין דיזע נאכט האסטו גילויכטין מיט א זייל פייער פאר דיין הייליג פאלק ישראל, בעת פרעה האט זיי נאך גיאגט אונ האט זיי גיגרייכט ביים ים, איז זיי זייער ביטער גיוועזן, זיי זיינען גיווארען ארום גירינגלט פון אלע פיר זייטען, פארינט איז דער גרויסער ים, פון ביידע זייטין איז מדבר עגדעשין אונ שלאנגען אונ פון הינטין יאגט פרעה מיט א גרויסען חיל ווי זאמד אונ ערד, האבען דיינע קינדער גינומען שרייען צו דיר, האסטו גיהייסין משה רבנו ער זאל שפאלטען דעם

---

שערי ציון

מען דארף זיין נזהר בעת מען שמיילעט אפ אנעקוילעטען עוף אום פסח נים צו שמיילען מיט שטרוי וועלכע זיי זענען מיט די זאנגען פילייכט געפינט זיך אין די זאנג אפיכטער קערינדיל קאן מען נאך חלילה נכשל ווערען באיסור חמץ. פאר דעם אפ שמיילען דאס עוף זאל מען ארויס נעמען דעם פופעק. אויך די מארבע פון דעם נשט, אונ בעת מען עפינט דעם פופעק איז גלייך אים צו עפענען אין דרויסען, דאס עס זאל זיך חלילה אין שטוב ניט מאכן קיין מכשול פון חמץ, אונ אז מ'איז פארזיכטיג וועט השי"ת העלפין.

רבונו של עולם, איך דאנק און לויב דיין ליבען נאמען, וואס דו האסט מיר מזכה געוועזען מיט די ליבע מצוה פון ליכט בענשין צו בעלייכטען דיין היילינען שבת, און אזוי ווי איך האב ליכטיג געמאכט מיין שטוב לכבוד דיין היילינען נאמען, אזוי זאלסטו דער לייכטין מיין נשמה מיט די ליכט פון דיין תורה, אז דער אור התורה זאל מיר מחיה זיין צו תחיית המתים וואס מיר האפען אז עס וועט זיין חול המועד פסח, ווי מיר לייענען מארגין אין דער הפטורה אז דער בורא האט געוויזין יחזקאל הנביא תחיית המתים, ער האט געזעהן אגרויסע פעלד מיט טרוקענע ביינר, האט ער אים געהייסען נביאות זאגען, איז געווארען אגרויסער רעש און די ביינער האבען זיך אנגעהייבן צו צורוקען איינע צו די אנדרע, און זיינען אויף געשטעלט געווארען גאנצע סקעלעטין, נאכהער איז געווארען אויף זיי אדערין מיט פלייש און הויט, נאכהער האט ער געזאגט נבואה, איז אריין געבלאזען געווארען אלעבהאפט אין זיי און עס זיינען אויף געשטאנען אגרויסער פובליק מענשין, האט דער בורא אים געזאגט אז די דאזיגע ביינער איז ארמז אויף דעם כלל ישראל, און אזוי ווי אונזערע חכמים זאגען אז לעבעדיג וועלין נור ווערין די וואס האבין אין זיך אביין פון תורה, פון דעם וועט ווערין אטל של תחיה. בעט איך דיר גאט דו זאלסט מיר געבין אגוט הארץ איך זאל ליב האבען די תורה און האדעוועו מיינע קינדער צו תורה און נעמען איידימס ערליכע אידין וואס לערנען דיין תורה, און העלף

שערי ציון

תחונה טאג מאכען אגרויסען יום טוב, פארבעטען פיל געסט און פארשטעלען דין פרויא מיט אירע שיינע קליידער, מיט איר חן פון איר צירען זיך, איינמאל איז איר איינגעפאלען אמשונעת אין דעם טאג פון איר יום טוב אריין צו קומען צו די געסט ניט אויס-געפוצט און אפילו ניט ארום געוואשין דאס עס איז געווארין אגרויס געלעכטער, דער מאן איז זייער בייז געווארען ער זאגט צו איר, באמת ביסטו דאך ניט שיין נאר דיין צירען זיך האט אויף דיר גינעבען אחן דאס איך זאל דיך גליקליך מאכען, קומסטו יעצט אין דעם וועלבינען יום טובדיגען טאג פון דיין גליק אפילו ניט ארום געוואשן, זאג דו וועלבעסט וואס פר אפנים האב איך געהאט ביי מיינע געסט? דער נמשל איז, על פי רוב ווייבר האבען אויף זיך ווינציג זכותים, ווען זייא האבען שוין אמאל זוכה געוועזען דאס דורך זייער זכות זאל ווערען אזוי איום טוב, דארפען זיי זעהן אים צו האלטען טייער נים צוא בעשמוצען אים חלילה מיט שלעכטע מעשים.

## א צווייטע תחנה לפסח נאך ליכט בענטשן

בויען דיין בית המקדש אום מיר זאלען קענען מקריב זיין דעם דאנקבאר אפפער (קרבן פסח) ווי דו האסט אונז געבאטין אין דיין הייליגע תורה. אונ אזוי ווי אין דעם הייליגען פסח האסטו ארויס גינומען יוסף'ן פון די פינסטערע תפיסה אונ האסט אים גימאכט פאר אמשנה למלך אויף גאנץ מצרים אונ ער איז גיוועזן אכציג יאהר אין גרויס גדולה, אזוי זאלסטו מיט דיין גרויס רחמנות אונז ארויס נעמען פון גלות־תפיסה, אונ אום קערין אונז אונזער קעניגרייך (מלכות בית דוד). — אונ אזוי ווי דו האסט גיהיט אונזערע עלטערין די נאכט אין מצרים, אז אפילו אהונט האט זיך ניט ערלויבט אויף זיי צו בילין (ולכל בני ישראל לא יחרץ כלב לשונו) אזוי זאלסטו אונז היטען דיזען יום טוב אז די בילער זאלען ניט אנפאלען אויף אונז מיט זייערע שקרים פון בלוט בלבולים. אונ אזוי ווי אין דעם יום טוב האסטו ארויף גיגאסין דיין חן אויף אסתר המלכה, וואס זי האט איר לעבין איינגעשטעלט צו גיין בעטין פאר אידען, אונ דו האסט איר גיהאלפען, אז וואס דער צורר היהודים האט גיוואלט טאן אידען איז אוים גיגאנגען צו זיין קאפ, אזוי זאלסטו אונז געבין חן אין די אויגין פון קעניג אונ פון זיינע שרים, אונ די צרות וואס המן'ס תלמידים ווילען אן טאן אידען, זאל אוים גיין צו זייערע קעפ, אונ ביי אידען זאל זיין אורה ושמחה, ליכטיג אונ פריילעך צו לויבין דיין ליבען נאמען, אמן.

שערי ציון

### איינינע דינים פון פסח

דיא אשה וייל זי איז די עקרת הבית ליגט אויף איר דר חוב פארזיכטיג צו זיין אין די כשרות פון פסח דאס די בני בית זאלען חלילה ניט נכשל ווערן אין א איסור חמץ, עס איז אמצוה זי זאל אליין גיין צוא מצה באקין אונ גוט אבטונג געבען עס זאל צו זיין בכשרות, אויך דארפען זיי זיך שטארק פרייען אין דעם יום טוב, דען באמת איז דאס זייער יום טוב, אזו וויא די גמרא זאגט (בזכות נשים צדקניות נגאלו ישראל ממצרים) דאס דורך דעם זכות פון דיא ערליכע יודישע פרויען וואס זארען אין יענעם דור, זיינען די יודען אויסגילייזט גיווארין פון מצרים, דארפין זייא זעהן דער זכות זאל ווייטער אויף זייא מגין זיין, מיר וועלען דאס געבין צו פארשטיין מיט אמשל: א אשה וועלכע וואר פון דר נאטור ניט זייער שיין, נאר וייל זיא פלעגט זיך זייער שיין צירען האט זיא נושא חן גיוועזן ביי אגרויסען מאן ער זאל מיט איר חתונה האבין, דר גרויסר מאן האט איר זעהר ליב גהאט דאס ער פלעגט אלע יאהר אין דעם זעלבינע

און גיב אונז מונטערקייט מיר זאלין ניט איינשלאפען צום סדר בכדי מיר זאלען דער ציילין אונזערע קינדער דיינע וואונדערליכע נסים וואס דו האסט גיטאן מיט אונזערע עלטערין בעת יציאת מצרים אום עס זאל איינגיפלאנצט ווערין אין אונזערע הערצער און אין אונזערע קינדערס הערצעלעך דער ריינער גלויבין אין דיין היילינגען נאמען, מיר זאלען גיין אין די וועג פון לעבין, גליקליך צו זיין אין ביידע וועלטין, אמן.

# אצווייטע תחנה לפסח נאך ליכט בענטשין.

הארציגער גאט, אזוי ווי איך האב ערלויכטין מיין שטוב מיט מיין ליכט בענשין לכבוד דעם היילינגען סדר, אזוי זאלסטו דער לייכטין די פינסטערנעם פון אונזער היילינגע לאנד און

בויען

---

טויל אליין, נור מיטין גידאנקען אויך, ער זאל ערקענען אז לה' הארץ ומלואה, די גרויסע וועלט מיט אלעס וואס אויף איר, איז דער גאטליבער בזעט, און ווען מען גיניסט פון איר דארף מען צאלען דעם ווירטה מיט די מטבע שטבעו חכמים בברכות (ווי עס איז גוט ערקלערט אין מעשה אלפס ח"א וח"ה) און ווען ער וועט וויסין, אז די וועלט האט א ווירטה. וועט ער וויסין אז מען טאר אליין ניט נעמען, אז ניט „רוקי ווערך" נור „שאו ידיכם קודש".

דער מענש איז אבער אמאדנע בעשעפעניס, ער האט אין זיך פיעל כוחות, גוטע און שלעכטע, און בעת א תאוה קומט אים אויף, פארגעסט ער אן אלעס, ער ווערט א ווילדע חיה, א צווייפיסיגער טיגער, איז אום צו מאכין דעם טיגער פאר א בן תרבות, האט דער גרויסער וועלט פראפעסער (אני ה' רופאך) גינעבען צו דעם א מיטל „יחץ" איבער-טיילין די מיטעלסטע מצה, ד. ה. די מיטעלסטע (די בעסטע יאהרין פון לעבין (ניט ווארטין אויף דער עלטער) די קלענערע העלפט אויפ'ן טיש (פאר'ן קערפער, ארבייטין, מאכין גישעפטין), און די גרעסערע העלפט בע-האלטין אויף שפעטער פאר די נשמה, עוסק זיין אין תורה ומעשים טובים, אבער וועהע איז צו דעם וואס „ווייב און קינדער גנב'נען ביי אים ארויס דעם אפיקומן"! די העלפט וואס ער וויל לאזין אויף שפעטער, זיי לאזין איהם אין זיין סדר פון לעבין קיין צייט ניט איבער, אוויילע לערנען, קונה שלמות זיין, נייא שרייען אין איין שטימע הב הב! גיב אברייטען לעבין, מאדעם און מעאטער, בעלער און (מאגין) קאטער, מען זאל קענען פליהען אין די בעדער, שפאצירין אין די סעדער, דאדורך צו שטערין זייא איהם פון אלע אדעלע געפיהלען, ער פערבלייבט נור ביין שפלען נעדאנקען „וואלד וואו נעמט מען געלט" ! – זיי מאכען איהם פאר אמיט-גליד אין די גיפערליכע גיזעלשאפט פו"ן „אנשי דמים ומרמה" וועלכע „לא יחצו ימיהם", זיי ווילין ניט איבער-טיילין זייערע טעג חציו לה' וחציו לכם. דרום דארף יעדע קלוגע פרוי מתפלל זיין צו השי"ת בעת ליכט בענטשין, ער זאל איר ערלייכטין די אויגין צו פירין איר מאן און קינדער אין גוטין וועג, וואס דאס ווענדעט זיך איבערהויפט אן אפרוי ווי שלמה המלך ע"ה זאגט „אשת חיל עטרת בעלה"

צו בעלייכטען דעם הייליגען יום טוב וואס אין אים האסטו אונזער מוטער שרה'ן צו נייגציג יאהר געענטפערט מיט איר ליבען זון יצחק. און פון יצחק'ס קינדער האסטו אויסערוואהלט פאר דיר א פאלק, וואס צו ליב זיי האסטו געטאן גרויס וואונדער, די מצרים האסטו מיט צעהן פלאג געפלאגט און היינטיגע נאכט ביסטו דורך געפארען אין מצרים און דער שלאגען אלע זייערע בכורים, און דיין בכור ישראל האסטו ארויס געפירט פון שקלאפען הויז מיט שטאלץ און גרויס כבוד. — ליבער גאט, אזוי ווי דו האסט אויס געהיט דיין פאלק ישראל בעת דוא האסט דיזע נאכט געפלאגט די בכורים פון מצרים עס זאל ניט טרעפען קיין שום אונגליק אין א אידישע הויז, אזוי זאלסטו אונז אויך היטען, עס זאל ניט טרעפען ביי אונז קיין שום פלאג, אויך זאל קיינעם אין מיין הויז געזינד ניט פארשאטען די מצה, די מרור, די ארבע כוסות וואס מיר וועלין באנוצין צום סדר לכבוד דיין ליבען נאמען, און נעם אן לרצון אונזער מיהע מיט די גרויסע הוצאה וואס מיר האבען געהאט איידער מיר האבין אויס גיראמט דעם חמץ און אריין גענומען די מצה מיט אלע פסח'דיגע זאכען, בזכות זה זאלסטו אונז העלפין אויס ראמען דעם יצר הרע וואס פערצייערט אונזער הארץ, און מיר זאלען חלילה ניט נכשל ווערין אין איסור חמץ, און זאלסט ערלייכטין מיינע געדאנקען, איך זאל חלילה ניט קומען צו אנארישען פיהרונג ארויס צו גנב'נען ביי מיין מאן דעם אפיקומן ביי זיין סדר פון אגאנץ יאהר *)

און

*) יעדער קלוגער מענש פארשטייט, אז דער סדר של פסח איז ניט א סדר אויף די נאכט (פון פסח) אליין, נור עס לערינט דעם אידין צו לעבין מיט ארדנונג און סדר אויף אלע טעג און נעכט פון א גאנץ יאהר. קדש, ורחץ בעמערקט אונז, מיר זאלין הייליג און אב-געשייד זיין פון אלע נידעריגע און שפלע טהאטין, און אב-וואשין די הענד פון ניט קיין ערליכען גראשין (רחצו הזכו יען ידיכם דמים מלאו), ווי צב"ש אבקייפין גנבות, פאלשע עדות זאגין און נאך אזעלכע פיינע מסחרים, וואס ערנידערין אונזער כבוד צום אבגרונד. אז מיר האבין ניקראנין ביי אונזערע שכנים א פנים ווי ציגיינער, ה' ירחם.

כרפס, דער מאכין א ברכה (בורא פרי האדמה) אויף א שטיקעלע גרינס, בעמערקט אונז. אז דאס וואס די מוטער, די ערד, (כמ"ש ערום יצאתי מבטן אמי וערום אשוב שמה) איז א גרויסע ווירטהין (זיא פארשאפט אונז אלע זארטין שפייז, קליידונג, בוי מאטריאל, גאלד און אבנים טובות) איז נור דאן אז דער פאטער פון הימל איז איר משפיע, און ווען דער פאטער הערט אויף צו געבין די משפע, ווערט די מוטער אויס-ווירטין. אלזא דארף מען לערנען דעם קונד דאנקען דעם פאטער, ד. ה. מאכין א ברכה אויף יעדער זאך וואס ער געניסט, און ניט פיטערן

יוד פיל

די גיבאט פון דעם בורא ב"ה, האט זיך ערוועקט אין הימל די איבערנאטירליכע הנהגה (הנהגה נסיי) וואס דער בורא האט איר באשאפען דעם ערשטין שבת בעת בריאת העולם, וואס ביז אהער האט די הנהגה נאך ניט גיארבייט, ווייל עס איז ניט גיוועזן קיין פאלק וואס זאל איר ערוועקען, אבער אז דעם שבת האבען אידין איר באוועגט מיט זייער שריט אין איבערנאטירליכקייט רופט זיך דאס אז זיי האבען אשטופ גיטאן דעם עקסטרין צוג, האט דער בורא אן גיהויבין צו גרייטין די וועג פון זייער גאולה, און האט דעם באנערשטיג (פונפצעהן טעג אין ניסן) צובראכין די אייזערנע קלעטקע און גירעטעט זיין טייבעלע, די כנסת ישראל (הפח נשבר ואנחנו נמלטנו) און האט איר גיפירט פון מצרים פאראד מיט גרוים מיט אזייל פון וואלקען ביי טאג צו ווייזין די וועג און מיט אזייל פון פייער ביי נאכט צו לייכטין דעם גאנצען געגענד. ליבער הארציגער גאט, אזוי ווי דו האסט דאן דער לויכטין אידישע אויגען מיט די גאולה, אזוי זאלסטו דער לייכטין די אויגין פון מיין מאן און מיינע קינדער אין דיין ליכטיגע תורה און זאלסט אונז ארוים ציהען פון פינסטערין גלות אין דער ליכטיגקייט במהרה בימינו, אמן.

# תחנה לפסח נאך ליכט בענטשין.

גרויסער קעניג! איך דאנק און לויב דיין ליבען נאמען, וואס דו האסט מיר מזכה גיוועזן מיט די ליבע מצוה בענשין ליכט

---

מעשה אלפס

וואלגערין זיך צווישען שלעכטע שכנים. וואס מ'וועט צאלין בלוטיגע דירה געלט און מ'וועט אלע ווילע טרייבין, איז ביז שבת הגדול האט שבת נור גיהייסין „יום מנוחה" צום אנדיינקונג וואס גאט האט גירוהט אין אים, אבער שבת הגדול דורך אידישען שריט אין איבער נאטירליכקייט איז נתעורר גיווארין אין הימעל דיא הנהגה נסיית האט ער דאן גיקראנין דעם נאמען „שבת" ווייל דער בורא ב"ה האט דאן צו שטערט די נאטירליכע פיהרונג, וואס פון מצרים האט קיין קנעכט ניט גיקאנט עטלויפען און דער ערסטער פאראד (הנהגת נסיית) וואס האט זיך שבת הגדול אנגיהויבען צו ריהען פון שטאנציע, האט אנגיהויבין צו גיין שנעלער און שנעלער ביז די ערסטע נאכט פסח וואס דאן האבען אידין גיבראטין און גינעסין דעם קרבן פסח, הט ער אנגיהויבין צו גיין אפאלגעם חאד, און די גאנצע פאלק זיינען ארוים פון מצרים אין העלען טאג און דיא עגיפטישע מיליטער מיט זייערע גיוועהר האבין ניט גיקאנט שטערין, דרום רופט זיך דר ערסטער טאג פסח אין דער תורה מיט'ן נאמן „שבת" וספרתם לכם ממחרת השבת,

צוא אמאנסאפערזאהן: (ח) דיא מצוה "משלוח מנות" דארף זיין ביא טאג. ביי נאכט וואס גיהער שוין צו שושן פורים איז מען ניט יוצא דרום זאל מען זהיר זיין צוא שיקן ביי טאג לפחות צו צווייען וועט מען שוין די איבעריגע קענען שיקען ביי נאכט און מ'בדארף שיקן 2 זאכין וואס איז ראוי צו עסין דהיינו טארט מיט עפעלסין אדער ווין.

## תחנה פון ליכט בענטשין לשבת הגדול.

רבונו של עולם, הער פון דער העלט, איך גיב אשבח והודאה צו דיין היילגען נאמען, וואס דו האסט אונז נשים מזכה גיוועזין מיט די ליבע מצוה פון ליכט בענשין צו באלייכטען דעם היילגען "שבת הגדול" וואס אין אים איז געטאן געווארען דער גרויסער נס. ווייל דאן האט די גאנצע פאלק ישראל געטאן א גרויסן שריט צו זייער גרויסן ציעל, וואס ביי יציאת מצרים איז דער שבת א) אוים גיקומען צעהן טעג אין ניסן, וואס יעדער אידישע פאמיליע האט גינומען א שעפסעלע און האט אים צו גיבונדין אין שטוב צו צו גרייטין אויף ערב פסח פיר א קרבן פסח, און אז די מצריים האבען דאס געזעהן, אז אידען בינדין צו זייער אב גאט (די מצרים האבין גידינט צו א שעפס) צו גרייטין צום שעכטין, זיינען זיי אויף גיקאכט געווארין פשוט אוים צו קוילען אלע אידין מיט איין מאל, איז דאס געוועזן פון אידין א גרויסער מסירת נפש. און אז אידין האבען געמאכט א שריט אין איבערנאטירליכקייט (ווייל כיט די נאטור וויל זיך אמענש ניט שטעלין אין סכנה) און דא האבען אידין זיך געשטעלט אין סכנה לכבוד

---

מעשה אלפס

א) שבת האט צוויי נעמען, "מנוחה" (רוהונג, ווייל אין אים האט דער בורא גירוהט פון די ארבייט וואס ער האט באשאפען די וועלט אין זעקס טעג), און דער צווייטער נאמען איז "שבת" ערוהונג און שטערונג כמו תשביתו שאור) ווייל אין אים איז בעשאפין געווארין די הנהגה נסיית וואס דיא צוא שטערט די הנהגה טבעיות, וויא מיר זעהען אין דער וועלט צוויי הנהגות, דאס מערסטע פירט דער בורא ב"ה מיט די נאטירליכע הנהגה און אמאל פירט ער מיט דיא איבער-נאטירליכע הנהגה (מיט נסים ונפלאות), דיא נאטירליכע הנהגה האט דער בורא ב"ה באשאפן אין די זעקס טעג (ששת ימי הבריאה) זי איז ניט גיבונדען מיט די מעשים פון מענשין, ווייל דאן איז נאך אדם ניט גיוועזן באשאפין, דיא הנהגה הנסיי האט ער באשאפין שבת וואס אדם איז שוין גיוועזן, דריבער איז די הנהגה אויף גיקניפט מיט די מעשים פון מענשין, אויב אידען וועלען זיי, גוט און פרום וועט זיי זיין די הצלחה דורך מיר און דורך טויער (אם שמוע תשמעו אל מצותי ונתתי מטר ארצכם בעתו) ווען ניט חלילה וועט מען פארטריבען ווערין און

און דער נאך גייט מען בשלום אהיים, און עס איז א מצוה בשעת די ווייבער גייען פון שול, זאלען זיי האלטען די אויגען אראפ צו דער ערד, כדי קיין מאנספערזאנען זאלען אויף זיי ניט קוקען און אויך זיי זאלען אויף קיין מאנספערזאנען ניט קוקען. ובזכות זה וועט אונז השם יתברך היטען פון עבירות אלע אונזערע טעג. אמן:



# הלכות חנכה והלכות פורים

## הלכות חנכה

(א) ווייבער זענען אויך מחויב חנוכה ליכט צו בענטשען, דער פאר ווען דער מאן איז ניט אין דער היים איז זיא מחויב צו צינדען חנוכה ליכט כדין וכדת: (ב) ערב שבת חנוכה צינדט מען צום ערשטין חנוכה ליכט דער נאך צינדט מען ליכט פון שבת, און מען דארף אריינגיסען אזוי פיל בוימאייל עס זאל ברענען ביז אהאלבע שעה אין דער נאכט, כדי עס זאל ניט זיין אברכה לבטלה, און מוצאי שבת מאכט מען צום ערשטין הבדלה דער נאך בענטשט מען חנוכה ליכט: (ג) בעת די חנוכה ליכט ברענען מעג מען מאן אמלאכה, נאר די ווייבער זענען זיך נוהג ניט צו טאן אמלאכה כל זמן די חנוכה ליכט ברענען. וייל דער נס איז געשעהען דורך א אשה, די טאכטער פון יוחנן כהן גדול „יהודית" וועלכע האט זיך איר לעבען איינגעשטעלט פארען יודישען פאלק און האט געגעבין עסען דעם צורר היהודים אליפורנוס קעז, כדי עס זאל אים דארשטען און האט אים אנגעטרונקען מיט מילך, ביז דאס ער איז אנטשלאפען געווארען, נאך דעם האט זיא אים אפגעשניטען דעם קאפ און האט אים געבראכט קיין ירושלים און דיא יודען האבען זיין חיל טויט געשלאגען, דעריבער איז א מנהג צו עסען אום חנכה מילכיגע זאכען א זכר צו דעם נס.

## הלכות פורים

(א) ווייבער זיינען מחויב צוא הערין לייענען די מגילה סיי ביי טאג סיי ביי נאכט, אויך א מיידיל איז מחויב צוהערען לייענען די מגילה, דריבער איז נלייך זיי זאלין גיין אין שול הערין די מגילה לייענען, סיידען זיי האבין וועד עס זאל לייענען ביי זיי אין שטוב פון א כשרה מגילה און אגוטער בעל קורא: (ב) ווייבער זיינען מחויב צוא שיקען משלוח מנות ומתנות לאביונים: (ג) משלוח מנות זאל שיקען אין אשה צו איר חברתה גישט צו קיין מאנספערזאהן: (ד) מתנות לאביונים דאס איז צדקה מעג געבין אפילו א אשה

תּוֹרָה, זָאלְסְטוּ אוּנְז עֶרְפְרֵייעֶן אוּנְזֶער הַארְץ מִיט אַלֶעם גוּטִין, אוּנ עֶס זָאל נִיט גִישֶׁעהִן צוּ אוּנְז אִין אַלֶע אוּנְזֶערֶע לֶעבִּינְס טֶעג קֵיין טְרוֹיעֶרְקֵייט, אוּנ קֵיין קְלָאג אוּנ קֵיין זִיפְצֶען, אוּנ זָאלְסְט אוּנְז מַצִיל זַיין פוּן אַלֶע צָרוֹת אוּנ פִירֶען אוּנְז מִיט פְרֵייד אִין דַיין הֵיילִיגֶע לַאנְד בִּמְהֵרָה בְיָמֵינוּ, אָמֵן.

# עוֹד תְּחִנָּה לש"ת.

תּוֹרָה תּוֹרָה! וֶועה אָז דַייגֶע לִיבֶּע קִינְדֶער, דָאס זֵיי קוּמֶען צוּ דִיר צוּא קוּשֶׁען דִיךְ מֵחֲמַת גְרוֹיס לִיבְּשַׁאפְט, וָואס זַייעֶר הַארְצֶען אִיז נָאר צוּא דִיר, אוּנ זֵייא טוּעֶן זִיךְ אָן מִיט שֵׁיינֶע אוּנ טֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער פוּן דַיין כָּבוֹד וֶועגִין, דְרוּם זָאלְסְטוּ אוֹיף אוּנְז אַגוּטִין זְכוּת זָאגִין פַאר הַשֵׁי"ת, דָאס עֶר זָאל אוּנְז גֶעבִּין אַ גוּט יָאר מִיט פִיל בְּרָכוֹת מִיט עוֹשֶׁר וְכָבוֹד, אוּנ מִיר זָאלִין זוֹכֶה זַיין צוּ גֵיין קוּשֶׁען דִי הֵיילִיגֶע תּוֹרָה אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ, בִּמְהֵרָה בְיָמֵינוּ, אָמֵן.

בִּשְׁעַת מֶען קִישְׁט דִי תּוֹרָה זָאגְט מֶען דֶעם פָּסוּק דְרַיי מָאל.

## יִשָּׁקֵנִי מִנְּשִׁיקוֹת פִּיהוּ. כִּי טוֹבִים דּוֹדֶיךָ מִיָּיִן.

דִיא תְּחִנָּה זָאגְט מֶען ש"ת אֵיידֶער מֶ'גֵייט אַרוֹיס פוּן שׁוּהל.

רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, הֶער פוּן דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט זָאלְסְט אָן גֶעמֶען אַלֶע אוּנְזֶערֶע תְּפִלּוֹת וּבַקָּשׁוֹת וָואס מִיר הָאבֶּען דִיךְ גִיטָאן בֶּעטִין אִין דֶער הֵיילִיגֶער שׁוּל, אוּנ מִיר זָאלִין חַס וְשָׁלוֹם נִיט פַאר שֶׁעמְט וֶוערִין, דֶען מִיר טוּעֶן שׁוֹין יֶעצְט אַוֶועק גֵיין פוּן דַיין הֵיילִיגֶער שׁוּל אוּנ מִיר טוּעֶן זִיךְ פְרֵייעֶן דֶער מִיט וָואס מִיר זַיינֶען גִיוֶועזְן אִין שׁוּל אוּנ מִיר הָאבִּין גִיטָאן קוּשִׁין דַיין לִיבֶּע הֵיילִיגֶע תּוֹרָה וָואס זִיא וֶוערְט אָן גִירוּפְעֶן תּוֹרַת מֹשֶׁה, אוּנ צוּלִיבּ דֶעם זְכוּת פוּן מֹשֶׁה רַבֵּנוּ עָלָיו הַשָּׁלוֹם זָאלְסְטוּ אוּנְז שְׁטַארְקִין אוּנְזֶערֶע הֶערְצֶער, אַז מִיר זָאלֶען חַס וְשָׁלוֹם קֵיין מָאל נִיט אָפּ גֵייגִין פוּן דֶעם וֶועג וָואס דִיא הֵיילִיגֶע תּוֹרָה הָאט אוּנְז גֶעבָּאטֶען, נָאר מִיר זָאלֶען קֶענֶען מְקַיֵּם זַיין אַלֶע מִצְוֹת וָואס אִין דֶער הֵיילִיגֶער תּוֹרָה שְׁטֵייט. אוּנ בִּזְכוּת אַלֶע צַדִּיקִים וָואס אָפְּפֶערִין זִיךְ פַאר דִי הֵיילִיגְקֵייט פוּן דֶער תּוֹרָה זָאלִין מִיר זוֹכֶה זַיין צוּ הָאבֶּען גוּטֶע קִינְדֶער דָאס זֵיי זָאלִין זִיךְ מִיהֶען אִין דֶער תּוֹרָה טָאג אוּנ נַאכְט אוּנ מִיר זָאלֶען זוֹכֶה זַיין אִיבֶּער אַיָאר אִין דֶער הֵיילִיגֶער שׁוּל וִוידֶער צוּ גֵיין, אָמֵן סֶלָה.

אָבער איז דען אַתּכלית אַז דער קינד זאָל שטענדיג זייגען? ווען אַ מחוּתּן וועט קומען זעהן דעם חתן וועט ער אים ניפּגען ליגענדיג אין די מוּטערס שויס און זייגען די ברוסט, אַשיינער פּנים וועט דאס האָבּן?! אַלזאָ מוז מען זיך אָנטאָן אַכּח און מיט גוואַלד זיך אָב רייסין פון ברוסט. אָנהייבּן צו עסין גיזונטע שפּייז וואס פּאַסט פיר גרויסע מענשען בּעלי דעת. און אַז איר וועט נור פּאַרזוכען „טעמו וראו כי טוב ה'" וועט איר זעהען דיא זיסקייט פון דער תּורה אַז איר וועט נאָכהער שפּייען אויף דיא הבלי הזמן (ווי אַ דער קינד שפּייט נאָכהער אויף די ברוסט ווען מ'ווייזט אים), דרום ענדיגען זיך די ימים הנוראים וימי התשובה מיט שמחת תּורה. מיר ווערען גוט פריינד מיט דעם קייזערס טאָכטער, און מיר גייען מיט איר אַטענצעלע „שישו ושמחו בשמחת תּורה, ותנו כבוד לתּורה", צו ווייזין אַז דער עיקר איז ליב האָבּין די תּורה. און שעצין איר כּבוד. זעהן אַז אונזערע קינדער זאָלין איר פלייסיג לערנען און גוט פאַרשטיין, וועט זיא אונז אויס בּילדין צו זיין ממלכת כּהנים וגוי קדוש. דאן וועלין אַלע האָבּין פאַר אונז ערהרינ־פורכט (יראת הכבוד) און עס וועט ערהויבּין ווערין דער „קרן ישראל" און מיר וועלין זוכה זיין צו גיין מיט שטאָלץ אין אונזער הייליגע לאַנד בּמהרה, אָמן.

## די תחנה זאָגט מען שמחת תּורה, ווען מען קומט אין שוהל די הייליגע תּורה קושען.

יהי רצון מלפניך ה' אלהינו ואלהי אבותינו, עס זאָל זיין דער ווילען פאַר דיר אונזער גאָט, און דער גאָט פון אונזערע עלטערין, אַז די שעה וואס מיר עפּענען דעם ארון הקודש, קושען דיין ליבּע און הייליגע תּורה, זאָל זיין איין שעה פון דערבּאַרימקייט, און פון גינאָד, און פון בּאַוויליגקייט, עס זאָל גיזעהן ווערין פאַר דיר דער זכות וואס מיר פרייען זיך מיט די ליבּע הייליגע תּורה, און דו זאָלסט אונז עפּענען די טויערין פון לעבּין, די טויערין פון גיזונד, די טויערין פון פּרנסה, די טויערין פון אַגוטין מזל, און די טויערין פון גליק, און דו זאָלסט אונז בּאַגליקען אין אַלע אונזערע וועגין, וואו מיר וועלין זיך קערין, אום מיר זאָלען קענען לערנען דיין ליבּע און הייליגע תּורה און מקיים זיין אירע מצות מיט אַלע זייערע פּרטים און דקדוקים, אַזוי ווי דיין ווילען איז, און מיר זאָלען זוכה זיין מגדל זיין אונזערע קינדער צו דיין הייליגע עבודה, און צוליבּ דעם זכות וואס מיר פרייען זיך אין דעם ליבּען הייליגען יו"ט מיט דיין

# א שיינע היסטאריע וועגן טאנצן שמחת תורה קמ״ד

אז דעם גרויסען שר׳ס (אברהם אבינו׳ס) איין אייניקיל איז געוועזען אין שקלאפעריי ביי איין געוויסען גראף (עבדים היינו לפרעה במצרים), עס איז געקומען די צייט האט הקב״ה געשיקט זיינע שלוחים משה ואהרן, אז דער גראף זאל בעפרייען אברהם אבינו׳ס אייניקיל. דער וועלט קעניג דארף מיט אים א שידוך טאן, דער גראף האט זיך אפילו גילאזט בעטין, נור דורך א גרויסע מלחמה מיט 10 גראמאדנע באמבעס (עשר מכות), האט זיך דער גראף גימוזט אונטער געבין און בעפרייען דעם שר׳ס אייניקיל, און דאן האט מען גישפילט א גרויס־ארטיגע האכצייט ביין הר סיני, און מיט מזל האבען מיר גיהייראטעט די בארימטע אשת חיל (כרתא דקוב״ה), די ערסטע צייט האבען מיר איר זייער געליבט און איר געוועזען גיהארבאס ווי זי האט אונז גילערינט, אום מיר זאלען זיין ממלכת כהנים וגוי קדוש, אבער מיט דער צייט האבין מיר אנגיהויבין צו בייגקען נאך די אמאליגע זאכען (זכרנו את הדגה אשר נאכל במצרים חנם, חנם בלא מצות) בכן איז „נתנה ראש ונשובה מצרימה״ און אזוי איז בכל דור ודור גייט אריין אמאל א רוח שטות אין מענשין און וויל זיך צוריק קערין מצרימה, צו גאוה (רהב) און תאוה (ערות הארץ). און אזוי לויפט מען ארום דעם גאנצען יאהר משוגע, ווילד.

עס קומט ר״ח אלול מ׳הייבט אן געבין סיגנאלען (תקיעת שופר) וואס ווייזט אז דער מלך קומט אן (בחצוצרות וקול שופר הריעו לפני המלך ה׳, לפני ה׳ כי בא לשפוט הארץ) הייבט זיך אן דעם אידין אביסעלע בייגקען נאך אהבת השי״ת, דער (חלק הנשמה שהיא חלק אלוה ממעל) איז משתוקק צום כל (צוא השי״ת וואס ער איז כל יכל), הכלל מ׳שטייט אויף פאר טאג זאגען סליחות, און ווער רעט ר״ה, יו״כ, די פרויען לייגען מיט די קרבן־מנחות, מיט די תחנות אין שול, עס קערט די וועלט, עס האלט שוין באלד ביין ענדע ימים הנוראים, זאגט דער בורא ב״ה, קינדערלאך, וואס טויג מיר אייער אלע התרבות און די אהבה וואס איר ווייזט צו מיר, ווען איר זייט ברוגז מיט מיין טאכטער (די תורה), דיא מוטער דאכט זיך, זיא רעט נאר מיט דעם בורא ב״ה, און עס קומט געבין א קינד אין הדר, וויל זיא נאר ניט וויסין, זיא גיט אים בעסער אוועק אין גימנאזיע, וואס טויג איר דיא תורה? „קיין רב וועט ער ניט זיין״, זאגט זיא, זאגט השי״ת קינדערלאך! „הלואי אותי עזבו״ איר מעגט זיין מיט מיר ברוגז (ותורתי שמרו) נור זייט גוט פריינד מיט מיין טאכטער (נאכהער וועט איר מיר ממילא ליב האבן), איך גלויב אייך אז די ערסטע צייט איז זיך שווער אב צוא גיוואהנען פון דיא תאוות חומריות, אזוי וויא דעם קינד איז שווער צוא ענטוואהנען פון דיא מוטערס ברוסט,

גיצוינגען אין אהפקר לעבין ווי א שקלאוו, די מויל זאל זיין פריי צו ריידין
אלע נארישקייט, אונ דא לערינט זי אים, וועגן אונ רעכענען יעדער
וואָרט אידער ער רעט אים ארוים, אונ אזוי זיין גיין אונ שטיין זאל זיין
מיט קאפ אונ מוח, האט ער זיך פאר בייזערט אויף איר אונ איז אנטלאפין.
ער איז ארום גילאפען איינינע מאנאטען, מיט אמאל ער לויפט פאר ביי
באן־ליניע, זעט ער ווי די גאנצע וועג איז סמירנא, אויף יעדער סטאנציע
גיט מען ידיעות פון קייזערס אנקומען, בקצור דער קייזער איז אנקיקומען,
א־ים פון וואגאן אונ זיך גיזעצט אין קארעט האט ער אים דער זעהען
אונ ארויף גינומען צו זיך, ער רעט אזוי פריינדליך מיטין קייזער אונ גיט
אים פיל כבוד. אין מיטין זאגט דער קייזער צוא אים, הער מיין קינד,
וואס איז די פעולה וואס דו האסט מיר ליב אונ גיסט מיר כבוד, אז דו
ביסט ברוגז מיט מיין טאכטער. (דיז טאכטער האט שוין גימעלדעט דעם
פאטער וואס ביא איר האט פאסירט), זייא בעסער מיט מיר ברוגז,
נור ווער גוט מיט מיין טאכטער. איך גיי צריין אין דיין לאגע, דיר איז
אביסיל שווער גיהארכזאם זיין איר לערנונג, ווייל דו ביסט גיוואהנט צו
א הפקר לעבין ווי א שקלאוו, אבער זיי וויסען אז די גאנצע שווערקייט
איז נור די ערשטע צייט, אבער נאכהער אז דו וועסט זיך צוא גיוואנען,
לבד וואס דיר וועט זייער גרינג זיין, וועסטו נאך גרויס פערגעניגן האבין פון
דיין פיהרונג, דו וועסט זיך שפירען האכגישעצט ווי א קייזערליכער מענש.

דאס וועלכע איז מיט אונז, דער בורא ב"ה האט אמאל גיהאט
א טייערין פריינד זיין געליבטען אברהם וואס האט זיך מוסר נפש
גיוועזן וועגן זיין כבוד, ער איז ארום גיפארין די וועלט אונ האט ערקלערט
"כי כל אלהי העמים אלילים", אז די אלע געטער פון די פעלקער איז
פוסטע פאנטאזיעס, אונ די אלע עבודות זייערע, וואס זיי זיינען מקריב
מענשין אונ זייערע קינדער צו די געטער איז גוואלדיגע רציחות אונ
גרויסע תועבות, מ'דארף דינען נור דעם בורא יחיד "עושה שמים וארץ".
ער איז גיגאנגען אין פייער אונ אין קאלך אויבען וועגן דעם כבוד פון
השם יתברך, ער איז גיפלויגן אין דער מלחמה מיט די פיר מלכים
וועגן כבוד הבורא (וויא עס איז ערקלערט אין אוצר התורה), הכלל וויפיל דער
בורא האט אים באלוינט דא אויף דער וועלט (וה' ברך את אברהם בכל)
איז אלעם כלא געגין זיין גרויסע ארבייט, האט דער בורא אים פאר
שפראכען "להיות לך לאלהים ולזרעך אחריך" דאס הייסט איך וועל איינעם
פון דיינע קינדער געבין מיין טאכטער (דיא תורה) וואס זיא איז דיא
קייזערליכע טאכטער.

די וועלט איז קילעבדיג, אין פערלויף פון דער צייט איז נתגלגל גיווארין

אים גרויס גימאכט על כל השרים אשר אתו. דער מלך איז געווען א גרויסער מכיר טובה, האט ער אויס גירעכינט אז די אלע כבוד וואס ער האט אים גיגעבין, איז ווייניג קעגין זיין מסירת נפש פאר אים, האט ער אים פערשפראכין אז זיין איינקיל, וועט ער אויך נעמען אין קייזערליכע פאמיליע, היינו ער וועט אים געבין זיין טאכטער פיר א פרוי, עס איז אוועק ארעכטע צייט, דער שר איז נפטר געווארין, מען האט אים בעערדיגט מיט גרויס כבוד אונ גישטעלט אסאך פאמעטניקעס נאך אים. די וועלט איז קיילעדיג, זי דרייט זיך, דער ארוף אונ דער אראפ, האט זיך מזדמן גיווען, אז דעם שר'ס איינקיל איז גיפאנגען גיווארין אין א פרעמדע מדינה אונ איז פאר קויפט געווארין פיר א שקלאוו אונ אויך זיינע קינדער וואס ער האט דארטען גיבוירען זיינען געבליבען שקלאווען.

ויהי היום, האט דער קעניג דער מאנט זיין יא ווארט, וואס ער האט גיגעבין דעם פער-שטארבענעם שר, ער זאל זיין איינקעל צריין פירין אין קייזערליכע פאמיליע, האט ער געשיקט אבריף צום גראף וואס האלט דעם שר'ס איינקיל פיר א שקלאוו אונ בעט אים, ער זאל אים בעפרייען, ווייל ער שטאמט פון א גרויסין שר, אונ דוא האסט אים קיין רעכט ניט צו בעהאנדלען אלעם שקלאוו, אונ ווען דו וועסט ניט וועלין מיט גוטין אים בעפרייען וועל איך מיט דיר פירין א מלחמה. דער גראף האט זיך שטארק גילאזט בעטין, האט דער קייזער פאר פירט מיט אים א גרויסע מלחמה אונ האט גימאכט פון אים תוהו ובוהו אז מיט בזיונות האט ער גימוזט בעפרייען דעם שר'ס איינקל אונ אב שיקען אים צום קעניג. דער קייזער האט ערפילט זיין ווארט אונ האט פאר גילייגט זיין טאכטער, אז ער פערלאנגט זי זאל היירא טהען פיר דעם שר'ס איינקיל, זיא איז גיווען זייער טרייא דעם פאטער האט זיא איינגעשטימט היירא טהען מיטען שקלאוו, מיט דעם גידאנקען אז ווען ער וועט זיין אידער, וועט זי אים אויס בילדען אונ אדיל מאכען ער זאל פאסען צו זין דעם קייזער'ס איין אידים. עס איז גיווען מיט מזל א גרויס ארטיגע האכצייט אז די וועלט האט גיקלונגען.

די יונגע פרוי האט אנגיהויבין לערנען איר מאן (דעם שקלאוו) אלע חיהענשאפט ווי עס פאסט פאר א קייזערליכען מענשען אונ אלע ענייני דרך ארץ, ער זאל זיך קענען האלטען. דיא ערשטע צייט האט ער גילערינט פלייסיג. אונ גיהארכט איר יעדער ווארט וואס זי האט אים גילערינט, מיט דער צייט אבער ווייל ער איז דאך גיבוירין אונ אין

ווילען, געלויבט ביסטו דו גאָט וואס דוא ביסט אזו ומפרנס (מקרני ראמים עד ביצי כנים) פון דער גרעסטע טיהרע ביז די קלענסטע, הער צו אונזער תפלה, אונ זיי ממלא דעם רצון פון דיין ליבע פאָלק, אמן.

---

## א שיינע היסטאָריע וועגין דעם טאַנצין שמחת תורה פאר די ספרי תורות.

עס איז נייטיג צו פאר שטיין. וואָרום ענדיגט זיך דער סדר פון ימים נוראים מיט „שמיני עצרת אונ שמחת תורה"*). וואס דאן ווערט איבער געגעבין די צעטלאך פון גמר חתימה. צו די שלוחי דהשגחה מקיים זיין דעם פסק פון ב"ד של מעלה**), פאר לייפיג האט זיך באדארפט ענדיגען מיט סליחות ותחנונים. וועלין מיר דאס ערקלערין מיט א ספור.

א מלך אדיר האט געהאט א שר זייער אגיטריינען, וואס האט זיך מוסר נפש געוועזן אין פיל מלחמות וועגין די עהרע פון קעניג, ער האט געלייגט פיל כחות אין די צייט פון רעוואלוציע איינצושטילען דעם מאטעז, אויף ווייזין זיי ווי דער מלך זוכט נור דעם גליק פון דער מדינה אונ עס האט אים געלונגען אום צו קערען די הארץ פון די פאָלק צו זייער קעניג. דער קעניג האט אים פיל אָרדערין געגעבין אונ האט

אים

*) שמיני עצרת אונ שמחת תורה איז איין זאך, דאס איז איין טאג על פי התורה וויא אין ארץ ישראל איז. אז נאך הקפות זאגט מען (תפלת גשם אין מוסף) נור בגולה מאכין מיר מספיקא דיומא צוויא טעג, רופין מיר איין טאג „שמיני עצרת" (אויף תפלת גשם) אונ דעם צווייטען „שמחת תורה". אבער באמת איז דאס איין טאג, שמחת תורה זאגין מיר אויך אין שמונה עשרה ותתן לנו כו' באהבה את יום שמיני עצרת החג הזה.

**) אזו וויא מלכותא דארעא איז זיך נוהג, פריער שיקט מען דעם בעל חוב אפאוויעסטקע אונ מען איז מגביל דעם זמן פון צאהלונג, נאכהער גייט אריין אין נאטאריוס, נאכהער איז פראטעסט. נאכהער דערלאנגט מען אין סוד אונ מען גיסט ארויס א איספאלניטעלנעם ליסט. אם ענדע גיט מען דעם ליכט צום סודעוונעם פריסטאוו אונ ער גייט מאנען אדער אב שרייבען. דאס גלייכען איז אלול די „קאוויעסטקע", אז מ'זאל אנהייבען צאלין די „שולד-וועקסלען" וואס דער מענטש האט אונטער געשריבין אגאנץ יאהר (הפנקס פתוח והיד כותבת, וביד כל אדם יחתום). דיא ארינטליכע לייט (צדיקים גמורים) צאלין צוא דער צייט ביז ראש השנה. די בינונים צאלין יום כפור ביין נאטאריוס. דיא שוואכערע צאלין הושענא רבה אויפ'ן איספאלניטעלנעם ליסט, ווען ניט גייט אריין, שמיני עצרת דער ליסט צום סודעבנעם פריסטאוו (צו די שלוחי ההשגחה) צו מאנען. (ונפרעין מן האדם מדעתו ושלא מדעתו), היינט אז שמיני עצרת ווערט איבער געגעבין די פתקין לשלוחי הגבוה, האט מען דאך געדאַרפט זאגין סליחות מיט וידוים, מ'זאל צו רייסען דעם ליסט (קרע רוע גזר דינינו), אם שרע שערינט זיך מיט נקודין ותהלות לשמחת התורה!

בײַ מיר נאָך אַטאָג. אַזוי זאָגט דער פּאָטער פון הימעל צוא זײַנע קינדער וואָס זײַנען אים גיקומען באַזוכין אין בית המקדש אום סוכּות, ליבּע קינדער, עס איז מיר זייער שווער אייער שיידען זיך פון מיר (פון מיין בית המקדש) אויף אַגאַנץ ווינטער ביז פּסח וואָס דאַן וועט איר ווידער קומען עולה לרגל זײַן, פאַרלאַנג איך האַלט זיך אויף בײַ מיר נאָך אַטאָג. אונ אַזוי וויא איך האָבּ ליכטיג גימאַכט דעם הייליגען יום טוב, אַזוי זאָלסטו ליבּער גאָט דער לײַכטין די אויגען פון מיין מאַן אונ קינדער ליבּ צוא האָבּין דײַן הייליגע תּורה אונ פּאַר שטיין אירע טיפע גידאַנקען, אונ בּזכוּת וואָס מיר נשים גייען הײַנטיגען יום טוב אין די שולין קוסען דײַן ליבּע תּורה אונ פרייען זיך מיט איר, זאָלסטו אונז מזכּה זײַן מיר זאָלין זיך שטענדיג פרייען מיט איר אונ מקיים זײַן מיט ליבּשאַפט אַלע אירע זיסע גיבּאָט. מיר זאָלין האָבּין אַצופרידענעם לעבּין אויף דיזע וועלט אונ אויף דיא עוויגע וועלט. אָמן.

## תּחנה פאַר מוסף צו תּפלת גשם.

איך בּינד זיך אויף מיט כּל ישׂראל צו זאַמען. וואָס שטייען יעצט פאַר דיר גאָט. אונ בּעטין דו זאָלסט געבּין רעגין אין ארץ ישׂראל, כּדי די פעלדער זאָלין וואַקסען, די תּבואה זאָל זײַן גערעאַטין, די פּירות זאָלין זײַן זיס. די בּלומען זאָלין אַרויס געבּין אַגעשמאַקען ריח, די גראָז זאָל זײַן גרין, שאָף אונ רינדער זאָלין זיך מיט דעם זעטיגען, דער רעגען זאָל נײַן אין דער צייט, אָן אַשטורעם ווינד, אָן האָגעל, ניט צו פיל. ניט צוא ווייניג, אַז דיא דאָרטיגע אידען וועלען זאַט זײַן מיט בּרויט. וועלין זיי קאָנען זיצען אונ לערנען אונ תּפלה טאָן פאַר אונז, אַז די השפּעה פון ארץ ישׂראל זאָל זיך ציען אין חוץ לאָרץ, וועלין מיר ניט דאַרפען אָנקומען איינער צום אַנדערין בּעטין חלילה בּרויט, דו זאָלסט אונז דער לייזען פון פרעמדע הענד, אונ פון פרעמדע לענדער, זאָלסט אונז בּריינגען אין אונזער לאַנד (ארץ ישׂראל), דאָרטין וועלין מיר תּפלה טאָן פאַר דיר עוויגער אויף אונזערע פּרוכבּת, דאַמאַלסט וועלין מיר זאַט זײַן פון דײַן הייליגע האַנד, ווי דער פּסוק זאָגט. פּותח את ידך ומשׂבּיע לכל חי רצון, עפען אויף דײַן האַנד, אונ מאַך זאַט אַלע לעבּעדיגע מיט דײַן גוטען

וואס אין אזא אויס גילאסענע לאנד וויא מצרים איז ער געבליבן ריין אונ הייליג. אונ זייענדיג אין אזא גדולה איז ער ניט האפערדיג גיווארין אונ איז גיבליבען טריי צו דיין ליבען נאמען. זיין זכות זאל אונז ביי שטיין היינט צו דעם גמר חתימה אז דוא זאלסט קינינען גיך אונ באלד אויף אונז דיין ליב הייליג פאלק ישראל.

## צדיק יי בכל דרכיו וחסיד בכל מעשיו.

צו דער זיבעטער הקפה זאגט מען דאס.

רחמנא, דער בארימהדיגער גאט, גידיינק אונז דאס זיסע געזאנג פון דוד המלך ע"ה, מיט זיין זיסע קלינגענדיגע שטימע אין לערנען האט ער דער וועקט דעם מארגען שטערין צו לויבען דיך מיט זיינע שירות ותשבחות, זיין זכות זאל אונז ביי שטיין היינט אין הושענא רבה צו דעם גמר חתימה, אז גיך אונ באלד זאל קומען דער מבשר צדק אונ משיח בן דוד פירין אונז מיט גרויס שמחה אונ פריד קיין ארץ ישראל אונזער הייליג לאנד. אמן.

לך יי הגדולה והגבורה והתפארת והנצח וההוד כי כל בשמים ובארץ, לך יי הממלכה והמתנשא לכל לראש: והיה יי למלך על כל הארץ, ביום ההוא יהיה יי אחד ושמו אחד: ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד:

## תחנה נאך ליכט צינדין שמיני עצרת אונ שמחת תורה.

שמיני עצרת אונ שמחת תורה דארף מען ביי ליכט צינדען מאכען שהחינו:

איך דאנק דיר ליבער גאט, וואס דו האסט אונז נשים מזכה גיוועזן מיט די ליבע מצוה פון ליכט בענשין, אונ איך בעט דיר אונזער קעניג אונ קעניג פון די גאנצע וועלט, דו זאלסט אן נעמען לרצון מיין ברכה אויף די ליכט וואס איך האב אן גיצונדין בעלייכטין דעם הייליגען שמיני עצרת, וואס דער נאמען „עצרת" (איף האלטונג) בעווייזט אויף די ליבשאפט וואס דו גאט ליבסט דיין פאלק ישראל, ווי קינדער וואס האבין בעזוכט זייער פאטער, אז עס איז גיקומען די צייט פון אבשייד נעמען, זאגט דער פאטער צוא זייא, קינדערלאך עס איז מיר זייער שווער אייער שיידין זיך פון מיר. בעט איך איך פאר ברייגגט

## לך זרוע עם גבורה, תעוז ידך תרום ימינך.

צו דער דריטער הקפה זאגט מען דאס.

רחמנא, דער בארימהערציגער פאטער, גידיינק אונז דעם זכות פון אונזער פאטער יעקב זיבענציג צוואנציג יאר ביי אזא שווערע פראצע טאג אונ נאכט אונ אין אזא שלעכטע גיוועלשאפט (ווי לבן מיט זיינע זין) אונ דאך האט ער ניט איבער גיטראטין איינע פון דיינע גיבאט (ווי ער האט גיזאגט עם לבן גרתי ותרי"ג מצות שמרתי). זיין זכות זאל אונז ביי שטיין היינט אין הושענא רבה צו דעם גמר חתימה, אז דו זאלסט קיניגען איבער אונז דיין ליב הייליג פאלק ישראל.

## תתן אמת ליעקב, חסד לאברהם.

צו דער פערטער הקפה זאגט מען דאס.

רחמנא דער בארימהערציגער פאטער, גידיינק אונז דעם זכות פון משה רבנו דיין טרייער קנעכט וואס דו האסט מיט אים גירעדט פנים בפנים אונ דורך אים האסטו אונז גיגעבין דיין ליכטיגע תורה זי זאל אונז לייכטין די וועג. זיין זכות זאל אונז ביי שטיין היינט אין הושענא רבה צוא דעם גמר חתימה. אז דו זאלסט גיך קעניגען איבער אונז דיין ליב הייליג פאלק ישראל.

## נעימות בימינך נצח.

צו דער פינפטער הקפה זאגט מען דאס.

רחמנא, דער בארימהערציגער גאט, גידיינק אונז דעם זכות פון אהרן הכהן דער הייליגער מאן, וואס ער איז גיוועזן דער פריינדליכער מענש אונ גימאכט שלום צווישען מענשין אונ האט זיי צוא גיצויגין ליב האבין די תורה, ער האט גיטאן די עבודה אין בית המקדש מכפר זיין אויף'ן כלל ישראל. זיין זכות זאל אונז ביי שטיין היינט אין הושענא רבה צו דעם גמר חתימה, אז דו זאלסט גיך קעניגען איבער אונז דיין ליב הייליג פאלק ישראל.

## יי אדונינו מה אדיר שמך בכל הארץ, אשר תנה הודך על השמים.

צו דער זעקסטער הקפה זאגט מען דאס.

רחמנא, דער בארימהערציגער גאט, גידיינק אונז דעם זכות פון יוסף הצדיק

פון דיין פאלק ישראל פון אלעם בייז און פון קראנקהייטען, דו זאלסט זיי געבין אריינע הארץ אז זיי זאלין גיין אין דיינע וועגין, לערנען דיין הייליגע תורה און היטען דיינע מצות. רבונו של עולם, דו שטארקער אלמעכטיגער גאט וועלכער דו ערנידערסט דיין כבוד צו קוקען פון דיינע הויכע הימלען אויף יעדין מענטשין וועלכער איז ערד ביין לעבין און פשיטא שוין נאכין טויט. שטראף אונז ניט מיט דיין כעס חלילה, גיס ניט אויס אויף אונז דיין צארין, דען מיר האבין שוין גענוג געליטען אויף דער וועלט, ווייז אונז דיין הימלשען חסד. קלייב צו זאמען דיינע פאר וואגילטע פאר שטויסענע שעפסעלאך פון אלע ווינקלען וועלט, קער אונז אום אין אונזער הייליגע לאנד, בוי אויף דיין הייליגע שטאט ירושלים, בוי אויף צוריק דיין בית המקדש וואו דיין שכינה האט שטענדיג גירוט, און דארטין וועלין מיר מיט פרייליכע הערצער ברייננען קרבנות און דיך דינען בקדושה ובטהרה, אמן, כן יהי רצון.

## סדר הקפות פון הושענא רבה.

צו דער ערשטער הקפה זאגט מען דאס.

רחמנא, דער בארימהערציגער גאט, געדיינק אונז דעם זכות פון אברהם דיין געליבטער וואס דו האסט איהם געפרובט מיט צעהן פרובונג און ער איז ביי געשטאנן און האט אין דיר גיגלויבט און איז ניט גפאלן פון זיין מדה, זיין זכות און דעם בונד וואס דוא האסט מיט איהם כורת ברית גיוועזן זאל אונז ביי שטיין היינט אין הושענא רבה צו דעם גמר חתימה, אז דו זאלסט קיניגען איבער אונז, דיין הייליגע פאלק ישראל.

## כי אמרתי עולם חסד יבנה.

צו דער אנדערער הקפה זאגט מען דאס.

רחמנא, דער בארימהערציגער גאט, גידיינק אונז דעם זכות פון יצחק וואס ער האט אויס גישטרעקט זיין האלז און האט זיך גיוואלט לאזין מקריב זיין פאר אין קרבן עולה פון דיין הייליגען נאמען וועגין, זיין זכות זאלסטו אונז גידיינקען ליבער גאט היינט אין הושענא רבה צו דעם גמר חתימה, אז דו זאלסט קעניגען איבער אונז דיין ליבע פאלק ישראל.

שלום און געזונד און שטארק, אדער ער זאל געשטראפט ווערען מיט יסורים, ער זאל פאר ארעמט ווערין, אדער ער זאל רייך ווערען, ער זאל אראפ פון זיין גדולה. אדער ער זאל דער הויבען ווערין, און היינטיגען טאג הושענא רבה ווערט גיגעבין דאס קוויטעל מיט דעם גזר דין צום מענטשין סייא אויף גוטס און סייא חלילה אויף שלעכטס, דרום בין איך געקומען צו בעטין פאר דיר רבונו של עולם, דו זאלסט מיר געבין דעם גוטען קוויטעל, מיר און מיין מאן און מיינע קינדער, לעבין און געזונד און פרנסה בכבוד, אויך גאר דיין פאלק ישראל זאלסטו געבין קוויטלעך פון א גוט לעבין און פרנסה מיט שפע און הצלחה און אלעם גוטען, אמן.

## תחנה להושענא רבה פאר הושענות.

רבונו של עולם, דו גאט פון גינאד און ערבארמונג, וועלכער דיין האנד איז אוים גישטרעקט מקבל צו זיין אלעמין וועלכע קערין זיך צו דיר מיטען גאנצין הארצין, העד צו גרויסער גאט דעם גיבעט פון דיין דינערין וועלכע קומט יעצט פאר דיר אין דיין היילינע הויז מיט א צורישענע הארץ צוא בעטין בייא דיר מחילה וסליחה אין דעם היילינען טאג הושענא רבה, מיט איין איינגיבוגינע קאפ ווי א שווערע זינדערין, מיט הייסע טרערין אין די אויגין שטיי איך יעצט פאר דיר אוים צו בעטין ביי דיר גאט פון ערבארמונג אגוטין צעטיל פאר מיר. פאר מיין מאן. פאר מיינע קינדערלאך און פאר כל ישראל. רבונו של עולם, פאטער פון אלע צובראכענע הערצער, העד צו מיין גיבעט, פאר נעם מיינע זיפצין, נעם צוזאמען מיינע הייסע טרערין וועלכע איך פאר גים פאר דיר אין דיין היילינע הויז. מיין גיבעט זאל ארויף גיין צוא דיר צוא דיין כסא הכבוד און זי זאל דארטין געפינען איין ארט צווישין אלע תפלות ובקשות פון דיין פאלק ישראל וועלכע עס קומען פאר דיר היינט פאר אין דיזען היילינען טאג, און דער זכות פון די הושענות וואס מיר זיינען מקים דעם מנהג פון אונזערע היילינע נביאים, זאל מיר היינט ביי שטיין פאר דיין היילינען שטול, אז דו זאלסט דער מאנען דיין דינערין צו גוטין אויפין נייעם יאר, דו זאלסט זיך ערבארמען אויף מיר, און אויף מיין מאן און אים צו שיקען א גרינגע פרנסה, דו זאלסט היטען מיינע קינדער צו זאמען מיט אלע קינדער

נָאמֶען „מִקְרָאֵי קוֹדֶשׁ“ דָאס הֵייסְט מִיר זָאלִין זִיךְ פֶער־זַאמְלֶען אִין זֵייא אִין גָאטֶעס הויז, הֵיילִיגִין זֵיי עֶפֶּענְטְלִיךְ מִיט הַלֵל, זָאגִין תְּהִלּוֹת וְתִשְׁבָּחוֹת צוּ דֵיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען, אוּנ אָן טָאן שֵׁיינֶע מַלְבּוּשִׁים אוּנ עֶסִין גוּטֶע שְׁפַּייז, אוּנ נָאכִין עֶסִין אַ בִּיסֶעלֶע רוּהֶען אוּנ נָאכְהֶער זִיךְ וִויֶדער פַאר זַאמְלֶען אִין דִי שׁוּלִין אוּנ בָּתֵּי מִדְרָשִׁים, הֶערִין הֵיילִיגֶע רֵייד פוּן דֶער תּוֹרָה פוּן חֲכָמִים וְדַרְשָׁנִים, ווַייל דִי טֶעג זֵיינֶען הֵיילִיגֶע, זֵיי רוּפִין זִיךְ (מוֹעֲדֵי ה׳) גָאטֶעס בַּאשְׁטִימְטֶע צֵייטִין צוּ הֵיילִיגֶע פֶערְזַאמְלוּנְגֶען. דְרוּם בֶּעט אִיךְ דִיר לִיבֶּער גָאט אַזוֹי וִוי דֶער שְׁטֵייגֶער אִיז לִכְבוֹד יוֹם טוֹב גֵייט מֶען בַּאזוּכִין קְרוֹבִים אוּנ גוּטֶע פְרַיינְד, זָאל אוּנְזֶער צוּ בְּרֵיינְגֶען דָארְפִין נִיט זַיין וֶועגִין פּוּסְטֶע זַאכִין, נוּר צוּ רֵיידִין אוּנ עֶרְצֵיילִין אֵיינֶע דִי אַנְדֶערֶע דִי הֵיילִיגְקַייט פוּן דֶעם טָאג, דֶער פַּאמֶעט פוּן דֶעם יוֹם טוֹב אוֹיף וָואס עֶר בֶּעדַייט, אוּנ שְׁטַארְקִין אוּנ מוּטְה גֶעבִּין אֵיינֶער דֶעם צְווֵייטִין צוּ לִיבֶּען דִי הֵיילִיגֶע תּוֹרָה אוּנ פְלַאנְצִין אִיר אִין דִי הֶערְצֶער פוּן אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער, זֵיי זָאלִין וֶועלִין לֶערְנֶען אוּנ מְקַיֵים זַיין אַלֶעס וָואס דוּ לֶערִינְסְט אוּנְז צוּ גוּטִין, גְלִיקְלִיךְ מַאכִין אוּנְז אוֹיף דִיזֶע וֶועלְט אוּנ אוֹיף דִי עֶוִויגֶע וֶועלְט. אוּנ דֶעם קִינְפְטִיגֶען יוֹם טוֹב זָאלִין מִיר זוֹכֶה זַיין עוֹלֶה לְרֶגֶל זַיין אִין דֵיין הֵיילִיגֶען בֵּית הַמִּקְדָּשׁ וָואס דוּ וֶועסְט אִים בּוֹיעֶן בִּמְהֵרָה בְיָמֵינוּ, אָמֵן.

# תְּחִנָּה לְהוֹשַׁעְנָה רַבָּה פַאר הַלֵל.

**אָנָּא** יְיָ, הָאֵל הַגָּדוֹל הַגִּבּוֹר וְהַנּוֹרָא, אִיךְ בֶּעט דִיךְ גָאט דֶער גְרוֹיסֶער אוּנ שְׁטַארְקֶער אוּנ פָארְכְטִיגֶער, אִיךְ קוּם פַאר דִיר מִיט גְרוֹיס פַּחַד אוּנ צִיטֶערְנֶעשׁ, אוּנ אִיךְ טוּא צוּ דִיר תְּפִלָּה מִיט גְרוֹיס כַּוָּונָה, הַיינְט אִין דֶעם טָאג דֶער דָא אִיז דֶער לֶעצְטֶער טָאג פוּן דֶעם גְּמַר חֲתִימָה, הַיינְט אִין דֶעם טָאג טוּעֶן גִיחַתְמְת וֶוערִין דִיא קְווִיטְלַאךְ פוּן יֶעדֶער מֶענְטְשׁ וָואס עֶס וֶועט זִיךְ מִיט אִים פַּאסִירֶען אַגַאנְץ יָאר, עֶר זָאל לֶעבֶּען אָדֶער שְׁטַארְבִּין, עֶר זָאל זַיינֶע יָארִין אוֹיס לֶעבִּין אָדֶער עֶר זָאל ח״ו זֵיי נִיט אוֹיס לֶעבִּין, עֶר זָאל שְׁטַארְבִּין אִין וַואסֶער אָדֶער אִין פַייעֶר, דוּרְךְ אֵיין שְׁוֶוערְד אָדֶער דוּרְךְ אַיין חַיָּה, פוּן הוּנְגֶער אָדֶער פוּן דָארְשְׁט, אִין שְׁטוּרִים אָדֶער אִין מָארְד, עֶר זָאל דֶער וָוארְגֶען וֶוערֶען אָדֶער עֶר זָאל פַאר שְׁטֵיינְט וֶוערֶען עֶר זָאל רוּעֶן אָדֶער עֶר זָאל זַיין נַע וָנָד, עֶר זָאל הָאבִּין

צו תורה ותפלה אונ מאכין שלום צווישען מענשין. אונ זאלסט אונז מזכה זיין דעם צווייטין סוכות צו נעמען די ארבעה מינים אונ זיך מיט זיי פרייען אין דיין היילגן בית המקדש במהרה בימינו, אמן.

## תחנה פון אוים נעמען לשלש רגלים.

פריער־זאגט מען די שלש עשרה מדות אונ נאכהער דעם רבש"ע.

יי יי, אל רחום וחנון ארך אפים ורב חסד ואמת. נוצר חסד לאלפים, נושא עון ופשע וחטאה, ונקה.

רבונו של עולם, הער פון דער וועלט, ערפיל דאס פערלאנגען פון מיין הארץ צו גוטען, אונ בעפרידיג מיין ווילען, אונ בעגליק מיך (סב"פ) אונ מיין מאן אונ קינדער אונ אלע מיינע הויז לייטע, דאס מיר זאלין טאן דיין ווילען מיט'ן גאנצין הארצין, אונ רעטטע מיך פון יצר הרע, אונ גיב אונזער טייל אין דיין ליבע היילגע תורה, מיר זאלין איר מיט אירע לערנער ליב האבין, מיר זאלין ווערט זיין אז דיין שכינה זאל רוהען אויף אונז, אונ מאך שיינען איבער אונז א גייסט פון חכמה אונ פערשטאנד, עס זאל מקוים ווערין אויף אונז וואס דו האסט גישריבין דורך דיין היילגין נביא ישעיה (ונחה עליו רוח ה׳) עס וועט רוהען אויף אים א געטליכער גייסט, א גייסט פון קלוגהייט אונ פאר שטאנד, א גייסט פון העלדענמוטה (וגובר זיין דעם יצר הרע), א גייסט פון וויסענשאפט אונ גאטעס פורכט, אונ אזוי זאל זיין דער ווילען פון דיר, אונזער גאט, אונ גאט פון אונזערע עלטערין, דו זאלסט אונז מזכה זיין צוא טאן מעשים טובים אין דיינע אויגען אונ גיין אין רעכטפארטיגע וועג, (וקדשנו) אונ היילג אונז מיט דיינע מצות כדי מיר זאלין קענען גענישען אגוטען אונ אגליקליכען לעבין אויף דר וועלט, אונ אויך איין עוויגען לעבין אויף די קינפטיגע וועלט, אונ היט מיך ופון בייזע מעשים אונ פון אונגליקליכע צייטין וועלכע מיט שטורים קומען זיי אויף דער וועלט, ווייל דר וואס פאר זיכערט זיך אויף דיר גאט טוט דיין חסד אים הערומרינגלען, צו בעשיצן אים אונטר דיינע פליגלן. אמן (נאכהער זאגט מען ואני תפלתי אונ בריך שמיה).

## תחנה מועדי ה׳ מקראי קודש (אלע יום טוב נאכן עסן).

גרויסער קעניג, דו האסט גירופין די היילגע ימים טובים מיטן

# בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם, אֲשֶׁר קִדְּשָׁנוּ בְּמִצְוֹתָיו וְצִוָּנוּ עַל נְטִילַת לוּלָב:

דֶעם עֶרְשְׁטִין טָאג זָאגְט מֶען שֶׁהֶחֱיָנוּ אוּנ דִי אִיבֶּערִיגֶע טֶאג זָאגְט מֶען עַל נְטִילַת לוּלָב אַלֵיין.

# בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם, שֶׁהֶחֱיָנוּ וְקִיְּמָנוּ וְהִגִּיעָנוּ לַזְּמַן הַזֶּה.

## תְּחִנָּה נָאךְ אֶתְרוֹג בֶּענְשִׁין.

לִיבֶּער גָאט, אִיךְ גִיבּ אַדַאנְק אוּנ אַלוֹיבּ צוּ דַיין לִיבֶּען נָאמֶען, וָואס דוּ הָאסְט מִיר מְזַכֶּה גִיוֶוען מִיט דִי לִיבֶּע מִצְוָה פוּן אֶתְרוֹג בֶּענְשִׁין, וָואס דָאס אִיז מְרַמֵּז אוֹיף דַיין לִיבְּשַׁאפְט וָואס דוּ הָאסְט צוּ דַיין לִיבֶּע פָאלְק, דֶער אֶתְרוֹג (פרי עץ הדר) אִיז מְרַמֵּז אוֹיף דִיר גָאט וִוי עֶס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען (עוז והדר לפניו) אוּנ דִי הֲדַסִים זַיינֶען מְרַמֵּז אוֹיף דִי צַדִיקִים (והוא עומד בין ההדסים), אוּנ בִּזְכוּת דִי מִצְוָה זָאלְסְטוּ אוּנְז דֶער מָאנֶען דֶעם זְכוּת פוּן דִי אָבוֹת הַקְדוֹשִׁים וָואס דִי אַרְבָּעָה מִינִים זַיינֶען מְרַמֵּז אוֹיף זֵיי אוֹיךְ, אוּנ בִּזְכוּת וָואס אִיךְ הָאבּ גִינוּמֶען פוּן דַיין כָּבוֹד וֶועגִין דֶעם אֶתְרוֹג (וואס ער איז געגליכען צו אהערצעלע) זָאלְסְטוּ מִיר הֶעלְפִין צוּ רֵיינִיגֶען מַיין הַארְץ פוּן אַלֶע תַּאֲווֹת אוּנ חֶמְדוֹת, אוּנ בִּזְכוּת דֶעם לוּלָב וָואס עֶר אִיז גֶעגְלִיכֶען צוּ דִי שֶׁדְרָה (ריקין) פוּן מֶענְשִׁין זָאלְסְטוּ מִיר פַאר גֶעבִּין וָואס אִיךְ הָאבּ זִיךְ גֶעהַאלְטִין שְׁטָאלְצִיג (בְּגַאֲוָה), אוּנ פוּן הַיינְט אָן זָאל מַיין שְׁטָאלְץ זַיין נוּר צוּ אִידֶעשְׁקַייט, אִיךְ זָאל שְׁטָאלְצִירֶען מִיט דִי תּוֹרָה וָואס דוּ הָאסְט אוּנְז מִיט דַיין רֶעכְטֶע הַאנְד גִיגֶעבִּין, וָואס קֵיין אוּמָה וְלָשׁוֹן הָאט דָאס נִיט, אִיךְ זָאל שְׁטָאלְצִירֶען מִיט אוּנְזֶערֶע אָבוֹת הַקְדוֹשִׁים, מִיט אוּנְזֶערֶע גֶאטְלִיכֶע נְבִיאִים, מִיט אוּנְזֶערֶע תַּנָאִים וַאֲמוֹרָאִים, גְאוֹנִים צַדִיקִים וָואס קֵיין אוּמָה וְלָשׁוֹן פַארְמָאגְט דָאס נִיט, אוּנ בִּזְכוּת וָואס אִיךְ הָאבּ גֶענוּמֶען דִי הֲדַסִים וָואס זֵיי זַיינֶען גֶעגְלִיכֶען צוּ דִי אוֹיג זָאלְסְטוּ מִיר הֶעלְפִין הִיטִין דִי אוֹיגִין נִיט קוּקִין וואוּ מְ'דַארְף נִיט, וּבִזְכוּת וָואס אִיךְ הָאבּ גֶענוּמֶען דִי עֲרָבוֹת וָואס זַייעֶרֶע בְּלֶעטְלַאךְ זַיינֶען גְלַייךְ צוּ דִי מוֹיל פוּן מֶענְשִׁין, זָאלְסְטוּ מִיר פַאר גֶעבִּין דִי זִינְד וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעטָאן מִיט דִי רֵייד פוּן מַיין מוֹיל, אוּנ זָאלְסְט מִיר הֶעלְפִין פוּן הַיינְט אָן הִיטִין אִיר פוּן לָשׁוֹן הָרַע אוּנ רְכִילוּת, אִיךְ זָאל בַּאנוּצִין דִי מוֹיל נוּר צוּ הֵיילִיגֶע זַאכִין

געפיהלען און פעסט מאכן זיין אמונה ער זאל זיין אין דער מדרגה פון כל עצמותי תאמרנה יי מי כמוך.

## דינים פון אתרוג בענשין.

ווען מ'בענשט אתרוג דארף מען האלטין דעם לולב אין רעכטע האנד, די הדסים זאלין אוים קומען רעכטס און די ערבות לינקס, און דעם אתרוג האלט מען אין די לינקע האנד, און וייל די ברכה פון א מצוה דארף זיין בעפאר מ'טוט די מצוה, און ביי די ארבעה מינים ווי מ'נעמט זיי אביין אין האנד איז דאך שוין דער קיום המצוה (ולקחתם לכם), דרום זיינען זיך אנדערע נוהג אז בעת ברכה האלטין זיי דעם אתרוג פארקערט היינו מיטן עוקץ (דער שטעקעלע וואס ווערט אב געשניטען פון בוים) ארויף, און נאך דער ברכה קערין זיי איבער דעם עוקץ אראפ און מ'טוט אשאקיל (און מהדרים וינקן מנענע לארבע רוחות מעלה ומטה), און וייל ניט אלע פארשטייען וואס ווערט גערופען פטום און וואס עוקץ און טוען גראד פארקערט, איז גלייכער צו טאן ווי דר ווילנער גאון ז"ל הייסט, מ'זאל גאר ניט איבער קערין נור נעמען גלייך ווי עס דארף זיין (דעם פטום ארויף) נור מ'זאל טראכטין ניט יוצא זיין די מצוה ביז נאך די ברכה.

## אקורצע תחנה פאר אתרוג בענשין.

הנני מוכן ומזומן, איך בין צו געגרייט מקיים זיין די ליבע מצוה פון אתרוג בענשין, וואס דער ליבער גאט האט אונז גיבאטין אין זיין תורה צו טאן אנחת רוח מיין באשעפער, אויך איך בין מכוין מיט דעם צו ווירקען אויף מיינע אלע גלידער, איבער הויפט אויף די הארץ וואס די איז געגליכען צום אתרוג און די שדרה (לולב) און די אויגין (הדסים) און די מויל (ערבה) זיי זאלין אלע זיין איבער גיגעבין לעבודת הבורא, ווי דוד המלך זאגט כל עצמותי תאמרנה יי מי כמוך א).

---

מעשה אלפס

א) אנדערע זיינען דא מוסיף, און אזוי ווי דער אתרוג איז „טעם עצו ופריו שוה" אזוי זאל איך זוכה זיין, אז דער טעם די געשמאקע גידאנקען פון די מצוה וואס איך טו (אמצוה איז געגליכען צו א פרי, אמרו צדיק כי טוב כי פרי מעלליהם יאכלו) זאל מיר אריין גיין אין הארצין וואס די איז געגליכען צו א בוים (כי האדם עץ השדה) איך קיינס צו מאכן מיט יראת ואהבה, עס זאל ערפילט ווערען דער רצון הבורא וואס ער האט באפאהלען די ערד, זי זאל ארויס געבין (עץ פרי, שטעם עצו ופריו שוה) בויטער וואס דער געשמאק פון די פרוכט זאל זיין אין בוים גופא, דאס הייסט דער געשמאק (די אדעלע גידאנקען פון די מצות) וואס מען טוט זאל אריין גיין אין הארצין. (זעה מעשה אלפס חלק ח' זייטע 576).

מיר מיט דעם שאקלען די ארבעה מינים (לארבע רוחות העולם), אז מיר באוועגן זיך מיט אלע אונזערע גלידער לעבודת השם, דורך דעם ווערט אב ניהאלטין אלע רוחות רעות, אלע שטורם ווינטין וואס שטורמען אויף אונז פון אלע זייטין וועלט, אונ מיר הייבין זיי ארויף אונ אראפ, צו ווייזין אז אלע טללים רעים וואס גייען ארויף פון דערערד אין דער הויך אונ נאכהער פון דער הויך צוריק אויף דערערד, וועט אונז ניט שאדין אונ מיר וועלין עוויג עקספעקטירען.

אבער ווייל ניט אלע מענשין האבין אזא ארעלען געפיהל צו זאגין אונ מקיים זיין (כל עצמותי תאמרנה יי מי כמוך) האט אונז השי"ת גיגעבין איין עצה, אזוי ווי בעת יציאת מצרים האבין אידין זוכה גיוועזן צו אזא הויכי ארטיגע מתנה ווי קבלת התורה, נור דורך דעם זכות פון שלום וואס אלע האבין זיך פעראייניגט ווי איין מענש (ויחן שם ישראל, כולם כאיש אחד) האבין די הויכע אידין משפיע גיוועזן אויף די קלענערע, אזוי זאלין מיר טאן אין אלע צייטין, זאלין זיך פעראייניגען אלע קלאסין מענשין, די בעלי בתים וואס האבין אין זיך מעשים טובים אן תורה וואס זיינען געגליכן צו אלולב (ער האט פרות אן ריח), אונ די וואס האבין תורה אן מעשים טובים דאס איז הדסים (ריח טוב אן פירות) אונ די גאר פשוטע, אן תורה אונ אן מעשים טובים (ערבות), זאלין זיי מאכין הייליגע חברות לערנען מקרא, משנה, עין יעקב, מנורת המאור, חברה תהלים, חברה ש"ס, אונ אויף נעמען איין תלמיד חכם וואס האט אין זיך תורה ומעשים טובים, וואס ער איז גלייך צו דעם אתרוג (פירות אונ ריח טוב), ער זאל זיך מקרב זיין צו די אגודה אידין (ואגודתו על ארץ יסדה) לערנען אלע טאג אשיעור, מקרב זיין זיי צו תורה אונ צו יראת שמים, דאן וועלין זיי אלע זיין ראוי לברכה אונ מיט זייער זכות וועלין זיי מוריד זיין השפעה טל לברכה, אונ אב האלטין טללים רעים אונ רוחות רעות (גזרות רעות) דאדורך וועלען זיי עוויג עקספעקטירען.

ווייזט די אגודה פון די ארבעה מינים ווי שלמה המע"ה זאגט (הולך את חכמים יחכם) אז דער וואס בינדעט זיך אין אחברה פון חכמים אונ ערליכע אידין איז דער זכות הרבים ווירקט אויף אים אויך, צו פערהייליגען זיינע

מעשה אלפס

גנינענדין לעבין אפילו אין די פלעצער וואו סיט דער נאטור קען נאר אמענש ניט דורך גיין (לזכרון הנס הזה) האט די תורה אונז געהייסען מאכען סוכות בזמן האסיף (ווען מ'נעמט אריין פון די פעלדער) אונ ניט אין חודש ניסן, ווייל יעצט איז דא אין די קעלער אונ גערטנער די שמאקהאפטע בלומען, אונ ווידער נאך פסח וואלט ניט קאנטיג זיין אז דאס איז צום אנדיינקונג פון נס, ווייל פיל מענשין מאכין דאן דאצעס אונביידלאך פון פערגניגען וועגן, אבער אנהייב ווינטער וואס אלע גייען שוין ארויס פון די דאצעס איז קאנטיג אז דאס איז צום אנדיינקונג פון נס.

אנדער

דעכענען פאר גלות עס זאל פארגרינגערט ווערין דורך דעם די גזרה פון גלות וואס עס איז נגזר געווארען אויף אונז, און זאלסט שוין צוזאמען קלייבין אונזערע פארשטויסענע ברידער פון אלע עקין וועלט, און פירין אונז אין דיין הייליגע לאנד און בויען דארטין דוד המלך'ס אייך געווארפענע סוכה (סוכת דוד הנופלת) דאס איז דער בית המקדש, וואס
דאן וועט זיין דער אמת'ר זמן שמחתנו במהרה בימינו, אמן.

## דער ענין פון די ארבעה מינים (אתרוג בענשין).

ווי עס איז פריער ערקלערט אז דער חג הסוכות ווייזט פאר דער וועלט,
אז מיר וועלין עהדינג עקזעסטירען (אקיום האבין) נעגין דעם ווילין פון אלע אונזערע פיינד, ווי די פראקטיקע ווייזט, אז די גרעסטע אומות ווי אשור, בבל, עמון, מואב, און די רעמער וואס אין זייער צייט האט די גאנצע וועלט פאר זיי געציטערט זיינען זיי היינט אראפ פון פלאץ, אז עס איז קיין זכר פון זיי ניטא, און מיר שוואכע שעפעלע צווישען אזוי פיל וועלף און טיגערין וואס שטייען מיט אפענע מיילער אונז איין צו שלינגען — האבען אקיום, דורך וועלכין זכות איז דאס? ווייל מיר זיצין שטענדיג אין א סוכה וואס זעט זיך ארויס דער הימל, דאס הייסט אונזער האפענונג איז ניט אויף די מענשליכע קרעפטין, נור אויף אונזער פאטער וואס אין הימל, און מיר גיבען זיך איבער מיט אלע אונזערע גלידער צו זיין ווילען, ווי דוד המע"ה זאגט (אין דעם נאמען פון כלל ישראל) .כל עצמותי תאמרנה יי מי כמוך מיט מיינע אלע גלידער ווייז איך, אז נור דו נאט ביזט איינער און מער קיינער, אויף דעם גידאנקען נעמען מיר סוכות די ארבעה מינים, וואס זיי
בעצייכענען די הויפט גלידער פון מענשין.

דער אתרוג איז די הארץ (זיין פיגור איז ווי אהערצעלע), דער לולב איז ווי די
שדרה (דער גאנצער שטאלץ) פון מענשין, די הדסים זיינען ווי די אויגען,
(אליך נשאתי את עיני) אונזערע אויגען איז אויף געהויבען צו אונזער פאטער פון הימל, און די בלעטלאך פון די ערבה איז גלייך צו די מויל, בעווייזין

---

### מעשה אלפס

איבערין קאפ פון די הויזן אינ דארטין אונטער די סוכות פון די בלעטער, האבין זיי געוועזען אונ געבאקען זייערע מצה פון דיא אונגעזייערטע טייג, וואס זיי האבין ארויס געטראגען פון מצרים, און ביי זייער ערשטע רייזע פון סוכות האט אנגיהויבען צו גיין פארויס די אידישע ארמיע, דער עמוד ענן ביי טאג, ווייזין זיי די וועג און דער עמוד האש ביי נאכט צו באלייכטען זיי און די ענני כבוד פון אלע פיר זייטען און איבערן קאפ, אזוי ווי א סוכה, איז צום אנדיינקונג פון דעם נס וואס השי"ת האט זיי געוויזען, אז אויב זיי וועלין אים דיין טרייע דינער, וועלין זיי האבין א פער-

אוים געהאלטען מיט אלע הצטרכות וואס אמענש פאדערט, דו האסט זיי געשפייזט מיט מן פון הימעל, מיט וואסער פון א קוואל וואס האט זיך מיט זיי ניקייקילט מיט זיי וואוהין זיי האבין גירייזט, הכלל דו האסט זיי געהיט ווי די שווארצאפעל פון אויג. יצרנהו כאישון עינו״א). גוטער גאט, איך בעט דיין רחמנות, אזוי ווי דו האסט אונזערע עלטערין באשיצט מיט די ענני כבוד פון רעגין און פון די שטארקע היץ פון די זון און פון די גרויסע שלאנגען און די ברענעדיגע עגדעשין פון דער מדבר, אזוי זאלסטו אונז אויך באשירמען דעם סוכות פון רעגין, עס זאל אונז ניט שטערין מקיים צו זיין די הייליגע מצוה פון סוכה, און בזכות מצות סוכה זאלסטו אונז באשיצען פון אלע שלאפקייטין וואס קומט פון די גרויסע היצין און פון די שלעכטע וועטערין, אויך זאלסטו אונז בעשיצען פון די צוויי־פיסיגע שלאנגען (די שונאי ישראל) וואס מיט זייערע בייזע צינגער ווילען זיי פאר ברענען דיין צו זייטע און צו שפרייטע פאלק. און דעם טלטול וואס מיר ברעכין זיך פון אונזערע הייזער צו גיין אין סוכה, זאלסטו פאר־

מעשה אלפס

א) מפרשים שרייבין, בעת מכת בכורות, אז פר׳ה הט ניגעבין רשות, אידין זאלין אר׳ויס גיין פריי פון זיין לאנד, און אזוי ווי אידין זיינען געווען צו שפרייט אין די גאנצע מדינה, אין גושן, אין רעמסס און אין נאך פיל ערטער (בערך פערצינ טעג נאננ) שטייט אין מכילתא (פ׳ כא), אז די שטימע פון משה רבנו איז גינאנגען אין לופט אזוי ווי דורך אטעלעפאן און האט זיך גיהערט אין גאנץ מצרים צו אלע אידין*), און האט זיי אין דעם נאמען פון השי״ת באשטימט איין ארט וואו אלע זאלין זיך צוזאמען קלייבין, דעם ארט האט מען נאכהער אנאמען גינעבין „סוכות, ווייל אזוי ווי בדרך נס זיינען זיי צו זאמען געקומען אין איינע שעה פון גאנץ לאנד מצרים אין רעמסס, און פון דארטין (ערך דריי טעג נאנג) קיין סוכות אזוי ווי אויף אדלער פליגלען און אין סוכות זיינען שוין גיוועזן אלע אידען (כשש מאות אלף רגלי), האט שוין השי״ת מיט אנאכט פריער צו גענרייט פאר זיי סוכות, עס האט אוים גיוואקסען איבער נאכט (ליל טו ניסן) בדרך נס הויכע בלעטער אזוי ווי דער קיקיון דיונה (שבין לילה היה) מיט שמאקהאפטע בלומען צו מאבין זיי אשאטין

איבערין

פאלק, וואס די איז אזוי ערהויבען געווארין, (מתרפקת על דודה) זי גייט גיארעמט מיט איר געליבטען, כלומר די געטליכע השגחה טרעט פון זיי ניט אב אין מינוט, ער פירט פאר זיי איין וואלקין־זייל ביי טאג, ווייזין זיי די וועג, און ביי נאכט א־זייל פון פייער צו בעלייכטען זיי.

*) אום עס זאל דיר קיין וואונדער זיין, לערין אב מקל וחומר פון די מכת שחין, מה דאך אהויפן פיח כבשן איז ניט די נאטור עס זאל צו טראגין ווערין ווייט, איז דאן פארנאנדער געטראגען געווארען אין גאנץ מצרים. אפשיטא אשטימע וואס דער טעלעפאן טראגט דאס אזעלק נאנץ טייט. (מכילתא שם).

# בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם, אֲשֶׁר קִדְּשָׁנוּ בְּמִצְוֹתָיו, וְצִוָּנוּ לְהַדְלִיק נֵר שֶׁל יוֹם טוֹב: (ווען יום טוב גיפאלט שבת זאגט מען שֶׁל שַׁבָּת וְשֶׁל יוֹם טוֹב):

די בְּרָכָה פוּן שֶׁהֶחֱיָנוּ דארף מֶען זָאגִין מיט גְרויס שִׂמְחָה וָואס מְ'הָאט דֶערְלֶעבְּט דֶעם הֵיילִיגֶען יום טוֹב זְמַן שִׂמְחָתֵנוּ.

# בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם, שֶׁהֶחֱיָנוּ וְקִיְּמָנוּ וְהִגִּיעָנוּ לַזְּמַן הַזֶּה*):

אם שבת חול המועד זאגט מען נור לְהַדְלִיק נֵר שֶׁל שַׁבָּת (אבער נים קיין שהחיינו), די בְּרָכָה „לֵישֵׁב בַּסֻּכָּה" זָאגְט מֶען נִיט צוּ לִיכְט בֶּענְטְשְׁן נוּר אַז מְ'גֵייט עֶסִין אִין סוּכָּה.

## תְּחִנָּה לְסוּכּוֹת נָאךְ לִיכְט בֶּענְטְשִׁין.

אִיבּ אִין סוּכָּה אִיז קַאלְט אָדֶער צוּ לִיבּ אַיין אַנְאַנְדֶער אוּרְזַאךְ קֶען מֶען דָאס זָאגִין אִין שְׁטוּבּ.

רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, הֶער פוּן דֶער וֶועלְט, אִיךְ דַאנְק אוּנ לוֹיבּ דַיין לִיבֶּען נָאמֶען וָואס דוּ הָאסְט אוּנְז נָשִׁים מְזַכֶּה גִיוֶועזֶען מִיט דִי מִצְוָה פוּן לִיכְט בֶּענְשִׁין צוּ בֶּעלַייכְטֶען דִי הֵיילִיגֶע סוּכָּה, וָואס זִי אִיז אַיין אָנְדֵיינְקוּנְג צוּ דִי גְרויסֶע ווּאוּנְדֶער וָואס דוּ הָאסְט גֶעטָאן מִיט אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערִין דִי פֶערְצִיג יָאהר וָואס זֵיי זַיינֶען גִיגַאנְגֶען אִין דֶער מִדְבָּר, וָואס דָארְטִין אִיז נִיטָא קֵיין הַייזֶער צוּ בֶּעשִׁיצֶען זִיךְ פוּן דִי זוּן בְּרֶענֶעס, פוּן שְׁלֶעכְטֶע וֶועטֶערִין אוּנ פוּן דִי גוּס רֶעגִינְס, הָאסְטוּ זֵיי בַּאשִׁיצְט מִיט אַגְרויסִין בַּאלַאגִין פוּן עֲנָנֵי כָבוֹד**) אוּנ הָאסְט זֵיי



*) דִי וַוייבֶּער וָואס קֵיינֶער פוּן זֵייעֶרֶע בְּנֵי בַיִת עֶסְט נִיט אִין סוּכָּה (אִיבֶּער וָואס פאר אַיין אוּרְזַאךְ עֶס אִיז) זָאלִין זֵיי נִיט בֶּענְצִין קֵיין לִיכְט אִין סוּכָּה נוּר אִין שְׁטוּבּ וואוּ זֵיי עֶסִין, וַוייל דִי מִצְוָה פוּן לִיכְט צִינְדִין אִיז נוּר עֶס זָאל לִיכְטִיג זַיין וואוּ מֶען עֶסְט – אַבַּעל הַבַּיִת'טֶע אַווירְטִין וֶוען זִי בֶּענְשְׁט לִיכְט אִין סוּכָּה אוּנ לָאזְט דָארְטִין דִי לַייכְטֶער דַארְף זִי גוּט אַכְטוּנְג גֶעבִּין מְ'זָאל דִי לַייכְטֶער נִיט גַנְבֶענֶען, וַוייל דִי גַנָבִים לויעֶרִין בַּיי דִי סוּכּוֹת צוּ לִיכְט בֶּענְשִׁין, אוּנ לְבַד וָואס עֶס אִיז אַשָׁאדִין אוּנ אַמָאל נָאךְ אַגְרויסֶער (וֶוען עֶס אִיז זִילְבֶּער) וֶוערְט פוּן דֶעם אַפַארְשְׁטֶערְטֶער יום טוב חָלִילָה, אַלְזָא דארף מֶען גוּט אַכְטוּנְג גֶעבִּין.

**) אַגְרויסֶע סוּכָּה פוּן וָואלְקִינְס, וָואס דָאס הָאט זֵיי גִינֶעבִּין גְרויס עָהרֶע בַּיי אַלֶע אוּמוֹת, ווי אִין שִׁיר הַשִּׁירִים שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען, אַז דִי אוּמוֹת הָאבִּין גִיפְרֶעגְט אֵיינֶע בַּיי דִי אַנְדֶערֶע (מִי זֹאת עוֹלָה מִן הַמִּדְבָּר ?), וֶוער אִיז עֶס דִיזֶע גְלִיקְלִיכֶע

קליינע קעפאלאך פון זיינע אייגענע קינדער), אז ער איז אגאטליכע זאך, ער איז בעשאפען געווארען צו בעלייכטין די וועלט און בעלערנען אלעמען דעם הויכען אידיאל פון הכרת הבורא, דרום בעת זיין כאן גייט גראד אויפ'ן רעלצע (די וועג וואס די תורה האט פאר איהם גיארדינט) מאכט ער גרויסע פארשריטע און שטייט מיט גרוים כבוד, ווען אבער ער גייט צראב פון רעלצע, דא ליגט ער טיף אין דרערד, און האט קיינע האפענונג אז זיין לאגע זאל זיך בעסערן, נור דער איין מיטעל אנווענדין קרעפטין ארויף צוריק אויפ'ן רעלצע (אויף דעם דרך התורה), דאס איז בכלל דער ענין פון די היילינע רגלים, און בפרטות דארף מען לייענען היילינע ספרים, מנורת המאור און מעשה אלפס, דרום די מצוה פון ליכט בענשין, וואס דאס איז דער צריינגאנג אין די היילינע ימים טובים דארף יעדע אידעשע פרוי טאן מיט שמחה און גרוים יראת שמים, וועט זי זוכה זיין אז עס זאלין ערלויכטין ווערין די אויגין פון איהרע קינדער אז זייער לעבענס-באן זאל חלילה גיט צראב גיין פון רעלצע (פון דרך התורה) זי זאל פון זיי נחת האבין אויף ביידע וועלטין.

ברוך

לבן, אם ענדע איז עשו איהם גיפאלין אויפ'ן האלז קושין, — „משה רבנו" איז געווען א נרדף פון פרעה, ער האט איהם געוואלט ארונטער נעמען די קאפ מיט'ן שווערד, אם ענדע איז ער מיט זיין סוויטע געפאלען איהם צו די פיס און בעפרייט אלע אידין, „אהרן" איז דאך געווים אנוטער נאכט סוכות, די ענני כבוד אין דער מדבר האבין מיר דאך געהאט נור צו ליב זיין זכות. — „יוסף" האט נעבעך גיהאט גיברענטע ליידין אין מצרים, מ'האט אויף איהם געמאכט אקרימענאל-בלבול און פארשפארט איהם אין אבטראג אויף צוועלף יאהר, אם ענדע זיינען זיי אבציג יאהר גילעגין אונטער זיין האנד. — דוד המלך ע"ה איז געווען דער גרויסער נרדף, געוואלגערט זיך יאהרין לאנג אין מדברות, נאכהער געיאגט פון איין אייגענעם קינד. אבער דער סוף איז ער אלעמען איבער געקומען און איז געבליבען „דוד מלך ישראל חי וקים". ער האט געוויזען די גאנצע וועלט, (וי רועי) אז גאט איז מיין פיהרער, (לא אחסר) פון דעם וואס איך פעל ניט, איך עקסעסטיר. לערינט אונז דער לעבענס-געשיכטע פון די זיבען געסט, אז מיר קענען איך זאגין צו די אלע אומות. (וי רועי) זעט אז גאט איז דר הירט (און פיהרער) פון די שה פזורה ישראל, (לא אחסר) מיט דעם וואס איך עקזעסטיר טויזענדער יאהר אין אזעלכע שלעכטע גרויזאמע וועטערין, אזעלכע גרויסע הוואלעם וואס האבין איבער ניקערט די גרעסטע פערעהאדין האבין מיין קליינע שיפעלע ניט גיקענט איבער קערין, אזעלכע גרויסע שטורמען וואס האבין אוים געריסען די שטארקסטע בוימער, האבין מיין דינעם בוימעלע ניט געקענט רירען פון ארט, אזעלכע ערד ציטערנעם וואס האבין צוריסען די גרעסטע פאלאצין האבין מיין קליינע סוכה'לע נור אב גערוקט פון ארט, אבער זי איז גאנץ געבליבען, מיט דעם איז אבעוויז אז איך בין בעשאפען צוא זיין „לאור עולם" מאכען אלעמען ערקענען „אחדות הבורא".

און אויף די גרויסע וואונדער פון דעם אויס האלטין אונז פערציג יאהר אין דער מדבר, וואס דאס ווייזט, אז ישראל וועט זיך האדעווען מיט מזל, האט דער בורא גימאכט אפאמעט דעם „חג הסוכות; זמן שמחתנו“, ווייל די גרעסטע שמחה ביי עלטערן איז, אז די קינד האדעוועט זיך, בקצור הייסט עס, „חג המצות“ ווייזט אויף ישראל'ס גיבורטס טאג (זמן חרותנו), מיר זיינען בעפרייט געווארין פון קנעכטין הויז, ארויס געצויגען דעם קינד פון יעניפטישע בויך, פון אפינסטערין איינגען טונעל וואס ישראליק איז דארטין גילעגין אצייט יאהרין ווי דער קינד אין מוטער לייב (גוי מקרב גוי). — „שבועות“ ווייזט, אז ישראליק האט מיט מזל אנגהויבען צו גיין אין חדר און לערינט שוין (זמן מתן תורתנו), אבער די שמחה איז נאך ניט פאר פול, ווייל מ'קען ניט וויסען אויב דער שוואכער קינד, וואס איז אזוי פיל פערי מוצעט געווארין אין די יעניפטישע בויך און גייט אין חדר לערנען, וואס די תורה איז מתשת כחו של אדם, אויב ער וועט מאריך ימים זיין? ובפרט ווי ער האט אויף זיך גרויס קנאה פון די צולאזענע קינדער וואס ווילען ניט לערנען (אנטיסעמיטען), זיי וואלטין אים פארברענגען מיט זייערע וואלפישע אויגען, אויף דעם האט מען אונז גיגעבין דעם „חג הסוכות“, דער אמת'ער „זמן שמחתנו“, ווייל דאס ערמאנערט אונז די פערציג יאהריגע רייזע אין דער מדבר וואס מיט דער נאטור קען אמענש דארטין זיך ניט האלטין, האט דער בורא אונז אויס גיהאלטין מיט אלעם גוטן, ווי דער נביא זאגט (המדבר הייתי לישראל?) האבין זיך דען אידין געפילט אז זיי זיינען אין אוויסטע מדבר? דאס גיט אונז אגוטע לערע אז דער קיום פון ישראל סבא איז מער איבער נאטירליך ווי נאטירליך, און חען אויך ישראל ארבייט ווייניג, ווייל ער איז אריין גיטאן אין לערנען און די צוויי פיסיגע ברענגעדיגע שלאנגען און ענדעשין האלטין אפין זייערע מיילער אויף אים און בלאזין אויף אים פייער מיט גיפט, אויף להכעים זייגע שונאים וועט ער זיך האדעווען מיט גליק *), ביז די גאנצע וועלט וועט ערקענען (און אויך די



*) דאס איז דער ענין פון די „אושפיזין“ אין סוכה, אין דעם היליגען יום טוב (זמן שמחתנו) באזוכין אונז די טייערע געסט, וואס זייער לעבענס-געשיכטע איז דער סימוואל פון דעם גידאנקען, „אברהם אבינו“ איז געווען געיאגט פון די צוויי פיסיגע שלאנגען, וואס האבין אויף אים געשאטין פייער, און צו זייערע גרויסע שמערצין האט ער זיך געהאדעוועט מיט מזל און גליק, אז צום ענדע האבין אים אלע גערופען „נשיא אלהים“.—„יצחק אבינו“ האבין אויף אים די פלשתים גישאטין פייער, צו גענומען די בארות, און נאכהער האט זייער קייזער אליין אים ארויס געשיקט (לך מעמנו), צום סוף צו זייערע פוקענעם האט דער קעניג מיט זיין מיניסטער געמוזט גיין צו אים שליסען מיט אים שלום.—„יעקב אבינו“ איז געווען שטארק געיאגט פון עשו את

זאלט איר ניט פאבין אונ אזעק שטעלין, אי מכח אפאמעט ? זאגט דוד המע"ה (זכר עשה לנפלאותיו, חנון ורחום יי) דער ערבארעמינגער גאט וואס וויל פירין דעם מענשין צום עוויגען גליק, ער זאל מאמין זיין אין בורא עולם אונ פירין זיך נאך די פראגראמע וואס ער האט אים גיאָרדינט אין דער תורה, אונ ווייזין נסים גאנץ אָפט לוינט ניט, ווייל עס וועט פאלין דער קורס פון אידישע קוראנט (פון תורה ומעשים טובים), ווייל ווען ער וועט שטענדיג מיט די אויגען אז עס איז דא אבעשעפער, מוז ער דאך זיין גוט אונ פרום, פארלירט זיך די בחירה, אלזא האט די השגחה אוים גירעכינט, אז עס לוינט ניט צו ווייזין נסים אלע ווילע, נור ער האט גימאכט נייסטליכע פאמעטניקעם צו די אמאליגע נסים וואס ער האט געוויזען בעת ער האט אונז אויסערוואהלט פאר אפאלק, איז דורך די גייסטליכע פאמעטניקעם וואס זיי קומען פאר מיט די באוועגונג פון קערפער ווערט אין גישטעפילט אין אונזערע בלוט אונ אין אונזער הארץ אהבה צו השי"ת אונ פורכט פאר אים, היינו אויף די וואונדערליכע היסטאריע פון „יציאת מצרים" האט ער אונז פארארדינט איין פאמעטניק דעם „חג המצות" מיטין „קרבן פסח", די באשעפטיגונג פון דעם מיט פיל וואכין פריער ביז מ'נעמט אים אריין אין שטוב אונ נאך דעם מיטין פראווען דעם סדר, ערצייליו די קינדער די גרויסע וואונדער ווי השי"ת האט זיך אב גירעכינט מיט פרעה אונ די מצריים פאר וואס זיי האבין אונז אזוי פיל געפייניגט, מאכט דאס אגרויסע ווירקונג איין צו פלאנצין אין אידישע הארץ דעם (שמע ישראל יי אלהינו יי אחד). ווי מיר האבין עס גוט ערקלערט אין מעשה אלפס ופרי הגפן (סדר בא, פרק „דער גרויסארטיגער רייכטהום").

אונ אויף די וואונדערליכע זאך, וואס השי"ת אליין האט ערשיינט פאר די גאנצע פאלק אויפין הר סיני אונ האט גירעט מיט אונז די זיסע דברות פנים אל פנים, וואס דיזער גישמאקלינט נאך עד היום אויף די ליפען פון אונזער נשמה (ווייל אלע נשמות וואס דארפין געבארין ווערין זיינען דאן גישטאנען ביין גרויסען פארהאד) אונ זי בייגקט זייער נאך דעם, ווי זי בעט זיך (ישקני מנשיקות פיהו) ווי איז מען דאס זוכה נאך אמאל צו הערין די זיסע ווערטער פון זיין מויל (כי טובים דודיך מיין) ווייל דיזע פריינדשאפט איז ליבער אונ אנגענעהמער פון אלע פערגניגען וואס קען געבין אין דער וועלט, אויף דעם האט השי"ת אונז גיגעבין אפאמעט דעם היילינגען יום טוב „שבועות", אונ ווען דער איד איז זיך נאך מבין צו דעם שבועות'דיגע נאכט שפירט ער אין דער תפילה בעת הערין „אקדמות" אונ קריאת מתן תורה, עטוואס פון יענעם פערגניגען (כאשר בארנו במאמר „אור חדש על ציון חבר עשה לנפלאותיו, לתיקון ליל שבועת).

יעדין ווינקעלע, אונזער גליק זאל פאר אונז שיינען אונ מיר זאלין שוין זוכה זיין צו זעהן ווי דו וועסט מקיים זיין אונזער האפענונג, לשנה הבאה בירושלים, אמן.

## דער ענין פון שלש רגלים (אונ די אושפיזין פון סוכות).

דער שטייגער פון דער וועלט איז, אז יעדע פאלק מאכט אפאמעטניק צו די וויכטיגע זאכין פון זיין היסטאריע, אונ ווער האט נאך אזא בייכע וואונדערליכע היסטאריע ווי מיר אידין, ווי משה רבנו ע"ה זאגט (כי שאל נא לימים ראשונים) פרעג די וועלט היסטאריע פון זינט אן השי"ת האט בעשאפען אדם הראשון, אונ פון איין עק וועלט ביז די צווייטע, אויב עס האט ווען געטראפען אזעלכע הויכווירדיגע זאכין, אדער פילייכט עטוואס עהנליך צו דעם, (השמע עם) אז אפאלק פון מיליאנען מענשין זאלין אלע הערין די שטימע פון גאט בעת ער האט ערשיינט מיט זיין כבוד פאר די פובליקע אונ האט מיט זיי גירעט פנים אל פנים (פעראנליך) ווי מיר אידין האבין גיהערט? אדער וואו האט דאס פאסירט, אז איינער פון די געטער, וואס די פעלקער דינען צו זיי זאל פארפירען מלחמות מיט גרויסע וואונדער אום אויסצוקלייבין זיינע דינער, ווי דער גאט פון אברהם יצחק ויעקב, האט ערשיינט אין מצרים מיט אזעלכע גרויסע וואונדער אונ מלחמות געגין די מצרים, ביז וואנען ער האט ארויס גענומען זרע אברהם פאר אפאלק. אדער וועלכער גאט פון אלע פעלקער האט געפירט זיין פאלק פערציג יאהר אין אוויסטען מדבר וואס אמענש קען דארטין ניט דורך גיין אונ ער האט זיי אוים געהאלטין מיט שפייז אונ קליידונג אונ וואהנונג אזוי ווי אין אבאזעצטע לאנד. געוואהנליך ווען מ'וואלט פרעגין ביי אונז מענשין וואלטין מיר זאגין אז עס פאסט צו מאכין אויף דעם אוויכטיגען פאמעט, היינו מאכין אמראמארנעם פיגור משה רבנו אונ אוועק שטעלין אויף אשיינעם בולוואר (בעת מיר ווינען געווען אין אונזער לאנד) צום אנדיינקונג, אז דאס איז דער הויכוויכטיגער מענש וואס דורך אים איז גיטאן גיווארין די אלע וואונדער, אונ ער האט אראפ געבראכט די עלעקטרי (דעם אור התורה), וואס אהן איר האט דיא וועלט גיבלאנדזעט טויזענדער יארין אין פינקטערע וועגין.

אונזער תורה האט אבער בעצייטינט די מאטריאלע פאמעטניקעם, חייל לבד וואס זיי ברייגען ווייניג נוצען, זיי שטייען נור אין איין ארט, אונ ווען מ'ווערט צו זיי געוואהנט באטראכט מען זיי גאנץ קאלט, קענען זיי נאך פיל שאדין ברענגען, דער פראסטער נארד קען זיי נאך פאר גאטער מאכין, דרום האט זי דאס פארבאטין (ופסל ומצבת לא תקימו לכם), קיינע בילדער

זאלט

גַאנְצֶער וָועלְט. וֶועלְכֶער הָאט צְוֵוי פִּיל גֶעלִיטֶען אִיבֶּער דִי הֵיילִיגְקֵייט פוּן דַיין גְרוֹיסֶן נָאמֶען, עֶס אִיז שׁוֹין צֵייט דוּ זָאלְסְט דֶער מָאנֶען דַיין הַבְטָחָה וָואס דוּ הָאסְט גִיגֶעבִּין אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן, ווִי לַאנְג נָאךְ וֶועלִין מִיר זַיין צוּ שַׁאנְד אוּנ צוּ שְׁפָּאט אִין אַלֶע עֶקִין דֶער וֶועלְט, עֶרְבַּארְמִיגֶער גָאט וָואס דוּ בִּיסְט דִי קְוֶועלֶע פוּן רַחֲמָנוּת, הַיינְט אִיז דֶער טָאג וָואס דוּ בֶּעשְׁטִימְסְ'ט יֶעדֶערִינְס גוֹרָל אוֹיף דֶעם גַאנְצִין יָאר וָואס זָאל גִישֶׁעהְן, בַּאלְד פֶערְשְׁלִיסְטוּ שׁוֹין אַלֶע טִירֶען, אוּנְזֶער דֶעקְרֶעט אִיז שׁוֹין אוּנְטֶער גֶעשְׁרִיבֶּען, מִיט שְׁרֶעק אוּנ צִיטֶערְנִישׁ שְׁטֵייעֶן מִיר יֶעצְט פַאר דִיר, פַארְגֶעס הֵיילִיגֶער פָאטֶער אוּנְזֶער גִיבֶּעט, נֶעם צוּ זַאמֶען אוּנְזֶערֶע הֵייסֶע טְרֶערִין וֶועלְכֶע מִיר הָאבִּין פַאר דִיר פַארְגָאסֶען, גִיס זֵיי אַרַיין אִין דֶעם לָאגִיל וואו דוּ הַאלְסְט דִי טְרֶערִין פוּן אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן אוּנ וואשׁ אָב מִיט זֵיי דִי אַלֶע פְלֶעקִין פוּן אוּנְזֶערֶע נְשָׁמוֹת, עֶרְבַּארֶעם דִיךְ אוֹיף אוּנְז אוּנ אוֹיף אַלֶע אוּנְזֶערֶע אָרֶעמֶע עֶלֶענְדֶע אוּמְגְלִיקְלִיכֶע בְּרִידֶער, וֶועלְכֶע זַיינֶען צוּ זֵייט אוּנ צוּ שְׁפְּרֵייט אִין אַלֶע עֶקִין דֶער וֶועלְט, לָאז שׁוֹין זַיין דֶער יָאר וָואס אִיז אַוֶועק אַסוֹף פוּן אוּנְזֶערֶע צָרוֹת, הֵייל דִי וואוּנְדִין פוּן אוּנְזֶערֶע בְּלוּטִיגֶע הֶערְצֶער, טְרֵייסְט דַיינֶע בֶּעטְרִיבְּטֶע פֶערְבִּיטֶערְטֶע קִינְדֶער, שְׁרַייב זֵיי אָן צוּ אַגוּטִין לֶעבִּין אוֹיפִין נַייעֶם יָאר, דֶען צוּ דִיר אַלֵיין הָאפִין מִיר, שִׁיק אוּנְז דֶעם גוֹאֵל צֶדֶק אוּנ פִיר אוּנְז מִיט שְׁטָאלְץ אִין דַיין הֵיילִיגֶע לַאנְד בִּמְהֵרָה בְיָמֵינוּ, אָמֵן:

## תְּחִנָּה לְמוֹצָאֵי יוֹם כִּפּוּר.

רִבּוֹן הָעוֹלָמִים, הֶער פוּן אַלֶע וֶועלְטִין, (מֶלֶךְ מַלְכֵי הַמְּלָכִים) קֶענִיג אִיבֶּער אַלֶע קֶענִיגֶען, מִיר הָאבִּין גִיפָּאלְגְט דַיין הֵיילִיגֶע תּוֹרָה, מִיר הָאבִּין גִיפַאסְט אַטָאג מִיט אַנַאכְט, מִיר הָאבֶּען נָאךְ מוֹסִיף גִיוֶועֶן מְחוֹל עַל הַקֹּדֶשׁ, מִיר הָאבֶּען אוֹיף זִיךְ מְקַבֵּל גִיוֶועֶן דֶעם עוֹל מַלְכוּת שָׁמַיִם מִיט דַיין יִחוּד שִׁמְךָ הַגָּדוֹל, דַאנְקֶען מִיר דִיר פַאר דַיין לִיבֶּען חֶסֶד דָאס דוּ הָאסְט גִישְׁטַארְקְט אוּנְזֶער כֹּחַ אוּם צוּ הַאלְטִין דִי חֲמִשָּׁה עִנּוּיִם, בִּכְדֵי דוּ זָאלְסְט אוּנְז מַאכֶען רֵיין פוּן אוּנְזֶערֶע עֲוֹנוֹת. יֶעצְט רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם אוּנְזֶער מַחֲשָׁבָה אִיז עֶרְנְסְט מִיר זָאלֶען שׁוֹין בְּלֵייבִּין רֵיין, מִיר וֶועלֶען מְקַבֵּל אוֹיף זִיךְ מִיר זָאלֶען שׁוֹין מֶער נִיט זִינְדִיגֶען, אוּנ דוּ וֶועלְט בַּאשֶׁעפֶער זָאלְסְט מְצָרֵף זַיין מַחֲשָׁבָה טוֹבָה לְמַעֲשֶׂה, מִיר זָאלִין זַיין גִיבֶּענְשְׁט מִיט אַגוּט יָאהר, עֶס זָאל זַיין בַּיי אוּנְז לִיכְטִיג אִין

יעדין

שלעכטס און רייצין אויף דעם פראסטין נאראד צו מאכין אויף אונז
פארגראמען, גיס אויס אויף זיי דיין צארין, לאז אויף זיי פאלין דיין
פחד און פארכט, מיט דיין גרויסע מאכט זאלסטו זיי מאכין שטומען
ווי איין שטיין, (עד יעבור עמך יי עד יעבור עם זו קנית) ביז וואנען דו
וועסט פירען דיין ליב פאלק ישראל צו דיין היילגע לאנד און מיר
זאלין זוכה זיין צו זעהן אין גיכע צייטין אין דער נחמה פון ציון
וירושלים, אמן כן יהי רצון. (ואני תפלתי כו' בריך שמיה כו').

## איין נייע תחנה צו זאגין פאר נעילה.

ערבארמיגער גאט, דער זיסער טאג יום כפור גייט באלד אוועק, די
זון פאר גייט שוין, איהרע ליכטיגע שטראהלען
פארבארגין זיך און דו האלסט שוין ביין פאר חתמענען יעדערינס גורל,
יעדערינס מזל וואס דו האסט פיר אים אן געשריבען, דער שרעקליכער
חותם ליגט יעצט אין דיין אייגענע האנד, רבונו של עולם איידער דו
וועסט דיין היילגען זיגעל לייגין אויף אונזער משפט, באטראכט דיינע
ארעמע קינדער, דיינע פערוואגעלטע שעפסעלאך, וועלכע שטייען
פאר דיר נאך פון נעכטין מיט א פערקלעמטע צובראכענע הארץ,
פערשמאכט, פעריאמערט, און זייערע אויגען איז אויסגישטעלט נור
צו דיר אליין, בעטראכט ערבארעמיגער גאט די לאגע פון דיין ארעמע
פאלק, וועלכע פינסטערט אין חושכדיגען גלות שוין באלד צוויי
טויזענט יאר, בעטראכט וואס אינזערע עלטערין האבען געליטען ביז
היינט, ווי זיי האבין מקריב גיוועזן יעדער לעצטען טראפין בלוט פאר דיין
היילגען נאמען, בעטראכט הימילשער פאטער דעם ביטערין לעבין
פון דיינע ארעמע קינדער, וועלכע שטייען יעצט פאר דיר און
ערווארטין פון דיר אמחילה וסליחה אין דעם היילגען יום הכפורים,
ווער נאך ווי דו אליין גרויסער גאט ווייסט אונזערע צובראכענע הערצער,
אונזערע בלוטיגע וואונדין וועלכע מיר טראגין טיף אין אונזערע פער-
קלעמטע הערצער, נור דו אליין ווייסט דאס, אז ניט דיך צו ערצערנען
חלילה האבין מיר געגין דיר פערבראכין, נאר אונזער שווערער
פינסטערער לעבין האט אונז דאצו גיבראכט, דער מאן זיך ערבארמיגער
גאט וואס דיין טרייער קנעכט דוד המלך האט גיזאגט "מי כעמך ישראל
גוי אחד בארץ", ווער איז נאך ווי דיין פאלק ישראל אייגער אויף דיין

(אין תפלה) זאלין ניט גיין פארלארין, זאל בייא דיר אזוי זיס זיין ווי איין
קרבן מנחה. וויי איז צו מיר דער היילינגער טאג פאר גייט באלד,
עס נעמט מיר אן א מורא אונ א ציטערניש אז איך דער מאן מיך
מיינע זינד אונ איך וויים ניט אויב איך וועל ארוים גיין גירעכט פון
דעם משפט אונ פאר דיין גירעכטין בית דין, ובפרט אדער חיב חס
ושלום. יעצט ליבער גאט איז מיין האפענונג נאר אויף דיר אונ אויף
דיין גרוים דער בארימהקייט, אז דיין רחמנות זאל איין האלטין דיין
כעס, אז דו זאלסט זיך מיט מיר נוהג זיין במדת החסד ובמדת
הרחמים, אונ זאלסט מיט מיר טאן לפנים משורת הדין, אונ מיט
דיין גרוים גנאדע זאלסטו זיך אום קערין פון דיין גרים צארין פון
דיין פאלק ישראל אונ פון דיין היילינגער שטאט ירושלים, אונ זיי
מבטל פון כל ישראל אלע שלעכטעס, אונ זאלסט נייגין דאס הארץ
פון אונזער קייזער אונ פון זיינע יועצים אויף אונז צו גוטין, אונ זאלסט
אונז אן שרייבין אין ספר החיים מיט די צדיקים וואס זיי טוען דיין
ווילין אונ איינציגען דיין היילינגען נאמען, אונ אין ספר ברכה ושלום
ופרנסה טובה ישועות ונחמות, אונ זאלסט אונז געבין כח אונ קראפט
אז מיר זאלען באשטיין אקעגין דעם יצר הרע, ער זאל אונז ניט
מאכין שטרויכלען מיט איין דבר עבירה, אונ פון וועגין דיין היילינגען
נאמען זאלסטו ליבער גאט אונז פירען אין גוטען וועג אונ זאלסט אונז
אונטער לערנען מיט דיין רעכטער האנד, אז מיר זאלען קענען
באשטיין בתשובה שלמה פאר דיר, ציים אונזער לעבין וועט זיין,
אונ דו זאלסט אונז ניט אוועק נעמען פון דער וועלט פאר דער צייט,
ביז מיר וועלין אוים לעבין אונזערע זיבעציג יאר כדי אז מיר זאלען
קענען פאר ריכטען וואס מיר האבין קרומע געמאכט, אונ גידיינק אונז
ליבער גאט דאס ליבשאפט פון אונזערע ערשטע עלטערין אונ דעם
ברית מיט דעם חסד אונ די שבועה וואס דו האסט געשווארען צו
אונזער פאטער אברהם אונ די עקדה וואס אברהם אבינו האט
גיבונדין זיין זוהן יצחק אויף דעם מזבח אין דעם טאג אין יענע צייט,
כדי צו טאן דיין ווילען מיט זיין גאנצין הארצין, דו זאלסט בינדין
אלע מקטרגים ומשטינים של מעלה וואס זיי ווילין מקטרג זיין פאר
דיר אויף דיין ליב פאלק ישראל, אונ זיי זאלין זיין ווי פלעווע פאר
דעם ווינט, אונ מאך שטום אלע שונאי ישראל וואס ריידין אויף אונז

צִדְקוֹתֶיךָ, וּבְטוּבְךָ הַגָּדוֹל יָשׁוּב חֲרוֹן אַפְּךָ מֵעַמְּךָ וּמֵעִירְךָ וּמֵאַרְצְךָ וּמִנַּחֲלָתֶךָ:

---

עברי טייטש

אַוֶועק קֶערִין דַיין גְרִים צָארִין פוּן דַיין פָאלְק אוּנ פוּן דַיין שְׁטָאט אוּנ פוּן דַיין הֵיילִיגֶע לַאנְד, אָמֵן.

## תְּחִנָּה פוּן אוים נֶעמֶען צוּ מִנְחָה יוֹם כִּפּוּר.

רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, דוּ בִּיסְט דֶער פָאטֶער פוּן רַחֲמָנוּת אוּנ פוּן פַאר גֶעבֶּען די זִינְד, פַאר נֶעם די שְׁטִימֶע פוּן מַיין גִיבֶּעט אוּנ עֶנְטְפֶער מִיר אִין מַיין טָאן קְלַאפִּין אִין דִי טוּיעֶרִין פוּן רַחֲמָנוּת, אַז דוּ זָאלְסְט מִיר פַאר גֶעבִּין אַלֶע מַיינֶע זִינְד וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעזִינְדִיגְט פַאר דִיר פוּן מַיין יוּגֶענְט אָן בִּיז הַיינְטִיגֶען טָאג, אוּנ זָאלְסְט מְמַלֵּא זַיין אַלֶע שֵׁמוֹת הַקְּדוֹשִׁים וָואס אִיךְ הָאבּ אִין זֵיי פּוֹגֵם גִיוֶוען, אוּנ זָאלְסְט מִיר גֶעבִּין אַוֵויכֶע הַארְץ אִיךְ זָאל זִיךְ אוּם קֶערִין צוּ דִיר בִּתְשׁוּבָה שְׁלֵמָה, אוּנ זָאלְסְט מִיךְ פִירִין אִין רֶעכְט פַארְטִיגֶען וֶועג דִיר צוּ דִינֶען, (אַחַת שָׁאַלְתִּי מֵאֵת יְיָ אוֹתָהּ אֲבַקֵּשׁ) אֵיין זַאךְ טוּא אִיךְ פֶערְלַאנְגֶען פוּן דִיר לִיבֶּער גָאט, אַז אִיךְ זָאל זִיצֶען אִין דַיין הוֹיז (אִין הֵיילִיגֶען בֵּית הַמִּקְדָּשׁ) צַייט מַיין לֶעבִּין, אִיךְ זָאל שְׁפִּירִין דִי לִיבְּלִיכְקַייט פוּן גָאט ב״ה אוּנ אִיךְ זָאל שְׁטֵיין פַאר אִים אִין זַיין הֵיכָל, לֶערִין מִיךְ גָאט דַיין אֱמֶת׳ה וֶועג אוּנ הֶעלְף מִיר צוּ גֵיין אִין אִיר, אֵיינְצִיג מַיין הַארְץ אַז אִיךְ זָאל מִיךְ פָארְכְטִין פַאר דַיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען, (לֵב טָהוֹר בְּרָא לִי אֱלֹהִים) לִיבֶּער גָאט! בַּאשַׁאף מִיר אַרֵיין הַארְץ אוּנ אַפֶּעסְטִין מוּטְה זָאלְסְטוּ בַּאנַייעֶן אִין מִיר. (אַל תַּשְׁלִיכֵנִי מִלְּפָנֶיךָ וְרוּחַ קָדְשְׁךָ אַל תִּקַּח מִמֶּנִּי) לִיבֶּער גָאט! דוּ זָאלְסְט מִיךְ נִיט אַוֶועק וַוארְפִין פוּן פַאר דִיר, אוּנ דַיינֶע הֵיילִיגֶע גֶעפִיהלֶעְן זָאלְסְטוּ פוּן מִיר נִיט אַוֶועק נֶעמֶען, לִיבֶּער גָאט! דֶער בַּארֶעם דִיךְ אִיבֶּער מִיר אוּנ זָאלְסְט נִיט פַאר שֶׁעמֶען מַיין פַיינִיגוּנְג וָואס אִיךְ הָאבּ פַאר דִיר הַיינְט גִיפַאסְט, וָואס מַיין גַאנְצֶער קֶערְפֶּער אִיז אָבְּגֶעשְׁוַואכְט פוּן תַּעֲנִית צוּ לִיבּ דַיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען. הֶער צוּ לִיבֶּער גָאט מַיין תְּפִלָּה אוּנ מַיין גִישְׁרֵיי, זָאלְסְט פַאר נֶעמֶען מַיינֶע טְרֶערִין. מַיין תְּפִלָּה זָאל בַּיי דִיר אַזוֹי חָשׁוּב זַיין ווִי קְטֹרֶת, דָאס אוֹיף הֵייבּוּנְג פוּן מַיינֶע הֶענְד

הַמִּנְחָה, וּבְכֵן בְּרוֹב רַחֲמֶיךָ תִּזְכּוֹר לָנוּ כְּאִלּוּ אֶפְרוֹ צָבוּר וּמוּנָח עַל גַּבֵּי הַמִּזְבֵּחַ, וְתַבִּיט בְּאֶפְרוֹ לְרַחֵם עָלֵינוּ, וּבִזְכוּתוֹ וּבִזְכוּת אַבְרָהָם אָבִינוּ עָלָיו הַשָּׁלוֹם שֶׁנִּתְנַסָּה בַּעֲשָׂרָה נִסְיוֹנוֹת וּבִתְפִלָּתוֹ, וְגַם בִּזְכוּת יַעֲקֹב אָבִינוּ עָלָיו הַשָּׁלוֹם נָתַתָּ לָנוּ עֲשֶׂרֶת יְמֵי תְשׁוּבָה לְכַפֵּר עַל חַטֹּאתֵינוּ. תִּתְמַלֵּא רַחֲמִים עָלֵינוּ לְבַטֵּל מֵעָלֵינוּ כָּל גְּזֵרוֹת קָשׁוֹת וְרָעוֹת, וּכְמוֹ שֶׁכָּבַשׁ אַבְרָהָם אָבִינוּ אֶת רַחֲמָיו לַעֲשׂוֹת רְצוֹנְךָ בְּלֵבָב שָׁלֵם, כֵּן יִכְבְּשׁוּ רַחֲמֶיךָ אֶת כַּעַסְךָ מֵעָלֵינוּ וְיִגֹּלוּ רַחֲמֶיךָ עַל מִדּוֹתֶיךָ, וְתִתְנַהֵג עִמָּנוּ יְיָ אֱלֹהֵינוּ בְּמִדַּת הַחֶסֶד וּבְמִדַּת הָרַחֲמִים וְתִכָּנֵס אִתָּנוּ לִפְנֵי וְלִפְנִים מִשּׁוּרַת הַדִּין, וְתַבִּיט בְּדַם הַבְּרִית שֶׁמָּל אַבְרָהָם אָבִינוּ עָלָיו הַשָּׁלוֹם בְּיוֹם הַכִּפּוּרִים, וּתְכַפֵּר כָּל עֲוֹנוֹתֵינוּ בְּכָל

---

עברי טייטש

מנחה, דרום זאלסטו אונז גידיינקען מיט דיין פיל דער בארימקייט גלייך ווי זיין אש איז גיהויפינט אונ ליגט אויף דעם מזבח אונ זאלסט באטראכטין זיין אש צו דער בארעמען זיך אויף אונז, (ובזכותו) אין זיין זכות אונ אין דעם זכות פון אברהם אבינו עליו השלום וואס ער איז גיפרובט געווארין מיט צעהן נסיונות אונ איז ביי גישטאנען, אונ אויך אין דעם זכות פון אונזער פאטער יעקב עליו השלום האסטו אונז גיגעבין צעהן טעג אויף תשובה צו פאר געבין אונזערע זינד, אונ זאלסט פול ווערען אויף אונז מיט דער בארימקייט צו פאר שטערין אלע שלעכטע אונ בייזע גזרות פון אונז, אונ אזוי ווי אונזער פאטער אברהם האט אונטערדריקט זיין רחמנות צו טאן דיין ווילין מיט'ן גאנצן הארצין, אזוי זאלין דייגע רחמנות אונטערדריקען דיין צארין אונ זאלסט זיך פירין מיט אונז מיט די מדה פון חסד אונ די מדה פון רחמים אונ זאלסט זיך באגיין מיט אונז לפנים משורת הדין, אונ זאלסט קוקין אויף די בלוט וואס אונזער פאטער אברהם האט זיך מל גיוועזן אום יום כפור, אונ זאלסט פאר געבין אויף אלע אונזערע זינד, אזוי ווי דייגע גירעכטיגקייט, אונ דורך דיין גרויס רחמנות זאל זיך

טוֹבָה (שֶׁיִּהְיֶה אֶצְלִי תּוֹרָה וּגְדוּלָּה בְּמָקוֹם אֶחָד) דָאס עֶס זָאל זַיין בַּיי מִיר תּוֹרָה אוּנ גְדוּלָּה צוּזַאמֶען, כְּדֵי מִיר זָאלִין דִיר דִינֶען מִיט גְרוֹיס נַחַת, אוּנ עֶס זָאל זַיין דַיין חֶסֶד אוֹיף אַלֶע הֵיילִיגֶע נְשָׁמוֹת אוּנ אוֹיף דֶער נְשָׁמָה פוּן מַיין פָּאטֶער אוּנ מוּטֶער זֵיי זָאלִין אוֹיף גֵיין אוּנ גְרֵייכִין פַאר דַיין הֵיילִיגֶען דֶער בַּארֶעמִיגֶען שְׁטוּל אוּנ דָארְטִין זָאל זַיין זֵייעֶר רוּאוּנג, לִפְנֵי וְלִפְנִים אוֹיף דֶעם הֵיילִיגֶען אָרְט וָואס קֵיין אוֹיג קָאן נִיט מַשִּׂיג זַיין נָאר דוּ אַלֵיין, אוּנ זָאלְסְט דֶער לֵייכְטִין זֵייעֶרֶע נְשָׁמוֹת מִיט לוֹיטֶערְקַייט, אוּנ דִי נְשָׁמוֹת וָואס הָאבִּין נָאךְ קֵיין פֶּתַח נִיט צוּ קוּמֶען צוּ זֵייעֶר רוּאוּנג אוּנ צְוִוישֶׁן דִי נְשָׁמוֹת אִיז אוֹיךְ דִי נְשָׁמָה פוּן מַיינֶע קְרוֹבִים, בֶּעט אִיךְ דִיר לִיבֶּער גָאט דֶער דָא לַייכְט אוֹיף דֶער עֶרְד אוּנ פַאר דִי לַייט וָואס וואוֹינֶען אוֹיף דֶער עֶרְד, דֶער בַּארֶעמִיגֶער גָאט דֶער לַייכְט דַיין שְׁכִינָה אוֹיף זֵיי אוּנ דוּ זָאלְסְט צוּ דֶעקִין זֵייעֶרֶע עֲבֵירוֹת, אוּנ זָאלְסְט זָאגִין צוּם מַלְאָךְ וָואס אִיז מְמוּנֶּה אִיבֶּער זֵיי צוּ פַאר גְרִינְגֶערִין פוּן זֵיי דֶעם מִשְׁפָּט, אוּנ זֵיי זָאלִין גֶעפִינֶען אִיטְלִיכֶער זֵייעֶר רֶעכְטֶע רוּאוּנג בְּשָׁלוֹם, אוּנ זֵיי זָאלִין גֵיין מִמַּדְרֵגָה לְמַדְרֵגָה אוּנְטֶער דִי פְלִיגֶעל פוּן דִי כְּרוּבִים, אָמֵן.

# תְּפִלָּה לְיוֹם כִּפּוּר פַאר מִנְחָה.

יום כִּפּוּר פַאר מִנְחָה זָאגְט מֶען פָּרָשַׁת עֲקֵדָה אוּנ דֶער נָאךְ זָאגְט מֶען דָאס.

וְשָׁחַט אוֹתוֹ עַל יֶרֶךְ הַמִּזְבֵּחַ צָפֹנָה לִפְנֵי יְהוָֹה, וְזָרְקוּ בְּנֵי אַהֲרֹן הַכֹּהֲנִים אֶת דָּמוֹ עַל הַמִּזְבֵּחַ סָבִיב.

יְהִי רָצוֹן מִלְּפָנֶיךָ יְיָ אֱלֹהֵינוּ וֵאלֹהֵי אֲבוֹתֵינוּ שֶׁתִּתְמַלֵּא רַחֲמִים עָלֵינוּ וְתִזְכּוֹר לָנוּ עֲקֵדָתוֹ שֶׁל יִצְחָק בֶּן אַבְרָהָם אָבִינוּ עָלָיו הַשָּׁלוֹם. אֲשֶׁר בַּיָּמִים הָהֵם בַּזְּמַן הַזֶּה בֶּעָשׂוֹר לַחֹדֶשׁ תִּשְׁרֵי הָיְתָה עֲקֵדָתוֹ בְּהַעֲלוֹת

---

עברי טייטש

יְהִי רָצוֹן, עֶס זָאל זַיין דֶער ווִילֶען פַאר דִיר אוּנְזֶער גָאט אוּנ דֶער גָאט פוּן אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערִין, אַז דוּ זָאלְסְט פוּל וֶוערִין מִיט דֶער בַּארִימְקַייט אוֹיף אוּנְז אוּנ זָאלְסְט אוּנְז גֶידֵיינְקֶען דִי עֲקֵדָה פוּן אוּנְזֶער פָאטֶער יִצְחָק דֶער זוּהן פוּן אַבְרָהָם אָבִינוּ עָלָיו הַשָּׁלוֹם, וָואס אִין דֶעם צֶעהְנְטִין טָאג פוּן חוֹדֶשׁ תִּשְׁרֵי אִיז גֶיוֶועזֶען זַיין עֲקֵדָה אִין דֶער צַייט פוּן

# החיים את נשמתה, יי הוא נחלתה, ותנוח על משכבה בשלום, ונאמר אמן:

אל מלא רחמים, גאט ב"ה וואס ער איז פול מיט דער באַרימקייט, ער רוהט אין הימעל, מאך גרייכן איין רעכטע רואונג אויף דעם באשיצונג פון דער שכינה, מיט היילינע אונ ריינע מעלות אזוי ווי דאס לויטערקייט פון הימעל זאל לייכטען די נשמה פון (מיין מוטער) (פב"ת) וואס זי איז אין איר עוויגקייט גינאנגען, פון וועגען וואס איך בין מנדב צדקה צו ליב מען האט דער מאנט איר נשמה. איר רואונג זאל זיין אין גן עדן, דרום וועגען דער צדקה זאל גאט ברוך הוא וואס ער איז איין דער בארעמיגער זאל ער איר בעשיצען אויף עוויג אונטער זיין פליגעל, אונ זאל זיין איין געבונדען אין בונד פון עוויג לעבין איר נשמה, גאט ב"ה איז איר ארב, אונ איר גוף זאל רוען אין קבר מיט שלום, אונ דרויף וועלען מיר אלע זאגין אמן.

די תחנה זאל מען זאגין נאך הזכרת נשמות.

יהי רצון מלפניך, עס זאל זיין דער ווילען פאר דיר מיין גאט אונ גאט פון מיינע עלטערין, דאס דו זאלסט לייכטין היינט מיט דיין גרויסין חסד אויף די היילינע נשמות די דא ריידין מיט ליב אונ בעטין אויף דיין היילינ פאלק ישראל, אונ צווישען זיי זאלסטו דער לייכטען אויך די נשמה פון מיין פאטער אונ מוטער, אונ אויך די נשמות פון אלע מיינע פריינד, הן מצד אבי הן מצד אמי, אונ אלע די נשמות וואס שטייען אין ד' דביר שורות פון גן עדן אונ טוען לויבין גאט אונזער קעניג אונ בעטין לעבין אונ פרייד אויף אונז דיינע ליבע קינדער, אויך בעט איך פון טיפען הארצען דיין דער בארימקייט אז דו זאלסט מבטל זיין פון דיין פאלק ישראל אלע משחיתים אונ אלע פורעניות אונ זאלסט דער לייגערין אונזערע יאהרין מיט שמחה אונ חיים ושלום ופרנסה

מעשה אלפס

בעטין מיט גרויס רחמים דעם היילינען באשעפער ער זאל אונז ריינינען די הארץ אום צו דינען אים מיט איין אמת, אונ ער זאל זיך שוין ערבארמען איבער זיין פאלק ישראל מיר זאלען חלילה ניט דער טרונקען ווערין אין דעם ים הצרות. ער זאל אונז חתמענען אגוט יאהר, א יאהר פון לעבין, פון געזונד אונ פרנסה בכבוד, מיר זאלען קענען ערציהען אונזערע קינדער בדרך הישר, אידין צו זאם אונ מענשין פאר דער וועלט אונ דער עיקר עס זאל שוין זיין גאולה שלמה במהרה, אמן

(פב"פ) שהלך לעולמו. בעבור שאתן בלי נדר צדקה בעד הזכרת נשמתו, בגן עדן תהא מנוחתו, לכן בעל הרחמים יסתירהו בסתר כנפיו לעולמים, ויצרור בצרור החיים את נשמתו, יי הוא נחלתו, וינוח על משכבו בשלום, ונאמר אמן:

אל מלא רחמים, גאט ברוך הוא וואס ער איז פול מיט דער בארימהקייט, ער רועט אין הימעל, מאך גרייכען איין רעכט רואונג אויף דעם באשיצונג פון דער שכינה, מיט היילינע און ריינע מעלות ווי דאס לויטערקייט פון הימעל זאל לייכטין די נשמה פון (מיין פאטער)(פב"פ) וואס ער איז גיגאנגען אין זיין עוויגקייט, פון וועגין וואס איך בין מנדב צדקה צו ליב מען האט דער מאנט זיין נשמה, זיין רואונג זאל זיין אין גן עדן, דרום וועגין דער צדקה זאל גאט ברוך הוא וואס ער איז איין דער בארעמיגער זאל ער אים בעשיצען אויף עוויג אונטער זיין פליגעל, און זאל איין בינדין אין בונד פון עוויגען לעבין זיין נשמה, גאט ברוך הוא איז זיין ארב, און זיין גוף זאל רוען אין קבר מיט שלום, און דרויף וועלין מיר אלע זאגין אמן:

לנקבה אל מלא רחמים שוכן במרומים, המצא מנוחה נכונה על כנפי השכינה, במעלות קדושים וטהורים כזהר הרקיע מזהירים, את נשמת (אמי מורתי) (פב"פ) שהלכה לעולמה, בעבור שאתן בלי נדר צדקה בעד הזכרת נשמתה, בגן עדן תהא מנוחתה, לכן בעל הרחמים יסתירה בסתר כנפיו לעולמים, ויצרור בצרור



פעל עגלה ווערט איין פרוש און דער פרוש אבעל עגלה, היינט וואס פאר אפנים קען דאס האבין?

ובפרט דעם היילינען טאג יום כפור דאס מיר זיינען גלייך ווי ים רייזענדער וואס זיי זיינען אריין אין די רעכטע טיפענעס פון ים און דער ים שטורעמט און קאכט, דאס יעדער מינוט איז דער לעבין אין סכנה, ראש השנה איז נור געווען די כתיבה אבער יום כפור איז די חתימה וואס די וועלט ציטערט פאר דעם היילינען יום הדין, לאמיר ריין מאכין אונזערע מחשבות פון די וועלטליכע זאכין און אריין טאן זיך אין די היילינע גידאנקען פון די תפלות ותחנונים. און לאמיר אלע באנאנד דאוונען מיט גרוים כונה און זיינען אנ־

וואס זייַנען גיגאַנגען אויף די אֱמֶת'ה וועלט, אום ווילין דאס איך וועל געבין בלי נדר צדקה פון זייערט וועגין, פאר דעם שׂכר זאָלין זייערע נשמות רוהען אין גן עדן מיט די נשמות פון אַבְרָהָם יִצְחָק וְיַעֲקֹב, שָׂרָה רִבְקָה רָחֵל וְלֵאָה, און די אַנדערע צדיקים די זייַנען אין גן עדן, און מיר וועלין זאָגין אָמֵן:

# יִזְכּוֹר אֱלֹהִים נִשְׁמַת (פב"פ) וְנִשְׁמַת כָּל קְרוֹבַי וּקְרוֹבוֹתַי, הֵן מִצַּד אָבִי וְהֵן מִצַּד אִמִּי, הֵן שֶׁהוּמְתוּ הֵן שֶׁנֶּהֶרְגוּ הֵן שֶׁנִּשְׁחֲטוּ וְשֶׁנִּשְׂרְפוּ וְשֶׁנִּטְבְּעוּ וְשֶׁנֶּחְנְקוּ עַל קִדּוּשׁ הַשֵּׁם, בַּעֲבוּר שֶׁאֶתֵּן בְּלִי נֶדֶר צְדָקָה בְּעַד הַזְכָּרַת נִשְׁמוֹתֵיהֶם, וּבִשְׂכַר זֶה תִּהְיֶינָה נַפְשׁוֹתֵיהֶם צְרוּרוֹת בִּצְרוֹר הַחַיִּים, עִם נִשְׁמַת אַבְרָהָם יִצְחָק וְיַעֲקֹב, שָׂרָה רִבְקָה רָחֵל וְלֵאָה, וְעִם שְׁאָר צַדִּיקִים וְצִדְקָנִיּוֹת שֶׁבְּגַן עֵדֶן, וְנֹאמַר אָמֵן:

יִזְכּוֹר דו זאָלסט געדיינקען גאָט, די נשמה פון דעם ועלביגען (פב"פ) און די נשמות פון אַלע מיינע פריינד, פון מיינע פריינדס פריינד, סיי פון מיין פאָטערס צד, סיי פון מיין מוטערס צד, די וואס זייַנען גישטאָרבין אויף זייער בעט, און אויך די וואס ניט אויף זייער בעט, זאָלסטו הַיינט געדיינקען אום ווילין וואס איך וועל געבין בלי נדר צדקה וועגן זייערע נשמות, פאר דעם שׂכר זאָלן זייערע נשמות רוהען אין גן עדן מיט די נשמות פון אברהם יצחק ויעקב, שׂרה רבקה רחל ולאה און אַנדערע צדיקים די אין גן עדן זייַנען, אָמֵן:

לזכר **אֵל מָלֵא רַחֲמִים**, שׁוֹכֵן בַּמְּרוֹמִים, הַמְצֵא מְנוּחָה נְכוֹנָה עַל כַּנְפֵי הַשְּׁכִינָה, בְּמַעֲלוֹת קְדוֹשִׁים וּטְהוֹרִים כְּזוֹהַר הָרָקִיעַ מַזְהִירִים, אֶת נִשְׁמַת (אָבִי מוֹרִי)

---

מעשה אלפס

פיטן (אָדָם יְסוֹדוֹ מֵעָפָר וְסוֹפוֹ לֶעָפָר) דאס הייסט דער גוף וואס ער ווערט אָן גערופן „אָדָם" (לְשׁוֹן אֲדָמָה) ווייל זיין גאַנצער יְסוֹד פון אָנהויב ביז סוף איז נור דורך אויס ערד, און דרום דאַרף ער אויך אַרבייטן און בּעזאָרגן דא אין דעם ערדישען און פראַכטין לעבן, אָבער עס לאָזט זיך גאר אויס אין היפך, היינו ער לעריגט און דאַוונט בּלוֹמרשט און בנפשו יביא לחמו) זיינע ברויט שאַפט ער זיך גאר איין מיט זיין נפש, כּלוֹמר, מיט מחשבה און שׂכל פון די נשמה. דאס הייסט דער

בעל

נאך אין מוטער זאגט מען דאס:

**יזכור אלהים נשמת אמי מורתי (פב"פ) שהלכה לעולמה, בעבור שאתן בלי נדר צדקה בעדה, ובשכר זה תהא נפשה צרורה בצרור החיים, עם נשמת אברהם יצחק ויעקב, שרה רבקה רחל ולאה, ועם שאר צדיקים וצדקניות שבגן עדן, ונאמר אמן:**

יזכור דו זאלסט געדיינקען גאט, די נשמה פון מיין מוטער, די הייסט מיט איר נאמען (פב"פ) דאס זי איז אוועק אויף די אמת'ע וועלט, זאלסטו היינט איר גידיינקען אום ווילען דאס איך וועל געבין בלי נדר צדקה פון אירעט וועגין, אונ פאר דעם שכר זאל איר נשמה רוען אין גן עדן מיט די נשמות פון אברהם יצחק ויעקב, שרה רבקה רחל ולאה, אונ אנדערע צדיקים אונ צדקניות די זיינען אין גן עדן, אונ מיר וועלין זאגין אמן:

אויף אנדערע קרובים זאגט מען דאס:

**יזכור אלהים נשמת אבי ואמי, זקני וזקנותי, דודי ודודותי, אחי ואחיותי, בין מצד אבי, בין מצד אמי שהלכו לעולמם, בעבור שאתן בלי נדר צדקה בעדם, ובשכר זה תהיינה נפשותם צרורות בצרור החיים, עם נשמת אברהם יצחק ויעקב, שרה רבקה רחל ולאה, ועם שאר צדיקים וצדקניות שבגן עדן, ונאמר אמן:**

יזכור דו זאלסט געדיינקען גאט, די נשמה פון מיין עלטער פאטער אונ מוטער, ברידער אונ שוועסטער, פעטערס אונ מומעס

---

מעשה אלפס.

* בכדי וויך צו מאכין אונזער הארץ אונ פייכט צו מאכין איר מיט הייליגע גידאנקען, פאר ברויכין מיר נאר די גידאנקען אויף הבלים אין די פראסטע וועלטליכע שווינדלעריי אונ תאוות, דער היפך ווי עס דארף זיין כאמת, אונ ווי עס איז גיוועז פאר צייטין, דאס דער גוף האט גיאקערט די ערד, גיזייט, געשניטען תבואה, אדער אנדערע האנד ארבייט, ווי אונזערע חכמים זיינען געוועזן פיל פון זיי בעלי מלאכות, מיט דיא הענד האבין זייא גיטאן דיא מלאכה אונ דער מוח איז גיוועזן זאריין גיטאן אין היילעגע רעיונות פון חכמת התורה אונ תפלה בכונה, דאס באקלאגט זיך דער

פייטן

ווי דער טויט, אונ מיר זאלין זוכה זיין מגדל צו זיין אונזערע קינדער צו דער הייליגע תורה, זיי זאלן זיין פרום צו גאט אונ גוט צו מענשין, איר הייליגע נשמות פאר דעם זכות וואס מיר גיבין צדקה פון אייערט וועגן, בעט פאר אונז השם יתברך, ער זאל אונז שטארקין אונזערע הערצער צו גיין אין זיין רעכטע וועג, מיר זאלען ניט פערטרונקען ווערין אין די תאוות פון דער וועלט, מיר זאלען ניט פערפיהרט ווערען פון יצר הרע, בזכות אונזערע אבות הקדושים אברהם יצחק ויעקב אונ בזכות אונזערע אמהות שרה רבקה רחל ולאה, אונ בזכות די נשמות פון אלע צדיקים אונ צדקניות, אונ מיר זאלין זוכה זיין צו זעהן, בנין בית המקדש אונ תחיית המתים במהרה בימינו, אמן.

# סדר הזכרת נשמות.

מען איז זיך נוהג צו דער מאנען די נשמות פון די עלטערין אין שלש רגלים אונ אום יום כפור אונ מען זאגט צו צו געבין צדקה וועגין זיי.

נאך איין פאטער זאגט מען דאס:

יזכור אלהים נשמת אבא מורי (פב"פ) שהלך לעולמו בעבור שאתן בלי נדר צדקה בעדו, ובשכר זה תהא נפשו צרורה בצרור החיים, עם נשמת אברהם יצחק ויעקב, שרה רבקה רחל ולאה, ועם שאר צדיקים וצדקניות שבגן עדן, ונאמר אמן:

יזכור דו זאלסט געדיינקען גאט, די נשמה פון מיינעם פאטער ער הייסט מיט זיינעם נאמען (פב"פ) דער דא איז גיגאנגען אויף די אמת'ע וועלט, זאלסטו גידיינקען אים אום ווילין דאס איך וועל געבין בלי נדר צדקה פון זיינעט וועגין, אונ פאר דעם שכר זאל זיין נשמה רוהען אין גן עדן מיט די נשמות פון אברהם יצחק ויעקב, שרה רבקה רחל ולאה אונ אנדערע צדיקים אונ צדקניות וואס זיינען אין גן עדן אונ מיר ווען זאגין אמן.

---

מעשה אלפס

אונז בעונותינו הרבים איז נאר דער הויפט אין די ענינים פון הייליגע מחשבות פאר. אין עבודת השם דער גוף, (דער חומר) ברויכען דאס צו תורה ותפלה באטראכטין אונ די נשמה וואס איר עסק דארף זיין יעדער עטרט פון דאוונען ווי הויך ער איז

כבדי

איך , בעטין מיר אייך איר זאלט אן אונז אויך ניט פאר געסן, ווי מיר פאר געסין ניט אן אייך , איר זאלט ניט פר געסן אן אייערע קינדער וואס איר האט געלאזין אויף דער וועלט , וואס איר האט זיי אויף גיהאדעוועט מיט מאטערניש , מיט צער אונ מיט טרערן, וואס איר האט זיי געמאסטין אונ געוואגען , אונ איר האט פון זיי ניט אראפ גענומען אייערע אויגען , זאלט איר היינט אויך פון אונז ניט אראפ נעמען אייערע אויגין , איר זאלט אייך דער מאנען אויף אונז אונ אויף אונזערע מאנען אונ אויף אונזערע קינדער , איר זאלט אייך ערוועקין פון אייער הויכע אונ היליגע רוהע , אונ איר זאלט זיין פאר אונז גוטע מליצים פאר השם יתברך , איר זאלט בעטין פאר אונז דעם אלמעכטיגען גאט , ער זאל זיך מיט אונז ניט באגיין חלילה מיט דין, אונ אויף צו זוכין פון אונז זיינע חובות, נור ער זאל זיך מיט אונז באגיין מיט חסד אונ רחמים , ער זאל אונז מוחל זיין אונזערע זינד , אונ אונזערע תפלות זאלין אן גינומען ווערין , ער זאל אונז העלפין אין אונזערע נויטין (יום כפור זאל מען זאגין ער זאל אונז חתמנן צום לעבען) ער זאל אונז דער לייגערין די יארן . אונז אונ אונזערע מאנען אונ קינדער אונ אונזערע ברידער אונ שוועסטער אונ אונזערע קרובים אונ אלע גוטע פריינד , מיר זאלען ניט אפ געריסען ווערען פון דער וועלט אן אצייט , אונזערע קינדער זאלען זיך חלילה ניט האדעווען ביי אפרעמדע מוטער , אונ מיר זאלען אויך קיין אלמנות ניט בלייבן , אונ אונזערע קינדער זאלען ניט בלייבין קיין יתומים , אונזער זוהן זאל ניט פינצטער ווערין אין מיטין טאג , מיר זאלין ניט וויסין פון קיין טרויער אונ פון קיין בראך , אונזערע קינדער זאלען ביי אונז אין גאנצין זיין , עס זאל פון אונזער שטוב קיינער ניט פעלין , אונ צו אלע אלמנות אונ יתומים זאל גאט ב"ה זיין אפאטער אונ אבאשיצער, ער זאל היילען אלע צובראכענע הערצער , ער זאל אונז צו שיקען פרנסה בכבוד אונ עושר , מיר זאלען ניט באדארפין אן רירען אפרעמדין , אונ מיר זאלען ניט קומען צו שאנד , וואס דאס איז גלייך

מעשה אלפס

מאבין אפיטע הסכמה נאך אמאל ניט אום זיך ניט אזוי נוהג , דרום טרעפט אפט אז קערין זיך צוא דיא שלעכטע וועג אונ מיר שרייען אונ שרייען אונ דאך ווערין נאכהער וועלין זיי מתפלל זיין , דאן מיר ניט גיענטפערט, גלייך ווי אקרבן אין זאלכטו זיי ענטפערין , אונ עייל מיר זיינען תשובה איז קיין תפלה ניט גיוועז . דיא

אונז

יְהִי רָצוֹן מִלְּפָנֶיךָ, עֶס זָאל זַיין דֶער ווילִין פוּן דִיר גָאט ב"ה דוּ זָאלְסְט עֶפֶענֶען דִי טוֹיעֶרִין פוּן רַחֲמִים, אוּנ זָאלְסְט עֶרְוֶועקִין הַיינְטִיגֶען טָאג דַיינֶע עֶרְבַּארִימְקַייט אוֹיף דִי הֵיילִיגֶע נְשָׁמוֹת, דוּ זָאלְסְט זֵיי דֶעם טָאג דֶערְמָאנֶען אוּנ דֵיינְקֶען צוּ דֶער הוֹיבֶּען אוּנ צוּ דֶער הוֹיכֶען זֵיי, צוּ גֶעבִּין זֵיי מְנוּחָה צְווִישֶׁען דִי הֵיילִיגֶע נְשָׁמוֹת פוּן צַדִּיקִים אוּנ צַדְקָנִיּוֹת, בִּזְכוּת דִי תְּפִלּוֹת וָואס מִיר וֶוענֶען מִתְפַּלֵּל, בִּזְכוּת דִי הֵיילִיגֶע תּוֹרָה וָואס מֶען הָאט גִילֵייעֶנְט וּבִזְכוּת דִי צְדָקָה וָואס מִיר זַיינֶען מְנַדֵּב. וְעַה אוּנ פַאְרנֶעם דִי טְרֶערִין וָואס וֶוערִין הַיינְטִיגֶען טָאג פַאר גָאסִין אִין אַלֶע שׁוּלִין אוּנ בָּתֵּי מִדְרָשִׁים, אוּנ פַאר נֶעם מַיינֶע טְרֶערִין אוֹיךְ, הֲגַם אִיךְ בִּין נִיט וֶוערְט, נָאר בִּזְכוּת תְּפִלַּת רַבִּים זָאלְסְטוּ מַיין גִיוֵויין אוֹיךְ הֶערִין, דוּ זָאלְסְט גֶעבִּין רוּהוּנְג צוּ אַלֶע הֵיילִיגֶע נְשָׁמוֹת אוּנ צוּ דִי הֵיילִיגֶע נְשָׁמָה פוּן מַיין ···· וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען מִיטֶען נָאמֶען ···· מַיינֶע בֵּייזֶע מַעֲשִׂים זָאלְסְטוּ אִיצְט נִיט דֶער מָאנֶען, אִיךְ זָאל נִיט גוֹרֵם זַיין חָלִילָה מִיט מַיינֶע שְׁלֶעכְטֶע מַעֲשִׂים צוּ עֶרְוֶועקִין דֶעם מִדַּת הַדִּין אוֹיף דִי נְשָׁמוֹת פוּן מַיינֶע עֶלְטֶערִין, וָואס הָאבִּין מִיר גִיבְּרַאכְט אוֹיף דֶער וֶועלְט, מַיינֶע זִינְד זָאלִין נִיט זַיין אַמְחִיצָה פַאר זֵייעֶרֶע נְשָׁמוֹת הַקְּדוֹשׁוֹת. דָאס זֵיי זָאלִין נִיט קֶענֶען קוּמֶען חָלִילָה צוּ זֵייעֶרֶע הֵיילִיגֶע מַדְרֵגוֹת. נוּר אוּנְזֶערֶע גוּטֶע מַעֲשִׂים זָאלְסְטוּ אוֹיף זֵיי דֶער וֶועקִין, דֶעם זְכוּת פוּן אוּנְזֶערֶע מִצְוֹת אוּנ דֶעם זְכוּת פוּן אוּנְזֶער צְדָקָה וָואס מִיר זָאגִין צוּ בְּלִי נֶדֶר צוּ גֶעבִּין, אוּנ בִּפְרַט דֶער זְכוּת פוּן אוּנְזֶערֶע קְלֵיינֶע קִינְדֶער. זָאל דֶער וֶועקְט וֶוערֶען אוֹיף דִי הֵיילִיגֶע נְשָׁמוֹת פוּן אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערִין, וָואס הָאבִּין אוּנְז גִיבְּרַאכְט אוֹיף דֶער וֶועלְט, אַז זֵייעֶרֶע נְשָׁמוֹת זָאלִין דֶער הוֹיכְט אוּנ דֶער הוֹיבִּין וֶוערִין, אוּנ בִּפְרַט זָאלְסְטוּ גָאט בָּרוּךְ הוּא דֶער הוֹיבִּין אוּנ אוֹיף בְּרֵיינְגֶען אוֹיף אַהוֹיכֶע מַדְרֵגָה דִי נְשָׁמָה פוּן מַיין ···· אוּנ דוּ זָאלְסְט צוּ נֶעמֶען מַיין גִיבֶּעט בְּרַחֲמִים, אָמֵן.

וְאַתֶּנָה נְשָׁמוֹת הַקְּדוֹשׁוֹת, אוּנ אִיר הֵיילִיגֶע נְשָׁמוֹת וָואס מִיר בֶּעטִין אוּנ מִיר זַיינֶען מִתְפַּלֵּל פוּן אַייעֶרְט וֶועגִין צוּ דֶער מָאנֶען

מעשה אלפס

גֶעזָאגְט, בְּעֵת עֶר הָאט גֶעבּוֹיט דֶעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אוּנ הָאט גֶעבֶּעטִין אַז וֶוער עֶם וֶועט קוּמֶען דָארְטִין מִתְפַּלֵּל זַיין זָאל הַשֵּׁי"ת אִים עֶנְטְפֶערִין, הָאט עֶר דָאן אִין זַיין תְּפִלָּה אוֹיסְגֶעדְרִיקְט מִיט דֶעם לָשׁוֹן וְשָׁבוּ אֵלֶיךָ וְהוֹדוּ אֶת שְׁמֶךָ וְהִתְפַּלְלוּ וְהִתְחַנְּנוּ וגו' וְאַתָּה תִּשְׁמַע, דָאס הֵייסְט וֶוען זֵיי וֶועלִין פְרִיעֶר תְּשׁוּבָה הָאבִּין פוּן זֵייעֶרֶע זִינְד אוּנ

מאבין

גליך נאך דעם טויט צו איר ערשטען ארט, עס איז איר די וועג ניט פארשטעלט און זי ווערט ניט אבגיהאלטען, דען דו שיקסט דיינע היילינע מלאכים זיי זאלין יענע נשמה צו נעמען און ברייננען גלייך צו דיר. און דו פרייסט דיך מיט איר, ווי אפאטער וואס האט באקומען צו וועהן זיין טייער קינד וואס האט אים אלאנגע צייט ניט גיזעהן, וואל און גוט איז יענע נשמה, צו איר תענוג און צו איר פארגעניגען איז גאר קיין גלייכען ניטא, אבער ווי עס איז באוואוסט, אז עס איז גאר אונמעגליך אז אמענש זאל טאן נאר גוטס און קיין מאל ניט זינדיגען, און די זינד מאכען נאך דעם טויט איין אייזערנע וואנט פאר די נשמה, זיי פארשטעלין איר די וועג און זי קען ניט ארויף גיין און קומען צו איר רוהע, און אנדערע מענשין ווערין חלילה צוגענומען פון דער וועלט אין די יונגע יארן, אדער פלוצלונג אום געריכט און זיי האבין נאך ניט פאריכט וואס זיי האבען באדארפט פאריכטען, דורך דעם קענען זייערע נשמות ניט גרייכען צוריק צו קומען צו זייער ערשטען היילינען ארט, און האבען קיין מנוחה ניט, אבער דו ביסט דאך אגאנץ פון חסד און פון רחמים, דו ערוועקסט דיינע רחמנות פיר מאל אין יאר, יום כפור, שמיני עצרת, פסח, שבועות, צו דיינקען און צו דער מאנען די נשמות און מעלה זיין זיי, עס זאל חלילה פון זיי קיינער ניט פארשטויסין ווערין און פארפאלין ווערין אין תהום, אין דיזע פיר צייטין איז דיינע ערבארימקייט גרוים צו ברייננען יענע נשמות צו זייער היילינע רוהע, צו דער הייבין זיי און ועצין זייא צווישין דיא היילינע נשמות פון אלע צדיקים קדושים וטהורים.

על כן, דרום קומען מיר יעצט אין איינע פון יענע פיר צייטען פאר דיר גאט ב"ה. מיט צו בראכענע הערצער. מיט הייסע טרערן, מיר וויינען און בעטין פון דיר אדון הנשמות, הער פון אלע נשמות דו זאלסט צו נעמען אונזער דאזיגע תפלה:

מעשה אלפס

האט נאך אים איבער געבעטין און אוים געבעטערט זיינע מעשים וועט ער שוין קומען צו אים ווידער בעטין. ער זאל אים נאך מער טובות טאן, דאס פארשטייט יעדער איינציגער אז עס איז נאריש אוים-פארשטעמט, דרום פארשטייט זיך דאס דער עיקר תפלה וואס עס איז גירעכינט ביי אונז אנשטאט קרבנות) איז נור גישטעלט באופן עס זאל פאר דעם זיין ארעכטע תשובה, ווי שלמה המלך האט

וואס זייער נאמען הייבט זיך אן מיט איין רי"ש, אונ זאלסט אונז געדיינקען דעם זכות פון דעם הייליגען יום כפור וואס זיין נאמען לאזט זיך אויס מיט איין רי"ש.

יעלה עס זאל אויף גיין פאר דיר מיין פאטער וואס אין הימעל, וואס איך קום יעצט זיך מתודה זיין פאר דיר אויף אלע מיינע חטאים עונות ופשעים, וואס זייער נאמען הייבט זיך אן מיט איין שי"ן, אונ זאלסט אונז גידיינקען דעם זכות וואס מיר טוען אלע טאג זאגען דעם פסוק שמע ישראל, וואס ער הייבט זיך אויך אן מיט איין שי"ן.

יעלה עס זאל אויף גיין פאר דיר מיין פאטער וואס אין הימעל מיינע הארץ שמערצין אונ לייד וואס איך האב פון אלע מיינע חטאים ועונות ופשעים וואס זייער נאמען הייבט זיך אן מיט איין תי"ו, אונ זאלסט אונז מזכה זיין מיר זאלען "תשובה" טאן אויף אלע אונזערע זינד, אונ מיר זאלין מקיים זיין נאר דיין הייליגע "תורה" (מיט דעם תי"ו הייבט זיך אן תשובה אונ תורה). אונ אליהו הנביא (וואס ער הייסט "תשבי") זאל קומען במהרה בימינו, אמן.

## תחנה פאר הזכרת נשמות.

רבונו של עולם, הער פון דער וועלט, וואס דו האסט באשאפען דעם מענשין אגוף מיט א נשמה, דער גוף איז שטויב פון דער ערד אונ די נשמה איז גינומען גווארן פון אונטער דיין הייליגען כסא הכבוד, אונ ווען דער מענש שטארבט שיידין זיי זיך פאנאנדער, יעדערער גייט אוועק צו זיין ארט, דעם גוף לייגט מען אריין אין קבר אונ ער ווערט אום גיקערט צו ערד, אונ די הייליגע נשמה פליהט אוועק צוריק צו איר הייליגען רוהונג, צו איר הייליגען וואוהנונג פון וואנען זי איז גענומען געווארען. (אשרי האיש) וואל אונ גוט איז צו יענעם וועלכער האט גוטס געטאן אין די צייט פון זיין לעבען, ער האט ערפילט וואס דו האסט גיבאטען אין דיין הייליגע תורה, ער איז גיוועזן פרום צו גאט אונ צו לייטען, יענע נשמה קומט

---



מיר (סחורת גרוים געוואונהייט) דאוונען אונ מיר בעטען מיט די וועלבע אומריינגע מויל אויף אניט יאהר אונ פרנסה והצלחה, מערעך מיר זייען די וועלבע זקדינגער ווי פאר דעם, איז דען מעגליך דאס אמענש וואס ער האט ווידער גישפעניגט קענין אין ער וועלבער האט שטענדיג מיט אים גרויסע חסדים געטאן אונ תיכף אידער ער

האט

**יעלה** עס זאל אויף גיין פאר דיר מיין פאטער וואס אין הימעל, מיין גישריי וואס איך טו שרייען ווי אויף מיינע חטאים ועונות ופשעים וואס איך האב גיטאן אין דער צייט פון מיין לעבין, וואס זייער נאמען הייבט זיך אן מיט דעם אות ע״ן, וואס עס באטרעפט זיבעציג, אונ דו זאלסט אונז געדיינקען דעם זכות פון דוד המלך וואס האט געלעבט זיבעציג יאהר.

**יעלה** עס זאל אויף גיין פאר דיר מיין פאטער וואס אין הימעל, וואס איך בין געקומען אין דיין הייליגער שול בעטין פון דיר דו זאלסט מיר מוחל זיין אלע מיינע חטאים ועונות ופשעים, וואס זייער נאמען הייבט זיך אן מיט איין פ״א, וואס עס באטרעפט אכציג, אונ זאלסט אונז גדיינקען דעם זכות פון משה רבינו וואס ער איז אלט געווען אכציג יאהר אין דער צייט וואס דו האסט דורך אים געטאן גרויסע וואונדער אין מצרים (ומשה בן שמונים שנה בעמדו לפני פרעה).

**יעלה** עס זאל אויף גיין פאר דיר מיין פאטער וואס אין הימעל, מיין גרויסע קלאג אונ זיפצען וואס איך טו קלאגין אויף אלע מיינע חטאים ועונות ופשעים, וואס זייער נאמען הייבט זיך אן מיט א צדי״ק, וואס עס באטרעפט ניינציג, אונ דו זאלסט אונז דער מאנען דעם זכות פון אונזער מוטער שרה, וואס דו האסט איר גיענטפערט מיט א קינד צו ניינציג יאהר.

**יעלה** עס זאל אויף גיין פאר דיר מיין פאטער וואס אין הימעל, מיינע ביטערע גישרייען וואס איך טו שרייען פון מיין טיפען הארץ אויף אלע מיינע חטאים ועונות ופשעים, וואס זייער נאמען הייבט זיך אן מיט איין קו״ף, וואס עס באטרעפט הונדערט, אונ זאלסט אונז געדיינקען דעם זכות פון אברהם אבינו וואס ער האט געגלויבט אין דיר אונ דו האסט אים גיגעבין צו הונדערט יאר א זוהן יצחק.

**יעלה** עס זאל אויף גיין פאר דיר מיין פאטער וואס אין הימעל, וואס איך האב יעצט חרטה אויף אלע מיינע חטאים ועונות ופשעים,

---

מעשה אלפם

צונג, היינו לשון הרע, רכילות, קללות דורך ווי זיינען מיר רעדעטע מודים קענין אונ שבועות אונ דברים בטלים (פוסטע הש״ת, דאס ווערט אין די וועלכע מינוט נארישע רייד) מיר עבירות וואס ניהער האס מיר דינדיגען דאמאלסט ניט דר איז קענין לייטן, איבער די הארבע עבירות וואס חיות אונ כח. אונ אין אזעלכע ארום גייען

ייד

אויף אַלע מיינע חטאים ועונות ופשעים, וואס זייער נאָמען הייבט זיך אָן מיט אַבָּ"ף, וואס דאס באַטרעפט צוואַנציג, אונ זאָלסט אונז גידיינקען דעם זכות פון דעם קדשי הקדשים וואס איז גיוועזן בּרייט צוואַנציג א"לין.

יַעֲלֶה עס זאָל אויף גיין פאַר דיר מיין פאָטער וואס אין הימעל, מיינע הייסע טרערין וואס טוען רינען פון מיינע אויגען אויף די חטאים ועונות ופשעים וואס איך האב גיטאָן אַגאַנץ יאָר וואס זייער נאָמען הייבט זיך אָן מיט אַלמ"ד, אונ זאָלסט אונז גידיינקען דעם זכות וואס מיר זיינען היינטיגען חודש מסיים די הייליגע תורה וואס לאָזט זיך אויס מיט דעם אות למ"ד פון וואָרט „ישראל".

יַעֲלֶה עס זאָל אויף גיין פאַר דיר מיין פאָטער וואס אין הימעל, וואס איך האב יעצט חרטה אויף אַלע מיינע חטאים ועונות ופשעים, וואס איך האב מיט זיי ווידער גישעפּעניגט אַקעגין דיין ליבען נאָמען, וואס זיי הייבען זיך אָן מיט איין מ"ם וואס באַטרעפט פערציג, אונ זאָלסט אונז גידיינקען דעם זכות פון משה רבנו וואס ער איז פערציג טעג אין הימעל געוועזן צו מקבל זיין דיין הייליגע תורה.

יַעֲלֶה עס זאָל אויף גיין פאַר דיר מיין פאָטער וואס אין הימעל, מיין גרויסע קלאָג אונ יאָמער וואס איך טוא יעצט קלאָגין אויף מיינע חטאים ועונות ופשעים וואס זייער נאָמען הייבט זיך אָן מיט איין נו"ן, וואס עס באַטרעפט פופציג, אונ זאָלסט אונז גידיינקן דעם זכות ווס מיר האָבין די תורה מקבל געוועזן צו פופציג טעג פון אונזער אַרויס גיין פון מצרים.

יַעֲלֶה עס זאָל אויף גיין פאַר דיר מיין פאָטער וואס אין הימעל, מיין גרויס בושה אונ חרפּה וואס איך שעם מיך דרויף וואס איך האב ווידער גישעפּעניגט אַקעגין דיר מיט חטאים ועונות ופשעים, וואס זייער נאָמען הייבט זיך אָן מיט איין סמ"ך, וואס עס באַטרעפט זעכציג, אונ זאָלסט אונז גידיינקען דעם זכות פון די מצות ומעשים טובים וואס דיין ליב פאָלק ישראל טוען אין די זעכציג טעג פון די צוויי חדשים אלול אונ תשרי.

מעשה אלפס

מיר זיינען דאך שותפים אין אַלעם, דעם בייזע מעשים אונ ווער רעדט שוין ווען נמשל איז אַהייבטיגער מוסר וואס ניהער צו ניט ריינע נידאַנקען וואס יעדער ווייס בּיי תשובה ותפלה אין דעם הייליגן יום כפור, זיך, היינו תאוה, קנאה, שנאה, אונ די ווען מיר זאָלין גוט באַטראַכטין אונזערע פינצטערע מעשים וואס מען טוט מיטן

יעלה עס זאל אויף גיין פאר דיר מיין פאטער וואס אין הימעל, מיין הארץ ווייטאג אויף אלע מיינע חטאים ועונות ופשעים וואס איך האב מיט זיי פאר אום ווירדיגט מיין נשמה, וואס זייער נאמען הייבט זיך אן מיט איין ני"ן, אונ זאלסט אונז ליבער גאט גידיינקען דעם זכות פון דעם ליבען שבת קודש, וואס ער איז דער זיבעטער טאג פון דער וואך.

יעלה עס זאל אויף גיין פאר דיר מיין פאטער וואס אין הימעל, מיין אונטער טעניגקייט וואס איך בין יעצט געקומען פאר דיר, וואס איך טו מיך באדיינקען וואס איך האב גיטאן אויף מיין לעבין פיל חטאים ועונות ופשעים, וואס זייער נאמען הייבט זיך אן מיט א חי"ת, וואס דאס איז דאס אכטע אות פון אלף בית, אונ זאלסט אונז געדיינקען דעם זכות וויא מיר טוען מל זיין אונזערע זין דעם אכטין טאג.

יעלה עס זאל אויף גיין פאר דיר מיין פאטער וואס אין הימעל, מיין קול פון גיוויין וואס איך בין יעצט געקומען צו שרייען אונ וויינען אויף מיינע חטאים ועונות ופשעים, וואס זייער נאמען הייבט זיך אן מיט איין טי"ת, וואס דאס איז דאס ניינטע אות פון דעם אלף בית, אונ זאלסט אונז געדיינקען דעם זכות פון דיא צדקה וואס מיר האבין צו טיילט היינט אין דעם נייגטין טאג פון דעם חודש.

יעלה עס זאל אויף גיין פאר דיר מיין פאטער וואס אין הימעל, דאס פאר ביטערניש פון מיין הארץ וואס עס איז פאר ביטערט אונ פאר זארגט אויף אלע מיינע חטאים ועונות ופשעים, וואס איך האב גיטאן פון מיין גיבארין אן ביז אהער, וואס זייער נאמען הייבט זיך אן מיט איין יו"ד, וואס דס איז דאס צעהנטע אות פון דעם אלף בית, אונ זאלסט אונז געדיינקען דעם זכות וואס מיר היילגען דעם טאג יום כפור, וואס ער איז דער צעהנטער טאג אין דעם חודש.

יעלה עס זאל אויף גיין פאר דיר מיין פאטער אין הימיל וואס איך טו פאר גיסען פיל תפלות ובקשות צו בעטין סליחה מחילה וכפרה

---

מעשה אלפס

אלטער איז גוט פריילך גיווארין הייבט פאטאזירער וואוהין מען דארף, אונ וואס ער שפאנען די טרויקע פערד אונ זאגט צום ווערט איר טאן? יפרעגט דער פרוש פאר- לכרן דערלאנגענדיג אים דעם בייטש גיבער וואונדערט, איך וועל אהועק גיין אין בית וועט זיך אויפ'ן קעלנע אונ פארט מיט די המדרש ,ענטפערט דער בעל עגלה, דען

**יעלה** עס זאל אויף גיין פאר דיר מיין פאטער אין הימל, מיינע שמערצען וואס איך האב פון מיינע זינד וואס איך האב געטאן אגאנץ יאר, וואס זייער נאמען הייבט זיך אן מיט איין בי"ת, אונ זאלסט אונז גידיינקען דעם זכות וואס מיר האבען מקבל גיוועזו דיין תורה וואס זי הייבט זיך אן מיט איין בית פון בראשית.

**יעלה** עס זאל אויף גיין פאר דיר מיין פאטער אין הימעל, מיינע הייסע טרערען וואס איך טו יעצט פאר גיסען דרויף וואס איך האב ווידער נישפעניגט אקעגין דיר מיט די חטאים ועונות ופשעים, וואס זייער נאמען הייבט זיך אן מיט איין גימיל, וואס באטרעפט דריי, אונ זאלסט אונז גידיינקען דעם זכות פון די דריי אבות הקדושים אברהם יצחק ויעקב.

**יעלה** עס זאל אויף גיין פאר דיר מיין פאטער אין הימעל, מיינע גרויסע זיפצען אונ קלאגען וואס איך טו יעצט קלאגען מיט איין ביטער הארץ אויף אלע מיינע חטאים ועונות ופשעים, וואס איך האב גיטאן ביז אהער, וואס זייער נאמען הייבט זיך אן מיט איין דל"ת, וואס עס באטרעפט פיר, אונ זאלסט אונז גידיינקען דעם זכות פון די פיר אמהות הקדושות, שרה רבקה רחל ולאה.

**יעלה** עס זאל אויף גיין פאר דיר מיין פאטער אין הימעל מיינע תפלות ובקשות וואס איך בעט פאר דיר אויף מיינע חטאים ועונות ופשעים, וואס איך האב גיטאן אגאנץ יאר, וואס זייער נאמען הייבט זיך אן מיט איין ה"א, אונ זאלסט אונז גידיינקען דעם זכות וואס מיר טוען לערנען די פינף הייליגע חומשים פון דיין תורה הקדושה.

**יעלה** עס זאל אויף גיין פאר דיר מיין פאטער וואס אין הימעל, וואס איך קום יעצט פר דיר זיך מתודה זיין דרויף וואס איך האב פאר אום ריינינט מיין נשמה מיט די חטאים ועונות ופשעים, וואס זייער נאמען הייבט זיך אן מיט או"ו, אונ זאלסט גידיינקען צו דיין ליבע פאלק ישראל דעם זכות וואס זיי טוען לערנען די זעקס סדרים משניות, וואס דאס ווערט אן גערופען תורה שבעל פה.

---

מעשה אלפס

רופין איין געוויסען למדן (אפרוש פון בית המדרש) אונ שליכט מיט אים, עס זאל זיין די ביידע ריכטיגע שותפות, הן אין תורה, הן אין סחורה, מען שרייבט זיך אב, אונ דער צו לאזט דער בעל עגלה מאכן אפיינעם קאלצייט, נאכהער ווי דער

אלפער

פלעקט אונזערע נשמות, אונ דאס פיינעגען אלס מיר מוזין אן שיך גיין, זאל עס מכפר זיין וואס מיר זיינען געלאפין מיט אונזערע פיס צו ביזין, אונ מיר האבין גיטאן אונפאסיגע מעשים וואס מיר זיינען ווערט גיוועזין חרם חס ושלום, אונ ווער אין חרם איז מוז ער גיין אן שיך. אונ וואס מיר מוזען זיך אפ שיידען פון אונזערע מאנען, זאל מכפר זיין וואס מיר האבען פארבראכין אין די ענינים פון צניעות וואס גיהער צווישען מאן אונ ווייב, אונ איבער דעם האבין מיר פארפלעקט אונזערע קינדער אונ געבראכט צו פארלייגערין דעם גלות, דרום ליבער גאט דער וועקדיין דער בארימקייט אונ נעם אן אונזער תשובה אונ העלף אונז צו אגוט יאהר, צום לעבין אונ צו גיזונד אונ צו איין גרינגע פרנסה, אונ זאלסט אונז געבין איין לב טהור, מיר זאלען דיך דינען מתוך הרחבת הלב, אונ זאלסט אונז פאר גרינגערין דעם יאך פון אונזערע צרות, ווארום מיר האבען שוין קיין כח ניט אוים צו שטיין, מיר האבען ניט פאר קיינעם אונזער ביטער הארץ אוים צו ריידן, אונ מיר נעמען דאס אלץ אן באהבה, פילייכט וועסטו דיך שוין דער בארימען איבער דיין ארימע פאלק אונ וועסט זעהן אונזערע פיין, אונ גינעהן די גאולה אז מיר זאלין דאס יאר אוים גילייזט ווערין, אונ דער בית המקדש זאל געבויט ווערען אין אונזערע טעג, אמן סלה.

# תחנה נאך תפלת יעלה.

די תחנה זאגט מען יום כפור ביי נאכט נאך כל נדרי ווען דער חזן זאגט אפ יעלה,

## יעלה לפניך אבי שבשמים.

עס זאל אויף גיין פאר דיר מיין פאטער וואס אין הימעל, מיין וויינען אונ קלאגין פון מיין ביטער הארץ אויף אלע מיינע חטאים ועונות ופשעים וואס זייער נאמען הייבט זיך אן מיט איין אל"ף (אשמנו) וואס עס באטרעפט איינס, אונ זאלסט אונז גידיינקען דעם זכות וואס מיר טוען איינציגען דיין נאמען (ה' אחד).

---

מעשה אלפס

עס איז שוין צייט אנהייבין צו זארגין אויף אזא לאנגע ריזע וואס קיין קרעצמעס זענין די לאנגע אונ גרויסע וועג ניטא וואו צו קויפן שפייז, מ'דארף פארין צו די טויזנע וועלט, מ'דארף אלעס צוא גרייטין ביין ארוים מ'דארף עפעס צו גרייטין שפייז אונ הוצאות פארין פון דאנען. האט ער גישיקט

רופין

רבש"ע, דוּ בִּיסְט (אָב הָרַחֲמָן וְהַסְּלִיחוֹת) דֶער פָאטֶער פוּן רַחֲמָנוּת
אוּנ פַאר גֶעבוּנְג אוּנ הֵייסְט ,אֵל רַחוּם וְחַנּוּן אֶרֶךְ אַפַּיִם", אִיךְ
קוּם פַאר דִיר מִיט אַ אַיין גֶעבּוֹיגֶענֶע קָאפּ, מִיט אַ צוּבְּרָאכִין הַארְץ,
מִיט גְרוֹיס פָארְכְט אוּנ מִיט גְרוֹיס צִיטֶערְנִשׁ, אוּנ בֶּעט מְחִילָה וּסְלִיחָה
וְכַפָּרָה אוֹיף מַיינֶע זִינְד וָואס אִיךְ הָאב גִיטָאן אַגַאנְץ יָאהר, סַיי אִיךְ הָאב
גִיטָאן גֶערְין אָדֶער אוּם גֶערְין, אִיךְ וֵויים אַז מֶען קוּמְט דִיךְ בֶּעטִין
מוּזִין דִי גוּטֶע מַעֲשִׂים מְלִיצִים זַיין, דֶען דִיא צְדָקוֹת פוּן דֶעם מֶענְשׁ
טוּט מַמְלִיץ זַיין אוֹיף אִים, אוּנ אִיךְ הָאבּ קֵיין גוּטֶע מַעֲשִׂים אוּנ אוֹיךְ
קֵיין צְדָקוֹת גִיטָאן, אוּנ קֵיין גְמִילוּת חֶסֶד אוּנ רֶעכְט פְרוּמְקַייט ג"ז
אִין מִיר גָאר נִיטָא, עֶס אִיז מִיר וֵויי דֶערִיבֶּער, מִיט וָואס פַא"ר
אַ פָּנִים שְׁטֶעל אִיךְ מִיר פַאר דַיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען, נָאר מַיין גַאנְצֶע
הָאפֶענוּנְג אִיז אוֹיף דִיר, אַז אִין דֶער צַייט וֶוערִין גִיעֶפִינְט דִי טוֹיעֶרִין
פוּן רַחֲמִים, אוּנ הָאסְט אוּנְז גִיגֶעבִּין דֶעם טָאג פוּן יוֹם כִּפּוּר צוּ פַאר
גֶעבִּין אוּנְזֶערֶע זִינְד, אוּנ הָאסְט אוּנְז גִיבָּאטִין דֶעם טָאג פִינְף עִנּוּיִם,
אֵיינְם אִיז, מִיר טָארִין נִיט עֶסִין אוּנ טְרִינְקֶען, דָאס אַנֶדערֶע מִיר טָארִין
זִיךְ נִיט וַואשִׁין, דָאס דְרִיטֶע מִיר טָארִין זִיךְ נִיט שְׁמִירֶען מִיט אֵייל,
דָאס פֶערְטֶע מִיר טָארִין נִיט גֵיין אִין שִׁיךְ (סיי אין שטוב און סיי אין שול)*,
דָאס פִינְפְטֶע מִיר מוּזִין זִיךְ פוּן אוּנְזֶערֶע מַאנֶען אָפּ שֵׁיידִין, דִי פִינְף
זַאכִין זָאלִין אַיין כַּפָּרָה זַיין אוֹיף אוּנְזֶערֶע עֲוֹנוֹת, דָאס פַיינִיגֶען פוּן
עֶסִין אוּנ טְרִינְקֶען זָאל זַיין אַ כַּפָּרָה וָואס מִיר הָאבֶּען דוּרְכִין יָאהר
גִיגֶעסִין אוּנ גֶעטְרוּנְקֶען אָן דֶרֶךְ אֶרֶץ פוּן דֶער תּוֹרָה, הַיינוּ פִיל מָאל
אָן גִיוַואשִׁן, פִיל מָאל אָן אַ בְּרָכָה רִאשׁוֹנָה וְאַחֲרוֹנָה, פִיל מָאל נִיט אָב
גֶעהִיט רִיכְטִיג כַּשְׁרוּת ווִי גִיהֶערִיג אִיז, בֶּעט אִיךְ דִיר אַז דוּרְךְ דֶעם
וָואס אוּנְזֶער קֶערְפֶּער וֶוערְט דֶער הִיצְט פוּן דֶעם פַאסְטֶען, דוּרְךְ
דֶעם פַייעֶר זָאל גֶעלַייטֶערְט וֶוערֶען אוּנְזֶערֶע נְשָׁמוֹת, אוּנ דֶער פַיינִיגֶען
פוּן נִיט וַואשִׁין, זָאל מְכַפֵּר זַיין וָואס מִיר הָאבֶּען אַגַאנְץ יָאהר פַר

מוּסָר פַאר כָּל נִדְרֵי.

דֶער פַּייטָן זָאגְט אִין דִי פִּיוּט פוּן ראש הַשָּׁנָה וְיוֹם כִּפּוּר (אָדָם יְסוֹדוֹ מֵעָפָר וְסוֹפוֹ לֶעָפָר, בְּנַפְשׁוֹ יָבִיא לַחְמוֹ) דֶער

מעשה אלפס

אָנְפַאנְג פוּן מֶענְשִׁין אִיז עֶרֶד אוּנ זַיין עֶנְדֶע גֵייט עֶר צוּ עֶרֶד, מִיט זַיין נֶפֶשׁ בְּרֵיינְגְט עֶר אַרַיין זַיין בְּרוֹיט, דָאס וֶוערְט עֶרְקְלֶערְט דוּרְךְ אַ מָשָׁל, אַרַייכֶער בַּעַל עֲגָלָה אוֹיף דֶער עֶלְטֶער הָאט זִיךְ מַיישֵׁב גִיוֶועֶן, אַז

עם

*) אַ שְׁלַאקְסֶע פְרוֹי אָדֶער אַבִּין גֶעבֶּעקְשַׁארִין דֶעם נאכְטְן חוֹדֶשׁ מֶעג זִי גֵיין אִין שׁוּךְ.

גריסען ווערין פון זיי, און זיי פון מיר, און איבער אזאר אין דער
צייט זאלן מיר אלע זיין אין דיין הייליגע לאנד און מיר זאלין דיר לויבין
אין דעם בית המקדש וואס דו וועסט אראפ שיקען פון הימעל
במהרה, אמן:

אנא ה', איך בעט דיר. ערבארמיגער פאטער, זעה דיין ליבע פאלק
ישראל ווי אזוי זיי ציטערין און פארכטין זיך אקעגין דעם
הייליגען יום כפור וואס קומט אן, זיי האבין איבער גיבעטין איינע די
אנדערע און אב גיטאן פון זיך קנאה און שנאה, און האבין אנגיקליידעט
ריינע ווייסע קליידער ווי מלאכים, און צו ברעכין ווייער הארץ, און פאר
גיסען טרערין מיט אביטער הארץ, דו זאלסט פאר געבין ווייערע
זינד און זאלסט זיי אן חתמנען אגוט יאהר. ליבער פאטער, דער
מאן אונז די גוטע מעשים פון אונזערע הייליגע אבות אברהם יצחק
ויעקב, און פון אונזערע אמהות שרה רבקה רחל ולאה, און צו רייס
דעם שלעכטין גזר דין, און שטארק אונזערע קרעפטין מיר זאלין
קענען פאסטין און טאן אלע זאכין וואס מיר ניהערין צו טאן היינטיגען
טאג, און פאר היט אונז אז דער תענית זאל קיינעם ניט שאדן, און
אלע שוואנגערע פרויען פון דיין פאלק ישראל זאלסטו אויס היטען
עס זאל זיי ניט פארשמעקין קיין עסינווארג אגאנצין מעת לעת, עס
זאל ניט שאדין ניט זיי ניט דעם קינד, און זאלסט אננעמען לרצון די
מצוה פון מיינע ליכט בענטשין לכבוד דעם הייליגען טאג, און זאלסט
אונז חתמנען צו אגוט יאהר, און ערלייכט אונזערע אויגען מיר זאלין
דר זעהן די ליכטיגקייט פון דיין תורה און די וויכטיגקייט פון דיינע
מצות, און זאלסט מאכין לייכטין דיין שיין אויף ציון וירושלים
במהרה בימינו. אמן.

---



טהרה וקדושה? ווען אז (מקוה ישראל יי) אז מיר וועלין אריין גיין אין זיין הייליגקייט ווי אין א מקוה, מיט'ן קערפער און מוח, דאן וועט ער זיין אונזער "מקור מים חיים" ווי דער נביא ענדיגט דעם פסוק מקור מים חיים יי. ענדיגט דער נביא (רפאני יי וארפא הושיעני ואושעה כי תהלתי אתה), קלומר, ער לערינט אונז ווי צו בעטין רחמים, היול אונז גאט פון די פינסטערניש פון חומר דאס מיר זאלין אים אונטערטעניג מאכין דורך דעם תענית, און העלף אונז צוזייגען אונזערע מחשבות אריין צו גיין אין דיא הייליגע מקוה אין דעם קוואל פון לעבין, וועלין מיר דאן אויס בעטין איין אמת'ע מחילה וסליחה וכפרה און א שנת חיים ובריאה ושלום, אמן.

צוגיסען פאר דיר ליבער פאטער זייערע ביטערע הערצער, צווישין די טויזענדער צובראכענע הערצער מישט זיך מיין צובראכין הארץ אויך אריין, צווישין די טייכין טרערין וואס דיינע קינדער פארגיסין די נאכט פאר דיר, וועלין זיך מיינע טרערין אויך אריינמישען. אונ די אלע ימים טרערין וועלין פארלעשין דיין צארין וואס ברענט אויף אונז, דיין אונגליקליך פאלק ישראל, דו וועקסט אונז בעווייזן, דאס אזוי זוי מיר האבין דיך ניט פארגעסין, האסט דו אונז אויך ניט פארגעסין, אז מיר זיינען נאך איצט אויך דיינע געליבטע קינדר, וויא דו האסט גיזאגט דורך ירמיה הנביא (הבן יקיר לי אפרים), אפרים (דער כלל ישראל וואס ער רופט זיך אויף דעם נאמען פון אפרים) איז מיין טייערער זון, מיין צערטליך קינד, אז איך רייד וועגין אים רייכט מיר דאס הארץ אויף אים, דארום וועל איך אויף אים רחמנות האבין (אזוי רעם נאם).

הנרות הללו, די דאזיגע ליכט וואס איך האב יעצט גיצונדין, זאלין פאר מיר זיין איין אנהייב פון אליכטיג גליקליך יאר. אזוי ווי איך האב אנגעצונדען די ליכט לכבוד דיין הייליגען נאמען, אזוי זאלסטו הייסין מיין מזל זאל אנהייבין צו לייכטין, אונ אזוי ווי דאס פינצטערניס וואס אנטלויפט פאר דער שיין פון ליכט, אזוי זאלין פאר מיין ליכטיגן מזל אנטלויפן אלע מיינע צרות. (ותן בלבי) גיב אריין אין מיין הארצין דעם חשק צו טאן גוטעס אונ אלץ וואס דיר גיפעלט, שטארק דאס הארץ פון מיינע קינדערלאך, זיי זאלין זיך האלטין פעסט אן דיר, דער גאט פון זייערע עלטערין אברהם יצחק יעקב, זיי זאלין חלילה פון גלייכין רעכטין וועג ניט אראפ, זיי זאלין דיר זיין גיטרייע קינדער, אונ נוטצליכע מענשין אין דער וועלט, דו זאלסט שטארקין אונזער בונד, איך זאל חלילה ניט אפ-

כעשה אלפס

מיט נארישע גידאנקען, רופט זיך דאס מען שטייט אין א מקוה טהורה פון יום כפור. אונ די קאפ איז אין דרויסין, טו ווי אזוי זאל מען גירייניגט ווערין? אונ ווען מ'באטראכט נור דעם גאנצין קאפיטל אין ירמיה זעט מען ווי ריכטיג ר' עקיבא'ס דרש איז, וויל אין גאנצין קאפיטל דריקט דער נביא אלס אויס דעם ווארט „האפענונג" מיט'ן פעל בטוח (ארור הגבר אשר יבטח באדם, ברוך הגבר אשר יבטח בה', והיה ה' מבטחו) אונ צום ענדע דריקט ער אויס מיט'ן פעל „קוה" („מקוה" ישראל ה' אונ ניט „מבטח" ישראל ה') בכדי צו באמערקין אונז דעם גידאנקען. ווען איז השי"ת אידישער האפענונג? אז ער וועט אונז קערין צו זיך ארויף ניסין אויף אונז ערת

ערה

את באשיינען דעם היילינען יום כפור, און בזכות די מצוה (פון ליכט בענשין) זאלין מיינע גידאנקען יעצט אריין גיין אין די ליכטיגקייט און היילינקייט פון דעם גרויסין און פארכטיגען יום כפור, ווי דו עפינסט יעצט אלע טויערין פון היילינקייט און ערוועקסט די הערצער פון דיין ליבע פאלק ישראל צו תשובה, מיינע זינד זאלען זיך חלילה ניט לייגען ביין טיר (ביין אריינגאנג) פון דעם היילינען טאג אום ניט צו לאזין מיינע גידאנקען דיינקען וועגין די היילינקייט פון דעם טאג, מיינע גידאנקען זאלין חלילה ניט בלייבין פינסטער, עס זאל חלילה דורך דעם ניט פאר פינסטערט ווערין די ליכט פון מיין לעבין, דו זאלסט מיר חלילה ניט חתמענען צום טויט, אדער חלילה אין פינסטערין בוך פון אלמנות, און אזוי ווי איך האב יעצט ליכטיג געמאכט מיין הויז לכבוד דעם היילינען טאג, אזוי זאל מיין נשמה וואס זי איז פינסטער געווארין איבער מיינע זינד, דער לייכט ווערין דורך די מצוות פון דעם היילינען טאג, דאס הייסט דער פאסטין און די תפלות ובקשות וואס איך וועל דאוונען מיט הארץ (מיט גרוים כונה), און דורך די גוטע מעשים וואס דו וועסט מיך מזכה זיין צו טאן אגאנץ יאר, אמן

## נאך אתחנה ערב יו"כ נאך ליכט בענטשין.

הנרות הללו, דיזע ליכט האב איך אנגעצונדען לכבוד יום כפור וואס דו האסט אים געהייליגט, אום צו בעלייכטען די שרעקליכע נאכט אין וועלכע דיינע קינדער די ארעמע יודעלאך קלייבין זיך צוזאמען אין די שולען און אין די בתי מדרשים אוים

---

מעשה אלפס

אונטער טונקען דיא קאפ, זעלבסט פערשטענדליך איז, אז ער בלייבט דער זעלבער טמא, דאס גלייכין איז די הייליגקייט פון ערב יום כפור פאר נאכט, אז מ'לייגט חלילה ניט צו די קאפ און דעם מוח, ארוים שלאגין זיך פון אלע וועלטליכע געדאנקען און זיך אונטער טונקען דאס הייסט אריין לייגין דעם מוח אין די הייליגקייט פון דעם טאג ווי די תורה שרייבט (ועניתם את נפשותיכם) איר זאלט פייניגען, כלומר איינטער טענית מאכען אייערע בייזע נפשים, דעם נפש המוקדש דורך ניט עסין און טרינקען און דעם נפש הרוחני ניט לאזין אים טראכטין קיין נארישע גידאנקען, נור דורך אים טראכטין וועגין די היילינקייט פון טאג, און וועגין זיין גאנצע סדר עבודה מיט די היילינע תפלות און די ווידוים. דאן וועט איר ריין ווערין פון אלע זינד, אבער ווען חלילה (לפתח חטאת רובץ) אז דער יצה"ר מיט די זינד פון א גאנץ יאהר לייגין זיך ביין טיר, ביין אריינגאנג פון יום כפור און לאזין חלילה ניט אריין טרעטין אין די הייליגקייט פון יום כפור. זיי פאר דרייען דעם מוח

פאר שְׁקִיעַת הַחַמָּה (זון אונטער גאנג), צינט מען ליכט און דער נאך זאגט מען די בְּרָכוֹת.

# בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם, אֲשֶׁר קִדְּשָׁנוּ בְּמִצְוֹתָיו, וְצִוָּנוּ לְהַדְלִיק נֵר שֶׁל יוֹם הַכִּפּוּרִים:

# בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם, שֶׁהֶחֱיָנוּ וְקִיְּמָנוּ וְהִגִּיעָנוּ לַזְּמַן הַזֶּה:

ווען יום כפור געפאלט אום שַׁבָּת זאגט מען די בְּרָכוֹת.

# בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם, אֲשֶׁר קִדְּשָׁנוּ בְּמִצְוֹתָיו, וְצִוָּנוּ לְהַדְלִיק נֵר שֶׁל שַׁבָּת וְשֶׁל יוֹם הַכִּפּוּרִים:

# בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם, שֶׁהֶחֱיָנוּ וְקִיְּמָנוּ וְהִגִּיעָנוּ לַזְּמַן הַזֶּה:

די פרוי וואס האט גיבענשט ליכט, זאל שוין אין שול ניט זאגן די בְּרָכָה שֶׁהֶחֱיָנוּ מיט'ן עולם, ווייל זי האט דאך שוין גיזאגט שֶׁהֶחֱיָנוּ צו ליכט בענשן.

## תְּחִנָּה עֶרֶב יוה"כ נאך ליכט בענטשין.

גרויסער קעניג! איך לויב און דאנק דיין ליבען נאמען, וואס דו האסט מיר מְזַכֶּה גיוועז מיט די מִצְוָה פון ליכט בענשין,

מעשה אלפס

ווייגען פון טיפען הארצין ווי אקינד בייגקט צו אליבען פאטער וואס ער האט אים אנאנין יאר ניט גיזעהן און פלוצלונג האט ער אים דער זעהען, פאלט ער ארויף אויף אים מיט איין אפענע הארץ און מיט טרערין, דאס זאגט דער תנא (אשריכם ישראל) גליקליך זייט איר אידעשע קינדער און וואהל איז אייך, מיט וועמען באגעיגט איר זיך יעצט ערב יום כפור פאר נאכט? מיט אייער צערטליכען פאטער פון הימעל וואס אנאנין יאהר האט איר זיך ערווייטערט פון אים, אלזא זאלט איר וויסען ווי אזוי צו ניצען די טייערע היילינע מינוטין, שטעלט ער דאס פאר אין אציור, אזוי ווי איינער איז געוועז אצייט טמא ער האט ניט געהאט קיין מקוה, פלוצלונג האט זיך אים מזדמן גיוועז א מקוה, איז ער פון גרויס איבעראשונג ארוין גינאנגען אין איר און אב געשטאנען איינינע שעה און זיך פיל גשואבין, אבער ער האט פאר געסין

און מיט איין ווינק קאנסטו פון איר מאכין תהו ובהו, אבער הער פון אלע וועלטין, אט דער פאר גופא וואס איך בין אזוי קליין און שוואך באדארפסטו אויף מיר רחמנות האבין, דו אליין ווייסט דאך אז דער שוואכער מענש טוט ווייער אפט גאר ניט ווילענדיג אזעלכע זאכין וואס דיר איז ניט לרצון, און פאר די זינד וואס איך האב געטאן האב איך אויך פיל געליטען, פאר דיר זיינען באוואוסט די פילע צרות און קריינקונג וואס איך האב דעם פערגאנגענעם יאהר גיהאט, דו האסט גיהערט מיינע זיפצען וואס זיינען ארויס פון טיפען הארצען, און האסט אויך גיזעהן די טרערין וואס איך האב פיל מאל אין דעם יאר פארגאסין דורך די פארשידענע צרות וואס איך האב געהאט, די צרות און די יסורים מיט וועלכע דו האסט מיך אין דעם יאר גשטראפט, זאל שוין זיין איין אפקומעניש פאר די זינד וואס איך האב גיטאן, און דער נייער יאר וואס הייבט זיך ערשט אן פאר מיר, זאל זיין (א שנת ברכה) אגיבענשט יאר צו עגמת נפש, אן זיפצען און אן טרערין, דו זאלסט אויך מיט דיינע פליגעל בעשיטצען מיין מאן מיט מיינע אונשולדיגע קינדערלאך, דו גוטער גאט זאלסט אונז חלילה ניט צו שיידין און זאלסט אונז בענשין מיט נחת און מיט גליק, מיט גיזונד און מיט פרנסה, פאר דעם שיין פון די ליכט וואס איך צינד אן יעצט לכבוד דיין היילינען נאמען און לכבוד דעם היילינען יום כפור, זאלסטו זעהן נור דאס ביסיל גוטעס וואס מיר האבין אין דעם יאר גיטאן, און אונזערע זינד זאלין ווי שאטינס אוועק פליהען פאר די ליכטיקייט פון די גיבענשטע ליכט. אמן.

---

מעשה אלפס

חקב"ה מטהר די ישראל, די לעצטע רייד פון דעם תנא ר' עקיבא איז זייער שווער, (מקוה ישראל ה') איז גאר דער טייץ האפענונג און ער טייצט גאר אמקוה וואס מ'איז זיך טובל? – ווען מען באטראכט אבער גוט, זעט מען אז דער היילינער ר' עקיבא האט דא אונז מגלה גיוועזן איין טיפען געדאנקען, וואס מיר האבען דאס זייער נייטיג צו די מחילה ובליחה פון דעם היילינען טאג, וויל אנאנץ יאהר האבין מיר אוויכות מיט'ן רבש"ע, מיר זאגין (השיבנו יי אליך ונשובה) הייב דו אן פריער, קער אונז צו

זיך וועלין מיר זיך נאכהער קערין צו דיר, און השי"ת זאגט פאר קערט (שובו אלי ואשובה אליכם) קערט זיך פריער צו מיר וועל איך זיך נאכהער קערין צו אייך, ערקלערט אונז דער היילינער ר' עקיבא אז יום כפור לאזט דער בורא ב"ה איבער דאס זיינינע און גיט אונז נאך, ווי מיר זעהען אז ערב יום כפור פאר נאכט צו ליכט בענשין עפענען זיך די טויערין פון היילינקייט און עס ווערט ארויף גענאסין א רוח טהרה וקדושה אויף אידעשע קינדער אז עס תאפט זיך שטארק ביינקען און

הײנט

אגליקליכען יאהר אונ ארויהיגען לעבין צווישין אלע צדיקים פון כלל ישראל, אמן.

נאכהער זאל מען גיין אין שול מיט גרויס הכנעה אונ ערהרין פורכט פאר די היילינקייט פון יום כפור.

## תחנה עיו"כ פאר ליכט בענשין

מיין הארץ ציטערט אין מיר אונ מיינע הענד טרייסלען זיך אז איך נעם אן צינדען די ליכט לכבוד דעם היליגען אונ שרעקליכען טאג יום כפור, מיר שיינט אז פון אלע זייטין הער איך קולות (דע לפני מי את עומדת) פארגעס ניט פאר וועמען דו שטייסט יעצט, פארגעס ניט אז דו שטייסט פאר דעם גרויסין וועלט ריכטער, וואס וועט זיך יעצט אויף זיין ריכט שטול דיך צו משפטין פאר דיינע שלעכטע מעשים וואס דוא האסט גיטאן אגאנץ יאר.

אמנם חטאתי, אמת בארימהארציגער גאט, איך האב אין דעם יאר זייער פיל געזינדיגט, איך בין ניט יוצא גיוועזן ענטקעגין דיר אונ ענטקעגין אסך מענשין, אונ איך וויים אז איך בין ניט ווערט דו זאלסט מיר מיינע גרויסע עבירות מוחל זיין, אבער אויף דעם היסטו דאך (אל רחום וחנון) וייל דו האסט רחמנות אויף די זינדיגע מענשין אונ דוא בעגנעדיגסט זיי ווען זיי קומען פאר דיר מיט צובראכענע הערצער אונ מיט גיוויין אונ בעטין פון דיר פערצייהונג.

מי אני, ווער בין איך זינדיגע פרוי, איך זאל זיך פאר דיר אוים טענהן אונ פארענטפערין זיך אויף די זינד וואס איך האב גיטאן? ווער בין איך שוואכע פרוי, איך זאל מיר שטעלין פאר דיר גרויסער גאט, וואס די גאנצע וועלט איז אין דיינע אויגין ווי אטראפין פון ים,

מעשה אלפס

דער היילינער תנא רבי עקיבא זאגט (אין דער משנה סוף יומא) „אשריכם ישראל" וואהל איז אייך אידישע קינדער (לפני מי אתם מטהרין?) פאר וועמען ריינינט איר זיך פון אייערע זינד ערב יום כפור? (ומי מטהר אתכם?) אונ ווער העלפט אייך ריינינען זיך? (אביכם שבשמים) אייער פאטער פון הימעל, ווי השי"ת זאגט דורך דעם נביא יחזקאל (וזרקתי עליכם מים טהורים וטהרתם) איך וועל שפריינגען אויף אייך ריינע וואסער (כלומר, ריינע גידאנקען פון דער תורה וואס זי איז געגליכען צו וואסער) וועט איר גערייניגט ווערען (מכל טומאותיכם ומכל גלוליכם אטהר אתכם) פון אלע אייערע אומריינע מעשים אונ אלע שמוציגע גידאנקען וועל איך אייך ריין מאכין, אונ אויך דער נביא ירמיה זאגט (מקוה ישראל ה') השי"ת איז די אידישע מקוה, אזוי ווי אמקוה איז מטהר די טמאים, אזוי איז

געהתמת ווערן צו אגוט יאהר, אום געלייזט ווערן פון גלות און זוכה זיין צו זעהען די גרויסע שמחה פון תחית המתים במהרה, אמן.

## תחנה פון בענטשן די קינדער (ערב יו"כ פאר נאכט).

עס איז אהיילגער מנהג בענטשן די קינדער איידער מ'גייט אין שול, ווייל דאן קומט אן די גרויסע היילגקייט פון יום כפור און אלע טויערן פון רחמים ווערן געעפנט.

ישימך אלהים כאפרים ומנשה, גאט ב"ה זאל דיר העלפן דו זאלסט זיין אזוי חשוב ווי אפרים ומנשה (אגרויסער ליים אין תורה ווי „אפרים" און אין וועלטליכע זאכן ווי „מנשה") (ווען מ'בענטשט אנקבה זאגט מען) ישימך אלהים כשרה רבקה רחל ולאה). ויהי רצון, עס זאל זיין אגוטער ווילען פון אונזער פאטער פון הימל, ער זאל איין פלאנצן אין דיין הארצן איין ליבשאפט און איין עהרען פורכט צו איהם, עס זאל זיין גאטעס פורכט אויף דיין געזיכט שטענדיג, אום דו זאלסט ניט זינדיגען, און דיין חשק זאל זיין שטענדיג צו תורה ומצות, דיינע אויגען זאלן לייכטן אין דער תורה, דיין מויל זאל רייד'ן דברי חכמה, דיין הארץ זאל טראכטן יראת שמים, דיינע הענד זאלען געבען צדקה, דיינע פיס זאלן לויפן צו טאן דעם רצון הבורא ב"ה, און טאן טובות אלע נויט בעדערפטיגע, און ער זאל דיר בענטשן מיט זיהן און טעכטער צדיקים וצדקניות וואס זאלן עוסק זיין אין תורה ומצות זייער גאנצן לעבן, דיין קוואל זאל זיין אגעבענשטער, און ער זאל דיר צו שיקען אכשרה פרנסה, מיט כבוד און מיט נחת, אגרינגע פרנסה, דו זאלסט האבן רוהיגקייט צו דינען דיין בעשעפער, און זאלסט געשריבען און געחתמת ווערן צו

מעשה אלפס

אב צו געבן די ליכט דעם שמש, מ'זאל אליין ניט וויסן וועלכע מיין ליכט איז, — ערב יו"כ איז אמצוה צו עסן, נור מ'זאל עסן גרינגע זאכן וואס איז גרינג צו פאר דייען, אין דער פריאיגע סעודה איז אמצוה צו עסן פיש, און מען זאל אין זינען האבן, איך עס בכדי איך זאל קענען פאסטן מארגן מקיים זיין דעם רצון הבורא ית"ש, ווען דאס זיין פארענטפערט וויא מען וואלט פאסטן ביידע טעג, ערב יו"כ און יו"כ, ערב יו"כ נאך האלבן טאג איז אמצוה זיך טובל זיין אין אמקוה אדער אין אטייך אפילו ווען מ'איז גאר ריין. — ערב יו"כ איז אמצוה צו דאווענען מנחה מיט געוויין און זאגן אשמנו און על חטא מיט אצובראכענע הארץ און חרטה האבן אויף די פאריגע שלעכטע מעשים און אויף דעם שלעכטן נאטור פון פיל ריידן, און מקבל זיין אויף זיך צו פירען זיך בדרך הישר און ניט ריידן דברים בטלים, בכדי מקיים צו זיין וואס די תורה זאגט אונז „לפני ה' תטהרו" בעפאר דער היילגער טאג קומט אן, זאלן מיר זיך רייניגען פון די זינד.

געזינדיגט, אונ זאלסט אונז העלפין אב צו היטען דעם הייליגען יום כפור ווי דיין רצון איז, סיי מיט'ן פאסטין אונ סיי דאווענען מיט אריינגעם גידאנקען. אונ בזכות זה זאלסטו אונז אן חתמענען אגוט יאהר, א שנת חיים, א שנת פרנסה אונ נחת אויף אונזערע קינדער אונ אויף כלל ישראל, אמן.

## תחנה פון ליכט מאכין ערב יו"כ.

זייט ווי עס איז ארוים גיקומען די שטערין ליכט אונ מען קויפט פארטיגע, זאל מען זאגין די תחנה ברייננענדיג די ליכט צו הויז.

יבער גנעדיגער פאטער, איך האב פון דיין כבוד וועגין גיקויפט *) צוויי ליכט, איינע צום אנצינדען אין שלאף צימער, זי זאל אונז דער מאנען אז די הייליגע נאכט יום כפור דארף מען זיין באזונדער, אונ ווי די ליכט רופט זיך „געזונד ליכט", זאלסטו מיר מיט מיין מאן אונ קינדער אן חתמענען א יאהר פון גיזונד, אונ די צווייטע ליכט איז ליכטיג צו מאכין דיין הייליגע שול (דעם מקדש מעט) אונ בעלייכטען די הייליגע נשמות פון מיינע אונ מיין מאנס עלטערין אונ פאר די עלינטע נשמות וואס ליגין אין פעלדער אונ וועלדער, אונ פאר אלע קדושים וואס זיינען אום געקומען על קדוש השם, אונ פאר די עלינטע נשמות וואס האבין קיין קינדער ניט געלאזין, אונ פאר די ריינע נשמות פון די קליינע קינדערלאך, די אלע נשמות זאלין זיך דער וועקין אונ מיט העלפין אונז בעטין רחמים עס זאל פארגעבין ווערין אונזערע זינד אונ מיר זאלין



אין געלט זאכין, זאל מען גיין גלייך איבער בעטין אונ צורעכט קומען מיט יענעם, ביז וואנען ער וועט מוחל זיין, ווייל אויף די עבירות וואס פון איין מענשין צום צווייטין איז יום כפור ניט מכפר, ביז וואנען מ'קומט צורעכט מיט יענעם. די מדה פון אידין איז, איינער זאל רחמנות האבין אויפ'ן צווייטין, דרום אז מ'בעט אים איבער דארף ער מוחל זיין בלב שלם, אונ דער וואס איז ניט מוחל ווען מ'בעט אים איבער, מיט וואסערע אויגען קען ער קומען בעטין ביי השי"ת אז ער זאל אים מוחל זיין? — מען איז זיך נוהג צו קויפין צוויי ליכט עיו"כ, איינע אין שלאף צימער דאס רופט מען „גיזונד ליכט" (די גיזונד ליכט דארף זיין אין שטוב) אונ די צווייטע אין שול, הייסט „נשמה ליכט" פאר די נשמה פון פאטער אונ מוטער אונ שווער אונ שוויגער, אונ ווייל עס טרעפט פיל מאל אז פון איינער פאר לעשט זיך א ליכט, אונ אנדערע רעכענען דאס חלילה פאר ניט אגוטין סימן אונ האבין גרוים צער, אלזא איז גלייכער

אב

*) ווען מען מאכט אליין וועקסענע ליכט, זאגט מען: איך האב פון דיין כבוד וועגין געמאכט.

רבש"ע, אב הרחמים, ערבארמיגער פאטער, דו ערבארימסט זיך אפילו אויף דעם זינדיגען מענשין, אונ דו ווילסט ניט ער זאל שטארבין, נור ער זאל תשובה טאן (אוועק ווארפין זיינע בייזע מעשים) אונ זאל לעבין, ערבארעם זיך אויף מיר מיט מיין מאן אונ קינדער, אונ אזוי ווי איך האב געשיקט קוילין די כפרות, אזוי זאלסטו מיר העלפין עס זאל גיקוילעט (אב גיטאן) ווערין פון מיר דער שלעכטער כאראקטער פון האז וואס ער איז זייער אויסגילאסין, אונ קען ניט אן זעהן זיין אייגענעם ברודער, זאלין די מדות רעות (וואס זיי זיינען די מוטער פון אלע זינד) אויס גיראטעט ווערין פון מיין הארצין, אונ איך זאל זיך אנהייבען פירען פון היינט אן אין די וועג פון צניעות אונ גוטהערציגקייט צו אלע מענשין, ווי אונזער מוטער שרה איז געווען אגרויסע צנועה אונ אגוטע הערציגע, וואס מיט אירע גוטהערציגקייט האט זי מקרב גיוועזן פיל נפשות צו די ריינע אמונה פון בורא יחיד, אונ אלעם התחלה (אריין טרעט) אין די גוטע וועג פון גוט הערציגקייט (וואס דאס איז די מוטער פון אלע מדות טובות) מאך איך ביי זיך אפעסטין בעשלוס מוחל צו זיין אלע מענשין וואס האבין געזינדיגט קעגין מיר, אונ אזוי ווי איך בין זיי מוחל אזוי זאלסטו אריין געבין ארצון אין הארץ פון די מענשין וואס איך האב געזינדיגט קעגין זיי, אז זיי זאלין מיר אויך מוחל זיין*), אונ אזוי ווי מיר זיינען זיך מוחל איינע די אנדערע, אזוי זאלסטו ליבער הארציגער גאט אונז אויך מוחל זיין וואס מיר האבין קעגין דיר



אין די גרויסע שטעט וואס ערב יו"כ צו כפרות ווערט אגרויסע איינגשאפט אונ די שוחטים זיינען וואכעדיג אגאנצע נאכט, איז דער וואס מיידעט אויס שלאגין כפרות מיט איין עוף נור מיט געלט איז מה טוב, אונ ווען ער דארף שעכטין איין עוף לכבוד די סעודה, איז גלייכער אליין מיט גיין אין בית השחיטה, ניט פארלאזין זיך אויף די משרתת, כמה יראים ושלמים זיינען זיך אזוי נוהג. נוויל אין אגרויסע איינגשאפט קען חלילה טרעפין פיל ספקות, וסכנה גוררת מצוה, אז ער וועט אליין זיין אין בית השחיטה וועט ער קריגען אכבוד די ברכה פון כסוי הדם. — דער מנהג איז ארויס צו ווארפין די גידערים פון די כפרות וואס דאס מערסטע פיקען די עופות פון פרעמדע, הייסט דאס זיי ווערין גישפייזט פון גזלה אונ די גידערים זיינען דאך די ערכטע אברים וואס זיינען מקבל די גזלה, דרום ווארפט מען די ארויס, כדי נעמען זיך אין גידאנקען ערווייטערין זיך פון גזלה, אונ ווען ער האט געמען אין עולה גיטאן

אין

*) די תפלה איז אפעולה נור ווען די מענשין וואס מ'האט געזינדיגט קעגען זיי אונ מ'חיים ניט פאר יום כפור וואס די געזעגען זיך, אבער די האס מ'חיים וואס די געזעגען זיך פון מען גיין די איבערבעטין.

ווען אײן נְקֵבָה שלאָגט כַּפָּרוֹת פאר זיך זאל אַלײן זאל זיא דאס זאגען
דרײא מָאל:

**זֹאת חֲלִיפָתִי. זֹאת תְּמוּרָתִי. זֹאת כַּפָּרָתִי. זֹאת הַתַּרְנְגֹלֶת תֵּלֵךְ לִשְׁחִיטָה. וַאֲנִי אֶכָּנֵס וְאֵלֵךְ לְחַיִּים טוֹבִים אֲרוּכִים וּלְשָׁלוֹם:**

ווען מ'שלאָגט כַּפָּרוֹת פאר זיך מיט נאך אײנעם זאלין זײ דאס זאגין דרײ מָאל:

**זֹאת חֲלִיפָתֵנוּ. זֹאת תְּמוּרָתֵנוּ. זֹאת כַּפָּרָתֵנוּ. זֹאת הַתַּרְנְגֹלֶת תֵּלֵךְ לִשְׁחִיטָה. וַאֲנַחְנוּ נִכָּנֵס וְנֵלֵךְ לְחַיִּים טוֹבִים אֲרוּכִים וּלְשָׁלוֹם:**

אײן אִשָּׁה מְעֻבֶּרֶת זאל נעמען אהון מיט אהאן, אויב זי טראָגט אמיידיל איז די הון פאר בײדין, אונ אויב אײן זָכָר איז דער האן פאר דעם זָכָר.

**אֵלּוּ חֲלִיפוֹתֵינוּ. אֵלּוּ תְּמוּרוֹתֵינוּ. אֵלּוּ כַּפָּרוֹתֵינוּ. אֵלּוּ הַתַּרְנְגוֹלִים יֵלְכוּ לִשְׁחִיטָה. וַאֲנַחְנוּ נִכָּנֵס וְנֵלֵךְ לְחַיִּים טוֹבִים אֲרוּכִים וּלְשָׁלוֹם:** (דריי מאל)

---

עברי טייטש

(זֹאת חֲלִיפָתִי) דאס איז מיין אוים בייטונג, דאס איז מיין אָבוועכסלונג, דאס איז מיין פארגעבונג, דיזע הון וועט צו דער שְׁחִיטָה גיין *), אונ איך וועל גיין צוא אֲרִיכוּת יָמִים אין גוטעס אונ אין פרידען. דריי מאל

(זֹאת חֲלִיפָתֵנוּ) דאס איז אונזער אוים בייטונג, דאס איז אונזער אָבוועכסלונג, דאס איז אונזער פער־געבונג. דיזע הון וועט צו דער שְׁחִיטָה גיין*), אונ מיר וועלין גיין צו אֲרִיכוּת יָמִים אין גוטעס אונ אין פרידען. דריי מאל

(אֵלּוּ חֲלִיפוֹתֵינוּ) דיזעס זיינען אונזער אויסבייטונג, דיזעס זיינען אונזר אָבוועכסלונג. דיזעס זיינען אונזר פערגעבונג. דיזע עופות וועלין צו דער שְׁחִיטָה גיין*) אונ מיר וועלין גיין צו אֲרִיכוּת יָמִים אין גוטעס אונ אין פרידען. דריי מאל

---

אין

*) (ווען מ'שלאגט כפרות מיט געלט זאגט מען) דיזע געלט וועט אויף צְדָקָה גיין.

מען נעמט די כפרה אין דער רעכטע האנד און מען זאגט „נפש תחת נפשי"
נאכהער זאגט מען דאס דריי מאל:

בני אדם ישבי חשך וצלמות, אסירי עני וברזל: יוציאם מחשך וצלמות, ומוסרותיהם ינתק: אוילים מדרך פשעם, ומעונותיהם יתענו: כל אכל תתעב נפשם, ויגיעו עד שערי מות: ויזעקו אל יי בצר להם, ממצוקותיהם יושיעם: ישלח דברו וירפאם, וימלט משחיתותם: יודו ליי חסדו ונפלאותיו לבני אדם: אם יש עליו מלאך מליץ אחד מני אלף, להגיד לאדם ישרו: ויחננו ויאמר, פדעהו מרדת שחת, מצאתי כפר:

---

עברי טייטש

בני אדם, די מענשין וועלכע זיצען אין דער פינסטערנעס אין דונקעלין געפיינקעניס, געבונדין אין אייזערנע קייטין און געפייניגט, (ווען זיי ווערין אונטערטעניג און בעטין רחמים) וועט גאט זיי הערוים פיהרען פון די פינסטערנעס און טויט שאטין, און זייערע בענדער (קייטין) וועט ער צו רייסן, (אוילים) די דומע מענשין וואס צו ליב זייער אונארטיגען פיהרונג און צוא ליב זייער פערברעכין ווערין זיי פון איינער קראנקהייט גיפלאגט, (כל אוכל) יעדע שפייזע פערעקעלט זייער זעלע, און זיי גרייכען שוין ביז די טויערין פון טויט. (ויזעקו) ווען זיי שרייען און בעטין צו גאט אין זייער נאטה, רעטעט ער זיי פון זייער אנגסט, (ישלח) ער בעפעהלט און היילט זיי און רעטעט זיי פון נידערין אין גרוב. (יודו) דאן דאנקען זיי גאט פיר זיין גנאדע און זיינע וואונדער וואס ער טוט מיט'ן מענשן, (אם יש) ווען עס איז דא אויף איהם איין מלאך וואס רעדט גוטעס פאר איהם, איינער קעגין ניינהונדערט ניין און ניינציג שלעכטע מלאכים, (אפירשפרעכער, אפארשטייער) וואס דער מלאך איז אנגיברייט צו זאגין אויף איהם זיין רעכטפארטיגקייט, זיינע גוטע מעשים וואס ער האט גיטאן. (ויחננו) טוט גאט גענעדיגען דעם מענשין און זאגט צו דעם מלאך מליץ, ליז אויס דעם מענשין פון צוא נידערין אין גרוב, איך (גאט) האב גיפונען איין אויס לייזונג פאר איהם.

אונגליקען, בלעם הרשע האט קיין אנדער עצה ניפונען אום גליקליך מאכין אידין נור מיט הולטייסטווע (לזנות אל בנות מואב), דרום רופט זיך בלעם „נאום הגבר" (גבר איז דער טייץ אהאן), דער הולטיי לבד וואס ער איז רע לשמים, האט ער אויך עין רעה לבריות, דער האן האט פי נט זיין ברודער אשנאת מות (מלחמת התרנגולים) (תלמידיו של בלעם הרשע עין רעה היפך מתלמידיו של אברהם אבינו „עין טובה") אונגביא נאכט איז ער פונקט דער היפך, דאן ענטזאגט ער זיך פון אלע הולטייסטווע, אונ קריגט ליב אלעמען, ניט אזוי במחשבה זאנאר אפילו במעשה, ער ווערט נאר איין עסקן צבורי (טאן פארין כלל), ער שטייט אויף פונקט האלבע נאכט (צו חצות) אונ זאגט שירה „שאו שערים ראשיכם ויבא מלך הכבוד" (ווי עס שטייט אין פרק שירה), ער רופט אוים אונ איז מודיע אז יעצט איז איין עת רצון וואס השי"ת איז גן עדן איז זיך משתעשע מיט די צדיקים, דרום איז יעצט זייער מסוגל אז תלמידי חכמים זאלין אויף שטיין לערנין, ווי דוד המלך פלעגט טאן (חצות לילה אקום כו'), איינפאבע אידין זאלין אויף שטיין זאגין תפלות ותחנונים (קומי רוני בלילה לראש אשמורת), בוויערין זאלין אויף שטיין צו זייער ארבייט, ער דער מאנט ווי שלמה המלך'ס ווערטער (עד מתי עצל תשכב!), בכלל דער האן וואס האט אין זיך ביידע איינגעשאפטין קוקט אריין „אין בני אדם", אויב דער וואס האלט אים איז א מענש וואס זיינע הויפט מעשים זיינען גיוועזן ווי א מענש דארף זיך פירין, אונ מיט זיין נאמען „אדם" איז ער (אדמה לעליון), נור וויל אין צדיק בארץ אשר יעשה טוב ולא יחטא, איז ער הורך ניפא'ין אין קליינע פעלערין, דאן איז ער זיין כפרה הענדיל „זה תמורתי" (דער לשון „תמורה" איז אבעל הי אויף אבעל הי), אבער ווען דער „אדם" איז נאר פון די (יושבי חושך וצלמות) ער איז גינאנגען אנאנין יאהר אין אפינסטערע וועג, זיין „אדם" בעדייטעט נור אויף לשון אדמה (ער איז אשטיק ערד), דא איז נור (זה חליפתי) „חליפין" איז אויף א העכערע זאך, וויל דער האן איז פיל וויכטיגער פאר אים, ווי מיר זאגין אין תפלת זכה (ואפילו כבהמה לא הייתי), דאס איז א גרויסער מוסר פארין מענשין ער זאל בעת מעשה (פון כפרות שלאגין) צו ברעכין זיין הארץ אונ חרטה האבין אויף זיין שלעכטין פירונג וואס ביז הער, אונ בעטין רחמים ביי השי"ת אז סיי „זה חליפתי" אונ סיי „זה תמורתי" זאל אלעס זיין „זה כפרתי" (זה התרנגול ילך לשחיטה) אט די הולטייסטווע, די שלעכטע דרכים זאלין ניקוילעט (בעזייטיגט) ווערין פון היינט אן, אונ איך זאל גיין לחיים טובים וארוכים אין א גוטע וועג, וואס זאל ברייננען אויף מיר אונ אויף אלע אידין שלום וברכה, אמן.

גורל לה׳, כלומר, צווישן דיינע קינדער וועלן זיין פיל צדיקים וחסידים וואס מיט זייערע גוטע פיינקייט און ווארימען בלוט *) וועלן זיי גיין גלייך אין קודש הקדשים, דאס הייסט מיט ווארימקייט און מסירת נפש וועלן זיי זיך אפפערן פאר אלע היילינקייט, פאר דעם כבוד התורה און כבוד שמים און פאר דעם כבוד פון די אומה הישראלית, וועלן זיי מגין זיין אויפ׳ן כלל ישראל אין נויטן צייט, כלומר, זייער תורה און מעשים טובים וואס זיי האבין גיטאן מיט ווארימקייט און מסירת נפש וועט פאר קומען פאר השי״ת אין קודש הקדשים מכפר צו זיין אויפ׳ן כלל ישראל, אוים ווירקען א שנת חיים, א שנת פרנסה וגזרות טובות, אויך וועלן זיך געפינען ביי אידין רשעים וואס וועלן בענוצין זייערע ווארימע בלוט און לעבעדיגקייט אין דינגען זייט, ווי עשו איש שעיר (שעיר המשתלח) וואס ענטלויפט פון בית המקדש (פון די בתי כנסיות ובתי מדרשות), ער וויל ניט זיין ווי יעקב אבינו (איש תם יושב אהלים) נור „איש שדה״ לויפען אין ווילדע פלעצער, און ער איז אויך אמכפר, אבער אין זייער אטרויעריגען ארט, דורך זייערע בייזע מעשים ווערט נגזר גזרות רעות אז אידין זאלין חלילה פאלין אונטער די ידי עשו (איש שעיר), און דאדורך ווערט אהל פון אונז, און איבער הויפט פון אונזערע קינדער, זייערע בייגער ווערט חלילה צוא שאטין אין אלע ווילדע ערטער, און דער גרויסער צער איז דיא כפרה **).

צו דעם אנדיינקונג פון די צוויי שעירים (וואס זיי מאכין אויפמערקזאם אויף זייער אוויכטיגען רעיון) האבין דיא ראשונים נאכין הרבן הבית מתקן גיוועזן כפרות, אוים ניקליבין איין בעל חי וואס ער האלט איין אין זיך דעם גאנצין גידאנקען פון די צוויי שעירים, דער בעל חי וואס אהאלבין מעת לעת איז ער דער סימבאל פון אצדיק (לה׳) און דעם צווייטין האלבין מעת לעת איז ער פונקט פארקערט, און איז דאן דער סימבאל פון גרעסטין רשע (לעזאזל), דאס איז דער האן, ביי טאג איז ער אגרויסער הולטיי (אין לך זנאי בעופות יותר מן התרנגול) און ער ווייזט אן די רגע וואס השי״ת כעס׳ט אויף דער וועלט, ווייל דיא אוים-גילאסינהייט און הולטייסטווע איז די מוטער פון אלע זינד, דאס ברייגט צוא אלע



*) די בלוט פון אציקעלע איז גלייך צו מענשין בלוט, דרום האבין די שבטים אין גיטונקט יוסף׳ס העמדעל אין די בלוט פון א ציקעלע.

**) גיוואהנליך אין אלע צייטין זיינען דא רשעי הדור, (שעיר עזאזל) נור ווען אידין זיינען גיוועזן פרום איז גיוועזן די גרעסטע טייל צדיקים וואס האבין גיאפפערט זייער לעבין און זייער בלוט פאר דעם כבוד התורה וכבוד האומה (שעירי חטאת), איז דער גורל לה׳ פארגיקומען אין רעכטע האנד, צו ווייזען אז די פאלק איז רוב צדיקים. ולהיפך חלילה עלת העזאזל בימין, ודו״ל.

אום צו פאר שטיין דעם ענין פון כפרות ערב יו"כ, וועלין מיר פריער עטוואס ערקלערין דעם ענין פון דיא צווייא ציקאלאך וואס איז פאר גיקומן אין די עבודה וואס דר כהן גדול האט גיטאן יום כפור, ער האט גימאכט אויף זיי א גורל, אויף וועלכע ציקעלע עס איז ארויס דער צעטעלע (לה' חטאת) האט ער גיקוילעט אונ אריין גיטראגען איר בלוט אין קדש הקדשים אונ גישפריינגט ענטגעגין כפורת וואס אויפ'ן ארון הברית, נאכהער אין היכל אויפ'ן פרוכת נאכהער אויפען גאלדענעם מזבח. אונ אויף דיא ציקעלע וואס איז גיפאלין דער גורל .לעזאזל' האט דער כהן גדול אנגישפארט זיינע ביידע הענד אויף איר קאפ אונ האט זיך מתודה גיוועזן אלע זינד אונ די פערברעכונג פון אידין, אונ האט די ציקעלע מיט די זינד אוועק גישיקט דורך א שליח אין וויסטען מדבר. אונ דער שליח איז ארויף מיט דיא ציקעלע אויף א שפיציגען בארג, אונ האט איר א שטו'ים גיטאן אויף הינטער אונ די האט זיך צו שאטין גלידער ווייס. אונטער די פיל גידאנקען וואס איז מרומז אין דעם (ניוואהנליך אז די תורה האט דאס ניהייסן, מהסתם האט דאס פיל וויכטיגע בעדייטונגען) קען מען זאגין אויך דעם טעם. מיר זעהען אין דער וועלט ניט זייער פיהיגע קינדער, גוטע קעפ אונ װארימע בלוט, איז ווען מ'זאל אויף זיי גוט אכטונג געבין אונ פירין זיי אין גראדע וועג, קען פון זיי א־זים קומען די וויכטיגסטע מענשין צו גאט אונ צו לייטין, ווען אבער מ'גיט ניט אכטונג אויף זייא אונ מ'לאזט זייא שפרינגען ווי די ציגען, פאר קריכען זיי הלילה אין אלע אונגליקען. זיי ווערין זוללים וסובאים אונ נאכהער ווערין זיי גנבים אונ גזלנים (אום נאך צו געבין זייערע טרייפע העלזער), נאכהער ווערין זיי אנארכיסטען, אונ דער סוף פון זיי איז, אז די עלטערין ווייס'ן ניט אין וועלכע וויסטע ערטער זייערע ביינער ווערין צו שאטין, אונ זייער טויט איז א כפרה פארין כלל ישראל, ווייל דער כלל ישראל ליידעט זיך גינוג אן פון זיי (הם הם המבאישים את ריח ישראל בעיני המלך והשרים כידוע).

די חכמי המדרש האבין דאס איין גיפאסט אין די רייד פון אונזער מוטער רבקה, בעת זי האט משתדל גיוועזן אז יעקב אבינו זאל נעמען דיא ברכות פון פאטער יצחק, האט זי אים גיזאגט (לך נא אל הצאן) ניי צוא די שאף (באטראכט די אומה הישראלית וואס זי איז גיגליכען צוא צאן) אונ נעם מיר פון דארטין צווייא גוטע ציקאלאך, זאגט דער מדרש (טובים לך וטובים לבניך) זיי וועלין זיין גוט פאר דיר (דו וועסט דורך זייא נעמען די ברכות) אונ זיי וועלין זיין גוט פיר דיינע קינדער (דורך זיי וועט פאר געבין ווערין זייערע זינד יום כפור). אין ציקעלע וועט פאלן אויף איר דער

גורל

נייגֶעַ זַיי אויך הֶבֶל הֲבָלִים, זַיי גֵייעֶן אַוֶועק אִין צָרוֹת אוּנ אִין לֵיידִין, עֶר הָאט נִיט קֵיין מְנוּחָה, בִּיז עֶר שְׁלָאפְט שׁוֹין אִין קֶבֶר, אָבֶּער ווַאוִיל אִיז דֶעם מֶענְשִׁין, וָואס עֶר פַארְבְּרֵיינְגְט זַיין צַייט אִין תּוֹרָה אוּנ אִין מִצְוֹת וּמַעֲשִׂים טוֹבִים, דֶען דָאס טוּט אִים בַּאגְלֵייטִין אוֹיף דִי אֱמֶת'ה וֶועלְט, דְרוּם בֶּעט אִיךְ דִיךְ לִיבֶּער גָאט (אַל תַּעֲלֵנִי מֵהָעוֹלָם הַזֶּה קוֹדֶם זְמַנִּי) דוּ זָאלְסְט מִיךְ נִיט אַוֶועק נֶעמֶען פוּן דֶער וֶועלְט פַאר מַיין צַייט, כְּדֵי אַז אִיךְ זָאל קֶענֶען תְּשׁוּבָה טָאן אוֹיף מַיינֶע עֲבֵירוֹת, אוּנ אִיךְ זָאל גוּטְס טָאן אוֹיף דֶער וֶועלְט, אוּם אִיךְ זָאל נִיט פַארְשֶׁעמְט ווֶערִין אוֹיף יֶענֶער ווֶעלְט, בֶּעווַייז מִיר דַיין חֶסֶד, וֶוען אִיךְ לֶעב נָאךְ, (הַיְסֻפַּר בַּקֶּבֶר חַסְדֶּךָ וֶאֱמוּנָתְךָ בָּאֲבַדּוֹן) וֶועט דֶען דֶערְצֵיילְט וֶוערֶען אִין קֶבֶר דַיין חֶסֶד מִיט דַיין וַוארְהַייט? (מָה אָנוּ מֶה חַיֵּינוּ) וָואס אִיז אוּנְזֶער לֶעבִּין, אוּנ וָואס אִיז גִיאַכְט אוּנְזֶער עֲשִׁירוּת, וָואס מִיר זָאלֶען זִיךְ דֶערְמִיט אִיבֶּער נֶעמֶען, ווִי עֶס שְׁטֵייט (אָדָם בִּיקָר בַּל יָלִין) וֶוען אֲפִילוּ דֶער מֶענְשׁ אִיז אִין גְרוֹיס עֲשִׁירוּת, אִיז עֶר נִיט זִיכֶער מִיט דֶעם אִיבֶּער צוּ נֶעכְטִיגֶען, אֵיינֶער טוּט אַיינְזַאמְלֶען פִיל גֶעלְט, אוּנ ווֵייסְט נִיט נַאכְהֶער ווֶער עֶס וֶועט דָאס יַרְשְׁנֶן? (יִצְבּוֹר וְלֹא יֵדַע מִי אוֹסְפָם) הַיינְט וָואס אִיז מַיין הָאפְּעֲנוּנְג נִיט מֶער. נָאר (מִכָּל פְּשָׁעַי הַצִּילֵנִי) פוּן אַלֶע מַיינֶע זִינְד זָאלְסְטוּ מִיר מַצִּיל זַיין, צוּ דִיר לִיבֶּער גָאט טוּ אִיךְ הָאפֶען, דֶען דוּ בִּיזְט (שׁוֹמֵעַ אֶל אֶבְיוֹנִים) דוּ פַאר נֶעמְסְט דִי גִישְׁרֵיי פוּן דִי אֶבְיוֹנִים, (שׁוּר נָא בְעָנְיִי וְאַל תָּשׁוּר אֶל עֲוֹנִי) בַּאטְרַאכְט מַיין אָרִימְקַייט, אוּנ קוּק נִיט אִין מַיינֶע זִינְד, אוּנ שְׁרַייבּ אוּנְז אָן צוּם לֶעבֶּען, גָאט דוּ שְׁפַּייזְט דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט מִיט דַיין גְרוֹיס דֶערְבַּארִימְקַייט, גִיבּ אוּנְז אַזָא פַּרְנָסָה אַז אוּנְזֶערֶע מַאנֶען אוּנ אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער זָאלֶען נִיט בֶּעדַארְפֶען מְבַטֵּל זַיין דַיין תּוֹרָה לֶערְנֶען, אַז מִיר זָאלֶען דִיךְ רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם דִינֶען מִיט אַיין פְרֵיילִיךְ הַארְץ, אוּנ זָאלְסְט אוּנְז גֶעבֶּען אִיטְלִיכֶען בַּאזוּנְדֶער דַיין פַּרְנָסָה פוּן דַיין מִילְדֶע הַאנְד, אַז קֵיינֶער זָאל נִיט בַּאדַארְפִין אָנְקוּמֶען צוּ אַ צְווֵייטִין, אָמֵן סֶלָה.

---

מעשה אלפס

סְרוּיטֶר אוּנ לֵייד. ווַייל אִין דֶעם וֶוערִימֶעל אַז עֶר פַאר דִינְט פִיל גֶעלְט אוּנ גֵייט מִיט אִיז אָנְגִיבּוּנְדֶען אַ קְרוּצִינִיל פוּן וֶוענְדֶע, פְרֵייד אוּנ דָא לוֹיפֶען אוֹיף אִים גַזְלָנִים וָואס פַאר צֶעפֶּעט זִיךְ אִים אוּנ עֶר וֶוערְט צוּ נֶעמֶען בַּיי אִים דִי גֶעלְט מִיטִין לֶעבִּין גִיפַאנְגִין, אַזוֹי אִיז דֶער מֶענְשׁ עֶס טְרֶעפְט צוּ זָאמֶען.

גאר ניט בעשאפען ווערין אידער בעשאפען ווערען צו איין טאג פון לייד, דען דעם מענשינס טעג זיינען ווייניג אונ שלעכט, אונ גייען גיך אוועק זא ווי איין בליץ, אונ צום סוף מוז ער ערשט חשבון געבין פאר גאט ב"ה, אויף אלע זיינע מעשים וואס ער האט איטליכען טאג גיטאן. אונ אויף אלעס קען ער ניט ל' קענען, דען זיינע מעשים זיינען אויפגעשריבען מיט זיין אייגענע האנד, אונ אלע רגע איז ער ניט זיכער, טאמער הייסט מען אים אויף יענער וועלט גיין גיכער, אונ ער האט גיט אנגיבריט קיין שפייז (דאס א"ז מצות ובמעשים טובים) צו אזא גרויסע אונ אלאנגע וועג, אונ פון זיין עשירות נעמט ער גאר ניט מיט זיך, ער בלייבט נאקעט פון אלעס, ווי עס שטייט (ערום יצא מבטן אמו וערום ישוב שמה) נאקעט איז ער ארויס פון זיין מוטערס בויך, אונ נאקעט טוט ער זיך אומקערין אין דער ערד אריין, פלוצלונג ווערט ער באצוואונגען אין א בייזין געץ א) דאס איז דער פינשטערער טאג, פון יום המיתה, דאס איז דאך אזא טאג וואס השי"ת נעמט אפ חשבון אויף אלעס, וואס ער האט געטאן אויף דער וועלט, דאס איז אזא טאג, וואס ער מוז אוועקגיין פון זיין ליכטיגע הויז אין פינשטערע גרוב, דאס איז אזא טאג וואס די אויגען ווערען בלינד, די אייגענע קינדער אונ די פריינד ווערין ביי אים ניט דערקענט. דער מענש זאל דאס אין דעם גידאנקען נעמען, ווען ער זיין צייט פון זיין לעבען ניט פארברייגען מיט'ן יצר הרע. אויך זאל ער גידיינקען, אז ער איז ארויס געקומען פון א טפה סרוחה, אונ אלע טאג זאל ער פארשטעלין פאר זיך די גרוב פון זיין קבר, אין וועלכע מ'וועט אים ברייגגען, אין אזא ארט וועלכע עס איז רמה ותולעה. אויך זאל ער גידיינקען אז ער וועט מוזין אפגעבין דין וחשבון אויף אלע זיינע זינד פון זיין גיבארין טאג אן ביז דעם טאג וואס ער ווערט וועלט פון דער וועלט פארלארין, אלע טעג אונ נעכט פון זיין לעבין, אפילו ווען ער לעבט שוין אפ הונדערט יאר,

מעשה אלפס

א) ווי קהלת זאגט (כי לא ידע האדם את עתו) א מענש וויס ניט זיין צייט כדגים הנאחזים במצודה רעה, ווי די פיש וואס איז דאס נאר אויף אים אשטריק, אפילו וואס אים שטעלט זיך פאר פאר שוויםט אין טייך אונ זעט פון וייטען א גליקליכע צייט, עס דוכט זיך אים אז א ווערימעל, חאפט ער אים ארין אין ער חאפט דא דעם גליק, אונ אם ענדע מויל מיט קנייד. אונ דא געפינט ער זיין

פרויער

אויך, דער הויך מיין מזל אונ דעם מזל פון מיין מאן אונ מיינע קינדער, דער לייכט זייערע אויגן אין דיין הייליגע תורה, אונ דער הויב דעם מזל פון כלל ישראל, גיב זיי חן אין די אויגען פון דעם מלך אונ זיינע שרים, אונ זאלכט אונז בויען דיין הייליגען בית המקדש, אונ מיר זאלען דאס זוכה זיין צו זעהען מיט אונזערע אויגען במהרה בימינו, אמן.

## תחנה פון עשרת ימי תשובה.

**אלה** אזכרה ואשפכה עלי נפשי, ווען איך טו זיך דיזעס ערמאנען, אזו באגים איך מיך מיט טרערין, אז איך האב מיין תכלית גישטעלט אויף דער וועלט, נאר וועגין פרנסה, אונ איך האב גאר ניט אויס גירעכינט, אז איך וועל פאר דעם משפט פון דעם יום הדין גיבראכט ווערין, אונ איך וועל מוזין אויף אלע מיינע מעשים דין אונ חשבון אפגעבין אויף יענער וועלט, איך האב גאר ניט גיטראכט, אז דעם מענשינס לעבין אויף דער וועלט איז גאר ניט גיאכט, דען ווען ער לעבט שוין אפילו טויזינד יאר, איז גלייך אין דיינע אויגען ווי דער געכטיגער טאג, אזוי ווי עס שטייט אין פסוק (כי אלף שנים בעיניך כיום אתמול), (אדם) ווי זאל דער מענטש ניט זארגין, אז אלע טאג דארף ער זיך ריכטען צום טויט, (עד שובו לעפרו לא ישקוט) ביז זיין איבקערין זיך צו דער ערד, קען ער ניט רוען, טאג אונ נאכט טראכט ער ווי ער זאל זיין שפייז בעקומען, אונ איבער דער ביטערער פרנסה, קען ער דיך ליבער גאט ניט דינען, דרום בעט איך דיר הייליגער גאט, דו זאלסט אונז צו דעם נייען יאר אנשרייבין צו איין גרינגע פרנסה, עס זאל זיין פון דיין מילדע אונ געטרייע האנד, אונ ניט פון א מענשינס האנד, (אוי לי) וויי איז צו מיר אויף מיינע יארין, וואס איך האב פארבראכט אין ליידין, ווי עס שטייט אין ספרי מוסר, (טוב שלא נברא משנברא ליום צרה ועברה) עס וואלט בעסער גיוועזן, אז מען זאל

---

מעשת אלפס

כות, אזוי ווי די פרישע לופט וואס מיר אין תורה, הכלל וואסער האט אין זיך לייפען איר אטהעמען זיך מחיה זיין, א גרויסע סגולה צו בעגייסטערין דעם איז דאס פאר די פיש אפיינינונג צום מענשין, אונ דאס פאדערט זיך נייער מויט. אונ אזוי ווי די פיש קען ניט לעבין ראש השנה, ווי די חזיל זאגען (אברו אן וואסער, אזוי קען די נשמה ניט לעבין לפני סלכיות קדי שתמליכוני עליכם),

גיטאן וואונדער ביי דעם וואסער, דער מאן אונז דעם זכות פון אלע חסידים אונ נעם צו אונזער תשובה אונ זאלסט אונז אן חתמענען א גוט יאר, אונז אונ אונזערע מאנען אונ אונזערע קינדער, אונ אונזער גאנצע פאמיליע אונ אלע אונזערע גוטע פריינד בתוך כלל ישראל, אונ ווען עס איז חלילה נגזר געווארען אויף אונז א גזר דין אונ דער מדת הדין ברענט ווי אפייער, זאלין דיינע רחמנות פאר לעשין אים ווי וואסער, אונ דו זאלסט אויף זוכין אלע אונזערע זכיות, דער זכות פון אונזערע אייגענע מצות, דער זכות פון אונזערע קליינע קינדער וואס זיינען פון זינד ריין ווי וואסער, דעם זכות פון וואס מיר גיבין זיי לערנען דיין היילינע תורה וואס זי איז גיגליכען צו וואסער, זאלסט אויף אונז דער וועקין דעם זכות פון אונזערע עלטערין, דיא אוים גילייטערטע נשמות, דעם זכות פון אלע צדיקים אונ צדקניות וואס אין גן עדן, אונ זאלסט אונז אן שרייבין מיך מיט מיין מאן אונ מיינע קינדער אין דעם בוך פון לעבין, אמן.

אנא ה׳, איך בעט דיך גאט, דער גרויסער אונ שטארקער אלמעכטיגער, נעם צוא מיין תשובה וואס איך האב יעצט חרטה אויף מיינע זינד מיט דעם גאנצין הארצין, דוא ווייסט דאך אונזער קערפער, עס איז ניטא א מענטש אויף דער וועלט וואס זאל טאן נאר גוטס אונ זאל ניט זינדיגין, אונ דעריבער האסטו אונז גיגעבין די היילינע ימים נוראים מיר זאלין ניט פאר פאלין ווערין אין אונזערע זינד, מיר זאלין תשובה טאן, ווי עס שטייט געשריבען דורך דיינע היילינע נביאים: „כי לא תחפוץ במות המת”, דו ווילסט ניט אז דער מענטש זאל שטארבין, נור ער זאל תשובה טאן אונ חרטה האבין אויף זיינע זינד, אונ זאל בלייבין לעבין, דרום זאלסטו צונעמען מיין גיבעט אונ מיין תשובה צווישין די תפלות פון כלל ישראל, פון אלע צדיקים וצדקניות, אונ זאלסט מיך לאזין לעבין, אונ דוא זאלסט עפענען דיינע טויערין פון רחמים צו כל ישראל אונ צוא מיר

---

מעשה אלפס

שטאלין (כי לא ידע האדם את עתו כדגים הנאחזים כו׳), ווייל דער מענש ווייס ניט וואס אנוויילע שפעטער קען מיט אים פאסירען, ווי די פיש וואס שווימען רוהיג אין טייך אונ פלוצלונג ווערין זיי געפאנגען אין נעץ (ומצודה פרושה על כל החיים). אויך מערקט דאס אן, אז אלע וועלטליכע פערגעניגען וואס זיי זיינען ניט נאך דעם אידעלען גישמאק פון דער תורה הקדושה אונ דער פינקטערער קערפער איז זיך מיט דעם מהיה איז דאס פאר די אידעלע געפיהלען פון די נשמה יפוני

פות

עֶס זָאל חָלִילָה קֵיין הוּנְגֶער נִיט זַיין אוֹיף דֶער וֶועלְט, עֶס זָאל זַיין אַ יָאר פוּן פַּרְנָסָה, אוּנ פוּן גוּטֶע גֶישֶׁעפְטִין, אַ יָאר פוּן שָׁלוֹם אוּנ פוּן מְנוּחָה, אוּנ עֶס זָאל חָלִילָה קֵיין מַגֵפָה נִיט זַיין אוֹיף דֶער וֶועלְט, אוּנ קֵיין שׁוּם שְׁלֶעכְטֶע אִיבֶּערְגַאנְג, אוּנ קֵיין שׁוּם צָרָה, אוּנ מִיר זָאלִין אַלֶע זַיין גֶעהִיט פוּן שָׁאדִין, פוּן פַייעֶר אוּנ וַואסֶער, אוּנ פוּן אַלֶע בֵּייזֶע בַּאגֶעגֶענִישׁ, אָמֵן.

שְׁמַע קוֹלֵנוּ, הֶער צוּא אוּנְזֶער שְׁטִים גָאט אוּנְזֶער גָאט, פַאר נֶעם אוּנְזֶער גֶישְׁרַייא, הָאבּ אוֹיף אוּנְז רַחֲמָנוּת אוּנ נֶעם צוּא אוּנְזֶער גִיבֶּעט וָואס מִיר בֶּעטִין דָא בַּיי דִיר בַּייא דֶעם וַואסֶער, וָואס מִיר זַיינֶען גִיקוּמֶען בֶּעטֵייעֶן דַיין קֶענִיגְרַייך, וִוי עֶס אִיז גִיוֶועזִין פַאר צַייטִין דֶער שְׁטֵייגֶער אַז מֶען פְּלֶעגְט זַאלְבֶּען אַיין קֶענִיג בַּיי דֶעם וַואסֶער, נֶעם צוּ אוּנְזֶער תְּפִלָּה מִיט רַחֲמִים מִיט בַּאוִוילִיגוּנְג אוּנ דֶער מָאן אוּנְז הַיינְט דֶעם זְכוּת פוּן אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערִין וָואס דוּ הָאסְט זֵיי גִיעֶנְטְפֶערְט בַּיי דֶעם וַואסֶער (בעת פרעה האט זיי נאך געיאגט ביין ים סוף), דֶער מָאן אוּנְז דֶעם זְכוּת פוּן נֹחַ הַצַדִיק וָואס דוּ הָאסְט אִים גִיהָאלְפִין אִין וַואסֶער (ער איז גידעטעט געווארען פון מבול), דֶער מָאן אוּנְז דֶעם זְכוּת פוּן אַבְרָהָם אָבִינוּ, וָואס מֶען הָאט אִים אַרַיין גִיוָוארְפִין אִין קַאלְךְ אוֹיבִין, אוּנ דוּ הָאסְט פַאר לָאשִׁין דֶעם פַייעֶר וִויא מִיט וַואסֶר, דֶער מָאן אוּנְז דֶעם זְכוּת פוּן דִי עֲקֵדָה וָואס דֶער שָׂטָן הָאט גִימַאכְט אוֹיפִין וֶועג אַ טַייךְ וַואסֶער, אוּנ אַבְרָהָם אָבִינוּ מִיט יִצְחָק'ן זַיינֶען גִיגַאנְגֶען בִּיז הַאלְז אִין וַואסֶער (אונ ער האט מתפלל גיוועזן הושיענו אלהים כי באו מים עד נפש), דֶער מָאן אוּנְז דֶעם זְכוּת פוּן יַעֲקֹב וָואס דוּ הָאסְט אִיהם גִיעֶנְטְפֶערְט בַּיי דֶעם בְּרוּנֶעם וַואסֶר, אוּנ עֶר הָאט זִיךְ גִירַאנְגִילְט מִיט דֶעם מַלְאָךְ בַּיי דֶעם וַואסֶער (נחל יבוק), דֶער מָאן אוּנְז דֶעם זְכוּת פוּן מֹשֶׁה וְאַהֲרֹן אוּנ כְּלַל יִשְׂרָאֵל וָואס דוּ הָאסְט זֵיי גִיטָאן גְרוֹיס וואוּנְדֶער אוּנ גִיגֶעבִּין אִין דֶער מִדְבָּר וַואסֶער, דֶער מָאן אוּנְז דֶעם זְכוּת פוּן יְהוֹשֻׁעַ וָואס דוּ הָאסְט אִים גִישְׁפָּאלְטִין דֶעם יַרְדֵן אוּנ אִיז אַרִיבֶּער דֶעם וַואסֶער, דֶער מָאן אוּנְז דֶעם זְכוּת פוּן אֵלִיָהוּ הַנָבִיא אוּנ אֱלִישָׁע הַנָבִיא וָואס זַייא הָאבִּין

---

מעשה אלפס

וֶועלְט-קֶענִיג אוּנ בַּיי דֶעם טַייךְ וֶוערְט סוֹי מְ'הָאט גִיזַאלְבְּט שְׁלֹמֹה הַמֶלֶךְ ע״ה דָאךְ פַאר פֶעסְטִיגְט דֶער קַבָּלַת עוֹל מַלְכוּת בַּיין קְוַואל גִיחוֹן). אוּנ וֶוען מֶען וֶועט נָאךְ שָׁסִים, וַוייל דֶער מִנְהָג בַּיי אִידִין אִיז בַּיין טַייךְ פַאנְגֶענְדִיג פִישׁ, מֶערְקְט דָאס גִיוֶוען צוּ זָאלְבִּין אַמֶלְךְ יִשְׂרָאֵל בַּיין טַייךְ אַז אַוֶועק צוּ וַוארְפִין דִי נְאָזָה פִיט דֶעם

הבט משמים וראה, זעה הייליגער גאט פון הימעל אויף אונז אין דער נידער, אזוי ווי די וואסער גייט פון הויך אין דערנידער.

זעה ווי מיר שטייען דא פאר דיר ליבער גאט מיט שרעק און מיט גרוים ציטערניש. דערבארים זיך אויף אונז. און עס זאל אוועק גיין אונזערע פאריגע זינד. אזוי ווי וואסער גייט אוועק, זאלסט אריינווארפין אונזערע חטאים אין איין ארט וואס זיי זאלין שוין מער ניט קומען, אזוי ווי די וואסער גייען, און פאלין אריין אין טיפען ים. מיר האבין פיל געזינדיגט. אבער יעצט איז אונזער הארץ קלאר ווי דאס וואסער מיט אונז גינאד פון וועגין דיין הייליגע תורה וואס זי איז געגליכען צו וואסער. דען די תורה קען מען ניט מקיים זיין אין קבר. זי איז ניט גיגעבען געווארען פאר טויטע. דרום לאז אונז לעבן, מיר זאלען זי מקיים זיין און גוטעס טאן אויף דער וועלט ווי מיר קלערין. מיר זאלין פאריכטען וואס מיר האבען ביז יעצט קיליע געמאכט, הושיעה יי', העלף אונז גאט צו דינען דיך מיט דעם גאנצין הארצין. מיר זאלען פארברייגען אונזערע יארין אין פרומקייט און אין ערליכקייט. אונזער עלטער זאל מכפר זיין אויף אונזער יוגענד, און זאלסט אונז ניט ברייגען לידי נסיון, מיר זאלען ניט קומען לידי בזיון, און מיר זאלין חלילה צוא דער עלטער ניט באדארפין אנקומען צוא קינדער און צו קרובים, און צו די גאב פון א מענטשין, מיר זאלין אויסלעבין אונזערע יארין מיט אונזערע מאנען, מיר זאלין חלילה ניט אפגעריסין ווערין אייגער פון דעם אנדערין, דו זאלסט אונז ניט אוועק ווארפין צו דער צייט פון אונזער עלטער, דוא זאלכט אונז ניט פאר לאזין ווען מיר וועלין שוין זיין שלאף, מיר זאלין זיין מיט דעם גאנצין זינען ביז די לעצטע מינוט, מיר זאלין קיין צער ניט האבין פון אונזערע קינדער אין גאנצין לעבין, מיר זאלין קיין צער ניט זעהן אין אונזער גאנצע פאמיליע, און אין אונזערע אלע גוטע פריינד, און אין כלל ישראל אויף דער גאנצער וועלט, חדש עלינו, באניי אויף אונז ליבער גאט, דעם נייעם יאר, אז עס זאל זיין א יאר פון ברכה,

מעשה אלפס

חאָז נידעריגער איז, אזוי איז דער בורא נכנע צו דער תורה, פאלגין אלעם וואס ב"ה (שוכן את דכא ושפל רוח) משרה זי לערינט אים צו זיין עווינען גליק זיין שכינה נור ביי דעם וואס צו ברעכט און דאדורך איז ער מקבל אויף זיך עול זיין הארץ דורך דעם קול שופר און ווערט מלכות שמים, זיין א טרייער דינער צום

ווי א שטאדע שאף אן א פאסטוך, דו זאלסט ניט צו נעמען עלטערין
פון קליינע קינדער. און קינדער פון עלטערין, עס זאל ביי אונז קיין
אונגליק ניט געשעהן אין אונזערע הייזער, אונזער בלוט זאל זיין אין
גאנצין, מיר וויינען און שרייען היינט. אז אגאנץ יאר זאלין מיר שוין
מער ניט דארפין שרייען און וויינען חלילה, און דו זאלסט ערפרייען
אלע ביטערע הערצער, דו זאלסט יעדערין ערפילען וואס איהם
פעלט. אלע קראנקע זאלסטו ווי שיקען א רפואה שלמה, זיי זאלען
געזונד און שטארק ווערין. אלע וואס זיינען במקום סכנה זאלסטו זיי
שטיצען מיט דיין רעכטע האנד, און זאלסט זיי מציל זיין פון זייער
גיפאר, אלע עקרות זאלסטו ענטפערין מיט קינדער, און אלע
חשובי בנים זאלין ערפרייט ווערען מיט זרע של קיימא, זיי זאלען
מער ניט זיין קיין צו דארטע בוימער. נור ווי בוימער וואס גיבען
פרוכט, אלע שוואנגערע פרויען זאלען געווינען אין דער צייט, אן
צער, אן חבלי לידה, אן יסורים, אן סכנה, זיי זאלען האבין
לעבעדיגע קינדער, און זאלין פון זיי קיין צער גדול בנים ניט האבין,
זיי זאלען זיי אויף האדעווען צו תורה ומעשים טובים, זיי זאלען ניט
זאר שעמען זייערע עלטערין, זיי זאלען זיין גוט און פרום צו גאט
און צו מענשין. רבונו של עולם, גיב אונז אזאר וואס מיר זאלין ניט
פאר שעמט ווערען, זאלסט אונז היטען פון ארימקייט, מיר זאלען
ניט באדארפין אן קומען איינער צום אנדערין, דען די גאב פון
אמענשין איז קליין און די שאנד איז זייער גרוים, נאר דו זאלסט אונז
ערנערין פון דיין הייליגע האנד, דו זאלסט אונז צו שיקען אכשרה
און גרינגע פרנסה, אן צער, אן שווערקייטין, אן חלול שבת, אן
פארשאפין שאדין דעם צווייטען. רבונו של עולם, דו זאלסט אונז
ניט צו נעמען פון דער וועלט פאר דער צייט, ביז וואנען מיר וועלין
אויסלעבען אונזערע יארין. און אוים האדעווען אונזערע קינדער,
און מיר זאלען פון זיי נחת האבן, זיי זאלען גיין אין די רעכטע וועג
צו דינען דיר באמת ובתמים, אמן.

מעשה אלפס

מאכער, אין אנפאנג מעשה בראשית אויפמערקזאם אויף פיל גוטע געדאנקען,
מערקט אן די תורה (ורוח אלהים מרחפת על דאס ערבסטע מערקט ער אן אויף די טייערע
פני המים) אז דער געטליכער גייסט שוועבט מדה פון ענוה, אזוי ווי וואסער מיידעט
בוין וואסער, ווייל דער וואסער מאכט אוים די הויכע פלעצער. און ציט זיך אלם

אפי״ט אן וואסער, ווען חלילה דו זאלסט זיך באגיין מיט דער וועלט אקליינע ווייל מיט מדת הדין, ווען דו וואלסט באצאלין אמענשין נאך זיינע מעשים פינקטליך ווי ער האט פאר דינט, וואלט. די וועלט קיין קיום ניט האבן, נאר דו צאמסט ארום דעם מדת הדין מיט דיין מדת הרחמים, ווי די ברעגין פון ים צאמען ארום דאס וואסער, דרום קומען מיר היינט צום וואסער, ניט מיט אונזערע גוטע מעשים, ניט מיט אונזערע רעכט-פארטיקייט, נאר מיר האפין אויף דיין גינאד, אונ דיין מדת הרחמים, וואס זיינען אזוי פיל ווי אין ים דאס וואסער, מיר זיינען זיך מתודה אויף אונזערע בייזע מעשים וואס מיר האבען גיטאן ביז אהער, אונ אונזער הארץ איז זייער צו בראכען וואס מיר האבען דיר פיל ערצערינט, מיר האבען ניט געהיט דיין היילגע תורה, מיר האבען ניט מקיים גיוועזען דיינע היילגע מצות, מיר בעטין פון דיר הער פון דער גאנצער וועלט, וואס אין דיין האנד איז די זעלע אונ דער לעבין פון אלע מענשין, מיר בעטין פון דיר דו זאלסט אפ מעקין אלע אונזערע זינד, אונ אלע אונזערע שטרי חובות, דען מיר האבען ניט מיט וואס איין צו צאלין דאס וואס מיר זיינען שולדיג, מיר זאלין חלילה ניט באדארפין צאלין מיט אונזער לעבין, אונ מיט דעם לעבין פון אונזערע קליינע קינדער, אונ פון יעצט אן אונ ווייטער זאלסטו אונז העלפין ליבער גאט מיר זאלען קענען דיך דינען מיט'ן גאנצען הארצען, דו זאלסט אונז באשאפען אגוט הארץ, מיר זאלען היטען אלע דיינע גיבאט, עס זאל ביי אונז ניט זיין קיין קנאה, שנאה, מיר זאלען איינער מיט דעם אנדערען טאן גוטעס, אונ טראכטין גוטע גידאנקען איינער אויף דעם אנדערן, מיר זאלין ווערט זיין פון היינט אן, אז דו זאלסט מיט אונז גוטס טאן, אונ זאלסט היילען אלע צובראכענע הערצער, דו זאלסט אונז געבין איאר פון לעבען, איאר פון געזונד, איאר פון פרנסה, איאר פון נחת, דו זאלסט ניט צו נעמען אפאטער פון זיינע קינדער, עס זאלין ניט בלייבין חלילה אלמנות אונ יתומים ווי א שיף אן ארודער, אונ

---

מעשה אלפס

אונזער מוטער, שרייבט די תורה (ונמצאה מלאך יי על עין המים) אז ביין קוואל וואסער האט די זוכה געווען צו נבואה ביידין מיט פיל מלאכים, יחזקאל הנביא אין גלות בבל) דער ציילט אז ער האט גיזעהען מראות אלהים ביין וואסער (על נהר כבר), משה רבנו אין מדין דערציילט די תורה, אז ער איז גיזעסין ביין ברונען

וואסער

לא ינום ולא יישן שומר ישראל: הוד והדר לפניו, עוז וחדוה במקומו: כי עמך הסליחה, למען תורא: חנון ורחום יי, ארך אפים וגדל חסד: באור פני מלך חיים, ורצונו כעב מלקוש: כי אל גדול יי, ומלך גדול על כל אלהים: אשרי העם יודעי תרועה, יי באור פניך יהלכון: כשמן הטוב על הראש יורד על הזקן, זקן אהרן שיורד על פי מדותיו [א]:

## א נייע תחנה צו תשליך.

רבון העולמים, הער פון אלע וועלטין, דו האסט אונז געשריבען אין דיין הייליגע תורה צו הייליגען היינטיגען טאג (ראש השנה), דען אין היינטיגען טאג זיצטו אויף דיין שטול צו משפטין די גאנצע וועלט, יונגע אונ אלטע, ארום אונ רייך, משפטין זיי צו גוטס אדער שלעכטס חלילה, צו גליק אדער אונגליק, צום לעבין אדער פאר קערט חלילה, יעדערין נאך זיינע מעשים, אונ מיר ווייסין אז מיר זיינען פול מיט זינד, מיר האבען ניט מקיים גיוועזן וואס דו האסט פארזאגט אין דיין הייליגע תורה, אונ מיר האבין ווידערגישפעניגט געגין דיר, דרום זיינען מיר זייער ערשראקין פאר דעם יום הדין, פיליכט וועסטו אונז משפטין נאך אונזערע מעשים, דרום קומען מיר היינטיגען טאג צום וואסער, פליסען טרערין ווי וואסער, אז דו זאלסט זיך מיט אונז באגיין מיט ערבארימקייט, מיט חסד וואס איז געגליכען צו וואסער, אונ זאלסט היינט צום יום הדין ערוועקין די שלש עשרה מדות פון רחמים צו ריינגען אונז פון אונזערע זינד, וואס זיינען פול ווי אין מעער וואסער, אונ זאלסט אפ וואשין אלע אונזערע פלעקין ווי וואסער. דו הייליגער גאט זעהסט וואס ביי יעדער מענש איז אין הארץ, דו באמערקסט יעדער קערפער קלאר ווי וואסער, עס איז פון דיר קיין זאך ניט פאר הוילען, קיינער קען זיך פון דיר ניט באהאלטין, אויסער דיר קען קיין באשעפעניש ניט לעבען, ווי

---

**מעשה אלפס**

א) דער מנהג קדמונים פון תשליך (גיין תנ"ך געפינען מיר, אז ביי'ן וואסער איז צום וואסער) ראש השנה, בעדייט דער מענש עלול בעגייסטערט צו ווערן, אויף הויכע געדאנקען, אין פיל ערטער אין „הגר" בשעת זי איז אנטלאפען פון שרה'ן

אונזער

הִנֵּה עֵין יְיָ אֶל יְרֵאָיו, לַמְיַחֲלִים לְחַסְדּוֹ: לְהַצִּיל מִמָּוֶת נַפְשָׁם, וּלְחַיּוֹתָם בָּרָעָב: נַפְשֵׁנוּ חִכְּתָה לַייָ, עֶזְרֵנוּ וּמָגִנֵּנוּ הוּא: כִּי בוֹ יִשְׂמַח לִבֵּנוּ, כִּי בְשֵׁם קָדְשׁוֹ בָטָחְנוּ: יְהִי חַסְדְּךָ יְיָ עָלֵינוּ, כַּאֲשֶׁר יִחַלְנוּ לָךְ:

נָאךְ דֶעם זָאגְט מֶען דָאס:

לֹא יָרֵעוּ וְלֹא יַשְׁחִיתוּ בְּכָל הַר קָדְשִׁי, כִּי מָלְאָה הָאָרֶץ דֵּעָה אֶת יְיָ, כַּמַּיִם לַיָּם מְכַסִּים:

שִׁיר לַמַּעֲלוֹת אֶשָּׂא עֵינַי אֶל הֶהָרִים, מֵאַיִן יָבֹא עֶזְרִי: עֶזְרִי מֵעִם יְיָ, עֹשֵׂה שָׁמַיִם וָאָרֶץ: וְאֹרַח צַדִּיקִים כְּאוֹר נֹגַהּ, הוֹלֵךְ וָאוֹר עַד נְכוֹן הַיּוֹם: וַאֲנִי תְפִלָּתִי לְךָ יְיָ עֵת רָצוֹן אֱלֹהִים בְּרָב חַסְדֶּךָ, עֲנֵנִי בֶּאֱמֶת יִשְׁעֶךָ: הִנֵּה

לא

עברי טייטש

וָואלְט עֶר נִיט קֶענֶען רֶעטֶען זַיין בַּייטֶער. (הִנֵּה) דָאס אִיז אַלְם וַוייל גָאטֶעס אוֹיג (בליקס) אוֹיף דִי וָואס פִירְכְטֶען פַאר אִים, צוּ דִי וָואס הָאפֶען אוֹיף זַיין גְנָאדֶע. (לְהַצִּיל) צוּא רֶעטִין זֵיי פוּן טוֹיט אוּנ צוּ עֶרְהַאלְטִין זֵייעֶר לֶעבִּין אִין הוּנְגֶער צַייט. (נַפְשֵׁנוּ) דְרוּם וַוארְט אוּנ הָאפְט אוּנְזֶער זֶעלֶע נוּר צוּ גָאט, דֶען נוּר עֶר אִיז אוּנְזֶער הִילְף אוּנ אוּנְזֶער בֶּעשִׁיצֶער. (כִּי בוֹ) נוּר מִיט אִים פְרֵייט זִיךְ אוּנְזֶער הַארְץ וָוען מִיר פֶערְזִיכֶערִין זִיךְ אָן זַיינֶעם הֵיילִיגֶען נָאמֶען. (יְהִי) עֶס זָאל זַיין דַיין גְנָאדֶע, גָאט, אִיבֶּער אוּנְז וִוי מִיר עֶרְוַוארְטִין פוּן דִיר.

לֹא יָרֵעוּ, זֵיי (די חיות רעות אונ שלעכטע מענשין) וֶועלִין נִיט שַׁאדִין טָאן אוּנ וֶועלֶען נִיט פֶערְדַארְבֶען אוֹיף מַיין גַאנְצִין הֵיילִיגֶען בַּארְג (ארץ ישראל), דֶען עֶס וֶועט (סוף כל סוף) פוּל וֶוערִין דִי עֶרְד מִיט אַנֶערְקֶענֶען גָאט, זָא וִוי דָאס וַואסֶער בַּאדֶעקְט דֶעם יַם.

מעשה אלפס

אוֹיפְ'ן אִידֶעשֶׁען הִימֶעל (פַּארְגְרָאטֶען, אָדֶער אַנְדֶערֶע צָרוֹת ר"ל) אוּנ אַמָאל דוּרְךְ אוֹיף שַׁיינֶען דִי זוּן אוֹיפְ'ן אִידֶעשִׁין הִימֶעל, אִיז בִּכְלָל אַלֶעס וָואס פַּאסִירְט אִין יֶעדֶער דוֹר (פְרֵייהַייט אָדֶער דְרִיקוּנְג), אִיז רִינְגֶעלִיךְ אִין דִי גְרוֹיסֶע וֶועלְט קֵייט, וָואס דֶער לֶעצְטֶער רִינְגֶעלֶע פוּן אִיר אִיז, דֶער תַּכְלִית וָואס אִיז בַּאשְׁטִימְט בַּיי גָאט בָּרוּךְ הוּא פוּן אָנְהוֹיבּ בְּרִיאָה, וִוי מִיר זָאגִין (יִתְגַּדַּל וְיִתְקַדַּשׁ) אַז סוֹף כָּל סוֹף וֶועט גֶעגְרוֹיסְט אוּנ פֶערְהֵיילִיגְט וֶוערֶען זַיין גְרוֹיסֶער נָאמֶען, אִין דֶער וֶועלְט וָואס עֶר הָאט אִיר בֶּעשַׁאפֶען אוּנ גֶעפִירְט נָאךְ זַיין ווִילֶען.

דער

אֲשֶׁר יְיָ אֱלֹהָיו, הָעָם בָּחַר לְנַחֲלָה לוֹ: מִשָּׁמַיִם הִבִּיט
יְיָ, רָאָה אֶת כָּל בְּנֵי הָאָדָם: מִמְּכוֹן שִׁבְתּוֹ הִשְׁגִּיחַ, אֶל
כָּל יֹשְׁבֵי הָאָרֶץ: הַיֹּצֵר יַחַד לִבָּם, הַמֵּבִין אֶל כָּל
מַעֲשֵׂיהֶם: אֵין הַמֶּלֶךְ נוֹשָׁע בְּרָב חָיִל, גִּבּוֹר לֹא יִנָּצֵל
בְּרָב כֹּחַ: שֶׁקֶר הַסּוּס לִתְשׁוּעָה, וּבְרֹב חֵילוֹ לֹא יְמַלֵּט:

הנה

עברי טייטש

ערוואולט צו דינען גאט, אונ נאך מער זיינן גליקליך די ישראל, לבד
וואס זייערע עלטערין האבען אויס ערוואהלט צוא דינען גאט, האט
גאט זיי אויך אויס ערוואהלט פיר זיין ערב, זיין צו אים (עם סגולה)
„א געליבטער אוצר״. (משמים) פון הימעל בליקט גאט, ער זעהט אויף
אלע מענשין־קינדער (דאס איז די נאטור-נאנג וואס ער האט פאראדינט). (ממכון
שבתו) פון זיין אנגיבריטין וואהנונג (דאס איז די איבערנאטירליכע הנהגה) גיט
ער אכטונג מיט גרויס השגחה אויף אלע בעוואהנער פון די ערד.
(היוצר) דער וואס האט בעשאפען אלע זייערע הערצער, דער
פארשטייט אויך אלע זייערע מעשים, אונ אזוי ווי ער האט בעשאפין
אלע הערצער אין איין ווייל, (ער האט גיגעבין בכח אין אדם
הראשון׳ס הארץ עס זאל פון אים געבוירין ווערין אגאנצע וועלט,
אזוי בליקט ער דורך אלע זייערע מעשים אין איין אויגען בליק (וכולם
נסקרין בסקירה אחת). (אין המלך) אונ פון די איבער נאטירליכע השגחה
ציט זיך די וואונדערליכע השגחה וואס פארהיט די גאטס־פארכטיגע
פון אלעם בייזין, קיין מלחמה פון פייער אונ וואסער זאל זיי ניט
זיגען, ווי מיר זעהען אפט מאל אין דער וועלט, אז א קעניג ווערט
ניט געהאלפען דורך זיין גרויסע ארמייע, (גבור) אויך א העלד ווערט
ניט גירעטעט דורך גרויסע קראפט (וויא דיא היסטאריע פון גלית הפלשתי).
(שקר הסוס) אונ אמאל איז גראד וואס דער פערד איז פאלש זיין
ווירט (ער פירט אים נעגין זיין ווילען) דאס איז גראדע זיין הילף (ווי די געשיכטע פון
אברבנאל, זעהט סדור קרבן מנחה מעשה אלפס) וואס מיט זיין גרויס מאכט

---

מעשה אלפס

שנוי, אונ ווען אויך עס דויערט, דארפין
מיר האפין אונ זיך פאסין מוטה ניט שוואך
צו ווערען אין האפענונג, אונ די גידאנקען
פון זיין הארצען דאס רופט זיך די קיטלען

צו דעם, איז דער בורא מבין אין יעדער
דור, דורך פערשידענע פארמעם, (נאך
די מעשים פון דעם דור). אמאל דורך
אפינקטערין וואלקין וואס פארשפרייט זיך

איבן

בִּדְבַר יְיָ שָׁמַיִם נַעֲשׂוּ, וּבְרוּחַ פִּיו כָּל צְבָאָם: כֹּנֵס כַּנֵּד מֵי הַיָּם, נֹתֵן בְּאוֹצָרוֹת תְּהוֹמוֹת: יִירְאוּ מֵיְיָ כָּל הָאָרֶץ, מִמֶּנּוּ יָגוּרוּ כָּל יוֹשְׁבֵי תֵבֵל: כִּי הוּא אָמַר וַיֶּהִי, הוּא צִוָּה וַיַּעֲמֹד: יְיָ הֵפִיר עֲצַת גּוֹיִם, הֵנִיא מַחְשְׁבוֹת עַמִּים: עֲצַת יְיָ לְעוֹלָם תַּעֲמֹד, מַחְשְׁבוֹת לִבּוֹ לְדֹר וָדֹר: אַשְׁרֵי הַגּוֹי

אשר

עברי טייטש

ליבט צדקה צו בעלוינען גוטעס צו די וואס טוען גוטע מעשים, אונ טאן משפט, רעכענען זיך מיט די פערברעכער, נור ווארום שטראפט ער זיי ניט אזוי גיך? ווייל גאטעס גנאדע איז פול די וועלט, האלט ער אב דעם שטראף פילייכט וועלין זיי תשובה טאן. (בדבר) דורך גאטעס ווארט זיינען די הימלען מיט אלע זייערע הערשאפט באשאפין געווארין. (כונס) ער זאמילט אויף ווי אמויער די וואסער פון ים, (ווי ביי קריעת ים סוף). ער שפארט איין אין פערזאמלונגס-ערטער די וואסער פון די אבגרונטין. (ייראו) עס פירכטעט פאר גאט די גאנצע ערד, פאר אים ציטערין אלע בעזיצער פון דער וועלט. (כי) דען ער האט נור גיזאגט (בששת ימי בראשית) אונ עס איז געווארען, ער האט בעפאהלען (די וואסער פון ים זאלין נים אריבער טרעטין דעם זאמד צו פארפלייצין די וועלט) איז אזוי געבליבען שטיין, דרום פירכטעט זיך אלע בעזיצער דער וועלט איבער צו טרעטין זיינע גיבאטע, ווייל ווען איר וועט בער טרעטין, האט ער פארארדינט אז די וואסער פון ים זאל אויך איבער טרעטין זיין ווארט, אונ אריבער דעם זאמד צו פארפלייצין פיל שטעט. (יי הפיר) אונ דורך דעם וואס זיין השגחה איז אויף דער וועלט, צושטערט ער דעם ראטה פון די פעלקער אונ פארניכטעט זייערע גידאנקען וואס זיי ווילין שטערין דעם תכלית וואס דער עוויגער האט בעשטימט. (עצת יי) גאטעס ראטה אבער בלייבט אויף עוויג, זיינע גידאנקען ווערט גיטאן אין יעדער דור נאך די מעשים פון דעם דור א). (אשרי) דרום וואהל איז דאס פאלק וואס האט אויס

מעשה אלפס

א) למשל זיין ראטה איז, אז די וועלט (סופי תיבות אמת), אלע וועלען דער זאל קומען צום אמת, ווי עס זעהען די ליכטיגקייט פון דער תורה, אונ איז אנגעוויזען אין די ווערטער פון סוף אז די ישראל זיינען "עם דנבחר" דאס שטייט מעשה בראשית „ברא אלהים לעשות" בין רבוע של עולם עוויג אין א שום

עער

תִּתֵּן אֱמֶת לְיַעֲקֹב חֶסֶד לְאַבְרָהָם, אֲשֶׁר נִשְׁבַּעְתָּ לַאֲבוֹתֵינוּ מִימֵי קֶדֶם: מִן הַמֵּצַר קָרָאתִי יָּהּ, עָנָנִי בַמֶּרְחָב יָהּ: יְיָ לִי לֹא אִירָא, מַה יַּעֲשֶׂה לִי אָדָם: יְיָ לִי בְּעֹזְרָי, וַאֲנִי אֶרְאֶה בְשֹׂנְאָי: טוֹב לַחֲסוֹת בַּיְיָ, מִבְּטֹחַ בָּאָדָם: טוֹב לַחֲסוֹת בַּיְיָ, מִבְּטֹחַ בִּנְדִיבִים:

רַנְּנוּ צַדִּיקִים בַּיְיָ, לַיְשָׁרִים נָאוָה תְהִלָּה: הוֹדוּ לַיְיָ בְּכִנּוֹר, בְּנֵבֶל עָשׂוֹר זַמְּרוּ לוֹ: שִׁירוּ לוֹ שִׁיר חָדָשׁ, הֵיטִיבוּ נַגֵּן בִּתְרוּעָה: כִּי יָשָׁר דְּבַר יְיָ, וְכָל מַעֲשֵׂהוּ בֶּאֱמוּנָה: אֹהֵב צְדָקָה וּמִשְׁפָּט, חֶסֶד יְיָ מָלְאָה הָאָרֶץ:

עברי טייטש

(קלענער מאכין) אונזערע פערברעכען, אונ ווארפין אין די טיפענעס פון ים אלע זינד. (תתן) דו זאלסט אונז געבין די ווארהייט, ווענין דעם זכות פון יעקב, גנאדע זאלסטו אונז ווייזען, ווענין דעם זכות פון אברהם, ווי דוא האסט געשווארען צוא אונזערע עלטערין נאך פארצייטין (ביי עקידת יצחק). (מן המצר) אין נאוטה ווען איך האב גערופען צו גאט, האט ער מיר גיענטפערט אונ אוועק געשטעלט אין בעקוועמליכקייט. (יי לי) ווען גאט איז מיר צו הילף, שרעק איך מיר ניט, וואס קען מיר ווער טאן? (יי לי) ווען גאט איז מיר צו הילף, וועל איך שוין זעהען דעם אונטערגאנג פון מיינע פיינד. (טוב לחסות) עס איז בעסער זיך צוא שיטצען ביי גאט (ווען אויך ער האט מיך ניט פערשפראכין) איידער צו האפין אויף די הבטחה פון מענשין. (טוב לחסות) עס איז בעסער זיך צו שיטצען אויף גאט, ווי זיך צו פערטרויען אויף פירסטין.

(רננו) איר צדיקים זינגט אונ פרייט זיך מיט גאט, צו די וואס פירען זיך אין רעכטפארטיגע וועג, פאסט צו לויבען גאט. (הודו) לויבט גאט אויף דער פידעל, אויף א הארפע פון צעהן קלאנגען, זינגט צו אים דאנקבארקייט. (שירו לו) זינגט פאר אים לויב־לידער, שפילט הערליך מיט פריינדליכער גיזעלשאפט. (כי ישר) דען גאטעסווארט (דאס איז די וועלט וואס איז בעשאפין דורך זיין ווארט) איז גלייך אונ רעכטפארטיג, אונ די ווערק וואס איז בעשאפען דורך זיין ווארט איז פעסט גישטעלט, עס זאל קיין מאל ניט צושטערט ווערן. (אהב) גאט

די תְּחִנָּה זָאגְט מֶען נָאךְ בִּרְכַּת כֹּהֲנִים, וֶוען דֶער חַזָּן עֶנְדִיגְט דֶעם וָוארְט. שָׁלוֹם.

אַדִּיר בַּמָּרוֹם שׁוֹכֵן בִּגְבוּרָה, שְׁטַארְקֶער גָאט וָואס רוּהט אִין הִימֶל, אַתָּה שָׁלוֹם וְשִׁמְךָ שָׁלוֹם, דוּ אוּנ דַיין נָאמֶען אִיז לוּיטֶער שָׁלוֹם, יְהִי רָצוֹן שֶׁתָּשִׂים עָלֵינוּ וְעַל כָּל עַמְּךָ בֵּית יִשְׂרָאֵל חַיִּים וּבְרָכָה לְמִשְׁמֶרֶת שָׁלוֹם, עֶס זָאל זַיין דַיין ווילֶען, דוּ זָאלְסְט אוּנְז אוּנ כָּל יִשְׂרָאֵל גֶעבִּין אֲרִיכוּת יָמִים, גֶעזוּנְד אוּנ פַּרְנָסָה, אוּנ עֶס זָאל בַּיי אוּנְז זַיין לוּיטֶער שָׁלוֹם, אָמֵן.

## מִנְהָגִים טוֹבִים לְרֹאשׁ הַשָּׁנָה.

נָאךְ דֶעם דַאוֶונֶען זָאל מֶען גֵיין אַהֵיים פְרֵיילֶעךְ, אוּנ בָּטוּחַ אִין דִי חֲסָדִים פוּן השי"ת, אַז עֶר וֶועט מִשְׁפָּטִין מִיט חֶסֶד, אוּנ מֶען טָאר נִיט גֵיין פוּן שׁוּל אַיילֶענְדִיג אֲפִילוּ אַגַאנְץ יָאר, אוּנ מִכָּל שֶׁכֵּן אִין דֶעם יוֹם הַדִּין, כְּדֵי עֶס זָאל נִיט אוֹיסְזֶעהֶען דָאס גָאטְס תְּפִלּוֹת אִיז אִים צוּלַאסְט. פַאר דֶער סְעוּדָה דַארְף מֶען מַאכִין קִידוּשׁ אוֹיף וַויין, אוּנ מְ'דַארְף עֶסִין דִי סְעוּדָה מִיט פְרֵיילִיכְקַייט, מְ'דַארְף זִיךְ אָבֶּער נִיט אָן עֶסִין בִּיז גַאנְץ זַאט, נִיט פִיל מַשְׁקֶה טְרִינְקֶען, אוּנ נִיט פַאר שְׁמוּעֶסִין זִיךְ אִין פּוּסְטֶע רֵייד, כְּדֵי עֶס זָאל נִיט אָפְּגֶעטָאן וֶוערֶען גָאטְס-פָארְכְטִיגְקַייט פוּן גֶעדַאנְק, מְ'דַארְף גֶעדֵיינְקֶען, דָאס דִי צַייט אִיז זֵייעֶר טַייעֶר עוֹסֵק צוּ זַיין אִין תְּשׁוּבָה אוּנ תְּפִלָּה.

## סֵדֶר תַּשְׁלִיךְ.

דֶעם עֶרְשְׁטִין טָאג רֹאשׁ הַשָּׁנָה נָאךְ מִנְחָה גֵייט מֶען צוּ אַ טַייךְ אוּנ מֶען זָאגְט דָאס. אוּנ וֶוען עֶס גִיפַאלְט אוּם שַׁבָּת גֵייט מֶען דֶעם אַנְדֶערִין טָאג.

**מִי אֵל כָּמוֹךָ נוֹשֵׂא עָוֹן וְעוֹבֵר עַל פֶּשַׁע לִשְׁאֵרִית נַחֲלָתוֹ, לֹא הֶחֱזִיק לָעַד אַפּוֹ כִּי חָפֵץ חֶסֶד הוּא: יָשׁוּב יְרַחֲמֵנוּ יִכְבּוֹשׁ עֲוֹנוֹתֵינוּ, וְתַשְׁלִיךְ בִּמְצוּלוֹת יָם כָּל חַטֹּאתָם:**

תתן

עברי טייטש

מִי אֵל כָּמוֹךָ, וֶוער אִיז אַזוֹי מֶעכְטִיג אוּנ גְנֶעדִיג וִוי דוּ, וָואס פֶערְצַייהֶעסְט דִי זִינְד אוּנ גֶעמְסְט אַרוּנְטֶער דָאס פַאר בְּרֶעכֶען צוּא דִי פְרוּמֶע וָואס מַאכִין פוּן זֵייעֶר אֵייגֶענֶעם פֶערְזָאן קֵיין גְרוֹיסִין וֶועזִין (ווי האלטין זיך קליין), עֶר הַאלְט נִיט עֶוִויג זַיין צָארִין, דֶען עֶר וִויל גְנַאדֶע טָאהְן. (יָשׁוּב) עֶר וֶועט אוּנְז ווידֶער דֶערְבַּארְמֶען, עֶר וֶועט אַיין פֶערְסְקִין

קְלֶעמֶר

# יָאֵר יְיָ פָּנָיו אֵלֶיךָ וִיחֻנֶּךָּ:

ווען דער חזן זאגט דאס ווארט „ויחנך", אזוי זאגט מען נאך אמאל דעם „רבונו של עולם" וואס מיהאט פריער גיזאגט.

# יִשָּׂא יְיָ פָּנָיו אֵלֶיךָ, וְיָשֵׂם לְךָ שָׁלוֹם:

ווען דער חזן זאגט דאס ווארט „שלום", זאגט מען דאס.

יְהִי רָצוֹן מִלְּפָנֶיךָ יְיָ אֱלֹהַי וֵאלֹהֵי אֲבוֹתַי, עס זאל זיין דער ווילן פאר דיר מיין גאט, אונ גאט פון מיינע עלטערין, אז דו זאלסט טאן (איס ווירקען איבער אונז דעם ברכת כהנים) וועגען די הייליגקייט פון דיינע חסדים, אונ וועגין דאס גרויסקייט וואס איז פארשפרייט איבער דער וועלט, אום ווילען די ריינהייט פון דיין גרויסין מעכטיגען אונ פארכטיגען נאמען, וואס ווערט אויף געבויט דורך די צוויי אונ צוואנציג אותיות, וואס זיי גייען ארויס פון די פסוקים פון ברכת כהנים, וואס די ברכה איז געזאגט געווארין פון די מויל פון אהרן מיט זיינע קינדער געגין דיין הייליגע פאלק, אז דו זאלסט זיין נאהענט צו מיר ווען איך טו רופין צו דיר, אונ זאלסט פארנעמען מיין גיבעט אונ מיין געשריי אין אלע צייטען, אזוי ווי דו האסט גיהערט די גישריי פון יעקב אבינו, אונ דו זאלסט מיר געבען מיט מיין גאנץ הויזגעזינד אונזער שפייז אונ פרנסה מיט ברייטקייט, ניט בצמצום, מיט היתר, ניט מיט איסור, מיט נחת, אונ ניט מיט צער, פון דיין ברייטע האנד, אזוי ווי דו האסט געגעבען ברויט צו עסין, אונ קליידער אנצוקליידען צו יעקב אבינו, אונ זאלסט אונז מאכין בעליבט מיט חן אונ חסד, אונ רחמים אין דיינע אויגין אונ אין לייטינס אויגין, אונ זאלסט טאן מיט מיר וואונדער אונ נסים אונ צייכין צו גוטין, אונ זאלסט מיר באגליקען אין אלע מיינע וועגין, אונ גיב אין מיין הארץ פארשטאנד צו פארשטיין אונ צו קליגין זיך. מקיים צו זיין די רייד פון דער תורה מיט אירע סודות, אונ דו זאלסט מיך מציל זיין פון פעלערין, איך זאל מיך חס ושלום ניט טועה זיין אין דער תורה, אונ ריינג מיינע גידאנקען אונ מיין הארץ דיר צו דינען, אונ דו זאלסט דער לייגערין מיינע יאהרין מיט מיין מאן אונ קינדער מיט אלעם גוטין, מיט לעבין, מיט פיל שטארקייט אונ פריד, אמן סלה.

און דו זאלסט אונז געבין שלום און שלוה, און רוהיגקייט, עס זאל חלילה ניט קומען קיין שרעק אין אונזערע וואוינונגען, און מיר זאלען קענען דיר דינען ליבער גאט מיט איין וואוהרין געפיל, מיטין גאנצין הארצען בקדושה ובטהרה, ווי עס פאסט פאר איין אל יחיד ומיוחד ווי דו.

## תחנה נאך וכתוב לחיים טובים.

און ר"ה ויו"כ צו מוסף, אז דער חזן האלט וכתוב לחיים, זאגט מען די תחנה.

אבינו אונזער פאטער און אונזער קעניג, דערמאן אונז דיין דער בארימהערציגקייט, און דערוויטער דיין צארען, און פארלענד פון אונז, מארד, און שווערד, און הונגער, און גיפיינקענעם, און מגפה און אלע בייזע באגעגעניש, און אלע קראנקהייטין, און אלע שטרויכלונגען, און אלע בייזע גזרות, און שנאת חנם (אומזיסטע פיינדשאפט) פון אונז, און פון די אלע וואס דינען דיר, הייליגער פאטער.

## ברכת כהנים.

## יברכך יי וישמרך:

ווען דער חזן זאגט דאסווארט „וישמרך", זאגט מען דאס.

רבונו של עולם, איך בין דיינע און מיינע חלומות זיינען דיינע. עס זאל זיין דער ווילין פאר דיר גאט, אז אלע מיינע חלומות זאלען בעדייטען אויף אונז וכל ישראל צו גוטען, סיי עס האט זיך מיך געחלומט אויף זיך זעלבסט, סיי אויף אנדערע, סיי אנדערע האבין זיך געחלומט אויף מיר, אויב זיי בעדייטען צו גוט זאלען זיי מקוים ווערין אזוי וויא די חלומות פון יוסף הצדיק, און אויב זיי ברויכין איין אום בעסערונג זאלסטו זיי היילין אזוי ווי די וואסער פון מרה דורך משה רבנו, און אזוי ווי דו האסט געהיילט צו מרים פון אירע אונציכטיגקייט, און ווי דו האסט געהיילט די וואסער פון יריחו דורך אלישע, און נעמן פון זיינע קרעטץ, און חזקיהו מלך יהודה פון זיין קריינק, און אזוי ווי דו האסט פארקערט די קללה פון בלעם הרשע צו איין ברכה, אזוי זאלסטו פארקערין אלע אונזערע חלומות און פון כל ישראל צו גוטין, און זאלסט אונז היטען און באוויליגען, אמן.

כסא הכבוד און זאלין גוטס פאר אונז פיר שפרעכין צוא פאר געבין גאר אונזערע זינד, אמן.

דער נאך זאגט דער חזן מיט אהויכע שטימע.

אשרי העם יודעי תרועה, יי באור פניך יהלכון:
בשמך יגילון כל היום, ובצדקתך ירומו:
כי תפארת עזמו אתה, וברצונך תרום קרננו:
אשרי יושבי ביתך, עוד יהללוך סלה: אשרי וכו׳

# תחנה פאר ברכת כהנים

די תחנה זאגט מען ווען די כהנים גייען דוכענען אז דר חזן הייבט אן צו זאגן רצה.

## אלהינו ואלהי אבותינו.

אונזער גאט, דער גאט פון אונזערע עלטערין אברהם יצחק ויעקב, הנה בני אהרן כהניך, די קינדער פון אהרן דיינע כהנים וועלין יעצט אויפהייבען די הענד צו בענטשין דיין פאלק ישראל, מיטין גאנצען הארצען, און וועלין זאגען די ברכה וואס דו האסט זיי גיבאטין, דאס מיט דער ברכה, זאלען זיי בענטשין דיין פאלק ישראל ווען זיי שטעלין זיך דוכענען, רבש״ע פארגעם די גיבעט פון די כהנים, וואס בענטשין דיין פאלק ישראל, און עס זאלען גיבענטשט ווערין אלע יודען צוזאמען, און אויך איך מיט מיין מאן און קינדער צווישען זיי, צו אגוט לעבין, און גוטע פרנסה פון דיין פולע גיבענשטע האנד, אז מיר זאלען ניט דארפען אנקומען צו א בשר ודם, און מיר זאלען זוכה זיין צו האבען קינדער און קינדס קינדער, גוטע אונד גאטס פארכטיגע, און זאלסט אונז היטען פון אלעם בייזן, קיין שונא זאל אונז ניט קענען טאן קיין שלעכטעס, דו זאלסט דער לייכטען דיין געטליכען פנים צו אונז. אז מיר זאלען קענען האלטין דיין היילינע תורה. און מיר זאלען ניט ווידער שפעניגען גענין דיר, און זאלסט אונז בענטשין מיט אלעם גוטעם. מיט א גוט לעבין, פון גיזונד, פון פרנסה, און זאלסט אונז נושא פנים זיין, ווען דו קומסט אונז צו משפטן, דערמאן דעם זכות פון אהרן הכהן (וואס ער איז גיוועזין, איין אוהב שלום ורודף שלום) מיט זיינע קינדער,

בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם שֶׁהֶחֱיָנוּ וְקִיְּמָנוּ וְהִגִּיעָנוּ לַזְּמַן הַזֶּה:

תקיעה שברים תרועה תקיעה
תקיעה שברים תרועה תקיעה
תקיעה שברים תרועה תקיעה

יְהִי רָצוֹן, עֶס זָאל זַיין בַּאוִוילִיגְט פַאר דִיר מַיין גָאט אוּנ גָאט פוּן מַיינֶע עֶלְטֶערִין דָאס בְּלָאזֶען תְּקִיעָה שְׁבָרִים תְּרוּעָה תְּקִיעָה וָואס מִיר הָאבֶּען יֶעצְט גִיבְּלָאזֶען, עֶס זָאל פוּן דֶעם ווֶערִין אַקְרוֵין דוּרְךְ דֶעם מַלְאָךְ וָואס אִיז אִיבֶּער דֶעם גִיוֶעצְט, אוּנ זָאלְסְט טָאן מִיט אוּנְז גוּטֶעס אִין דֶעם יוֹם הַדִּין, גִילוֹיבְּט בִּיסְטוּ בַּעַל הָרַחֲמִים.

תקיעה שברים תקיעה
תקיעה שברים תקיעה
תקיעה שברים תקיעה

יְהִי רָצוֹן, עֶס זָאל זַיין בַּאוִוילִיגְט פַאר דִיר מַיין גָאט אוּנ גָאט פוּן מַיינֶע עֶלְטֶערִין דָאס בְּלָאזֶען תְּקִיעָה שְׁבָרִים תְּקִיעָה וָואס מִיר הָאבֶּען יֶעצְט גִיבְּלָאזֶען, זָאלְסְטוּ דָאס אָן נֶעמֶען לְרָצוֹן אוּנ זָאלְסְט רַחֲמָנוּת הָאבִּין אִיבֶּער אוּנְז אוּנ גֶעבִּין אוּנְז אַגוּט יָאהר, גִילוֹיבְּט בִּיסְטוּ בַּעַל הָרַחֲמִים.

תקיעה תרועה תקיעה
תקיעה תרועה תקיעה
תקיעה תרועה תקיעה גדולה

וּבְכֵן יְהִי רָצוֹן, עֶס זָאל זַיין בַּאוִוילִיגְט פַאר דִיר אוּנְזֶער גָאט אוּנ גָאט פוּן אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערִין, דָאס דִי מַלְאָכִים דִי גֵייעֶן אוֹיף פוּן דֶעם שׁוֹפָר בְּלָאזֶען פוּן תְּקִיעָה שְׁבָרִים תְּרוּעָה תְּקִיעָה, אוּנ פוּן תְּקִיעָה שְׁבָרִים תְּקִיעָה, אוּנ פוּן תְּקִיעָה תְּרוּעָה תְּקִיעָה זָאלִין קוּמֶען פַאר דַיין

---

מעשה אלפס

בּוֹרֵא ב"ח שְׁטֵייט בַּיי אִים, דָאס הָאט מְרַמֵּז אוֹיף אוֹיף דֶעם לֶעצְטִין, וָואס דֶער בּוֹרֵא ב"ה וֶועט עֶרְשְׁטֶען בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אוּנ שָׁעוֹן אוֹיף דֶעם דְאַרְטִין שְׁטֶעהְדִיג רוּהֶען.

אויסער ווייליען אונזער פאריגע ערבשאפט (דאס איז ציון ירושלים) דהיינו זי איז יעצט וויסט, וועט ער איר פון דאס ניי אויס בויען, דעם גרויס ווירדיגען שטאלץ פון יעקב א) וואס ער ליבט זייער (דאס איז דער בית המקדש). (עלה אלהים בתרועה) גאטעס עהרע איז הויך געשטויגען דורך דעם שאלונג, גאט ווערט גילויבט מיט די שטימע פון שופר, כלומר, גאט ב״ה וועט אן נעמען די מלוכה וואס די גאנצע וועלט וועט אים ערקענען, אונ וועט פירען איין וואונדערליכע הנהגה מיט נסים ונפלאות, וואונדער איבער וואונדער. (זמרו) זינגט צו גאט זינגט, זינגט צו אונזער קעניג זינגט אויף די נסים ונפלאות וואס ער וועט מיט אייך טאן. (כי מלך) דען דער קעניג פון דער גאנצער וועלט איז גאט, זינגט אקלוגע ליד פון אייער ערקענען זיין גרויסקייט. (מלך אלהים) גאט רעגירט איבער פעלקער, גאט האט זיך געזעצט אויף זיין הייליגען שטול צו פירען איין הויכארטיגע הנהגה. (נדיבי עמים) די אדעל לייט פון פיל פעלקער, האבען זיך פערזאמעלט קיין ירושלים זיך מגייר אונ מקבל זיין אויף זיך צו זיין טרייע אונטערטאנער צום וועלט קעניג, זיי ווערין פעראייניגט ווי די פאלק פון דעם גאט פון אברהם, וואס ער (אברהם) איז געוועזן דער ערשטער וואס האט ערקענט דעם גאט פון הימל. (כי לאלהים) צו גאט וועלין זיך פערזאמלען אלע בעשיצער פון דער וועלט, כלומר, אלע קעניגע וואס זיי באשיצין מיט זייער מאכט, אונ אלע צדיקים וחסידים וואס זיי באשיצען מיט זייער זכות, (מאד נעלה) וועט דאן גאט אונ די קינדער פון אברהם ווערין זייער ערהויבען, אלע וועלין לויבען גאט אונ שעצין די ישראל וואס זיי זיינען גאטס פאלק פון אייביג אן.

ווען דער בעל תוקע הויבט אן צו זאגען די ברכות, דארף מען אויף הערען צו זאגן די תחנות אונ איין הארכין די ברכות אונ די תקיעות.

## בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם אֲשֶׁר קִדְּשָׁנוּ בְּמִצְוֹתָיו וְצִוָּנוּ לִשְׁמוֹעַ קוֹל שׁוֹפָר:

---

מעשה אלפס

א) תחילל דער אנפאנג ידיעת, אז די נשואתען צו יעקב אבינו ביי די מראה פון שכינה רוהט אין דעם ארט פון סולם, וואס ער שטייט אויף דערערד אונ בית המקדש, האט דער בורא ברוך הוא זיין שפיץ גרייכט צום הימעל. אונ דער

אונז מיט שטאלץ אין אונזער הייליגע לאנד, אונ נאכהער זאלען מיר זוכה זיין צו זעהען די גרויסע שמחה פון תחית המתים, וואס דאן וועט אויך געבלאזען ווערין מיט אוויכטיגען שופר, במהרה, אמן.

# סדר תקיעות.

פאר תקיעת שופר זאגט מען דעם למנצח איינגע מאל.

למנצח לבני קרח מזמור: כל העמים תקעו כף הריעו לאלהים בקול רנה: כי יי עליון נורא מלך גדול על כל הארץ: ידבר עמים תחתינו ולאמים תחת רגלינו: יבחר לנו את נחלתנו את גאון יעקב אשר אהב סלה: עלה אלהים בתרועה יי בקול שופר: זמרו אלהים זמרו זמרו למלכנו זמרו: כי מלך כל הארץ אלהים זמרו משכיל: מלך אלהים על גוים אלהים ישב על כסא קדשו: נדיבי עמים נאספו עם אלהי אברהם כי לאלהים מגני ארץ מאד נעלה:

למנצח לבני קרח מזמור. אלויב געזאנג צו די לוים פון קרח (כל העמים) אלע פעלקער מאכט האנד-שלאג (נים די האנד איינע די אנדערע) צום צייכען פון שליסען פרידען (אוים מיידען מלחמות) וויל דאן וועלין זיי דינען אלע איין גאט (וועט בטל ווערין שנאת הדת) אונ גאט וועט זיין דער קעניג אויף די גאנצע וועלט, (הריעו) טוט שאלין דורך שופרות אונ טרומייטען מיט אשטימע פון געזאנג (פאר גרויס שמחה) וואס איהר נעמט אן די קעניגרייך פון וועלט קעניג אויף אייך (כי ה׳ עליון) זיי וועלין דאן ערקענען אז גאט איז דער העכסטער אונ ער איז פארכטיג, וויל ער קוקט אויף אלע מעשים פון מענשין אונ ער איז דער גרויסער קעניג איבער די גאנצע וועלט, (ידבר) די פעלקער (פון גוג ומגוג) וואס וועלין קומען מלחמה האלטען אויף ירושלים וועט ער זיי אונטער טעניג מאכן אונטער אונזער מאכט (ולאומים) אונ נאציאנען (וועט ער פירין) אונטער אונזער גאנג, כלומר, דאס זיי וועלן שטקען די הייליגקייט פון דער תורה אונ גיין אין אירע אנגענעהמע וועגין (יבחר) ער וועט ווידער

איירע מעשים, געמט זיך אפיר צו גיין אין די ליכטיגע וועג פון דער תורה, אפפערין זיך פאר דעם רצון הבורא ב"ה אונ פאח דעם רצון פון איירע גוטע אונ פרומע עלטערין אזוי ווי אייער פאטער יצחק האט זיך גילאזט בינדען אויפן מזבח צו ערפילען דעם רצון הבורא אונ דעם רצון פון זיין היילגען פאטער אברהם, דרום הארציגער פאטער עפין מיין הארץ, איך זאל געמען גוט אין אכט די אלע היילגע גידאנקען, אונ ערלייכט מיין שכל איך זאל פאח שטיין נאך פיל היילגע כונות וואס דיליבע מצוה פון הערין שופר בלאזען, האלט איין אין זיך, אונ אזוי וויא דער שופר איז איין גיבויגען, אזוי זאל איך פארציטערט ווערין פאר די גרויסע אימה פון פארכטיגען יום הדין, אונ איך זאל איין בייגין מיין הארץ פאר דיר, אונ מיט אמתה הייגע טרערין זאל איך אויסגיסען מיין הארץ פאר דיר בעטין סליחה ומחילה אויף אלע מיינע בייזע מעשים וואס איך האב גיטאן אגאנץ יאהר, אונ ווען אפילו צו ליב מיינע גרויסע זינד זיינען צו געשלאסען פון מיר אלע טויערין, אבער די טויערין פון אמתה טרערין זיינען דאך גיט פארשלאסען.

גרויסער קעניג, זיי זיך מרחם אויף מיין זינדיגען גוף אונ איבער הויפט אויף מיין נשמה, אונ זיי מיר מוחל אויף מיינע בייזע מעשים אונ גיב מיר אריינע הארץ איך זאל זיך פעסט באשליסען מער ניט אום קערין זיך צו די זינד, אונ דורך דעם וואס איך וועל הערין דעם קול שופר מיט אריינע כונה טאן אנחת רוח צו דיין ליבען נאמען, זאל צוריסען ווערין די וואנט פון די מקטרגים וואס זיינען מפסיק פאר אונזערע תפלות, אונ אונזערע ווארימע תפלות זאלען ארויף גיין גלייך צו דיר, אונ זאלסט. פול ווערין מיט רחמים אויף אונז, אונ אויפשטיין פון כסא דין אונ זיך זעצין אויף דעם שטול פון רחמים, אונ אונז גירעכט מאכען אין דעם משפט, אונ מציל זיין אונז פון אלע גזרות רעות, פון אלע קראנקהייטען אונ פון אלע אונגליקען ר"ל, אונ זאלסט אנשרייבען איאהר פון לעבין פון גיזונד פון פרנסה בכבוד אונ נחת פון קינדער, מיר זאלען זיי קענען ערציהען צו תורה אונ יראת שמים, אונ בזכות די היילגע מצוה פון הערין שופר בלאזען זאלען מיר זוכה זיין צו הערין ווי דו אליין וועסט בלאזין מיטין וויכטיגען שופר צו בעפרייען אונז פון פינסטערין גלות אונ פירען

בריייע דינער, וועט מען זיי ניט איבער געבין צו די גזרות רעות חלילה. דאס צווייטע דר מאנט אונז דער שופר, אז דער מלך מלכי המלכים וואס היינטיגין טאג האט ער בעשאפען די וועלט און איר איבער גיגעבין צום מענשין אין האנד (אים גימאכט פאר איין דירעקטאר איוף די וועלט באנק), איז אום דער מענש זאל וויסען ווי אויף צופירען זיך, (כדי ער זאל זיך און די וועלט מאכען גליקליך), האט ער ערשיינט אויפען בארג סיני מיט אקול שופר און גיגעבין דעם מענשין אתורת חיים, אז ווען ער וועט זיך פירען ווי די תורה לערינט אים, וועט ער פארברייגען ארוהיגען אצופרידענעם לעבין אויף דער וועלט, און וועט זוכה זיין צו גרוים פערגניגען אויף די עוויגע וועלט. היינט אז מיר האבען אב גיטראטען פון די ליכטיגע וועג פון דער תורה און אוועק גיבלאנדזעט אין די פינסטערע וועגין פון אונזער בייזע הארץ, נאך צו גיין דעם לוקסוס און די תאוות, דער מאנט אונז דער שופר מיט זיין מוראלישע און מורא'דיגע שטימע, אז די וועלט איז ניט קיין הפקר צו טאן וואס די בייזע הארץ גילוסט, און דער זעלבער יצר הרע וואס פריער האט ער אונז אנגירעט צו טאן די בייזע מעשים איצונד האט ער גימאכט אגרויסע מלחמה אויף אונז, ער איז אגרויסער מקטרג מיט אגאנצע מחנה בייזע מלאכים וואס מיר האבען באשאפען דורך אונזערע זינד, און דער קול שופר רופט אוים (עורו ישנים משנתכם) וואכט זיך אויף שלאפעדיגע פון אייער הארטען ליטארגעשין שלאף! און דער מאנט זיך אן אייער בעשעפער, איר פארבלאנדזעטע וואס האט פארגעסין דעם אמתין תכלית, דורך אייערע פוסטע תכליתים, איר האט פארבראכט דעם גאנצין יאר אין הבל הבלים וואס זיי קענען אייך ניט רעטטען פון גחיסען פארכטיגען יום הדין, האט חרטה אויף אייערע בייזע מעשים און שלעכטע גידאנקען, דער מאנט זיך אז איר האט קיין קאנטראקט ניט אויף דער וועלט, אלע טאג קען מען אייך הייסען נעמען דעם פעקיל און גיין, נעמען דעם צוא קאפין זעקעלע זאמד און גיין חלילה אין טיפען גרוב, דער מאנט זיך אז צו ליב אייערע זינד איז חרוב גיווארין אייער בית המקדש און די שונאים האבען גיטרומייטערט מיט שופרות אמלחמה אויף אייך, און אזוי מאכט איר חרוב אייערע נשמות און אייערע עוויגע פאלאצען (פון די אמתה וועלט) דורך אייערע זינד, אלזא נעמט דאס גוט אין אכט און פארבעסערט

רבש"ע, א) בזכות וואס מען לייענט אחרי מות זאל שוין היינטיגע יאר מקוים ווערין, אזוי ווי עס שטייט בלע המות לנצח.
ב) און בזכות וואס מען לייענט אחרי מות שני בני, צוויי צדיקים נדב ואביהוא אהרן'ס קינדער, זאלען ניט אפגעריסען ווערין אונזערע קינדער פון אונז ח"ו. ג) און בזכות וואס מיר דערמאנען דעם נאמען פון אהרן הכהן, זאל פון אונז דערפאר אפגיטאן ווערין דער חרון אף דאס מיר זאלען ניט דארפען אנקומען צו פרנסת בשר ודם נור פון דיין הייליגע האנד זיך צוא ערנערין. אמן כן יהי רצון

און דער נאך זאגט מען ואני תפלתי און בריך שמיה

## תחנה פון שופר בלאזען (צו זאגען מיט גרויס כונה).

אב הרחמן, דער בארמיגער פאטער, דיינע ליבע קינדער גרייטען זיך צו מקיים זיין די ליבע מצוה וואס דו האסט אונז געבאטען אין דיין הייליגע תורה צו הערין "תקיעת שופר" אום ראש השנה, כדי דורך דעם זאלען מיר געווינען דעם משפט, דער שטן זאל צו מישט ווערין און ניט קענען מקטרג זיין אויף אונז, ווייל דער שופר וועקט אויף די הערצער צו תשובה. דאס ערסטע ערמאנערט ער אונז, אז אין דעם טאג ר"ה האסטו דיין וועלט באשאפען און ביסט געווארען איר קעניג, און דער שטייגער איז אין קראנאציע-טאג טרומייטערט מען ערמאנערין די פובליק אז היינט האט מען געקרוינט דעם קעניג, אויף מונטערין זייערע געפיהלען אן נעמען אויף זיך מיט צופרידענהייט זיין קעניגרייך, זיך איבער געבין צו זיין טרייע אונטערטאנער, ווי עס שטייט געשריבען (בחצוצרות וקול שופר הריעו לפני המלך ה') מיט טרומייטען און אשטימע פון שופר שאלט פאר דעם קעניג גאט. און דער טרומייטערין אין קראנאציע-טאג איז שוין מודיע אמאניפעסט אז די אלע אנטלאפענע סאלדאטען ווען זיי וועלין ערקענען זייער אירטהום און וועלין היינט מיטין איינענעם ווילען צוריק קומען לעבודת המלך, וועט זיי זיין געשאנקען דער גרויסער שטראף (פון איבער געבין זיי אין דיסציפלינארנעם באטאליאן), דאס גלייכען די זינדיגע מענשין וואס זיינען אנטלאפען אגאנץ יאהר פון גאטעס ליכטיגע וועג צו גיין אין די פינסטערע וועג פון זייערע תאוות, זאלען היינט זיך צוריק קערין צו דעם חוע"ט כביכול. געמע אויף זיך פון היינט אן און ווייטער צו זיין

פריי

איז אים גיוועזן דער ווידער אזוי ווערין די מקטרגים גופא מליצי יושר.
רבונו של עולם, ערפיל מיין באגער צו גוטען, און זאלסט מיר מיט
מיין מאן און קינדער מוחל זיין אונזערע זינד וואס מיר האבין
גיטאן, אפערציידונג פון גינאד און רחמים און ריינינג אונז פון אונזערע
זינד פון אונזערע שולדען און פון אונזערע פערברעכונגען ופשעים,
(וואס מיר האבען גיטאן מוטווילינגען קענין דיין הייליגען נאמען) און דו זאלסט מיך מיט
מיין מאן און קינדער דער מאנען ביין יום הדין צו לאנג לעבין, צו
גיזונד, און צו שלום, און זאלסט אונז געבין פרנסה טובה, דען יעצט
טוסטו דעם מענטשין זיין פרנסה בעשטימען אויף אגאנצען יאר,
דרום בעט איך דיר באַרימהערציגער פאטער, דאס דו זאלסט
מיט אונז טאן לפנים משורת הדין, און זאלסט אנשרייבען צו איין
גרינגע און איזע פרנסה, מיר זאלען האבען לחם לאכול ובגד ללבוש
בכבוד, און ניט מיט בזיון, מיט היתר ניט מיט איסור, ניט מיט חלול
שבת חלילה, און ניט שאדין טאן חלילה אצווייטין מענשין, דען דו
ביזט דער הער פון דער גאנצער וועלט, דו שפייזט מיט חסד אלע
באשעפעניש פון קליין ביז גרוים, ווי עס שטייט גישריבען עיני כל
אליך ישברו, די אויגען פון אלע באשעפעניש האפען צו דיר, און דו
גיבסט איטליכען זיין שפייז און באדערפעניש אין דער צייט, און
דו זאלסט אונז געבין פארשטאנד מיר זאלין פארשטיין אז דער
בעסטער פיהרונג איז נור אין די וועג פון דיין הייליגע תורה, און שיק
אונז א רפואה שלמה צו אונזערע ווייטאגין, און גיב ברכה והצלחה
אין אלע אונזערע עסקים וואס מיר טוען, און דו זאלסט גוזר זיין אויף
אונז נור גוטע גזרות צוא דעם נייעם יאר, און זאלסט מבטל זיין פון
אונז אלע בייזע גזרות, און נייג די הארץ פון דעם קעניג און אלע
זיינע שרים אויף אונז צו גוטין, עס זאל זיין בעוויליגט פאר דיר
די רייד פון מיין מויל, און גידאנקען פון מיין הארצען, דען דו ביזט
מיין באשעפער און מיין דער לייזער, אמן וכן יהי רצון.

---

מעשה אלפס

אנוארעמען צודעק. דאס זעלבע איז די לאג פון ישראל אין די פינסטערע נאכט פון גלות און פון פחד פאר פאגראמען, אז נור דער פונק פון האפענונג איז זייער נחמה, אז ניט עווינג וועט זיין שלעכט, עם נעט אויפשייגען פאר אונז די ליכטיגקייט פון די גאולה. און ווי זייגע גידאנקען שוועבין אין זייגע האפענונג פון די גאולה, דריקט ער זיך אוים מיט פרייד, אז מיין האפענונג צו די ליכטיגקייט פון די גאולה) איז נאך זיכערער פון דעם שומר'ם האפענונג צום טאג.

היטסטו אים אויך ער זאל ניט אריין פאלען אין דעם נעטץ פון יצר הרע. אונ אויך דערבארימסטו זיך איבער אים נאכהער ווי ער האט גיזינדיגט, אונ ביזט אים מוחל דורך תשובה.

**אל רחום וחנון**, דו ביזט א בארימהערציגער אונ אגנעדיגער גאט, הגם דער מענטש האט קיין זכות ניט נור ער טוט דיר אנרופען מיטין גאנצען הארצען, אזוי דערבארימסט דו זיך איבער אים, אונ ביזט אים מוחל זיינע עברות.

**ארך אפים**, דוא ביזט לאנגמוטהיג (דו ווערסט ניט גיך אין כעס) אונ דוא דער לייגערסט דיין גרימצארען אפילו צו דם רשע, דו איילסט ניט צו באצאלען דעם מענטשין נאך זיינע מעשים רעים נאך, נייערט דו טוסט איםווארטין פיללייכט וועט ער תשובה טאן.

**ורב חסד**, אונ דו בעווייזט פיל גינאד צו די מענטשן די וואס האבין אפילו גאר קיין זכות ניט.

**ואמת** אונ דו ביזט א ווארהאפטיגער גאט, דו שטראפסט דעם מענטשין אויף דער וועלט, אום ער זאל האבען א גוטען לוין לעולם הבא, אויף די מצות וואס ער האט גיטאן ביי זיינעם לעבן.

**נוצר חסד לאלפים**, דו היטסט (דו גידיינקסט) די גוטעס וואס אצדיק טוט אויף דער וועלט, אז זיין זכות זאל ביישטיין זיינע קינדער אונ קינדס קינדער ביז צוויי טויזינד דורות*).

**נושא עון ופשע וחטאה**, דו טראגסט (אונ האלטסט אויף) די מקטרגים ומלאכי משחית (וואס ווערין בעשאפען פון די זינד) אונ ווארטסט ביז דער מענש וועט תשובה טאן וועלין זיי כלה ווערן, אונ ווען דער בורא וואלט זיי ניט גיטראגען וואלטען זיי בעפאלען ווי רייסענדע חיות אופען מענשין אונ אים צוררייסען אויף שטיקער.

**ונקה**, אונ דו רייניגסט דעם ריכטיגען בעל תשובה פון זיינע זינד, אונ ווען די תשובה איז נאך מאהבה, ווייל ער ליבט דעם בורא עולם אונ האט גרוים צער אונ וויינט מיט ביטערע טרערין וואס ער

---

*) מיר בענוצען זיך טויזינדער יאהרען מיט דעם זכות פון די אבות הקדושים, איז ווען דער בורא וואלט זיא באצאלין זייער שכר פאר זייער לעבין, וואס וואלט בלייבין פאר אונז?

---

מעשה אלפס

אונ די ביינער ברעכט אים פון קעלט אונ טרייסט אים, אז ניט עווינ וועט פינסטער די הארץ פאלט אים ארויס פון שרעק פאר זיין, 6 אזיינער וועט ליכטיג ווערען וועט ... אונ נוקנים, נור אין פונק האפנונג ער זיין אוים רוהען די ביינער אונטער צווארפען

מאלט דער זינדיגער טראכטען ביי זיך, איך בין שוין זא וזא פאר פאלען וועל איך שוין טאן וואס די הארץ גילוסט, אבער יעצט אז תשובה העלפט, היט זיך דער מענש מער ניט צו זינדיגען, (קויתי ה') איך האף צו גאט, מיין זעלע האפט *) צו אים, (ולדברו) און צו זיין ווארט וואס ער האט מיר פארשפראכען דורך די נביאים (בעתה אחישנה) טו איך האפען, (נפשי לה') מיין זעלע האפט צו גאט, מיט אפעסטע האפענונג נאך מער ווי דער שומר (וועכטער) וואס שטייט אין אפינסטערע נאכט און האפט צום פריה מארגען א), וועסטו פרעגין ווי קען עס גימאלט זיין נאך זיכערער ווי די האפענונג אז עס וועט טאג ווערין? ענטפערט דער משורר (שומרים לבוקר) יא דעם וועכטערס האפענונג איז זיכער, אז למשל זעכס אזייגער וועט טאג ווערין, אבער קען ער דען האפען אז דריי אזייגער זאל ווערען טאג? אבער (יחל ישראל לבד) איך ישראל לבד וואס מיין האפענונג אויף "בעתה" איז זיכער, אז עס וועט קומען די בעשטימטע צייט וועט פאר מיר ליכטיג ווערן, קען איך נאך האפען פאר די בעשטימטע צייט זאל מיר אויך ליכטיג ווערן, (כי עם ה' החסד) ווייל ביי גאט איז די גנאדע (והרבה עמו פדות) און פיל וועגין זיינען ביי אים צו ערלייזונג, הייגו "אחישנה" ווען אגוטע שעה וועט אויף מיר קומען און איך וועל טאן אתשובה שלמה (יפדה את ישראל מכל עונותיו) וועט גאט מיר אוים לייזען פון אלע זינד און וועט ברייגגען אויף אונז

אשנת גאולה וישועה במהרה, אמן.

# תפלת החיים מארץ הקדושה.

אום ראש השנה יום כפור, ווען מ'נעמט אוים די א ס"ת פון ארון הקדש זאגט מען דאס·

יי יי. דו ביזט א דערבארימיגער גאט, דו דערבארימסט דיך איבערן מענטשין אידער ער זינדיגט, כלומר, ווען ער היט זיך פון זינד

*) דרום זאגט ער צוויי מאל קויתי ה', קותה נפשי, ווייל מיר האבין צוויי הבטחות פון השי"ת אוים צו לייזין אונז פון גלות, איינע "בעתה" ווען עם וועט קומען די בעשטימטע צייט, ביי מיר וועלין ווערט זיין אדער חלילה ניט וועט ער אונז גוויס אוים לייזין, און א צווייטע צייט איז "אחישנה" ווען מיר וועלין ווערט זיין איז אלע טאג די צייט (היום אם בקולי תשמעו) דרום האבין מיר אצווייאיגע האפענונג.

מעשה אלפם

א) דער משורר שטעלט פאר די לאנגע פון אויף קאראהול אין אזינטער נאכט אין אידין אין גלות ווי א קאלדאם שטייט אשלעכטען וועטער וואס שניים און רייגט

זאת

מקטרגים און משחיתים וואס האבען פיינדשאפט אויף דיין פאלק ישראל, און אויך קיין שונא זאל פון אונז ניט דער פרייט ווערין.

## וזכור לנו זכות צדיקים וצדקניות.

גידיינק אונז ליבער גאט דעם זכות פון אלע צדיקים און נשים צדקניות וואס זיינען גיוועזען פון דר צייט פון אדם הראשון ביז היינטיגען טאג, זייער זכות זאל אויף אונז מגין זיין דאס מיר און אונזערע קינדער זאלען זיין דיינע טרייע דינער מיט אפרייליכע הארץ, און זאלסט אויף אונז רחמנות האבען דאס דער גואל צדק זאל שוין קומען, און עס זאל זיין תחית המתים, און מיר זאלען שוין הערין שופר של משיח, במהרה בימינו, אמן.

## תחנה ממעמקים (פון טיפען הארצען).

ביי חסידים זאגט מען דאס עשרת ימי תשובה נאך ישתבח.

שיר המעלות, איין לויב געזאנג ביי דעם אויפגאנג (עולה לרגל זיין) אויף ביי דעם אויסוואנדערונג פון בבל קיין ירושלים (בויען דעם צווייטען בית המקדש), (ממעמקים) א) פון טיפען הערצין רוף איך דיר גאט. (ה' שמעה בקולי) גאט הער צו מיין שטימע, זאל דיינע אויערען פאר נעהמען מיין גיבעט מיר מוחל צו זיין מיינע זינד, און אנשרייבען מיר אגוט יאהר. (אם עונות) ווען דו גאט זאלסט דעם מענשינס זינד אין גידאנקען האלטען, ווער קען פאר דיר בעשטייהן ? (כי עמך) ביי דיר איזט די פערגעבונג (נור דו קענסט פארגעבין די זינד פון מענשין) ווען מ'טוט תשובה מ'האט חרטה אויף די פאריגע זינד און מ'נעמט אויף זיך מער ניט צו זינדיגען. (למען) פון וועגין מ'זאל זיך פאר דיר פירכטען ניט מער צו זינדיגען, ווייל ווען עס וואלט ניט העלפען קיין תשובה

מעשה אלפכ

א) דער ווארט „ממעמקים" לשון רבים ווייזט אויף צווייערליי טיפענעס, איינס איז טיפענעס פון קערפער וואס מיר זיינען אראפ פון אזא הויכע מדרגה, מיר האבען געהאט אלאנד, אקייזערטהום און אבית המקדש, יעצט זיינען מיר אין טיפען אבגרונד צו זיין איינגיבעטענע שכנים, וואס צאלין בלוטיגע דירה געלט, און מ'ווארפט זיי אלע חיילע פון דער דירה, און דאס צווייטע איז די טיפענעס פון נפש, מיר זיינען אמאל געוועזען גוט און פרום מיט הויכע געפיהלען, נאהענט צו השי"ת, און יעצט דורך אונזערע זינד זיינען מיר דער ווייטערט פון אים און ליגען אין אב גרונד אין גאנץ נידעריגע געפיהלען, איז פון די בידע טיפענעס (פון תומר און רוחו) רוף איך צו דיר גאט, דו זאלסט מיר פארגעבען די זינד און אויף ברייננען אין אהויכע מדרגה פון נפש אידישקייט און גליק.

זְכוּת זָאלְסְטוּ דֶער הוֹיבֶּען אוּנְזֶער מַזָל, מִיר זָאלֶען חָלִילָה קֵיין בִּלְבּוּל נִיט הָאבֶּען דָאס מִיר זָאלֶען אִין תְּפִיסָה זִיצִין. אוּנ זָאלְסְט אָבּ הִיטֶען אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער פוּן אוֹיסְגִילָאסֶענְהַייט, בִּפְרַט דִי וָואס זַיינֶען פַאר וַוארְפִין אִין דֶער פְרֶעמְד, אוּנ זָאלְסְט אוּנְז גֶעבִּין אַגוּטֶע הַארְץ צוּ בֶּעהַאנְדְלֶען פְרַיינְדְלִיךְ אַלֶע מֶענְשִׁין אֲפִילוּ דִי וָואס הָאבֶּען אוּנְז גִיטָאן שְׁלֶעכְטֶעס, אוּנ זָאלְסְט אוּנְז גֶעבִּין אַגְרִינְגֶע גֶעמִיטָה, מִיר זָאלֶען דִיר קֶענֶען דִינֶען מִיט אַיין אֱמֶת'ה הַארְץ, אָמֵן.

## זְכוֹר לָנוּ זְכוּת מֹשֶׁה רַבֵּנוּ.

גִידֵיינְק אוּנְז לִיבֶּער גָאט דֶעם זְכוּת פוּן מֹשֶׁה רַבֵּנוּ, דָאס עֶר אִיז אִין דִי טֶעג אוֹיף דֶעם הַר סִינַי גִיוֶוען, אוּנ הָאט פוּן אוּנְזֶערְט וֶועגִין דִי לוּחוֹת גִינוּמֶען, אוּנ זֶעה לִיבֶּער גָאט דָאס מִיר זַיינֶען מְקַיֵים אַזוֹי וִוי דוּא הָאסְט אוּנְז גִיבָּאטִין, מִיר זָאלֶען הַיינְטִיגִין טָאג שׁוֹפָר בְּלָאזֶען, דְרוּם זַיי אוֹיךְ מְקַיֵים אַזוֹי וִוי דוּ הָאסְט גִיזָאגְט צוּ מֹשֶׁה רַבֵּנוּ (סָלַחְתִּי כִּדְבָרֶיךָ) אִיךְ הָאבּ פַאר גֶעבִּין (די זינד פון ישראל) אַזוֹי וִוי דַיין פֶערְלַאנְג.

## זְכוֹר לָנוּ זְכוּת אַהֲרֹן הַכֹּהֵן.

גִידֵיינְק אוּנְז לִיבֶּער גָאט דֶעם זְכוּת פוּן אַהֲרֹן הַכֹּהֵן, דָאס זַיין מִדָה אִיז גִיוֶוען צוּ מַאכֶען שָׁלוֹם צְווִישֶׁען מַאן אוּנ וַוייבּ אוּנ צְווִישֶׁען מֶענְשִׁין וָואס הָאבֶּען זִיךְ גִיקְרִינְגְט בַּאנַאנְד. אַזוֹי אוֹיךְ רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם זָאלְסְטוּ אִים גֶעבִּין רְשׁוּת דָאס עֶר זָאל זַיין אַמֵלִיץ טוֹב אוֹיף דַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל אַפִּ צוּ טָאן דַיין גְרִים צָארְען פוּן אוּנְז, אוּנ זָאלְסְט אוּנְז אָן שְׁרַייבֶּען צוּ אַיָאר פוּן פְרֵייד אוּנ שָׁלוֹם אוּנ שְׁטִילְקַייט, צוּ נַחַת אוּנ נִיט קֵיין צַעַר חָלִילָה.

## זְכוֹר לָנוּ זְכוּת דָוִד מַלְכֵּנוּ.

גִדֵיינְק אוּנְז לִיבֶּער גָאט דֶעם זְכוּת פוּן דָוִד אוּנְזֶער קֶענִיג, וָואס עֶר הָאט זִיךְ מוֹסֵר נֶפֶשׁ גִיוֶוען פַאר דַיין כָּבוֹד אוּנ פַארֶען כָּבוֹד פוּן כְּלַל יִשְׂרָאֵל, אוּנ הָאט זִיךְ אֵיינֶער אַלֵיין גִישְׁטֶעלְט שְׁטְרַייטֶען קֶעגִין דֶעם גָלְיַת הַפְּלִשְׁתִּי אוּנ דוּ הָאסְט אִים גִיגֶעבֶּען דֶעם גְרוֹיסֶען נִצָחוֹן, אוּנ אוֹיךְ פוּן אַלֶע פַיינְד הָאסְטוּ אִים גִיהָאלְפֶען, אַזוֹי הֶעלְף אוּנְז אוֹיךְ רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם צוּלִיבּ זְכוּת פוּן אַלֶע בֵּייזֶע מַלְאָכִים, אוּנ

און טוען ציטערין פון דעם פארכט פון דיין משפט, מיר זאלין חלילה ניט פאלין אין דעם גורל פון דעם שטן און די מקטרגים וואס קומען מקטרג זיין אויף אונז. רבונו של עולם קער דיך בעסער צו דעם קול פון אלע גוטע מלאכים וואס שטייען פאר דיין שטול און בעטין גוטס אויף דיין פאלק ישראל, און קער דיך ניט צוא דעם קול פון דעם שטן וואס קומט צו זאגין אויף זיי בייזעס. שריי אן אויף אים ער זאל זיין מויל ניט עפענען און ער זאל פאר טומלט ווערן פון צו ריידין שלעכטעס. און דאס קול פון דעם שופר מיט אונזערע תפלות זאלין אויף גיין פאר דיר, אן צו שרייבען אונז אין דעם ספר הצדיקים לחיים טובים, אמן.

## זכור לנו זכות שבטי יעקב

גידיינק אונז ליבער גאט דעם זכות פון די שבטים, די קינדער פון יעקב וואס האבין אלע צוזאמען דיין נאמען גאיינציגט, דען אידער יעקב איז גישטארבין האט ער זיינע קינדר צו זאמען גירופין און האט גיזאגט צו זיי, ליבע קינדער טאמער איז חלילה צווישען אייך דא א פסול, אזוי ווי מיין עלטער פאטער אברהם האט גיהאט אזוהן ישמעאל, אדער מיין פאטער יצחק וואס האט גיהאט א זוהן עשו. אזוי האבין דיא שבטים אלע צוזאמען גיזאגט (שמע ישראל) הער צו ישראל (אונזער פאטער) (יי' אלהינו יי' אחד) גאט אונזער גאט איז איין איינציגער גאט און מיר דינען אלע צו דעם גאט וואס אברהם און יצחק און דו אונזער פאטער האבין גידינט. דרום גידיינק אונז ליבער פאטער זייער זכות, דען מיר טוען אלע איינציגין דיין נאמען אלע טאג, און מיר טוען דיך היינט אום ראש השנה פאר איין קיניג איבער אונז קרוינען.

## זכור לנו זכות יוסף הצדיק.

גידיינק אונז ליבער גאט דעם זכות פון יוסף הצדיק, וואס ער האט זיך מוסר נפש גיוועזן צו האלטין זיך ריין און ציכטיג פון אויסגילאסענהייט, דאס אין דעם טאג האט מען אים פריי גימאכט פון זיין תפיסה, און האט אים דער הויבין צו זיין א מושל אויף דער לאנד מצרים, און ער האט בעלוינט גוטעס צו די אלע וואס האבען גידיינקט אויף אים שלעכטעס, אזוי רבונו של עולם צוליב

אן נעמען אונזערע תפלות און דעם קול פון דעם שופר, און איך מיט מיין מאן און קינדער און דער כלל ישראל זאלין געשריבען און גיחתמת ווערין צו אלעם גוטין, אמן.

## זכור לנו זכות אמנו רחל.

גידיינק אונז ליבער גאט דעם זכות פון אונזער מוטער רחל. וואס זי האט אויסגידעכינט די לאגע פון איר שוועסטער לאה. זי זאל ניט ארויס גיין מיט בזיון, ווען יעקב אבינו וועט מיט איר ליידין און זי וועט ניט וויסען וואס צו ענטפערין, און צוא ליב דעם וואס די שוועסטער זאל ניט אונגליקליך ווערין, איז זי ביי גישטאנען א גרויסען נסיון צו ווערין אב גערוסען פון איר גליק פון איר געליבטע פארטיע וואס זיא האט אויף דעם גיווארט זיבען יאהר, און האט איבער גיגעבין די שוועסטער די סימנים וואס יעקב אבינו האט מיט איר אב גירעט, דרום ווען נבוזראדן האט די יודין אין גלות געפירט פאר ביי איר קבר, און זי האט גיוויינט און גיקלאגט און מתפלל גיוועזן פאר דיר אויף אירע קינדער, האסטו איר דער מאנט דעם זכות און איר צוא גיזאגט, דאס דוא וועסט אונז אום קערין צו אונזער לאנד, ליבער גאט גידיינק אונז היינט אויך ביין יום הדין איר זכות צוא געבין אונז א גוט יאהר, און זאלסט אום גיזאמט מקיים זיין וואס דו האסט איר מבטיח גיוועזן, און בזכות וואס מיר הערין היינט שופר בלאזין ווי דו האסט אונז גיהייסין אין דיין הייליגע תורה, זאלין מיר זוכה זיין צו הערין שופר של משיח גיך און באלד, אמן, כן יהי רצון.

## זכור לנו זכות לאה אמנו.

גידיינק אונז ליבער גאט דעם זכות פון אונזער מוטער לאה און קער דיך צו אונזער גיוויין, אזוי ווי דו האסט אן גינומען איר גיוויין דאס זי זאל אין דעם גורל פון עשו ניט פאלין, דען דו ביסט ארחמן וואס הערט דאס קול פון גיוויין. קוק פון הימעל אראפ און זעה ווי דיין פאלק טוען אלע וויינען מיט ביטערע טרערין

---

מעשה אלפס

דרום זאגט ער איין מאל (ה' גבור מלחמה) הקבוד) ווי דער זוהר הקדוש זאגט אז צו שטרייטען מיט די פערברעכער, און דער טיטול צבאות איז בעת ער ווערט נתגלה דעם צווייטען מאל (ה' צבאות הוא מלך) צו בעלוינען נוטעם פיינע געליבטע דינער.

דעם הר המוריה. רבש"ע עס זאל זיין גלייך ווי זיין אש ליגט אויף דעם מזבח און זיין בלוט איז פאר גאסין, און דאס קול פון שופר וואס מיר בלאזין היינט ווי דו האסט אונז פאר זאגט אין דיין הייליגע תורה, זאל פאר טומלען אלע מקטרגים וואס קומען מקטרג זיין אויף דיין פאלק ישראל, און זאלסט צו רייסין דעם גזר דין, און מיט דעם קול פון שופר זאלין ארויף גיין פאר דיר אלע אונזערע תפלות און בקשות, דאס דו זאלסט אונז אן שרייבין צו איין גוט געבענשט יאר.

## זכור לנו זכות רבקה אמנו.

נידיינק אונז ליבער גאט דעם זכות פון אונזער מוטער רבקה, וואס זי האט זיך גיהאדעוועט ביי עלטערין רשעים (לבן ובתואל) און צווישען שלעכטע מענשן, און האט זיך ניט אב גילערינט פון זייערע מעשים, און אזוי ווי זי האט זיך בעמיהט דאס אונזער פאטער יעקב זאל מקבל זיין די ברכות פון אונזער פאטער, יצחק אזוי זאל זי שטיין היינט ביים יום הדין פאר דיין כסא הכבוד ממליץ טוב זיין אויף אונז אירע קינדער דאס מיר זאלין אן געשריבען ווערין צו א גוט יאהר, און אונזער הארץ זאל בלייבין טריי צוא דיר, מיר זאלין זיך ניט אב לערנען קיין לייכט זיניגקייט פון שלעכטע גיזעלשאפטין, און אלע ברכות פון אונזער פאטער יצחק זאל אויף אונז מקוים ווערין במהרה, אמן.

## זכור לנו זכות יעקב אבינו.

נידיינק אונז ליבער גאט דעם זכות פון אונזער פאטער יעקב, אזוי ווי דוא האסט אים גיהאלפין פון עשו און פון לבן, אזוי זאלסטו אונז העלפין פון כל המקטרגים זיי זאלין אויף אונז ניט קענען מקטרג זיין צו דעם יום הדין. אונזער היינטיגער משפט זאל ארויס גיין מיט גרויס דער בארימקייט, און אזוי ווי ער איז גיבענשט געווארען פון זיין פאטער יצחק דאס ער זאל מיט'ן קול (יעקב) גיהאלפען ווערן, אזוי זאל אונז זיין זכות ביי שטיין דאס דו זאלסט

---



עהרע און פערלאנג צו רוהען צווישען זיי, איך, און וויל זיין התגלות אויף דער ווי ער האט געשריבען אין דער תורה וועלט איז אויף צוויי אופנים צו צאלין (ועשו לי מקדש) מאכט מיר אהייליגען ארט אגוטין לוין די וואס טוען גוטעס און זיך (בית המקדש) זאל איך רוהען צווישען שטרייגן רעבענען מיט די פערברעכער,

דרום

## זְכוֹר לָנוּ בְּרִית אַבְרָהָם אָבִינוּ.

גְּדֵיינְק אוּנְז לִיבֶּער גָאט דֶעם זְכוּת פוּן אוּנְזֶער פָּאטֶער אַבְרָהָם, וָואס פוּן דְרַיי יָאהר אָן הָאט עֶר דֶער קֶענְט זַיין בַּאשֶׁעפֶּער אוּנ הָאט זִיךְ מוֹסֵר נֶפֶשׁ גִיוֶועזְן בֶּעקַאנְט צוּ מַאכִין דַיין נָאמֶען אִין דֶער וֶועלְט, אוּנ אִיז מִיט צֶעהְן נִסְיוֹנוֹת גֶפְּרוּבְט גְוָוארְן, גְדֵיינְק אוּנְז לִיבֶּער גָאט, זַיין זְכוּת דֶען מִיר טוּעֶן צִיטֶערְין אוּנ פָארְכְטֶען פוּן דֶעם יוֹם הַדִין, וֶוען מִיר טוּעֶן זִיךְ בַּאדֵיינְקֶען דָאס הַיינְטִיגִין טָאג טוּסְטוּ זִיךְ זֶעצִין אוֹיף דַיין שְׁטוּל אוּנ טוּסְט מִשְׁפֶּעטִין דַיין בַּאשֶׁעפֶּענִישׁ, אוּנ עֶס וֶוערְט גִילֵייעֶנְט פַאר דִיר דֶער בּוּךְ פוּן אַלֶע מַעֲשִׂים פוּן דִי מֶענְשִׁין פוּן דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט. קַיין זַאךְ אִיז פַאר דִיר נִיט פַאר הוֹילִין אוּנ קַיין פַאר גֶעסוּנְג אִיז פַאר דִיר נִיט דָא. דֶער מָאן דִיךְ לִיבֶּער גָאט אָן אוּנְזֶער פָּאטֶער אַבְרָהָם, אוּנ דֶער בַּארִים דִיךְ אוֹיף זַיינֶע קִינְדֶער אִין דִי צֶעהְן טֶעג פוּן רֹאשׁ הַשָּׁנָה בִּיז יוֹם כִּפּוּר צוּלִיב זַיין זְכוּת וָוס עֶר אִיז מִיט צֶעהְן נִסְיוֹנוֹת גִיפְּרוּבְט גְוָוארְן אוּנ דוּ הָאסְט גִיפוּנֶען זַיין הַארְץ טְרַיי צוּ דִיר.

## זְכוֹר לָנוּ זְכוּת שָׂרָה אִמֵנוּ.

גְּדֵיינְק אוּנְז לִיבֶּער גָאט דֶעם זְכוּת פוּן אוּנְזֶער מוּטֶער שָׂרָה, וָואס זִי אִיז אִין דֶעם טָאג רֹאשׁ הַשָּׁנָה דֶערְמָאנְט גִיוָוארִין אוּנ שְׁרַייבּ אוּנְז אָן בְּסֵפֶר הַחַיִים, אוּנ מִיר זָאלִין הָאבִּין קִינְדֶער תַּלְמִידֵי חֲכָמִים. רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, דוּ הָאסְט אִיר צוּא נַיינְצִיג יָאר אַיין אֵיינְצִיגִין זוּהְן גִיגֶעבִּין, אוּנ הָאסְט אִיר צוּא גִיזָאגְט דָאס אִירֶע קִינְדֶער וֶועלִין זַיין פִּיל אוּנ וִויכְטִיג וִוי שְׁטֶערִין אִין הִימֶעל, יֶעצְט לִיבֶּער גָאט זָאל אִיר זְכוּת בֵּיישְׁטֵיין דָאס אִירֶע קִינְדֶר, וָואס זֵיי זַיינֶען דַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל, זָאלִין חָלִילָה נִיט פַאר לֶענְט וֶוערִין, אוּנ שְׁרַייבּ אָן אַ גוּט יָאהר מִיר אוּנ מַיין מַאן אוּנ מַיינֶע קִינְדֶער אוּנ קִינְדֶס קִינְדֶער אוּנ כָּל יִשְׂרָאֵל, אָמֵן.

## זְכוֹר לָנוּ עֲקֵדַת יִצְחָק אָבִינוּ.

גְּדֵיינְק אוּנְז לִיבֶּער גָאט דֶעם זְכוּת פוּן אוּנְזֶער פָּאטֶער יִצְחָק וָואס עֶר הָאט זִיךְ גִילָאזְט מַקְרִיב זַיין פוּן דַיין נָאמֶען וֶועגִין אוֹיף

---

מעשה אלפס

געבין אויף די נידעריגע וועלט. איז בכן דער מענש שפילט ביי השי"ת אגרויסע קען דער מענש טאן וואס ער וויל. ווי ראליע, ובפרט זרע אברהם יצחק ויעקב באלד עס איז ניטא קיין משניח. ניט אזוי, וואס רופען זיך זיינע קינדער, איז זיין

בלייבין ביז עוויג, הגם דער בית המקדש איז חרוב את פאר ברענט געווארן, אבער די טויערין זיינען ניט פאר ברענט נור פאר זונקען געווארין אין דרערד, ווי ירמיהו הנביא האט געזאגט (טבעו בארץ שעריה) אונ לעתיד וועלין זיי ענטדעקט ווערין, אונ מיר וועלין זיי אן טאן אויפ'ן בית המקדש וואס דער בורא אליין וועט בויען, בכדי עס זאל הייסין אז מיר האבין אויך א טייל אין דער מצוה (ועשו לי מקדש) פון בויען דעם בית המקדש.(ויבא מלך הכבוד) אונ עס זאל אריין קומען אין אייך דער קעניג פון עהרע, כלומר, מ'זאל אריין טראגין דעם ארון הקודש מיט די לוחות אין קדשי קדשים, (מי זה) ווער איז דאס דער מלך הכבוד? (פרעגין די טויערין) ענטפערט שלמה המלך, ניט אויף מיר מיין איך דאס, נור גאט דער שטארקער שטרייט, העלד, צו שטרייטין קעגין די שונאי ישראל, נעמען ראכע פון זיי (שאו שערים) הייבט אויף איר טויערין אייער הויפט, (ושאו פתחי עולם) אונ ווערט ערהויבין איר טירין וואס אייער קדושה וועט בלייבין אויף עוויג (מיט דעם איז ער מרמז אויף דעם צווייטען בית המקדש וואס זיין הייליגקייט איז גיבליבין אויף עוויג, אז אפילו היינט (בחורבנו) טאר אויף דעם פלאץ נים ארויף טרעטין א טמא לנפש אונ ווען ער טרעט ארויף איז ער חייב כרת על פי דין התורה). (מי הוא זה מלך הכבוד?) ווער איז דאס דער קעניג פון עהרע? (פרעגין די טויערין), — ענטפערט שלמה המלך — דער גאט פון אלע הערשאפט ער איזט דער קעניג פון עהרע, עוויג 1).

מעשה אלפס

בורא זאל דאס אן נעמען אין געצאלט? זאגין די חז"ל, דאס איז די „מטבע" שטבעו חכמים בברכות, די ברכה וואס מען מאכט אויף די שפייז, דאס איז די „מטבע" וואס מען צאלט דעם בורא ב"ה מיט דעם, אזוי ווי דער קינד וואס איז מכיר טובה (דאנקבאר) דעם פאטער פאר די נוטעס וואס ער טוט איט, נעמט דער פאטער אן די דאנקבארקייט פאר איין געצאלט פאר די נוטעס, אונ עס איז אים ליב צו געבין דעם קינד נאך נוטעס, אזוי איז אויך ווען מיר זיינען דאנקבאר דעם בורא ב"ה פאר אלעס וואס ער גיט אונז למשל מיר זאגין (ברוך אתה יי) געלויבט ביזט דו גאט קעניג פון דער וועלט וואס דו האסט בעשאפען די אונ די שפייז, אונ אזוי (ברוך יוצר המאורות) געלויבט ביזט דו גאט פאר די ליכטער (די זון אונ די לבנה) וואס דו האסט בעשאפען אונז ליכטיג צו מאכען, אונ אזוי (מלביש ערומים) געלויבט ביזטו גאט דער קעניג פון דער וועלט פאר די קליידונג וואס דו האסט אונז געגעבען, אונ אזוי (ברוך חונן הדעת) פאר די פארשטאנד וואס דו האסט אונז געגעבען, נעמט דער בורא דאס אן פאר אניצאלט, אונ עס איז אים ליב צו געבין אונז אויפ'ן נייעם יאהר לעבען אונ צום לעבען מיט גרויס נחת.

1) כלומר ניט ווי די פהילאזאפין זאגען אז עס איז קיין כבוד פאר גאט אכטונג צו

## והאר פניך על מקדשך השמם.

ניב א פריילעך בליק אויף דעם ארט וואו אונזער בית המקדש איז געשטאנען, וואו דיין פאלק האט זיך פעראייניגט, און מיר זאלען זוכה זיין להדליק נרות אין דער הייליגער מנורה, במהרה בימינו, אמן.

## תחנה לדוד מזמור

דעם מזמור זאגט מען ביידע טעג ראש השנה און אויך יום כפור נאך מעריב:

לדוד מזמור, איין לויב-גיזאנג פון דוד המע"ה צו השי"ת, (לה' הארץ ומלואה) צו גאט געהער די ערד און אלעס וואס אויף איר געפינט זיך א) די בעוואהנטע פלעצער און אלע אירע בעזיצער פון אויף איר, דען ביי ימים האט ער זי געגרינדעט און ביי שטראמענדע טייכין האט ער זי פעסט געשטעלט (מיט דעם וואס ער האט איר פאר ארדינט מיט אלעס, זי זאל זיין ראוי לישוב האדם, זעט מען אז ער איז איר באשעפער). (מי יעלה) ווער איז ראוי אויף צו א שטייגען אויף גאטעס בארג (דעם בית המקדש) און ווער האט רעכט צו שטיין אויף זיין הייליגען פלאץ. (נקי כפים) ביי וועמען עס איז ריין די הענד (ער האט ניט פארנומען אפרעמדין גראשין) און א קלארע אריינע הארץ (ניט געטראכט קיין שלעכטע מחשבות) און ווער עס האט ניט אויס געשפראכען אומזיסט, איך שווער ביי מיין לעבן" און אפשיטא אז ער האט קיין מאל גישוואוירן פאלש (ישא ברכה) אזא מענש וואס זיינע (כלומר זיין מויל איז א כשרה אריינע). הענד, זיין הארץ און זיין מויל זיינען ריינע, דער וועט ער-האלטין פון גאט ב"ה א ברכה (אויפן נייעם יאהר) און איין רעכטין לוין פון גאט זיין העלפער. (זה דור דורשיו) די וואס פירען זיך אזוי אויף, די הייסין דר דור וואס פארשטין נאך גאט, די וואס זוכין דיר גאט (דו זאלסט מאכין רוהען דיין שכינה צווישען זיי) די זיינען די וואהרע קינדער פון יעקב אבינו ביז עוויג. (שאו שערים) איר טויערין פון בית המקדש הויבט אויף אייערע קאפ (והנשאו) און ווערט דער הויבין איר טירין וואס אייער קדושה וועט

---

מעשה אלפס

א) דאס הייסט די גרויסע וועלט איז דער געטליבער בופעט, וואס ער האט צו געגרייט פאר די וועלט-רייזענדער אויף זייער לעבענס-באן, זעלבסט-פערשטענדליך איז. אז מ'נעסט פון באן-בופעט דארף מען גוט בעצאהלען, אבער מיט וואס קענען מיר צאלין דעם בורא ב"ה? אויב מיט געלט? איז דאך די געלט אויך זיינע (לי הכסף והזהב אמר ה' צבאו'ת) וואו נעמען מיר אזא נארט "מטבע" וואס דער בורא

אוּנ דֶער פִינְסְטֶערֶער גָלוּת, דֶער לָאזְט נִיט דִי יוּנְגֶע קִינְדֶער גֵיין אִין גְרָאטֶעם וֶועג, אוּנ הִיטֶען ווִי גִיהֶערִיג דֶעם „נֵר מִצְוָה וְאוֹר תּוֹרָה״.

## אוֹר יִשְׂרָאֵל וּקְדוֹשׁוֹ!

דֶער לַייכְט דִי אוֹיגֶען מַיין מַאן אִין זַיין טֶעגְלִיכֶען לֶעבֶּען, פֶער־גְרִינְגֶער אִים זַיין פַּרְנָסָה, מִיט ווֶיינִיג מִיה. אוֹיפִין נַייעֶם יָאר.

## מֶלֶךְ מוֹחֵל וְסוֹלֵחַ!

פִיר גִיבּ מִיר מַיינֶע זִינְד, אוֹיף וֶועלְכֶע אִיךְ בִּין נִיט יוֹצֵא גֶעגֶן דִיר, הֶן אִין קִיךְ אִין אָפְּהִיטֶען זִיךְ אִין כַּשְׁרוּת, אִין בָּשָׂר בֶּחָלָב, פְלֵיישִׁיגְס מִיט ·· בִיגְס. הֶן אִין טַהֲרָה, וָואס גִיהֶער אָן צְווִישֶׁען מִיר אוּנ מַאן אוּנ דִי קִינְדֶער, הֶן אִין קַארְג זַיין צוּ גֶעבֶּן הִילְפֶע אָרִימֶע פִיל מַיין מֶעגְלִיךְ ··. הֶן אִין קִנְאָה מְקַנֵא זַיין דִיא קְלֵיידֶער אוּנ צִירוּנְג פוּן דֶער צְווייטֶע.

## וְהָ··ר עֵינֵי עַמְּךָ בְּאַרְצוֹת פְּזוּרֵיהֶם.

אָה גוּטֶער גָאט, דֶער לַייכְט דַיין פָאלְקְס אוֹיגֶען דָא אוּנ דָארְט, אַז זֵייא זָאלֶען זִיךְ אַלֶע פִיר אֵיינִיגֶען צוּא דִינֶען דִיךְ מִיט אַרַייגֶע הַארְץ.

## וּבִזְכוּת הַדְלָקַת הַנֵּרוֹת.

וָוא ווִי אִיךְ דֶער לַייכְט מַיין הוֹיז, מִיט דִיזֶע לִיכְט, זָא זָאלְסְטוּ, גָאט דֶער לַייכְטֶען דֶעם בֵּית יִשְׂרָאֵל, אוּנ מַיין הוֹיז זָאל אוֹיךְ זַיין אִין כְּלָל, צוּ מִשְׁפָּטֶען אוּנְז צוּא גֶעזוּנְד, אוּנ פַּרְנָסָה, צוּ אַגְאוּלָה וִישׁוּעָה, אִין דִיזֶען יָאהר.

---



נָאךְ יוֹם כִּפּוּר, אִיז אוֹיף דֶעם פָאלְק יִשְׂרָאֵל יֶעדֶער יָאהר, אַנַייעֶר מִשְׁפָּט, מֶען מִשְׁפָּט אוּנְז בַּיי דֶעם מֶלֶךְ מַלְכֵי הַמְּלָכִים, דֶעם פְּרַט, אוֹיךְ דֶעם כְּלַל, „וְכוּלָם נִסְקָרִין בִּסְקִירָה אַחַת״, דֶען דֶער כְּלַל יִשְׂרָאֵל בַּאשְׁטֵייט דָאךְ פוּן דִי פְּרָטִים, וֶוען דִי פְּרָטִים זַיינֶען זוֹכֶה בַּמִשְׁפָּט, דַאן קָאן פוּן דֶעם נִידֶערְגֶעשְׁלָאגֶענֶעם פָאן יַעֲקֹב, וֶועלְכֶער עֶערְט בִּיז דֶעם פְּרִיט צֶערְטְרָאטִין־ אַיין גְרָאסַארְטִיגֶעס פָאלְק יִשְׂרָאֵל וֶוערִין, וֶועלְכֶער הָאט דִיזֶען טִיטוּל יִשְׂרָאֵל כָּשֵׁר פֶערְדִינְט, עֶר זָאל אַיין זִיגֶער בְּלַייבֶּען. דִי מִלְחָמָה דִי אַלְטֶע מְנַצֵּחַ זַיין, לֹא יַעֲקֹב יֵאָמֵר עוֹד שִׁמְךָ, כִּי אִם יִשְׂרָאֵל וגו׳, אוּנ עֶס זָאל מְקוּיָם וֶוערִין — כָּל הָעַמִּים תִּקְעוּ כַף הָרִיעוּ לֵאלֹהִים בְּקוֹל רִנָּה וגו׳, יִבְחַר לָנוּ אֶת נַחֲלָתֵנוּ אֶת גְאוֹן יַעֲקֹב אֲשֶׁר אָהֵב סֶלָה, אָמֵן.

## בַּעֲשָׂרָה נִסְיוֹנוֹת עָמַד אַבְרָהָם אָבִינוּ.

דֶער מַאן אוּנְז גָאט אִין דִיזֶע עֲשֶׂרֶת יְמֵי תְּשׁוּבָה, דֶעם זְכוּת פוּן אוּנְזֶער אַלְטֶער פָּאטֶער אַבְרָהָם, וָואס עֶר אִיז בַּיי גֶישְׁטַאנֶען בַּיי דִי צֶעהֶען נִסְיוֹנוֹת וָואס דוּ הָאסְט אִים גֶיפְּרוּבְט, אוּנ דֶעם זְכוּת פוּן אוּנְזֶער אַלְטֶער מוּטֶער שָׂרָה.

## נֵר שָׂרָה אִמֵּנוּ הָיָה דוֹלֵק מֵעֶרֶב שַׁבָּת לְעֶרֶב שַׁבָּת.

עֶרְלַייכְט גָאט מַיין לִיכְט. זָאל בְּרֶענֶען הֶעל, קְלָאהר, אִין מַיין גַאנְצֶען לֶעבִּין, אִיךְ בִּין דָאךְ שָׂרָה׳ס אַ טָאכְטֶער.

## נָא אֱלֹהֵי אֲבוֹתֵינוּ!

הָאבּ רַחֲמָנוּת אוֹיף מִיר (פב״ס), גִיבּ מִיר זִין אוּנ שְׁנִיר זָא ווִי יִצְחָק אוּנ רִבְקָה, עֶרְלַייכְט זַייעֶרֶע אוֹיגֶען, אַז זֵיי זָאלֶען הָארְכְזַאמִיג זַיין, מִיר אוּנ מַיין מַאן, זָא ווִי יִצְחָק צוּ אַבְרָהָם וְשָׂרָה.

## זְכוֹר נָא לִי עֲקֵדַת יִצְחָק.

אָה גוּטֶער גָאט, דֶער מָאן הַיינְט צוּם יוֹם הַדִין, דִי דָאלְךְ, דֶעם מִזְבֵּחַ, דִי פַייעֶר, דִי עֲקֵדָה וֶועלְכֶע אִיז אִין דִיזֶען טָאג גֶעשֶׁעהֶן. קוּק זֶע אָהן, אוּנְזֶער צַייט דִיא פִינְסְטֶערֶע, דִי קִינְדֶער וֶועלְכֶע נַייעֶן ווִי גֶעבּוּנְדֶענֶע... זֵיי זַיינֶען דָאךְ אִידֶען, זֵיי הָאבֶּען דָאךְ נָאךְ זַייעֶרֶע אָבוֹת אִין גַאנְצֶען נִיט פֶערְגֶעסֶען.

## כִּי גַם אֲנַחְנוּ מִבְּנֵי אַבְרָהָם וְשָׂרָה.

מִיר הַאלְטִין דָאךְ זִיךְ אָן דַיין אֱמוּנָה, מִיר גְלוֹיבֶּען דָאךְ אַז ה׳ אֶחָד, מִיר ווִילֶען דָאךְ דִיךְ דִינֶען, נוּר דֶער פִינְסְטֶערֶער יֵצֶר הָרָע,

---



יִשְׂרָאֵל וֶועלְכֶער אִיז כִּבוּשָׁה בַּגּוֹלָה, אַיָאהר אוועק אַיָאהר גֶעקוּמֶען, דִי שְׁכִינָה אִיז אִין גָלוּת, דִי תּוֹרָה, דָאס פָאלְק, פֶערְבּוּנְדֶען הֶענְד אוּנ פִים, דִי קָאפּ שְׁווִינְדִילְט, אִין דִי אוֹיגֶען פִינְסְטֶער, דֶער מוּטְה גֶעוָוארְפֶען, פוּן אַלֶעם בֶּערוֹיבְּט (לֶעשָׁאן פְּרַאווּ) נוּט יוֹם טוֹב! „הֶערְט זִיךְ קוֹלוֹת“ אֵיין יִשְׂרָאֵל צוּם צְווֵייטֶען - רֹאשׁ הַשָּׁנָה, „לְשָׁנָה טוֹבָה תִּכָּתֵבוּ וְתֵחָתֵמוּ“ „שֶׁהֶחֱיָנוּ וְקִיְּמָנוּ וְהִגִּיעָנוּ לִזְמַן הַזֶּה“ אַנֵייעֶר יָאהר, אַנֵייעֶר גָלוּת, מִיט אַנֵייעֶ טוּרְמֶע, מִיט נֵייעֶ אֶבְיוֹנִים, מִיט נַייעֶ עֶמִיגְרַאנְטֶען מֵעֵבֶר לַיָּם... תִּקְעוּ בַחוֹדֶשׁ שׁוֹפָר! שְׁפִּילְט מוּזִיק! אָבֶּער - בַּכֶּסֶא לְיוֹם חַגֵּנוּ, דִיזֶער יוֹם טוֹב אִיז פֶערְדֶעקְט, נִיט קְלָאהר, פַאר וֶועמֶען פוּן אוּנְז וֶועט עֶר זַיין אַ טוֹב, אוּנ פַאר וֶועמֶען אַ רַע, בֶּעהִיטֶע גָאט! נָאךְ עֶרְגֶער פוּן דֶער אַלְטֶער טוּרְמֶע... כִּי חֹק לְיִשְׂרָאֵל הוּא מִשְׁפָּט לֵאלֹהֵי יַעֲקֹב, דִיזֶער טָאג מִיט דִין פַארְנֶעמְצוּנְג, דִי עֲשֶׂרֶת יְמֵי תְּשׁוּבָה, בִּיז

געוואָרען, די מענשליכע ליכט האט זיך אויסגעלאָשען. ביז מענשען האבען אויף דעם וועלט באשעפער תּרעומות גיקראָגען, מען האט אָנגעפאנגען צו דער זוהן אונ לבנה דינען.

## שֶׁמֶשׁ וְיָרֵחַ קָדָרוּ, וְכוֹכָבִים אָסְפוּ נָגְהָם.

די נאַטור וועלבסט איז אויך געוואָרען פאר דארבען

## וַתִּשָּׁחֵת הָאָרֶץ לִפְנֵי הָאֱלֹהִים.

די וועלט איז פאר דארבען, דער לוקסוס איז גרויס, די מענשליכע תאוה אן א ברעג, דער מענשליכער פערשטאַנד פערשוואַכט. די נשמה, די נר אלהים נשמת אדם – פער לאָ שען געוואָרין

## וְרַק אֶחָד הָיָה בְּדוֹר הַהוּא נֹחַ הַצַּדִּיק.

דער נח הצדיק האט אויך געהאט א זוהן דום, מיט א גראָבען כאראַקטער, א ניט שעטצער די עלמ׳ס רין, פער דארבען אין אלעם.

## הַמַּבּוּל שָׁטַף אֶת כֹּל.

האט דער עוויגער זיי אלעמען פארפלייצט מיטען מבול, נאכהער איז א נייע וועלט געוואָרען, ניי אבער ניט טריי, א שוואַכערע א דונקלערע. –

צעהן דורות זיינען ווידער דורך געלאָשען, ביז אברהם את שרה. דיזע פאר פאלק, וועלכע האבען ערקענט דעם וועלט שאפער מיט א ליכטיגען פערשטאַנד, זיי האבען ערקלערט די מענשען דעם ריינעם אמת, די ריכטיגע אמונה אין דעם איינציגען גאט, זיי האבען אוים געשריען ה׳ אחד! –

מעשה אלפס

מיר זיינען געגליכען צו א גובערנסקי טורמע, וועלכע איז שוין אלט אונ פערפוילט געוואָרען, די אדמיניסטראַציע האט אויף א נייעם אָרט א נייע פעסטונג געשטעלט. די צייט פון חנכת הבית איז געקומען, בעאמטע האבען זיך אין דער נייער געבוידע פערזאַמעלט, טישען זיינען געגרייט, די בעסטע שפייזען זיינען פערפערטיגט, דער עולם האט זיך גוט פערוויילט, איין ארקעסטער מוזיק גיט קאָנצערט; נאכהער הייבען זיך די בעאַמטע אויף, זיי ווינטשעווען מיט גליק איינער צום צווייטען, מען גערט מיט מוזיק געגען די ארעסטאַנטען, די איבער פיהרען פון דער אַלטער טורמע צו דער נייער. די קייטען קלינגען ביי די געפאַנגענע טריקעבען זיך ניט די טרערין, א נייע – טורמע; דאס גליכען זיינען מיר עם בני ישראל

## בָּרָאתָ לְאָדָם הָרִאשׁוֹן וְעֶזְרָתוֹ חַוָּה.

דו האסט דאן בעשאפען דעם ערשטין אדם אויף דער וועלט. פער פערטיגט אויך פיר איהם איינע הילפע אין זיין לעבין, איין שתף געמען מיט אים א אנטהייל אין זיין וועלט-חוה'ן זיין פרוי.

## מָעוֹן וּמַאֲכָל וְלִבּוּשׁ לָהֶם עָרַכְתָּ.

איין פארטיגען וואהנונג אין גן-עדן, א געגרייטען טיש מיט אלעם גוטען, אי אנצוגען, קליידער האסטו זיי גיגעבין.

## אַךְ יִצְרָם הָרַע הֱסִיתָם.

דער שלאנג, דער יצר הרע, וועלכער זיצט אינערליך ביים מענשין, האט זיי צו לוקסום, צו באזעם אן גירעט, זיי האבען פונ'ם עץ הדעת געגעסין, זיי האבען זייערע יאהרען פערקירצט.

## בְּנָם קַיִן הָרַג אֶת אָחִיו הֶבֶל.

זייער פערדארבענע בלוט, האבען זיי צו קינדער איבערגיגעבען, דער קין איז דער ערשטער מערדער אויף דער וועלט גיוועזען, זיין אייגען ברודער די בלוט פערגאסען.

## כֹּה חָלְפוּ הַדּוֹרוֹת.

אט אזוי, זיינען, פון אדם הראשון אן, פיל דורות דורך געגאנגען, דיזע ערשטע פארפאלג, וועלכע האבען גיקענט טויזענדער יאהרען לעבען, האבען דער לעבט נור זיין הונדערט מיט דרייסיג יאהר, און ווייטער, ווייטער זיינען די מענשליכע יאהרען געמינערט

---

מעשה אלפס ופרי הגפן

קראנאציע, זא וויא עס שטעהט באיי דער קראנאציע פון שלמה המלך, (ויתקעו בשופר ויאמרו יחי המלך שלמה), מיט דיזען שופר בלאזען שרייט דאס גאנצע פאלק ישראל, יי מלכנו הוא יושיענו, המלך יעננו ביום קראנו, זא ווי די גמרא זאגט דעריין, אמרו לפני מלכיות כדי שתמליכוני עליכם, און אין תפלת מוסף זאגען מיר, זה היום תחלת מעשיך זכרון ליום ראשון. — דער כלל איז, אלע יאהר אין דיזען טאג איז נייע מאנעפעסטין, דעם עולם הגדול בכלל און יעדען מענשין (דעם עולם קטן) בפרט; אבער דער גאטען מאנעפעסט הייסט ניט נור לטובה, נור אויך דער הפך; ווער פון אונז קאן זיך רעכענען פון דער גליקליכער קאטעגאריע וועלכע וועט געווים איין ארדער באקומען? ווען אונזערע בעוואוסטע חכמים האבען זיך נור פיר בינונים געהאלטען (אמר רבה כגון אני בינוני) הייגט וואס זיינען מיר?...

מיר

# אַנַייעֶ תְּחִנָּה נָאךְ לִיכְט בֶּענְטְשִׁין.

## בּוֹרֵא עוֹלָם, אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל!

אָה װֶעלְט שַׁאפֶער, דֶער מֶעכְטִיגֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל.

## נוֹתֵן נְשָׁמָה כֹּחַ וָאֱיָל.

דֶער וָואס גִיט לֶעבֶּען דֶער װֶעלְט בִּכְלָל אוּנ זַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל
קְרֶעפְטִין צוּא עֶקְזִיסְטִירֶען שׁוֹין טוֹיזֶענְדֶער יָאהר

## בַּיוֹם הַזֶּה עוֹלָמְךָ בָּרָאתָ.

אִין דִיזֶען טָאג, עֶרְשְׁטִין תִּשְׁרֵי הָאסְטוּ דַיין װֶעלְט בֶּעשַׁאפֶען,
דַאמָאלְס אִיז דֶער עֶרְשְׁטֶער רֹאשׁ הַשָּׁנָה גִיוֶועזְן.

## אַךְ חוֹשֶׁךְ וַאֲפֵלָה הָיָה.

אָבֶּער קֵיינֶע לִיכְטִיגְקַייט אִיז אוֹיף אִיר גִיוֶועזְן.

## וַתֹּאמַר, יְהִי אוֹר! וַיְהִי.

הָאסְטוּ אַזָאג גֶעטָאן – לִיכְטִיג זָאל װֶערִין! אִיז גֶעוָוארֶען.

## תָּלִיתָ אֶת הַמָּאוֹר הַגָּדוֹל וְהַקָּטָן.

דוּ הָאסְט אוֹיף גֶעהַאנְגֶען אִין דַיין גְרוֹיסֶע װֶעלְט גֶעבַּיידֶע דֶעם גְרוֹיסִין
פֶענַאר, דִי זוּהן, אוּנ דִי לְבָנָה.

## וְאִתָּם צֶאֱצָאֵיהֶם הַכּוֹכָבִים סְבִיבָם.

אוּנ מִיט זֵיי אוֹיךְ דִי שְׁטֶערִין, דִי פְּלַאנֶעטֶעס, װֶעלְכֶע גֵייהֶען אַרוּם
דִיזֶע פָּאר לִיכְט, זָא וִוי קִינְדֶער אַרוּם זַייעֶרֶע עֶלְטֶערִין.

---

מעשה אלפם ופרי הגפן

פָארֶעם פוּן אַיין בֵּייזֶען מַאן, אִין זַיין רֶעכְטֶע הַאנְד הַאלְט עֶר אַיין וָואנְשַׁאל, אִין זַיין לִינְקֶע – פַאר שְׁרִיבֶּענֶע אָפֶענֶע בִּיכֶער (סְפָרִים פְּתוּחִים); דִיזֶע בֶּעוַוייזֶען – שְׁרַייבְּט דֶער אַבַּרְבַּנְאֵל – אַז „פֶּלֶס וּמֹאזְנֵי מִשְׁפָּט לַיְיָ", אִין יֶענֶע טֶעג, אִין זֵיי װֶוענְט עֶר דֶעם מֶענְשִׁינְס מַעֲשִׂים, גֶעבֶּען יֶעדֶען נָאךְ זַיין פֶּערְדִינְסְט לְרַע אוּנ לְטוֹב, דִי בִּיכֶער דֶערְמַאנֶען דִי מֶענְשִׁין אַז „שְׁלשָׁה סְפָרִים נִפְתָּחִים" בְּרֹאשׁ הַשָּׁנָה כו' – דִיזֶער טָאג

ראֹשׁ הַשָּׁנָה, הַייסְט מִיט זַיין נָאמֶען אִין דֶער תּוֹרָה: „יוֹם תְּרוּעָה". „זִכְרוֹן תְּרוּעָה"; דֶען אִין אָנְפַאנְגְס יָאהר אִיז גְלַייךְ וִוי אַ אָנְפַאנְג פוּן דֶעם בּוֹרֵא ב"ה מְלוּכָה, בִּפְרַט וִוי אַלֶע קַדְמוֹנִים זַיינֶען מַסְכִּים מִיט דֶער דֵעָה פוּן ר' אֱלִיעֶזֶר, װֶעלְכֶער הַאלְט אַז בְּרֹאשׁ הַשָּׁנָה נִבְרָא הָעוֹלָם, זָא וִוי דֶער חָכָם אֶבֶן עֶזְרָא, ר' סַעֲדְיָה גָאוֹן, שְׁרַייבֶּען, אוֹיף דִיזֶעם בֶּעוַוייזְט אוּנְז אוֹיךְ דֶער שׁוֹפָר, װֶעלְכֶער דֶערְמַאנְט אוּנְז אוֹיךְ

זיין (השלמה) קראנאציע

זי מיט דעם זוכה זיין ברייגגען אגוט יאהר אויף זיך אונ אויף איר מאן אונ קינדער.

אז ר"ה גיפאלט אום דער וואכין זאגט מען די ברכות נאכהער צינט מען די ליכט אונ ווען עס גיפאלט אום שבת זאגט מען די ברכות נאך ליכט צינדין.

**בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם, אֲשֶׁר קִדְּשָׁנוּ בְּמִצְוֹתָיו וְצִוָּנוּ לְהַדְלִיק נֵר שֶׁל יוֹם טוֹב** (אויב יו"ט גיפאלט אום שבת זאגט מען **שֶׁל שַׁבָּת וְשֶׁל יוֹם טוֹב***).

וייל די צווייטע נאכט ראש השנה איז אספק אויב מ'זאל מאכען "שהחיינו" אדער ניט, דרום איז רעכט אז די אשה זאל אן טאן צו ליכט בענשין א נייעם בגד אדער אוועק לייגען אויפ'ן טיש א נייע פרי אונ זאל אכוונה האבען מיט דעם שהחיינו אויך אויף דעם בגד אדער די פרי.

**בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם, שֶׁהֶחֱיָנוּ וְקִיְּמָנוּ וְהִגִּיעָנוּ לַזְּמַן הַזֶּה.**

אונ גלייך נאך ליכט בענשין זאל זי זאגען די קליינע תחנה מיט גרוים שמחה

איך דאנק דיר גוטער גאט פאר די זכיה, וואס דו האסט מיר מזכה גיוועזן מיט די הייליגע מצוה פון ליכט בענשין אין דעם יום הדין, אונ איך בעט דיין רחמנות אז דו זאלסט מיר מזכה זיין היטען די מצוה דעם גאנצין יאהר, אונ אזוי ווי איך האב ליכטיג גימאכט מיין שטוב מיט מיין אנצינדען די ליכט, אזוי זאלסטו דערלייכטען די אויגען פון מיינע קינדער מיט די ליכט פון דער תורה, אונ זאלסט ליכטיג מאכען אונזער משפט מיר זאלען געשריבען ווערען לחיים טובים ארוכים ושלום, אמן סלה.

---

*) ווייל ניט אלע פארשטייען דעם טייץ פון די ברכה שטעלין מיר דא דעם טייץ פון דעם, בכדי מ'זאל דאס זאגען מיט גרוים כונה.

ברוך געלויבט ביזט דו גאט, קעניג פון דער וועלט, וואס דו האסט אונז געהייליגט מיט דיינע מצות, אונ האסט אונז (פרויען) גיבאטין ליכטיג מאכען אונזערע הייזער מיט די ליכט פון יום טוב (אויב עס גיפא'ט אום שבת זאגט מען) מיט די ליכט פון שבת אונ יום טוב.

ברוך געלויבט ביזט דו גאט, קעניג פון דער וועלט, וואס דו האסט אונז געשאנקען לעבען, אונ אונז געהאלטען אויף דיין וועלט, אז מיר האבען זוכה גיוועזן צו די הייליגע צייט פון דעם הייליגען יום טוב.

שטעלען צו די נולין און ווערין אצאל פון פיל הונדערטער לעבעדיגע תפלות, וואס וועלען ארויף גיין צו דיין כסא הכבוד ווערען א כתר לראשך, און זאלסט מיר העלפען טאן א תשובה שלמה מיט גרויס הכנעה, איך זאל אריין גיין צום יום הדין, און דו זאלסט מיר אנשרייבען צו איהר פון לעבען און געזונד און פרנסה בכבוד, און נחת פון מיינע קינדער, איך זאל זיי זוכה זיין צו ערציהען צו לערנען דיין הייליגע תורה און טאן מעשים טובים, עס זאל זיין שיין פאר גאט און לייטען, אמן.

## סדר ליכט בענשין פון ראש השנה.

ווען די אידעשע פרוי וואלט וויסען ווי וויט די מצוה פון ליכט בענשין איז גרויס, וואלט זי געווים געבענשט מיט אריינע כונה און מיט גרויס שמחה, ווי דער הייליגער תנא ר' שמעון בן יוחאי שרייבט אין זוהר הקדוש (פ' בראשית) (ואתתא בעי בחדוה דלבא ורעותא לאדלקא בוצינא דשבת), דאס הייסט א פרוי דארף בענשין ליכט שבת ויום טוב מיט פרייד פון הארצען און מיט גרויס כונה, די מצוה איז א גרויסער כבוד פאר איר, אז איר האט דער וועלט קעניג אויסערוואוהלט מקבל פנים זיין די האכגעשעצטע מלכה (שבת המלכה), און דאס איז א גרויסער זכות פאר איר זוכה צו זיין צו גוטע קינדער וואס זייערע אויגען זאלען לייכטין אין דער תורה, און זיי זאלען בריינגען גרויס פרייד אויף דער וועלט און אריכות ימים פאר איר מיט איר מאן און קינדערלאך, ובפרט די ליכט בענשין פון ראש השנה וואס מיט דעם נעמט זי אויף דעם נייעם יאהר, דארף זי געווים בענשין מיט אריינע הארץ און מיט גרויס פרייד, וועט



### התעוררות לימים הנוראים.

דער ערשטער טאג פון חודש תשרי איז בקבלה ביי אונזערע חכמים אז ער איז ביי אונז בני ישראל ראש השנה, אין יחזקאל מ' שטייט בפורש: בראש השנה בעשור לחדש, ד. ה. אז ביז נאך יום כפור, רעכינט זיך אלעם פיר ראש השנה, דען די חכמים האבען בקבלה אז

דער דין ומשפט וועלכער פאנגט זיך אן דעם ערשטען טאג ראש השנה, ענדיגט זיך ערשט אום יום כפור, דען „בראש השנה יכתבון וביום צום כפור יחתמון" — דער אברבנאל שרייבט, אין נאמען פון דיא אלטע אסטראנאמיקער אז אין מזל „מאזנים" (חודש תשרי), אין זיין אנפאנג געהט אויף דעם נאראזאנט, איין צורה פון צוזאמענגעשטעלטע שטערין, אין דער

פארים

אסכנה'דיגע וועג, פיל מענשין זיינען דא געפארען אונ ניט צוריק געקומען, דרום שרעקט מיר די הארץ, פילייכט וועל איך חלילה ניט זוכה זיין נאך אמאל צו זעהען אייך. דאס זעלבע איז ביי מיר היינט, ווייל אמענש האט צוויי דויפט צייטען צו זאגען וידוי, איין צייט פאר'ן גרויסען יום הדין אונ דעם צווייטען מאל פאר'ן שטארבען, אמאהליגע יאהרען אז די וועלט איז רוהיג געווען, יעדער איז געווען רוהיג מיט פרנסה, מ'האט ניט בעדארפט פארוואגילט ווערען אויף ימים פארין אין עק וועלט, האט מען זיך ניט בעדארפט אזוי אנשטריינגען אין וידוי פאריז יום הדין, ווייל מ'האט זיך געקאנט סומך זיין אויף דעם וידוי פון פארין שטארבען, ליידער אבער היינט וואס אידען זיינען צו שפרייט אין אלע עקין וועלט, מ'פארט אויף גרויסע ימים וואס פיל אונגליקען האט געטראפען, וויפיל שיפען מיט מענשין זיינען דאס דער טרונקען געווארען, אונ פיל צרות אונ הארץ ווייטאג, זיינען די מענשין געווארין ווי פליגין וואס שטארבין פלוצלונג אונ גייען אוועק פון דער וועלט אן וידוי, חוי נייטיג איז יעצט דער וידוי פארין יום הדין, ווייל ווער ווייס טאמער איז דאס חלילה דער לעצטער וידוי, אלזא ליבער הארציגער פאטער, העלף מיר מתפלל זיין דעם לעצטין מנחה פון יאהר מיט גרויס כונה אונ זאגען „סלח לנו אבינו כי חטאנו" מיט גרויס געוויין אונ מיט איין אמתה חרטה אויף די אלע בייזע מעשים וואס איך האב דעם יאהר געטאן, אז אלע מקטרגים וואס זיינען בעשאפען געווארען פון מיינע עבירות זאלען כלה ווערען, אונ גיב מיר אריינעם געדאנקען איך זאל מאכען אפעסטין בעשלוס ניט אום קערען זיך חלילה טאן נאך אמאל די עבירות, אונ די יעצטיגע תפלת מנחה זאל איך דאוונען מיט גרויס התלהבות (ווארימקיים) אונ לעבהאפט אז זי זאל קענען מחיה זיין אלע אירע חברתות, דאס הייסט די תפלות פון אגאנץ יאהר וואס איך האב גידאווינט אן כונה, וואס זיי זיינען ווי טויטע ציפער (נולין), זאל היינטיגער מנחה זיין דער לעבעדיגער ציפער (דער איינס) וואס ער וועט זיך צו

---

מעשה אלפס

גענזינדיגט צו גאט אליין אונ אויך די פעלערין וואס מ'האט געזינדיגט צו מענשין אונ צו הקב"ה וואס ער האט פארזאומט מ'זאל זיך אויפפיהרען ארענטליך מיט מענשין, דריבער שרייבען די היילינע ספרים, אז אין די היילינע טעג איז אחוב צו לייענען אלע טאג אביסעלע מוסר ספרים כדי צוערוועקין די הארץ צו תשובה, וועט מען זוכה זיין געשריבען צו ווערען צו אגוט יאהר, אמן

דער

מיינע מצות ווי די הייליגע תנאים זאגין (אין פרקי אבות) העושה מצוה אחת קונה לו פרקליט אחד, והעובר עבירה אחת קונה לו קטגור אחד (ווען ס'טים אמצוה שאפט מען זיך איין אמלאך מליץ, און ווען ס'טוט איין עבירה שאפט מען זיך איין אמקטרג), שרעקט מיר זייער מיין הארץ, אז די מקטרגים זאלין חלילה ניט מנצח זיין די מליצי יושר, דאס ערשטע, ווייל די מקטרגים זיינען זייער פיל ווי דער צאל פון די עבירות וואס איך האב געטאן, ובפרט די עבירות וואס מיט'ן צונג, לשון הרע, רכילות, קללות, שקר, לצנות, דאס איז גאר אן אצאל. און די מליצי יושר זיינען ווייניג, און דאס צווייטע די מקטרגים זיינען שטארקע און מוטהיגע, ווייל די עבירות האב איך געטאן מיט חשק און מוטה, און די מליצי יושר זיינען שוואכע און פארשלאפענע, אזוי ווי איך האב געטאן די מצות אן חשק און אן מוטה, דרום פאלט אויף מיר אגרויסע שרעק איך זאל חלילה ניט פארשפילין מיין משפט און פארלירען ביידע וועלטין, ניט קיין עולם הזה, האבען חלילה גרויסע צרות פון די שווערע און ביטערע פרנסה, צרות פון קראנקהייטין חלילה, צרות פון שונאים, און צרות פון קינדער חלילה, און ניט קיין עולם הבא, ווייל ווען מגייט ארום אן תורה, אן תפלה, און אן מעשים טובים, ווי אזוי קען מען זוכה זיין צו עולם הבא? און האפען אז מיינע קינדער וועלען מיר דורך טראגען דעם יום הדין און אויך מיר מזכה זיין צו עולם הבא, איז ביי היינטיגע צייטין ווייניג דא וואס צו האפען, הלוואי זאלען היינטיגע קינדער ניט אריין שלעפין די עלטערין טיף אין גיהנם, דרום איז ווי צו מיר און ווי צו מיינע בייזע מעשים, איך בין געגליכען היינט צו איינעם וואס האט בעדארפט פארין אין אווייטע וועג וואס איז ניט זיכער פון רויבער באנדעס און חיות רעות, האט ער דעם טאג פון זיין אב פארין פארבעטין צו זיך זיין פאמיליע מיט אלע גוטע פריינד, און האט זיך מיט זיי געזעגינט און האט טאמערליך געוויינט, פאטער (פרעגין די קינדער) וואס וויינסטו היינט מער ווי אלע מאל? קינדערלאך (ענטפערט ער) איך דארף פארען אווייטע און



נשמה איז געגאנגען אפארפלעקטע אין גיהנם איז די תשובה נייער טייער ביי השי"ת, דריבער זאגט דוד המלך עליו השלום וביפרט אין די 40 הייליגע טעג פון ראש (אשרי איש ירא ה') וואול איז דעם וואס חודש אלול ביז יום כפור, דאן איז די טוט תשובה בעת ער איז נאך "אמענש" בעסטע צייט צו מאכען דעם יאהר בעלאנס ווען ער איז נאך יונג און געזונד, דענסטאלט און פאריכטען די פעלערין וואס מ'האט

נעזינדיגט

מיינע פעלערין, דען דו ביסט ארופא חנם און ארופא לשבורי לב.
איך בעט דיך אבינו שבשמים דו זאלסט דער הויבען מיין מזל מיר מיט מיין מאן און זאלסט מיר געבין גוטע קינדער און איך זאל פון זיי קיין צער ניט האבין, דען דאס איז דער גאנצער לעבין פון מענטשין בעולם הזה און בעולם הבא, און זאלסט אונז געבין לחם לאכול ובגד ללבוש בכבוד און ניט ח"ו מיט בזיון, און זאלסט אונז לאזין אויס לעבין אונזערע יארין אין גרויס פריידן, מיר זאלין זוכה זיין צו זעהען אונזער משיח צדקנו במהרה בימינו, אמן, כן יהי רצון.

# תחנה ערב ראש השנה פאר מנחה.

רבונו של עולם, הער פון דער גאנצער וועלט, איך קום יעצט מתפלל זיין פאר דיר די לעצטע תפלה (מנחה) פון יאהר. איך ווייס גאנץ גוט אז מיין דאווענען דעם גאנצין יאהר איז גיוועזען אן כונה, די אויערין האבין ניט גיהערט וואס די מויל האט גירעט, די מויל האט גימורמילט די הייליגע ווערטער פון דאווענען און דער מוח איז גיוועזען פארטראכט אין הבלי הזמן, איך האב זיך אויפגעפירט ווי דער נארישער ישובניק וואס דער קעניג פארביי פארענדיג איז ער אריין צו אים אין הויז, האט ער גיהייסין זיין יונג אויף נעמען דעם קעניג און ריידין מיט אים און ער אליין איז אוועק טרייבן די בהמה, דאס גלייכין האב איך געטאן, איך האב געהייסען מיין דינער (די מויל) זאל ריידען מיט דעם רבונו של עולם (ברוך אתה ה', גילויבט ביזט דו גאט) און דער עיקר „איך" דאס איז דער מוח (דער גידאנקען) איז אוועק אויפ'ן מארק, אדער איך ווייס וואו, טראכטען נארישקייט, און מיינע תפלות זיינען געוועזען ווי טויטע קערפערס, ווי די חכמים זאגען „אז תפלה אן כונה, איז ווי א גוף אן א נשמה". — און אז איך נעם זיך דער מאנען אז היינט איז דער לעצטער טאג פון יאהר, און מארגען וועל איך מוזין שטיין צום משפט פאר דיר, און עס וועלען צו זאמען קומען אלע מקטרגים וואס זיינען בעשאפין געווארין פון מיינע זינד און די גוטע מלאכים (מליצי יושר) וואס זיינען בעשאפין געווארין פון

---

מעשה אלפס

זיינען גילעגין צו בעט האבען זיי זיך ניט געשטארקט און זיי האבען פארלארען דעם גענלויבט אז זיי וועלען שטארבען. עס איז פארשטאנד מיט'ן לשון און געשטארבען נאר אפחד געוועזען צו דער מאנען זיי צו אן ווידוי, דער נוף איז געגאנגען אין דעם מאנע ווידוי, ביז די קראנקייט האט זיך ערד צו די ווערים און שלאנגען. און די

נשמה

אז איך זאל ח"ו קיין צער ניט האבן פון מיינע קינדער, אונ אין ווים:
וואל אז איך בעט דיך צו פיל, איך בין בוודאי ניט ווערט אפיל' צו
שטיין פאר דיר, נאר וויל דו באגערסט אז דער מענטש זאל ד' ד'
בעטין אונ דו דער בארעמסט זיך איבער אים, דרום בעט איך דיך
גאט אז דו זאלסט מיך ניט אוועק ווארפען אויף מיין עלטער ווען
מיין כח גייט אויס. ליבער גאט לאז מיך ניט פאלען אין דער האנד
פון א מענטשען, דען עס איז קיין גרעסערער צער ניטא וויא איין מענטש
בעדארף אנקומען צום אנדערין, דרום בעט איך דיך אז דו זאלסט
מיך היטען דער פון, אונ זאלסט מיר געבען חן וחסד אין דיינע
אויגען אונ אין די אויגען פון לייטען, מיר מיט מיין מאן מיט מיינע
קינדער צו לעבען אין עושר, אונ אונזערע קינדער אונ קינדערס קינדער
זאלען עוסק זיין בתורה טאג אונ נאכט, אונ מיר זאלען אויסלעבין
אונזער צייט מיט כבוד, אונ ווען עס וועט קומען מיין לעצטע צייט זאל
קיין שטן אונ מקטרג קיין מאכט ניט האבן איבר מיין נשמה, אונ דו
זאלסט מיר שיקן מלאכי רחמים, אונ מיין חלק זאל זיין מיט די
נשים צדקניות אויף דער וועלט אונ אויף יענער וועלט. ליבער גאט
פאר שעם מיך ניט ווען איך טו פאר דיר בעטין, וואס איך קען פאר
קיין מענשין ניט אויס ריידין זאג איך פאר דיר מיין שווער געמיט,
דו נעמסט אן אלע גיבעט, איך בעט דיר ליבער גאט דער ווייטער
דיך ניט פון מיר, ווען עס וועט אויף מיר ח"ו זיין איין צרה אונ איך
וועל דיך רופען זאלסטו מיר ענטפערן, אונ איבער הויפט ענטפער
מיר אונ העלף מיר איך זאל שוין ווייטער ניט זינדיגען, אונ שטארק
מיין הארץ צו גיין אין דיינע וועגין, צו געבען צדקה אונ צו טאן
מעשים טובים, אז מיין לעבען זאל הייסען איין רעכט לעבען. דו
גאט ווייסט דאך וואל מיין מחשבה, דו העלפסט דעם מענטשען אין
דעם וועג ווי ער נעמט זיך פאר. ליבער פאטער זיי דיך מרחם איבער
מיר כרחם אב על בנים, אז איך וועל ח"ו זינדיגען זאלסטו מיר דער
מאנען תשובה צו טאן, אונ זאלסט מיר העלפן אונ זאלסט היילן אלע:

מעשה אלפס

שטארקט ער זיך מיט אלע כחות צו דער מען איר אן. די פינפטע טייל מענשין;
האפין די נשמה אונ זי אויף האלטען ביז זיינען וואס האבען געמיינט זי וועלען עווינ:
ער וועט טאן תשובה, דער זארט תשובה לעבען אונ אייבינ יונג זיין אונ הנאה;
און זיין נאר אשוואכע נר ברוחק נעמט האבען פון דער וועלט, אונ אפילו בי;

זיינען

אז דו זאלסט אונז באהיטען פון אלע קרענק און אלע מיני שפלות און פאר שעמונג, אז מיר זאלען ניט פאר שעמט ווערין וועגען אונזערע קינד און מיר זאלען ניט פאר שעמט ווערין מיט גרוים עניות חלילה.

ליבער גאט, איך בעט דיך אז דו זאלסט מיין תפלה ניט פאר שעמען און זאלסט דער פרייען מיין הארץ, דען מיינע וואונדען זיינען גרוים אז איך קען זיי גאר ניט אוים ריידען, זאל איך זיי זאגען פאר איין מענטשן, וואס קען ער מיר העלפן? ווען ער וועט שוין אפילו אויף מיר רחמנות האבען, און בפרט טאמער איז ער מיר גאר איין שונא וועט ער זיך נאך פרייען אויף מיין צער, ווי איז צוא מיר פאר וועמען זאל איך קלאגען מער ווי פאר דיר ליבער גאט, איך בעט דיך זעה וועלכע יסורים איך טראג אויף מיין הארץ, און עס זאל מיר ביי שטיין דער זכות פון די אמהות אז איך זאל שוין מער קיין צער ניט האבען פון מיינע קינדער און פון אלע מיינע גוטע פריינד, און מיר זאלען געשפייזט ווערין פון דיין האנד בכבוד, דאס מיר זאלען צו קיינעם ניט דארפען אנקומען. ליבער גאט לאז אונז גיניסען דעם זכות פון אונזער מוטער חנה, אז זיא איז געגאנגען אין משכן אריין תפלה צו טאן און דער נביא עלי הכהן איז דארטען גיוועזן, האט זי נאר גירירט מיט די ליפען און איר שטימע האט מען ניט גיהערט, אזוי האט עלי צו איר גיזאגט, גייא ארוים וואס האסטו צו טאן אין בית המקדש, האט זי אים גענטפערט, ניין מיין הער, איך בין איין אשה וואס איך האב איין שווער גימיט. אזוי האט ער פאר איר דיך גיבעטן, האסטו איר גיהאלפען, אזוי זאלסטו מיר ליבער גאט אויך ענטפערין. ליבער גאט שטראף מיך ניט ווען איך האב שוין אפילו געזינדיגט, בעט איך דיך ליבער און דער בארימיגער גאט, גיי מיט מיר מיט מדת הרחמים און ניט מיט מדת הדין, אזוי ווי יעקב אבינו עליו השלום האט דיך גיבעטין ווען זיינע קינדער וועלין ח"ו שולדיג זיין זאלסטו זיי גידענקין וועלכע צרות ער האט פאר זיי גיליטען איידער ער האט זייא ערצויגען, אזוי בעט איך דיך אויך

---

מעשה אלפס

פאסאזירער זייגען די וואס טועו ניט קיין בעט ניט אראב גיין, די וועלט איז שוין תשובה אפילו אויף דער עלטער, נור אז גיט פאר אים, און באלד אין אקורצע צייט זיי ווערין גיפערליך קראנק און ווייסין ביי וועט שוין די שיף די נשמה וואס די דיך אז זיי עולען שוין פון די קראנקע געלוסט צו דער תורה אוועק גיין פון אים.

אין דער כבוד פון זייערע עלטערין, אונ ווען איך האב דאס ביי דיין ליבען נאמען ניט פאר דינט, בעט איך פון דיר איין מתנת הנם.

אב הרחמן, פאטער דער בארמיגער, גיב מיר מיט מיין מאן אונ מיט מיינע ליבע קינדער פרנסה פון דיין האנד אונ ניט פון קיין מענטשען, דען די גאב פון א מענטשען איז גאר נישט, קען דען א מענטש געבין וואס דער אנדערער באדארף? אונ ווען ער גיט שוין עפעס, גיט ער אים ניט אין דער צייט, אבער דו ליבער גאט דוא ווייסט איטליכען מענטשינס באדערפענעש אין איטליכע רגע וואס ער באדארף. דרום רבש"ע זאלסטו אונז שפייזען פון דיין הייליגער האנד, אמן.

רחום וצדיק, דער בארעמיגער אונ גירעכטיגער גאט, לאז מיר אזוי גלייך זיין פאר דיר אזוי ווי איין קליין ווערמיל וואס ווערט געשפייזט דורך דיין האנד, אזוי ווי עס שטייט דו עפינסט דיין האנד אונ מאכסט זאט אלע באשעפעניש אויף דער וועלט דורך דיין גוטס, פאר לאז מיך ניט דוא פאטער פון דער גאנצער וועלט, איך זאל דיר קענען דינען ביז מיין צייט וועט קומען צו שטארבען, דען דער נאך וועל איך דיך שוין ניט קענען דינען, דרום אלמעכטיגער גאט זאלסט מיך ניט פאר לאזין די גאנצע צייט פון מיין לעבען, אונ מיינע גלידער זאלען ניט שלאף ווערין כדי איך זאל דיר קענען דינען אזוי ווי עס גיהער צוא זיין, אונ אז איך וועל באדארפען שטארבען זאל איך שטארבען פון דיין ריינע האנד, אונ מיין מיתה זאל זיין איין כפרה אויף מיינע זינד, עס זאל זיין באוויליגט די זאג פון מיין מויל אונ די געדאנקען פון מיין הארצען פאר דיר גאט מיין באשעפער אונ דער ערלייזער ביז אייביג, אמן.

יהי רצון מלפניך, עס זאל זיין דער ווילען פאר דיר מיין גאט אונ גאט פון מיינע עלטערן, אז די יעצטיגע צייט וואס איך שטיי פאר דיר צו בעטען אויף מיר אונ אויף מיין מאן אונ קינדער אונ אויף כל ישראל זאל זיין איין דער בארעמיגע אונ איין באוויליגטע צייט,

מעשה אלפס

דער יוגענד, דאס איז אגוטע תשובה. נאכהער האבען די חרטה געהאט אונ די דריטע טייל פאסאזירער זייגען די וואס תשובה געטאן, אפילו זייער תשובה איז שוין ניט אזוי חשוב, דאך האבען זיי אויך האבען הנאה געהאט פון דער וועלט אונ האבען געזינדיגט ביז צו דער עלטער, גירעטעט זייער נשמה. די פערטע טייל

פאסאזירער

אוּן דוּ זָאלְסְט זִיךְ אִיבֶּער אוּנְז מְרַחֵם זַיין אוּן זָאלְסְט מִיךְ ח״ו נִיט פַאר בַּארְבֶּען, הָגַם מַיינֶע זִינְד זַיינֶען גְרוֹיס, דֶען אַלֶע מֶענְטְשֶׁען לֶעבֶּען נָאר מִיט דַיין גְנָאד וָואס מִיט דַיין דֶער בַּארִימְקַייט טוּסְטוּ חֶסֶד חִנָּם. אַלְמֶעכְטִיגֶער גָאט לָאז מִיךְ מִיט אַלֶע מַיינֶע פְרַיינְד לֶעבֶּען. אוּן דָאס לֶעבֶּען זָאל זַיין אָן זִינְד אוּן אָן שַׁאנְד, אַזוֹי וִוי עֶס שְׁטֵייט אִין פָּסוּק, גָאט אִיז אַיין דֶער בַּארְמִיגֶער אִיבֶּער אַלֶע זַיינֶע בַּאשֶׁעפֶענֶעס אוּן מִיר זַיינֶען דָאךְ דַיינֶע קִינְדֶער, דְרוּם לִיבֶּער גָאט דֶער בַּארֶעם דִיךְ אִיבֶּער אוּנְז פוּן דַיין לִיבֶּען נָאמֶען וֶועגִין, מִיר זָאלֶען נִיט נִידֶערִיג זַיין בַּיי אַלֶע לַייטֶען, אָמֵן.

אָנָא ה׳ אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל, אִיךְ בֶּעט דִיךְ אַלְמֶעכְטִיגֶער גָאט, אַז דוּ זָאלְסְט זִיךְ אִיבֶּער מִיר מְרַחֵם זַיין. (אֵל מָלֵא רַחֲמִים) דוּ בִּיסְט דָאךְ פוּל מִיט רַחֲמִים דֶער בַּארֶעם דִיךְ אִיבֶּער מִיר לִיבֶּער גָאט, אַז מַיינֶע קִינְדֶער אוּן קִינְדֶס קִינְדֶער זָאלֶען נִיט שְׁטַארְבֶּען פַאר מַיין לֶעבִּין, שְׁטְרָאף מִיךְ נִיט לִיבֶּער גָאט דוּ בִּיסְט דָאךְ אַיין בַּארֶעם הַארְצִיגֶער גָאט אוּן דוּ הָאסְט אָן גֶעשְׁרִיבֶּן אִין דִי הֵיילִיגֶע תּוֹרָה וֶוען אַיינֶער גֶעפִינְט אַיין נֶעסְט מִיט פוֹיגֶעל זָאל עֶר דִי מוּטֶער אַוֶועק שִׁיקֶען אוּן דִי קִינְדֶער נֶעמֶען, חָאטְשֶׁע אַז דִיא פוֹיגֶעל וֶוערֶען דֶער וַואקְסֶען קֶענֶען זֵיי נִיט זֵייעֶר פָאטֶער אוּן מוּטֶער, אוּן פָאטֶער אוּן מוּטֶער קֶענֶען זֵיי נִיט, פוּן דֶעסְט וֶועגֶען הָאסְטוּ פָארְט גוֹזֵר גֶעוֶועזֶען מֶען זָאל נִיט נֶעמֶען דִי קִינְדֶער פַאר דִי מוּטֶער אִין דִי אוֹיגֶען, מִכָּל שֶׁכֵּן מִיר הָאבֶּען גְרוֹיס מִיה אֵיידֶר מִיר עֶרְצִיהֶען אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער דוּרְךְ דַיין גְנָאד, גִיהֶערְסְטוּ בְּוַודַאי אוּנְז הֶעלְפִין מִיר זָאלֶען זֵייא דֶער צִיהֶען דִיר צוּא דִינֶען, אוּן עֶס זָאל אִין אוּנְז מְקוּיָם וֶוערֶען דֶער פָּסוּק עטרת זקנים בני בנים ותפארת בנים אבותם דָאס אִיז טַייטְשׁ אַיין קְרוֹין אִיז צוּ דִי עֶלְטֶערִין זֵייעֶרֶע קִינְדֶער, אוּן דָאס שׁוֹינְהַייט פַאר דִי קִינְדֶער

---

מעשה אלפס

דָאס גְלַייכֶען פַאסִירְט מִיט דֶעם מֶענְשִׁין, דִי וֶועלְט אִיז אַ יַם, דִי תּוֹרָה אִיז דִי שִׁיף, אוּן דִי תַּאֲווֹת מִיט׳ן לוּקְסוּס זַיינֶען דֶער אִינְזִיל, דֶער מֶענְשׁ וָואס ווִיל נִיט אַרָאבּ גֵיין פוּן דִי נוּטְצֶע וֶועג פוּן דֶער תּוֹרָה אוּן ווִיל זִיךְ נִיט לָאזֶען אִיבֶּער רַיידֶען פוּן דִי הֲנָאָה פוּן לוּקְסוּס מִיט דִי תַּאֲווֹת, עֶר ווִיל נוּר דִינֶען הַשי״ת בִּיז נָאכְ׳ן עֶר וֶועט קוּמֶען צוּרִיק צוּ זַיין הֵיים, דִי נְשָׁמָה וֶועט קוּמֶען צוּרִיק צוּ הַשי״ת אִין דֶעם צְרוֹר הַחַיִּים, עֶר אִיז פוּן דִי קְלוּגֶע פַּאסַאזִירֶער, דִי אֱמֶת׳ע צַדִיקִים, דִי צְווֵייטֶע פַּארְטֶע זַיינֶען אַרוֹיס אַבִּיסִיל אוֹיף דֶער וֶועלְט אוּן הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען פוּן אִיר הֲנָאָה צוּ הָאבֶּען, זֵיי הָאבֶּען שׁוֹין גֶעזִינְדִיגְט, זֵיי הָאבֶּען אָבֶּער בַּאלְד חֲרָטָה גֶעהַאט אוּן גֶעטָאן תְּשׁוּבָה אִין

דער

וזהן יצחק'ן געוואלט ברייננגען אויף דער עקידה, זיינען די טרערין געפאלען אויף דעם מעסער אונ האבין אים טעמפע גימאכט ער זאל ניט קענען שעכטין יצחק'ן, אזוי זאלסטו מיט אונזערע טרערין טעמפע מאכין דעם שווערד פון אלע משחיתים אונ דיא שונאי ישראל, אז זיי זאלין אונז ניט קענען שלעכטעס טאן צום נייעם יאר. אונ אזוי ווי בשעת אסתר איז געגאנגען צו דעם מלך אחשורוש, בעטין פאר דיין פאלק ישראל, האסטו מיט איר געשיקט איין מלאך אונ אסתר האט באקומען חן אין זיינע אויגען, אזוי זאלסטו ליבער גאט ביי אונזער משפט שיקען אזעלכע מלאכים זיי זאלען מאכען טריפען אויף אונז חן וחסד אין דיינע היילעגע אויגען. אונ איך בין פאר זיכערט אין דיין גרוים געגאד אז דו וועסט מיר בוודאי העלפין, דען עס איז ניטא קיין שום צדיק אויף דער וועלט אז ער זאל זיין ריין פון זינד, אונ איך ארום מענטש איך קען מיך ניט מאכען פאר קיין רשעת אונ זאגען אז עס איז שוין ח"ו צו מיר קיין הילף ניטא, דרום בעט איך דיר ליבער גאט דו זאלסט זיך דער בארמען איבער מיר צו דעם נייעם יאר, דען דו ביסט אונזער דער בארמיגער גאט אונ מיר זיינען דיין ליב פאלק, אזוי ווי עס שטייט געשריבען, ווער איז אזוי ווי דיין ליב פאלק ישראל, אונ דו ביסט אונזער איינציגער גאט, דרום זאלסטו אליין משפטען דיין פאלק, דען דו ביסט אונזער גאט אונ אונזער טרייסטער, אונ דו זאלסט אונז שיקען דעם גואל צדק היינטיגען יאהר, אמן סלה.

שמע, הער צו ליבער גאט מיין תפלה פון מיין צו בראכענע הארץ גלייך ווי איך וואלט געבראכט איין קרבן עולה, אזו ווי אין פסוק שטייט, איין צוא בראכען הארץ אונ איין צו שטויסען געמיט טוסטו ניט פאר שעמען, אונ דו נעמסט אן לרצון ווי אין קרבן עולה

מעשה אלפס

פארגעסין אז זיי זיינען פאסאזירער, אז ניט איבינג קענען זיי בלייבין אויפ'ן אינזיל וויל דא איז ניט זיכער היים, דער וויל איז די שיף אוועק, אונ דער זומער איז מיט דער צייט אויך אוועק, די פרוכט זיינען אראפ געפאלען פון די ביימער, דער ווינטער מיט זיינע גרויסע פינסטערע נעכט איז אן געקומען, די גרויסע פרעכט האבין אן געהויבען צו טרעסצען, עס האט אנגעהויבען פעלין עסין, אונ קיין ווארימע קליידונג האבען זיי ניט געהאט, איינגע פון זיי זיינען צו שטארבין פון הונגער אונ פון קעלט, איינגע האבען די חיות צוריסען, זיי האבען זיך געריסען די האר וואס זיי זיינען פערבליבען אויפ'ן אינזיל, אבער די חרטה איז געוועזן צו שפעט.—

אִיךְ פַאלְין לִיבֶּער גָאט מַיין גֶעבֶּעט פַאר דִיר, אוּנ אוֹיבּ מִיט גֶעוֵויין אוּנ גֶעשְׁרֵייא בִּיסְטוּ מוֹחֵל, אַזוֹי טוּא אִיךְ וֵויינֶען אוּנ זִיפְצֶען, וֵוי אִיז מַיין לַייבּ אוֹיףְ מַיינֶע זִינְד, דֶען דוּ בִּיסְט אַזוֹי אַיין גָאט וָואס מֶען בַּאדַארְף צוּ דִיר נִיט פִיל שְׁרַייעֶן, דוּ פַאר נֶעמְסְט דִי צוּ בְּרָאכֶענֶע הֶערְצֶער, נִיט וִוי דִי פַאלְשֶׁע נְבִיאִים וָואס אֵלִיָהוּ הַנָבִיא הָאט גִיזָאגְט צוּ זֵיי, שְׁרַייעֶט שְׁטַארְק צוּ אַייעֶר אָבּ גָאט טָאמֶער וֶועט עֶר דֶער הֶערִין, אָבֶּער אוּנְזֶער גָאט פַאר נֶעמְט גְלַייךְ אוּנְזֶער גֶעבֶּעט, אוּנ אוֹיבּ מִיט אַיין צוּ בְּרָאכֶען הַארְץ פַאר גִיבְּסְטוּ דִיא זִינְד, אַזוֹי צוּא בְּרֶעךְ אִיךְ מַיין הַארְץ פַאר דִיר, אוּנ דוּ וֵוייסְט דָאךְ וואל וֶועלְכֶע הֶערְצֶער זַיינֶען צוּא בְּרָאכֶען.

רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, אִיךְ טוּא דִיךְ בֶּעטִין, אַז דוּ זָאלְסְט זִיךְ אִיבֶּער מִיר דֶער בַּארְמֶען אוּנ זָאלְסְט זַיין אַלֵיין מַיין מֵלִיץ בַּיי דֶעם מִשְׁפָּט, דֶען אִיךְ וָואלְט גֶערֶען הָאבְּען בֵּיידֶע וֶועלְטֶן, אָבֶּער מִיט מַיינֶע מַעֲשִׂים הָאבּ אִיךְ עֶס גֶעוִוים נִיט פַאר דִינְט, נָאר מֵחֲמַת אֵיינְס אָן דֶעם אַנְדֶערִין קֶען נִיט זַיין, דֶען מֵחֲמַת דַאֲגוֹת פַּרְנָסָה קֶען מֶען נִיט רֶעכְט גָאט דִינֶען, דְרוּם וִויל אִיךְ בֵּיידֶע וֶועלְטִין, אָבֶּער אִיךְ וֵוייס נִיט וֶועלְכֶע זָאל אִיךְ פְרִיעֶר אָן הוֹיבֶּען צוּא בֶּעטִין אַז עֶס זָאל פַאר דִיר אָן גֶענוּמֶען וֶוערִין, דְרוּם טוּא אִיךְ דִיר בֶּעטִין אַז דֶער זְכוּת פוּן דִי אָבוֹת זָאל מִיר בַּיי שְׁטֵיין פַאר דֶעם יוֹם הַדִין, אַז דוּא זָאלְסְט עֶפֶענֶען דִי טוֹיעֶרֶען פוּן הִימֶעל, אַזוֹי ווִיא דוּ הָאסְט גֶעעֶפִינְט בְּעֵת דִי יִשְׂרָאֵל זַיינֶען גֶעשְׁטַאנֶען לֶעבִּין בַּארְג סִינַי, אוּנ הָאבְּען מְקַבֵּל גִיוֶועֶן דִי תּוֹרָה, הָאסְטוּ גֶעעֶפִינְט אַלֶע הִימְלֶען מ'זָאל וֶועהֶען אַז דוּ בִּיסְט אַיין יָחִיד אִין אַלֶע עוֹלָמוֹת, אַזוֹי בֶּעט אִיךְ דִיר אַז דוּ זָאלְסְט זַייא עֶפֶענֶען צוּ מַיין תְּפִלָה.

רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, אַזוֹי וִוי דוּ הָאסְט אָן גֶענוּמֶען דִי טְרֶערִין פוּן דִי הֵיילִיגֶע מַלְאָכִים בִּשְׁעַת אַבְרָהָם אָבִינוּ הָאט זַיין לִיבֶּען



סְווִיסְטָאק, זֵיי הָאבֶּען גֶעזָאגְט עֶס אִיז נָאךְ דָא גֶענוּג צַייט בִּיז מ'וֶועט אוֹיףְ שְׁטֶעלֶען. דֶעם מַאסְט-בּוֹים אוּנ אוֹיףְ צִיהֶען דִי פְלַאגֶען, מִיר הָאבִּין נָאךְ צַייט, אוּנ הָאבִּין זִיךְ אַזוֹי פַארְבְּרַאכְט אוֹיפְ'ן אִינְזֶעל, פְּלוּצְלוּנְג הָאבֶּען זֵיי דֶער זֶעהֶען פוּן וַוייטִין אַז דִי שִׁיףְ גֵייט שׁוֹין, זַיינֶען זֵיי גֶעלָאפִין מִיט אַלֶע קְרֶעפְטִין צוּם פְּאָרְט אוּנ זַיינֶען אַרַיין גֶעשְׁפְּרוּנְגֶען אִין וַואסֶער אוּנ מִיט גְרוֹיס סַכָּנוֹת זַיינֶען זֵיי צוּ גֶעשְׁוואוּמֶען צוּם שִׁיףְ אוּנ הָאבֶּען קוֹים גֶעפוּנֶען אַיין אָרְט אִין גְרוֹיס אֵיינְגֶעשְׁאפְּט, דִי פִינְפְטֶע פַארְטֶע אָבֶּער פוּן גְרוֹיס פֶערְגְנִיגֶען וָואס זֵיי הָאבִּין גִיהַאט אוֹיפְ'ן אִינְזֶעל הָאבִּין זֵיי גָאר

פארטעטן

## אן געגומען ווערין אונזערע תפלות אנשטאט די קרבנות צו פאר געבין אונזערע זינד.

רבונו של עולם. הער פון דער גאנצער וועלט, איך קום בעטין פאר דיר מיט א צובראכען הארץ און מיט א צובראכען געמיט, איך וויים מיר קיין שום עצה ניט צו געבען, וואס איך זאל טאן צוא דעם יום הדין הגדול והנורא וואס דא קומט צו דעם נייעם יאהר, אונזערע חכמים האבען מתקן געווען אז עטליכע טעג פאר ראש השנה זאל מען אויף שטיין גאנץ פריא און מ'זאל זאגן סליחות מיט גרוים תפלה ובקשה, כדי עס זאל אן גענומען ווערען פאר השי"ת, אבער גוים האבען זיי נאר געמיינט אזעלכע מענטשען וואס זיינען ריין פון זינד, די זאלען בעטען פאר השי"ת ער זאל זיי געבען זייער באדערפענעס, אבער ניט אזוי איין מענטש ווי איך בין, דען איך חיים וואל אז איך בין פול מיט זינד, און ווי אזוי קען איך בעטין ביי השי"ת אז ער זאל מיר געבען פיל גוטס, דען דאס באדערפענעס פון איין מענטשען איז פיל, און איך בין דאס גאר ניט ווערט, פון דעסט וועגען האב איך מיך בארט דער וועקט מיט גרוים מורא און ציטערניש צו בעטין פאר דיר, איך וויים ניט וואס איך זאל טאן מיט וום זאל איך דיר איבער בעטן בורא יחיד, און מיט וואס זאל איך דיר באוויליגען אז דו זאלסט מיר פאר געבען מיינע זינד וואס איך האב געטאן. אויב מיט תשובה און ווידוי קען איך גיפעליג ווערין צו דיר, טוא איך בוודאי תשובה און בין זיך מתודה פאר דיר מיין גאט און גאט פון מיינע עלטערען, איך האב געזינדיגט און געשולדיגט און ווידער געשפעניגט פאר דיר, און דו ליבער גאט דו ביסט דאך איין דער בארמיגער און פאר מראגבט די זינד פון אלעמען זייא מיר אויך מוחל, און אויב מיט תפלה און תחנה ביסטו מוחל, מאך

---

משה אלפס

פאר בריינגען פיל אויפ'ן אינזיל, און זיינען צוריק אריין אין שיף, די צווייטע פארטע האבין געשפאצירט אביסל אויפ'ן אינזיל און גענאמין אביסיל פון די גוטע פרוכט, אבער באלד צוריק אריין אין שיף און זיך גיזעצט איף זייערע פלעצער, און האבען קיין שאדען גערהאט פון זייער פארבריינגען אויפ'ן אינזיל, די דריטע פארטע האבען פארבראכט אויפ'ן אינזיל אגאנצין טאג ביז וואנען זיי האבען דער הערט דעם סוויסטאק וואס וויזט, אז די שיף גייט באלד אב, זיינען זיי געלאפין צום שיף און האבען שוין געפונען די שיף איז איינג מיט מענשין, נור בדוחק האבען זיי אויך געפונען אפלאץ. די פערטע פארטע האבען ניט געקוקט אויף דעם צייכען, פון

פויסבאץ

(ויאמץ לבבך) ביז די האפענונג וועט מוטהיג מאכין דיין הארץ דאס
דו זאלסט ווידער צו אים האפען. דאס הייסט דיא האפענונג צוא
א מענשין וויל ד' איז ניט קיין זיכערע איז איר ענדע נור הארץ
ווייטיג, אבער די האפענונג צום בורא, וויל זיא איז א זיכערע אז
ער קען אונ וועט ממלא זיין דיין וואונש, איז די האפענונג ניט
מוטה אונ דער מוטה ניט קרעפטען צו האפען ווייטער.

## תחנה פון תשובה תפלה וצדקה (צו זאגין אין סליחות טעג).

גרויסער גאט! הער פון דער גאנצער וועלט, דו ביסט דאך געוועזן
איין קיניג נאך איידער דו האסט באשאפען די וועלט,
אונ דו האסט אלך דינג באשאפען אזוי ווי דו האסט געוואלט אונ וועד
קען דיך צו דיר גלייכען אדער אנטקעגען דיר זיך שטעלען, וועד קאן
דער ציילען דיין גרויסקייט אונ דיין הערליכקייט, דאס שטארקייט
אונ דאס הערשאפט איז אין דיין האנד. דו ביסט איין איינציגער גאט
דו קענסט מיך דער לייזען אונ דער פרייען ווען איך רוף צו דיר.
אין דיין האנט באהאלט איך מיין נשמה אז איך טוא שלאפען, אונ
אז איך האב זיך אויף קערסטו ווידער מיין נשמה אין גוף, הימלישער
פאטער דער בארעם דיך איבער אונז אונ העלף אונז, דען אז אונזער
ביהמ״ק איז געשטאנען איז ביי אונז ווייניג זינד געוועזן, דען דער תמיד
של שחר האט פאר געבין אויף די עברות פון ביי נאכט, אונ דער
תמיד של בין הערבים האט פאר געבין אויף די עברות פון ביי טאג,
איצט מיט וואס זאלען מיר צו דיר קומען? דרום זאל פאר דיר קומען
אונזערע צו בראכענע הערצער אונ שמערצונג אונ עס זאל פאר דיר

מעשה אלפס

## נאך איינעם משל וועגין תשובה פון של״ה הקדוש.

אשיף איז געפארין אויפ'ן ים, איז געווארין אגרויסער שטורם ווינד אונ האט געווארפין די שיף, דער שטורם האט גיהאלטען אנאנצען טאג ביז ער האט די שיף פארווארפין אויף איין אינזיל וואס ניט בעוואהנט פון מענשין, אונ וויל די פאבאזירער דינגען געוועזן אן געמאטערט פון וועג דינגען זיי אראפ אויפין אינזיל אב רוהען, דער אינזיל איז געווען בעוואקסען מיט טייערע פרוכט - בוימער, מיט נוטצע קוואלין וואסער, די קלוגע רייזענדער האבען געזאגט, וויל מיר ווייסען ניט, די פיליכט וועט דער שטורם באלד שטיל ווערין, וועט דער שיף קאפיטאן וועלען פארין ווייטער, אדער פיליכט וועט קומען אשטארקער ווינד אונ אוועק טרייבין די שיף פון דעם אינזיל, וועלין מיר בלייבין אן אשיף, דריבער האבען זיי ניט געוואלט

שיף

ארעשפעקט ס' איז גישטאנן פאר מיר, האב איך מיר גינומען אמוסר ווי דארף איך שוין שטיין פאר דיר מלך מלכי המלכים און דאן האב איך זיך גישטעלט מתפלל זיין פאר דיר מיט גרויס מורא וכבוד. (אל תסתר) פאר בארגע ניט דיין געזיכט פון מיר, פארשטויס ניט מיט צארין דיין קנעכט, דו ביסט דאך שטענדיג גיוועזן מיין הילף, דרום בעט איך דיר אז היינט אויך זאלסטו מיר ניט פאר לאזין. (כי אבי ואמי) אזוי ווי אין די צייט וואס איך בין גיוועזן גיאגט פון שאול המלך האבין דאן מיינע בעסטע פריינד (ווי פאטער און מוטער) ניט גיקאנט מיר העלפין, נור דו גאט האסט מיר אריין גענומען צו זיך אונטער דיין שוץ, אזוי זאלסטו מיר היינט אויך העלפין. (הורני) לערין מיר גאט דיין וועג און פיר מיר אויף דעם רעכטין וועג, וועגין די וואס קוקין אויס די אויגין, פילייכט וועלין זיי זעהען אויף מיר עפעס א פעלער, וועלין זיי פאנאנדער קלינגען די וועלט און זאגן, אז דוד טוט אזוי מעגין מיר דאך שוין אלעס טאן, (אל תתנני) גיב מיר ניט איבער אין דעם ווילען פון מיינע פיינד, דען עס זיינען אויף גישטאנען געגען מיר פאלשע עדות (פאר שאול המלך) צו ריידין געגין מיר אונרעכט (אז איך בין אמורד במלכות) און ווען איך וואלט ניט האבין פעסט גיגלויבט, אז איך וועל נאך אמאל זעהען גאטעס גנאדע אויף די לאנד וואו דאס לעבין הערשט, וואלט איך שוין לאנג ניט אויס גיהאלטין מיט מיינע קרעפטין, נור די איינציגע האפענונג האט מיר גיגעבין מוטה און קראפט, דרום איז מיין לעבענס-געשיכטע אלעהרע פאר יעדער איינציגען אידען, אז איך קען זאגין צו יעדערין (קוה) האף צו גאט און זיי אין די האפענונג אזוי פעסט

---

מעשה אלפס

זמן ער ווענדעט ניט אן קרעפטין און בלייבט שטיין אין זומפ וואס איז די פעולה פון זומפען?—דאס גלייבען איז מיט'ן בעל תשובה, דער מענש איז אויך אריינער אויף אפערדיל, דער חומר איז דער פערדיל און דער גלייבער שכל (וואס איז באלייכטין מיט די ליכטיגקייט פון דער תורה) איז דער רייטער, כל זמן דער שכל איז וואך און האלט דעם פערדיל פאר די לייצעס, ער לאזט אים ניט אריין קריכען אין תאוות, קומען זיי ביידע צום תכלית צו וועלכען דער מענש איז בעשאפען געווארען, ווען אבער דער שכל שלעפערט (ער קערט זיך אב פון דער תורה) און לאזט דעם חומר גיין וואו ער וויל, פארקריכט דער חומר אין זומפ פון תאוות, איז ווען דער מענש בעדיינקט זיך אז ער איז פארקראכין איז די ערסטע זאך "תשובה" ארויסקריכען פון זומפ אויף די גראדע וועג פון דער תורה, אבער כל זמן ער ליגט אין תאוה-זומפ וואס העלפט דער זופען?

פאר וועמען האב איך מיר צו פירכטען ? (ה' מעוז חיי) ווען גאט איז מיין לעבענס קראפט , פאר וועמען זאל איך מיר שרעקין ? (בקרוב) ווען עס גינעהענען צו מיר פאלשע מענשין, וואס שטעלין זיך פאר פאר גוטע פריינד און באמת זיינען זיי גאר מיינע בעליידיגער און מיינען צו עסין מיין פלייש איז גאט מיר צו הילף אז זיי ווערין גישטרויכילט און פאלין. (אם תחנה עלי מחנה) דרום ווען עס וועט רוהען געגן מיר איין לאגער שרעקט מיר ניט די הארץ, ווען עס וועט אויף שטיין קעגין מיר אמלחמה (בזאת) בין איך פארזיכערט מיט דעם זכות פון דער תורה (וזאת התורה , וואס דורך דעם איז גאט מיין הילף אז איך וועל זיגען . (אחת) איין זאך האב איך גיבעטין פון גאט און דאס איז מיין גאנצער וואונש (שבתי) דאס איך זאל זיצען אין גאטעס הויז (אין בית המדרש) מיין גאנצען לעבין (איך זאל נים דארפען גיין אין כלהמות) צו זעהען און שפירען די זיסקייט פון דער תורה און צו באזוכין אים אין זיין פאלאץ (בית המקדש) און מתפלל צו זיין (כי יצפנני) אז ער זאל מיר בעהאלטין אין זיין שוץ אין דעם טאג פון אונגליק, ער זאל מיר בעוואהרענען אין איין פערבארגענעם ארט, אויף איין פעלזין זאל ער מיר ערהייבן, (ועתה) און יעצט אז איך וועל שטענדיג זיצען אין גאטס הויז (על התורה ועל העבודה) וועט ערהויבען ווערין מיין קאפ אויף מיינע פיינד וואס ארום מיר, און איך וועל שעכטין אין זיין גיצעלט פריידענ־אפפער און וועל אויך זינגען און שפילען צו גאט דאפיר . (שמע) הער גאט מיין שטימע ווען איך רוף דיר און מיט גינעדיגקייט ענטפער מיר. (לך) פון דיינעט וועגין (איך זאל דיר דינען ערינסט) האט מיין הערץ מיר גיראטה איין עצה , אז דאס פאלק זאלען קומען בעטין ביי מיר עפעס אבקשה און אז איך האב באטראכט מיט וואס פאר

מעשה אלפס

אין האנד גייט דער פערדיל אויף די גראדע וועג, ווען אבער ער שלעפערט איין און לאזט אב די לייצעס, און דער פערדיל שפירט אז ער איז פריי, טו וואס לוינט אים צו גיין אויפ'ן טרוקענעם זאמד ? בעסער גייט ער אן אנייט אויפ'ן גראז, אז וואס דארטען איז אזומפ און ער וועט זיך דער טרינקען מיט'ן ווירטה צוזאמען ? אויף דעם איז ער דאך נור אפערד , וואס זעט ניט ווי די גראז פון אויבען, ער קייט די גראז און גייט וואס ווייטער טיפער אין זומפ, ביז די בריצקע ווערט פול מיט וואסער , אז דר ווירטה ניט זיך אחאפ פון שלאף און ניט אביטערין זיפץ, אה ! וואו בין איך דא ? אה צו וואס מיין דרעמלען האט מיר גיבראכט ! אז מיין פערדיל האט מיר פארשלעפט אין א זומפ ! דאן איז ווייניג דער זיפץ אליין, נור די ערסטע זאך איז „תשובה", זעהען ארוים צו קריכען פון זומפ אויף די גראדע וועג, אבער כל

פרייליבקייט. אלע מיינע מעשים זאלין נאר זיין פון דיינט וועגין, אונ איך זאל זיין גוט צו גאט אונ צו לייטין, איך זאל קיינעם ניט מקנא זיין, אונ איך זאל אבגעהיט ווערין פון כעס, אונ חניפה, אונ רכילות, אונ לשון הרע, איך זאל נאר גאנץ זיין מיט גאט אונ מיט מענטשין:

## סלח לי אבי שבשמים.

פאר גיב מיר מיין פאטער אין הימעל, אונ נעם מיך ניט צו פון דער וועלט ביז איך וועל פאר ריכטין וועלכעס איך האב פאר דארבין, אונ מיינע זינד זאלין ניט גידיינקט אונ גידאכט ווערן, ווען איך וועל דיר מיין נשמה צוריק אב געבין, אונ מיינע קינדער אונ קינדס קינדער זאלין אלע לערנען דיין היילינע תורה, אונ עס זאל זיין דיין פארכט אויף זייער פנים זיי זאלין ניט זינדיגען צו דיר, אונ ווען מיינע קרעפטין וועט זיך ענדיגען זאלסטו מיך ליבער גאט ניט פאר לאזין, אונ אין דער צייט פון מיין עלטער זאלסטו מיך ניט אוועק ווארפין פון פאר דיר, אונ וועה מיך צו וואשין אונ ריינינען פון מיינע זינד, אונ אין גירעכטע וועגין זאלסטו מיך פירען, אונ דאס טרייסטונג פון ציון אונ ירושלים זאלסטו מיר ווייזען, אונ עס זאל זיין איין דער בארמיגע צייט צו באוויליגען מיך אונ מיינע תפלות צווישען אלע יודישע תפלות. יהיו לרצון אמרי פי והגיון לבי לפניך יי צורי וגואלי, אמן:

## תחנה לדוד אורי (צו זאגען אגאנץ חודש אלול אונ עשרת ימי תשובה).

לדוד, א תפלה פון דוד המלך (ה׳ אורי וישעי) ווען גאט איז מיין ליכט (צו ערלייכטען מיין משפט ראש השנה) אונ מיין הילף (יום כפור),

---

מעשה אלפס

## שיינע משלים וועגין דעם ענין פון תשובה.

דוד המלך עליו השלום זאגט „אשרי איש ירא את יי״, וואהל איז דעם מענשין וואס ער טוט תשובה ווען ער איז נאך אמענש, ווען ער איז נאך ביי די קרעפטן, אונ דער נביא ירמיה זאגט אויך „טוב לגבר כי ישא עול בנעוריו" גליקליך איז דער מענש וואס נעמט אויף זיך דעם עול פון תורה ומצות אין דער יוגענד, דא ערט אונ איז די געוואהנהייט א צווייטע נאטור עס איז אים קיין זאך ניט שווער. גראדע אומגעקערט ער טוט עס מיט גרויס פערגניגען, נור וויל ניט אלע וויסן גרונטליג וואס הייסט „תשובה" וועלען מיר דאס גוט ערקלערען. — דער ווארט תשובה הייסט אומקערין זיך, למשל איינער פארט אין וועג, קל זמן ער האלט די לייגעס

אז עס וועט קומען דער טאג וואס איך וועל בעשטימט ווערען צום שטארבען אונ נידערין אין גרוב, וויי צו מיר, מיין הארץ טוט מיר קלעמען וואס איך האב מורד געווען אין גאט דער דא איז ריין אונ זיינע מלאכים זיינען ריין אונ איך בין איין שענדליכט אונ איין זינדיגע, וויי געשריען אויף מיר.

## סְלַח לִי אָבִי שֶׁבַּשָּׁמַיִם.

פאר גיב מיר מיין פאטער אין הימעל. דען איך שטיי אונ בין זיך מתודה איינגעבויגען מיין קאפ, אונ צובראכין מיין הארץ, אונ מיט שלאפע הענד, אונ אלע מיינע גלידער זיינען צושראקען. איך בעט פון דיר סליחה ומחילה וכפרה אויף אלעם וואס איך האב געגין דיין ווילען געטאן, אונ עס טוט מיר זייער באנק, אונ פארגיב מיך אויף די פיל יאהרין וואס זיינען איבער געפארין פון דער צייט אן וואס איך בין צו מיין שכל געקומען ביז דעם היינטיגען טאג וואס איך האב גאר מיינע יאהרין פארטאן אין נארישקייט, צופרידענשטעלין דעם יצר הרע, אונ פאר לענדין מיין פלייש, צו מאכין נידעריג אונ אומריין מיין טייערין שכל וואס דו האסט מיר געגעבען:

## סְלַח לִי אָבִי שֶׁבַּשָּׁמַיִם.

פאר גיב מיר מיין פאטער אין הימיל, טו מיט מיר גרויס גינאד אונ שטארק מיך איינצובייגין מיין יצר הרע, איך זאל שוין מער ניט זינדיגין, אונ זאלסט אויס שטרעקין דיין רעכטע האנד אנצונעמען מיין תשובה פאר דיר, העלף מיר מקיים צו זיין אלע זאכין וואס איך נעם אויף מיר היינטיגען טאג צו טאן, איך זאל מיך שטארקין אין דיינע מצות, אזוי ווי אונזערע חכמים האבין געזאגט (הבא לטהר מסייעין אותו) דאס הייסט ווער עס קומט זיך ריינינגען העלפט מען אים. צריין הארץ בעשאף אין מיר אונ אפעסטין מוטה באניי אין מיר איך זאל זיין געהיט צוהאלטין דיין גיבאט, אונ זאל ניט גישטרויכילט ווערין אין קיין שום עבירה, אונ דו זאלסט איינפלאנצין אין מיינע גידאנקען דיין פארכט, דאס עס זאל מיך ניט שרעקין קיין בייזע מחשבות אונ פרעמדע גידאנקען, בפרט אין דער צייט ווען איך וועל מיך שטעלין תפלה טאן פאר דיר. נאר אלע מיינע גידאנקען זאלין זיין גרייט צודינען דיך מיט ליבשאפט אונ

איך דיר דערצאַרינט, וואָס עס איז אונמעגליך אויסצורעכענען, און דו גאָט האָסט מיר אין אַלע צייטין גוטעס גיטאָן, און איך האָב דיר ניט גישעצט נאָך דיין גרויסען כבוד נאָך, דרום טו איך מיך בעטראַכטען, אַז איך וועל זיך מתודה זיין אויף אַלע מיינע זינד פאַר דיר רבונו של עולם, און איך וועל מיינע טרערין פאַרגיסען, און אָבוואַשין מיט זיי גאָר מיינע זינד, וואָס האָבין פאַרפלעקט מיין נשמה.

# סלח לי אבי שבשמים.

פאַר גיב מיר מיין פאָטער אין הימעל, דען ווען מיינע זינד זענען פיל וואָס שאַדין זיי צו דיר? נאָר צו מיר איז וויי און צו מיין לייב איז ווינד, און ווען מיינע זינד האָבען צו מיר גריבער גענראָבען און האָבען אויף מיר געבראַכט טרויערקייט און זיפצען איז דאָך צו דיר גאָט פיל דער באַרימקייט און פאַר געבונג, גאָט מיין גאָט גידיינק דאָס געמיט פון מיין לעבין דאָס איך בין ווי איין פערוועלקטע גראָז, ווי אַ בלאַט פון דעם בוים וואָס פאַלט צו דער ערד, מיין אָנהייב איז פון ערד, און מיין ענדע איז צו ווערים. מיינע טעג זענען ווי אַ שאָטין וואָס גייט פאַרביי, און ווען מיין נשמה וועט פון מיר אויס גיין וועט מען מיך אין דער ערד וואַרפען, מיין לייב וועט ווייטיגען און מיין האַרץ וועט אין מיר וויי טאָן, איך בין דאָך נאָר ערד און אַש, יעצט בין איך דאַ, און שפּעטער וועל איך פאַר רוקין מיין גיצעלט אין קבר, און ווען איך זאָל אַפילו טויזינד יאָהר לעבען וועל איך זיין גליך אַז איך בין גאָר ניט געוועזן. גאָט מיין גאָט. מעק אָפּ ווי אַ וואָלקין מיינע זינד, פאַר לעש די קוילין פון מיינע זינד מיט די טרערין וואָס טוען רינען פון מיינע אויגען.

עליך נפשי. אקונן בלב מר, אויף דיר מיין נשמה טו איך קלאָגען מיט אַ ביטער האַרץ, ווי אַזוי איך האָב דיך אויס געריסען פון דעם קוואַל פון לעבען און הייליגקייט און האָב דיך געפלאַנצט אין דעם אָרט פון טויט און אום ריינקייט? (איך לא חסתי עליך בת היקרה) ווי אַזוי האָב איך ניט רחמנות געהאַט אויף דיר מיין נשמה וואָס דו ווערסט גערופען טייערע טאָכטער, וויי צו מיר וואָס איך האָב געטאָן, ווי אַזוי האָב איך מורד געוועזן אין גאָט, וואָס ער איז אַ קעניג איבער אַלע קעניגען, ווי אַזוי האָב איך זיך פוגם געוועזן מיין נשמה און האָב פאַר ביטען אין עניגע וועלט אויף איין הבל דיגע וועלט. וואָס וועל איך טאָן

פון עֶרְשְׁטִין טָאג סְלִיחוֹת בִּיז רֹאשׁ הַשָּׁנָה, זָאגְט מֶען דִי תְּחִנָּה, וֶוען מֶען קוּמְט אִין שׁוּל.

רִבּוֹן הָעוֹלָמִים, הֶער פוּן אַלֶע וֶועלְטִין, (קִדְּמוּ עֵינַי אַשְׁמוּרוֹת, לִשְׁפּוֹךְ לִבִּי כַּמַּיִם) מַיינֶע אוֹיגֶען הָאבֶּען גִיפֶעדֶערְט נָאךְ צוּ זַיין פַארְטָאג, פַארְגִיסֶען מַיין הַארְץ אַזוֹי וִוי וַואסֶער, גָאט מַיין גָאט, וָואס בִּין אִיךְ! אוּנ וָואס אִיז מַיין לֶעבִּין? אוּנ וָואס אִיז מַיין כֹּחַ? אוּנ וָואס אִיז מַיין גִירֶעכְטִיגְקַייט? אוּנ וָואס זַיינֶען מַיינֶע גוּטֶע מַעֲשִׂים? דָאס אִיךְ זָאל מִיט זֵיי קוּמֶען פַאר דִיר, וַוייל אִיךְ בִּין לֵיידִיג אוּנ לֶעדִיג פוּן גוּטֶעס, אוּנ פוּל פוּן אַלֶע מַיינֶע זַייטִין מִיט גְרוֹיסֶע זִינְד. אוּנ גְרוֹיסֶע אִימֶערְבְּט, (אוֹי לִי וְאוֹי לְנַפְשִׁי), וֵויי אִיז צוּ מִיר, אוּנ וֵויי אִיז צוּ מַיין נְשָׁמָה, דֶען אִיךְ הָאבּ פִיל גֶעזִינְדִיגְט, וִוי קָאן אִיךְ קוּמֶען בֶּעטִין סְלִיחָה וּמְחִילָה פוּן דִיר, (אַךְ עַל רַחֲמֶיךָ אֶשְׁעָן, כִּי אֵל מָלֵא רַחֲמִים אָתָּה), נוּר אוֹיף דַיין גְרוֹיס רַחֲמָנוּת פַארְטְרוֹי אִיךְ מִיר, אַז דוּ עֶרְבַּארִימְסְט זִיךְ אוֹיף דִי וָואס בַּאקֶענֶען זַייעֶרֶע זִינְד אוּנ הָאבֶּען אוֹיף זֵייא חֲרָטָה.

פַאר גֶעם עֶרְבַּארֶעמִיגֶער פָאטֶער! מַיינֶע רֵייד, אִיךְ בִּין נִיט מַעֲלִים מַיינֶע עֲבֵרוֹת, וִוי קָאן אַ בָּשָׂר וָדָם לַייקֶענֶען עֶפְּעֶס פוּן דִיר, אַז דוּ גָאט וֵוייסְט) דָאךְ אַלֶע מַיינֶע גֶעהַיימְנִיסֶען. וִוי אַזוֹי זָאל אִיךְ פֶערְבָּארְגִין מַיינֶע זִינְד, אַז דוּ זוּכְסְט אוֹיף אַלֶע מַיינֶע חֲדָרִים פוּן מַיין הַארְץ, אוּנ מַיינֶע נִירֶען, אוּנ וִוי אַזוֹי זָאל אִיךְ לַייקֶענֶען דַיין גוּטֶעס, וֶוען דוּ וֵוייסְט אֲפִילוּ דֶעם מֶענְשִׁינְס גִידַאנְקֶען וָואס עֶר טְרַאכְט נָאר, אִיךְ הָאבּ זֵייעֶר פִיל גֶעזִינְדִיגְט, וֵויי אִיז צוּ מִיר, אִיךְ שֶׁעם זִיךְ אוֹיף הוֹיבֶּען מַיין קָאפּ גֶעגֶען דִיר, גָאט פוּן הִימֶעל, נָאר אִיךְ בֶּעט אָדוֹן רַב סְלִיחוֹת, דוּ זָאלְסְט פֶערְגֶעבֶּען מַיינֶע זִינְד, וֶועל אִיךְ דִיר דִינֶען בְּכָל לֵב וָנֶפֶשׁ, כָּל יְמֵי חַיָּי.

# סְלַח לִי אָבִי שֶׁבַּשָּׁמַיִם.

פַאר גִיבּ מִיר מַיין פָאטֶער אִין הִימֶעל, וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעזִינְדִיגְט אִין פִיל עֲבֵרוֹת. סַיי בְּשׁוֹגֵג (אומגערן), אוּנ סַיי בְּמֵזִיד (מוטוויליג), אַלֶע גְרוֹיסֶע אוּנ הַארְבֶּע עֲבֵרוֹת וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעטָאן, אוּנ פִיל מָאל הָאבּ

מעשה אלפס

שְׁפִּירֶען מִיר נָאר נִיט, אַלְזָא מוּז מֶען אָבֶּער פוּן דִי נְשָׁמָה אַזוֹנֶער וֶועט קְרִינֶען וֶועהֶען אָבּ צוּ רַאטְשׁוּעֶן זִיךְ, אוּנ לֶערְנֶען אַ לֶעבְּהַאפְט. אִין סֵפֶר אֶבֶן שְׁלֹמֹה דִי דִינִים אוּנ דִיא מוּסָר פוּן דִיא עֲבֵרָה (דִי בַּאשְׁרַייבּוּנְג פוּן ווִילְנֶער גָאוֹן) אִיז דָאס יוּשֶׁר מִיט מִיט דֶעם אוֹיף סִיגֶעמֶערִין דֶעם עֲרְקְלֶערְט בַּאֲרִיכוּת (פוּן דֵּיטְשֶׁע 54 בִּיז 59).

הדין (ראש השנה) וואס גייט אונז ענטקעגין גישריבען את נחתמ'ט ווערין אין בוך פון לעבין, מיט געזונד אונ פרנסה בכבוד בתוך כלל ישראל, אמן

## תחנה קול שופר (ווען מען הויבט אן שופר בלאזין בר"ח אלול).

רבונו של. עולם! הער פון דער וועלט, הייגט הויבען מיר אן צו בלאזין שופר, בכדי מיר זאלען זיך דערמאנען אן דעם יום הדין, וועלכער ער קומט אן צו אונז לטובה, אונ מיר זאלין זיך ארום זעהן וועגין אונזערע מעשים פון אגאנץ יאר, מיר זאלין תשובה טאן אויף אונזערע עברות, וויא דער פסוק זאגט (שובו אלי ואשובה אליכם), קערט זיך צו מיר מיט אייערע גוטע מעשים, אונ טוט תשובה אויף אייערע זינד, וועל איך זיך אויך צו אייך קערן, אונ איך וועל אייך מציל זיין פון אייערע צרות, דרום בעטין מיר דיר דערבארעמיגער פאטער, אז דו זאלסט זיך אויף אונז דערבארעמען, אונ געבען אונז איין גוטין גידאנקען, אז מיר זאלין טאן א תשובה שלמה, אונ דוא זאלסט אונז שטארקין אונזערע הערצער צו טאן דיין ווילען, אז מיר זאלען קענען היילגען דיין נאמען, וואס ער איז זייער הייליג, אונ מיט די שטימע פון שופר, זאלסטו צוטומלען דעם שטן, אז ער זאל ניט קענען מקטרג זיין, אונ מיר זאלין קענען קומען צום יום הדין ריין פון אלע זינד, אונ ריין פון אלע פערברעכונגען, וועלכע מיר האבין פערבראכין געגין דיר היילגער גאט, (והאר עינינו בעבודתך) דערלייכט אונזערע אויגין מיר זאלין וויסין ווי דיר צו דינען מיט דעם גאנצין הארצין, אונ אזוי ווי די תקיעה איז א גלייכער קול, אזוי זאלסטו אויסגלייכען אונזערע הערצער פון אלע קרומע מחשבות, אז מיר זאלין גיין אין גלייכין וועג פון דער תורה, אונ אזוי ווי דער קול פון שברים תרועה איז איין צובראכענער קול, אזוי זאלסטו אונז העלפין צוברעכין אונ אונטערטעניג מאכין אונזערע הערצער צו דיר, אונ בזכות זה זאלסטו צו ברעכין אלע בייזע גזרות פון אונז, אונ מיר זאלין זוכה זיין צו הערין דעם שופר פון משיח צדקנו במהרה בימינו. אמן.

---

מעשה אלפס

נשמה נעזונד, למשל, יעדער איד איז וואס מען האט פיל מאל עובר געוועזן אונ זהיר ניט צו עסין טרפות, דרום איז דאס ניט געטאן קיין תשובה, איז פאראליזירט ביי אים זייער הארב, אבער די עברות געווארען דער אבר פון דער נשמה. דרום

ווערטער מיט זיין שטימע וואס ער קען דאס ניט אב לייקענען. אלזא דער מאנענדיג זיך דאס אלעס, פאלט אגרויסע שרעק אויף מיר, אונ מיינע גלידער ציטערין אין מיר, אה וועה צו מיינע בייזע מעשים, ווען מ'וועט מיר מיינע אלע בייזע מעשים בעווייזען, וועל איך דאך ניט האבין וואו צו בעהאלטען זיך פון גרויס שאנד, אונ ווען איך דער מאן זיך נאך ווער עס וועט שטיין דער ביי, עס איז דאך ניט אזוי ווי אויף דער וועלט פאר איניגע מענשין, דארטין וועט דאך זיין אזא הויכארטיגע פובליקום, הקב"ה מיט דעם גאנצען הימעלשען פארלאמענט, די אבות הקדושים, אלע תנאים, אלע גאונים אונ צדיקים, אלע ריינע נשמות, אונ איך וועל דאס שטיין פאר זיי פארפלעקט פון קאפ ביז די פיס מיט דעם שמוץ פון מיינע זינד. אה, זינד אונ וועה איז צו מיר! אז איך שטעל זיך מיר דאס פאר, פליסען מיינע אויגען טייכען טרערין אונ איך טוא וויינען אונ שרייען מיט א צובראכענע הארץ פאר דיין היילגען נאמען, אז דו זאלסט מיין גיבעט אן נעמען מיט גרויס חסד, ווי דו האסט אן גענומען דיא גיבעט פון אונזער מוטער חנה, אונ זאלסט אויף מיר רחמנות האבין אונ אב-וואשין מיט מיינע טרערין די פלעקין פון מיינע זינד, ווייל דו באגערסט דאך ניט דעם טויט פון רשע, נור ער זאל זיך ווידער קערין פון זיינע בייזע מעשים אונ זאל לעבין, דו פאר שעמסט ניט די גישריי פון ארימאן (וואס איז ארום אין מעשים טובים), אונ פאר בארגסט ניט דיין פנים פון אים. דרום דער לייכט אויך דיין הייליגען פנים צו מיר אונ העלף מיר אב גיוואהנען זיך פון די בייזע מעשים אונ איך זאל ענטלויפען פון זיי ווי אונזערע חכמים שרייבען (אין פרקי אבות) „ובורח מן העברה" ענטלויף פון איין עברה ווי מען ענטלויפט פון אברענענדיגען שלאנג, ווייל די עברות זיינען גיפערליך צו דער נשמה מער ווי ברענענדיגע שלאנגען, אונ העלף מיר איין גיוואהנען זיך אונ מיינע קינדער צו גוטע מדות אונ גוטע מעשים, צו גאט אונ צו לייטען, בכדי מיין נשמה זאל ניט פאר שעמט ווערין צום יום הדין פאר דיין כסא הכבוד, אונ איך זאל ווערט זיין אז איך מיט מיין מאן אונ קינדערלאך זאלין דעם הייליגען יום

מעשה אלפס

גיזונד שפירט ער, אז עס טוט אים וויי, ער שוין ניט, אזוי אויך איז די נשמה אז ...ען אבער ער ווערט פאראליזירט שפירט מען היט די מצוה איז דער אבר פון די

העלפין זיך אב גיוואהנען פון דעם, אז איך זאל שפירען דעם
פערברעך פון דעם אונ דעם פארברעך פון אלע עברות, ווייל ווען
איך דער מאן זיך מיינע בייזע מעשים פאלט אגרויסע שרעק אונ
ציטערנעם אויף מיר, מה דאך די אבות הקדושים אונ די גרויסע
צדיקים זיינען גישטראפט גיווארען פאר קליינע זאכען וואס זיי זיינען
דורך געפאלען, אברהם אבינו וואס ער האט גיפרעגט „במה אדע"
איז נגזר גיווארען אויף זיינע קינדר צו זיין אין גלות מצרים. יעקב
אבינו בעת די מוטער רחל האט גיזאגט (הבה לי בנים) כטארע זיך מיט
תפלה אז איך זאל האבין קינדר, האט ער איר גיענטפערט מיט כעס
(התחת אלהים אנכי?) האט דער בורא אים גיזאגט, אזוי ענטפערט
מען דאס צו אטרויעריגע הארץ? איך שווער ביי דיין לעבין אז דיינע
קינדער (די שבטים) וועלין מוזען שטיין מיט רעשפעקט פאר איר זון (יוסף),
אונ ווייל ער האט באהאלטען זיין טאכטער דינה אין אקאסטין בכדי
זיין ברודער עשו זאל איר ניט זעהן אונ וועלין נעמען פאר אפרוי. הגם
זיין כונה איז גיוועזן צו גוטן, האט דער בורא אים גיענטפערט, דו האסט
איר ניט גיוואלט חתונה מאכען פאר אגמהלתין האט איר שכם בן
חמור גיחאפט אונ מאנס גיוועזן, ווייל ווען עשו וואלט איר נעמען פאר
אפרוי קען זיין זי וואלט אים מחזיר למוטב גיוועזן. זעט מען פון דעם ווי
ווייט דער מדת הדין רעכינט זיך מיט יעדערין אונ שוינט ניט דעם
גרעסטין מענשן, משה רבנו מיט אהרן זיינען איבער אקליינעם פאר-
זעהונג גישטראפט גיווארען צו שטארבען אין דער מדבר אונ האבין
ניט זוכה גיוועזן אריין צו גיין אין ארץ ישראל, הייסט אפשיטא איך
ארימע פרוי וואס איך בין ארים אין מעשים טובים אונ פול מיט
זינד, אונ הגם פון מיר זיינען פיל מעשים מגונים פאר געסין גיווארן,
אבער פאר דיינע ליכטיגע אויגען קומען אלע פאר, אונ צום יום הדין
ווען דער מענש קומט אויף די אמתה וועלט, ווייזט מען אים אלעם
אונ ער זעט אזוי ווי אויף די טומאנע קארטינעם ווי ער לויפט צו די
עברה אונ וואס ער טוט בחדרי חדרים, אפילו איין אומפאסיגען
ווארט וואס ווערט גירעט אין שלאף צימער, ווייזט מען אויך
דעם מענשין ביין יום הדין. ווי אגראמאפאן רעט איבער זיינע

---

מעשה אלפס

דער נפש האט אויך רמ"ח אברים רוחניים זיינען קעגין די רמ"ח אברים פון נפש,
ווי דער גוף אונ די רמ"ח מצות עשה אונ אזוי ווי אין גוף כל זמן דער אבר איז

רעט, אב היטען שבת פון די שקיעה ביז אויף מארגען נאך צאת הכוכבים, דאן וועט דער "אשמנו" מיט'ן שלאגען זיך אין הארצען הייסען ארעכטע תשובה.

און ווייל איבער בייטען איין גיוואוינהייט דארף גיווערין דרייסיג טעג, דרום האסטו הארציגער פאטער אונז גיגעבין דעם חודש אלול מיר זאלען תשובה טאן און נעמען אין אכט אב גיוואהנען זיך פון אלע שלעכטע מדות און תאוות וואס פון זיי קומט ארויס אלע עבירות, און צו גיוואהנען זיך צו אלע גוטעס און מקיים זיין מצות מיט זריזות און שמחה, דאן וועלין מיר קענען קומען שטעלין זיך צום יום הדין. דרום בעט איך דיר ליבער הארציגער פאטער דו זאלסט אויף מיר רחמנות האבען און מיר זיין צו הילף אב גיוואהנען זיך פון אלע עבירות וואס איך האב ביז אהער גיטאן ובפרט די זאכין וואס פון גרויס גיוואנהייט איז דם גיווארען ווי איין היתר, אז מען שפירט שוין גאר ניט וואס פאר איין הארבע עברה דאס איז, ווי למשל זידלען יענעם פאר די קלענסטע זאך, אדער ניט אב געבין וואס עס קומט יענעם, וואס דאס איז פון די הארבסטע עבירות אז אפילו תשובה און יום כפור און יסורים זיינען אויף דעם ניט מכפר, ביז וואנען מען מוז יענעם איבער בעטין און דורך קומען מיט אים, און בעונותינו הרבים (דורך דעם גרויסען גיוואהנהיים) איז דאס גיווארען אזוי רעכט אז עס קלעמט גאר די הארץ ניט און עס פלאגט גאר דער גוויסען (סאוועסט) ניט, יענעם גיסט זיך בלוט פון די אויגען און איך שטיי גאנץ גלייכגילטיג און מאנכע מאל האפט זיך אשמייכעל טאן דער ביי[1]. אויף דעם בעט איך דיין גרויס רחמנות דו זאלסט מיר

---

מעשה אלפס

הוא׳ אז די לוחות זיינען ניוועז געטליכע ארבייט, סיי דער אויס האקען די שטיינער און סיי די שריפט, אבער ווי אידין האבין געמאכט דעם עגל זיינען זיי אראפ גיפאלין פון זייער מדרגה, זיי האבען פארלארען די הערליכע צירונג וואס מ'האט זיי אן געצירט ביין הר סיני, און זיינען געבליבען ווי אדם הראשון נאכ'ן חטא פון עץ הדעת וואס ער האט געקראגען גילוסט צו די תאוה און האט מבולה געמאכט זיין קערפער ער האט אים פארפלעקט מיט די זוהמא פון נחש התאוה, דרום מוז שוין דער מענש אליין הארעווען אים ארבייטין און אוים בילדען זיין קערפער אוים ריינינען אים פון די זוהמא פון נחש פון די שלעכטע זיטען און תאוות, בכדי עס זאל ראוי זיין צו־שרייבין אויף אים די היילינע געטליכע שריפט, כלומר די געטליכע נשמה זאל קענען אין אים רוהען צו טאן גוטע מעשים.

1) די אורזאך פון דעם ניט שפירען האט ערקלערט דער גרויסער צדיק וחכם רבנו "ישראל סאלאנטער" זצ"ל, ע"יל

דער

האט מען גוזר תענית געוועזן אויף אלעמען פון פארנאכט אן אונ אין דעם טאג איז דער בורא ב"ה איבער געבעטין געווארען צו אידין אונ האט געזאגט צו משה רבנו (סלחתי כדברך) איך האב פארגעבין די זינד ווי דו האסט פארלאנגט, אונ האט אים איבער געגעבין די צווייטע לוחות, דרום איז דר צענטער טאג אין תשרי געהייליגט געווארען אויף עוויג פאר א יום סליחה וכפרה (דאס איז יום כפור).

ויען שגלוי וידוע לפניך. אונ ווייל עס איז אנדעקט פאר דיר ליבער גאט, אז ווען אפילו דער מענש טוט שוין תשובה אונ וויל שוין ווייטער ניט זינדיגען, נור כל זמן ער איז צו געוואוהנט צו זיין שלעכטין פיהרונג טוט ער מארען די זעלבע עבירה וואס ער האט זיך געבעטין נישלאגין אין הארצען אויף איר 1) דרום האסטו הימלישער פאטער געזאגט צו משה רבנו (פסל לך שני לוחות אבנים) דו זאלסט אליין אויס ארבייטין די לוחות וועל איך דאן אריין געבין אין זיי אנשמה דאס איז איך וועל שרייבען אויף זיי די עשרת הדברים, דאס איז איין אנמערקונג (פסל לך) דו מענש בילדע זיך זעלבסט אויס 2), ריינינג אויס דיין הארץ פון אלע שלעכטע זיטן, פון אלע שלעכטע געוואהנהייטין ווי למשל גאוה, כעס, קנאה, שנאה, עצלות (פוילקייט), ליידיג גיין, רכילות טרייבען, ריידין לשון הרע, נבול פה (מיאוסע רייד), שקר, פארלאנגען אפרעמדין גראשין אונ דאס גלייכין, אונ איין געוואהנען זיך צו אלע גוטע מדות, קוקען מיט אגוטע אויג אויף יעדער מענשין, אוועקזען יענעמס כבוד אזוי ווי דעם אייגענעם כבוד, חס האבען אויף יענעמס גראשען אזוי ווי אויף דעם אייגענעם, טאן צדקות ומעשים טובים מיט שמחה אונ זריזות, אב היטען דעם דאווען, אונ אברכה מאכען אויף יעדער זאך מיט כונה, די אויערין זאלען הערין וואס די מויל

מעשה אלפס

1) ווי די קללה וואס דער נחש (די תאוה) איז געשאלטען געווארען (הוא ישופך ראש), ער וועט דיר קלאפען אין קאפ, כלומר, דער מענש מיט'ן שכל פון קאפ שלאגט דעם שלאנג, דאס הייסט ער איז זיך מתודה אונ האט חרטה אויף די עבירה (אתה תשופנו עקב) אבער דער שלאנג (די תאוה) שלעפט דעם מענשין פאר די פיס גיין צוריק בעפרידיגען די תאוה.

2) דער ערשטער מענש אדם הראשון איז געוועזן געטליכע ארבייט, סיי זיין קערפער אונ סיי זיין נשמה, דרום די ערשטע לוחות וואס זיי זיינען געקומען מכבר זיין אויף דעם חטא פון עץ הדעת אז דער מענש זאל קומען צוריק צו די ערשטע מדרגה ווי אדם הראשון איז געוועזן פאר דעם חטא שטייט ביי זיי (והלוחות מעשה אלהים המה והמכתב מכתב אלהים

תכלית פון מענשינס לעבין איז נור צו עסין און טרינקען און זוכען פערגניגען, וואס דער גיזונטער פארשטאנד ווייזט, אז די אלע תענוגי הזמן זיינען הבל הבלים, דאס איז נור גילעבט ווי א בהמה וואס איר קאפ ליגט שטענדיג אין צעבער בראהע, און אזא לעבין ענדיגט זיך ווי דער וואנט-קאלענדאר, וואס די בלעטעלעך זיינע דינען נור דעם טאג, אבער ווי דער טאג גייט אוועק רייסט מען זיי אב און זיי וואלגערין זיך אונטער די פיס, און ענדע יאהר איז ניטא אזכר פון גאנצען קאלענדאר, אזו איז אויך אזא וארט לעבין, נור גילעבט א אטאג אבער ווי דער טאג גייט אוועק ווערט ער פארשוואונדען ווי ארויך עס בלייבט פון אים גאר ניט און אזוי פון גאנצען לעבען. דרום האסטו בעשטימט דעם לעצטין חודש פון יאהר, אויף חשבון הנפש, דער מענש זאל זיך ארום זעהן און מאכן דעם יאהר-באלאנס, זעהן אויב עס האט זיך אים וואס אב גישטעלט מצות ומעשים טובים מיט צו נעמען אויף די עוויגע וועלט, אדער ער האט גילעבט ווי א בעל חי און האט נאך איין גיצערט די ביסל מצות ומעשים טובים וואס ער האט פון פאריגע צייט

דער חודש אלול איז נאך גיהייליגט פון משה רבנו'ס צייט, וואס עֶר איז דאן אום ר"ח (אלול) ארויף גיגאנגען אויפ'ן הר סיני מקבל זיין די צווייטע לוחות און מ'האט גיבלאזען שופר אין דער מחנה (אין אידישען לאגער) אום מ'זאל מער זיך ניט טועה זיין ווי פריער וואס צו ליב דעם טעות איז ארויס גיקומען דער עגל, אויך האט מען מרמז גיוועזן מיטין בלאזען שופר אז אידען זאלען זיך נעמען צו תשובה, ווייל שופר ווייזט אז מ'רופט יענעם צום דין, איז ווען מען דער מאנט זיך, אז מ'דארף זיך שטעלין צום גרויסען משפט פון דעם מלך מלכי המלכים האפט ציטערין די הארץ, ווייל ווער קען גירעכט בלייבען פאר דעם ריינעם משפט, ווי דוד המע"ה זאגט (ואל תבא במשפט את עבדך), רבש"ע דו זאלסט ניט קומען אויף מיר מיט דין (כי לא יצדק לפניך כל חי) ווייל קיינער קען ניט גירעכט בלייבען פאר דיין משפט, דרום שרייבט אליהו הנביא (אין זיין ספר תנא דבי אליהו) אז אידען האבען דאן גיפאסט אין חודש (אלול) פיל תעניתים בכדי אונטערטעניג מאכען די הארץ צו תשובה את דעם לעצטין טאג פון די פערציג טעג (דאס איז דער צענטער טאג אין תשרי)

דעם

# צווייטע טהייל

## וויכטיגע תחנות ובקשות אויף חודש אלול, סליחות טעג, ראש השנה, עשרת ימי תשובה, יום כפור, אונ שלש רגלים.

---

### תחנה אמהות לר"ח אלול (זאגטען אין חודש אלול גאנץ אפט).

גרויסער קעניג! דער ליבער גאסט ר"ח אלול האט אונז געבראכט גוטע נאכריכט, ווי עס ווייזט דער ווארט „אלו"ל" (אני לדודי ודודי לי) אז ווען איך וועל זיך קערין מיט תשובה ותפלה צו מיין פריינד (הקב"ה) וועסטו מיין פריינד זיך קערין צו מיר, באגליקען מיינע וועגין אויפין נאיעם יאהר. — דער גוטער גאסט דער מאנט אונז אויך, די ליבע וואס דו טרייער פאטער ליבסט אונז, מיט דעם וואס דו האסט אונז געגעבין די מצוה פון תשובה, מציל זיין אונז פון די וועג פון טויט אונ ארויף פירען אונז אויף די וועג פון לעבן, דאס הייסט מיר זאלען חרטה האבען אונ זיך מתודה זיין אויף די נארישע מעשים וואס מיר האבען זיך פארנארישט דעם גאנצין יאהר אונ געזינדיגט קעגין דיר, וואס אונזער קליין קעפעלע האט אויסגירעכינט, ווי יענער קליינער קינד אז די ווייטע רייזע וואס די מענשין האבען גימאכט פון קיטיי נאך ניזנע (אויפען יאהר מארק) איז נור צו טרינקען טיי מיט זעמל*), כלומר אז דער הכלית

---

*) אקויפמאן האט אמאל מיט גינומען זיין זאהן אויפין יאהרמארק, קומענדיג אין ניזנע אויפ'ן וואנזאל, זעט דער קינד אז עס זיצען מאנם פערזאהנען מיט לאנגע צעפ אראב געלאזען אויף די פלייצעס אונ טרינקען טיי מיט זעמיל, פרעגט ער דעם פאטער, ווער זיינען דאס? דאס זיינען קיטייצעס (ענטפערט דער פאטער) דארטען איז אזא מאדע אז מאנס לייט גייען מיט צעפ — ווי ווייט איז קיטיי פון דאנען? (פרעגט דער קינד). לערך 2 מאל אזוי פיל ווי פון דאנען נאך אמעריקע (ענטפערט דער פאטער) — אזוי, אזוי? זאגט דער קינד פארוואונדערט, איז דא אזעלכע געשמאקע טיי אז מען פארט אז פון קיטיי אהער טרינקען, טו היים מיר אויך געבען אגלאז טיי.— ניין מיין קינד, טיי איז אין קיטיי דא בעסערע (דארטען איז די רעכטע פלאנטאציעס פון טיי) נור דאס זיינען גרויסע קויפלייטע, דער עיקר זיינען זיי געקומען היער צום יאהרמארק מאכען גרויסע געשעפטען, אונ דער טיי טרינקען איז אטפל — דאס גלייבען דיינקען מיר ווי דער קינד, אז אונזער נשמה האט געמאכט אזא ווייטע רייזע פון דעם עולם העליון אויף דיזע וועלט נור צו טרינקען טיי מיט זעמיל (ווי מ'רופט דאס „לעבען אטאג") אונזער קליינע קעפעלע פארשטייט גאר ניט אז דא איז אגרויסער יאהר מארק (היום לעשותם) צו איין האנדלען טייערע סחורה (מצות ומעשים טובים) וואס מ'קען דאס אויפ'ן עולם העליון גיט בעקומען, ווי דער תנא זאגט (אין פרקי אבות) יפה שעה אחת בתשובה ומעשים טובים בעולם הזה מכל חיי העולם הבא.

מיט אלע פערשיידענע עגמת נפש רחמנא ליצלן זאלסטו אונז בעגיטיגען מיט פיל טובות ישועות ונחמות דאס מיר זאלען פארגעסין אן אונזערע ערשטע צרות, אונ מיר זאלען שוין אויפגעריכט ווערין מיט די גאולה שלמה דורך משיח בן דוד, במהרה בימינו, אמן ׃

## תחנה מצא טוב (מתפלל צו זיין חמשה עשר באב) ׃

רבונו של עולם דיין הייליגער דוד (מלך ישראל) האט גיזאגט „על זאת יתפלל כל חסיד אליך לעת מצא" יעדער פרומער מענש זאל בעטין, אז דער בורא זאל אים (אדער זיינע קינדער) צו שיקען דעם באשערטין זיווג (מצא אשה מצא טוב) אונ אזוי ווי „חמשה עשר באב" איז פארצייטען גיוועזן ביי אידען זייער אפרייליכער טאג, אין אים האט מען גישלאסען פארטייען, צום אנדיינקונג אז אין דעם טאג איז פריי גיווארען די וועג, אידען זאלען קענען עולה לרגל זיין, וואס צענדליגע יאהרין, פון ירבעם בן נבט אן, האבען די מלכי ישראל גישטעלט שטראזין אויפין וועג, ניט צו לאזין עולה לרגל זיין, אונ הושע (דער זון פון קעניג אלה) האט אין דעם טאג אראב גינומען די שטראזין אונ אידען האבען מיט גרויס בענקונג אונ ליבשאפט אן גיהייבען גיין צוריק קיין ירושלים אונ דארטען האבין זיי גיזעהן ווי די גאלדענע כרובים (אין גישטאלט פון קליינע קינדער) וואס אין קדשי קדשים אויפין ארון הקודש האבען זיך ארום גינומען איינע די אנדערע ווי צוויי געליבטע (צו ווייזען ווי ווייט די ליבשאפט פון השי"ת איז צו זיין פאלק ישראל), איז צום אנדיינקונג האט מען בעשטימט דעם טאג צו שליסען פארטייען. בעט איך דיר ליבער פאטער, אז דו זאלסט מיר אויך העלפין אונ צו שיקען פאר מיינע קינדער זייערע באשערטע, אונ איך מיט מיין מאן זאלען זוכה זיין פירען זיי צו דער חפה אין אמזל'דיגע שעה מיט אריכות ימים (אזוי ווי אין דעם טאג איז אראב גינומען גיווארען דער טויט שטראף פון אונזערע עלטערן אין דער מדבר) אונ מיר זאלען זוכה זיין צו זעהן פון זיי גרויס נחת מיט גוטע דורות, אמן ׃

און האבען זיך פאר וואונדערט, און האבען געזאגט דאס איז די שטאט ירושלים? וואס זי איז געוועזן די קרוין פון אלע שטעט און פון אלע לענדער, וואס זי האט געוועלטיגט איבער אלע לענדער, און יעצט איז זי פאר וויסט דורך אירע פיינד גאר אן דער בארימקייט, און זיי פרייען זיך אויף איר בראך און לעסטערין זי מיט שענדליכע רייד, ליבער גאט! קער אונז שוין צוריק אין ירושלים, אמן סלה.

אלה מזבחות זכור, פיל אידישע בלוט זיינען פערגאסען געווארען דורך אונזערע בלוט שונאים, די דאזיגע מזבחות פון די הרוגי ישראל, דער מאן דער בארעמיגער גאט, און העלף אונז, ואמעל אונז איין פון אלע פיר ענדין וועלט, און בויע אויף ווידער מיט פייער דיין שטאט ירושלים, טרייסט אונז פון אונזער טרויערקייט, שיק אונז משיח צדקנו ער זאל אונז אויף ברענגען קיין ארץ ישראל, מיר זאלען היינט אין דעם טאג פרייליך זיין, צו לויבען דיין הייליגען נאמען, און צו דער ציילען דיינע וואונדער, אזוי ווי דו האסט ערלייזט דיין פאלק ישראל פון מצרים, און עס זאל שוין מקוים ווערין וואס דער נביא האט געזאגט, אז דער חודש אב וועט פאר קערט ווערין צו פיל פרייד, און ניט צו געוויין און קלאגען, דאס זאל געשעהן באלד אין אונזערע טעג, אמן ואמן.

## תחנה נחמת ציון (אויף שבת נחמו).

אנא איך בעט דיר אלהי הנחמות, גאט וואס דו טרייסט יעדער אבל, זאלסטו טרייסטען מיר מיט מיין גאנץ הויז געזינד, מיט כל ישראל דאס עס זאל ווערין פון אונז אב גיטאן אלע צרות, מיט אלע גזירות רעות, זאלסט צו אונז שיקען די דאפעלטע נחמה דאס מיר זאלען דאפעלט גיטרייסט ווערין, אזוי ווי דער נביא ישעיה זאגט נחמו נחמו יאמר אלהיכם, און פאר אלע צרות מיט אלע יסורים

מעשה אלפס

האבען געווים געפאסט דעם דרייצענטען טאג אין אדר, איבער דעם האבען אלע יודען אויף זיך מקבל געוועזן דעם דרייצענטען טאג אין אדר פאר א תענית צבור, נאר ער איז ניט אזוי הארב ווי די פיר געבאטענע תעניתים, דער עיקר דארף מען אין דעם תענית אין זינען האבין ואו דאס דער איבערשטער וועט הערט און צו די יודינס געבעט, דאס אויב מיר וועלען תשובה טאהן מיט דעם גאנצען הארץ אזוי וועט אונז דער איבערשטער בעווייזן נאיע נסים דאס מיר וועלען געהאלפין ווערען פון אלע צרות, און הערין ישועות ונחמות אמן.

דיין שְׁכִינָה הָאט גירוהט אין איר, אונ הָאבֶּען אַלֶע צייט גֶירֶעט אויף דיינֶע וואַרְהַאפְטִיגֶע קְנֶעכְט משה אונ אַהֲרֹן, אונ היינְטִיגֶע נאכְט הָאבִּין זֵיי גִיוויינְט אונ הָאבֶּען גֶאהֶאט פאר גֶאהֶעט פִיל טְרֶערִין אוּמְזִיסְט. פאר דֶעם גִיוויין וואס זיי הָאבֶּען אוּמְזִיסְט גִיוויינְט, זֵיי הָאבֶּען מְחַרֵעם גִיוֶוען אויף דיר הֵיילִיגֶער גָאט, הָאסְטוּ בַּאצָאלְט צוּ זֵייעֶרֶע קִינְדֶער דָאס אִין דֶעם טָאג זַיינֶען פאר וִויסְט אונ פאר שְׁטֶערְט גִיוָוארֶען דֶער עֶרְשְׁטֶער אונ דֶער אַנְדֶערֶער בֵּית הַמִּקְדָּשׁ, וָואס דוּרְךְ דֶעם אִיז אָוֶועק גִינוּמֶען גִיוָוארֶען פוּן אוּנְז אוּנְזֶער שֵׁיינְקֵייט אונ די קְרוֹין פוּן אוּנְזֶער קָאפּ. מִיר קֶענֶען שׁוֹין נִיט בְּרֵיינְגֶען קֵיין קָרְבָּנוֹת אויף דַיין הֵיילִיגֶען מִזְבֵּחַ, מִיר קֶענֶען נִיט אויף גֵיין דְרַיי מָאל אִין יָאר צוּ זֶעהֶן די שַׁיין פוּן דַיין הֵיילִיגֶע שְׁכִינָה, צוּ דֶער פְרֵייעֶן אוּנְזֶער זֶעלֶע מִיט די הֵיילִיגְקֵייט וָואס די שְׁכִינָה הָאט גירוהט צְווִישֶׁען די כְּרוּבִים. וויי אִיז צוּ אוּנְז אונ וויי צוּ אוּנְזֶער נֶפֶשׁ, דֶען אִין הֵיינְטִיגֶען טָאג אִיז פַארְבְּרֶענְט גִיוָוארֶען אוּנְזֶער הֵיילִיגֶער בֵּית הַמִּקְדָּשׁ דוּרְךְ אֵיין פֵייעֶר פוּן הִימֶעל, אויף די גְרוֹיסֶע שְׁטָאט בֵּיתָר וָואס אִין אִיהר אִיז גִיוֶועזֶען דָאפֶּעלְט ווי יוֹצְאֵי מִצְרַיִם אִיז חָרוּב גִיוָוארְן אִין דֶעם טָאג, אויך שְׁפַּנְיָא הָאט חָרוּב גֶעמַאכְט די יְהוּדִים (בשנת רנ"ב), אִיז אַלְץ גִיוֶוען אוּם תִּשְׁעָה בְּאָב. אִיבֶּער די גְרוֹיסֶע עֲבֵירוֹת פוּן די אִידֶען וָואס זֵיי הָאבֶּען ווידֶער גִיוֶועזִין אַקֶעגְן דִיר. אונ זַיינֶען גִיגַאנְגֶען אִין בֵּייזֶען וֶועג צוּ דֶערְצֶערְנֶען דִיךְ אַלְמֶעכְטִיגֶער גָאט, דְרוּם הָאסְטוּ צוּשְׁטֶערְט זֵייעֶר קֶענִיגְרַייךְ, אונ אַלֶע זֵייעֶר גְלוּקְזֶעלִיגְקֵייט הָאסְטוּ צוּ בְּרָאכֶען, אונ הָאסְט זֵיי גִיגֶעבִּין אִין דִיא הַאנְד פוּן זֵייעֶרֶע שׂוֹנְאִים, אונ זֵייעֶרֶע ווייבֶּער אונ זֵייעֶרֶע קִינְדֶער וָואס זַיינֶען זֵייעֶר אֵידֶעל עֶרְצוֹיגֶען גִיוָוארִין זַיינֶען גִיפַאנְגֶען גִיוָוארִין, אונ הָאבֶּען גִימוּזְט אַרְבֵּייטִין זֵייעֶר שְׁוֶוערֶע אַרְבֵּייט אונ טְרָאגֶען גְרוֹיסֶע מִיל שְׁטֵיינֶער אויף זֵייעֶרֶע הֶעלְזֶער, אונ הֶעלְצֶער אָן גִיבּוּנְדִין אויף זֵייעֶרֶע פִּים, צוּ מַאכֶען זֵיי שְׁוַואךְ, אונ הָאבֶּען גֶעלִיטֶען גְרוֹיס הוּנְגֶער אונ דָארְשְׁט, אונ אויף אַזֶעלְכֶע גְרוֹיסֶע בֵּיטֶערֶע צוּשְׁטֶערוּנְג הָאבִּין אַלֶע פֶעלְקֶער גִיקְלַאפְּט מִיט די הֶענְד

---

מעשה אלפס

וָאל זֵיי הֶעלְפֶען אִין די מִלְחָמָה מִיט זֵייעֶרֶע זֵיי הֶעלְפֶען, אויך משה רַבֵּנוּ עָלָיו הַשָּׁלוֹם פַיינְד, אונ מִיר גֶעפִינֶען דָאס וֶוען די אִין דֶעם טָאג וֶוען עֶר הָאט מִלְחָמָה יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען גִיפִירְט מִלְחָמָה הָאבֶּען זֵיי גֶעהַאלְטֶען מִיט עֲמָלֵק הָאט עֶר גִיפַאסְט עֶנַר תַּעֲנִית גִיוֶוען דָאס הַשֵּׁם יִתְבָּרֵךְ זָאל פֶערְשְׁטִיס מֶען פוּן דֶעם דָאס די יוּדֶען

גמרא הקדושה זאגט ארמז פון די תורה אויף דעם נס פון אסתר, די תורה זאגט ווען די אידען וועלען חלילה זיין זינדיג פון דעסט וועגען (ואנכי הסתר אסתיר) וועל איך זיי בעווייזען נסים בהסתר, דען דער אייבערשטער האט גיגעבן זיין הבטחה, דאס די שונאים זאלען חלילה ניט קענען פארלענדין די אידען; מיר פאסטען היינט אזוי ווי אונזערע עלטערין האבען גיפאסט בימי המן הרשע 1), דאס דר בורא ב"ה זאל זיך שוין מרחם זיין איבער אונז, מיר זאלען זוכה זיין צו זעהען די נסים בפרהסיא ווי אין דערצייט פון יציאת מצרים, אמן.

## תחנה לשבעה עשר בתמוז.

רבונו של עולם, (אמרר בבכי) איך טוא זיך ביטערין מיט געויין אויף די היילינע שטאט ירושלים, וואס אין היינטיגען טאג איז איר מויער גישפאלטען גיווארען, דער שונא האט איר חרוב גימאכט, די היילינע תורה איז אויך אין דעם טאג פארברענט גיווארין. היילינער באשעפר! האב חס אויף דיין היילינען נאמען, וואס ווערט מחולל ביי די געטצען דינער, נעם אנקמה אן די שונאים, דאס אלע זאלען זעהן דיין הילף מיט דאס גרויסקייט פון די ישראל צו ליב דיין גרויסען נאמען, אמן סלה.

## תחנה לתשעה באב.

דיא תחנה זאגט מען אום תשעה באב בייא נאכט, אונ אויך אין דער פריא מיט גרוים גיוויין:

אל מלא רחמים, גאט וואס דו ביסט פול מיט דער בארימקייט, אונ ביסט דער ריכטער פון דער וועלט, אלע דיינע געריכט זענין מיט ווארהייט, היינטיגען טאג האבען אונזערע עלטערין אין דער מדבר (וואס דו האסט זיי אוים געצויגען פון מצרים), דער ווידער גיוועזען דיר אונ האבען ניט גיוואלט אן נעמען דאס גוטס וואס דו האסט גיטאן אונ האסט צו געזאגט צו אונזערע היילינע עלטערין, אברהם יצחק ויעקב, אונ האבען גישענדעט די היילינע לאנד, וואס

מעשה אלפס

1) אין די טעג פון מרדכי ואסתר אין די צייט דרייצעהנטן טאג אין אדר. זיך נוקם צו זיין פון גם פורים איז געווארען דער אן נייערע פיינד וועלכע זענען גיוועזען באפעהל פון קעניג אחשורוש דאס די יודין ווער פיל דאס זיי האבן גדארפט דר צו זאלן זיך איינזאמלן אין זייערע שטעט דעם האבען גרוים רחמים פון השם יתברך ער זאל

און ניט גיפלוינן, איז רעכט אין מאנכע ערטער עס זאל זיך ניסין אידישע בלוט טייכען חיים, איז דער טאג פון הריגת גדליה בן אחיקם כמעט גרעסער ווי דער חורבן בית המקדש (קשה סלוקן של צדיקים לפני הקב"ה יותר מחורבן בית המקדש), איז שוין נאר אדמיון דער יאהר צייט. פון גדליה בן אחיקם צו דעם יאהר צייט פון משה רבנו? משה רבנו האט אוים גילעבט זיינע יאהרען און גילאזין די פאלק אויף א שטאנד, און דא האט מען ערמארדעט איהם. ט די גאנצע פאלק צו זאמען, היינט ווי אזוי ערלויבט מען זיך צו לאבין פון דעם וואס פאסט 1) און טרויערט דעם טאג? ערקוויקט זאלט איר ווערין מיט אלעם גוטין ליבער פריינד, ווי איהר האט ערקוויקט אונזער הארץ — האבען זיך די עלטערע מענשין אוים גירופין — מיר זיינען פראסטע מענשין, מיר קענען ניט האבען קיין וויכוחים מיט די היינטיגע וואס מאכין זיך פיר חכמים.

# תחנה לתענית אסתר.

אתה האל עושה פלאות, דו ביסט דער גאט וואס טוט וואונדער מיט אונז בכל רגע ורגע, נור דורך דעם וואס מיר זיינען ניט גוט און פרום שפירען מיר ניט די נסים נסתרים (די פארבארגענע נסים) וואס דו טוסט מיט אונז, דאס דער נס ווערט פארדעקט און פארהוילען מיט אדרך הטבע גלייך ווי עס איז מיט די נאטור גיבראכט, דען בימי מרדכי ואסתר זיינען דאך די נסים גיוועז גאר גרויס, פון דעסט וועגען ווייל די אידען זיינען דענסטמאל ניט ווערט גיוועזן, זיינען די נסים גיגאנגען פערבארגען, דאס ושתי זאל זיך פארזינדיגען ביי דעם מלך אחשורוש און אסתר המלכה זאל ביי אים נושא חן זיין, דאס דורך איהר האבען דיא שונאים געהאט א מפלה, אזוי וויא די



1) וועז איינער דארף עסין אין א תענית צבור (במצות הרופא), דארף ער עסין בצנעה, קיינער זאל ניט זעהען, עס זאל ניט אוים ווייזין פארין אוילם אז ער איז זיך פורש מן הצבור, דאס הייסט אז ער איז איין אב געריסענע גליד פון פאלק'ס קערבער און שפירט ניט אין איר לייד און פרייד, אויך דארף ער ניט עסין ווי אלע טאג, נור צו פערטרייבען דעם הונגער, און ניט גאנץ פריה ווי אלע טאג, ניט ווי מען זעהט ליידער גיזונטע מענשין עסין עפיל אין מיטן גאס אין א תענית צבור, פונקט ווי זיי זיינען גאר קיין מחותנים ניט מיט אידין, אהה! ווי אונפארשעמט דאס איז! וואס פיר איין שילט זיי שטעלין ארוים אז דאס וואונט אנראבער יונג, וואס האט קיין מענשין געפיהל ניט. אז איר האט ניט בכח צו ערטראגען דעם צער פון פאסטין א האלבען טאג, היינט ווי שפירט איר ניט די הארץ פון אייערע אונגליקליכע ברידער וואס זיינען נעבעך גילעגין אין די נאסין גישוואלין פון הונגער?

אין

דעם קרעפאכט, ד. ה. שוין אב געזאגט דעם לעבין אונזער ערדע אינ גליק, נאכהער דעם גלאווגער יאהר צייט (תשעה באב) וואס ער האט פארברענט דעם בית המקדש אונ טויזענדער מענשין צו הארגעט אונ אסך גרויסע מענער פון אידין גענומען אין פלען, ד. ה. אידעשע ערדע אונ גליק האט שוין צוגעמאכט מיט די אויגען, מען קען פארשטיין ווי פינסטער עס איז דאן אידין גיוועז.

אין דיזע פינסטערע נאכט האט נאך גישיינט איין שטערין, ווייל נבוכדנצר האט ניט געוואלט חרוב מאכין די לאנד, ער האט נור געוואלט אז יודען זאלין זיין אונטערטאן אונטער אידם, דרום האט ער נור די גרויסע לייט גענומען אין פלען, אבער דעם איינפאכען נארד האט ער איבער געלאזט אונ אויפגינומען איבער זיי פון זייערע אייגענע ברידער, אפירשט אוויכטיגען מאן גדליה בן אחיקם, ד. ה. ווי איין עפיקון, איבער די יתומים, אונ מיט דער צייט וואלטין יודין גיקומען צו זיך, פיל פלעניקעס וואלטין זיך אום קערין, די אלע פארברענטע פלעצער וואלטין זיך אב בויען, אונ אין אפערלויף פון יאהרען ווען דער טיראן (נבוכדנצר) איז גישטארבין וואלט גיוועז אמאנגעפעסט אז אלע פלעניקעס זאלין זיך צוריק ציהען אין זייער לאנד, אונ מיט דער צייט וואלט מען דעם בית המקדש אויך אב בויען, וואלטין אידין צוריק גיקומען צו זייער גדולה אונ ערדע, אבער יעצט אז די רשעים האבין גיהרג׳ת דעם צדיק גדליה בן אחיקם, איז געווארין אהל פון די גאנצע פאלק, פיל זיינען צולאפין אין מצרים אונ געהרג׳ת גיווארין אין וועג, אונ פיל אין אפריקא אונ אין קיטאי אונ וואו די וועלט האט איין עק, אסך זיינען צושטארבין אין וועג פון היות רעות אונ הונגער, אונ די לאנד איז גיווארין פארוויסטעט, אז העכער 50 יאהר איז קיין לעבעדיגעס וועזען ניט דורך גיגאנגען אין איהר, איז דר וואס האט נור מארך אין כוח אונ נאציאנאליטעט־גיפיל דארף דעם טאג ניט אזוי נור פאסטין, ער דארף זיצין אויף דער ערד אונ וויינען אויף דעם חורבן פון דאס פאלק, וואס פון איהר איז געווארין, אז עס איז פארצוינין גיווארין אויף איהר לויטערין הימעל אזא דיקער וואלקען (איכה יעיב באפו את בת ציון) אונ עס איז גיפאלין פון הימל צו דער ערד שטיקער! שטיקער! מיינט איהר פיליכט שטיקער האגיל וואס האט צו זעצט מוחות? דאס וואלט נאך אפשר ניט זיין אזא אונגליק, נור עס איז גיפאלין שטיקער פון אידישער גלאנץ (השליך משמים ארץ „תפארת ישראל״), אונ די פאלק איז גיווארין הושך ווי די ערד אונ שפל. אז יעדער ציגיינער אונ טויגעניכטס ערלויבט זיך צו זאגין „זיד פארהאטי״, פון יעדער עלילה (בלבול) וואס איז ניט גישטויגין

אין ארגענטינא. פיל זיינען צו שטארבין אין מדבריות, פיל זיינען צו שטארבין פון הונגער, פיל זיינען גיפאנגען גיווארין פון די רויבער באנדעס צום פערקויף פיר עווינע שקלאפין, אז עס איז פון די יתומים אונ אלעמען געבליבען קוים א צעהנטע טהייל אונ אויך אין דלות אונ שפלות, היינט קענען מיר זיך פארשטעלין וואס פאר אטרויער יעדער קינד מאכט צום יאהר צייט, אז ער דערמאנט זיך ווי גליקליך ער איז געווען בעת דער פאטער האט גילעבט, אונ ווי אונגליקליך אונ שפל ער איז יעצט. זיי האבין זיך ניט באנוגנט מיט דעם גלאווגעם יאהר צייט אליין, כלומר מיט דעם טאג וואס דער פאטער איז נסתלק געווארין, נאר אויך דעם טאג וואס זייער אונגליק האט זיך אנגעהויבען, היינו דעם טאג וואס דער פאטער האט זיך גילייגט צו בעט. אונ אויך אין דעם טאג וואס די פראפעסארין האבין איהם ענטזאגט פון לעבין, אונ ווער רעט אין דעם טאג וואס מען האט ערמארדעט זייער עפיקון, וואס דאן איז פארלאשין גיווארין זייער לעצטער שיין.

היינט פארשטייט איר שוין ליבע קינדער וואס אונזערע 4 יאהר צייטין בעדייטין? דער ערשטער איז עשרה בטבת (בו סמך מלך בבל על ירושלים) דער מלך בבל האט באלעגערט אונזער רעזידענץ שטאט ירושלים, ד. ה. אונזער גליק האט זיך גילייגט צו בעט, וואס מיר זיינען אמאל אזוי גליקליך גיוועזן, גיהאט א לאנד מיט א קייזערטהום אונ געשפילט א ראליע אויף דער וועלט, מיט אזא נאמען אונ מיט אזא פאצאט, אז די גאנצע וועלט האט באוואונדערט די חכמה פון אונזערע מלכים, אונ די גליקליכקייט פון אונזער לאנד, אונ די ערהאבענהייט פון אונזער בית המקדש, אלע האבין גיזעהן אז דער מלך מלכי המלכים רוהט ביי אונז, אונ עס פלעגין קומען די גרעסטע מענשין פון אלע נאציאנען מתפלל זיין אין אונזער בית המקדש, אונ מען האט אויף אונז געקוקט מיט גרויס ערהען-פורכט, וויל מען האט גיזעהן אז גאטעס הערליכקייט שיינט אויף אונז, האבען אונזערע ביזע מעשים מיט געבראכט, אז אונזער ערדע אונד גליק האט זיך גילייגט גיפעהרליך צו בעט, ד. ה. אז דער מלך בבל האט זיך ערלויבט אונ באלאגערט אונזער קרעפאסט ירושלים, וואס קיין קעניגרייך האט זיך ניט גיגלויבט אז מ'וועט קענען איין- נעמען אזא קרעפאסט (לא האמינו כל מלכי ארץ כי יבא צר ואויב בשערי ירושלים), נאכהער דער צווייטער יאהר צייט (שבעה עשר בתמוז), דעם טאג וואס נבוכדנצר האט גינומען

---

מעשה אלפס

זיך אליין אב געבין דין וחשבון פון אלע דיינע מעשים, חוקר ודורש צו זיין אויב ער האט עפעס געטאן א עבירה, ער זאל אויף איר תשובה טאהן וועט אים השם יתברך געווים אלין מוחל זיין, אונ ער וועט זוכה זיין פרייען זיך בנחמות ציון, אמן:

מען

אן אים קען קיינער ניט פירין די געשעפטין וואס פון זיי לעבין הונדערטע פאמיליען, נור כל זמן ער איז גיוועזן ביין גידאנקען האט דער אופראוולאיוסטע גיפירענט יעדער זאך אונ ער האט גיענטפערט, אזוי האט זיך געצויגען פיל וואכין, אם ענדע האט זיך די קראנקייט גישטארקט אונ אין דעם לעצטין קאנסולאם האבין איהם די פראפעסארין ענטזאגט פון לעבין, דא איז גיווארין פון דאס ניי א גרויסער יאמער, עס איז ווייטער אוועק אזוי. איינינע טעג מען האט גיהאפט כל זמן אגליד שלאגט, איז נאך ניט פארלארין, אזוי ווי דאקטוירים קענען ניט צו זאגין לעבין, אזוי איז ניט געדרונגען אז זיי זאגין אב דעם לעבין, אונ מען האט זיך גיטרייסט מיט האפענונג. אין איינינע טעג ארום האט דער פאטער פון הונדערטע פאמיליען צו געמאכט די אויגין, מיר קאנען זיך פארשטעלין וואס פאר אשרעקליכען יאמער עס איז גיווארין אין גאנץ שטאט, אלע האבין זיך פשוט גישלאגען קאפ אן וואנד פון גרויס צער, די גישעפטין האבין זיך גישטעלט, אסך פאמיליען זיינען צו פארין אין דער וועלט זובין ברויט.

ויהי היום איז גיקומען א פריינד פון די יתומים, זייער א קלוגער אונ א ערענטליכער מאן, האבין די פיהרער פון שטאט אים געמאכט פיר איין אפוטרפוס איבער די יתומים אונ איבער די גישעפטין, דער מאן וואר זייער צראיעלער. אונ אקאפ מענש, ער האט זיך אריין געלייגט גוט אין גישעפט אונ די גישעפטין האבין אן געהויבען צו גיין, הגם עס איז ניט ווי דער פאטער, אבער דאך עטוואס. עס איז אזוי אוועק איינינע מאנאטין. אונ אלע זיינען גיווארין צו גיבונדין צו אים, ווייל ער וואהר זייער א פריינדליכער מענש, מען האט גיהאפט אז ער וועט זיין א ממלא מקום דעם פאטער, אונ אין פערלויף פון איינינע יאהר וועלין זיך אונטער האדעווען די קינדער אונ צריין אין געשעפט, קען מיט דער צייט דער גישעפט אוועק אין א גרויסין פארמאט, אז עס וועלין צוריק קענען לעבין ביי אים הונדערטער פאמיליען אונ די גרויסע וואונד וועט פארהיילט ווערין.
פלוצלונג איז געקומען א פינסטערער וואלקין אונ האט פארלאשין אלעמעס שיין, עס זיינען בעפאלין א באנדע מערדער אונ ערמארדעט דעם עפיקון פון די יתומים אונ צו ראבירט די קאסע, דא איז געווארין אהל פון אלעס.
די יתומים אונ די הונדערטע פאמיליען זיינען געבליבען אן ברויט, אונ זיינען געבעך צו שפרייט געווארין אין דער גרויסער וועלט, אין אפריקא,

מעשה אלפס

ושלום אויך געשטראפט ווערען, אבער נוטין, איבער דעם דארף יעדער מענטש אז זיי וועלין דאס בערעכענען וועלען זעהן ניט אב צו קומן נור מיט דעם תענית, זייערע הערצער פארקערט ווערען צום נאר אויך אין דעם טאג פון דעם תענית,

## דער בעדייטונג פון די 4 יאהרצייטין (תעניתים).

אגרויסער תלמודיסט איז אריין צום גדליה אין א פאבריק, וואס דארטין האבין גיארבעט איינגע מענטשין תמימים, זיי וייסין אז זייערע עלטערין האבין גיפאסט צום גדליה אונ זיי זעהען אז אלע גוטע אונ פרומע יודין פאסטין, האבין זיי אויך געפאסט, אויך האבין דארטין גיארבעט פיל יונגע מענשין, וועלכע האבין מהדר גיוועזן צוא עסין היינט פריער ווי אלע טאג. עס איז דאך עפעס עשרת ימי תשובה דארפין וייזין אז מען איז ניט קיין טרוש, אונ מען שרעקט זיך ניט פאר קיין זאך, די עלטערע מענטשין האט דאס פאר דראסין, רופט זיך איינער אב, דו ביסט אן עין הרע אגיזונטער בחור, וואס וואלט דיר חלילה גישאט אז דו זאלסט פאסטין ביז נאך צוועלפין אונ דאוינען מנחה נאכהער עסין, ווי איז מען דאס אזוי אוים געטאן פון נאט אונ פון לייטין, ביגסט אקערסט געקומען צו דער ארבייט האסטו זיך שוין גיהאפט צום עסין! — אויך אנישעפט — רופט זיך אב אצווייטער חכם — מיין פאטערס יאהרצייט פאסט איך ניט, דארף איך פאסטין צו גדליה בן אחיקם'ס יאהרצייט? — אנאנצע וועלט זאל פאסטין אז איין מענטש איז גישטארבין? (זאגט אצווייטער חכם) איך וועל ניט לייקענען אז גדליה בן אחיקם איז געוועזן אגרויסער מענטש, אבער דאך ניט גרעסער ווי משה רבינו, אונ ז' אדר צו משה רבינו'ס יאהרצייט פאסט מען אויך ניט.

וואו נעמט מען דא אגילערינטין מענטשין? וועלכער זאל זיי קענען ענטפערין, וואלט ער אונז גאר מחיה גיוועזן — רופט זיך אב איין אלטער פשוטער יוד, איך וועל אייך ערקלערען די זאך (ענטפערט דער תלמודיסט), נור פריער וועל איך אייך עפעס פרעגין, דאכט זיך אַיאהר צייט האט מען איין מאל א יאהר, אונ מיר מאכין נאך אונזער חורבן 4 יאהרצייטין: עשרה בטבת, שבעה עשר בתמוז, תשעה באב, אונ צום גדליה, איז אויב איר ווילט פערשטיין די זאך האלט זיך איין אגעשיכטע. אין א שטאט איז געוועזן אגרויסער מיליאנער, אגרויס גילערינטער מאן, ער האט גיפירט גרויסע גישעפטין וועלכע ארום זיי האבין גילעבט הונדערטער פאמיליען. ויהי היום איז דער גביר לא עלינו געפאלין צו בעט טויט קראנק, איז גיווארין אגרויסער יאמער ביי ווייב אונ קינדער אונ אלע ארומיגע, ווייל

---

### מעשה אלפס

צדקתא), דער צעל פון פאסטין איז אוים זיי אין זינען האבין אז דאס-וואס זייערע עלטערין אין ערוועקין די מעשים אונ צו בעסערין זענען גישטראפט גיווארין איז הארצין רחמנות, גלויבין דעם הונגעריגען איבער זייערע פיל זינד, אונ ווי באלד מיר אונ דעם טויטבעדערפטיגען, אויך זאלין ניט עלין תשובה טאן וועלין מיר חס ושלום

האט גיזאגט (זבחי אלהים רוח נשברה) גאטעס אפפער איז א צו בראכענער גייסט, אונ דער פאסטין איז נור אום אונטערטעניג צו מאכען דעם שטאלצען גוף, דאמיט מיר זאלען קענען קומען פאר דיר מיט אַריינע צו בראכענע הארץ דיך צו בעטין מחילה וסליחה וכפרה אויף אלע אונזערע זינד.

ערבארמיגער גאט! הער צו דאס געבעט פון דיין דינערין וועלכע איז גיקומען אין דיין היילינע הויז אום גיסין איר פולעס הערץ צו זאמען מיט דיינע בעטריבטע קינדער וועלכע שטייען פאר דיר יעצט, בארעמהערציגער פאטער, לערין אונז די וועגין פון דיינע גוטע מדות, פון דיינע אונענדליכע רחמנות, ועה זיי עלינד אונ פערלאזען מיר שטייען אויף דער וועלט, צו וועמען זאלין מיר שרייען אום הילפע, צו וועמען זאלען מיר אונז קערין אונ ווענדין ווען ניט צו דיר הימלישער פאטער, וועד נאך ווי דו גרויסער גאט ווייסט די געהיימע צרות, די פערבארגענע וואונדין וועלכע מיר טראגין טיף אין אונזערע צוריסענע הערצער, טרייסט ערבארמיגר גאט דיינע אבלי ציון וירושלים, דיינע פערפינסטערטע בעטריבטע קינדער, ועה בארעמהערציגער פאטער דיינע אונגליקליכע פערביטערטע שעבסעלאך ויינען געבאך צו ויט אונ צו שפרייט אין אלע עקין וועלט, מיר האבען אלעס פערלארען, נור ניט דעם בטחון אין דיר, נור די האפענונג אויף דיר שטארקער גאט איז אונז געבליבען אין אלע אונזערע לייד אונ צרות. עס איז שוין צייט אז דו זאלסט צו זאמען קלייבען דיינע פערשטויסענע פון עק וועלט, ווי דו האסט פערשפראכען אין דיין היילינע תורה (אם יהיה נדחך בקצה השמים משם יקבצך), כלומר, אויב דיינע פערשטויסענע וועלין זיין וואו די הימלין ענדיגין זיך, וועל איך זיי אויך צו זאמען קלייבען, ברייננ אונז אין די טויערין פון ירושלים (ושם נעבדך ביראה כימי עולם) אונ דארטין וועלין מיר דיך דינען מיט פארכט ווי פאר צייטען, ווען דו ביסט אונזער פאטער, דו ביסט אונזער ערלייזער, נור דו אליין ווירסט אונז העלפין במהרה בימנו. אמן.

---

מעשה אלפס

אחתר תענית וועלכעס די יודין האבין אויף ערוועקין די יודישע הערצער צו תשובה זיך מקבל גיווען בימי מרדכי ואסתר, ווי זאלין חרטה האבין אויף זייערע חטאים. דער ענין פון דעם תענית איז כדי צו ווי אונזערע חכמים שרייבין (אגרא דתעניתא צדקתא

דיין ווילען, מיר זאלען קיינעם ניט מקנא זיין און קיינער אונז ניט, און עפין אונז די טויערין פון ליבטיגקייט, טויערין פון אריכות ימים, טויערין פון פארשטאנד, מיר זאלען מיט ריינעם פערשטאנד מקיים זיין דיינע מצות, טויערין פון טרייסט, מיר זאלען גיטרייסט ווערין פון אלע טרויערקייט, טויערין פון פרנסה מיר זאלען גישפייזט ווערין פון דיין היילינע האנד, טויערין פון בשורות טובות ישועות ונחמות אויף כלל ישראל, און פון אונזערע קינדערלאך וואס זיינען גאנץ וייט פון אונז, און אויך ביי מיר צו הויז זאל זיין אפרייליכע וואך, אמן.

# תחנה לתענית צבור.

גרויסער בעשעפער! וועלכער דו קוקסט פון דיין הויכען שטול אין יעדע מענשליכע הארץ, און ווייסט די געהיימניסע פון יעדער וועלע, יעדע פערבארגענע מחשבה איז פון דיר ניט פערהוילען, דו ווייסט דאך מיין שווערען ביטערין געמיט, מיין בלוטיגע צו בראכענע הארץ מיט וועלכע איך קום יעצט אין דיזין פאסט טאג פאר דיר פאר, אונזער היילינער בית המקדש איז איבער אונזערע זינד חרב גיווארין, מיר האבען ניט מעהר קיין כהן, קיין קרבנות, קיין עבודה מכפר צו זיין אונזערע זינד, אונזערע קרבנות וועלכע מיר ברייננען פאר דיר, זיינען אונזערע צובראכענע הערצער און שווערע געמיטה, אונזערע נסכים איז נור אונזערע הייסע טרערין וועלכע מיר פערגיסען פאר דיר. נור דאמיט קענען מיר פארקומען פאר דיר אלמעכטיגער גאט צו בעטן פון דיר מחילה וסליחה אויף אונזערע זינדע. מיר ווייסען זייער גוט, דאס דו גאט רחום וחנון פערלאנגסט ניט די פייניגונג פון אמענטשין, ווי דער היילינער נביא ישעיה זאגט (הכזה יהיה צום אבחרהו יום ענות אדם נפשו), כלומר, הייסט דען דאס ביי מיר אין פאסט טאג וואס אמענטש זאל זיך נור פייניגען? וואס דען פערלאנגסט דו, מ'זאל טאן גוטעס און גענאד, זאט מאכען דעם הונגעריגען, אן קליידען דעם נאקעטין, מיט פילען דעם ליידענדין, נור דאס איז דיין היילינער וואונש, און ווי דוד המלך

---

מעשה אלפס

אונזערע נביאים וועלכע זענען געוועזן אין די פריהערדיגע דורות האבין מתקן געוועזן דאס עס איז א מצוה צו פאסטין די טעג, וואס אונזערע עלטערין האבין אין זיי געליטען צרות דורך זייערע זינד, דורך דעם האבען זיי מתקן געוועזן ארבע תעניתים. צום גדליה, עשרה בטבת, שבעה עשר בתמוז, תשעה באב, אזוי

געזונד און פרנסה בכבוד און נחת אויף אונזערע קינדער1) און מיר זאלען זוכה זיין אנצונעמען מיט הייליגקייט דעם קומענדיגען שבת און נאכהער ליום שכולו שבת, און מיר גייען ארויס פון הייליגען שבת מיט די ווערטער „ברוך המבדיל בין קודש לחול" (גילויבט איז השי"ת וואס ער שיידעט אב פון הייליג ביז אונהייליג).

## אתחנה נאך הבדלה (שבת צו נאכט).

רבון כל העולמים, הער פון אלע וועלטין, הימלישער פאטער וואס דו בליקסט מיט ליבע און גינאד אויף אלע דיינע בּרואים, וועלכע דו האסט אויף דיין וועלט בעשאפען, פארנעם דעם דיינעם גיבעט פון דיין דינערין וועלכע קומט פאר דיר אויף אפולע וואך אויסצוגיסין איר פולע הארץ, דער ליבער שבת קודש איז שוין אוועק, מיט אים צוזאמען איז אויך אוועק אונזער רוהע, און א נייע וואך קומט אונז אנטקעגין, רבונו של עולם, ווער נאך ווי דו ווייסט, וואס א נייע וואך האט פאר א יודין צוזאגען, ווער נאך ווי דו הימלישער פאטער ווייסט דעם שווערין לעבן פון דיין פאלק ישראל, זייער ביטערין געמיט, ווי שווער און ביטער יעדער יוד פארדינט זיין ביסען ברויט, מיט וועלכע זארג און עגמת נפש. מיט וועלכע שרעק און מאטערנעם ער ברייגנט צוזאמען זיין פינקטערע חיונה, ווער נאך פון אלע פעלקער אין דער וועלט, שפירט אזוי דעם שרעקליכען רושם פון א נייע וואך ווי דיינע ארימע קינדער, איין נייע וואך קומט אונז אנטקעגין, איין נייע וואך ברייגנט אונז נייע זארג, נייע שרעק, נייע קומער, דאס איינציגע וואס אונז איז געבליבען, איז נאר די האפענונג צו דיר אליין, נור די איינציגע האפענונג און גלויבען אין דיר ערבארימדיגער פאטער האט אונז גיגעבין קרעפטין ביז היינט, אונזערע צרות מיט גידולד צו ערטראגען, לכן יהי רצון מלפניך, זאל זיין דערוויילען פאר דיר גרויסער אלמעכטיגער גאט, אז די נייע וואך וועלכע קומט אונז אנטקעגין, זאל זיא זיין מיט מזל, מיט פרייד, און מיט גליק, מיר זאלען חלילה ניט טאן אזאך וואס קעגין

---

מעשה אלפס

1) אידין זיינען געגליכען צו איין גפן ווי דוד המלך זאגט (גפן ממצרים תסיע) און די אידישע פרוי איז אויך געגליכען צו א גפן ווי דער פסוק זאגט (אשתך כגפן פוריה), זאל טאקע השי"ת אייך בענשין מיט די אותיות „גפן" גיזונד, פרנסה און נחת פון קינדער און פון כלל ישראל.

אונזערע

און מְכַבֵּד זַיין דַיין הֵיילִיגֶען שַׁבָּת, אִים נִיט מְחַלֵּל זַיין חָלִילָה, עֶס זָאל נִיט פַארְשְׁנִיטֶען וֶוערִין זַייעֶרֶע יָאהרֶען דוּרְךְ דִי עֲבֵירָה פוּן כָּרֵת ר"ל, און גִיב זַיי אַרַיינְצוּ הַארֶץ צוּ שְׁפִּירֶען דֶעם גֶעשְׁמַאק און דֶעם גְלִיק פוּן דַיין תּוֹרָה וּמִצְוֹת, דַאן וֶועט השי"ת גְזוֹים צוּ הֶערֶען אַייעֶר גִיבֶּעט, און וֶועט אַייךְ מַשְׁפִּיעַ זַיין גוּטֶע גִידַאנְקֶען און שֵׂכֶל וִוי צוּ לֶערְנֶען זַיי דִי אִידִישֶׁע וֶועג מִיט גוּטֶע און פְרֵיינְדְלִיכֶע רֵייד, אוּם אִיר זָאלְט הָאבֶּען פוּן זַיי גְרוֹיס נַחַת אוֹיף דֶער וֶועלְט און גְדוּלָה וְכָבוֹד אוֹיף דִי אֱמֶת'ע וֶועלְט, אָמֵן.

# אַתְּחִנָּה פַאר הַבְדָלָה.

בַּאשֶׁעפֶער פוּן דֶער וֶועלְט. מִיט דַיין גְרוֹיסִין חֶסֶד הָאסְטוּ אוּנְז גִיגֶעבֶּען דֶעם טַייעֶרִין פְרֵיוֶוענְט דֶעם שַׁבָּת קוֹדֶשׁ, מִיר זַיינֶען נִיט אִימְשְׁטַאנְד דִיר צוּ דַאנְקֶען דֶער פַאר, ווייל דָאס אִיז זֵייעֶר אַגְרוֹיסֶע מַתָּנָה און דְרוּם אִיז אוּנְז שְׁוֶוער צוּ שֵׁיידֶען זִיךְ מִיט דֶעם הֵיילִיגֶען שַׁבָּת, בֶּעטִין מִיר דִיר עֶרְבַּארְמִיגֶער פָאטֶער, אַז בִּזְכוּת וָואס מִיר הָאבִּין מְכַבֵּד גִיוֶוען דֶעם שַׁבָּת, זָאל דִי קְדוּשָׁה פוּן שַׁבָּת מַשְׁפִּיעַ זַיין אוֹיף אוּנְז מַחֲשָׁבוֹת קְדוֹשׁוֹת, אַז מִיר זָאלֶען זִיךְ הַאלְטֶען הֵיילִיג און רֵיין פוּן זִינְד, און בִּזְכוּת הַשַּׁבָּת זָאלְסְטוּ אוּנְז גֶעבֶּען



אַ יוּנְגֶער מֶענְשׁ קֶען נִיט גֵיין אִין נִיט קֵיין רֵיינֶעם קַאמַאשׁ, אוֹיף דֶעם זָאגֶען דִי חז"ל. פִיל פְרוֹיעֶן שְׁטַארְבִּין לא עָלֵינוּ יוּנְגֶע, פַאר דִי זִינְד וָואס זֵיי פַארוַואשִׁין (צוֹאָה בְּנֵיהֶם בְּשַׁבָּת) זַייעֶרֶע קִינְדֶערְשֶׁע פֶּעלֶעריִן וָואס זֵיי טוּעֶן אוּם שַׁבָּת, אוֹיב אִיר זַייט מִיט אַיין אֱמֶת אַ טְרַייעֶ מוּטֶער (טְרַייעֶ צוּ זַיין גוּף און אוֹיךְ טְרַייעֶ צוּ זַיין נְשָׁמָה) וֶועט צוּ קוֹיפֶען אִים נָאךְ אַפָּאר קַאמַאשִׁין און זַייט אִים מְזָרֵז עֶר זָאל פְרַייטָאג פַאר נַאכְט אָב פוּצִין בֵּיידֶע פָּאר וָועם עֶר הָאבֶּען אוֹיף שַׁבָּת בַּיי טָאג אַיין אָב גֶעפּוּצְטִין קַאמַאשׁ אָן חִלּוּל שַׁבָּת.



חַיִּים שֶׁל שָׁלוֹם, כו' כו') עֶנְטְפֶערְט דֶער בּוֹרֵא בָּרוּךְ הוּא, מַיינֶע לִיבֶּע קִינְדֶער, מִיר אִיז זֵייעֶר אַנְגֶענֶעהם צוּ גֶעבִּין אַייךְ פִיל מַתָּנוֹת נָאךְ מֶער פִיל אִיר בֶּעט, נוּר מ'דַארְף זֶעהֶען אוֹיבּ אִיר הַאלְט בִּכְבוֹד דִי טַייעֶרֶע מַתָּנָה פוּן שַׁבָּת (מַתָּנָה טוֹבָה יֵשׁ לִי בְּבֵית גְּנָזַי וְשַׁבָּת שְׁמָהּ) וֶועלְכֶע אִיךְ הָאבּ אַייךְ פוּן לַאנְג אָן גֶעגֶעבֶּען. פוּן דֶעם אִיז צוּ לֶערְנֶען, אַז דֶער וָואס הַאלְט שַׁבָּת בְּכָבוֹד עֶר גֶעמְט אִים אָן אִין דֶער צַייט, און הִיט אַז זַיינֶע קִינְדֶער זָאלֶען אִים נִיט מְחַלֵּל זַיין, (הַשּׁוֹמֵר שַׁבָּת הַבֵּן עִם הַבַּת) און פַארְבְּרֵיינְגְט אִין אִים אִין הֵיילִיגְקַייט, דֶער אִיז זוֹכֶה צוּ אַלֶע מַתָּנוֹת וְהַצְלָחוֹת, ווִי מִיר זָאגִין אִין לְכָה דוֹדִי (לִקְרַאת שַׁבָּת לְכוּ וְנֵלְכָה כִּי הִיא מְקוֹר הַבְּרָכָה), הַכְּלָל דֶער הִיטֶען שַׁבָּת בְּרֵיינְגְט צוּ אַלֶע מַתָּנוֹת וּבְרָכוֹת, נוּר דִי חַכְמֵי הַתַּלְמוּד שְׁרַייבֶּען, עֲשִׁירִים שֶׁבִּשְׁאָר אֲרָצוֹת בַּמֶּה הֵן זוֹכִין (לָעֲשִׁירוּתָן?) בִּשְׁבִיל שֶׁמְּכַבְּדִין אֶת הַשַּׁבָּת.

די קערין פאפיראסין אונ איר ווייסט אונ שווייגט, ווען איר זייט גילערינט דארפט איר פארשטיין, אז דעם גאנצין צעטיל פון ותתן לנו, וואס איר האט גיבעטין ביין רבש"ע (אין יהי רצון פון ר"ח בענטשין) קענט איר נור באקומען ווען איר מיט אייערע קינדער וועלין שבת ערליך האלטען 1) — אויך דארפט איר וויסען, אז מיט דעם וואס זיי צורייסען דעם בונד פון השי"ת מיט כנסת ישראל (שבת איז „ברית עולם" איין עוויגער בונד פון השי"ת מיט אידען) ווערין זיי אב געריסען פון „צרור החיים" (עוויגען לעבענס-בונד) אונ זיי זיינען שוין ניט אייערע קינדער, אז זיי זאלען ראטעווען אייערע נשמות נאך אייער אריכות ימים, ווי אידישע גוטע אונ פרומע קינדער ראטעווען די עלטערין פון זייער פינסטערין אונ טרויעריגען צושטאנד אין גיהנם אונ ברייננגען זיי אריין אין די ליכטיגע פערגעניגענדע זאלען אונ פאלאצען פון גן עדן, אונ ווי אזוי קענט איר זיי רופען „קינדער" אונ זיי ליב האבען, אז זיי זיינען ווי נכרים (פרעמדע) וואס געהערען שוין ניט צו אייך א). אלזא מיינע טייערע טעכטער, נעמט דאס גוט אין אכט אונ זאגט מיט טרערין צו השי"ת, טרייער פאטער פון הימל, עס איז גלוי וידוע פאר דיר, אז מיט מיין בעסטין ווילען וואלט איך וועלין טאן דיין רצון נור דער רעש פון דער וועלט פארטומעלט מיר, אלזא בעט איך דיין רחמנות דו זאלסט שטארקען מיינע געפיהלען איך זאל ניט פאר טויבט ווערין פון גרויסען וועלט טומל, אונ העלף מיר צו היטען דיינע מצות אונ איבערהויפט אויפצופאסין מיינע קינדער (זין אונ טעכטער) פון יוגנד אן, זיי זאלען היטען דיין תורה

---

מעשה אלפס

1) די קלוגע ווערטער פון די מלכה „שבת" וועלין מיר פארשטיין דורך א משל, ביי א גרויסען שר אנדיב לב (אגוטהערציגער) וועלכער האט פיל ארעמע פאמיליען אוים נעהאלטען מיט אלעם נויטען, האט איינער גיבעטען א גיפעליגקייט, ער זאל אים געבין אזויכטיגע זאך במתנה. — יא יא (ענטפערט דער שר), איך וועל דיר געבען מיטען בעסטען פערגניגען, נור פריער וויל איך מאכין א חקירה ודרישה, אויב דו האלטסט בכבוד די טייערע מתנה וועלכע איך האב דיר (איינער) לייגנער געגעבען, אויב דו שעצט מיינע מתנות איז מיר זייער אנגענעהם צו געבין דיר ווייטער, אונ אויב ניט, זאג דו אליין אויב דו ביסט ווערט מ'זאל דיר געבין א מתנה? — דאס גלייכען האבען מיר דא געבעטען ביי השי"ת (וואס ער איז דער מקור הנדבות והנדיבות) א גאנצין צעטיל מיט מתנות (שתתן לנו חיים ארוכים

שערי ציון

א) אונ אנדערע פרויען, לא די וואס זיי שטערין ניט זייערע קינדער פון חלול שבת, פארוואשין זיי נאך דעם פלעק, כלומר, זיי פארענטפערין זיי, אז

פאן דעם לוקסוס און די מאדע וואס יענער טוט אן אשום איבערליינ)—. (ודאינה) און בעטראכט אוויילע דעם אמת'ן וויכטיגען תכלית, (בנות ציון) טעכטער פון די מוטערם וואס זייערע מעשים טובים זיינען גיצייכינט אויף די וועלט היסטאריע מיט גאלדענע בוכשטאבען, — פון אייביג אן האט איר פרויען געוויזען אייער שטארקע ליבשאפט און עהרע פורכט פאר גאט ב"ה, ניט אריבער טרעטין זיינע רייד, בעת דער שטן האט גימאכט אטומיל אז משה רבנו וועט מער ניט קומען צוריק און האט אידען אן גירעט "די ערסטע עבירה" מאכען דעם עגל, זייט איר פרויען ניט איבער גירעט גיווארען און האט בשום אופן ניט גיגעבין אייערע גאלדענע צירונג צום עגל, דער פאר האט איר זוכה גיוועזען, אז "די ערסטע מצוה" וואס דער בורא האט גיגעבין דעם כלל ישראל, דאס איז קדוש החודש היילינגען און בענטשין ראש חודש*), האט מען אייך נשים גישעצט און גיגעבין דעם ראש חודש פאר א יום טוב, אויך האט איר שטענדיג גיהאט גרוים ליבשאפט צו די מצות פון גאט ב"ה נאך מער ווי די מאנם לייט, אין דער צייט ווען דער בורא ב"ה האט געהייסען דורך משה רבנו אז אידען זאלען בויען אמשכן, די שכינה זאל דארטען רוהען, און געבין געטליכע ליכטיגקייט אין אידישע הערצער, האט איר די ערסטע אויסגיטאן אייערע צירונג מיט גרוים זריזות און ליבשאפט געבין דאס אנדבה צום משכן, און דער פאר האט איר זוכה גיוועזען אז מ'האט אייך גיגעבין די וויכטיגע מצוה פון אן צינדען מיינע ליכט (די ליכט פון שבת) צו געבין ליכטיגקייט אין אייערע נשמות און אין אייערע מאנען און קינדערם נשמות, היינט ווי אזוי קומט דאס אז אגרויסע טייל פון אייך זיינען יעצט נאכלעסיג גיווארען און אראב געפאלען פון אייער הויכע מדרגה צו זיין נידעריגער פון אייערע האכגישעצטע מוטערם, אז עם איז רעכט ביי פיל פרויען אז אייערע קינדער זאלען פאר לעשין די ליכט פון זייערע נשמות און פון אייערע, פאר אייך אין די אויגען מיט דעם וואס זיי טוען אזא פרעכהייט נעגין יודינטהום און זיינען מחלל שבת בפרהסיא, זיי פוצין די קאמאשין אום שבת, זיי טראגין מיט זיך געלט און קויפין אום שבת און אנדערע חלילה



*) ווי רש"י הקדוש (אנהייב בראשית) ברייננט דעם מדרש "לא היה צריך להתחיל התורה אלא מהחודש הזה לכם. שהיא מצוה ראשונה שנצטוו בה (כלל) ישראל".

ראש אין אָנְפַאנג פון דיין וָוארט (דיין תורה) עֶרשַׁיינט דֶער „אֱמֶת" אַרוֹים צום עֶרְשְׁטֶין, צוּ וַוייזֶין אַז אִין יֶעדֶער צייט בִּיזְט דוּ נָאהֶענְט צוּ דִי פָאלְק וָואס זוּכְט דִיר מִיט אֱמֶת ב).

שִׂית נֶעהם אוֹיף צוּ דִיר דִי הוֹיכֶע שְׁטִימֶע פון מַיינֶע לוֹיב לִיעדֶער אוּנ מַיין גֶעזַאנְג זָאל נָאהֶענְט קוּמֶען צוּ דִיר.

תְּהִלָּתִי מַיין לוֹיב זָאל זַיין אַקְרוֹין צוּ דַיין קָאפּ, אוּנ מַיין גִיבֶּעט זָאל זַיין גְלַייך וִוי דִי קְטוֹרֶת (רויכווערק) וָואס דִי כֹּהֲנִים הָאבֶּען מַקְטִיר גִיוֶוען אִין דַיין הֵיילִיגֶע הוֹיז (בית המקדש).

תִּיקַר עֶס זָאל בַּיי דִיר טְהַייעֶר זַיין דִי לוֹיב גֶעזַאנְג פון מִיר אָרִימֶע פְּרוֹי, וִויא דִי לוֹיב־גֶעזַאנְג וָואס דִי לֵוִיִם הָאבִּין גִיזוּנְגֶען בַּיי דִי קָרְבָּנוֹת אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ.

בִּרְכָתִי מַיין לוֹיב זָאל אוֹיף גֶעהֶן צוּ הקב"ה וָואס עֶר שְׁפַּייזְט דִי גַאנְצֶע וֶועלְט, אוּנ הֶעלְפְט דִי גֶעוִוינֶערִין בְּעֵת זִי אִיז אוֹיפְ'ן בְּרָאךְ שְׁטוּל, עֶר מַאכְט זִי וַוייעֶן הָאבִּין אוּנ עֶר מַאכְט זִי גֶעוִוינֶען.

וּבְבִרְכָתִי אוּנ צוּ מַיין לוֹיב גֶיזַאנְג נֵייגֶע דַיין קָאפּ, צוּם צֵייכֶען אַז זִי אִיז דִיר וָואהל גִיפֶעלִין, אוּנ נֶעם אִיר אָן לְרָצוֹן וִוי דֶעם גוּטִין רֵיחַ פון דִי בְּשָׂמִים פון בֵּית הַמִּקְדָּשׁ.

יֶעֱרַב מַיינֶע רֵייד זָאל זַיין זִיס פַאר דִיר, דֶען מַיין זֶעלֶע בֵּיינְקְט צוּ דִיר.

לְךָ בַּיי דִיר גָאט אִיז דִי גְרוֹיסְקַייט, דִי שְׁטַארְקַייט, דִי הֶערְלִיכְקַייט דִי עֶוִויגְקַייט אוּנ דֶער פְּרַאכְט, דֶען צוּ דִיר גִיהֶער אַלֶעס וָואס אִין הִימֶל אוּנ אוֹיף דֶער עֶרְד, בַּיי דִיר גָאט אִיז דִי הֶערְשַׁאפְט, דוּ בִּיזְט עֶרְהַאבֶּען, אִיבֶּער אַלֶעס בִּיזְט דוּ דָאס הוֹיפְּט, וֶוער אִיז אִים שְׁטַאנְד אוֹיס דֶערְצֵיילֶען דַיינֶע גְבוּרוֹת, אוּנ וֶוער אִיז אִימְשְׁטַאנְד צוּ עֶרְקְלֶערֶען גָאר דַיין לוֹיב.

## תְּחִנָּה בְּנוֹת צִיּוֹן (נאך מוסף דעם שבת פון ר"ח בענטשין).

אַתְּחִנָּה (אַנִיבֶּעט) וָואס „שַׁבָּת הַמַּלְכָּה" בֶּעט פון אִידִישֶׁע טֶעכְטֶער.

צְאֶינָה וּרְאֶינָה בְּנוֹת צִיּוֹן, אִיר טֶעכְטֶער פון צִיּוֹן, (צאינה) גֵייט אַוֶועלֶע אַרוֹים פון וֶועלְט טוּמֶל, פון דִי אַבֶּעוַאנֶע שְׁקָאלֶע (נאך צו

---

מעשה אלפס

ב) אִין דִי דְרַיי עֶרְשְׁטֶע וֶוערְטֶער פון דֶער תּוֹרָה „בְּרֵאשִׁית בָּרָא אֱלֹהִים" אִיז דִי לֶעצְטֶע אוֹתִיּוֹת אֱמֶת אוּנ אִין דִי דְרַיי לֶעצְטֶע וֶוערְטֶער פון דֶער פַּרְשָׁה „בָּרָא אֱלֹהִים לַעֲשׂוֹת" אִיז אוֹיךְ דִי לֶעצְטֶע אוֹתִיּוֹת אֱמֶת, זֶעה מַיין נַייעֶם צְאֶינָה וּרְאֶינָה (אוֹצַר הַתּוֹרָה אָנְפַאנג בְּרֵאשִׁית).

לְחֵן צוּ חֵן, עֶהרֶע אוּנ הֶערְלִיכֶען פְּרַאכְט, הָאט אִים זַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל (בֶּעקְרוֹינְט מִיט דֶעם קְרוֹין פוּן זַייעֶר תְּפִלּוֹת וְתִשְׁבָּחוֹת).

מַחְלְפוֹת דִי צַיילֶען הָאר פוּן זַיין קָאפּ, זַיינֶען וִוי בַּיי אַיוּנְגֶען מַאן, זַיינֶע לָאקִין זַיינֶען גִיקְרוֹיזְט אוּנ שְׁוַוארְץ.

נְוֵה הַצֶּדֶק, דִי וָואהנוּנג פוּן גִירֶעכְטִיגְקֵייט, דִי הֶערְלִיכְקֵייט פוּן זַיין פְּרַאכְט (דאס איז ירושלים עה"ק), זָאל זַיין דֶער ווִילֶען פוּן השי"ת, אַז עֶר זָאל זִי אוֹיפְבֶּרֵיינְגֶען צוּם אָנֶדֵיינְקוּנְג בַּיי דִי הוֹיפְּט. פוּן זַיין פְרֵיידֶע.

סְגוּלָתוֹ זַיין גֶעלִיבְּטֶע פָאלְק (ישראל) זָאלִין זַיין וִוי אַצִירוּנְג אִין זַיין הַאנְד, וִוי אַקֶענִיגְלִיכֶע קְרוֹין אִין אִיר הֶערְלִיכֶען פְּרַאכְט.

עֲמוּסִים זֵי זַיינֶען אוֹיף אִים אוֹיפְגֶעלָאדֶען אוּנ עֶר הָאט זֵיי גִיטְרָאגִין (פון מצרים), זַיין קְרוֹין (די תורה) הָאט עֶר זֵיי גֶעצִירְט, ווַייל זֵיי זַיינֶען טַייעֶר אִין זַיינֶע אוֹיגֶען הָאט עֶר זֵיי גֶעעֶהרְט (ארום גערינגעלט מיט ענני כבוד אונ גישפייזט מיט מן פון הימל).

פְּאֵרוֹ זַיין הֶערְלִיכְקֵייט אִיז אוֹיף מִיר אוּנ מַיין פֶערְהֶערְלִיכוּנְג אִיז אוֹיף אִים א), אוּנ עֶר אִיז נָאהֶענְט צוּ מִיר וֶוען אִיךְ רוּף צוּ אִים.

צַח מַיין פְרַיינְד (הקב"ה) אִיז הֶעל אוּנ רוֹיט, כְּלוֹמַר, אֲפִילוּ יֶיען עֶר מִשְׁפָּט דִי וֶועלְט אִיז עֶר מְצָרֵף דֶעם מִדַּת הָרַחֲמִים צוּם מִדַּת הַדִּין, אָבֶּער וֶוען עֶר וֶועט טְרֶעטִין זַיין קֶעלְטֶער אִין אֱדוֹם, דָאס הֵייסְט עֶר וֶועט זִיךְ רֶעכֶענֶען מִיט דִי שׂוֹנְאֵי יִשְׂרָאֵל, וֶועט זַיין קְלֵייד זַיין נוּר רוֹיט (דורך אוים מדת הדין).

קֶשֶׁר דֶעם תְּפִלִּין בַּאנְד הָאט עֶר גֶעווִיזֶען צוּ דֶעם פְרוּמֶען (משה רבינו) בְּעֵת עֶר הָאט גֶעבֶּעטִין גָאט זָאל אִים ווַייזִין זַיין כָּבוֹד, הָאט מֹשֶׁה אִין דֶעם פַארְשְׁטַאנֶען אַז (רוצה ה' כו').

רוֹצֶה אַז אִים (דעם בורא ב"ה) ווָאהלְגֶעפֶעלֶען זַיין פָאלְק, דִי פְרוּמֶע צוּ בֶּעשׁוֹינֶען, עֶר וַוארְט מְקַבֵּל צוּ זַיין דִי לוֹיב גִיזַאנְג פוּן יִשְׂרָאֵל מִיט זֵיי צוּ רִיהמֶען זִיךְ (ווי אין די תפלין פון השי"ת שטיים ומי בעמך ישראל).

---

מעשה אלפס

א) תְּפִלִּין רוּפְט זִיךְ „פְּאֵר" דָאס הֵייסְט אִיךְ טְרָאג זַיינֶע תְּפִלִּין, ווָאס אִין זֵיי אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען זַיין רִיהמוּנְג, אַז עֶר אִיז דֶער גְרוֹיסֶער אֵיינְזִיגֶער, ווָאס הָאט אַלֵיין גֶעשְׁטְרוֹיעט דֶעם הֶערְלִיכֶען וֶועלְט פַּאלַאץ מִיט אַלֶע הֶערְשַׁאפְט ווָאס אִין אִים עֲשֶׂינֶען זִיךְ אוּנ עֶר אִיז דִי נְשָׁמָה פוּן דֶער וֶועלְט, ווָאס עֶר אִיז אִין זֵיי מַשְׁפִּיעַ חִיּוּת אַלֶע רֶגַע, אוּנ עֶר כִּבְיָכוֹל טְרָאגְט מַיינֶע תְּפִלִּין ווָאס אִין זֵיי אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען מַיין רִיהמוּנְג, אַז אִיךְ בִּין אֵיין אֵיינְצִיגֶע פָאלְק אוֹיף דֶער וֶועלְט ווָאס לָאזְט זִיךְ בְּרֶענֶגֶען אוּנ בְּרָאטִין וֶוענִין דִי הֵיילִיגוּנְג פוּן דֶער תּוֹרָה אוּנ דֶעם כָּבוֹד פוּן זַיין נָאמֶען.

אין

הרחמים רופען זיי דיר מיט דעם נאמען „גדול", און ווען בכדת הדין רופען זיי דיר מיטין טיטול „גבור".

דמו זיי (די נביאים) האבען דיר פארגישטעלט, אבער דאך ניט ווי דו ביזט (ווייל דער מענש ביי זיין לעבין קען דיר נים בעגרייפען), זיי האבין דיר נור גיגליכען נאך דיינע מעשים.

המשילוך זיי האבען דיר פארגליכען אין פילע ערשיינונגען, אבער באמת ביזטו איינער אין די אלע פארשטעלונגען.

ויחזו זיי (די נביאים) האבין דיר גיזעהן אין גישטאלט פון אגרייז גראען מאן (ביין בארג סיני) און ווי איונגער העלד (ביין שפאלטען דעם ים פאר די ישראל).

וקנה אלטקייט האבין זיי גיזעהן בעת דו זיצט אויף דעם כסא המשפט (ריכט שטול) און יוגענד אין דעם טאג פון שלאכט, ווי אין קריגס העלד (איש מלחמה) איז דיינע הענד אים מעכטיג (רעכענען זיך מיט די שונאי ישראל ווי מיט די מצרים ביין ים און דאס גלייכין).

חבש פערבונדין מיט איין זיעג (נצחון) הוט אויף זיין קאפ, עס האט אים גיהאלפען זיין רעכטע האנד און זיין היילעגער ארם (דאס הייסט מיט אונזער תורה ומעשים טובים גיבין מיר אים כוטח אב צו רעכענען זיך מיט אונזערע באליידיגער).

טללי מיט שטראלענדע טוי איז זיין קאפ פול, און זיינע האר-לאקען (איז פול) מיט די טראפען רעגין פון די נאכט א).

יתפאר ער רידהמט זיך מיט מיר, ווייל איך גיפעהל אים, און ער וועט זיין צו מיר ישראל איין הערליכער און פארכטיגער קרוין.

כתם אקרוין פון ריינע גין גאלד איז דאס גישטאלט פון זיין קאפ, און עס איז גיצייכינט אויפ'ן שטערין (פון כהן גדול) די הערליכקייט פון זיין היליגען נאמען (דער כהן גדול האט גיטראגין אויפ'ן שטערין אגאלדענעם צירונג (ציץ) גיקריצט אויף אים די ווערטער קודש לה').

---

מעשה אלפס

1) אזוי ווי די זון שיין איז קלאר און ליכטיג, אבער ווען זי שייגט אריין אין א שטוב וואס די פענסטער איז פאר קאלכט וועט זי אוים דונקיל, אזוי איז די הימ'לישע השפעה, בעת זי גייט ארוים פון השי"ת איז זי ליכטיג, פול מיט רחמים, נאר אז זי קומט צו דעם מענש'ן וואס זיין נפש איז פארשמירט מיט קאלך און שמוץ פון זינד וועט זי ביי אים אוים פינסטער, דאס איז דער גידאנקען (ראשו) דער אנפאנג פון די השפעה, בעת זי גייט ארוים פון השי"ת איז זי ווי די שטראלענדע טוי פון פריה מארגין, (קווצותיו), אבער ווען זי קומט אראפ אויף די ברעגעם פון די דאר (אויף דעם עולם השפל) ווערט זי ווי די טראפינס רעגין פון די פינסטערע נאכט.

מיט דיין גרויס דער בארעמונג שטארק אונ באשירעם מיין ליב פון גיהנם וחבוט הקבר וחבלי משיח, אונ גיב מיר אלעם גוטס, אונ זאלסט מיר מזכה זיין צו ערציהען מיינע קינדער לתורה ולחפה ולמעשים טובים. אמן:

## שיר תחנה אנעים זמירות הכבוד

אנעים זמירות, אליבליכע לויב-גיזאנג וועל איך זינגען אונ וועל זיי וועבין מיט לויב לידער, דען צו הקדוש ברוך הוא טוט מיין נשמה בייגקען.

נפשי, מיין זעלע געלוסט צו זיין אונטער דעם שוטץ פון דיין היילינע שכינה, אום צו וויסען אלע געהיימע סודות פון דיין תורה.

מדי דברי, ווען איך טו ריידין וועגין דיין הערליכען כבוד ברומט (בייגקס) מיין הארץ צו דיין פריינדשאפט.

על כן, דרום וועל איך שפרעכין וועגין דיר גיערטע רייד, אונ דיין נאמען וועל איך עהרין מיט אפרייליך גיזאנג.

• • •

אספרה ערציילען דיין הערליכקייט בין איך ניט אימשטאנד, ווייל איך האב דיר ניט גיזעהן, פאר צו שטעלין דיר בדרך דמיון, חיים איך אויך ניט ווייל איך האב דיר ניט גוט ערקענט, דאך ערלויב איך מיר צוא ריידין וועגין דיין עהרע.

ביד ווייל דורך דיינע נביאים (פראפעטין) דורך דיינע טרייע דינער, וואס האבען זוכה גיוועזן צו רוח הקודש האסטו פארגישטעלט דעם הערליכען פראכט פון דיין שיינהייט.

גדולתך דיין גרויסקייט אונ דיין מאכט האבען זיי אנגירופען נאך די וויכטיגקייט פון דיינע מעשים, ווען דו פירסט זיך במדת

---

## שערי ציון

ניט געקאנט ארויס גיין פון דעם איינגערנעם שלאם פון מצרים, אבער מיט אונז האט השי"ת געטאן נסים ונפלאות איבער די נאטור, אונ האט אונז ארויס געפירט אין חודש ניסן מיט גרויס שטאלץ פון קנעכטשאפט צו פרייהייט, אונ ווייל ראש חודש בענשין בכלל ווייזט דאך, אז מיר וועלין גיפירט מיט די איבער נאטירליכע השגחה (ווי עס איז ערקלערט אין די ערשטע תחנה פון ראש חודש בענשין) דרום הויבען מיר אן ראש חודש בענשין מיט די תפלה (מי שעשה נסים לאבותינו).

אזי

יהי רצון מלפניך עס זאל זיין דיין גוטער ווילען אונזער גאט, וואס דו ביזט אויך דער גאט פון אונזערע עלטערין, (שתחדש) דאס דו זאלסט בעניינען אויף אונז דיזען קומענדיגען חודש (לטובה ולברכה) צו גוטין אונ צו גליק, אונ גיב אונז אריכות ימים אונ אקרעפטיגען לעבען, אלעבין פון פרידען, אגוטין אונ גליקלעכען לעבין, אלעבין פון פרנסה מיט נחת אן צער, אלעבין מיט אקרעפטיגונג אין די ביינער אונ אין די גלידער (חיים שיש בהם יראת שמים) אלעבין וואס מיר אונ אונזערע קינדער זאלען גלויבען מיט אריינע הארץ אין גאט ברוך הוא אונ גיין אין גוטען וועג, מיר זאלין ניט פארשעמט ווערין אויף דיזע וועלט אונ ניט בעולם הבא פאר פמליא של מעלה. (חיים של עושר וכבוד) אלעבין מיט פערגניגען דורך רייכטהום אונ עהרע, מיר זאלין קענען מגדל זיין אונזערע קינדער פאר ערליכע אידען מיט גוטע מעשים, ווי דוד המע"ה האט גיבעטין רבש"ע איך זאל שטארבין ווי אמלך ניט וויא איין אביון, (חיים) אלעבין דאס עס זאל זיך ערוועקין אין אונז אליבע צו די הייליגע תורה אונ האבין אין זיך יראת שמים ווי די קינדער פון יעקב אבינו ע"ה, ווארום אז יעקב אבינו האט גיוואלט שטארבין, האט ער גיוואלט ענטדעקין זיינע קינדער די צייט פון די גאולה, האט זיך דער רוח הקודש פון אים אב גיטאן האט ער זיך זייער דערשראקען אונ גיזאגט צו זיי, אפשר איז דא איינער פון אייך וואס גלויבט ניט אין גאט ברוך הוא חלילה? האבין זיי אלע צו זאמען גיענטפערט (שמע ישראל) הער צו אונזער פאטער ישראל (ה' אלהינו ה' אחד) דער גאט וואס איז דיין גאט, דער איז אונזער גאט אויך, גאט ברוך הוא איז איינער, דאן האט ער באקומען מנוחה אונ האט זיי גיבענשט, אזוי זאלסטו ליבער גאט אונז אויך בענשין אונ געבין אגליקליכען חודש, אז עס זאל ערפילט ווערין אלע בקשות וואס מיר האבין גיבעטין צו גוטין, בזכות די תפלה פון כלל ישראל, אמן סלה:

מי שעשה נסים לאבותינו. וגאל אותם מעבדות לחרות. הוא יגאל אותנו בקרוב. ויקבץ נדחינו מארבע כנפות הארץ. חברים כל ישראל. ונאמר אמן:

מי שעשה נסים. דער גאט וואס האט געטאן וואונדער צו אונזערע עלטערין אונ האט זיי אויס געלייזט פון קנעכטשאפט צו פרייהייט, א) דער זאל אונז אויס לייזין אויך באלד, אונ זאל צוזאמען פירען אונזערע פערשטויסענע פון אלע עקין וועלט, אום דאס גאנצע פאלק ישראל זאל פעראייניגט ווערין, אמן.

ראש חודש (פלוני) יִהְיֶה בְּיוֹם (פלוני) הַבָּא עָלֵינוּ וְעַל כָּל יִשְׂרָאֵל לְטוֹבָה:

ראש חודש (. . . . .) וועט זיין (. . . . . . . . .) וואס קומט אויף אונז אונ כל ישראל צו גוטין.

יְחַדְּשֵׁהוּ הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא. עָלֵינוּ וְעַל כָּל עַמּוֹ בֵּית יִשְׂרָאֵל. לְחַיִּים וּלְשָׁלוֹם. לְשָׂשׂוֹן וּלְשִׂמְחָה. לִישׁוּעָה וּלְנֶחָמָה. וְנֹאמַר אָמֵן:

דער הייליגער גאט (געלויבט איז ער) זאל בעניין דעם קומענדיגען מאנאט פאר אונז אונ פאר כל ישראל, צום לעבין אונ צו פרידען, צו פרייד אונ צו פרייהליכקייט, צו הילף אונ צו טרייסט. אונ מיר זאגען דארויף, אמן.

תחנה שערי זמרה (ווען מען זאגט אנעים זמירות).

ליבער הער גאט! עפין מיר די טויערין פון לויב אונ געזאנג, אונ פאר נעם מיין לויב געזאנג ווי דאס לויב געזאנג פון אברהם יצחק ויעקב משה אהרן דוד ושלמה, אונ עפין מיר די טויערין פון הימעל. אונ די טויערין פון גן עדן, אונ העלף מיר עס זאל אויף אונז ניט געוועלטיגען דער יצר הרע, אונ דער הייליגער שבת (אדער יום טוב) זאל א מליץ יושר זיין פאר מיר אונ פאר מיין מאן אונ קינדער אונ פאר כל ישראל, צו אלעם גוטין אמן, (וּבְרַחֲמֶיךָ הַגְּדוֹלִים נָא חַזֵּק וּשְׁמוֹר נַפְשִׁי)



א) אלע פעלקער ציילען די חדשים פון זייער אנהייב יאהר, אבער מיר אידען ציילען די חדשים ניט פון תשרי (וואס ער איז ראש השנה) נור פון ניסן, צו ווייזען אז מיר שטייען ניט אונטער די נאטור, וויל מיט דער נאטור דארפען מיר זיך גאר ניט געפינען אויף דער וועלט, אברהם אבינו אונ אונזערע מוטערס שרה רבקה רחל זיינען געווען עקרות, נור דער בורא האט אויף געהייבען אברהם אבינו איבער די נאטור (העכער פון די מזלות) אונ האט אים געגעבען קינדער, אלזא שטייען מיר זרע אברהם העכער פון די מזלות נור אונטער די השגחה פון השי"ת, דרום הגם מיט די נאטור האט קיין עבר ניט

אונ זעה מיין ביטער הארץ דאס איך בין געקומען יעצט פאר דיר בעטען, רייניג מיך מיינע זינד, אריין הארץ באשאף מיר גאט אונ איין רעכט מוטה באניי אין מיר, דאס איך זאל אב קערין פון דעם בייזין וועג, אונ זאל שוין מער קיין עבירות ניט טאן, אונ זאל האלטין טייער דיין הייליגע תורה אונ מצות כל ימי חיי, אמן ואמן:

ממשפטיך יראתי על כן אקדמך בתחנונים, רבונו של עולם איך טו מיך זייער פארכטין פון דיין משפט אין דעם יום הדין וואס עס קומט אן, דרום טו איך מיך פעדערין מיט מיין גיבעט, אלמעכטיגער גאט דער בארעם דיך אויף מיר, גיס ניט אויס דיין צארין אויף מיר, אונ קער דיין הארץ אונ דיינע אויערין צו פאר נעמען מיין תשובה ותפלה, אונ בענטש דעם חודש אלול דאס עס זאל דער וועקט ווערין אונזער הארץ צו גוטעס טאן, עס זאל ווייזען דער נאמען אלול „אשרי לך ואשרי לנשמתך" וואל איז צו דיר אונ וואל איז צו דיין נשמה, אונ מיר זאלין זוכה זיין געשריבען אונ געחתמת ווערין צו איין ניי גיבענשט יאהר צום לעבען אונ געזונד אונ פרנסה בכבוד. ברוך שומע עמו תפלת עמו ישראל ברחמים, געלויבט ביסטו גאט דאס דו הערסט די גיבעט פון דיין פאלק ישראל מיט דער בארימהקייט, הער צו אויך די גיבעט פון (פלונית בת פלונית) אונ די גיבעט פון מיין מאן אונ מיינע קינדער צו דער בארעמען זיך אויף אונז אונ אויף כל ישראל, אמן ואמן, כן יהי רצון:

פאר יעדער ראש חודש בענטשין זאגט מען דעם יהי רצון:

יהי רצון מלפניך יי אלהינו ואלהי אבותינו שתחדש עלינו את החודש הזה לטובה ולברכה. ותתן לנו חיים ארוכים. חיים של שלום. חיים של טובה. חיים של ברכה. חיים של פרנסה. חיים של חלוץ עצמות. חיים שיש בהם יראת שמים ויראת חטא. חיים שאין בהם בושה וכלמה. חיים של עושר וכבוד. חיים שתהא בנו אהבת תורה ויראת שמים. חיים שימלאו משאלות לבנו לטובה בזכות תפלת רבים. אמן סלה:

אונזער הארץ צו גייט אין אונז אזוי ווי וואסער, אונ איך פעדער מיך דיין דינערין (פלונית בת פלונית) דאס איך בין ערד אונ אש אונ בין געקומען צו דער וועקין גרויס דער בארימקייט, דאס דו זאלסט מיך אונ אלע יודין גנעדיגען אין דעם חודש אלול וואס איך טו פאר דיר יעצט בענטשין, דאס דו זאלסט מיר עפענען די טויערין פון תשובה, טויערין פון תפלה, דאס עס זאל פאר געבין ווערין גאר מיינע זינד, אונ זאלסט מיך שרייבין אין דעם בוך פון לעבין דעם ראש השנה וואס וועט זיין. בענשין אונ באגליקען אלע מיינע וועגין אונ נאר די ווערק פון מיינע הענד, אונ גיב מיר אגוטע אריינע הארץ איך זאל פארשטיין, ווי נאריש איך בין געוועזן, מיט דעם וואס איך האב אב געטראטין פון דיין תורה, וואס זי פירט צו די וועג פון לעבין, אז איך זאל איין אמת'ה חרטה האבין אויף מיינע בייזע מעשים, אונ זאל ביי זיך מאכין אפעסטין בעשלוס אז איך זאל שוין מער ניט זינדיגען, אונ זאל דיך ניט דער צערענען, אונ עפין מיר די טויערין פון פרנסה. אונ זאלסט מיר געבין חן אונ חסד אין דיינע אויגען אונ אין די אויגען פון אלע וואס זעהן מיך, דען דו ביסט נאהענט צו די אלע וואס רופען דיך. אונ ווערסט גיפונען צו די וואס פארשטין דיך, אונ ענטפער מיר אז דער חודש אלול וואס איך טו יעצט בענטשען, זאל געבענטשט ווערען פון דיין פולער ברכה, אמן:

על רחמיך הרבים אבטח, אויף דיין פיל דער בארימקייט טו איך מיך פאר זיכערין, (ועל חסדיך אשען) אונ אויף דיין גענאדע ליבר גאט טו איך מיך אן לעהנען, אונ איך קום צו בענטשין דעם חודש אלול, דען איך ווייס ווען דו וועסט חלילה אויף מיינע בייזע מעשים קוקין, (אזו באטייט דערווארט אלול „אוי לי ואוי לנפשי") ווייא איז צו מיר אונ וויי איז צו מיין לייב. אבער ווען איך וועל מיר צום הארצען נעמען אונ וועל חרטה האבין באמת אויף מיינע זינד, אזוי וועסטו ליבער גאט זיך קערין צו דער בארעמען זיך אויף מיר, אונ דער נאמען פון דעם חודש אלול וועט ווייזען „אני לדודי ודודי לי" איך קער מיך צו מיין פריינד (דאס איז הש"ית) אונ מיין פריינד וועט זיך קערין צו מיר צו פאר נעמען מיין גיבעט אונ מוחל זיין מיינע עבירות, דרום ליבער גאט (השקיפה ממעון קדשך מן השמים) קוק פון דיין הייליגי וואהנונג פון דעם הימעל ארא

ווען מ'בענשט ר"ח **מנחם אב** זאגט מען דאס.

**הבט** נא עמך כלנו, פאטער פון הימל זעה דאס מיר דיין פאלק ישראל שטייען אונ בעטין דיך, דאס דו זאלסט אונז טרייסטין אזוי ווי א פאטער, אונ פאר גיב אונזערע זינד דאס איבער זיי זיינען מיר פון אונזער לאנד פערטריבען גיווארען, אונ פון אונזער ערד דער ווייטערט, אונ דיין היילינער וואוינונג (בית המקדש) איז אין דעם חודש מנחם אב פאר ברענט גיווארין. אוי לנו ואוי לנפשנו, ווייא איז אונז אונ וויי איז צו אונזערע נפשות, דען עס איז צו גינומען גיווארען די ליכט פון אונזערע אויגען, דאס איז דער בית המקדש, וואס ער פלעגט פאר געבין אויף אונזערע זינד, אויך ווען ער איז גישטאנען, איז אין דעם חודש גיוועזן אזוי א יום טוב דאס עס איז זיין גלייכען ניט גיוועזן, אבער יעצט איז ער צו אונז נאר פול מיט טרויער אונ גיוויין, דען מיר טוען זיך באדיינקען די גדולה וואס עס איז פון אונז אוועק גינומען גיווארען, ליבער גאט! הער צו דעם יאמער פון ציון, אונ פאר נעם דאס געשריי פון ירושלים, וואס זי טוט מיט א ביטער הארץ קלאגען, אונ אזוי ווי דו האסט זי מיט פייער פאר ברענט, אזוי זאלסטו זי בויען מיט פייער, אזו ווי אין פסוק שטייט ואני אהיה לה נאום יי חומת אש סביב, איך וועל זיין צו ירושלים (דאס זיינען די רייד פון גאט) א מויער פון פייער ארום אונ ארום, גילויבט ביסטו גאט דער טרייסטער פון ציון, אונ דער בויער פון ירושלים, אמן.

נאכהער זאגט מען דעם יהי רצון אונ מי שעשה נסים וויא ווייטער שטייט (נאך אלע חדשים'דיגע תחנות).

ווען מ'בענשט ראש חודש **אלול** זאגט מען די תחנה.

**אריה** שאג מי לא יירא? ווען א לייב שרייט ווער זאל זיך ניט פארכטען? דאסווארט ארי"ה באטייט (די אל"ף מאכט) "אלול" (די רי"ש מאכט) "ראש השנה" (די יו"ד מאכט) "יום כפור" (די ה"א מאכט) "הושענא רבה", דאס הייסט ווען עס קומען די דאזיגע היילינע אונ פארכטיגע טעג ווער זאל זיך ניט פארכטין? רבונו של עולם, יעצט קומען מיר בענטשין אונ היילינען דעם חודש אלול מיט גרוים פארכט אונ ציטערניש, דען עס קומט אן די צייט וואס דו וועסט זיך זעצין אויף דיין שטול צו משפטין די וועלט, דרום טוט אונז יעצט א ציטערניש אן האפין, אונ

האט קיין קינדער גיהאט און האסט איר א טייערין זון יוסף גיגעבען, אזוי זאלסטו צוהערין דאס גיבעט פון די אלע וואס האבען קיין קינדער ניט, דאס זיי זאלין דערמאנט ווערין צו האבען גוטע קינדער אזוי ווי יוסף הצדיק, אבער אונזערע קינדער זאלען חלילה ניט צו גינומען ווערין פון אונז, און מיר זאלען פון זייערע גרוים גדולה זעהן, אזוי ווי אונזער פאטער יעקב האט אם ענדע גיזעהן גרוים גדולה פון זיין זוהן יוסף הצדיק, און עס זאל ניט פאר שטערט ווערין זייער גדולה ביז אייביג.

הייליגער גאט אזוי ווי יוסף הצדיק איז ביי גישטאנען ביי דעם גרויסין נסיון וואס זיין ווירטהין (פוטיפר'ס פרוי) האט אים אן גירעט, הגם ער איז גיוועזין איונגער מענש (אין די דעכסטע היצינקייט) און אין אזא הייסין קלימאט ווי מצרים און דער ווייטערט פון זיין פאמיליע (ער האט זיך פאר קיינעם ניט גיהאט צו שעמען) און דאך האט ער גיזיגט דעם יצה"ר פון זנות און איז גיבליבין ריין און ציכטיג, ווייל ער האט גיהאט בושה פאר דיר צו טאן אזא שענדליכע זאך, אזוי ליבער גאט זאלסטו העלפען אונזערע זין און טעכטער ובפרט די וואס זיינען פערייזט פון זייער היים, זיי זאלין האבין בושה פאר דיר וואס דו זעסט אומעדום, און זיך ניט פארפלעקין אין די שמוציגע עברה פון זנות, און זאלען בלייבין ביז זייער ענדע לעבין ריין און ציכטיג, ובזכות יוסף הצדיק וואס ער איז גיבענשט גיווארען פון זיין פאטער יעקב מיט פיל ברכות און נאכהער האט משה רבנו גיבענשט זיין לאנד (זיין טייל וואס ער וועט נעמען אין ארץ ישראל) מיט גרוים גירעטענעס, אזוי זאלסטו אונז אויך בענטשין אין דעם חודש, אז די תבואה פון די פעלדער זאל חלילה ניט פאר ברענט ווערן פון היץ, און קיין הייסעריג זאל חלילה זיי ניט אב עסין, רבונו של עולם (מלא אסמינו שבע) דער פיל אונזערע אוצרות מיט זעט פון דיין גיבענשטע האנד, עס זאל חלילה ניט זיין קיין הונגער און קיין יקרות, עס זאל אין אונז מקוים ווערין דיין ברכה (ונתתי גשמיכם בעתם) איך וועל געבין רעגין אין דער צייט (ונתנה הארץ יבולה) די ערד וועט געבין אירע פרוכט (ועץ השדה יתן פריו) און אלע בוימער אפילו די אילני סרק (די וואלד בוימער) וועלין געבין פרוכט, בכדי מיר זאלען זיין רוהיג דיר צו דינען מיט ליבשאפט, אמן.

נאכהער זאגט מען דעם יהי רצון און מי שעשה נסים

וויא ווייטער שטייט (נאך אלע חדשים'דיגע תחנות).

תחנה

קֶערִין צוּ אוּנְז, אוּן דוּ וֶועסְט ווִידֶער רֵיידִין מִיט אוּנְז פֶּה אֶל פֶּה, אַזוֹי ווִי דוּ הָאסְט מִיט אוּנְז גִירֶעט אוֹיף דֶעם בַּארְג סִינַי, אוּן דוּ וֶועסְט בּוֹיעֶן דַיין קְרוֹינְשְׁטָאט יְרוּשָׁלַיִם גִיךְ אוּן בַּאלְד, אוּן דִי שֵׁיינְקַייט פוּן דַיין נַאצְיָאן, דֶעם בֵּית הַמִּקְדָשׁ, זָאלְסְטוּ אוּנְז בּוֹיעֶן דָאס מִיר זָאלִין דִיר ווִידֶר דִינֶען ווִיא אַמָאל, וּכְשָׁנִים קַדְמוֹנִיּוֹת ווִיא אִין דִי פְרִיעֶרְדִיגֶע יָאהרִין, אָמֵן סֶלָה.

תּוֹרָה תּוֹרָה גֵיי אַרוֹיף אִין הִימֶל אוּן זַיי אַ מֵלִיץ טוֹב פַאר דַיינֶע קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּן דֶערְמָאן פַאר דֶעם רִבּוֹן הָעוֹלָמִים ווִיפְּעל בְּלוּט עֶס אִיז פוּן זַיי פַארְגָאסֶען גִיוָוארִין פוּן דַיינְטְוֶועגִין אִין חוֹדֶשׁ סִיוָן אוּן ווִיפִיל צַדִיקִים זַיינֶען אוֹיף קִידוּשׁ הַשֵּׁם אוּמְגֶעקוּמֶען, אוּן ווִיפְּעל בְּלוּט פוּן קְלֵיינֶע קִינְדֶער, וָואס מֶען הָאט זֵיי אוֹיף דֶער מוּטֶערְס בְּרוּסְט גִיטוֹיט, וָואס עֶס אִיז נִיט מֶעגְלִיךְ פָאר צוּ שְׁטֶעלִין דִי ווֵייטָאגִין וָואס מִיר הָאבֶּען אִין יֶענֶע צַייטִין גִיהַאט, אוּן דָאס אִיז אַלְס גִיוֶועזִין, ווַייל זֵיי הָאבֶּען נִיט גִיוָואלְט מְחַלֵּל זַיין דֶעם הֵיילִיגֶען בְּרִית פוּן דֶער תּוֹרָה, אוּן פַארְשְׁטֶערִין אִירֶע גִיזֶעצִין, דְרוּם גִיהֶערְסְטוּ צוּ דֶער מָאנֶען דֶעם זְכוּת פַאר דֶעם כִּסֵּא הַכָּבוֹד, דָאס עֶס זָאל גִיגְלִיכִין זַיין דִי בְּלוּט, ווִי דִי בְּלוּט פוּן דִי קָרְבָּנוֹת וָואס מֶען פְּלֶעגְט שְׁפְּרִיצֶען אוֹיף דֶעם מִזְבֵּחַ, עֲשֵׂה לְמַעַן תִּינוֹקוֹת שֶׁל בֵּית רַבָּן, טוּ פוּן וֶועגִין דִי קְלֵיינֶע קִינְדֶער, וָואס זַייא לֶערְנֶען אִין חֶדֶר דַיין הֵיילִיגֶע תּוֹרָה, אוּן בֶּענְטְשׁ אוֹיף אוּנְז דֶעם חוֹדֶשׁ סִיוָן, אַז מִיר זָאלֶען זוֹכֶה זַיין גוּטֶע קִינְדֶער צוּ הָאבִּין, אוּן מִיר זָאלֶען זֵיי קֶענֶען מְגַדֵּל זַיין צוּ דַיין לִיבֶּע תּוֹרָה אוּן צוּ מַעֲשִׂים טוֹבִים. וְנֹאמַר אָמֵן.

נָאכְהֶער זָאגְט מֶען דֶעם יְהִי רָצוֹן אוּן מִי שֶׁעָשָׂה נִסִּים ווִי ווַייטֶער שְׁטֵייט (נאך אלע חדשים׳דיגע תחנות).

וֶוען מְ׳בֶּענְטְשְׁט ר״ח תַּמּוּז זָאל מֶען דִי תְּחִנָּה זָאגֶען.

רִבּוֹן הָעוֹלָמִים וַאֲדוֹנֵי הָאֲדוֹנִים! הֶער פוּן אַלֶע וֶועלְטִין, אוּן הֶער אִיבֶּער אַלֶע הֶערִין, מִיר קוּמֶען פַאר דִיר יֶעצְט בֶּענְטְשִׁין אוּן הֵיילִיגֶען דֶעם חוֹדֶשׁ תַּמּוּז דָאס אִין דֶעם אַנְדֶערִין טָאג רֹאשׁ חוֹדֶשׁ הָאט אוּנְזֶער מוּטֶער רָחֵל אִיר טַייעֶרִין זוּהן יוֹסֵף הַצַּדִּיק גִיבָּאהרֶען, עֶס זָאל זַיין דֶער ווִילֶען פַאר דִיר גָאט אוּנְזֶער גָאט, דָאס עֶס זָאל דֶער-ווֶעקְט וֶוערִין אוֹיף אוּנְז דֶער זְכוּת פוּן אוּנְזֶער מוּטֶער רָחֵל, אַזוֹי ווִי דוּ הָאסְט גִיהֶערְט אִיר גִיבֶּעט, ווֶען זִי הָאט גְרוֹיס צַער גֶעלִיטֶען, דָאס זִי

ב״ה, אונ בעט פון אים, אז ער זאל אויף אונז רחמנות האבען אין דעם חודש איר, מיר זאלען האבען גענוג אונזער שפייז, אזוי ווי השי״ת האט גישפייזט די יודין מיט דעם מן בזכות דיין ברודער משה, אונ דעם ברונעם וואסער פון דיין זכות וועגין, אז מיר זאלען חלילה ניט פאר ארימט ווערין, אונ דער עיקר איז, אז מיר זאלען גירייניגט ווערין פון אלע אונזערע זינד, אזוי ווי די יודין זיינען גירייניגט גיווארין אין דעם חודש, ווען זיי זיינען אין דער מדבר גיגאנגען מקבל זיין די תורה. הושיעה ה׳ את עמך וברך את נחלתך, העלף גאט דיין פאלק, אונ בענטש דיין נחלה, אונ דער הייב זייער מזל, אונ דערבארים זיך אויף זיי כרחם אב על בנים, אזוי ווי א פאטער טוט זיך ערבארימען אויף זיינע קינדער, אונ בענטש אונז דעם חודש איר צום לעבין, אונ גיזונד, אונ מזל, אונ ברכה, אמן.

נאכהער זאגט מען דעם יהי רצון אונ מי שעשה נסים וכו׳ ווייטער שטייט (נאך אלע חדשים דינע תחנות).

ווען מ׳בענטשט ר״ח סיון זאגט מען דאס.

אתה נגלית בענן כבודך על הר סיני, רבש״ע דו האסט ערשיינט צו דיין פאלק ישראל אויף דעם בארג סיני, אונ האסט זיי די הייליגע תורה גיגעבין דעם זעכסטין טאג אין חודש סיון, וואס מיר קומען יעצט בענטשין אונ הייליגן, דרום ליבער גאט גידיינק אונז דעם זכות וואס מיר האבין דיין ליבע הייליגע תורה מקבל גיוועזן, אונ מיר זיינען דיר גיווארען א געליבטע פאלק, אבער ווען דו ביזט צו ישמעאל׳ן מיט עשו׳ן גיגאנגען, האבען זיי דיין תורה ניט גיוואלט נעמען, דרום דערמאן אונז דעם זכות אונ בענטש אונז, אונ ערלייכט אונזערע קינדער די אויגין צו דער תורה, אום זיי זאלין האלטין דיינע מצות, אונ ערבארים זיך איבער אונז, דען מיר זיינען יעצט גיגליכען צו איין אשה וואס איר מאן איז אין א ווייטע וועג אוועק געפארען, אונ האט איר איבער גילאזט אין ארימקייט אונ אין פיין, די טוט האפין אלע טאג אז איר מאן וועט קומען, אונ איר מזל וועט דער הויבען ווערין, אזו אויך מיר דיין פאלק ישראל, הגם דו האסט זיך דערווייטערט פון אונז און מיר זיינען יעצט גיגליכען ווי איין אלמנה חיה, אבער מיר האפען צו דיר ליבער גאט, אז דו וועסט זיך אום

צו בענטשין את הייליגען דעם חודש איר, דאס אין דעם חודש, האבען מיר אנגיהויבען צו זיין איין געליבטע פאלק פאר דיר, את דו האסט אונז דעם ליבען הייליגען שבת גיגעבין, אזוי זאלסטו גידיינקען דעם זכות פון אונזער הייליגען שבת, אונ דורך דעם זכות וואס דו האסט אונז וייבער גיגעבין די מצוה פון ליכט בענטשין וכדומה, זאל דערהייכט ווערין אונזער מזל, אונ זאלסט אונז מציל זיין פון אלע שלאפקייטין וואס קענען פארקומען אין דעם חודש דורך דער טבע וואס דו האסט איין גישטעלט, אז די וועטערין זאלין זיך בייטין, דער ווינטער גייט אוועק אונ דער זומער קומט אן, אונ שיק אונז א רפואה, ווי אין דער תורה שטייט אני ה' רופאך, איך גאט וועל דיך היילין, אמן.

רבונו של עולם, מיר קומען יעצט בענטשין דעם חודש איר, דאס אין דער צייט ווען דו האסט די יודין פון מצרים ארויס גענומען האסטו זיי אין דעם חודש איר אנגיהויבען רעגענען דעם מן פון הימל בזכות משה רבנו ע"ה, אונ א ברונען מיט וואסער וואס איז בעשאפין גיווארען אין ששת ימי בראשית, פרייטאג בין השמשות, איז ער נאך גיגאנגען די יודין אין דער מדבר (ער האט זיך גיקייקילט ווי אשטיין) פון דעם חודש איר אן, בזכות מרים הנביאה עליה השלום, יעצט גידיינק אונז ליבער גאט איר זכות, וואס זי האט פאר דיר שירה גיזאגט מיט די וייבער, ווען די יודין זיינען אויס דעם ים גיגאנגען, אזוי ווי אין פסוק שטייט, ותקח מרים הנביאה אחות אהרן את התף בידה ותצאן כל הנשים אחריה בתפים ובמחולות, ותען להם מרים שירו לה' כי גאה גאה סוס ורוכבו רמה בים. מרים הנביאה די שוועסטער פון אהרן האט גינומען דעם פויק אין איר האנד, אונ עס זיינען ארויס גיגאנגען אלע וייבער נאך איר מיט פויקין אונ כלי זמר. אונ מרים האט צו זיי גיזאגט זינגט צו דעם ליבען גאט, דען ער האט גיטאן גרויסע נסים, די פערד פון מצרים מיט זייערע רייטער האט ער גיווארפען אין דעם טיפען ים, אונ אזוי זאלען מיר זוכה זיין צוזאגען שירה מיט אלע צדיקים ונשים צדקניות, ווען משיח וועט קומען, אונ ערלייזן אונז פון אלע צרות במהרה בימינו, אמן.

התעוררי נא, דערוועק זיך מרים הנביאה, שטיי אויף פון דיין רוהע אונ שטעל זיך פאר דעם מלך מלכי המלכים הקדוש

פְּקַח עֵינֶיךָ וּרְאֵה. עֶפִין דַיינֶע אויגֶען לִיבֶּער גָאט, אוּנ זֶעה דִי מִיהֶע פוּן דַיין טַייעֶר פָאלְק, ווִיפִיל מִיהֶע זֵיי הָאבִּין צוּ דֶער הַאלְטֶען דַיינֶע מִצְוֹת וָואס דוּ הָאסְט זֵיי גִיבָּאטִין צוּ טָאן אִין דֶעם חוֹדֶשׁ נִיסָן, אוֹיס בּאמֶען דֶעם חָמֵץ פוּן זֵייעֶר שְׁטוּב, אוּנ עֶסִין מַצּוֹת אַלֶע זִיבֶּען טֶעג פוּן פֶּסַח, ווִי גְרוֹיס אוּנ שְׁוֶוער עֶס קוּמְט זֵיי אָן, מַחְמַת דִי אֱיינְגֶענִישׁ פוּן זֵייעֶר פַּרְנָסָה, אָבֶער זֵיי הַאלְטִין דַיין בַּאפֶעל אוּנ הִיטֶען דַיינֶע מִצְוֹת, דְרוּם לִיבֶּער גָאט שִׁיק אַ שֶׁפַע וּבְרָכָה צוּ אַלֶע יוּדִין, אוּנ וָאלְסְט אוּנְז הִיטִין מִיט דַיין הֵיילִיגְקַייט, אַז מִיר זָאלִין חָלִילָה נִיט נִכְשָׁל ווֶערִין אִין אִיסוּר חָמֵץ אוּם פֶּסַח. אוּנ עֶס זָאל אוּנְז דֶער הֵיילִיגֶער יו"ט פֶּסַח גְרִינְג אָנְקוּמֶען, אוּנ מִיר זָאלִין חָלִילָה נִיט דַארְפֶען אָנְקוּמֶען צוּ מַתְּנַת בָּשָׂר וָדָם. אוּנ הֶעלְף אוּנְז מִיר זָאלֶען קֶענֶען אוּנ ווֶעלִין שְׁטִיצֶען דִי גִיפַאלֶענֶע בַּעֲלֵי בָּתִּים זֵיי זָאלֶען אוֹיךְ הָאבֶּען מִיט וָואס דֶעם הֵיילִיגֶען יוֹם טוֹב צוּ מַאכְן, זֵיי זָאלִין אוֹיךְ נִיט פַארְשֶׁעמְט ווֶערִין, אָמֵן.

רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, ווֶען מִיר טוּעֶן יֶעצְט בֶּענְטְשִׁין דֶעם חוֹדֶשׁ נִיסָן וָואס אִין אִים הַאלְטֶען מִיר דֶעם יו"ט, וָואס עֶר ווֶערְט אָנְגִירוּפִין „פֶּסַח" דָאס גָאט הָאט אִיבֶּער גִיהִיפְּט דִי הַייזֶער פוּן יִשְׂרָאֵל, ווֶען עֶר אִיז אִיבֶּער גִיגַאנְגֶען אִין לַאנְד מִצְרַיִם צוּא טוֹיטִין זֵייעֶרֶע בְּכוֹרִים, אוּנ יוּדִין הָאבֶּען בַּיי דִי מְזוּזוֹת פוּן דִי טִירֶען מִיט דֶעם בְּלוּט פוּן דֶעם קָרְבַּן פֶּסַח גִישְׁמִירְט, הָאט דֶער מַשְׁחִית קַיין שְׁלִיטָה נִיט גִיהַאט אַרַיין צוּ גֵיין אִין שְׁטוּב פוּן אַ יוּדִין, אַזוֹי זָאלְסְטוּ אָנְשַׁרַייעֶן אִין אַלֶע מַשְׁחִיתִים, דָאס זֵיי זָאלֶען נִיט קוּמֶען צוּ דִי טִירֶען פוּן אוּנְזֶערֶע הַייזֶער בַּייז צוּטָאן אוּנְז יוּדִין אוּנ אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער אוּנְד קִינְדֶס קִינְדֶער, אוּנ אוּנְזֶער גַאנְצֶע הוֹיז גֶעזִינְד, זָאלְסְטוּ מַצִּיל זַיין פוּן אַלֶעם בֵּייזֶען, אוּנ זָאלְסְט אוּנְז דֶערְלֵייזֶען הַיינְטִיגֶען חוֹדֶשׁ, אַזוֹי ווִי דוּ הָאסְט אוּנְז צוּ גִיזָאגְט הֵן גָאַלְתִּי אֶתְכֶם וגו', אִיךְ ווֶעל אַייךְ דֶערְלֵייזִין דֶעם לֶעצְטִין מָאל, אַזוֹי ווִי דֶעם עֶרְשְׁטִין מָאל. בִּמְהֵרָה בְיָמֵינוּ אָמֵן.

נאכְהֶער זָאגְט מֶען דֶעם יְהִי רָצוֹן אוּנ מִי שֶׁעָשָׂה נִסִּים ח'

ווַייטֶער שְׁטֵייט (נאך אלע חדשים'דיגע תחנות).

ווֶען מ'בֶּענְטְשְׁט ר"ח אִיָּר זָאל מֶען זָאגֶען דִי תְּחִנָּה.

אַב הָרַחֲמִים הַבּוֹחֵר בְּעַמּוֹ יִשְׂרָאֵל, דֶערְבַּארֶעמִיגֶער פָאטֶער, וָואס הָאט אוֹיסְעֶרְווֶעלְט זַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל, ווֶען מִיר קוּמֶען יֶעצְט

שָׁרִים דָאס זֵיי זָאלֶען מִיט אוּנְז חֶסֶד טָאן דוּרְךְ דַיין דֶער בַּארִימְהַקַייט אַלֶע צַייט אוּנ הָמָנ'ס תַּלְמִידִים זָאלֶען הָאבִּין הָמָנ'ס מַפָּלָה, אָמֵן.

נָאכְהֶער זָאגְט מֶען דֶעם יְהִי רָצוֹן אוּנ מִי שֶׁעָשָׂה נִסִּים ווִי ווייטֶער שְׁטֵייט (נאך אלע חדשים'דיגע תחנות.

אִין דִי טֶעג פוּן פּוּרִים זָאגְט מֶען דָאס.

הַבֵּט מִשָּׁמַיִם וּרְאֵה, לִיבֶּער גָאט בְּלִיק פוּן הִימֶל אוּנ זֶעה דֶעם זְכוּת פוּן דַיינֶע לִיבֶּע אִידֶען, פִיל צְדָקָה גֵייט פוּן זֵייעֶר הַאנְד אַרוֹיס אִין דֶעם טָאג פוּן פּוּרִים, אֵיטְלִיכֶער נָאךְ זַיין פַאר מֶעג נָאךְ אוּנ זַיינֶען מְקַיֵים דִי מִצְוָה פוּן מַתָּנוֹת לָאֶבְיוֹנִים, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, עֶס זָאל מְקוּיָם ווֶערִין אוֹיף אוּנְז דֶר פָּסוּק צִיוֹן בְּמִשְׁפָּט תִּפָּדֶה וְשָׁבֶיהָ בִּצְדָקָה (צִיוֹן וֶועט אוֹיסְגֵילֵייזְט ווֶערִין פוּן אִירֶע גִיפֵיינְקֶענִים דוּרְךְ דֶעם זְכוּת פוּן צְדָקָה) אוּנ דִי מִצְוָה פוּן צְדָקָה זָאל זַיין אַסְלִיחָה אוֹיף אוּנְזֶערֶע זִינְד, אַזוֹי ווִי דָנִיֵאל הָאט גִיזָאגְט צוּ נְבוּכַדְנֶאצַר וַחֲטָיךְ בִּצְדָקָה פְּרוֹק (דַיין זִינְד זָאלְסְטוּ מִיט דֶער מִצְוָה פוּן צְדָקָה אוֹיס לֵייזִין), פַארְגִיבּ אוּנְז רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם אוּנְזֶערֶע זִינְד, צוּלִיבּ דֶעם זְכוּת פוּן דֶער מִצְוָה פוּן צְדָקָה אוּנ מִיר זָאלֶען אוֹיס גֶעלֵייזְט ווֶערִין פוּן גָלוּת בִּמְהֵרָה בְיָמֵינוּ, אָמֵן.

ווֶען מִ'בֶּענְשְׁט ראש חוֹדֶשׁ נִיסָן זָאגְט מֶען דִי תְּחִנָּה.

אֵל רַחוּם עוֹשֶׂה גְדוֹלוֹת עַד אֵין חֵקֶר נִסִּים וְנִפְלָאוֹת עַד אֵין מִסְפָּר, דֶער בַּארֶעמְהַרְצִיגֶער פָאטֶער, דֶער דָא טוּט גְרוֹיסְקַייט גָאר נִיט צוּ דֶער קְלֶערִין, נִסִּים אוּנ וואוּנְדֶער אָן אַיין צָאל, מִיר קוּמֶען יֶעצְט בֶּענְטְשִׁין אוּנ הֵיילִיגֶען דֶעם חוֹדֶשׁ נִיסָן, דָאס אִין דֶעם חוֹדֶשׁ הָאסְטוּ אוּנְז לִיבֶּער גָאט פִיל נִסִּים גִיטָאן אוּנ גְרוֹיסֶע וואוּנְדֶער, בֶּענְשׁ אוֹיף אוּנְז דֶעם חוֹדֶשׁ נִיסָן, מִיר זָאלִין זוֹכֶה זַיין עֶרְלֵייזְט צוּ ווֶערִין פוּן אַלֶע דְרִיקוּנְג אַזוֹי ווִי דוּ הָאסְט עֶרְלֵייזְט דַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל פוּן מִצְרַיִם, אוּנ הָאסְט זֵיי דֶעם יַם גִישְׁפָּאלְטִין, אוּנ דִי אִידֶען הָאבִּין פַאר דִיר שִׁירָה גִזָאגְט, אַזוֹי אוֹיךְ רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם זָאלְסְטוּ אוּנְז אוֹיךְ לֵייזִין, מִיר זָאלֶען זָאגֶען שִׁירָה פַאר דִיר אוֹיף דִי נִסִּים וְנִפְלָאוֹת וָואס דוּ וֶועסְט מִיט אוּנְז טָאן, אוּנ מִיר זָאלֶען זָאגֶען צוּ דִיר אַנַייעֶם שִׁיר הַלְלוּיָהּ.

---

שערי ציון

עָשָׂר בִּשְׁבָט רָעבֶּענֶען זִיךְ צוּם פָארִיגֶען חֲמִשָּׁה עָשָׂר בִּשְׁבָט רָעבֶּענֶען זִיךְ צוּם קִינְפְטִיגֶען יָאהר, אוּנ דִי וָואס בְּלִיהֶען נָאךְ יָאהר.

פון אונז פיל מיה אונ טרחה, ווען די יודין האבין גיזינדיגט האסטו פאר זיי גאט גיבעטין, אזוי שטיי אויף יעצט אונ בעט פאר כל ישראל, דאס דער חודש אדר, וואס מיר טוען יעצט בענטשין, זאל גיבענטשט ווערין פון גאט ב"ה, אונ אזו ווי צוליב דיין זכות האט השי"ת גימאכט רעגינען דעם מן פון הימל, אזוי זאל ער יעצט אויף אונז רעגענען שפע ברכה אונ הצלחה אין אלע אונזערע ווערק. אונ מיר זאלען חלילה צו קיין פרעמדין טיש ניט דארפין אנקומען, אונ עס זאל פול ווערין אונזערע אוצרות מיט זאטקייט, אונ אויך אונזערע
הענד זאלען פול ווערין מיט גוטס ברכה, אמן.

נאכהער זאגט מען דעם יהי רצון אונ מי שעשה נסים ווי
ווייטער שטייט (נאך אלע חדשים'דיגע תחנות).

ווען מ'בענטשט ראש חודש **אדר** זאל מען די תחנה זאגען.

אויך ווען מ'בענטשט **אדר שני** זאגט מען אויך דאס.

**אל** רחום וחנון עזרה בצרות נמצא מאד, גאט דער בארמיגער אונ לייטזעליגער, דער דא אין לייד ווערסטו צו איין הילף געפונען, מיר קומען יעצט בענטשען אונ הייליגען דעם חודש אדר. דו האסט אין אים גיטאן וואונדער צו דיין הייליגע פאלק דורך מרדכי היהודי אונ אסתר המלכה, ווען המן הרשע איז אויף גישטאנען צו פאר טיליגען, הארגענען אונ מאכין פאר לירען דיין פאלק ישראל זרע אברהם פון גרוים ביז קליין, אונ דו מיט דיין גרוים דער בארימקייט, האסטו זיי גיטאן נור איבער שרעקין אבער ניט שטראפען, דען דו האסט גיחתמת די גזירה מיט א חתימה פון ליים, אונ ווען די אידען האבען פאר דיר תשובה גיטאן, האסטו זיי גישטעלט מושיעים ומצילים פון דער צרה, מרדכי היהודי ואסתר המלכה, דאס זיי האבען די גזירה מבטל גיוועזן. אונ המן הרשע מיט זיינע קינדער זיינען אויף דער תליה גיהאנגען גיווארין, אזוי אויך רבונו של עולם, העלף צו אונזער גיבעט פון זייער זכות וועגין, אונ בענטש אויף אונז דעם חודש צו גוטען, אונ גיב אין דעם הארץ פון דעם מלך יר"ה מיט זיינע

---

שערי ציון

מען נאר ניט די פעלדער, אונ די פירות דרום דארף זיין א בעשטימטער טאג וואס עס וואקסט איז הפקר צו צלעמען, ראש השנה פאר די בוימער, אז די דארף מען קיין מעשרות ניט געבען, פירות וואס האבען גיבליהט פאר חמשה

פאר דעם וואס ער האט דעם שטיין גישלאגען ער זאל וואסער געבין, ער האט בעדארפט נור רייידין צום שטיין, אזו ווי דו האסט אים גיבאטען, בכדי אידין זאלען פון דעם נעמען אלערנונג, מה דאך אויף אשטיין האט גיווירקט רייד, ער זאל טאן דעם רצון הבורא, אפשיטא אויף אמענשין דארף געווים ווירקען דברי מוסר ותוכחה, ווען אפילו זיין הארץ איז הארט ווי אשטיין, ניט מ'זאל אים דארפען שלאגען מיט אשטעקן, דאס הייסט ברייננען אויף אים יסורים, נאכהער וועט ער ערסט טאן תשובה. דרום טוט אונז אגרויס פארכט אונ ציטערניש אננעמען, ווען מיר טוען זיך דאס בעטראכטען אין אונזער הארץ, וואס פאר עונות אונ חטאים אונ פשעים מיר האבען גיטאן, מה דאך דו האסט משה רבנו ע"ה ניט נושא פנים גיוועזן, איז דאך שוין געווים געגען אונז, וואס מיר זיינען פול מיט זינד. אוי לנו כי נואלנו, וויי איז אונז, דען מיר זיינען פאר נארישט גיווארין.

משה ימליץ טוב בעדנו בר"ח **אדר**.

קום שטיי אויף משה רבנו אונ עפין אויף די טויערין פון הימיל ארייינצולאזין אונזערע תפלות ובקשות וואס מיר טוען יעצט בעטין, אונ זעה דיינע שאף (די ישראל) וואס דו האסט זיי גיפאשעט אין דער מדבר, אונ האסט פון זיי פיל צער געליטען, זיי שטייען יעצט מיט אביטער הארץ אונ אצובראכען געמיט, אונ פאדערין פון דיר דאס דו זאלסט פון זייערט וועגין בעטין דעם מלך מלכי המלכים הקב"ה, דאס ער זאל אונז בענטשין דעם חודש אדר צו אלעם גוטין, אונ זאל אונז עפינען די טויערין פון רחמים אונ די טויערין פון חן, אונ די טויערין פון לעבין אונ פון גיזונד אונ פון פרנסה אונ הצלחה, אזוי ווי אין פסוק שטייט (יפתח ה' לך את אוצרו הטוב), גאט וועט דיר עפינען זיין גוטין אוצר, דאס אלעם זאל גאט טאן וועגין דיין זכות, דאס דו ביזט א שליח גיוועזן ארויס פירען אונז פון מצרים אונ גינעהענט אונז צוא דעם בארג סיני, אונ גיגעבן אונז די הייליגע תורה לערנען אונז די הייליגע מצות, אונ האסט גיהאט

---

שערי ציון

שני, פידען קיין ירושלים. עסין דאס פערטען אונ דעם פינפטען יאהר איז בקדושת מעשר שני, אונ דעם דריטען מעשר ראשון אונ מעשר שני אונ דעם יאהר איז מעשר ראשון אונ מעשר עני ועקסטען מעשר ראשון אונ מעשר עני, (פאר ארעמע לייט), אונ אזוי ווייטער דעם דעם זיבעטין יאהר איז שמיטה ארבייט

אוּם שְׁטֶערְקִין דַיין הֵיילִיגֶען אָרוּם צוּ נֶעמֶען מַיין תְּשׁוּבָה, כִּי אַתָּה רַב חֶסֶד וּמַרְבֶּה לִסְלוֹחַ, דֶען דוּ בִּיסְט פוּל מִיט חֶסֶד אוּנ רַחֲמִים הָאבּ אוֹיף אוּנְז רַחֲמָנוּת, אָמֵן סֶלָה.

רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם. וֶוען מִיר קוּמֶען פַאר דִיר יֶעצְט בֶּענְטְשִׁין אוּנ הֵיילִיגֶען דֶעם חוֹדֶשׁ „שְׁבָט״ וָואס אִין דֶעם פוּפְצֶענְטֶן טָאג פוּן דֶעם חוֹדֶשׁ אִיז רֹאשׁ הַשָּׁנָה צוּ דִי בּוֹימֶער א) , גֶדֵיינְק אוּנְז דֶעם זְכוּת דָאס מִיר טוּעֶן דֶעם טָאג דִיר לוֹיבֶּען אוֹיף דִי פֵּרוֹת פוּן דִי בּוֹימֶער, בִּזְכוּת זֶה בֶּענְטְשׁ לִיבֶּער גָאט דִי פְּרוּכְט פוּן דִי בּוֹימֶער, דָאס זֵיי זָאלֶען אוּם צִיהֶען זֵייעֶר בְּלִיאוּנְג, אוּנ זָאלֶען מַאכֶען וַואקְסֶען הַיינְטִיגֶם יָאר זֵייעֶרֶע פֵּרוֹת צוּ עֶרְקְוִויקֶען דֶעם מֶענְשִׁין, אוּנ אוֹיךְ בַּאהִיט דַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל דָאס דִי קֶעלְט פוּן דֶעם חוֹדֶשׁ זָאל זֵיי נִיט שַׁאדֶן, אַלֶע דִי וָואס פָאהְרִין אִין וֶועג זָאל זֵייא נִיט בַּאגֶעגְנֶען דֶער טוֹיט פוּן דִיא קֶעלְט, אוּנ זָאלְסְט זֵיי פִירֶען אוֹיף דֶעם גְלַייכֶען וֶועג. דָאס זֵיי זָאלֶען נִיט פַאר אִירְט וֶוערִין דוּרְךְ דֶעם שְׁנֵיי אִין אַ שְׁלֶעכְטֶע וֶועג, אוּנ אוֹיךְ דִי יוּדִישֶׁע קְלֵיינֶע קִינְדֶער וָואס אִין שְׁטָאט זֶענֶען, זָאל זֵיי נִיט שַׁאדֶען דִי קֶעלְט, עֶס זָאל זֵיי חָלִילָה צוּ קֵיין שְׁלַאפְקַייט נִיט בְּרֵיינְגֶען, וּבִזְכוּת וָואס מִיר וֶועלִין מַאכֶען פִיל בְּרָכוֹת אוֹיף דִי פֵּרוֹת צוּ לוֹיבִּין דַיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען, זָאלְסְטוּ שִׁיקֶען דַיין בְּרָכָה מִיר זָאלֶען הָאבֶּען שָׁלוֹם אוּנ פַּרְנָסָה טוֹבָה אוּנ דִי גְאוּלָה אוֹיף כָּל יִשְׂרָאֵל אָמֵן כֵּן יְהִי רָצוֹן.

נָאכְהֶער זָאגְט מֶען דֶעם יְהִי רָצוֹן אוּנ מִי שֶׁעָשָׂה נִסִּים ווִי ווַייטֶער שְׁטֵייט (נאך אלע חדשים/דינע תחנות).

וֶוען אַיין עִבּוּר יָאר זָאגְט מֶען דִי תְּחִנָּה וֶוען מ׳בֶּענְטְשְׁט ר״ח אֲדָר רִאשׁוֹן.

מֶלֶךְ בְּמִשְׁפָּט יַעֲמִיד אָרֶץ אֲשֶׁר לֹא יִשָּׂא פָּנִים וְלֹא יִקַּח שׁוֹחַד, קֶענִיג דֶער דָא הָאט מִיט רִיכְט גִישְׁטֶעלְט דִי וֶועלְט, עֶר אִיז נִיט נוֹשֵׂא פָּנִים קֵיינֶעם, אוּנ נֶעמְט נִיט קֵיין שׁוֹחַד, אוּנ אִיז מְדַקְדֵּק מִיט זַיינֶע צַדִיקִים אוֹיף אַ הָאר, מִיר קוּמֶען יֶעצְט דֶעם חוֹדֶשׁ אֲדָר בֶּענְטְשִׁין אוּנ הֵיילִיגֶען, דָאס אִין דֶעם חוֹדֶשׁ אִיז מֹשֶׁה רַבֵּינוּ ע״ה גִישְׁטָארְבֶּען

שַׁעֲרֵי צִיּוֹן

א) אִין דִי עארְבֶּעטֶע לֶענְדֶער (די ארץ ישראל) שׁוֹין אָן צוּ בְּלִיהֶען פוּן יֶעצְט, אוּנ וַוייל אנ ז׳ ג׳) אִיז בִּיז חֲמִשָּׁה עָשָׂר דִי מַעַשְׂרוֹת וָואס מְדַארְף אָב שֵׁיידֶען בִּשְׁבָט שׁוֹין גֶענַאנְגֶען דִי גְרֶעסְטֶע טֵייל פוּן דִי פֵּרוֹת אִיז נִיט אַלֶע יָאהר גְלַייךְ, רֶעגִין פוּן דֶעם יָאהר, אִיז שׁוֹין אַרוֹיף דֶער דִי עֶרְסְטֶע צְווֵיי יָאהר פוּן שְׁמִיטָּה נִיט שְׁבָט (ואפפ) אִין דִי בּוֹימֶער אוּנ זֵיי הוֹיבֶען מֶען מַעֲשֵׂר רִאשׁוֹן (רש לוי) אוּנ מַעֲשֵׂר

חען מען בענשט ראש חודש שבט זאגט מען די תחנה.

יהי רצון מלפניך יי אלהינו ואלהי אבותינו, עס זאל זיין דער ווילען
פאר דיר אונזער גאט אויך דער גאט פון אונזערע עלטערין, דו
זאלסט אויף אונז בענטשין דעם חודש שבט, אונ עס זאל פאר דיר
דער מאנט ווערין דער זכות פון משה רבנו עליו השלום,
דאס איידער ער איז געשטארבען (ז' אדר) האט ער אין דעם חודש
אן גיהויבען איבער חזרין מיט די אידין די תורה, וואס ער האט זיי
גילערינט, אונ האט זיי גיזאגט טיפע אונ ווארימע מוסר דאס זיי זאלען
אין רעכטין וועג גיין, רבונו של עולם, וויי איז צו אונז. דאס מיר
האבין יעצט ניט קיין נביא, דאס ער זאל אונז זאגען מוסר אויף
אונזערע בייזע מעשים אונ זאל אונז דעם גוטען וועג ווייזען, אונ ווען
מיר טוען זיך אליין בעדאכטען אונזערע חטאים ועונות ופשעים וואס
מיר האבין געזינדיגט אונ פאר קרימט די רעכטע וועג, טוט אונז אן
חאפין אציטערניש אונ אפארכט. מיר ווייסין ניט וויא אונזער פנים
צו פאר שטעלין מחמת גרויס שאנדע, וואו זאלין מיר זיך פאר
בארגין, וואו זאלען מיר פון דיין גרים צארין אנטלויפען, זאלען מיר
גאנץ הויך מיט אלופט באלאן פליהען, ביסטו אויך דארטען, זאלען
מיר אין דער טיפעניש פון דער ערד גיין, ביסטו אויך דארטען, זאלען
מיר אין טיפעניש פון ים שווימען, וועסט מיך דארטען אויך דיין האנד
טרעפין, אונ ווען איך וועל מיר טראכטין, דאס פינצטערניש וועט
מיך צוא דעקין דאס דוא וועסט מיך ניט זעהן. שטייט אין הייליגע
שריפטען (גם חושך לא יחשיך ממך) קיין פינסטערנים איז פאר דיר
גאט ניט פינסטער, אונ די נאכט איז פאר דיר ליכטיג. דרום רבונו
של עולם, האב איך ניט וואו צו לויפען נור צו דיר אליין, דו זאלסט

מעשה אלפס

ער צו שפאלטין דעם נוס אונ געגעבען
אהאלבען שאלעכטש דעם אונ אהאלבען דעם,
אונ די יאדרע האט ער צו גענומען פסק
געלט, אזוי איז די יאדרע פון קארטען
חנוכה, וואס דאס ווייזט וויא ווייט אונזערע
עלטערין האבען געליבט די תורה דאס
האט דער יצר הרע צו גענומען, אונ פאר
דיי האט ער געלאזען דעם שאלאכץ,
שפילען גאנצע נעכט זין קארטין אונ נאך



מיט א הוספה מחול על הקודש וויפיל
וואכין נאך חנוכה אונ וויפיל וואכין פאר
חנוכה, אלזא דארף יעדע קלוגע פרוי
זעהען אויס צו ראטען דעם קארטען
שפיל פון איר שטוב, אונ אריין ציהען
אין איר שטוב אנשטאט דעם די ליכטיגקייט
פון דער תורה, לערנען די גרויסע וואונדער
אויוועגדין הייליגע ספרים, ווי מנורת
המאור, מעשה אלפס, אונ דאס גלייכען.

רבונו של עולם זייער זכות אונ דער בארים זיך איבער אונז, שיק אונז דעם גואל צדק במהרה בימינו אמן. דער צווייטער אונגליק האט אונז אין דעם חודש גישעהן, דאס דעם צענטען טאג אין חודש האט נבוכדנצר מלך בבל באלאגערט מיט זיינע חילות אויף אונזער קרוין שטאט ירושלים, וויי איז אונז, וויי איז צו אונזערע יארין, דאס עס איז צו גינומען גיווארען די קרוין פון אונזער קאפ, איז דרום טוען מיר אלע יאהר אין דעם טאג איין תענית פאסטין, בכדי השי"ת זאל זיך אויף אונז דער בארימען אונ אומקערין אונז צו אונזער לאנד. ווידער אגרויסער אונגליק, דאס דעם פערצענטן טאג אין חודש האט מען אין שפניא אן גיטאן גרויסע יסורים אונ נאכהער פארברענט ניין הונדערט פופציג אידען, רבונו של עולם (הלעד יעשן אפך)? צו ביז אייביג וועט דען דיין גרים צארין אויף אונז ברענען? ערוועק שוין דיין דער בארימקייט ופדה אלהים את ישראל מכל צרותיו, ער לייז גאט דיין פאלק ישראל פון אלע זייערע צרות, אונ אויך מיין מאן אונ מיינע קינדער צווישען זיי, אונ אזוי ווי דו האסט ארויף גיגאסין גרויס חן אויף אסתר המלכה בעת זי איז גינומען געווארן אין דעם חודש צום קעניג אחשורוש, אזוי זאלסטו אויף אונז געבין דיין חן וחסד, אונ אונזער מזל זאל אויף גערייבט ווערין, צו אלעם גוטען, אמן ואמן, כן יהי רצון.

נאכהער זאגט מען דעם יהי רצון אונ מי שעשה נסים ווי ווייטער שטייט (נאך אלע חדשים'דיגע תחנות).

---

מעשה אלפס

געמיינט אז מען שפילט אין קארטען, אונ דאס האבין דאך די שונאים געוואלט, אז אידין זאלין אוועק ווארפין זייער תורה אונ ווערין קארטעוויניקעם, האט מען זיך מיט דעם אב גערעטעוועט. ווי די שונאים זיינען אוועק האט מען די קארטין צוריק ארונטער געלייגט אונטערין טישטאך אונ ווייטער גענומען ריידען אין לערנען, איז דאך חנוכה די קארטען א פאטעש ווי וויט די תורה איז געווען טייער ביי אינזערע עלטערן, אז זיי האבען געזוכט אלע מיני התחכמות נור ווי צו פערבלייבען ביי די תורה, אם ענדע קומען די אונוויסענדע מענשין אונ לעשין אוים מיט די קארטין די נאנצע ליבע צו דער תורה, וואס איז אונז געבליבען פון אונזערע עלטערין בירושה, אונ די התמדה וואס אונזערע עלטערין האבין געהאט צו די תורה לערנען איר נאנצע נעכט, ברייננען זיי אוים די די גאנצע נעכט אין קארטין שפיל, אונ א ווארט תורה וויל מען אין מויל ניט נעמען, דער יצר הרע האט מיט זיי געמאכט ריכטיג ווי דער פוקס מיט'ן קאקעם נום, 2 חיות האבען אמאל געפונען אין וואלד אגרויסען קאקעם נום, דער זאגט כולה שלי אונ דער זאגט כולה שלי, האט דער זעהען דער פוקס ווי זיי רייסין זיך, זאגט ער איך וועל מאכין א פשרה, האט

חען מבענטשט ראש חודש **טבת** זאגט מען דאס:

**אלהים** ברב רחמיך הושיענו מצרותינו, ליבער גאט מיט דיין גרויס ערבארימקייט העלף אונז פון אונזערע צרות, ווען מיר קומען פאר דיר יעצט דעם חודש „טבת" הייליגען און בענטשן, דאס אין דעם חודש איז אברהם אבינו געשטארבען, דרום רבש"ע גידיינק אונז זיין זכות, דאס ער האט זיך גילאזט אין קאלך אויבען ווארפען פון וועגין דיין ליבען נאמן, ווען נמרוד הרשע איז אויף גישטאנען אויף אים, אזוי האסטו געשיקט דיין הילף עם זאל קילין דאס פייער פון דעם קאלך אויבען, און אברהם זאל ניצול ווערין (ניט קיין מלאך איז געשיקט געווארען צו העלפין אים נור השי"ת אליין, ווי אין מדרש שטייט), אזוי רבונו של עולם זאלסטו באהיטען אונז אלע חדשים פון אגאנץ יאהר, פון שריפות ומגפות און היזיקות, דאס עס זאל ניט שולט זיין אין קיין שטוב מאחינו בני ישראל קיין פייער און קיין שום שרעק, נור עס זאל לייכטין אונזער מזל ווי דער מארגען שטערין אין הימעל, און ווי די זוהן אין מיטין טאג, דאס קיין שונא זאל איבער אונז ניט דער פרייט ווערין.

**אל** פודה מכל צרה, גאט וואס ער ערלייזט זיין פאלק ישראל פון אלע לייד, ווען מיר קומען פאר דיר יעצט דעם חודש טבת בענשן, דאס אין דעם חודש זיינען אונז פיל אונגליקען גישעהן, איינס איז דאס דעם ניינטין טאג זיינען גישטארבען עזרא הסופר און נחמיה בן חכליה, וואס זיי האבען דעם אנדערין בית המקדש געבויט, און האבין די אידען פון דעם גלות בבל ארויס גינומען, יעצט דער מאן אונז

מעשה אלפס

דער יצר הרע) איז א מצוה צו שפילין אין קארטין, אלזא ווילין מיר ערקלערען פיר אונזערע קלוגע שוועסטער, די שייכות פון חנוכה צו קארטין, בכדי זיי זאלין זיך איבער צייגין דעם טעות פון דעם. בעת אנטיוכוס האט גוזר געווען אז מ'זאל ניט לערנען, און ווען מ'וועט געפינען א קאמפאניע זיצין און לערנען וועט מען זיי אום ברייגען. איז אידין דאן געווארען פינסטער און ביטער, ווייל איין איד אן תורה איז ריכטיג ווי א פיש אן וואסער, וואס קאבין די ערליכע אידין געטאן? האט מען זיך צוזאמען געקליבען לערנען תורה שבעל פה (משניות און תלמוד) וואס דאס האט מען פארצייטען ניט געטארט שרייבין, נור לערנען אויס ווייניג, זיינען גיזעסען קאמפאניעס און מ'האט געלערינט, און אום צו פארהיטען פון איין אנפאל, פילייכט וועט מען בעפאלען און געפינען לערנענדיג, האט מען גענומען א שאליע קארטין און מ'האט דאס צו טיילט יעדערין מטליכע, און מ'האט דאס געהאלטין אונטערין טישטאך, און אז מען איז בעפאלען און מ'האט געפונען א קאמבאניע, האט מען

נפסיונג

גִיוָוארִין מִיט טְרֵייפֶע קִיכִין אוּנ מִיט שְׁלֶעכְטֶע גִידַאנְקֶען אִין אֱמוּנָה. אוּנ נוּר דֶער קְלֵיינֶער קְרִיגֶעלֶע בּוֹימָל, דִי בִּיסֶעלֶע אִידִין וָואס הָאבִּין זִיךְ גִיהַאלְטִין פֶּעסְט בַּיי דִי הֵיילִיגֶע תּוֹרָה אוּנְטֶערִין שׁוּץ פוּן מַתִּתְיָהוּ כֹּהֵן גָדוֹל זַיינֶען גֶעבְּלִיבֶּען. אָבֶּער דָאס אִיז נוּר גִיוֶוען צוּ בֶּעלַייכְטִין אִידִישֶׁע מְנוֹרָה אוֹיף אֵיין טָאג, מָארְגִין וָואלְט ווִידֶער זַיין פִינְסְטֶער, דִי בִּיסֶעלֶע עֶלְטֶערֶע אִידֶען וָואלְטֶען אוֹיס שְׁטַארְבֶּען אוּנ עֶס וָואלְט בְּלַייבִּין דֶער גַאנְצֶער יוּגִינְד פַארְפִירְט אִין אַ פִינְסְטֶערֶע שְׁלֶעכְטֶע וֶועג, הָאבְּטוּ גִיטָאן וואוּנְדֶער אִיבֶּער וואוּנְדֶער, אַז דִי בִּיסֶעלֶע שְׁוַאכִינְקֶע, אָבֶּער פַייעֶרְדִיגֶע אִידִין וָואס הָאבִּין זִיךְ מוֹסֵר נֶפֶשׁ גִיוֶוען פַאר דֶעם כָּבוֹד הַבּוֹרֵא אוּנ פַר דֶעם כָּבוֹד פוּן אוּנְזֶער תּוֹרָה הָאבִּין גִיזִיגְט אַזוֹי פִיל מִילְיָאנֶען שְׁטַארְקֶע חוֹלִיגַאנֶעם, אוּנ הָאבֶּען גִיבְּרַאכְט אַזַא גְרוֹיסֶע תְּשׁוּעָה פַאר אִידֶען, סַיי אִין גוּף, אִידִין זַיינֶען אַרוֹיס פוּן דִי אַייזֶערְנֶע הַאנְד פוּן אַנְטִיוֹכוּס אוּנ זַיינֶען גִיבְּלִיבֶּען זֶעלְבְּסְט-שְׁטֶענְדִיג עֶרֶךְ צְווֵיי הוּנְדֶערְט יָאהר אוּנְטֶער אֵייגֶענֶע מְלָכִים, אוּנ סַיי אִין דֶער נְשָׁמָה, זֵיי הָאבִּין גִישַׁיינְט אַגְרוֹיסֶע צַייט בִּיז וַואנֶען עֶס אִיז גִיוָוארֶען פוּן דָאס נַיי שֶׁמֶן טָהוֹר, דָאס הֵייכְט אוֹיף גִימוּנְטֶערְט דִי פַארְלָאשֶׁענֶע פִינְסְטֶערֶע הֶערְצֶער, אוּנ אַרַיין גִיבְּלָאזְן אִין זֵיי הֵיילִיגֶע פוּנְקֶען בִּיז עֶס אִיז מְקוּיָּם גִיוָוארֶען (וּלְכָל בְּנֵי יִשְׂרָאֵל הָיָה אוֹר בְּמוֹשְׁבוֹתָם). אַלְזָא וָואלְסְטוּ אוּנְז הֶעלְפִין צִינֶדען אוּנְזֶער הֵיילִיגֶע לִימִינַאצְיֶע מִיט גְרוֹיס שְׁטָאלְץ אוּנ מוּטָה אוֹיף אוּנְזֶער גְרוֹיסִין נִצָּחוֹן וָואס אוּנְזֶער קֶערְפֶּער אִיז גֶעווֶוארִין צִיכְטִיג, אוּנ אוּנְזֶער נְשָׁמָה אִיז גִיוָוארִין לִיכְטִיג, אוּנ וָאלְסְט אוּנְז אוֹיךְ הֶעלְפִין הַאלְטִין דִי הֵיילִיגֶע טֶעג הֵיילִיג נִיט מְטַמֵּא זַיין זֵיי מִיט לֵיצָנוּת אוּנ קָארְטִין שְׁפִּילִין1), נוּר לוֹיבִּין דַיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען מִיט פְרֵייד אוּנ מִיט הֵיילִיגֶע גִידַאנְקֶען, אָמֵן.

די הֵיילִיגֶע מִצְוָה פוּן „בֶּענְשִׁין הֲנוּכָּה לִיכְט" זַיינֶען וַוייבֶּער אַ'יךְ מְחוּיָּב, דְרוּם וֶוען דֶער מַאן אִיז אִין וֶועג, דַארְף דִי אִשָּׁה אַלֵיין בֶּענְשִׁין הֲנוּכָּה לִיכְט:

---

מעשה אלפס

1) דִי גְרוֹיסֶע אוּנְגְלִיקֶען וָואס שְׂבְרוֹת אוּנ קָארְטִין הָאבִּין גֶעבְּרַאכְט אוֹיף דֶער וֶועלְט, אִיז דִי פֶּעדֶער נִיט אִימְשְׁטַאנְד אוֹיס צוּ שְׁרַייבִּין, פִיל עֲשִׁירִים זַיינֶען דוּרְךְ דֶעם גִיוָוארִין אֶבְיוֹנִים אוּנ גֶעשְׁטָארְבֶּען אִין פְרֶעמְדֶע תְּבָרִיכִין, פִיל הָאבֶּען זִיךְ דוּרְךְ דֶעם אַלֵיין אַמִיתָה אָן גֶעטָאן, הַכְּלָל דִי מֶענְשְׁהַייט הָאט דוּרְךְ דֶעם פַארְלָארִין אִיר שְׁטָאלְץ קְלֵייד, אוּנ זִיךְ אָן גֶעצוֹיגֶען שַׂ"ק בְּמָתְנָיו (שַׂ"ק מַאכְט, שְׂבְרוֹת קָארְטִין), צוּא אוּנְזֶער גְרוֹיסֶען בֶּעדוֹיעֶרוּנְג הָאט דֶער יֵצֶר הָרָע אַרַיין גִישְׁלֶעפְּט אִין דִי קָארְטִין פִיל אָרִינְטְלִיכֶע אִידִישֶׁע מֶענְשְׁן, אוּנ דִי הַתְחָלָה הָאט עֶר גִימַאכְט פוּן חֲנֻכָּה. חֲנֻכָּה וָואנְט

בוימל) נור איין קריגעלע וואס איז געווען פארזיגל'ט מיט די חתימה פון כהן גדול, עס איז אבער געווען אן צו גיסן די מנורה נור אויף איין נאכט, האסטו געטאן א נס אז דער קליינע קריגעלע איז געווארן ווי א קוואל און האט געגעבן פון זיך בוימל אויף גאנצע אכט טעג ביז מען האט געבראכט פון גאנץ ווייט שמן טהור. דער נס איז געווען צו ווייזן די חביבות, ווי ווייט השי"ת האט ליב אידען בעת זיי אפפערן זיך צו היטן די תורה, אזוי אויך ליבער גאט זאלסטו ערוועקן דיין רחמנות צו טאן מיט אונז נסים ונפלאות, מיר זאלן קענען היטן דיין תורה מיט אפרייליכע הארץ, און זאלסט דער לייכטן אונזער מזל אין דעם חודש מיט געזונד און פרנסה, און מיר זאלן זוכה זיין צו צינדען ליכט אין בית המקדש במהרה בימינו, אמן.

• נאכהער זאגט מען דעם יהי רצון און מי שעשה נסים וויא ווייטער שטייט (נאך אלע חדשים'דיגע תחנות).

# א תחנה לחנכה (נאכן אנצינדען חנוכה ליכט).

דער בארמיגער פאטער, דער מאן אונז דעם זכות פון דעם צדיק מתתיהו כהן גדול, וואס ער האט זיך דער ערשטער מוסר נפש געווען און געהרג'ט דעם שר פון אנטיוכוס וואס האט דאן געגייט אידין עסין טרפות און דעם זכות פון די צדיקת "יהודית" דאס דו האסט איר געמאכט פאר אגוטין שליח ראטעווען דיינע קינדער, זי האט דעם שר פון אנטיוכוס חיל די קאפ ארונטער גענומען. דרום זאלין זיי זיין גוטע מליצים אז דער בורא זאל אונז געבין פארשטאנד אביין נעמען אין גידאנקען אז די קליינע לימינאציע (נרות חנוכה), זאל אביין שיינען אין אונזער הארצין שטאלץ און גרוים מוטה, ווייל דער פייעריל פון יעדער חנכה ליכטעלע איז ווי אשטערין אין הימל, הגם ער ועט אוים קליין אבער באמת איז יעדער שטערין אגרויסע וועלט. די געשיכטע פון קריגעלע בומיל האט געוויזען, אז דער בית המקדש איז די ציפער בלאט פון אידישען זייגער וואס ווייזט שטענדיג ווי די פאלק האלט, אז מ'האט געפונען אין בית המקדש אלע בומיל טמא, איז אבעוויז אז אנטיוכוס מיט זיין חיל וואס זיינען דאן אנגישטאנען אויף אידען אראב פירען זיי פון גראדע וועג, האבען שוין געהאלטען גאנץ ווייט אין דער ארבייט, זיי האבען שוין מטמא געווען אלע הייליגקייט פון אידין, דער גרעסטער טייל אידין זיינען שוין טמא

געווארן

איז עשו, און דער אינגערער איז יעקב, און לבן האט צווי טעכטער די עלטערע לאה און די אינגערע רחל, געווים וועט לאה פאלין אין דעם גורל פון עשו הרשע, און רחל וועט פאלין אין דעם גורל פון יעקב, דרום פלעגט אונזער מוטער לאה וויינען און קלאגין, און דו גאט האסט איר מזל דערהויבין, און זי איז צו יעקב גינומען גיווארין, און האט אין דעם חודש כסלו איר ערשטין זון ראובן געבוירין. — טרייע מוטער לאה, שטעל זיך פאר דעם כסא הכבוד בעטין פאר דיינע קינדער, און אויך פאר מיר דיין טאכטער (פלונית בת פלוניה) דאס איך און מיין מאן זאלען זוכה זיין מגדל צו זיין אונזערע קינדערלאך, און אונזערע טעכטער זאלין חלילה ניט אריין פאלין אין דעם גורל פון מאנען רשעים, און עס זאל דער הויבין ווערין דער מזל פון אונזער פרנסה, דאס מיר זאלין זיי קענען געבין גוטע און פרומע מאנען, דאס זיי זאלין גוטע און פרומע קינדער האבין, אמן.

אתה האל עושה פלאות, דו גאט וואס דו טוסט וואונדער אלע צייט, מיר קומען פאר דיר יעצט בענטשין און היילגען דעם חודש כסלו, דאס דו האסט אין דעם חודש גיטאן גרויסע וואונדער, אין די טעג פון מתתיהו כהן גדול חשמונאי מיט זיינע קינדער, ווען אנטיוכוס הרשע איז אויפגישטאנען אויף דיין פאלק ישראל, צומאכין פארגעסין זיי דיין היילגע תורה, און אראב פירין זיי פון אידישע וועג, ער האט ארוים גיגעבין גרויסע גזרות אויף אידען, זיי זאלין ניט מל זיין זייערע קינדער, און ניט היטין קיין שבת, און פירין אטרייפע קיך, און האבען אריין גישטעלט זייערע געצין בילדער אין בית המקדש און מטמא גיוועזן אלע היילגע כלים מיט אלע בוימלען פון היכל, איז אידען דאן גיוועזן פינסטער און ביטער, און דו מיט דיין גרויס רחמנות ביזט דו זיי גיקומען צו הילף און האסט איבער גיגעבין די גרויסע מחנה העלדין פון אנטיוכוס אין די הענד פון די שוואכע אידין, וואס זיינען גיוועזן אויס גימארעט פון ניט פארזוכין אלאנגע צייט אלעפיל פליסיגע וואסער (ווייל זיי האבין קיין טריפות נים גיוואלט עסין), נאכהער פיר און צוואנציג טעג אין כסלו זיינען אידען אריין אין בית המקדש און ארוים גיווארפין די געצין בילדער מיט די טומאות און האבין אלס מטהר גיוועזן און אנגיפאנגען טאן די עבודה בקדושה. ווי זיי זיינען גיקומען פארנאכט אנצינדין די מנורה האבין זיי ניט גיפונען קיין שמן טהור (ריינע כשרה

ווייל דער שָׂטָן טאַנצט נאָך עַד הַיּוֹם צְווישֶׁען אוּנְז, מאַכֶען אַ שִׂנְאָה פוּן אַיין בְּרוּדֶער צוּם אַנְדֶערִין אוּנ עוֹבֵר צוּ זַיין אוֹיף דִי שְׁבוּעָה וואס השי"ת הָאט אוּנְז בַּאשְׁוואָרִין (דורך משה רבינו ע"ה) מִיר זָאלִין לִיבּ הָאבִּין אֵיינֶער דֶעם צְווייטִין, אוּנ פַאר דֶעם נִיט הִיטִין דָאס, לַיידִין מִיר זֵייעֶר פִיל, אוּנ אִין דֶעם חוֹדֶשׁ מַרְחֶשְׁוָן (י בו) אִיז צִדְקִיָּהוּ (דער לעצטער אידישער קעניג) גִישְׁטְרָאפְט גִיוָואְרִן, ווייל עֶר הָאט עוֹבֵר שְׁבוּעָה גִיוֶועִן, אוּנ נְבוּכַדְנֶאצַּר (דער קעניג פון בבל) הָאט גִישָׁאכְטִין זַיינֶע קִינְדֶער פַאר אִים אִין דִי אוֹיגִין, אוּנ נאָכְהֶער הָאט עֶר אִים בְּלִינְד גִימַאכְט. אוּנ אִין שְׁפֶּעטֶערְדִיגֶע צַייטִין (שנת ה' תם, יז חשוון בעיר גראל) זַיינֶען אוּים גִיהַרְגֶת גִיוָואֶרִען צְוֶועלְף טוֹיזִינְד אִידֶען אוֹיף קִדּוּשׁ הַשֵּׁם, אוּנ אִין וְעֶקֶם אוּנ צְוַואנְצִיגְסְטֶען מַרְחֶשְׁוָן (שנת ה' נב) הָאט מֶען אַרוֹיס גִיטְרִיבֶּען אִידִין פוּן אֵיינְגְלַאנְד, אוּנ דֶעם זֶעלְבִּין טָאג (שנת ה' קנד) הָאט מֶען אַרוֹיס גִיטְרִיבֶּען אִידִין פוּן פְרַאנְקְרַייךְ, אוּנ דָאס אִיז אַלְס פַאר דִי עֲבֵירָה פוּן שִׂנְאַת חִנָּם ווָס זִיא הֶערְשְׁט נאָך צְווישֶׁען אוּנְז, זָאל השי"ת דֶער מָאנֶען דֶעם זְכוּת פוּן בִּנְיָמִין הַצַּדִּיק, ווָאס עֶר אִיז נִיט גִיוֶועִן אִין דִי עֵצָה פוּן מְכִירַת יוֹסֵף, אוּנ הָאט גִינוּמֶען אַרוֹיסִין אַנְטֵייל אִין יַעֲקֹב אָבִינוּ'ס צַעַר, אוּנ הָאט זַיינֶע קִינְדֶער נֶעמֶען גִיגֶעבִּין נאָך דִי צָרוֹת פוּן זַיין בְּרוּדֶער יוֹסֵף, זָאל זַיין זְכוּת מֵגִין זַיין, אַז מִיר זָאלִין שׁוֹין אַוֶועק וַוארְפִין קִנְאָה אוּנ שִׂנְאָה, דאדוּרְךְ וֶועלִין מִיר פוּן אוּנְזֶערֶע צָרוֹת נִצּוֹל וֶוערִין, אוּנ דֶער חוֹדֶשׁ מַרְחֶשְׁוָן זָאל גִיבֶּענְשְׁט וֶוערִין אוֹיף אוּנְז אוּנ אוֹיף כְּלַל יִשְׂרָאֵל צוּם לֶעבִּין אוּנ גִיזוּנְד וּפַרְנָסָה מִיט אַלֶעם גוּטִין, אָמֵן.

נאָכְהֶער זָאגְט מֶען דֶעם יְהִי רָצוֹן אוּנ מִי שֶׁעָשָׂה נִסִּים
וויא וַוייטֶער שְׁטֵייט (נאך אלע חדשים'דיגע תחנות).

ווֶען מ'בֶּענְשְׁט ר"ח כִּסְלֵו זָאגְט מֶען דאס.

אֵל מֶלֶךְ יָחִיד שַׁלִּיט בְּעוֹלָמוֹ, אֵיינְצִיגֶער קֶענִיג דֶער ווָאס גִיוֶועלְטִיגְט אוֹיף דִי גַאנְצֶע וֶועלְט, מִיר קוּמֶען יֶעצְט בֶּענְשִׁין אוּנ הֵיילִיגֶען דֶעם חוֹדֶשׁ כִּסְלֵו, דָאס אִין דֶעם חוֹדֶשׁ הָאט אוּנְזֶער מוּטֶער לֵאָה אִיר עֶרְשְׁטִין זוּן רְאוּבֵן גֶעבּוֹירִין (דעם פערצענטען טאג אין חודש), רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, דוּ טוּסְט דֶער הוֹיבִּין אַלֶע נִידֶערִיגֶע, אוּנ טוּסְט בַּאגְלִיקֶען דִי אוּנְגְלִיקְלִיכֶע, דֶער מָאן אוּנְז דֶעם זְכוּת פוּן אוּנְזֶער מוּטֶער לֵאָה, ווָאס זִי הָאט פִיל טְרֶערִין פַאר גָאסִין, זִי זָאל אִין דֶעם גוֹרָל פוּן עֵשָׂו נִיט פַאלִין, דֶען לַייט פְלֶעגִין זָאגִין, יִצְחָק הָאט צְווֵיי זִין, דֶער עֶלְטֶערֶער

גִישְׁרַייְעַ מוּטֶער רָחֵל פוּן דַיין קֶבֶר, אוּנ עֶפִין אוֹיף דִי טוֹיעֶרִין פוּן רַחֲמִים, אוּנ דֶערְוֶועק דִי דֶערְבַּארִימְקַייט פוּן דֶעם אַלְמֶעכְטִיגֶען גָאט, דָאס עֶר זָאל שׁוֹין מְמַלֵא זַיין וָואס עֶר הָאט דִיר צוּגֶעזָאגְט, דֶען אַז מְ'הָאט דִי יוּדִין אִין גָלוּת גֶעפִירְט, נִיט וַוייט פוּן דֶעם קֶבֶר פוּן אוּנְזֶער מוּטֶער רָחֵל, הָאבִּין דִי יוּדִין זִיךְ-אוֹיס גִיבֶּעטִין בַּיי דֶעם שׂוֹנֵא, מְ'זָאל זֵיי לָאזִין גֵיין אוֹיף אִיר קֶבֶר, אוּנ וִוי דִי יוּדִין זַיינֶען גֶעקוּמֶען אוֹיף דֶעם קֶבֶר, אוּנ הָאבִּין אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ שְׁרַייעֶן אוּנ צוּ וֵויינֶען מִיט אַ בִּיטֶער גִישְׁרֵיי, מוּטֶער מוּטֶער! וִוי קָאנְסְטוּ דָאס צוּ זֶעהְן, אַז מְ'זָאל אוּנְז פִירֶען אִין גָלוּת אַרַיין, אוּנ מְ'זָאל אוּנְז אָנְטָאן אַזוֹי פִיל יִסוּרִים, אַזוֹי אִיז אוּנְזֶער מוּטֶער רָחֵל אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען צוּ הַשי"ת מִיט אַ בִּיטֶער גֶעשְׁרֵיי אוּנ זָאגְט, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, דַיין רַחֲמָנוּת אִיז דָאךְ פִיל גְרֶעסֶער וִוי דִי רַחֲמָנוּת פוּן אַ בָּשָׂר וָדָם, אִיךְ הָאבּ רַחֲמָנוּת גֶעהַאט אוֹיף מַיין שְׁוֶועסְטֶער לֵאָה, וֶוען מַיין פָאטֶער הָאט פַארְבִּיטֶען, אוּנ הָאט זִי גִיגֶעבִּין צוּ מַיין מַאן יַעֲקֹב אוֹיף מַיין אָרְט, אוּנ הָאבּ אִיר אוֹיס גֶעזָאגְט דִי סִימָנִים וָואס מַיין מַאן הָאט מִיר אִיבֶּער גִיגֶעבֶּען, כְּדֵי מַיין מַאן זָאל מֵיינֶען, אַז אִיךְ בִּין דָאס, וֶוען אוֹיךְ דִי זַאךְ אִיז מִיר זֵייעֶר שְׁוֶוער גֶעוֶועזֶען, נָאר פוּן וֶועגִין דִי רַחֲמָנוּת אוֹיף מַיין שְׁוֶועסְטֶער הָאבּ אִיךְ דָאס גֶעטָאן, אוּנ דוּ גָאט בִּיזְט דָאךְ אַ רַחוּם וְחַנוּן, בֶּעדַארְפְסְטוּ אַוַדַאי רַחֲמָנוּת הָאבֶּען אוֹיף מַ'ינֶע קִינְדֶער, דַאן הָאט אַ שְׁטִימֶע פוּן הִימֶל גִיעֶנְטְפֶערְט, דוּ הָאסְט רֶעכְט, אִיךְ וֶועל דַיינֶע קִינְדֶער אַרוֹיסְצִיהֶען פוּן אַלֶע צָרוֹת, אוּנ אִיךְ וֶועל זֵיי אַרוֹיסְנֶעמֶען פוּן זֵייעֶר פַּיין, אוּנ הֶעלְפִין זֵיי עֶוִויג. אַלְזָא, דֶערְוֶועק זִיךְ יֶעצְט אוֹיךְ מוּטֶער רָחֵל, אוּנ שְׁטֵיי אוֹיף פוּן דַיין קֶבֶר, אוּנ שְׁטֶעל זִיךְ פַאר דֶעם כִּסֵא הַכָּבוֹד, אוּנ בֶּעט פַאר דַיינֶע קִינְדֶער, וָואס זֵיי זַיינֶען גֶעגְלִיכֶען צוּ שֶׁעפֶעלַאךְ וָואס בְּלָאנְזֶענֶען אִין דֶער מִדְבָּר צְוִוישֶׁען חַיוֹת, דָאס השי"ת זָאל אוֹיף זֵיי רַחֲמָנוּת הָאבֶּען אוּנ בֶּענְשִׁין דֶעם חוֹדֶשׁ מַרְחֶשְׁוָן לִבְרָכָה וְהַצְלָחָה, אָמֵן.

עוּרָה נָא, עֶרְוֶועק זִיךְ בִּנְיָמִין דֶער זָאהְן פוּן יַעֲקֹב אָבִינוּ, שְׁטֶעל זִיךְ בַּיי דֶער רֶעכְטֶער הַאנְד פוּן דַיין מוּטֶער רָחֵל אוּנ הֶעלְף אִיר בֶּעטִין פוּן דֶעם בַּעַל הָרַחֲמִים, אַז דֶער חוֹדֶשׁ מַרְחֶשְׁוָן, וָואס דוּ בִּיסְט גִיבּוֹירִין גִיוָוארִין אִין אִים (יא בו), זָאל דַיין זְכוּת אוּנְז בַּיישְׁטֵיין, וֶוען עֶס קוּמְט פַאר אַקְטְרוּג אוֹיף אִידֶען אִיבֶּער דִי זִינְד פוּן "מְכִירַת יוֹסֵף", וָואס דִי בְּרִידֶער הָאבִּין פַאר קוֹיפְט זֵייעֶר בְּרוּדֶער פַאר אַקְנֶעכְט,

ווייל

דעם ערכטען בית המקדש (ווי עס שטייט געשריבען אין מלכים א׳ ו). — טרייער פאטער, אז איך דער מאן זיך מיט וואס פאר א ליבשאפט זיינען דיינע קינדערלאך אין דעם חודש צו געבונדען געווארען צו דיין תורה, ווייל זייערע אויגען האבען געזעהען, אז דורך זייער עולה לרגל זיין, זיינען זיי גיבענשט גיווארען מיט דיין השגחה פרטית, יעדער פאמיליע קומענדיג צו הויז (פון ירושלים) האבען זיי געפונען זייער גאנצען פערמעגען אין ארדנונג ווי זיי האבין געלאזין, שטאדעס שאף וואס האבען זיך געפיטערט אין די וועלדער אונ קיין וואלף האט זיי ניט אנגערירט, עופות זיינען ארום געגאנגען ארום שטוב, ארום די גערטנער אונ קיין רייסענדע פויגעל האט זיי ניט צו ריסין, מאגאזינען תבואות, שראנקען מיט זילבער אונ גאלד אונ קיינער האט ניט אן גערירט, הגם עס זיינען געווען שלעכטע שכנים ארום ארץ ישראל, וואס האבען געשארפט די ציינער אויף אידישע רייכקייט אונ אויף די לאנד, אונ בעת אידין זיינען אוועק קיין ירושלים עולה לרגל זיין, האבען דאך די שלעכטע שכנים געהאט אגוטע געלעגענהייט זיך אריין צו כאפען אונ צו גענומען אלעס. אונ אויך איין גענומען פיל שטעט (פון ארץ ישראל) אונ באזעצין זיך אין זיי. פון אידין איז דאך קיינער ניט געבליבען אין די הייזער, טו ווער האט זיי געהיט? דיין השגחה האט זיי געהיט. ווי דו האסט מבטיח געווען (ולא יחמוד איש את ארצך בעלותך לראות) קיינער וועט ניט געלוסטען דיין לאנד אונ דיינע רייכקייט. ווען דו וועסט גיין געזעהען ווערין פאר דעם בורא עולם אין בית המקדש, היינט אז אלע אידין פון קליין ביז גרויס האבין גיזעהען אין דעם חודש מיט זייערע אויגען אז די תורה איז מן השמים (ווייל אמענש קען דאך ניט שרייבען אזא זאך וואס געגין די נאטור) ווי ווייט איז דאס באליבט גיווארין דיין תורה אונ דיין הייליגער נאמען, פון גרויס תשוקה וואס מיר וואלטין דאס אויך וועלין זעהען, בעט איך דיין רחמנות דו זאלסט אונז שיקען דעם גואל צדק, ער זאל אונז פירען מיט שטאלץ אין אונזער לאנד, אונ בויע אונז דעם דריטען בית המקדש מיט דיינע אייגענע הענד. בכדי ער זאל עוויג האבען א קיום. אונ דארטען וועלען מיר דיר דינען בקדושה, מיט גרויס ליבשאפט ווי מיר האפען. — אין דעם חודש מרחשון האט פאסירט נאך וויכטיגע זאכין, דעם עלפטין טאג אין אים האט אונזער מוטער רחל געבוירין איר זוהן בנימין, אונ ווייל זי איז שווער צו קינד גיגאנגען, איז זי פון דער וועלט אוועק גיגאנגען, בעטין מיר שטיי אויף

ניטרייע

הימעל, געדיינק אן דיין וויין גארטען דאס דו האסט געפלאנצט מיט דיין הייליגע האנד. - שטעל אויף מלך המשיח אונ זעה די עדה פון גאט, דער וועק דיין משפט פאר דיין הייליגען פאטער פון הימעל, אונ זאג פאר אים רבונו של עולם, ביז ווי לאנג וועסטו זיי פאר לאזין, איך בעט דיר אז מיינע יסורים וואס איך לייד, זאל זיין א פאר געבונג אויף די זינד פון די ישראל, איך בעט דיר גאט וועק אויף דיין חסד צו דיין הייליגע פאלק ישראל, דו ביזט דאך דער קעניג איבער דער גאנצער וועלט, וואס דאס לעבין אונ דער טויט איז נאר אין דיינער מאכט, דו ביסט ממית ומחיה, קיין אנדער גאט איז ניט פארהאנדין אויף דער וועלט אונ אויף יענער וועלט, דו ליבער גאט, דו דער נידערסט דעם מענשין אז ער גייט ניט אין דעם רעכטין וועג, אונ דו דער הייבסט דעם מענשין אז ער טוט תשובה אונ נעמט אויף זיך צו גיין אין גוטען וועג, דו שטראפסט אונ דו היילסט, מיין בטחון איז נור אויף דיר, וואס דו פירסט דיך געגין דעם מענשין מיט די שלש עשרה מדות פון רחמים, אמן:

# תחנה בזכות אמהות.

זכור געדיינק אונז דעם זכות פון שרה רבקה רחל ולאה, איבער דעם זכות פון זייערע גוטע מעשים, זאלסטו פאר נעמען מיין גיבעט אונ זאלסט בענייען דעם חודש וואס מיר טוען יעצט בענשין צו גוטעס אונ צו ברכה, אונ דו זאלסט אונז געבין א לעבין פון פריד. לעבין פון ברכה, לעבין פון פרנסה אונ שטארקייט אין אונזערע ביינער, מיר זאלען פחד האבען צו טאן איין עבירה, מיר זאלען ניט ווערין פארשעמט פאר קיינעם, מיר זאלען האבען נחת אונ כבוד, מיר זאלען אין זיך האבען ליבשאפט צו דער תורה, אונ מורא פאר השי"ת, אונ זאלסט דער פילען די פערלאנגען פון אונזער הארצען צו גוטען, צוליב דעם זכות פון דער תפלה פון רבים, אמן סלה:

ווען מ'בענשט ר"ח מרחשון זאגט מען די תחנה.

רבון כל העולמים, הער פון אלע וועלטין, וואס דו הארכסט צו די גיבעט פון אלע מענשין, מיר קומען יעצט בענשין אונ הייליגען דעם חודש "מרחשון" דאס אין דעם חודש האט שלמה המלך פארענדיגט

אונ זייגען מעורר מיט זייערע תפלות די אבות הקדושים זיי זאלען אויך
בעטין רחמים פאר דיר.

עורו דער וועקט זיך אבות, פון די קברים אונ גייט צום כסא הכבוד,
בעטין רחמים אויף די ביסעלע שאף וואס איז געבליבען פון
שלאכט, קום שטיי אויף אברהם בעט ביי אונזער הימלישען פאטער
וואס לעבט אייביג, ער זאל געדיינקען דעם ברית בין הבתרים, וואס
ער האט דיר מבטיח געוועזען אז דיינע קינדער וועלען זיין אזוי ווי
שטערין אין הימעל, אונ ווען זיי האבען געזינדיגט, בעט ביי השי"ת,
זאג מיט געוויין אזוי, ליבער גאט געדיינק וואס איך האב זיך מוסר
נפש געוועזען אונ האב זיך געלאזט ווארפען אין קאלך אויבין, וועגין
דיין היילינגען נאמען, אונ האב מקדש השם גיוועזען, זאל דאס מגין זיין
פאר מיינע קינדער. קום שטיי אויף יצחק אבינו, וואס דו ביסט
גיבונדען גיווארען אויף דעם מזבח אונ בעט אויף אונז רחמים פאר גאט
וואס זיצט אויף דעם כסא רחמים, ער זאל רחמנות האבען צו ליב די
שרעק וואס דו האסט געהאט אויף דעם מזבח, זאל דאס זיין א פאר
געבונג אויף דיינע קינדער וואס זייגען שולדיג מיתה ח"ו.— קום שטיי
אויף אונזער פאטער יעקב, אונ בעט פאר דעם היילינגען גאט, דאס
ער דער הערט דאס געבעט פון אלע מענשין, אונ בעט אויף דיינע
שאף, וואס דו האסט זיך מוסר נפש געוועזען פון זייערט וועגין, אויב
זיי האבען געזינדיגט אונ זיי זייגען חייב גלות, אזוי געדיינק ליבער
גאט, אז איך בין געגאנגען פון מיין פאטערס הויז אונ האב זיך פאר
דונגען ביי לבן, אונ האב אים געדינט ערינסט אז עס האט מיר גיברענט
ביי טאג די היץ אונ ביי נאכט די קעלט.— קום שטיי אויף משה
רבנו אונ בעט פאר גאט אויף די קינדער ישראל, אונ איך בעט דיר
ווארהאפטיגער נביא וואס דו ביסט געוועזען א פאטער צו די קינדער ישראל,
אונ אויך אין דר מדבר אז זיי האבן געזינדיגט, האסטו איין געשטילט דעם
גרים צארען פון גאט, זיי זאלען ניט פארלענדעט ווערין, דרום שטיי
אויף אונ בעט פאר גאט, ער זאל ניט פאר דארבען דיין פאלק, וואס
דו ביסט געוועזען זייער שליח אוים צו ציהען זיי פון מצרים אונ פירען זיי
אין זייער לאנד אריין, וואס גאט האט צו זיי געשווארען, זאג פיר
השי"ת אזוי, גידיינק ליבער גאט דאס איך בין פאר זיי געלאפין אין
דער מדבר, כדי עס זאל זיי קיינער ניט קענען בייז טאן, דו גאט פון

# אַ נַייעֶ תְּחִנָּה פוּן ראֹשׁ חוֹדֶשׁ בֶּענְטְשִׁין.

רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, ווִי אַזוֹי זָאל אִין מִיר נִיט צוּבְּרָאכִין ווֶערִין מַיין הַארְץ, ווֶען אִיךְ דֶער מָאן זִיךְ אַז דֶער בֵּית הַמִקְדָשׁ אִיז גִישְׁטַאנֶען, הָאט דֶער כֹּהֵן גָדוֹל יוֹם כִּפּוּר גִיטָאן דִי עֲבוֹדָה אִין קָדְשֵׁי קָדָשִׁים, אָבֶּער אִיצוּנְד בַּעֲווֹנוֹתֵינוּ הָרַבִּים, הָאבִּין מִיר נִיט קַיין בֵּית הַמִקְדָשׁ, אוּנ נִיט קַיין כֹּהֵן גָדוֹל, אוּנ נִיט קַיין קָרְבָּן, עֶס זָאל אוֹיף אוּנְז מְכַפֵּר זַיין, הָאבִּין מִיר קַיין אַנְדֶער מִיטֶעל נִיט, נוּר אוּנְזֶער תְּפִלָּה פַאר דִיר גָאט, פַארְנֶעם זִי לִיבֶּער בַּאשֶׁעפֶּער, אוּנ גִיבּ אוּנְז פַּרְנָסָה טוֹבָה, אַז אִיךְ זָאל קֶענֶען מְפַרְנֵס זַיין לוֹמְדֵי תוֹרָה אוּנ צְדָקָה גֶעבִּין צוּ עֲנִיִים וְאֶבְיוֹנִים הֲגוּנִים, אוּנְזֶערֶע עֲשִׁירוּת זָאל נִיט זַיין צוּ גַאֲוָה טְרַייבִּין כְּדֵי מִיר זָאלִין נִיט הֶערְשִׁין אִיבֶּער דִי עֲנִיִים, (פותח את ידך) גָאט בָּרוּךְ הוּא דוּ עֶפִינְסְט דַיין פוֹלֶע הַאנְד, אוּנ שְׁפַּייזְט דִי גַאנְצֶע ווֶעלְט, (אב הרחמן יהיו לרצון אמרי פי) מַיין גִיבֶּעט זָאל זַיין בַּאווִילִיגְט פַאר דִיר פוּן מַיין צוּ בְּרָאכִין הַארְץ, עֶס זָאל זַיין פַאר דִיר גְלַייךְ ווִי אִיךְ וָואלְט גִיבְּרַאכְט אַיין קָרְבָּן, אוּנ ווֶען חַס וְשָׁלוֹם אִיךְ הָאבּ שְׁלֶעכְטֶעס גִיטָאן, זֶעה מַיין צוּבְּרָאכֶן הַארְץ דוּרְךְ ווֵיינֶען אוּנ שְׁרַייעֶן, אַ מֵלִיץ טוֹב זָאל מַמְלִיץ זַיין פַאר אוּנְז, אוּנ ווֶען חַס וְשָׁלוֹם אִיךְ בִּין נִיט ווֶערְט, אַז אִיךְ זָאל מִתְפַּלֵל זַיין, פַארְזִיכֶער אִיךְ מִיר אוֹיף דִיר, דוּ טוּסְט דָאךְ (חסד לאלפים) דַיין גִינָאד אִיז צוּ פִיל טוֹיזִינְדֶער דוֹרוֹת, פַארְנֶעם דִי תְּפִלָּה פוּן (פלונית בת פלונית) זָאלִין מַיינֶע טְרֶערִין נִיט פַארְגָאסִין ווֶערִין אוּמְזִיסְט, דֶער מִדַת הַדִין זָאל ווֶערִין גִיאַיינְצִיגְט מִיט מִדַת הָרַחֲמִים, אוּנ עֶס זָאל דָאס יָאר קוּמֶען דֶער גוֹאֵל צֶדֶק, אוּנ גָאט זָאל גֶעבִּין מִיר זָאלִין דֶערְלֶעבִּין, אַז אִין אוּנְזֶערֶע טֶעג זָאל דֶער בֵּית הַמִקְדָשׁ גִיבּוֹיט ווֶערִין, אוּנ דֶער כֹּהֵן גָדוֹל זָאל טָאן דִי עֲבוֹדָה אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ, אוּנ אִיךְ (פלונית בת פלונית) מִיט אַלֶע נָשִׁים צִדְקָנִיּוֹת. זָאלִין מִיר דֶער לֶעבִּין דָארְטִין מִתְפַּלֵל צוּ זַיין, דִיא זְכוּיוֹת פוּן דִי אִמָהוֹת שָׂרָה רִבְקָה רָחֵל וְלֵאָה זָאלֶען זַיין מְלִיצֵי יוֹשֶׁר פַאר כָּל יִשְׂרָאֵל בִּמְהֵרָה בְיָמֵינוּ. אָמֵן סֶלָה.

# נָאךְ אַנַייעֶ תְּחִנָּה פוּן ראֹשׁ חוֹדֶשׁ בֶּענְטְשִׁין.

הַשְׁקִיפָה קוּק אַרָאבּ פוּן דֶעם הִימֶעל אוּנ זֶעה ווִי דַיין הֵיילִיגֶע פָאלְק יִשְׂרָאֵל שְׁטֵייעֶן אוּנ טוּעֶן תְּפִלָּה מִיט צוּ בְּרָאכֶענֶע הֶערְצֶער.

---

שערי ציון

דִי סַנְהֶדְרִין בֶּעשְׁטִימֶען ראֹשׁ חוֹדֶשׁ נִיסָן, ראֹשׁ חוֹדֶשׁ, אָדֶער זֵיי גִיבֶּען צוּ אַ חוֹדֶשׁ דַאן אִיז דֶער פוּפְצֶענְטֶער טָאג פֶּסַח, אָדֶר שֵׁנִי ווֶערְט דֶער פֶּסַח אָבּ גֶערוּקְט אָבֶּער ווֶען דִי סַנְהֶדְרִין הָאבֶּען מָארְגֶען ווַייטֶער אוּנ אַזוֹי אַלֶע יָמִים טוֹבִים.

אב היטען פון שלעכטע חברים און חברתת און זיי מגדל זיין צו גוטע מדות און אהבת התורה, מיר זאלען זיי קענען געבין חתנים אידישע מענשין וואס ליבען די תורה, און בענש דעם חודש עס זאל חלילה ניט שולט זיין אין אונזערע הייזער קיין שלאפקייט און קיין שריפות און קיין אומשטאנד חלילה, און די טראגעדיגע פרויען זאלסטו דערבארימען מיט דיין גרויס רחמנות זיי זאלען אריבער גריגג, ניט מפיל זיין חלילה, און ווען עס וועט קומען זייער צייט צו געווינען זאלסטו שיקען דיינע גוטע מלאכים היטן זיי פון אלעם בייזין, זאלסט עפענען זייער טויער פון געווינען, אז דער קינד זאל ארויס גיין גרינג אין אגוטע אמזלדיגע שעה, און עס זאל חלילה ניט טרעפין קיין שום מכשול ניט די מוטער ניט דעם קינד, און די וואס זייגען קינדער זאלסטו משפיע זיין, עס זאל זיי ניט פעלין קיין מילך, און זאלסט שיקען אליהו הנביא אונז מבשר זיין אז דער מלך המשיח גייט, פירען אונז מיט שטאלץ אין אונזער הייליגע לאנד במהרה בימינו, אמן.

א תפלה אויף פרנסה מען זאל קענען היטען תורה ומצות.

זכור דערמאן אונז ליבער גאט דעם זכות פון אונזער פאטער יעקב, אז פון וועגין די ברכות האט ער גימוזט אנטלויפען פון עשו, ער זאל אים ניט טויטין, און ער האט געליטען צוויי און צוואנציג יאר און האט גילערינט די תורה בקדושה, דרום זאלסטו אונז מציל זיין פון פיין און גלות, אז מיר זאלען ניט דארפען חלילה זיין נע ונד אין פרעמדע לענדער, און אזוי ווי דו האסט געשיקט גוטע מלאכים, דאס זיי האבען אים גיבראכט די שאף פון לבן וואס עס האט גיהערט על פי דין און יושר צו אים, נור לבן האט אים ניט גיוואלט געבין, אזוי זאלסטו אונז ליבער גאט שיקען גוטע מלאכים צו ברייגגען אונז שפע אין אונזער פרנסה, און גאר די ברכות וואס אונזער פאטער יעקב איז גיבענשט גיווארען פון זיין פאטער יצחק, זאלן אלע אין אונז גישעהן, מיר זאלין קענען עוסק זיין אין אידישקייט מיט אהייליגען געפיל אמן.

---

שערי ציון

(ווייל דאן איז געוועזן שבת) און אין פולין מצרים), דרום רופט זיך דער ערשטער פראכט איז ז' ארויס דעם ערשטען טאג טאג פסח אויך מיטן נאמען "שבת" פסח, וואס דאן זיינען העבער ווי א (וספרתם לכם ממחרת השבת), דער פילאן אידן ארויס ביד רמה (לעיני כל זארט שבת, ווענדעם זיך אן אונז, ווען

מִיט אַהַ״בָע שְׁטִימֶע ״מְקוּדָשׁ, מְקוּדָשׁ״ (גֵיהֵייליגְט, גֵיהֵייליגְט) בִּכְדֵי אַז אַלֶע זָאלֶען ווִיסֶען, אַז דִי נִסִים וְנִפְלָאוֹת וֶועלְכֶע זִיךְ אִין אוּנְזֶערֶע מַעֲשִׂים, נָאכְהֶער ווִי דִי סַנְהֶדְרִין הָאבִּין דָא גֵיהֵייליגְט דֶעם טָאג רֹאשׁ חוֹדֶשׁ הָאט מֶען שׁוֹין אִין הִימֶל גֵיהֵייליגְט דִי ״רְגָלִים״, לְמָשָׁל דֶעם פּוּפְצֶעטֶען טָאג אִיז פֶּסַח, אוּנ וֶוען דִי סַנְהֶדְרִין הָאבִּין דָא גֵיהֵייליגְט ר״ח תִּשְׁרֵי, הָאט מֶען שׁוֹין אִין הִימֶל גֵיהֵייליגְט דֶעם צֶעהְנְטֶען טָאג פַאר יוֹם כִּפּוּר (פאר איום סליחה ומחילה), אוּנ דִי סַנְהֶדְרִין (פון ירושלים) הָאבִּין פַאר נָאנְדֶער גֵישִׁיקְט יְדִיעוֹת אִין אַלֶע אִידִישֶׁע שְׁטֶעטְווֶען מְ׳הָאט בַּאשְׁטִימְט רֹאשׁ חוֹדֶשׁ, בִּכְדֵי מְ׳זָאל ווִיסֶען וֶוען צוּ מַאכִין דִי רְגָלִים. אַז אִיךְ דֶער מָאן זִיךְ דָאס אַלֶעם, וָואס פַאר אַכָּבוֹד עֶס אִיז דַאן גֵיוֶוען פַאר דֶער תּוֹרָה אוּנ פַאר אִידִין אוּנ אִיבֶּער הוֹיפְּט דֶער כָּבוֹד אוּנ דִי עֶרְדֶע פַאר אוּנְז נָשִׁים, וָואס רֹאשׁ חוֹדֶשׁ אִיז גֵיגֶעבִּין גֵיוָוארִין פַאר אוּנְז יוֹם טוֹב נִיט צוּ טָאן קַיין וַוייטִיגֶע מְלָאכָה (חוץ שטוב ארבײם חי יו״ם), צוּ תַּיְיזֶען אַז מִיר שְׁטֵייעֶען הֶעכֶער אִין אַפַּרְט פוּן דִי מַאנְס לַייט, מִיר הָאבֶּען נִיט גֵיגֶעבִּין אוּנְזֶערֶע צִירוּנְג צוּ מַאכֶען דֶעם עֵגֶל, אוּנ צוּ בּוֹיעֶן דֶעם מִשְׁכָּן הָאבֶּען מִיר אָב גֵיגֶעבִּין, חַאפְּט מִיר אַגְרוֹיס גֵיווִין, ווִי מִיר זַייעֶן יֶעצְט אַרָאבּ גֵיפַאלִין פוּן אַזַא הוֹיכֶע מַדְרֵגָה אִין אַזַא טִיפֶן אָבְּגְרוּנְד, אָהֲ וֶועה אִיז צוּ אוּנְזֶערֶע בֵּייזֶע מַעֲשִׂים וָואס זֵיי הָאבִּין דָאס מִיט גֵיבְּרָאכְט. דְרוּם בֶּעט אִיךְ דִיר לִיבֶּער הַארְצִיגֶער פַאטֶער, דוּ זָאלְסְט אָן נֶעמֶען אוּנְזֶער בֶּענְשִׁין רֹאשׁ חוֹדֶשׁ, וָואס מִיר הֵיילִיגֶען דֶעם חוֹדֶשׁ אִין דִי לֶענְדֶער פוּן אוּנְזֶער גָלוּת, גְלַייךְ ווִי דִי סַנְהֶדְרִין וָואלְטֶען אִים גֵיהֵייליגְט אִין יְרוּשָׁלַיִם עִיר הַקוֹדֶשׁ, אוּנ זָאלְסְט אִים בֶּענְטְשֶׁען אוֹיף אוּנְז צוּ לֶעבֶּען אוּנ גֵיזוּנְד מִיט פַּרְנָסָה פוּן דַיין מִילְדֶע דֶערְבַּארִימִיגֶע הַאנְד, מִיר זָאלֶען נִיט דַארְפֶען אָנְקוּמֶען צוּ אַמֶענְשִׁינְס הַאנְד, אוּנ הֶעלְף מִיר מִיט מַיין מַאן מְגַדֵל זַיין אוּנְזֶערֶע קִינְדֶערְלַאךְ, זֶעהְן פוּן זֵיי פִיל נַחַת, אוּנ הֶעלְף אוּנְז מִיר זָאלֶען הָאבֶּען בְּרֶוַוח זֵייעֶרֶע שְׂכַר לִמּוּד אוּנ קְלֵיידוּנְג, אוּנ אוֹיף אַלֶע זֵייעֶרֶע הִצְטָרְכוּת, מִיר זָאלֶען זֵיי קֶענֶען מְגַדֵל זַיין צוּ דַיין הֵיילִיגֶע תּוֹרָה אוּנ מַעֲשִׂים טוֹבִים, אוּנ אוּנְזֶערֶע טֶעכְטֶער זָאלֶען מִיר

שערי ציון

גֶעוָוארֶען דֶעם עֶרְשְׁטֶען שַׁבָּת, אוּנ נִיט אָב רוּקֶען אוֹיף אַיין אַנְדֶער טָאג מַאכֶען שַׁבָּת זוּנְטָאג, אָבֶער דִי אִיבֶּער-נָאכְדִיקֶע תַּקָנָה וָואס זִי אִיז בְּעֶשַׁאפִין מִיר קָאנֶען אִים גֵיהֵייליגְט פוּן בּוֹרֵא, גֶעבְּלִיבֶּען לִיגֶען אִין הִימ׳ל-אַרְחִיוֶוע, אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ דֵיישְׁטֶעוָוען הָאט זִי עֶרְשְׁט דֶעם צֶוֶענְטֶע טָאג נִיסָן ״שַׁבָּת הַגָּדוֹל״

אין צאל פון חדשים רעכינט זיך תשרי דער זיבעטער חודש און דער
ערסטער חודש איז ניסן, ווייל אין אים איז געוועזן יציאת מצרים און
עס האט זיך אנגיהויבן נסים פון די איבערנאטירליכע הנהגה.
ליבער גאט, אז איך דער מאן זיך דעם פאראד וואס איז געווען ביי
ראש חודש בענטשין (קדוש החודש), בעת אידען זיינען
גיזעסין אויף זייער לאנד, אגרויסער פלאץ איז גיוועזן אין ירושלים
מיטין נאמען „בית יעזק" דארטען פלעגין זיך פאר זאמלען אלע עדות
(וואס האבען פארינגען אווינד גיזעהן דעם מולד הלבנה) און לאחר חקירה ודרישה
(אויב זיי האבען זיך נים טועה גיוועזן) האט מען גימאכט פאר זיי אגרויסען באל
פאר זייער טרחה צו גיין אזא מהלך ביז ירושלים, נאכהער האבין זיך
די סנהדרין אויף גיקליבען און נאכין פונאנדער ריידין צווישען זיך
די ריכטיגקייט פון דער זאך מיט גרויס כבוד און ענוה וואס די גרויסע
צדיקים האבען גישעצט איינע די אנדערע, ווי די תורה מערקט אן
ביי די מצוה פון קדוש החודש וואס השי"ת האט גיהייסען משה
רבנו לערנען אידען (דברו אל כל עדת ישראל לאמר) איר ביידע „משה
ואהרן" זאלען ריידען, צוא אידען, פרעגט רש"י (וכי אהרן היה מדבר?)
האט דען אהרן גירעט צו אידען? עס שטייט דאך (אתה תדבר) דו משה
זאלסט ריידן, ענטפערט רש"י באמת האט נור משה גירעט צו אידן,
נור דער שטייגער איז ביי זיי גיוועזן, משה האט גיזאגט צו אהרן
(למדני) לערין מיר, און אהרן האט גיזאגט צו משה לערין מיר, האט
אוים גיזעהען ווי דער דבור איז ארוים פון ביידן, צו לערנען אונז, אז
אלע מענשין זאלען זיך פירין מיט ליבשאפט און ענוה, ווי די צוויי
ליבע ברידער האבין זיך גיפירט, און אויף דעם זאגט דוד המלך
(הנה מה טוב ומה נעים שבת אחים גם יחד) אזא פיהרונג איז גוט און שיין פאר
גאט און לייט, און נאכין ענדיגען זייער פלפול האבין זיך אלע
גישטעלט און דער עלטסטער פון זיי האט גיזאגט „מקודש החודש"
דער טאג איז גיהייליגט פאר ראש חודש און די איבעריגע סנהדרין
מיט די גאנצע פובליק (וואס זיינען דארטען גישטאנען) האבין גיענטפערט

שערי ציון

געווארען בששת ימי בראשית, ווענדעט
זיך אן בורא ברוך הוא, ער האט
פאראָרדינט עס זאל זיך שטענדיג אזוי

מעשה אלפס

מארך די אמונה בה' אחד, און דאס וועט
אונז פירען אויף די וועג פון לעבען און
פון גליק.

פירען (ויעמידם לעד לעולם חק נתן ולא יעבור). דריבער איז דער טאג שבת

דו האסט ערשיינט פאר די גאנצע פאלק (מיליאנען מענשין) אויף דעם
בארג סיני, אונ האסט גירעדט מיט זיי פנים אל פנים אונ זיי גיגעבען
דיין תורה, דו האסט זיי גיפירט פערציג יאר אין אוויסטין מדבר אונ
זיי גישפייזט מיט מן פון הימל, מיט וואסער פון אשטיין וואס האט זיך
מיט זיי מיט גיקייקילט וואו הין זיי זיינען גיגאנגען, אונ באדעקט זיי
מיט אבאליגאן פון ענני כבוד, אונ איבער גיגעבין אין זייער האנד די
גרעסטע מלכים (סיחון מלך האמורי אונ עוג מלך הבשן), וואונדער איבער
וואונדער וואס האט ניט פאסירט זינט די וועלט שטייט, אונ צום
אנדיינקונג פון די גרויסע וואונדער וואס דו האסט גיטאן צו דיין פאלק
האסטו גישטעלט גייסטליכע פאמעטניקם, ווי דוד המע"ה זאגט (זכר
עשה לנפלאותיו חנון ורחום ה') דער גנעדיגער גאט האט גימאכט
אנדיינקונגען צו זיינע וואונדער 1), (פסח) איז אפאמעט אויף די
וואונדערליכע היסטאריע פון יציאת מצרים, (שבועות) איז אפאמעט
אויף די וואונדער פון מתן תורה, (סכות) איז אפאמעט אויף די
פערציג יאהריגע רייזע אין דער מדבר, וואס מיר האבין קיין
נאטירליכע שוץ גיהאט נור אונטער זיין סוכה פון די ענני כבוד.
טרייער פאטער. פון דיין גרויס ליבשאפט צו אונז, האסטו גיוואלט
ווייזין פאר אלעמען אז די איבערנאטירליכע הנהגה איז
איבער גיגעבען צו אונז אין האנד, אז דורך אונזערע גוטע מעשים
זיינען מיר מעורר שפע ברכה אויף דר וועלט. האסטו פארארדינט
אז בענטשין ראש חודש, דאס הייסט בעשטימען וועלכין טאג זאל זיין
ראש חודש ווענדעט זיך אן די סנהדרין אין ירושלים א), אונ אויך האסט
דו ליבער פאטער פארארדינט אז אונזערע חדשים זאלען זיך ניט
רעכענען ווי ביי אלע אומות פון אן הויב יאהר, ביי אונז איז ניט
אזוי, הגם דער נאטירליכער יאהר הויבט זיך אן פון תשרי, אבער

---

מעשה אלפס

1) דער גנעדיגער אונ ערבארמיגער גאט וואס ער וויל דעם גליק פון זיינע בריאים זיי זאלען זיך פירען אין גוטען וועג, נור וויל ניט אלע מאל לוינט צו ווייזען נסים ונפלאות, ווייל עס וועט פאלען דער קורס פון די מעשים טובים, ווי עס איז גוט ערקלערט אין פרק דער יחוס פון פורים (מעשה אלפס חלק ח') דרום האט ער גישטעלט גייסטליכע פאמעטניקעס (דאס זיינען די רגלים) זיי זאלען אונז דערמאנען אונ פארשטעלין פאר די אויגען די נפלאות וואס אונזערע עלטערין האבען גיזעהען אונ האבען דאס איבער גיגעבען צו לבן. וועט אין געקריצט ווערען אין אונזער

שערי ציון

א) שבת בראשית, וואס דאן האט אנגעהויבען צו פירען זיך די נאטירליכע הנהגה וואס איז בעשאפען געווארען

[illegible]

וּמַנְהִיגוֹ, דֶער בַּאשֶׁעפֶער אוּנ דֶער פִירֶער. אוֹיךְ הָאסְטוּ גִישְׁרִיבֶּען אִין דַיין תּוֹרָה (וַיְכַל אֱלֹהִים בַּיּוֹם הַשְּׁבִיעִי מְלַאכְתּוֹ אֲשֶׁר עָשָׂה), דֶעם זִיבֶּעטֶען טָאג הָאסְטוּ פַארֶענְדִיגְט דֶעם פַּאסְאַן פוּן דַיין אַרְבֶּעט, אִיז דָאס אַרְמֶז, אַז שַׁבָּת הָאסְטוּ אוֹיךְ וָואס גִיטָאן, צוּ לֶערְנֶען אוּנְז אַז אִין דִי זֶעקְס טֶעג אִיז נוּר בַּאשַׁאפֶען נִיוָוארֶען דִי הַנְהָגַת הַטֶּבַע וָואס זִי וָוענְדֶעט זִיךְ נִיט אָן קֵיינֶעם נוּר אָן דַיין רָצוֹן, אָבֶער שַׁבָּת הָאסְטוּ בֶּעשַׁאפֶן אַיין אִיבֶּער נַאטִירְלִיכֶע הַנְהָגָה וָואס זָאל קֶענֶען צוּ שְׁטֶערֶען דִי גַאנְצֶע הַנְהָגַת הַטֶּבַע אוּנ פִירֶען אִיבֶּער נַאטִירְלִיךְ, דָאס אִיז אַיין הַנְהָגָה וָואס אִיז הֶעכֶער פוּן דִי הִימְלֶען, נוּר אוּנְטֶער דַיין כִּסֵּא הַכָּבוֹד. אוּנ דָאס אִיז אִיבֶּער גִיגֶעבִּין צוּ דִי מַעֲשִׂים פוּן דַיין הֵיילִיגֶע פָאלְק יִשְׂרָאֵל, וִוי דוּ שְׁרַייבְּסְט אִין דֶער תּוֹרָה (אִם בְּחֻקֹּתַי תֵּלֵכוּ) אוֹיבּ אִיר וֶועט זִיךְ בֶּעמִיהֶען לֶערְנֶען מַיין תּוֹרָה מִיט פְלַיים אוּנ אִיר הָארְכִין אוּנ פִירִין זִיךְ אִין גוּטִין וֶועג, וִוי אִיךְ לֶערְנְט אַייךְ. וֶועל אִיךְ עֶפֶענֶען פַאר אַייךְ מַיין גוּטִין אוֹצָר (דֶעם הִימֶל) אוּנ גֶעבִּין רֶעגִין אִין דֶער צַייט אוּנ וֶועל בַּאגְלִיקֶען אַלֶעם וָואס אִיר וֶועט טָאן, אוּנ אִיר וֶועט שְׁטֵיין אִין דֶער וֶועלְט מִיט אַגְרוֹיסֶען נָאמֶען. אַז אַלֶע פֶעלְקֶער וֶועלִין אוֹיף אַייךְ קוּקֶען מִיט עֶהרֶע פוֹרְכְט, אוּנ וֶוען חָלִילָה אִיר וֶועט וַוארְפֶען מַיין תּוֹרָה הִינְטֶער זִיךְ, אוּנ וֶועט נָאךְ גֵיין נָאךְ וָואס דִי אוֹיגֶען גִיפֶעלְט אוּנ וָואס דִי בֵּייזֶע הַאַרְץ גִילוּסְט, וֶועל אִיךְ פַארְהַאלְטִין דִי הִימֶל, זִי וֶועט נִיט גֶעבִּין קַיין רֶעגִין אוּנ דִי עֶרְד וֶועט נִיט גֶעבִּין אִיר קְרַאפְט אוּנ אָן שִׁיקֶען אוֹיף אַייךְ אַלֶע אוּנְגְלִיקֶען בִּיז אִיר וֶועט פַארְטְרִיבֶּען וֶוערִין פוּן דִי טַייעֶרֶע לַאנְד, אוּנ וֶועט זִיךְ וַואלְגֶערִין אִין פְרֶעמְדֶע לֶענְדֶער צְווִישֶׁען פְרֶעמְדֶע פֶעלְקֶר. אוּנ וֶועט דָארְטֶען נִיט הָאבֶּען קַיין רוּהֶ. דִי אִיבֶּערְנַאטִירְלִיכֶע הַנְהָגָה הָאסְטוּ אָן גִיהוֹיבֶּען צוּ פִירֶען זִינְד דוּ הָאסְט אוּנְז גִינוּמֶען פַאר אַפָאלְק דָאס אִיז בַּיי יְצִיאַת מִצְרַיִם, אוּנ פוּן דַאן אָן אוּנ וַוייטֶער הָאסְטוּ גִיטָאן מִיט אוּנְז וואוּנְדֶער אִיבֶּער וואוּנְדֶער,

---

שערי ציון

אֲרָם אֲחוֹת לָבָן הָאֲרַמִּי), הָגַם זִי אִיז גֶעוֶועזֶען אַ טָאכְטֶער פוּן אַ רָשָׁע אוּנ אַ שְׁוֶועסְטֶער פוּן אַ רָשָׁע אוּנ דִי שְׁטָאט לַייט רְשָׁעִים, דָאךְ הָאט זִי זִיךְ נִיט אָב גֶעלֶערְנְט פוּן זֵייעֶרֶע מַעֲשִׂים, ווייל זִי הָאט אוֹיךְ גִימִיטִן זֵייעֶרֶע גִיזֶעלְשַׁאפְטִין.

מעשה אלפס

הִיט דִי תּוֹרָה אוּנ הִיט שַׁבָּת וִוי מֶ'דַארְף, גִיט מֶען אִים שַׁבָּת פַאר זוּכֶען פוּן דִי בְּשָׂמִים, וָואס הָאט פַארְשְׁמֶעקְט דִי וֶועלְט דֶעם שַׁבָּת פוּן מַתַּן תּוֹרָה, אוּנ אִין זְמִירוֹת זָאגֶען מִיר אוֹיךְ (מֵעֵין עוֹלָם הַבָּא יוֹם שַׁבָּת מְנוּחָה), אַז שַׁבָּת אִיז אַזֶעכְצִיגְסְט חֵלֶק פוּן עוֹלָם הַבָּא, פוּן גַן עֵדֶן.

ריש

איז שלעכטע חברים אונ געזעלשאפט פון מושב לצים, וואס לאכען אב פון דער תורה אונ פון די גאנצע אידעשקייט, וואס דאס קוילעט אוועק די יונגע קינדער אן א מעסער, אזוי ווי דו האסט אוים געהיט אונזער פאטער יעקב פון די שלעכטע געזעלשאפט פון לבן'ס קומפאניע, ווי ער האט געזאגט (עם לבן גרתי ותרי"ג מצות שמרתי) דאס הייסט, הגם איך האב געוואהנט צוואנציג יאהר אין לבן'ס הויז, האב איך אבער זיך מיט מ'נע קינדער ערוויטערט פון זייער געזעלשאפט א), אזוי מיר זאלען בלייבען טריי צו אידעשקייט, היטען תרי"ג מצות. אונ בזכות זה וואס ער האט זיך ערווייטערט פון שלעכטע קאמפאניעס האסטו אים געראטעוועט פון די גיפערליכע האנד פון עשו הרשע, ווי דוד המלך עליו השלום זאגט (אשרי האיש) גליקליך איז דער מענש (אשר לא הלך בעצת רשעים) וואס ער דערווייטערט זיך פון שלעכטע קאמפאניעס אונ פון מושב לצים, וועט ער זיין (כעץ שתול על פלגי מים) ווי א בוים וואס איז געפלאנצט ביי א קוואל וואסער וואס זיין פרוכט גיט ער אין דער צייט (וכל אשר יעשה יצליח) אונ אלע זיינע טהאטען וועט אוועק גיין מיט גרוים הצלחה, אזוי זאלסטו ליבער גאט באגליקען מיינע קינדער זיי זאלען האבען גרוים הצלחה אין תורה ומעשים טובים אונ בפרט שבת זאלען זיי היטען ווי די אויג אין קאפ, איך זאל פון זיי האבען נחת אונ גדולה אויף ביידע וועלטין, אמן.

## תחנה מקראי קודש, (ערקלערט דעם ענין פון בענשין ראש חודש).

ווען מ'בענשט ראש חודש, זאגט מען פריער די תחנה נאכהער זאגט מען אתחנה וואס גיהער צום חודש וועלכען מען בענשט.

רבונו של עולם הער דער פון דער וועלט דו האסט באשאפען מיט דיין חסד הימל אונ ערד אונ אלע בעשעפענעש אין זעקס טעג אונ דעם זיבעטין טאג האסטו גירוהט פון דיין ארבעט, אונ האסט אים גיבענשט אונ גיהייליגט אונ איבער גיגעבין אלס מתנה צו דיינע ליבע קינדער ישראל, צום אנדיינקונג, אז דו ביסט דער בורא עולם

---

מעשה אלפס

האט געפעלט דער געשוויריץ, האסטו אים געדארפט געמען ביי מיין קוך-מייסטער (מיט'ן פריינץ פארט מיט זיין קוך) ענטפערט דער נשיא, דעם געווירץ רופט מען "שבת",

שערי ציון

א) ווייל ער האט זיך געפירט ווי די מוטער רבקה, וויי די תורה רידמט איר (בת בתואל הארמי מפדן

נו האט איז דער דיין קוכמייסטער? זעהע סיר פון דעם, אז דער גרויסער צדיק וואס

תנא

געזיכם, גלייך ווי מען קען ניט איין קוקען אויף די זון אין תמוז, צו ווייזען אז די קאפ פון מענשען וואס לערינט תורה לשמה, איז אימ־שטאנד ליכטיג צו מאכען זיין קערפער, דאס הייסט זיינע אלע מעשים אפילו וואס ער טוט וועגין זיין קערפער זאלין אויך זיין ליכטיג (לשם שמים).

**אלזא** ליבער הארציגער פאטער, פריי איך מיר מיט דיין טייערע מתנה דעם הייליגען שבת און איך זינג פאר דיר די לויב ליד (אוהבי יי המחכים בבנין אריאל) איר ליב־האבער גאטעס, וואס איר האפט צו די גליקליכע צייט פון בנין בית המקדש (ביום השבת שישו ושמחו כמקבלי מתן נחליאל) זאלט איר זיך אין דעם הייליגען טאג שבת פרייען ווי איירע עלטערין, בעת זיי זיינען געשטאנען שבת ביי דעם גרויסען פאראד מקבל זיין די תורה און איך הייב אויף מיינע הענד מיט דאנק צו דיר, ליבער גאט, און זאג מיט שמחה (ברוך) געלויבט ביזט דו וואס דו האסט געגעבען א הייליגע תורה צו דיין הייליגע פאלק אין דעם הייליגן טאג שבת, און אויך בעט איך דיין רחמנות דו זאלסט מיר העלפין מיט מיין מאן און מיינע קינדערלאך צו לערנען דיין תורה און היטען דיינע מצות ובפרט די מצוה פון שבת, וואס זי איז די הארץ פון יודענטהום, ובזכות זה זאלסטו פאר אונז עפענען אלע שערי רחמים און ענטפערין אונז מיט ערבארימקייט, און ערנער אונז פון דיין מילדע האנד, און זיי אונז מציל פון אלע אומשטאנדען און פון אלע שונאים, זיי זאלען אונז ניט דער שרעקען און ניט פארשעמען און ניט מאכין קיין שאדין, און איבער הויפט רעטע אונז פון דעם גרויסען שונא דאס איז דער יצר הרע, דאס ער זאל ניט געוועלטיגען אויף מיר, און העלף מיר האדעווען מיינע קינדער אין גוטין וועג און זאלסט זיי אויס היטען פון קראנקייט און איבער הויפט פון די גרויסע קראנקייט דאס

שערי ציון

טייערע נאטם־פארבטיגע געדאנקען פון מנורת המאור, פון חובת הלבבות און נאך פיל הייליגע קלוגע ספרים ווי מעשה אלפס א. ד. ג., זי זאל נאכהער א גאנצע וואך האבן צוא זייגען און משפיע זיין אויף אירע ליבע קינדער, מאכען די פאר מענשען און פאר ווארימע אידין, גוטע מעשים און מדות טובות אין די פארציען, אז גאט זאל ליים האלטען זיך מיט זיי פרייען.

מעשה אלפס

אקערסט געקאכטע, זאנט דער פרינץ שבת'דיגע האט מיר מער געשמעקט ווי היינטיגע, ענטפערט דער נשיא, אין היינטיגע שפייז פעלט אמין בשמים, פרעגט דער פרינץ, פעלט דען אין קייזערליכען אוצר וואס? כלומר, אויב אין דיין קיך

האט

ערבארמיגער פאטער! בכל יום אברכך, אלע צייט וועל איך דיר לויבען, וואס דו האסט מיר געגעבען לעבען און צום לעבען (שפייז און קליידונג און וואהנונג) פון מיין יוגענד ביז היינט, אונזערע חכמים שרייבען אז דער הייליגער שבת איז דער אוצר פון פרנסה און הצלחה, ווער עס היט שבת מיט כבוד און פערגניגען עפינט מען פאר אים דעם אוצר משפיע צו זיין פרנסה בכבוד ובנחת, און ניט אזוי וואס שבת איז דער אוצר פרנסה פאר'ן גוף, איז ער אויך דער אוצר פון לעבען און פרנסה פאר די נשמה. דעם הייליגען טאג שבת האסטו ליבער הארציגער פאטער אויס ערוועהלט צו ערשיינען אין אים אויפ'ן בארג סיני פאר דיין ליבע פאלק ישראל, און האסט מיט זיי גירעט דיינע הייליגע רייד פנים אל פנים, וואס פון יעדער דבור וואס איז ארויס פון דיין מויל איז פול געווארען די גאנצע וועלט מיט אגישמאקין ריח פון טייערע בשמים, וואס נאכהער איז דער ריח אריין אין גן עדן[1], ווי אונזערע חכמים שרייבען (אין מסכת שבת). דו האסט בוחר געווען דעם טאג פון שבת צו געבען אין אים דיין תורה צו לערנען אונז, אז דער תכלית פון שבת איז ניט דער עיקר צו פארברייגען אין עסן און שלאפין און שפאצירען, נאר צו לערנען תורה און לייענען הייליגע ספרים, מ'זאל וויסען ווי צו לעבען אויף דער וועלט אום צו געפינען חן ביי גאט און לייט[א], ווי דו האסט געוויזען דיין עבד נאמן (דיין הייליגען טרייען קנעכט משה רבינו), וואס דו האסט אים געקרוינט אויפ'ן בארג סיני מיט אהערליכע קרוין (כליל תפארת) דאס איז די מייסטעטישע שטראלען וואס האט געשיינט פון זיין מוח, אז מ'האט ניט געקענט איין קוקען אין זיין

מעשה אלפס

1) דער מדרש דער ציילט, אז דער רומישער פרינץ אנטונינוס איז אמאל געקומען אין ארץ ישראל, איז ער גיווען גילאדין שבת ביין נשיא (רבינו הקדוש), האט ער גיגעסען די תבשילין וואס מ'האט צו גיגרייט פון נעכטין אויף שבת און עס האט אים זייער גישמעקט, נאכהער איז ער געווען געלאדען אין מיטען וואך, האט מען דער לאנגט פרישע

אקערסם

שערי ציון

א) ובפרט מוטערס וואס דארפען זייגען זייערע קינדער, כלומר ערציהען זיי אין אידעשע וועג, וואס דאס ווענדעט זיך איבער הויפט אן די מוטער, זעלבסט פערשטענדליך אז מיט א פוסטע טרוקענע הארץ קען מען ניט זייגען קיין קינד, דרום איז שבת גישטעלט אז אפילו שטוב ארבייט (ווי קאכען באקען) טאר מען ניט, בכדי די פרוי און אפילו די קעכין זאל זיין רוהיג און קענען זיך אנזעטיגען מיט

כבוד דורך יענעמס בזיון, קום איך וועל דיר פירען אין גראדין וועג, שאו דו וועסט אים טאקע גיפינען, ווי אונזערע חכמים זאגען „איזהו מכבד? המכבד את הבריות" גיב יענעם כבוד וועט מען דיר געבען כבוד, ווען דו שעצט יענעם וועט מען דיר שעצין, ווי יעקב אבינו איז געוועזען אוים גיצייכינט מיט די מדה פון שלום. שטענדיג איבער גילאזען זיינע אונ דורך גיקומען מיט די שווערסטע מענשן. ווי עשו אונ לבן, אבער די לבנה וואס זי האט ניט געוואלט שעצין די זון, וואס איז איר ענדע געווארען? איר כבוד איז גימינערט געווארין ביז צום גרונד, אזוי זיינען מיר דורך אונזער „שנאת חנם" איינע צו די אנדערע, אראב צום גרונד. אונזער בית המקדש איז חרוב געווארען אונ מיר זיינען צו ווארפען אין אלע עקין וועלט, אונ האבען ביי אונזערע שכנים גיקראגן אפנים אשענדליכען, אונ מיר זיינען געווארין פינסטער ווי סוף חודש די נאכט. אלזא רבונו של עולם, זעה צו אונזער עלינד אונ העלף אונז מיר זאלען איבער אנייעם אויף שיינען, דו זאלסט אוים רייסען די קראפעווע פון שנאת חנם פון אונזער הארצען, אונ איין פלאנצען אנשטאט דעם „אהבה ואחוה ושלום ורעות" מיר זאלען ליב האבען איינע די אנדערע, אונ חס האבען אויף יעדערינס כבוד, ווען אפילו יענער קומט מיר אן גראב, זאל איך אים פערשווייגען, אונ ניט פארשעמען יענעם צוריק, וועט אויף אונז מקיים ווערין וואס די הייליגע דבורה הנביאה האט גיזאגט אין איר שירה (ואוהביו כצאת השמש בגבורתו), די וואס ליבען דעם בורא אונ ליבען אלע מענשין וועלין שיינען ווי די זון וואס זי האט גישוויגען בעת די לבנה האט איר באליידיגט, דאפיר איז זי גיבליבען ביי איר גרויסען שיין, אזוי זאלסטו אונז אויך בענשן מיט די ברכה פון שלום. ווי דוד המלך זאגט (ורוב שלום עד בלי ירח) עס זאל זיין אזוי פיל פרייד צווישען אונז, אז עס זאל בטל ווערען די פינסטערע לבנה געפיהלן, די אור הלבנה זאל זיין כאור החמה, אונזער כבוד זאל אויף שיינען, אלע זאלען זעהען אז מיר זיינען דיין גיליבטע הייליגע פאלק מיט דעם וואס דו וועסט אונז פירין (קוממיות לארצנו) מיט שטאלץ אין אונזער לאנד במהרה בימינו, אמן.

---

**שערי ציון**

בתי מקדשים, אז ווען אידין האבען געהיט שבת האבען די בתי מקדשים געהאט אקיום.

**מעשה אלפס**

צו טאן מיט יעדער איינציגען, אלזא איז די גלייכבטע וועג תשובה, חרטה אויף די פריהערדיגע עבירות אונ זיין פארזיכטיג מקיים זיין ריכטיג די דריי מצות אויף לרפוא [?], וועט השי"ת שיקען געזונד אונ נחת פון קינדער.

ובפרט

רבונו של עולם, הער פון דער וועלט, אז איך באטראכט אידישע לאגע, ווי דוד המע"ה זאגט (דמיתי לקאת מדבר) איך בין שוין גיגליכען צו די קאת (אזא מין פויגעל וואס אין דער מדבר) זי שרייט שטענדיג מיט איין קלאגעדיגע שטימע, אזוי שריי איך שטענדיג מיט אביטערע שטימע און זיך פארוויסטעט און איינזאם, ווייל מ'טרייבט מיר פון מיין רוהע (כל היום חרפוני אויבי) דעם גאנצין טאג לעסטערין מיר מיינע פיינדע (מהוללי בי נשבעו) די וואס שפאטען פון מיר, שווערין זיך מיט מיר. כלומר, ווען זיי שווערין זאגען זיי „באם זיי וועלין עובר שבועה זיין זאל זיי אוים גיין אזא סוף ווי דעם אידען — „כי אפר כלחם אכלתי" ווען איך עם מיין שטיקעל ברויט איז מיר ביטער אזוי ווי איינער עסט אש (ושקוי בבכי מסכתי) און מיין גיטראנק איז פר מישט מיט טרערין, אבער אז איך באטראכט דעם ערב ראש חודש ווי פינסטער די לבנה איז, טאקע ווי סוף חודש די נאכט, זעה איך אז דו ביסט גירעכט און דיין משפט איז גירעכט. מיר אידען ציילען נאך די לבנה, איז ווייל מיר האבען נאך גיטאן די לבנה, האבען מיר בעקומען די שטראף פון די לבנה. די פינסטערע געפיהלען פון מענשין שטורמען (ווי די לבנה האט מקטרג גיווען אויף די זון) ווי קענען צוויי מלכים בענוצען איין קרוין ? (אלזא האט זי פערלאנגט, מ'זאל די זון קלענער מאכען), אזוי שטורמען די פינסטערע און שפלה געפיהלען פון מענשין, „ווי קען איך דאס צו זעהען אז יענער איז מיר אויך גיווארען אגאנצע סדרה" ? „יענער פערגלייכט זיך אויך צו מיר" ! אלזא דארף מען יענעם בעליידיגען און קלענער מאכען. מיר האבין ניט צו גילייגט דעם אויער מיטן שכל הערין דעם אנטווארט פון השי"ת, יע מיין קינד, כבוד איז אטייערע זאך, איך האב טאקע איין גינאטירט אין מענשין עהרע געפיהל, נור קריך ניט זוכין כבוד אין קרומע וועגין צווישען דערנער, זוך ניט כבוד ווי די בהמה דורכין בריקענען אויף יענעם און בעליידיגן איהם (וזין אמתכבד בקלון חבירו) זוכען

---

מעשה אלפס

תשובה טאן, איז ווען זי טוט ניט קיין תשובה האט זי זיך (ווייניג וואס צו פרייען מיט דעם וואס זי איז ארוים געזונד, ווייל איר

שערי ציון

גיחזרת צוויי מאל אין דער תורה (אין קדושים און אין בהר) מרמז זיין אויף ביידע

בתי

זאלאנ בלייבט פר פאלין, דאס הייסט זיא האט פארצערט פר איר לעבין אנויסען טייל פון אירע מעשים טובים, און אויף שפעטער בלייבט איר גאנץ ווייניג, אדער מ'נעמט חלילה צו די קינדר אין א יאהר, אדער צוויי יאהר ארום, הכלל השי"ת ווייס וואס ער האט

סטאנציע ביז אצווייטען צוג. דאס גלייכען איז אונזער ארימקייט אין מעשים טובים אזוי גרויס, אז מיר זיינען ניט אימשטאנד אויס צו בעטין יום כפור אבילעט אויפען לעבענס באן קוים אויף צוויי סטאנציעס תשרי און חשון און די ווייטעריגע סטאנציעס (ראשי חדשים) דארפען מיר זוכען בעקאנטע (זכות אבות) זאלען אונז אויס לייען, אדער פשוט בעטין נדבות אוים וויינען אבילעט פון לעבען און פרנסה אויף נאך אסטאנציע (דרייסיג טעג) ביז דעם צווייטען ראש חדש, און אזוי פארין מיר פון איין ראש חדש ביזין צווייטען, און אמאל חלילה ווען מיר פארשלאפען איין ערב ראש חדש אן תפלה ותשובה, בלייבען מיר זיך וואלגערין חלילה די גאנצע צייט אן געזונד און אן פרנסה ביזען צווייטען ראש חדש. אלזא ליבער גאט האב שוין רחמנות אויף אונז און בענטש דעם חודש אויף אונז מיט געזונד און פרנסה, מיט הילף און טרייסטונג, דו זאלסט אונז ענטפערין אויף וואס דוד המלך האט געבעטין (שלח אורך ואמתך המה ינחוני) שיק דיין ליכט און דיין וואהרהייט (דאס איז אליהו הנביא און דער מלך המשיח) ווי וועלין מיר פירען און ברענגען צו דיין היילגען בארג ציון, און דו וועסט דארטען בויען דעם דריטען בית המקדש, און קער צוריק די סנהדרין אויף זייער ארט מיט די כהנים און דעם כהן גדול, וועלין מיר דארטען באזוכען דיין בית המקדש גאנץ אפט מיט פרייד און געזאנג, אז דיין נאמען וועט געהייליגט ווערין אין דער גאנצער וועלט, ווי דוד המלך זאגט (בהקבץ עמים יחדו) בעת אלע פעלקער און קעניגרייך וועלין זיך אויף קלייבען צו זאמען דינען גאט אין דיין היילגען בית המקדש, (ויראו גוים את שם ה׳) דאן וועלן אלע פעלקער זיך פירכטען פיר דיין גרויסען נאמען, און דיין עהרע וועט ערשיינען אויף אונז במהרה בימינו, אמן.

---

שערי ציון

המקדש, טו וואס דארף מען דעם בידהמ״ק? האט דער בורא אים חרוב געמאכט. דער פסוק (את שבתותי תשמורו) איז איבער

מעשה אלפס

אבות (אפאטער, אזיידען, אעלטער זיידען אגרויסען למדן וצדיק), אדער זי האט אמאל אליין געטאן אגרויסע מצוה, פאר בייט מען די טויט שטראף אויף אקלענערין שטראף, היינו זי בלייבט מיט אפעלער קראנק פון קינדבעט און ליידעט גיהורת פיל יאהר, און דער צווייטער ווייס דאס גאר ניט, ער מיינט זי איז ארוים פאלקאם געזונד, און אמאל פועל׳ט דער זכות אבות אז עס ווערט גענומען א זאלאג, היינו אגרויסען טייל פון אירע מעשים טובים און מ׳לאזט איר קיין געזונד, ביז זי וועט

גיווארפען אין אב גרונד, אמאל בעת מיר האבן געהאט א בית המקדש מיט א כהן גדול, זיינען מיר געווען ווי דער רייכער רייזינדער וואס פארט מיטין באן אין פערטע קלאס, אויך נעמט ער איין מאל א בילעט ביז וואגען ער דארף פארען, פאר דינט ער אין צוויי צווייען, עס קאסט אים ביליגער, אז ער זיצט רוהיג די גאנצע וועג. ער דארף ניט לויפען און שפארען זיך ביי קאסע יעדער מאל, די סטאנציעס איז פאר אים נור א פערגעניגען זיך דורך גיין אויפען פלאץ פארמע האפען פרישע לופט און עטוואס גיניסען אויפען בופעט זיך ערקוויקען די הארץ, אזוי זיינען מיר אמאל געווען אין א הויכע מדרגה אין גרויסען פלאהר. מיר האבען געהאט א לאנד, א קייזערטהום, סנהדרין, א בית המקדש, מיט א כהן גדול וואס ער פלעגט טאן די היילגע עבודה יום כפור, פלעגט ער אויס בעטען פארן כלל ישראל לעבין און פרנסה אויף א גאנץ יאהר, הייסט דאס מיר פלעגין באקומען א בילעט אין הימל-קאססע צו פארין אויפען לעבינס באן דריי הונדערט פיר און פופציג טעג ביז ענדע יאהר מיט גרויס כבוד און עהרע, איז די סטאנציעס (די ראשי חדשים) געווען נור אלעס פערגניגען מקריב זיין דאנקבאר קרבנות אויף די צופרידענהייט פון אונזער גליקליכען לעבען, און וואס דער בורא איז צופרידען פון אונזערע גוטע מעשים, אבער היינט האסטו אונז גיווארפען פון אזוי הויכע מדרגה אין א בגרונד, מיר האבען ניט קיין בית המקדש, ניט קיין לאנד, ניט קיין סנהדרין, ניט קיין כהנים, זיינען מיר ווי דער ארימאן וואס פארט דריטע און אמאל פערטע קלאס אין איינגעשאפט און רויך, און דאס איז ער ניט אימשטאנד נעמען א בילעט אויף די גאנצע וועג, נור אויף איינע אדער צוויי סטאנציעס, נאכהער אויף יעדער סטאנציע זוכט ער בעקאנטע ווי זאלען אים אויס לייען אדער פשוט א נדבה מאכען אויף נאך א סטאנציע, און אזוי קוועלט ער זיך ביז ער קומט וואו ער דארף, און מאנכע מאל פארזאמט ער דעם באן און וואלגערט זיך אויפען

מעשה אלפס

אביטע אין אהעבערין בית המשפט אדער מען בעט גנאדע, איז אויב ער האט א גוטען מליץ, פועל'ט ער אז מ'פאר בייט די טויט-שטראף אויף איניגע יאהר קאטארגע, און אמאל פועל'ט מען מ'זאל אים ארויס לאזען פריי נעמין א גרויסען זאלאג, ביז ער וועט געפינען פאר זיך א זכות, דאס גלייבען די פריי וואס האט א גוטען מליץ, כלומר זכות

שערי ציון

ענדע וועלט, אבער אז מ'האט מחלל געווען שבת, הייסט דאך דאס א ב גילייקענט חדוש העולם און קדושת המקדש

פרי"ה

מיט אלעם וואס אין זיי, דעם מערקווירדיגען ים מיט אלע מורא'דיגע בּרואים וואס אין אים, און דעם זיבּעטען טאג האט ער גירוהט, (וינפש) און איז געוואָרען די נשמה פון די גרויסע וועלט, ער איז זיי מחיה יעדער רגע ווי די נשמה איז מחיה דעם גוף, און אזוי ווי מיר ווייבּער זיינען אויך אליכט פון אמונה, ווייל דורך דעם וואס די פרוי (חוה) איז בּעשאפען געוואָרען פאר אדם'ן אין די אויגען, האט ער גיזעהען אז די וועלט האט איין בּעשעפער, הייסט דאס מיט אונזער בּענשין ליכט ווערט די אידישע שטוב בּעלויכטען מיט צוויי ליכט, ליכטיג מאכען אונזערע אויגען אין די אמונה, אז עס איז דא אגרויסער אינציגער (אבירא יחיד) וואס האט גיבּויט דעם גרויסען וואונדערליכען וועלט פאלאץ, און בּזכות די אמונה זאלסטו בּעלייכטען אונזערע אויגען אין די ליכטיגקייט פון דער תורה, און זאלסט אונז ארויס נעמען (מאפלה לאור גדול) פון פינסטערין גלות צו די ליכטיגקייט פון דער גאולה, וואס דאן וועלין מיר זאגען איינע צו די אנדערע (לכו נרננה לה'), קומט מיר וועלין לויב־זינגען צו גאט (נריעה לצור ישענו) מיט פרייד צו שאלען פאר דעם שטארקען שוטץ פון אונזער הילף, וואס מיר האפין זוכה זיין צו דעם בּמהרה בּימינו, אמן.

## תחנה פון ערב ר"ח, צו יום כפור קטן.

תפלה לעני כי יעטוף, ליבּער גאט. איך קום אוים גיסען מיין הארץ פאר דיר ווי איין עלענטער ארימאן, וואס איז פארשמאכטעט און איין גידרייט אין דרייען פון גרוים פיין. א גאט! הער צו מיין גבּעט. און מיין שרייען זאל קומען פיר דיין הויכען שטול, אין דעם טאג וואס איך רוף דיר ענטפער מיר גישווינד, דען עס פערשווינדען אין רויך מיינע טעג, און מיינע בּיינער זיינען ווי צו טריקענטע שייט העלצער, מיין הארץ איז ווי פערוועלקטע גראז, מיין גיטראנק איז צו מישט מיט טרערין וועגין דיין צארען וואס דו האסט מיר אמאל אויף גיהויבּין און גיטראגען אויף אדלער פליגלען, און היינט האסטו מיר ארונטער

שערי ציון

פון אבן שתיה (דערגרונד שטיין וואס איז גיווען אין קודש הקדשים) און פון אים האט זיך פונאנדער גענשפּריים אין אלע זייטען בּיי

עסט

מעשה אלפס

און וועגין דעם, וואס צווישען די ערליכע וואס זיינען ניט זהיר טרעפט דאך אויך פיל וואס געמוידען נריינג? — דער סדר העולם איז, ווען איינער טוט אב אגרוסין

פארבּרעך וואס סוד פערטשפּט אים פּוים־שטראפת. דערלאנגט מען מאנכע מאל

אביפט

מָשִׁיחַ וֶועט קוּמֶען, וֶועלִין אַלֶע מֶענְשִׁין (וועלכע וועלין ווערם זיין) קוּמֶען דָא אַלֶע שַׁבָּת בּוּקְען זִיךְ פַאר דִיר אוּנ לוֹיבֶּען דַיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען, ווי דוּ הָאסְט גִיזָאגְט דוּרְךְ דַיין הֵיילִיגֶען נָבִיא יְשַׁעְיָה (וְהָיָה מִדֵּי חֹדֶשׁ בְּחָדְשׁוֹ וּמִדֵּי שַׁבָּת בְּשַׁבַּתּוֹ יָבֹא כָל בָּשָׂר לְהִשְׁתַּחֲוֹת לְפָנַי אָמַר ה׳), דָאס הֵייסְט מ׳וֶועט אִין דֶער הֵיים בֶּענְשִׁין לִיכְט, נָאכְהֶער וֶועט מֶען זִיךְ וֶועצִין אוֹיף אַלוּפְט-בַּאלָאן, אוֹיף אֶערָאפְּלַאן, אוּנ אִין אֵיינִיגֶע מִינוּטֶען וֶועט מֶען זַיין דָא, מְקַבֵּל שַׁבָּת זַיין אוּנ דַאוֶונֶען מַעֲרִיב אוּנ קוּמֶען צוּרִיק צוּפְלִיעֶן צוּ הוֹיז מַאכֶען קִדּוּשׁ, ווי עֶס שְׁטֵייט (מִי אֵלֶּה כָּעָב תְּעוּפֶינָה וְכַיּוֹנִים אֶל אֲרֻבּוֹתֵיהֶם), די פֶעלְקֶער וֶועלִין זָאגֶען, וֶוער זַיינֶען דָאס די גְלִיקְלִיכֶע וָואס קוּמֶען צוּ פְלִיהֶען ווי אוֹיף אַוָואלְקֶען? אִיךְ פוּן גְרוֹיס תְּשׁוּקָה (לוסט) וָואס אִיךְ בֶּיינְק צוּא דִיא גְלִיקְלִיכֶע צַייט, וָואס מִיר וֶועלִין קֶענֶען שְׁטֶענְדִיג זַיין נָאהֶענְט צוּ דִיר. אֲפִילוּ די וָואס וֶועלִין וָואהנֶען אִין עֶנְדֶע אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל (גאנץ וויים פון ירושלים), וֶועלִין אוֹיךְ קֶענֶען קוּמֶען מְקַבֵּל שַׁבָּת זַיין דָא, דְרוּם בִּין אִיךְ דָא גִיקוּמֶען יֶעצְט מְקַבֵּל שַׁבָּת זַיין, אוּנ בֶּעטִין דַיין לִיבֶּען נָאמֶען, דוּ זָאלְסְט מִיר הֶעלְפֶען, אַז די לִיכְט פוּן שַׁבָּת זָאל בַּיי מִיר שַׁיינֶען אַגַאנְצֶע וָואךְ, ווי בַּיי אוּנְזֶער מוּטֶער שָׂרָה, דָאס הֵייסְט אַז די לִיכְטִיגְקֵייט פוּן דֶער תּוֹרָה וָואס אוֹיף דֶעם וַוייזְט די לִיכְט פוּן שַׁבָּת, זָאל שַׁיינֶען בַּיי מִיר אִין שְׁטוּב שְׁטֶענְדִיג, בִּכְדֵי אִיךְ מִיט מַיין מַאן אוּנ קִינְדֶער זָאלֶען אוֹיךְ זוֹכֶה זַיין צוּ די גְלִיקְלִיכֶע צַייט, בִּמְהֵרָה בְיָמֵינוּ. אָמֵן.

# אַתְּחִנָּה פַאר קַבָּלַת שַׁבָּת.

גְרוֹיסֶער מֶעכְטִיגֶער קֶענִיג! אִיךְ דַאנְק דִיר. וָואס דוּ הָאסְט מִיר מְזַכֶּה גִיוֶועזֶן מִיט די הֵיילִיגֶע מִצְוָה מְקַבֵּל פָּנִים זַיין שַׁבָּת הַמַּלְכָּה מִיט לִיכְטִיגְקֵייט, עֶס זָאל אַרַיין שַׁיינֶען אִין מַיין שְׁטוּב די לִיכְט פוּן אֱמוּנָה אִין חִדּוּשׁ הָעוֹלָם, וָואס שַׁבָּת בֶּעווייזְט אַז אִין זֶעקְס טֶעג הָאט דֶער בּוֹרֵא בֶּעשַׁאפֶען די גְרוֹיסֶע וֶועלְט, די הִימֶל אוּנ די עֶרְד

---

מעשה אלפס

רֶעט די מִשְׁנָה נוּר וֶוענִין די כְּשֵׁרָה פְרוֹיעֶן וָואס פִירֶען זִיךְ אִידִישְׁלִיךְ, נוּר זֵיי זַיינֶען נִיט זָהִיר אִין די דְרַיי מִצְוֹת צוּ טָאן ווי גִיהֶערִיג אִיז, אָבֶּער וֶוענִין די טְמֵאִים ר״ל, וָואס לָאזֶען נָאר פוּן אִידִישְׁקֵייט, אַרוּם זֵיי רֶעט מֶען דָא נִיט, מִיט זֵיי וֶועט זַיין אִין אַנְדֶער חֶשְׁבּוֹן.

שערי ציון

בֶּעשַׁאפֶען די וֶועלְט מִיט אַלֶע אִירֶע הֶערְשַׁאפְט, אוּנ דֶער אָנְהֵייבּ בְּרִיאַת הָעוֹלָם אִיז דָאךְ גֶעוֶועזֶן פוּן בֵּית הַמִּקְדָּשׁ

הָאבְּן גָאט בָּרוּךְ הוּא (בְּכָל נַפְשְׁךָ) מִיט דַיין גַאנְצֶע וֶועלֶע, אוּנ דָאס איז גִיוֶוען אַזוֹי עֲרִינְכְט, מִיט עֶנֶערְגִיֶע אַז עֶס אִיז אַייְנְגִישְׁטֶעמְפִּילְט גֶעוָוארֶען אִין זֵיינֶע בְּלוּט, דִי הֵיילִיגֶע כּחוֹת וֶועלִין אִיבֶּער גֵיין אִין אֵייְנִיגֶע פוּן זֵיינֶע קִינְדֶער. וִוי אַבְרָהָם אָבִינוּ אוּנ חֲנַנְיָא מִישָׁאֵל וַעֲזַרְיָה אוּנ פִיל צַדִיקִים וַחֲסִידִים וָואס הָאבֶּן זִיךְ גִילָאזְט וַוארְפֶן אִין פַייעֶר צוּ לִיבּ אַהֲבַת השי״ת, הָאסְטוּ דַאן צוּ גִיזָאגְט אַז דוּ וֶועסְט שׁוֹין מֶער נִיט חָרוּב מַאכֶען דִי וֶועלְט וֶועגִין דִי שְׁלֶעכְטֶע מַעֲשִׂים פוּן מֶענְשִׁין.

לִיבֶּער הַארְצִיגֶער פָּאטֶער, אַז אִיךְ זֶעה דָא דֶעם אָרְט וואוּ דַיין הֵיילִיגֶער פַּאלַאץ אִיז גִישְׁטַאנֶען, נֶעמְט מִיר אָן אַגְרוֹיס גִיוויין. אָה, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם! אִיבֶּער דִי זִינְד פוּן דִי נַארִישֶׁע מֶענְשִׁין הָאסְטוּ חָרוּב גִימַאכְט אַזַא הֶערְלִיכֶען וֶועלְט פַּאלַאץ, וָואס דִי גַאנְצֶע וֶועלְט הָאט גִישֶׁעפְּט הַשְׁפָּעָה אוּנ לִיכְטִיגְקַייט פוּן אִים, פַר דִי נְבִיאִים אִיז דָא גִיוֶוען דֶער קְוָואל פוּן נְבוּאָה, פַאר בַּעֲלֵי רוּחַ הַקוֹדֶשׁ אִיז דָא גִיוֶוען דֶער מָקוֹר פוּן רוּחַ הַקוֹדֶשׁ, פַאר חֲכָמִים אַמָקוֹר פוּן חָכְמָה, אוּנ זִינְט עֶר אִיז חָרוּב גִיוָוארְן, הָאבֶּען מִיר עֶס אַלֶעס פַארְלָארֶען. אָה גוּטֶער גָאט! אַזוֹי וִוי דוּ הָאסְט אָנְגִינוּמֶען נח׳ס תְּפִלָה אַזוֹי זָאלְסְטוּ אָן נֶעמֶען מַיין תְּפִלָה. וָואס אִיךְ בֶּעט דִיר מִיט וַוארִימֶע טְרֶערִין אִין דֶעם נָאמֶען פוּן כְּלַל יִשְׂרָאֵל. אַז דֶער בֵּית הַמִקְדָשׁ זָאל שׁוֹין גִיבּוֹיט וֶוערִין דוּרְךְ דַיין הֵיילִיגֶע הַאנְד, וֶועט עֶר שׁוֹין מֶער נִיט חָרוּב וֶוערִין, אוּנ זָאלְסְט שׁוֹין דָאס הֵיילִיגֶען אָרְט דֶער פְּרֵייעֶן, אַז מִיר זָאלֶען דִיר קֶענֶען דִינֶען מִיטִין גַאנְצִין הַארְצִין מִיט פִיל שִׂמְחָה אוּנ מִיט פִיל גוּטֶעס אִין דֶעם הֵיילִיגֶען בֵּית הַמִקְדָשׁ, אוּנ אַלֶע פֶעלְקֶער זָאלֶען דֶער קֶענֶען, אַז דוּ בִּיסְט אֵיינֶער אוּנ מֶער קֵיינֶער, אוּנ אַלֶע זָאלֶען קוּמֶען בּוּקֶען זִיךְ פַאר דִיר אִין דֶעם הֵיילִיגֶען אָרְט, וִוי דָוִד הַמֶלֶךְ זָאגְט (יָבֹא כָל בָּשָׂר לְהִשְׁתַּחֲוֹת לְפָנֶיךָ ה׳) אוּנ מִיר זָאלֶען זוֹכֶה זַיין צוּ קוּמֶען אַהֶער עוֹלֶה לְרֶגֶל זַיין בִּמְהֵרָה בְיָמֵינוּ, אָמֵן.

## אַדְרִיטֶע תְּחִנָּה בַּיי׳ן כּוֹתֶל מַעֲרָבִי (נאך ליכט בענשין).

לִיבֶּער גָאט, אִיךְ קוּם יֶעצְט נָאךְ מַיין בֶּענְשִׁין לִיכְט מִתְפַּלֵל זַיין אוֹיף דֶעם הֵיילִיגֶען אָרְט, צוּם אָנְדֵיינְקוּנְג אַז לֶעָתִיד וֶועט

---



מעשה אלפס

אַז דֶער בּוֹרֵא הָאט אִין וֶועקְס טֶעג דוּרְךְ דֶעם רֶעכִינְט מֶען אָב רַאטֶעוֶוען דֶעם שָׁאדִין, אָבֶּער וֶוען אַ בְּהֵמָה טְמֵאָה אִיז בעשאפען
מְסוּכֶּנֶת רוּפְט מֶען נִיט־קֵיין שׁוֹחֵט, ווייל דָא וֶועט מֶען נָאר נִיט מַצִיל זַיין, דָאס גְלַייכֶען
רעם

הָאסְט אוֹיסְעֶרְוָואהלְט, אַז דַיין שְׁכִינָה זָאל דָא שְׁטֶענְדִיג רוּהֶען, אַזוֹי וִוי דִי נְשָׁמָה רוּהט אִין מוֹחַ פוּן מֶענְשִׁין וָואס עֶר אִיז (עוֹלָם קָטָן) אַקְלֵיינֶע וֶועלְטִיל, אַזוֹי אִיז דֶער הֵיילִיגֶער אָרְט דֶער מוֹחַ פוּן דִי גְרוֹיסֶע וֶועלְט, וַוייל אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל רוּפְט זִיךְ (רֹאשׁ עַפְרוֹת תֵּבֵל) דִי קָאפּ פוּן דֶער וֶועלְט, אוּנ דָא אִיז דֶער הֶעכְסְטֶער פְּלַאץ פוּן גַאנְץ אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל (ווי דער מוח איז דער העכסטער ארט פון קאפ), אוּנ דוּ גָאט וָואס דוּ בִּיסְט (דֶער חֵי הָעוֹלָמִים) דִי נְשָׁמָה פוּן דֶער וֶועלְט, רוּהסְט דָא שְׁטֶענְדִיג אוּנ פוּן דָאנֶען וֶוערְט פַארְשְׁפְּרֵייט דַיין הַשְׁגָּחָה אוֹיף דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט, אַזוֹי וִוי דִי נְשָׁמָה וָואס רוּהט אִין מוֹחַ גִיט אִיר חִיּוּת אִין גַאנְצֶען קֶערְפֶּר, אוּנ אָדָם הָרִאשׁוֹן וָואס זַיין קָאפּ אִיז גִינוּמֶען גִיוָוארֶען פוּן עֲפַר אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל אִיז זַיין מוֹחַ גִינוּמֶען גִיוָוארֶען פוּן מְקוֹם הַמִּקְדָּשׁ, בִּכְדֵי זַיין מוֹחַ זָאל זַיין הֵיילִיג, דָארְטֶען זָאל קֶענֶען רוּהֶען דִי הֵיילִיגֶע נְשָׁמָה (וָואס זִי אִיז אַחֵלֶק אֱלוֹהַּ מִמַּעַל), דְרוּם בְּעֵת עֶר אִיז פַארְטְרִיבֶען גִיוָוארִין פוּן גַן עֵדֶן, הָאט עֶר דָא אוֹיף דֶעם אָרְט מַקְרִיב גִיוֶוען אַקָרְבָּן דֶעם שׁוֹר הַפַּר וָואס אִיז בֶּעשַׁאפֶען גִיוָוארֶען בְּשֵׁשֶׁת יְמֵי בְרֵאשִׁית, דָא אוֹיף דֶעם הֵיילִיגֶען אָרְט הָאט עֶר בַּאקֶענְט זַיין זִינְד אוּנ הָאט תְּשׁוּבָה גִיטָאן, אוּנ נֹחַ בְּעֵת עֶר אִיז אַרוֹיס פוּן תֵּבָה אוּנ הָאט גִיזֶעהן, אַז דִי וֶועלְט אִיז וִויסְט הָט עֶר זִיךְ פַר נַאנֶדער גִיוֵויינְט אוּנ זָאגְט, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם וֶועגֶען דִי זִינְד פוּן דִי נַארִישֶׁע מֶענְשִׁין הָאסְטוּ חָרוּב גִימַאכְט דַיין וֶועלְט? הָאט עֶר אוֹיף דֶעם פְּלַאץ גִיבּוֹיט אַמִזְבֵּחַ אוּנ מַקְרִיב גִיוֶוען קָרְבָּנוֹת, מִתְפַּלֵּל צוּ זַיין אַז דוּ זָאלְסְט שׁוֹין מֶער נִיט חָרוּב מַאכֶען דַיין וֶועלְט. שְׁרַייבְּסְטוּ אִין דַיין תּוֹרָה (וַיָּרַח ה' אֶת רֵיחַ הַנִּיחֹחַ), אַז דִיר הָאט גִישְׁמֶעקְט דֶער לִיבְּלִיכֶער גִירוּךְ פוּן דִי קָרְבָּנוֹת, כְּלוֹמַר, נֹחַ'ס תְּפִלָּה בַּיי דִי קָרְבָּנוֹת וָואר דִיר גִיפֶעלִין, וַוייל דוּ הָאסְט גִיזֶעהֶען זַיין רֵיינֶע הַארְץ, וִוי עֶר הָאט זִיךְ פַארְגִישְׁטֶעלְט בְּעֵת מַקְרִיב זַיין דֶעם קָרְבָּן, אַז עֶר אִיז גְרֵייט אָפְּפֶערִין דִי כֹּחוֹת הַגּוּף מִיט דִי תַּאֲווֹת אוֹיף דֶעם פַייעֶר פוּן דַיין לִיבֶּע (אהבת ה') מְקַיֵּים זַיין (וְאָהַבְתָּ אֵת יְהֹוָה אֱלֹהֶיךָ) דוּא זָאלְסְט לִיבּ

מעשה אלפס

את וֶוענִין וָואס מִיר זֶעהֶען, אַז פִיל פוּן דִי וָואס בֶּענְשִׁין גָאר קֵיין לִיכְט נִיט אוּנ הָאבִּין נָאךְ אַטְרֵייפֶע קִיךְ אוֹיךְ, גֶעבּוֹירֶען נַאכִין גְרִינְג. — וֶוענִין דֶעם זָאגִין אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים אַגוּט וָוארְט, (נָפַל תּוֹרָא חַדֵד סַכִּינָא)

שערי ציון

תִּירָאוּ) וֶועט אִיר דַאפִּיר הָאבֶּען אַיְיעֶר בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אִיר וֶועט הָאבֶּען עֶהְרֶע פוּרְכְט פַאר אִים. וַוייל וֶוען אִיר הִיט שַׁבָּת, זַייט אִיר מוֹדֶה אִין חִידוּשׁ הָעוֹלָם,

ווען עס ווערט קראנק א כשרה בעל חי לויפט מען גישווינד צום שוחט, וייל

מיט זיינע קינדער באהיטען פון עשו, פון לבן און בני לבן, ובפרט די גוט הערציגע אידין וואס שטיצין די תלמידי חכמים און די איבעריגע מענשין וואס זיצען אין דיין הייליגע שטאט ירושלים, און אין די איבעריגע שטעט פון ארץ ישראל זאלסטו זיי געבען גרויס הצלחה בכל משלח ידם. און איך ארימע פרוי (פלונית בת פלונית) זאל אויך גיענטפערט ווערין בתוך כלל ישראל מיט די דריי טייערע ברכות, גיזונד און פרנסה און נחת פון קינדער, און מיר זאלען הערען בשורות טובות פון כלל ישראל, און אויך פון מיין פאמיליע וואס זיצען אין חוץ לארץ.

און אזוי ווי אונזערע חכמים שרייבען (אין מסכת שבת) אז צו ליב די גרויסע עבירה פון חלול שבת האסטו חרוב גימאכט דעם הייליגין ארט א) און אונז פארטריבען אין גלות, וואס אונזער בלוט גיסט זיך אין פיל ערטער ווי וואסער, און דיין הייליגער נאמען ווערט אזוי פיל מחולל, אה וועה איז צו מיינע זינד, קום איך דיר צו בעטין. אז בזכות וואס איך און די הייליגע טעכטער פון דיין ליבע פאלק ישראל האבען אנגינומען דעם ליבען שבת מיט גרויס כבוד און גיבענשט ליכט אין דער צייט, און נאכהער בין איך גיקומען דיר לויבען און דאנקען אין דעם הייליגען ארט, וואו דיין שכינה רוהט, בזכות זה זאלסטו שוין אויף אונז רחמנות האבען, און פירען אונז מיט שטאלץ צוריק אין אונזער לאנד, און אונזערע אויגען זאלען זוכה זיין צו זעהן דעם דריטען בית המקדש וואס דו וועסט אראב שיקען פון הימל, וואס ער וועט שוין קיין מאל ניט חרוב ווערין, און מיר וועלין דיר אין אים דינען מיט עהרין פורכט און מיט גרויס שמחה במהרה בימינו, אמן.

## א תחנה ביין כותל מערבי (שטענדיג גילטיג).

הייליגער גאט, איך דאנק און לויב דיין ליבען נאמען, וואס דו האסט מיר מזכה גיוועזן צו קומען אין דיין הייליגע לאנד, און שטעלין מיין טריט אויף דעם באריכמטען הייליגען פלאץ, וואס דו

שערי ציון

א) ווי די תורה איז מרמז (את שבתותי תשמרו) אז איך וועט היטען מיינע שבתים ניט מחלל זיין (ומקדשי תיראו)

מעשה אלפס

אדער א נקבה, און ווען ער וועט ארויס גיין? הכלל: קיינער איז ניט אימשטאנד צו עפענען דעם טויער, נור השי"ת אליין, היינט אז דו צווייפעלסט אויב עס איז גאר דא אבורא יחיד, סו זאל דיר די בלינדע נאטור ענטפערין, פארשטייט מען שוין אין וואס פאר אלאגע זי בלייבט.

און

צַאבְרָהָם שֵׁם הַמָּקוֹם הַהוּא ה' יִרְאֶה׳ אַבְרָהָם הָאט גִיבֶּעטֶען, אַז השי"ת זָאל אויסֶערְוֶואהְלֶען דִיזֶען אָרְט צוּ מַאכֶען דָא שְׁטֶענְדִיג רוּהֶען דַיין שְׁכִינָה, דָאס אִידֶן זָאלֶען זִיךְ דָא אוֹיפְקְלַייבֶּען מַקְרִיב זַיין קָרְבָּנוֹת, אֵיינְצִיגֶען דַיין נָאמֶען מִיט גְרוֹיס לִיבְּשַׁאפְט, ווִי מַיין זָאהְן יִצְחָק הָאט יֶעצְט גִיטָאן, אוּן דוּ הָאסְט מְקַבֵּל גִיוֶועןְ זַיין וַוארִימֶע תְּפִלָּה, אוּן הָאסְט גֶעווִיזֶען אוּנְזֶער פָּאטֶער יַעֲקֹב, אַז דַיין שְׁכִינָה רוּהְט דָא שְׁטֶענְדִיג. נַאכְהֶער הָאסְטוּ מְגַלֶּה גִיוֶועןְ אוּנְזֶער קֶענִיג דָוִד, אַז דָא אִיז דֶער הֵיילִיגֶער אָרְט ווָאוּ דַיין שְׁכִינָה רוּהְט, הָאט עֶר דָא גִיבּוֹיט אַמִזְבֵּחַ, אוּן זַיין זָאהְן שְׁלֹמֹה הָאט דָא גִיבּוֹיט דֶעם בֵּית הַמִקְדָּשׁ, ווָאס עֶר הָאט פַאר־אֵיינִיגְט אַלֶע אִידִישֶׁע הֶערְצֶער מִיט גְרוֹיס אַהֲבָה צוּ השי"ת, אוּן פוּן דֶעמְטְמָאל אָן רוּהְט דַיין שְׁכִינָה דָא אֲפִילוּ אִין דִי צַייט פוּן חוּרְבָּן, ווִי אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים זָאגֶען (מֵעוֹלָם לֹא זָזָה שְׁכִינָה מִכּוֹתֶל מַעֲרָבִי) דִי שְׁכִינָה הָאט קֵיין מָאל נִיט אָב גִיטְרָאטֶען פוּן כּוֹתֶל מַעֲרָבִי, ווִי שְׁלֹמֹה הַמֶלֶךְ זָאגְט (הִנֵּה זֶה עוֹמֵד אַחַר כָּתְלֵנוּ) מַיין גִילִיבְּטֶער פְרַיינְד (די שכינה) רוּהְט כִּבְיָכוֹל הִינְטֶער דִי וַואנְט, אוּן בְּעֵת חוּרְבָּן ווָאס טִיטוּס מִיט זַיינֶע חַיָלוֹת הָאבֶּען צוּ בְּרָאכֶען אַלֶע ווֶענְט פוּן בֵּית הַמִקְדָּשׁ, הָאסְטוּ מִיט דַיין הַשְׁגָחָה גִילָאזְן דִי אֵיינְצִיגֶע וַואנְט, אַז קֵיין הַארְמַאט אוּן קֵיין בָּאמְבֶּע הָאט אִיר נִיט גִיקֶענְט רִירֶען פוּן אָרְט, צוּ ווַייזְן דַיינֶע קִינְדֶער, אַז אֲפִילוּ בְּעֵת זֵיי הָאבֶּען דִיר עֶרְצַארְנְט, הָאסְטוּ נִיט אָב גִיטְרָאטְן פוּן זֵיי, אוּן דַיין הַשְׁגָחָה אִיז פוּן דַאנֶען מַשְׁגִיחַ אוֹיף זֵיי אִין אַלֶע עֶרְטֶער ווָאוּ זֵיי זַיינֶען צוּ זַייט אוּן צוּ שְׁפְּרֵייט, אַזוֹי בִּין אִיךְ אָרִימֶע פְּרוֹי (אברהם אבינו'ס אייניקיל) אוֹיךְ מִתְפַּלֵל אַז פוּן דֶעם הֵיילִיגֶען אָרְט, זָאל זַיין דַיין הַשְׁגָחָה אוֹיף דַיין הֵיילִיגֶע פָאלְק יִשְׂרָאֵל, דוּ זָאלְסְט אַיין פְלַאנְצֶען חֶסֶד אוּן רַחֲמִים אִין דִי הֶערְצֶער פוּן דִי מְלָכִים וְשָׂרִים פוּן אַלֶע עֶרְטֶער ווָאוּ אִידִין גִיפִינֶען זִיךְ, זֵיי זָאלִין זֵיי פַאר הִיטֶען פוּן בַּלְעָמִ'ס תַּלְמִידִים ווָאס שְׁלָאגֶען זֵיי מִיט זֵייעֶרֶע שְׁלֶעכְטֶע צִינְגֶער, אוּן פוּן דִי חוּלִיגַאנֶעס ווָאס קוּמֶען אוֹיף זֵיי מִיט דִי הַיָדַיִם יְדֵי עֵשָׂו. ווִי יַעֲקֹב אָבִינוּ הָאט גִיבֶּעטִין אוֹיף דֶעם הֵיילִיגֶן אָרְט, אַז דוּ זָאלְסְט אִים

מעשה אלפס

דֶעם קִינְד גִיט השי"ת נִיט דֶעם שְׁלִיסֶעל צוּ עֶפֶענֶען דֶעם טוֹיעֶר, דָאס פַארְשְׁטֵייעֶן אַלֶע, אַז דִי שְׁלִיסֶעל פוּן קִינְדְבֶּעטָארִין אִיז נִיט אִיבֶּערְגֶעגֶעבִּין צוּ קֵיין שָׁלִיחַ פוּן דִי נַאטוּר, קֵיין דָאקְטָאר ווייס נִיט בִּיז דִי לֶעצְטֶע מִינוּט ווָאס דָארְטְן טוּט זִיךְ, אַזוֹי

משלים יקרים

לְכָבוֹד שַׁבָּת, דוּרְךְ דֶעם זְכוּת ווֶערְט דִי גַאנְצֶע נַאטוּר נִכְנַע צוּ אִים, אוּן עֶס ווֶערְט גֶעשִׁיקְט אַ בְּרָכָה בְּכָל מִשְׁלַח יָדָיו.

אדער

לָבָן, הָאט השי"ת פַאר הַאלְטְען דֶעם טַייעֶרִין אוֹרֵחַ דָא אוֹיף דֶעם הֵיילִיגֶען פְּלַאץ, עֶר הָאט אַרָאב גִילָאזְעֶן דֶעם לָאמְפּ (די זון) פַאר דֶער צַייט, בִּכְדֵי דֶער טַייעֶרֶער גַאסְט זָאל דָא בְּלַייבְּען אוֹיף נַאכְט לֶעגֶער, אוּנ הָאט אִים דָא גִיוִויזְעֶן אִין חָלוֹם אַז אַ לֵייטֶער שְׁטֵייט אוֹיף דֶ'רְעֶרְד אוּנ דֶער שְׁפִּיץ גְרֵייכְט צוּם הִימֶל. דָאס אִיז אַבִּילְד אוֹיף דִי וִויכְטִיגְקַייט אוּנ דִי הוֹיכְקַייט פוּן זֶרַע אַבְרָהָם, דַאכְט זִיךְ אַקְלֵיין מֶענְשֶׁעלֶע לִיגְט דָא אוֹיף דֶ'רְעֶרְד, אוּנ אַשְׁטֵיין צוּ קָאפֶּען, אָבֶּער זַיין הוֹיפְּט גְרֵייכְט צוּם הִימֶל אוּנ דִי גֶאטְלִיכֶע מַלְאָכִים (וואס ווערען בעשאפין פון זיין תורה ומצות) גֵייעֶן אַרוֹיף אִין הִימֶל, מְקַבֵּל זַיין הַשְׁפָּעָה פַאר זַיין נְשָׁמָה (חָכְמָה, בִּינָה, וָדַעַת), אוּנ פַאר זַיין קֶערְפֶּער (פַּרְנָסָה) אוּנ נִידֶערִין אַרָאבּ צוּ רִיק, אִים דָאס אִיבֶּער גֶעבֶּען. אוּנ דֶער עֶוִויגֶער בִּכְבוֹדוֹ וּבְעַצְמוֹ שְׁטֵייט בַּיי אִים צוּ קָאפֶּען, הִיטֶען אִים אִין אַלֶע גִיפֶערְלִיכֶע וֶועגִין וָואס עֶר וֶועט גֵיין, בִּיז וַואנֶען עֶר וֶועט קוּמֶען צוּרִיק אִין דִי הֵיילִיגֶע לַאנְד, אוּנ עֶס וֶועט אוֹיף אִים מְקוּיָם וֶוערֶען אַלֶע הַבְטָחוֹת וָואס עֶר הָאט פַארְשְׁפְּרָאכֶען צוּ אַבְרָהָם וְיִצְחָק. וִוי דֶער הֵיילִיגֶער יַעֲקֹב הָאט זִיךְ אוֹיף גִיוַואכְט פוּן שְׁלָאף, אִיז עֶר פַארְצִיטֶערְט גִיוָוארֶען אוּנ גִיזָאגְט מִיט שְׁרֶעק, אָה! וִוי אַזוֹי שְׁלָאף אִיךְ דָאס אִין אַזַא פָארְכְטִיגֶען אָרְט, דָאס הֵייסְט אַז מְ'אִיז זוֹכֶה צוּ שְׁטֵיין אוֹיף אַזַא הֵיילִיגֶען פְּלַאץ, דַארְף מֶען זַיין וַואךְ מִיט הֵיילִיגֶע גִידַאנְקֶען, נִיט פַארְשְׁלָאפֶענֶער הֵייד. הַיינְט אַז דֶער הֵיילִיגֶער יַעֲקֹב וָואס עֶר אִיז גִיוֶועֶן אַזוֹי רַייךְ אִין תּוֹרָה וּמַעֲשִׂים טוֹבִים הָאט זִיךְ גִישְׁרָאקֶען, וָואס זָאל שׁוֹין זָאגֶען אַזַא אָרִימֶע פְרוֹי וִוי אִיךְ (וָואס אִיז אָרִים אִין מַעֲשִׂים טוֹבִים אוּנ רַייךְ אִין פֶעלֶערִין), פוּן גְרוֹיס פַּחַד הָאבּ אִיךְ גָאר קֵיין וֶוערְטֶער אִין מַיין מוֹיל, נוּר אִיךְ פַאר טְרוֹי זִיךְ אוֹיף דֶעם וָואס אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים זָאגֶען, אַז וואוּ מְ'וֶעט דַיין גְרוֹיסְקַייט דָארְטֶען וֶעט מֶען דַיין עֲנָוָה. מִיט דֶעם גִידַאנְקֶען פַאס אִיךְ זִיךְ מוּטְהּ אִיבֶּער צוּ זָאגֶען דִי קוּרְצֶע תְּפִלָּה וָואס דֶער הֵיילִיגֶער פָאטֶער אַבְרָהָם הָאט דָא מִתְפַּלֵּל גִיוֶועֶן נָאךְ דִי עֲקֵדָה, וִויא אִין דַיין הֵיילִיגֶע תּוֹרָה שְׁטֵייט (וַיִּקְרָא

---

משלים יקרים

אונ סיי וָואס אִיז נוֹגֵעַ צוּם נֶפֶשׁ, הַיינוּ דַאוֶונֶען וואָרים אוּנ לֶערְנֶען, אוּנ עֶסִין לכבוד

מעשה אלפם

אוּנ וֶוען דִי אִשָּׁה אִיז חָלִילָה נִיט זָהִיר אִין דֶעם, הֵייסְט עֶס, זִי אִיז שְׁוַואךְ אִין דִי אֱמוּנָה אַז דֶער בּוֹרֵא אִיז דֶער מְחַדֵּשׁ הָעוֹלָם, עֶס חַאפְּט זִיךְ בַּיי אִיר נַארִישֶׁע גִידַאנְקֶען. פִילַייכְט אִיז נָאר דִי בְּלִינְדֶע נַאטוּר דִי פִיהְרְעִין? וֶוערְט זִי בְּעֶהַאנְדִילְט מִדָּה כְּנֶגֶד מִדָּה, בְּעֵת זִי דַארְף הָאבֶּען

דעם

אַבְרָהָם הָאט גִיבּוֹיט זַיין מִזְבֵּחַ רִיכְטִיג אַנְטְקֶעגֶן דֶעם מִזְבֵּחַ פוּן הִימֶל, אוּנ הָאט דָא אַרוֹיף גִילֵייגְט דֶעם טַייעֶרין קָרְבָּן, זַיין לִיבֶּען אֵיינְצִיגֶען זָאהן יִצְחָק, אוּנ בְּעֵת עֶר הָאט גִינוּמֶען דֶעם חַלָף לֵייגֶען אִים אוֹיף זַיין הַאלְז, אִיז בַּיי יִצְחָק'ן דִי נְשָׁמָה אַרוֹיס אוּנ אַרוֹיף גִיפְלוֹיגֶן אִין הִימֶל, אוּנ דֶער גְרוֹיסֶער הִימֶלְשֶׁער כֹּהֵן גָדוֹל (דאס איז מיכאל המלאך) הָאט אִיר מַקְרִיב גִיוֶען אוֹיפֶען מִזְבֵּחַ פוּן הִימֶל *), אוּנ בְּעֵת דֶער מַלְאָךְ הָאט גִירוּפֶען פוּן הִימֶעל, אַבְרָהָם אַבְרָהָם! הַאלְט אָב! טוּא אִים גָאר נִיט, אִיךְ וֵוייס שׁוֹין, אַז דוּ בִּיסְט גָאטְס פָארְכְטִיג אוּנ דוּ הָאסְט נִיט פַארְמִיטֶען דַיין לִיבֶּען אֵיינְצִיגֶען קִינְד פוּן מִיר, כְּלוֹמַר, דַיין קָרְבָּן אִיז שׁוֹין אִין אָרְדְנוּנְג, דֶעם עִיקָר (דאס איז די נשמה) הָאט מֶען שׁוֹין מַקְרִיב גִיוֶען פַאר הַשי"ת, פֶעלְט נוּר דֶער קֶערְפֶּער, דָאס קֶען מֶען פַאר בַּייטִין אוֹיף דֶעם קֶערְפֶּער פוּן אַ בַּעַל חַי, ווַייל אַלֶעם קֶערְפֶּער אִיז דֶער מֶענְשׁ מִיט דִי בַּעֲלֵי חַיִים גְלַייךְ, אַלְזָא הָאט עֶר אִים צוּ גִשִׁיקְט דֶעם בַּארַאן, אוּנ אַבְרָהָם הָאט אִים מַקְרִיב גִיוֶען אַנְשְׁטָאט דֶעם קֶערְפֶּער פוּן יִצְחָק, אוּנ הַשי"ת הָאט אַרָאב גִישִׁיקְט אַטַל שֶׁל תְּחִיָה אוּנ הָאט לֶעבֶּעדִיג גִימַאכְט יִצְחָק'ן. אוּנ אַרָאב שְׁטַייגֶענְדִיג פוּן מִזְבֵּחַ, הָאט יִצְחָק אוֹיף זִיךְ אַלֵיין גִיזֶעהן "תְּחִיַת הַמֵּתִים" אוּנ זִיךְ מִתְבּוֹנֵן גִיוֶען אַז אַזוֹי וֶועט דֶער בּוֹרֵא בָּרוּךְ הוּא, לֶעָתִיד מְחַיֶה זַיין אַלֶע טוֹיטֶע (וָואס זַיינֶען גִיוֶוען דָבוּק צוּ אִים בַּיי זֵייעֶר לֶעבֶּען), הָאט עֶר זִיךְ גִישְׁטֶעלְט אוּנ גִיזָאגְט דִי בְּרָכָה "בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ מְחַיֶה הַמֵּתִים". אָה, וָואס פַאר אַפָּארְכְטִיגֶער אָרְט דָא אִיז! אַז אַזָא וואוּנְדֶערְלִיכֶע הֵיילִיגֶע הִיסְטָארְיֶע הָאט דָא פַּאסִירְט. —

דָא אִיז אוֹיךְ דֶער אָרְט וָואס אוּנְזֶער פָאטֶער יַעֲקֹב, גֵייעֶנְדִיג פוּן גְרוֹיסֶען בֵּית הַמֶּדְרָשׁ פוּן שֵׁם וָעֵבֶר וָואס עֶר הָאט דָארְטִין גִילֶערְנְט פֶערְצֶעהן יָאר טָאג אוּנ נַאכְט. נַאכְהֶער אַז עֶר אִיז גִיגַאנְגֶען קַיין חָרָן צוּ

מעשה אלפס

אוֹיךְ אַשְׁיוּבוֹת צוּ דֶעם, ווַייל בִּזְכוּת נָשִׁים צִדְקָנִיּוֹת זַיינֶען אִידֶען אוֹיס גִילֵייזְט גִיוָוארֶען פוּן מִצְרַיִם.

אונ

משלים יקרים

פוּן אַלֶעם וָואס אִיז בֶּעשַׁאפִין בְּשֵׁשֶׁת יְמֵי הַמַּעֲשֶׂה, דֶער אִיד דַארְף נוּר הִיטֶען דֶעם שַׁבָּת מִיט הֵיילִיגְקֵייט, סַיי וָואס אִיז נוֹגֵעַ צוּם גוּף, אָן גְרֵייטֶען דִי שֶׁעֶנְסְטֶע אוּנ דִי בֶּעסְטֶע שְׁפַּייז נָאךְ זַיין פֶערְמֶעגִין,

אונ

*) ווִי דִי תּוֹרָה אִיז מְרַמֵּז (וַיָּשֶׂם אוֹתוֹ עַל הַמִּזְבֵּחַ) אַבְרָהָם הָאט אַרוֹיף גִילֵייגְט דֶעם הוֹיפְּט יִצְחָק, דָאס אִיז זַיין נְשָׁמָה (מִמַּעַל לָעֵצִים) אוֹיף דֶעם הִימֶלְשִׁין מִזְבֵּחַ וָואס עֶר אִיז אִיבֶּער דִי הָאלְץ, (ווַייל דֶער מִזְבֵּחַ וָואס אַבְרָהָם הָאט גֶעבּוֹיט, אִיז גֶעוֶוען אוּנְטֶער דִי הָאלְץ).

וְתִשְׁמוֹר אֶת כָּל בָּתֵּי יִשְׂרָאֵל מִשְׂרֵפוֹת.

און דער זכות וואס מיר האבען אן גיצונדען די ליכט פון שבת אין דר צייט און מיט כבוד, זאל מגין זיין, עס זאל ניט זיין קיין אונגליקען פון שרפות אין אידישע הייזער חלילה.

וּשְׁלַח אוֹרְךָ וַאֲמִתְּךָ הֵמָּה יַנְחוּנוּ.

און אזוי ווי מיר האבען בעלויכטען דעם שבת מיט ליכט, און מיר היטען אים מיט אמת, זאלסטו אויך שיקען דיין „ליכט״ און דיין „אמת״, דאס איז אליהו הנביא און מלך המשיח, זיי זאלען אונז ארויס פירען פון די פינסטערקייט פון גלות און פירען צו די גרויסע ליכט פון בית המקדש.

וּמַזָּלֵנוּ יָאִיר כְּצֵאת הַשֶּׁמֶשׁ בִּגְבוּרָתוֹ.

און אונזער מזל זאל אויף שיינען ווי די זון אין העלען טאג, אז אלע וואס ווילען אויף אידען זעהען נקמה, זאלען פאר שעמט ווערן, און דער מלאך רע זאל בעל כרחו אויך ענטפערן, אז מיר זיינען דיין ליבע פאלק, וואס דו האסט אויסער וואהלט פון אלע פעלקער, פירן אונז מיט שטאלץ און פרייד אין די היילינגע ליכטיגע לאנד במהרה, אמן.

## תחנה (אין ירושלים ביין) כותל מערבי (נאך ליכט בענשן און שבת פריה)!

די אשה וואס אירע געדאנקען איז ריין און היילינג, אז בעת דאווענען שטעלט זי זיך פאר ווי זי שטייט אין ירושלים עיר הקודש אנטקעגען קודש הקדשים (ווי אין היילינגען תלמוד שטייט), אזא זארט פרוי קען זאגען די תחנה אין חוץ לארץ אויך. נור איינינגע ווערטער איז דא וואס זיא דארף ניט זאגין, נור טראכטין אין הארצען וועלכע ווערטער? פארשטייט יעדער גילערענטע פרוי אליין.

גרויסער גאט! שטייענדיג דא ביי דעם מערב וואנט פון בית המקדש. פאלט אויף מיר אגרויסער פחד און אציטערניס, אז איך באדיינק זיך אויף וואס פאר אפארכטיגען און היילינגען ארט איך שטיי יעצט, איך ווייס ניט אויב איך בין גאר ווערט. אז מיין פוס זאל דא ארויף טרעטן, דא איז דער היילינגער ארט וואס אונזער פאטער



די זעקס טעג, ווייל שבת איז „תכלית״ אויף דעם פונדאמענט (בראשית ברא אלהים
מעשה שמים וארץ״ ער איז דער אוצר את השמים ואת הארץ) ווערט גיבויט די
גאנצע אידישע רעליגיאן.

פון

דער צווייטער אנדיינקונג פון שבת איז „זכר ליציאת מצרים״ איז די פרוי
איך·

לְהָאִיר אֶת בָּתֵּי נַפְשֵׁנוּ בֶּאֱמוּנָתְךָ הַטְּהוֹרָה כִּי אַתָּה בּוֹרֵא הָעוֹלָם וּמְנַהִיגוֹ.

צו ערלייכטען אונזערע געפיהלען מיט דעם שיין פון דיא ריינע אמונה, אז דו ביסט דער גרויסער איינציגער וואס האט גישטרויעט דעם הערליכען וועלט-פאלאץ, וואס צום אנדיינקונג האסטו גיגעבין דעם היילינגען, שבת, אז אין זעקס טעג האסטו בעשאפען די הימל און ערד און אלעס וואס אין זיי געפינט זיך, און שבת האסטו גירוהט.

כַּאֲשֶׁר הֶרְאֵיתָ לָנוּ בְּהוֹצִיאֲךָ אוֹתָנוּ מִמִּצְרַיִם בִּזְרוֹעֲךָ הַנְּטוּיָה.

און אזוי ווי דו ביסט דער בעשעפער פון הימעל און ערד אזוי ביסטו אליין זייער פיהרער, ווי דו האסט גיוויזען בעת דו האסט אונז ארויס גענומען פון מצרים, אז די גאנצע נאטור איז אין דיין האנד, איר צו ענדערן ווי דו ווילסט, דרום איז דער שבת אויך איין אנדיינקונג „זכר ליציאת מצרים".

וְעָזְרֵנוּ לִשְׁמוֹר אוֹתוֹ בִּקְדֻשָּׁה מְבוֹאוֹ וְעַד צֵאתוֹ.

ליבער הארציגער גאט. אזוי ווי דו האסט מיר גיהאלפען ארייננעמען דער שבת מיט כבוד און היילינקייט. אזוי זאלסטו מיר העלפין אים צוהיטען אגאנצען מעת לעת, מיר זאלען פארברייגען נור אין תורה ומעשים טובים, דאווענען מיט אווארימע הארץ, לערנען אליין און פארהערין די קינדער וואס זיי האבען גילערינט אגאנצע וואך.

וְלֹא יָבֹא חָלִילָה חִלּוּל שַׁבָּת עַל יָדֵינוּ.

און היט אונז אויס, עס זאל חלילה ניט קומען דורך אונז קיין חלול שבת, סיי אמלאכה, אדר ריידן וועגן גישעפט וואס דאס הייסט אויך אחלול שבת. שבת דארף מען זיך פארשטעלין אז אלע ארבייט איז גיענדיגט, און עס איז ניטא וועגין וואס צו ריידען, אויך זאלען מיר ניט ברויכען קיין כעס אין אים. נור עס זאל זיין שלום ושלוה ביי אונז.

---

מעשה אלפס

בעשאפען אין זיין געגענווארט וועט זי אויך זיין אהילף צו שפייזען זיין נייסט, זעהענדיג איר וואס זי איז בעשאפען גיווארין עצם מעצמיו, וועט ביי אים פעסט ווערען די אמונה אין חדוש העולם. דרום איז די מצוה גיגעבען צו איר, אנצינדען שבת צוויי ליכט צו ווייזען אז די מיטען שבת זיינען צוויי וויכטיגע ליכט, ליכטיג מאכען אונזערע אויגען אין די אמונה פון חידוש העולם וואס

משלים יקרים

היטען ניט פארלירען די שלימזלען. דאס גלייכען, אז השי"ת האט גיגעבין אידין דעם טאג שבת, איז אבעווייז אז ער האט זיי געמאכט הערשען איבער אלע זאכין וואס איז בעשאפין געווארין אין

די

לְהַרְאוֹת בָּזֶה כַּמָּה גָּדוֹל בְּעֵינַי כְּבוֹד שַׁבָּת הַמַּלְכָּה ׃

צוּ ווייזֶען מִיט דֶעם, ווִי דֶער כָּבוֹד פוּן שַׁבָּת הַמַּלְכָּה, אִיז בַּיי מִיר הויכְאַרְטִיג גִישֶׁעצְט, זִי אִיז דֶער טַייעֶרֶער פְּרֶיזֶענְט (מתנה טובה) פוּן דיין הֵיילִיגֶען אוֹצָר א) ווָאס דוּ הָאסְט אוּנְז בֶּעשָׁאנְקֶען דוּרְךְ מֹשֶׁה רַבֵּנוּ.

כַּאֲשֶׁר כָּתַבְתָּ בְּתוֹרָתֶךָ לָדַעַת כִּי אֲנִי ה' מְקַדִּישְׁכֶם.

ווִי דוּ לִיבֶּער גָאט הָאסְט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דַיין תּוֹרָה (כי אות היא) אַז דֶער שַׁבָּת אִיז דֶער הֵיילִיגֶער צֵייכֶען צְווִישֶׁען מִיר אוּנ צְווִישֶׁען אַייךְ, אִיר זָאלְט ווִיסֶען אַז אִיךְ גָאט הֵיילִיג אַייךְ, הַיינוּ אַז אִיר וֶועט הִיטֶען שַׁבָּת ווִי גִיהֶערִיג אִיז, וֶועט אִיר ווִיסֶען, כְּלוֹמַר, אִיר וֶועט שְׁפִּירֶען אִין זִיךְ מִיט אַייעֶרֶע חוּשִׁים רוּחְנִיִּים אַ גְרוֹיסֶע הֵיילִיגְקַייט.

וְעָזְרֵנוּ לְעַנְּגוֹ גַם בְּתוֹרָה וּמַעֲשִׂים טוֹבִים.

אוּנ הֶעלְף אוּנְז, אַז לְבַד ווָאס מִיר טוּעֶן זִיךְ פֶּערְגֶענִיגֶען שַׁבָּת מִיט גוּטֶע שְׁפַּייז, פִישׁ אוּנ פְלֵיישׁ אוּנ פֵּרוֹת, זָאלִין מִיר אוֹיךְ מַאכִין פֶּערְגְנִיגֶען אוּנְזֶער נְשָׁמָה, מִיט דֶעם ווָאס מִיר וֶועלִין דַאוֶונֶען מִיט אַ ווַארִימֶע הַארְץ אוּנ לֵייעֶנֶען הֵיילִיגֶע סְפָרִים ווָאס דָאס אִיז דֶער גאנְצֶער תַּכְלִית פוּן שַׁבָּת, אַז עֶס זָאלֶען צוּ זַאמֶען קוּמֶען אַלֶע דְרַיי הֵיילִיגְקַייט, „שַׁבָּת" אִיז הֵיילִיג, „אִידֶען" זַיינֶען הֵיילִיג אוּנ דִי „תּוֹרָה" אִיז הֵיילִיג, אַז „אִידֶען" לֶערְנֶען „שַׁבָּת" דִי „תּוֹרָה", וֶוערִין צוּ זַאמֶען גֶעפְלָאכְטֶען אַלֶע דְרַיי הֵיילִיגְקַייט, זֵיי זָאלִין הָאבִּין אַקִיוּם אוֹיף עֶווִיג.

וְקַבֵּל בְּרָצוֹן הַדְלָקָתִי וּבִרְכָתִי עַל נֵרוֹת שַׁבַּת קָדְשֶׁךָ.

הַארְצִיגֶער פָאטֶער, נֶעם אָן מִיט בַּאווִילִיגוּנְג אוּנ צוּפְרִידֶענְהֵייט מַיין אָנְצִינְדֶען דִי לִיכְט מִיט מַיין בְּרָכָה לְכָבוֹד דֶעם לִיבֶּען שַׁבָּת קוֹדֶשׁ.

---

משלים יקרים

א) דֶער מִדְרָשׁ זָאגְט אַ מָשָׁל צוּ אַ מַלְכָּה ווָאס דֶער מֶלֶךְ הָאט אִיר אִיבֶּער גִיגֶעבִּין דִי שְׁלִיסֶלֶען פוּן זַיינֶע אוֹצָרוֹת, הָאט זִי שׁוֹין אַנֶעווִיסֶען צֵייכֶען אַז דֶער מֶלֶךְ הָאט אִיר גֶעמַאכְט פַאר אַווִירְטִין אוֹיף אַלֶע זַיינֶע אוֹצָרוֹת, זִי דַארְף נוּר

הִיטְן

מעשה אלפס

גְרוֹיסֶער אִינְזִינֶער (דֶער בּוֹרֵא עוֹלָם) הָאט אִיר בֶּעשַׁאפִין אִין זֶעקְס טֶעג אוּנ דֶעם זִיבֶּעטֶען טָאג הָאט עֶר גִירוּהט, בֶּעדַייט דֶער לִיכְט בֶּענְשִׁין שַׁבָּת, עֶס זָאל אַרַיין שַׁייגֶען אִין דִי אִידִישֶׁע שְׁטוּבּ דִי אֱמוּנָה פוּן חִדּוּשׁ הָעוֹלָם. אוּנ ווַייל דִי פְרוֹי הָאט אִין זִיךְ אוֹיךְ דִי זֶעלְבֶּע סְגוּלָה פוּן שַׁבָּת, דִי ווייזְט אוֹיךְ אוֹיף חִדּוּשׁ הָעוֹלָם, ווִי הַשי"ת הָאט גִיזָאגְט (אֶעֱשֶׂה לוֹ עֵזֶר כְּנֶגְדּוֹ) אִיךְ וֶועל אִים מַאכִין אַדְאַפֶּעלְטֶע הִילְף, (עֵזֶר) דִי זָאל אִים צוּ גְרֵייטֶען שְׁפַּייז פַאר זַיין קֶערְפֶּער (כְּנֶגְדּוֹ) אוּנ מִיט דֶעם ווָאס אִיךְ וֶועל אִיר

בעשאפען

פון ווַלָה, וואס זי הייסט „ראשית עריסותיכם" — איך האב אין מענשען גיגעבען ארביעית דם (וואס דער גאנצער לעבען באשטייט אין דעם). דרום האב איך אייך גיגעבען די מצוה איר זאלט זיך ערוויטערין פון „דם נדה" (דאס וועט פארהיטען אייער רביעית דם זאל נים מכולה ווערין). — די נשמה אייערע רופט זיך „נר" (נר ה' נשמת אדם) דרום האב איך אייך גיגעבין די מצוה פון „נר שבת" וואס זי מאכט ארייז שיינען אין אייערע נשמות די אמונה אין חדוש העולם וואס שבת בעווייזט, אויב איר וועט דאס אב היטען ווי מ'דארף, וועט אלע זאכען זיין אין ארדנונג, אייער נאמען וועט זיין גרוים אין דער וועלט, ווייל אזא היילינגען פאמילין לעבין ווי דער איד לעבט, פארמאגט קיין אומה ולשון ניט, ווען ניט הלילה, וועל איך מינערין אייער רביעית דם אונ עס וועט פארלאשען ווערין אייער ליכט (די נשמה), אונ עס וועט בטל ווערען אייער גרויסער נאמען, אין די דריי מצות גיגעבען געווארען צו אונז פרויען, מיר זאלען עס אב היטען ריכטיג, צו פאריכטען דעם פגם, בכדי די וועלט זאל צוריק קומען צו איר תכלית, זי זאל זיין פאר'ן מענשין ווי אגן עדן, ער זאל צוריק לעבין עוויג, אונ דער לעבין צו די גליקליכע צייט „ליום שכלו שבת". אונ אזוי ווי איך האב ביז היינט אב געהיט די דריי מצות, אזוי זאלסטו געבין ליכט אין מיינע אויגען אונ מיר מזכה זיין אב צו היטען זיי ביז מיינע הונדערט יאהר, איך אונ מיינע טאכטער אונ מיינע שניר. אונ בזכות די דריי מצות זאלסטו מיר בענטשען מיט דריי ברכות געזונד אונ פרנסה אונ נחת פון קינדער, אמן.

## תחנה ברכת קדש (מתפלל זיין פרייטיג צו נאכט מיט גרוים כונה).

אנא קבל ברצון השתדלותי בכובד להכין צרכי שבת קדש.

טרייער פאטער, נעם אן מיט צופרידענהייט מיין אויף שטיין פריה ערב שבת פון דיין כבוד וועגין, צו גרייטען צרכי שבת, אזוי ווי דו האסט געשריבען אין דיין תורה (והיה ביום הששי והכינו את אשר יביאו) דיא מן וואס זיי וועלין אנקלייבען פרייטיג פריה, זאלען זיי גלייך צו גרייטען אויף שבת.

---

מעשה אלפס

מאבען די הייזער. שבת המלכה איז בייז קעניג צו ב אנדיינקונגען, דער ערשטער אונז זייער אהאכארטינע נאכט, זי איז אנדיינקונג איז אז די וועלט איז ניט גיווארין פון זיך (פון די בלינדע נאטור), נור דער גרויסער בראזענט פון דעם וועלט.

גרויסער

תּוֹרָה אִיז אַ לִיכְט צוּ מַיין טְרִיט אִיךְ זָאל נִיט פַאר קְרִיכִין אִין אַיין עֲבֵירָה חָלִילָה, (וְאוֹר לִנְתִיבָתִי) אוּנ זִי פַארְשַׁיינְט מַיין גַאנְצֶע וֶועג פוּן לֶעבִּין. וּבִזְכוּת זֶה (וָואס אִיךְ הָאבּ אָנְגֶעצוּנְדְן דֶעם לִיבְּן שַׁבָּת קוֹדֶשׁ אִין דֶער צַייט מִיט גְרוֹיס כָּבוֹד אוּנ בַּאשֵׁיינְט אִים מִיט שֵׁיינֶע לִיכְט) בֶּעט אִיךְ דִיר לִיבֶּער גָאט, אַז אִיךְ זָאל זוֹכֶה זַיין צוּ הָאבְּן קִינְדֶער תַּלְמִידֵי חֲכָמִים זֵיי זָאלֶען זַיין (עֵינֵי הָעֵדָה) דִי לִיכְטִיגֶע אוֹיגֶען פוּן דֶעם פָאלְק יִשְׂרָאֵל, אִיךְ זָאל הָאבְּן נַחַת אוּנ כָּבוֹד אִין בֵּיידֶע וֶועלְטֶען. אָמֵן.

## אַ צְווייטֶע תְּחִנָּה נָאךְ לִיכְט בֶּענְטְשֶׁען.

אַתָּה אוֹרִי וְיִשְׁעִי, גְרוֹיסֶער גָאט וָואס דוּ בִּיסְט אוּנְזֶער לִיכְט אוּנ אוּנְזֶער הִילְף (יְהִי רָצוֹן מִלְּפָנֶיךָ) עֶס זָאל זַיין אַ גוּטֶער ווילֶען פַאר דִיר, בִּזְכוּת וָואס אִיךְ הָאבּ מְכַבֵּד גֶעוֶועזְן דֶעם הֵיילִיגֶען שַׁבָּת מִיט מַיין לִיכְט בֶּענְטְשֶׁען אִין דֶער צַייט אוּנ הָאבּ גֶענוּמֶען חַלָּה ווִי גֶהֶערִיג אִיז, אוּנ בִּזְכוּת וָואס אִיךְ הִיט אָבּ דִי רֵיינִיקַייט וָוּם בַּעלַאוּגְט אָן אוּנְז פְרוֹיעֶן, זָאלְסְטוּ מְתַקֵּן זַיין דֶעם קִלְקוּל וָואס דִי מוּטֶער חַוָּה הָאט גֶעמַאכְט, וָואס דוּרְךְ אִיר אִיז טָמֵא גֶעוָוארֶען דִי חַלָּה פוּן דֶער וֶועלְט (דֶער בּוֹרֵא הָאט פַארְמִישְׁט דִי עֶרְד מִיט וַואסֶער ווִי אַ טֵייג אוּנ הָאט אָבּ גִישֵׁייד פוּן אִיר חַלָּה, וָואס פוּן דֶעם אִיז בֶּעשַׁאפֶען גֶעוָוארֶען אָדָם הָרִאשׁוֹן, אוּנ הָאט אִים אַרַיין גֶעלָאזֶען אִין גַן עֵדֶן עֶר זָאל דִינֶען הַשי״ת מִיט קְדוּשָׁה וְטָהֳרָה. אוּנ דוּרְךְ אִיר אִיז עֶר פַאר טְרִיבֶּען גִיוָוארִין פוּן גַן עֵדֶן אוּנ זִי הָאט פַארְלָאשֶׁען זַיין לִיכְט אוּנ פַאר גָאסֶען זַיין בְּלוּט, דֶען עֶס אִיז נִגְזַר גִיוָוארְן אוֹיף אִים דֶער טוֹיט, אוּנ דוּרְךְ דֶעם זַיינֶען מִיר גֶעשָׁאלְטֶען גֶעוָוארֶען צוּ לַיידֶען גְרוֹיס צַעַר פוּן טְרָאגְן, פוּן הָאבֶּען אוּנ פוּן קִינְדֶער עֶרְצִיהֶען). אַלְזָא בֶּעט אִיךְ דַיין רַחֲמָנוּת, אַז דֶער זְכוּת פוּן דִי דְרַיי מִצְוֹת זָאל זַיין אַתִּקּוּן אוֹיף דֶעם חֵטְא, ווִי דִי הֵיילִיגֶע גְמָרָא שְׁרַייבְּט (אין מסכת שבת) אַז אַ חָכָם פוּן שְׁטָאט גָלִיל הָאט גִילֶערִינְט רַב חִסְדָא׳ן, אַז הַשי״ת זָאגְט, אִיךְ הָאבּ אַייךְ אִירֶען גִירוּפֶען „רֵאשִׁית תְּבוּאָתִי״, דְרוּם הָאבּ אִיךְ אַייךְ גִיגֶעבֶּען דִי מִצְוָה

מעשה אלפס

וְעהֶען פִיל וָואס וֵוייסֶען נָאר נִיט פוּן אִידִישְׁקַייט. אוּנ פִיל וָואס וֵוייסֶען אֲפִילוּ, נוּר זֵיי הִיטֶען דָאס נִיט אָבּ ווִי גֶיהֶערְג, אוּנ לֶעבִּין דָאךְ זָא פִיל ? ווִיל אִיךְ ווִיסֶען דִי אוּרְזַאךְ פוּן דֶעם אוּם צוּ פֶערְשְׁטַארְקֶען בַּיי זִיךְ דִי אֱמוּנָה אִין דִי הֵיילִיגֶע רֵייד פוּן אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים.

דֶער שְׁוִוייגֶער אִיז, וֶוען מְ׳דַארְף אַיין לַאדִין אוֹיבְּטִינֶען גַאסְט, וּבִפְרַט אַמַלְכָּה, אִיז דֶער עֶרְשְׁטֶער כָּבוֹד לִיבְּטִינג

סאבין

נאך דער ברכה לאזט מען אראב די הענד אונ מען קוקט אין די ליכט.

יהי רצון מלפניך יהוה אלהינו ואלהי אבותינו שיבנה בית המקדש במהרה בימינו ותן חלקנו בתורתך ושם נעבדך ביראה כימי עולם וכשנים קדמוניות.

לכבוד גאט ב"ה וואס האט אונז געבאטען די הייליגע מצוה אונ לכבוד דעם הייליגען שבת, עס זאל זיין ליכטיג אין אלע ווינקעליך פון בית ישראל אונ איבער הויפט אין אלע ווינקעליך פון אונזער שכל, מיר זאלען זעהען די אמתע וועג מיט אלע גוטע מעשים, אמן.

## אנייע שיינע תחנה (צו זאגין נאך ליכט בענשן מיט גרוים כונה).

רבונו של עולם, הער פון דער וועלט, איך לויב אונ דאנק דיין ליבען נאמען, וואס איך האב זוכה געוועזן צו טאן די גרויסע מצוה וואס דו האסט אונז נשים מזכה געוועזן 1), ווי די חכמי התלמוד שרייבען (אין מסכת שבת) אז נשים זיינען מחויב צוא בענטשען ליכט פרייטיג פאר נאכט, אונ דיין חסד זאל זיין מיט מיר, אז מיינע אויגען זאלען מיר לייכטען צו טאן די מצוה ביז הונדערט יאהר, אונ זאלסט מיר פארהיטען עס זאל קיין מאל ניט טרעפען, איך זאל פארשפעטיגען אין צינדען די ליכט נאך די שקיעה, עס זאל ניט זיין חלילה פון די מצוה די גרעסטע עבירה דאס הייסט חלול שבת. וואס דאס איז הארב ווי די גאנצע תורה צוזאמען, ווייל שבת איז די הארץ פון אידישקייט. אונ פאר דעם זכות האף איך אונ בעט פון דיין הייליגען נאמען הקדוש ברוך הוא, אז מיינע קינדער וואס דו האסט מיר גיגעבין מיט דיין חסד אונ וועסט מיר געבין מיט דיין חסד, אז זיי זאלען ניט זיין קיין מחללי שבת חלילה. מיין פנים זאל ניט פאר שווארצט ווערין דורך זיי אויף יענער וועלט, אונ די ליכט פון דער תורה זאל זיי ערלייכטען די אויגען אז זיי זאלען חלילה ניט נכשל ווערין אין עבירות, ווי דוד המע"ה זאגט (נר לרגלי דבריך) דיין

---

מעשה אלפס

1) פיר וואס איז די מצוה פון ליכט בענשין שייך צו די ווייבער מער ווי צו די מאנס לייט? אויך וואס מיר לייענען וועגין דעם ואין בפה במדליקין) על שלש עבירות נשים מתות בשעת לידתן על שאינן זהירות כו' אז פאר די עבירה פון ניט זהיר זיין אין נדה חלה הדלקה שטארבט מען חלילה פון אקינדבעט, איז מיר אפראגע וואס מיר זעהען

פאר ליכט בענטשין, אבער ווען עס איז שוין שפעט, זאל מען פריער ליכט בענטשען און נאכהער זיך אב וואשען און שיין אנטאן, און ווען דער מאן זעט, אז עס איז שוין א מינוט צו די שקיעה און די ווייב איז נאך ניטא פון גאס, זאל ער אליין ליכט בענטשן, און אז זי קומט נאך דער צייט וואס מ'טאר שוין ניט צינדען קיין ליכט, טאר זי קיין ברכה אויך ניט מאכין אויף די ליכט, און ווען זי בייזערט זיך אויף אים, וואס ער האט געבענשט אירע ליכט, דארף ער איר געבין צו פארשטיין מיט גוטע ווערטער, ווי באלד דו רעבענסט, מיין טייערע, מיט דיין ליכט בענטשען צו טאן א מצוה, הײנט ווען דו בענשט נאך דר צייט, איז לא די וואס דו האסט קיין מצוה, פארדינסטו נאך אגרויסע עבירה פון חלול שבת, און מיט די גוטע רייד וועט זיך אפארשטאנדיגע פרוי גווים בערוהיגען, און וועט זיך היטן אצווייטען מאל ניט צו פארשפעטיגען. און ווען דער מאן האט אויך ניט אנגעצונדען די ליכט און עס איז שוין נאך די שקיעה, זאל מען רופען איין ערל אנצינדען, ווען עס איז ניטא קיין ערל איז גלייכער צו עסין אין דער פינסטער, איידער מחלל שבת צו זיין חלילה. פריער צינדט מען אן די ליכט און נאכהער שפרייט מען אויס די הענד קעגען פנים (בכדי נים הנאה צו האבען פון דעם שיין, ביז נאך די ברכה)

און מען זאגט די ברכה:

## בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם אֲשֶׁר קִדְּשָׁנוּ בְּמִצְוֹתָיו וְצִוָּנוּ לְהַדְלִיק נֵר שֶׁל שַׁבָּת:

שערי ציון

פריה, זעט מען דאן וואו עס פעלט אקנויט, וואו אנלאז, און אנדערע מאשינקעס וואס מ'דארף אויס ריינינגען עס זאל ברענען העל, און ווען מ'לאזט דאס אויף פארנאכט קומט מען גאנץ אפט צו חלול שבת חלילה, אויך דארף מען זהיר זיין ריכטיג אנשטעלין דעם זייגער פרייטיג און האבען ביי זיך אשקיעה אין שטוב.

ה) פרייטיג פאר נאכט מוז מען אכטונג געבין עס זאל אין די קליידער ניט שטעקין קיין נאדיל פאדים, אדער אין די קעשענעס זאל ניט ליגען קיין געלט אדער א דבר מוקצה וואס מ'טאר שבת ניט האלטען.

ו) עס איז רעכט פרייטיג ביי טאג ווייניג צו עסין (נור עטוואס אמיני מזונות) עס זאל ניט איבער האלעשין די הארץ, און די פרויען וואס קאכען פרייטיג מיטאג ווי אלע טאג, איז דאס זייער ניט רעכט, אפילו זומער טאר מען שוין פון 3 אזייגער ניט עסין קיין סעודה קבועה.

ז) אלע קליינינקייטען ווי ווין, שנאפס, עסיג, ליכט, נאז זאל מען אנגרייטען פריה ניט לאזען אויף די לעצטע מינוט, אויך חריין אן רייבען מוז מען פאר די שקיעה, ווען מ'רייבט אן נאך די שקיעה, מאר מען דאס דעם שבת ניט עסין.

און בְּלייבּט דָארְטִין לעוה"ב בַּיי גָאר נִיט, און וַוייל אִין דֶעם אִיז דָא פִיל דינִים און עֶרְקְלֶערוּנְגֶען, אִיז אַיוֹשֶׁר אַז יֶעדֶער פְרוֹי זָאל אָפְּט לֵייעֶנֶען דֶעם פֶּרֶק „קְלֵיין טַייכֶעלֶע" וָואס אִיז גִישְׁרִיבֶּען עֶקְסְטְרֶע צוּ דֶער זַאךְ, אִין מַעֲשֶׂה אַלְפַּיִם (דריטע טייל זייטע 39 ביז ענדע) דָארְטֶען גֶעפִינְט מֶען אַלֶעס וָואס נֵייטִיג אִיז, עֶס אִיז זֵייעֶר אַנְגֶענֶעהם צוּם לֶעזִין.

## מִצְוַת הַדְלָקַת נֵרוֹת.

א) עֶס אִיז אַמִצְוָה אָן צִינְדֶען לְפָחוֹת 2 לִיכְט אוֹיף שַׁבָּת אֵיינֶע וַוייזְט קֶעגִין „שָׁמוֹר" אֶת יוֹם הַשַּׁבָּת לְקַדְּשׁוֹ (וואס שטייט אין די צווייטע לוחות), כְּלוֹמַר, צוּ בֶּעלַייכְטֶן דֶעם שֵׂכֶל, וִויסֶען וָואס מ'טָאר נִיט טָאן שַׁבָּת, אָב צוּ הִיטֶען זִיךְ פוּן דֶעם, און אֵיינֶע קֶעגֶן „זָכוֹר" אֶת יוֹם הַשַּׁבָּת לְקַדְּשׁוֹ (פון די ערסטע לוחות), כְּלוֹמַר, צוּ בֶּעלַייכְטֶען דֶעם שֵׂכֶל וֶועגֶען וָואס דֶער הֵיילִיגֶער שַׁבָּת בֶּעדַייט, מ'זָאל וִויסֶען וָואס מְקַיֵּים זַיין אִין אִים. צְווֵיי מָאל „נֵר" בֶּעטְרֶעפְט 500 קֶעגֶען דִי אֵבָרִים פוּן אִישׁ וְאִשָּׁה. בִּזְכוּת דֶעם אָב הִיטֶען רִיכְטִיג לִיכְט בֶּענְטְשֶׁען, וֶועט דֶער בּוֹרֵא גֶעבֶּען גֶעזוּנְד אִין אַלֶע גְלִידֶער א).

ב) פְרַייטִיג פַאר נַאכְט לְפָחוֹת 10 מִינוּט פַאר דִי שְׁקִיעָה (זון אונטערגאנג), מוּז מֶען בֶּענְטְשֶׁען לִיכְט, דֶער עִיקָר מִצְוָה אִיז דֶער מַאן זָאל דִי לָאמְפֶּען און דִי לַייכְטֶער מִיט דִי לִיכְט צוּ רֶעכְט מַאכֶען, און דִי פְרוֹי זָאל לִיכְט בֶּענְטְשֶׁן. דֶעם עֶרְשְׁטֶן שַׁבָּת וָואס זִי אִיז אַ קִינְדְבֶּעטָארִין זָאל זִי צוּרוּפֶען דֶעם מַאן און זָאגֶען אִים, זַיי מַיין שָׁלִיחַ אָנְצִינְדֶען דִי לִיכְט מִיט אַ בְּרָכָה, דַאן וֶועט זִיא זַיין אַ שׁוּתָּף אִין דֶער מִצְוָה.

ג עֶס אִיז אַ מִצְוָה זִיךְ אַרוּם צוּ וַואשֶׁען און אָן טָאן שֵׁיינֶע קְלֵיידֶער

---

שערי ציון

אֵיינִיגֶע דִינִים פוּן עֶרֶב שַׁבָּת.

א) שַׁבָּת אִיז דִי הַאַרְץ פוּן יוּדִינְטְהוּם, וֶוען דִי הַארְץ אִיז גֶעזוּנְד הֵייסְט מֶען נָאךְ אַמֶענְשׁ, וֶוען דִי הַארְץ אִיז חָלִילָה גִיפֶּעלֶערְט אִיז מֶען שׁוֹין קֵיין מֶענְשׁ נִיט.

ב) עֶס אִיז אַמִצְוָה פְרַייטִיג אוֹיף שְׁטֵיין פְרִיעֶר וִוי אַלֶע טָאג, צוּ צוּ גְרֵייטֶען לְכָבוֹד שַׁבָּת, דִי רַייכְסְטֶע פְרוֹי וָואס הָאט פִיל דִינֶערשַׁאפְט זָאל אַלֵיין טָאן וָואס מֶעגְלִיךְ לְכָבוֹד שַׁבָּת, וּבִפְרַט וֶוען עֶס אִיז שְׁפֶּעט, דָא אִיז אַתוּב גָמוּר צוּ הֶעלְפֶען וָואס מֶעגְלִיךְ, בִּכְדֵי עֶס זָאל נִיט קוּמֶען צוּ חִלּוּל שַׁבָּת חָלִילָה. מִיר גֶעפִינֶען אִין הֵיילִיגֶען תַּלְמוּד אַז דִי רַייכְסְטֶע תַּנָּאִים וָואס אַנְדֶערֶע פוּן זֵיי זַיינֶען גִיוֶועזֶן קְרוֹבִים לְמַלְכוּת, הָאבֶּען אַלֵיין פִיל גִיהָאלְפֶען טָאן לְכָבוֹד שַׁבָּת.

ג) אִין פַאבְּרִיקֶען דַארְף מֶען זָהִיר זַיין פְרַייטִיג אַיין צָאלֶען אַרְבֵּייטֶער וָואס פְרִיעֶר. און וֶועלְכֶע וִוירְטְהִין עֶס פִירְט אַיין צָאלֶען אִין ווִינְטֶערְדִינֶע טֶעג דָאנֶערְשְׁטִיג בַּיי נַאכְט זָאל זִי גִיבֶּענְשְׁט וֶוערִין מִיט גְרוֹיס הַצְלָחָה.

ד) דִי לָאמְפֶּען אִיז אַיוֹשֶׁר אָן גִיסֶען פְרַייטִיג

פרים

ווי בעריִמט זיינען אידישע טעכטער, אז זייער גארטין איז פארשלאסען פון אונציכטיגע זאכען (זנות). און אפילו פון זייערע מאנען שיידין זיי זיך אב אטאג אדער אנאכט (סמוך לוסתן) נאהענט צו זייער מאנאטליכען פלוס, היינו ווען זי איז גיוואהנט צו בעקומען איר פרויען גאסט אלע 30 טעג ביי טאג, דארף זי די נאכט פריער זיין בעזונדער פון איר מאן, דער הייליגער משורר (שלמה המלך ע"ה) שרייבט אז דער אידישער גארטען דארף ניט האבין קיין צאם פון ברעטער נור (סוגה בשושנים) זי איז גיצאמט מיט רויזען און בלומען, כלומר, אז זי זעט נור אטראפען רויטקייט (בלוט) ווי אקערענדיל פון ארויז, איז שוין איר גארטין גיצאמט, אז איר מאן זאל שוין ניט צוטרעטין צו איר, ביז וואנען דער פלוס פארהאלט זיך, און זי מאכט דעם אב צוג, און ציהט אן ווייסע וועש און ציילט נאכהער 7 ריינע טעג וואס יעדער טאג פון די 7 מאכט זי בדיקה (איין אונטערזוכונג) אלע פריה און אוונד (מים אווייכע זאך אווייסע) און נאך דעם 7 טען ריינעם טאג אין אווענד גייט זיא טבילה אין אכשרה מקוה, דאן עפינט זיך דעם צוים פון איר גארטען פאר איר ליבען מאן, דר זכות פון אונזער מוטער חנה זאל מגין זיין אויף אירע טאכטער, זיי זאלען זייערע מצות רעכט האלטען, בפרט די מצוה פון נדה זאלען זיי ניט פאר גרינג האלטען, ווייל ווען די פרוי גייט צו קינד ווערט קאנטראלירט דער בוך פון אירע מעשים, און ווען חלילה זי האט דאס ניט אב גיהיט ווי גיהעריג, שטייט זי אין אגרויסע סכנה, סיידין אז זי האט אגרויסען זכות גייט זי דורך דעם עקזאמען, אמאל פאר בייט מען דעם טויט שטראף אויף יסורים און זי בלייבט קראנק פון דעם קימפעט, און ווען גאר אגרויסער זכות שיינקט מען אין גאנצען, אבער זי האט זיך מיט דעם חכד ווייניג צו פרייען, ווייל זי פארצערט (עסט אויף) דעם גרויסען זכות אויף דער וועלט

שערי ציון

באקען נור צו קאכען (ווי צום ביי שפיל א'יף ראש השנה'דיגע פארפיל) נעמט מען חלה אן אברכה, ווען די פארפיל ווערט גימאכט אויף קלארע אייער אן אטראפען וואסער, דארף מען גאר קיין חלה ניט נעמען.

ח) די משרתת טאר ניט נעמען קיין חלה אן רשות פון די ווירטין, ווען די טייג אבער קען מבולה ווערין (איידער די ווירטין וועט קומען), דאן מעג די משרתת אליין נעמען חלה מיט אברכה.

ט) ווען מ'פאר געסט פרייטיג צו נעמען חלת, דארף מען שבת איבער לאזין פון יעדער חלה אקליינעם אקרייצי: און שבת'צו'נאכט צו זאמען לייגען אלע אקרייציגעט און נעמען פון איינעם אבעות און פאר ברענען.

זיין דיין גוטער ווילען מיר מזכה צו זיין, מקיים זיין די מצוה פון חלה אין אונזער לאנד, בעת דער בית המקדש וועט זיין געבויט, דאן וועל איך געבין תרומה ומעשר פון אונזערע תבואה און פרוכט, און אב שיידין חלה ווי דער דין איז, און געבין דעם כהן ער זאל דאס עסין בטהרה ובקדושה, אום ער זאל כח האבין צו לערנען דיין הייליגע תורה, און העלף מיר יעצט אויך צו שטיצין ישיבות און תלמידי חכמים ווי וייט מעגליך, ובזכות זה זאלסטו אונז געבין פרנסה בכבוד און מזכה זיין מיט קינדער גרויסע תלמידי חכמים און צדיקים וואס גאט און לייט זאלען זיך מיט זיי פרייען, אמן.

און גלייך דארף מען עס ארייןווארפין אין אויבין פארברענען, און ווען די חלה (ווארפענדיג אין אויבין) איז אריין געפאלין אין א הייסע ניקעכטש, דארף מען פרעגין א שאלה. דער פארברענען די חלה איז איין אנמערקונג, אז די שפייז וואס מיר געמען אין מויל דארף זיין טהור און כשר נאך דעם דין התורה. כלומר, א אידישע טאכטער דארף פירין א אידישע קיך, מיר מיינען ניט מיט דעם זי זאל ניט קויפין קיין טריפה פלייש חלילה, ווענין דעם איז קיין רייד ניט, מיר מיינען נור די פלייש וואס איז געקויפט אין כשרה יאטקע, דארף אויך אב געהיט ווערען, עס זאל חלילה אין קיך ניט טרייף ווערען ביין כשרין און זאלצין, אכטונג געבין עס זאל זיין אויס ניטרויבערט פון חלב ודם, אב היטען פון פליישיגע ניפעם ביז מילכיגע, אויך ווען די קעכין איז אקריסטין דארף די ווירטהין אכטונג געבין אפט אין קיך אויף כשרות, אויך עס זאל ניט געקאכט ווערען פרייטאג נאך ליכט בענשין, אויך עס זאל ניט זיין קיין בשולי נכרים. הכלל אונטער די השגחה פון די אידישע פרוי איז אנגעטרויט די גרויסע וויכטיגע מצוה פון מאכל כשר. וואס דאס שטייט העכער פון אנדערע מצות, וויל די שפייז וואס מ׳עסט ווערט פערוואנדילט אויף די פלייש און בלוט פון מענשין און ווען חלילה עס איז ניט כשר ווערט דער מענש טרייף חלילה און איז זיך מטמטם את הלב. אלזא די אשה וואס איז פארזיכטיג אין דעם איז איר שכר זייער גרויס.

---

שערי ציון

וואו מ׳קען אליין ניט באקן און קיין אידישער בעקער איז אויך ניטא), קויפען די בעקער טערק חלה אויף שבת, שיידין אב חלה מיט א ברכה איז דאס א ברכה לבטלה.

ג) ווען מ׳האט ביין פאר קנעטין פאר געבין צו נעמען חלה, קען מען נעמען נאכן באקען, נור מ׳דארף אריין לייגן גאר די חלה אין א כלי אדער אריבער דעקן מיט א טישטאך און אב ברעכין א שטיקעל פון איין חלה און פארברענען.

ד) עס איז קיין אונטערשייד אויב די מעל איז מיט צוקער, אייער, מילך, האניג זוי באלד עס איז גידיכט פאר קנאטין איז חייב בחלה, ווען עס איז אבער ניט צום באקען

אב שיידין חלה פון אונזערע טייג. פארצייטין בעת מיר זיינען גיוועזין אויף אונזער לאנד, האט מען אב געשייד א היבשע שטיק טייג, און פון דעם אויסגיבאקען א חלה פאר די יונגע כהנים, וואס לעבען אין די ישיבות, און היינט אז מיר זיינען טמא און די כהנים טארין דאס ניט עסין, שיידעט מען אב אקליין שטיקעלע גרויס ווי א זית (און פארברענען), עס זאל ניט פארגעסין ווערין די מצוה פון חלה. (וואס זי לערינט אונז) צו שטיצען ישיבות, עס זאלין אויס וואקסין גרויסע תלמידי חכמים און גאונים אין תורה און אין מעשים טובים, ובזכות זה זאלסטו ערבארעמיגער פאטער שיקען דיין ברכה וואו מיר וועלין זיך קערין און ווענדן, אין אונזערע האנד ארבייט און אין אונזערע גישעפטין, און אונזערע קינדערלאך זאלין ניט פאר וואגילט ווערין פון אונז, מיר זאלין זיי קענען אליין אויס שפייזען. און די מצוה פון חלה זאל גירעכינט זיין פאר דיר, ווי איך האב איר מקיים גיוועזן מיט אלע כונות און מיט אלע תרי"ג מצות וואס זיינען אבהייניגיג אן איהר, אמן.

אז מ'פארקנעט אטייג 3 פונט פון די 5 זארטין מעל (ווייץ, גערשטין, קארין, האבער, כוסמין) איז מען מחויב אב צו שיידין חלה מיט די ברכה.

## בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם אֲשֶׁר קִדְּשָׁנוּ בְּמִצְוֹתָיו וְצִוָּנוּ לְהַפְרִישׁ חַלָּה:

יְהִי רָצוֹן מִלְּפָנֶיךָ יְיָ אֱלֹהֵינוּ וֵאלֹהֵי אֲבוֹתֵינוּ שֶׁיִּבָּנֶה בֵּית הַמִּקְדָּשׁ בִּמְהֵרָה בְיָמֵינוּ וְתֵן חֶלְקֵנוּ בְּתוֹרָתֶךָ, וְשָׁם נַעֲבָדְךָ בְּיִרְאָה כִּימֵי עוֹלָם וּכְשָׁנִים קַדְמוֹנִיּוֹת:

---

## תְּחִנָּה נָאכִין אָבְשֵׁיידִין חַלָּה.

לכבוד גאט ברוך הוא (וואס האט אונז גיגעבין די היילִיגע מצוה) און לכבוד דעם היילִיגען שבת, טרייער פאטער! עס זאל

---

שערי ציון

איינִיגע דינים פון חלה נעמען.

א) פון ארבעטענע מעל, גריקענע (רעצקע) מעל, קארטאפל מעל און דאס גליכן, דארף מען ניט נעמען חלה.

ב) די ברויט, די חלה וועלכע האט גיבאקט ניט קיין איד, אז א איד קויפט עס, איז פטור פון חלה, און די פרויען וואס רעדען צו טאן א מצוה אין די ערשטער

מאן

דעם אור התורה אין איהר מאנס אונ קינדער'ס ליכט, ווייל ווען איהר מאן אונ קינדער זיינען אין תורה איז זייער ליכט אין פייער.

מיר זאגין נאך קבלת שבת (במה מדליקין ובמה אין מדליקין), אז די ליכט וואס דארפין ברענען שבת דארפין זיין געמאכט פון אזעלכע בוימיל אונ קנויטין וואס דער פייער זאל זיך האלטען אן זיי אונ ברענען העל אונ ליכטיג, ווען אבער די בוימעל איז ניט קיין ריינע אונ דער קנויט איז ניט פייהיג אז דער פייער זאל זיך אן איהם אן האלטען, דאס קען מען ניט באנוצען אויף שבת, ווייל אם ענדע וועט מען בלייבען זיצען אין דער פינסטער. אונ ווי (דער בחינת שלם שרייבט) אז דער קערפער מיט די זעלע פון מענשין דאס איז דער קנויט מיט די בוימעל וואס דער פאבריק פון זיי איז די מוטער (זיי ווערין ענטוויקעלט אין מוטער לייב), אויב די פאבריק ארבעט ריכטיג ווי דער מייסטער האט איינגעארדענט דאן קומט ארויס דער קנויט מיט די בוימעל ריין אונ פיין, אז דער פייער זאל זיך לייכט אן נעמען אונ ברענען העל אונ קלאר. דאס איז ווען די פרוי היט אב איהר ריינקייט נאך דעם ארדענונג פון דער תורה, וואס זי שרייבט (ויקרא ט"ו) והזרתם את בני ישראל מטומאתם, איהר זאלט אב ציהען די יודישע קינדר פון די אונריינטליכקייט. דאס איז איין אויפמערקזאמקייט, אז די יודישע טאכטער איז נאהענט צו איהר מאנאטליכען פלוס, זאל זי שוין זיין באזונדער, נאכהער ווער רעט די גאנצע צייט פון פלוס דאס איז דאך גיפערליך פיר דעם קערפער אויך. אם ענדע ווי דער פלוס הערט אויף, דארף זי מאכין איהר אב צוג, אונ אן ציהען ווייסע וועש אונ ציילין 7 ריינע טעג, היינו אלע טאג זיך בודק זיין (אונטערזוכין) פריה אונ פארנאכט מיט אווייבע זאך אווייסע, אונ נאך דעם זיבעטין ריינעם טאג אין אווינד דארף זי גיין טבילה אין אכשרה מקוה, דאן ווערט זי טהור לבעלה, אויב זי היט אב אלעס ווי די תורה לערינט איהר, פארמעוועט זיך אוים ביי איהר דאס קינד אגוף טהור מיט אנשמה קדושה, וואס נאכהער קען זיך אן נעמען דער פייער פון די תורה אן זיין ליכט, אונ ווען חלילה זי היט ניט אב איהרע ריינטליכקייט וויא דר דת התורה, פעראונרייניגט זי זיך אונ דעם מאן, אונ די קינדער וואס זי האט זיינען פון דעם זארט קנויטען אונ בוימעל וועלכע דער פייער נעמט ניט אן ביי זיי, ד. ה. זייער קערפער אונ זעלע זיינען אונריין, וואס דער אור התורה קען זיך אן זיי ניט אן האלטען אונ זיי בלייבען אין דער פינסטער.

# תחנה פאר חלה נעמען.

הארציגער פאטער אונ גרויסער קעניג, איך קום יעצט מיט גרויס שמחה מקיים זיין די ליבע מצוה, וואס דו האסט אונז גיבאטין אין דיין הייליגע תורה, (ראשית עריסותיכם חלה תרימו)

נשים במאי זכיין" וואס איז דער עיקר זכות פון די פרויען? מיט דעם וואס זייא ברייגגען אראפ די ליכטיקייט פון דער תורה צו זייערע מאנען און קינדער, דער גאטליכער פהילאזאף דער בחינת עולם שרייבט, אז דר מענש מיט די תורה איז אגעטליכע ליכט אויף דער וועלט, דער קערפער איז אגעפלאבטענער קנויט און די נשמה איז די בוימעל, און די תורה איז דער געטליכער פונק, אז דער פונק קומט צו זאמען און באהעפט זיך מיטין לאמפ, ווערט פול דיא אידישע הויז מיט ליכטיקייט, אז זי זאל עוויג עקסעסטירען אויף די וועלט, און נאכהער אויף די עוויגע וועלט, און אונטער וועמעס האנד ליגט דאס? נור אונטער דיא פרויא וואס זי איז די ווירטין פון שטוב און די געהילף פון מאן, איהם מזרז צו זיין, בעת ער קומט פון זיין ארבעט און זי דערלאנגט איהם שפייז, און ער רוהט זיך אביסיל אוים, דאן דארף זי איהם אויך געבין גייסטליכע שפייז פיר זיין זעלע, און זאגען פריינדליך: זעהע מיין ליבער מאן נעם אוויילע אספר אין האנד, לערין אליין, הארך וואס די קינדער האבען גילערינט אין חדר צו וויסען זיי? עס זאל אונזער מיהע ניט גיין לאבוד. און וויא ווייט אגוטע פרוי קען ווירקען מיט גוטע רייד אויף איהר מאן, איז גאר ניט אוים צו שרייבען, ווי דר חכם זאגט (אשת חיל עטרת בעלה) אקלוגע גאטס-פארכטיגע פרוי איז די קרוין פון איהר מאן, (חכמות נשים בנתה ביתה) די קלוגע פרוי בויט איהר הויז, זי צינדעט אן די געטליכע ליכט. די ליכט פון שבת וואס דאס באדייט אויף די עוויגקייט (ליום שכולו שבת) צינדעט זי אן ביי איהר אין הויז, אז עס זאל לייכטען אימער אונד עוויג. ווער עס איז קלאהר אונזער היסטאריע ווייס וויפיל פרויען האבען אריין גיבראכט געטליכע ליכטיגקייט אין בית ישראל, די קלוגע און שיינע רחל דעם אידישען מיליאנערים (כלבא שבוע'ס) טאכטער האט גימאכט אויפשיינען אגרויסען שטערען דעם תנא ר' עקיבא מיט פיר און צוואנציג טויזענד קליינע שטערען אויף יודישען הימעל, ביי אונזער מוטער שרה'ס האט גיברענט די ליכט (פון שבת) פון שבת צו שבת, כלומר, די ליכטיגקייט פון דער תורה, וואס זיי האבען מזרז גיווען זייערע מאנען עוסק צו זיין אין דעם טאג פון שבת (בעת דער מענש איז אוים גירוהט) האט גימאכט מוטה און פליים צו שיינען א גאנצע וואך (וואס מען איז מאגבע טאל פערטומט). ניט אום זיסט האט דער בארימטער חכם גיגליכען די תורה צו א אשת חיל, ווייל א אשת חיל איז איינע פון די טייערסטע אנטיקען אין דעם וועלט אוצר. דאס איז די כונה פון אונזערע חכמים (נשמה שנתתי בכם קרויה נר) די נשמה וואס דער בורא האט גיגעבין אין מענשין הייסט "נר", ווי דר פסוק זאגט (נר ה' נשמת אדם) די נשמה פון מענשין איז גאטעס ליכט. אליכט דארף האבען א קנויט, ד. ה. די נשמה דארף האבען אקערפער. און מען דארף איהר ליכטיג מאכן מיט פייער, אליכט אן פייער איז פינסטער, די פרוי דארף אן צינדען די ליכט פון שבת, אז עס זאל שיינען, דאס באמערקט איהר אז איהר פליכט איז אריין צו ברייגגען

דעם

רֶעם פִידֶערְ פוּן דֶער וֶועלְט. נוּר וַוייל הַיינְט זַיינֶען מִיר מִיט דִי כֹּהֲנִים טְמֵאִ״ם, וָואס זֵיי טָארֶען דִי חַלָה נִיט עֶסְן, נֶעמְט מֶען נוּר אַכְּזַיִת אוּנ מְ׳פַארְבְּרֶענְט, בִּכְדֵי דֶער גִידַאנְקֶען פוּן חַלָה נֶעמֶען זָאל בַּיי אוּנְז נִיט פַארְגֶעסֶען וֶוערִין, אוּנ מִיר זָאלִין אִיהם עֶרְפִילֶען דוּרְךְ אַנְדֶערֶע מִיטְלֶען וִוי שְׁטִיצֶען תּוֹרָה אוּנ מַחֲזִיק זַיין יְשִׁיבוֹת–א).

יֶעצְט פַאר שְׁטֵיי אִיךְ, וָואס אַנְגֶעוִויסֶע צִדְקָנִיוֹת פְּלֶעגְט זִיךְ נוֹהֵג זַיין, אַז גְלַייךְ וִוי זֵי פְּלֶעגְט אַריין ווארְפֶען דִי חַלָה אִין אוֹיבֶען, פְּלֶעגְט זֵי זָאגִין: מְ׳דַארְף מַאכֶען אַהַלָה׳לֶע פַאר דֶעם יְשִׁיבָה-מַאן. הָאבּ אִיךְ נִיט פַארְשְׁטַאנֶען וָואס גִיהֶער זִיךְ דָאס אֵיינֶע צוּ דִי צְוֵייטֶע? יֶעצְט פַארְשְׁטֵיי אִיךְ. אַז עֶס הָאט אַגְרוֹיסֶע שַׁייכוּת, וַוייל אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערִין הָאבֶּען גִיוואוּסְט דֶעם אִידִיאַל וָואס לִיגְט אִין חַלָה נֶעמֶען, אוּנ וִוי בַּאלְד יֶעצְט אִיז דִי חַלָה אוּנ דִי כֹּהֲנִים טָמֵא (אוּנ עֶס גֵייט לִשְׂרֵפָה) קוּמְט דָאךְ דִי מִצְוָה נִיט צוּ אִיר תַּכְלִית, דְרוּם הָאט זֵי גְלַייךְ גִימַאכְט צוּם עֶרְשְׁטֶען אַיין חַלָה׳לֶע פַאר דֶעם יְשִׁיבָה מַאן. וִוי דִי צָרְפַתִית מִיט אֵלִיָהוּ הַנָבִיא (מ״א יז), פְרִיעֶר הָאט זֵי גֶעמַאכְט פַאר אִיהם אַקוּכִין, נַאכְהֶער פַאר זִיךְ מִיט דִי קִינְדֶער.

יֶעצְט טַייעֶרֶע שְׁוֶועסְטֶער בַּטְרַאכְט וִוי דִי מִצְוָה פוּן חַלָה נֶעמֶען מַאכְט דִי יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער טְרַיי צוּ אִיהר רֶעלִיגְיָאן, דָס קְלִינְגְט אִיהר אִין אוֹיעֶר: „אַךְ מֶענְשׁ״ דוּ מֶענְשׁ! וִוי טַייעֶר עֶס דַארְף בַּיי דִיר זַיין דַיין לֶעהֶרֶער, וָואס לֶערִינְט דִיר גָאטֶעס וֶועג, אַז וֶוען דוּ בַּאקְסְט בְּרוֹיט זָאלְסְטוּ גְלַייךְ בַּיין קְנֶעטֶען דֶעם עֶרְסְטֶען בִּיסֶען מַאכֶען פַאר דַיין לֶעהֶרֶער, נַאכְהֶער פַאר זִיךְ, אָה וִוי דֶער הַיילִיגֶער גֶעדַאנְק הָאט אוֹיף דִיא יוּדִישֶׁע פְרוֹי גִיוִוירְקְט צוּ עֶרְצִיהֶען אִיהרֶע קִינְדֶער נָאךְ דֶעם גֶעשְׁמַאק פוּן דִי לִיבֶּע תּוֹרָה, אוּנ אָנְצִינֶדֶען זֵייעֶר לִיכְט מִיט דֶעם פַייעֶר פוּן דֶער תּוֹרָה וָואס אוֹיף דֶעם בַּאפֶערְכְט דִי מִצְוָה פוּן לִיכְט בֶּענְטְשֶׁן, וִוי אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים זָאגֶען (ברכות י״ז)

---

מעשה אלפים

אִין שְׁטוּבּ, דוּ הָאסְט שׁוֹין צוּ מָאלֶען אוּנ נֶעקְנָאטֶען אוּנ דוּ דֶיינְקְסְט אַז דוּא בִּיזְט שׁוֹין גָאר זִיכֶער מִיט אִיהר, זָאלְסְטוּ דַאן אָבְּשֵׁיידֶען אַשְׁטִיקֶעלֶע צוּ לִיבּ נָאטֶעס בַּאפֶעל, בִּכְדֵי דוּא זָאלְסְט דֶיינְקֶען, אַז אֲפִילוּ אִין דַיין הוֹיז וָואס דוּא בִּיזְט אַ בַּעַל הַבַּיִת אִין אִיהר אוּנ רַאסְפַּראַדִייעֶסְט זִיךְ דָארְטֶען מִיט דַיין אֵייגֶענֶעם ווִילֶען, בִּיזְט דוּ נָאךְ אַלֶעם בַּיי גָאט אִין הַאנְד, אַלֶע וַוייל קֶען עֶר צוּ נֶעמֶען בַּיי דִיר דַיינֶע אַלֶע קִנְיָנִים, (עֶס קֶען חָלִילָה פוּן זֵיי וֶוערִין ווִי פוּן דֶעם כַּזַיִת חַלָה וָואס דוּ הָאסְט אַרַיין גֶעווָארְפֶען אִין פַייעֶר, ווֶעלְכֶער וֶוערְט אִין אַקְלֵיין ווַיילֶע אַשׁ אוּנ רוֹיךְ), אוֹיבּ דוּ וֶועסְט נִיט ווִיסֶען ווִי צוּ בַּאגֵיין זִיךְ מִיט דֶעם, אוּנ דִי צַייט וָואס דוּ הָאסְט דָאס, אִיז דָאס נוּר נָאטֶעס נַאבֶּע, צוּ בַּאנוּצֶען צוּ בֶּעשְׁטִימְטֶען צִיעֶל. טָאהן זִיךְ נוּטְעס אוּנ לַייטֶען, (ד״ר הירש בס׳ חורב, דְבַשׁ וְחָלָב תַּחַת לְשׁ׳נו).

שערי ציון

א) דִי מִצְוָה פוּן שְׁטִיצִין דִי וָואס הָארֶעוֶוען אוֹיף תּוֹרָה מִיט אַיין אֶמֶת (וָואס צוּ דֶעם צִיעֶל קוּמְט דִי מִצְוָה פוּן חַלָה) אִיז אַזוֹי הָאבְנִישֶׁעצְט, אַז הֲגַם בַּיי קֵיין מִצְוָה טָאר מֶען נִיט פְּרוּבִין דֶעם בּוֹרֵא בָּרוּךְ הוּא, אָבֶער בַּיי דִי מִצְוָה פוּן הַחֲזָקַת תּוֹרָה הָאט הַשֵׁי״ת גֶעזָאגְט דַייטְלִיךְ דוּרְךְ דֶעם נָבִיא מַלְאָכִי וּבְחָנוּנִי נָא בְּזֹאת. פְּרוּבִירְט מִיר מִיט דֶעם. אִיר שְׁטִיצְט תּוֹרָה, אוּנ דִי וָואס הָארֶעוֶוען אוֹיף אִיר צוּ קֶענֶען אִיר לֶערְנֶען דָאס פָאלְק, זָאלִין הָאבֶּען זֵייעֶר לֶעבֶּענְס-מִיטֶל בְּכָבוֹד, וֶועט אִיר זֶעהְן אַז אִיךְ וֶועל אֵייךְ עֶפֶענֶען דִי פֶענְסְטֶער פוּן הִימֶל אוּנ רֶעגֶענֶען מִיט פַּרְנָסָה בִּיז גֶענוּג.

די יונגע כהנים ולוים וואס לערנען אין ישיבות (חער וועט זיי פארטיג מאכין די ברויט)? אויף דעם האט די תורה גיהייסען די מצוה פון חלה, היינו ווען מ'קנעט אטייג פון 6 פונט זאל מען אב שיידין אפערטיל פונט ($\frac{1}{2}$, 1 טייל) אום באקן אחלה'לע פארין ישיבה מאן, אבעקער וואס באקט 10 פוד דארף אב שיידען $8\frac{1}{3}$ פונט ($\frac{1}{48}$, טייל). אום באקען אונ אריין שיקען אלעבעל ברויט פאר די ישיבה לייט 1), צו דעם תכלית, אז זיי זאלין זיין רוהיג פון אלע טרדות הזמן נור צו תורה ומעשים טובים, דאדורך וועט די גאנצע פאלק קענען זיין „ממלכת כהנים וגוי קדוש", אז אלע אומות זאלען קענען גיין פאר זייער שיין, צוא ערקענען דעם באשעפער,

מעשה אלפס

1) לבד די איבעריגע מתנות וואס די תורה האט פארארדענט צו געבין די כהנים אונ לוים, 5 טאלער פון פדיון הבן. אטייל וואל אז מען שערט די שעפסין (ראשית הגז), אז מ'קוילעט א בהמה דארף מען אים געבין א חלק פלייש, בכדי די כהנים ולוים זאלין האבין זייער לעבענס-מיט'ל בכבוד, זיי זאלין זיין רוהיג צו לערנען בהתמדה נאטעם תורה אונ זאלען נאכהער קענען לערנען מיט'ן כלל ישראל שבת ויו"ט. נור ווייל דער עיקר איז דאך ברויט אין א שטוב, דרום רעכינט דער מדרש תרומה אונ חלה. —די מצוה פון חלה געמען האט אין זיך נאך א טייערין גידאנקען, אזוי ווי תרומה ומעשרות וואס לערנען דעם מענשין אז אלע זיינע קנינים איז אמתנת אלהים (אנאטעם נאבע), דער בורא איז דער ווירט פון דער וועלט, ער גיט דעם מענשין לעבען אונ פרנסה, אונ אן דעם רצון הבורא העלפט ניט קיין שתדלנות, אזוי וויא מען האט אונז געוויזען אין דער מדבר ביין מן, אז דער וואס האט גילייגט השתדלות אונ גיקליבען אסך מן האט קומענדיג צו הויז ניט געפונען מעהר ווי איין עומר לגולגולת, אונ ביי עבודת האדמה זעהט יעדערער שיינבאר, אז דיין גאנצע מיהע פון אקערין אונ זייען קען נאר ניט געבען, ווען עס זאל ניט זיין דערביי נאטעם נאבע, רעגן אונ נוטע לופט, אונ אויס היטונג פון אלע פגעים, ווי היישעריגען אונ ווערים אונ ד. ג., דרום ווי עס ווערט פארטיג די תבואה (אויסען פעלד אדער די פרוכט אויפען בוים) דארף ער די ערשטע בכורים פירען מיט שמחה אין בית המקדש, ווי דער ארים (וואס א-בעט אנארטין פון א גראף צו געמען אטייל פון די פרות) טראגט די ערסטע פרוכט צום גראף. נאכהער ווי ער נעמט אראב, דארף ער געבין אחלק צו גאט תרומה ומעשרות, דאס זאל אין אים איין פליהען טיף דעם גידאנקען אז אלעם וואס ער נעמט אראב פון די פעלדער איז נאטעם נאבע, אונ דיין הארץ זאל זיין וויך אונ אדעל צו באנוצען מיט דעם נאך נאטעם וואונש, צו טהאן גוטעס זיך אונ אלע מענשין.—דער פאבריקאנט וויים דאך אבער זיינע מאטריאל! השי"ת וויים דאך די הארץ פון מענשין, אז בעת ער איז נאך ניט זיכער מיט דער זאך (עס זאל זיין געווים זיינס) דיינקט ער טאקע צו טאהן מיט דעם גוטעס, אבער נאכהער אז ער האט שוין אריין גיקראגין, שטעלט זי אים פאר אז דאס איז זיינע נור זיינע, אונ דער עווינער איז שוין נאר קיין מחותן ניט מיט דעם, אונ ער האט שוין בילכערע זאכען אויף וואס צו פארברייננען זיין געלט, נאך צו געבין זיין תאוה אונ זיין לוקסוס מיט די נאוה, אונ דיין הארץ ווערט שוין הארט ווי שטיין, דאס גלייכען די תבואה וואס איז שוין אוים געהיט געווארען פון אלע אומשטענדע (ווי הישעריגען אונ ד. ג.) אונ ער האט איר שוין אריין גענומען אין אוצר (מאגאזין), מיינט ער אז עס איז שוין נאר זיינע. אויף דעם קומט די תורה מיט די מצוה פון חלה געמען אן צו מערקען דעם מענשען, אז אפילו בעת די תבואה איז שוין ביי דיר

דיר ישראל דיין יונגענד געגאדע, בעת דער יודענטהום האט זיך אנגעהויבען אקארשט צו ענטוויקלען וואס דיין פאטער אברהם האט מיט מיר (גאט) חסד גיטאהן מיר באקאנט צו מאכען אין דער וועלט, (אהבת כלולותיך) אויך גידיינק איך די ליבע פון דיין האכציים דאס איז די צייט וואס זרע אברהם האבען געשלאסען פרטיא מיט השי"ת אוועק ווארפען אלע גלולי מצרים אונ דינען נור דעם גאט פון אברהם אונ מקבל גיוועזן די תורה על הר סיני. (לכתך אחרי במדבר) אויך גידיינק איך דיין טרייהייט מיט דיין איבער געבונג צו מיר, אוועק ווארפין אזא פרוכט-באריע לאנד ווי מצרים (כנן ה' כא"ץ מצרים), אונ גיין נאך מיר אין דער וויסטע (בארץ לא זרועה, .אויף איינעם ערד באדען, וועלכער נאך ניטאלס קיין זאמען געזייט האט), (קודש ישראל לה') פיר דאס אלעם וועסטו ביי מיר זיין א היילינגטהום ווי דיין פאטער אברהם. וועלכער האט דער ערסטער פארשטאנען וואס דער אמת'ר פארגעניגען איזט, אונ איז צופרידען גיוועזן צו זיין מיין הויז לעהרער צו לערנען אלע מענשין די אמתע וועג, אזוי וועט איהר (די גאנצע פאלק ישראל) ביי מיר זיין הויז לעהרער, צו באלערנען אלע פעלקער די אמתע וועג פון לעבין, צו פארענדיגען די פובליצירונג דאס גאטהייט (פעולת התכרזה) וואס אייער פאטער אברהם האט אנגעהויבען.

אויף די היסטאריע באציהט זיך די דריי מצות פון די פרויען, ווייל זי איז די עקרת הבית, פון די יודישע הויז, ווי דער תלמוד זאגט (שבת ל"ב, ראשית קראתי אתכם על עסקי ראשית הזהרתי אתכם), ווייל איר זייט ביי מיר די קרוין פון מיין וועלט, וואס איהר דארפט מיט אייערע טהאטין באלייכטין, פארשיינען אונ באלערנען אלע מענטשען פון דער וועלט. — נור ווי אזוי איז דאס אבער מעגליך, אז אלע יחידן זאלען שטיין אין אזוי אהויכע מדרגה זיין לעהרער פאר דער וועלט, צו מאכען די גאנצע וועלט פאר גאטעס גארטען? (כה"ם ה' צבאות). די באשעפטיגונג וועגען לעבנס-מיטל פארנעמט דאך די גרעסטע טהייל צייט, אונ די ביסעלע צייט וואס פארבלייבט, וואו איז דער יצה"ר אין דער וועלט? וואס הייסט זיך פארגלייכען, צו מאנכע פעלקער פארברייגגען אין טעאטערין אונ קארטען שפיל, אונ מיט אזא פיהרונג קען מען דען זיין אליכטינגקייט פאר דער וועלט? דרום האט השי"ת אב גישייד פון אונז דעם שבט לוי. ער זאל ניט נעמען קיין חלק אין ארץ ישראל, אונ זיין חלק האבין די איבעריגע עלף שבטים גינומען צו בעארבייטען אונ איהם געבין אלעם פארטיגע, אום איהם צו בעפרייען פון אלע קערפערליכע טרדות, ער זאל זיין פריי נור צו תורה ומעשים טובים, דאפיר וועט ער מיט זיין תורה וואס ער איז אב גילייגט אויף דעם זיין גאנצין לעבין, בעלערנען די גאנצע פאלק, אז די פאלק אין איהרע רוהיגע צייטין זאל זי איהם נאך טאהן, קערין זיך צו גאטעס דינסט, ניט נאך צו טאן די הבלי האומות, אונ האט אונז אן גיזאגט, אז אלע ערשטע זאלען מיר געבין דעם כהן. איך מאך פארטיג די תבואה אריין צו שטעלן אין זאפיק, אין מאגאזין דארף איך די ערשטע (תרומה ומעשר) געבין דעם כהן ולוי, ווען דאס די פרוי פון כהן, פון לוי צו מאלן אונ אום באקען ברוים, אונ פאר

ד

און געזאוקם, אין דיא ערד געפינט זיך פערשיעדענע מעטאלען, יעדער מין בעשעפענעס מיט זיין נאטירליכען פארשטאנד ער זאל קענען עקסעסטירען. דיא ימים מיט די ברואים וואס אין זיי, דער וואלקען מיט זיין רעגין אלעס גיוויגין און גימאסטין ריכטיג.

אברהם איז געוועזען דער גרויסער פהילאזאף האט ער אנגיפאנגען קלערין איז דאס מעגליך אזוי אגרויסע וועלט, יעדער זאך קינסטליך געארבעט און אלעס ניי ווי היינט גימאכט, זאל ניט זיין איינער וואס האט דאס אלעס גאָרדענט, און פירט די גאנצע ווירטשאפט, עס איז אונמעגליך צו גלויבין. ער זעהט אבער די מענשען פון דער וועלט פארשטעהן גאר ניט, זיי פארנעמען זיך גאר מיט פאפקעס און ליאלקעס (מיט די געצין דינסט). ער האט זיך אזוי פיל פארטיפט אין גידאנקען ביז גאט האט זיך צו איהם באוויזען בנבואה, און זאגט איהם: איך בין דער ווירטה פון דער וועלט, איך בין דער באשעפער און דער פיהרער, און אלע מענטשען זיינען מיינע קינדער וואס איך האב זייא באשאפין צוא אגרויסען ציעל.

אט יעצט האט אברהם ערקענט זיין בעשעפער און האט באמערקט וואס פארגעניגן הייסט, אז די אלע פארגעניגען פון דער וועלט הייבט זיך גאר ניט אן קעגין די איין מינוט פארגעניגען וואס דער מענש ווערט אוים גימאהן פון קערפער און איז זיך מתדבק צו גאט, ווי ער האט יעצט געשפירט ביי זיך אין די צייט וואס ער איז גיוועזען אוים גיטאהן פון גשמיות און גירעט מיט גאט. האט ער פון דענסטמאהל אן, זיך אנגיהויבען אלעס וואס מעגליך איז אב שיידען פון די גראבהייט פון חומר, וואס ער איז נור ווי א בהמה און זעהען אלעס פארגלייכען זיך צו די מדות פון השי"ת, וואס ער איז די קוועלע פון חסד, האט ער אויך אנגיפאנגען צו טאהן חסד מיט אלעמען ביז וואנען ער איז גיווארין דער חסד אליין (חסד לאברהם) און ניט נור איינפאכע חסד, ווי באהילפיג צו זיין יעדערין קערפערליך, נור איבערהויפט גייסטליך מאכין אלעמען ערקענען דעם נאמען פון דעם באשעפער און דעם פיהרער, דאס אלע זאלען וויסען אז עס איז דא אגאט וואס האט באשאפין דעם הערליכען פאלאץ (די וועלט) און ער איז דער פיהרער פון דער וועלט. די אלע לעקציאנען וואס ער האט באלערינט די וועלט האט אים גיקאסט גוט און בלוט, האב און גאב. ווייל נמרוד'ן מיט זיין כוויטע האט דאס זייער ניט גישמעקט, האבין זיי איהם שטארק רודף גיוועזען, און נאכהער גיווארפין אין קאלך אויבין, און ער האט זיך פעסט גיהאלטען ביי זיין געדאנק, און איז ניט מיד געווארען ארום וואנדערין אין דער וועלט פאר שפרייטין זיין הויכען אידיאל, ביז גאט האט איהם גיהאלפין אז ער האט באלויכטין אגרויסין טייל וועלט און אלע זיינע פיינדע זיינען אונטער אים גיפאלין.

דאס וואס ירמי הנביא אין נאמען (זכרתי לך חסד נעוריך) איז דערמאנ

דק

באלויכטין, אונ דאס זייען מיינע קינדער וואס איך וויל זיי גליקליך מאכין אויף עוויג. ווען זיי זאלין נור פארשטיין ווי צו פירין זיך, ער איז שרעקליך ערשטוינט געווארין פון די חכמה פון דעם גראף אוים צו שטודיען אליין אזא פאלאץ מיט אלע בעקוועמליכקייט. אונ ווי ער האט ערקענט אויף איהם אז ער איז פול מיט חסד אונ רחמים, איז ער זייער צו געקלעפט געווארין צו איהם, אונ האט אן געהויבין צו ערקלערין די קינדער זיי זאלין אוועק ווארפין די פאפקעס מיט די ליאלקעס אונ צו לייגין דעם מוח צו באטראכטין די חכמה נפלאה פון זייער פאטער, אונ פלייסען זיך, זיין געהארכזאם, פאלגען אלעס וואס ער לערענט זיי צוא זייער גליק. אונ זעהען אז אין אלע זייערע טהאטין זאל זיך אב שפיגלען, אז זיי שטאמען ארוים פון אפאטער אזא חכם אונ אזא אדעל.

דער רייזענדער דאס איז אונזער פאטער אברהם, ער האט געבלאנדזעט, וויל זיין פאטער תרח איז געוועזן אנעצין דינער, אונ דיא געצין דינסט האט דאן געשפילט די ראלע. אברהם האט אנפאנגס די וועג ניט געטראפען, ער האט געקלערט אויף די זוהן, די לבנה, אפשר איז דאס נאט, נור זיין געזונטער פארשטאנד האט דאס איהם ניט געלאזט גלויבין, ער האט זייער פיל געהארעוועט, געטראכט, געדיינקט ווי צו דער גיין דעם אמת, וועד עס האט באשאפין די גרויסע וועלט, אונ אויך די קליינע וועלטיל, דאס איז דער מענש וואס ער האט אין זיך די כחות פון די גאנצע נאטור, אונ צו וואס פיר אצעל דער מענש איז באשאפין געווארין? איז דען מעגליך אז זיין תכלית איז נור ווי א בהמה צו עסין אונ טרינקען אונ לעבין אטאג, אז זיינע טעג זאלען זיין ווי די בלעטלאך פון קאלאנדאר, וואס זיי עקסעסטירן נור בעת דר טאג איז דא, נאכהער ווי דר טאג פארגייט, פליקט מען זיי אב אונ מען טרעט זיי אונטער די פים, אזוי זאלין אוועק גיין דעם מענטשינס טעג? אויב אזוי, איז ער דאך אונגליכער פאר די בהמה, די בהמה באקומט דאך איהר שפייז אן מיהע, איהרע קינדער געבוירט זי אונ האדעוועט אן מיהע, אן שמערצין, איהר שרעקט ניט אב די אונגליקען וואס קענען מארגין זיין, אונ דער מענש איז אין אלעס דער הפוך — . דיזע געדאנקען האט אים ניט געלאזין קיין רוהע, ער האט ניט געגעסין ניט געטרונקען, נור געזוכט דעם אמת, נאט האט צוגעזעהען זיין ריינע הארץ מיט זיין מיהע, אז ער וויל וויסען דעם אמת, האט ער אין איהם אריין געשיינט אשטראל פון אמת והאמונה. איז ער צו געגאנגען נעהנטער צו דער זאך, ער האט דערזעהען די וועלט מיט איהרע גרויסע ארדענונגען, אלעס אב געשטימט פינקטליך צו דער צייט אין וואג אונ אין מאס, ער האט דערזעהען די צוויי עלעקטרישע פלאמען וואס באלייכטין דיא וועלט. דאס איז די זוהן מיט די לבנה. דער הימל מיט די שטערין ווי גאנצע פלאמען, דר שאטען צו פארשטעלין די היץ ווי גארדינען, די פינסטערע נאכט ווי לאדינס, דר געשטאקטער לופט איבעראל, די ערד איז בארעקט מיט פע, שיינע שפראצונג

אַידער מיר וועלין שרייבין די תְּחִנָּה פון חַלָּה, רעכענען מיר פאר נייטיג צו ערקלערין, וואס איז דאס חלה פאר אזא גרויסע מִצְוָה וואס אלע הייליגע ספרים מאכין אזא פאראד פון דעם? אויך דער מדרש שרייבט אז דער ב' פון בראשית איז גלייך ווי עס וואלט שטיין (בשביל ראשית) צוליב די זאכען וואס הייסין "ראשית" האט דער בורא בעשאפין די וועלט, היינו די תורה הייסט "ראשית דרכו", אידין הייסן "ראשית תבואתו" אונ די מצוה פון חלה הייסט "ראשית" (ראשית עריסותיכם חלה תרימו) איז חלה איינע פון די 3 זאכין וואס צוליב זיי האט דער בורא בעשאפען די וועלט, וואס איז דאס פאר אזא גרויסע זאך? מאכען א ברכה אויף א שטיקעל טייג אונ אריין ווארפין אין אויבין פארברענן, זאל דאס זיין אזא גרויסע מצוה? אונ מיט די ערקלערונג וועלין מיר שוין פאר שטיין די וויכטיגקייט פון "נדה" אונ "הדלקת הנר" אויך.

מיר האבין דא דער מאנט אז דער נביא ירמיהו רופט אידין (ראשית תבואתו) די ערסטע אונ בעסטע סארט פון אלע פרוכט פון גאטעס וועלט (די פרימע, די קרוין סחורה), אונזערע עלטערין האבין ערקענט דעם בורא. בעת די וועלט איז נאך האלב ווילד גיוועזן, אברהם אבינו איז גיוועזן דער ערסטער וועלכער האט גימאכט ערקענען אלעמען, אז עס איז דא א בעשעפער, ווי דער מדרש שרייבט אז די געשיכטע פון אברהם איז ווי א רייזענדער האט גיבלאנזעט אין א פינסטערע נאכט, ער האט די וועג נוט גיטראפין, פלוצלונג האט ער דער זעהען א שיין פון פייער איז ער נאך דעם שיין נאך גיגאנגען ביז ער איז גיקומען צו א הויז, ווי ער האט נור די טיר גיעפינט איז אידם שוין ליכטיג גיווארין אין דיא אויגען. ער זעהט פאר זיך א פראכטיגע הויז, — דער סופיט איז געפאקאסטירט דונקיל בלאה, אין סופיט איז אריין גיצויגען פיל נאזע פלאמען, אין מיטען צוויא גרויסע פלאמען עלעקטרעשע, אויף די פענסטער נארדינען, פון דרויסין לאדינס, אין הויז זייער אנגעשמאַ־ער לופט, די דילין איז באצויגען מיט טייערע דיוואנס, אין די ווינקלען שטייען גרויסע וואזאנעס, צום הויז איז דא א גארטען, אוואלד, אטייך, אלע זארטין עופות, בהמות, אין הויז איז דא פערשידענע פריפאסין וועלכע נייטיג איז. פון אלע זאכין איז קאנטיג דאס דא וואוינט אריכער ווירט, מיט קאפ אונ גרוים חכמה איז אלעם גיארדענט, קיין ווירט זעהט ער אבער ניט, ער זעהט נור קינדער שפילען זיך אין באפקעם אונ ליאלקעם, רופין די פאפקע מאמא אונ די ליאלקע פאפא. ער פרעגט ביי זיי וואו איז דער ווירט? ווייסען זיי ניט וואס צו ענטפערין, ער טראכט וואו איז ער דא אין דער וועלט? איז דאס מעגליך אזא גרוים ארטיגע הויז, זאל זיך פיהרין אהן א ווירט, אפאטער ווארפט ניט אוועק קיין קינדער, — ווי ער גייט ארום אזוי פארטיפט אין געדאנק, האט פאר אידם ערשיינט אהערליכער גראף אונ זאגט צו אים: איך בין דר ווירטה אונ דאס אלעם וואס דו זעהסט האב איך אליין מיט מיינע הענד געאיבדעט. אליין גיבויט אליין גיפלאנצט אליין

איך נעם צו הילף דעם לעבעדיגען גאט ברוך הוא, וואס ער לעבט אימער אונד עוויג, און שרייב די וויכטיגע תחנה „שלשה שערים" מיט גרויס פריינדשאפט צו אונזערע טייערע שוועסטער די אייניקלאך פון אברהם יצחק ויעקב, שרה רבקה רחל ולאה, און מיט גרויס עהרין פורכט (יראת הרוממות) פאר השם יתברך שמו. און מיט גרויס גיבעט, אז ער זאל שוין רחמנות האבין אויף מיר און אויפ'ן כלל ישראל, מיר זאלין ניט דארפין זא לאנג נע ונד זיין (ארום וואלגערין זיך אין גלות), ער זאל אונז שוין ענטפערין ווי ער האט גיענטפערט אונזער פאטער יעקב, וואס צוליב די שנאה פון זיין ברודער עשו איז ער נעבעך גיוועזן פאר וואגילט פון זיין הייליגע לאנד און פון זיינע עלטערין 22 יאהר, און בזכות אונזער קעניג דוד וואס צייט שמואל הנביא האט אים גיזאלבט פאר א מלך ביז וואנען ער איז ארויף אויפ'ן קעניג שטול, (אמשך פון 18 יאהר) איז ער גיוועזן נע ונד אין אלע מדבריות, געיאגט פון שאול המלך אין טויט שרעק, ווי די וועלט זאגט. „אז מ'איז געיאגט פון א קעניג איז די וועלט אייננ". זאל זיין זכות מגין זיין אויף אונז. אז נאך די 18 הונדערט יאהר וואס מיר זייגען נע ונד אין גלות אין טויט שרעק, זאל דער בורא אונז שוין אום קערין אין אונזער לאנד מיט אונזער מלוכה במהרה. אמן:

---

שערי ציון

יד) די זאל זיך ניט וועלען פירען, העכער איידער זייער פערמעגין איז, בפרט היינטיגע צייטען, אז דער לוקסוס האט זיך איבערגעבייטעט, דער פיהרונג איז אן אחשבון, קען מען חלילה אריין אין אגרויסען אונגליק ווי די וועלט זאגט: „אז מ'לעבט אן אחשבון, שטארבט מען אן אצייטס". טו) קינדער זאל זי ערציהען אין פרומקייט און איידילקייט, ווען איינער ניט זיי עפעס, זאלען זיי זאגען אדאנק, און ערקלערען אז א ברכה וואס מען מאכט אויף שפייז איז דאס אדאנק דעם עווינען אויף די שפייז וואס ער האט בעשאפען, דרום זאל זי לערנען די קינדער אברכה, און אב היטען אז זיי זאלען ניט עסען אן המוציא, אן א ברכה. טז) איהרע רייד זאל זיין שטיל רוהיג, אן כעס, אן רוגז, אן קולות, בפרט אויף די דינסטען שרייען, פאסט געוויס ניט, זי מעג אוים רעכענען, אז קיינער וויים ניט וואס הינטערין פלייצע שטייט, אז איר קינד וואלט חלילה דינען, וואלט די געוויס וועלען מ'זאל איר בעהאנדלען גוט, אזוי איז יענע אויך אכינד פון עלטערען און מ'דארף איר אויך בעהאנדלען גוט.

ראשון לציון

וואס ווען זיי זיינען חלילה עובר אויף זיי, שטייען זיי אין סכנה בעת געבוירען דעם קינד, האב איך דאך דאס אפ געהיט ווי א טרייע „אמה" (דינסט), דארפסטו בזכות זה אויף מיר רחמנות האבען און מיר געבען אקינד.

בַּיי אַקְוָואל וַואסֶער, וָואס עֶר גִיט זַיין פרוכְט אִין דֶער צַייט אוּנ דִי צְווייגֶען וָואס מְ'נֶעמְט פוּן אִים(אַיין צוּ פְלַאנְצִין אִין אַ צְווייטִין אָרְט)אִיז גִירָאטִין מִיט גְרוֹיס הַצְלָחָה, אַזוֹי זָאל אִיךְ זוֹכֶה זַיין צוּ הָאבִּין גוּטֶע דוֹרוֹת וָואס גָאט אוּנ לַייט זָאלִין זִיךְ מִיט זֵיי פְרֵייעֶן, אָמֵן:

# תְּחִנָּה שְׁלֹשָׁה שְׁעָרִים.

דִי תְּחִנָּה אִיז גִיגְרִינְדֶעט אוֹיף דִיא 3 מִצְוֹת, וָואס זַיינֶען אִיבֶּער גִיגֶעבִּין צוּ דִי פְרוֹיעֶן, דֶער נָאמֶען פוּן זֵיי אִיז חנ"ה דָאס הֵייסְט: חַלָּה, נִדָּה, הַדְלָקָה, אוּנ אַזוֹי וִוי אוּנְזֶער מוּטֶער חַנָּה הָאט גִיבֶּעטִין בַּיי השי"ת, אַז בִּזְכוּת דִי 3 מִצְוֹת, וָואס זִי הָאט אָב גֶעהִיט פִּינְקְטְלִיךְ, וִוי דִי תּוֹרָה הָאט גִיבָּאטִין א), זָאל השי"ת אִיר מְזַכֶּה זַיין מִיט אַזוּהן. אוּנ השי"ת הָאט צוּ גִיהֶערְט אִיר תְּפִלָּה, אוּנ הָאט אִיר גִיגֶעבִּין אַ ווִיכְטִיגֶען זוּהן שְׁמוּאֵל הַנָּבִיא, וָואס עֶר אִיז גִיוֶועזֶען ווִיכְטִיג וִוי מֹשֶׁה וְאַהֲרֹן צוּ זָאמֶען, וִוי דָוִד הַמֶּלֶךְ זָאגְט (מֹשֶׁה וְאַהֲרֹן בְּכֹהֲנָיו וּשְׁמוּאֵל בְּקוֹרְאֵי שְׁמוֹ), אַזוֹי אוֹיךְ דִי פְרוֹי וָואס וֶועט אָב הִיטֶען דִי דְרַייא מִצְוֹת וִוי גִיהֶערִיג אִיז, זָאל השי"ת אִיר מְזַכֶּה זַיין גוּטֶע קִינְדֶער אוּנ אַגְרִינְגֶע גֶעמִיטָה, אָמֵן.

---

**ראשון לציון**

א) וִוי דִי חֲכָמִים זָאגֶען (ברכות לא). ר' אֶלְעָזָר זָאגְט דִי 3 מָאל אֲמָתֶךָ (בעני אמתך, ולא תשכח את אמתך, ונתת לאמתך) וָואס חַנָּה הָאט גֶעזָאגְט אִין אִיר תְּפִלָּה בֶּעדַייט: רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, דוּ הָאסְט גֶעגֶעבֶּען דִי פְרוֹיעֶן 3 מִצְוֹת, חַלָּה, נִדָּה, הַדְלָקָה, וואס

**שערי ציון**

אֶמְתֶע, נוּר מְ'דַארְף זִיךְ אוּים רוּהֶען אוּנ אָב הִיטֶען. — ו) אוֹיב דֶער מַאן אִיז עֶפֶּעס אוּנְגֶערֶעכְט מִיט אַ וָוארְט, זָאל זִי עֶס פַאר בַּיי לָאזֶען, אַמַאנְס בַּעַס גֶעדוֹיעֶרְט אַקְלַיין ווַיילֶע, עֶר וֶועט בַּאלְד אַלַיין פַאר שְׁטֵיין זַיין אוּנְרֶעכְט אוּנ וֶועט זִי אִיבֶּער בֶּעטִין. — ז) זִי זָאל פַאר אִים אִין דִי אוֹיגֶען נִיט לוֹיבֶּען קֵיין אַנְדֶער מַאנְסְבֶּערְזָאן, דֶער אִיז ווַייטֶער קְלוּג, דֶער אִיז נַאנְץ שֵׁיין. — ח) אַז עֶר אִיז אִין אַיין אוּנְגְלִיק חָלִילָה, זָאל זִי אִים נִיט בֶּעשׁוּלְדִיגֶען אוּנ נִיט אַרוֹיף ווַארְפֶען אוֹיף אִים אוּמְזִיסְטֶע חֲטָאִים. — ט) נִיט אַרוּם לוֹיפֶען אִין פְרֶעמְדֶע הַייזֶער אוּנ בְּרֵיינְגֶען אַהֵיים נַייעֶ יְדִיעוֹת, פוּן קְלֵיידֶער, פוּן מֶעבִּיל, פוּן צִירוּנְג.

י) בֶּעסֶער דַאוְונֶען אִין דֶער הֵיים אַלַיין פַאר גָאט, אֵיידֶער גֵיין אִין שׁוּל בֶּעטְרַאכְטֶען יֶענֶעמְס פֶערִיל, יֶענֶעמְס צִירוּנְג אוּנ קוּמֶען צוּ קִנְאָה צוּ לָשׁוֹן הָרָע חָלִילָה. — יא) צְדָקָה זָאל זִי נִיט טֵיילֶען פִיל אָן מַאנְס יְדִיעָה, אוּנ זָאל זִיךְ אוֹיף דִי אָרֶעמֶע לַייט נִיט בֵּייזֶערִין. — יב) אַז דֶער מַאן ווִיל עֶפֶּעס נִיט אוּיס זָאגִין, זָאל זִי אִים נִיט אַרַיין קְרִיכֶען אִין לֶעבֶּער אַרַיין, עֶר זָאל אִיר דַוְקָא אוּיס זָאגִין, (זִי זָאל זִיךְ דֶער מָאנֶען דֶעם בְּעָווֹא בְּטָעֶן מִשֶּׁל פוּן הָאן). — יג) אַז עֶס קוּמְט אֵיינֶער פוּן זַיינֶע פְרַיינְד, זָאל זִי אִים אוֹיף נֶעמֶען מִיט כָּבוֹד, מִיט אַפְרֵיינְדְלִיכֶע פָּנִים.

מיר געבין א לב טהור (אריינע הארץ) מיט אגוטין ווילן (אפעססין מוטה), איך
זאל זיך פעסט בעשליסען, אוים צו מיידין די טריט פון די רשעים
וואס ווייכין אוים דיין תורה אונ גייען אין פינסטערע וועגין וואו זייערע
התאוות שלעפין זיי (דרך רשעים באפלה), אונ דער טרינקען מיט דעם זייער
נשמה, ווי דוד המע"ה זאגט (אשרי האיש) גליקליך איז דער מענש
(אשר לא הלך בעצת רשעים) וואס ווייכט אוים די עצות פון רשעים
(וואס זיי ראטהען צו גיין אין זייער וועג), (ובדרך חטאים לא עמד) אונ אין די
וועג פון די זינדיגע מענשין איז ער ניט גישטאנען, (ובמושב לצים לא
ישב) אונ אין די קאמפאניעס פון לצים, קארטען שפילער, אדער
אזוי אויפקלייבין זיך באלעמוצען אונ מאכין לצנות איז ער ניט גיזעסין,
(כי אם בתורת ה' חפצו) נור איך זאל חשק האבין צו גיין אין די
ריכטיגע וועג פון דיין תורה. אונ העלף מיר, אז ווען איך האב נור
צייט (ווען איך האב אב גיטאן אלע נייטיגע ארביים פון גאס אונ פון שטוב) ובפרט שבת
ויו"ט זאל איך זיך ניט אוועקזעצין שמועסין פוסטע רייד, נור לייענען
היילינע קלוגע ספרים וואס ווארימען אויף די הארץ מיט היילינע
געפיהלען, ליב האבען דיין היילינען נאמען אונ ליב האבען די וואס
ווייסין דיין תורה אונ טוען גוטעס, אונ זיי לערנען צו וויסין אלע דינים
וואס א אידישע טאכטער מוז וויסען, סיי אין אדין אונ סיי אין דרך
ארץ*), ובזכות זה זאל מקוים ווערין אויף מיר וואס דוד המלך זאגט
ווייטער (והיה כעץ שתול) איך זאל זיין ווי אבוים וואס איז גיפלאנצט

---

שערי ציון

*) דער ספר סומר השכל שרייבט פון פיל היילינע ספרים, אפרוי וואס וויל זיין געטריי דעם מאן אונ וויל פארדינען דעם נאמען „העכסט ארענטליכע פרוי" דארף זי נעמען אויף זיך די זאכין: א) זי זאל גיין ארום זיך ריין ציכטיג, ניט פארשמירט. עס מעג זיין איינפאכע, אלטע געמיינע קליידער נור ריין אונ גאנץ (פאר נייט), אונ אזוי אויך אכטונג געבין, די קינדער זאלין גיין ריין אונ גאנץ. — ב) אין שטוב זאל זיין אוים ניקערט, אויף גיראמט. די כלים צושטעלט אויף זייערע ערטער. — פוילקייט אין אהויז, איז איין אונגליק אין הויז, דאס ווערט צו שטאבין, דאס צו טראכין, דאס צו ביסין, דאס צו ריסין, דעריבער מוז זי אכטונג געבין עס זאל זיין די ווירטשאפט אין ארדנונג. — ג) זי זאל זיך היטען פון איבעריגע רייד פון פלוידערין, ווארום נארישע רייד, ניבען ניט צו קיין חן, שלמה המלך זאגט, אז ווייניג ריידין מאכט אנארין אויך פאר אחכם. — ד) ביי אנויט, ווען דעם מאן איז איינג, זאל זי אים צופיל ניט דערמאנען וועגין וואס עס פעלט. — ה) אז איר פעלט עפעס אין געזונד, זאל זי עס ניט פערנרעסערין, אונ ניט חאפין זיך אן היילען מיט דאקטורים, אדער ווי היינט איז ארין איז מאדע, נור עפעס פארען אין אויפלאנד אין א באד. ווייל תוץ וואס מיברייננט אוים געלט אוס זיסט, מאכט מען זיך אן טאקע קראנקייטין

אין פרייד בעת אירע קינדער וועלין זיך אום קערין אין איר שוים, במהרה בימינו, אמן.

## י) זכירת מעשה בלעם ובלק.

טרייער פאטער, דו האסט אונז גיזאגט דורך דיין היילינען נביא מיכה, מיר זאלין דער מאנען די גישיכטע וואס בלק (דער קעניג פון מואב) האט אויף גיקלערט אפלאן וועגין אידין, רופין בלעמ'ן זיי שילטין, אונ בלעם האט גיקאנט צו טרעפין די רגע וואס השי"ת איז צארינדיג (אלע טאג), אונ וואלט חלילה אין די שלעכטע מינוט זאגין „כלם" (פאר לענד זיי), האט השי"ת גיטאן חסד אונ די גאנצע צייט האט ער ניט גיצארינט, האט בלעם גימוזט ענטפערין בלק'ן (מה אזעום) ווי קען איך צארענען אויף אידין אונ שילטין זיי (לא זעם ה') אז גאט צארינד ניט, דען עס איז פאר אים דורך אוים איין עת רצון, איז ער גיבליבין אנאר אונ אבעל עולה, אונ אנשטאט שילטין האט ער זיי גימוזט בענטשין אונ איז אוועק מיט בזיונות פון בלק'ן. דארפין מיר גידיינקען ווי ווייט די חסדים פון השי"ת איז גרוים מיט אונז, אונ אזוי בכל דור ודור וואס שטייען אויף אנטיסימיטין בלעמ'ס תלמידים צו שילטין אידין, זאלסטו גוטער גאט אומקערין זייערע קללות אויף ברכות, אונ אזוי זאלסטו אונז מציל זיין פון אלע שונאים, סיי וואס ווילין אונז שלאגין מיט די הענד אונ סיי מיטן מויל, אונ זאלסט ברייננען אויף אונז ישועות ונחמות במהרה, אמן.

## תחנה ושמור נפשך מאד (פאר היטין אליין די אייגענע נשמה).

ערבארמינגער פאטער! איך ארימע פרוי, ארים אין מעשים טובים אונ רייך אין זינד, צוברעכינער שארבין, פארוועלקטע בלום, מיט אצובראכענע הארץ אונ מיט ווארימע טרערין קום איך בעטין פאר דיר גרויסער היילינער גאט, דו זאלסט

## פנינים יקרים

דער וועלט וואס מיר זיינען געפאלין אין זיין גורל, אונ דער פאר איז דער שבח אזוי טייער געבליבען ביי אידען, אז די אנשי כנסת הגדולה האבין אים אריין גישטעלט ראש השנה אין שמונה עשרה אין „מלכיות" וואס דער בורא פערלאנגט, מיר זאלין ראש השנה זאגין פאר אים „מלכיות" בכדי מיר זאלין אים מאכין קעניגען אויף אונז, אונ דאדורך וועט ער אונז דער מאנען צו אגוט יאהר, דארום איז די תחנה פון „עלינו" זייער אטייערע, מ'דארף איר זאגין מיט גרוים כונה.

דער

מענש האָט גיטאָן דאָס זיינִיגע וועגין פּרנסה, איז הָגם עס איז גאָר קיין אויסקוק ניטאָ „מאַין יבא עזרי״? פון וואַנען זאָל קומען די הילף? זאָל ער ניט אָנוועהרין דעם האָפענונג פון השי״ת און חאַפּין חלילה אַגראַשין וואָס מ'טאָר ניט, הַיינו גניבה, גזלה, קויפין גניבות חלילה, האַנדלען אום שבּת, ניין, חלילה והלילה, ער דאַרף וויסין „היד ה׳ תקצר? איז דען גאָטעס האַנד קורץ? „עזרי מעם ה׳ עושה שמים וארץ״ מיין הילף וועט קומען פון השי״ת, וואָס מיט זיין וואָרט האָט ער באַשאַפין הימל און ערד מיט מיליאָנען בּרואים און שפּייזט אַלעמען, בּוַדאי וועט ער מיר אויך צו שיקען מיין שפּייז. ווי ער האָט גישריבּען אין דער תּורה (וּבֵרַכְךָ בְּכֹל אֲשֶׁר תַּעֲשֶׂה) ער וועט שיקען די בּרכה אין אַלעם וואָס דוּא וועסט טאָן, און ווי באַלד איך האָב דאָך גיטאָן, איך האָב אַשטיקעלע עסק אין ערליכען פאַך, איז שוין דאָ איין אָרט וואו די בּרכה זאָל חל זיין, וועט ער בּוַדאי שיקען בּרכה והצלחה, איך זאָל גישפּייזט ווערין בּכבוד, ניט אָן רירין חלילה אַפרעמדין גראָשין, נור פאַר קערט טאָן נאָך צדקות און גמילות חסדים מיט אַלעמען ווי ווייט מעגליך, אָמן.

## ט) זכירת ירושלים.

רבּון העולמים, אונזערע עלטערין האָבין צו גישוואָרין צו אונזער הייליגע לאַנד, בּעת דער בּית המקדש איז חרוב גיוואָרין און די זיינען גיגאַנגען אין גלות און האָבין זיך גישיידעט מיט איר (אִם אֶשְׁכָּחֵךְ) אויבּ איך וועל דיר פאַרגעסין ליבּע ירושלים, זאָל איך פאַרגעסין אָן מיין רעכטע האַנד, דאָס הייסט זי זאָל חלילה אָבּ גינומען ווערין, אַז איך זאָל גאָר ניט שפּירין אַז איך האָבּ אַהאַנד. אַלזאָ ליבּער פאָטער העלף מיר צו גידיינקען אונזער ליבּע מוטער ירושלים אויף אַלע מיינע שמחות, בּיז וואַנען מיר וועלין זוכה זיין צו זעהען איר

---

פּנינים יקרים

ווי דער קרעפּאַכט איז שוין בּיי זיי אין האַנד, און זיי שאַלין שוין אַתרועַת נצחון, איז גלייך דר מויער איין ניזונקן גיוואָרן אין ד'ערד, און עס איז געוואָרין פאַר זיי פריי די וועג צו גיין. די משנה שרייבּט (אין ברכות פ״ט) אַז ווער עס קומט אויף דעם אָרט דאַרף געבּין אַשבח והודאה צום בורא בּרוך הוא. יהושע האָט וויסט געמאַכט די שטאָט יריחו און האָט גיגעבּין איין באַפעל, אַז מ'זאָל איר קיין כאָל ניט אויף בּויען, ווייל זי איז גיוועזן דער רעכטער נעכסט פון אַלע געצין דינער, און דאָרטין האָט ער מתקן גיוועזן דעם נוסח שבח „עלינו״, אַז מיר דאַרפין דאַנקען דעם נוסחן הער פון

דער

אב היטין מיין צונג פון אלע רייד וואס מען טאר ניט און וואס עס פאסט ניט. מיין צונג זאל זיין אריינגע כלי צו לויבין דיין נאמען, אמן.

## ז) זכירת יהוה אלהים.

איך וויל מקיים זיין, וואס דו ליבער גאט שרייבסט אין דיין הייליגע תורה, דער מענש זאל ניט זאגין, אז מיין קראפט און מיין שכל האט מיר גיגעבין מיין רייכטהום. ניין מיין קינד, עס איז דא קלוגערע און מער בריות פאר דיר און האבין קיין ברויט ניט (לא עלינו), דיין הצלחה איז נור ווייל השי"ת האט דיר גיגעבין קראפט און מאכט אין די הענט און שכל אין מוח, און מיט זיין ווילין האט ער גיקערעוועט די רעדעלע עס זאל זיך דיר גוט אריין גיסען. אלזא דארף מען דאנקען און לויבין השי"ת און מ'דארף טאן צדקות און גמילות חסדים צו אלע מענשין, ווייזין אז מ'איז אגוטער גבאי אויף די געלט, וואס השי"ת האט ביי מיר איין גילייגט, און ווען ער וועט צופרידין זיין פון מיינע גבאות וועט ער האלטין בייא מיר דיא הצלחה אויף ווייטער און ווייטער. אמן.

## ח) זכירת המן עומר לגלגולת (צו בעטין פרנסה).

רבון העולמים ואדוני האדונים, מלך המלכים דער קעניג איבער אלע קעניגען, דו פארלאנגסט אין דיין ליבע תורה, א מענש זאל אפט דער מאנען, דו האסט גיפירט אונזערע עלטערין אין דער מדבר 40 יאהר, וואס פאר די מענשליכע אויג איז גאר ניט מעגליך גיוועין זיי זאלין דארפטען קענען לעבין איין וואך, וואו נעמט מען ברויט און וואסער פאר מיליאנען מענטשין אין אוויסטין מדבר? און מיט דיין חסד האסטו גיוויזין, אז אן ברויט קענסטו אויך שפייזין, דו האסט זיי גיגעבין אלע טאג אפרישינקע שפייז פון הימל (דעם מן) וואס איז צו גאנגען אין אלע גלידער און האבין גישפירט אין אים אלע טעמים (וואס איינער האט נור גיוואלט), צו לערנען אונז מיט דעם, אז ווי נור דער

---

פנינים יקרים

האבין די גבורים פון יריחו וואס זייגען נישטאנגען אויפ'ן קרעפאבט זיי געקוקט אין די אויגען, און אנדערע האבין פילייכט נאך געמאכט לבנות פון זיי. אויפ'ן זיבעטין טאג הקפה האט די גאנצע יודישע ארמייע מיט איין מאל, געשאלין „אתרועה גדולה", דאס ווייזט אויף די פעסטע אמונה אין די רייד פון דער תורה. אז איר הבטחה וועגין נאך די זיבעטע [illegible] אונז די לאנד, איז ביי זיי זיכער. גלייך

הָאט גִיטָאן פוּן אִידִינְס וֶועגִין אִין מִצְרַיִם, אוּנ אַלֶע הָאבִּין גִיהַאט פַאר זֵיי יִרְאַת הַכָּבוֹד (עֶהְרֶעפוּרְכְט), אִיז גִיקוּמֶען עֲמָלֵק אוּנ אָן גִיפַאלִין אוּנ גִימַאכְט אַמִלְחָמָה צוּ וַוייזִין דִי וֶועלְט, אַז עֶר גְלוֹיבְּט נִיט אִין קַיין זַאךְ, הֲגַם עֶר הָאט גִיחַאפְּט זַיין פְּסַק, אָבֶּער דֶער ווַייל הָאט עֶר אַרַיין גִיוָוארְפִין שְׁלֶעכְטֶע זָאמֶען (זרע עמלק) אִין דִי לַייכְטזִינִיגֶע מֶענְטְשִׁין, אָבּ שְׁוַואכִין אִין זֵיי דִי אֱמוּנָה, דַארְפִין מִיר דָאס גִידֵיינְקֶען אוֹיס צוּ מֶעקִין פוּן הַארְצִין דִי זֶרַע עֲמָלֵק, דִי שְׁלֶעכְטֶע זַאמֶען וָואס עֲמָלֵק הָאט פַארְזֵייט אִין דִי שְׁוַואכֶע בַּעֲלֵי אֱמוּנָה, אוּנ אַז דֶער בּוֹרֵא וֶועט אוּנְז הֶעלְפִין, מִיר וֶועלִין זַיין אִין אוּנְזֶער לַאנְד אוּנ מִיר וֶועלִין הָאבִּין דֶעם מֶלֶךְ הַמָּשִׁיחַ, וֶועלִין מִיר פַאר פִירִין מִיט אִים אַמִלְחָמָה אוֹיס צוּ מֶעקִין זַיין נָאמֶען פוּן דֶער וֶועלְט.

## ו) זְכִירַת עוֹנֶשׁ מִרְיָם.

לִיבֶּער פָאטֶער, אִיךְ וִויל מְקַיֵים זַיין, וָואס דוּ הָאסְט גִישְׁרִיבֶּען אִין דַיין תּוֹרָה, מִיר זָאלִין גִידֵיינְקֶען וָואס הָאט פַּאסִירְט מִיט דִי צַדֶקֶת מִרְיָם, בְּעֵת אִידִין זַיינֶען גִיגַאנְגֶען פוּן מִצְרַיִם הָאט זִי אַמָאל גִירֶעט פַאר אַהֲרֹנְ'ן אוֹיף אִיר בְּרוּדֶער (מֹשֶׁה רַבֵּנוּ), וָואס עֶר הָאט זִיךְ פוּן מַתַּן תּוֹרָה אָן אָבּ גִישֵׁייד פוּן זַיין פְרוֹי צִפּוֹרָה, הָאט זִי אִים (מֹשֶׁה רַבֵּנוּ) גִיוָואלְט פַאר גְלַייכִין צוּ אַלֶע נְבִיאִים, וָואס זֵיי זַיינֶען נִיט אָבּ גִישֵׁיידֶעט פוּן זֵייעֶרֶע פְרוֹיעֶן, הֲגַם זִי אִיז דָאךְ גִיוֶוען עֶלְטֶער פוּן אִים, אוּנ הָאט אִים לִיבּ גִיהַאט. זִי הָאט דָאךְ אַיין נִישְׁטֶעלְט אִיר לֶעבִּין פַאר אִים (בעת מיהאט אים גווארפין אין טייך) אוּנ מֹשֶׁה רַבֵּנוּ הָאט דָאךְ נִיט מַקְפִּיד גִיוֶוען אוֹיף דֶעם וָואס זִי הָאט אִים בַּאלֵיידִיגְט, פוּן דֶעסְט וֶועגִין אִיז אִיר נִיט גִישׁוֹינְט גִיוָוארִין, אוּנ זִי אִיז גִישְׁלָאגִין גִיוָוארְן מִיט צָרַעַת. הַיינְט וִוי זָאל אִיךְ נִיט פֶערְצִיטֶערְט וֶוערִין, וֶוען אִיךְ דֶער מָאן זִיךְ פִיל מָאל הָאבּ אִיךְ גִירֶעט לָשׁוֹן הָרָע אוֹיף מַיין גְלַייכִין אוּנ אוֹיף וִויכְטִיגֶערֶע מֶענְשִׁין פוּן מִיר אוּנ אוֹיף גָאר גְרוֹיסֶע לַייט, וִוי וַוייט דֶער עוֹנֶשׁ אִיז. אַלְזָא לִיבֶּער פָאטֶער הֶעלְף מִיר אִיךְ זָאל פוּן הַיינְט אָן

---

פנינים יקרים

פון מצרים (וואס קיין עֶבֶד האט ניט געקאנט ארויס גיין פון דָארְטְן) הָאבִּין אידין גיבְּרָאכִין מיט די געווער פון דם מילה וְדַם פֶּסַח און זייגען אַרויס פון אים, דאס גְלַייכֶען האט מען דא לֶעבִּין יְרִיחוֹ גיפְּרַאוועט דם מילה וְדַם פֶּסַח און מיט די גייסטליכע געווער הָאט מֶען זיך גענומען צום קְרֶעפָאסְט, מְהָאט אים אַלֶע טָאג ארום גערינגעלט. די כֹּהֲנִים מיט דֶעם אָרוֹן הַקוֹדֶשׁ פָאראויס, נאכְהֶער די נַאנְצֶע יודישע אַרְמֶיע, געוויס האבען

דעם הייליגען טאג, וואס אידין זיינען געשטאנען ביין בארג סיני מקבל זיין די תורה. דאס לערינט אונז אז די תורה געבין האט דער בורא עולם ניט אנגיטרויט אפילו דעם בעסטין מענשין ווי משה רבנו, מאכין אים פאר אשליח געבין דורך אים די תורה (אזוי ווי ער איז גיוועזן דער שליח פון השי"ת ביי יציאת מצרים), נור דער בורא אליין בכבודו ובעצמו האט ערשיינט אויפין הר סיני, פאר אגרויסע פובליקע פון מיליאנען מענשין אונ האט מיט זיי פערזענליך (פנים אל פנים) גירעט די עשרת הדברים (וואס אין זיי איז פערוויקילם גאנץ תרי"ג מצות), דרום אז עס וועט קומען איינער אונ זאגין, אז ער איז אצווייטער משה רבנו אונ גאט האט אים גימאכט פאר אשליח געבין אנאיע תורה, וועלין מיר אים ענטפערן, די ערסטע תורה האט דען גאט גיגעבן דורך אשליח? נור בכבודו ובעצמו, הײנט ווען ער וויל איר בייטין זאל ער אזוי גוט זיין אליין ערשיינען פאר די גאנצע פאלק ווי דעמאלט, בארורך בלייבין מיר שטענדיג ביי דעם (אני מאמין שזאת התורה לא תהא מוחלפת), אז עס וועט ניט זיין קיין אנדער תורה פון דעם בורא ב"ה (נאך דייטליכער איז ערקלערט גיווארין אין מעשה אלפס פירטע טייל וייטע 80).

## ד) זכירת הקצפת אבותינו במדבר.

איך דער מאן מיט אביטערע הארץ אלעס וואס אונזערע עלטערין האבין ערצארינט דעם בורא ב"ה אין דער מדבר, אונ איבער הויפט די גישיכטע פון עגל, אונ געווים דארף מען גידיינקען וואס מ'האט אליין ערצארינט דעם ליבין גאט פון יוגינט אן, אונ מ'דארף חרטה האבין אויף דעם, אונ פארזיכטיג זיין אויף ווייטער בעסער צו זיין.

## ה) מצות זכירת מעשה עמלק.

אונ איך בין מקיים די מצוה, דער מאנען וואס עמלק האט גיטאן אידין בעת זיי זיינען ארוים פון מצרים, וואס די גאנצע וועלט איז פארציטערט גיווארין פאר די גרויסע וואונדער וואס דער בורא

פנינים יקרים

גינומען מכין זיין צום קרבן פסח וואס טאר ניט מאכען דעם קרבן פסח אידער ער מ'דארף אין 4 טעג ארום מקריב זיין (דעם איז אים מל. האבין זיך אלע גינומען צו ירדן איז מען אריבער דעם צענטין ניסן) דער מצוה (בריתו של אברהם אבינו). אונ וויל ערלים טארין ניט עסין דעם קרבן נאכהער האט מען גימאכט דעם קרבן פסח מיט פסח, איך דער וואס האט מל צו זיין אקינד גרוים פאראד, אונ אזוי ווי דעם קרעפאכ

פון

ווערין אלע פערציטערט פאר זיין ווארט. — פון דעם גוס רעגין מיטן שטארקין האגיל פון די פייער מיטן שטורעם (מכת ברד), פון שטארקין מזרח ווינט, וואס האט גיבראכט אויף זיינע פליגלען דעם היישעריג אונ דער שטורעמדיגער מערב-ווינט וואס האט אים צוריק גיטראגין אין ים-סוף, לערנעו מיר אז אונטער זיין האנד איז אלע אוצרות פון לופט. — פון דעם וואס דורך זיין ווארט זיינען גיקומען אויף זיי אלע נגעים, אונ דורך זיין ווארט זיינען אלע די מינוט אב גיטראטין, זעהען מיר אז אין זיין האנד איז דער לעבין אונ דער טויט, אונ ער איז איינער אונ מער קיינער.

# ב) זכירת השבת.

דעם הייליגען טאג שבת (זאל מען שטענדיג גדיינקען), ער ווייזט, אז דער בורא האט בעשאפן די וועלט אין זעקס טעג, אונ דעם זיבעטין טאג האט ער אויף גיהערט צו ארבייטין אונ האט גירוהט, אונ פון דענסטמאל אן רוהט די וועלט ביז היינט. עס ווערט ניט בעשאפען קיין נייע בעשעפענעס (אין כל חדש תחת השמש), אפילו די קלענסטע פליגעלע. — אויך איז קיין קינסטלער ניט אימשטאנד צו בעשאפין אפילו אקליינע פליגעלע פון אפליג. דרום דארף מען אים גידיינקען צו היילינען, ווען עס מאכט זיך אגוטע שפייז (וואס וועט ניט מקולה ווערין ביז שבת) אונ עס קען זיין אז מ'וועט דיא זאך מער ניט קריגען, דארף מען דאס צו גרייטין אפילו פון זונטיג אויף שבת, ווייזין די חביבות פון שבת, אויך ווען מ'נעמט אן איין ארבייט, למשל, אפריעזדנער שררה גיט גייען וואס, אונ ער פארט אוועק שבת פריה, דארף מען אויס רעכענען אויב מען איז דאס אימשטאנד צו מאכין פארטיג ביז די שקיעה, אויב ניט זאל מען צו זעצין נאך איין ארבייטער, אונ אויב עס איז ניט מעגליך פארטיג ווערין ביז די שקיעה אונ מ'וועט דארפין ארייין ארבייטען אין שבת, זאל מען דאס בעסער ניט אן נעמען, ווייל פון זונטיג אן דארף מען שוין גידיינקען די הייליגקייט פון שבת.

---

פנינים יקרים

ניזען, אז קיינער וועט אזא קרעפאכט ניט נעמען, האבין זיי זיך פארשלאפן אין אים. אונ פון אויבען זיינען זיי געשטאנען גרייט אויף מלחמה.

אידין האבין אויך צו גיגרייט זייערע גיוועהר צום שטרייט, מיינט איר אפשר אייגנילשע הארמאטין, אדער באמבעס! גיין, נאר אזייער זארט גיוועהר, מ'האט זיך גינוסען

אָבְּגֶעשְׁנִיטָּן גֶאבּ. אוּן מִיר זָאלִין נִיט פַארְשֶׁעמְט װֶערִין אוּן שׂוֹנְאִים זָאלִין נִיט דֶערְפְרֵייט װֶערִין. אֵיינְצִיגֶער פָאטֶער! בֶּעהִיט מִיר מִיט מַיינֶע קִינְדֶער אוּן כָּל יִשְׂרָאֵל פוּן אַלֶע מִינֵי צָרוֹת אוּן פוּן עַיִן הָרָע אוּן יֵצֶר הָרָע, אוּן שֵׁיינְק אוּנְז אֲרִיכוּת יָמִים אִין גוּטֶע אִידִישְׁקַייט, אָמֵן.

## תְּחִנָּה עֶשֶׂר זְכִירוֹת (צו זאגין גאנץ אפט).

טְרַייעֶר פָאטֶער! דוּ הָאסְט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דַיין לִיבֶּע תּוֹרָה מְ׳זָאל שְׁטֶענְדִיג גֶעדֵיינְקֶען דִי אֵיינִיגֶע זַאכִין (דער גרויסער גאון „ר׳ חיים יוסף דוד אזולאי״ רעכינט אוים 10 זאכין), בֶּעט אִיךְ דִיר זָאלְסְט מִיר גֶעבִּין פֶערְשְׁטַאנְד צוּ פַארְשְׁטֵיין דֶעם גִידַאנְקֶען פוּן דֶעם, אוּן זָאלְסְט מִיר הֶעלְפִין דָאס מְקַיֵּים צוּ זַיין, וַוייל דַיינֶע מִצְוֹת זַיינֶען גוּטֶע עֵצוֹת צוּ פִירִין דֶעם מֶענְשִׁין אִין גוּטִין װֶעג, װִי דָוִד הַמֶּלֶךְ זָאגְט (גַם עֵדְוֹתֶיךָ שַׁעֲשׁוּעָי) דַיין תּוֹרָה אִיז מַיין פְרֵיילִיכְקַייט, (אַנְשֵׁי עֲצָתִי) אוּן דַיינֶע מִצְוֹת זַיינֶען מַיינֶע בַּעֲלֵי עֵצוֹת (קייזערליכער סאוועט).

## א) זְכִירַת יְצִיאַת מִצְרַיִם.

מְ׳זָאל שְׁטֶענְדִיג גֶעדֵיינְקֶען דֶעם טָאג, וָואס השי״ת הָאט אַרוֹיס גִינוּמֶען אִידִין פוּן מִצְרַיִם, דִיזֶע עֶרְאֵיגֶערוּנְג וָוארְצִילְט אַיין אִין הַארְצִין, אַז דִי װֶעלְט הָאט אַוִוירְט וָואס הָאט אִיר בֶּעשַׁאפִין, אוּן עֶר רֶעגִירְט אִיבֶּער אִיר, הַיינוּ דֶער גְרוֹיסֶער שְׁטוּיבּ וָואס אִיז גִיוָוארִין אִיבֶּער גַאנְץ מִצְרַיִם פוּן אַרוֹיפִין אַשׁ (פיח הכבשן, מכת שחין), וַוייזְט, אַז עֶר אִיז אַבּוֹרֵא יֵשׁ מֵאַיִן, עֶר בֶּעשַׁאפְט דִי גְרֶעסְטֶע זַאכִין פוּן גָאר נִיט, — אַז דוּרְךְ זַיין בֶּעפֶעל זַיינֶען צוּ שְׁטָארְבִּין דִי פִישׁ (מכת דם), עֶר הָאט אָנְגֶעשִׁיקְט אוֹיף זֵיי דֶעם צְפַרְדֵעַ־סְקִין קָארְפוּס חַיִל (מכת צפרדע), נַאכְהֶער פָאלְקִין חַיִל פוּן אַלֶע זָארְטִין חַיוֹת (מכת ערוב), נַאכְהֶער אַגְרָאמַאדְנֶעם הֵיישֶׁעְרִיג (מכת ארבה). דָאס אַלֶעם לֶערִינְט אוּנְז, אַז פוּן קְלֶענְסְטִין רֶמֶשׂ (ווי כנים), בִּיז דִי גְרֶעסְטֶע חַיוֹת

---

פנינים יקרים

דִי יִדִין אוֹיף יֶענֶעם זַייט יַרְדֵּן, הָאט זִיךְ דֶער אָרוֹן מִיט דִי לוּחוֹת אוֹיף גֶעהוֹיבֶּען אִין דֶער הוֹיךְ אוּן אַרִיבֶּער גֶעטְרָאגֶען דִי כֹּהֲנִים (וָואס הָאבִּין זִיךְ גֶעהַאלְטֶען אָן אִים) אִין דֶער לוּפְטִין אִיבֶּער׳ן וַואסֶער, וַוי אַיין אָדְלֶער טְרָאגְט אַרִיבֶּער זַיינֶע קִינְדֶער (צוּ טַייטְשׁ אוּנְז, אַז דֶער וָואס אִיז נוֹשֵׂא בְּעוֹל הַתּוֹרָה, טְרָאגְט זִי אִים אַרִיבֶּער אַלֶע שְׁטְרָאמֶען). נָאכְן אַרִיבֶּער דֶעם יַרְדֵּן הָאט מֶען גִידַארְפְט נֶעמֶען דֶעם גְרֶעבְּטֶען קְרֶעפְּאסְט, יְרִיחוֹ׳ס קְרֶעפְּאסְט וַואר זֵייעֶר אַשְׁטַארְקֶער (דִי גְרֶעבּ פוּן מוֹיעֶר אִיז גִיוֶועֶן וִוי דִי הוֹיךְ), אוּן אִין קְרֶעפְּאסְט זַיינֶען גִיוֶועֶן גְרוֹיסֶע גִבּוֹרִים, זֵיי זַיינֶען בַּיי זִיךְ פֶעסְט

צו געלט (צו די גאלדענע קאלב), דער בוקט זיך צו אליבע (צו די גלאנציגע פעלכעלע פון די פליישיגע קאלב), זיינען די הערצער פול מיט תאות און דער צונג (וואס ער איז די פעדער פון הארץ, ער גיט ארויס וואס די הארץ טראכט), רעט אלעס וואס די הארץ גילוסט, אז די מוחות וועלין אבער ניכטער ווערין דורך דעם ריינעם גאטליכען לופט (רוח אלהים), וועט מען אוועק ווארפין די נארישקייט און זיך בוקין נור צו גאטליכע וויסענשאפט, און די הארץ וועט זיין צו גיצויגין מיט גרויס ליבשאפט צו גאט, וועט דער צונג זיין צו גישווארין צו גאט, כלומר, ער וועט גאר ניט קענען ריידין קיין פוסטע זאך, נור חכמת התורה ומעשים טובים). לפניך, פאר דיר גאט וועלין זיי זיך קניען און נעמען אויף זיך מיט צופרידענהייט דיין הערשאפט, און צו דיין הערליכען נאמען וועלין זיי עהרע געבין, דען די קעניגרייך איז דאך דיינע, און צו עוויגע צייטין וועסטו בכבוד רעגירען, ווי משה און ישראל האבין גיזאגט אין זייער שירה (ביים ים „גאט וועט רעגירען אימער און עוויג". ליבער און טרייער פאטער, זאלסט מיר העלפין אז איך מיט מיינע קינדער זאלין דער לעבין צו די גליקליכע צייט, במהרה, אמן

## תחנה לחלץ נפשי מצרה (ווען עס איז טרויעריג אויפין הארצין).

הארציגער פאטער! דו האסט מיר ביז יעצט גיהאלפין פון אלע מיינע ליידין, בעט איך דיר גוטער גאט, זאלסט מיר היינט אויך העלפין פון מיינע צרות וואס איך קען זיי פאר קיינעם ניט אנדעקין נור פאר דיר אליין. וואס דו ווייסט אלע פארבארגענעס פון הארצין. טרייער פאטער! שיק מיר דיינע גוטע מלאכים זיי זאלין מיר ארויס פירין פון מיינע טרויערקייט, און מיר ארויף פירין אויף די רעכטע גליקליכע וועג, דאס מיר זאלין גישפייזט ווערין פון דיין הייליגע און ברייטע האנד, מיר זאלין ניט דארפין אנקומען צו

---

פנינים יקרים

וואנט, און איז אזוי נישטאנען ביז די גאנצע יודישע ארמיע (העבער אמיליאן מענשין) זיינען אריבער מיט ווייבער און קינדער אין דער טריקענעס, ווי דוד המלך זאגט: (מה לך) „הירדן תסוב לאחור"? וואס איז מיט דיר ירדן, וואס דו האסט זיך געצויגען אהינטער? פאר דעם הערען באשעפער פון דער וועלט (וואר זיין אנטווארט). נאכהער ווי די גאנצע יודישע ארמיע איז אריבער, זיינען די כהנים מיטען ארון הקודש צוריק ארויס פון ירדן. האט זיך דער וואסער אראב גילאזין און אנגעהויבען צו שטראמען ווי פריער, די כהנים מיטן ארון זיינען געבליבען אויף דער זייט און

און דאנקען דעם קעניג איבער אלע קעניגע דער הייליגער גאט גילויבט איז ער, ער איז דער קינסטלער וואס האט אליין אוים גישפרייט דעם הימל און גיגרינדעט די ערד, און הגם זיין הערליכער קעניג שטול און זיין מאכטיגקייט איז אין די העכסטע הימלען, דאך איז ער אליין אונזער פיהרר, אן מיטהעלפער, ווי אין דער תורה איז גישריבן (וידעת היום) דערקען דם יעצט (מיטן ריינעם פארשטאנד) און נעם דאס אריין אין הארצין, דאס דער באשעפער פון דער וועלט איז נור השי"ת, ער אליין איז דער פיהרער. אויבין אין הימל און אונטין אויף ד'ערד איז ער איינער, און מער קיינער.

## תהנה להעביר גלולים מן הארץ (צו זאגין גלייך נאך די פארינע):

הארציגער פאטער, מיר האפין צו דיר ועהען אומגיזאמט דיין הערליכע מאכט, דו זאלסט אב שאפין די געצינדינסט פון דער וועלט און די פוסטע אידיאלען (וואס פיל יונגע מענשין אפפערין זיך פאר זיי) זאלין פערניכטעט ווערין פאר די ליכטיגקייט פון אמת, וואס וועט אוים שיינען אויף דער וועלט. אלע בני בשר וואס זיינען אריין גיטאן נור אין קערפערליכע תענוגים זאלין בעלויכטין ווערין מיט אמונה ודעת, אז אויסער וואס זיי אליין זאלין זיך קענען בעהערשין (גובר זיין דעם יצר הרע) זאלין זיי נאך, נאכטאן די מעשים פון אברהם אבינו, בעקאנט מאכין דיין נאמען (און די ליכט פון דיין הייליגע הורה) אין דער וועלט, עס זאלין זיך קערין און ווענדין צו דיר אלע רשעים, וואס פערדארבין די וועלט, עס זאלין שוין ערקענען און וויסען אלע וועלט בעוואהגער, דאס פאר דיר דארף זיך בייגין יעדעם קניה, (תשבע כל לשון) און צו דיר דארף זיין צו גישווארן יעדעם צונג, (וויל יעצט אז די קעפ זיינען פאר שכור'ת און פערצאדעט פון שלעכטן צייטי לופט (רוח הזמן), בוקט זיך יעדער צו איין אנדער זאך, דער בוקט זיך

---

פנינים יקרים

מיט איין „עמוד ענן" פאראוים (ווייזין די וועג), און ביי נאכט מיט אזייל פון עלעקטרי (צו בעלייכטן), און בעת זיי האבין גידארפט אריבער געהן דעם ירדן, האבין זיי ניט גיברויכט קיין „פאנטאנע באטאליאן" צו מאכין אבריק. נור די כהנים וואס האבין גיטראגין דעם ארון הקודש, ווי זיי זיינען צו גיקומען צום ברעג ירדן און האבין נור איין גיטונקט די פים אין וואסער, האט שוין דער ירדן גימאכט פים און אבגיטראטין די וועג (הירדן יסוב לאחור), די וואסער פון אראב שטראם איז אראב גילאפין און די וואסער פון ארויף האט זיך אב גשטעלט, ניט גילאפין אראב נור גיווארין ווי אהויבער

נבואה, מ'וועט דינען דעם בורא ב"ה מיט גרויס פרייד און הרחבה, און אזוי וועט מען שטייגן העכער און העכער, ביז מ'וועט קומען צום גרעניץ, וואס פון אים וועט מען איבער גיין אין די קינפטיגע וועלט (דאס איז נאך תחית המתים און נאך דעם יום הדין הגדול), וואס דער בורא ב"ה וועט דאן משפטין די וועלט, וועלכע מענשין וואס האבין גיטאן פיל בייזע מעשים און גישטארבין אן תשובה וועלין בלייבין צו אייביגע שאנדע, און די וואס האבין גיטאן גוטע מעשים און אויף די ביסיל שלעכטע מעשים האבין זיי תשובה גיטאן, וועלין איבער גיין צום עוויגען פערגניגען. יעדער נאך זיין מדרגה ווי ער האט זיך אויף גיפירט אויף דער וועלט. די וועלט וועט דאן איבער גיארבעט ווערין אין אזא פארמא וואס פאסט צו די עוויגקייט, דארטין וועלין זיצין די צדיקים מיט גרויס פארכט און יעדער וועט גניסען די אונבעגרעניצטע פערגניגען וואס קיין פעדער איז אימשטאנד אוים צו שרייבן. יעדער נאך זיינע מעשים און נאך די הויכקייט פון זיין נשמה, און וועלין אלע שטייגין העכער און העכער. דרום בעט איך דיר גוטער פאטר, דו זאלסט מיר מיט מיין מאן און מיינע קינדער העלפין, ליב צו האבין דיין תורה און היטין אירע מצות יעדערע אין איר צייט, אום מיר זאלין אויך זוכה זיין צו דעם עוויגען גרויסין גליק במהרה, אמן.

## תחנה לשבח לאדון הכל (זאגין נאך אסם, איבער הויבם ראש השנה)

עלינו לשבח. אויף אונז אידין ליגט אפליכט (אחוב) צוא לויבין את גאט גרויס עהרע צום וועלט באשעפער, פאר דעם וואס ער האט אונזער טייל ניט פערגלייכט צו די פעלקער פון יענע לענדער (וואס גלויבין אז די מזלות גיבין זיי השפעה און פרנסה), און אונזער גורל (לאז, שיקזאל) האט ער ניט גיגעבין ווי יענע ערד-בעזיצער (וואס ליגין אין דומהיים) זיי *) בוקין זיך צו הבל וריק און בעטין ביי געטער וואס קענען זיך אליין ניט העלפין 1), אבער מיר (היילינע פאלק ישראל) קניען און בוקין זיך

### פנינים יקרים

1) די חכמים שרייבין, אז דעם שבח "עלינו לשבח" האט יהושע דער העכסטער תלמיד פון משה רבינו מתקן געווען, נאכדעם ווי אידין זיינען אריבער דעם טייך "ירדן", און האבין איין גינומען דעם ערשטין קרעפאסט "יריחו", ווי האבין דאן געזעהן דעם אונטערשיעד פון אידין ביז די כנענים, ווי יודין זיינען די חיל פון דעם וועלט קעניג. זינט גאט האט זיי ארויס גינומען פון מצרים, פירט ער זיי ביי טאג מיט

*) די פעלקער פון יענע לענדער (וואו אונזערע אבות האבין געוואהנט).

טאן גְמִילוּת חֲסָדִים מִיט לַייטִן, אוּנ מַיינֶע קִינְדֶערְלַאךְ זָאלִין זַיין גִיזוּנְד אוּנ אִיךְ זָאל זֵיי אוּיס הָאדֶעוֶוען צוּ תּוֹרָה אוּנ יִרְאַת שָׁמַיִם, אוּנ מִיר זָאלִין אוּיס גִילֵייזְט וֶוערִין אוּנ גֵייִן מִיט שְׂמָאלְץ אִין אוּנְזֶער הֵיילִיגֶע לַאנְד בִּמְהֵרָה בְיָמֵינוּ, אָמֵן.

## תְּחִנָּה וְנִזְכֶּה וְנִחְיֶה (צוּ זאגין נאנץ אפט נאך ובא לציון).

רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם גוּטֶער פָּאטֶער, אִיךְ וֵייס גַאנְץ גוּט אַז דוּ הָאסְט בֶּעשַׁאפִין דֶעם מֶענְשִׁין צוּ זַייעֶר אַגְרוֹיסִין צִיעֶל, לֶעבִּין אַיין עֶווִיגֶען לֶעבִּין אִין גְרוֹיס פֶּערְגְנִיגֶען, אָבֶער צוּ דֶעם בַּארְף עֶר זִיךְ צוּ גְרֵייטִין אוּיס צִירִין זִיךְ מִיט דִי שֵׁיינֶע הֶערְלִיכֶע צִירוּנְג פוּן דִי תּוֹרָה וּמִצְוֹת. וָואס מֶען אִיז מְקַיֵּים אוּיף דֶער וֶועלְט אִין דֶעם קוּרְצִין לֶעבִּן, נוּר פוּן גְרוֹיסִין טוּמִיל, וָואס מ'אִיז פַארְטְרַאגִין צוּ שְׁפַּייזִין דִי פַאמִילְיֶע, פַארְגֶעסִין פִיל מֶענְשִׁין אַן זַייעֶר גַאנְצִין תַּכְלִית אוּנ בְּרֵיינְגֶען אוּיס זַייעֶר לֶעבִּין נוּר אִין הָארֶעוֶוען וֶועגִין פַּרְנָסָה, אַלְזָא בֶּעט אִיךְ דִיר לִיבֶּער הַארְצִיגֶער פָאטֶער, זָאלְסְט מִיר גֶעבִּין פֶערְשְׁטַאנְד דָאס אִיךְ זָאל הִיטְען דַיינֶע מִצְוֹת אִין דִי צַייט פוּן מַיין לֶעבִּין אוּנ דוּרְךְ דִי תּוֹרָה וּמִצְוֹת וָואס מִיר וֶועלִין הִיטִין, זָאלִין מִיר זוֹכֶה זַיין דֶער לֶעבִּין „מָשִׁיחַ צַייט", וָואס דָאס אִיז דִי הֶעכְסְטֶע גְלִיקְלִיכֶע צַייט וָואס אִיז בֶּעשְׁטִימְט פוּן דִיר לִיבֶּער פָאטֶער, צוּפִירִין דָאס אִידִישֶׁע פָאלְק צוּם תַּכְלִית הַשְּׁלֵמוּת (צום ווירקליכען גליק), אַז יֶעדֶער אֵיינְצִיגֶער זָאל זוֹכֶה זַיין צוּם הֶעכְסְטֶע פֶּערְגְנִיגֶן נָאךְ זַיינֶע מַעֲשִׂים נָאךְ, דַאן וֶועט דִי אִידִישֶׁע פָאלְק קוּמֶען צוּ אִיר גְרוֹיסִין צִיעֶל אוּנ מִיט אִיר דִי גַאנְצֶע בְּרִיאָה. אַלֶע וֶועלִין עֶרְקֶענֶען דֶעם אֱמֶת מִיטָן יוֹשֶׁר, עֶס וֶועט אוּיס גֵייִן מִלְחָמוֹת, בְּלוּט פֶערְגִיסוּנְג, דִי צְוֵוייפִיסִיגֶע חַיּוֹת (די חוליגאנעס) וֶועלִין פֶערְשְׁטֵיין זַייעֶר אִירְטְהוּם, אוּנ אַלֶע וֶועלִין לֶעבִּין צְווִישֶׁען זִיךְ לִיבְּלִיךְ, דִי הֶערְצֶער וֶועלִין וֶוערִין פוּל מִיט חָכְמָה אִין בֶּעגֵייסְטֶערוּנְג, אוּנ דוּרְךְ קְלֵיינֶע מִיהֶע וֶועט מֶען קוּמֶן (דער וואס וועט ווערט זיין) צוּ רוּחַ הַקּוֹדֶשׁ אוּנ

מעשה אלפס

מִיט שֶׁעדְלִיכֶע בְּרוּאִים, וָואס דִי אוֹיג קֶען זֵיי נִיט בַּאמֶערְקִין פוּן קְלֵיינְקַייט אוּנ נָאר בְּהַשְׁגָּחַת ה' וֶוערְט דֶער מֶענְשׁ פַאר הִיט, וִוי דָוִד הַמֶּלֶךְ עָלָיו הַשָּׁלוֹם זָאגְט „יִפּוֹל מִצִּדְּךָ אֶלֶף וּרְבָבָה מִימִינֶךָ אֵלֶיךָ לֹא יִגָּשׁ". אוּנ וִוי נָאר דֶער מֶענְשׁ הוֹיבְּט אָן צוּ הַאלְטִין זִיךְ בְּגַאֲוָה אוּנ פַאר גֶעסִין אָן דֶעם בּוֹרֵא עוֹלָם, אִיז עֶר אִין גִיפַאר גִישֶׁעדִיגְט צוּ וֶוערִין, סַיידִין עֶר הָאט אַזְכוּת וָואס אִיז מֵגִין אוּיף אִים, דֶער ווייל פַארְצֶערְט עֶר דֶעם זְכוּת אוּיף דֶער וֶועלְט, אוּנ עֶס בְּלֵייבְּט אִים נָאר נִיט אוּיף דִי אֱמֶתֶע וֶועלְט.

השי״ת איז גיקומען אפליג און איז אים אריין גיפלויגין אין די נעוליכר און גילעבערט דעם מוחו1). אבער אז ער איז זוכה, ער גייט אין דרך הישר פון דער תורה, איז ער דער ערסטער (דער הערשער איבער אלע ברואים). משה רבנו און יהושע האבין בעפוילין די זון זאל זיך אב שטעלין האט זי זיך אב גישטעלט אגאנצען מעת לעת. משה רבנו האט בעפוילין אויפין ים ער זאל זיך שפאלטין האט ער זיך גישפאלטין און דאס גלייבן, אויך האסטו היינטיגען טאג בעשאפין דיין פרוי (חוה) די זאל פארעווייגען דיין נאמען דורך די קינדער וואס זי וועט אים געבוירין און דוא האסט זיי גיבענשט מיט דיא ברכה (פרו ורבו ומלאו את הארץ), אזוי זאלסטו ערבארמיגער פאטער מיר אויך בענשין אז אונזער בנין (פון מיר מיט מיין מאן) זאל זיין ביז הונדערט און צוואנציג יאהר, מיט פיל נחת דאס מיר זאלין האבין קינדער און איינקלאך, וואס זאלין עוסק זיין אין תורה ומצות. וואס צו דעם ציעל האבין מיר מקבל גיוועזן די היילינע תורה, וואס אויף דעם ווייזט דער ה׳ הידיעה פון יום הששי, אז דער גאנצער קיום פון דער וועלט איז נור בזכות התורה וואס זיא איז גיגעבין גיווארין דעם זעקסטין טאג אין סיון (חג השבועות). אויך האסטו גיבענשט דעם טאג, דו האסט צו גישיקט אונזערע עלטערין אין דר מדבר פרייטיג דאפילטע שפייז, אויף היינט און אויף שבת, צו לערנען זיי, אז די רוהע פון שבת מינערט ניטביין מענשין זיין פרנסה, ער גיפינט זיין מעסטיל מן פון שבת אין איינעם פון די וואכענדיגע טאג, בכדי ער זאל שבת האלטין מיט פערגעניגען און זארג. אזוי זאלסטו ליבער פאטער אונז אויך דאפלען די פרנסה מיר זאלין קענען צו גרייטין סעודות שבת בהרחבה, און העלף מיר מיט מיין מאן מיר זאלין זיך מזרז זיין אראב גיין פון גאס פריה, פאר די שקיעה און מאכן פארטיג אלע צרכי שבת פריה, עס זאל זיך חלילה ניט מאכין קיין שטן מקטרג, מען זאל חלילה ניט קומען צו חלול שבת, און העלף מיר איך זאל בענשין ליכט אין דער צייט, מקבל זיין דעם היילינען שבת בשמחה מיט אפריילינע הארץ, און בזכות כבוד השבת זאלין מיר גישפייזט ווערין בכבוד, און קענען

מעשה אלפס

1) אדער דער זינדיגער מענש אטהעמט עלינו אגרויסע קראנקהייט, ווי די חכמי
אריין אין זיך אמיקראב אדער הרפואה שרייבין און אויך די חכמי התלמוד
מבאציל, וואס פאר וועבט אין אים לא (ברכות ו) אז דער גאנצער לופט איז פול
ניזל (השלמה) מ״ם

מִצְוֹת אוּן תּוֹרָה (וואס איז גיגליכען צו וואסער), אוּן וִוי עֶר שֵׁיידֶעט זִיךְ אָב פוּן דֶער תּוֹרָה, אַזוֹי אִיז עֶר וִוי גִישְׁטָארְבִּין, אָבֶּער דִי בַּעֲלֵי מְלָאכוֹת אוּן דִי בַּעֲלֵי מִסְחָר וָואס דַארְפִין זוּכִין זֵייעֶר לֶעבִּינְס מִיטֶל, דִי קֶענֶען נִיט לִיגִין שְׁטֶענְדִיג אִין וַואסֶער פוּן דֶער תּוֹרָה, נוּר זֵיי דַארְפִין הָאבִּין אִין זִיךְ צַפֵּייכְטִקֵייט פוּן וַואסֶער. לִיבּ הָאבִּין דִי תּוֹרָה אוּן צַייטִין וַויים מַאכִין זִיךְ אַקְבִיעוּת צוּ תּוֹרָה, אָבֶּער וֶוען דִי זוּן (די תשוקה צו הצלחת הזמן) גִיט אוֹיף זֵיי אַבַּאק אוּן זֵיי וַוארְפִין דִי תּוֹרָה הִינְטֶער זִיךְ, דַאן זֶערִין זֵיי גִירֶעכִינְט חָלִילָה וִוי אָבּ גִישְׁטָארְבִּין פוּן זֵייעֶר חִיוּת, וַוייל דִי תּוֹרָה אִיז דֶער חִיוּת פוּן אִידִין, וִוי מִיר זָאגִין אִין מַעֲרִיב (כִּי הֵם חַיֵּינוּ וְאוֹרֶךְ יָמֵינוּ). — אַלְזָא לִיבֶּער הַארְצִיגֶער פָאטֶער, זָאלְסְט אוֹים וַואשִׁין אוּנְזֶער הַארְץ מִיט אוּנְזֶערֶע אוֹיגִין מִיט דִי קְלָארֶע וַואסֶער פוּן דֶער תּוֹרָה, מִיר זָאלִין דֶער זֶעהֶען דִי אֶמֶתֶע וֶועג, אוּן לִיבּ הָאבִּין דַיין הֵיילִיגֶע תּוֹרָה, אוּן עֶס זָאל אוֹיף אוּנְז מְקוּיָּם וֶוערִין דִי בְּרָכָה פוּן יַעֲקֹב אָבִינוּ (וְיִדְגּוּ לָרֹב בְּקֶרֶב הָאָרֶץ) מִיר זָאלִין זִיךְ מֶערִין אוּן גְרוֹיסֶען וִוי דִי פִישׁ פוּן וַואסֶר, וָואס שַׁאדֶעט זֵיי קֵיין עַיִן הָרָע, אַלֶע אַנְטִיסֶמִיטֶען אוּן שׂוֹנְאֵי יִשְׂרָאֵל, זָאלִין פַאר שֶׁעמְט וֶוערִין קוּקֶענְדִיג אוֹיף אוּנְזֶער הַצְלָחָה, עֶס זָאל זַיין אַגְרוֹיסֶער כָּבוֹד פִיר דִיר, בֶּעשֶׁעפֶּער פוּן דֶער וֶועלְט, אוּן קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל, אָמֵן.

## תְּחִנָּה לְיוֹם הַשִּׁשִּׁי (צו זאגין פרייטיג נאכין דאווגען).

יְהִי רָצוֹן מִלְּפָנֶיךָ, עֶס זָאל זַיין אַגוּטֶער וִוילֶען פוּן דִיר, וָואס הַיינְטִיגֶען (שִׁשִּׁי בְּשַׁבָּת) הָאסְטוּ בֶּעשַׁאפִין (פון די ערד) אַלֶע וואוּנְדֶערְלִיכֶע חַיּוֹת וּבְהֵמוֹת אוּן אַלֶע וֶוערִימְלַאךְ, אוּן אַם עֶנְדֶע הָאסְטוּ בֶּעשַׁאפִין דֶעם מֶענְשִׁין מִיט חָכְמָה, דוּ הָאסְט צוּ גִיגְרֵייט אַלֶע זַיינֶע שְׁפֵּייז אוּן אַלֶע הִצְטָרְכוּת נָאכְהֶער הָאסְטוּ אִים בֶּעשַׁאפִן, צוּ וַוייזִין אַז עֶר אִיז דֶער רֶעכְטֶער גַאסְט פוּן דֶער שִׂמְחָה, וִוי דֶר שְׁטֵייגֶער אִיז אַז עֶס אִיז אַלֶעס פַארְטִיג דַאן לַאדֶעט מֶען אַיין דֶעם גַאסְט, אוֹיךְ הָאסְטוּ אִים מִיט דֶעם גִילֶערִינְט אַמוּסָר וִוי דָוִד המע"ה זָאגְט (אָחוֹר וָקֶדֶם צַרְתָּנִי) דֶער שְׁפֶּעטְסְטֶער אוּן דֶער עֶרְסְטֶער הָאסְטוּ מִיר בֶּעשַׁאפִן, וֶוען דֶער מֶענְשׁ הַאלְט זִיךְ בְּגַאֲוָה אוּן גֵייט אַרָאבּ פוּן דִי גוּטֶע וֶועג פוּן דֶער תּוֹרָה, זָאגְט מֶען אִים וָואס אִיז מִיט דִיר אַזוֹי דֶער יִחוּס, דֶער קְלֶענְסְטֶער וֶוערִימֶל אִיז בֶּעשַׁאפִין גִיוָוארִין פְרִיעֶר פַאר דִיר, אוּן יֶעדֶער אִיז אוֹיף אִים אַהֶערְשֶׁער, וִוי מִיטוּם הָרְשָׁע בְּעֵת עֶר הָאט זִיךְ גִיגְרוֹיסְט קֶעגִין

השי"ת

זון הָאט שְׁטִיל גִישְׁווִיגֶען וָוען דִי לְבָנָה הָאט אִיר בֶּעלֵיידִיגְט (אין גיזאגט ווי קענען זיין צוויי מלכים אונטער איין קרוין), בִּזְכוּת זֶה זָאל אוּנְזֶער מַזָל שַׁיינֶען ווִי דִי לִיכְטִיגֶע זון, וִוי דְבוֹרָה הָאט גִיזָאגְט אִין אִיר שִׁירָה (וְאוֹהֲבָיו כְּצֵאת הַשֶּׁמֶשׁ בִּגְבוּרָתוֹ), אוּנ מִיר מִיט אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער זָאלִין נִצוֹל וֶוערִין פוּן אַלֶע מִינֵי חֳלָאִים אוּנ עַיִן הָרָע ר״ל, אוּנ דִי זון זָאל זַיין אַהֵיילוּנְג צוּ אַלֶע אוּנְזֶערֶע וֵוייטָאגִין אוּנ צוּ אוּנְזֶערֶע שְׁוַואכְקַייט, וִוי דוּ הָאסְט אוּנְז פֶּערְשְׁפְּרָאכִין דוּרְךְ דַיין הֵיילִיגֶן נָבִיא מַלְאָכִי (וְזָרְחָה לָכֶם יִרְאֵי שְׁמִי, עֶס וֶועט אוֹיף שַׁיינֶען צוּ אַייךְ גָאטְס פָארְכְטִיגֶע לַייט (שֶׁמֶשׁ צְדָקָה וּמַרְפֵּא בִּכְנָפֶיהָ) דִי לִיכְטִיגֶע זון וָואס זִי וֶועט אַייךְ בְּרֵיינְגֶען גִירֶעכְטִיגְקַייט אוּנ אַהֵיילוּנְג מִיט אִיהְרֶע פְלִיגְלֶען, אָמֵן.

## תְּחִנָּה לְיוֹם חֲמִישִׁי (צו זאגין דאנערסטיג נאכין דאוונען).

יְהִי רָצוֹן מִלְּפָנֶיךָ, עֶס זָאל זַיין אַגוּטֶער ווִילִין פַאר דִיר, טְרַייעֶר פָאטֶער פוּן הִימֶל, וָואס הַיינְטִיגֶען טָאג (חֲמִישִׁי בְּשַׁבָּת) הָאסְטוּ בֶּעשַׁאפִין פוּן וַואסֶער מִילְיָאנֶען זָארְטִין לֶעבֶּעדִיגֶע בְּרוּאִים. אַלֶער הַאנְד פוֹיגְלֶען, סַיי דִי וָואס פְלִיהֶען נִידֶערִיג אוּנ סַיי דִי וָואס פְלִיהֶען גַאנְץ הוֹיךְ, עֶס זָאל זַיין אַגוּטֶע שְׁפַּייז פִיר דֶעם מֶענְשִׁין. סַיי פוּן זֵייעֶרֶע פְלֵיישׁ אוּנ סַיי פוּן זֵייעֶרֶע אֵייעֶר, אוֹיךְ אַלֶע זָארְטִין פִישׁ פוּן יַם אוּנ דֶעם גְרוֹיסִין פִישׁ (לִוְיָתָן), אוּנ יֶעדֶער בֶּעשֶׁעפֶענֶעם הָאט זִיךְ אַבֶּעזוּנְדֶערִין טַעַם, דֶער וֶועלְבֶּער פִישׁ פוּן וֶועלְבִּיגֶען יַם וֶוען מְ׳פַאנְגְט אִים אִין דֶער שְׁטָאט, הָאט עֶר אַזַא טַעַם אוּנ וֶוען מְ׳פַאנְגְט אִים אִין אַצְווֵייטֶע שְׁטָאט, הָאט עֶר אַיין אַנְדֶער טַעַם. אוּנ אוֹיךְ יֶעדֶער פוֹיגִיל הָאט אַיין אַנְדֶער נַאטוּר, בִּכְדֵי צוּ זַיין אַשְׁפַּייז פִיר דֶעם גַייסְט פוּן מֶענְשִׁין, עֶר זָאל זִיךְ לֶערְנֶען פוּן יֶעדֶערִין אַמִדָּה אָדֶער אַמוּסָר, וִוי אִיוֹב זָאגְט (מַלְּפֵנוּ מִבַּהֲמוֹת אָרֶץ וּמֵעוֹף הַשָּׁמַיִם יְחַכְּמֵנוּ), עֶר לֶערִינְט אוּנְז חָכְמָה פוּן דִי נַאטוּר פוּן יֶעדֶער בְּהֵמָה, פוּן יֶעדֶער פוֹיגִיל (ווי אין פרק שירה איז ערקלערט דעם מוסר וואס יעדער בעל חי זאגט). דוּ הָאסְט בֶּעשַׁאפִין אַזֶעלְכֶע פִישׁ, וָואס וֶוען מֶען נֶעמְט זֵיי אַרוֹיס פוּן וַואסֶער שְׁטַארְבִּין זֵיי גְלַייךְ, אוֹיךְ הָאסְטוּ בַּאשַׁאפִין זָארְטִין פִישׁ וָואס קֶענֶען לֶעבִּין אַגְווִיסֶע צַייט אָן וַואסֶער, וֶוען זֵיי הָאבִּין נוּר אִין זִיךְ אַפַייכְטִקַייט פוּן וַואסֶער, אָבֶּער וֶוען דִי זון גִיט אוֹיף זֵיי אַבַּאק שְׁטַארְבִּין זֵיי. דָאס אִיז צוּ לֶערְנֶען דֶעם מֶענְשִׁין, אַז דֶער וָואס הָאט זַיין לֶעבִּינְס מִיטֶל צוּ גִיגְרֵייט אוּנ דַארְף נִיט זָארְגִין אוֹיף חִיוּנָה, דַארְף שְׁטֶענְדִיג זַיין גֶעדַאנְקֶען שְׁווִימֶען אִין

יְהִי רָצוֹן מִלְּפָנֶיךָ, עֶס זָאל זַיין דַיין גוּטֶער ווילֶין, הֶער פוּן דֶער וֶועלְט וָואס הַיינְטִיגֶען טָאג (שְׁלִישִׁי בְּשַׁבָּת) הָאסְטוּ צוּ גִירִיכְט אָנְזָאהוּנְג פַארִין מֶענְשִׁין, דוּ הָאסְט גִיהֵייסִין אַז אַלֶע וַואסֶערִין זָאלִין זִיךְ אוֹיף זַאמְלֶען אִין יַם אוּנ עֶס זָאל וֶוערִין גִיזֶעהֶען טְרוּקֶענֶע פְּלֶעצֶר, אוֹיךְ הָאסְטוּ גִיגְרֵייט אָבּוּפְּעט פַאר דַיינֶע בֶּעשֶׁעפֶּענֶעשׁ, דוּ הָאסְט בֶּעפוֹילִין דִי עֶרְד זָאל אַרוֹיס גֶעבִּין אַלֶע זָארְטִין תְּבוּאוֹת מִיט אַלֶע גְרִינְסִין אוּנ אַלֶע פְּרוּכְט בּוֹימֶער אוּנ יֶעדֶער קֶערֶענְדִיל זָאל מֶען קֶענֶען ווידֶער פֶּערְפְלַאנְצִין, עֶס זָאל אַרוֹיס גֵיין פוּן דָאס נַיי אַבּוֹים מִיט צְוַוייגִין מִיט פֵּירוֹת אוּנ אַזוֹי וַוייטֶער אוּנ וַוייטֶער אָן אַעֶנְדֶע (וועד קען באטראכטן דיינע גרויסע וואונדער?), אַזוֹי זָאלְסְטוּ בֶּענְטְשִׁין מִיר אוּנ כָּל יִשְׂרָאֵל מִיט אַלֶעם גוּטֶעם, אוּנ מַיין הוֹיז זָאל זַיין אָפִין פִיר אַלֶע נוֹיט בֶּעדֶערְפְטִיגֶע, וְוי דִי הוֹיז פוּן אַבְרָהָם אָבִינוּ אוּנ דִי מוּטֶער שָׂרָה, אוּנ אַזוֹי וְוי דוּ הָאסְט גִידָאפִּילְט אִין דֶעם טָאג צְוַויי מָאל „כִּי טוֹב" אַזוֹי זָאלְסְטוּ אוּנְז גֶעבִּין דִי צְוַויי גוּטֶע זַאכִין „גִיזוּנְד אוּנ פַּרְנָסָה" פוּן דַיין בְּרֵייטֶע הֵיילִיגֶע הַאנְד, מִיר זָאלִין קֶענֶען מִיט אַרוּהִיגֶע קָאפּ דֶערְצֵילִין שְׁטֶענְדִיג דַיינֶע וואוּנְדֶער, וְוי דָוִד הַמֶּע"ה זָאגְט שִׂיחוּ בְּכָל נִפְלְאוֹתָיו, אָמֵן.

## תְּחִנָּה לְיוֹם רְבִיעִי (צו זאגן מיטוואך נאכן דאווגען).

יְהִי רָצוֹן מִלְּפָנֶיךָ, עֶס זָאל זַיין דַיין גוּטֶער ווילֶין, הֶער פוּן דֶער וֶועלְט, וָואס הַיינְטִיגֶען טָאג (רְבִיעִי בְּשַׁבָּת) הָאסְטוּ בֶּעשַׁאפִין דִי גְרוֹיסֶע לִיכְט, דִי זוּן, דִי לְבָנָה, דִי שְׁטֶערִין צוּ בֶּעלַייכְטִין פַארִין מֶענְשִׁין, אוּנ וַוייל דִי לְבָנָה הָאט מְקַטְרֵג גִיוֶועזִין (באליידיגט די זון) אִיז דֶער פַאר אִיר לִיכְטִיגְקֵייט קְלֶענֶער גִיוָוארִין, אוּנ דוּרְךְ דֶעם אִיז חָלִילָה גִישִׁיקְט גִיוָוארִין שְׁלַאפְקֵייט אוֹיף קְלֵיינֶע קִינְדֶער, וַוייל דוּרְךְ דִי עֲבֵרָה פוּן לָשׁוֹן הָרָע וָואס זִי וַוייזְט וְוי פִינְסְטֶער דֶר מֶענְשׁ אִיז, וֶוערִין צוּ גִינוּמֶען חָלִילָה קְלֵיינֶע קִינְדֶער וָואס זֵיי זַיינֶען דִי לִיכְט פוּן דִי אוֹיגִין (די אויגען אין קאפ). בֶּעט אִיךְ דִיר עֶרְבַּארְמִיגֶער פָאטֶער זָאלְסְט אוּנְז עֶרְלַייכְטִין דִי אוֹיגִין צוּ פַארְשְׁטֵיין וְוי אוּנְוֶוירְדִיג לָשׁוֹן הָרָע אִיז אוּנ מִיר זָאלִין וִויסִין צוּ שֶׁעצִין אֵיינֶער דֶעם צְוֵוייטִין, אוּנ טָאמֶער וֶועט אוּנְז אֵיינֶער חָלִילָה פוֹגֵעַ בִּכְבוֹד זַיין, זָאלִין מִיר שְׁטִיל שְׁוַוייגִין, וְוי דִי

---

מעשה אלפס ופרי הגפן

בּוֹרֵא הָאט זֵיי פֵּיפִים גִיוֶוען, אַז דֶערְפַאר וֶועט מֶען גֶעמֶען פוּן זֵיי זָאלִין צוּ דִי קָרְבָּנוֹת אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ.

זהדער

די הימל און ערד. און אלעם האסטו בעשאפין פון וועגין די תורה און פון וועגין דיין פאלק ישראל. דאס הייסט, דר תכלית פון דער וועלט איז, עס זאלין זיך געפינען איידעלע מענשין, וואס זאלין זיך פירין אין די אנגענעהמע וועג וואס דו האסט זיי געלערנט אין דיין תורה, און דו האסט געזאגט „יהי אור" עס זאל ווערין פון פינסטער ליכטיג. אזוי זאלסטו דער לייכטין מיינע אויגין און די אויגין פון מיין מאן און קינדער און די אויגין פון כלל ישראל מיר זאלין זיך פירין אין די ליכטיגע וועג פון דיין תורה. און זאלסט אונז צו שיקין אונזער פרנסה בכבוד, די קאפ זאל אונז זיין רוהיג צו לויבין דיין הייליגען נאמען מיט ערהרע-פורכט און מיט שמחה, אמן.

## תחנה ליום שני (צו זאגין מאנטיג נאכין דאווענע).

יהי רצון מלפניך, עס זאל זיין דיין גוטער ווילען, הער פון דר וועלט, וואס היינטיגען טאג (שני בשבת) האסטו געמאכט אצווישען שייד דאס די וואסער וואס געפינען זיך איבערין רקיע זאל זיין אב געטיילט פון די וואסער וואס געפינען זיך אויף דער ערד ביז דעם „רקיע" (ביז דעם ארט וואו די וואלקענס הייבען זיך אויף), און די אונטערסטע וואסער האבען זיך געקריגט מיט דיא אויבערסטע וואסער, פאר וואס זייגען זיי הויך און מיר נידעריג 1), דרום שטייט ניט ביין צווייטין טאג „כי טוב" וייל פון קריג קומט קיין גוטעס ניט, און דאן איז בעשאפין געווארין דער גיהנם וואס ער ברענט דורך פייער פון כעס. אלזא בעט איך דיר, זאלסט מיר מציל זיין פון כעס און פון קריג (מחלוקת) און פון אונגליקען און פארפלייצונג. און דער זכות התורה וואס מ'לייענט היינט וואס זי איז געגליכען צו וואסער, זאל מגין זיין אויף די אלע וואס פארין אויפין ים, זיי זאלין נצול ווערין פון די רוישענדע וואסער פון ים, זייער שיף זאל חלילה ניט ארויף גיין אויף אשטיין, אדר איין שיף זאל זיך ניט אנשלאגין אן די צווייטע, זיי זאלין חלילה ניט אונטער גיין, און זאלסט זיי ברייגגען לשלום צו זייער ארט וואו הין זיי פארין, דען דו ביסט איין ערבארמיגער פאטער וואס דו הערסט יעדענס תפלה. ברוך שומע תפלה.

---



1) אין „אוצר התורה" (בראשית דף ט) געדאנקען אויף די קריג פון די אונטערסטע וואסער און דעם צופרידין שטעלין וואס דער האבין מיר געשריבין זייער אשיינעם

אֲשֶׁר שָׂם מֹשֶׁה לִפְנֵי בְּנֵי יִשְׂרָאֵל) דָאס הֵייסְט דָאס אִיז דִי לִיבֶּע תּוֹרָה וָואס אִיז גִיגֶעבְּן דִי יִשְׂרָאֵל פוּן גָאטֶעס מוֹיל דוּרְךְ מֹשֶׁה רַבֵּנוּ, בַּאדֵיינְק אִיךְ מִיר וִוי רִיכְטִיג דָאס אִיז, אַז דִי הֵיילִיגֶע תּוֹרָה אִיז מִן הַשָּׁמַיִם (אהימל'שע), וַוייל וִוי וואוּנְדֶערבַּאר עֶס אִיז, אַז אַמוֹיעֶר וָואס שְׁטֵייט שׁוֹין הֶעכֶער דְרַיי טוֹיזִינְד יָאהְר אוּן פִּיל דַארְמַאטִין אוּן בָּאמְבֶּעס הָאט מֶען שׁוֹין אוֹיף אִים גִישָׁאסִין אוּן עֶר אִיז גִיבְּלִיבְּן שְׁפָּאגִיל נַיי וִוי דֶער טָאג וָואס עֶר אִיז אַרוֹיס פוּן מַייסְטֶערְס הַאנְד, עֶס אִיז פוּן אִים נִיט גִירִירְט גִיוָוארִין אַהָאר. אוּנְזֶער לִיבֶּע תּוֹרָה אִיז אוּנְזֶער מוֹיעֶר (אני חומה זו תורה) זִי בַּאשִׁיצְט אוּנְז פוּן אַלֶע קוֹילִין וָואס מֶען שִׁיסְט צוּ פַארְלֶענְדִין אוּנְז פוּן דֶער וֶועלְט. וִוי דָוִד הַמֶּלֶךְ ע"ה זָאגְט (אָמְרוּ לְכוּ וְנַכְחִידֵם מִגּוֹי וְלֹא יִזָּכֵר שֵׁם יִשְׂרָאֵל עוֹד) דִי שׂוֹנְאֵי יִשְׂרָאֵל זָאגִין אֵיינֶע צוּ דִי אַנְדֶערֶע, לָאמִיר זִיךְ אַלֶע אוֹיפְקְלַייבֶּען אוּנ פַארְטִילִיגֶען זֵיי, עֶס זָאל גָאר דֶער נָאמֶען "אִיד" נִיט דֶערְמָאנְט וֶוערִין אוֹיף דֶער וֶועלְט, אוּנ וִויפִיל בָּאמְבֶּעס מְ'הָאט גִישָׁאסִין אוֹיף דֶער תּוֹרָה מְ'הָאט אִיר גִיבְּרֶענְט אוּם צוּ פַארְלִירִין אִיר. בִּכְדֵי אַז אִידִין וֶועלִין נִיט הָאבִּין קֵיין תּוֹרָה וֶועט מֶען זֵיי נָאכְהֶער קֶענֶען פַאר טִילִיגִין, אוּנ נָאךְ אַלֶעם דֶעם הָאבִּין מִיר אוּנְזֶער תּוֹרָה אִין גַאנְצִין, עֶס פֶעלְט אִין אִיר קֵיין וָוארְט, וִוי אִין דֶעם טָאג, וָואס מֹשֶׁה רַבֵּנוּ הָאט אִיר גִישְׁרִיבְּן פוּן גָאטֶעס מוֹיל, אוּן אוּנְז אִיבֶּער גִיגֶעבְּן. אוֹיף דֶעם דַאנְק אִיךְ אוּנ לוֹיבּ דַיין לִיבֶּען נָאמֶען, אוּנ בֶּעט דַיין רַחֲמָנוּת אִיךְ זָאל שְׁטֶענְדִיג לִיבּ הָאבִּין דַיין תּוֹרָה אוּנ דִי וָואס לֶערְנֶען אִיר. אוּנ אוֹיךְ מַיינֶע קִינְדֶער, אִיבֶּער הוֹיפְּט מַיינֶע טֶאכְטֶער זָאלִין אִיר לִיבִּין, זֵיי זָאלִין וֶועלִין נֶעמֶען חֲתָנִים וָואס לֶערְנֶען אוּן לִיבִּין דַיין הֵיילִיגֶע תּוֹרָה, אוּנ בִּזְכוּת הַתּוֹרָה זָאלִין מִיר בְּקָרוֹב אוֹיס גִילֵייזְט וֶוערִין אוּנ גֵיין מִיט שְׁטָאלְץ אִין אוּנְזֶער הֵיילִיגֶע לַאנְד, אָמֵן.

## תְּחִנָּה לְיוֹם רִאשׁוֹן (צו זאגין זונטיג נאכין דאווענ)

יְהִי רָצוֹן מִלְּפָנֶיךָ, עֶס זָאל זַיין אַגוּטֶער ווִילֶען פוּן דִיר, הֶער פוּן דֶער וֶועלְט וָואס הַיינְדִיגֶען טָאג (רִאשׁוֹן בְּשַׁבָּת) הָאסְטוּ בַּאשַׁאפֶען

---

שערי ציון

אִין מַה טּוֹב, אַז נִיט זָאל זִי שְׁטִילֶערְהֵייד אַהֵיילִיגֶע זַאךְ, נוּר שְׁטִיל בִּכְדֵי נִיט לֵייעֶנֶען דִי סֵדְרָה אִין טַייטְשׁ חוּמָשׁ אָדֶער מְבַלְבֵּל זַיין דִי מַאנְסְלֵייט, זֵיי זָאלִיקֶענֶען אִין אוֹצַר הַתּוֹרָה אָדֶער לֵייעֶנֶען וָואס נוּר צוּ הֶערִין וִוי מֶען לֵייעֶנְט אִין סֵפֶר תּוֹרָה.

בײ דײן פאלק ישראל אויף עוויג, מיר געפינען אין זוהר הקדוש, דער גרויסער תנא ר' שמעון בן יוחאי זאגט, דאס אין דער צייט אז מ'עפינט דעם ארון הקודש ארויסצונעמען די ספר תורה צו לייענען בצבור, עפינט זיך אין הימל די טויערן פון רחמים און ליבשאפט א), אונ אזוי ווי יעצט איז אפין די שערי רחמים, קום איך ארימע פרוי (פלונית בת פלונית) פאר דיר הייליגער גאט מיט אהייסע גיבעט, דו זאלסט אננעמען אונזערע תפלות מיט בארמהערציגקייט, אונ זאלסט דערלייענגערין די יאהרין מיר און מיין מאן און מיינע קינדער אין גוטע אידישקייט. דו זאלסט דורך די אפענע טויערן אראפשיקען מיר און כל ישראל שפע ברכה, פרנסה און הצלחה, מיר-זאלין חלילה ניט אן קומען צו די גאב פון אמענשין, דען דו ביסט דאך דער שפייזער פון די גאנצע וועלט. אונ דורך דעם זכות וואס איך וועל געבין כבוד דײן הייליגע תורה, איך וועל ניט ריידין בעת מען לייענט און ניט מבלבל זיין די מאנסלייט, דאס זיי זאלין קענען צו הערין וואס מען לייענט אין דער תורה, בזכות זה זאלסטו ליבער פאטער מיר מזכה זיין מיט גוטע קינדער, וואס זאלין האבין גרויס חשק צו לערנען דײן הייליגע תורה, און זאלסט דער לײכטין זייער שכל זיי זאלין פארשטיין די טיפקייט פון איר חכמה, דען נור די טייערע מתנה (דאס איז די תורה הקדושה) איז אונזער טרייסט וואס ערקוויקט אונזער ביטערע הארץ אין גלות, אונ זי איז בײ אונז אגוטע זיכערהייט אז דו וועסט אונז ערלייזען פון אלע צרות במהרה בימינו, אמן.

## תחנה צו הגבהת ספר תורה (ווען מ'הויבט אויף די ס"ת).

טרייער פאטער פון הימל, איך זעה יעצט ווי דײן ליבע פאלק ישראל הייבין אויף דײן הייליגע תורה און זאגין הויך (וזאת התורה

---

שערי ציון

א) פון דעם קען מען פארשטיין ווי טייער איז די הייליגע צייט ווען מ'נעמט ארויס די ספר תורה צו לייענען ביז מ'שטעלט זיא אריין צוריק אין ארון הקודש, ניט שמועסין חלילה קיין דברים בטלים, יעדע קלוגע גאטס-

מעשה אלפס

נידעריגע נארישע זאכען, אזוי ווי אקליין קינד גיט אב די טייערסטע מטבע פאר אצוקערקע, דאס גלייכין איז דער פוסטער כבוד פון די געלע קנעפ אדער די קוקארדע, ארויסער נעץ וואס פאנגט די נארישע פייגעלע אין קלעטקע אריין;

פארכטיגע פרוי אויב זי הערט ווי מען לייענט אונ זי קען צו הארכען אין אחומש

איז

נור אבער דער מענש איז דאך ניט קיין עוויגער, עס וועט קומען די צייט וואס אונזער ליכט וועט אויסגיין (דער. לעבען וועט זיך ענדיגען), דרום האסטו גיהייסען מ'זאל חתונה האבין אונ האבין קינדער אונ האדעווען זיי צו תורה און יראת שמים, זיי זאלין זיין טרייע דינער פאר דיר, אונ אז מ'לאזט גוטע קינדער הייסט מען ניט גשטארבן, נייל אין די תורה אונ די גוטע מעשים פון די קינדער האבין די עלטערין אגרויסין טייל אין דעם. אבער ביי יעצטיגע צייט, וואס עס בלאזט שלעכטע ווינטען פון אלע קאנטין אונ פארפעסטין די קינדער מיט שלעכטע גידאנקען, מיט שלעכטע מיינונגען, אראפ צו פירין זיי פון אידישע וועג, צו פארקריכין אין פינסטערע בלאטיגע דרכים, איז זייער שווער צו ערציהען קינדער צו תורה אונ יראת שמים. דרום פאר גים איך מיין גיבעט פאר דיין היילינגען שטול, דו זאלסט זיי אבהיטען פון שלעכטע חברים 1) אונ זאלסט זיי מזמין זיין גוטע חברים, וואס האבען חשק צום לערנען תורה אונ טאן גוטע מעשים. בכדי מיינע קינדער זאלין זיך לערנען פון זיי נור גוטעס, און עפין זייער הארץ צו פארשטיין גרונטיג דיין היילינגע תורה און שטארק זייערע קרעפטין צו דיין תורה, אונ היט זיי אב פון אביינע אויג, און פון אלע שלאפקייטען, און שיינק זיי אריכות ימים ושנים, אונ העלף מיר איך זאל קענען צאלין פאר זיי גוטע שכר למוד, אונ איך מיט מיין מאן זאלין זוכה זיין צו הערין זייערע שיינע דרשות צו בר־מצוה. אונ נאכהער פירין זיי צו דער חופה מיט שיינע כשרה פארטייען, און זוכה זיין צו זעהען פון זיי גוטע דורות אויף לאנגע יאהר, אמן.

## תחנה צו פתיחת ארון הקודש.

בריך שמיה דמרא עלמא, גילויבט איז דער היילינגער נאמען פון דעם הער פון דער וועלט, עס זאל זיין דיין פריינדליכער ווילען

---

שערי ציון

זיך אויף מיט אלעמען, ווי ארינטליך זיין האנדיל איז, ווי ריכטיג זיין ווארט איז", אויף אים זאגט דער נביא (ישראל אשר בך אתפאר) דורך דעם אויפפירונג פון אזא אידין ווערט גאט אונ זיין תורה בעליבט אונ בערימט ביי אלעמען.

מעשה אלפס

1) ווי דוד המלך עליו השלום האט גיבעטין (אתה יי׳ תשמרם) נור דו גאט זאלסט זיי היטען (תצרנו מן הדור זו לעולם) זאלסט זיי אב היטען פון די שלעכטע ווינטין וואס בלאזין אין דעם דור, (סביב רשעים יתהלכון) וואס די רשעים שוועבין ארום די קינדער, פאנגען זיי אין נעץ, (כרום זלות בני אדם) יאס איז דער נעץ? וואס ביי די קורצזיכטיגע מענשין שטייט הויך די נידעריגע

פרייד דאדורך וועט דער זכות פון שבת שיינקען אגרויסע ברכה אין אלעם וואס מיר טוען, אונפארגרינגערין וואס דער מענש האט אויף זיך איין אב צאלונג (פון בזעת אפיך תאכל לחם) די שטיקעל ברויט זאל אן קומען מיט שוויים, איז בזכות וואס מ'איז מכבד שבת (און מ'היט אים, נים מחלל צו זיין) ווערט פארגרינגערט די חיונה, אזוי זאלסטו מיר פערגרינגערין מיין חיונה איך זאל קענען בלייבין ביי מיין ערליכען געוויסען, און נאך טאן גמילות חסדים מיט לייטין, און איך זאל האבין נחת פון מיינע קינדערליך, אמן.

## תחנה וועגין פרנסה (צו זאגין אין שמע קולנו).

ערבארמיגער פאטער! דיין היילינע מילדע האנד, איז דאך אפין צו שפייזין אלע דיינע בעשעפענעס פון גרעסטען ביזין קלענסטין, אלע האפין נור צו דיין הילף, ווי דוד המלך עליו השלום זאגט (עיני כל אליך ישברון) די אויגין פון אלע בעשעפענעס האפין נור צו דיר (ואתה נותן להם את אכלם בעתו) וואס דו גיסט זייער שפייז יעדערין אין זיין צייט. בעט איך דיר ליבער גאט, דו זאלסט מיר און מיין הויז גיזינד אויך מחיה זיין מיט דיין השפעה. גיב אונז אריינע אכשרה פרנסה אן קנאה, אן שנאה, אן חלול שבת חלילה, אן השגת גבול, מיר זאלין ניט דארפן אנקומען חלילה צו אמענשינס) גאב, און ניט פרנעמען אפרעמדן גראשין, מיר זאלין דיר קענען דינען מיט אריינע הארץ, טאן גמילות חסדים מיט פיל מענשין, און מגדל זיין אונזערע קינדערלאך צו תורה און יראת שמים, עס זאל דורך אונז גירידהמ'ט און פערהייליגט ווערין דיין גרויסער נאמען [א], אמן.

## תחנה וועגין גוטע קינדער (ענדע שמונה עשרה נאך יהיו לרצון).

ערבארמיגער פאטער און קעניג, פאר דיר איז דאך אפין אונזער הארץ, דו ווייסט דאך ווי מיר ווילין דיר טריי דינען,

---

שערי ציון

א) ווי אונזערע חכמים ערקלערן דעם פסוק (ואהבת את יי אלהיך) שיהא שם שמים מתאהב על ידך, דו זאלסט מיט דיין גוטין אויפפירונג מאכן בעליבט גאטעס נאמען, אז דו וועסט לערנען תורה און האנדלען ערענטליך און בעגיין זיך פריינדליך מיט יעדער מענשין, וועלין אלע זאגין: געבענשט זיינען זיינע עלטערן וואס האבן אים געלערנט תורה, זעט ווי שיין ער פירט

זיך

פארלעש אונ צינד אן אום שבת. אונ מאנכע מאל טו איך נאך אדריטע עבירה, איך קריג זיך אונ שילט מיין מאן פאר וואס ער האט אנגיצונדין מיינע ליכט, וואס אין דער אמת איז ער דאך גירעכט, היינט וואס פאר אטעם קען שוין האבין אזא שבת, וואס איך האב אים אריין גינומען מיט קריג אונ קללות, לבד וואס איך האב אים מחלל גיוועזן מיטין פאר לעשין אונ אנציגדין די ליכט, אז איך דער מאן מיר דאס אלם, בלוטיגט אין מיר מיין הארץ פון שמערצן, אז אזא טייערע מתנה ווי דער הייליגער שבת, וואס דער וואס היט אים ווי מען דארף ווערט אים פארגרינגערט זיין פרנסה, קום איך נארישע פרוי אונ בין אים מחלל, אונ דאדורך ברייג איך אויף זיך גרויסע וואונדין, אויף דער וועלט וואס מיין פרנסה ווערט גישלאגין, אונ מאטער זיך אזוי פיל, אונ דעם רעכטין שטראף וועל איך נאך דארפען ליידען אויף די אמתע וועלט.

ליבער הארציגער פאטער, איך גיב אויס מיין ביטערע הארץ פאר דיר, אונ בעט דיר מיט טרערין אז דו זאלסט רחמנות האבין אויף מיר ארימע פרוי, וואס איך בין ארים אין וויסענשאפט פון דער תורה, ארים אין מדות טובות, אונ גיב מיר פארשטאנד צו פערשטיין די טייערקייט פון הייליגען שבת, וואס זי איז גיגליכען צו אמלכה, אזוי ווען אמלכה קומט אן דארפין אלע טרייע אונטער טאנער אירע, צו שליסען די גישעפטין אונ אויס פוצין זיך, ארויס גיין איר אקעגין מקבל פנים זיין, אן נעמען איר מיט גרוים כבוד, אונ ווען זי איז צופרידען פון אירע אונטער טאנער גיט זי ארויס איין באפעל מ'זאל אלעמן געבין מתנות „כיד המלך" אונ פערגרינגערין פיל אב צאלונגען. אזוי אויך ווען די מלכה שבת דארף אן קומען, דאס איז צו די שקיעה (זון אונטערגאנג) א), דארפין אלע אירע טרייע אונטער טאנער. די קינדער פון די הייליגע אבות אונ די אמהות, צו מאכין זייערע גישעפטין. אונ אראפ גיין פון גאס, גיין וואס גיכער צו הויז, זיך ארום וואשין אונ אן טאן בגדי שבת אונ לפחות 5 מינוט פאר די שקיעה בענשין ליכט, מקבל זיין דעם הייליגען שבת מיט

שערי ציון

א) ווי אונזערע חכמים שרייבין (שבת קיט) זאגין צו זיינע תלמידים. לאמיר ארויס, ר' חנינא פלעגט זיך פרייטיג פאר גיין ענטקעגין די מלכה שבת, וואס איר די שקיעה איז די שיינע קלידער אונ צונ קומט יעצט אן מיט די שקיעה.

הארציגער פאטער, איך האב יעצט אויס געוויינט פאר דיר מיין ביטער הארץ אויף מיינע קערפערליכע וואונדין. איך האב אבער נאך גרעסערע וואונדין וואס מיין נשמה איז צו ווייטיגט, חייל דורך דעם וואס מיין קאפ איז פאר דרייט אויף מיין ביטערע פרנסה, פאר וועה איך צוא ליב דעם די גאנצע אידישקייט, איך פאל אריין אטוויטע אפארמאטערטע אין שטוב אונ עס עפעס פאל איך אנידער פיל מאל ניט געבענשט אונ ניט גלייענט קיין קריאת שמע, איך זאג כלומרס׳ט עטליכע ווערטער פארשלאפענער הייד. אונ לבד וואס איך בענש ניט פיל מאל, לערנען זיך נאך מיינע קינדער פון מיר, אז עס איז רעכט ניט צו בענשין אונ ניט לייענען קיין קריאת שמע, פינסטער איז מיר, וואס פאר אדרבה איך קען געבין מיינע קינדער מיט אזא פיהרונג. היינט אז איך דער מאן זיך וועגען פריטיג פאר נאכט, ציטערין אין מיר מיינע אלע גלידער. דאס איז עפעס מעשה שטן, אז פרייטיג פאר נאכט ווען מ׳דארף גיין ליכט בענשין, הייבט זיך אן צו ווייזין קונים נאך קונים, איז אביסל דער יצר הרע פון לייזונג, אונ אביסל וואס מ׳דארף טאקע, ווערט מען פאר טומילט אז מ׳פאר געסט זיך גאר וואו מ׳איז אין דער וועלט אונ מ׳ווערט בלינד, אז מ׳זעט גאר ניט אז עס איז שוין די שקיעה אונ מ׳ווערט טויב, אז מ׳הערט ניט ווי די ערליכע אידין גייען דער מאנען, ברידער שוועסטער! עס איז שוין די שקיעה אונ אמאל נאך די שקיעה, מ׳דארף גיין אהיים! אונ איידער איך קום אהיים איז שוין שבת, אונ פאר זאם ליכט בענשין, וואס דאס איז איינע פון די טייערע מצות וואס איז אב ניגעבין פאר די פרויען. אונ מאנכע מאל פון גרויס פארטומלונג חאפ איך אונ פארלעש די ליכט, וואס מיין מאן האט אנגיצונדין (ווייל ער האט גיזעהן, אז איך האב זיך פארשפעטיגט אין גאס) אונ צינד אן איבער אניים צו בענשין ליכט. אה וועה איז מיר! לבד וואס איך האב מיט דעם ניט מקיים גיוועזן די מצוה פון ליכט בענשין, ווייל דאס איז ניט אין דער צייט (דאס איז ווי שופר בלאזין אום חנוכה), טו איך נאך 2 עבירות, איך

---

מעשה אלפם

„גורל" גייט אויף ארץ ישראל וואס זי איז צו טיילט גיווארען צו די שבטים על פי גורל. אונ „ירושה" גייט אויף די תורה וואס זי איז „מורשה קהלת יעקב".

שערי ציון

ווען ערקענען זיין כבוד אונ דעם כבוד פון זיין תורה, אונ אלע וועלין זיך איבער געבין צו דינען אים מיט אביינע הארץ.

פון דעם איז גרוים, ווי דו שרייבסט אין דיין תורה, אז דער גזר דין פון „דור המבול" איז גיחתמת גיווארין נור צו ליב גזלה, וואס זיי האבען גיחאפט אייגער ביין אנדערין אונ ניט אב גיגעבין. אונ ווידער איך שפיר דאס אויף זיך אליין, אז איינער נעמט ביי מיר אונ גיט ניט אב ווי וויט מיין הארץ ווייטאגט מיר, מיין יעדער רובל אז מוואלט אים גישניטין וואלט גירונען בלוט, ווייל ער איז מיר אן גיקומען מיט שוויים אונ בלוט. דארף איך דאך די זעלבע גלויבן א צווייטן. דרום זאגין אונזערע חכמים אז מ'נעמט ביי איינעם אגילדין אונ מ'גיט ניט אב, איז גלייך ווי מ'פאר גיסט זיין בלוט. אונ דאס איז אטהייל פון רציחה!, היינט אז מיר טרעפט פיל מאל אז איך קען ניט אב געבין וועמען עס קומט, ווי ביטער אונ פינסטער איז מיר. איך קען גאר פאר קיינעם ניט דער ציילין די וואונדין פון מיין הארצן, ווייל איך וויל ניט פרעמדע זאלין ווייסען אזוי וויים ווי איך בין גידריקט, פיליכט זיינען זיי מיר שונאים. וועלין זיי דער פרייט ווערין אונ מ'דארף קיין גרעסערע שמערץ, ווען שונאים ווערין דער פרייט, איז מער ווי פאר דיר ליבער פאטער, קען איך ניט אוים גיסין מיין ביטער הארץ, אז דו זאלסט מיר העלפין מיט דיין ברייטע האנד, איך זאל חלילה ניט אן קומען צו אבשר ודם, וואס זייער מתנה איז קליין אונ די הרפה איז גרוים. אויך זאלסטו מיר פארהיטין פון אונראיעלע מענשן, וואס ווילין בארגין ביי מיר אונ ניט אוועק געבן, וואס דאדורך ווערט מיר נאך איינגער אונ אייגגער, אונ איך קען צו ליב דעם ניט היטין מיין ווארט אונ מיין ערליכקייט, אונ עס קען חלילה ארוים קומען פון דעם אגרויסער חלול השם. מ'וועט זאגין אז איך האב חלילה פאר נומען לייטינס, זאל די שעה ניט זיין, ווי דו רבש"ע ווייסט מיין ריינע הארץ, אז איך ווינש זיך ליבערסט אגריגין טויט איידער חלילה איבער פירין לייטישע געלט.

שערי ציון

ביאת מלך המשיח אונ די גאולה העתידה, (יי) וואס יעצט איז ער נור (אלהינו) מיר אידין גלויבין אין אים מיט זיין תורה, וועט קומען אצייט וואס ער וועט זיין (יי אחד) אלע מענשן פון דער וועלט

אונזער „חלק" נייט אויף עולם הבא (כל ישראל יש להם חלק לעולם הבא) אונ גורל

מעשה אלפס

ארץ ישראל אונ עולם הבא אונ דרום האט ער זיי גילייטערט פריער דורך יסורים. אזוי ווי טייערע בריליאנטין וואס מען וויל זיי פאסין אין גאלד, ברויכט מען די גאלד פריער גוט לייטערין, אום עס זאל זיין שיין צו פאסין אין דעם די טייערע בריליאנטין,

וואהל איז אונז, ווי גוט איז אונזער חלק (טהייל), אונ ווי ליבליך איז אונזער „גורל", אונ ווי שיין איז אונזער ערב טהייל 1), וואהל איז אונז, דאס אלע פריה־מארגין אונ אווענד זאגין מיר צוויי מאל טעגליך (שמע ישראל)א) הער (און נעם אריין און גידאנקען) ישראל (ה' אלהינו) דער עוויגער אונזער גאט (ה' אחד) איז דער איינציגער גאט. (ברוך) געלויבט איז דער נאמן פון גאט, די הערליכקייט פון זיין הערשאפט איז גילויבט אויף עוויג.

## תחנה שערי דמעות (מתפלל צו זיין מיט טרערין).

רבונו של עולם, איך קום יעצט אוים גיסין פאר דיר מיין הארץ, וואס זי טראגט אין זיך גרויסע וואונדין, נור איך ווייס ניט אויף וואס פריער צו בעטין אויב אויף מיינע קערפערליכע זאכין, אדער אויף די זאכין פון מיין נשמה, ווייל איך בין צו וואונדיגט אונ צו שטויסין אין ביידע זאכין. אין מיין גוף בין איך צו שטויסין עס פעלט מיר פרנסה, יעדער גילדין איידער איך פאר דין קומט מיר אן מיט גרויסע שווערעניש, ווייל די קאנקורענציע איז זייער גרוים, אויף יעדער שטיקעלע גישעפט. איז באפאלין הונדערטער קרעמער, עס איז כמעט מער קרעמער ווי קונים. אונ וואלט איך נאך האבין די שטיקעלע קערעוואניע וואלט איך זיך נאך ווי עס איז געמאטערט. אבער דאס פעלט מיר אויך. איך דארף זיך מאטערין מיט גמילות חסדים, אונ אז איך דארף אב געבין דעם גמילות חסד מוז איך לויפען לייען אנדערם וואו, ארוים נעמען די שויב אונ אריין שטעלין אין די צווייטע, אונ אמאל קריג איך ניט, פלאמט מיר די אויגין אונ עס גריזעט מיר מיין געוויסען, אז איך קען ניט האלטין מיין ווארט. דאס איז מיר די גרעסטע יסורים. אונ ווען איך גיב יענעם ניט אב צו דער צייט קען איך מיינע אויגין ניט ווייזין אצווייטין מאל. ליבער גאט דו ווייסט דאך מיין ערליכע דעה, אז איך וויל ערליך זיין, ניט פארנעמען חלילה אפרעמדע קאפיקע, ווייל איך ווייס גאנץ גוט ווי ווייט די עברה

---

מעשה אלפים

1) די 3 אויסדריקע „חלק. גורל, אונ ערב־טהייל" בעווייזט אויף דעם וואס דער הייליגער תנא ר' שמעון בן יוחאי זאגט (ברכות ה) דריי מתנות טובות (טהייערע פראזענטין) האט השי"ת גיגעבין צו זיין ליבע פאלק ישראל. דאס איז תורה אונ

שערי ציון

א) דער קורצער פסוק (שמע ישראל) רופט זיך „קבלת עול מלכות שמים" מ'דארף מקבל זיין אויף זיך צו זיין א טרייער אונטערטאן צום הימלישען קעניג. איך איז אן אים גיפאסט די אמונה פון

גלייכין קען זיך א מענש ניט איבערנעמען מיט זיין חכמה, ווייל וואס פאר א ווירדע האבין אלע חכמים קעגין דיין חכמה? אויך קענסטו שיקין חלילה אויף א מענשין א קראנקהייט וואס די גרעסטע פראפעסארין אונ חכמים זאלין ניט זיין אים-שטאנד אים אוים צו היילין, אלזא האבין מיר אויף אונזער חכמה ווייניג וואס צו פארלאזין זיך, אונ אונזער פאר-טרויען זיך איז נור אויף דיין רחמנות, ווייל מיר זיינען דיין פאלק, וואס מיר זיינען פאר בונדין מיט דיר דורך די תורה וואס דו האסט אונז גיגעבין. מיר זיינען די קינדער פון דיין גיליבטען אברהם וואס דו האסט אים צו גישווארין אויף דעם בארג מוריה. מיר זיינען די קינדער פון זיין איינציגין זון יצחק, וועלכער האט זיך גילאזט בינדין אויף דעם מזבח. אפפערין זיך וועגין דיין היילינגען נאמען. מיר זיינען די גימיינדע פון דיין היילינגען יעקב וואס וועגין די ליבע וואס דו האסט אים גיליבט אונ דיין פרייד וואס דו האסט זיך מיט אים גיפרייט האסטו אים גירופין מיטן נאמען „ישראל" אונ „ישורון". (לפיכך) דרום נעמען מיר זיך מוטה אונ מיר רעכענען דאס פאר אחוב צו דאנקען דיר אונ צו ריהמען, צו לויבין אונ צו היילינגען אונ געבין איין לויב-גיבעט אונ אדאנק צו דיין נאמען.

שערי ציון

ענדינען מיר אונ מיר זאגען, ואני תפלתי לך יי עת רצון אלהים ברב חסדך ענני באמת ישעך. אונ ווייל מיר האבען דא ארוים גיזעהן ווי היילינג איזט אונזערע שוהלען אונ בתי מדרשים, דאהער מוז דער מענש זיך דארט אויך היילינג האלטען, ניט אריין גערן שמוציג, זיך אפ היטען דארט פון דברים בטלים, ומכל שכן לשון הרע, מחלוקת, ווארום די זאבין האלט אפ, דאס די תפלות זאל ניט אנגינומען ווערען אין הימטעל, ר"ל.

מעשה אלפס

1) אין ספר אליהו הנביא וואס ער רופט זיך אן „תנא דבי אליהו" (פכ"א) שטייט דארטין אז אום מ'זאל ווערט זיין מתפלל זיין די תחנה אז מיר בויען אויף דעם זכות וואס מיר זיינען די קינדער פון די היילינגע אבות (אברהם יצחק ויעקב), דארף מען זעהן איין צו שאפין זיך זייערע מדות, היינו ווי אברהם איז גיוועזן איין „ירא אלהים" דארף מען זעהן צו זיין שטענדיג גאטס-פארכטיג, סיי אפין אונ סיי בעהאלטין, אונ זיין איין „מודה אויף אמת", היינו ווען מען טוט אמאל א נארישקייט זאל מען זיך ניט עקשינען אונ וועלין זיך פארענטפערין מיט שקרים, ווייל מען פלאנטערט זיך אריין אין מער פעלערין, נור מ'זאל בעסער מודה זיין אז מ'האט גיטאן א פעלער, (גיוואהנליך וועט מען זעהן פארזיכטיג זיין אז ווייטער זאל דאס ניט גישעהן), אונ ניט אזוי מיט א מויל מודה זיין אויף דעם אמת (ווייל מען איז גינייט) נור אויך מיט'ן הארצין, דאן ווען ס'איז נאהענט צו אמת איז מען נאהענט צו אלע מדות טובות, אונ ס'איז זיכער אז די תפלות וועט אנגינומען ווערין.

רבון העולמים, הער פון אלע וועלטין, ניט אויף דעם רעכענונג פון אונזערע מעשים טובים. לייגין מיר פאר אונזערע תחנות ובקשות פאר דיר, נור מיר פערטרויען זיך אויף דיינע גרויסע בארימהערציגקייט, ווייל אויף אונזערע מעשים האבין מיר ווייניג וואס צו בויען, (מה אנו) וואס זיינען מיר? מיר זיינען פון אשטיק ערד. אונ וואס פאר אווירדע האט אונזער קורצער לעבין קעגין די גרויסע עוויגע וועלט? אונ וואס פאר אווערדע האבין אונזערע חסדים? ווייל דאס מערסטע מיינען מיר גאר פון אייגען נוצין וועגין, מיר טוען מיט יענעם חסד, בכדי יענער זאל מיט אונז טאן חסד ווען מיר וועלין דארפין, דאס גלייכין ווען מיר דאווענען מיינען מיר אויך אונזער טובה, מיר זאלין גיהאלפין ווערין, אויך ווען מיר זיינען עוסק אין תורה, פערגנב'ת זיך בייא אונז. אפט מאל פניות מ'זאל אונז געבין כבוד. (מה כחנו) די קרעפטין וואס מ'דארף אנווענדין צו טאן מצות איז אויך זייער שוואך, אונ די גבורה וואס מ'דארף זיך שטארקין קעגין דעם יצר הרע (נים עובר צו זיין איין עבירה) איז אויך גאנץ ווייניג, דרום פאלין מיר פיל מאל אריין אין זיין האנד. — אונ אויך די 3 מעלות וואס דער מענש שטאלצירט מיט דעם, דאס איז „גבורה אונ עשירות אונ חכמה", קען מען זיך מיט דעם אויך ווייניג איבער נעמען, ווייל דעם גרעסטין גבור צו ברעכטמו אין איין אויגין בליק, ווי מיר זעהען, אז מענשין וואס זיינען שטארק ווי שטאבעם אייזין ווערין פלוצלונג קראנק אונ שטארבין אין איניגע טעג, היינט קען זיך שוין אמענש איבער נעמען מיט זיין גבורה? אונ דאס וועלבע וואס פאר אווירדע האט די רייכקייט, אז אין איין מינוט קען ער אריין פאלין אין אגרויסין אונגליק וואס עס זאל ווערין פון אים אתל. אונ דאס

מטה אלפס

ער ניט אהן פון קנאה, יענע זאך פון תאוה, אדער פון כבוד וועגין, אבער אלין ניט לשם שמים, הייסט מען אים גלייך פון דער דירה הערוים, אונ שטארבט פאר דער צייט, דאס הייסט הקנאה והתאוה והכבוד מוציאין את האדם מן העולם, ער געהט פון דער וועלט אוועק פאר דער צייט. דער פאר סוז דער מענש זעהן דאס יעדער זאך וואס ער טוט, דארף זיין אלין לשם שמים, עס זאלין צו פרידין זיין גאט אונ לייט.



שערי ציון

ליבע פונעם הארצען ביינע איך מיך, אויך זאגען מיר ואני תפלתי וכו' הייסט עס, מיין גיבעט איזט דער ביי, דאס גאט זאל ערפיללען מיין פערלאנג נאר וואס מיך וועט גוטעס ברייגען אין א אמת, וויא מיר גיפינען באיי יוסף'ן, דאס זיינע שלעכטעס דאס אים צום גרעסטין גליק געבראכט, דעריבער

כלומר, ער פארגעסט אז ער איז אין שול, ער רעכינט ער איז גאר אויפ'ן מארק און ערלויבט זיך צו ריידין פוסטע רייד, ובפרט ביי חזרת הש"ץ אדער אין קריאת התורה, ובפרט נאך לשון הרע און מחלוקת, קען די היילינקייט פון שול אויף אים גאר ניט ווירקין צו רייניגען אים, דרום איז זי גיגליכען צו א טייך. דער טייך איז מטהר דעם טמא, נור אז דער קערפער מיטין מוח איז אונטער גיטונקט אין גאנצין אין וואסער. אזוי מוז דער מענש זיין אין שול מיטין קאפ און מוח, ער דארף באטראכטין וואו ער גיפינט זיך יעצט, ווי יעקב אבינו האט גיזאגט (מה נורא המקום הזה!) אה ווי פארכטיג איז דער היילינער ארט (אין זה כי אם בית אלהים) דאס איז די געטליכע הויז, מקדש מעט (דער קליין בית המקדש), דאן ווירקט אויף אים זיין דאווענען, זיינע תחנות, ווייך מאכן זיין הארץ און אנגיסין איר מיט אהבה און יראה, אז אפילו קומענדיג אין שטוב, אין גישעפט זאל מען גידיינקען אז מען איז אברהם אבינו'ס איין אייניקעל, האנדלין ערליך און טאן טובות מענשין. און אזוי ווי איך ווייס, אז מיר שוואכע פרויען ווערין ווייער פיל נכשל אין די גרויסע זינד פון ריידין אין שול, ובפרט בעת חזרת הש"ץ און קריאת התורה וואס די עבירה פון דעם איז זייער גרויס, בעט איך דיר דו זאלסט מיר העלפין אריין נעמען דיינע היילינע רייד אין גידאנקען, אוים היטין זיך פון די שרעקליכע עבירה, איך זאל נאך זיין א מוסר פאר די איבעריגע ווייבער, זיי זאלין זיך פון מיר לערנען ווי צו זיצין מיט דרך ארץ און הכנעה אין שול, וועל איך נאך זיין א מזכה רבים, ובזכות זה זאלסטו צו הערין מיינע תפלות און תחנות און זאלסט מיר געבין אגרינגע גימיטה און נחת פון קינדער. אמן.

---

שערי ציון

אנגרעסערין פון זיך און ווען נאך צו אמלך איז ניט מעגליך צו צו קומען אן זיין ערלויבניסע, און גאט דער מלך מלכי המלכים. מיט זיין גרוים גנאדע האט מיך ערלויבט אריין צו גיין אין זיין היילינע הויז ווען נור איך וויל, דאהער ביינע איך און קניע מיך פיר זיין גרויסע ערדע מיט עהרע פורכט. און ניט צלעם פורכט אליין, נאר אים גראססע



מעשה אלפס

איך דארף דאס ניט, יעצט וועסטו מיר איינצאהלין אין גאנצין פיל עם קומט אוים די ארענדע געלט איז נוט, און ווען ניט קלייב זיך ארוים. דער נמשל איז, דער מענש איז אויף דער וועלט נור א שכן, און דער בעל הבית איז נור השי"ת, און דער מענש דארף צאהלין ארענדע, נור מיט תורה ומצות ומעשים טובים, ער ווייזט אין גאנצין חשבון פון מעשים וואס ער האט ניטאהן, אבער דעם חשבון נעמען ניט אן די בית דין של מעלה, ווייל דאס האט

איז ! רבש"ע בזכות די דריי היליגע אבות קום איך מתפלל זיין פאר דיר מיין תפלה, אונ דורך זייער זכות זאל אנגינומען זיין מיין תפלה צו גוטין גיפעליגקייט פאר דיר, אזו ווי דו האסט אנגינומען די קרבנות בעת מיר האבין גיהאט אבית המקדש, אונ איך בעט ביי דיר, גאט, אין אצייט פון גוטין ווילין ענטפער מיר, דורך דיין גרויסע גענאדע, מיט אריכטיגע הילף.

# אנייע תחנה נאך מה טובו.

רבונו של עולם, אין דיין היליגע תורה נאך דעם פסוק „מה טובו" שטייט גישריבען „כנחלים נטיו" דאס הייסט אז די שולין אונ בתי מדרשים וואו אידישע קינדער לערנען אונ דאווענען זיינען געגליכען צו פליסענדע טייכין וואס ריינינען דעם מענשן, ווען מען איז טמא אונ מען איז זיך טובל אין טייך ווערט מען טהור, דאס גלייכין די שול, דער בית המדרש, ווען דער מענש איז טמא דורך זיינע זינד אונ גיסט אוים זיין הארץ אין דאווענען, ער לערינט תורה וואס זי מאכט ליכטיג די אויגין צו זעהען די וויכטיגקייט פון אמצוה אונ די שפלות פון איין עברה, ווי ער האט זיך שפל גימאכט מיט זיין שלעכטין פיהרונג אונ האט חרטה אונ בעשליסט זיך פעסט צו פארבעסערין זיינע מעשים ווערט ער טהור פון אלע זינד. אז מיר נעמען טיפער באטראכטין דיינע היליגע רייד, זעהען מיר וואס פאר אקלוגער מוסר דא ליגט, אזוי ווי דער מענש וואס שטייט אין טייך מיטין גאנצין קערפער נור די קאפ, דער מוח איז אויסער דעם טייך, קען ער דאך ניט ווערן טהור פון זיין טומאה, דאס גלייכן דער וואס איז אין שול, אין בית המדרש נור זיין קאפ, זיין מוח איז אין דרויסן,

מעשה אלפס

איבעריגע זאל ער איהם דערצאלין, דער ארענדאטאר האט איהם בעוויזען זייער פיל אויסגאבען, דעם שייער האט ער גידעקט מיט בלעך. ער האט פערפלאנצט אגרויסין גארטין, א ברונעם, אונ דאס גלייכען. דאס אלעם האט ער גיזעהן ביי א שכן, האט ער איהם נאך ניטאהן. האט איהם דער גוטסבעזיטצער גיענטפערט, איך קען דיין רעכענונג ניט אנגעהמען, ווייל דו האסט דאך דאס גימאכט נור פון קנאה ווענן, אבער

שערי ציון

די אידין, האט געריהמט די אידין נור מיט די היליגקייט פון זייערע שוהלען אונ האט גיזאגט: מה טובו אוהליך יעקב משכנותיך ישראל, ווי די חז"ל האבין אונז ערקלערט אז דאס האט ער גימיינט אויף אונזערע שוהלען אונ בתי מדרשים. נאכהער זאגען מיר דעם פסוק ואני ברב חסדך כו', הייסט עס אז צו

איך

גרעסערן

הַחֶסֶד. אֶשְׁתַּחֲוֶה אֶל הֵיכַל קָדְשְׁךָ, בִּזְכוּת יִצְחָק שֶׁנֶּעֱקַד עַל גַּבֵּי הַמִּזְבֵּחַ, בְּמָקוֹם קָדוֹשׁ. בְּיִרְאָתֶךָ, בִּזְכוּת יַעֲקֹב
שֶׁאָמַר מַה נּוֹרָא הַמָּקוֹם הַזֶּה:

רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם בִּזְכוּת שְׁלֹשֶׁת אָבוֹת אֵלּוּ אָבוֹא לְבֵית הַכְּנֶסֶת לְהִתְפַּלֵּל לְפָנֶיךָ, וּבִזְכוּתָם תַּעֲלֶה תְפִלָּתִי תְּפִלַּת הָאֶבְיוֹן לְרַחֲמִים וּלְרָצוֹן לִפְנֵי כִּסֵּא כְבוֹדֶךָ, וְתַעֲלֶה וְתִתְנַשֵּׂא לְכֶתֶר עַל רֹאשְׁךָ אָמֵן סֶלָה: אֵשׁ תָּמִיד תּוּקַד עַל הַמִּזְבֵּחַ לֹא תִכְבֶּה: סֵעֲפִים שָׂנֵאתִי וְתוֹרָתְךָ אָהָבְתִּי: יְהֹוָה אָהַבְתִּי מְעוֹן בֵּיתֶךָ וּמְקוֹם מִשְׁכַּן כְּבוֹדֶךָ: וַאֲנִי אֶשְׁתַּחֲוֶה וְאֶכְרָעָה אֶבְרְכָה לִפְנֵי יְיָ עוֹשִׂי: וַאֲנִי תְפִלָּתִי לְךָ יְיָ עֵת רָצוֹן, אֱלֹהִים בְּרָב חַסְדֶּךָ עֲנֵנִי בֶּאֱמֶת יִשְׁעֶךָ:

## תְּחִנָּה מַה טֹּבוּ.

מַה טֹּבוּ. ווי גוט אונ טייער זיינען דיינע געצעלטין יַעֲקֹב. דאס איז די וויבערשע שולין וואו אידישע טעכטער קלייבין זיך אויף צו לויבין גאט, אונ (ווי גוט אונ האכגישעצט איז) דיינע רוהע ערטער יִשְׂרָאֵל, דאס איז די היילינע שולין אונ בָּתֵּי מִדְרָשִׁים וואס מאנס לייט קומען דארטין לערנען אונ דאווענען. (וַאֲנִי) מיט דיינע פיל חֲסָדִים (וואס מען ערלויבט אונז אין גלות בויען שולין און בתי מדרשים) קום איך אין דיין הויז צו בעטין פאר דיר בִּזְכוּת אונזער פאטער אַבְרָהָם וואס ער ווערט גירופין „אִישׁ חֶסֶד", וויל ער האט גיטאן זייער פיל גוטעס מיט אלע מענשין (אֶשְׁתַּחֲוֶה) איך טו מיר בוקען צו דיין היילינען הֵיכָל בִּזְכוּת אונזער פאטער יִצְחָק, וואס ער האט זיך גילאזט בינדין צו דער עֲקֵדָה אויף דעם מִזְבֵּחַ אין דעם היילינין ארט „מוֹרִיָּה" (וואס נאכהער איז דער בית המקדש דארטין גיבויט גיווארין)—(בְּיִרְאָתֶךָ) מיט עהרע פורכט, בִּזְכוּת אונזער פאטער יַעֲקֹב. וואס ער האט אן גירופין דעם היילינען ארט (פון בֵּית הַמִּקְדָּשׁ) מיט דעם נאמען „נוֹרָא" וואס פאר איין פארכטיגער ארט דא

---

שערי ציון

גישטעלט גיווארען צו זאגין פאר אלע תְּפִלּוֹת, אום צו בעווייזין ווי היילינ איז אונזערע שוהלען אונ בָּתֵּי מִדְרָשִׁים, דאס בלעם הַרְשָׁע דער גרעסטער פיינדע פון די

מעשה אלפס

זעהן מאכין די רעסאָנאַנטין וואס עם וועט זיך פאדערין אין דער איטעניע, דאס וועט זיך אבּרעכענען פון די דירה נעלט וואס ער דארף צאהלען, דער גוטבעזיטצער אליין איז אוועק גיפארין אין אויסלאנד, עס איז אוועק איינינע יאהר, איז דער גוטבעזיטצער

ניקאָלײַ אונ ניפּארעם אַהשׂכּון וואס ער האט אויסגענעבּן · אויפן רעסאָנאַנט, אונ די איבעריגע

און אויף אירע טייערע מַלבּוּשִׁים, און אויף אירע צירונג, איך זאל נאר מַקְנֵא זיין איר גוטע אידישע אויפפירונג, און מיט דעם וואס דו וועסט מיך מְזַכֶּה זיין, זאל איך זיך פרייען. דאס איך זאל זיין שטענדיג פריילִיך, און אין מיין שטוב זאל קיין קִנְאָה וְשִׂנְאָה 1) ניט זיין, איך זאל חָלִילָה ניט וויסען פון קיין שלעכטס, עס זאל קיין קְלָלָה ניט אריין קומען אין מיין הויז, און ווייל עַל פִּי רוֹב ווייבער זיינען מיט שוואכע דֵעוֹת, בעט איך דיך רבש"ע, דו זאלסט שטארקען מיין שֵׂכֶל, אז איך זאל קאנען אוועלכע פערדארבענע גידאנקען פון מיר פארטרייבען, אום עס זאל קענען רוהען די בְּרָכָה פון שֶׁפַע פַּרְנָסָה וְהַצְלָחָה אין מיין שטוב, דאס איך זאל קאנען געבין צְדָקָה מיט א פריילִיכע הארץ, און איך זאל זיך קאנען שטעלין תְּפִלָּה טאן מיט ריינע גידאנקען, און דו זאלסט מְמַלֵּא זיין כָּל מִשְׁאֲלוֹת לִבֵּנוּ לְטוֹבָה, אָמֵן סֶלָה:

## תְּחִנָּה אויף ריינע מַחְשָׁבוֹת (בשעת תפלה).

פארכטיגער גאט! מיט גרוים שרעק שטעל איך מיר פאר דיר מִתְפַּלֵּל זיין, ווייל דו ווייסט אלע גידאנקען פון מענשן, קיינער פון די גרעסטע מַלְאָכִים ווייסין ניט וואס דער מענש טראכט נור דו אליין ווייסט, פון דיר איז קיינע פארבארגענים ניטא. בעט איך דיר, העלף מיר איך זאל שטענדיג טראכטין נור גוטע מַחְשָׁבוֹת וועגין דיין פארכטיגקייט, און וועגין גוטעס טאן ווי דיין הייליגער רָצוֹן איז, ווי דָוִד הַמֶּלֶךְ זאגט (סעפים שנאתי) שלעכטע גידאנקען האב איך פיינד (ותורתך אהבתי), נור די גידאנקען פון דיין תּוֹרָה האב איך ליב, וּבִפְרַט בִּשְׁעַת תְּפִלָּה זאל מיר ניט פארקומען קיין אנדערע גידאנקען, נור די הייליגע ווערטער וואס איך בין מִתְפַּלֵּל. בָּרוּךְ שׁוֹמֵעַ תְּפִלָּה.

# תְּפִלַּת מַה טֹּבוּ.

מַה טֹּבוּ אֹהָלֶיךָ יַעֲקֹב מִשְׁכְּנוֹתֶיךָ יִשְׂרָאֵל א): וַאֲנִי בְּרֹב חַסְדְּךָ אָבֹא בֵיתֶךָ, בִּזְכוּת אַבְרָהָם שֶׁנִּקְרָא אִישׁ

---

מעשה אלפס | שערי ציון

1) דער תנא אין פִּרְקֵי אָבוֹת ברייננט דאס הַקִּנְאָה, נייד, וְהַתַּאֲוָה, וואללוסט, וְהַכָּבוֹד, עהרע-זוכט, נעמט צו די יאהרען פון מענשען פאר די צייט. מיר וועלען דאס ערקלערען מיט א מָשָׁל: א נוטבעזיטצער דאס אבגיגעבען זיין אימעניע אין ארענדע, מיט דעם בעדינג אז דער ארענדאטאר זאל

א) מַה טֹּבוּ אֹהָלֶיךָ יַעֲקֹב מִשְׁכְּנוֹתֶיךָ יִשְׂרָאֵל, די תְּפִלָּה איזט אונז

פאר נים פאר דיר, אונ זאלסט מיר געבין פרנסה מיט רוהיגקייט אז איך זאל דיר קענן דינען מיט אפגעייליכע הארץ. אונ איך זאל קענען מגדל זיין מייגע קינדער צו תורה אונ יראת שמים אונ מדות טובות. איך זאל פון זיי נחת האבין אויף דער וועלט אונ אויך אויף יענע וועלט צווישן די צדיקים וצדקניות וואס האבין פערגניגען מזיו השכינה, אונ זאלסט מיר דער נאך לעבעדיג מאכין צו תחיית המתים ווען עס וועט זיין דיין גוטער ווילין במהרה בימינו, אמן.

## תחנה צו פאר היטין די געזונד.

אנא ה' אלהים, איך בעט דיך רבונו של עולם וואס דו ביזט ארחום בדין, אשר בידך אפקיד רוחי, אין דיין האנד טוא איך בע-האלטין מיין נשמה, אין דער צייט אז איך שלאף. אונ אז איך טו זיך אויפוואכין, איך בעט פון דיר חסד ורחמים. דוא זאלסט מיך בענטשין אלע טעג. דאס מיין פירונג זאל געפינען חן אין דיינע אויגין אונ עס זאל חלילה קיין קראנקייט (רחמנא לצלן) ניט אריין קומען אין מיין הויז, הגם דו רבונו של עולם ביזט אונזער שומר ומציל (אונזער היטער) דאך האסטו געשריבען אין דער תורה הקדושה (תורה שבע"פ) דאס דער מענטש זאל זיך ניט סומך זיין אויף נסים, טאמער האט ער עטוואס פערזינדיגט. אונ ווען דער מענטש היט זיך. היט אים דער רבונו של עולם אויך, דו זאלסט אויך מיר שענקען דעת, איך זאל וויסען ווי צוהיטען מיין געזונד. מיין מאנס געזונד מיט דעם געזונד פון מייגע קינדערלאך, דאס מיר זאלין האבין כח צו עבודת הקדש צודינען דיר בלב תמים, ווי דער הייליגער רמב"ם שרייבט, דאס אין אגעזונטין קערפער, קאן דער שכל זיין פעסטער, אונ קען זיין ווייט פון אטעות מעהר ווי א שוואכער קערפער. בפרט נאך אין היינטיגע צייטין וואס די פרנסה איז זייער שווער, דארף מען שטארק אין זינען האבין זיך די כוחות צו שטארקין, אונ דער עיקר איז צו זיין א „שמח בחלקו״, איך זאל חלילה ניט מקנא זיין אצווייטע אשה, אויף איר גוט עסין,

---

שערי ציון

נים, אין דאס געגליבען ווי איינער איז זיך טובל אונ האלט אטומין שרץ אין האנד.

מה

מעשה אלפס

טאן תשובה. זאגט השי"ת, תשובה העלפט נור ווען מען לעבט. אבער ניט נאכין שטארבען. דער פאר מוז דער מענש זעהען צו טאן תשובה אין די צייט פונעם לעבען.

דאס חיושט אלע טאג. דאן וועט ער זוכה זיין צו אלע גוטעס איביג.

דער

חערט צופוילט אין ד'ערד גייט ארוים אגרויסער בוים מיט צווייגין, וואס עס וואקסט אויף אים יאהר יערליך טייערע פרוכט צו ערקוויקען דעם מענשין, אונ אין יעדער עפעלע ליגט ווידער יאדרעצקעס וואס פון יעדער יאדרע קען ווידער ארוים וואקסין אבוים מיט פרוכט, אונ אזוי ווייטער אונ ווייטער אן אגרעניץ. הייגט וויפיל חכמה עס ליגט אין די מיליאנען ברואים וואס אויף דער יבשה. אונ די פיל ארטיקלען מאטעריאלין וואס מען גראבט פון ד'ערד, אונ אין די מיליאנען ברואים וואס אין ים. הייגט ווער רעט וויפיל חכמה עס ליגט אין שטול אליין דאס איז די הימל מיט די זון אונ אלע פלאנעטין, דארף מען נית ערשטוינט ווערין אונ זיך בוקין מיט עהרענפורכט צום גרויסין הייליגען וועלט קינסטלער? הייגט בין איך שוואכע פרוי אזוי נארישע גיוועזען אונ האב גיזינדיגט קעגין דיר. דרום פארכטיגער גאט, בעט איך דיר מיט אצובראכענע הארץ אונ מיט טרערין אויף מיינע אויגין, אז דו זאלסט ריינינען מיין הארץ צו דינען דיר ערינכט, אונ אלע בייזע מעשים וואס איך האב גיטאן פון יוגינד ביז אהער, זאלסטו לאזין פאלין. אונ איך זאל זיין גלייך ווי איך בין היינט גיבוירין ווי אקינד וואס איז ריין פון זינד, דען דו ווייסט דאך וואויל וואס איך האב גיזינדיגט קעגין דיר, איז נית גיוועזען חלילה צו ערצערנען דיין הייליגין נאמען, נור מיינע נארישקייט האט דאס מיט גיבראכט, אונ יעצט אז איך האב זיך עטוואס באדיינקט דיין גרויסקייט, איז מיין הארץ שרעקליך צו בראכין, אונ האב אמת חרטה אויף די נארישקייט וואס איך האב גיטאן, אונ בעט דיין רחמנות זאלסט מיר העלפין, נית אום קערין זיך קיין מאל טאן אזעלכע נארישקייט, אזעלכע שפלה מעשים וואס זיי פאסען נור פאר אמענשין אן פארשטאנד. אונ איך האב אבטחון אויף דיין גרויסין חסד ורחמים. אז דו עפינסט די טויערין פון תשובה מקבל זיין די וואס ווילין אום קערין זיך צו דיר מיטין גאנצין הארצין, אונ פאר נעם מיין גיבעט אונ מיינע טרערין וואס איך

מעשה אלפס

גילעבט אונ נאך אין דער מעגליכקייט וואס ער האט גיקענט טאן די פערברעכען אונ פערדארבענהייט, דערפאר האב איך אים מוהל גיוועזען. אבער איהר האט קיין תשובה נים גיטאן. האבין זיי גיזאגט, זאל מען זיי יעצט לאזען טאן תשובה וועלין זיי אויך

שערי ציון

ווען אבער דער מענש רעט נור מיט'ן מויל אליין אונ אין הארצין מיינט ער עס נים

אום איך: זאל שטענדיג צופרידין זיין מיט מיין שיקזאל (גורל), חז״ל
אונזערע חכמים זאגין (איזהו עשיר השמח בחלקו) ווער איז גליקליך
און רייך, דער וואס איז שטענדיג צופרידין מיט זיין טייל, און אז
מיינע אויגין וועלין קוקין אראב, וועט מיין הארץ קוקין ארויף,
באטראכטין דיין גרויסקייט און ערהאבענהייט, ווי דער קלוגער
שפריכווארט זאגט „די הארץ מיט די אויגין, זיינען ווי צוויי וואג-
שאלין גיוואוגין", ווען איינע גייט אראב, גייט די צווייטע ארויף,
ווען די אויגין קוקין אראב, קוקט די הארץ ארויף, ווען אבער די
אויגין הייבין אן קוקין ארויף, מקנא זיין וואס יענער איז גליקליכער
און רייכער פאר מיר, פאלט די הארץ אראב. עס פליהט ארויס
פון מענשען אלע איידעלע געפיהלען און ער ווערט פול מיט קנאה און
פארדרוס, ביז די קנאה טריקענט אוים די מארך פון די ביינער און
מגייט אוועק אן אצייט פון דער וועלט, דרום זאלסטו ליבער גאט
זיך ערבארעמען אויף מיר און מיר העלפין צו היטין זיי, וועל איך
דיר שטענדיג דינען מיט שמחה ובלב טוב, אמן.

## תחנה, אויפין גוטין ווארט קנאה. (צו בעטין גאנץ אפט)

טרייער פאטער פון הימל, העלף מיר, מיין פירונג זאל זיין ווי די
חכמים ערקלערין על פי רמז, (בשמים ממעל) אין הימל
זאכין זאל די הארץ קוקען ארויף, מקנא זיין דעם וואס איז גילערינט
אין אידישקייט מער פאר מיר, דעם וואס איז פרימער פאר מיר,
דעם וואס איז מער בעל צדקה, מער בעל גמילות חסד פאר מיר,
דעם וואס האט אבעסערין כאראקטער פאר מיר, הכלל נור אגוטע
מדה וואס איך וועל זעהן ביי איינעם, זאל איך דאס מקנא זיין, און
זיך בעמיהען צו ערגרייכין צו דעם, ווייל אזא ווארט קנאה איז זייער
אטייערע זאך, ווי דער חכם זאגט (קנאת סופרים תרבה חכמה) אז
מ'איז מקנא דעם פרומען גילערינטין מענשין, וועט מען זיך איין צו
שאפין יראת שמים און חכמה 1) — (ועל הארץ מתחת) אבער אין
די וועלטליכע זאכין ווי רייכקייט און גליק, דארפען די אויגין קוקען

---

מעשה אלפם ופרי הגפן

1) שלמה המלך זאגט (יתר מרעהו צדיק) וואס ער האט דאס ניט, איז ער אים
דער צדיק איז ווי אשפין קענין מקנא און שטרייכט זיך אן איין צו
דעם צווייטין צדיק, ער קוקט אוים, שאפין ביי זיך אויך די גוטע מדה וואס
פליכט האט יענער צדיק אגוטע מדה פעלט אים.

בְּרֵיינְגֶען אִין עֶרְהַאבֶּענֶע לִיכְטִיגֶע גֶידַאנְקֶען, אַז אִיךְ מִיט מַיין מַאן אוּנ מַיינֶע קִינְדֶערְלַאךְ זָאלִין פַאר בְּרֵיינְגֶען אוּנְזֶערֶע טֶעג אוּנ יָאהְרִין אִין גוּטֶע מַעֲשִׂים, אָמֵן

# תְּחִנָּה אֱלֹהַי נְשָׁמָה.

לִיבֶּער אוּנ טְרַייֶער גָאט, דִי נְשָׁמָה וָואס דוּ הָאסְט אִין מִיר אַרַיין גֶיהוֹיכְט אִיז זִי ווייטֶער אַרַיינֶע, זִי אִיז אַפּוּנְק פוּן דַיין הֶערְלִיכֶען פַייֶער, זִי זָאל לִיכְטִיג מַאכֶען דֶעם קֶערְפֶּער אוּנ אִים אוּיס אֵיידְלֶען אוּנ לֶערְנֶען גוּטֶעס צוּ טָאן, אוּנ וֶוען אִיךְ טוּה אַיין אוּנְפַּאסִיגֶע זַאךְ ווֵיל דִי נְשָׁמָה אַרוֹיס פְלִיהֶען פוּן מִיר, ווִי אַקִייזֶערְלִיכֶע טָאכְטֶער וָוצְט מִיט אַדָארְף בּוֹיעֶר, אִיז ווִי זִי דֶער וֶעהט פוּן אִים אַיין אוּנְפַּאסֶענְדֶע זַאךְ ווֵיל זִי עֶנְטְלוֹיפִין. נוּר דַיין ווִילִין הַאלְט זִי אַיין אִין מִיר, בִּיז דִי בֶּעשְׁטִימְטֶע צַייט וָואס דַאן וֶועסְטוּ זִי צוּרִיק נֶעמֶען פוּן מִיר צוּ זִיךְ אִין דַיין קֶענִיגְלִיכֶען פַּאלַאץ לֶעבִּין דַיין כִּסֵא הַכָּבוֹד, אוּנ אִיךְ גְלוֹיבּ אוּנ הָאף אַז דוּ וֶועסְט זִי אִין מִיר צוּרִיק אַרַיין הוֹיכִין צוּ תְּחִיַּת הַמֵּתִים. (כָּל זְמַן שֶׁהַנְּשָׁמָה בְּקִרְבִּי) זָא לַאנְג דִי טַייֶערֶע מַתָּנָה (די נשמה) אִיז בַּיי מִיר, דַאנְק אִיךְ אוּנ לוֹיבּ דִיר מַיין גָאט אוּנ גָאט פוּן מַיינֶע עֶלְטֶערִין אַבְרָהָם יִצְחָק וְיַעֲקֹב, בַּאשֶׁעפֶּער פוּן אַלֶע וֶועלְט, הֶער פוּן אַלֶע נְשָׁמוֹת. גֶילוֹיבְּט בִּיסְט דוּ גָאט וָואס דוּ גִיבְּסְט צוּרִיק דִי נְשָׁמוֹת אִין דִי טוֹיטֶע קֶערְפֶּער, ווַייל דֶער שְׁלָאף אִיז אַזֶעכְצִיג חֵלֶק פוּן טוֹיט אוּנ דֶער בּוֹרֵא מַאכְט לֶעבֶּעדִיג.

# תְּחִנָּה דִי צְווייטֶע וָואג-שָׁאל *) (מ'קען דאס מתפלל זיין אלע טאג).

בַּארְמְהֶערְצִיגֶער אוּנ גְנֶעדִיגֶער גָאט, הֶעלְף מִיר אַז מַיינֶע אוֹיגִין זָאלִין זַיין אִין מַיין רְשׁוּת, זֵיי זָאלִין שְׁטֶענְדִיג קוּקִין אַרָאבּ. כְּלוֹמַר, אוֹיף דֶעם אָרִימֶערִין אוּנ שְׁוַואכֶערִין פַאר מִיר,



הָאט דִי כְּרוֹיט צוּ דִי נְשָׁמָה? (וואס זי איז אפונק פון געטליכען פייער), נוּר אַזוֹי הָאט דֶער בּוֹרֵא פַארְאָרְדְנֶעט, — ווִידֶער אַזוֹאוּנְדֶער, אַפֶּענְבֶּער וָואס אִיז אָנְגֶעבְּלָאזְן מִיט ווִינְט, וֶוען מֶען מַאכְט אַיין לֶעבֶּעלֶע גֵייט אַרוֹיס דֶער ווִינְט, אוּנ דֶער מֶענְשׁ אִיז פִיל לֶעבֶּער, אוּנ דֶער ווִינְט גֵייט נִיט אַרוֹיס פוּן אִים. אִיז דֶער מֶענְשׁ נִיט וואוּנְדֶער אִיבֶּער וואוּנְדֶער??



*) דִי חַכְמֵי הַסּוֹבֵר זָאגִין, דִי נַארִישֶׁע וֶועלְט אִיז, ווִי אַוָואג-שָׁאל, דִי הוֹיבְּט אוֹיף דֶעם גְרִינְגֶען וֶדֶעם קַל שֶׁבְּקַלִּים אוּנ עֶרְנִידֶערְט דֶעם ווִיכְטִיגֶען.

מענש איז דאכט זיך אקליינע מאשינע, אונ שוין טויזענדער יאהרין, אז אין די גרויסע וועלט שטודירין טויזענדער דאקטוירים אונ קענען נאך ניט דערגיין קיין גרונד אין מענשין 1). פארשטייט מען ווי קונציג גיארבייט דער מענש איז. דו האסט אין אים באשאפין פיל לעבער, היינו די מויל, די נאז, די אויערין אונ פיל רערין, ווי די הארץ, די גידערים. עס איז ענדעקט אונ באוואוסט פאר דיין עהרע, דאס ווען עס זאל צופיל אפין זיין איינע פון זיי, אדער עס זאל צופיל פערמאכט זיין איינע פון זיי, איז אונמעגליך דער מענש זאל זיך קענען האלטין, ווען חלילה די אורין ווערט פערהאלטין ווערט מען גישוואלין לא עלינו, אדער ווען די לופט ווערט פארהאלטין קען מען חלילה באקומען זאקרוצעניע קישקע, ניט פאר קיין מענשין גידאכט. ברוך גילויבט ביסטו גאט, דו היילסט אלע בעשעפענעס, די קראנקייטין וואס קיין דאקטאר קען זיי ניט היילין היילסט דו, אונ דו טוסט גרויסע וואונדער א).

# תחנה מאפלה לאורה.

דער הייליגער תלמוד ירושלמי (פרק תפלת השחר) זאגט, אז אלע פריה מארגין זאל א מענש זאגין, איך דאנק אונ לויב דיר גרויסער גאט אונ גאט פון מיינע עלטערין. (שהוצאתני) וואס דו האסט מיר ארויס גיפירט, (מאפלה) פון פינסטערניש, (לאורה) צו ליכטיגקייט, אזוי האף איך אונ בעט דיר ליבער גאט, דו זאלסט מיר ארויס ציהען פון די פינסטערע גידאנקען אונ פינסטערע מעשים וואס נארישע מענשין ברייגען אויס זייערע טעג אונ יאהרין אין דעם, אונ מיך ארין



1) עס איז כמעט גיטא איין פראפעססאר אין דער וועלט וואס זאל וויסען ספעציעל דעם גאנצין מענשין, יעדער ווייס נור אטהייל פון אים, דער איז איין אויגין דאקטאר, דער איין אויער אונ האלז, דער ווייס ספעציעל הויט קראנקייט, דער נערווין, דער אקושער, דער אקינדער דאקטאר, דאכט זיך אקליינע מאשינקע איז דער מענש, אונ וויפיל טויזינד יאהר אז מ'קען אים ניט אויס לערנען. עס איז נאך ניבליבין וויפיל מחלות וואס מען ווייס גאר ניט ווי זיי אויס קורירען. קען מען שוין באמערקין וויפיל חכמה עס ליגט אין דעם בעשעפעניש פון מענשין (זעה מעשה אלפס חלק ד' זייטע 65, אוואונדערליכע זאך וועגין בית פון מענשין.



א) דער בורא האט צו זאמען גישלאסין אגוף פון ערד אונ אנשמה פון הימל אונ האט פארארדנעט, אז דורך ברויט למשל, האלט זיך די שותפות, אונ ווען דער מענש עסט ניט טיילט זיך די שותפות, דאכט זיך וואס פאר אשייכות האט

זיי זאלין הייליגען די הענד פון כיור (האנדפאס). דאס גלייכין איז יעדער מענש אכהן אין זיין קליינעם בית המקדש (דאס איז די הארץ פון מענשין) וואס דארטין רוהען די הייליגע געפיהלען, ווי די הייליגע תורה שרייבט „ושכנתי בתוכם" (איך וועל רוהען אין די הארץ פון אידין), האבין אונזערע חכמים מתקן געווען, אז אלע פריה-מארגין זאל מען הייליגען די הענד פאר דעם דאווענען, וואס דאס איז יעצט אונזערע קרבנות (ווי דער נביא זאגט: ונשלמה פרים שפתינו) און זאגין די ברכה „ברוך אתה" געלויבט ביזט דו גאט, קעניג פון דער וועלט, וואס דו האסט אונז געהייליגט מיט דיינע מצות (געבאט) און האסט אונז געבאטין „על נטילת ידים"1) וואשין און ריינינגען די הענד א).

## תחנה אשר יצר.

אלויב און אדאנק צו דיר גרויסער גאט, קעניג פון דער וועלט, וואס דו האסט באשאפין דעם מענשין מיט גרויס חכמה, דער

שערי ציון

א) דער „טור" שרייבט, אלע פריה-מארגין ווערט דער מענש אבריה חדשה (ווי ניי געבוירין) ווי דער נביא זאגט „חדשים לבקרים" דו בעניישט אונז אלע פריה-מארגין מיט נייע קרעפטין און אנאיעם מוטה, דארפין מיר דאנקען דעם בורא ב"ה, וואס ער האט אונז בעשאפין צו זיין עדה (דינען און לויבין זיין נאמען). דרום דארפין מיר זיך הייליגען, אויף דעם איז מרמז דערווארט „נטילה" (אויפהייבונג) דורך דעם אב גיסין נעגיל-וואסער ווי דער דין פון אכלי, דריי מאל אויף יעדער האנד איינע איבער איינע. נייען די הענד ארויס פון די טומאה וואס האט גירוהט אויף זיי אין שלאף און ווערין ערהויבין צו די מדרגה פון קדושה, אז כ'זאל קענען דער מאנען דעם שם שמים.

מעשה אלפס

1) די אויסדריקע „נטילת" ידים (ערהויבין די הענד) און ניט „רחיצת" ידים (וואשין די הענד) באמערקט אויף די רייד פון נביא ישעיה, (גם כי תרבו תפלה אינני שומע, ידיכם דמים מלאו) ווען אייערע הענד זיינען פארשמוצט אין גזלה (אין פרעמדע געלט און בלוט) הער איך ניט צו אייערע תפלות און תחנות, אלזא (רחצו הזכו), וואשט אב אייערע הענד און ריינינט זיי פון אלע פערדארבענע מהאטין, פון פאלשע וואג און מאס, פון שוחד נעמען. פון האנדלען מיט נגבות און פון נאך אזעלכע פיינע מסחרים און שווינדלעריי וואס מאכין די אידישע פאלק צו שאנד און צו שפאט פאר אנדערע אומות, וואשט אב די הענד ריין פון אלע שמוצין. און הויבט זיי אויף הייליג (שאו ידיכם קודש, מלשון וינטלם וינשאם), איר זאלט גהנה זיין מיגיע כפיכם, פון ריינע כשרות פארדינסט, גאטעס נאבע און אייער מיהע.

עם

נעגל וואסער דארף מען אויס גיסן וואו קיין מענשין טרעטין ניט, און מ'באר פון דעם קיין הנאה האבין אפילו ערעט צו וואשין,

זיין לויב אונ ריהמונג בלייבט אויף אימער, כלומר, ווען דער גאטס-פארכטיגער מענש טוט וואס אויף אין אידישקייט בלייבט דאס גירימט אויף עוויג. (ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד) געלויבט איז די עהרע פון זיין קעניגרייך אויף עוויג.

## תחנה אויף ריינע מחשבות.

דער זוהר הקדוש (פ' נח) שרייבט, אז אלע פריה מארגין זאל א מענש מתפלל זיין, (יהי רצון) עס זאל זיין דיין גוטער ווילין מיר באהילפיג צו זיין, (שיהא לבי נכון) אז מיין הארץ זאל זיין רעכט פארטיג פאר דיר, ניט אב גיקערט פון גוטין וועג, (ומסור בידי) אונ איבער גיגעבין אין מיין רשות צו טראכטין גוטע מחשבות, (שלא אשכחך) איך זאל אן דיר ניט פארגעסין, אונ אז מיין גידאנקען וועט זיין צו גיבונדין צו דיר וועט דיין פריינדשאפט זיך קערין צו מיר, ווי שלמה המלך זאגט "אני לדודי" ווען איך בין איבער גיגעבין צו מיין פריינד (השי"ת) "ודודי לי", איז מיין פריינד הקב"ה איבער גיגעבין צו מיר, האף איך, אז דו וועסט געווים באגליקען מיר מיט מיין מאן אונ מיינע קינדער מיט געזונד אונ עושר וכבוד אין גוטע אידישקייט, אמן.

## תחנה על נטילת ידים.

גרויסער בארימהערציגער קעניג! דו האסט פון דיין הייליגקייט איינגיטיילט דיין הייליגע פאלק אונ האסט גיהייסין די כהנים איידער זיי גייען טאן די עבודה (מקריב זיין קרבנות אין בית המקדש)

---

מעשה אלפס

אונ נאכהער שלאפין זיי ביז האלבין טאג. נאכהער איידער זיי טוען זיך אן, איידער וואס ווען זעהען זיי ניט וואו דער טאג קומט אהין. אלזא זאגט שלמה (עד מתי עצל תשכב?) ביז ווי לאנג, דו פוילער וועסטו ליגין אין בעט? אונ נאך אכונה איז, ביז ווי לאנג דו פוילער וועסטו באלעמוצין ביז שפעט? (תשכב) לייג זיך שוין ווייל (מתי תקום משנתך?) ווען דו וועסט איבערברייגען די צייט אונ זיך לייגין שפעט, טו ווען וועסטו אויף שטיין? די חכמי המדות שרייבין, אז עצלות דארף מען באנוצין נור ווען דער יצר הרע אדער שלעכטע חברים ריידין אן ביזעס צו טאן, דארף מען דאן ווערין פויל, רירין זיך ווי א בלייענע פייגעל, ביז וואגען די ביזע שעה (די תאוה) גייט אריבער, אבער הדין אין עבירה דארף מען זיך גיוואוינען צו זריזות.

תפארת ציון

אגרויסע סגולה צו זריזות, אז מ'זאל זיך ניט קייקלען אופין גילעגער, ווייל דאס דערמאנט די חסדי הבורא וואס ער האט מיר אב גיגעבין מיין נשמה. מאנכע מענשין לא עלינו ליגען זיך אונ שטייען ניט אויף. דרום דארף דער מענש ביי זיך ניפינען די שולדיגקייט אויף צו שטין בזריזות לעבודת הבורא.

דער הייליגער גאון ר׳ יעקב (בעל הסידורים) שרייבט, אז א מענש זאל זיך שטארקען ווי א לייב אויף צו שטיין פריה לעבודת הבורא (דינען דעם באשעפער) ווי א סאלדאט חאפט זיך אויף בזריזות (גיין אויף אוצעניע), איידער דער יצר הרע וועט זיך שטארקען אויף אים מיט זיינע פאלשע טענות, ווינטער זאגט ער, ווי אזוי קאנסטו אויף שטיין פריה, דער פראסט איז גרויס, און זומער (זאגט ער אים) עס איז דאך גאנץ פריה, דו האסט זיך ניט גיזעטיגט מיט׳ן שלאף, און אזוי פירט ער אים אריין אין די שלעכטע מדה פון עצלות (פוילקייט). 1) אלזא דארף דער מענש זיך שטארקען ווי א לייב, מיט גבורה מנצח זיין דעם שונא (דעם יצה״ר) און גלייך ווי מ׳עפינט אויף די אויגען זאל מען זאגען די תחנה (מודה אני):

## תחנה מודה אני (אויך ברכה פיר קליינע קינדער).

מודה אני לפניך, איך דאנק און לויב דיין הייליגען נאמען (מלך חי וקים) עוויג לעבעדיגער קעניג, (שהחזרת בי נשמתי בחמלה) וואס דו האסט מיר צוריק גיגעבען מיין נשמה מיט דיין בארימ׳ הערציגקייט. (רבה אמונתך) אך, ווי גרויס איז דיין ווארהייט. (ביז אהער קען מען זאגען פאר נעגיל וואסער, אבער צו „ראשית חכמה״ דארף מען אב גיסען נעגיל וואסער). (ראשית חכמה) די הויבט חכמה איז (יראת יי׳) קליגען זיך מיט אלע התחכמות (אין אלע צייטען און ביי אלע צושטאנדען) ווי צו בלייבען א גאטס פארכטיגער מענש. (שכל טוב לכל עושיהם), דער וואס וויל דאס ערינעמט, גיט אים השי״ת שכל ווי צו פירען זיך. (תהלתו עומדת לעד)

---

תפארת ציון

*) דער הייליגער תלמוד שרייבט, ווי מ׳האפט זיך אויף זאל מען זיך ניט שטעלען גלייך, ווייל עס איז אומגיזונד, מ׳דארף ליגען בערך א מינוט, אלזא איז אין דיזע מינוט גוט צו זאגען (מודה אני לפניך) און דאס קען מען זאגען פאר נעגיל וואסער, ווייל אין דעם ווערט ניט דער מאנט קיין שם, און דער זאגין (מודה אני) איז אנרויסע

מעשה אלפס

1) עצלות (פוילקייט) איז זייער א שלעכטע מדה, זי מאכט אומגליקליך דעם מענשען, שלמה המלך שילדערט (על שדה איש עצל עברתי) איך בין פארביי גיגאנגען ביי א פעלד ביי א וויינגארטען פון א מענשען א פוילער, האב איך גיזעהען, אז עס איז אן גיוואקסען דערנער, און דער פארקאן (וואס איז ארומגיצאמט) איז צוריסען, כלומר, דעם פוילערס ארבעט און זיינע גישעפטען איז אן הענד און אן פים, האב איך מיר דאס גוט באטראכט און גינומען א מוסר, אז מ׳דארף וויינגער שלאפען, וויינגער דרעמלען, וויינגער קייקלען זיך אין בעט. סאנכע פוילער איז פאראנען וואס פוילין זיך צו גיין שלאפען, אנאנצין אווינט וועט ער זיך אום קייקלען די גאנצע שטוב. פאלין דא א ווילע און דא א ווילע, און נאך האלבע נאכט שטייט ער קרעכץ אויף שלאפען. אנדערע באלעמוצין אב ביז 1 א זייגער

און

אים זיין הארץ ער זאל אים ראטעווען פון דעם שלעכטין חבר, דאס איז דער יצר הרע, וואס גייט מיט שטענדיג מיט'ן מענשין אונ וואלט אים וועלין אריין פירין אין אלע שמוציגע מעשים, צו פארלירין זיין געזונד מיט זיין געלד, אונ מאכין אים נאכהער צו שאנד אונ צו שפאט, זאל ער אים פון דעם מציל זיין, אונ העלפין גיין אין גוטע אונ אנגענעהמע וועג פון דער תורה, אז עס זאל זיין, „כל עצמותי תאמרנה יי מי כמוך”, מיט מיינע אלע גלידער וואס איך ארבעט אין דער וועלט זאל זיין מיט איין איידעלע כונה צו געבין כבוד דיין ליבען נאמען. צו דיזין ציעל האבין מיר גיזאמעלט תחנות ובקשות פון די היילינע נביאים אונ תנאים אונ גאונים אונ נשים צדקניות, וואס פאסט צו יעדער צייט, סיי אין לידין, סיי אין פריידין, זאל מען וויסין ווי אזוי צו גיסין די הארץ פאר דעם ערבארעמיגען פאטער פון הימל, ביז עס האט זיך צוזאמען גישטעלט דער צאל 248 וויפיל די גלידער פון מענשין (רמ״ח אברים) אונ אויך וויפיל דער צאל פון „רחם” איז. דער בורא זאל זיך ערבארעמען איבער אונז אונ מקבל זיין אונזערע תחנות ובקשות, אונ שיקין הילף אין אלע אונזערע צוויי הונדערט אכט אונ פערציג גלידער, אמן:

## טוב מעט בכונה.

יעדער פרוי ווען זי זאגט א תחנה, דארף זי זאגין מיט גרויס כונה, היינו מיט א ווארימע הארץ אונ די קאפ זאל זיין דערביי, ווייל דאס איז טייערע רייד גיקליבין פון די היילינע נביאים אונ גרויסע צדיקים אונ נשים צדקניות וואס זייערע היילינע רייד שפאלטין הימלען אונ גייען גלייך צום כסא הכבוד, די פרוי וואס האט צייט אונ קען זאגין אלע טאג פיל תחנות, איז גוט אונ וואהל צו איר, ווייל די תחנות ערלייכטין די געפיהלען אונ מאכין ווארים אונ פריינדליך די הארץ צו השי״ת, דעם טאג אבער וואס מען האט קיין צייט, איז בעסער זאגין איין תחנה אדער צוויי, נור מיט הארץ, איידער זאגין א פולע תחנות מיט'ן מויל אליין אונ די הארץ איז ניטא דערביי, אזוי זאגין אויך אונזערע חכמים (טוב מעט בכונה) עס איז בעסער א ביסיל אונ גוט (מהרבות שלא בכונה) איידער זאגין א פולע ווי א פלוט, היינו די ווערטער פון מויל פאלט, אונ די הארץ איז קאלט. אונ די פרוי וואס וועט זאגין די תחנות מיט א ווארימע הארץ וועט זי געווים אויס בעטין אלע גוטעס, אמן.



דָוִד הַמֶּע״ה אִיז, אַז אִין אַלֶע דַיינֶע וֶועגִין זָאלְסְטוּ גִידֵיינְקֶען דֶעם בּוֹרֵא בָּרוּךְ הוּא, כְּלוֹמַר דֶער בּוֹרֵא וָואס הָאט בַּאשַׁאפִין דִי וֶועלְט פֶערְלַאנְגְט, אַז מְזָאל אִיר בַּאוֶועצִין אוּנ בַּאשַׁיינֶען מִיט אַלֶע קוּנְסְט־וֶוערְק, מִיט אַלֶע פַאבְּרִיקַאצִיֶעס אוּנ מִסְחָרִים, וִוי דֶער נָבִיא יְשַׁעְיָה זָאגְט „לֹא לְתֹהוּ בְרָאָהּ, לָשֶׁבֶת יְצָרָהּ״ כְּלוֹמַר, נִיט צוּ זַיין וִויסְט הָאט עֶר אִיר בֶּעשַׁאפִין, נוּר זִי זָאל זַיין בַּאוֶועצְט, דְרוּם פֶערְלַאנְגְט עֶר נִיט, דֶער מֶענְשׁ זָאל זִיךְ אָפְּשֵׁיידִין פוּן דֶער וֶועלְט, עֶר פֶערְלַאנְגְט נוּר אַז אַלֶעס וָואס דוּ טוּסְט אִין דֶער וֶועלְט זָאלְסְטוּ הָאבִּין אִים אִין גִידַאנְקֶען, דוּ הַאנְדֶעלְסְט, דוּ טוּסְט אַ מְלָאכָה, זָאלְסְטוּ טְרַאכְטִין אַזוֹי פֶערְלַאנְגְט דֶער בּוֹרֵא עוֹלָם, זַיין וֶועלְט זָאל זַיין בַּאוֶועצְט מִיט מְלָאכָה, מִיט מִסְחוֹר. מְזָאל אַרְבֵּייטִין עֶרְלִיךְ, מְזָאל הַאנְדְלֶען עֶרְלִיךְ, פַארְדִינֶען אַכְּשֵׁרִין רוּבְּל אוֹיף לֶעבֶּענְס־מִיטְל, צוּ בֶּערוּהִיגֶען דֶער קֶערְפֶּער זָאל זַיין זַאט, מְזָאל נַאכְהֶער קֶענֶען זַיין אַפָּאר שָׁעָה אָפּ גִיגֶעבִּין אִין גַאנְצִין צוּ הַשֵׁי״ת, צוּ דַאוֶונֶען מִיט אַוואַרִימְקֶע הָארֶץ, לֶערְנֶען צוּ וִויסִין וִוי אַיין אִיד צוּ זַיין, אַ פְרוּי זָאל לֵייעֶנֶען דִי דִינִים וָואס גִיהֶער צוּ אִיר. זִי זָאל וִויסִין וִוי צוּ בַּאגֵיין זִיךְ דִי צַייט וָואס זִי דַארְף זַיין בֶּעזוּנְדֶער, וִוי צוּ פִירִין כַּשְׁרוּת אִין שְׁטוּבּ, אִין קִיךְ, מְכַבֵּד זַיין שַׁבָּת וְיוֹ״ט, טָאן גוּטֶעס לַייטִין, צְדָקוֹת אוּנ גְמִילוּת חֲסָדִים, עֶרְצִיהֶען קִינְדֶער אִין גוּטִין וֶועג, זֵיי זָאלִין זַיין פְרוּמֶע אִידִין אוּנ אֵיידֶעלֶע מֶענְשִׁין:

## הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא מִתְאַוֶּה לִתְפִלָּתָן שֶׁל צַדִּיקִים.

אוּן אַזוֹי וִוי דָוִד הַמֶּע״ה הָאט גוּט פֶערְשְׁטַאנֶען, אַז דָאס אִיז נִיט אַזַא לַייכְטֶע אוֹיפְגַאבֶּע, הָאבִּין צוּ טָאן מִיט אַלֶע גְלִידֶער אִין דֶער וֶועלְט, אוּנ דֶער גִידַאנְקֶען זָאל זַיין פַארְבּוּנְדִין מִיט הַשֵׁי״ת, מִיטִין מוֹיל אִיז עֶס אֲפִילוּ לַייכְט צוּ רֵיידִין, אָבֶער פוּן רֵיידִין בִּיז טָאן אִיז זֵייעֶר ווייט, דְרוּם הָאט עֶר שְׁטֶענְדִיג מִתְפַּלֵל גִיוֶועזְן צוּ הַשֵׁי״ת, עֶר זָאל אִים הֶעלְפִין. אוּנ אַזוֹי וִוי אַפָאטֶער הָאט זֵייעֶר לִיבּ וֶוען דֶער קִינְד בֶּעט זִיךְ שְׁטֶענְדִיג, וֶועה לִיבֶּער פָאטֶער רֶעטֶע מִיר פוּן דִי שְׁלֶעכְטֶע חֲבֵרִים, וָואס ווילִין מִיר פֶערְשְׁלֶעפִּין אִין אַלֶע בְּלָאטֶעס, צוּ אַלֶע אוּנְווירְדִיגֶע זַאכִין, אוּנ גִיבּ אַכְטוּנְג אוּנ הֶעלְף מִיר אִיךְ זָאל נִיט אוֹיס בְּרֵיינְגֶען מַיין צַייט אִין נַארִישְׁקַייט נוּר אִין תּוֹרָה אוּנ חָכְמָה, אוּנ פַאר הִיטִין זִיךְ דִי גִיזוּנְד, וֶועט דָאךְ אִים דֶער פָאטֶער גֶעווִיס הֶעלְפִין וִויפִיל זַיין מֶעגְלִיכְקַייט אִיז, אַזוֹי לִיבְּט הַשֵׁי״ת וֶוען דֶער מֶענְשׁ גִיבְּט אוֹיס פַאר

אַלְזָא פַארְשְׁטֵייעֶן מִיר שׁוֹין גוּט, ווִי ווַייט דֶער מֶענְשׁ בּארְף צוּ לֵייגִין קָאפּ אוּנ הַארְץ צוּ זַיינֶע מַעֲשִׂים, עֶר זָאל זִיךְ נִיט אָן קְלֶעפִּין חָלִילָה אָן דִי עֶרְד-מוּטֶער, אִין גֶעגֶענְטְהֵייל, עֶר זָאל נָאךְ עֶנְטְווִיקֶעלְט ווֶערִין אִין דִי גַייסְטְלִיכֶע כֹּחוֹת אוּנ חוּשִׁים, ווַייל אִין דֶעם ווֶענְדֶעט זִיךְ זַיין גַאנְצֶער גְלִיק בַּיי זַיין אַרוֹיס גֵיין פוּן דֶער ווֶעלְט אִיבֶּער צִיהֶען זִיךְ אִין לִיכְטִיגֶען זַאל פוּן דִי עֶווִיגֶע ווֶעלְט:

## אֱגוֹז בְּסֵפֶל מַיִם.

פִּילַייכְט ווֶעט דֶער מֶענְשׁ פְרֶעגִין, ווִי אִיז דָאס מֶעגְלִיךְ מַיין גִידַאנְקֶען זָאל נִיט אָנְוַואקְסִין אָן דִי ווֶעלְט, דֶער בּוֹרֵא הָאט דָאךְ מִיר אַרַיין גִיגֶעבִּין אִין אַקֶערְפֶּער ווָאס דַארְף עֶסִין, אַקְלֵייד, אַווָאהנוּנְג, דַארְף דָאךְ מַיין קָאפּ טְרַאכְטִין ווִי דָאס צוּ בֶּעקוּמֶען? אִיז דֶער אַנְטְווָארְט צוּרִיק, גִיבּ אַבְּלִיק אוֹיף דַיין גִיבּוּרְט, מְ'דַארְף נִיט מֶער ווִי דוּ לִיגְסְט דָארְטִין אוֹיפְגִיפְּרֶעסְט אִין אַפִינְסְטֶערִין אֵיינְגֶען טוּנֶעל אוּנ דַארְפְסְט דָארְטִין צִיהֶען חִיוּת אוֹיס צוּ ווַאקְסִין, פוּן אַקְלֵיינֶעם טְרָאפִּין ווֶערִין אַפַארְטִיגֶער מֶענְשׁ, אוּנ ווֶען דוּ ווֶעסְט דָארְטִין אָנְוַואקְסִין אָן דִי מוּטֶער בִּיסְטוּ אוּנְגְלִיקְלִיךְ. אַלְזָא הָאט דִיר דֶער בּוֹרֵא ב"ה בֶּעווָארְנְט, דוּ לִיגְסְט ווִי אַנוּס אִין אַגְלָאז ווַאסֶער אוּנ צוּ דִי מוּטֶערְס קֶערְפֶּער בִּיסְטוּ בַּאהֶעפְט נוּר מִיט'ן אָפִּיל=שְׁנוּר, ווָאס דוּרְךְ אִים צִיסְטוּ חִיוּת אוּנ ווַייטֶער בִּיסְטוּ פְרַיי. אִיז אַזוֹי ווִי דִי ווַאסֶער פַארְהִיט דִיר דוּ זָאלְסְט דָארְטִין נִיט אָנְוַואקְסִין, אַזוֹי הָאט דֶער בּוֹרֵא אִין דֶעם גְרוֹיסִן פָאר צִימֶער אוֹיךְ אוּנְז פַארְהִיט נִיט אָנְצוּוַואקְסִין אָן דִי גְרוֹיסֶע עֶרְד=מוּטֶער דוּרְךְ דִי תּוֹרָה ווָאס עֶר הָאט אוּנְז גִיגֶעבִּין, ווָאס זִי אִיז גִיגְלִיכֶען צוּ ווַאסֶער (הוי כל צמא לכו למים) דִי אִידִישֶׁע פָאלְק אִיז גִיגְלִיכִין צוּ אַנוּס=גָארְטִין (אל גנת אגוז ירדתי), אַז דֶער מֶענְשׁ לִיגְט מִיט'ן גִידַאנְקֶען אִין תּוֹרָה וּמַעֲשִׂים טוֹבִים ווֶערְט עֶר פַארְהִיט נִיט אָנְצוּוַואקְסֶען אָן דִי עֶרְד=מוּטֶער (אין די תאוות העולם הזה):

## בְּכָל דְּרָכֶיךָ דָעֵהוּ.

יֶעצְט פַארְשְׁטֵייעֶן מִיר ווִיא פְּרַאקְטִישׁ דִי הֵיילִיגֶע ווֶערְטֶער פוּן

---

מעשה אלפס

השי"ת אים ניט גיגעבין די בחירה, נור איז, נור השי"ת אליין פאסט אים אויף בר אליין האדעוועט אים דארטין מיט זיין פון אנפאנג שוואנגער ביז די לעצטע מינוט גרוים השגחה, קיינער איז אמשטאנד צו וואס ער דארף ארוים גיין אין די צו קומען דארטין דערלאנגען אים וואס עם ליכטיגע וועלט.

די זייגט אונ שפייזט אלע בעשעפענעס, היינו ווען דער מענש לאזט זיך צריין אין תאוות הגוף ווי א בהמה, הייסט דאס ער קלעפט זיך אן צו די ערד-מוטער (דבקה לארץ בטננו).

לאמיר גוט בעטראכטין, ווען די קינד זאל חלילה צו וואקסין צו די מוטער, ווי אונגליקליך דאס איז. אין די צייט פון געבוירן, וועט מען ברייגען א אקושער-דאקטאר מיט אינסטרומענטין אונ מ'וועט אים שלעפין גלידער-ווייס, אזוי איז ווען דער נארישער מענש מיינט, אז ער וועט דא לעבין אטאג, ער וועט אריינלאזין זיין גידאנקען אין די פוסטע תאוות פון דער וועלט (אין בעלער, אין טעאטער, אין פרעסין אונ זויפין) אין ארומלויפין איבער די בולווארין אונ רעכענען אז דאס איז דער תכלית (ציעל) פון לעבין, ווי די נארין זאגין „בעת מ'לעבט דארפין וויסין אז מ'לעבט".—

זיין מיינע טייערע! עס וועט קומען די צייט ארוים צו גיין פון דעם פארצימער (פון דעם פינסטערין טונעל), אויב דו ביסט אנגיוואקסין אן די ערד-מוטער „על כרחך אתה מת" וועט מען חלילה ארוים ציהען שטיקער-ווייס, (אסכרה דמיא כחיזרא בנבבא דעמרא דלאחורא נשרא (ברכות ח). וועך עס בעטראכט דאס גוט זעהט ער ווי ריכטיג איז דער דרש פון מדרש אויפ'ן פסוק „ברוך אתה בבואך" גיבענשט זאלסטו זיין ביין קומען אויף דער וועלט „וברוך אתה בצאתך" אונ גיבענשט זאלסטו זיין ביין ארוים גיין פון דער וועלט, וייל דער קלייגער פארצימער (די מוטערס בויך) איז פינקטליך ווי דער גרויסער פארצימער (עולם הזה), אקליין אונטערשיעד איז נור וואס ביי די מוטערס פארצימער ליגט די ענטוויקלונג ניט אונטער דעם קינד'ס בחירה*), אבער דיא אויפפאסונג אין דעם צימער פון עולם הזה האט דער בורא ב"ה אוועק גיגעבין אונטער דעם מענשינס בחירה, אויב ער וויל גיין אין גוטין וועג, טאן מצות ומעשים טובים אדער ניט חלילה.

---

מעשה אלפס

*) ווען עס וואלט ליגין אונטער זיין בחירה, וואלט אים שוין גיוועזן אך אונ וועה, וייל נאך זיין קלייגעם פערשטאנד וואלט ער זיך אונגליקליך געמאכט, קיין קעסט אונ קיין דירה גיפעלט קאסט אים ניט, ער האט פריי דירה אונ קעסט ביי די מוטער אין בויך, היינט וואס פעלט אים? וואלט ער נור גוליען אונ קולענען זיך אונ ניט ענטוויקעלט ווערין, אונ אם ענדע וואלט אים נאר גיפעלין אן וואקסין אן דער מוטער בכדי ער זאל דארטין שטענדיג פאר בלייבין (נאך זיין קלייגעם פערשטאנד), דרום האט

אין זיין נשמה, ווי אונזערע חכמים שרייבין, אז פאר זיין ארויס גיין אויף דער וועלט לערינט מען מיט אים (מיט'ן קינד) דיא גאנצע תורה, (וואס ער דארף דא ארויס ברייננגען מכח אל הפועל), אז ער לייענט הייליגע ספרים וואס לערנען אים גאטעס וועג און איז מקיים יעדער מצוה וואס קומט אים צו דער האנד (און די מצות וואס קומען ניט צו דער האנד, נעמט דער בורא אן זיין גוטע מחשבה, וואס ער וויל זיי מקיים זיין, והראיה ער לערינט דאך צו וויסין ווי זיי מקיים צו זיין ווען זיי וועלין אים קומען צום האנד), דאן דורך די 248 מצות און די 365 עבירות (לא תעשה) וואס ער ענטלויפט פון זיי, בעת דער יצר הרע רעט אים אן צו טאן, ווערט ענטוויקלט די 248 גייסטליכע גלידער און די 365 גייסטליכע אדערין פון זיין נשמה, און אז עס קומט זיין בעשטימטע צייט, גייט ער ארויס פון פרוזדור אין טרקלין (פון פאדער צימער אין זאל) כלומר פון דיזע פינסטערע וועלט אין יענע ליכטיגע וועלט במיתת נשיקה (גרינג ווי אהאר פון מילך).—

ווען אבער דער מענש ווערט חלילה ניט ענטוויקעלט דא אין פרוזדור, היינו ווען מיט זיין שלעכטע בחירה מאכט ער זיך טויב, ער הערט ניט וואס די תורה און עלטערין און גוטע לייט לערנען אים צו גוטין און איז מבזה אמצוה, ווערט ער אבעל מום אויף דעם גייסטליכען אבר פון די נשמה, וואס איז גלייך צו די מצוה, און אפשיטא חלילה ווען ער איז מחלל שבת וואס דאס איז די הארץ פון יודענטהום, ווערט ער א סוהאטניק אויף די נשמה, דער בזיון און די שמערצין אין גרויסין טרקלין (דיא עווינע וועלט) איז זיך גאר ניט פארצושטעלין. אדער ווען ער וואקסט אן אויף די ערד-מוטער, די ערד ווערט גירופין די מוטער פון אלע לעבעדיגע (ערום יצאתי מבטן אמי וערום אשוב שמה) ווייל דער קערפער פון אלע בעשעפענעס איז די ערד,

בנות ציון

פון קינד בעשטייט אין דעם, ער זאל אים וואקסין אין קליינעם פארצימער מיט 248 גלידער און 365 אדערין, עס זאלין ענטוויקעלט ווערין אין אים אלע חושים, זעהען, הערין, א. ד. ג. און חלילה ניט אנוואקסין אן דער מוטער, דאן אז עס קומט דער לעצטער טאג, גליצט ער זיך מיט גליק ארוים פון דער מוטער לייב ווי א האר פון מילך (במשל בניתא מחלבא) און וועט דא אין וועלט-זאל לעבין גליקליך, א גיזונטער א פרישער אויף אלע אברים וגידים (ער רופט זיך דער אמתר עשיר, ער האט עינים, שנים, ידים, רגלים), אבער ווען עס זאל אין אים ניט ענטוויקעלט ווערין חלילה איין חוש, למשל די אויגין, די אויערין וועט ער ארויס גיין אין וועלט-זאל אקריפלער חלילה, אבלינדער, אטויבער און וועט פארברייננגען אומגליקליך זיין לעבין.

בעת דער בורא עולם האט געוואלט ערשיינען אויפ'ן הר סיני, געבן אונז די ליבע היילגע תורה, האט ער איידער פרויען אב געגעבן כבוד און געהייסן משה רבינו'ן ריידען מיט איידער צום ערשטן (כה תאמר לבית יעקב (אלו הנשים), נאכהער ותגד לבני ישראל), און נאך פון בריאת עולם אן, האט שוין די השגחה געמאכט פון אייך א גרויסען פאראד. בעת השי"ת האט באשאפן די מוטער חוה, דריקט זיך אוים די תורה מיט דעם לשון „ויבן ה' אלהים את הצלע" דער עוויגער האט געבויט און „פערשטאנדיג געמאכט" די פרוי, כלומר ער האט אין די פרוי געגעבן „בינה" (פערשטאנד צו פארשטיין פון איין זאך די צווייטע) מער וויפיל אין מאנספערזאן. (דרום ווערט א מיידעל פאלשטענדיג „בר מצוה" צו 12 יאהר און א אינגיל צו 13 יאהר), און אז די תורה האט אייך געגעבן כבוד, אפשיטא שוין, אז מיר דארפן אייך שעצן, ריידן מיט אייך שכל'דיגע געדאנקען.

## התקן עצמך בפרוזדור.

דער תנא ר' יעקב זאגט (אין פרקי אבות) אז דיזע וועלט איז ווי א פרוזדור (א פאהרצימער) געגין יענע וועלט, דו מענש מאך זיך פארטיג אין פארצימער אז דו זאלסט קענען אריין גיין (פארפוצט) אין גרויסן עוויגען זאל (געניסען דארטן הימלישען פערגניגען). דיזער היילגער מאמר ווערט ערקלערט זייער פראקטיש, שלמה המע"ה שרייבט „ויום המות", ווען דו ווילסט פארשטיין אין וואס עס באשטייט דער גליק פון מענשין דעם טאג פון זיין טויט „מיום הולדו" קענסטו עס בעטראכטן פון זיין געבוירין טאג. יעדער בר שכל פארשטייט אז די 9 חדשים וואס דער קינד איז ביי די מוטער אין בויך, איז דאס ניט זיין תכלית פון לעבין, דאס איז נור א קליינער פארצימער צו גרייטן זיך אין אים, אריין צו קומען נאכהער אין וועלט-זאל*), אזוי איז די וועלט (עולם הזה) קעגין יענע וועלט (עולם הבא) אויך נור ווי א פארצימער, דער מענש ווערט דא ענטוויקעלט מיט זיין גאנצין גייסטליכען כח וואס מ'האט אריין געגעבן

*) געווים האט איר טייערע פרויען געלעזין דעם קלוגין אנטווארט פון רחל יודינפריינד (אין מעשה אלפים 7-טע טייל קאפיטל „דער לינקער בחור") אויף די ליבעוויגע פראגע „ווער איז געקומען דער צוליין פון יענער וועלט"? געדיינקט איר זיי עס פערגלייכט זיך ריכטיג דער גרויסער פארצימער ענטקעגין קליינעם פארצימער (ווי דער מדרש זאגט ברוך אתה בבואך וברוך אתה בצאתך), אזוי ווי דער גליק

# איינינע ווארטין צו די טייערע פרויען.

איר אדעלע פרויען, איר זייט די מוטערס פון אונזערע קינדער, אונ די מוטער'ס פון אונזער גאנצעס פאלק, די תורה ערציילט, בעת אונזערע עלטערין זיינען גיוועזן אין מצרים, האט פרעה פארזאגט די אידעשע אקושעריגם, ווען א אידישע טאכטער וועט גיבוירין א זכר זאלט איר אים שטילערהייד דערשטיקען (זאגין צר איז גיבוירין גיווארין אטויטער), זאגט די תורה אויף אייך עדות, אז איר האט זיך גישטעלט אין סכנה אונ ניט גיפאלגט דעם קעניג פון מצרים. אונ ניט גענוג וואס איר האט ניט דערשטיקט די גיזונטע קינדער, האט איר נאך מחיה גיוועזן די שוואכע, די ארימע, איר האט זיי געבראכט שפייז, אונ לאבונג וועלכע א קינדבעטארין פאדערט. אונ איר פלעגט נאך מתפלל זיין פאר די קראנקע קינדער, אז השי"ת זאל זיי היילין, בכדי מ'זאל אייך ניט חושד זיין, אז דורך אייך איז דער קינד גישטארבין, דאדורך האבין זיך אידין זייער פארמערט. אויך זאגט דער מדרש אז בזכות נשים צדקניות זיינען אידין אויסגעלייזט גיווארין פון מצרים, — אז אונזערע עלטערין זיינען אריבער דעם ים האט מרים הנביאה גיזאגט שירה אונ מיט איר אויך אלע אידישע פרויען. נאכהער אז די ערב רב האבין גימאכט דעם עגל, האט מען גיברויכט צו דעם גאלד, האט איר פרויען גיזאגט ווי זאל מען דאס אזוי גיך פארגעסין אן גאט ב"ה! אונ איר האט צו דעם קיינע זאכע גיגעבין. אונ אום מ'זאל ניט זאגין ווייל ווייבער זיינען שטענדיג קארג, זאגט אויף אייך די תורה הקדושה עדות, אז בעת דער בורא האט גיהייסין בויען דעם משכן, האט איר די ערסטע אוועק גיגעבין אייערע טייערסטע צירונג, אונ איר האט אויך גיטאן פיל ארבייט אין שפינערייי מיט אייערע אייגענע הענד צום משכן, אונ צום כיור (וואס כהנים רייניגען פון אים די הענד פאר די עבודה) האט איר אוועק גיגעבין אייערע קופערנע שפיגלען, אונ וואס איז נאך טייערער ביי א אשה ווי א שפיגעל? איז דאך אריכטיגער באווייז אז קיין זאך איז אייך ניט צו שווער צו טאן פון גאטעס כבוד וועגין. אויך פיל נאך שיינע גישיכטין, פון אייך וועלכע אונזער נאציאן איז נאך ביז היינטע אייך פרויען דאנקבאר, ווי די גישיכטע פון דבורה הנביאה, „חנה" די מוטער פון שמואל הנביא, „אסתר המלכה" דער נס פון פורים, „יהודית" דער נס פון חנוכה. אונ נאך פיל שיינע ערציילונגען אין תנ"ך גמרא ומדרשים, אונ אויך יעצט איז פאראן צווישען אייך פיל נשים צדקניות וואס באזיצען אסך מדות טובות פון די אמהות:

## דריטע טהייל.

# לוח המפתחות.



תחנה

# מפתחות פון השלמה

אבט אונ פופציג וויכטיגע ענינים וואס ווערט גיבראכט אין מעשה אלפם, תפארת ציון, שערי ציון, ראשון לציון, פרי הגפן, פנינים יקרים, משלים יקרים.

# מקור דמעה
# ש"ס תחנה חדשה

עם

## מעשה אלפס ורב פנינים
## מיט גרויסע ווערטער

צוויי הונדערט אכט און פערציג תחנות (כמנין רח"ם).

אוים צוגיסן די הארץ פאר דעם ערבארמיגען פאטער פון הימעל מיט ווארימע און איידעלע ווערטער אין אלע צייטין, אין ליידין און אין פריידין, ער זאל זיך ערבארעמען איבער אונז און שיקען הילף אין אלע אונזערע צוויי הונדערט אכט און פערציג גלידער.

די היילינע תחנות פליסען פון גאטליכען קוואל פון די אבות הקדושים און די אמהות, און די היילינע נביאים און תנאים ואמוראים און גאונים וצדיקים און אויך פון נשים צדקניות זכותם יגן עלינו.

### גם סגולה יקרה, לאשה עקרה.

די תחנות ובקשות זיינען בעצירט מיט חן (אכט און פופציג) הערות ובאורים (כרשום במפתח מעבר לדף) פון די זיבען ליכט:

| | | |
|---|---|---|
| א) מעשה אלפס. ב) בנין ציון. | | ה) פנינים יקרים. ו) ראשון לציון. |
| ג) שערי ציון. ד) פרי הגפן. | | ז) תפארת ציון. |

נלקט ונאסף ע"י הס"ר בן־ציון בהרב הגדול הצדיק ר' ירמיהו עקיבא זצ"ל אלפס (בעל מעשה אלפס ואוצר התורה), אשר זכה להתפלל לפני כותל המערבי בירושלים.


ווילנא

Drukarnia „Rozenkranc i Szryftzecer"

Wilno 1927.

Printed in Poland.

